# די
# ווילדע וועלט

א רייזע דורך אַלע ווילדע מקומות
אין דער גרויסער וועלט.

בעאַרבייטעט אין אַ פּראַכטפאָלען אינטערעסאַנטען ראָמאַן

פון

## זשול ווערן

איבערזעצט פון

## א. טאַנענבוים.

PREMIUM EDITION

PHILADELPHIA JEWISH MORNING JOURNAL

1911.

## 1טעס קאפיטעל.

# דער האַי פיש.

דעם 26טען יולי 1864 איז אויפ'ן מעער צווישען ענגלאנד און אירלאנד, אדער אויפ'ן נארד קאנאל, געשוואומען א שעהנע און רייך פערציערטע שיף. פון'ם ערשטען בליק האט מען געקענט אורטהיילען, אז דאס איז קיין פאסאזשיר שיף, קיין קומפּאַניע שע פראכט שיף און קיין קריעגס שיף. זיא איז געוועזן צו קליין און צו עלעגאנט פאר א קריעגס שיף, צו שעהן און צו רייך פאר א פאסאזשיר שיף. אויפ'ן קליינעם זעגעלבוים פון פארנט האט געהאנגען דיא ענגלישע פאהן און אויפ'ן גרויסען זעגעלבוים אין דערמיט האט געוועהט הויך אין דער לופט א דרייעקיגער בלויער פלאג, אויף וועלכען עס זיינען געווען אויסגענעהט צוויי גרויסע גאלדענע בוכשטאבען .E. G און אויף זיי דיא קרוין פון אן ענגלישען באראנעט.

מיר ווילען בעפּו׳עדיגען דיא נייגיערדע פון אונזערע לעזער און זיי באלד דערצעהלען, ווער דיא שיף איז און צו וועמען זיא געהערט. דיא שיף הייסט „דונקאן" און געהערט צו זעהר א רייכען לארד מיט'ן נאמען עדווארד ג ל ע נ א ר װ א ן. דאס בעדייטען דיא צוויי בוכשטאבען .E. G לארד ג ל ע נ א ר װ א ן איז דער רייכסטער לארד אין ש א ט ל א נ ד און א גרויסער ליעבהאבער פון רייזען אויפ'ן מעער. ער האט ניט לאנג געלאזט אויסבויען דיעזע שיף פאר זיך אליין און האט זיא פערפּוצט און פערציערט אויפ'ן רייכסטען ארט. אזוי וויא ער האט ערשט מיט א מאנאט צוריק געהייראטהעט, האט ער מיט זיין יונגער פרוי, ליידי העלענא, געמאכט א לוסט רייזע פון עטליכע טעג אויפ'ן מעער ארום ענגלאנד.

אויסער לארד עדווארד און ליידי העלענא זיינען אויף דער שיף געווען, זייער אן אנפערוואנדעטער ריטשארדסאן, אן אלטער מאיאר פון דער ענגלישען ארמעע, דער קאפּיטאן פון דער שיף, דזשאן פארראגוט, א פעהיגער און ערפאהרענער קאפּיטאן, וועלכער איז שוין אויסגעפאהרען אויף אלע מעערען פון דער וועלט, און פערצעהן מאטראזען.

זיי זיינען יעצט געפאהרען צוריק א היים און זיינען שוין געווען גאר ניט ווייט פון דער שטאדט ג ל א ז ג א, וואו לארד גלענארוואן האט געוואוינט.

דאס וועטער איז געווען שעהן. דער הימעל איז געווען קלאר און בלוי. דאס מעער איז געווען רוהיג און גלאט, וויא א שפּיעגעל. דיא זון האט בעגאסען מיט איהרע ווארעמע שטראהלען דאס שטילע, רוהיגע מעער. לארד גלענארוואן מיט זיין יונגער פרוי זיינען געזעסען אויפ'ן דעק און האבען געקוקט אויף דיא הויכע שפּיצען פון דיא קירכען פון גלאזגא, וועלכע האבען געגלענצט פון דער ווייטען. דער קאפּיטאן איז געשטאנען ביים רודער, ער האט אבער ניט געדרעהט דאס רעדעל, וויל דיא שיף איז נאך געגאנגען איהר וועג לאנגזאם, אבער זיכער. פּלוצלונג האט דער מאטראז, וואס איז געשטאנען אויף דער וואך, אויסגערופען:

— א פיש, א גרויסער פיש! הינטער דער שיף שפּיעלט זיך אין וואסער א גאנץ גרויסער פיש!

דער קאַפּיטאן האט אוועקגעוואָרפען דעם רודער, לאָרד גלענארוואַן האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שיפס־שטוהל און ביידע זיינען געגאנגען זעהן, וואס פאר א פיש דאָרט איז. איינינע מינוט האבען זיי ביידע געקוקט אויפ׳ן מעער און בעטראכט, וויא א גאנץ גרויסער פיש האט זיך געשפּיעלט און איז געשפּרונגען גאר ניט ווייט פון׳ם שיף.

— וואס פאר א סאָרט פיש זאל דאס זיין? האט לאָרד גלענארוואַן געפרעגט דעם קאַפּיטאן.

— איך מיין, אז דאס איז א האַי־פיש, האט דער קאַפּיטאן געענטפערט, און דערצו נאך א גאנץ גרויסער.

— א האַי־פיש? — האט זיך געוואונדערט לאָרד גלענארוואַן — וויא קומט א האַי־פיש אין דיעזע געגענדען? זא פיעל איך וויים, האלטען זיך דיא האַי־פיש אויף נור אין דיא גאנץ ווארעמע מעערען. ארום ענגלאנד טרעפט מען קיין מאָל ניט קיין האַי־פיש.

— דיעזער סאָרט האַי־פיש געפינט זיך אין אלע געגענדען פון דער וועלט, האט דער קאַפּיטאן געענטפערט. בעטראכט נור גוט זיין קאָפּ, וועט איהר זעהן, וואס פאר א קערל דאס איז. דיעזער סארט הייסט: דער האמער־פיש, ווייל זיין קאָפּ איז זעהר עהנליך צו א צוויי זייטיגען האמער. דאס איז איינער פון דיא געפעהרליכסטע האַי־פיש. ניט אומזיסט רופען איהם דיא מאטראָזען: דער טיגער פון׳ם מעער. ער איז א שרעקליכער פרעסער און פערשלינגט אלעס, וואס ער קען נור קריעגען. איינשלינגען א מענשען, וויא ער שטעהט און געהט, איז ביי איהם אזוי לייכט, וויא ביי מיר אראָפּ־שלינגען א פלוים.

ווען אייער לאָרדשאפט זאל מיר ערלויבען, איך זאל פערשאפען ליידי העלענא א קליינעם פערגניגען, זיא זאל זעהן, וויא אזוי מען בעט ארויף אזא גאסט אויפ׳ן שיף, וואלט איך באלד געהייסען מיינע מאטראָזען, זיי זאלען איהם איינלאדען קיין גלאזגא אויף א מיטאָג.

ווען זיי זיינען אזוי געשטאנען און גערעדט, איז ליידי העלענא און דער מאיאָר ריטשארדסאן צוגעקומען צו זיי.

— וואס זאגט איהר, מאיאָר? האט לאָרד גלענארוואַן געפרעגט. זאלען מיר חאפּען דעם האַי־פיש?

— פרעגט ליידי העלענא, האט דער מאיאָר געענטפערט גלייכגילטיג.

— איהר ווייסט גאר ניט, וויא שרעקליך דיא האַי־פיש זיינען, איז דער קאַפּי־טאן זיי אריינגעפאלען אין דיא רייד. זיי זיינען דיא געפעהרליכסטע חיות אין מעער; זיי זיינען געפעהרליכער, וויא דער טיגער אין וואלד און וואס וועניגער זיי וועלען זיין, וועט אלץ בעסער זיין. מען מוז זיי פערניכטען, וואו מען קען זיי נור קריעגען.

— לאָמיר זעהן, וויא אונזער קאַפּיטאן וועט חאפּען אזא ווילדע זאך, האט ליידי העלענא געזאגט.

— וועל! נעהמט אייך צו דער ארבייט, האט לאָרד גלענארוואַן געזאגט.

— אליזאַ, מוז איך בעטען אייער לאָרדשאַפט און ליידי העלענאַ, איהר זאָלט ארויפגעהן אויפ'ן אויבערשטען דעק, פון דאָרטען וועט איהר בעסער קענען זעהן, וואס מיר וועלען טהאָן אויפ'ן אונטערשטען דעק.

קוים איז לאָרד גלענאַרוואָן מיט זיין פרוי אוועקגעגאַנגען האט דער קאַפּיטאַן געגעבען א בעפעהל זיינע מאַטראָזען, זיי זאָלען צובינדען א גרויסען אייזערנעם הוק צו א שטאַרקען שטריק. אויפ'ן הוק האבען זיי אנגעשטאָכען א האַלבע זייט פלייש און האבען איהם אריינגעוואָרפען אין וואסער. דער האַי־פיש האט דערזעהן אדער דערשמעקט דאס פלייש און האט אָנגעהויבען נאָך צו שווימען דער שיף. מען האט געהערט דייטליך, וויא ער האט געקלאַפּט מיט דיא צעהנער פאר פערגניגען, וואס ער וועט באַלד האבען א גוטען מיטאָג. ווען ער איז צוגעקומען נאָהענט צום פלייש, האט ער אויפגעהויבען זיין שרעקליכען קאָפּ פון וואסער און האט זיך א וואָרף געטהאָן אויף זיין רויב, וויא אן עבטער טיגער. מען האט געזעהן, וויא זיינע גרויסע אויגען האבען געברענט, וויא צוויי פלאַמען. אין א סעקונדע איז דאס שטיק פלייש מיט'ן שאַרפען אייזערנעם הוק פערשוואונדען געוואָרען אין זיין גרויסען מויל פול מיט שאַרפע, שפּיציגע צעהנער.

דיא פּאַסאַזשירען און דיא מאַטראָזען האבען בעאָבאַכטעט אַלע זיינע בעוועגונגען מיט בעזאנדערער אינטערעסע. ליידי העלענאַ האט געקלאַפּט דאס הערץ, ווען זיא האט געזעהן, מיט וואס פאר א ווילדקייט דער האַי פיש האט זיך ארויפגעוואָרפען און האט פערשלונגען דאס שטיק פלייש. וויא עס האט אויסגעוויזען, איז איהם דער מיטאָג ניט וואויל בעקומען, ווייל אין אפּאָר מינוטען ארום האט ער אנגעהויבען אזוי שטאַרק צו ציעהען און צו רייסען דעם שטריק, אז דיא גאַנצע שיף האט אנגעהויבען צו ציטערן און צו קראַכען. קאַפּיטאַן פּאַרראַגוט אבער איז געווען אן ערפאַהרענער מאַטראָז. ער האט שוין ניט איין מאָל געטויטעט האַי־פיש און האט געוואוסט, וויא אזוי זיי צו פאַנגען. ער האט באַלד געהייסען מאכען פון נאָך א שטריק א גרויסען שלייף און האט איהם פערוואָרפען אויפ'ן קערפּער פון'ם האַי־פיש.

יעצט האבען דיא מאַטראָזען אנגעהויבען ארויפצושלעפּען דעם האַי־פיש אויפ'ן דעק. דאס איז געווען קיין לייכטע ארבייט. דער האַי־פיש האט זיך שרעקליך געוואָרפען און האט יעדעס מאָל געגעבען א זעץ מיט זיין ברייטען, שטאַרקען עק אין דיא זייטען פון דער שיף, אז מען האט געקענט מיינען: אט, אט צוברעכט ער דיא שיף אדער וועניגסטענס ער וועט אויסברעכען א פאר ברעטער פון איהר. עס האט איהם אבער גאַנץ וועניג געהאָלפען זיין שלאָגען זיך און זיין וואַרפען זיך. אַלע פיערצעהן מאַטראָזען מיט'ן קאַפּיטאַן האבען צוגעלעגט דיא הענד און אין איינינע מינוטען איז דער נייער גאַסט געלעגען אויסגעצויגען אויפ'ן דעק.

דיא ערשטע זאַך וואס מען האט יעצט געהאַט צו טהאָן, איז געווען איהם אָפּשניידען דעם עק. דער האַי־פיש האט אזא קראַפט אין זיין עק, אז מיט איין קלאַפּ קען ער טויטען דעם שטאַרקסטען מענשען. באַלד האט א מאַטראָז ארויסגעבראַכט א האַק מיט א גאַנץ לאַנגער האַנד און איז צוגעגאַנגען צום האַי־פיש זעהר פאָרזיכטיג. ער האט אָפּגעהיט דיא מינוט, ווען דער פיש האט זיך אָפּגערוהט און האט אראָפּ־

געלאָזט דיא שווערע האק מיט אלע זיינע קרעפטען אויפ'ן עק פונ'ם פיש. דער עק איז אפגעשפרונגען. א שטראָם בלוט האט געפארבט רויט דעם גאנצען דעק פונ'ם שיף. יעצט האט מען שוין פאר איהם ניט וואס מורא צו האבען. לאָרד גלענארוואָן און ליידי העלענא האבען ערשט יעצט פערשטאנען, פארוואס דער קאפיטאן האט זיי געבעטען, זיי זאלען ארויפגעהן אויפ'ן אויבערשטען דעק. פאנגען א האי־פיש איז ניט קיין שפיעלעכעל. ביז וואנען מען האקט איהם ניט אָפ דעם עק, איז ער נאך אלץ געפעהרליך. עס זיינען שוין פארגעקומען פעלע, ווען מען האט געחאפט א האי־פיש און מען האט איהם גע־לאָזען זיך ווארפען, וויפיעל ער האט אליין געוואָלט, ביז ער האט אויפגעהערט זיך צו ווארפען און איז געבליעבען ליעגען גאנץ רוהיג. אלע האבען געגלויבט, אז ער איז טויט. א פיש קען דאך ניט לעבען לאנג אהן וואסער. ווען מען איז אבער צוגעקומען צו איהם, האט ער פלוצלונג זיך אנגעהויבען צו ווארפען און צו שלאגען מיט'ן עק אזוי שטארק, אז ער האט געטייטעט איינינע מאטראָזען.

קאפיטאן פארראגוט איז געווען העכסט פערגניגט, וואס עס איז איהם געראטהען צו טויטען א האי־פיש. ער האט יעצט געהייסען דיא מאטראזען, זיי זאלען איהם אויפשניידען דעם בויך. אזוי טהוען אלע מאטראזען, ווען זיי פאנגען א האי־פיש עס איז בעקאנט, אז דער האי־פיש האט פיינט איבערצוקלויבען, ער פערשלינגט אלעס, וואס ער קען נור קריעגען. מען געפינט א מאל ביי איהם אין בויך זאנדערבארע זאכען: שטיינער, טעפ, שיעסלען, זאגאר טאשען־אוהרען. ער האט ליעב נאכצושווימען א שיף און וואס עס פאלט נור אראָפ פון דער שיף, פערשלינגט ער באלד.

ליידי העלענא האט ניט געוואָלט שטעהן דערביי, וויא מען וועט עפענען דעם האי־פיש. עס איז איהר געווען זעהר אונאנגענעהם צו זעהן, וויא דער גאנצער אונטערשטער דעק איז געווען אויסגעשמירט מיט'ן בלוט פונ'ם האי־פיש. זיא איז דאהער אוועקגעגאנגען צו זיך אין קאיוטע. לאָרד גלענארוואָן דאגעגען איז געווען זעהר פעראינטערעסירט אין דיעזען זאנדערבארען פיש פאנג און האט אויפמערקזאם בעאָבאכטעט אלעס, וואס דיא מאטראָזען האבען געטהאן מיט'ן האי־פיש. ער האט געזעהן, מיט וואס פאר א פרייד דיא מאטראָזען האבען געשניטען שטיקער פונ'ם בויך פונ'ם פיש. עס איז געווען דייטליך, אז זיי האבען זיך געוואָלט נוקם זיין אן איהם פאר א בעליידיגונג, וואס ער אדער זיינע קאמעראדען, האט א מאל בעגאנגען געגען איינעם פון זיי.

דער האי־פיש איז ווירקליך געווען זעהר גרויס. ער האט געהאלטען מעהר אלס צעהן פוס דיא לענג און האט געדארפט וועגען אריבער זעקס הונדערט פונט. און דענאך איז ער ניט געווען איינער פון דיא גרעסטע האי־פיש. אין דיא ווארעמע מעערן טרעפט מען זעהר אָפט פיעל גרעסערע האי־פיש אלס ער.

דיא מאטראָזען זיינען געווען זעהר אונצופריעדען, וואס זיי האבען ביי איהם אין בויך גאר ניט געפונען. דער מאגען איז געווען כמעט לעדיג. זיי האבען שוין געוואָלט איהם צוהאקען אויף שטיקער און איהם אריינווארפען אין מעער. — לאזען אנדערע פיש, וועלכע דיעזער רויבער האט געוויס ניט איין מאל בעליידיגט, יעצט זיך אנעסען זאט מיט זיין פלייש, האט דער קאפיטאן געזאגט, ווען א מאטראז האט אנגעטאפט אין דיא געדערם פונ'ם פיש עפעס א הארטע זאך.

— וואס איז דאס ? האט טאָם אויגוסטין, דער ערשטער אפיציער געפרעגט.

— דאס איז געוויס א שטיק שטיין, וועלכעס דער פרעסער האט איינגעשלונגען און האט איהם א מאטראָז געענטפערט.

טאָם אויגוסטין איז מיט דיעזער אנטוואָרט ניט געוועזן צופריעדען. ער האט אליין אנגעהויבען צובעטאפּען דיא זאך, וואס איז געלעגען אין דיא געדערם פוּן'ם פיש.

— ניין, באָיס, דאס איז ניט קיין שטיין, — האט ער אויסגערופען — דאס איז א פלאַש. וויא עס ווייסט אויס, איז אונזער גאסט געוועזן א גרויסער שכור. ער פלעגט ליעב האבען אויסצוטרינקען דעם וויין מיט דער פלאַש.

— איז עסווירקליך א פלאַש ? — האט לאָרד גלענארוואָן געפרעגט — וויא קומט צו איהם אין בויך א פלאַש ?

— ער האט זיא געוויס ניט ארויסגעגנבעט פון קעלער, האט טאָם אויגויסטין געענטפערט. איך קען דיא העררן האַי־פיש זעהר גוט. זיי האבען ליעב אלעס, וואס זיי קענען נור קריעגען, זיי זיינען אבער זעהר פויל צו געהן אין קעלער אריין און זיך אנצאפּען א פלאַש וויין.

— נעהמט ארויס דיא פלאַש פאָרזיכטיג — האט לאָרד גלענארוואן געזאגט ערנסט — איך וויים, אז ניט איין שיפס־קאפּיטאן האט אריינגעוואָרפען אין וואסער א פערקאָרקעוועטע פלאַש מיט א בריעף אינווענינ. ווען דיא פלאַש איז גוט פערקאָרקעוועט, פאלט זיא ניט אראָפּ צום גרונד זיא שווימט פון אויבען און יעדער שיפסקאפּיטאן חאפּט אויף אזא פלאַש. ווען ער דערזעהט זיא נור.

— מיינט איהר, אז דער האַי־פיש האט פערשלונגען געראָדע אזא פלאַש ? האט דער מאיאָר געפרעגט.

— איך מיין גאר ניט, איך זאג נור, אז עס קען זיין. עס איז זעהר מעגליך, אז א שיף איז ערגעץ צושלאָגען געווארען און דער קאפּיטאן האט געוואָלט מעלדען זיין אונגליק דורך דיעזע נויט פּאָסט.

דיא מאטראָזען האבען אונטערדעסען גאנץ פאָרזיכטיג ארויסגענומען דיא פלאַש פון דיא געדערם פוּן'ם האַי־פיש, האבען זיא גוט ארומגערייניגט, גוט ארומגעוואשען און אָפּגעווישט און האבען זיא געבראכט צו לאָרד גלענארוואָן.

— טראָגט זיא אריין אין דער קאיוטע און שטעלט זיא אניעדער אויף מיין טיש, האט ער צו זיי געזאגט, דאן האט ער זיך געווענדעט צום קאפּיטאן און צום מאיאָר און האט זיי איינגעלאדען צו זיך, זיי זאלען דארט רוהיג בעטראכטען דיא פלאַש.

אויפ'ן מעער מוז מען זיין אויפמערקזאם אויף יעז'ע קלייניגקייט. דיא קלענסטע זאך, דער קלענסטער צייכען קען זיין אויפ'ן מעער פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. וואס מען געפינט אויפ'ן וואסער, וואס מען דערזעהט שווימען, מוז מען אויפהייבען און זיך דערצו צוקוקען.

לאָרד גלענארוואָן, דער קאפּיטאן און דער מאיאָר זיינען אריינגעגאנגען אין דער קאיוטע וואו ליידי העלענא איז געזעסען אויף א דיוואן פארן טיש און האט געקוקט אויף דער פלאַש. זיי האבען זיך אלע ארומגעזעצט ארום טיש און לאָרד גלענארוואָן

האט גענומען דיא פלאש אין דיא הענד און האט זיא אנגעהויבען צו באטראכטען פון אלע זייטען.

דאס איז געוועזן א לאנגע און שטארקע פלאש. אויף'ן האלז איז נאך געהאנגען א שטיקעל דראהט. עס איז געוועזן דייטליך, אז דאס איז א שאמפאניער פלאש.

— זעהט איהר דען ניט, אז דאס איז א שאמפאניער פלאש? — האט דער מאיאר געזאגט — דיא געשיכטע ווייזט אוים צו זיין גאנץ איינפאך. דיא פאסאזשירען ערשטער קלאסע פון א שיף האבען געטרונקען שאמפאניער און האבען ארייננעוואָרפען דיא פלאש אין מעער. דער האיפיש איז גערעדע דאמאלס געשוואומען לעבען שיף און האט זיא אויפגעחאפט און איינגעשלונגען. וואס האט מען דא פיעל צו טראכטען?

— ניין, ליעבער מאיאר, — האט לארד גלענארוואן געזאגט — איך גלויב ניט, אז מען האט דיא פלאש גלאט אזוי אוועקגעווארפען. ערשטענס, איז זיא גוט פערקארקעוועט. צווייטענס, איז זיא ארום און ארום אזוי פערשימעלט און פערוואקסען, אז זיא האט געמוזט שווימען אין וואסער א גאנץ לאנגע צייט, איידער דאס גלאז האט אזוי גאר אין גאנצען אנגעוואָרען דעם גלאנץ.

— וואס האט איהר דערפון, אויב זיא איז ארומגעשוואומען א לאנגע צייט אדער א קורצע צייט? האט דער מאיאר געפרעגט — עפענט זיא בעסער אויף, וועלען מיר דאך באלד אלעס וויסען.

דער מאיאר איז געוועזן אן עכטער סאלדאט. ער האט ניט געהאט קיין געדולד לאנג צו בעטראכטען, צו פראבירען און איבערצוקלערן. לארד גלענארוואן אבער איז געוועזן אן איבערלעגטער מענש. ער האט ליעב געהאט אלעס צובעטראכטען לאנגזאם און אלעס איבערצולעגען און איבערצוקלערן.

— געדולד, מיין ליעבער מאיאר, — האט ער געזאגט — מען מוז מיט פלעשער האבען געדולד, וויא מיר האבען געדולד מיט מענשען. לאמיר דיא פלאש לאנגזאם בעטראכטען און דערנאך וועלן מיר זעהן, וואס דאס איז פאר א פלאש.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אנגעהויבען צו קראצען דאס פיסקעל פון דער פלאש. עס איז שווער געוועזן צו זאגען, אויב דיא פלאש איז געוועזן פערגאסען מיט טריעפוואקס, אדער ניט. אויף'ן קארק איז געלעגען עפעס א געדיכטע און קלעבריגע זאך. מעגליך, אז דאס איז געוועזן טריעפוואקס; מעגליך, אז דאס קומט פון דיא געדערם פון'ם האיפיש. לארד גלענארוואן האט גענומען זיין פעדער מעסעריל און האט לאנגזאם אפגעשאבען דיא קלעבריגע מאסע, וועלכע האט בעדעקט דעם קארק. ער האט דערזעהן צו זיין בעדויערן, אז דער קארק איז געוועזן צו לעבערט און צו פרעסען פון דיא קליינע טהיערע, וואס געפינען זיך אין מעער.

— דאס איז שאדע! האט ער אויסגערופען. ווען אין דער פלאש געפינען זיך ווירקליך פאפיערען אדער דאקומענטען, וועט מען זיי ניט קענען לעזען. זיי זיינען געוויס פערנעצט געוואָרען און עס וועט זיין אונמעגליך זיי צו לעזען.

— געוויס וועט זיין אונמעגליך, — האט געזאגט דער מאיאר — עס וואלט געוויס גלייבער געוועזן, אז מען זאל זיי גאר ניט לעזען. עס וואלט נאך גלייבער געוועזן, אז מען

זאָל דעם שמוץ אריינוואַרפען צוריק אין וואסער און מען זאל מאכען אן ענדע פון דער גאנצער דומער געשיכטע.

— איך מיין, אז דיא דאָקומענטען דארפען ניט זיין פערנעצט, — האט דער קאפּיטאַן געזאָגט — ווען עס זאל געווען אריין וואסער אין פלאַש, וואלט זיא אראָפּגעפאלען צום גרונד און דער האַי־פיש וואלט זיא ניט פערשלונגען. דיא האַי־פיש שווימען שטענדיג פון אויבען. זיי לאזען זיך קיין מאל ניט אראָפּ טיעף אין וואסער.

— עס איז דאך אָבער מעגליך, אז אין דער פלאַש איז אריין אביסעל וואסער, ווען דער האַי־פיש האט זיא געטראָפען און האט זיא איינגעשלונגען, — האט ליידי העלענא געזאגט — דער האַי־פיש איז געראדע געקומען אין דער רעכטער צייט און האט זיא אויפגעפאנגען, איידער זיא איז אראָפּגעפאלען צום גרונד.

— מיר וועלען באלד זעהן, וואָס דא איז, — האט לאָרד גלענאַרוואַן געזאגט — מיר וועלען באלד זעהן, אויב דער האַי־פיש איז ווירקליך געווען א פּאָסטיליאָן, וועלכער האט אזוי עהרליך און טריי אָפּגעהיט דאָס פעקעל, וואס דאס מעער האט איהם פערטרויט.

ער האט גענומען א קאָרקענציעהער און האט לאנגזאם ארויסגעצויגען דעם קארק פון דער פלאַש. אין דער קאַיוטע האט זיך פערברייטעט א דומפּער גערוך פון מעער וואסער, וועלכעס איז געשטאנען א לענגע צייט אין א פערמאכטער כלי. ליידי העלענא איז געווען זעהר נייגיעריג.

— נו, וואס איז אין דער פלאַש? האט זיא געפרעגט אונגעדולדיג.

— איך האב רעכט געהאט, — האט ער געזאגט — איך זעה אינוועניג פּאַפּיערען. דיא פלאַש האט א גאנצע געשיכטע. מעגליך, אז ווען דיא פלאַש זאל קענען רעדען, וואלט זיא אונז דערצעהלט פיעלע טרויעריגע זאכען. איך בין יעצט פעסט איבערצייגט, אז אן אונגליקליכער שיפס־קאפּיטאַן האט ארויסגעשיקט דיעזע פלאַש, זיא זאל מעלדען דער וועלט דיא געשיכטע פון זיינע ליידען און זאל בעטען אום הילף.

— אלזאָ, נעהם ארויס דיא פּאַפּיערען! — האט אויסגערופען ליידי העלענא — לאָמיר זעהן, וואס עס איז געשריעבען אין דיעזע פּאַפּיערען. לאָמיר וויסען, פון וואנען דיא פלאַש קומט.

— דאס איז דאס שלעכטע, — האט לאָרד גלענאַרוואַן געענטפערט — איך קען זיי ניט ארויסנעהמען. זיי זיינען פערנעצט און צוגעקלעבט צו דיא ווענד פון דער פלאַש; ווען איך וועל זיי אנהויבען צו שלעפּען, וועלען זיי זיך צו קריעכען און מיר וועלען פון זיי גאר ניט וויסען.

— אלזאָ, צו ברעך דיא פלאַש! האט ליידי העלענא געזאגט אונגעדולדיג.

איהר נייגיערדע איז געווען געשפּאנט אויף דער העכסטער שטופע. זיא האט ניט געקענט איינזיצען אויפ'ן ארט. זיא האָט שוין געוואלט וויסען, וואס עס איז געשריעבען אין דיא פּאַפּיערען.

— עס איז א שאדע צו צוברעכען אזא פלאַש, וועלכע איך האב בעקומען אויף אזא זאָנדערבארער ארט, — האט לאָרד גלענאַרוואַן געזאָגט — איך זאל קענען, וואלט איך זיא בעסער ניט צוברעכען.

— דוא זאלסט פענען? — האט לײדי העלענא געענטפערט — דוא קענסט דאך אבער ניט. איך מײן, אז דיא פאפיערען האבען א פיעל גרעסערן װערטה, אלס דיא פלאש. — צוברעך דיא פלאש און לאָמיר זעהן, װאס עס שטעהט אין דיא פאפיערען.

— איך מײן, אז עס װעט זײן גענוג, װען מען זאל נור אפברעכען דאס העלזעל פון דער פלאש, — האט דער קאפיטאן געזאגט — מיר װעלען שוין דאן קענען ארויס־נעהמען דיא פאפיערען.

לאָרד גלענארװאן האט זעהר ניט געװאלט צוברעכען דיא פלאש. ער האט זיא געװאלט בעהאלטען ביי זיך אין שלאָס אלס זעלטענהײט. עס האט אבער גאר ניט געדאלפען. מען האט זיא געמוזט צוברעכען. יעדער האט געװאלט װיסען, װאס עס שטעהט אין דיעזען זאָנדערבארען בריעף, װעלכען דער האי־פיש האט ארומגעטראָגען ביי זיך, װער װײס, װיא לאנג.

מען האט געבראכט א האמער און לאָרד גלענארװאן האט לאנגזאם און פאָר־זיכטיג אנגעהויבען צו שלאָגען מיט'ן האמער אויפ'ן העלזעל פון דער פלאש, ביז דאָס גלאז איז צובראכען געװאָרען אויף שטיקלעך און איז אראָפּגעפאלען אויפ'ן באדען. מיט דיא שטיקלעך גלאָז זײנען אויך אראָפּגעפאלען שטיקלעך פאפיער. מען האט זײ געמוזט צונויפקלויבען פון'ם באדען און אויסלעגען אויפ'ן טיש. עס זײנען װירקליך געװען בריעף.

## 2טעס קאפיטעל.

## דיא דרײ בריעף.

יעצט ערשט האבען זײ געקענט זיך צוקוקען צו דיא פאפיערען. לײדער, זײנען זײ אָבער געװען אזוי פערנעצט און אזוי צוריסען, אז עס איז שװער געװען פון זײ עפּעס צו װיסען. לאָרד גלענארװאן און לײדי העלענא האבען זײ צונויפגעלעגט און צוזאמענ־געשטעלט, האבען זײ געהאלטען געגען ליכט, האבען זײ געדרעהט פון אלע זײטען — האבען אבער גאר ניט געקענט קלוג װערן פון זײ. אין פיעלע ערטער איז דיא טינט אפגעשפרונגען אדער אפגעװאשען געװארען און עס איז געװען אונמעגליך אויסצוגעפינען א שורה, פון װעלכער מען זאל קענען עפּעס װיסען.

— װיא איך זעה, — האט לאָרד גלענארװאָן ענדליך געזאגט — זײנען דא דרײ בריעף. זײ זײנען געשריעבען אין דרײ פערשיעדענע שפראכען. אײן בריעף איז געשריע־בען אויף ענגליש, אײנער אויף דײטש און אײנער אויף פראנצײזיש.

— װאס שטעהט אבער אין דיעזע בריעף? האט לײדי העלענא געפרעגט טרויעריג.

— דאס קען איך דערװײל נאך ניט זאגען. אין יעדער בריעף פעהלען װערטער געראָדע אין דערמיט אדער עס זײנען געבליעבען נור האלבע װערטער.

— מעגליך, אז דורך אײן בריעף װעלען מיר פערשטעהן דעם אנדערן. װאס עס פעהלט אין אײן בריעף, איז דא אין אנדערן? האט דער קאפיטאן געזאגט.

— איהר האט רעכט, קאפיטאן! האט אויסגערופען לײדי העלענא מיט פרייד. עס קען דאך ניט זײן, אז פונקט דיעזעלבע װערטער, װעלכע זײנען אפגעמעקט אין אײן בריעף, זאלען זײן אָפּגעמעקט אין אנדערן בריעף. מיר װעלען אויפכאפּען פון אײן בריעף א װאָרט און פון'ם אנדערן בריעף א װארט, ביז עס װעט אונז געלינגען איבערצולעזען דעם בריעף און זעהן, װאָס דאָרט איז אנגעשריעבען.

— יא, פרין ליעבע העלענא, האט לאָרד גלענארוואָן געזאגט, מיר וועלען אזוי טהאן. מיר וועלען אלעם פראָבירען אום צו לעזען דיעזען בריעף. מיר וועלען אנהויבען פון'ם ענגלישען בריעף, אזוי וויא מיר זיינען ענגלענדער און קענען אלע זעהר גוט ענגליש.

אין דעם ענגלישען בריעף זיינען געבליעבען נור דיא פאָלגענדע ווערטער.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| *62* | | | *Bri* | *gow* |
| *sink* | | | | *stra* |
| | *aland* | | | |
| | *skipp* | *Gr* | | |
| | | | *that monit* | *of long* |
| *and* | | | | *ssistance* |
| | *lost* | | | |

— נו, וואס קענט איהר דערפון וויסען? האט דער מאיאָר געפרעגט. איהר זעהט דאך, אז אייער ארבייט איז אומזיסט.

— דא זיינען דא עטליכע ווערטער, וועלכע זיינען זעהר דייטליך, האט דער קאפיטאן געענטפערט. דאס וואָרט „סינק" ווייזט אונז, אז דיא שיף איז אונטערגע־גאנגען. דאס לעצטע וואָרט „סיסטאנס" הייסט הילף, מען בעט, אז מען זאל זיי העלפען. דאס וואָרט „גר" איז געוויס דער נאמען פון'ם קאפיטאן. דאס וואָרט „סקיפ" מיינט סקיפער אדער שיפס־קאפיטאן, וויא עס ווערט זעהר אָפט געברויכט אין ענגלאנד.

— אבער ווענען ווער איהר העלפען? האט זיך געבייזערט דער מאיאָר. איהר ווייסט דאך ניט, וואו דיא שיף איז אונטערגעגאנגען? איז דען „גר" א נאמען?

— עס איז שוין גענוג, וואס מיר ווייסען, אז א שיף איז אונטערגעגאנגען און דער קאפיטאן בעט, אז מען זאל איהם העלפען, האט ליידי העלענא געזאגט.

— זיא האט זיך געווענדעט צו לאָרד גלענארוואָן און האט איהם געבעטען.

— לעז וויטער, עדוארד, לעז דעם דייטשען בריעף. איך פערשטעה גוט דייטש, מעגליך, אז איך וועל עפעס אויסגעפינען פון'ם דייטשען בריעף.

— לאָרד גלענארוואָן האט לאנגזאם און פאָרזיכטיג צילעגט אויפ'ן טיש דעם דייטשען בריעף. ליידער, איז דער דייטשער בריעף געוועזן נאך מעהר בעשעדיגט, וויא דער ענגלישער. עס זיינען געבליעבען אויף איהם נור איינינע ווערטער. דער גאנצער בריעף האט געהאט דאס פאָלגענדע אויסזעהן.

| | | |
|---|---|---|
| *7 Juni* | *Glas* | |
| | *zwei* | *atrosen* |
| | *graus* | |
| | *bringt ihnen* | |

— נו, וואס קענט איהר וויסען פון דיעזען בריעף? האט דער מאיאָר געזאגט. דא שטעהט דאך שוין גאר ניט. דיעזען בריעף קענט איהר דאך שוין אין גאנצען אוועקווארפען.

— איהר האט א גרויסען טעות, האט דער קאַפּיטאַן פאַרראגוט געזאגט. פונקט פערקעהרט! דער דייטשער בריעף זאגט אונז זעהר פיעל. פון׳ם דייטשען מיט׳ן ענגלישען צוזאַמען קענען מיר פיעלע זאכען וויסען.

ליידי העלענא איז געוואָרען זעהר אויפמערקזאם. זיא האט בעטראכטביידע בריעף נאך א מאל און האט אויסגערופען פרעהליך:

— קאַפּיטאַן פאַרראגוט האט רעכט. אין דעם דייטשען בריעף שטעהט דאס האלבע וואָרט „גלאז" און אין דעם ענגלישען בריעף שטעהט דאס האלבע וואָרט „גאָ", הייסט עס צוזאַמען „גלאזגאָ". דאס הייסט, דיא שיף איז געפאהרען פון דער שטאדט גלאזגאָ.

לאָרד גלענארוואַן האט געקוקט מיט ליעבע אויף זיין יונגע פרוי. עס האט איהם געפרייט צו זעהן, אז זיין פרוי איז ניט נור שעהן, זיא איז אויך זעהר קלוג.

— דאס איז נאך ניט אלעס, האט דער קאַפּיטאַן פאַרראגוט געזאגט ביידע בריעף לערנען אונז נאך פיעלע אנדערע זאכען. אין ענגלישען בריעף שטעהן דיא ווערטער 62 און אין דייטשען שטעהן דיא ווערטער 7 יוני. אלזא הייסט עס צוזאַמען: „דעם 7טען יוני 1862 איז אונטערגעגאנגען א שיף, וועלכע איז געפאהרען פון גלאזגאָ".

— בראווא! בראווא, קאַפּיטאַן פאַרראגוט! האט אויסגעשריען ליידי העלענא און איהרע אויגען האבען געפונקעלט פאר פרייד, וואס מען קען דאך עפּעס געוואָהר ווערן פון דיעזע בריעף. — ווייטער, ווייטער, קאַפּיטאַן!

— מיר קענען נאך ווייטער לעזען, האט דער קאַפּיטאַן געזאגט. ווער עס קען נור אביסעל דייטש, דער וועט לייכט פערשטעהן, אז דאס וואָרט „א ט ר א ז ע ן" הייסט מאַטראָזען. פארן וואָרט „אטראזען" שטעהט דאס וואָרט „צוויי", אלזא, איז עס גאנץ דייטליך, אז דיא שיף איז אונטערגעגאנגען, נור דער קאַפּיטאַן און צוויי מאַטראָזען האבען זיך געראַטעט.

— אבער וואס האט איהר דערפון, ווען איהר ווייסט ניט, וואו דיא שיף איז אונטערגעגאנגען און וואו דער שיפסקאַפּיטאַן מיט זיינע מאַטראָזען האבען זיך געראַטעט? האט דער מאַיאָר געפרעגט. איך וועל שוין צוגעבען, אז איהר האט רעכט, אז אלעס איז ריכטיג, וויא דער קאַפּיטאַן האט ערקלערט, נו, וואס ווערט דערפון? דיא שיף איז אונטערגעגאנגען נאך אייער רעכנונג דעם 7טען יוני 1862, היינט האבען מיר דעם 26טען יולי 1864, איז דאך עס שוין מעהר אלס צוויי יאהר. ווער ווייס אויב דער קאַפּיטאַן מיט זיינע מאַטראָזען לעבען נאך?

— מיר זאלען נור וויסען, וואו דיא שיף איז אונטערגעגאנגען, האט לאָרד גלענארוואַן געזאגט, וואָלט איך שוין געזעהן, אז מען זאל שיקען הילף דעם אונגליקליכען קאַפּיטאַן מיט זיינע מאַטראָזען.

— וואס וואָלסט דוא געטהאן ליעבער עדוואַרד? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— איך וואָלט מיך געווענדעט צו דער אדמיראַליטעט, צו דער רעגיערונג. איך וואָלט געפאָדערט אין פּאַרלאַמענט, אז מען זאל ארויסשיקען א שיף אום זיי צו ראַטען. איך בין זיכער, אז דער אונגליקליכער קאַפּיטאַן איז אן ענגלענדער. —

— פון וואַנען זייט איהר עס אזוי זיכער ? האט דער אונגלויבינער מאַיאָר געפרעגט.

— ווייל אין דעם ענגלישען בריעף שטעהט דאס וואָרט „סקיפּער". דאס וואָרט סקיפּער אנשטאדט קאפּיטאן ווערט געברויכט נור אין ענגלאנד. א שיפסקאפּיטאן פון אנאנדער פאָלק וועט זיך קיין מאל ניט רופען סקיפּער.

— לאמיר בעסער זעהן ווייטער, האט ליידי העלענא געבעטען. לאמיר לעזען דעם דריטען בריעף, דעם פראנצויזישען.

לאָרד גלענארוואן האט צושפּרייט אויפ׳ן טיש דעם פראנצויזישען בריעף. ער איז געוועזען בעסער און דייטליכער פון די צוויי איבעריגע. ער איז געלעגען אין דער מיט און איז געוועזען ווייניגער בעשעדיגט. אין איהם זיינען געשטאנען פאָלגענדע ווערטער:

| | | |
|---|---|---|
| troi | ats | tannia |
| | gonie | austral |
| | | abor |
| contin | pr | cruel indi |
| jete | | ongit |
| et 37 11 | lat | |

— דא זעהן מיר שוין ציפערן, האט ליידי העלענא געזאגט. פון דיזען בריעף קענען מיר שוין עפּעס וויסען. מיר קענען אלע פראנצויזיש און וועלען שוין זעהן צו דערראטהען, וואס אין דעם בריעף שטעהט.

— געוויס, ליעבע העלענא, וועלען מיר שוין דערראטהען, וואס פאר א נאכריכטען דיזע בריעף ברענגען אונז. לאמיר יעצט אויסלעגען אלע דריי בריעף אויפ׳ן טיש און זיי גוט בעטראכטען. איך האָף, אז מיר וועלען דאך פערשטעהן, וואס אין די בריעף איז געשריעבען.

אלע האבען זיך צוגערוקט נעהנטער צום טיש און האבען אייניגע מינוט בעטראכט די בריעף

— דער לעצטער בריעף איז זעהר וויכטיג, האט ענדליך לאָרד גלענארוואן געזאגט. אין דעם ענגלישען בריעף שטעהט דאס האלבע וואָרט „ברי", אין דעם פראנצויזישען בריעף שטעהט דאס האלבע וואָרט „טאניא", עס איז דייטליך, אז די שיף האט געהייסען „בריטאניא".

— איך וואָלט נאך עפּעס געזאגט, האט זיך אפּגערופען דער קאפּיטאן. דאס פראנצויזישע וואָרט austral הייסט דרום זייט. אלזא, איז דאס אונגליק געשעהן ערגעץ אין דרום זייט

— אבער וואו איז דרום זייט? האט דער מאַיאָר געפרעגט. אין דרום זייט קען זיין אין זיד אמעריקא אדער אין אויסטראליען. געה און זוך אויס אלע מעערע און אלע אינזלען, וועלכע געפינען זיך אין זידען (דרום זייט) פון דער וועלט.

— איך פערשטעה נאך עפעס, האט ליידי העלענא געזאגט. דאס פראנצויזישע וואָרט cruel הייסט שלעכט, גרויזאם, דאס אנדערע וואָרט indi קען הייסען אינדיאנער, ווילדע מענשען. דער אונגליקליכער קאפיטאן האט מורא, אז דיא ווילדע מענשען זאלען אויף איהם ניט אנפאלען און זאלען איהם ניט אויפפרעסען.

— ליידי העלענא האט פאָלקאָמען רעכט, האט אויסגערופען דער קאפיטאן פארראגוט. יעצט הייב איך אן צו פערשטעהן דאס דייטשע וואָרט graus דאס הייסט „גרויזאם". דיא גרויזאמע ווילדע מענשען.

— און איך פערשטעה יעצט דאס וואָרט „לאָסט" אין דעם ענגלישען בריעף, האט לאָרד גלענארוואָן געזאגט. „לאָסט" הייסט פערלאָרען. דער אונגליקליכער קאפיטאן שרייבט, אז ווען מען וועט איהם ניט שיקען קיין הילף, איז ער פערלאָרען. דיא ווילדע וועלען אויף איהם אנפאלען.

— מיר קענען נאך מעהר פערשטעהן, האט זיך ליידי העלענא אנגערופען. דאס פראנצויזישע troi הייסט דריי, דאס אנדערע וואָרט ats הייסט געוויס mats, מאסטע, זעגעלבוים. דיא שיף, וועלכע איז אונטערגעגאנגען האט געהאט דריי זעגעלבוימער. עס איז געווען א „דריי־מאסטער" — א שיף מיט דריי מאסטען.

— לאָרד גלענארוואן האט גענומען דיא האנד פון זיין פרוי און האט זיא צור געדריקט צום הארצען.

— דוא האָסט רעכט. ליעבע העלענא, האט ער איהר געזאגט. איך קען אויך זעהר גוט פראנצויזיש און עס איז מיר ניט איינגעפאלען אין קאפ אזוי צו ערקלערן דיא האלב אָפגעמעקטע פראנצויזישע ווערטער.

— איך פערשטעה ניט, וואס איז מיט אייך, האט דער מאיאָר געזאגט. וואס האט איהר דערפון, אז איהר ווייסט שוין, אז דיא שיף האט געהאט דריי מאסטען ? וואס קענט איהר דען דערפון וויסען?

— זעהר פיעל, האט לאָרד גלענארוואָן געענטפערט. מיר האבען אין ענגלאנד צייטונגען, וועלכע מעלדען יעדען טאג, וואס פאר א שיף איז אוועקגעגאנגען, וואוהין זיא איז געגאנגען, וויא גרויס זיא איז, וויפיעל זעגעלבוימער זיא האט, וואס פאר א סחורות זיא פיהרט, אדער וויפיעל פאסאזשירען עס געפינען זיך אויף איהר און וויא דער קאפיטאן הייסט. ווען מיר ווייסען, אז דיא שיף האט געהייסען „בריטאניא", האט געהאט דריי זעגעל־בוימער און איז ארויסגעפאהרען פון גלאזגא, קענען מיר שוין געוואָהר ווערן, וויא דער קאפיטאן האט געהייסען און וואוהין ער איז געפאהרען.

— איך נעהם מיר דיא מיה צו זוכען אין דיא צייטונגען פון 1862, האט קאפיטאן פארראגוט געזאגט. איך בין זיכער, אז איך וועל געפינען אלעס, וואס מיר דארפען וויסען וועגען דער שיף „בריטאניא". איך האב זאגאר ביי מיר אין דער קאיוטע צייטונגען פון עטליכע יאהר איבער אלע שיפען, וואס זיינען ארויסגעפאהרען און אנגעקומען קיין ענגלאנד. עס מאכט מיר פערגניגען צו לעזען דיעזע צייטונגען, ווייל איך געפין אין זיי זעהר אָפט מיין נאמען, אלס קאפיטאן פון פערשיעדענע שיפען.

— לאמיר דאס דערווייל לאזען, האט לאָרד גלענארוואָן געזאגט. לאמיר פרובירען צוזאמען שטעלען א בריעף פון אלע דריי צעטלען. לאמיר זעהן, וואס מיר קריגען

שין און וואס מיר דארפען נאך וויסען. — ווער וועט זיין דער שרייבער? ווילסט דוא שרייבען, ליעבע העלענא?

— מיט פערגניגען! האט ליידי העלענא געזאגט. מיך אינטערעסירט אזוי דאס שיקזאל פון דעם אונגליקליכען קאפיטאן, אז איך בין בערייט צו פאהרען קיין לאנדאן און בעטען דיא קעניגין וויקטאריא, אז זיא זאל איהם שיקען הילף.

— אלזא, שרייב, העלענא.

ליידי העלענא האט גענומען א ריין בייגעלע פאפיער און האט געשריעבען, וואס לארד גלענארוואן האט איהר געזאגט. עס איז ארויסגעקומען פאלגענדער בריעף:

„דעם 7טען יוני 1862 א שיף מיט דריי זעגעלבוימער „בריטאניא“.... גלאזגא.... אונטערגעגאנגען.... גאניע.... זיד זייט.... אויף לאנד.... צוויי מאטראזען, קאפיטאן גר.... אבאר.... גרויזאמע אינדיאנער.... פר.... ארייגעווארפען דיעזען בריעף.... דיא לענג.... 11, 37 דיא ברייט.... שיקט הילף, ווען ניט זיינען פערלארען“....

— זעהר גוט, האט געזאגט קאפיטאן פארראגוט, מיר ווייסען שוין זעהר פיעל. מיט אזא דאקומענט קען מען שוין קומען אין דיא אדמיראליטעט און פארדערן, אז דיא ענגלישע רעגיערונג זאל שיקען זוכען דיא אונגליקליכע מאטראזען מיט'ן קאפיטאן.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דער ערשטער אפיציער טאם אויגוסטין און האט געמעלדעט, אז זיי זיינען שוין געקומען קיין גלאזגא. וואס זאל ער יעצט טהאן? קאפיטאן פאררראגוט האט זיך געווענדעט צו לארד גלענארוואן.

— פיהר צו אונזער שיף צו מיין דאק, האט ער געזאגט. ליידי העלענא וועט פאהרען א היים, זיא איז געוויס מיעד פון דער רייזע און וויל זיך אויסרוהען. איך וועל נאך היינט פאהרען קיין לאנדאן און וועל פארשטעלען דיעזען דאקומענט אין דער אדמיראליטעט.

טאם איז ארויסגעגאנגען און האט אנגעהויבען צו צופיהרען דיא שיף צו לארד גלענארוואנ'ס דאק. ער האט געהאט אן אייגענעם דאק, וואו זיין שיף פלעגט שטענדיג שטעהן.

— מיינע פריינד! האט געזאגט לארד גלענארוואן, ווען טאם אויגוסטין איז ארויסגעגאנגען. א זאנדערבארער צופאל האט אונז געבראכט אויף א שפור פון א גרויס אונגליק. זאז פיעל מיר קענען זעהן פון דיא בריעף, ווייסען מיר, אז אן ענגלישע שיף איז אונטערגעגאנגען ערגעץ אין זידען (דרום זייט) פון דער וועלט. דער קאפיטאן און מאטראזען, מיר ווייסען ניט וויאפיעל, האבען זיך גערעטעט. זיי זיינען אבער אין א גרויס געפאהר, דיא ווילדע מענשען זאלען אויף זיי ניט אנפאלען. זיי האבען אריינגעווארפען דיעזע פלאש און מעער מיט דריי בריעף אויף ענגליש, דייטש און פראנצייזיש, אין וועלכע זיי בעטען, אז מען זאל זיי העלפען. יעצט איז דיא איינציגע פראגע: וואו איז דיא שיף אונטערגעגאנגען? לאז יעדער פון אייך זאגען זיין מיינונג.

— איך וייס ניט, וואס צו זאגען, האט דער מאיאר געברומט. דיא וועלט איז גרויס, וואסער איז דא אויף דער וועלט מעהר, וויא לאנד. וואס קען מען דא וויסען?

— אז מען קען גאר ניט זאגען, שווייגט מען בעסער, האט לארד גלענארוואן [illegible]

— איהר וועט פיעללייכט לאכען פון מיר, האט ליידי העלענא גזאגט לאנגזאם און איז רויט געוואָרען; איך וויל אָבער זאָגען מיין מיינונג. מיר שיינט, אז דיא שיף איז אונטערגעגאנגען אין זיד-אמעריקא — לעבען דאס לאנד פ א ט א ג אָ נ י ע ן. איך נעהם עס דערפון, ווייל דאס האלבע וואָרט „גאניע" הייסט נאך מיין מיינונג: פ א ט א־ ג אָ נ י ע ן.

לאָרד גלענארוואָן האט בעטראכט זיין פרוי מיט בעוואונדערונג. קאפיטאן פאר־ראגוט איז אונטערגעשפרונגען פאר פרייד.

— ליידי העלענא האט רעכט, האט ער אויסגעשריען, וויא א וואהנזיניגער. איך שעהם מיך, וואס איך, אן אלטער שיפס-קאפיטאן, וועלכער איז שוין אויסגעפאהרען דיא גאנצע וועלט, האט ניט געקענט דערראטהען, אז דאס ווארט „גאניע" הייסט פאטאגאניען און ליידי העלענא האט עס יא געטראָפען. איך בין גליקליך צו זיין קאפי־טאן אויף א שיף, אויף וועלכער עס געפינט זיך אזא קלוגע און אזא געלערנטע פאסאזשירין.

— עס קען זיין, אז ליידי העלענא האט רעכט, האט געברומט דער אלטער מאיאָר. עס קען אָבער אויך זיין, אז דאס ווארט „גאניע" מיינט עפעס אן אינזעל אויפ'ן מעער.

— מיר וועלען עס באלד זעהן, האט לאָרד גלענארוואָן געזאָגט. גיט מיר נור דיא לאנדקארטע פון זיד־אמעריקא. מיר וועלען באלד זעהן דיא נעמען פון אלע אינזלען, וואס געפינען זיך דאָרט.

קאפיטאן פארראגוט איז געלאָפען אין זיין קאיוטע און האט באלד געבראכט זיין גרויסע שיפס-לאנד־קארטע פון זיד־אמעריקא, וועלכע ער האט צושפרייט אויפ'ן טיש. אלע האבען זיך אנגעבויגען אויף דער לאנד־קארטע און האבען געזוכט אינזלען מיט'ן נאמען „גאָניע".

עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוט אין טיעפעם שווייגען. יעדער איז געווען פער־טאָן מיט זוכען אויף דער לאנד־קארטע.

— איהר זוכט אומזיסט, האט ענדליך געזאגט קאפיטאן פארראגוט. ליידי הע־לענא האט רעכט. זיא האט עס געטראָפען. זעהט! אָט איז דאס לאנד פאטאגאָניען, דא געהט דער 37טע פאראלעל*) אין דעם בריעף שטעהט דאך דייטליך 11. 37° דיא ברייט. דאס הייסט פאטאגאָניען, וועלכעס ליעגט זיעבען און דרייסיג גראד ווייט פון'ם זיד פאל. דאָרט איז דיא שיף „בריטאניא" אונטערגעגאנגען. אין פאטאגאניען זיינען דא ווילדע מענשען. יעצט הייב איך אן צו פערשטעהן דאס וואָרט „פר", וועלכעס מיר האבען אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן. עס הייסט „פריזאָנער", געפאנגען. דער קאפיטאן איז א געפאנגענער ביי דיא ווילדע מענשען.

*) אום מען זאָל קענען גענוי בעצייכענען, וואו עס ליעגט א לאנד אָדער א שטאָדט, האט מען איינגעטהיילט דיא ערד קוגעל אין טהיילען אדער ליניען, אין דער לענג און אין דער ברייט. דיא ליניען פון דער ברייט הייסען פאראלעלען, דיא ליניען פון דער לענג הייסען מערידיאַן. יעדע ליניע האט א נומער. ווען איך וויל זאגען, וואו ניו־יאָרק געפינט זיך, זאג איך אז עס געפינט זיך אויפ'ן 42טען פאראלעל און 65טען מערידיאַן.

— יעצט שיינט מיר, אז מיר האבען ווירקליך פערשטאנען דיא דריי בריעף, האט לארד גלענארוואן געזאגט. יעצט זיינען זיי פאר אונז דייטליך און פערשטענדליך. יעצט טארען מיר נים שווייגען. מיר ווייסען פאר געוויס, אז אן ענגלישער קאפּיטאן האט געליטען שיפּבּרוך. ער געפינט זיך אין דער נויט. ער בעט אום הילף. מיר מוזען איהם העלפען; מיר מוזען טהאן, וואס מיר קענען אום איהם צו העלפען, אדער ווע־ניגסטענס צו וויסען, וואס פון איהם איז געוואָרען. בעפאר אָבער מיר וועלען זיך נעהמען צו דער ארבייט איהם צו שיקען הילף, וואָלט איך געוואָלט וויסען, וויא ער הייסט.

קאפּיטאן פאררראגוט! איהר האט צוגעזאגט צו זוכען אין דיא צייטונגען, ווען דיא שיף „בריטאניא" איז ארויסגעפאָהרען פון ענגלאנד און וויא דער קאפּיטאן האט געהייסען טהוט עס שוין. איהר האט דאך ניט פיעל צו זוכען. איהר דארפט נור איבערקוקען דיא צייטונגען פון 1862.

— ברענגט נור דיא צייטונגען, קאפּיטאן, האט ליידי העלענא געזאגט, איך וועל אייך העלפען זוכען. אין א פיערטעל שטונדע וועלען מיר אלעס אויסגעפינען.

קאפּיטאן פאררראגוט איז באלד אוועקגעגאנגען אין זיין קאיוטע און האט געבראכט דיא צייטונגען פון 1862. ער האט זעהר ליעב געהאט ארדנונג און דיא צייטונגען זיינען געלעגען ביי איהם צונויפגעלעגט אין דער בעסטער ארדנונג, ניי, גלייך וויא ערשט אפּגעדרוקט. ליידי העלענא האט גענומען איין צייטונג, דער קאפּיטאן האט גענומען דיא אנדערע צייטונג און זיי האבען אנגעהויבען צו זוכען פון'ם ערשטען יאנואר 1862.

— אָט האט איהר עס! האט קאפּיטאן פאררראגוט אויסגעשריען. אט איז עס! א טעלעגראמע.

ער האט אניעדערגעלעגט דיא צייטונג אויפ'ן טיש און לארד גלענארוואן האט געלעזען אין דער הויך.

„מאי 30טען, 1862. פּערו. היינט איז ארויסגעפאהרען דער דריי מאסטער ב ר י־ט א נ י א, קאפּיטאן ג ר א נ ט, פערמישטע סחורות, קיין גלאזגא ענגלאנד".

— קאפּיטאן גראנט! האט וויעדערהאלט לארד גלענארוואן. דאס איז מיר א בעקאנטער נאָמען. ער איז א שאָטלענדער, דאכט מיר.

— איך דערמאָן מיך יעצט, האט פאררראגוט געזאָגט. איך קען איהם. קאפּיטאן גראנט איז איינער פון דיא בעסטע ענגלישע שיפס קאפּיטאנע. ער האט נור אין זיך איין פעהלער: ער וויל זעהר ענטדעקען נייע לענדער. ער האט שוין אויסגעבראכט א גרויס פערמעגען אויף רייזען אין אלע מעערען פון דער וועלט. ער וויל זעהר ענטדעקען א נייע לאנד און עס א נאמען געבען „ניישאָטלאנד". אך, שאדע! א רחמנות אויף קאפּיטאן גראנט!

— מיינע פריינדע! האט לארד גלענארוואן געזאָגט ערנסט. יעצט האבען מיר שוין גאר קיין צווייפעל ניט, אז קאפּיטאן גראנט איז דעם 30טען מאי ארויסגעפאָהרען פון דער שטאָדט קאללאַא אין פּערו און דעם 7טען יוני איז זיין שיף אונטערגעגאנגען אין פּאטאגאָניען. דאס איז דער ריכטיגער וועג. אין אכט טאָג איז ער איינגעפאָהרען פון פּערו אין מאגעלאן קאנאל, לעבען פּאטאגאָניען. אויפ'ן מאגעלאן קאנאל הערשען שטענדיג שטורמווינדען. אזא שטורמווינד האט געטראָפען דעם קאפּיטאן גראנט, זיין

שיף איז אונטערגעגאנגען און ער האט זיך געראטעוועט ערגעץ אויף אן אינזעל. אויף וועלכען אינזעל? דאס וויסען מיר דערווייל נים, אָבער מיר ווייסען, אין וואס פאר א געגענד. דאס איז שוין גענוג פאר אונז. דיא ענגלישע רעגיערונג מוז איהם שיקען הילף. יעצט לאמיר געהן אויפ'ן דעק, זעהן, אויב אונזער שיף איז שוין בעפעסטיגט אויף איהר דאַק.

זיי זיינען ארויסגעגאנגען אויפ'ן דעק. דיא שיף איז שוין געווען בעפעסטיגט צום דאק און דער ארויסגאנג געלעגט פון דער שיף צום ברעג. אויפ'ן ברעג האט געוואַרט לאָרד גלענארוואַן'ס קארעטע. ארום האט געוואַרט דאס פרעהליכע און געשעפטיגע לעבען פון דער שטאדט גלאַזגאָ.

— איך האב נאך איינינע זאכען צובעזאָרגען, אהט לאָרד גלענארוואַן געזאגט צו זיין פרוי.

— וואס ווילסט דוא נאך טהאן? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— ליעבע העלענא, האט לאָרד גלענארוואַן געענטפערט, דער קאפיטאן גראנט און זיינע מאטראזען האבען געוויס פרויען און קינדער, וועלכע ווייסען נים, וואס פון זייערע פעטער און מאנען איז געוואָרען. זיי ווייגען געוויס און קלאגען און מעגליך, אז זיי געפינען זיך אין דער גרעסטער נויט. איך וויל ארייגשיקען אן אדווערטייזמענט אין דיא גרעסטע ענגלישע צייטונגען, אז עס איז נאך דאַ האָפנונג, אז מען זאל זיי רעטען.

ער איז אריינגעגאנגען צוריק אין זיין קאַיוטע און האט אנגעשריעבען פאָלגענדעס אדווערטייזמענט:

„ווער עס וויל וויסען נאכריכטען איבער קאפיטאן גראנט און זיינע מאטראזען פון דער שיף בריטאניא, דער זאל זיך מעלדען צו לאָרד גלענארוואַן אין מאלקאָלם-שלאָס, דונבארשיר, שאָטלאנד“.

דיעזעס אדווערטייזמענט האט ער איבערגעגעבען דעם קאפיטאן פארראגוט מיט פאָלגענדע ווערטער.

— ליעבער קאפיטאן, איהר וועט שוין זאָרגען, אז דיעזע אנצייגע זאל מארגען אין דער פריה ערשיינען אין אלע גרעסטע ענגלישע צייטונגען.

דער קאפיטאן האט צוגענומען דאס אדווערטייזמענט און האט זיך פערנייגט.

— יעצט ליעבע העלענא, האט זיך לאָרד גלענארוואַן געווענדעט צו זיין פרוי, פאהר דוא א היים מיט'ן מאיאָר. איך וועל מיך אויפזעצען מיט'ן ערשטען צוג קיין לאָנדאָן און וועל בעטען דעם לאָרד פון דער אדמיראַליטעט, ער זאל שיקען הילף דעם אונגליקליכען קאפיטאן.

ער האט אבשיעד גענומען פון אלעמען און איז אוועקגעפאהרען קיין לאָנדאָן.

## 3טעס קאפיטעל.

## קאפיטאן גראנט'ס קינדער.

דאס שלאָס מאלקאָלם, וואו לאָרד גלענארוואַן האט געוואוינט, איז געלעגען דעם טייך לאָק-לאָמאָנד, אין איינע פון דיא שעהנסטע געגענדען אין שאָטלאנד. דאס דאָרף לוס און דיא גאנצע געגענד ארום האט געהערט צו לאָרד גלענארוואַן. דיא

אייננוואָינער פון דער געגענד פלעגען ביי איהם רענטען דאס לאנד. ער איז געוועזען זעהר א גוטער לענדלארד. ער האט קיין מאל ניט ארויסגעוואָרפען אן אייננוואָינער פון זיין הויז, קיין מאל ניט ארויסגעטריעבען א טענאנט פון זיין לאנד, ווען ער האט איהם אזוי גיך ניט בעצאהלט קיין רענט, אזוי וויא עס טהוען דיא אנדערע לענדלארדס אין שאָטלאנד און אירלאנד. ער האט בעהאנדעלט זיינע טענאַנטס — דיא בויערן, וועלכע האבען גע־וואָינט אויף זיין לאנד — פריינדליך און ברידערליך.

דיא טויערן פון'ם שלאָס מאלקאָלם זיינען שטענדיג געוועזען אָפען פאר יעדען, וואס איז געקומען צו לארד גלענארוואן בעטען הילף. עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס דיא אייננוואָינער פון דער גאנצער געגענד פין צעהן מייל ארום דעם שלאָס האבען בע־טראכט לאָרד גלענארוואן אלס זייער בעסטער פריינד, זייער ראטהגעבער און זייער בעשיצער.

לארד גלענארוואן איז געוועזען א מיטגליעד פון'ם ענגלישען פארלאמענט. ער האט געהאט דעם טיטול „פער" און איז געוועזען איינער פון דיא זעכצעהן פערס פון שאָטלאנד. דיא פאמיליע פון דיא לאָרדס גלענארוואן האט אבגעשטאמט פון דער קעניגליכער פאמיליע סטיואַרט און איז געוועזען ניט גאנץ צופריעדען מיט דער רעגיערונג פון דער קעניגין וויקטאריא, וועלכע שטאמט אפ פון דער קעניגליכער פאמיליע פון האנאווער, אין דייטשלאנד. לארד גלענאַרוואָן פלעגט בעטראכטען דיא איצטיגע קעניג־ליכע פאמיליע פון ענגלאנד אלס פרעמדע, וועלכע האבען אוועקגערויבט דעם ענגלישען טראָהן פון דער אלטער עכט שאָטלענדישער קעניגליכער פאמיליע. אין לאנדאן האט מען דאס געוואוסט זעהר גוט און מען האט געקוקט קרום אויף דיא לאָרדס גלענאַרוואָן. דיא קעניגין וויקטאָריא מיט איהרע זיהן, מיט איהרע טעכטער און מיט איהרע אייניקלעך וייסען שוין, וויא אזוי צובעהאנדלען אן אונצופריעדענעם לאָרד. מען האט איהם ניט צוגע־לאזט צו קיין אַמט, מען האט איהם ניט גענעבען קיין טיטול און מען וואָלט געוויס איהם ניט צוגעלאזען אין פארלאמענט, אבער דיא אייננוואָינער פון דער גאנצער געגענד פלעגען, וויא אויף צו להכעיס, שטענדיג וועהלען נור לאָרד גלענארוואן אין פארלאמענט.

לארד גלענארוואָן איז אלט געוועזען צוויי און דרייסיג יאהר, ווען אונזערע ערצעהלונג הייבט זיך אן, ער איז געוועזען פין מיטלען וואוקס, אבער געזונד און שטארק געבויט. ער איז געוועזען מוטהיג און טאפּפער, א גוטער שווימער, א פאָרטרעפליכער רייטער, און אויסגעצייכענטער פעכטער. ער האט ערשט ניט לאנג געהייראטהעט.

ליידי העלענא איז ניט געוועזען פון קיין גרויסער פאמיליע. זיא איז געוועזען דיא טאָכטער פון א פראָפעסאָר אין עדינבורג. איהר פאטער, פראָפעסאָר ט ו ר נ ע ל, איז געוועזען איינער פון דיא געלערנסטע מענער אין ענגלאנד. ער איז געוועזען פראפעסאר פון געאָגראפיע און וועלט געשיכטע אין דער אוניווערסיטעט אין עדינבורג. ער האט אליין געמאכט פיעל רייזען און דיא ענגלישע רעגיערונג האט איהם איינינע מאל געשיקט אויספאָרשען אונבעקאנטע לענדער. ער האט אנגעשריעבען פיעל ניצליכע און אינטער־רעסאנטע ביכער. העלענא איז געוועזען זיין איינציג קינד. ער האט זיא געלערנט שפראכען און פיעלע ניצליכע וויסענשאפטען. לאדד עדוואַרד גלענאַרוואָן איז געוועזען פראפעסאר טורנעל'ס א שילער און פלעגט איהם בעזוכען יעדעס מאל, ווען ער פלעגט קומען קיין

עדינבורג. ביי איהם אין שטוב האט ער זיך בעקענט מיט העלענא׳, האט זיך פערליעבט אין איהר און האט זיא ענדליך געהייראטהעט.

לארד גלענארוואן האט ניט פערלאנגט קיין נדן פון זיין בראוט, ער איז אליין געווען אונגעהייער רייך, דער רייכסטער לארד אין גאנץ שאָטלאנד. ער איז געווען גליקליך אין זיין ליעבע. ליידי העלענא איז אבער ווירקליך געווען ליעבענסווירדיג. זיא איז געווען זעהר שעהן און דערצו נאך זעהר קלוג און העכסט געבילדעט. לארד גלענארוואָן איז געווען גליקליך. ער האט געוואוסט, אז ליידי העלענא איז דיא טאָכטער פון א גרויסען געלערנטען, וועלכער האט געמאכט זעהר פיעל רייזען און האט גאנץ ריכטיג גערעכענט, אז זיא וועט געוויס אויך וועלען מאכען אייניגע רייזען. ער האט דאהער געלאזט בויען דיא שיף „דונקאָן“ כמעט אויסשליסליך פון איהרענטוועגען. ער האט דיא שיף א נאמען געגעבען „דונקאָן“, וויל אזוי האט געהייסען א קעניג פון שאָטלאנד, פון וועלכען דיא לאָרדס גלענארוואן קומען ארויס.

אין דעם ערשטען קאפיטעל פון אונזער ערצעהלונג האבען מיר זיי בעגעגענט אויף זייער ערשטע קליינע רייזע אין זייער נייער שיף. מיר האבען שוין דערצעהלט, אז ליידי העלענא איז געפאהרען א היים אין שלאָס מאלקאָלם און לאָרד גלענארוואָן איז געפאהרען קיין לאָנדאָן.

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה האט ליידי העלענא ערהאלטען פון איהר מאן א קורצע טעלעגראַמע, אז ער האפט באלד צו קומען א היים. דעמזעלבען טאג אָבער פאר נאכט האט זיא פון איהם ערהאלטען א לאנגען בריעף, אין וועלכען ער האט איהר געשריעבען, אז ער וועט מוזען בלייבען אין לאָנדאָן נאך א פאָר טאָג. דעם אנדערן טאָג האט זיא ווייטער ערהאלטען א בריעף פון איהם, אז דער ענגלישער קראָנפרינץ, וועלכער איז דער לאָרד פון דער אדמיראליטעט, האט איהם צוואר אויפגענומען זעהר העפליך; ווען ער האט אָבער אויסגעהערט זיין ביטע, האט ער איהם געענטפערט, אז דיא ענגלישע רעגיערונג האט יעצט קיין געלד ניט, זיא האט אויך ניט קיין פרייע שיף צו שיקען זוכען א קאפיטאן גראנט, וועלכער איז גאָר ניט בעקאַנט דער רעגיערונג. לאָרד גלענארוואָן האט איהם געוויעזען דיא צייטונגען און האט ערקלערט, אז דיא רע־גיערונג מוז העלפען איהרע אונטערטהאנען, וועלכע געפינען זיך אין א נויט. עס האט אבער גאָר ניט געהאָלפען.

לאָרד גלענארוואן האט געוואָלט פאָרשטעלען דיא בריעף, וואס ער האט געפונען אין דער פלאָש, אין ענגלישען פארלאמענט און בעטען דעם פארלאמענט אום הילף פאר דעם אונגליקליכען קאפיטאן גראנט. צום אונגליק, האט זיך דאמאָלס אנגעהויבען וואקאנס און אלע מיטגליעדער פון פארלאמענט זיינען זיך צופאָהרען אויף זייערע גיטער.

ליידי העלענא איז געוואָרען זעהר טרויעריג. זיא האט פערשטאנען פון איהר מאנ׳ס בריעף, אז דיא אדמיראליטעט וויל גאָר נישט טהאן פאר דיא אונגליכע און לאָרד גלענארוואָן איז אין פערצווייפלונג.

עס איז געווען אויפ׳ן דריטען טאָג נאך לאָרד גלענארוואָנ׳ס אָברייזע קיין לאָנדאָן. ליידי העלענא איז געזעסען אויפ׳ן באלקאָן פונ׳ם שלאָס מאלקאלם טרויעריג און פער־טראכט, ווען דער פערוואלטער פונ׳ם שלאָס, מיסטער האלבערט, איז ארויפגעקומען

און האט איהר געמעלדעט, אז א יונגעס מעדכען און א יונגע ווילען זעהן לאָרד גלע־
נאַרוואָן.

— ווינען זיי פון אונזער דאָרף? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— ניין. איך קען זיי ניט און האב זיי קיין מאָל ניט געזעהן. זיי האבען מיר גע־
זאָגט, אז זיי זיינען געקומען מיטין באהן ביז באלאש און פון דארטען זיינען זיי געקומען
צו פוס ביז אהער.

— פיהרט זיי ארויף צו מיר, מיסטער האלבערט, האט ליידי העלענא געזאָגט.

אין אפאר מינוט ארום האָט מיסטער האלבערט אריינגעפיהרט א יונגעס מעד־
כען פון א יאָהר זעכצעהן, וועלכעס האט געפיהרט ביי דער האנד א אינגעל פון א
יאהר צוועלף.ביידע זיינען געווען זעהר אָרים געקליידעט און אויף זייערע געזיכטער איז
געווען אויסגעמאָלט עלענד און נויט. דאס מעדכען איז צוואר געווען זעהר שעהן, אבער
בלייך און מאָגער. זיי זיינען געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר און האבען ניט געוואגט
ארויסצורעדען א וואָרט. ליידי העלענא האט זיך אויפגעהויבען פון איהר זיץ און איז
צוגעגאנגען צו זיי.

— איהר דארפט עפּעס האָבען צו מיר, קינדער? האט זיא זיי געפרעגט פריינדליך.

דאס מעדכען האט געשוויעגען. דער באָי אָבער האט געזאָגט פעסט:

— ניין, מיר דארפען ניט צו אייך, מיר ווילען זעהן דעם לאָרד גלענאַרוואָן.

— לאָרד גלענאַרוואָן איז יעצט נעראַדע ניט צו הויז, האט ליידי העלענא גע־
ענטפערט פריינדליך. איך בין זיין פרוי, איהר מעגט מיר זאגען, וואס איהר דארפט,
ווען איך וועל נור קענען עפּעס טהאָן פאר אייך, וועל איך עס געוויס טהאָן.

— אלזאָ, זייט איהר ליידי גלענאַרוואָן פון שלאָס מאלקאָלם? האט דאס מעדכען
געפרעגט.

— איך בין עס.

— האט אייער מאַן, לאָרד גלענאַרוואָן געלאָזט מעלדען אין דיא צייטונגען, אז
ווער עס וויל האבען נאכריכטען פון קאפּיטאַן גראַנט און זיינע מאַטראָזען, דער זאל
זיך ווענדען צו אייך?

— מיין מאַן האט געלאָזט מעלדען אין דיא צייטונגען, האָט ליידי העלענא גע־
זאָגט, — ווער זייט איהר דען?

— איך בין מיס גראַנט און דאס איז מיין ברודער.

— מיס גראַנט! מיס גראַנט! האָט ליידי העלענא אויסגערופען. איהר זייט דיא
טאָכטער פון קאפּיטאַן גראַנט?

זיא האט ארומגענומען דאס מעדכען און האט זיא צוגעפרעסט צו איהר ברוסט,
וויא א ליבענדע מוטער, וועלכע זעהט זיך מיט איהרע קינדער נאך א לאנגער אבווע־
זענהייט. דעם אינגעל האָט זיא א קוש געטהאָן אויף ביידע באקען און האט געגלעט
זיינע לאנגע, בלאָנדע האָר.

— וואס ווייסט איהר עפּעס פון מיין פאָטער? האט דאס מעדכען געזאגט און
א שטראָם טרערין האט זיך געגאָסען פון איהרע אויגען. זאגט מיר, לעבט נאך מיין

פאָטער? וואו איז ער? וועלען מיר איהם נאך אמאל זעהן! אך, זאגט מיר, ליעבע, טהייערע ליידי!

— ליעבעס קינד, האט ליידי העלענא געענטפערט. איך קען אייך אויף אלע דיעזע פראגען קיינע גענויע אנטוואָרט ניט געבען. איך קען אייך ניט געבען קיין האָפ־נונגען, וועלכע איך האב אליין ניט.

זיא האט ניט געקענט ווייטער רעדען. דיא טרערין האבען זיא געוואָרגען. זיא האט צוגעפרעסט דעם מעדכענס קאָפּ צו איהר ברוסט און האט שטילערהייט געוויינט.

— זאגט מיר אלעס, ליעבע ליידי! האט דאָס מעדכען געבעטען. איך בין שוין געוואָינט צו אלעמען. איך בין פאָרבערייטעט אלעס צו הערן. עס איז שוין דאָס דריטע יאָהר זייט מיין פאָטער איז אוועקגעפאָהרען מיט זיין שיף און איך האב פון איהם קיין נאכריכט ניט ערהאלטען. איך האב שוין אויסגעוויינט אלע מיינע טרערין. מיין מוטער איז געשטאָרבען פאר שמערין. זאגט מיר אלעס. איך קען שוין אלעס איבערטראָגען.

— ליעבעס קינד, האט ליידי העלענא געזאגט, איך קען דיר נור געבען א גאנץ שוואכע האפנונג, אז דיין פאָטער לעבט נאך. לאמיר האפען, אז דער אלמעכטינער גאָט, דער פאָטער פון וויטווען און ווייזען, וועט איהם ערהאלטען ביים לעבען און וועט איהם רעטען פון אייערט וועגען.

דאָס מעדכען האט ארויסגעלאָזען א געוויין. דאָס איינגעל האט גענומען ליידי העלענא׳ס הענד און האט זיי אנגעהויבען צו קושען. עס איז פערנאנגען א גערוימע צייט, איידער דיא קינדער האבען זיך בערוהיגט אין גאנצען. ליידי העלענא איז אויך געווען זעהר שטארק אויפגערעגט פון דיעזער סצענע און האט ניט געקענט רעדען א וואָרט. ענדליך האבען זיך אלע בערוהיגט און דיא קינדער, מערי און ראָבערט גראנט, האבען אנגעהויבען צו פרעגען, וואס ליידי העלענא ווייס פון זייער פאטער און וויא אזוי זיא איז עס געוואהר געווארען.

ליידי העלענא האט זיי דערצעהלט אלעס, וואס זיא האט געוואוסט און וואס מיר האבען בעשריבען אין דיא ערשטע צוויי קאפיטלעך פון אונזער ערצעהלונג. ראָבערט גראנט האט געקוקט ליידי העלענא׳ן גלייך אין מו־ל אריין, ווען זיא האט דער־צעהלט פון דער פלאַש און דיא בריעף, וואס מען האט געפונען אין איהר.

— אך, מיין פאטער! מיין ארימער פאטער! האט ער אויסגערופען איין מאל נאכן אנדערן.

עס איז געווען דייטליך, אז זיין יונגעס קעפעלע האט געאַרבייטעט, אז, וויא יונג ער איז געווען, האט ער זיך פאָרגעשטעלט, וויא זיין פאטערס שיף געהט אונטער, וויא זיין פאטער קעמפפט מיט דיא שרעקליכע וועלען, וויא ער און צוויי מאטראזען רעטען זיך אויף א ברעט; וויא זיי זיינען פערוואָרפען געוואָרען אויף א וויסטע אינזעל און נאך אזעלכע שרעקליכע בילדער. ווען ליידי העלענא האט געענדיגט איהר ערצעהלונג, האט מערי גראנט געפרעגט:

— וואו זיינען דיא בריעף? איך וויל זעהן מיין פאטערס בריעף, זיין האַנדשריפט.

— איך האב גינים דיא בריעף, ליעבעס קינד.

— איהר האָט זיי גינים? וואו זיינען זיי דען?

— לאָרד גלענאַרוואָן איז מיט זיי אוועקגעפאָהרען קיין לאָנדאָן. ער וויל זיי פאָר־שטעלען אין דער אדמיראַליטעט און בעטען דיא רעגיערונג, זיא זאָל שיקען אַ שיף זוכען אייער פאטער און איהם העלפען. איך האב אייך איבערגעגעבען וואָרט אין וואָרט אלעס, וואס איז געשטאַנען אין דיא בריעף און וויא אזוי עס איז אונז געלונגען זיי צו לעזען.

— מיר דאַרפען ניט דיא בריעף! האט ראָבערט אויסגערופען. דיא גוטע ליידי האט אונז דאך אלעס דערצעהלט.

— געוויס, געוויס! האט מערי געענטפערט. איך האב אבער דאָך געוואָלט זעהן מיין פאטערס האנדשריפט. דוא קענסט זיא ניט, ראָבערט. איך אבער וועל דערקענען מיין פאטערס האנדשריפט צווישען טויזענד. אונזער פאטערס האנדשריפט איז ביי מיר זעהר טהייער. איך וואָלט זיא געוואָלט האבען אלס אנדענקען.

— מאָרגען, קינדערלעך. מעגליך, אז לאָרד גלענאַרוואָן וועט מאָרגען קומען צוריק, וועט ער מיטברענגען דיא בריעף מיט זיך. איך האב אייך שוין דערצעהלט, אז ער איז יעצט אין לאָנדאָן אום צו בעטען הילף פאר אייער פאטער פון דער רעגיערונג.

— וויא זאל איך אייך דאנקען, ליידי גלענאַרוואָן? האט דאס מעדכען געזאגט מיט טרערין אין דיא אויגען. וויא זאל איך דאנקען לאָרד גלענאַרוואָן פאר אלעס, וואס ער האט געטהאָן פאר מיין ארמען אונגליקליכען פאטער?

— אה, גאָט זאל אייך בעלוינען דערפאר! איהר גוטע ליידי, און דעם עדלען לאָרד גלענאַרוואָן! האט ראָבערט געזאגט און האט אנגעהויבען צו קושען ליידי העלענא'ס הענד.

— ליעבע קינדער, האט ליידי העלענא געזאגט גערידהרט, איהר האט מיר ניט וואס צו דאנקען. איך און מיין מאן האבען געטהאָן, וואס יעדער מענש דאַרף טהאָן, ווען ער וויים, אז א מענש געפינט זיך אין דער נויט. מיר מוזען העלפען איינער דעם אנדערן, דערפאר זיינען מיר מענשען אויף דער וועלט. עס איז אונזער הייליגע פפליכט צו העלפען און צו שטיצען אונזערע מיט מענשען.

דערוויל קינדערלעך, וועט איהר בלייבען ביי מיר אין שלאָס, ביז לאָרד גלענאַרוואָן וועט צוריק קומען פון לאָנדאָן. דאן וועלען מיר זעהן, וואס מיר קענען ווייטער פאר אייך טהאָן. איהר זייט געוויס הונגעריג, קינדער. קומט, איך וועל הייסען אייך געבען עסען.

— אך, ניין, ליידי גלענאַרוואָן! האט מערי גראָנט געזאגט. איך קען ניט מאכען אייך אזוי פיעל מיה. מיר זיינען דאך פרעמדע, איהר קענט דאך אונז גאר ניט.

— פרעמדע? האט ליידי העלענא געזאגט פערוואונדערט. איהר זייט קיינע פרעמדע. לאָרד גלענאַרוואָן קען אייער פאטער. איהר זייט ניט פרעמד אין דיעזעם הויז. איך וועל זיין גליקליך, ווען לאָרד גלענאַרוואָן זאל באלד צוריקקומען פון לאנדאן און זאל אייך ברענגען גוטע נאַבריכטען פון דער אדמיראַליטעט.

ליידי העלענא האט געזאגט דיא לעצטע ווערטער אזוי פריינדליך, אזוי מוטערליך, אז דיא קינדער זיינען געווען גערידהרט און האבען זיך ענטשלאָסען צובלייבען אין שלאָס מאַלקאָלם, ביז לאָרד גלענאַרוואָן וועט צוריק קומען פון לאָנדאָן. ליידי העלענא [illegible]

אננעקלונגען. מיסטער האלבעט איז אריינגעקומען און האט געפּועגט, וואס זיא זוכשט?

— ברענגט ארויף עסען און טרינקען פאר דיעזע צוויי קינדער, האט זיא בעפוילען, און גרייט אן א צימער פון זייערט וועגען. זיי וועלען בלייבען ביי מיר אין שלאָס, ביז לארד גלענארוואן וועט צוריקקומען פון לאנדאן.

אין איינינע מינוטען ארום זיינעןביידע קינדער געזעסען לעבען א טיש און האבען געגעסען. ליידי העלענא איז געזעסען לעבען זיי און האט געזעהן מיט פערגניגען, וואס פאר א גוטען אפּעטיט זיי האבען.

## 4טעס קאפּיטעל.

## ליידי העלענא'ס פאָרשלאַג.

ליידי העלענא האט געפונען פאר בעסער ניט צו דערצעהלען דיא קינדער, אז לארד גלענארוואן שרייבט איהר, אז דער קראַנפּרינץ האט איהם אויפגענומען זעהר קאלט און וויל גאר נישט טהאן אום זייער פאטער צו רעטען. זיא האט זיי ווייטער ניט געוואלט זאגען, אז זיא האט מורא, זייער פאטער זאל ניט אריינפאלען אין דיא הענד פון דיאווילדע מענשען אין פּאטאגאָניען אלס געפאנגענער.

— וואָצו זאל איך בעטריבען דיא ארימע קינדער? האט זיא זיך געטראַכט. עס איז שוין גענוג פאר זיי, וואס זיי האבען פערלארען זייער מוטער און זיי ווייסען, אז זייער פאטערס שיף איז אונטערגעגאנגען און ער האט זיך גערעטעט ערגעץ אויף אן אינזעל. ווען זיי דען ווערן לייכטער, ווען איך וועל זיי נאך דערצעהלען, אז זייער פאטער איז נאך אין גרעסערע געפאהר פון דיא ווילדע מענשען?

זיא האט זיך דאהער ענטשלאסען, זיי אויסצופרעגען איבער זייער פאטער, וויא אזוי ער האט געלעבט, ביז ער איז אוועקגעפאָהרען אויף דער שיף „בריטאניא", וואו ער האט זיי איבערגעלאזען, ווען ער איז אוועקגעפאהרען און וויא אזוי עס איז זיי ביז אהער געגאנגען.

מערי גראַנט איז געווען א קלוגעס און געשייטעס מעדכען. זיא האט דערצעהלט ליידי העלענאַ'ן אלעס, וואס זיא האט געוואוסט פון איהר פאטער. עס איז געווען אן איינפאכע אבער זעהר טרויעריגע געשיכטע. ליידי העלענא איז געווען גערירט ביי דיעזער איינפאכער ערצעהלונג און האט ניט איין מאל זיך געמוזט פערשטעלען דיא אויגען מיט איהר טאשען-טוך — זיא האט שטילערהייט געוויינט.

זייער פאטער, דער קאפּיטאן הערי גראַנט, איז פון קינדווייס אן געווען א מאטראָז; ער איז אבער געוועזען ניט נור מאטראָז אליין. ער איז געווען א קויפמאן אויך און האט שוין ניט איין מאל געמאכט רייזע אויף זיינע אייגענע שיפען. זיינע אונטער-נעהמונגען זיינען איהם געלונגען און ער האט זיך דערוואָרבען א שעהנעס פערמעגען. ער וואלט געקענט בלייבען רוהיג אין דער היים און לעבען מיט זיין פרוי און מיט זיינע קינדער פון דעם פערמעגען, וואס ער האט געמאכט אויף זיינע רייזען.—ער האט געפיהרט ענגלישע וואארען אין ווייטע לענדער.—דא אבער האט זיך אריינגעמישט דיא פּאָליטיק. ער איז א שאָט־לענדער און איז אויך ניט צופריעדען מיט דער רעגיערונג פון דער קעניגין וויקטאָריא. פלוצלונג איז איהם איינגעפאלען, ער זאל ערגעץ ענטדעקען א

פּרוכטבאַרע אינזעל און זאָל דאָרט מאַכען א קאָלאָניע פון שאָטלענדער. אלע, וועלכע זיינען ניט צופריעדען מיט דער ענגלישער רעגיערונג, זאלען ארויספאהרען אין זיין קאָלאָניע. דאָרט האט ער געוואָלט איינפיהרען א רעפּובליקאנישע רעגיערונג, וואו דאס פאָלק זאָל הערשען, ניט א קעניג; וואו יעדער זאָל קענען ארויסזאגען זיינע מיינונג פריי; וואו אלע מענשען זאלען זיין גלייך. עס זאָל ניט זיין קיין לאָרדס און קיין ארבייטער. אלע זאלען ארבייטען און אלע זאלען געניעסען אלעס, וואס דיא ארבייט וועט איינברענגען.

דיעזע אידעע האט איהם אזוי בעהערשט, אז ער האט אויסגעבראַכט דארויף זיין גאַנצעס פערמעגען. ער איז ארומגעפאהרען אין אלע מעררן און האט געזוכט א פּאַסענדע אינזעל. ווען ער איז אוועקגעפאהרען צום לעצטען מאָל אין 1861, האט ער זיי איבערגעלאָזען נור אויף צוויי יאהר פון וואָנען צו לעבען. מעהר האט ער שוין ניט געהאט קיין געלד. אין דער ערשטער צייט האבען זיי נאך ערהאלטען פון איהם בריעף און נאכריכטען, וואו ער געפינט זיך. זייט מאי 1862 אבער האבען זיי קיין נאכריכט פון איהם ניט ערהאַלטען. זייער מוטער איז געווען א שוואַכע, קראַנקע פרוי און דער שמערץ האט זיא אין גאנצען דערהרג׳עט. זיא איז געשטאָרבען אין אקטאבער 1862. אַז אלטע פרוי, זייער פאטערס אַן אנפערוואנדטע, האט זיי צוגענומען צו זיך. זיא איז אבער אליין זעהר ארים און האט זיי ניט געקענט אויסהאלטען. מערי האט פער־קויפט אלעס, וואס איז זיי געבליעבען נאך דער מוטער׳ס טויט און האט געלאָזען איהר ברודער לערנען אין א שולע. ווען עס האט זיך איהר אין גאנצען אויסגעלאָזען דאס געלד, האט זיא געזוכט ארבייט. זיי האבען דאמאלס געוואָינט אין דער שטאדט פונדי, וואו מערי האט געפונען ארבייט אין א פאבריק. זיא האט זיך אפּגעזאגט פון׳ם נייטיגסטען אום איהר ברודער זאָל האבען דיא מעגליכקייט צו לערנען און צו ווערן א מענש. זי האט געליטען הונגער און קעלט אום אבצושפּארען איינינע פּענעס פאר איהר ברודער. וויא יונג זיא איז געווען, האט זיא שוין פערשטאַנען, וויא נייטיג עס איז צו לערנען. זיא האט ניט געוואָלט, אז איהר ברודער זאָל ווערן א מאטראז, וויא איהר פּאטער. זיא האט געוואָלט, ער זאָל זיך לערנען אנאנדערע פּראָפעסיאָן, וואו מען איז ניט אויסגעזעצט אזעלכע געפאהרען, וויא אויפ׳ן מעער.

איהר פאטער האט זיא גערעכענט פאר טויט און האט שוין פערלאָרען יעדע האָפנונג איהם א מאל ווידער צו זעהן. וויא איבערראַשט איז זיא געווען, ווען איהר אלטע פערוואנדטע, וועלכע פלעגט יעדען טאג לעזען צייטונגען, האט איהר געוויעזען אין א צייטונג דיא מעלדונג פון לאָרד גלענאַרוואַן.

זיא האט פערזעצט איהר לעצטעס קליידעל און איז באלד אוועקגעפאהרען מיט איהר ברודער אין שלאָס מאלקאָלם.

דאס איז געווען דיא איינפאכע, אבער רעכט טרויעריגע געשיכטע פון מערי גראַנט. זיא האט עס דערצעהלט אזוי איינפאך, אזוי קינדיש טריי, אז ליידי העלענא איז געווען גערירט און האט שטילערהייט געוויינט. זיא האט געזעהן פאר זיך א העלדין, א העראָין. זיא האט ארומגענומען ביידע קינדער און האט זיי געקושט.

— יעצט, קינדער, געהט שלאָפען האט זיא ענדליך געזאגט. איהר זייט מיעד

איהר זייט חיינט געגאנגען פיעל צו פרט. מארגען וועט קומען לארד גלענארוואן, וועלען מיר ווייטער רעדען.

דעם אנדערן טאג זיינען דיא קינדער אויפגעשטאנען גאנץ פריה. אזוי זיינען זיי געוואוינט געוועז. מערי פלעגט שטענדיג אויפשטעהען אין דער פריה און געהן צו דער ארבייט, ראבערט פלעגט אויפשטעהן גאנץ פריה און געהן אין שולע. זיי זיינען ארויסגעגאנגען אין דרויסען און האבען שפאציערט אין גארטען. אין שלאס איז נאך אלעס געווען שטיל. זיי האבען גערעכענט, אז ליידי העלענא שלאפט נאך געוויס. ליידי העלענא איז שוין אבער לאנג ניט געשלאפען. דאס שיקזאל פון'ם קאפיטאן גראנט און פון זיינע קינדער האט זיא אזוי אויפגערעגט, אז זיא איז דיא גאנצע נאכט ניט געשלאפען. זיא האט אלץ געקלערט, וואס זאל זיא טהאן, ווען דיא ענגלישע רעגיערונג וועט ווירקליך ניט וועלען שיקען קיין שיף אום צו זוכען דעם קאפיטאן גראנט?

זיא האט געציטערט ביי דעם געדאנקען. טאמער וועט לארד גלענארוואן קומען מיט לעדיגען. זיא האט ערשט נעכטען פארנאכט ערהאלטען פון איהם א בריעף, אז ער האט זעהר ווענינ האפנונג אויף דער רעגיערונג. עס איז יעצט יולי, דיא הייסע צייט, אלע זיינען זיך צופאהרען. עס איז גאר ניטא מיט וועמען צו רעדען. דיא קעניגין וויקטאריא איז ארויסגעפאהרען זיך באדען אויף דער אינזעל וואיט. דער ערשטער מיניסטער, גלאדסטאן און לארד סאליסבורי, זיינען אויך ניטא אין ענגלאנד. לארד גרענוויל איז אוועקגעפאהרען קיין איטאליען. דיא קלענערע לארד'ס קענען אליין גאר ניט טהאן. שיקען א שיף מיט מענשען אין אונבעקאנטע געגענדען איז ניט אזוי לייכט. — אלזא, וואס טהוט מען?

ווען ביידע קינדער זיינען אזוי ארומגעגאנגען אין גארטען, האבען זיי דערזעהן, ווי א קארעטע פאהרט צו צום שלאס און זיי זיינען צוגעלאפען צום טויער זעהן, אויב עס איז ניט לארד גלענארוואן. אין דערזעלבער צייט האט זיך געעפענט דיא טהיר און ליידי העלענא מיט'ן מאיאר ריטשארדסאן זיינען ארויסגעקומען. זיי האבען געזעהן דיא קארעטע פון פענסטער און האבען זיא באלד דערקענט. דאס איז ווירקליך געווען לארד גלענארוואן.

דיא קארעטע איז אריינגעפאהרען אין טויער. לארד גלענארוואן איז ארויסגעשפרונגען און איז צוגעגאנגען צו זיין פרוי. ער האט זיא ארומגענומען און האט געשוויגען.

— וואס הערט זיך, עדווארד? האט זיא איהם געפרעגט.

— איך האב דיר שוין געשריעבען. עס איז ניטא אויף וועמען צו רעכענען. זיי האבען שטיינער אנשטאט א מענשליך הארץ.

ער האט עס געזאגט אזוי טרויעריג און איז געווען אזוי אונמוטהיג און ניעדערגעשלאגען, אז ליידי העלענא האט זיך דערשראקען.

— זיי האבען דיר אין גאנצען אנגעזאגט? האט זיא אויסגערופען אין פערצווייפלונג.

— אין גאנצען. זיי זאגען, אז עס האט שוין אפגעקאסט גענוג מיליאנען דער ענגלישער רעגיערונג צו זוכען דיא עקספעדיציאנען פון סער דשאן פראנקלין. דיא רעגיערונג האט יעצט קיין געלד ניט. דיא בריעף, וואס מיר האבען געפונען אין דער

פלאַץ, זיינען ניט דייטליך געווען. אונזערע ערקלערונג איז ניט ריכטיג. — קורץ, זיי האָבען מיר ענטזאָגט. זיי ווילען פון קאַפּיטאַן גראַנט ניט וויסען. די וואַהרהייט איז אָבער, די רעגיערונג ווייס פון קאַפּיטאַן גראַנט׳ס פּלאַן און זי וויל איהם אומיסטען ניט רעטען.

— אך, מיין פאָטער! מיין אָרימער פאָטער! האָט אַ געשריי געטהאָן מערי גראַנט און האָט אנגעהויבען שרעקליך צו וויינען און צו ברעכען די הענד.

זיא איז שטילערהייט צוגעגאַנגען, ווען לאָרד גלענאַרוואַן איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער קאַרעטע, האָט זיך געשטעלט הינטער ליידי העלענא און האָט אויסגעהערט אַלעס, וואָס לאָרד גלענאַרוואַן האָט דערצעהלט.

ווען לאָרד גלענאַרוואַן האָט דערהערט מערי גראַנט׳ס געוויין, האָט ער זיך אומ־געקוקט מיט שרעק.

— ווער זיינען דיעזע קינדער? האָט ער געפרעגט ערשטוינט. זאָלען עס זיין קאַ־פּיטאַן גראַנט׳ס קינדער?

— יאָ, עדוואַרד, האָט ליידי העלענא געזאָגט. דאָס זיינען קאַפּיטאַן גראַנט׳ס קינדער. די לאָרד׳ס פון דער אַדמיראַליטעט ווילען זיי ניט העלפען, ווילען ניט שיקען זוכען זייער פאָטער?

מערי און איהר ברודער זיינען געפאַלען פאַר לאָרד גלענאַרוואַן אויף די קניע און האָבען געבעטען:

— אך, רעטעט אונזער פאָטער!

די סצענע איז געווען אַ הערצרייסענדע. עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען די פערצווייפלונג פון די קינדער, אָבער אויך לאָרד גלענאַרוואַן און ליידי העלענא האָבען זיך ניט געקענט איינהאַלטען. זייערע אויגען זיינען געוואָרען פייכט און זיי האָבען גע־וויינט מיט די קינדער. קיינער האָט ניט גערעדט קיין וואָרט. וואָס זאָל מען רעדען? וויא אַזוי זאָל מען טרייסטען די אונגליקליכע קינדער? ענדליך, האָט זיך דער מאַיאָר געווענדעט צו לאָרד גלענאַרוואַן און האָט איהם געפרעגט:

— האָט איהר שוין גאָר קיין האָפנונג ניט?

— קיין האָפנונג, מען האָט מיר אין גאַנצען אָפּגעזאָגט.

— איך וועל געהן! האָט דער קליינער ראָבערט גראַנט אויסגערופען. איך וועל געהן רעדען מיט דיעזע לאָרד׳ס. לאָמיך זעהן, וויא זיי וועלען מיך ניט אויסהערן!

ער האָט דערביי צונויפגעלעגט זיינע קליינע הענטעלעך אין פויסטען. מערי האָט איהם צוריקגעהאַלטען.

— ניין, ראָבערט! האָט זיא איהם געזאָגט. צוערשט לאָמיר דאַנקען דעם גוטען און עדעלען לאָרד גלענאַרוואַן פאַר זיין מענשענפריינדליכקייט. דאַן וועלען מיר ביידע געהן —

— וואוהין? האָט לאָרד גלענאַרוואַן געפרעגט.

— מיר וועלען געהן צו דער קעניגין, האָט מערי געענטפערט. מיר וועלען פאַלען צו איהרע פיס, מיר וועלען וויינען און בעטען, ביז זיא וועט אונז מוזען אויסהערן און שיקען אַ שיף צו רעטען אונזער פאָטער.

לאָרד גלענאַרוואַן האָט טרויעריג געשאָקעלט מיטן קאָפּ. ער האָט זעהר גוט געוואוסט, וואָס עס הייסט: געהן צו דער קעניגין. מעגליך, אַז ווען די קעניגין זאָל זיי אויסהערן, וואָלט זי אפשר געטהאָן פאַר זיי. מען וועט זיי אָבער גאָר ניט צולאָזען צו דער קעניגין. קומט מען דען אַזוי לייכט צו צו אַן ענגלישער קעניגין? די וואַך וועט זיי זאָגאָר ניט אַריינלאָזען אין הויף. די קעניגליכע פּאַלאַצען זיינען גוט בעוואַכט, אויף זייער טהיר איז אָנגעשריעבען דיזעלבע אויפשריפט, וואָס שטעהט אויף די ענגלישע שיפען:

Passengers are requested not to speak to the man at the wheel.

די פּאַסאַזשירען זיינען אויפגעפאָדערט, אַז זיי זאָלען ניט רעדען צו דעם מאַן, וועלכער שטעהט ביים „רודער". דער מאַן, וועלכער פיהרט די רעגירונג, שטעהט זעהר הויך. צו איהם טאָר מען ניט רעדען.

ליידי העלענאַ האָט פערשטאַנען, וואָס איהר מאַן דענקט. זי האָט אויך זעהר גוט געוואוסט, אַז אַזעלכע קינדער וועט מען אויף קיין פאַל ניט צולאָזען צו דער קעניגין. עס וועט נור זיין אומזיסט זייער מיה. זי האָט געטראַכט אייניגע מינוט. פּלוצלונג האָבען איהרע אויגען אָנגעהויבען צו פונקעלן, איהר געזיכט איז געוואָרען פרעהליך. זי האָט געפּאַסט אַ גרויסען, הערליכען בעשלוס. זי האָט זיך איינגעבויגען און האָט אויפגעהויבען מערי גראַנט פון דער ערד.

— הער מיך אויס, מיין קינד, האָט זי אָנגעהויבען צו זאָגען און איז געבליעבען שטיל.

זי האָט זיך געווענדעט צו איהר מאַן, האָט איהם אָנגענומען ביי ביידע הענד און האָט געזאָגט מיט אַ ביטענדער, אָבער פייערליכער שטימע:

— עדוואַרד! מיר האָבען געפונען קאַפּיטאַן גראַנט'ס בריעף. ער האָט זיי אונז געשיקט. לאָמיר איהם רעטען! דו זעהסט דאָך, אַז פון יענע שלעכטע מענשען האָבען מיר גאָר ניט צו ערוואַרטען. לאָמיר אויף זיי ניט קוקען, לאָמיר טהאָן, וואָס אונזער פפליכט הייסט אונז. מיר זעהען מענשען אין דער נויט און מיר מוזען זיי העלפען.

— וואָס מיינסט דו, ליעבע העלענאַ?

— איך מיין גאַנץ איינפאַך. לאָמיר אָנהויבען אונזער לעבען, אַלס נייע פערהייראַטהעטע, מיט אַ גוטער טהאַט. דו האָסט אַ נייע, גוטע און שטאַרקע שיף. דו האָסט געוואָלט מאַכען מיט מיר אַ לוסט רייזע אויף אייניגע וואָכען. לאָמיר מאַכען דיזע לוסט רייזע אום צו רעטען דעם קאַפּיטאַן גראַנט.

— העלענאַ! איז געווען דאָס איינציגע וואָרט, וואָס לאָרד גלענאַרוואַן האָט געקענט אַרויסזאָגען.

— יאָ, עדוואַרד, האָט ליידי העלענאַ ווייטער געזאָגט. דו אַליין האָסט מיר דערצעהלט, אַז די „דונקאַן" איז אַ שטאַרקע שיף און קען אויסהאַלטען זאָגאַר אַ רייזע אַרום די וועלט. לאָמיר זי בענוצען אויף אַ גוטע זאַך, לאָמיר פאָהרען זוכען דעם קאַפּיטאַן גראַנט.

לאָרד גלענאַרוואַן האָט גאָר ניט געענטפערט. ער האָט צוגעצויגען זיין פרוי צו זיך און האָט זי צוגעפרעסט צו זיין ברוסט.

מערי און ראָבערט גראַנט האבען גענומען איהרע הענד און האבען זיי בעדעקט מיט טרערין און מיט קושען. דער מאיאָר און דיא דיענער וועלכע זיינען אונטערדעסען צוגעקומען און האבען אויסגעהערט, וואס דא קומט פאָר, האבען אלע מיט איין שטימע אויסגערופען:

— עס לעבע ליידי העלענא גלענארוואַן!

5טעס קאַפּיטעל.

## דיא אבפאָהרט.

ליידי העלענא'ס פאָרשלאַג, אז זיי זאָלען פאהרען זוכען דעם קאַפּיטאַן גראַנט האט לאָרד גלענארוואַן ווענינ איבערראשט. דיעזער געדאנק איז איהם געקומען אין קאָפּ אריין, ווען ער איז נאָך געווען אין לאָנדאָן און האט געבעטען דיא שטאָלצע ענגלישע לאָרד'ס פון דער אדמיראליטעט, אז זיי זאָלען שיקען א שיף צו הילף דעם קאַפּיטאַן גראַנט. ווען ער האט געזעהן, אז זיין מיה איז אומזיסט, אז דיא שלעכטע לאָרד'ס קימערן זיך זעהר וועניג, וואס אַן ענגלישער קאַפּיטאַן איז ערגעץ פערוואָרפען געוואָרען אויף א ווילד אינזעל און ליידעט עלענד און נויט, האט ער ביי זיך געפאַסט דעם בעשלוס, ער זאל אליין פאהרען אויף זיין שיף איהם צו רעטען.

דא האט זיך איהם אָבער פאָרגעשטעלט אַ שוועריגקייט. זאל ער פאהרען אליין און איבערלאָזען זיין יונגע פרוי, וועלכע ער האט ניט לאַנג געהייראַטהעט, אליין אין דער היים, איז זעהר אונאנגענעהם. ער ווייס דאָך ניט, וויאַפיעל אזא רייזע קען דויערן. מיטנעהמען זיין פרוי אויף דער רייזע איז אויך ניט לייכט. מאַכען אַ לוסט רייזע פון עטליכע טעג אויף'ן מעער, איז אַ פערגניגען, פאהרען אויף'ן מעער עטליכע וואָכען, אדער זאָגאר אייניגע מאָנאַטע, איז א פּלאגע, אַ מאַרטערנעשע, ווען מען פאהרט זאגאר אויף דער בעסטער שיף. אויסער דעם איז דאָך יעדע רייזע אויף'ן מעער אויסגעזעצט געוויסע געפאהר־ען. און וואס וועט זיין, ווען זיי וועלען גאר מוזען רייזען אויף פערד אָדער צו פוס אין ווילדע געגענדען אום צו זוכען דעם קאַפּיטאַן גראַנט ערגעץ ביי ווילדע מענשען? וויא קען ער מיטנעהמען זיין יונגע פרוי, וועלכע איז דערצויגען געוואָרען אזוי עדעל אין רייכקייט און פערגניגען אויף אזא לאַנגע און געפעהרליכע רייזע?

דאס זיינען געווען דיא געדאנקען, וועלכע האבען בעשעפטיגט לאָרד גלענארוואַן דיא גאַנצע צייט, וואס ער איז געפאהרען פון לאָנדאָן אין זיין שלאָס מאַלקאָלם. וואלט ער געווען ניט פערהייראַטהעט, וואלט ער קיין מינוט ניט געטראכט און וואלט נאָך פון לאָנדאָן געוועזען טעלעגראַפירט צו זיין שיפס־קאַפּיטאַן פאַרראַגוט, אז ער זאל פאַרבערייטען אלעס אויף אַ רייזע קיין פּאַטאַגאָניען. יעצט אבער, אז ער איז פערהייראַטהעט, האבען זיך איהם פאָרגעשטעלט אזעלכע שוועריגקייטען, אז ער האט ניט געוואוסט וואס צו טהאָן.

וויא גליקליך איז ער דאהער געווען, ווען ליידי העלענא האט ארויסגערעדט דיעזען געדאנקען!

— אלזא, זיא וויל פאהרען מיט מיר? האט ער זיך געטראַכט. זיא וויל איבער־טראָגען אלע ליידען און אויסשטעהן אלע געפאהרען, וועלכע זיינען בעגלייטעט מיט אזא רייזע? זיא איז מוטהיג און קיין געפאהר קען זיא ניט אָפּשרעקען, ווען עס האנ־

רעלט זיך צו רעטען א מענשען. זיא איז בערייט צו מאכען א רייזע ארום דיא וועלט אום צו געפינען דעם קאפיטאן גראנט. זיא איז א גוטע, עדעלע פרוי!

לארד גלענארוואן איז געוועז גליקליך ביי דעם געדאנקען, אז ער האט אזא מוטיגע פרוי. ער האט נאך איבערגערעדט מיט איהר איינינע קלייניגקייטען און האט באלד געשיקט אן עסטאפעט צו קאפיטאן פארראגוט, ער זאל אלעס פארבערייטען אויף א לאנגע רייזע אין דיא מעערען פון זיד־אמעריקא.

דיא „דונקאן" איז געוועז א שטארקע שיף. עס האט אין איהר געקענט אריינגעהן צוויי הונדערט און צעהן טאָן משא. ווען מיר זאלען וועלען זיא פערגלייכען מיט דער שיף, אויף וועלכער קאלומבוס איז געפאהרען ענטדעקען אמעריקא, אין וועלכער עס האט געקענט אריינגעהן נור זיעבעציג טאָן משא, קענען מיר זאגען, אז דיא „דונקאן" איז א ריעזען שיף. זיא האט געהאט א פיינע און שטארקע מאשינעריע און האט געקענט אויסהאלטען יעדען שטורם. זיי וואלטען, דאכט זיך, געקענט שוין פאהרען און גאר ניט ווארטען. דאס דאכט זיך נור אזוי. אויף יעדע לאנגע רייזע אין אונבעקאנטע געגענדען מוז מען זיך גוט פארבערייטען. מען האט געמוזט ברייטער מאכען דיא זייטען פון דער שיף, עס זאל קענען אריינגעהן מעהר קוילען. לארד גלענארוואן האט זעהר גוט געוואוסט, אז קוילען איז דאס נייטיגסטע אויף א שיף, וועלכע פאהרט אויף א לאנגע רייזע. אלע מאגאזינען און קאמערן פאר פראוויאנט אויפ'ן וועג האבען געמוזט איבער געמאכט ווערן. אויף אזא רייזע מוז מען האבען פיעל פראוויאנט.

לארד גלענארוואן האט נאך געהייסען קויפען א קליינע קאנאנע און זיא אויפשטעלען פון פארנט אויפ'ן שיף. ווען ליידי העלענא האט איהם געפרעגט:

— צו וואס דארפסט דוא א קאנאנע? מיר פאהרען דאך ניט אין א קריעג?

— געוויס, ליעבע העלענא, מיר פאהרען געוויס ניט אין א קריעג. עס שאדעט אבער קיין מאל ניט, ווען מען קען פון דער שיף טראקטירען א גוטען פריינד מיט א גוטע, שווערע פיער פונטיגע קוגעל. אויפ'ן מעער קען מען א מאל אנטרעפען גוטע פריינד, וועלכע מען מוז אויפנעהמען מיט אזעלכע העפליכקייטען.

קאפיטאן פארראגוט איז געוועז א גוטער מאטראָז און האט געוואוסט, וואס מען דארף פארבערייטען אויף אזא רייזע. ער האט געוואוסט, אז מען מוז איבערמאכען דיא קאיוטען. ער איז עטליכע מאל געקומען צופאהרען אין שלאָס מאלקאָלם איבעררעדען מיט לארד גלענארוואן, וויפיעל פאסאזשירען עס וועלען פאהרען. דאס איז אויך געוועז זעהר א וויכטיגע פראגע. זיי זיינען דאך ניט געפאהרען אויף א פאסאזשיר שיף, וואו מען נעהמט נור צו דאס געלד און מען זארגט זיך ווייניג פאר דיא בעקוועמליכקייט פון דיא פאסאזשירען. דאס איז אן איינענע שיף, וועלכע דארף זיין איינגעריכטעט מיט אלע מעגליכע בעקוועמליכקייטען. יעדער דארף האבען זיין קאיוטע, זיין שלאף־צימער, זיין בעט. דאס מוז מען אלס אנגרייטען, אויפ'ן מעער איז ניטא וואו צו קויפען.

דאס איז ווירקליך געוועז א וויכטיגע פראגע, אן וועלכע לארד גלענארוואן האט גאר פערגעסען. לארד גלענארוואן האט אנפאנגס גערעכענט, ער זאל ניט מיטנעהמען מיט זיך מערי און ראבערט, קאפיטאן גראנט'ס קינדער.

— צו וועלכען צוועק זאלען זיי פאהרען אויף אזא לאנגווייליגע און ניט גאנץ אונגעפעהרליכע רייזע? האט ער געזאגט צו זיין פרוי.

ליידי העלענא האט אבער שוין צוגעזאגט דיא קינדער, אז זיא וועט זיי מיטנעהמען. מערי און ראָבערט האבען זיא אזוי לאנג געבעטען, אז זיא האט זיי געמוזט צוזאגען, אז זיא וועט זיי מיטנעהמען. מערי האט געזאגט, אז זיא וויל פאהרען אלס ליידי העלענא'ס קאַמער־מעדכען. ראָבערט האט געזאגט מוטהיג, אז ער וויל אריינטרעטען צו קאפּיטאן פאַרראַגוט אלס יונגע. ליידי העלענא האט זיי געענטפערט, אז זיא דאַרף ניט מערי'ן אלס קאַמער־מעדכען. ווען ראבערט וויל אריינטרעטען אלס יונגע, זאל ער רעדען מיט'ן קאפּיטאן. אלענפאלס האט זיא זיי צוגעזאגט, אז זיא וועט זיי מיטנעהמען. לארד גלענארוואן איז געוועזען איינשטימיג מיט זיין פרוי. מען האט געמוזט מאכען א קאַיוטע פאר מערי גראנט. ראבערט קען שלאפען מיט דיא מאטראזען,

מאיאר ריטשאַרדסאן האט אויך ערקלערט, אז ער וויל מיטפאהרען. ער איז שוין צוואר געוועזען ניט יונג. ער איז אלט געוועזען ביי דיא פופציג יאהר, ער איז אבער נאך געוועזען שטארק און קרעפטיג און איז געוועזען א סאלדאט אין פאַלען זינען פון'ם וואָרט. ער איז געוועזען מוטהיג און טאַפּפער און אלס מאיאר פון דער ענגלישער אַרמעע האט ער זעהר גוט געוואוסט, וויא אזוי ארומצוגעהן מיט געוועהר. — פאר איהם האט מען אויך געמוזט מאכען א בעזונדערע קאַיוטע.

דאן האט מען געמוזט מאכען צוויי קאַיוטען פאר מיסטער און מיסעס אַלבינעט. ער איז געוועזען דער פּראוויאנט־מייסטער פון דער שיף און זיא איז געפאהרען אלס קעכין און ליידי העלענא'ס קאמער־פרוי.

דאס זיינען געוועזען דיא פאסאזשירען פון'ם „דונקאן“. יעדער פון זיי האט געהאט א בעזונדער קאַיוטע. דיא פאָרבערייטונגען צו דער רייזע האט געדויערט א קארגען מאנאט.

דיא „דונקאן“ איז געשטאנען אין גלאזגא אויף לארד גלענארוואן'ס אייגענעם דאָק. לעבען איהר אבער זיינען געשטאנען נאך אנדערע שיפען. קאפּיטאן פאַרראַגוט און דיא מאטראזען האבען זיך ניט געהאט וואס צו בעהאלטען. זיי האבען אלעמען דערצעהלט, צו וואס זיי מאכען אזעלכע פאָרבערייטונגען און וואוהין זיי ווילען פאהרען. באלד האט זיך דיא נאכריכט פערברייטערט אין גאנץ גלאזגא און אלע האבען נור גערעדט פון לארד גלענארוואן און פון דיא רייזע, וואס ער וויל מאכען. מען האט זאגאר אנגעהויבען צו שרייבען דערפון אין אלע צייטונגען. איינינע האבען געלאכט פון איהם און האבען איהם פאָרגעשטעלט אלס א זאָנדערלינג, א שטיק משוגענער, וועלכער וויל ארויסווארפען געלד אין וואַסער אריין און פאהרען ערגעץ אין אונבעקענטע געגענדען זוכען א קאפּיטאן גראנט, וועלכער האט געליטען שיף־ברוך מיט צוויי יאהר צוריק.

דאס האבען געשריעבען דיא צייטונגען, וועלכע האלטען מיט דער רעגיערונג. אנדערע צייטונגען אבער האבען געלויבט לארד גלענארוואן און האבען געוואונשען, אז אלע ענגלישע לאָרד'ס זאָלען זיין אזוי גוט און אזוי מענ'שען־פריינדליך.

דיא צייטונגען האבען געמאכט א רעש אין גלאזגא. יעדער האט געוואלט זעהן דיא פאַרבערייטונגען, וואס מען מאכט אויפ'ן „דונקאן“ און דיא שיף אליין. יעדער

האט געזאגט זיין מיינונג, אויב מען קען פאהרען אויף אזא שיף אזא ווייטע רייזע און אויב לארד גלענארוואן וועט אויספיהרען זיין פלאן און אויפזוכען קאפיטאן גראנט. דיא שעהנסטע בירגער פון גלאזגא און דיא גרעסטע לארד'ס זיינען געקומען אנקוקען דיא שיף. דאס האט זעהר פערדראסען דעם קאפיטאן בארטאן פון דער שיף „סקאטיא“ וועלכע איז געלעגען אויף דעם אנדערן דאק לעבען דיא „דונקאן“.

דיא „סקאטיא“ איז איינע פון דיא גרעסטע ענגלישע שיפען. זיא קען ארייננעהמען איבער צוויי טויזענד טאן משא און זיא פיהרט דיא ענגלישע פאסט פון ענגלאנד קיין קאלקוטא, אין אינדיען. אלע ענגלישע בעאמטע, וועלכע דיא רעגיערונג שיקט קיין אינדיען, פאהרען ליעבער אויף דער „סקאטיא“, וויא אויף אן אנדער שיף, ווייל דיא „סקאטיא“ איז זיכערער און בעסער איינגעארדנעט, וויא אנדערע שיפען. קאפיטאן בארטאן, דער קאפיטאן פון דער „סקאטיא“ איז איינער פון דיא בעסטע ענגלישע שיפס־קאפיטענע און האט א הויכען ראנג (טשין) אין דער ענגלישער פלאטע. ווען מען האט בעטראכט דיאביידע שיפען: דיא „דונקאן“ מיט דער „סקאטיא“, האט דיא דונקאן אויסגעוויזען געגען דער סקאטיא וויא א וויעגען־קינד געגען א ריעז. עס האט גאר קיין פערגלייך ניט געקענט זיין צווישען דיא קליינע שיפעלע „דונקאן“ און דעם ריעז, דיא „סקאטיא“. עס איז דאהער קיין וואונדער ניט, וואס קאפיטאן בארטאן האט עס שטארק פערדראסען, וואס אויף דיא „דונקאן“ קומען טעגליך דיא שעהנסטע דאמען און דיא רייכסטע הערען, בעטען, אז מען זאל זיי אלעס אויסווייזען, וויא דיא שיף איז איינגעריכטעט און פאר וועמען דיא קאיוטען זיינען בעשטימט; צו איהם אבער אויף דיא „סקאטיא“ קומט קיינער ניט, גלייך וויא דיא „סקאטיא“ וואלט גאר אויף דער וועלט ניט געוועזן.

זעלבסטפערשטענדליך, האט ניט לארד גלענארוואן, נאך דער קאפיטאן פארראגוט זיך געקימערט, ניט וואס דיא צייטונגען האבען געשריעבען, נאך וואס קאפיטאן בארטאן האט געזאגט. יעדער האט געטהאן זיין ארבייט און דעם 4טען אויגוסט איז דיא „דונקאן“ געוועזן פערטיג צום אברייזען.

לארד גלענארוואן האט איבערגעגעבען זיינע גיטער און זיינע שלעסער צו א פערוואלטער און ער מיט זיין פרוי, מיט'ן מאיאר ריטשארדסאן, מיט קאפיטאן גראנט'ס קינדער מיט מיסטער און מיסעס אלבינעט זיינען אום צוויי אוהר ארויסגעפאהרען פון שלאס מאלקאלם און זיינען געקומען צופאהרען קיין גלאזגא אום 4 אוהר נאכמיטאג זיי זיינען גלייך צוגעפאהרען צו זייער דאק, וואו דיא „דונקאן“ איז שוין געשטאנען פיקס און פערטיג צור אברייזע.

אויפ'ן דאק און אין דער גאס ארום האט זיך פערזאמעלט א גרויסע מאסע מענשען. ווען לארד גלענארוואן מיט זיינע פאסאזשירען זיינען אנגעקומען, האט דיא מאסע אנגעהויבען צו שרייען: הורראה! און האבען איהם געוואונשען גליק אויף דער רייזע. צווישען דער מאסע זיינען געוועזן פיעלע מאטראזען און שיפסקאפיטענע, וועלכע האבען געקענט דעם קאפיטאן גראנט און האבען זיך זעהר אינטערעסירט אין זיין שיקזאל. פיעלע מענשען זיינען ארויפגעגאנגען אויפ'ן „דונקאן“ און האבען געדאנקט לארד

גלענארוואן און ליידי העלענא פאר זייער גוטסקייט און פאר זייער מוטה אונטערצונעה־
מען אזא לאנגע און שווערע רייזע.

אזוי וויא קאפיטאן פאררראגוט האט בעשלאסען ערשט אום דריי אוהר אין דער
פריה ארויסצופאהרען, ווייל דאמאלס קומט אן דיא פלוט, דאס וואסער אין מעער
שטייגט און עס איז לייכטער פאר א שיף ארויסצופאהרען פון פארט, איז נאך גע־
בליעבען גענוג צייט זיך ארומצוקוקען אויפ׳ן שיף, צו עמפפאנגען געסט, וועלבע זיינען
געקומען אבשיעד נעהמען און נאכצוזעהן, אויב אלעס איז אין ארדנונג, אויב עס פעהלט
ניט עפעס, אויב מען דארף נאך ניט עפעס.

ביז שפעט ביי נאכט זיינען געווען פרעמדע מענשען אויפ׳ן „דונקאן״. אייניגע
זיינען געקומען אבשיעד נעהמען פון לארד גלענארוואן, אנדערע זיינען געקומען אבשיעד
נעהמען פון קאפיטאן פאררראגוט, אנדערע זיינען געקומען זעהן דיא איינריכטונג אויף
דער שיף, רעפארטערס פון דיא גרעסטע צייטונגען זיינען געקומען זעהן, וויא דיא שיף
וועט ארויספאהרען, זיי זאלען עס בעשרייבען אין זייערע צייטונגען. קיינער איז ניט גע־
געשלאפען דיעזע נאכט אויף דער שיף.

אום 12 אוהר ביי נאכט האט קאפיטאן פאררראגוט געהייסען איינהייצען דיא
קעסלען און האט געגעבען א צייכען, אז אלע פרעמדע מענשען זאלען אראפגעהן פון
דער שיף. אום צוויי אוהר האט קאפיטאן פאררראגוט געזאגט צום לארד גלענארוואן,
אז זיי קענען ארויספאהרען. לארד גלענארוואן האט געענטפערט אז ער איז פערטיג
און זיי קענען פאהרען. באלד האט מען ארויפגעהויבען דעם אנקער און אפגעבונדען
דיא „דונקאן״ פון איהר דאק. קאפיטאן פאררראגוט האט געהייסען דעם מאשיניסט,
ער זאל אנהויבען צו פייפען, א צייכען, אז ער פאהרט ארויס פון גלאזגא. נאך א מאל
האט מען געהערט שרייען פון דער גאס:

— הורראה! לעבעט וואהל! גליק אויף דיא רייזע!

דיא „דונקאן״ האט אנגעהויבען צו ציטערן, קאפיטאן פאררראגוט האט גענומען
אין האנד דעם רודער און האט זיא לאנגזאם און פארזיכטיג ארויסגעפיהרט פון דעם
וואלד מיט שיפען, וועלכע געפינען זיך שטענדיג אין גלאזגא. דא האט ער געוויעזען,
וואס פאר א קינסטלער ער איז. ער האט ניט גענומען קיין וועגווייזער, זאנדערן האט
אליין דורכגעפיהרט דיא שיף ביז אין נארד קאנאל. געגען זעקס אוהר אין דער פריה
זיינען זיי ארויסגעפאהרען אין׳ם גרויסען און וויטען אטלאנטישען אקעאן.

דאס וועטער איז געווען שעהן. דיא זון איז אויפגעגאנגען אין איהר גאנצער
שענהייט און האט בעגאסען דאס מעער מיט איהרע גאלדענע שטראהלען. דער ווינד
איז געווען א גוטער און האט געבלאזען קיין וועסט זייט. דיא „דונקאן״ איז געפלויגען
שנעל, וויא א פייגעלע. קאפיטאן פאררראגוט האט בענוצט דעם ווינד און האט געהיי־
סען אויסשפרייטען אלע זעגעל און דיא שיף האט זיך געגליטשט אויפ׳ן גלאטען שפיע־
געל פון׳ם גרויסען וועלט מעער, געטריעבען פון׳ם ווינד און פון׳ם דאמפף.

אלע זיינען געשטאנען אויפ׳ן דעק. קיינער האט ניט געוואלט געהן שלאפען.

— מיר וועלען היינט האבען א שעהנעם וועטער, האט ליידי העלענא געזאגט.

איך בין גליקליך, וואס אונזער רייזע האט זיך אנגעהויבען מיט אזא שעהנעם וועטער. איך האף, אז מיר וועלען האבען א גליקליכע רייזע.

— לאָמיר האפען, אז מיר וועלען גליקליך דערגרייכען אונזער ציעל און וועלען אויסגעפינען דעם קאפּיטאן גראנט.

— וויאפיעל דארף געדויערן דיא רייזע ביז פּאַטאַגאָניען? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— ווען מיר וועלען האבען שעהנעם וועטער און דיא „דונקאן" וועט פאהרען אזוי שנעל, וויא היינט, וועלען מיר אין פינף וואכען ארום אנקומען קיין פּאַטאַגאָניען.

זיי האבען נאך גערעדט אייניגע צייט ביז דיא מענשליכע נאטור האט אנגעהויבען צו פאָדערן, וואס עס קומט איהר. ליידי העלענא איז שלעפריג געוואָרען און איז געגאנגען אין איהר קאיוטע זיך צולעגען.

## 6טעם קאפּיטעל.

## א נייער פּאַסאַזשיר.

אום דריי אוהר איז פערטיג געוואָרען דער מיטאָג. לאָרד גלענארוואַן, ליידי העלענא, דער מאיאָר, דיא ביידע קינדער און קאפּיטאן פאררא‌גוט האבען זיך געזעצט ארום טיש אין עס־צימער און האבען געגעסען זייער ערשטען מיטאָג אויף זייער רייזע. אלע זיינען געווען פרעהליך, אלע זיינען געווען אויפגעלעגט. מען האט געגעסען און זיך אונטערהאלטען ביז ארום פינף אוהר.

— וויא פיהלסט דוא אויפ'ן מעער, מערי? האט ליידי העלענא געפרעגט דאס יונגע מעדכען. האסט דוא קיין מורא ניט פאר זעעקראנקהייט?

— איך בין געוואוינט מיט'ן מעער, האט מערי גראנט געענטפערט. ניט איין מאל האב איך מיך געשפּיעלט אויף מיין פאטערס שיפען. ניט איין מאל בין איך מיט איהם געפאהרען שטונדען לאנג אויפ'ן מעער.

— און דיין ברודער? האט לאָרד גלענארוואַן געפרעגט. איז ער אויך געוואוינט צום מעער? האט ער אויך ניט בעקומען דיא זעע קראנקהייט?

— אה, פאר איהם דארפט איהר אייך ניט זארגען, האט דער קאפּיטאן געענטפערט. ער איז שוין אויסגעלאָפען דיא גאנצע שיף און איז שוין אויסגעקלעטערט אויף אלע זעגעלבוימער. אן ענגלישער יונגע לאכט פון דיא זעע־קראנקהייט, ער ווערט געבאָרען אויפ'ן מעער.

— איך האב אָפט מורא פאר איהם האט מערי געזאגט, ער לויפט ארום און קלעטערט אויף דיא זעגעלבוימער, עס זאל איהם עפּעס ניט פּאסירען אן אונגליק.

— זייט רוהיג, מיס גראנט, האט דער קאפּיטאן געזאגט. איך וועל מאכען פון איהם א גוטען מאטראז און ווען מיר וועלען געפינען אייער פאטער, וועל איך צונעהמען צו איהם שטאָלץ און וועל איהם זאגען: קאפּיטאן גראנט, אייער דאָבערט איז א טיכטיגער מאטראָז.

דער מיטאג האט זיך געענדיגט, יעדער איז געגאנגען צו זיין ארבייט אדער האט זיך געזעצט אויפ'ן דעק קוקען אויפ'ן מעער. לאָרד גלענארוואַן און ליידי העלענא

זיינען ארויפגעגאנגען אויפ'ן אויבערשטען עק און האָבען זיך געזעצט אויף זייערע שיפּס שטוהלען. מאַיאָר ריטשאַרדסאָן האט פערריכטעט א ציגאר און איז ארומגעגאנגען אויפ'ן דעק, דערביי האָט ער גערעדט צו זיך אליין, דאָס איז געווען זיין געוואוינהייט און קיינער האָט איהם ניט געשטערט. ער איז געראָדע צו געקומען צו איינע פון דיא קאיוטען און האָט דערזעהן, וויא פון דאָרט איז ארויסגעקומען א מאן, וועלכען ער האָט נאָך אין זיין לעבען ניט געזעהן. דער מאַיאָר האָט איהם בעטראכט אייניגע מינוטען מיט שטוינען.

פאַר איהם איז געשטאנען א הויכער מאן, א דארער מיט א גרויסען קאָפּ. ער האט אויסגעוויזען, וויא א לאנגער נאָגעל מיט א ברייטען קאָפּ. אויף זיין דינער און לאנגער נאָז זיינען געלעגען א פּאָר גרויסע ברילען און ער האָט זיך צו יעדער זאך צו צו געקוקט, אזוי וויא עס טהוען אלע קורצזיכטיגע. ער איז געגאנגען גאנץ ריין און זאָגאָר רייך געקליידעט, אָבער שרעקליך נאכלעסיג. ער האט געטראָגען א טהייערן שווארצען ראָק, אבער פון אלע קעשענעס האבען ארויסגעשטעקט פערשיעדענע זאכען; בעזאָנדערס אבער אלערליי ביכער. נאָטיץ ביכער, לעזע ביכער, שרייב ביכער, רעכען ביכער. אויסער דיא ביכער האט מען געקענט זעהן מיקראָסקאָפּען און מאַשינען. דערצו נאך האט ער געטראָגען א לאנגען טעלעסקאָפּ און א רימען איבער דיא פּלייצעס.

ביידע מענער האבען זיך אייניגע מינוט אנגעקוקט. דער מאַיאָר האָט געשוויגען. דער פרעמדער אָבער האָט ניט אויפגעהערט צו רעדען. ער האָט גערעדט איבער לענדער, איבער פעלקער, איבער געגענדען פון דער וועלט, פון וועלכע דער מאַיאָר האָט קיין מאל ניט געהערט. ער האט איהם דאהער ניט פערשטאנען. דער פרעמדער האט ענדליך איינגעזעהען, אז דער מאַיאָר ענטפערט איהם ניט, האט ער אויך אויפגעהערט צו רעדען, האט אראפּגענומען זיין לאנגען טעלעסקאפּ פון דער פּלייצע, האט איהם צורעכט געמאכט און האט אנגעהויבען צו קוקען אויפ'ן מעער, דערביי האט ער גערעדט צו זיך אליין.

ווען אנאנדערער, ניט דער ערנסטער מאַיאָר, זאל געווען זעהן דיעזע זאנדערבארע פיגור, וואלט ער געוויס ארויסגעלאזען א געלעכטער, אזוי קאָמיש האט אויסגעוויזען זיין גאנצע געשטאַלט מיט זיינע מיקראָסקאָפּען, מיט זיינע ביכער, מיט זיינע ברילען, מיט זיין רעדען צו זיך אליין. דער מאַיאָר אבער איז געשטאנען וויא א פערשטיינערטער און האט איהם בעטראכט.

— ווער איז ער? פון וואנען קומט ער א הער? וואס איז דאס פאר א חיה? האט ער געפרעגט זיך אליין.

קיינער האט איהם אבער ניט געענטפערט און ער איז געשטאנען, וויא פערשטיינערט, און האט בעטראכט דיעזען זאנדערבארען נייען פּאסאזשיר אויפ'ן „דונקאן".

דער פרעמדער האט זיך ווייטער געווענדעט צו איהם, וויא צו אן אלטען בעקאנטען און האט גערעדט צו איהם און האט איהם געפרעגט פערשיעדענע זאכען. ווען ער האט אבער געזעהן, אז דער מאַיאָר ענטפערט איהם ניט, איז ער פון איהם אוועקגעגאנגען און האט געפרעגט דעם ערשטען מאטראָז, וועלכען ער האט בעגעגענט:

— וואו איז דער פּראָוויאַנטמייסטער?

דער מאַטראָז האָט איהם אויך אנגעקוקט פערוואונדערט און האָט איהם גע־וויעזען אויף מיסטער אלבינעט׳ס קאַיוטע. דער פּרעמדער פּאַסאַזשיר איז גלייך אריינ־געקומען אין דער קאַיוטע און האָט אויסגערופען גאַנץ הויך:

— סטיוארד? הע, סטיוארד!

סטיוארד הייסט אויף ענגליש דער פּראָוויאַנטמייסטער, אדער דער „מאַן, וואס האָט צו פערזאָרגען דיא פּאַסאַזשירען מיט עסען. מיסטער אלבינעט, וועלכער איז געוועזען דער פּראָוויאַנטמייסטער פון׳ם דונקאַן, איז דאַמאָלס געליגען אויף זיין בעטעל און האָט זיך אביסעל אָפּגערוהט פון זיין הייגטיגער ארבייט. ווען ער האָט דערהערט, אַז מען רופט איהם, האָט ער זיך אויפגעהויבען און דערזעהען דעם זאָנדערבאַרען פּאַ־סאַזשיר. ער איז אויך געבליעבען שטעהן ערשטוינט און פּארוואונדערט. ער האָט זעהר גוט געקענט אַלע פּאַסאַזשירען און אַלע מאַטראָזען פון דער שיף.

— ווער איז דער? האָט ער זיך געטראַכט. פון וואַנען קומט ער? לאָרד גלע־נאַרוואַן האָט מיר גאָר ניט געזאָגט, אַז ער האָט אויפגענומען א פרעמדען פּאַסאַזשיר?

דער פרעמדער האָט איהם בעטראַכט א פּאָר מינוט און האָט איהם געזאָגט:

— זייט איהר דער פּראָוויאַנט מייסטער פון דער שיף?

— איך בין עס, האָט אלבינעט געענטפערט לאַנגזאַם, איך האָב אָבער ניט דיא עהרע אייך צו....

— איך בין דער פּאַסאַזשיר פון דער קאַיוטע נומער 6, האָט דער פרעמדער געזאָגט.

— קאַיוטע נומער 6? האָט אלבינעט אויסגערופען נאָך מעהר פערוואונדערט.

דאָס האָט ער שוין גאָר ניט פערשטאַנען. אויפ׳ן „דונקאַן" האָבען דיא קאַיוטען ניט געהאַט קיין נומערן. נומערירטע קאַיוטען געפינען זיך נור אויף דיא גרויסע פּאַסאַזשיר דאַמפּפער, אויף וועלכע עס פּאָהרען הונדערטער פּאַסאַזשירען. ער האָט געטראַכט א פּאָר מינוט, וואָס ער זאָל זאָגען דיעזען זאָנדערבאַרען פּאַסאַזשיר. דער פרעמדער אָבער האָט איהם ניט געלאָזט לאַנג טראַכטען.

— געוויס, בין איך דער פּאַסאַזשיר פון דער קאַיוטע נומער 6. וויא הייסט איהר?

— איך הייס אלבינעט.

— אַלזאָ, מיין ליעבער אלבינעט, האָט דער פרעמדער געזאָגט, זעהט מיר געבען מיין מיטאָג, איך בין זעהר הונגעריג, איך האָב פון נעכטען אָן ניט געגעסען. איך בין געפּאָהרען פון פּאַריז גלייך קיין גלאַזגאָ און האָב מיך אין ערגעץ ניט אָפּגעשטעלט — ווען עסט מען דינער דאָ אויפ׳ן שיף?

— מען האָט שוין דעם דינער אָפּגעגעסען, האָט אלבינעט געענטפערט. עס איז שוין באַלד צייט פון סאָפּער.

זיין שטוינען איז געוואַקסען פון מינוט צו מינוט. דער פרעמדער איז געוועזען פאַר איהם א רעטעניש, וועלכע ער האָט אויף קיין פאַל ניט געקענט לעזען.

— אַלזאָ, ווען עסט מען סאָפּער? האָט דער פרעמדער געפרעגט.

— האַלב נאָך ניין אוהר, האָט אלבינעט געענטפערט אונגערן.

דער פרעמדער האט אנגעהויבען צו זוכען אין זיינע קעשענעס. ער האט געזוכט זיין טאשען אוהר, ער זאל וויסען, וויא פיעל אוהר עס איז יעצט. אלבינעט האט געזעהען מיט שטוינען און פערוואונדערונג, וויא דער פרעמדער האט געזוכט אין אלע קעשענעס, ביז ער האט ענדליך ארויסגעשלעפט ערגעץ פון א הינטערשטער קעשענע אין ראק א שעהנע גאלדענע אוהר און האט אויף איהר א קוק געטאהן.

— עס איז ערשט האלב נאך זעקס אוהר, האט ער געזאגט. עס איז מיר צו פיעל צו ווארטען ביז האלב נאך ניין. גיט מיר דערוויילל, ליעבער אלבינעט, א גלאז שעררי וויין און עטליכע ביסקוויט׳ס. איך בין זעהר הונגעריג, איך האב פון נעכטען אן ניט געהאט אין מיין מויל. איך האב מיך געאיילט. איך זאל אנקומען צו דער שיף.

אלבינעט האט זיך ניט געריהרט פון׳ם ארט. ער איז געשטאנען, וויא צו געשמידט אויפ׳ן ארט און האט בעטראכט דעם זאנדערבארען פאסאזשיר מיט זיינע הונדערט קעשענעס אנגעשטאפט מיט ביכער און מיט אינסטרומענטען. ווען דער פרעמדער האט געזעהן, אז ער ענטפערט איהם ניט, האט ער אנגעהויבען צו פרעגען.

— וואס איז דאס? וואו איז דער קאפיטאן? וואו איז דער ערשטער אפיציער? קענט איהר מיר ניט זאגען, וואו איז דער קאפיטאן? ער איז מיין בעסטער פריינד און איך האב נאך איהם ניט גיזעהען, זייט איך בין אויפ׳ן שיף. — דאס וועטער איז שעהן, דער קאפיטאן און דער ערשטער אפיציער זיינען געווים אויפ׳ן דעק. וואו איז דער קאפיטאן?

ווען אלבינעט האט געהערט, אז דער קאפיטאן איז זיין פריינד, האט ער גערעד־בענט, אז קאפיטאן פאררארגוט האט פיעללייכט איינגעלאדען איינעם פון זיינע בעקאנטע, ער זאל מיט איהם מיטפאהרען, ער האט דאהער געזאגט דעם פרעמדען:

— ווארט דא א ווייל, איך וועל אייך באלד שיקען דעם קאפיטאן.

אין א פאר מינוטען ארום איז ער צוריקגעקומען מיט׳ן קאפיטאן פאררארגוט. מען האט געזעהן אויפן קאפיטאנ׳ס געזיכט, אז ער איז אויך שטארק פערוואונדערט. ער האט קיינעם ניט איינגעלאדען און וויים ניט, ווער דער פרעמדער איז. קוים אבער איז ער צוגעגאנגען נעהנטער, האט דער פרעמדער איהם געגעבען ביידע הענד און האט אויסגערופען פרעהליך.

— וואס מאכט איהר, קאפיטאן בארטאן? וויא געהט עס אייך אלטער פריינד? איך בין גליקליך, קאפיטאן בארטאן, וואס עס איז מיר געלונגען צו מאכען מיט אייך אזא לאנגע רייזע. איך בין זיכער, אז דיא רייזע וועט זיין זעהר אנגענעהם.

קאפיטאן פאררארגוט האט געקוקט אויפ׳ן פרעמדען, אויף זיך אליין, אויף דיא שיף און אויף אלעס ארום, גלייך וויא ער האט זיך געוואלט איבערצייגען, אז ער שלאפט ניט, אז עס איז ניט קיין טרוים, אז ער איז ניט שכור. דער פרעמדער אבער האט איהם ניט געלאזט טראכטען.

— ווייסט איהר, קאפיטאן בארטאן, איך האב נאך מיט אייך זעהר פיעל צו רעדען. איהר קענט מיר געבען אויסקונפט איבער אייניגע אינזלען אין אינדישען אצעאן, וועלכע זיינען נאך ניט אזוי גענוי בעשטימט אין דער וועלט קארטע. איהר קענט מיר

ערקלערן פיעלעס איבער אייניגע פעלקער אין אינדיען. מיר װעלען האבען נאך זעהר פיעל צו רעדען, קאפיטאן בארטאן. —

— איך בין ניט קאפיטאן בארטאן, האט ענדליך קאפיטאן פארראגוט געזאגט.

— אזוי? איהר זייט ניט קאפיטאן בארטאן, נו, זייט איהר געװיס זיין ערשטער אפיציער, הערר אקספארד, מיט אייך װעט מיר אויך זיין זעהר אנגענעם צו רעדען. איך האב אייך אויך פיעלע זאכען צו פרעגען. איך װייס, איהר זייט אויך שוין עטליכע מאל געפאהרען ארום דער װעלט און זייט שוין גוט בעקאנט מיט'ן אינדישען אצעאן.

— איך בין ניט דער קאפיטאן בארטאן און בין ניט זיין ערשטער אפיציער, מיסטער אקספארד, האט קאפיטאן פארראגוט קוים ארויסגערעדט.

ער האט װירקליך ניט געװאוסט, אויב ער איז אראפ פון זינען, אדער דער פרעמדער איז אראפ פון זינען. דער פרעמדער אבער איז ניט געװארען איבערראשט, װען פארראגוט האט איהם געזאגט. אז ער איז ניט קאפיטאן באראטאן.

— אזוי? האט ער אויסגערופען. האט דיא שיף „סקאטיא“ גאר אנדערע אפי־ציערען. דאס האב איך ניט געװאוסט! דאס האט מען מיר אין פאריז ניט געזאגט. אבער דאס בלייבט זיך דאך גאנץ גלייך. דיא „סקאטיא“ איז א גוטע שיף און מיר װעלען האבען א גוטע רייזע. מיר װעלען װערן גוטע פריינד אויפ'ן װעג און װעלען הא־בען זעהר פיעל צו רעדען איבער'ן אינדישען אצעאן.

אונטערדעסען איז דער מאיאר ארויפגעגאנגען אויפ'ן אויבערשטען דעק און האט דערצעהלט לארד גלענארװאן און ליידי העלענא פון דעם זאנדערבארען פאסאזשיר. אלע דריי זיינען באלד אראפגעגאנגען זעהן דאס נייע װאונדער. מערי גראנט האט דערזעהן, אז לארד גלענארװאן, ליידי העלענא, דער מאיאר און דער קאפיטאן שטעהן לעבען אלבינעט'ס קאיוטע און איז אויך צוגעגאנגען זעהן, װאס דארט איז עפעס אזעלכעס.

װען דער פרעמדער האט דערזעהן, אז דאמען קומען אן, איז ער זיי ענטגעגען געגאנגען, האט זיך פאר זיי העפליך פארנייגט, האט גערופען מערי גראנט „מאדאם“ און ליידי העלענא—„מאדמאזעל“, האט זיי דערצעהלט פון פאריז, האט זיך פארנייגט פאר לארד גלענארװאן און געפרעגט דעם קאפיטאן פארראגוט, װער דיעזער הערר איז. קאפיטאן פארראגוט האט איהם אונטערבראכען און האט איהם געזאגט:

— דאס איז דאך לארד גלענארװאן.

— אזוי? לארד גלענארװאן! ענטשולדיגט מיר, לארד, װאס איך האב מיך מיט אייך בעקאנט אויף אזא איינפאכער ארט. אויפ'ן מעער הערשען אנדערע רעגלען, װיא אין דיא זאלען און דיא פאלאצען פון פאריז. אויפ'ן מעער װערט מען זעהר לייכט בעקאנט און מען קען ניט בעאבאכטען אלע צערעמאניען, װיא אין א זאל.

מען קען זיך לייכט דענקען, װיא ערשטוינט און איבערראשט אלע זיינען געװעזען. קיינער האט ניט געקענט ארויסרעדען א װארט. דער פרעמדער דאגעגען האט גערעדט אהן אן אויפהער. ענדליך האט איהם לארד גלענארװאן געפרעגט:

— קענט איהר מיר ניט זאגען, מיט װעמען האב איך דיא עהרע צו רעדען?

— איך בין זשאק, פראנסוא, מישעל, מארי פאגאנעל, סעקרעטער פון דער קייד

זערליכען געאָגראַפישען געזעלשאפט פון פאריז, מיטגליעד פון דיא געאָגראַפישע, גע־אָלאָגישע, עטנאָגראַפישע און ענטאָלאָגישע געזעלשאפטען פון בערלין, וויען, באָמביי, דארמשטאדט, לייפציג, פעטערסבורג, וויען און ניו־יאָרק, איך בין קארעספאנדירענדער סעקרעטער פון דער ענגלישען געאגראפישען געזעלשאפט. איך בין פראָפעסאָר פון געאָגראַפיע און אסטראָנאָמיע אין דער אוניווערזיטעט פון פאריז. דיא פראנצייזישע רעגיערונג שיקט מיך יעצט אויף איהרע קאסטען קיין אינדיען. דיא ענגלישע רעגיערונג האָט מיר אריינגעשיקט א טיקעט אויף דער שיף „סקאָטיא“, וועלכע איז נעכטען ארויסגעפאהרען פון גלאזגא.

איך בין יעצט אויף דער „סקאָטיא“ און וועל מיך שעצען גליקליך מיט אלע פאסאזשירען בעקאנט צו ווערן. איך האָף, אז מיר וועלען זיין גוטע פריינד און וועלען אונז גוט אונטערהאלטען אויף אונזער לאנגער רייזע.

7טעס קאפיטעל.

## דער צערשטרייטער פראפעסאר.

דער נאמען זשאק פאגאנעל האט געווירקט אויף אלעמען, וויא א דאָנערשלאַג. לאָרד גלענארוואן האט געלעזען אייניגע ווערק פון׳ם געלערנטען פראנצויז. ליידי העלענא׳ס פאטער האט איהר אָפט דערצעהלט פון איהם און האט איהם זעהר געליובט. זיא האט פרובירט לעזען אייניגע פון זיינע ווערקע און האט זיי געמוזט אוועק לעגען. זיי זיינען געווען צו הויך געשריעבען. קאפיטאן פארראגוט האט אויך געהערט פון׳ם פראנצויזישען פראפעסאר פאגאנעל. זיי האבען זיך פארגעשטעלט, אז פראפעסאר פאגאנעל איז א ריעז מיט הערנער און צום סוף האבען זיי געזעהן פאר זיך א זעהר קאמישע געשטאלט, וועלכע האט ניט אויפגעהערט צו רעדען און צו שמייכלען. דער פראנצויז איז איהם געלעגען אויפ׳ן פנים. ער איז העפליך, פריינדליך און פרעהליך און דאך האט מען געמוזט לאכען, ווען מען האט איהם א געקוקט. זיין הוט האט זיך פעררוקט אין א זייט, זיין האלזטוך מיט א טהייערע דיאמאנטענע נאדעל איז געהאנגען אויפ׳ן רוקען און פון אלע קעשענעס האבען ארויסגעשטעקט ביכער.

לאָרד גלענארוואן איז דאך געווען העכסט צופריעדען בעקאנט צו ווערן מיט אזא געלערנטען מענשען. ער האט איהם געגעבען ביידע הענד און האט איהם געזאגט:

— זייט ווילקאָמען אויף מיין שיף!

דער פראָפעסאָר האט זיך העפליך פארנייגט און האט געדאנקט.

— יעצט, אז מיר זיינען שוין בעקאנט, האט לאָרד גלענארוואן געזאגט, וועט איהר מיר געוויס ערלויבען, הערר פראָפעססאָר, איך זאָל אייך שטעלען א פראגע.

— א פראגע? האט געזאגט דער פראָפעסאר, הונדערט פראגען! עס וועט מיר שטענדיג זיין א פערגניגען צו רעדען מיט׳ן קאפיטאן פון דער „סקאָטיא“.

— אלזא, קענט איהר מיר זאגען, ווען זייט איהר געקומען אויפ׳ן שיף?

— נעכטען, דעם 24 אויגוסט אום 8 אוהר אבענדס. איך בין אנגעקומען שפעט מיט׳ן צוג קיין גלאזגא, האב גלייך גענומען א דראשקע און בין צו געפאהרען צום דאק. אזוי וויא מען האט מיר צו געשיקט מיין טיקעט קיין פאריז און מען האָט מיר געשריעבען, אז פאר מיר איז אָנגעגרייט דיא קאיוטע נומער 6, בין איך גלייך געגאנגען זוכען

מיין קאיוטע. איך האָב געוואָלט פרעגען איינעם פון דיא מאַטראָזען, וואו מיין קאיוטע איז. אויפ'ן שיף זיינען אָבער געווען זעהר פיעל מענשען און ווענען איך האָב געפרעגט, האט קיינער ניט געוואוסט. איך בין געווען זעהר מיעד פון דער רייזע און בין דאהער אריינגעגאנגען אין א ליידיגע קאיוטע און האב מיך געלעגט שלאפען. איך האב ריכ־טיג גערעכענט, אז איינער פון דיא שיפס דיענער וועט געוויס קומען מיך אויפוועקען און וועט מיר אנווייזען, וואו מיין קאיוטע איז. וויא עס ווייזט אויס, האב איך זעהר לאנג געשלאפען. עס איז גאר קיין וואונדער ניט, איך בין שוין ניט געשלאפען זייט איך בין ארויס געפאָהרען פון פאריז — גאנצע זעקס און דרייסיג שטונדען.

יעצט האבען אלע אנוועזענדע פערשטאנען, ווי אזוי דער זאנדערבארער פאסאזשיר איז געקומען אויפ'ן „דונקאן" און פאר וואס ער האט גערופען דעם קאפיטאן באַרטאָן. אלע האבען עס שוין גוט פערשטאנען און האבען זיך געטראכט: וואס פאר א זויערע מינע וועט דער געלערנטער פראפעסאר מאכען, ווען ער וועט געוואָהר ווערן אויף וואס פאר א שיף ער געפינט זיך און וואוהין דיא שיף פאָהרט?

— אלזאָ, הערר פראָפעסאר, פאהרט איהר קיין קאלקוטא אין אינדיען? האט לאָרד גלענארוואן געפרעגט.

— געוויס! האט אויסגערופען דער געלערנטער. איך האב שוין לאנג געוואלט פאהרען קיין אינדיען, מיינע בעשעפטיגונגען אבער האבען עס מיר ניט ערלויבט. א פראָפעסאר פון אן אוניווערזיטעט איז צו געבונדען. ער קען ניט אוועקווארפען זיינע סטודענטען און פאהרען אויף רייזען. יעצט האט זיך מיר פארגעשטעלט א גוטע גע־לעגענהייט און איך בין גליקליך, וואס איך קען ענדליך פאהרען קיין אינדיען.

— איהר פאהרט אלס געלערנטער אויספארשען נייע געגענדען און נייע פעלקער, האט לאָרד גלענארוואן איהם געזאגט. מיין איך, אז אייך וואָלט ניט געווען קיין גרויסער אונטערשיעד, ווען אנשטאט צו פאָהרען קיין אינדיען, זאָלט איהר פאהרען אין אנדע־רע אונבעקאַנטע לענדער?

— אך, ניין, מילאָרד! זייט איך לעב האָט מיר געצויגען דאָס הארץ צו זיין אין אין אינדיען, אין דיעזען וואונדער לאנד, וואוהין עס האבען זיך געצויגען אלע געלערנטע מענשען. איך האב געוואלט אויסשטודירען דיעזעס לאנד, זיינע פעלקער, זייערע געטער, זייערע שפראכען, זייערע זיטען און זייערע אויפפיהרונגען. אינדיען איז געווען דער זיסעסטער טרוים פון מיין יוגענד. איך האָב שטענדיג געגאַרט צו זיין אין אינדיען. עס האָט מיך גע־קאָכט זעהר פיעל מיה, ביז עס איז מיר געלונגען, אז דיא פראנצייזישע געאָגראַפישע געזעלשאפט זאָל מיך שיקען קיין אינדיען. ניין, לאָרד! איך וויל פאהרען קיין אינדיען און ניט אין אנדערע געגענדען.

— עס זיינען דאך אָבער דאָ פיעלע אנדערע לענדער, וועלכע זיינען אזוי אינטע־רעסאנט פאר א געלערנטען, וויא אינדיען.

— געוויס זיינען דאָ אזעלכע לענדער, איך האָב אָבער אן אויפטראג פון'ם פא־ריזער אוניווערסיטעט.

— אזוי? איהר האָט א ספעציעלען אויפטראַג קיין אינדיען? האט לאָרד גלע־נארוואן געפרעגט.

— ניט נור אן אויפטראג, איך האָב א גאנצען פּלאַן אויסגעארבייט. איך וויל פאָהרען אויף דעם וועג, וואס דער בעריהמטער רייזענדער סען מארטען איז געפאָהרען. איך וויל אויסזוכען דיא עקספּעדיציאן פון דיא געלערנטע ברידער שלאגענווייט. דער טייך יאראָ־דשאנגבא־טשו, וועלכע פליעסט אין לאנד טהיבעט, איז נאָך זעהר ווענינ אויסגעפאָרשט. דיא געלערנטע וועב, האדשסאן, קאבעט און סען רעמי האבען פּראָבירט איהם אויספאָרשען און איהם בעשרייבען, עס איז זיי אָבער ניט געלונגען. דיא ווילדע פעלקער אין יענע געגענדען האבען זיי ניט געלאָזט פאָהרען טיעף אין לאנד. דיא עקספּעדיציאָנען פון דיא אונגליקליכע וועב און קאבעט האבען זיך אויסגעלאָזט זעהר טרויעריג. זיי זיינען אומגעקומען אויפ'ן וועג און מען ווייסט זאָגאר ניט, וואו זייערע ביינער זיינען אהין געקומען. נור דעם געלערנטען סען רעמי איז עס געלונגען צו קומען אויף דעם אָרט, וואו דער טייך יאראָ־דשאנגבא־טשו הייבט זיך אן. ער האט איהם גוט בעשריעבען און דיא וויסענשאפט וואָלט געקענט דערפון האָבען פיעל נוצען. ליידער זיינען אויף איהם אנגעפאלען רויבער און האבען אוועק געריבט ביי איהם אלעס, וואס ער האט געהאט, דיא הויפּט זאך אבער—זיינע נאטיץ ביכער.

ווען לארד סאמערסטער, דער וויצע קעניג פו אינדיען, וועט מיר בעהילפיג זיין, וועל איך קענען אויספאָרשען גאנץ טהיבעט.

דער פּראָפעסאָר האט גערעדט מיט אזא פייער און מיט אזא ענטהוזיאזמוס, אז עס איז געווען אונמעגליך איהם צו אונטערברעכען. דער הייליגער פייער פון דער וואהרע וויסענשאפט האט געגלענצט אין זיינע אויגען. אלע אנוועזענדע האבען איהם בעטראכט מיט בעוואונדערונג. זיי האבען געזעהן, אז זיי האבען פאר זיך א גרויסען מאן, אן אמת'ען געלערנטען. אייניגע מינוטען האבען אלע געשוויעגען. קיינער האט ניט געוואגט זאגען דעם געלערנטען מאן, וואס פאר א גרויסען טעות ער האט געהאט. ענדליך האט איהם לארד גלענארוואן געזאגט.

— ליעבער פּראפעסאר פּאגאנעל! איך בין פעסט איבערצייגט, אז ווען לארד סאמערסעט וועט אייך בעהילפליך זיין, וואלט איהר געוויס געמאכט גרויסע ענטדעקונגען. איך בין זיכער, אז איהר וואָלט אויסגעפונען נייע לענדער, נייע געגענדען און נייע פעלקער. ליידער, איז עס יעצט אונמעגליך. איהר מוזט אייך אָפּזאָגען פון אייער רייזע קיין קאלקוטא.

— מיך אָפּזאָגען פון מיין רייזע קיין קאלקוטא? וואס רעדט איהר, לארד? פאר וואס זאל איך עס טאָהן?

— ווייל מיר פאָהרען אין א גאנץ אנדערע געגענד. יעדע שמונדע ברענגט אייך אלץ ווייטער פו'ם ציעל פון אייער רייזע.

— איך פארשטעה אייך ניט לאָרד. איך האָב דאך א טיקעט קיין קאלקוטא?

— איהר פאהרט אבער ניט קיין קאלהוטא, איהר פאָהרט אין זיד אמעריקא.

— וואָס רעדט איהר? קאפּיטאן בארטאן! פאהרט דיא „סקאטיא" ניט קיין קאלקוטא?

— איך בין ניט קאפּיטאן בארטאן און דאס איז ניט דיא „סקאטיא", האט קאפּיטאן פּאררא גוט געזאגט.

דער פּראָפעסאר האט אנגעקוקט יעדען בעזונדער מיט שטוינען. ער האט עס זיך גאר ניט געקענט פארשטעלען, אז דאָס איז ניט די „סקאטיא“.

— איהר שפּאַסט מיט מיר, מיינע הערר'ען, האט ער ענדליך געזאגט. איך האב אויך א מאל ליעב א שפּאס, נור ווען עס פּאסט. יעצט אבער פּאסט דער שפּאס גאר ניט.

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. לאָרד גלענארוואן און ליידי העלענא האבען איהם זעהר בעדויערט. זיי האבען מיטלייד געהאַט מיט דעם ארימען פּראָפעסאָר, וועלכער האט געמאכט אזא גראָבען טעות און איז ארויפגעגאַנגען אויפ'ן „דונקאַן“ אנשטאט ארויפצוגעהן אויף דער „סקאָטיא“. לאָרד גלענאַרוואַן איז דאָס ניט געווען קיין גרויס וואונדער. ער האָט געהערט ניט איין מאל, אז דער געלערנטער פּאַגאַנעל איז זעהר צערשטרייט. עס איז שוין ניט איינמאל פארגעקומען, אז ער איז געקומען אין אוניווערזיטעט אנגעטאהן אין א שלאָפראָק מיט א צילינדער הוט אויפ'ן קאָפּ. די סטודענטען פּלעגען זיך אָפּט האַלטען ביי די זייטען פאר געלעכטער, ווען ער פּלעגט קומען האַלטען זיין פּאָרלעזונג, ווייל ער פּלעגט זעהר אפּט קומען זאנדערבאר אנגעטאהן. זיי האָבען איהם אָבער זעהר ליעב געהאַט, ווייל ער איז געווען ווירקליך א גרויסער געלערנטער און איז מיט לייב און זעעלע געווען ערגעבען דער וויסענשאפט. לאָרד גלענאַרוואן האָט איהם זעהר בעדויערט און האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טהאן מיט איהם. קאַפּיטאן פּאַרראַגוט אָבער האט זיך ענטשלאָסען איין מאל פאר אלע מאל איהם צו ווייזען, אז ער איז פּאַרקראָכען אויף א פרעמדע שיף. ער האָט איהם דאהער אנגענומען ביי דער האנד און האָט איהם צו געפיהרט צום רעדעל.

— זעהט איהר פּראפעסאר? האט ער איהם געזאגט און האָט איהם געוויעזען אויפ'ן רעדעל, אויף וועלכען עס איז געשטאנען מיט גרויסע גאלדענע בוכשטאבען „ד ו נ ק אַ ן“. — זעהט איהר, אז איך שפּאַס ניט? איהר זייט ניט אויף דער „סקאָטיא“, איהר זייט אויפ'ן „דונקאַן“.

דער פּראָפעסאָר האט ארויפגערוקט זיינע בלויע ברילען אויף דער נאָז און האט זיך צוגעקוקט צום רעדעל.

— די „דונקאַן“! די „דונקאַן“! האט ער אויסגערופען, וויא א פערצווייפעלטער און איז אריינגעלאָפען אין א קאיוטע.

די מאטראזען האבען ארויסגעלאזט א געלעכטער. קאפּיטאן פּאררַאגוט האט געשמייכעלט, נור לאָרד גלענאַרוואַן און ליידי העלענאַ זיינען געבליעבען ערנסט. זיי האבען זעהר מיטלייד געהאַט מיט'ן צערשטרייטען פּראפעסאר.

— וואס זאלען מיר יעצט טאהן מיט איהם? האט ליידי העלענא געפּרעגט איהר מאן. מיר קענען איהם דאך ניט מיטנעהמען קיין פּאטאגאניען.

— פאר וואָס ניט? האט דער מאָיר געפּרעגט. זיינען מיר דען שולדיג, וואס ער האט א טעות געהאט? וויא אזוי וואָלט געווען, ווען ער וואָלט א טעות געהאט און ארויפגעגאנגען אויף א פרעמדען צוג אויפ'ן אייזענבאהן. וואלט מען דען פון זיינעט וועגען אויפגעהאלטען דעם צוג? מיר זיינען שוין א טאג אויף דער רייזע, זאלען מיר זיך יעצט אומקעהרען קיין גלאזגא און פערליערען דורך איהם צוויי טאג?

— איהר האָט ניט רעכט, מאַיאָר, האט לאָרד גלענאַרוואַן געזאגט. אויף אַן אייזענבאַהן איז עס אנדערש, דארט קען מען אויף יעדער סטאַנציאָן ארויסגעהן און צוריק פאהרען, אויפ'ן מעער איז עס אנדערש. וואו קען ער דען ארויסגעהן?

— אויף דער עדשטער סטאַנציאָן, וואוהין מיר וועלען צו פאהרען, אדער אויף דער ערשטער שיף, וועלכע מיר וועלען בעגעגענען.

אין דיעזע מינוט איז דער פּראָפעסאָר ארויסגעקומען פון דער קאַיוטע. ווען ער איז געוואהר געוואָרען, וואס פאר א טעות ער האָט געהאַט, איז ער געלאָפען זעהן, אויב זיין באגאזש איז דאָ, ווייל ער האָט אין גלאַזגאָ איבער געגעבען זיין באגאזש א מענשען און האָט איהם געהייסען ברענגען אויף דער „סקאָטיא". זעלבסט פערשטענדליך, אז ער האט זיין באגאזש ניט געפונען אויפ'ן „דונקאַן". ער איז ארויסגעגאנגען פון דער קאַיוטע אין דער גרעסטער פערצווייפלונג.

— דיא „דונקאַן"! דיא „דונקאַן"! האט ער אויסגערופען איין מאל נאכ'ן אנדערן און איז ארומגעלאָפען אויפ'ן דעק וויא א וואהנזיניגער.

ענדליך, ווען ער האט זיך שוין גוט איבערצייגט, אז דאס איז ווירקליך גאר אנאנדער שיף, ניט דיא „סקאָטיא", איז ער צוגעגאנגען צו לאָרד גלענאַרוואַן און האָט איהם געפרעגט:

— אלזאָ, וואוהין געהט דיעזע שיף?

— קיין אמעריקא.

— אין וועלכען געגענד פון אמעריקא.

— אין זיד אמעריקא, קיין פּאַטאַגאָניען.

— קיין פּאַטאַגאָניען? האט ער אויסגערופען פערצווייפעלט און איך דארף דאך פאהרען קיין קאַלקוטא אין אינדיען? וואס וועט זאגען דער פּראָפעסאָר קאטער־פאזש, דער פּרעזידענט פון דער פּאריזער געאָגראפישע געזעלשאַפט? וואס וועט זאָ־גען סען מאַרטען? וויא אזוי וועל איך קענען ווייזען מיינע אויגען פאר דיא געאָגראַ־פישע געזעלשאַפט? —

— זייט ניט אזוי פערצווייפעלט, פּראָפעסאָר פאגאנעל, האט איהם לאָרד גלע־נאַרוואַן אונטערבראָכען. דאס ערגסטע וואס עס קען זיין, איהר וועט פארליערען אייניגע צייט. נו, וואס איז אזעלכעס? אייער לאַנד טיבעט און אייער טייך יאַרו־דשאַנגבאַ־טשו וועלען ניט אנטלויפען. זיי האבען צייט, זיי קענען ווארטען. ווען איהר וועט קומען צו זיי שפּעטער מיט א פּאר וואכען, וועט איהר זיי אויך געפינען אויף אַן אָרט. אין אייניגע טעג ארום וועלען מיר צופאהרען צו דעם אינזעל מאַדייראַ, איהר וועט דארט אפּשטייגען און זיך זעצען אויף א שיף, וואס געהט קיין אייראָפּא, אָדער קיין אינדיען.

— איהר האָט רעכט! האט אויסגערופען פאגאנעל פרעהליך. אין מאַדייראַ געפינען זיך שטענדיג שיפען פון אלע געגענדען. דארט וועל איך קריעגען א שיף קיין אינדיען.

אבער דיא „סקאָטיא"? האט ער געזאגט אין א מינוט ארום. איך האב דאך א טיקעט אויף דער „סקאָטיא"? און איך וואָלט זעהר געוואָלט פאהרען אויף דער

„סקאָטיא“, ווייל איך בין בעקאנט מיט'ן קאפיטאן בארטאן. איך קען פון איהם האבען געוויסע ערקונדיגונגען. ער איז אן אלטער מאַטראָז און קען אלע אינזלען פון'ם אינדי־שען אצעאן.

— פון דער „סקאָטיא“ האט איהר יעצט גאר ניט וואס צו רעדען, האט איהם לארד גלענארוואן געזאגט. דיא „סקאָטיא“ איז ארויסגעפאהרען מיט א פאר שטונדען פריהער פאר'ן „דונקאן“, זיא איז שוין יעצט געוויס זעהר וויט. ווען איך זאל מיך שוין זאָגאר ענטשליעסען צו פאהרען יעצט צוריק קיין גלאזגא אום אייך צוריק צו פיהרען, וועט איהר דאך שוין אויך דיא „סקאָטיא“ ניט טרעפען. וואס איז אייך אלזא דער אונטערשיעד צו פאָהרען קיין גלאזגא אדער קיין מאַדיירא?

פּראָפעסאר פאגאנעל האט געטראכט אייניגע מינוט. ער האט אייגגעזעהען, אז לאָרד גלענארוואן האט רעכט, ער האט שוין א מאל געמאכט א פעהלער, וועלכען ער קען ניט חאפען צוריק.

— איך דאנק אייך, מילארד! האט עס געזאגט. ער העלפט ניט, עס מוז שוין אזוי זיין. איך מוז שוין פאהרען מיט אייך קיין מאַדייראָ.

ער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט ערשט יעצט אנגעהויבען צו בעטראכטען דיא שיף, אויף וועלכע ער איז געקומען אויף אזא זאנדערבארע ארט. ער איז דאך געווען א געלערנטער און האט באלד דערקענט, אז ער געפינט זיך ניט אויף קיין פאסאזשיר שיף.

— וויא איך זעה, איז דיא „דונקאן“ א פערגניעגען שיף, האט ער ענדליך געזאגט. אלזא, צו וועמען געהערט זיא? ווער איז דער ווירט, ביי וועלכען איך בין אזוי אונגערן געוואָרען א גאסט?

— דיא שיף געהערט צו לאָרד גלענארוואן, האט דער קאפיטאן פאררואנט געזאגט.

— און איהר זייט א ווילקאָמענער גאסט אויף מיין שיף, האט לאָרד גלענארוואן איהם געזאגט. איך דאנק דעם צופאל, וועלכער האט מ'ר געגעבען דיא געלעגענהייט צו האבען אויף מיין שיף דעם געלערנטען פאגאנעל אלס גאסט.

— טויזענד דאנק, מילארד פאר אייער פריינדליכקייט. אזוי וויא איהר זייט דער אייגענטהימער פון'ם „דונקאן“ און מאכט א פערגניגונגס רייזע, קענט איהר דאך זאגען איין ווארט צו דעם מאן, וועלכער שטעהט ביים רודער, ער זאל אויסדרעהען דאס רעדעל און זאל אונז פיהרען קיין קאלקוטא. אינדיען איז זעהר א שעהנעס לאנד. דיעזע דאמען וועלען האבען פיעל מעהר פערגניגען צו זעהן אינדיען און די גרויסע שטעדט באָמביי, קאלקוטא מאדראס, דשעלאבאד, דעלהי און סינגאפור, אלס צו זעהן דיא קליינע שטעדטלעך אין זיד אמעריקא. אך, וויא דאנקבאר וואלט איך אייך געווען, מילאָרד, ווען איהר זאלט הייסען אויסדרעהען דיא שיף און פאהרען קיין קאלקוטא! אייך מאכט עס ניט אויס און מיר וואלט עס געווען דיא גרעסטע געפעליגקייט. איך וואלט אייך אייביג דאנקבאר געווען. —

— הערר פּראָפעסאר, האט ליידי העלענא געזאגט, ווען אונזער רייזע וואלט געווען נור א פערגניגונגס רייזע, וואלט איך געווען דיא ערשטע, וועלכע וואלט אויסגע־

רופען; לאמיר אלע פאהרען קיין קאלקוטא מיט'ן געלערנטען פאגאנעל! מיר פאהרען יעצט אבער ניט צום פערגניגען. מיר האבען א שווערע אויפגאבע גענומען אויף זיך. מיר פאהרען רעטען אונגליקליכע מענשען, וועלכע האבען געליטען שיפברוך ניט ווייט פון פאטאגאניען. יעדע שטאדט איז טהייער, עס האנדעלט זיך אום מענשען לעבען.

לארד גלענארוואן האט יעצט דערצעהלט דעם געלערנטען דיא געשיכטע מיט דער פלאש, מיט דיא בריעף, מיט דער ענגלישען אדמיראליטעט און וואוהין זיי פאהרען. דער געלערנטער האט אלעס אויסגעהערט זעהר אויפמארקזאם. דאס שיקזאל פון'ס קאפיטאן גראנט מיט זיינע מאטראזען האט איהם שטארק פאראינטערעסירט. ווען ער האט דערהערט, אז ליידי העלענא האט דאס געמאכט דעם פארשלאג, אז זיי זאָלען אויף זייער אייגענער רעכענונג פאהרען זוכען דעם קאפיטאן גראנט מיט זיינע מאטראזען, האט ער זיך געווענדעט צו איהר מיט עכטע פראנצויזישע העפליכקייט און האט איהר געזאגט:

— מאדאם! ערלויבט מיר אייך אויסצודריקען מיין דאנק און מיינע בעוואונדערערונג. איהר זייט א העלדין, מיט וועלכע ניט נור ענגלאנד, זאנדערן פראנקרייך וואָלט געקענט שטאלץ זיין. איך פערלאנג יעצט ניט, אז איהר זאלט צו ליעב מיר פערליערען איין שטונדע, פאהרט אייער וועג. איך ווינש אייך גליק אויף דער רייזע און גליק אין אייער אונטערנעהמונג.

— וועט איהר פיעללייכט אויך פאהרען מיט אונז? האט ליידי העלענא געפרעגט. איך וואלט מיך געשעצט גליקליך צו האבען אויף מיין שיף דעם געלערנטען פאגאנעל.

— עס טהוט מיר לייד, וואס איך קען עס ניט. איך האב אן אויפטראג פון דער געאָגראפישער געזעלשאפט אין פאריז און איך מוז אויספיהרען מיין אויפטראג. איך וועל אפשטייגען אויף דעם ערשטען לאנד, וואו איהר וועט צו פאהרען.

— דאס ערשטע לאנד, וואו מיר וועלען בלייבען שטעהן, איז דיא אינזעל מאדיירא, האט קאפיטאן פארראגוט געזאגט.

— לאז זיין מאדיירא. פון מאדיירא קיין ליסאבאָן, דיא הויפט שטאָדט פון פארטוגאל, איז אין גאנצען 180 מייל. ווען איך וועל געפינען אין מאדיירא א שיף, וואס געהט קיין אינדיען, וועל איך מיך אויפזעצען אין מאדיירא; ווען אבער ניט, וועל איך פון מאדיירא אריינפאָהרען קיין ליסאבאָן, דארט וועל איך געוויס קריעגען א שיף קיין אינדיען.

— ווען איהר קענט ניט אנדערש, העלפט דאך ניט, האט לארד גלענארוואן געזאגט. איינסטווייילען וועט איהר מוזען אנגעהמען מיין גאסטפריינדשאפט. איך וועל מיר געבען אלע מעגליכע מיה אום צו מאכען אייער אנוועזענהייט אויפ'ן „דונקאן" אזוי אנגענעהם, וויא נור מעגליך. איך וועל הייסען איינריכטען פאר אייך א בעזונדערע קאיוטע און ווען אונזער געזעלשאפט וועט אייך ניט זיין צו לאנגווייליג, וועלען מיר אָפט פלוידערן.

— אייער געזעלשאפט ווערט מיר שטענדיג זיין אנגענעהם, האט דער פראפעסאָר געזאגט. מיר, פראנצויזען, זיינען א געזעלשאפטליכעס פאלק. מיר האבען ליעב מענשען,

מיר מוזען זיין צווישען מענשען. אונזער איינציגער פעהלער איז, וואס מיר האבען ליעב זעהר פיעל צו רעדען. איהר, ענגלענדער, זייט שוין אבער צו גרויסע שווייגער. איהר קענט אוועק זיצען שטונדען לאנג, קוקען איינער אויפ'ן אנדערן און שווייגען. מען האט מיר דערצעהלט פון אייערן א לארד, אז ער איז אמאל געפאהרען אויף א שמאלער בריק. איהם ענטגעגען איז אנגעקומען אנאנדער לארד. די בריק איז געווען אזוי שמאל, אז עס איז געווען אונמעגליך,ביידע קארעטעס זאלען דורכפאהרען מיט א מאל. איינער האט געמוזט פאהרען צוריק און מאכען פלאץ פארן אנדערן. קיינער פוןביידען האט אבער ניט געוואלט פאהרען צוריק און אפטרעטען דעם אנדערן. ביידע זיינען געבליעבען שטעהן אין דער מיט בריק, האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדער'ן און האבען געשוויעגען. ענדליך איז איינעם דאך מיאוס געווארען צו קוקען און צו שווייגען. ער האט ארויסגענומען א צייטונג און האט אנגעהויבען צו לעזען. דער אנדערער האט זיך פאר איהם פערנייגט און האט איהם געזאגט:

— ווען איהר וועט ענדיגען דיא צייטונג, וועט איהר זיין אזוי גוט און זי מיר געבען.

מיר פראנצויזען קענען עס ניט. מיר זיינען א לעבהאפטעס, ריהרעוודיגעס פאלק. אין אונזער קערפער איז דא א מין קוועק־זילבער. מיר מוזען זיך בעוועגען; מיר מוזען רעדען, געהן, לויפען, שרייען און עפעס טאהן. אזוי איז שוין אונזער כאראקטער. איך מיין דאהער, אז אין דיא פאר טעג, וואס איך וועל זיין אייער גאסט, וועל איך אייך פערקלינגען דיא אויערן מיט מיינע רעד. איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, אזוי זיינען מיר שוין.

— אייערע פלוידערייען, פראפעסאר, וועלען מיר שטענדיג זיין אנגענעהם, האט לארד גלענארוואן געזאגט העפליך.

מען האט באלד איינגעריכטעט א קאיוטע פארן גאסט, מען האט איהם געבראכט עסען און טרינקען. אין א קורצער צייט איז ער געווארען מיט אלעמען היימיש אויפ'ן שיף. ער האט נעהאלטען ווארט. ער האט מיט יעדען גערעדט, יעדען דערצעהלט, וואוהין ער פאהרט און וואס פאר א לענדער ער וויל אויספארשען. ער פלעגט זיך אפט פערגעסען און מיינען, אז ער האלט א פארלעזונג פאר זיינע סטודענטען אין אוניווערזיטעט און פלעגט א מאל פרעגען אן איינפאכען מאטראז, אויב ער ווייס עפעס פון'ם טייך יארו־דשאנגבא־טשו?

דעם אנדערן טאג האט ער געבעטען לארד גלענארוואן, ער זאל איהם ווייזען דיא בריעף, וואס ער האט געפונען אין דער פלאש. לארד גלענארוואן האט זיי איהם גע־געבען. ער האט זיי אויסשטודירט א פאר שטונדען, האט געקוקט און געזוכט אין זיינע נאטיץ ביכער און האט ענדליך דערקלערט, אז אנדערש קען מען גאר דיא בריעף ניט ערקלערן. באלד איז ער בעקאנט געווארען מיט קאפיטאן גראנט'ס קינדער, ער האט זיי ביידען ליעב בעקומען, האט געזאגט ראבערטען, אז ווען ער וויל פאהרען מיט איהם קיין אינדיען, וועט ער פון איהם מאכען א גוטען סטודענט און א גרויסען גע־לערנטען. מערי גראנט האט ער פערזיכערט, אז זיא וועט באלד געפינען איהר פאטער, ווייל זיי פאהרען אויפ'ן ריכטיגען וועג.

ווען ער איז געוואהר געווארען, אז לויט העלענא'ס פאטער איז דער ענגלישער

געלערנטער טורנעל, האט ער געטאנצט פאר פרייד און האט איהר א קוש געטאָהן אין קאפּ. ער איז מיט איהר פאָטער זעהר גוט בעקאנט, זיי זיינען דיא בעסטע פריינד אין שרייבען זיך שטענדיג בריעף.

— טורנעל'ס טאָכטער! האט ער אויסגערופען איין מאל נאכ'ן אנדערן. איך האב דאס גליק צו פאהרען אויף איין שיף מיט מיין פריינד טורנעל'ס טאכטער. מיר זיינען געוועזען צוזאמען אויפ'ן געאָגראפישען קאָנגרעס אין פעטערבורג אין 1852, מיר זיינען געוועזען צוזאמען אין בערלין אין 1854. מיר זיינען געשטאנען אין איין האָטעל און פלעגען פערברענגען טעג און נעכט צוזאמען.

## 8טעס קאפּיטעל.

## דער פּראָפעסאָר ענדערט זיין בעשלוס.

פּראפעסאר פאגאנעל איז באלד געוואָרען בעקאַנט מיט אלעמען אויף דער שיף און אלע האבען איהם ליעב בעקומען. ער איז געוועזען געגען אלעמען פריינדליך, האט מיט יעדען גערעדט פריי און אפּענהערציג, וויא מיט זיין קאמעראד, האט מיט יעדען געשפּאסט און עס האט איהם ניט געהארט, ווען א מאטראז פלעגט א מאל א שמייכעל טהאן איבער זיינע קליידונג אדער איבער זיינע אינסטרומענטען.

דאס וועטער איז געוועזען שעהן און דיא שיף איז געגאנגען שנעל איהר וועג. דען 30טען אויגוסט האט מען דערזעהן פון דער ווייטען דיא שפּיצען פון דיא בערג אויף דער גרופּע פון קליינע אינזלען, וועלכע הייסען צוזאמען מאדיירא און געהערן צו פּארטוגאל. לארד גלענארוואן האט געהייסען דעם קאפּיטאן צו פאהרען צו דער הויפּט אינזעל, אום דער געלערנטער פאגאנעל זאָל דארט אפּשטייגען.

— ליעבער פּראָפעסאָר, האט ער געזאגט, אין צוויא שטונדען ארום קומען מיר אן קיין מאדיירא און איהר וועט קענען אָפּשטייגען און זוכען א שיף קיין אינדיען אדער קיין ליסאבאָן.

ע־ האט ערווארטעט, אז פאגאנעל וועט זיך דערפרייען און וועט באלד לויפען צונויפנעמען זיינע זאכען. צו זיין פערוואונדערונג אָבער, האט איהם דער פּראפעסאר אויסגעהערט גאנץ גלייכגילטיג.

— לארד גלענארוואן, האט ער איהם געזאגט, האט איהר גערעכענט שטעהן אין מאדיירא, ווען איך זאל ניט געוועזען זיין ביי אייך אויף דער שיף?

— ניין, האט לארד גלענארוואן געענטפערט. איך האב אייך דערצעהלט דעם ציעל פון מיין רייזע און אז ביי מיר איז יעדער טאג טהייער.

— אלזאָ, ערלויבט מיר זיך צו בענוצען מיט מיין אירטהום און בלייבען נאך א פּאר טעג אויף אייער שיף. דיא אינזעל מאדיירא האט פאר מיר קיין שום אינטערעס ניט, זיא איז שוין אלעמען בעקאנט. זעהר פיעלע רייזענדע זיינען שוין געוועזען אויף איהר און האבען זיא בעשריעבען, וואס זאל איך טאָהן אין מאדיירא?—איהר ווייסט דאך געוויס, מילאָרד, אז מאדיירא איז אמאל געוועזען בעריהמט דורך איהרע טהייערע וויינען. מאדיירא וויין איז דער בעסטער און דער טהייערסטער אין דער וועלט. אויף דיא וויין ביימלעך איז אבער אָנגעפאלען א גאנץ קליין פליענעלע, וועלכע מען קען זעהן נור דורך א מיקראָסקאָפּ און וועלכע הייסט פילאָקסערא Phylloxera דיעזעס פליעך

געלע האט פערניכטעט אלע ווייננערטנער אין מאדיירא. שטעלט אייך פאר, אז אין 1813 האט דיא אינזעל מאדיירא ארויסגעגעבען 22 טויזענד פעסער וויין און אין 1845 האט זיא מעהר ניט ארויסגעגעבען וויא צווייא טויזענד זעקס הונדערט ניין און זעכציג פע־סער וויין. איז עס ניט טרויעריג?—עס איז וואהר, אז אין מאדיירא איז דער קלימאט זעהר געזונד און זיינט א געוויסע צייט האבען דיא דאקטוירים אנגעהויבען צו שיקען קיין מאדיירא מענשען, וועלכע ליידען אן ברוסטקראנקהייטען. אין מאדיירא איז זעהרווארם, דער קעלטסטער טאג איז, וויא ביי אונז אין פאריז א שעהנער טאג אין מאי. אין מאדיירא וואקסט זעהר גוט קאפע, צוקערראהר, פייגען, טייטלען און אלע אנדערע פריכטע. דאס ווארט מאדיירא הייסט א וואלד אויף פארטוגעזיש. מען רופט דיא אינזעל מא־דייראַ, ווייל זיא איז בעדעקט מיט וועלדער.

וויא עס וויזט אויס, האט ער געמיינט, אז ער איז אין אוניווערזיטעט און האלט א פארלעזונג איבער מאדיירא, ווייל פלוצלונג האט ער זיך געווענדעט צום פראוויאנט־מייסטער, אלבינעט, וועלכער איז גערادע געשטאנען לעבען איהם און האט איהם געפרעגט:

— וויאפיעל איינוואוינער געפינען זיך אין מאדיירא און אויף דיא אנדערע אינזלען ארום?

אלבינעט האט איהם אנגעקוקט און האט א שמייכעל געטאהן. ער האט זעהר גוט געוואוסט, וויאפיעל פונט פלייש עס דארף אוועק געהן איבערן טאג אויפן „דונקאן“, אבער וויאפיעל איינוואוינער עס זיינען דא אין מאדיירא, האט ער זיך גאר קיין מאל ניט אינטערעסירט צו וויסען.

— זעהט איהר? איהר ווייסט ניט. אין מאדיירא און אויף דיא אינזלען ארום געפינען זיך הונדערט אכצעהן טויזענד, זעקס הונדערט ניין איינוואהנער. אלע פאר־טוגיזען.

ער וואלט געוועזען אוועקגערעדט איבער מאדיירא נאך א פאר שטונדען, ווען לארד גלענארוואן זאל איהם ניט געוועזען אונטערברעכען.

— אלזא, פראפעסאר פאגאנעל, זאלען מיר ניט צופאהרען קיין מאדיירא? זאל איך הייסען דעם קאפיטאן ווייטער פאהרען?

דער פראפעסאר האט זיך אומגעקוקט. ער האט זיך ערשט דערמאנט, וואו ער איז און וואס מען פרעגט איהם.

— ניין, מילארד. וואס וועל איך טאהן אין מאדיירא, ווען איך וועל ניט גע־פינען אזוי שנעל א שיף? ניין! לאמיר בעסער פאהרען ווייטער. דיא קאנאריען אינזלען זיינען ניט ווייט. עס איז אין גאנצען א פאר טאג רייזע. איך מיין, אז איהר זאהרט אלענפאלס פארביי דיא קאנארישע אינזלען.

— געוויס! אונזער וועג קומט אויס לעבען דיא קאנארישע אינזלען, האט לארד גלענארוואן געענטפערט, און עס איז מיר קיין אונטערשיעד ניט זיך אפצושטעלען אין מאדיירא אדער לעבען דיא קאנארישע אינזלען.

— נו, זעהט איהר, מילארד, ביי אייך איז עס גאר קיין אונטערשיעד ניט, פאר מיר אבער איז עס זעהר וויכטיג צו זיין אויף דיא קאנארישע אינזלען. ערשטענס,

זיינען זיי נאָך ניט אזוי גוט בעקאנט. זיי זיינען ווערטה, אז מען זאל זיי אביסעל אויסשטודירען. צווייטענס וויל איך זעהר זעהן דעם הויכען בערג „פיק דע טיידע“, Pic de Teyde, וועלכער געפינט זיך אויף דער אינזעל טענעריפאַ. איהר האט דאך געוויס געהערט פון דיעזען מערקווירדיגען בערג און ווייסט געוויס, או ווען דיא זון געהט אונטער און אויף דער גאנצער אינזעל איז שוין גוט פינסטער, בעלייכטעט נאך דיא זון דעם שפיץ פון דעם פיק דע טיידע און ער שיינט און לייכטעט, וויא א שעהנע, גרויסע לאנטערנע בעלייכטעט א פינסטערען זאל. דאס איז זעהר אינטערעסאנט. איך האב עס שטענדיג געוואלט זעהן, איך האָב אָבער קיין געלעגענהייט ניט געהאט. יעצט וועל איך בענוצען דיא געלעגענהייט און וועל אויסשטודירען דיא קאנארישע אינזלען, בעזאנדערס אבער דעם "פיק דע טיידע".

— מיט פערגניגען, ליעבער פראפעסאר, האט לארד גלענארוואן געזאָגט און האט געגעבען א בעפעהל, אז דיא שיף זאל פאהרען ווייטער און זאָל זיך ניט אפשטע־לען אין מאדיירא.

דעם אנדערן טאָג נעגען 4 אוהר נאכמיטאָג איז דער פראפעסאר פאגאנעל און דער קאפיטאן פאררגוט ארומגעגאנגען אויפ'ן דעק. דער פראפעסאָר האט איהם אנגעהויבען אויסצופרעגען, אויב ער איז שוין א מאָל געווען אין זיד אמעריקא, וואוהין זיי ווילען צו פאהרען אין פאטאגאניען און וויא לאנג זיי דענקען דארט צו בלייבען. ער האט גערעדט אהן אן אויפהער, וויא זיין שמייגער איז געווען, האט געפרעגט פראגען און האט זיי אליין פערענטפערט. פלוצלונג איז איהם דער קאפיטאן פאררגוט ארייג־געפאלען אין דיא רעד און האט איהם געוויזען אויף א פונקט אין זידען (דרום זייט).

— ניט נור א קוק, פראפעסאר, דארט, אין יענע געגענד. זעהט איהר עפּעס?

— איך זעה גאר ניט.

— איהר זעהט גאר ניט ווייל איהר קוקט ניט, וואוהין מען דארף. קוקט ניט אונטער דיא וואלקען, זאנדערן איבער דיא וואלקען.

דער פראָפעסאָר האט געקוקט אין אלע זייטען און האט גאר ניט געזעהן.

— מגעליך, אז איהר ווילט עס ניט זעהן, האט געזאגט קאפיטאן פאררגוט מיט פערדרוס. זעהט נור דאָרט, וואו איך וויז אייך מיט דער האנד. דארט, הויך איבער דיא וואלקען שטעקט ארויס דער שפיץ פון'ם בערג פיק דע טיידע אויף דער אינזעל טענעריפאַ. מיר זיינען יעצט ניט מעהר אלס פופציג מייל ווייט פון דער אינזעל און דער הימעל איז א ביסעל בעדעקט מיט וואָלקענס אין יענער געגענד, אָבער דעם בערג קען מען זעהן דייטליך, וויא ער איז פיעל העכער פון דיא וואלקענס.—נו? זעהט איהר איהם ענדליך?

— אה, יא! יעצט זעה איך איהם זעהר דייטליך, האט דער פראפעסאָר געזאנט. אט דאס איז דער בעריהמטער בערג פיק דע טיידע, אדער פיק דע טע־נעריפאַ? איך האב מיר איהם גאנץ אנדערש פארגעשטעלט. איך האב געמיינט, אז ער איז פיעל העכער.

— דאס איז מיר א וואונדער, פראָפעסאָר. וואס הייסט, איהר האט געמיינט,

אז ער איז פיעל העכער? ווייסט איהר דען ניט, וויא הויך דער פיק דע טענעריפא איז? — איהר זאלט עס ניט וויסען? דאס קען ניט זיין!

— געוויס, ווייס איך! האט דער פראפעסאר אויסגערופען. דער פיק דע טענעריפא איז 11 טויזענד פוס דיא הויך. דער העכסטער בערג אין דער שווייץ, דער מאָן בלאָן איז 14 טויזענד פוס דיא הויך. דער מאָן בלאָן אבער ווייזט אוים פיעל העכער און פיעל גרעסער. ער מאכט אויך א בעסערן איינדרוק אויף א מענשען, וואס זעהט איהם צום ערשטען מאל.

— אבער פראפעסאר, איהר זעהט דאך איהם נור פון דער וויטענס, פראבירט נור ארויפגעהן אויף איהם, וועט איהר שוין זעהן, וויא לייכט עס איז.

— ארויפקלעטערן אויפ'ן פיק דע טענעריפא? ניין! צו וואָס זאָל איך עס טאהן, ווען דיא געלערנטע הומבאלד און באָנפלאָן זיינען שוין בעשטיעגען דיעזען בערג און האָבען איהם אזוי גוט בעשריעבען? האָט איהר געהערט פון אלכסנדר הומבאלט? דאס איז געווען א רייזענדער און א נאַטורפאָרשער! — אין 1799 איז ער ארויפגעקלעטע'רט ביז אויפ'ן שפיץ פון פיק דע טענעריפא. ער בעשרייבט איהם מיט פאָלגענדע ווערטער:

„דער פיק דע טענעריפא האָט אין זיך אלע קלימאַטען פון דער וועלט. מען „קען איהם איינטהיילען אין פינף טהיילען, אָדער פינף גאַרטלען. אונטען איז „גאנץ הייס און עס וואַקסען אויף איהם וויינטרויבען און אַנדערע פריכטע, וועלכע „וואַקסען נור אין דיא גאנץ הייסע לענדער. דאן הייבט זיך אן א מעסיגערער קלי„מאַט: עס וואַקסען לארבער ביימער און אנדערע פריכטע, וועלכע וואַקסען אין „קעלטערע געגענדען. דאן קומט דאס קלימאַט פון דיא קאַלטע געגענדען, וויא „רוסלאַנד און קאַנאַדא. עס וואַקסען אויף איהם נור טאַנען (סאָסנא) און פיכטען. „העכער וואַקסען שוין גאָר קיין ביימער ניט, אָדער דיא ביימער זיינען אזוי קליין, „אז מען קען זיי רעכענען פאַר הויכע גראָזען. זיי זיינען צווערגע (קאַרליקעס). נאָך „העכער וואַקסט אויף איהם גאר נישט. עס איז צו קאַלט, עס זאָל דאָרט עפּעס „וואַקסען. דער בערג ענדיגט זיך מיט אזא שאַרפען שפּיץ, אז עס איז גאַנץ „אויבען ניטאָ זאָגאַר קיין אָרט, וואו זיך צו זעצען. ווען מען איז אָבער אויפ'ן „שפּיץ בערג, קען מען זעהן אויף עטליכע הונדערט מייל ארום. דיא שעהנע „אויסזיכט, וואָס מען געווינט, ווען מען איז אויפ'ן העכסטען פונקט, בעלוינט פאַר „דער מיה, וואס מען האָט ארויפצוקלעטערן אזוי הויך".

דער פיק דע טענעריפא איז א מאָל געווען א וואולקאַן, א בערג, וואס שפּייט מיט פייער. היינט איז ער שטיל געוואָרען. ער איז אויסגעלאָשען געוואָרען. ווען הומבאָלדט איז געווען אויף איהם, האט ער זיך אראָפּגעלאָזען אין לאָך, פון וואַנען דאס פייער פלעגט א מאָל ארויסגעהן, אדער קראַטער, וויא דיא געלערנטע רופען עס. אין קראַטער האָט ער געפונען נור אַש און שוועפעל, אָבער אלעס פערקיהלט, פערגליווערט — אויסגעלאָשען.

דער געלערנטער הומבאָלדט האט גענוג בעשריעבען דעם פיק דע טענעריפא.

ער האָט שוין פאר מיר גאָר ניט איבערגעלאָזען. צו וואס זאל איך יעצט פאהרען קיין טענעריפאַ? וואָס וועל איך דאָרט ענטדעקען?

— איך מיין אויך, אז עס איז ניט גלייך פאר אייך, איהר זאָלט אָפּשטייגען אויף דיא קאַנאַרישע אינזלען, האט קאפּיטאן פאררּאגוט געזאָגט. צו דיא קאַנאַרישע אינזלען קומען זעלטען צו גרויסע שיפען און איהר וועט דאָרט מוזען זעהר לאנג וואַרטען אויף א שיף.

— וואָס מיינט איהר, ליעבער קאפּיטאן, ווען איך זאל אפּשטייגען אויף דיא גרינע אינזלען, אדער וויא דיא שפּאניער רופען זיי Insula de Cape Verde?

— געוויס קענט איהר עס טאהן, פּראפעסאר, האט קאפּיטאן פאררּאגוט געזאגט. איך קען אייך צופיהרען צו דער הויפּט שטאדט פון דיא גרינע אינזלען, ווילא פּראַיאַ.

— ווילאַ פּראַיאַ איז א שעהנע שטאדט. האָט דער פּראָפעסאר געזאגט, אויסער דעם ליעגען דיא גרינע אינזלען ניט ווייט פון וועסט אפריקא. פון ווילאַ פּראַיאַ וועל איך קענען פאהרען זעהר לייכט קיין סענעגאל, א לאנד אין וועסט אפריקא, וועלכעס געהערט צו פראנקרייך. אין סענעגאל וועל איך זיין צווישען לאנדסלייט, צווישען פראנצויזען, מענשען, וואס קענען מיך, און דער גובעטנאטאר פון סענעגאל וועט מיר געוויס פארהעלפען צו פאהרען קיין קאַלקוטאַ. ווען איך וועל איהם ווייזען דיא בריעף, וועלכע איך האב פון אונזער קייזער, נאפּאלעאן III, וועט ער מיר זאגאר געבען א שיף, וועלכע געהערט דער רעגיערונג.

— מיר מוזען אלענפאלס צופאהרען צו דיא גרינע אינזלען, האט קאפּיטאן פאררּאגוט געזאגט, ווייל לאָרד גלענאַרוואן האט דאָרט בעשטעלט שטיין קוילען פאַרן „דונקאַן“ און מיר וועלען קיין צייט ניט פערליערען דורך אייך.

— נו, און פאר דיא וויסענשאַפט אינטערעסירט איהר זיך גאר ניט? האט דער פּראפעסאר געפרעגט. זייט איהר א מאל געוועזען אויף דיא גרינע אינזלען? האט איהר א מאל אויסשטודירט דיא גרינע אינזלען? איך פארשטעה ניט, וויא אזוי פאהרען עס מענשען ארום אויפ'ן מעער מיט פערבונדענע אויגען? איהר פאהרט צו דיא גרינע אינזלען און האט גאר אין זינען קוילען?

וויא עס ווייזט אויס האט דער פּראפעסאר ווידער א מאל געמיינט, אז ער רעדט צו איינעם פון זיינע סטודענטען און ניט צו א קאפּיטאן פון א שיף. קאפּיטאן פאררּאגוט האט איהם באלד אויפמערקזאם געמאכט אויף זיין פעהלער.

— ליעבער פּראָפעסאר, האט ער איהם געזאגט, פאר דיא וויסענשאפט זארגען זיך מענשען, וויא אלכסנדר פאן הומבאלדט, באָנפּלאַן און איהר. מיר איינפאכע מענשען זיצען אין דערהיים און לעזען אייערע ווערק מיט פערגניגען. — אלזא, לאמיר יעצט אוועקלעגען דיא וויסענשאפט אין א זייט. זאגט מיר אייער ענטשלוס. ווילט איהר אויסשטייגען אויף דיא קאנאריישע אינזלען אדער אויף דיא גרינע אינזלען? איך מוז עס וויסען, איך מוז דאך געבען מיינע בעפעהלע מיינע מאטראזען.

— איך האב אייך שוין געזאגט. איך וועל אויסשטייגען אויף דיא גרינע אינזלען אין ווילאַ פּראַיאַ.

(So. Am., 4).

קאפיטאן פאררַאגוט האט געהייסען דעם שטייערמאן פאהרען גלייך און זיך ניט אוועק קעהרען אן א זייט צו דער אינזעל טענעריפא, וויא ער האט איהם געהייסען היינט אין דער פריה.

דיא שיף איז גענאנגען ווייטער איהר וועג. דעם 2טען סעפּטעמבער האט זיך דאס וועטער געענדערט. דער הימעל האט זיך בעדעקט מיט וואלקענס און עס האט אנגעהויבען שטארק צו רעגנען. זיי זיינען געפאהרען אין וועסט זייט פון אפריקא. ענדע אויגוסט הייבט זיך אן אין יענע געגענדען דער ווינטער, אבער ניט אזא ווינטער וויא ביי אונז מיט שנעע, מיט ווינטען און מיט פרעסט. פון אזא ווינטער ווייסט מען דארט ניט—עס הייבט אן צו רעגנען, דאס הייסט אין אפריקא ווינטער. טאג טעג־ליך ווערט דער הימעל בעדעקט מיט וואלקען און עס רעגענט. א מאל רעגענט עס אוועק עטליכע טעג נאכאנאנד; א מאל רעגענט עס נור אייניגע שטונדען אין טאג, אבער רעגענען מוז עס יעדען טאג. דיא אפריקאנער נעגערן רופען דיא רעֶגען צייט: „מאזיקא“ — וואסער. דערפאר האבען עס דיא שפאניער, וועלכע וואינען אין יענע גע־גענדען א נאמען געגעבען Le tempo des aguas דיא צייט פון דיא וואסערן.

פאר רייזענדע איז דיא רעגענצייט זעהר אונאנגענעהם, פאר דיא איינוואוינער פון אפריקא אבער איז זיא נויטהווענדיג. אין דעם הייסען ברענענדיגען זומער געהט גאר קיין רעגען ניט. דיא ערד ווערט פערברענט, פערדארט און האַרט וויא א שטיין, אז קיין זאך קען אויף איהר ניט וואקסען. אין דער רעגען צייט, אדער אין אפריקא־נישען ווינטער, הייבט ווידער אן אלעס גרין צו ווערן, אלעס צו בליהען און אלעס צו וואקסען. דאמאלס פערזייעט דער אפריקאנער זיינע פעלדער און גרייט זיך אן עסען אויף דיא הייסע צייט. דיא רעגען צייט איז אין יענע געגענדען צווייא מאהל אין יאהר: אין סעפּטעמבער און אין אפּריל.

אונזערע רייזענדע זיינען געראדע געקומען אין דער רעגען צייט פון סעפטעמבער און זיינען געווען זעהר ניט צופריעדען מיט׳ן רעגען. עס איז געווען אונמעגליך ארויס־צוגעהן אויפ׳ן דעק פון׳ם שיף. מען האט געמוזט זיצען א גאנצען טאג פערשפּארט אין דער קאיוטע. לארד גלענארוואן און ליידי העלענא זיינען יעצט געווען העכסט צו־פריעדען, וואס פאגאנעל איז געווען ביי זיי אויפ׳ן שיף. ער איז געזעסען מיט זיי א גאנצען טאג אין דער קאיוטע און האט גערעדט איבער געאגראפיע און אנדערע וויסענ־שאפטען.

דיא שיף איז אונטערדעסען געגאנגען איהר וועג און דעם 4טען סעפּטעמבער איז זיא שוין געשוואומען צווישען דיא גרינע אינזלען. זיא איז פארביי געגאנגען דיא קליינע אינזעל, סאל און דער קאפּיטאן האט עס זאגאר ניט געמעלדעט, ניט לארד גלענארוואן, ניט דעם פּראפעסאר, ווייל דיא גאנצע אינזעל איז בעדעקט מיט געזאל־צענעם זאמד און עס וואקסט אויף איהר גאר נישט. קיינער וואוינט אויף איהר ניט, זאגאר דיא פויגעל אנטלויפען פון איהר, ווייל דער זאמד איז שטארק געזאלצען און, ווען זיי זעצען זיך אויפ׳ן זאמד, הייבט עס זיי אן צו עסען.

דער קאפּיטאן האט זיי געמעלדעט ערשט, ווען זיי זיינען פארביי געפאהרען דיא אינזעל סען זשאק, ווייל דיא גאנצע אינזעל איז בעדעקט מיט בערג, וועלכע זיינען

בעדעקט מיט גרינע גראז, אז עס איז א פערגניגען אנצוקוקען. מעגליך, אז דער פאר האט מען דיעזע גרופע אינזלען א נאמען געגעבען דיא גרינע אינזלען. אין אנאנדער צייט וואלט לארד גלענארוואן און ליידי העלענא געוויס ארויסגעגאנגען אויפ'ן דעק בעטראכ-טען דיא שעהנע גרינע אינזלען. יעצט אבער האט עס שטארק גערעגענט און זיי האבען געמוזט בלייבען אין זייער קאיוטע.

ווען דער פראָפעסאר האט דערהערט, אז זיי פאהרען צווישען דיא גרינע אינזלען האָט ער אנגעהויבען צונויפצונעהמען זיינע זאכען און זיי צונויפצופאקען. דאס איז געווען קיין לייכטע ארבייט פאר איהם. אין דיא עטליכע טעג, וואָס ער איז געווען אויפ'ן שיף, האָט ער אזוי צו וואָרפען זיינע ביכער און זיינע אינסטרומענטען, אז עס איז ווירקליך שווער געוועזן, זיי צונויפצונעהמען.

דעם 5טען סעפּטעמבער אין דער פריה האָט דער קאפּיטאן געמעלדעט, אז דיא „דונקאַן" איז שוין אריינגעפאהרען אין פארט פון ווילא פראיא און אין א שטונדע וועט זיא שוין שטעהן לעבען דאָק.

דאס וועטער איז געווען שרעקליך. עס האָט געגאסען עמערוויים. א שטאר-קער ווינד האט געבלאָזען און האט אויפגעהויבען בערג הויכע וועלען (כוואליעס). נור מיט שווערע מיה איז עס געלונגען דעם קאפּיטאן אריינצופיהרען דיא שיף אין פּארט און זיא גליקליך צו ברענגען צום דאָק.

וויא עס האט געגאסען און וויא שטארק דאס מעער האט גערוישט און געקאָכט, איז דאך לארד גלענארוואן און ליידי העלענא ארויסגעגאנגען אויפ'ן דעק. זיי האבען געוואלט אנקוקען דיא שטאדט ווילא פראיא און בעטראכטען א ביסעל דיא אינזעל. עס איז אבער געווען אונמעגליך עפּעס צו זעהן, דער רעגען איז געגאנגען אזוי געדיכט, אז ער האט פערדעקט דיא שטאדט מיט דער אינזעל, וויא מיט א שלייער. זיי האבען געמוזט באלד צוריקגעהן אין דער קאיוטע. דער פּראָפעסאר איז אויך ארויסגעגאנגען אויפ'ן דעק און איז אויך באלד צוריק געלאָפען אין דער קאיוטע, דורכגענעצט ביז אין העמד:

— נו? וואָס זאגט איהר יעצט, פּראָפעסאר? האט איהם לארד גלענארוואן געפרעגט. אלעס איז געגען אייך, זאגאר דער רעגען און דער ווינד האבען זיך פער-שווארען געגען אייך: זיי לאזען אייך ניט אָפּשטייגען אין ווילא פראיא.

— איך וועל דאך מוזען אויסשטייגען, האט פאגאנעל געזאגט לאנגזאם און אונגערן.

— אבער וויא קענט איהר אויסשטייגען אין אזא שרעקליכען רעגען? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— מיך וואָלט גאָר ניט געהארט — וועל איך א ביסעל פאררעגענט ווערן, איך האב נור מורא פאר מיינע ביכער און מיינע אינסטרומענטען. זיי קענען אין גאנצען פערדארבען ווערן און צו גרונדע געהן. וואס וועל איך טאהן אהן מיינע ביכער און אהן מיינע אינסטרומענטען?

פאגאנעל איז ארומגעגאנגען אין דער קאיוטע אהין אהער, וויא א פערצווייפעל-טער. לארד גלענארוואן האט איהם נאך געשאטען זאלץ אויף דיא וואונדען:

— און ווען איהר וועט שוין שיצען אייערע ביכער און אייערע אינסטרומענטען, זיי זאלען ניט פערנעצט ווערן, וואס וועט איהר טאהן מיט זיי אין ווילא פראיא? קיין האטעלס און קיין גאסט הייזער זיינען דארט ניטא. איהר וועט זיך מוזען איינבעטען ביי איינעם פון דיא איינוואינער, ער זאל אייך אויפנעהמען אויף קוואטיר און איהר וועט מוזען שלאפען צוזאמען מיט דיא אפען (מאנקעס) און מיט דיא שווייגע. אין ווילא פראיא איז נאך ניט איינגעפיהרט, אז יעדער מענש זאל האבען א בעזונדער צימער און א בעזונדער בעט. דא לעבען נאך דיא מענשען, וויא אין דיא גוטע אלטע צייטען איז געוועזען דיא מאדע. דער מאן, דיא פרוי, דיא קינדער, דיא קעלבלעך, דיא שווייגע און דיא אפען עסען צוזאמען, טרינקען צוזאמען, און שלאפען צוזאמען. דיא אפען זיינען א נייגיעריגעס פאלק, זיי וועלען געוויס וועלען פראבירען אייערע ביכער און אייערע אינסטרומענטען. זיי וועלען אויך האבען גענוג צייט דערצו, ווייל איהר וועט מוזעןווארטען צוויא־דרייא מאנאט, ביז א שיף וועט אנקומען.

— צווייא — דריי מאנאט? האט אויסגעשריען דער פראפעסאר. וואס רעדט איהר?

— איהר זייט טאקע א גרויסער געלערנטער, האט לארד גלענארוואן געזאגט רוהיג, איך ווייס אבער וואס איך רעד. דיא רעגען צייט האט זיך יעצט ערשט אנגע־הויבען. זיא געדויערט צווייא—דרייא מאנאטע. אין דיעזע צייט קומען קיין גרויסע שיפען צו דיא גרינע אינזלען. דאס מעער איז זעהר שטירמיש, אין פיעלע ערטער איז עס ניט טיעף און דיא גרויסע שיפען האבען מורא צו קומען א הער.

— נו, וואס הארט עס אייך, פראפעסאר? האט ליידי העלענא געהאלפען איהר מאן. איהר וועט אייער צייט ניט פערליערן אומזיסט, איהר וועט דערווייל אויספאר־שען דיא גרינע אינזלען. איך געדענק, מיין פאטער האט מיר געזאגט, אז דיעזע גרופע אינזלען איז נאך זעהר ווייניג בעקאנט. כמעט אלע שיפען, וואס פאהרען פון ענגלאנד קיין זיד אמעריקא, פאהרען פארביי דיא גרינע אינזלען און דאך האט זיך נאך ניט געפונען קיין געלערנטער, וועלכער זאל זיי אויספארשען. פאר וואס זאלט איהר ניט זיין דער געלערנטער, הערר פראפעסאר, וועלכער זאל זיך געבען דיא מיה אויסצושטודירען דיעזע גרופע אינזלען?

— וואס זאל איך דא שטודירען? האט אויסגערופען דער פראפעסאר פער־צווייפעלט. אויף דיעזע אינזלען איז ניטא קיין אינטערעסאנטע זאכען.

— איהר קענט אויספארשען דיא גרויסע טייכען, האט לארד גלענארוואן געזאגט.

— וואס פאר א טייכען? אויף דיעזע אינזלען זיינען דא גאנץ קליינע טייכלעך, וועלכע ווערן אום ג. ]ער אין גאנצען אויסגעטריקענט.

— נו, קענט איהר אויסשטודירען דיא וועלדער, האט לארד גלענארוואן ווייטער געזאגט.

— וואס פאר א וועלדער? עס קען דאך ניט זיין קיין וועלדער אהן בוימער? אויף דיעזע אינזלען געפינט זיך ניט איין בוים!

— א שעהן שטיק לאנד! — האט געזאגט דער מאיאר — אין וועלכען עס זיינען ניטא קיין טייכען, ניט קיין בוימער. וואס דען איז דא?

— עס זיינען דאָ בערג, האָט לאָרד גלענאַרוואַן ווייטער געזאגט און אונזער פּראָפעסאָר וועט אויסשטודירען דיא בערג.

— וואס פאר בערג? האט געשריען דער פּראָפעסאָר. בערגלעך! קליינע בערג־לעך, מעהר איז דאָ ניטאָ. דערצו נאך האט זיי שוין איינער בעשריעבען פריהער פאר מיר.

— ווער האט זיי ביי אייך אויסגעחאפּט?

— דער געלערנטער געאָלאָג, סענט־קלער־דעוויל.

— דאס קען ניט זיין!

— ליידער, איז עס אָבער יאָ אזוי. דיא פראנצויזישע רעגירונג האט אין 1856 ארויסגעשיקט דעם געלערנטען סענט־קלער־דעוויל אויף דער פראנצויזישער שיף „דעסידע". ער האט אויסגעפאָרשט אלע אינזלען און האט זיי בעשריעבען. ער האט אויסגעפאָרשט דעם איינציגען אינטערעסאנטען בערג אויף דער אינזעל פאָגאָ, ווייל ער ער איז א וואולקאן, ער שפּייט מיט פייער, און האט אזוי בעשריעבען, אז איך האב שוין גאָר ניט וואס צו טאָהן.

— אלזא, וואס וועט איהר טאהן דא, הערר פּראָפעסאָר? האט ליידי העלענא געפרעגט.

פּאגאנעל האט אראפּגעלאזען דעם קאפּ אויף דיא ברוסט און האט געשוויגען. ער איז געווען אין א פערצווייפלונג. ער האט ווירקליך ניט געוואוסט וואָס צו טאהן. ענדליך איז ער צוגעגאנגען צו לאָרד גלענארוואן און האט איהם געפרעגט:

— וואו דענקט איהר זיך אפּצושטעלען, ווען איהר וועט אוועקפאהרען פון דיא גרינע אינזלען?

— אין דער שטאדט קאָנסעפּסיאָן אין זיד אמעריקא.

— דאס איז דאָך אָבער זעהר ווייט פון אינדיען.

— איך ווייס ניט, האט לארד גלענארוואן געזאגט. איהר האט געוואלט פאה־רען קיין אינדיען. וואס איז אייך דער אונטערשיעד, אויב איהר פאהרט קיין אָסט אינ־דיען אדער קיין וועסט אינדיען?

— אָסט אינדיען איז א גרויס לאנד אין אזיען און וועסט אינדיען זיינען אייניגע אינזלען אין אמעריקא. אלזאָ, וואס פרעגט איהר, וואס פאר אן אונטערשיעד עס איז? עס איז דאך א גרויסער אונטערשיעד!

— איך פארשטעה דאָך ניט, האט לאָרד גלענארוואן ווייטער געזאגט. איהר זייט א געלערנטער און פאָהרט אויספארשען דיא פעלקער פון אינדיען. וואס איז אייך דער אונטערשיעד, ווען איהר וועט קומען קיין פּאטאגאָניען און וועט אויספארשען דיא פעלקער פון פּאטאגאניען? זיי הייסען דאך אויך אינדיאנער. איך מיין, אז דיא אינדי־אנער אין פּאטאגאניען זיינען אזוי אינטערעסאנט פאר דער וויסענשאפט, וויא דיא אינדיאנער פון פּענדשאב.

(פּענדשאב איז א לאנד אין אָסט אינדיען. עס הייסט פּענדשאב, ווייל אין דיעזען לאנד שטראָמען פינף טייכען).

דער פּראָפעסאָר האט נאָכגעטראכט אייניגע מינוט און האט זיך געווענדעט צו לאָרד גלענארוואן.

— איהר האט פיעללייכט רעכט, מילארד. עס איז מיר קיין מאל ניט איינגעפאלען, אז פאטאגאניען איז נאך זעהר וועניג אויסגעפארשט. איבער פאטאגאניען האט מען דער וייל אזוי וועניג געשריעבען, אז איך קען ווירקליך דא זעהר פיעל ענטדעקען און אויספארשען —

— און בעקומען דיא גאלדענע מעדאילע, וועלכע דיא ענגלישע געאגראפישע געזעלשאפט האט צו געזאגט פאר דאס בעסטע ווערק איבער פאטאגאניען, איז איהם לארד גלענארוואן אריינגעפאלען אין די רעד.

— אבער מיין אויפטראג? איך וויל דאך אויספארשען דעם יארו־דשאנגבא־טשו?

— נו, וועט איהר אויספארשען דעם טייך גאלענאס אין פאטאגאניען. ער איז אויך זעהר וועניג בעקאנט.

אין דיעזע צייט איז ליידי העלענא צו געגאנגען צו איהם און האט איהם געזאגט פריינדליך און מיט א ביטענדע שטימע:

— קומט, פראפעסאר! פאהרט מיט אונז קיין פאטאגאניען! איך וויל אייך זעהר האבען אויף מיין שיף. פאהרט מיט אונז!

וויא צערשטרייעט דער פראפעסאר איז געוועזן; וויא פערטיעפט אין זיין וויסענשאפט ער איז געוועזן, האט דאך דיא פריינדליכע, ביטענדע שטימע פון ליידי העלענא און איהרע ווערטער, וועלכע זיינען ארויס פון גאנצען הארצען געמאכט א שטארקען איינדרוק אויפ'ן פראפעסאר. ער איז געוועזן גערירהט.

אזוי זיינען שוין דיא מענער. זיי מעגען זיין ווילד און גראב, זיי מעגען זיין וויא פערטיעפט אין זייערע געדאנקען, דיא ווייבע, ביטענדע שטימע פון א שעהנע פרוי ווירקט אויף זיי, וויא א צויבער.

— מאדאם...., האט דער פראפעסאר געשטאמעלט. איך האב דאך אבער.... אן אויפטראג....

— ליעבער פראפעסאר האט ליידי העלענא געזאגט לעבהאפט, דער צופאל האט אונז געבראכט דיא בריעף פון'ם אומגליקליכען קאפיטאן גראנט; דער צופאל האט אונז געפיהרט אויף דיעזע רייזע; דער זעלבער צופאל האט אייך געבראכט אויף אונזער שיף. וויא עס ווייזט אויס, וויל דער צופאל, אז מיר זאלען צוזאמען פאהרען. פאהרט מיט אונז, פראפעסאר, פערלאזט אונז ניט!

— איך ווייס ווירקליך ניט.... וואס איך זאל אייך זאגען.... יא, אדער ניין.... עס וועט אייך פיעללייכט זיין אונבעקוועם.... איך וועל אייך שטערן....

— מיר ווילען אלע, איהר זאלט בלייבען ביי אונז, איהר וועט אונז גאר ניט שטערן, האט ענדליך לארד גלענארוואן געזאגט ערנסט. בלייבט, פראפעסאר, און פאהרט מיט אונז,

ער האט איהם דערלאנגט דיא האנד. דער פראפעסאר האט זיא גענומען און האט זיא געדריקט.

---

## 9טעם קאפיטעל.

## דיא מאגעללעהאנס שטראסע.

אלע זיינען געווען העכסט דערפרייט און צופריעדען, ווען זיי האבען דערהערט אז דער פראפעסאר פאגאנעל האט זיך ענטשלאסען צו בלייבען אויפ'ן „דונקאן" און צו פאהרען מיט זיי זוכען דעם קאפיטאן גראנט. דער קליינער ראבערט גראנט איז איהם ארויפגעשפרונגען אויפ'ן האלז און האט איהם אנגעהויבען צו קושען. פאגאנעל האט זיך קוים אויסגעריסען פון איהם.

— אלזא, דו ווילסט לערנען געאגראפיע, דו נאררישער קליינער מאן? נון, גוט! איך וועל דיך לערנען געאגראפיע, אסטראנאמיע, עטהנאלאגיע און אנטראפאלאגיע. איך וועל מאכען פון דיר א גרויסען געלערנטען. לערן נור פלייסיג, וועל איך דיך אויפנעהמען אין דער אוניווערזיטעט אין פאריז.

באלד איז דער „דונקאן" אוועקגעפאהרען פון ווילא פראיא און פון דיא גרינע אינזלען און איז געפאהרען זיין וועג קיין זיד אמעריקא. וואס ווייטער זיא איז אוועקגעפאהרען פון אפריקא, איז דאס וועטער געווארען אלץ שעהנער. דער רעגען האט אויפגעהערט, דער הימעל איז ווידער געווארען קלאר און העלל. אלע האבען ווידער פערבראכט דעם גאנצען טאג אויפ'ן דעק. דער פראפעסאר פלעגט רעדען און ערקלערען אלעס וואס זיי האבען באגעגענט אויפ'ן וועג. אלע זיינען געווען פרעהליך און גליקליך. נור איין מענש אויפ'ן שיף איז ניט געווען צופריעדען מיט'ן פראפעסאר. דאס איז געווען דער פראוויאנטמייסטער אלבינעט.

ווען ער פלעגט קומען אין עס=זאל גרייטען צו טיש, פלעגט ער געפינען דעם טיש פארלעגט מיט ביכער, לאנדקארטען און אינסטרומענטען. פלעגט ער זיי וועלען אראפנעהמען און גרייטען צו טיש, פלעגט דער פראפעסאר שרייען, זיך בייזערן און איהם רופען, א שלעכטער שילער. איין מאל זאגאר האט פאגאנעל איהם גזאגט פעסט און ענטשלאסען, אז ער וועט איהם שטעלען א שלעכטע מארקע און וועט איהם ניט דורכלאזען אויפ'ן עקזאמען. אלבינעט האט זיך צוואר זעהר וועניג געקימערט פאר'ן עקזאמען; ער האט זאגאר געהאט זעהר וועניג לוסט צו האלטען עקזאמען אין פאריזער אוניווערזיטעט. ער האט בעסער געוואלט, אז דער טיש זאל זיין געגרייט אין דער צייט און מען זאל עסען אין דער צייט און ער וואלט ניט געווען געהערט דעם פראפעסאר, אבער ליידי העלענא און בעזאנדערס דער קליינער ראבערט פלעגען שטענדיג האלטען פאר'ן פראפעסאר און פלעגען איהם געבען גרעכט יעדעס מאל, ווען ער פלעגט זיך קריגען מיט אלבינעט'ן. דאגעגען פלעגט דער מאיאר רידשארדסאן האלטען מיט'ן פראוויאנטמייסטער.

— דיא געאגראפיע (ערד־בעשרייבונג) איז א גרויסע וויסענשאפט, פלעגט דער מאיאר זאגען, אבער צו עסען קומט זיא דאך ניט. ווען איך בין הונגעריג, וועל איך אוועקגעבען הונדערט לאנדקארטען פאר א גוטען סטייק.

דער קריעג צווישען דעם פראפעסאר און דעם פראוויאנטמייסטער איז געווארען נאך גרעסער, ווען דער פראפעסאר האט דערשמעקט, אז לארד גלענארוואן האט מיט

גענומען אויפ'ן שיף זעהר פיעל ביכער, כמעט זיין גאנצע ביבליאָטהעק. פון פון יענעם טאג אָן, וואס ער איז געוואהר געווארען פון דיא ביכער, איז ווירקליך ניט געוועזן פון איהם אויסצוהאלטען. מען האט געפונען ביכער אויף דיא טישען, אויף דיא בעטען, אין דיא קאסטענס, אין דיא קאיוטען פון דיא מאטראָזען און זאָגאר אין קיך. עס האט גערע־גענט מיט ביכער. אלבינעט האט געדאַרפט האלטען דיא שיף אין ארדנונג, אלעס אויפראמען, אלעס לעגען אויף זיין אָרט און זעהן, אז קיין זאך זאָל זיך ניט וואלגערן. מען קען זיך דענקען זיין פערצווייפלונג, ווען ער האָט, דאכט זיך, אלעס אויפגעראמט און אלעס געבראכט אין ארדנונג און פלוצלונג האט ער ווידער געפונען אומעדום ביכער און לאנד קארטען.

צום גליק, האט עס מערי גראנט בעמערקט און זיא פלעגט נאכגעהן דעם פראָ־פעסאר און צונעהמען דיא ביכער, וועלכע ער האט צוגעווארפען. זייט דער פראָפעסאר איז געקומען אויפ'ן „דונקאַן" און האט זיך בעקאנט מיט מערי גראנט, איז צווישען זיי ענטשטאַנען א זאנדערבארע פריינדשאפט. דער פראפעסאר פלעגט רעדען מיט'ן יונגען מעדכען מיט א זאנדערבארען פערגניגען. ער פלעגט זאגאר פערגעסען זיין וויסענשאַפט און פלעגט מיט איהר רעדען פון גאנץ אנדערע זאכען: פון איהר פאָטער, פון איהר ברודער, וויא אזוי זיי האבען געלעבט אין גלאזגא און דערנאך אין דונדי און וויא אזוי זיי קומען אויפ'ן „דונקאַן". מערי גראנט פלעגט אויסהערען דעם פראפעסאר אויפמערק־זאם, פלעגט איהם העלפען צונויפזוכען זיינע ביכער און זיינע אינסטרומענטען, פלעגט איהם נאכגעבען אויפמערקזאם, ווען ער האט צושטרייטערהייט זיך אנגעטאהן ניט, וויא זיך דארף צו זיין און פלעגט טאהן אלעס מעגליכע, אז אלבינעט זאל ניט האבען וואס צו ברומען און צו בייזערן זיך אויפ'ן פראפעסאר.

צווישען לארד גלענארוואַן'ס ביכער האט דער פראפעסאר געפונען איינינע שפאנישע ביכער. ער איז געווען דערמיט העכסט דערפרייט.

— מיר פאהרען קיין זיד אמעריקא, האט ער געזאגט, דארט רעדט מען איבעראל שפאניש, מען מוז זיך אויסלערנען שפאניש רעדען. אזוי וויא איך קען לאַטיין און אי־טאלעניש, וועט מיר זיין זעהר לייכט זיך אויסצולערנען שפאניש. דיא שפאנישע שפראַ־כע שטאמט אפ פון לאטיין און ווער עס קען לאַטיין, דער קען זיך לייכט אויסלערנען שפאניש.

ער האט נעפרעגט לארד גלענארוואַן, אויב ער האט אויפ'ן שיף איינעם, וואס רעדט שפאניש? לארד גלענאַרוואַן האט איהם געענטפערט, אז קיינער אויפ'ן דונקאַן פארשטעהט קיין שפאניש.

— אלזאָ, וויא קומען אהער דיא שפאנישע ביכער אויפ'ן „דונקאַן"?

— ווען איך בין געוועזן אין קאדיקס, אין שפאַניען, האב איך געמוזט נעהמען א שפאנישען פילאָט (א מאטראָז, וואס קען גוט דעם פאָרט און נעהמט זיך אונטער ארייצופיהרען דיא שיף אין פאָרט און זיא ווידער ארויסצופיהרען אין מעער) דיעזער פילאָט האט פארגעסען זיינע ביכער אויפ'ן „דונקאַן".

דער פראפעסאר האט זיך גענומען ערנסט שטודירען דיא שפאנישע שפראַכע. **ער פלעגט ארומגעהן גאנצע טעג אויפ'ן דעק פון דער שיף און פלעגט לערנען אויסענ־ווענדיג דיא שפאנישע ביכער.** דערביי פלעגט ער ניט פערגעסען צו לערנען מיט'ן

קליינעם ראבערט געאָגראַפיע און וועלט געשיכטע. דיא לעקציאנען, וועלכע ער פלעגט געבען דעם קליינעם ראבערט, זיינען געוועזן אזוי אינטערעסאנט, אז לארד גלענארוואן, ליידי העלענא און דער קאפיטאן פארראגוט פלעגען זיך ניט שעהמען צו שטעהן דערביי און זיי אויסצוהערן. זיי האבען דערפון זעהר פיעל געלערנט און געוואָהר געוואָרען זאכען, וועלכע זיי האבען ניט געוואוסט.

איין מאל זיינען אלע געזעסען אויפ'ן דעק און פאגאנעל האט געלערנט דעם קליינעם ראָבערט דיא געשיכטע פון קאלומבוס, וויא ער האט ענטדעקט אמעריקא. דערביי האט ער דערצעהלט, אז דער גרויסער קאלומבוס איז געשטארבען און האט ניט געוואוסט, אז ער האט ענטדעקט א נייע וועלט. אלע האבען איהם אנגעקוקט ערשטוינט.

— וואס רעדט איהר, פראפעסאר? האט לארד גלענארוואן געפרעגט. קאלומבוס איז געשטארבען און האט ניט געוואוסט, אז ער האט ענטדעקט אמעריקא? דאס קען ניט זיין! ער האט דאך געמאכט עטליכע רייזען קיין אמעריקא?

— אזוי זאגט איהר? עס קען ניט זיין? נו, זאג איך אייך, אז עס איז אזוי! קאלומבוס האט קיין בעגריף ניט געהאט פון אמעריקא. ער איז געפאהרען זוכען א נייעם וועג קיין אסט אינדיען און אין דיא אנדערע לענדער, וואו עס וואקסען אלערליי געווירץ. ער האט געמאכט פיער רייזען קיין אמעריקא און איז צוגעקומען צו פאלגענדע לענדער: צו דער אינזעל סאן סאלוואדאר, צו דער לאנד ניקאראגוא, האנדוראס, קאסטא ריקא און בראזיליען. אין דיא לאנד קארטען, וואס ער האט אונז איבערגעלאזען און וועלכע מען קען זעהן אין דער קעניגליכען ביבליאטעק אין מאדריד, געפינען מיר, אז ער האט געמיינט, אז דיעזע לענדער זיינען נור א טהייל פון כינא און יאפאן. ער האט ניט אנגעהויבען צו וויסען, אז אמעריקא איז גאר א בעזונדער לאנד, וואס איז אין גאנצען אבגעזונדערט פון אזיען. איך זאג אייך ניט, אז קאלומבוס איז ניט געוועזן קיין גרויסער מאן, ער האט געוויס געטהאן זעהר פיעל פאר דער וויססענשאפט. אבער ער האט קיין בעגריף ניט געהאט פון וואס ער האט געטאָהן און פון וואס ער האט ענטדעקט. ער איז געשטארבען אין דער איבערצייגונג, אז ער האט אין אלע זיינע רייזען נור בעזוכט א טהייל פון אזיען.

— איך וויל מיט אייך ניט שטרייטען, האט לארד גלענארוואן געזאגט, איהר קענט געוויס בעסער פון מיר דיא געשיכטע פון אמעריקא. איך וואלט אבער געוואלט וויסען, ווער דען האט ענטדעקט און אויסגעפונען, אז אמעריקא איז א בעזונדער וועלט טהייל און געהער זיך גאר ניט אן מיט דער אלטער וועלט? ערקלערט אונז פראפעסאר.

מיט פערגניגען. פיעלע פון דיא שיפס קאפיטאנע, וועלכע זיינען געפאהרען מיט קאלומבוס אויף זיינע רייזען און פיעלע אנדערע געלערנטע האבען נאך זיין טויט געמאכט גרויסע רייזען, זיינען ארומגעפאהרען אמעריקא פון אלע זייטען און האבען אויסגעפונען, אז אמעריקא איז א נייע וועלט, פון וועלכע מען האט ביז אהער גאר ניט געוואוסט.

— קענט איהר אונז ניט זאגען, ווער זיינען געוועזן דיא שיפס קאפיטאנע און דיא רייזענדע, וועלכע האבען עס אויסגעפונען?

פּאַגאַנעל האט זיך עפּעס געפיהלט בעליידיגט, וואס מען פרעגט איהם, אויב ער קען עס זאגען.

— וואס הייסט, אויב איך קען עס זאָגען? געוויס קען איך עס זאגען! איך האָב דאך שטודירט געאָגראַפיע און וועלט געשיכטע! באלד וועל איך אייך אויסרעכענען א גאנץ צעטעל פון רייזענדע, וועלכע האָבען אייגענטליך ענטדעקט אמעריקא.

אָחידאָ, ווינצענט פינסאָן, אמעריקוס וועספּוציוס, מענדאָזא, באסטידאס, קאב־ראַל, סאָלים און באַלבאָא. אָחידאָ און ווינצענט פינסאָן זיינען געווען צוויא שיפּס קאפּיטאַנע, וועלכע זיינען געפאהרען מיט קאָלומבוס'ן אויף זיינע ערשטע ענטדעקונגס רייזען. נאך זיין טויט האבען זיי ווידער געמאַכט רייזען, זיי זיינען אבער געפאהרען פיעל ווייטער אלס קאָלומבוס און האבען צוערשט ארויסגעזאגט דאס גרויסע וואָרט, אז אמעריקא איז א בעזונדערער וועלט טהייל. מעהר פון זיי אלע האט געטאהן דער איטאליענער אמעריגא וועספּוטשי, ער איז געווען א בוכהאלטער אין א גרויס געשעפט אין דער שטאדט סעווילא, אין שפּאניען. דאס געשעפט, וואו ער איז געווען בוכהאל־טער, האָט גענומען ביי דער שפּאנישע רעגיערונג דעם קאנטראקט צו פערזארגען דיא שיפען, וועלכע מען האט אנגעגרייט פאַר קאָלומבוס דריטע רייזע מיט אלעם נייטיגען. דעם יונגען בוכהאלטער האָט אזוי פעראינטערעסירט קאָלומבוס רייזען, אז ער האָט טאג און נאכט נור געטראכט פון רייזען אויפ'ן מעער. ענדליך איז עס איהם געלונגען צו קויפען א שיף און זיא אויסצוריסטען אויף זיין אייגענע רעכנונג. אין 1502 איז ער אוועקגעפאָהרען קיין אמעריקא. ער איז ווירקליך געפאהרען ווייטער פון אלע רייזענדע און האט געטאהן מעהר פון זיי אלע. ער האט אראפּגענומען א ריכטיגע און פּינקט־ליכע קארטע פון אמעריקא. ווען ער איז געקומען צוריק קיין שפּאניען, האט ער געלאָזט דרוקען זיין קארטע, אויף וועלכע ער האט אונטערגעשריעבען זיין נאמען, אמעריקוס. יעדער, וועלכער האט זיך אינטערעסירט מיט דעם נייען לאנד, האט געקויפט זיין קארטע און דיא נייע וועלט האט בעקומען דעם נאמען, א מ ע ר י ק א.

אין 1518 איז דער שיפס קאפּיטאן דע סאָלים געפאהרען קיין אמעריקא. ער איז געפאהרען ווייטער פון אלעמען. ער איז געקומען קיין פּאטאגאָניען און איז דארט אויסגעשטיגען מיט אייניגע פון זיינע מאטראזען. דיא ווילדע אינדיאנער פון פּאטאַ־גאָניען זיינען אויף איהם אנגעפאלען, האבען איהם געטויטעט און האבען איהם אויפ־געפרעסען. נור זיין ערשטער אפּיציער און אייניגע מאטראָזען האבען זיך געראטעט און זיינען צוריקגעקומען קיין שפּאניען.

נאך מעהר האט ענטדעקט דער פּאָרטוגיזישער שיפס קאפּיטאן, פערנאנדע דע מאגעלאָן. אין 1519 איז ער ארויסגעפאהרען מיט פינף שיפען פון שפּאניען. ער איז ארומגעפאהרען און האט אויסגעפארשט גאנץ זיד אמעריקא ביי דיא ברעגעס פון דעם אטלאנטישען אצעאן. דעם 28 נאוועמבער 1520 איז ער ארומגעפאהרען ארום זיד אמעריקא און איז ארויסגעקומען אין שטילען אצעאן. ער איז דורכגעפאהרען דעם שמאָלען פּאסמעער, וועלכעס הייסט היינט אויף זיין נאמען: ד י א מ א ג ע ל א ן ש ט ר א ס ע. איך שטעל מיר פאָר, וויא פרעהליך, וויא גליקליך איז מאגעלאָן געווען

אין דעם טאָג, ווען ער האָט דערזעהן דיא רוהיגע גלענצענדע וואסערן פון'ם שטילען אצעאן.

— איך וואָלט געוואָלט זיין דאמאָלס אויף מאַגעלאַנס שיף, האָט דער קליינער ראָבערט געזאָגט.

— איך וואָלט אויך געוואָלט זיין דאַמאלס אויף זיין שיף, האט פּאַגאַנעל געזאָגט, ווען איך זאל נור געווען געבארען ווערן מיט דרייא הונדערט יאהר צוריק.

— וואס וואלטען מיר אבער געטאָהן? האָט ליידי העלענא געזאָגט מיט א שמייכעל. ווער וואָלט מיט אונז געזעסען אויפ'ן דעק פון'ם „דונקאַן" און אונז דערצעהלט אזעלכע שעהנע געשיכטען איבער אמעריקא?

— עס וואלט זיך געפונען אנאנדערער, וועלכער וואָלט אייך דערצעהלט דיא געשיכטע פון אמעריקא, האָט פּאַגאַנעל געענטפערט. — איך טאָר ניט פערגעסען אייך צו דערצעהלען פון דיא צווייא ברידער פּיזאררא. זיי האָבען זעהר ליעב געהאט צו בויען שטעדט און זיי האָבען געבוידט דיא שטעדט: לימא, קוסקאָ, סאַנטיאַגאָ, קוויטאָ, וואלפּאַראַיזאָ און פיעלע אנדערע. *)

— איך וואָלט זיך ניט בעשעפטיגט מיט בויען שטעדט, האָט ראבערט גראַנט געזאָגט.

— וואָס דען וואָלסט דוא געטאהן, מיין קליינער העלד? האָט איהם דער פּראָפעסאָר געפרעגט.

— איך וואלט געפאהרען אלץ ווייטער און ווייטער. איך וואלט געזוכט אלץ נייע לענדער, נייע אינזלען און נייע מעערע.

— בראוואָ! מיין קליינער העלד! האט פּאגאנעל אויסגערופען. ווען ראָבערט גראַנט און זשאק פּאַגאַנעל וואָלטען געלעבט מיט דרייא הונדערט יאהר צוריק, וואָלטען זיי אויסגעפאָרשט דיא גאנצע וועלט און וואָלטען קיינעם ניט איבערגעלאזען א פּיצעל. מיר וואלטען געווען געפאהרען אויפ'ן וועג, וואס ש ו ט ע ן און ל ע מ י ר זיינען געפאהרען.

— ווער זיינען דיעזע מענשען? האט ליידי העלענא געפרעגט. זיינען זיי אויך געווען געלערנטע.

— ניין. זיי זיינען געווען האָלענדישע קויפלייטע. זיי האבען זיך זעהר ווֹעניג געזארגט פאר דיא וויסענשאפט. זיי זיינען געפאהרען זוכען לענדער, וואו זיי זאלען קענען פערקויפען דיא האָלענדישע סחורות, וואָס זיי זאלען קענען פערקויפען אין האָלאַנד. ש ו ט ע ן איז געווען א רייכער מאן און האָט אויסגעריכטעט דיא שיפען אויף זיין רעכנונג. ל ע מ י י ר איז געוועזן זיין שוועסטערס זוהן, א קלוגער און געלערנטער יונגערמאַן. אין 1616 זיינען זיי געפאהרען קיין זיד אמעריקא. זיי זיינען געפאָהרען אויפ'ן זעלבען וועג, וואס מאַגעלאַן איז געפּאהרען, אבער נאך ווייטער. זיי האבען ענטדעקט דיא אינזלען, וועלכע הייסען היינט „פ י י ע ר ל א נ ד" אדער אויף שפּאניש Terra del Fuego און זיינען צוגעקומען ביז אין לעצטען פונקט פון זיד אמע-

*) מיר וועלען שפּעטער נאך קומען צו דיעזע שטעדט און וועלען זיי מעהר בעשרייבען.

ריקא, וועלכען זיי האבען א נאמען גענעבען: „קאפ הארן״, אן אנדענק אן דיא שטאדט הארן אין האלאנד, פון וואנען זיי זיינען געוועזן.

— אך! פאר וואס בין איך ניט געוועזן דאמאלס מיט זיי? האט ראבערט גראנט געזאגט.

— געוויס וואלסט דוא געהאט דאס גרעסטע, דאס בעסטע און דאס עדעלסטע פערגניגען, וואס א מענש קען האבען. קען מען דען האבען א גרעסערעס פערגניגען אלס פאהרען אין אונבעקאנטע געגענדען און זעהן יעדעס מאל, וויא א נייע אינזעל, א נייעס לאנד, א נייער טייך ערשיינט פלוצלונג פאר אייך. איהר געהט אראפ פון דער שיף און זעהט נייע מענשען, נייע זיטען (מנהגים), נייע אויפפיהרונגען און א נייארט לעבען.

דיא וועלט איז א גרויסעס בוך מיט הונדערט טויזענדע בלעטער. יעדע רייזע, וואס מיר מאכען, לעזען מיר דורך א בלעטעל פון דיעזען זאנדערבארען בוך. וואס קען וויסען דער מענש, וועלכער האט אין זיין גאנצעס לעבען דורכגעלעזען נור איין איינציגען בלאט?

אין אזעלכע אינטערעסאנטע געשפרעכע און פארלעזונגען איז דיא צייט פערגאנגען זעהר שנעל און אונזערע רייזענדע האבען ניט בעמערקט, אז זיי זיינען שוין אין זיד אמעריקא. דיא שיף איז געגאנגען זעהר שנעל. דאס וועטער איז געוועזן שעהן אוןווארם. אלע זיינען געוועזן געזונד און מונטער. דעם 25טען סעפטעמבער איז געווארען עטוואס קיהלער. דיא „דונקאן״ איז צוגעקומען צו דער מאגעלאן שטראסע. באלד האט זיך געוויעזען דער ברעג פון פאטאגאניען. יעצט איז שוין דער קאפיטאן פאררא͏גוט ניט אפגעטראטען פון רעדעל. ער האט געמוזט זיין זעהר פארזיכטיג. דאס מעער איז דארט זעהר שטירמיש און אין איינינע ערטער געפינען זיך שטיינער אונטערן וואסער.

דעם 28טען סעפטעמבער זיינען זיי אריינגעפאהרען אין דער מאגעלאן שטראסע. דאס איז א ברייטאר פאס וואסער צווישען פאטאגאניען און פייערלאנד, וועלכער פעראייניגט דיא צווייא גרויסע וועלט מעערע, דעם אטלאנטישען מיט׳ן שטילען אצעאן.

ווען מען פאהרט אויף דער מאגעלאן שטראסע, זעהט מען פוןביידע זייטען לאנד. פון איין זייט זעהט מען פאטאגאניען און פון דער אנדערער זייט דיא אינזלען, וועלכע הייסען פייערלאנד. אלע זיינען געזעסען אויפ׳ן דעק, קיינער האט ניט געוואלט אראפגעהן אין קאיוטע. פאגאנעל האט צורעכטגעמאכט זיין ספעקטיוו (טעלעסקאפ) און האט געקוקט אויף פאטאגאניען. ער האט זעהר געוואלט זעהן דיא איינוואינער פון פאטאגאניען.

— וואס הייסט זיין אין פאטאגאניען און ניט זעהן ניט איין פאטאגאניער? האט ער אויסגערופע איין מאל נאכ׳ן אנדערן.

—ווארט, מיין ליעבער פראפעסאר, האט געדולד! מיר וועלען נאך זעהן גענוג פאטאגאניער, האט איהם לארד גלענארוואן בערוהיגט.

— ווער קען וויסען? האט דער מאיאר געזאגט. מעגליך, אז אין פאטאגאניען זיינען קיין פאטאגאניער גאר נישטא.

— וואס רעדט איהר מאיאר? האט ליידי העלענא געזאגט. מיין פאטער האט

מיר א מאל ערקלערט, אז דיא שפּאניער, וועלכע האבען צום ערשטען מאל ענטדעקט פּאטאגאָניען און האבען דערזעהן דיא ווילדע מענשען, וועלכע האָבען דאָרט געוואוינט, זיינען געוועזען זעהר ערשטוינט פון זייער הויך און פון זייער גרויס. זיי זיינען דיא העכסטע מענשען אויף דער וועלט, מען קען זאגען, דיא ריעזען פון דער וועלט. בעזאנדערס מערקווירדיג זיינען זייערע פיס: זיי זיינען זעהר שטארק און דיא זאָהלע (פּאדעשווע) איז זעהר ברייט. דאס ווארט פּאטאגאָניען אויף שפּאניש הייסט „ברייטע פיס“ „גרויסע פיס“, אדער „מענשען מיט גרויסע פיס“. איך געפין דאהער, אז דער פּראָפעסאר האט רעכט. קוים זיינען מיר אין פּאטאגאָניען, מוזען מיר זעהן פּאטאגאָניער.

— וואס רעדט איהר פון זייער נאמען? האט דער פּראפעסאר אויסגערופען. מיינט איהר, אז מיר ווייסען זייער נאמען? דיא איינוואינער פון טשילי רופען זיי פּאַטאגאָניער; דיא איינוואינער פון פייערלאנד רופען זיי טירעמענען; דיא איינוואינער פון ארגענטיניען רופען זיי קאאוקאלהעס, דיא קאלאניסטען פון קארמען רופען זיי טעהועל־טשעס. דער פראנצויזישער רייזענדער בוגענוויל האט זיי א נאמען געגעבען טשאהוא; דער ענגלישער רייזענדער פּאלקנער רופט זיי הואיליטשעס. זיי אליין רופען זיך „אינאַ־קען“. היינט שטעלט אייך פאָר וויא עס זעהט אויס א פאלק, וואס האט אזוי פיעל נעמען? פון דיא אלע נעמען איז זעהר מעגליך, אז זיי האָבען גאר קיין נאָמען ניט און זיינען פיעללייכט גאר אויף דער וועלט ניטא.

— מיין ליעבער פּראָפעסאר, האט לאָרד גלענארוואן געזאגט, עס איז געוויס גאנץ ריכטיג, אז מיר ווייסען ניט דעם ריכטיגען נאמען פון דיא פּאטאגאָניער, אבער אלע רייזענדע געשטעהן דאך, אז דיא פּאטאגאָניער זיינען דיא העכסטע מענשען אויף דער וועלט. אלע האבען זיי דאך געזעהן און זיינען געוועזען איבערראשט. אזעלכע הויכע מענשען האבען זיי אין ערגעץ ניט געזעהן.

— מען קען דאס אויך ניט וויסען, האט דער פּראָפעסאר געזאגט. יעדער רייזענדער דערצעהלט עטוואס אנדערש. מאגעלאן דערצעהלט, אז ער האט מיט זיין קאָפּ קוים דערגרייכט זייער גארטעל. שוטעל און לע מייר דערצעהלען, אז זיי זיינען עלף פוס דיא הויך. האוקינס זאגט, אז זיי זיינען וואהרע ריעזען.

— דאס זיינען דאך מענער, וואס מען מעג זיי גלויבען? האט לארד גלענארוואן געזאגט. זיי האבען דאך ניט געשריעבען קיין ליגען.

— עס געפינען זיך אבער אנדערע רייזענדע, וועלכע זאגען, אז דיא ענגלענדער זיינען העכער פון דיא פּאטאגאָניער, וויא צום ביישפּיעל: בייראָן, וואוד, פאלקנער און אנדערע.

— אלזא, וואס דענקט איהר, פּראָפעסאר? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— דאס איז דיא אורזאכע, פאר וואס איך וויל אזוי זעהן א פּאטאגאָניער. איך וויל מיך אליין איבערצייגען, וואס פאר א סארט מענשען זיי זיינען, וועלכע האבען אזוי פיעל נעמען און א מאל זיינען זיי גאנץ הויך און א מאל זיינען זיי געוועהנליכע מענשען. איך וואלט געוועזען העכסט צופריעדען צו האבען יעצט אן עכטען פּאטאגאָניער אויפ'ן שיף און איהם אביסעל אויספרעגען איבער פּאטאגאָניען.

עס איז נאכט געווארען און דער פּראפעסאר האט ניט געהאט דאס פערגניגען

צו זעהן א פּאטאַגאָניער. ביי נאכט האָט קאַפּיטאַן פאַרראָגוט מורא געהאט צו פאהרען אין ענגען קאנאל. ער האט אויסגעזוכט א בוכטע צווישען דיא אינזלען פון פייערלאַנד און האט דארט פעראַנקערט דיא שיף. דיא נאכט איז געווען א פינסטערע, דער מאָנד האט ניט געשיינט, אָבער דער הימעל איז געווען לויטער און דיא שטערן האבען געפונ־קעלט און געוואונקען מיט זייער שטילעם, שוואַכעם ליכט. קיינער האט זיך ניט געוואלט געהן לעגען שלאָפען, זאגאר דער קליינער ראָבערט איז געזעסען אויפ'ן דעק. דער פּראָ־פעסאר האט אלע מאל גענומען זיין טעלעסקאָפּ און האט געקוקט אין דיא דונקעלע נאכט. פּלוצלונג האבען זיי דערזעהן אויף איינער פון דיא אינזלען זיך עפּעס לייכטען. באלד האט אנגעהויבען לייכטען נאך אין אן ארט, אין א צווייטען, דריטען, פינפטען ארט.

— וואס איז דאס? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— דאס קאָכען דיא ווילדע פון דיזע אינזעל זייער סאָפּער, האט קאַפּיטאַן פאַר־ראָגוט ערקלערט. יעדע פאַמיליע האט צולעגט א פייער און קאָכט זיך עסען.

— אלע מיט איין מאל? האט זיך ליידי העלענא געוואונדערט. זיינען זיי סאָל־דאטען, וועלכע עסען, ווען דער אפיציער הייסט זייא? איז איינגעפיהרט אזא שטרענגע דיסציפּלינא אין פייערלאַנד, אז אלע מוזען קאָכען זייער עסען מיט איין מאל? ער־קלערט איהר עס מיר פּראָפעסאר.

— דיא איינוואוינער פון דיא פייערלאַנד אינזלען זיינען זעהר ווילד, האט דער פּראָפעסאר אנגעהויבען צו ערקלערן. מען קען זאגען, אז זיי זיינען דיא ווילדעסטע מענ־שען אויף דער וועלט. אין 1832 האט דיא ענגלישע שיף „ביגל" בעזוכט פייערלאַנד. דער געלערנטער דארווין, וועלכער איז געפאהרען אויף דער „ביגל", האט מיטגענומען פיער יונגע פייערלענדער קיין ענגלאַנד.

— וויא אזוי האט ער זיי גענומען? מיט געוואַלד, אדער זיי האָבען אליין געוואָלט פאהרען? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— דיא ווילדע איינוואוינער פון פייערלאַנד פערקויפען זייערע קינדער, האָט דער פּראָפעסאר ערקלערט. לאז נור א שיף בלייבען שטעהן לעבען א אינזעל, קומען באלד אין קליינע שיפלעך גאנצע באנדעס מענער און פרויען און גיבען אוועק זייערע קינדער פאר א שפּילקע, פאר א נאָדעל, פאר א נאגעל אדער זאָנסט פאר א קלייניגקייט. איהר קענט אייך פארשטעלען, אז צווישען דיא פיער אינגלעך, וועלכע דארווין האט ביי זיי געקויפט, איז געווען איינער, וועלכען דארווין האָט א נאָמען געגעבען „דשים בוטאַן", ווייל ער האט איהם געקויפט פאר א מעשענעם קנאָפּ. דארווין האָט גערעכענט, אז ער וועט זיי ברענגען קיין לאנדאָן, וועט זיי דארט לאזען לערנען און ווען זיי וועלען אויסוואקסען און ווערן געבילדעט, וועט מען זיי צוריקשיקען א היים, זיי זאָללען א ביסעל אויסבילדען זייערע לאַנדסלייט. ער האט זיי בעהאנדעלט זעהר פריינדליך און האָט פון זיי אויסגעלערנט זייער שפּראַך.

דשים בוטאַן האט זיך געוויעזען אלס זעהר פעהיגער אינגעל. ער האט זיך שנעל אויסגעלערנט ענגליש און איז אין א קורצע צייט געווארען א דזשענטעלמאַן. ווען מען האט געפונען אין לאנדאָן, אז ער איז שוין גענוג געבילדעט, האט מען איהם און דיא צוויי אנדערע — איינער פון זיי איז געשטארבען — אויפגעזעצט אויף א שיף און מען

האט זיי צוריק געשיקט א היים. אזוי וויא דשים בוטאן האט בעסער גערעדט ענגליש פון זיינע קאמעראדען און איז געווען פעהיגער פון זיינע קאמעראדען, האט מען איהם געגעבען פיעל פרעזענטען און פיעל ניצליכע זאכען, ער זאל זיי צוטהיילען צווישען זיינע לאנדסלייט. אבער קוים איז ער געקומען א היים, זיינען זיינע לאנדסלייט איהם אנגע-פאלען און האבען ביי איהם אלעם צוגענומען. ער איז אין א קורצע צייט וויעדער גע-ווארען אזוי ווילד, ווי זיינע לאנדסלייט. אין צוויי יאהר ארום איז אן ענגלישע שיף געווען אין יענע געגענד. דער קאפיטאן פון דער שיף האט געקענט דשים בוטאן פון לאנדאן. ער איז געווען נייגעריג צו וויסען, וואס פון איהם איז געווארען. ער האט איהם אויך באלד אויסגעפונען, אבער אזוי ווילד און אזוי גראב גלייך וויא ער וואלט קיין מאל ניט געווען אין לאנדאן.

— אבער פראפעסאר, איז איהם לוידי העלענא אריינגעפאלען אין דיא רעד, איהר האט דאך שוין גאר פערגעסען מיר צו ערקלערן, וויא עס קומט, וואס אלע פייערלענדער קאבען זייער עסען מיט אמאל?

— דאס וועל איך באלד ערקלערן. דיא פייערלענדער וויסען ניט פון זייען און פון אקערן. זייער לאנד איז אויך זעהר ארים. עס וואקסט דארט גאר נישט. זיי לעבען פון פיש, וועלכע זיי פאנגען אין מעער, פון דיא אייער פון פייגעל, וועלכע זיי געפינען אויף דיא שטיינער לעבען מעער און פון אייניגע קליינע חיות, וועלכע זיי פאנגען. עס טרעפט א מאל, אז דאס מעער ווארפט ארויס א גרויסען פיש, א טויטען, אויפ'ן ברעג. דאמאלס האבען זיי א פייערטאג. דארווין דערצעהלט, אז ווען ער איז געווען אין פייער-לאנד, האט דאס מעער ארויסגעווארפען א טויטען וואלפיש. קוים זיינען דיא ווילדע דער פון געוואהר געווארען, האבען זיי זיך פערזאמעלט ארום דעם טויטען פיש, יעדער האט אויסגעשניטען א שטיק פון צוואנציג ביז דרייסיג פונט, האט געמאכט אין דער מיט א לאך און האט עס אנגעטאהן אויפ'ן קאפ. אזוי האט ער עס געטראגען אין דעם ארט, וואו זייער דארף איז. דארט האט מען צולעגט א גרויס פייער און מען האט דאס שטיק וואלפיש געבראטען און געגעסען.

— דער אנבליק פון דרייסיג-פערציג האלב נאקעטע מענשען מיט א שטיק פלייש פון א וואלפיש אויף דיא פלייצעס, שרייבט דארווין, איז געווען שרעקליך, אבשייליך, עקעלהאפט.

וויא עס ווייזט אויס, האבען זיי היינט אזא יום טוב. דאס מעער האט ארויס-געווארפען עפעס א גרויסען טוידטען פיש, וועלכען זיי האבען צושניטען און פרעסען יעצט.

לוידי העלענא, לארד גלענארוואן און דער פראפעסאר האבען זיך ניט געקענט אפרייסען פון דיעזע זאנדערבארע סצענע. אויף א גרויסע שטרעקע אויפ'ן אינזעל האט מען געזעהן לייכטען דיא פייער פון דיא ווילדע.

— יעצט פערשטעה איך, פאר וואס מען האט דיעזע אינזלען א נאמען געגעבען פייערלאנד, אדער אויף שפאניש, „טעררא דעל פועגא", האט לוידי העלענא געזאגט. דיא ערשטע שפאניער, וועלכע האבען זיי ענטדעקט, האבען געוויס אויך געזעהן אזא סצענע, אז אומעדום האט געברענט פייער, דערפאר האבען זיי עס א נאמען געגעבען פייערלאנד.

— בראַוואָ! האָט אויסגערופען דער פּראָפעסאָר. איהר וועט שוין באַלד מענש׳ האַלטען פאַרלעזונגען אין פאַריזער אוניווערזיטעט.

עס איז געוואָרען שפּעט. דיא נאַכט לופט איז געוואָהרען אַלץ קיהלער, אָבער קיינער האָט ניט געוואָלט אַריינגעהן שלאָפען. דיא סצענע איז געווען פאַר אַלעמען ניי און איבעראַשענד.

— וואו נעהמען זיי האָלץ צו מאַכען זייער פייער? האָט ליידי העלענא געפרעגט. איך זעה אויף דער אינזעל גאַר קיין בוימער ניט.

— עס וואַקסען בוימער און בוימלעך אויף דיא אינזלען אַרום, האָט דער פּראָפעסאָר געענטפערט. וואונדערבאַר איז דאָס. דיא בוימער וואַקסען דאָ געוועהנליך אין וואַסער און זיינען שטאַרק נאַס. דעם מענשען, וועלכער איז ניט בעקאַנט מיט דער געגענד, וואָלט זעהר שווער געווען צו מאַכען אַ פייער פון אַזאַ האָלץ. דיא נאַטור האָט זיך אָבער געזאָרגט פאַר דיא ווילדע. עס וואַקסט דאָ אַ סאָרט גראָז, וועלכעס האָט אין זיך אַ סאָרט גומי, וואָס ברענט אַזוי העל און צינדעט זיך אָן אַזוי שנעל, וויא צונדער. מען מעג דאָס גראָז האַלטען אין וואַסער, קוים לעגט מען צו צו איהם אַ קויל פייער, צינדעט עס זיך באַלד אָן און ברענט העל וויא אַ קינעלע.

דיא אוהר האָט געשלאָגען צוועלף און דיא פייער אויף דער אינזעל האָבען נאָך אַלץ געברענט העל.

— זאָלען זיי אַזוי לאַנג קאָכען און עסען? האָט ליידי העלענא געפרעגט. וויא קענען עס מענשען אַזוי פיעל עסען?

— אַזוי זיינען שוין דיא ווילדע מענשען. זיי קענען איבערטראָגען הונגער פיעל לענגער פון אונז, צוויליזירטע מענשען, אָבער קוים האָבען זיי וואָס צו עסען, קענען זיי אויפעסען אַזוי פיעל, אַז מיר פערשטעהען עס ניט, וואוהין געהט עס ביי זיי אַריין. דער ווילדער מענש קען אויפעסען צעהן ביז פופצעהן פונט פלייש אויף איין מאָל. דער אייראָפּעער וואָלט, דאַכט זיך, צוזעצט געוואָרען פון אַזאַ עסען. דעם ווילדען אָבער האַרט עס ניט. ער עסט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט מעהר ניט וואָס צו עסען.

עס איז געוואָרען שפּעט און מען האָט דאָך געמוזט געהן שלאָפען. גאַנץ פריה האָט דער קאַפּיטאַן געהייסען אויפהויבען דעם אַנקער און ווייטער פאָהרען. וויא שפּעט מען האָט זיך געלעגט שלאָפען, זיינען דאָך אַלע שוין געווען גאַנץ פריה אויפ׳ן דעק. יעדער האָט געוואָלט זעהן דיא געגענד אַרום; יעדער האָט געוואָלט זיין דער ערשטער צו זעהן אַ ווילדען מענשען.

באַלד האָבען זיי דערזעהן רואינען (חורבות) פון הייזער און פון אַ קירכע. אויף אַ בערגעל לעבען ברעג זיינען געשטאַנען אין אַ רייהע עטליכע איינגעפאַלענע הייזער. אין דער מיט איז געשטאַנען אַ קירכע מיט׳ן קרייץ פון אויבען, אָבער האַלב איינגעפאַלען.

— וואָס איז דאָס? האָט לאָרד גלענאַרוואָן געפרעגט. ווער זיינען דיעזע רואינען, דיעזע חורבות? האָבען דאָ אַמאָל געוואוינט מענשען? וואו זיינען זיי? פאַר וואָס זיינען זיי פערשוואונדען?

— זיינען מיר ניט לעבען הונגער פארט, אָדער פארט פאמין? האט פּאגאָנעל געפרעגט דעם שיפסקאַפּיטאַן.

— יא, מיר זיינען לעבען פארט פאמין, האט קאפּיטאַן פאררא׳גוט געענטפערט.

— נון, דאן קען איך אייך דערצעהלען דיא טרויעריגע געשיכטע פון דיעזע הייזער, פון דיעזע שטיינער און פון דיעזער קירכע, האָט דער פּראָפעסאָר געזאגט. עס איז זעהר א טרויעריגע געשיכטע פון דיא אלטע צייטען. אין 1581 איז געקומען אהער א שפּאַניער, סארמיענטא, מיט פיער הונדערט עמיגראַנטען און האבען דאָ געגריגדעט א קאָלאָניע. זיי האבען אויסגעבויט א שטאָדט און האבען איהר א נאמען געגעבען סען פיליפּ. דער לאנגער און שרעקליך קאלטער ווינטער פון דיעזע געגענדען האט געווירקט זעהר שלעכט אויף דיא שפּאַניער, וועלכע זיינען געוואינט געוועזען צום ווארעמען קלימאט פון שפּאַניען. זיי זיינען געפאַלען וויא פליעגען. נאכ׳ן ערשטען ווינטער איז פון דיא פיער הונדערט עמיגראַנטען מעהר ניט געבליעבען, וויא הונדערט און פופציג מענשען.

דיא איבעריגע זיינען אויסגעשטארבען פון קעלט און פון קראנקהייטען. ענדליך איז געקומען דער ליעבער זומער, ווען דיא קאָלאָניסטען האבען זיך געדארפט נעהמען צו דער ארבייט: אקערן, זייען האָפּען פיש און אָנגרייטען פראָוויאַנט אויפ׳ן ווינטער. זיי זיינען אבער געוועזען אזוי שוואך און אזוי אָפּגעמאטערט פונ׳ם לאנגען ווינטער, אז זיי האבען אין דער ערשטען צייט זיך ניט געקענט נעהמען צו קיין שום ארבייט. דיא בעסטע צייט איז פערגאנגען און זיי האבען גאר ניט געטאהן. דער פראוויאנט וואס זיי האָבען מיטגעבראכט פון דער היים האט זיך אויסגעלאזען און זיי זיינען אלע אויסגעשטארבען פאר הונגער און נויט.

אין 1583 איז אנגעקומען אן ענגלישע שיף און דער שיפסקאַפּיטאַן, קעווענדיש, האט געפונען דעם לעצטען פון דיא פיער הונדערט עמיגראַנטען האלב טויט אין זיין ארים שטיבעלע. ער האט איהם ארויפגענומען צו זיך אויפ׳ן שיף און דער שיפס־דאָק־טאר האט זיך געגעבען דיא גרעסטע מיה איהם געזונד צו מאכען. עס איז איהם אבער נור אזוי ווייט געלונגען, אז דער פערהונגערטער מענש האט געקענט דערצעהלען דיא געשיכטע פון זיינע ליידען. איידער זיי זיינען געקומען קיין ענגלאנד, איז ער געשטארבען. דער פאר האט מען א נאמען געגעבען דיעזען פארט „דער הונגער פאָרט“.

דיעזע ערצעהלונג האט געמאכט א טיעפען איינדרוק אויף אלעמען. אלע האָבען זיך צוגעקוקט צו דיא עטליכע איבעריגע חורבות. לעבען דער קירכע האט מען געזעהן צווייא־דרייא גראב שטיינער (מצבות).

אונטערדעסען איז דיא שיף געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער, צווישען הונדערטער אינזלען. זעהר אָפט פלעגט זיא צוקומען אזוי נאהענט צום ברעג, אז דיא צווייגען פון דיא בוימער פלעגען בעריהרען דעם דעק. קאפּיטאַן פאראגוט פלעגט שטענדיג שטעהן ביים רעדעל און קירעווען דיא שיף. ענדליך זיינען זיי ארויסגעפאהרען פון מאַגעלאנס שטראסע און זיינען אריינגעפאהרען אין שטילען וועלט מעער. דער פּראָפעסאָר איז געוועזען פול פרייד, ווען ער האט דערזעהן פאר זיך דיא שטילע, רוהיגע מאסע וואסער, וועלכער הייסט דער שטילער אָצעאַן, אדער Pacific Ocean.

## 10טעם קאפּיטעל.

## וואו זאָל מען אָפּשטייגען?

ביז אהער האט לארד גלענארוואן נאך ניט גערעדט מיט'ן פּראָפעסאָר איבער'ן הויפּט צוועק פון זייער רייזע: וואו מען זאל אנהויבען צו זוכען דעם קאפּיטאן גראנט. יעצט, אז זיי זיינען שוין ארומגעפאהרען גאנץ פּאטאגאָניען, האט מען דאך געמוזט פאסען א בעשלוס, וואו מען זאל אפּשטייגען און וואו מען זאל אנהויבען צו זוכען דיא אונטערגעגאנגענע שיף „בריטאניא" און דעם קאפּיטאן גראנט מיט זיינע מאטראָזען.

דעם 8טען אקטאבער אין דער פריה, ווען אלע זיינען געזעסען אויפ'ן דעק, האָט לארד גלענארוואן זיך געווענדעט צום פּראפעסאר.

— וואס דענקט איהר, פּראפעסאר? האט ער איהם געפרעגט. וואו זאלען מיר אנהויבען צו זוכען דעם קאפּיטאן גראנט?

— איך האב גערעכענט, אז מיר וועלען קומען אין דער מאגעלאן שטראָסע, וועלען מיר בעגעגענען פּאטאגאָניער און מיר וועלען זיי פרעגען, פּיעללייכט וויסען זיי פון א שיף, וואס איז אונטערגעגאנגען אין דיעזע געגענדען. יעצט וויים איך ניט וואָס צו טאהן און וואו צו זוכען.

— וואס איז אייער מיינונג, קאפּיטאן? האט לארד גלענארוואן געפרעגט דעם קאפּיטאן פאררראגוט.

— איך מיין, אז מיר זאלען פאהרען אביסעל וויי‏טער, ביז מיר וועלען קומען צו דיא אינזלען טשילאָע. וויא עס וויזט אויס, האט קאפּיטאן גראנט געליטען שיפברוך ערגעץ צווישען יענע אינזלען. מיר וועלען אויספרעגען דיא איינוואָינער פון דיא אינזלען, אויב זיי געדענקען ניט א שיף מיט דריי זעגעל בוימער, וועלכע איז אונטערגעגאנגען אין יענע געגענדען; מיר וועלען צו זאגען צו געבען פּרעזענטען, ווער עס וועט אונז ברענגען זאכען פון א שיף. ענדליך וועלען מיר זיך ווענדען צו ענגלישען קאנסול אין דער שטאדט קאנסעפּסיאן ניט וויים פון יענע אינזלען.

— דאס איז אויך געווען מיין ערשטער פּלאן, האט לארד גלענארוואן געזאגט.

— און דאס איז אויך דער בעסטער פּלאן, איך זעה דערווייל ניט קיין אנדערן וועג, וויא צו זוכען דעם קאפּיטאן גראנט.

עס איז אזוי געבליעבען. אין צוויי א טאָג ארום זיינען זיי צוגעקומען צו דיא גרויסע גרויסע און קליינע אינזלען, וועלכע הייסען צוזאמען טשילאָע. אויף דיא קלענערע אינזלען וואינט געוועהנליך קיינער ניט, נור זומער קומען אהער פישער צו פאנגען פיש. די גרעסערע אינזלען זיינען בעוואינט. די „דונקאן" איז צוגעקומען צו יעדע אינזעל. קאפּיטאן פאררראגוט מיט איינינע מאטראזען זיינען אראָפּגעגאנגען, האָבען געזוכט, פּיעללייכט וועלען זיי געפינען עפּעס א שפּור פון דער אונטערגעגאנגענער שיף „בריטאניא", האבען געפרעגט יעדען, וואס זיי האבען בעגעגענט, אויב ער וויים ניט פון א שיף „בריטאניא", וועלכע איז דאָ ערגעץ אונטערגעגאנגען? לײדער, זיינען אלע זייערע פאָרשונגען, זייער זוכען און זייער נאכפרעגען געווען אומזיסט. קיינער האט ניט געוואוסט פון א שיף „בריטאניא", קיינער האט זיא ניט געזעהן, קיינער האט פון איהר ניט געוואוסט, פון

איהר ניט געהערט. עס האבען ניט געהאלפען דיא פרעזענטען וואס לארד גלענארוואן האט צוגעזאגט.—אזא שיף איז אין יענע געגענדען ניט אונטערגעגאנגען.

יעצט ערשט האט לארד גלענארוואן איינגעזעהן, וואס פאר א שווערע אויפגאבע ער האט אויף זיך גענומען, דערצו איז נאך זיי געווען זעהר שווער זיך אויפצורעדען מיט דיא איינוואינער פון יענע געגענדען. קיינער אויף'ן דונקאן האט ניט גערעדט קיין שפאניש. פראפעסאר פאגאנעל, וועלכער האט דיא גאנצע צייט, וואס איז געווען אויף'ן דונקאן זיך געלערנט שפאניש, האט פראבירט רעדען מיט דיא איינוואינער שפאניש. ליידער, האט איהם קיינער ניט פערשטאנען און ער האט קיינעם ניט פערשטאנען. מען האט געמוזט רעדען דורך צייכענס און זיך פערשטענדיגען דורך דיא פאר ווערטער ענגליש, וועלכע דיא איינוואינער האבען פערשטאנען און דורך דיא עטליכע ווערטער שפאניש, וועלכע דער קאפיטאן פארראגוט האט פערשטאנען.

צעהן טאג דורכאנאנדער זיינען זיי ארומגעפאהרען ארום דיא אינזלען פון טשי־לאע, האבען איבעראל געפארשט, געזוכט און געפרעגט און האבען גאר ניט אויסגע־פונען. ענדליך האבען זיי זיך ענטשלאסען זיך צו ווענדען צום ענגלישען קאנסול, וועלכער וואינט אין דער שטאדט קאנסעפסיאן. דיא „דונקאן" איז צוגעפאהרען צום ברעג און האט זיך פעראנקערט. דיא שטאדט קאנסעפסיאן ליעגט דריי שטונדען רייזע ווייט פון פארט.

לארד גלענארוואן און דער פראפעסאר זיינען אראפגעגאנגען פון דער שיף, האבען געדונגען פערד און זיינען אריינגעפאהרען אין שטאדט.

דיא שטאדט קאנסעפסיאן אין דער פראווינץ קאנסעפסיאן אין דער לאנד טשילי איז אמאל געווען איינע פון דיא גרעסטע האנדעלס שטעדט אין זיד אמעריקא. זיא ליעגט לעבען א גוטען פארט, טאלקוהאנע, און אלע שיפען, וועלכע פאהרען אין יענע וואסערן, שטעלען זיך דארט אפ, ווייל דארט איז זעהר ביליג שטיין־קוילען, וועל־כע זיינען דא זעהר פיעל אין דער פראווינץ. דיא שטאדט וואלט געוואקסען מיט יעדען טאג, ווען זיא וואלט ניט געליטען אזוי פיעל פון קריעג און פון דיא ווילדע מענשען. אין 1819 זיינען אויף איהר אנגעפאלען דיא ווילדע אראקויאניער און האבען זיא אונ־טערגעצונדען. דיא גאנצע שטאדט האט אפגעברענט. אין 1835 איז געווען א קריעג צווישען טשילי און ארגענטיניען און דיא ארגענטיניער האבען זיא צערשטערט. אין 1855 האט זיא ווייטער אפגעברענט.

ווען לארד גלענארוואן און דער פראפעסאר זיינען אריינגעפאהרען אין קאנסעפ־סיאן, האבען זיי געזעהן מיט שטוינען, וויא שטיל, וויא רוהיג, וויא אויסגעשטארבען דיא שטאדט איז. דיא גאסען זיינען בעוואקסען מיט גראז, דיא הייזער זיינען איינגע־פאלען, טרויעריג און שמוציג. דער פראפעסאר האט אנגעהויבען צו ערקלערן דיא אור־זאכען, פאר וואס דיא שטאדט קאנסעפסיאן איז אזוי פערנאכלעסיגט און אזוי שטיל. לארד גלענארוואן אבער האט איהם ניט געוואלט אויסהערן. איהם איז געלעגען אין קאפ דער הויפט צוועק פון זיין רייזע.

מיט שווערע מיה האבען זיי זיך דערפרעגט צום ענגלישען קאנסול, מיסטער בענטהאם, וועלכער האט זיי אויפגענומען זעהר פריינדליך. לארד גלענארוואן האט איהם

דערצעהלט דעם צוועק פון זיין רייזע. דער קאָנסול האט איהם געזאגט, אז ער האט אויך ניט געהערט, אז אן ענגלישע שיף „בריטאַניא" זאָל אַמאָל האבען אונטערגעגאנגען ערגעץ אין יענע געגענדען. ווען לאָרד גלענארוואן האט איהם געוויזען דיא דרייא בריעף און האט איהם ערקלערט, אז ער האט זיך פעסט ענשלאָסען צו זוכען דעם קאַפיטאן גראַנט, עס מעג איהם קאָסטען וויא פיעל עס איז. ער וועט בעצאהלען אלע קאָסטען, אום מען זאָל זוכען א שפור פון דער „בריטאַניא", האט דער קאָנסול ארויס געשיקט מענשען אין אלע דערפער ארום ברעג און אין אלע אינזלען, זיי זאָלען זוכען און נאכפרעגען, טאָמער וויים איינער, אדער טאָמער האט איינער געהערט פון דער „בריטאַניא".

אין דרייא טאג ארום זיינען דיא מענשען געקומען צוריק און האבען געמעלדעט, אז זיי האבען קיין שום שפור פון דער „בריטאַניא" ניט געפונען. לאָרד גלענארוואן און דער פראָפעסאר זיינען צוריק געקומען אויף דער שיף זעהר טרויעריג און נידערשלאָגען. ליידי העלענא, מערי און ראָבערט גראַנט האבען באלד דערקענט אן זיי, אז זיי האָבען טרויעריגע נאכריכטען. ליידי העלענא האָט זיי געטרייסט, וויא וויית זיא האט געקענט. דער פראָפעסאר און לאָרד גלענארוואן זיינען אריינגעגאנגען אין זייער קאיוטע און האָבען זיך געזעצט שטודירען דיא בריעף, וואס זיי האבען געפונען אין דער פלאַש.

— איך מיין, אז מיר האבען דיא בריעף דאך ניט ריכטיג ערקלערט, האט לאָרד גלענארוואן געזאגט. ווען דיא „בריטאַניא" זאָל געווען אונטערגעהן אין דיעזע געגענדען, וואלט מען דאך עפּעס געוואוסט פון איהר. עס איז וואָהר, דא וואוינען נאך זעהר פיעל ווילדע מענשען. זיי זיינען שוין אבער אזוי וויית ציוויליזירט, אז זיי וויסען שוין, אז געלד איז א סחורה און וויסען, אז פאר א נאכריכט פון אזא אונגליקספאַל צאהלט דיא ענגלישע רעגיערונג, אָדער ריכטיגער געזאגט, דער ענגלישער קאָנסול, מיט גוטע פונטען שטערלינג. זיי וואָלטען עס איהם געוויס געמעלדעט.

דער פראָפעסאר איז געווען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען און האָט געשוויגען.

— מיר דאכט, אז דער נאמען פאטאגאָניען איז גאַנץ דייטליך אין דעם פראַנצויזישען בריעף, האט לאָרד גלענארוואן ווייטער געזאגט. אנדערש, דאכט זיך, קען מען עס ניט ערקלערען. אלזא, וויא קומט עס, וואס מיר קענען ניט געפינען קיין שום שפור פון דער „בריטאַניא" און פון קאפּיטאַן גראַנט?

דער פראָפעסאָר האט נאך אלץ געשוויעגען. אונטערדעסען איז ליידי העלענא, דער מאַיאָר, מערי און ראָבערט גראַנט אריינגעקומען אין דער קאיוטע און האבען געזעהן, וויא ביידע מענער זיצען און קלערן איבער דיא דרייא בריעף.

— איך מיין, אז מיר האָבען געמאכט א פעהלער אין דער ערקלערונג פון דיא בריעף, האט ענדליך געזאגט דער פראָפעסאָר.

אלע זיינען געווארען אויפמערקזאם.

— וועלכען פעהלער האבען מיר געמאכט? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— מיר האבען ערקלערט, אז קאפּיטאַן גראַנט שרייבט, אז ער האט מורא, דיא ווילדע מענשען זאָלען אויף איהם ניט אָנפאַלען. דאס איז דער פעהלער. ער שרייבט, אז זיי ז י י נ ע ן אויף איהם אָנגעפאַלען, האָבען איהם געפאנגען און האבען איהם

אוועקגעפיהרט ערגעץ ווייט אין פאטאגאָניען. דאס טרעפט זעהר אָפט. דיא פאטאגאָ־
ניער פרעסען ניט אויף זייערע געפאַנגענע. זיי זיינען קיינע מענשענפרעסער. זיי האַלטען
זייערע געפאַנגענע ביי זיך און צווינגען זיי ארבייטען. זיי ווייסען זעהר גוט, אז דיא איי־
ראָפּעער קענען פיעלע זאכען און זיינען גרויסע קינסטלער, דערפאר זיינען ביי זיי דיא
אייראָפּעער זייער טהייער און ווען זיי קענען חאפּען אן אייראָפּעער, נעהמען זיי איהם
געפאנגען און פיהרען איהם אוועק טיעף אין לאַנד, פון וואנען ער זאל ניט קענען אנט־
לויפען. דארט האַלטען זיי איהם פערשפּארט און הייסען איהם מאכען דיא אייראָפּעעשע
ארטיקעל. מיינער א לאנדסמאַן, דער שרייבער גוסטאַוו איימאַר, איז געווען צעהן יאָהר
א-געפאנגענער אין פאטאגאָניען און איז מיט שווערע מיה אַנטלאָפען פון זיי. איך וועל
אייך אנאנדער מאל דערצעהלען זיין געשיכטע.

— אלזאָ, דענקט איהר, אז קאפּיטאַן גראַנט איז געפאַנגען ביי דיא פאטאגאָ־
ניער? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— איך בין כמעט איבערצייגט, אז עס איז אזוי. זיין שיף איז אונטערגעגאַנגען
ערגעץ לעבען דיא אינזלען, אויף וועלכע עס וואוינט ניט קיין מענשען. אויף דער אינזעל
האבען זיך דאמאלס געראדע אויפגעהאלטען א באנדע פאטאגאָניער. זיי האבען גע־
זעהן, וויא דיא שיף איז אונטערגעגאנגען,-זיינען אנגעפאלען אויף קאפּיטאַן מיט זיינע
מאַטראָזען און האבען זיי געפאנגען גענומען. זיי האבען מורא געהאט, מען זאל ניט
געוואהר ווערן און מען זאל זיי ניט נאכיאגען און האבען, צערשטערט פערברענט, פער־
ניכטעט יעדע שפּור פון דער „בריטאניא". נור אויף אזא ארט קען איך מיר ערקלערן,
פאר וואָס מיר קענען ניט געפינען קיין שפּור פון דער „בריטאניא".

אלע זיינען געווען איינפערשטאנדען מיט דיעזער ערקלערונג. לאָרד גלענארוואַן
האט אויך געהערט דערפון, אז דיא ווילדע פאטאגאָניער נעהמען געפאנגען דיא אייראָ־
פּעער, וועלכע האבען דאס אונגליק ארייגצופאלען אין זייערע הענד און מאכען זיי פאר
קנעכט.

— אבער דיא פלאַש? האט זיך פּלוצלונג אָפּגערופען דער שוויינענדיגער מאיאָר.
ווען דיא פאטאגאָניער האבען געפאנגען גענומען דעם קאפּיטאַן גראַנט אין דער צייט
ווען ער האט געליטען שיפבּרוך, וואלטען זיי איהם געוויס ניט געלאזען שרייבען בריעף,
זיי ארייגלעגען אין א פלאש און דיא פלאַש ארייגוואַרפען אין מעער. אזוי קלוג זיינען
זיי שוין געוויס, אז זיי וואלטען איהם ניט דערלאָזט ער זאל געבען צו וויסען, אין וואס
פאר א געפאהר ער געפינט זיך.

אלע האבען אנגעקוקט דעם מאיאָר. זיין פראגע איז געווען גאַנץ ריכטיג.

— מעגליך, אז אויפ'ן וועג פון'ם מעער ביז אין דעם ארט, וואוהין דיא פאטא־
גאָניער האבען איהם אוועקגעפיהרט, איז עס דעם קאפּיטאַן גראַנט געלונגען אנצושריי־
בען דיא בריעף, זיי ארייגצולעגען אין פלאַש און דיא פלאַש ארייגצוואַרפען אין א
טייך, וועלכער פליעסט אין מעער, האט דער פּראָפעסאָר געזאגט. דיא פאטאגאָניער
האבען געפונען אויף דער „בריטאניא" פיעל עסענוואַרג, זיי האבען זיך ערגעץ אפּגע־
שטעלט אויפ'ן וועג נעכטיגען. זיי האבען זיך שטארק אנגעגעסען און זיינען אנטשלאָפען
געווארען. אין דער צייט האט קאפּיטאַן גראַנט אנגעשריעבען דיא בריעף.

— עס איז זעהר מעגליך, אז דער פּראָפעסאָר האט רעכט, האט לאָרד גלענאַר־וואַן געזאגט. איך וויל נאך ווייטער געהן און זאגען, אז ווען דיא פּאטאגאָניער האבען געבראכט דעם קאפּיטאן גראנט אין זייער דארף און האבען איהם שוין ניט אזוי שטרענג בעוואכט, האט ער אנגעשריעבען דיא בריעף און האט זיי אריינגעלעגט אין א פלאַש, וועלכע ער האט אריינגעוואָרפען אין טייך, ווען ער איז געגאנגען שעפּען וואסער. דיא טייכען אין פּאטאגאָניען פליעסען זעהר שנעל און דיא פלאַש איז באַלד אריינגע־שוואומען אין מעער.

— אלזא, וואס דענקט איהר צו טאהן? האט דער מאַיאָר געפרעגט.

איינינע מינוטען האבען אלע געשוויעגען. דיעזע פראגע האט זיי איבעררּאַשט. וואס זאלען מיר יעצט טאהן? האט יעדער געפרעגט ביי זיך.

— איך מיין, אז אונזער אויפגאַבע איז יעצט פיעל לייכטער, וויא פריהער, האט דער פּראָפעסאָר ענדליך געזאגט. אין דעם פראנצויזישען בריעף שטעהט דייטליך 37. דאס הייסט, אז דער קאפּיטאן מיט זיינע מאטראָזען געפינען זיך אויפ׳ן 37טען גראַד. מיר דארפען אלזא דורכרייזען גאנץ פּאטאגאָניען אויפ׳ן 37טען גראַד. פון טשילי ביז ארגענטיניען, אדער פון׳ם שטילען אָצעאן ביזן אטלאנטישען אָצעאן. וואו מיר וועלען בעגעגענען רייזענדע, אייראָפּעער אדער פּאטאגאָניער, וועלען מיר זיי פרעגען וועגען קאַפּיטאן גראנט. מיר וועלען צוזאָגען צו געבען א גרויסע בעלוינונג יעדען, ווער עס וועט אונז ברענגען אירגענד וועלכע נאכריכט פון איהם. אין פּאטאגאָניען געפינען זיך פיעלע יעגער, וועלכע פאהרען ארום פאַנגען שטרויסען אין גואנאקאס.

— וואס איז דאס? האט ליידי העלענא געפרעגט. און פּאטאגאָניען זיינען דאָ שטרויסען? איך האב געמיינט, אז שטרויסען געפינען זיך נור אין אפריקאַ.

— דאָ האט איהר א טעות, ליידי העלענא, האט דער פּראָפעסאָר געזאגט. עס איז זעהר מעגליך, אז דיא שעהנע, ווייכע און ווייסע שטרויספעדערן, וועלכע איהר טראָגט אויף אייער הוט, קומען ארויס פון א שטרויס פון פּאטאגאָניען און ניט פון אפריקאַ. דער שטרויס אין אפריקאַ ווערט אלע מאל זעלטענער, זיינע פעדערן זיינען זעהר טהייער, דערפאר זיינען דאָ זעהר פיעל יעגער, וועלכע זוכען איהם אויף און טויטען איהם צוליעב דיא פעדערן. עס וואלט שוין אין אפריקאַ גאָר קיין שטרויסען ניט געווען, ווען דיא ענגלענדער און דיא האלענדער אין קאפּלאנד וואלטען זיך ניט געווען אומגע־קוקט און האבען אנגעהויבען צו האלטען שטרויסען ביי זיך אויף דיא פארמס, אזוי וויא מען האלט ביי אונז גענז. דיא יעניגע, וועלכע ווייסען, וויא אזוי ארומצוגעהן ארום דיא שטרויסען, מאכען דערביי א גאַנץ גוטעס געשעפט. זיי געווינען פון דעם שטרויס צוויי זאכען: אייער און פעדערן. אן איי פון אן אפריקאנער שטרויס ווענט אן ערך פון זעקס פונט. מיט אזא איי קענען זיך צווייא שטארקע מענשען אן עסען.

דיא שטרויסען אין פּאטאגאָניען זיינען פיעל קלענער אלס דיא אפריקאנער שטרויסען. זייערע פעדערן זיינען אויך ניט אזוי שעהן און ניט אזוי ווייך, וויא דיא פעדערן פון׳ם אפריקאנער שטרויס. אזוי וויא פּאטאגאָניען איז נאך זעהר ווענינ בע־קאנט און ביז ניט לאנג פלעגען דיא אייראָפּעאישע יעגער ניט קומען אהין, האבען דיא שטרויסען דארט געלעבט גאַנץ רוהיג און האבען זיך שטארק פערמעהרט. ערשט נאר

ניט לאנג זיינען דיא אייראפעער געוואהר געווארען פון דיא שטרויסען. יעצט געפינען זיך שוין גאנצע פארטיען, וועלכע פאהרען ארום איבער פאטאגאָניען און יאגען זיך נאך דיעזע שטרויסען. אין דער שטאדט פונטא ארענא, אדער וויא דיא ענגלענדער רופען זיא Sandy Point קענט איהר יעצט קויפען א פונט גוטע שטרויספעדערן פאר צעהן דאלאר.

איך האף, אז מיר וועלען בעגעגענען ערגעץ אזעלכע יעגער און וועלען ביי זיי קענען געוואהר ווערן איבער קאפיטאן גראנט. דיעזע יעגער לעבען זעהר גוט מיט דיא ווילדע. זיי מוזען אפט אנקומען איינער צום אנדערן. אייניגע פון זיי הייראטהען זאגאר דיא טעכטער פון דיא פאטאגאָניער. זיי ווייסען דאהער אלעס, וואס דיא ווילדע טהוען און מיר וועלען פון זיי קענען פיעל זאכען ערפאהרען.

— זעהר פיעל וועט איהר ערפאהרען! האט געזאגט דער מאיאָר. עס איז אייך לייכט צו זאגען. דורכפאהרען גאנץ פאטאגאָניען פון איין עק צום אנדערן. איהר מיינט, פראָפעסאָר, אז איהר זייט אין דער אוניווערזיטעט אין פאריז און איהר געהט ארום אויף דעם לאַנדקארט מיט דיא פינגער. דאס איז לייכט, אבער דורכפאהרען גאנץ פאטאגאָניען איז ניט קיין קלייניגקייט.

— מיין ליעבער ריטשארדסאָן, האט לארד גלענארוואן געזאגט, איהר זייט וויעדער אמאל אומגערעכט. איין מאל האבען מיר זיך ענטשלאסען צו פאהרען זוכען דעם קאפיטאן גראנט, דארפען מיר ניט קוקען אויף קיין שוועריגקייט. איך האב זעהר גוט געוואוסט, אז עס איז ניט אזוי לייכט צו פאהרען זוכען א מענשען אויף א אינזעל ערגעץ אין זידליכען מעער. איך האב מיך אבער ענטשלאסען און וועל ניט קוקען ניט אויף דיא גרויסע קאָסטען, ניט אויף שוועריגקייטען.

ווען ער האט דאס געזאגט, האט ער זיך געווענדעט צום פראָפעסאר.

— אלזא, הערר פראפעסאר, איז אייער מיינונג, אז מיר זאלען פאהרען אויפ'ן 37טען גראד?

פראפעסאר פאגאנעל האט ארויסגענומען פון'ם בוזים דיא לאַנדקארטע פון זיד אמעריקא און האט זיא אויסגעשפרייט אויפ'ן טיש.

— קוקט אייך נור גוט צו דער לאַנדקארטע, האט ער געזאגט. אט ליעגט דאס לאַנד טשילי, א שמאָלער פאס לאַנד לעבען שטילען אצעאן. דאן הייבען זיך אן גאנץ הויכע בערג, וועלכע הייסען דיא קארדיליערען. ווען מען געהט אריבער דיא קארדיליערען, הויבט זיך אן א גרויסער טאהל פון עטליכע טויזענד מייל דיא ברייט און דיא לענג. אין דיעזען טאהל געפינען זיך אין זידען (דרום זייט) דאס לאַנד פאטאגאניען און אין נארדען (צפון זייט) דיא רעפובליק ארגענטיניען. אט איז דער 37טע גראד. דער וועג איז א גלייכער און שטעלט ניט פאר פיעל שוועריגקייטען. אין דעם פראנצויזישען בריעף שטעהט דייטליך דער 37טער גראד. אלזא, ווען מיר האבען אונז איין מאל ענטשלאסען צו פאהרען זוכען דעם קאפיטאן גראנט, מוזען מיר טאהן אונזער פפליכט און ארומפאהרען אויפ'ן 37טען גראד ארום און ארום דער וועלט, ביז מיר וועלען איהם געפינען.

— דער פראפעסאר האט פאלקאמען רעכט, האט ליידי העלענא געזאגט. פון

די בריעף ווייסען מיר צוויי זאכען פאר זיכער. ערשטענס, אז קאפיטאן גראנט האט געליטען שיפברוך אין דער זיר זייט פון דער וועלט; צווייטענס, אז ער געפינט זיך אויפ'ן 37טען גראד. מיר האבען אלזא א ווינק, וואו איהם צו זוכען. דארט דארפען מיר איהם זוכען. דער פראפעסאר האט וויעדעראום רעכט, ווען ער זאגט, אז קאפיטאן גראנט איז געפאנגען ביי דיא פאטאגאָניער. דאס פראנצויזישע ווארט „פריזאניע" צייגט אונז דייטליך, אז ער איז געפאנגען. מיר וועלען איהם פאהרען זוכען און קוים וועלען מיר נור עפעס געוואהר ווערן פון איהם, וועלען מיר אונז בעמיהען איהם צו בעפרייען מיט גוטען אדער מיט בייזען.

— מיט בייזען? האט געפרעגט דער מאיאָר. וואס קענט איהר טאהן געגען דיא ווילדע? קענט איהר זיך שלאגען מיט זיי?

— לאמיר איהם נור אויסגעפינען, האט ליידי העלענא געענטפערט, מיר וועלען שוין וויסען, וויא אזוי איהם צו בעפרייען. מיר וועלען זיך ווענדען צו דער רעגיערונג פון דער ארגענטינישען רעפובליק. מיר וועלען זיך ווענדען צו אלע ענגלישע קאָנסולען אין זיד אמעריקא. דיא ענגלישע רעגיערונג אליין, וועלכע האט ניט געוואלט שיקען א שיף איהם צו זוכען, וועט אנווענדען אלע מיטעל איהם צו בעפרייען, ווען זיא וועט געוואהר ווערן, אז ער איז געפאנגען און מען וויים וואו ער איז. אויסער דעם וועלען מיר אליין קענען דינגען מענשען, זיי בעוואפענען און־שטעלען זיי אונטער דער קאָמאנדע פון מאיאָר ריטשארדסאָן. אין פאטאגאָניען איז מאכט — רעכט. ווער עס האט דיא מאכט, דער האט דאס רעכט. מיר וועלען האבען דיא מאכט אין אונזערע הענד און וועלען איהם בעפרייען.

— פאלקאמען ריכטיג, האט קאפיטאן פארראגוט געזאגט. מיר וועלען ארגאניזירען א קליינע ארמעע און אונזער מאיאָר וועט ווערן גענעראל פון דיעזער ארמעע.

— איך זעה ווייטער גאר קיין שוועריגקייטען ניט דורכצוגעהן גאנץ פאטאגאניען, האט דער פראָפעסאָר ווייטער געזאגט, אין 1782 איז א שפאניער, מיט'ן נאמען ווילארמא, גאנץ איינער אליין דורכגעגאנגען צו פוס פון דער שטאדט קארמען אין ארגענטיניען ביז קאנסעפסיאן אין טשילי. אין 1806 איז אנאנדער שפאניער מיט'ן נאמען דאן לואים דעלא סאנטא קרוז, ארויסגעפאהרען רייטענדיג פון דער שטאדט אנטוקאָ אין טשילי און איז אין פערציג טעג ארום אנגעקומען קיין בוענאס אירעס, דיא הויפטשטאדט פון ארגענטיניען. פאר וואס זאלען מיר ניט קענען מאכען דיעזעלבע רייזע?

— אלזא, האבען מיר מעהר ניט וואס צו רעדען דערפון, האט לארד גלענארוואן געזאגט. מיר מוזען מאכען דיא רייזע איבער פאטאגאניען. דאס איז שוין אפגעמאכט. יעצט בלייבט נור דיא פראגע, אויף וואס פיר א וועג מיר זאלען פאהרען.

— דאס איז קיינע פראגע, האט דער פראָפעסאָר געזאגט און האט געוויעזען אויף דער לאנד־קארטע. מיר דארפען ארויספאהרען פון דער שטאדט אנטוקאָ אין טשילי, אריבערגעהן דיא קארדיליערען, געהן גלייך, ביז מיר וועלען קומען קיין ארגענטיניען, דארט אבער דארפען מיר ניט געהן קיין בוענאס איירעס, זאנדערן מיר דארפען געהן קיין זידען ביז אין פארט מעדאנא אויפ'ן אנטלאנטישען וועלט־מעער.

פאגאנעל האט יעצט אנגעהויבען צו דערצעהלען, וויאפיעל רייזענדע און וויאפיעל געלערנטע עס זיינען שוין געגאנגען אויף דעמזעלבען וועג.

— וויא איהר זעהט, מיינע פריינד, האט ער געענדיגט זיין לאנגע רעדע, איז עס א גאנץ גלייכער וועג, וועלכען מיר קענען דורכפאהרען אין דרייסיג טעג.

— וואו וועט אָבער בלייבען דיא „דונקאן"? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— דיא „דונקאן" וועט פאהרען צוריק, וועט ווידער דורכפאהרען דיא מאגעלאן שטראסע און וועט אונז ערווארטען אין א פּאָרט אין ארגענטיניען.

— איך קען אייך ערווארטען אין סאן אנטאָניאָ, האט קאפּיטאן פאררעגוט געזאגט סאן אנטאָניאָ איז א גאנץ גוטער פּארט אין ארגענטיניען. וועל איך קומען מיט דער „דונקאן" פריהער, וועל איך אויף אייך ווארטען, וועט איהר אבער קומען פריהער, וועט איהר מוזען ווארטען אויף מיר.

— אלזא, זיינען מיר דערמיט אויך פערטיג, האט לארד גלענארוואן געזאגט. יעצט איז דא נאך א פראגע: ווער וועט מאכען דיעזע רייזע?

— דאס איז אויך גאנץ איינפאך, האט דער פּראפעסאר געענטפערט. איהר, לארד, מוזט מיט אונז פאהרען, ווייל איהר זייט דאך דיא הויפּט פּערזאן אין אונזער עקספּעדיציאן. דער מאיאר וועט אויך מיט אונז פאהרען, ער איז דאך אונזער גענעראל, אונזער אבערקאמאנדירענדער גענעראל. איך וועל מיך אויך מיטשלעפּען, ווייל איך וויל מאכען א רייזע איבער פּאטאגאניען, איך זאל האבען, וואָס צו בעריכטען דער געאָגראַפישען געזעלשאפט.—

— און איך! האט אויסגערופען ראָבערט. איך מוז געהן מיט אייך. איך געה דאך זוכען מיין פאטער!

— ראבערט, וואס רעדסט דוא? האט מערי געזאגט. וואוהין ווילסט דוא געהן?

— פאר וואס ניט? האט דער פּראפעסאר געפרעגט. פאר א יונגען מענשען איז א רייזע זעהר נייטיג, ער לערנט אויף דער רייזע פיעל מעהר, וויא פון ביכער. — יא, ראבערט, דוא וועסט אויך געהן מיט אונז. מיר וועלען נאך מיטנעהמען דריי מאטראזען פון דער „דונקאן".

— נו, און מיך ווילט איהר ניט מיטנעהמען? האט קאפּיטאן פאררעגוט געזאגט.

— מיין ליעבער קאפּיטאן, האט איהם לארד גלענארוואן געזאגט, איך וואלט אייך מיטגענומען מיט'ן גרעסטען פערגניגען. ליידער, קען איך עס ניט. איך פערטרוי אייך דאס בעסטע, דאס טהייערסטע פאר מיר אויף דער וועלט. איך פערטרוי אייך מיין פרוי, ליידי העלענא.

— אלזא, ווילסט דוא מיך אויך ניט מיטנעהמען, עדווארד? האט ליידי העלענא געזאגט טרויעריג.

— ליעבע העלענא, דוא ווייסט, וויא איך ליעב דיך און וויא שווער עס איז מיר זיך צו שיידען פון דיר זאגאר אויף איין טאג. עס איז מיר אבער אונמעגליך דיך מיטצונעהמען. מיר וועלען מוזען מאכען דיא גאנצע רייזע ריטענדיג אויף פערד אדער אויף מוילעזלען. זיצען צוואנציג — דרייסיג טאג נאכאנאנד אין זאטעל איז פאר א פרוי אונמעגליך. איך וויל שוין ניט רעדען פון אנדערע שוועריגקייטען, וואס קענען טרעפ־

אויפ׳ן וועג. בלייב, ליעבע העלענא, אויפ׳ן שיף. דוא וועסט פאהרען צוריק און אונז ערווארטען אין סאן אנטאָניא.

ליידי העלענא האט געשוויעגען. זיא האט זעהר געוואלט מיטפאהרען, זיא האט אבער געזעהן, אז עס איז אונמעגליך. ווען זיא פאהרט מיט, וואלט זיא געמוזט מיט־נעהמען מערי גראנט און צוויי פרויען מיטנעהמען אויף אזא רייזע אין א ווילדע געגענד, וואו עס זיינען ניטא קיין האטעלס, ניט קיין דערפער, ניט קיין וועגען, איז געוויס אונ־מעגליך.

באלד האט מען אנגעהויבען צו מאכען פאָרבערייטונגען אויף דער רייזע. עס איז געבליעבען, אז מען זאל קיינעם ניט זאגען, וואוהין מען פאהרט. מען זאל גאר ניט דערמאנען דעם נאמען פון קאפּיטאן גראנט און אלע פארבערייטונגען זאל מען האלטען אין געהיים. מען האט מורא געהאט, אז דיא פאטאגאניער זאלען ניט געוואהר ווערן, אז מען פאהר־ט זוכען ביי זיי געפאנגענע, וועלען זיי זיך בעהאלטען ערגעץ אין דיא בערג.

עס איז מערקווירדיג, וויא שנעל א נאכריכט פערברייטערט זיך אין יענע געגענ־דען. דאכט זיך, דארט איז ניטא ניט קיין פּאסט, ניט קיין טעלעגראף, מען קען ניט שיקען קיין עסטאפעט, קיין קוריער און דענאך לאז נור עפּעס געשעהן, ווייס מען עס באלד פון איין עק פאטאגאניען ביז אין אנדערן. און ניט נור אין פאטאגאניען איז עס אזוי, עס איז אזוי אין אלע געגענדען, וואו עס געפינען זיך ווילדע מענשען, גלייך וויא דיא פויגעל פון׳ם הימעל וואלטען צוטראגען דיא נאכריכט אין אלע געגענדען.

ווען דיא מאטראזען פון׳ם „דונקאן“ זיינען געוואהר געווארען, אז דריי פון זיי וועט מען מיטנעהמען אויף דער רייזע, איז יעדער מאטראז געקומען זיך בעטען צו לארד גלענארוואן, אז ער זאל איהם מיטנעהמען. לארד גלענארוואן האט ניט געוואוסט, וועמען ער זאל אפּזאגען. ער איז מיט אלעמען צופריעדען געווען און האט ניט געהאט קיין אורזאכע איינעם אפּצוזאגען. ער האט געפרעגט דעם פּראפעסאר, וואס ער זאל טהאן?

— לאז מעןווארפען א גורל, האט דער פּראפעסאר געזאגט, דאן וועלען אלע צו פריעדען זיין. געגען א גורל קען קיינער ניט איינווענדען.

מען האט אזוי געטהאן. מען האט געווארפען א גורל. דיא גליקליכע זיינען גע־ווען: טאָם אויגוסטין, דער ערשטער אפּיציער, ווילסאן, א יונגער און פרעהליכער מאטראז, וועלכער פלעגט אלעמען אויפ׳ן שיף פרעהליך מאכען מיט זיינע קונסט שטיק און מילרעדי, א שטארקער מאטראז, וועלכער איז געווען בעקאנט אלס א פאָרטרעפ־ליכער באָקסער (פייטער).

יעצט האט זיך אנגעהויבען א נייעס לעבען און א נייע טהעטיגקייט אויפ׳ן „דונ־קאן“. לארד גלענארוואן האט זיך געאיילט צו מאכען זיינע פארבערייטונגען פאר דיא רייזע איבער לאנד און קאפּיטאן פארראגוט האט זיך געאיילט צו פערזארגען זיין שיף מיט קוילען, אום ער זאל קענען קומען פריהער פאר דער עקספּעדיציאן אין סאן אנטאָ־ניאָ. עס האט אויסגעוויעזען, גלייך וויא זיי וואלטען זיך פּארוועט, ווער פון זיי וועט פריהער אנקומען קיין סאן אנטאָניא.

ענדע אקטאבער זיינען ביידע פּארטיען פערטיג געווען צו מאכען זייער רייזע

דעם 30טען אקטאבער אין דער פריה האבען זיך אלע פערזאמעלט אויפ'ן דעק פון'ם „דונקאן“ אום איינער פון'ם אנדערן אבשיעד צונעהמען. לארד גלענארוואן, פאגאנעל, דער מאיאר, ראבערט גראנט און דיא דריי מאטראזען זיינען געווען אנגעטהאן, וויא שפאניער און יעדער האט געהאט א פאר רעוואלווערס אין גארטעל און א קאראבין (א קורצע ביקס) אויף דיא פלייצעס. אין יענע געגענדען מוז מען פאהרען בעוואפענט פון קאפ ביז אין דיא פיס. אהן א גוטען קאראבין טאר מען ניט ארויסטרעטען א שריט אין דיא וויטע סטעפעס פון פאטאגאניען. דיעזע סטעפעס הייסען אויף שפאניש „פאמפאס“.

אויפ'ן ברעג זיינען געשטאנען בערייט צור אברייזע פערד, מוילעזעל און אייניגע שפאניער און אראקואניער, וועלכע זאלען דיענען אלס פיהרער און וועג־ווייזער. קאפי־טאן פארראנוט האט געגעבען א בעפעהל, אז מען זאל אויפהויבען דעם אנקער פון'ם „דונקאן“.

— עס איז צייט! האט ענדליך לארד גלענארוואן געזאגט.

ער איז צוגעגאנגען צו זיין פרוי, האט זיא ארומגענומען און האט געזאגט געריהרט:

— זיי געזונד, ליעבע העלענא! באלד וועלען מיר אונז וויעדערזעהן אין סאן אנטאניא.

— פאהר געזונד, ליעבער עדוואורד! איך ווינש דיר גליק אויף דיין רייזע! איך ווינש אייך אלעמען גליק און ערפאלג!

זיא האט ניט געקענט איינהאלטען איהרע טרערין און איז באלד אוועקגעגאנגען אין איהר קאיוטע.

— יעצט שעק הענדס! האט אויסגערופען פאגאנעל. לאמיר דריקען איינער דעם אנדערן דיא הענד און ווינשען איינער דעם אנדערן א גוטע און גליקליכע רייזע.

אלע מאטראזען האבען געדריקט דיא הענד דעם פראפעסאר, לארד גלענארוואן און יעדען, ווער עס איז מיטגעפאהרען. אין אייניגע מינוט ארום זיינען דיא רייזענדע אראפ פון דער שיף און האבען זיך אויפגעזעצט אויף דיא פערד.

— גליק אויף דיא רייזע! גאט זאל אייך העלפען! האט אויסגעשריען א פרויען שטימע פון דער שיף.

לארד גלענארוואן האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן ליידי העלענא שטעהן אויפ'ן אויבערשטען דעק און פאכען מיט איהר שנופטוך.

— זייט רוהיג, מאדאם! גאט וועט אונז געווים העלפען, האט דער פראפעסאר איהר געענטפערט, ווען ניט, וועלען מיר אליין אונז העלפען, האט ער ווייטער געזאגט זיך אליין.

לארד גלענארוואן האט געגעבען א צייכען, אז מען זאל פאהרען.

## 11טעס קאפיטעל.
## דיא רייזע אין טשילי.

בעפאר מיר נעהן ווייטער אין אונזער ערצעהלונג פון לארד גלענארוואן מיט זיין עקספעדיציאָן איבער זיד אמעריקא, מוזען מיר בעקאנט מאכען אונזערע לעזער מיט דיא נייע מענשען, וועלכע לארד גלענארוואן האט מיטגענומען מיט זיך אלס פיהרער און וועגווייזער.

אין גאנצען זיינען זיי געווען דריי גרויסע מענשען און א אינגעל פון א יאהר זעכצעהן. דער עלטערער פון זיי, אדער דער קאפּיטאן, וויא מען רופט איהם דארט, איז געווען אן ענגלענדער, וועלכער וואינט שוין צוואנציג יאהר אין טשילי און איז גוט בעקאנט מיט'ן לאנד און מיט דיא שפּראכען, וואס מען רעדט אין יענע געגענדען. ער האט געמאכט א לעבען דערפון, וואס ער האט געהאלטען פערד און מויל-עזלען און האט זיי פערדונגען צו רייזענדע. ער אליין פלעגט צוואר זעלטען מיט פאהרען. דאס מאל אבער האט ער געמאכט אן אויסנאהמע, ווייל לארד גלענארוואן האט איהם גוט בעצאהלט. לארד גלענארוואן האט איהם געגעבען, וויא פיעל ער האט געוואלט, ער זאל נור פאהרען מיט איהם, ווייל מיט איהם האט ער דאך געקענט זיך צו זאמען רעדען. קיינער פון זיינע מענשען האט ניט פערשטאנען קיין שפּאניש. דער פּראפעסאר האט זיך צוואר אויסגעלערענט שפּאניש. אבער ווען ער האט גערעדט שפּאניש האט איהם קיין שפּאניער ניט פערשטאנען און ווען דיא שפּאניער פלעגען רעדען, פלעגט דער פּראָ-פעסאר קיין ווארט ניט פערשטעהן. מיט אזא שפּאניש רעדען איז זעהר שוועהר צו פאהרען מיט שפּאניער. דער פּראפעסאר האט זיך צוואר זעהר געוואונדערט, וויא עס קומט, וואס קיינער פערשטעהט איהם ניט. ער רעדט, דאכט זיך זעהר גוט און ריכטיג. עס האט איהם אבער גאר ניט געהאלפען. מען האט איהם ניט פערשטאנען און באסטא! דערפאר האט לארד גלענארוואן נור געוואלט האבען מיט זיך דעם ענגלענדער, וועלכער האט גוט גערעדט שפּאניש און נאך איינגע שפּראכען פון דיא ווילדע פעלקער אין דער געגענד.

דער ענגלענדער האט מיטגענומען מיט זיך צווייא פון זיינע מענשען, אנטרייבער פון דיא מויל-עזעל. דאס זיינען געווען געבאָרענע טשיליאנער, האלב שפּאנישע, האלב ווילדע. אין יענע געגענדען קומט פאר זעהר אפט, אז א שפּאניער הייראטעט א פרוי פון דיא ווילדע אינדיאנער און שפּאנישע פרויען הייראטהען אפט ווילדע אינדיאנער. דיא קינדער, וואס קומען ארויס פון אזא פערבינדונג, האבען געוועהנליך אין זיך דיא מעלות פון'ם שפּאניער און פון'ם ווילדען. זיי זיינען ציוויליזירט, וויא דיא שפּאניער און האבען דאס שארפע אויגען און דעם שארפען אויער פון'ם ווילדען. דער ווילדער האט אזא שארף אויג, אז ער דערזעהט א חיה אדער א מענשען א עטליכע מייל דיא ווייט. דער ציוויליזירטער מענש האט געוועהנליך זעהר א שוואכעס אויג און קען ניט זעהן גאנץ ווייט

מיט'ן אויער איז אויך דאס זעלבע. דער ווילדער לעגט צו דעם אויער צו דער ערד און הערט דיא טריט פון א פערד אדער פון א חיה אויף עטליכע מייל. דער ציוויליזירטער לעגט צו דעם אויער און הערט גאר ניט.

דיעזע האלב־ווילדע האבען געפיהרט דיא צעהן מויל עזלען, וועלכע זיינען געוועזען אנגעלאָדען מיט'ן באגאזש פון דער עקספעדיציאָן. דאס אינגעל האט געפיהרט דיא „מאדרינא“ דיא „מוטער“, א זיא מויל־עזעל, וועלכע איז געוועזען בעהאנגען מיט גלעקלעך. זיא געהט שטענדיג פאָראויס און ווען דיא מויל־עזעלן הערן דאס קלינגען פון דיא גלעקלעך פון דער „מאדרינא“, געהן זיי איהר נאך און מען דארף זיי ניט טרייבען. לאָז מען ביי זיי צונעהמען דיא „מאדרינא“, וועלען זיי זיך ניט ריהרען פון'ם ארט, מען מעג זיי שלאגען צום טויט. ביז צו דיא בערג, דיא קארדיליערען איז לארד גלענארוואן מיט זיינע מענשען געפאהרען אויף פערד. אויף דיא בערג אבער קען מען אויף פערד ניט פאהרען. עס קומט אמאל אויס צו פאהרען אויף אזעלכע שמאָלע און געפעהרליכע וועגען, אויף וועלכע נור א גוטער מויל־עזעל קען געהן. א פערד פערדרעהט זיך אפט דער קאפּ און ער פאלט אראפּ מיט'ן רייטער ערגעץ אין א שרעקליכע טיפעניש.

נור דיא איינוואינער פון יענע געגענדען ווייסען, וויא אזוי צו פאהרען אדער ריכטיגער געזאָגט, וויא אזוי אריבער צו פאהרען דיא קארדיליערען. עס קומען פאָר אזעלכע וועגען, וואו צוויא מויל־עזעל קענען זיך אויף קיין פאל ניט אויסמיידען. איינער פון זיי מוז אראָפּגעווארפען ווערן אין אבגרונד, וואו ער ווערט צושאָטען אויף שטיקלעך. ווען מען קומט צו צו אזא וועג הויבט מען אן צו שרייען און צו שיסען. דערמיט גיט מען א צייכען, אז דער וועג איז פערנומען און קיינער טאָר אויף איהם ניט פאהרען.

בעמערקענסווערט איז דער פאל, אז דיא מויל־עזעל פון ארגענטיניען זיינען פיעל בעסער און פיעל זיכערער, אלס דיא מויל־עזעל פון טשילי, אבוואָהל טשילי ליעגט לעבען דיא בערג און ארגענטיניען איז ווייט פון דיא בערג.

אויפ'ן גאנצען וועג פון טשילי קיין ארגענטיניען זיינען נימא ניט קיין גאסט הייזער, ניט קיין האָטעלס, ניט קיין הייזער, וואו אבצושטייגען אום צו קויפען עסען. דער רייזענדער מוז מיט זיך מיטפיהרען זיין פראָוויאנט אויף דער גאנצער רייזע. דיעזער פראָוויאנט בעשטעהט געוועהנליך פון רייז, געטריקענט פלייש און נאך אזעלכע ארטיקעלן, וועלכע ווערן ניט פערדאָרבען אויף דער לאנגער רייזע. פריש פלייש קען מען נור האבען, ווען מען שיעסט אויפ'ן וועג א פויגעל אדער א חיה. וואכער בעקומט מען אין דיא טייכען, וועלכע זיינען דא זעהר פיעל אין דיא בערג. דאס וואסער אין אזעלכע טייכען איז געוועהנליך קאלט און גוט צום טרינקען און צום קאָכען. אין טהאל אבער, וואו דיא טייכען פליעסען לאנגזאם און צומאל געהן זיי דורך געגענדען, וועלכע זיינען בעדעקט מיט זאלץ, אדער וויא דיא שפּאנישע רופען זיי „סאַלינאס“ Salinas, איז א מאל דאס וואסער זעהר שלעכט און מען מוז אויפגיעסען אביסעל ראָם אין וואסער, איידער מען קען עס טרינקען.

ראָם מוז יעדער רייזענדער מיט זיך פיהרען. עס קומט איהם צו ניץ אין פיעלע פעלע, צופיעל טרינקען ראָם טאָר מען אבער אין יענע געגענדען ניט. דיא לופט פון דיא בערג אליין ווירקט בערוישענד אויפ'ן מענשען און דער מענש, וועלכער קומט צום ערשטען אין דיא בערג, פיהלט זיך וויא בערוישט, וויא שכור. שלאָפען שלאָפט מען געוועהנליך אויף דער הוילער ערד מיט'ן פרייען הימעל אלס דאך איבער'ן קאָפּ. יעדער רייזענדער מוז האבען צוויי דעקען פון שעפסען פעל. איין דעק בעט ער זיך אונטער און

מיט דער אנדערער הילט ער זיך איין און מיט'ן זאטעל פון'ם מויל-עזעל צו קאָפּענס שלאָפט מען גאנץ געשמאק, בעזאנדערס ווען מען איז זיך א גאנצען טאג אנגעפאָהרען.

לארד גלענארוואן האט אין זיין לעבען שוין געמאכט פיעל רייזען און איז שוין געוואינט צו פיהרען אנאנדער ארט לעבען אין יעדען לאנד. פּראָפעסאָר פּאגאנעל און ראָבערט גראנט האבען זיך געפרייט, וויא קליינע קינדער, ווען זיי זיינען אריינגעפאהרען אין דיא בערג. יעדע זאך האט זיי אינטערעסירט, צו יעדע זאך האבען זיי זיך צוגעקוקט און האבען יעדעס מאל, ווען זיי האבען געזעהן עפּעס נייעס, אויסגערופען מיט איין קול: אָה! אָה!

— זיי זיינען ווירקליך נאך קינדער, האט לארד גלענארוואן געזאגט צו זיך אליין. דער אונטערשיעד איז נור אין דיא יאָהרען. איינער איז אן עלטערעס קינד, דער אנדע-רער איז אן אינגערעס קינד.

דאס וועטער איז געוועזן שעהן. דער הימעל איז געוועזן קלאָר און בלוי. אין יענע געגענדען רעגענט עס זעהר זעלטען. אין דער פּראָווינץ קאנסעפּסיאָן האבען זיי ניט מעהר אלס דרייא ביז פינף רעגענטאג אין יאהר. עס וואלט פאסט גאר ניט געוואקסען און דאס לאנד וואלט געווען א וויסטע, ווען דיא ווילדע מענשען זאלען ניט געווען וויזען דיא ציוויליזירטע שפּאניער, וויא אזוי צו גראבען קאנאלען און צו בעוואסערן דאס לאנד.

לאנגזאם זיינען געפאהרען אונזערע רייזענדע. אלע האבען געשוויעגען. דיא שפּאַ-ניער האבען פיינד פיעל צו רעדען, ווען זיי זיינען אין וועג. לארד גלענארוואן איז געווען טרויעריג, וואס ער האט זיך געמוזט שיידען פון זיין ליעבע העלענא. נור דער פּראָפעַ-סאָר האט גערעדט אהן אן אויפהער און, ווען ער האט געזעהן, אז קיינער ענטפערט איהם ניט, האט ער אנגעהויבען צו רעדען צו זיך אליין אויף שפּאניש. ער האט זיך אליין געשטעלט פראגען און האט זיי אליין פארענטפערט. קיינער אבער האט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט, ווייל קיינער האט איהם ניט פערשטאַנען. אזוי זיינען אונזערע רייזענדע געפאהרען א גאנצען טאג, ביז זיי זיינען געקומען קיין אראאוקאָ, דיא הויפּט שטאדט, אדער דיא אייניציגע שטאדט פון'ם לאנד אראויקאניען.

דאס לאנד ארויקאניען Araucania איז צווייא הונדערט פונפציג מייל דיא לענג און דרייסיג מייל דיא ברייט. דאס גאנצעס לאנד געהערט צו דיא ווילדע מענשען, אָדער אראויקאניא-אינדיאנער, וויא מען רופט זיי. דיא ארויקאניער זיינען דיא עלטעסטע איינוואינער פון יענער געגענד. זיי זיינען דיא עכטע טשיליאנער. פון אלע ווילדע פעל-קער, וועלכע האבען בעוואינט און בעוואינען נאך יעצט נארד און זיד אמעריקא זיינען דיא ארויקאניער דאס אייניציגעס פאלק, וועלכע האבען זיך קיין מאל ניט אונטערגעגע-געבען. זיי האבען געפיהרט בלוטיגע קריעג מיט דיא שפּאניער און האהען ענדליך גע-זיעגט. זיי זיינען געבליעבען פריי און האבען קיין שפּאָן ניט אוועקגעגעבען פון זייער לאנד. איין רעגירונג נאך דער אנדערער האט זיך געביטען אין טשילי און אין גאנצען זיד אמעריקא. דיא ארויקאניער אבער זיינען געבליעבען דיא זעלבע און האבען ניט גע-ביינט זייער שטאלצען קאָפּ אונטערן יאך פון דיא אייראָפּעער, ביז ענדליך דיא אייראָ-פּעער האבען זיך איבערציינט, אז מיט דיעזע שטאלצע מענשען וועלען זיי נאָ- ניט

מאכען און האבען געשלאסען מיט זיי אן אייביגען פריעדען. יעצט הענגט זייער פאהן — א ווייסער שטערן אויף א בלויעס פעלד — אויף א טורעם אין אראאוקא, זייער הויפט שטאדט, הויך אין דער לופט און קיינער וואגט עס צו בעליידיגען.

אונזערע רייזענדע זיינען אנגעקומען קיין אראוקא אום 5 אוהר פאר נאכט. דער וועגוויייזער איז צוגעפאהרען צום הויז פון א בעקאנטען ארויקאניער און האט איהם געבעטען, ער זאל איהם ערלויבען איבערצונעכטיגען ביי איהם. דער ארויקאניער האט זיי אויפגענומען זעהר גאסט-פריינדליך. דיא ארויקאניער זיינען גוטמיטהיגע און פריינדליך (זיי זיינען מכניס אורחים) זיי זיינען בערייט צו טהאן, וואס זיי קענען נור פאר א פריינד. שרעקליך, גרויזאם און אונמענשליך אבער זיינען זיי געגען יעדען, וועלכער וויל ביי זיי אוועקרויבען זייער פרייהייט.

מען איז אפגעשטיעגען פון דיא מוילעזעל. לארד גלענארוואן מיט'ן פיהרער פון דיא מוילעזעל זיינען ארומגעגאנגען אין שטאדט פרעגען דיא איינוואינער, פיעללייכט וויס איינער פון זיי פון א שיף, וועלכע איז מיט צוויי יאהר צוריק אונטערגעגאנגען אין דיעזע געגענדען און פון קאפיטאן גראנט מיט זיינע מאטראזען. אלע זיינע נאכפארשונגען אבער זיינען געווען אומזיסט. קיינער האט ניט געהערט און קיינער האט ניט געוואוסט פון קיין שיף „בריטאניא" און פון קיין קאפיטאן גראנט.

פראפעסאר פאגאנעל און ראבערט גראנט זיינען אויך ארומגעגאנגען אין שטאדט, זיי האבען אבער געהאט א גאנץ אנדערן צוועק. זיי האבען געוואלט אויסקוקען דיא שטאדט. לארד גלענארוואן האט רעכט געהאט, זיי זיינעןביידע קינדער און עס האט זיי אינטערעסירט צו זעהן א שטאדט, וואו עס וואינען נור ווילדע מענשען. זיי האבען אבער געהאט זעהר ווייניג וואס צו זעהן. דיא גאסען זיינען צוואר ברייט, אבער ניט געפפלאסטערט. דיא הייזער זיינען נידעריג און געדעקט מיט שטרוי אדער מיט שילף (קאמיש). רעדען האבען זיי מיט קיינעם ניט געקענט, ווייל אלע איינוואינער רעדען נור אראויקאניש, א שפראכע, פון וועלכע דער פראפעסאר פאגאנעל האט קיין בעגריף ניט געהאט. זיי זיינען ארומגעגאנגען איינע צייט, האבען זיך צוגעקוקט, וויא איינפאך דיא אראויקאניער לעבען, האבען בעטראכט זייערע וואינונגען און זייערע אויפפיהרונגען.

דיא מענער זיינען הויך און שטארק געבויט. דיא פארב פון זייער הויט איז רויט, וויא קופער. זייער גרויסער קאפ איז בעדעקט מיט לאנגע שווארצע האר. קיין בארד האבען זיי ניט. עס איז דאהער ניט לייכט צו דערקענען דיא מענער פון דיא פרויען. דיא מענער זיינען אלע געזעסען אין דרויסען פאר דיא טהירען פון זייערע געצעלטען און האבען גערויכט זייערע קורצע ליהמענע פפייפען. עס איז געווען דייטליך, אז דאס איז א קריעגערישעס פאלק. יעדער איז א געבוירענער סאלדאט און, וויא יעדער סאלדאט, האט ער ליעב ארומצוגעהן לעדיג, ווען עס איז ניטא קיין קריעג. אלע ארבייטען טהוען דיא פרויען. זיי אקערן און זייען, רייניגען דיא פערד, פוצען דיא וואפען, קאכען, באקען און, ווען עס בלייבט זיי צייט, וועבען זיי דיא בעריהמטע בלויע דעקען, „פאנטשא" אויף שפאניש, וועלכע קאסטען מינדעסטענס הונדערט דאלאר א דעק, ווייל עס גע-דויערט גאנצע צוויי יאהר ביי א גוטער ארבייטערין, איידער מען וועבט אויס אזא דעק.

דער פראפעסאר און ראבערט האבען זיך ארומגעדרעהט א פאר שטונדען אין

דיא גאסען פון ארויקא. אזוי וויא זיי האבען אבער קיין נייעס ניט געזעהן. זיינען זיי נעגאנגען אויף זייער קוואַרטיר. אלע זיינען געווען מיעד און מען האט זיך באלד געלעגט שלאפען. דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט מען זיך ווייטער אויפגעזעצט אויף דיא פערד און דיא מוילעזעל און מען איז ווייטער געפאהרען. אנפאנגס זיינען זיי געפאהרען דורך דאס שעהנע, בליהענדע און רייכע ארויקאניא לאנד. איבעראל האט מען געזעהן גרינע פעלדער און וויינגערטנער. ארום דיא וועלדער האבען זיך געפאסעט הערדען (טשערעדעס) מיט קיה, אקסען, פערד און מוילעזעל. באלד אבער איז דאס שעהנע לאנד פערשוואונדען. דער וועג האט געפיהרט בארג ארויף און איז געווארען אלע מאל שווערער.

געגען מיטאג זיינען זיי צוגעקומען צו א גרויסען טייך, וועלכער איז בעקאנט אונ־טערן נאמען „ריא דעטובאל". דארט זיינען זיי געבליעבען שטעהן, האבען אפגעגעסען זייער מיטאג און זיינען ווייטער געפאהרען. דער מוילעזעל טרייבער האט זיך געאיילט צו צוקומען צו דער לעצטער סטאציאן, וואו ער זאל איבערלאזען דיא פערד. ווייטער פון דיעזער סטאציאן קען מען שוין ניט פאהרען מיט פערד. געגען אבענד זיינען זיי אהין אנגעקומען און האבען דארט גענעכטיגט דאס איז געווען דיא ערשטע נאכט, וואס זיי זיינען געשלאפען אין דרויסען אונטערן פרייען הימעל.

דיא סטאציאן איז בעשטאנען פון א קליין שטיבעלע, אין וועלכער צוויי מענשען האבען זיך געקענט קוים אויסדרעהן, און א גרויס שטיק פלאץ ארומגעצאמט מיט פלעקער, וואו עס האבען זיך געפונען עטליכע הונדערט פערד און מוילעזעל. דאס הייסט א סטאציאן אין יענע געגענד. עס איז אבער געווען דיא לעצטע סטאציאן. ווייטער זיינען קיינע מענשליכע וואוינונגען שוין ניטא.

דעם אנדערן טאג איז מען געפאהרען ווייטער. דאס וועטער איז געווען שעהן און דיא בערג־לופט ערפרישענד. לארד גלענארוואן האט זיך יעדעס מאל ארומגעקוקט, פיעללייכט וועט ער דערזעהן א מענשען, ביי וועמען ער זאל קענען פרעגען וועגען קא־פיטאן גראנט, אבער א גאנצען לאנגען טאג האבען זיי אויפ'ן וועג קיין לעבעדיגען מענשען ניט בעגעגענט.

וואס העכער זיי זיינען ארויפגעשטיגען אויף דיא בערג, אלץ ווילדער, אלץ טרויעריגער און איינזאמער איז געווארען דיא געגענד. דער וועג איז געווארען אלץ שווערער. גרויסע שטיינער זיינען געווען צו ווארפען איבעראל אין א שרעקליכער אונ־ארדנונג. מען האט געמוזט פאהרען זעהר פארזיכטיג. מען האט געמוזט פאהרען אין א רייהע, איינער נאכ'ן אנדערן. דער יונגע מיט דער „מאדרינא" איז געפאהרען פאראויס, נאך איהם איז געפאהרען דער קאפיטאן, אדער דער מוילעזעל טרייבער, דאן לארד גלענארוואן, הינטער איהם איינער פון דיא פעאָן'ס (דיא מענשען פונ'ם קאפיטאן) דאן פאגאנעל. הינטער איהם ראבערט גראנט און צו לעצט ווידער א פעאָן. זאגאר רעדען איינער מיט'ן אנדערן איז געווען אונמעגליך. מען האט געמוזט זיך גוט צוקוקען צום וועג.

וואס העכער אויף דיא בערג זיי זיינען געקומען אלץ עפטער האבען זיי באגע־גענט טייכען, וועלכע מען האט געמוזט אפט אריבער פאהרען. עס איז נאך גוט געווען, ווען מען האט געקענט אריבער פאהרען דיא טייכען זיצענדיג אויף דיא מויל־עזעל, דאן

איז עס ניט געווען שווער. ווען מען האט אבער געמוזט אריבערפאהרען א בריק; ווען דער טייך איז געפלאסען אין א טיעפען טהאל צווישען צוויא הויכע בערג און עס איז געלעגען א בריק פון איין בארג צום אנדערן — דא איז ערשט געווען שוועריגקייטען און געפאהרען.

דיא בריקען אין יענער געגענד זיינען געמאכט פון געפלאכטענע באמבוק (טראס־טענע). זיי הענגען אין דער לופטען און שאקלען זיך, ווען מען געהט אויף זיי. ווען א רייזענדער קומט צו צו אזא בריק, געהט ער אראפ פון זיין מויל־עזעל, נעהמט איהם אן ביי דיא צינגעל און פיהרט איהם אריבער. אנפאנגס שאקעלט זיך דיא בריק וועניג, ווען מען קומט אבער אין דערמיט, הייבט זיא אן אזוי צו ציטערן און צו שאקלען זיך, אז דער מויל־עזעל, וועלכער איז נאך ניט געוואינט צו אזא בריק, דערשרעקט זיך און וויל אויף קיין פאל ניט געהן, ניט אהין, ניט צוריק.

צום גליק פאר אונזערע רייזענדע, האבען זיי געהאט דיא בעסטע מויל־עזעל, וואס מען קען קריעגען אין יענער געגענד. לארד גלענארוואן האט גוט בעצאהלט און „אז מען שמיערט גוט, פאהרט מען גוט“ איז גאנץ וואהר אין אייראפא, וויא אין זיד אמעריקא.

דער פראפעסאר איז גאר געווען גליקליך, ווען מען פלעגט צו קומען צו אזא בריק. מען האט געמוזט אראפגעהן און אריבערפיהרען דיא מויל־עזעל איינציגווייז איבער דיא בריק. דאס האט פערנומען פיעל צייט און דער פראפעסאר פלעגט לאנגזאם און רוהיג ארויסנעהמען זיינע לאנדקארטען און זוכען, אויב דער טייך געפינט זיך אויף דער לאנדקארטע און אויב ער האט שוין א נאמען. פלעגט ער איהם ניט געפינען אויף דער לאנדקארטע, פלעגט ער איהם אליין געבען א נאמען. ער פלעגט אויסזוכען דיא שענסטע שפאנישע נעמען, וואס ער האט נור געקענט קריעגען, און האט זיי געגעבען דיא טייכען און דיא טייכלעך, וואס ער האט אנגעטראפען אויפ'ן וועג. ווען לארד גלע־נארוואן האט איהם געפרעגט, פאר וואס טוהט ער עס? האט פאגאנעל געענטפערט:

— א טייך אהן א נאמען איז ביי מיר געגליכען צו א מענשען, וואס האט קיינע בירגער רעכטע, וויא צום ביישפיעל, א קאטארזשניק, א פערשיקטער, א פערראורטהייל־טער אויף לעבענסלענגליכע געפענגניס. זא לאנג דער טייך האט קיין נאמען ניט, איז ער ביי מיר גאר קיין טייך ניט. וויא קען מען אויפצייכענען אויף דער לאנדקארטע א טייך אהן א נאמען?

אינטערעסאנט פלעגט זיין צו זעהן, וויא דער מויל־עזעל טרייבער פלעגט א מאל בלייבען שטעהן פערוואונדערט און פלעגט אויסגלאצען א פאר אויגען, ווען לארד גלע־נארוואן פלעגט איהם פרעגען: וויא הייסט דיעזער בערג? אדער וואוהין פיהרט דיעזער וועג? איידער דער קאפיטאן פלעגט צייט האבען צו ענטפערן, פלעגט דער פראפעסאר אויסחאפען און ענטפערן: דיעזער בערג הייסט אזוי און אזוי. דיעזער וועג פיהרט אהין און אהין.

עס איז געווען אויפ'ן פיערטען טאג פון זייער רייזע. זיי זיינען אנגעקומען אין אן ארט, וואו צוויי וועגען קרייצען זיך. אויף איין וועג זיינען זיי געפאהרען. לארד גלענאר־וואן האט געפרעגט דעם מויל־עזעל טרייבער:

— וואוהין פיהרט דער אנדערער וועג?

— פון יומבעל קיין לאס אנגעלעס, האט דער פראפעסאר געענטפערט.

דער מויל-עזעל טרייבער האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט און האט איהם געפרעגט:

— האט איהר שוין אמאל בערייזט דיעזע געגענדען?

— געוויס, ניט איין מאל, האט דער פראפעסאר געענטפערט גאנץ רוהיג.

— אויף מויל-עזלען, אדער צו פוס?

— ניט אויף א מויל-עזעל און ניט צו פוס—איך בין געפאהרען אין מיין שטוהל.

דער מויל-עזעל טרייבער האט ניט פערשטאנען, וואס ער מיינט. ער האט פאר-צווייגען מיט דיא אקסלען און איז ווייטער געפאהרען. געגען אבענדס זיינען זיי צו געקומען צו דער הויפטקייט בערג, וואו דיא קארדיליערן הויבען זיך אויף, וויא א גלייכע שטיינערנע וואנד עטליכע טויזענד פוס דיא הויך. דארט האבען זיי בעשלאסען צו נעכטיגען.

## 12טעס קאפיטעל.

## עלף טויזענד פוס דיא הויך.

ביז אהער האבען זיי נאך געהאט וועניג שוועריגקייטען. זיי זיינען נאך אלץ גע-פאהרען אין געגענדען, וועלכע זיינען בעוואקסען מיט גראז און דאס קלימאט איז נאך גענוג ווארם. יעצט ערשט האבען זיך אנגעהויבען דיא שוועריגקייטען.

דיא קארדיליערן זיינען א קייט פון בערג, וועלכע ציעהען זיך פון איין עק אמע-ריקא ביז צום אנדערן. אין אייניגע ערטער זיינען זיי זעהר הויך און זייערע שפיצען זיינען בעדעקט מיט אייביגען שנעע. עס זיינען דא נור געוויסע ערטער, וואו מען קען זיי אריבער געהן. אין אנדערע ערטער הייבען זיך אויף גלייכע שטיינערנע ווענד, אויף וועלכע עס איז אונמעגליך צו קלעטערן. דיא ערטער, וואו מען קען אריבערגעהן דיעזע בערג, הייסען דיא פאסען.

אונזערע רייזענדע זיינען יעצט צוגעקומען צו דיעזע בערג, וועלכע זיי האבען גע-דארפט אריבערגעהן אום צו קומען קיין פאטאגאניען. יעצט האט מען זיך געמוזט ענטשליעסען, דורך וועלכען פאס זאלען זיי אריבערגעהן דיא קארדיליערן.

לארד גלענארוואן האט בערופען א מיטינג אום צו בעשליעסען, וועלכען וועג זיי זאלען נעהמען. צוערשט האט מען געפרעגט דעם מוילעזעל טרייבער, ער זאל זאגען זיין מיינונג, ווייל ער איז דאך בעקאנט מיט דער געגענד און איז שוין ניט איין מאל אריבערגעגאנגען דיא קארדיליערן.

— אין דיעזער געגענד, האט דער מוילעזעל טרייבער געזאגט, זיינען דא צוויי נוטע וועגען, אדער פאססעס.

— דער פאס פון אריקא, האט אויסגעכאפט דער פראפעסאר, וועלכען דער שפאניער וואלדיוויא מענדאזא האט ענטדעקט.

— ריכטיג. האט געזאגט דער מוילעזעל טרייבער.

— און דער פאס פון ווילאריקא, האט ווייטער געזאגט דער פראפעסאר.

— ווידער אמאל ריכטיג, האט דער טרייבער געזאגט.

— אז עס איז ריכטיג וויים איך שוין, האט דער פראפעסאר געזאגט. ביידע

וועגען זיינען גוט. זיי פיהרען אונז אָבער צו ווייט פון אונזער וועג. יעצט זיינען מיר נאהענט פוןביידע וועגען. זיי געהן אבער ניט גלייך. איינער פיהרט צו ווייט קיין נארדען און דער אנדערער צו ווייט קיין זידען. מיר טארען ניט פערליערען אזוי פיעל צייט.

— האט איהר דען אנאנדערן, א בעסערן פאס? האט דער מאיאָר געפרעגט.

— געוויס האב איך אנאנדערן פאס. דאס איז דער פאס פון אַנטוקאָ, דער פיהרט אונז גלייך אויף דעם וועג, וואס מיר דארפען, אויפ'ן 37טען גראד.

— וואס זאגט איהר, קאפיטאן? האט לאָרד גלענארוואן געפרעגט דעם מוילעזעל טרייבער. זייט איהר בעקאנט מיט'ן פאס פון אנטוקאָ?

— געוויס, מילארד, בין איך בעקאנט מיט יענעם וועג. איך האב איהם אבער ניט געוואלט דערמאנען, ווייל ער איז זעהר שווער או זעהר געפעהרליך. נור דיא ווילדע מיט זעהר פיה געהן איבער דיעזען פאס.

— ווען קיה, אקסען און מוילעזעל קענען דארט אריבערגעהן דיא קארדיליערן, וועלען מיר, דאך אויך קענען אריבערגעהן, האט לאָרד גלענארוואן געזאגט. ווארום אלזא זאלען מיר פערליערען צייט און פאהרען אויף אנאנדער פאס?

דער קאפיטאן האט ניט געענטפערט. ער האט געוואוסט, וואס ער האט גערעדט.

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה איז מען ווייטער געפאהרען צום פאס פון אנטוקא. אנפאנגס איז דער וועג געוועזען גאנץ גוט. ער האט געפיהרט בארג ארויף, אבער מען האט נאך געקענט זיצען פעסט אויפ'ן זאטעל. געגען מיטאג זיינען זיי צוגעקומען צו א גרויסען זעע (אָזיערא) אין וועלכע עס האבען זיך אריינגעגאסען פיעלע טייכלעך. דאס נאנצע לאנד איז געוועזען בעדעקט מיט הויכעם גראז. דאס איז געוועזען דער ארט, וואו דיא אינדיאנער האבען געהאלטען זייער פיה. אונזערע רייזענדע האבען בעגעגענט איינינע הירטען (פאסטוכער) ביי וועלכע זיי האבען געקויפט מילך, קעז און בוטער און האבען זיך געזעצט עסען מיטאג.

נאכ'ן עסען איז מען ווייטער געפאהרען. פון דיעזען פונקט אבער איז דער וועג געווארען מיט יעדען שריט שווערער און זאגאר געפעהרליך. דער וועג איז געווארען אלץ שמעלער און שמעלער. פון איין זייט איז געוועזען א הויכע וואנד און פון דער אנדערער זייט א שרעקליך טיעפער טהאל. ווען דער מוילעזעל זאל זיך פלוצלונג דערשרעקען, אדער זאל זיך אויסגליטשען, קען ער מיט'ן רייטער אראפפאלען אין א שרעקליכען אבגרונד און צו שאטען ווערן. דיא מוילעזעל זיינען געוועזען זעהר פארזיכטיג. זיי זיינען געגאנגען מיט'ן קאָפּ אראָפּגעלאזען און האבען געשמעקט צו דער ערד, וויא א הונט, וועלכער שמעקט דיא שפור פון זיין הערן.

אין ערטער האט מען נאך געטראפען גראָז אדער קליינע ביימלעך. עס איז אבער געוועזען דייטליך, אז זיי האלטען זיך דא מיט מיה. באלד איז יעדעס גראז, יעדע פפלאנצע פערשוואונדען געווארען. גרויסע שטיינער פון אלערליי פארבען זיינען געלעגען צו ווארפען אומעדום, וואו דאס אויג האט נור אקוק געטהאן.

אלע זיינען געווארען ערנסט, יעדער האט איינגעזעהן, אז ער געפינט זיך אין א געפאהר. לאָרד גלענארוואן האט בעמערקט, אז וואס העכער זיי קומען, ווערט דער מוילעזעל טרייבער אלץ ערנסטער. ער קוקט זיך צופיעל אום אין אלע זייטען און בלייבט

צו אפט שטעהן. דאס האט איהם איבערראשט. עס איז געווען דייטליך, אז זייער וועג־ווייזער איז אין א פערלעגענהייט. עפּעס וויים ער ניט דעם וועג אדער ער האט עפּעס מורא. פּלוצלונג איז ער געבליעבען שטעהן, איז אראָפּגעגאנגען פון זיין מויל־עזעל און האט געווארט, ביז לארד גלענארוואן איז צוגעקומען צו איהם. מיט שרעק און מיט שטוינען האט לארד גלענארוואן דערזעהן דיא אורזאכע, פאר וואס דער קאַפּיטאן איז געבליעבען שטעהן — דער וועג איז געווען פערשפּארט. ער האט זיך געענדיגט מיט א שטיינערנע וואנד. ווייטער האט מען ניט געקענט געהן.

— האסט דוא פערלארען דעם וועג? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— ניין, מילאָרד.

— זיינען מיר אויפ׳ן פּאס פון אנטוקאָ?

— יא, מיר זיינען אויפ׳ן פּאס.

— האסט דוא ניט א טעות געהאט?

— ניין. אט זיינען נאך דיא צייכענס פון א פייער, וועלכע רייזענדע אדער אינ־דיאנער האבען צולעגט און געקאָכט זייער עסען.

— אלזא, וויא קומט עס, וואס עס איז ווייטער קיין וועג ניטאָ?

— עס איז ניט לאנג געווען אן ערדציטערניש. פון דיא בערג האט זיך אפּגעריסען א שטיק פעלזען און האט פערשפּארט דיא וועג.

דער פּראפעסאר, דער מאַיאָר און דיא איבעריגע זיינען צוגעקומען און האבען דערהערט דיא טרויעריגע נאכריכט, אז מען קען ווייטער ניט פאהרען. דער מאַיאָר האט זיך אומגעקוקט, האט בעטראכט דעם שטיין פון אלע זייטען און האט געזאגט גלייכגילטיג, וויא זיין שטייגער איז געווען:

— מיר קענען זעהר לייכט אריבערגעהן דעם שטיין.

— איהר קענט עס טאהן, האט דער מויל־עזעל טרייבער געענטפערט, מיינע מויל־עזעל אבער קענען עס ניט. ווען איהר ווילט אריבער געהן דיא קארדיליערן אויף אנאנדער פּאס, וואו מיינע מויל־עזעל קענען געהן, וועל איך אייך אריבער פיהרען, וויא מיר האבען אָפּגערעדט. קוים אבער ווילט איהר געהן אויף א וועג, וואו מיינע מויל־עזעל קענען ניט געהן, איז אונזער קאָנטראקט געבראָכען. איהר דאַרפט מיר בעצאה־לען און איך וועל מיר פאהרען א היים.

— וויא פיעל צייט דאַרף עס געדויערן, מיר זאלען יעצט געהן צוריק און אריבער פאהרען דיא קארדיליערן אויף אנאנדער פּאס? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— דאס דאַרף געדויערן וועניגסטענס דרייא טאָג. דאס הייסט מיר וועלען פער־ליערן דרייא טאג, האט דער מויל־עזעל טרייבער געזאגט. איך האב דאס רעכט צו פאדערן, אז איהר זאלט מיר פאר דיא דרייא טאג עקסטרא בעצאהלען. איך וועל עס אבער ניט טאהן, ווייל איך וויל, אז איהר זאלט מיר געבען א גוטע רעקאמענדאציאן, אז איך בין א גוטער פיהרער.

לארד גלענארוואן האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם. ער האט געזעהן, אז ער האט רעכט. אויף דיעזען וועג קענען דיא מויל־עזעל ניט געהן. מען מוז פאהרען צו־ריק, דאס פאהרען אראָפּ בארג איז פיעל שווערער, וויא דאס פאהרען בארג ארויף.

ער האט אָבער זעהר ניט געוואָלט פערליערען קיין צייט. ער האט געוואוסט, אז ווען ליידי העלענא וועט קומען פריהער אין פּאָרט סאן אַנטאָניא און וועט איהם דארט ניט טרעפען, וועט זיא זיין זעהר אונרוהיג. ער האט זיך דאהער געווענדעט צו זיינע קאמע־ראדען און האט זיי געפרעגט:

— וואס זאגט איהר, מיינע העררען? וואס זאלען מיר יעצט טאהן? זאלען מיר געהן צו פוס איבער דיא קאָרדיליערן, אדער זאלען מיר זיך אומקעהרן און פאהרען דורך אנאנדער פּאַס?

— לאָמיר געהן צו פוס, האט געזאגט דער מאַיאָר.

— געוויס! האט אויסגערופען דער פּראָפעסאר. וואס איז אזעלכעס? מיר וועלען לאנגזאם ארויפגעהען אויפ'ן בארג און פון דער אנדער זייט וועלען מיר געפינען געוויס אינדיאנער אדער טשיליאנער, וועלכע וועלען אונז פערקויפען אדער פערדינגען גוטע פערד און וועלען אונז געבען מענשען, וועלכע זאלען אונז דינען אלס וועגווייזער איבער דיא פּאַמפּאַס.

ווייסט איהר דען ניט, לארד גלענארוואן, אז אין טשילי זיינען דיא פערד און דיא מויל־עזעל זעהר טהייער, ווייל מען האט זיי ניט מיט וואס צו פיטערן. רעגען געהט זעהר זעלטען. מען מוז דיא פעלדער בעגיסען מיט וואסער פון קאנאלען דורך מאשינען. דאס בעארבייטען פון אזעלכע פעלדער קאסט זעהר טהייער און אויסהאלטען פערד און מויל־עזלען קען נור א גאנץ רייכער מאן, אדער א מענש, וואס האלט זיי צו פערדינגען, וויא אונזער קאַפּיטאן.

אין ארגענטיניען אבער, ווען מען געהט נור אריבער דיא קאָרדאליערן און מען קומט אין דיא פּאַמפּאַס, זיינען דא אזוי פיעל פערד, אז מען טויטעט זיי הונדערטער טויזענדער וויים נור פון זייער פעל וועגען. ארגענטיניען שיקט ארויס יעהרליך גאנצע שיפען מיט פערד פעל קיין אייראָפּא. אין דיא פּאַמפּאַס אין ארגענטיניען און פּאַטאַ־גאָניען טרעפט מען זעהר אפט גאנצע הערדען (סטאַדעס) פון ווילדע פערד, וואס גע־הערן צו קיינעם ניט. ווער עס קען נור, דער חאַפּט זיי.

אלזא, ווען מיר וועלען נור אריבערגעהן דיא קאָרדיליערן, וועלען מיר זעהר לייכט קענען קויפען גוטע פערד און פאהרען מיט זיי איבער פּאַטאַגאָניען. מיין מיינונג איז דאהער, אז מיר זאלען געהן ווייטער צו פוס.

— לאָמיר געהן ווייטער! לאָמיר געהן ווייטער! האבען אלע אויסגערופען. מיר וועלען צו פוס שנעלער אריבערגעהן דיא קאָרדיליערן אלס אויף דיעזע לאנגזאמע מויל־עזעל.

— וועט איהר אויך געהן מיט אונז? האט לארד גלענארוואן געפרעגט דעם מויל־עזעל טרייבער.

— איך קען מיינע מויל־עזעל ניט איבערלאזען דא אליין, האט דער קאַפּיטאן גע־ענטפערט. דיעזער מאן האט אייך ריכטיג ערקלערט, אז אין טשילי זיינען פערד און מויל־עזעל זעהר טהייער. איך ווייס ניט, פון וואנען ער וויים אלעס אזוי גענוי. ער איז געוויס שוין א מאל געוועזן אין טשילי.

— געוויס בין איך געוועזן אין טשילי, האט דער פּראָפעסאר געזאגט. איך וויים

אויך דעם וועג איבער דיא קארדיליערן. איך קען אויך זיין א וועגווייזער אזוי גוט, וויא אונזער קאפּיטאן.

עס איז געבליעבען, אז מען זאל ווייטער געהן צו פוס און פּראפעסאר פּאגאנעל זאל ווייזען דעם וועג. לארד גלענארוואן האט בעצאהלט דעם מויל־עזעל טרייבער, וויא פיעל עס האט איהם געקומט און האט פון איהם אבשיעד גענומען. עס איז איהם צוואר געווען זעהר אונאנגענעהם, וואס זיי בלייבען יעצט אהן א מענשען, וואס קען גוט שפּאניש רעדען. דער פּראפעסאר האט אבער איהם פערזיכערט, אז מיט יעדען טאג רעדט ער אלץ בעסער שפּאניש.

יעצט האט מען אראפּגענומען דאס פּראָוויאנט, דיא אינסטרומענטען און אלע נייטיגע זאכען פון די מויל־עזלען, מען האט דערפון געמאכט קליינע בינטלעך און יעדער פון אונזערע זיעבען רייזענדע האט זיך גענומען א בינטעל אויף דיא פּלייצעס און מען איז ווייטער געגאנגען.

דאס אריבערקריעכען דעם גרויסען שטיין, וועלכער איז געלעגען אויפ'ן וועג און האט איהם אין גאנצען פערשטעלט, איז ניט געווען קיין לייכטע ארבייט. מען האט געמוזט קריעכען אויף אלע פיער, זיך אנהאלטען איינער אן דעם אנדערן און אין איין ארט האט מען געמוזט פּאָראויס שיקען דעם קליינעם ראבערט מיט א שטריק. ער אלס קינד איז לייכט ארויפגעקלעטערט אויפ'ן שטיין. דארט האט ער ארומגעבונדען דעם שטריק ארום א שפּיץ פון'ם שטיין, דיא אנדערע זיינען איהם נאכגעקלעטערט און האבען זיך אנגעהאלטען אָן שטריק. צוערשט איז ארויפגעקלעטערט דער מאטראָז וויל־סאן. ער האט נאך בעסער בעפעסטיגט דעם שטריק און האט ארויפגעצויגען דיא פּעק־לעך, דאן זיינען אלע נאכגעגאנגען.

גאנצע צווייא שטונדען האט געדויערט דאס אריבערקריכען איבער'ן שטיין. ווען זיי זייגען געקומען פון דער אנדערער זייט, האבען זיי גערעכענט, אז זיי וועלען דאָרט געוויס ווידער געפינען דעם וועג, אויף וועלכען דער מויל־עזעל טרייבער האט זיי גע־פיהרט. וויא איבעראשט אבער זיינען זיי געווען, ווען זיי זיינען געקומען פון דער אנ־דערער זייט שטיין און האבען קיין וועג ניט געפונען. דיא ערדציטערניש, וועלכע איז ניט לאנג געווען, האט דיא גאנצע געגענד פערענדערט. דיא גאנצע געגענד איז געווען פער־ווארפען מיט שטיינער. דיא ערד איז געווען צוגראבען און צו ווארפען.

זיי זיינען שוין געווען ניט ווייט פון'ם העכסטען שפּיץ פון דיא קארדיליערן און זיי זיינען געגאנגען, אדער ריכטיגער געזאגט, זיי האבען אימער געקלעטערט אלץ העכער און העכער, אבער אהן א וועג און אהן א שטעג. דער פּראפעסאָר איז געווארען צומישט און האט אראפּגעלאזען דעם קאפּ. דא איז איהם שוין שוועהר געווען אויסצוגעפינען דעם ריכטיגען וועג.

זייער גליק איז נאך געווען, וואס דאמאלס איז געווען זומער. אין יענע געגענדען איז פערקעהרט, וויא ביי אונז. ביי זיי הייבט זיך אן דער זומער אין אָקטאָבער און דויערט ביז מאַי. אין מאַי הייבט זיך אן דער ווינטער און דויערט ביז אָקטאָבער. מיר וועלען נאך אין אנאנדער ארט בעשרייבען גענויער דעם זומער און דעם ווינטער אין נארדען (צפון זייט) און אין זידען (דרום זייט) פון דער וועלט.

אין דיא ווינטער מאנאטע—פון מאי ביז אקטאבער—איז אויף דיא בערג שרעקליך קאלט. פיעלע רייזענדע, וועלכע זיינען ניט גוט פאַרבערייטעט צו אזא קעלט קומען אום, זיי ווערן פערפרארען. בעזאנדערס שרעקליך אין יענע געגענדען זיינען דיא שטורמווינטען, וועלכע דיא שפאניער רופען Temporales. נאך אזא שטורמווינד געפינט מען געוועהנליך עטליכע הונדערט טויטע מענשען אין דיא קארדיליערן. דער שטורם קומט אן פלוצלונג און שליידערט אראפּ דעם פערד מיט'ן רייטער אין א שרעקליכען אבגרונד.

דאָס גליק פאר אונזערע רייזענדע איז דאהער געווען, וואס זיי זיינען געפאהרען אום זומער. לאנגזאם און מיט שווערע מיה האבען זיי געקלעטערט אלץ העכער און העכער. עס איז געווארען נאכט. אונזערע רייזענדע אבער האבען זיך ניט אבגעשטעלט. זיי זיינען געגאנגען אלץ ווייטער. אום 5 אוהר אין דער פריה זיינען זיי ענדליך אנגעקומען צום העכסטען פונקט פון דיא קארדיליערן. זיי זיינען געווען אזוי מיעד, אז זיי זיינען אניעדערגעפאלען פאר מיעדיגקייט.

פלוצלונג האט דער מאיאָר געזאגט, אז עס פרעסט איהם דיא ברוסט. נאך [illegible] האט לארד גלענארוואן ערקלערט, אז ער פיהלט זיך ניט גוט. דער פראָפעסאָר האט אויך אנגעהויבען צו פיהלען זעהר שלעכט. דער פרעהליכער מאטראָז ווילסאָן, וועלכער האט א גאַנצען וועג געלאכט און געשפּאסט, האט פלוצלונג אנגעהויבען שטארק צו קרעכצען. ער האט ניט געקענט אטעמען, אזוי שטארק האט איהם געפרעסט דיא ברוסט. דער קליינער ראבערט איז געפאלען וויא א שטיין. ער האט ניט געקרעכצעט. ער האט זיך אבער ניט געקענט ריהרען.

— דיא פונא! דיא פונא! Puna האט אויסגערופען דער פראָפעסאָר און האָט שנעל אנגעהויבען צו זוכען צווישען זיינע פעקלעך.

דיא פונא איז א זאנדערבארע קראנקהייט, וועלכע קומט פאר נור אין יענע גאנץ הויכע געגענדען. דאס איז א סארט זעע קראנקהייט, וועלכע מען בעקומט נור ווען מען איז אויף דיא בערג. קוים געהט מען אראפּ פון דיא בערג, פערשווינדעט דיא קראנקהייט אליין. דיא קראנקהייט בעשטעהט דארין, אז דער מענש פיהלט, וויא עס ליעגט איהם א שטיין אויפ'ן הארצען און פרעסט איהם. ער קען זיך ניט ריהרען און קען ניט אטהעמען. דער קאפּ דרעהט זיך, עס קלינגט און רוישט אין דיא אויערן און עס ווערט פינסטער אין דיא אויגען. געוועהנליך איז דיא קראנקהייט ניט געפעהרליך, בעזאנדערס ווען עס איז ווארם אין דרויסען. מאנכעס מאל אבער שטארבען רייזענדע פון דיעזער קראנקהייט. דיא איינוואינער פון יענע געגענדען, בעזאנדערס דיא וועגווייזער און פיהרער קענען זעהר גוט דיא פונא און וויסען, אז מענשען און טהיערע ליידען פון איהר. דיא מויל־עזעל ליידען זעהר אפט פון דער פונא. קיין זיכערעס מיטעל געגען דער פונא איז ניטאָ. עס ווערט אבער לייכטער, ווען מען טרינקט עפּעס ווארעמעס, בעזאנדערס ווען מען טרינקט דעם ארגענטינישען טהעע־מאטע, אדער Yerba Mate. דאס איז א מין גראז, וועלכער וואקסט זעהר פיעל אין ארגענטיניען און האט אין זיך א מערקווירדיגע אייגענשאפט. דער מענש מעג זיין וויא מיעד און וויא אנגעארבייטעט, ווען ער טרינקט אויס א הייסע גלאז מאטע, ווערט ער פריש און מונטער, גלייך וויא

ער וואלט גאר קיין מאל ניט מיעד געווען. קיין ארגענטיניער און קיין פּאטאגאָניער וועט ניט ארויספאהרען פון דער הײם אהן א זעקעלע מאטע אײנגעפּאקט אין זײנע זאכען.

דער פּראָפעסאָר האָט דערפון געוואוסט און האט אנגעהויבען צו זוכען זײן מאטע אום ער זאָל איהם פארקאכען און געבען טרינקען דיא קראנקע. צום גליק, איז דער אפיציער פון דעם „דונקאן", טאם אויגוסטין געבליעבען פערשווינט פון דער פּונא. ער האט זיא ניט געהאט און איז געווען פאָלקאָמען געזונד. דער פּראפעסאר האט איהם געהייסען צו לעגען א פייער און אפּקאָכען א ביסעל מאטע.

ווען דער מויל-עזעל טרייבער האט פון זיי אבשיעד גענומען, האט ער זיי מיט געגעבען א בינטעל האלץ. — דארט אין דער הויך וועט איהר קיין האלץ ניט געפינען. דארט וואקסט גאר נישט, האט ער זיי געזאגט. איהר מוזט מיטנעהמען מיט אייך האָלץ. יעצט האבען זיי אײנגעזעהן, וואס פאר א גוטען ראטה ער האט זיי געגעבען.

טאָם אויגוסטין האט צו לעגט א פייער, האט אויפגעשטעלט דאס קעסעלע און אנגעהויבען צו קאכען. אין א מינוט ארום האט דאס וואסער אנגעהויבען צו זיעדען. טאָם אויגוסטין האט געמיינט, אז דער מאָטע איז שוין פערטיג און האט איהם גע־וואלט ארייננגיעסען אין גלעזער. וויא איבערראשט איז ער געווען, אז ער האט זיך איבערצייגט, אז דער מאָטע איז קאלט, וויא אייז.

— וואס הייסט דאס? דאס וואסער זיעדעט, עס געהט א פּארע (דאמפּף) און עס איז קאלט.

ער האט צוריק געגאָסען דעם מאטע אין קעסעלע און האט עס ווייטער גע־שטעלט אויפ'ן פייער. — עס קאכט ווידער, עס לויפט אויס. ער ריהרט זיך צו—דאס וואסער איז קאלט.

— זיינען מיר אין א צויבער לאנד? האט ער אויסגעשריען. וויא קען דאס זיין? וואסער זידעט און איז דאך קאלט!

ענדליך האט ער זיך געווענדעט צום פּראפעסאר און האט איהם דערצעהלט דאס וואונדער.

— בערוהיג דיך, ליעבער אויגוסטין, האט איהם פּאגאנעל געזאגט. מיר זיינע ניט אין קיין צויבער לאנד, עס איז ניט קיין וואונדער. עס איז א געזעץ פון דער נא-טור. וואס דיא לופט איז שיטערער, אלץ שנעלער זיעדעט דאס וואסער. ווען מען שטעלט א גלאז וואסער אונטער א לופט פּומפּע און מען פּומפּט אויס דיא לופט, זייבט דאס וואסער אן צו זיעדען פון זיך אליין, גאר אהן פייער. דיא לופט, וועלכע געפינט זיך אין וואסער, רייסט זיך ארויס און שלעפּט מיט זיך מיט גאנץ קליינע טהיילעלעך וואסער. אויף דיא הויכע בערג איז דיא לופט גאנץ שיטער און דאס וואַ־סער הייבט באלד אן צו זיעדען. פון אזא זיעדען קען אבער גאר ניט ווערן, דאס וואסער וועט שטענדיג בלייבען קאלט.

— אלזא, וואס זאל איך טאהן? וועלען מיר שוין גאר קיין טהעע ניט טרינקען? אונזערע קאמעראדען זיינען דאך קראנק?

— מיר וועלען זיי באלד געבען הייסען טהעע, האט דער פּראפעסאר געזאגט.

דעק צו דאס קעסעלע מיט א שווערן דעקעל און לאז עס שטעהן צוואנציג מינוט אויפ'ן פייער, וועט דאס וואסער וויךקליך אנהויבען צו זיעדען. ווען דוא ווענסט זעהן, אז דער ראמפף (פארע) הייבט אויף דאס דעקעל פונ'ם קעסעלע, זאלסט ארויף לעגען נאך א שטיין אויפ'ן דעקעל.

טאם אויגוסטין האט געטאהן, וויא דער פראפעסאר האט איהם געהייסען און אין צוואנציג מינוט ארום איז דער מאטע געווען פערטיג. ער האט געגעבען דיא קראנקע ווארעמען מאטע און זיי האבען זיך באלד געפיהלט בעסער. זיי האבען זיך נאך אויסגערוהט אייניגע צייט. דאן האבען זיי עטוואס געגעסען און האבען זיך ווייטער געלאזט געהן.

דער פראפעסאר האט ארויסגענומען דעם בארא̇מעטער און האט אנגעהויבען אויסצורעבענען, וויא הויך עס איז דער ארט, וואו זיי געפינען זיך יעצט. ער האט אויסגערעכענט, אז זיי געפינען זיך יעצט ניין טויזענד פוס דיא הויך איבער'ן מעער. דאס הייסט, ווען מען זאל ציעהען א פאדים פונ'ם מעער ביז אין דעם ארט, וואו זיי געפינען זיך יעצט, וואלט דער פאדים געדארפט האלטען ניין טויזענד פוס דיא לענג. אזוי וויא מען קען אבער ניט געהן גלייך אויפ'ן בארג און מען מוז געהן קרום אדער אין זיגזאג, זיינען זיי שוין געגאנגען איבער צוואנציג טויזענד פוס.

יעצט האבען אונזערע רייזענדע צייט געהאט זיך אומצוקוקען אין דיא געגענד ארום. זיי האבען געזעהן דיא טהיערע, וועלכע געפינען זיך אין יענער געגענד. פון דער הויך, אויף וועלכער זיי זיינען יעצט געשטאנען, האבען זיי געקענט איבערקוקען א גרויסע שטרעקע לאנד ארום זיך. זיי האבען געזעהן שפרינגען וואונדערבארע טהיערע, וועלכע זיי האבען נאך קיין מאל ניט געזעהן.

— אה! וואס איז דאס פאר א טהיער? האט ראבערט גראנט אויסגערופען און האט זיך געווענדעט צום פראפעסא̇ר. עס ווייזט אויס, וויא א קעמעל מיט א לאנגען האלז און א קליינעם קא̇פּ. איך זעה א̇בער, אז דאס איז ניט קיין קעמעל, עס איז פיעל קלענער.

— דאס איז א לאמא, הא̇ט איהם דער פרא̇פעסא̇ר ערקלערט. מען רופט עס קעמעל-שאף, ווייל עס ווייזט אויס וויא א קעמעל, עס איז א̇בער א סא̇רט שעפּס. זיין וואל איז זעהר ווייך און מען מאכט דערפון קליידער, וויא פון דער וואל פון שעפּסען. אין פאטאגא̇ניען און אין אנדערע געגענדען בענוצט מען עס אויך אלס קעמעל. מען לאדעט עס אן מיט משא. עס איז אבער שוואך און קען ניט פיעל שלעפּען.

אום 2 אוהר נאכמיטא̇ג האבען זיי דערגרייכט דעם לעצטען העכסטען פונקט פון דיא קארדיליערן. זיינען צוגעקומען צו א גלייך שטיק פלאץ בעדעקט מיט אייביגען שנעע און אייז. דער פראפעסא̇ר הא̇ט ארויסגענומען דעם בארא̇מעטער און האט אויסגערעכענט, אז זיי זיינען יעצט עלף טויזענד פוס הויך איבער'ן מעער.

זיי האבען זיך געמוזט א ביסעל אויסרוהען און עפּעס עסען. אין א שטונדע ארום האבען זיי זיך ווייטער געלאזט אין וועג. זיי האבען געמיינט, אז זיי זיינען שוין איבערגעקומען אלע געפאהרען און וועלען שוין באלד אנהויבען ארא̇פצוגעהן פון דיעזער קאלטער געגענד אין דעם ווארעמען טאהל פון ארגענטיניען. דא א̇בער האבען זיי א

טעות געהאט. זיי האבען נאך געהאט א גרויס שטיק וועג פאר זיך. אזוי וויא דיא גאנצע געגענד איז געוועזען בעדעקט מיט טיעפען שנעע, איז געוועזען שווער צו געהן. דער פוס איז ארייגנעפאלען אין שנעע און עס איז איהם שווער געוועזען ארויסצושלעפען. דיא קעלט איז געוועזען שרעקליך. געגען נאכט איז געוואָרען נאָך קעלטער. אונזערע רייזענדע האבען געפיהלט, אז זייערע קרעפטע שווינדען. זיי קענען שוין ווייטער ניט געהן. יעדער האט געפיהלט ביי זיך, אז אָט, אָט פאלט ער אנידער. זיי האבען זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, פיעללייכט וועלען זיי געפינען ערגעץ א הייל, א שטיין—עפעס א זאך, וואו זיי זאלען זיך אָפּרוהען, אבער וויא וויט דאס אויג האט געקענט גרייכען, האבען זיי געזעהן נור שנעע און אייז. דיא לאַגע איז געוועזען זעהר קריטיש. לארד גלענארוואן האט שוין געוואלט הייסען בלייבען שטעהן אויף אן ארט און זיך אויסרוהען. פּלוצלונג האט דער מאיאָר אויסגערופען.

— א שטיבעלע! א שטוב! א הויז.

## 13טעס קאפּיטעל.

## אַ שנעלעס אראָפּגעהן פון דיא בערג.

וויא אזוי דער מאיאר האט אויסגעפונען דאס שטיבעלע איז געוועזען א רעטעניש, עס איז געלעגען בעגראבען אין שנעע און קיינער וואלט ניט דערקענט, אז דאס איז א שטיבעלע. אונזערע רייזענדע זיינען געוועזען אזוי מיעד און האבען זיך אזוי שטארק דערפרייט, ווען זיי האבען דערהערט דאס ווארט: א שטוב! אז זיי האבען גאר ניט געוואלט פרעגען, וויא אזוי ער האט דערקענט, אז דאס איז א שטוב און ניט א שטיק שטיין. דאס רעטעניש האט זיך אבער באלד אליין ערקלערט, ווען דיא צוויא מאטראָזען, ווילסאן און מילרעד, האבען אנגעהויבען ארומצוריייניגען דעם שנעע פון'ם שטיבעלע.

דאס איז געוועזען ווירקליך א שטוב אויסגעבויט פון ציגעל, אהן פענסטער, מיט א נידעריגער טהיר. אין דיעזער שטוב האט געוויס א מאל געוואוינט אינדיאנער. עס איז אויך מעגליך, אז זיי וואינען דא יעדען זומער, אין דער צייט, ווען זיי געהן אויף דער יאַגד, פאנגען לאַמאס און אנדערע טהיערע, וועלכע האלטען זיך אויף אין דיא קארדי-ליערן. עס איז געוועזען געגוג גרויס פאר אונזערע זיעבען רייזענדע. דיא ווענד זיינען צוואר געוועזען ניט גאנץ דיק און אין א רעגען, וואלט געוויס געוועזען אריינגערעגענט. זיי זיינען אבער געוועזען העכסט דערפרייט, וואס זיי האבען יעצט א דאך איבער'ן קאפּ און ווענט, וועלכע האבען זיי געשיצט געגען קאלטען ווינט. אויסער דעם איז געוועזען אין איין עק פון דעם שטיבעלע א סארט אויווען, אדער ציגעל אויסגעלעגט אזוי, אז מען האט געקענט צו לעגען א פייער אויף זיי. וויא עס ווייזט אויס, פלעגען דארט דיא אינדיאנער קאכען זייער עסען, ווייל עס איז נאך געלעגען אש אין דיעזען זאנדערבארען אויווען.

— וויא ארים און וויא טרויעריג דיעזעס שטיבעלע איז, האט לארד גלענארוואן געזאגט, וועט עס אונז דאך שיצען פאר קעלט. לאָמיר דאַנקען דיא אונבעקאנטע מענ-שען, וועלכע האבען אויסגעבויט דיעזע שטוב.

— עס איז גאר ניט ארים און גאָר ניט טרויעריג, האט אויסגערופען דער פּראָ-פעסאָר. עס איז א פּאלאַץ, א גרויסארטיגער פּאלאַץ, עס פעהלט נור א פּארקעט

באָדען און ווײַדענע פאַרהעננגע פאַר דער טהיר. מיר וועלען דא פערברענגען דיא נאכט, וויא אין דעם ריטבסטען פּאַלאַץ אין לאָנדאָן.

— געוויס, האט דער שווייגענדער מאיאָר געזאָגט, ווען מיר זאלען נור האבען א פּרעהליכעס פייער אין אויווען און א גוטען סטייק. מיר דארפען האבען ביידע זאכען, ווייל מיר זיינען פערפּראָרען און הונגעריג.

אבער מיט וואס מאכט מען פייער? דאס ביסעלע האלץ, וואס דער מויל־עזעל טרייבער האט זיי מיטגעגעבען, האבען זיי שוין לאנג אויסגעברענט. וואו נעהמט מען יעצט ברען מאטעריאל?

— מען מוז געהן זוכען ברען מאטעריאל, האט דער פּראָפעסאָר געזאגט.

— וואו וועט איהר נעהמען ברען מאטעריאל אין דיעזער געגענד? האט טאם אויגוסטין געפרעגט.

— ליעבער פריינד, מיר זעהן דאך, אז דיא מענשען, וועלכע האבען דאָ געוואוינט, האבען געמאכט פייער. זיי האבען געוויס געהאט ערגעץ א פּארראטה (זאַפּאַס) פון ברען מאטעריאל. איך קען עס מיר ניט פארשטעלען, אז ווען זיי זיינען אוועקגעגאנגען פון האנען, האבען זיי אלעס אויסגעברענט. זיי וועלען דאך געוויס וויעדער קומען אהער ווען עס הייבט זיך אן דיא צייט פון דער יאגד און וועלען וויעדער דארפען קאכען און זיך ווארעמען. לאמיר זוכען אין שנעע ארום דער שטוב. זיי האבען געוויס איבערגע־לאזען פון אונזערט וועגען עפּעס האלץ אדער אנאנדער מאטעריאל וואס קען ברענען.

— דער פּראָפעסאָר האט רעכט, האט דער מאיאָר געזאָגט, איך נעהם מיר אליין דיא עהרע צו געהן זוכען האלץ אדער אנאנדער ברען מאטעריאל. — קומט מיט מיר, ווילסאן און מילרעד.

— איך געה אויך מיט אייך, האט דער פּראָפעסאָר געזאגט. איך בין ניט קיין גרויסער בריה צו גראבען דיא ערד. אבער שארען שנעע קען איך אויך.

זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון דעם שטיבעלע און האבען אנגעהויבען צו זוכען ארום, פּיעללייכט וועלען זיי געפינען אן ארט, וואס איז עטוואס העבער, א צייכען, אז דאדט איז געווען דער האלץ לאגער פון דיא יעגער. זיי האבען אנגעהויבען אוועק צו שאררען דעם שנעע ארום דיא ווענט פון'ם שטיבעלע און, צום גליק, האבען זיי ענדליך געפונען, וואס זיי האבען געזוכט, אין א ווינקעל לעבען איינע פון דיא ווענט איז געלע־גען א הויפען ווארצלען פון א סארט ביימעלע, וועלכע וואקסט אין יענע געגענדען.

— איך האב אייך געזאגט, אז אונזערע אונבעקאנטע ווירטהע האבען אונז אנ־געגרייט הייצונג, האט אויסגערופען דער פּראָפעסאָר. דיעזע ווארצלען ברענען. עס איז צוואר א ביסעל שווער זיי אנצוצינדען און זיי זיינען יעצט זעהר נאס, אבער מיר האָבען גענוג שוועבעלעך מיט אונז.

דיא וועלכע וואינען אין שטעדט און דערפער אין דער ציוויליזירטער וועלט, האבען גאר קיין בעגריף ניט, וואס פאר א טהייערע זאך א שוועבעלע איז. מען דארף אבער רייזען א ביסעל אין דיא ווילדע געגענדען, אין דיא פּאמפּאס פון ארגענטיניען. אין דיא ליאַנאָס (א סאָרט סטעפּ) פון בראזיליען און אין דיא פּרעריען (אויך א סאָרט סטעפּ) פון נאָרד אמעריקא, מען זאל וויסען, וואס פאר א גרויסע ווערטה א שוועבעלע האט,

מען קען אָפּט הערן, וויא איינער זאגט צום אנדערן: איך האב נור פינף שוועבעלעך ביי מיר. דער יענער וועט אוועקגעבען א גאנצען הירש פאר א פּאָר שוועבעלעך.

זיי האבען אריינגעטראָגען דיא וואָרצלען אין שטוב און האבען זיי ארייגעלעגט אין אויווען. אזוי וויא זיי האבען נאָך געהאט גענוג שוועבעלעך, האט באַלד געברענט א פרעהליכער פייער. עס איז צוואר ניט געוועזן אזוי ליכטיג, וויא א פייער פון האלץ און דערצו האבען דיא וואָרצלען שטארק גערייכערט. עס איז אבער דאך געוועזן א פייער. מען האט זיך דאך געקענט אביסעל אנוואָרעמען. באַלד איז געשטאַנען א קעסעלע און עס האט זיך געקאָכט דער ארגענטינישע טהעע — מאַטע. יעדער האט געטרונקען טהעע מיט פערגניגען. נאכ'ן טהעע האבען זיי זיך געזעצט עסען פון דעם פּראָוויאנט, וואס זיי האבען מיט זיך.

— מיר האבען געהאַט א פּאָרטרעפליכען מאהלצייט, האט געזאגט דער פּראָפעסאר. עס וואָלט אבער גאר ניט געשאדעט, מיר זאָלען האבען יעצט א שטיק געבראטענס פון לאַמאַ פלייש. איך וויס, אז דיא לאַמאַ איז ביי דיא אינדיאַנער זייער קוה און זייער שעפּס. זיי האבען פון איהר מילך און וואָל. איך וואָלט אבער געוואָלט פערזוכען, וואס פאר א טעם זיא האט געבראַטענערהייט.

— איך האב ניט געוואוסט, אז איהר זייט אזא פרעסער, הערר פּאַגאַנעל, האָט דער מאַיאָר געזאָגט. איך האב אלץ געמיינט, אז איהר זייט א געלערנטער און פערשלינגט נור ביכער, ניט קיין געבראַטענס.

— מיין ליעבער מאַיאָר, איך האב ליעב ביידע זאכען, א גוטעס בוך און א גוטען סטייק. יעדעס איז גוט אין זיין צייט.

זיי זיינען פּלוצלונג שטיל געבליעבען. מען האט דערהערט פון דער וויטען דאס מע... מע...קען און ברומען פון פיעלע טהיערע. אלע האבען זיך צו געהערט. דיא קולות זיינען זיי געוועזן פרעמד. זיי האבען נאך קיין מאל אזעלכע קולות פון טהיערע ניט געהערט. עס איז אבער געוועזן דייטליך, אז איינינע טהיערע לויפען אלץ נעהנטער צו זייער שטיבעלע און שרייען.

— וואס זאל דאס זיין? האט דער קליינער ראבערט געפרעגט.

— דאס לויפען לאַמאַס, האט דער פּראָפעסאר אבגעענטפערט. זיי האבען געהערט, אז מיר ווילען א שטיק געבראטען לאַמאַ פלייש און זיי קומען זיך בעטען, אז מיר זאָלען זיי פערזוכען.

— אבער וויא קומען לאַמאַס אהער? האט לארד גלענארוואן געפרעגט. דיא לאַמאַס האלטען זיך ניט אויף אין אזעלכע הויכע ערטער. זיי האלטען זיך אויף פיעל ניעדעריגער, וואו זיי האבען גראז צו פרעסען.

— מעגליך, אז דאס זיינען גאר קיין לאַמאַס ניט. אז עס האט זיך אויפגעהויבען א שטאַרקער ווינד, וועלכער פייפט און שרייט אזוי.

— לאָמיר געהן זעהן, וואס דארט איז, האט לארד גלענארוואן געזאגט.

און לאָמיר טאקע מיטנעהמען אונזערע ביקסען, האט דער מאַיאָר געזאגט. ווען עס זיינען ווירקליך לאַמאַס, וועלען מיר זיך אנגרייטען פריש פלייש אויף מיטאג.

אללע זיינען ארויסגעגאנגען פון'ם שטיבעלע. דיא נאכט איז געוועזן פינסטער.

דער מאַנד האָט ניט געשיינט, ווייל עס איז געווען סוף חודש. דער הימעל אָבער איז געווען לויטער און מיליאָנען שטערן האָבען געפונקעלט גאַנץ העלל. ביי דעם שוואַכען ליכט פון די שטערן האָט מען געקענט זעהן די גרויסע שטיינער, וואָס זיינען געלעגען אין אַ שרעקליכע אונאָרדנונג אַרום. יעצט אָבער האָבען זיי דייטליך געהערט דאָס שרייען און ברומען פון פיעלע טהיערע. עס איז געווען דייטליך, אַז די טהיערע זיינען שטאַרק דערשראָקען און לויפען ערגעץ אַלע מיט אַמאָל. באַלד זיינען זיי געקומען נעהנטער. עס זיינען געווען ניט איינינע, זאָנדערן טויזענדע לאָמאָס און וויקוניאָס (אויך אַ סאָרט לאָמאַ), וועלכע זיינען געלאָפען מיט אַ שרעקליכע שנעלליגקייט און האָבען געמעקעט און געשריען. די ערד האָט געציטערט אונטער זייערע פיס און פון זייערע קולות האָט מען געקענט טויב ווערן. אונזערע רייזענדע האָבען זיך אָנגעהאַלטען אָן אַ שטיק שטיין. די טהיערע זיינען פאַרביי געלאָפען לעבען זיי. ווען ניט דער שטיין, וואָלטען די טהיערע זיי צוטרעטען מיט די פיס, מיט אַזאַ שנעלקייט און מיט אַזאַ שרעק זיינען זיי געלאָפען. אין דער מינוט האָט דער מאַיאָר אויסגעשאָסען. איינע פון די לאָמאָס איז געפאַלען טויט לעבען זיינע פיס. די איבעריגע האָבען אָנגעהויבען נאָך העכער צו שרייען און נאָך שטאַרקער צו לויפען. באַלד זיינען זיי פערשוואונדען ערגעץ צווישען די שטיינער. פּלוצלונג האָט דער פּראָפעסאָר אויסגערופען מיט פרייד:

— איך האָב זיי! איך האָב זיי געפונען!

— וואָס האָט איהר געפונען? האָט לאָרד גלענאַרוואָן געפרעגט.

— מיינע ברילען, האָט דער פּראָפעסאָר געענטפערט רוהיג. איך האָב פערלאָרען מיינע ברילען אין דיעזען רעש. איך האָב זיי אָבער געפונען. שטעלט אייך פאָר אין דער פינסטער האָב איך זיי געפונען.

— ער בלייבט אַ קינד, האָט געמורמעלט אונטער די ליפען לאָרד גלענאַרוואָן.

אַלע זיינען צוריקגעגאַנגען אין שטיבעלע. מען האָט מיטגעשלעפּט דאָס טהיער, וואָס דער מאַיאָר האָט געשאָסען. יעצט איז ענטשטאַנען די פראַגע, ווער עס קען זיין אַ קצב (אַ בוטשער) און אָפּשינדען די פעל פון דער חיה, וואָס מען האָט געשאָסען.

— איך קען זיין אַ בוטשער, האָט דער מאַטראָז ווילסאָן זיך אָפּגערופען.

קיינער האָט ניט געוואָלט שטרייטען מיט איהם איבער דיעזע עהרע. ער האָט זיך באַלד גענומען צו זיין אַרבייט און האָט אַראָפּגעצויגען דאָס פעל פון דער חיה.

— גאָט האָט אונז ענדליך צו געשיקט אַ גוטען סטייק, האָט געזאָגט דער פרומער טאָם אויגוסטין.

— איך קען דאָך ניט פערשטעהן, פאַר וואָס די טהיערע זיינען געלאָפען אַזוי דערשראָקען, האָט לאָרד גלענאַרוואָן געזאָגט. ווען זיי זיינען אַלע פון ערגעץ אַנטלאָפען, מוז דאָך דאָרט עפּעס זיין. איך בין ניט אַזוי פרום צו גלויבען, אַז גאָט האָט זיי איבערגעשראָקען אום מיר זאָלען האָבען אַ גוטען מיטאָג.

— מיר האָבען יעצט וואָס צו עסען, האָט דער פּראָפעסאָר געענטפערט, דאַרפען מיר עסען. צו וואָס זאָלען מיר זיך ברעכען דעם קאָפּ און קלערן, פאַר וואָס די טהיערע האָבען זיך דערשראָקען?

ווילסאָן האט געענדיגט זיין ארבייט און האט צושניטען דאס פלייש אויף גרויסע שטיקער.

— ווער וועט יעצט האבען דיא עהרע עס צו בראטען? האט ער געפרעגט מיט א געלעכטער.

— איך וועל זיין אייער הויפט קאָך, האט דער פּראָפעסאר געזאגט.

— איהר, פּראָפעסאר פּאגאנעל? האט לארד גלענארוואן געפרעגט פערוואונדערט.

— פאר וואס ניט, מילארד? איך בין א פראנצויז און יעדער פראנצויז איז א געבארענער קאָך.

דער פּראָפעסאר האט גענומען א גרויס שטיק פלייש און האט עס אנגעהויבען צו בראטען אויפ'ן פייער.

— וואס פאר א מין חיה איז דאס? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— דאס איז א גואנאקאָ Guanaco, האט דער פּראָפעסאר געענטפערט און האט צושארט דיא קוילען אין אויווען.

אזוי וויא קיינער האט ניט געוואוסט, וואס דאס הייסט גואנאקאָ, האט מען געבעטען דעם פּראָפעסאר, ער זאל דאס ערקלערען.

— דיא גואנאקאָ, האט דער פּראָפעסאר ערקלערט, איז איינע פון דיא מערק־ווירדיגסטע טהיערע פון דער וועלט. זיא געפינט זיך נור אין פּאטאגאָניען און אויף דיא קארדיליערען. עס ווייזט אויס, וויא א יונגעס קעמעל, עס איז אבער פיעל שעהנער אלס א קעמעל. איהר קאָפּ איז זעהר עהנליך צום קאָפּ פון א שעפּס, אבער אהן הערנער. איהרע האר זיינען וויך און פיין, וויא זייד. אין פּאטאגאָניען טרעפט מען זיי אין הערדען (סטאדעס) פון טויזענדער שטיק מיט א מאל. דיא ווילדע פּאטאגאָניער עסען איהר פלייש און מאכען זיך קליידער פון איהר פעל. זיי טראגען זיי מיט דיא האר פון דרויסען. מען האט פּראָבירט פאנגען יונגע גואנאקאָס און זיי ברייננגען קיין אייראָפּא אום מען זאל זיי דארט לאזען אויסוואקסען און מאכען פון זיי הויזטהיערע, וויא קיה און שעפּסען. זיי לעבען אבער ניט לאנג אין אייראָפּא. אלע פּראָבען וואס מען האט געמאכט ביז אהער, זיינען ניט געלונגען.

אונטערדעסען איז דאס געבראטענעס פארטיג געווארען און דער פּראָפעסאר האט אפּגעשניטען און דערלאנגט יעדען זיין סטייק. יעדער האט געכאפּט עסען, האט עס אבער באלד אוועקגעווארפען. ער אליין האט פּראָבירט עסען — אונמעגליך! דאס פלייש איז הארט, וויא א שטיין און זעהר ניט געשמאק.

— איהר זייט מאקע א פראנצויז, האט זיך געררייצט מיט'ן פּראָפעסאר דער מאיאָר, און איהר זייט געוויס א גרויסער געלערנטער, איהר קענט אבער ניט קאָכען. אייער סטייק איז אבשייליך, מען קען עס אין מויל ניט נעהמען. ווער האט אייך געבעטען, איהר זאלט קאָכען?

דער פּראָפעסאר האט אנפאנגס ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. ער האט אליין געזעהן, אז זיין געבראטענס איז אונמעגליך צו נעהמען אין מויל אריין. פּלוצלונג האט ער אויסגערופען:

— איך ווייס! איך ווייס! ניט איך בין שולדיג, וואס דאס פלייש טויג ניט!

— ווער דען איז שולדיג? האט געלאכט דער מאיאָר. פיעללייכט איך, ווייל איך האב עס געשאסען?

— דאס געבראטענס אליין איז שולדיג, האט דער פּראָפעסאר געענטפערט. עס איז צופיעל געלאפען. דאס פלייש פון דער גואנאקאָ איז נור דאַן גוט, אז מען טייטעט דאס טהיער, ווען עס איז רוהיג; קוים איז ער דערשראקען און איז זיך פיעל אנגעלאָפען, טויג דאס פלייש ניט און מען קען עס ניט עסען. ווען דיא ווילדע פּאַטאַגאָניער טרעפען אן א הערדע גואנאקאָס, גנבנען זיי זיך צו צו דיא טהיערע און טייטען איינע אדער צוויא ניט מעהר. זיי יאָגען זיי קיין מאל ניט נאך, ווייל זיי ווייסען, אז קוים דערשרעקט זיך דיא גואנאקאָ און אנטלויפט, וועט שוין איהר פלייש ניט טויגען צום עסען.

— פאר וואס אבער האבען זיך דיא גואנאקאָס אזוי דערשראָקען און זיינען אזוי אנטלאפען? האט לארד גלענארוואן ווידער געפרעגט.

— עס טהוט מיר לייד, מילארד, וואס איך קען אייך יעצט קיין ענטפער ניט געבען אויף אייער פראגע. לאמיר זיך בעסער לייגען שלאפען, מיר דארפען אויפשטעהן גאנץ פריה און ווייטער געהן.

יעדער האט זיך איינגעוויקעלט אין זיין דעק און האט זיך געלעגט שלאפען. אין א קורצע צייט ארום זיינען אלע געשלאפען געשמאק, איינינע האבען זאגאר געחראָפּעט, אז מען האט געקענט הערען פאר א מייל דיא ווייט. נור איין לארד גלענארוואן האט ניט געקענט שלאפען. ער האט עפּעס געפיהלט, אז עפּעס איז דא ניט גלאט, אז דיא גואנאקאָס זיינען ניט אומזיסט אנטלאפען מיט אזא שרעק. ער האט זיך געווארפען און זיך איבערגעדרעהט פון איין זייט אויף דער אנדערער און האט דאך קיין אויג ניט ניט געקענט צומאכען. עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז ער הערט ערגעץ א זאנדערבארען ליארם, עפּעס רוישט, עפּעס דונערט, עפּעס קאָכט און זידעט ערגעץ ווייט אדער טיעף אין דער ערד. באלד האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז אין דרויסען האט אויסגעבראכען א שרעקליכער שטורמווינד, אז דיא ערד ציטערט. ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין געלעגער און איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען זעהן, וואס דארט טהוט זיך.

עס איז שוין געווען פארטאג. דער מאנד איז אויפגעגאנגען און האט בעלייכטעט דיא געגענד. דיא לופט איז געווען ריין, דער הימעל לויטער. פון צייט צו צייט אבער האט זיך געוויעזען א פייער און האט בעגאסען דיא גאנצע געגענד מיט זיין רויטעס ליכט. לארד גלענארוואן האט זיך אומגעקוקט און האט באלד דערזעהן דיא אורזאכע פון'ם פייער.

— דאָס איז דער ווולקאן, דער פייערשפּריצענדער בערג, אנטוקאָ, האט ער געזאגט צו זיך אליין. ער גיט עס אונז אן אומזיסטע פארשטעלונג. אונז צוליעב מאכט ער פייער ווערק און ווייזט אונז, וואס ער קען.

דיא סצענע איז געווען גראסארטיג. עס איז ווערטה צו פאהרען טויזענדער מייל, עס צו זעהן. זיא לאזט זיך ניט בעשרייבען. דיא פעדער איז צו שוואך איבערצוגעבען דיעזע שרעקליכע שענהייט. דאס רויטע פייער פון'ם ווולקאן האט זיך פערמישט מיט דעם קלארען, העלען זילבער ליכט פון'ם מאנד און האט פארגאָסען דיא גאנצע געגענד מיט א ראָזא פארב, וועלכע מען קען ניט איבערגעבען מיט ווערטער.

לארד גלענארוואן איז געשטאנען א לאנגע צייט און האט בעטראכט דיא סצענע, ער האט זיך ניט געקענט אפרייסען פון איהר. ער האט זיך צוגעהערט—עס רוישט נאך עס דונערט ערגעץ, ווייט, ווייט. עס קאכט, עס זיעדעט, עס ליארמט, אבער וואו? — דאס האט ער ניט געוואוסט. ענדליך איז איהם קאלט געווארען און ער איז אריינגע־גאנגען אין שטיבעלע און האט זיך געלעגט שלאפען. באלד איז ער אויך געשמאק אנטשלאפען געווארען.

וויא פיעל ער איז געשלאפען, ווייס ער ניט. א שרעקליכעס קראכען, וויא דאס שיעסען פון הונדערטער קאנאנען, האט איהם אויפגעוועקט. ער האט געעפענט דיא אויגען און געזעהן, אז דיא ווענט פון׳ם שטיבעלע שאקלען זיך און וויעגען זיך אהין און אהער. באלד האט זיך דאס שטיבעלע געעפענט, דיא ווענט זיינען זיך צוגאנגען. דער דאך איז ערגעץ פערשוואונדען געווארען. אונזערע רייזענדע האבען געוואלט אויפשטעהן, זיי זיינען אבער באלד אומגעפאלען און האבען זיך אנגעהאפט, אן וואס זיי האבען גע־קענט. זיי האבען געפיהלט, אז זיי גליטשען זיך און פליהען ערגעץ מיט א שרעקליכער שנעליגקייט.

דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך, ווען דיא ערד אונטער זיי איז געבלי־עבען רוהיג אויפ׳ן ארט, איז געווען דער פראפעסאר. ער האט זיך אומגעקוקט און האט אויסגערופען:

— אן ערדציטערניש!

ער האט קיין טעות געהאט. זיי האבען דורכגעלעבט איינעם פון יענע שרעקליכע ערדציטערנישען, וועלכע זיינען אזוי אפט אין יענע געגענדען. זיי זיינען אזוי אפט דארט, אז דיא שטאדט סאנטיאגא, דיא הויפט שטאדט פון טשילי, איז אין א צייט פון פיער־צעהן יאהר פ י ע ר מ א ל אין גאנצען צערשטערט געווארען פון ערדציטערניש. דיא שטאדט קאפיאפא האט אין צעהן יאהר צוויי מאל געליטען אזוי שטארק פון ערד־ציטערניש, אז דיא איינוואינער האבען זיך געמוזט ארויסציהען און אוועקווארפען דיא שטאדט. יעצט געפינט זיך אויף דעם ארט אן ארים דערפעלע פון עטליכע הילצערנע שטיבעלעך.

בעמערקענסווערטה איז עס, אז אין יענע געגענדען מאכט זיך א מאל אין דער צייט פון אן ערדציטערניש, אז א גאנץ שטיק בארג פון עטליכע מייל דיא ברייט און דיא לענג גליטשט זיך אראפ אין טאהל אריין. דאס איז יעצט געווען דער פאל מיט אונזערע רייזענדע. זיי האבען געפיהלט, אז דיא ערד אונטער זיי פליהט ערגעץ, גליטשט זיך ערגעץ, זיי האבען ניט געוואוסט וואוהין. רעדען איינער צום אנדערן איז געווען אונמעגליך. עס האט אזוי שטארק געקלאפט, גערוישט און גערונערט, אז עס איז געווען אונמעגליך ארויסצורעדען א ווארט. דערצו זיינען זיי געווען אזוי דערשראקען און דער קאפ האט זיי אזוי געשווינדעלט, אז זיי האבען גאר ניט געקענט דענקען איי־נער פון׳ם אנדערן. קיינער האט ניט געוואוסט, אויב דער אנדערער לעבט און וואו ער איז. יעדער האט זיך אנגעהאפט, אן וואס ער האט געקענט, אהן א שטיין, אהן א שטיק האלץ, אהן א בוים, אהן גראז. אין אזא מינוט קען דער מענש ניט טראכ־טען, ניט זיך איבערלעגען. דאס ערשטע געפיהל איז — דאס לעבען. יעדער וויל לעבען,

יעדער פיהלט, אז זיין לעבען איז אין געפאהר און זוכט זיך צו רעטען.

וויא לאנג זיי זיינען אזוי געפלויגען, האבען זיי אויך ניט געוואוסט. זיי האבען נור געפיהלט א שרעקליכען שטויס, יעדער האט ארויסגעלאזען דיא זאך, וואס ער האט געהאלטען אין דיא הענד און האט זיך אראָפּגעקייקעלט. איינינע צייט זיינען זיי געבליעבען ליעגען בעטויבט, דערשראקען, צומישט. ענדליך האט זיך איינער אויפגעהויבען און האט זיך ארומגעקוקט ווילד און דערשראָקען.— דאס איז געווען דער מאיאָר. ער האט געזעהן, וויא זיינע קאמעראדען ליעגען אלע ניט ווייט אויסגעשטרעקט און ריהרען זיך נים. ער איז אבער געווען אזוי צומישט און אזוי דערשראקען, אז ער האט ניט געקענט זיך ריהרען פון'ם ארט. באלד האט זיך אויפגעהויבען דער פּראָפעסאר. ער האט זיך ארומגעקוקט, וויא איינער וואס חאַפּט זיך אויף נאכ'ן כלאָראָפאָרמירען. לאנגזאם איז איינער נאכ'ן אנדערן געקומען צו זיך און האבען זיך אויפגעחאפּט. יעדער האט זיך אומגעקוקט ווילד, צומישט, דערשראקען און בעטויבט. צו ביסלעכוויים האבען זיי אנגעהויבען קומען צו זיך און זוכען, בעטראכטען איינער דעם אנדערן. דער מאיאָר איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט צוריק געוואונען זיין פאלעם בעוואוסט זיין. ער האט איבערגעצעהלט זיינע קאמעראדען. אלע זיינען דא, נור איינער פעהלט — דער קליינער, ראָבערט גראנט.

## 14טעסי קאפּיטעל.

## גליקליך גערעטעט.

ווען אונזערע רייזענדע זיינען אלע פאלשטענדיג געקומען צו זיך, האָבען זיי זיך ערשט אנגעהויבען ארומצוקוקען און האבען געזעהן מיט בעוואונדערונג, אז זיי ליעגען אין טיעפען, ווייכען גראז. ארום זיי איז אלעס גרין, אלעס בליהט אלעס וואקסט. עס איז ווארים און דיא זון שיינט און גלענצט, אז עס א פערגניגען.

— וויא קומען מיר אהער? וויא אזוי זיינען מיר פּלוצלונג אריבערגעגאנגען פון א קאלטען ווינטער אין אזא ווארעמען זומער? פון אזא נאקעטע, וויסטע און קאלטע געגענד, וואו מיר האבען זיך געלעגט שלאפען אין אזא שעהנע, בליהענדע, ווארעמע געגענד, וואו מיר זיינען יעצט?

דאס זיינען געווען דיא ערשטע ווערטער, דיא ערשטע פראגען פון אונזערע רייזענדע. קיינער אבער האט זיי ניט געענטפערט. קיינער האט נאך ניט געוואוסט, אז מיסים נאטור האט זיי אראפּגעפיה'רט פון דיא בערג אויף איהר אייגענעם וועגעלע און נאך אויף איהרע הוצאות.

לארד גלענארוואן איז שפּעטער פון אלעמען געקומען צו זיך. קוים אבער האט ער געוואונען זיין פאלען פעשטאנד, האט ער באלד געפרעגט:

— זיינען מיר אלע לעבען געבליעבען? פעהלט אונז קיינער ניט!

מען האט איהם דערצעהלט, אז ראבערט גראנט פעהלט. עס האט אויף איהם געווירקט, וויא א דאנערשלאג. ער איז אויפגעשפרונגען פון זיין ארט און האט אויסגערופען מיט פערצווייפלונג אין זיין שטימע:

— לאמיר איהם געהן זוכען! לאמיר נים פערליערען קיין מינוט! לאמיר זוכען אין יעדער מאהל, אין יעדער שפאלט, אין יעדער הייל! אך! ראבערט! מיין ליעבער ראבערט!

אלע האבען דעם קליינעם ראבערט זעהר ליעב געהאט. ער איז געווען אזא גוטער, פרעהליכער יונגע, אז אלע זיינען געווען בערייט צו אפפערן פאר איהם זייער לעבען. דענאך האבען אלע געשוויעגען, ווען לארד גלענארוואן האט זיי אויפגעפאדערט, אז זיי זאלען איהם געהן זוכען. דאס האט איהם איבערראשט.

— וואס שווייגט איהר? האט ער אויסגעשריען. ווייסט איהר פאר געוויס, אז ראבערט איז אומגעקומען? האט איהר עפעס א נאכריכט פון איהם? ווייסט איהר עפעס פון איהם? זאגט! זאגט מיר אלעס!

אלע האבען געשוויגען. קיינער האט נים געוואוסט, וואס צו זאגען. זיי זיינען אלע געווען אזוי איבערראשט און דערשראקען, אז זיי האבען ווירקליך נים געוואוסט, וואס איהם צו ענטפערן. ענדליך האט דער מאיאר געפרעגט:

— קען זיך איינער פון אייך דערמאנען, ווען ראבערט איז פערשוואונדען געווארען?

קיינער האט נים געוואוסט, ווען ראבערט איז פערשוואונדען געווארען.

— לעבען וועמען איז ראבערט געשלאפען אין שטיבעלע אויף דיא קארדילירען? האט דער מאיאר ווייטער געפרעגט.

— לעבען מיר, האט ווילסאן געענטפערט.

— קענסט דוא נים געדענקען, אויב ראבערט איז געלעגען לעבען דיר, ווען דער בארג האט אנגעהויבען צו ציטערן און האט זיך אראפ געגליטשט?

— וויא ווייט איך קען געדענקען, איז ראבערט געליגען לעבען מיר דיא גאנצע צייט. מיר ווייזט אויס, אז ער איז נאר נים לאנג פערשוואונדען.

— דערמאן דיך גוט, האט דער מאיאר איהם ווייטער געזאגט. ביסט דוא זיכער, אז ער איז געלעגען לעבען דיר?

— דאס געדענק איך געוויס, איך דערמאן מיך, אז זיין דעק האט מיר א קלאפ געטהאן אין געזיכט, ווען מיר זיינען אראפגעפלויגען פון'ם בארג.

— דערמאן דיך נאך אמאל. געדענקסט דוא געוויס, אז ווען מיר זיינען געפלויגען פון'ם בארג, איז ראבערט געלעגען לעבען דיר?

— דאס געדענק איך געוויס.

— אין וועלכער זייט איז ראבערט געלעגען, אין דיין רעכטער אדער אין דיין לינקער זייט?

— אין מיין לינקער זייט. דאס געדענק איך אויך זעהר גוט.

— און אין וועלכער זייט פון אונז אלעמען ביסט דוא געלעגען, אין אונזער רעכטער אדער אין אונזער לינקער זייט?

— אין אייער לינקער זייט.

— אלזא, ווייסען מיר ווענינגסטענס, אין וואס פאר א זייט מיר דארפען געהן איהם זוכען, האט דער מאיאר געזאגט. עס איז שווער צו זאגען, ווען ער איז פער-

שוואונדען. איך מיין אבער, אז צוערשט דארפען מיר דורכזוכען דיא גאנצע געגענד צווייא מייל ארום—יעצט, שנעל! ניט געטראכט!

וויא מיעד און צובראָכען זיי זיינען געווען, האבען זיי צונויפגענומען זייערע לעצטע קרעפטע און האבען אנגעהויבען געהן זוכען ראבערט גראנט. זיי זיינען זיך צוגאנגען אויף פערשיעדענע וועגען און יעדער האט געזוכט אין אנאנדער ארט.

ליידער, איז זייער מיה געווען אומזיסט. איין שטונדע נאך דער אנדערער איז פערפלאסען און זיי האבען קיין שפור ניט געפונען פון ראבערט גראנט. אום איינס אוהר זיינען זיי זיך ווידער צונויפגעקומען. אלע זיינען געווען שטיל און טרויעריג. לאָרד גלענארוואן איז געווען אזוי נידערשלאָגען, אז ער איז געפאלען, וויא א שטיין אויפ'ן גראז און האט אויסגערופען איין מאל נאכ'ן אנדערן:

— איך מוז איהם געפינען! איך מוז איהם געפינען! איך וועל ניט אוועקגעהן פון דאנען, ביז איך וועל איהם געפינען.

דאס זיינען געווען דיא איינציגע ווערטער, וואס מען האט פון איהם געהערט. עס איז געווען אונמעגליך מיט איהם עפּעס צו רעדען אדער איהם עפּעס צו זאגען. דער שטאלצער לארד האט געוויינט, וויא א קינד.

— צו ערשט מוז מען עפּעס עסען, האט דער פּראפעסאר געזאגט צום מאיאָר. מיר זיינען אלע געבליעבען אהן קרעפטע פון דער שרעקליכער נאכט און פון דעם זוכען. מיר מוזען זיך אביסעל שטארקען מיט עסען און מיט טרינקען, דאן וועלען מיר קלערן, וואס מיר זאלען ווייטער טאהן. זאלען מיר ווייטער געהן, אדער זאלען מיר בלייבען דא און ווייטער זוכען דאס קינד.

— איהר האט רעכט, פּראפעסאר. מיר זיינען אלע אזוי מיעד, אז מיר האלטען זיך קוים אויף דיא פיס. וויא עס ווייזט אויס, האט לארד גלענארוואן נאך א האפנונג איהם צו געפינען.—וואס פאר א האפנונג ער האט, ווייס איך ניט.

— פאר וואס ניט? האט דער פרומער טאָם אויגוסטין געזאגט. ווען גאט האט אונז גערעטעט, פאר וואס זאלען מיר ניט גלויבען, אז ער האט איהם אויך גערעטעט?

— ארמער ראבערט! ארימעס קינד! האט דער פּראפּעסאר געזאגט און האט אפּגעווישט א גראבע טרער אויף זיינע בלייכע באקען.

עס האט ניט געהאלפען דאס רעדען. מען האט געמוזט דענקען אן דיא לעבעדיגע. מען האט געמוזט צונויפזוכען דיא זאכען, וואס איז זיי נאך געבליעבען און זעהן, וואס מען האט און וואס עס פעהלט. פיעלע זאכען זיינען פערפאלען געווארען און צובראכען געווארען אויף דעם זאנדערבארען וועג, וואס זיי האבען געמאכט. מען האט צונויפגעקליעבען, וואס מען האט געקענט. עס זיינען נאך געבליעבען אייניגע דעקען און זייער געוועהר, וועלכעס זיי האבען געהאט אין דיא גארטלען. א ביסעל פראוויאנט איז נאך אויך געבליעבען.

אזוי וויא אין דער געגענד איז געווען גענוג האלץ, האט באלד געברענט א פייער און דער מאטראָז מילרעד האט אויפגעשטעלט א קעסעלע צו קאכען טהעע. דאס עסען איז באלד פארטיג געווארען. אלע האבען געגעסען שטיל און טרויעריג, נור איין לארד גלענארוואן האט זיך צו קיין עסען ניט געוואלט צו ריהרען. ער איז געלעגען אויף

זיין ארם, וויא א דערשלאָגענער. דער מאיאָר און דער פּראָפעסאר האבען איהם געבעטען, ער זאל עפּעס נעהמען אין מויל אריין, ער זאל זיך א ביסעל שטארקען. זיי דארפען דאך ווייטער געהן, זיי קענען דאך דא ניט בלייבען. — עס האט אבער גאר ניט געהאלפען. לארד גלענארוואן האט זיך ניט געריהרט און ווען מען איז שטארק צו איהם צו געטראטען, האט ער נור געזאגט:

— וואס וועל איך זאגען דעם קאפּיטאן גראנט, ווען איך וועל איהם געפינען? וואו האב איך אהין געטהאן זיין קינד?

ווען זיי האבען אפּגעגעסען און זיך א ביסעל אויסגערוהט, זיינען זיי ווייטער געגאנגען זוכען דעם פערלארענעם ראבערט. זיי זיינען ארומגעגאנגען אלע בערג, אלע טאהלען, האבען געשריעען: ראבערט! ראָבערט! אבער נור דער ווידערקול פון דיא בערג האט זיי געענטפערט: ראבערט! ראָבערט! לארד גלענארוואן איז געגאנגען ווייטער פון אלעמען. האט געזוכט מעהר פון אלעמען, האט געשריען מעהר פון אלעמען, ביז ער איז ענדליך אנידער געפאלען פון מיעדקייט און שמערץ.

צום גליק, האט עס דער מאטראָז ווילסאָן בעמערקט און האט צונויפגערופען דיא גאנצע פּארטיע. דער מאיאָר איז יעצט געווארען א דאקטאר. ער האט מיט געוואלד אויפגעריסען לארד גלענארוואן דאס מויל און האט איהם אריינגעגאָסען איינינע טראפּען קאָניאַק איז מויל אריין. דאן האט ער געהייסען צו לעגען א פייער און האט אפּגעקאכט א ביטעל מאטע, וועלכע ער האט געצוואונגען לארד גלענארוואן, ער זאל עס אויסטרינקען.

יעצט ערשט האבען זיי זיך איבערציינט, וואס פאר א גוטע זאך דער מאטע, אדער יערבא מאטע איז. קוים האט לארד גלענארוואן אויסגעטרונקען א ביסעל מאטע, איז ער געווארען פריש און מונטער, גלייך וויא ער וואלט גאָר קיין מאל ניט מיעד געוועזען. ער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, האט אנגעקוקט יעדען פון זיינע קאַמעראדען. ער האט זיי געפרעגט מיט דיא אויגען, אויב זיי קענען איהם געבען עפּעס א האפנונג. אלע האבען אראפּגעלאזען דיא אויגען און האבען געקוקט צו דער ערד.

— מיר מוזען צוריקגעהן, האט ער ענדליך געזאגט. איך קען ניט אוועקגעהן פון דאנען, ביז איך וועל איהם געפינען טויט, אדער לעבעדיג.

— וואס רעדט איהר עדוארד? האט דער מאיאָר געזאגט. וויא אזוי וועלען מיר צוריקגעהן, אז מיר ווייסען קיין וועג ניט? מיר האבען קיין פיהרער, קיין וועגווייזער. דיא ערדציטערניש האט דיא גאנצע געגענד פערענדערט. גאנצע בערג האבען זיך אראפּגעגליטשט. פיעלע טאהלען זיינען פערשאטען געווארען. עס האבען זיך געבילדעט טיעפע אבגרונדען, וועלכע מיר וועלען יעצט אויף קיין פאל ניט קענען אריבערגעהן. אלע בריקען איבער דיא וואסערן זיינען צובראכען, צערשטערט און פערניכטעט געווארען. וואוהין וועלען מיר געהן?

— מיר מוזען ווייטער געהן, האט פּאגאנעל געזאגט. עס איז פערפאלען. עס האט אונז געטראָפען אן אומגליק, מיר קענען אבער גאר ניט העלפען.

לארד גלענארוואן האט געשוויגען. ער האט געזעהן, אז זיינע קאמעראדען האָ־

האבען רעכט. וויא לאנג נאך וועלען זיי דא בלייבען? אין דיעזע מינוט האט דער מאטראָז ווילסאָן בעמערקט אין דער הויך עפּעס א גרויסען שווארצען פלעק.

— וואס איז דאס דארט? דאט ער געפרעגט. עפּעס איז עס א זאנדערבארע זאך.

אלע האבען אויפגעהויבען דיא אויגען און האבען געקוקט אויף דעם שווארצען פלעק הויך אין דער לופט. דער שווארצער פלעק איז געווארען אלע מאל גרעסער און גרעסער. ענדליך האט מען געקענט זעהן, אז דאס איז א גרויסער פויגעל, וועלכער שוועבט איבער'ן א שטיין גאנץ הויך ניט ווייט פון זיי. דער פּראָפעסאָר האט זיך צוגעקוקט מיט זיינע גרויסע ברילען און האט אויסגערופען:

— א קאָנדאָר! דאס איז א קאָנדאָר!

לארד גלענארוואן איז געווארען אויפמערקזאם. ער האט געוואוסט וואס א קאָנדאָר איז.

— לאמיר זיך צוקוקען צו איהם, האט ער געזאגט. ער לאזט זיך אראפּ. ער קומט נעהנטער. קוקט אייך צו!

דער קאָנדאָר איז איינער פון דיא גרעסטע און שטארקסטע רויב־פייגעל פון זיד אמעריקא. ער יאגט זיך נאך זאנאר נאך אן אקס און טרייבט איהם אזוי לאנג, ביז דער אקס פאלט אראפּ פון א שטיין אדער בלייבט ליעגען פאר מיעדיגקייט, דאן פליהט ער צו צו איהם, פיקט איהם צו ערשט דיא אויגען אויס און דערנאך רייסט ער פון איהם שטיקער און פרעסט. לאמאס, קעלבער, יונגע פערד און אנדערע קלענערע און שוואכערע טהיערע הייבט ער אויף צווישען זיינע שטארקע פיס און טראגט זיי אוועק אין זיין נעסט, וואו ער צורייסט זיי. ער האפּט זעהר אפט קינדער ביז צוועלף־פיערצעהן יאהר און שלעפּט זיי אוועק אין זיין נעסט. זיינע אויגען זיינען אזוי שארף, אז ער זעהט פון דער גרעסטער הויך דיא קלענסטע זאך, דיא קלענסטע חיה'לע, וואס לויפט אין טיעפען טאהל. ווען ער איז שטארק הונגעריג אדער ווען ער האט קליינע קינדער, שעהמט ער זיך זיך ניט צו האפּען זאגאר א מויז, אדער אנאנדער קליינע חיה.

ווען ער דערזעהט דיא חיה, וועלכע ער וויל רויבען, דרעהט ער זיך איינינע ציים הויך אין דער לופט און ווארפט זיך פּלוצלונג אראפּ שנעל, וויא א פייל פון'ם בויגען אויף דער חיה, האפּט זיא מיט זיינע שטארקע אייזערנע לאפּעס און פליהט מיר איהר אוועק אין זיין נעסט.

לארד גלענארוואן און דער פּראָפעסאָר האבען זעהר גוט געוואוסט דיא לעבענס־וויזע פון'ם קאָנדאָר. זיי האבען געזעהן, אז ער דרעהט זיך אין דער לופט און זיינען געוועזן זיכער, אז ער האט עפּעס דערזעהן, וואס קען איהם נוצען אלס שפּייז.

— פיעללייכט האט דער קאָנדאָר דערזעהן דיא לייכע פון ראבערט גראנט? האט לארד גלענארוואן געזאגט צו זיך אליין. פאר וואס ניט? איז עס דען ניט מעגליך?

אלע האבען יעצט געקוקט אויפ'ן קאָנדאָר. קיינער האט פון איהם קיין אויג ניט אראפּגעלאזען. דער קאָנדאָר האט זיך איינינע מינוט געדרעהט אין דער לופט. ער איז געקומען אלע מאל נעהנטער און נעהנטער צו דער ערד. יעצט האבען זיי איהם געקענט גוט בעטראכטען. דאס איז ווירקליך געווען א גרויסארטיגער פויגעל, אדער היָם

ריא וועלט זאגט, דער קעניג פון דיא פויגעל. ער האט אויסגעשפרייט זיינע ברייטע אַח פליעגעל און האט געשוועבט אין דער לופט.

דער מאיאר האט נעחאפט זיין ביקס און האט געוואלט שיעסען אויף איהם. לארד גלענארוואן האט איהם צוריק געהאלטען.

— ווארט! לאמיר זעהן, וואס ער וועט טאהן. ער דרעהט זיך דא ניט אומזיסט. ער זעהט זעהר גוט, אז עס שטעהן דא מענשען און ווען ער פליהט ניט אוועק, איז דאס דער בעסטער בעווייז, אז ער האט עפּעס דערזעהן, וואס קען איהם נוצען.

קוים האט לארד גלענארוואן אויסגערעדט, האט דער קאָנדאָר זיך אראפּגעוואר־פען שנעל, ווי א פייל, ערגעץ אין א טיעפען טהאל. איינגע מינוטען איז ער פערשוואונ־דען געווארען. אלע האבען איהם געזוכט מיט דיא אויגען. באלד האט זיך דער קאָנדאָר ווידער ארויסגעוויזען פון הינטער א גרויסען שטיין. ער איז געפלויגען לאנגזאם, צווי־שען זיינע שטארקע פיס האט ער געטראגען עפּעס א לאנגען קערפּער.

אלע האבען ארויסגעלאָזען א שרעקליכען געשריי פון שרעק און פערצווייפלונג. זיי האבען געזעהן דייטליך, אז דער קאָנדאָר האלט אין זיינע לאפּעס א מענשליכען קערפּער. דאס איז געווים — ראבערט גראנט. דער קאָנדאָר האָט געזעהן, אז מענשען שטעהן אונטען און האט מורא געהאט, אז זיי זאָלען ביי איהם ניט אוועקנעהמען זיין רויב. ער האט דאהער אנגעשטרענגט אלע זיינע קרעפטע, ער זאל שנעל אוועקפליהען מיט איהם.

— אך, ראבערט! ראבערט! אונגליקליכער ראבערט! האט לארד גלענארוואן געשריעען און האט געחאפּט זיין ביקס.

ער האט אנגעהויבען צו ציעלען אויפן קאָנדאָר. זיינע הענד אבער האבען געצי־טערט. ער איז געווען צו שוואך און צו מיעד אום ריכטיג צו ציעלען.

— לאזט מיך! האט דער מאיאָר געזאגט. איך וועל איהם שיעסען. איך וועל איהם טרעפען דעם רויבער! איך בין דאך אַן אלטער סאָלדאט. מען מוז זיין זעהר פארזיכטיג, מען זאָל טרעפען דעם קאָנדאָר און ניט דאס קינד.

דער מאיאָר האט גענומען זיין ביקס און האט אנגעהויבען צו ציעלען. דאס איז ווירקליך געווען א שווערע אויפגאבע. מען האט געדארפט גוט ציעלען און טרעפען דעם קאָנדאָר אין א פליעגעל, ניט אין בויך, ווייל ווען מען טרעפט איהם אין בויך, פאלט ער באלד אראָפּ און ראבערט וועט דערהרגט ווערן. אין דער צייט, ווען דער מאיאָר האט געציעלט, האט זיך פון ערגעץ געוויזען א ווייסער רויך. עס האט געקנאקט א שאס פון א ביקס און דער קאָנדאָר האט אנגעהויבען זיך אראָפּצולאָזען אויף דער ערד לאנגזאם און פארזיכטיג. עס איז געווען דייטליך, אז דער, וועלכער עס האט געשאָסען דעם קאָנדאָר, האט גוט געציעלט און האט געוואוסט, וואו צו שיעסען.—ער האט איהם געטראָפען אין רעכטען פליגעל. ער האט ניט אפּגעלאָזען זיין רויב און איז זיך גאנץ לאנגזאם אראפּגעפלויגען אלץ ניעדעריגער און ניעדעריגער, ביז ער איז צוגע־קומען צו דער ערד.

— מיר האבען איהם! מיר האבען איהם! האט לארד גלענארוואן אויסגערופען

און איז געלאפען, וויא א וואהנזיניגער צו דעם ארט, וואו דער קאַנדאָר איז אראַפּגעפאלען.

אלע זיינען איהם נאכגעלאפען. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דעם אָרט, וואו דער קערפּער פון ראבערט גראנט איז אראפּגעפאלען, האָט איהם דער קאַנדאָר אין גאַנצען אפּגעלאזען און האט געוואלט אנטלויפען. א שטארקע האנד אבער האט איהם אין דער זעלבער מינוט אפּגעהאקט דעם קאפּ. קיינער האט זיך ניט אומגעקוקט, ווער עס האט עס געטאהן. אלע האבען זיך ארויפגעווארפען אויף ראבערטס קערפּער. ער איז געווען גוט איינגעהילט אין זיין דעק, וויא דער מאטראז ווילסאָן האט עס געטאהן, איידער זיי זיינען אנטשלאפען געווארען. לארד גלענארוואן האט באלד אויפגעריסען דיא דעק און האט זיך צו געלעגט צו ראָבערטס הארץ.

— ער לעבט! ער איז נאך ווארים! האט ער אויסגערופען וויא א וואנזיניגער. שנעל, וואסער!

מען האט באלד געבראכט וואסער פון'ם טייך און מען האט געגאָסען ראָבערטען אין געזיכט. דער מאיאר האט פּרובירט זיין מיטעל. ער האט איהם אריינגעגאָסען אין מויל אייניגע טראָפּען קאָניאַק. עס זיינען פערגאנגען אייניגע שרעקליכע מינוטען, אין וועלכע אלע האָבען געציטערט צווישען שרעק און האָפנונג. אלע זיינען געליגען אדער געשטאנען ארום איהם. ענדליך האט ער זיך אנגעהויבען צו ריהרען, אויף זיין געזיכט האט זיך געוויזען א ביסעל פארב. דער מאיאָר האט ווייטער פּראבירט זיין מיטעל און האט איהם ווידער אריינגעגאָסען אין מויל א פּאָר טראָפּען קאָניאַק. ראָבערט האט זיי אראָפּגעשלונגען. אין אייניגע מינוט ארום האט ער געעפענט דיא אויגען און האט זיך אומגעקוקט ווילד, דערשראקען, צומישט. קוים אבער איז זיין בליק געפאלען אויף לארד גלענארוואן, האבען זיינע בלייכע ליפּען קוים אויסגערעדט:

— איהר זייט עס, לאָרד! פאָטער!

לארד גלענארוואן האט ניט געקענט רעדען. ער איז צוגעפאלען צו ראבערטען, האט איהם ארומגענומען און געקושט. פון זיינע אויגען איז געפלאסען א שטראם טרערן, אבער גליקליכע, פרעהליכע טרערן. — ער האט געוויינט פאר פרייד.

15טעם קאפּיטעל.

# טהאַלקאַווע.

יעצט האבען זיך אלע געווארפען צו ראבערטן. יעדער האט איהם ארומגענומען, יעדער האט איהם געקושט. יעדער האט געוואלט הערן פון איהם א ווארט. יעדער האט איהם געפרעגט, וויא ער הייסט. יעדער האט איהם געוואלט עפּעס געבען אדער טאהן עפּעס פאר איהם. אלע האבען געוויינט, אלע האבען זיך געפרייט. אלע האבען געטאנצט און האבען איינער דעם אנדערן געגעבען דיא העגד. עס איז פערגאנגען א גרויסע צייט, ביז זיי האבען זיך בערוהיגט.

ווען זיי האבען זיך א ביסעל בערוהיגט, האבען זיי ערשט אנגעהויבען צו דענקען: ווער איז געווען ראבערטס רעטער? ווער האט געשאָסען דעם קאָנדאָר און האט איהם דערנאך געטייטעט? ערשט יעצט האבען זיי אנגעהויבען זיך ארומצוקוקען. זיי האבען,

דאכט זיך, א גאנצען טאָג קיין מענשען דא ניט געזעהן. ווער האט אלזא געשאָסען דעם קאָנדאָר? ווער האט איהם אפגעהאקט דעם קאָפּ?

זיי האבען אנגעהויבען צו קוקען אין אלע זייטען און האבען ענדליך דערזעהן אויף א גרויסען שטיין איז געשטאנען א הויכער מאן אָנגעשפארט אויף א לאנגע אלטמאָדישע ביקס. פון דיא פלייצעס איז איהם אראָפּגעהאנגען א פעל פון א גואנאקאָ, וועלכעס האט איהם געדיענט אלס מאָנטעל. דיא פיסלעך פון דער גואנאקאָ זיינען געווען צונויפגעבונדען ביי איהם אויפ'ן האלז. דער אבערקערפּער איז געווען נאקעט, נור אויף דיא לענדען האָט ער געטראָגען א קורץ קלייד פון א גואנאקאָ פעל. דיא פיס זיינען געווען אנגעטאָהן אין מאָקאסינס, דיא שיך פון דיא ווילדע אינדיאנער.

עס איז געווען א פערגניגען איהם אָנצוקוקען, וויא ער איז געשטאנען אנגעשפארט אויף זיין לאנגער ביקס, גלייך וויא א סטאטוע פון בראָנז. דיא פארב פון זיין געזיכט און פון זיין קערפּער איז געווען רויט וויא קופּער. זיינע לאנגע שווארצע האָר זיינען געווען פערבונדען מיט א ווייסען באנד. קיין באָרד האט ער ניט געהאט. זיינע פלייצעס זיינען געווען ברייט און שטארק. זיינע הענד זיינען געווען דיק און פול מיט מוסקלען. מען האט געקענט זעהן גאנץ דייטליך, אז פון אזא פּאָר הענד איז ניט לייכט זיך ארויסצורייסען. און דאך איז דער אויסדרוק פון זיין געזיכט געווען מילד און פריינדליך. ער האט געקוקט אויף אונזערע רייזענדע און האט געשמייכעלט.

קוים האבען זיי איהם דערזעהן, האט דער מאיאָר געוויזען לאָרד גלענארוואן.

— אט שטעהט דער מאן, וועלכער האט גערעטעט אונזער ראָבערט.

לאָרד גלענארוואן האט זיך געלאָזט געהן צו דעם מאן. קוים האט דער מאן בעמערקט, אז מען געהט צו איהם, איז ער אראפּ פון'ם שטיין און איז זיי ענטגעגען געגאנגען. ווען לארד גלענארוואן איז צוגעקומען צו איהם, האט ער גענומען זיין האנד און האט זיא צוגעלעגט צום הארצען. דער מאן האט פערשטאנען, אז דאס דאנקט מען איהם. ער האט זיך לייכט פערנייגט און האט געזאגט עטליכע ווערטער, וועלכע קיינער האט ניט פערשטאנען. ווען ער האט געזעהן, אז מען פערשטעהט איהם ניט, האט ער פּראבירט רעדען אויף אנאנדערע שפּראכע. אבער קיינער פון אונזערע רייזענדע האט דיא אנדערע שפּראכע אויך ניט פערשטאנען. לארד גלענארוואן האט נור אזוי פיעל פערשטאנען, אז דיא אנדערע שפּראכע איז שפּאניש. ליידער, האט ער קיין שפּאניש אויך נים פערשטאנען. ער האט אבער דאך געוואלט מיט איהם וועניגסטענס עפּעס רעדען.

— עספּאניאָל? האט ער איהם געזאָגט.

דער ווילדער האט א שאָקעל געטאהן מיט'ן קאָפּ. א צייכען פארן ווארט • יא. וועלכעס איז אנגענומען ביי אלע פעלקער.

— יעצט לאָז קומען אונזער פּראפעסאר! האט אויסגערופען דער מאיאָר. ער רעדט דאך יא שפּאניש. לאז ער זיך צונויפרעדען מיט'ן פּאטאגאָניער. ער וועט דא האבען דיא בעסטע געלעגענהייט צו איבען זיך אין דער שפּאנישען שפּראכע.

דער פּראפעסאר איז באלד צוגעקומען און האט זיך גאנץ העפליך פערנייגט

פארן ווילדען און האט איהם בענריסט אויף ריין פראנצויזיש. דער ווילדער האט איהם ניט געענטפערט. ער האט איהם ניט פערשטאנען.

— רעדט מיט איהם שפאניש! האט דער מאיאר אויסגערופען. ער רעדט שפאניש, וויא פון א בוך ארויס.

דער פראפעסאר האט זיך אויסגעהוסט, האט געעפענט דאס מויל און האט געזאגט דעם ווילדען:

— Vos sois un homem de bem. דוא ביסט א גוטער מענש.

דער ווילדער האט איהם אנגעקוקט און האט איהם ניט געענטפערט.

— ער פערשטעהט ניט קיין שפאניש! האט דער פראפעסאר אויסגערופען. וויא איז דאס מעגליך, אז ער זאל אזעלכע צוויא ווערטער ניט פארשטעהן, ווען ער רעדט שפאניש?

— מעגליך, אז איהר קענט ניט קיין שפאניש, האט דער מאיאר געלאכט. דער פאטאגאניער פערשטעהט אייך ניט, אזוי וויא עס האט אייך אין טשילי קיינער ניט פערשטאנען.

— דאס קען ניט זיין! האט געזאגט דער פראפעסאר מיט פערדרוס. וויא שלעכט איך רעד, דארף ער דאך מיך עפעס פערשטעהן. אייןווארט דארף ער דאך פערשטעהן.

ער האט נאך אמאל פראבירט רעדען צום ווילדען, האט איהם ווייטער געזאגט א ווארט און האט נאך דערביי געמאכט א צייכען. דער פאטאגאניער האט ווייטער געזאגט א פאר ווערטער, וועלכע דער פראפעסאר האט וויעדער ניט פערשטאנען. עס האט גאר ניט געהאלפען. איינער דעם אנדערן האט אויף קיין פאל ניט געקענט פער־שטעהן.

— וואס ווילט איהר מיר איינרעדען? האט דער פראפעסאר ענדליך אויסגע־רופען. דער מענש רעדט אן אנדערע שפראכע, ניט קיין שפאניש.

לארד גלענארוואן און דער מאיאר האבען א קוק געטאהן איינער צום אנדערן און האבען א שמייכעל געטאהן.

— עספאניאל? האט לארד גלענארוואן געפרעגט דעם ווילדען.

— סי, סי! (יא יא) האט דער ווילדער געענטפערט.

— נו, זעהט איהר שוין, מיין ליעבער פראפעסאר, אז דער מאן רעדט ווירקליך שפאניש. איהר אבער, מיין פריינד, רעדט אן אנדער שפראכע. איך האב מורא, אז איהר האט ווייטער א טעות געהאט און האט געלערנט גאר אן אנדערע שפראכע אנשטאט שפאניש. איך מיין, אז דורך אייער צערשטרייטהייט האט איהר געמאכט דעמזעלבען פעהלער, וואס איהר האט געמאכט, ווען איהר זייט ארויפגעגאנגען אויפ׳ן „דונקאן" אנשטאט ארויפצוגעהן אויף דיא „סקאטיא".

דער פראפעסאר האט זיך געפיהלט בעליידיגט. ער האט זיך געפלאנט און גע־לערנט א שפראכע און אם ענדע זאגט מען איהם, אז ער קען זיא ניט, ווייל א ווילדער פאטאגאניער פערשטעהט איהם ניט.

— הערר מאיאר! האט ער אויסגערופען, דאס איז שוין צופיעל! דאס איז א

בעלייִדיגונג. איך רעד דאס פיינסטע און ריינסטע שפאניש און ווען דיעזער ווילדער פערשטעהט מיך ניט, איז עס, ווייל ער רעדט שלעכט.

— מיין ליעבער מאיאָר, איהר זייט אוננערעכט, האט זיך לארד גלענארוואן אריינגעמישט, איך קען מיר ניט פארשטעלען, אז פראפעסאר פאגאנעל זאל מאכען אזא פעהלער און זאל האבען פערביטען איין שפראכע מיט דער אנדערער. עס איז וואהר, ער איז א ביסעל צערשטרייט און קוקט זיך א מאל ניט אום, וואס ער טוהט. אזא פעהלער אבער וועט ער געוויס ניט מאכען.

— איך קען אייך איבערצייגען, אז איך האב געלערנט שפאניש, האט געזאגט דער פראָפעסאָר שטאָלץ. זעהט! אט איז דאס בוך, פון וועלכען איך האב געלערנט. איך קען עס אויסוועהניג. קען דען זיין א בעסערע שפאנישע שפראכע, וויא דיעזע?

ער האט ארויסגענומען פון בוזים קעשענע דאס בוך, וועלכעס ער האט ביז אהער אזוי פלייסיג שטודירט און האט עס דערלאנגט לארד גלענארוואן. דער מאיאָר און לארד גלענארוואן האבען גענעפענט דאס פאדערבלאט פון'ם בוך, זיינען עס דורכגעלאָפען מיט דיא אויגען און האבען ארויסגעלאזען א געלעכטער. דער פראָפעסאָר האט זיי אנגעקוקט, וויא דיא וואהנזיניגע.

— וואס לאכט איהר? האט ער זיי געפרעגט פערוואונדערט.

— ליעבער פראפעסאר פאגאנעל, האט לארד גלענארוואן געזאגט מיט א שמייכעל, וויא עס ווייזט אויס, האט איהר ארויסגענומען א פאטענט צו מאכען פעהלער. עס טהוט מיר לייד, אייך צו זאגען, אז דאס איז גאר א פארטוגיזיש בוך און איהר האט זיך אויסגעלערנט פארטוגיזיש אנשטאט שפאניש.

— פאָרטוגיזיש? האט אויסגערופען דער פראפעסאר פערצווייפעלט. דאס קען ניט זיין! עס איז ניט פארטוגיזיש.

— זעהט אליין, האט איהם לארד גלענארוואן געענטפערט ערנסט. דאס בוך איז געדרוקט אין ליסאבאן, דיא הויפטשטאדט פון פאָרטוגאל און עס איז פערפאסט פון קאמאָענס, א בעריהמטען פארטוגיזישען דיכטער.

דער פראפעסאר האט זיך צוגעקוקט צום טיטעלבלאט פון'ם בוך און האט זיך אנגעחאפט ביים קאָפּ.

— וואס האב איך געמאכט? וואס פאר א פעהלער האב איך ווידער בעגאנגען? אנשטאט שפאניש האב איך געלערנט פארטוגיזיש!

מעהר האט ער ניט געקענט זאגען. ער האט זיך זעהר געשעמט. אלע ארום איהם האבען געשמייכעלט, נור דער ווילדער פאטאגאניער איז געשטאנען און האט רוהיג און ערנסט בעטראכט דיעזע זאנדערבארע סצענע. זיין געזיכט איז געבליעבען שטרענג, וויא דאס געזיכט פון א בראנזענער סטאטוע. דער פראפעסאר אבער איז געוועזען אויסער זיך פאר שאנדע און פערדרוס.

— וואס וועט ווערן פון מיר, האט ער געברומט, ווען איך וועל ווייטער מאכען אזעלכע פעהלער? וויל איך פאהרען קיין קאלקוטא אין אינדיען, פאהר איך אוועק קיין טשילי אין זיד אמעריקא; לערן איך מיך שוין גאנץ גוט אויס שפאניש, לאזט זיך אויס, אז איך רעד גאר פארטוגיזיש. מארגען וועל איך וועלען פערוויכען מיין ציגאר

און וועל ארויסשפרינגען פון'ם פענסטער. וואס קען ווערן פון מיר, וואס איך בין אזוי צערשטערט?

לארד גלענארוואן האט מיטלייד געהאט מיט'ן ארימען פראפעסאר, וועלכער איז געווען שרעקליך נידערשלאגען און טרויעריג איבער דיא פעהלער, וואס ער האט בעגאנגען. ער האט איהם געוואלט טרייסטען.

— זייט ניט אזוי טרויעריג, ליעבער פאגאנעל, האט ער איהם געזאגט פריינדליך. אם ענדע איז עס דאך ניט אזא גראבער פעהלער. דיא שפאנישע און דיא פארטוגיזישע שפראכע זיינען צוויי שוועסטער, וויא רוסיש און פאלניש, אדער דייטש און האלענדיש. ווען איהר קענט פארטוגיזיש, קענט איהר זעהר לייכט זיך אויסלערנען שפאניש. אלענפאלס האט איהר דאך גאר ניט אנגעווארען. יעדע שפראכע, וואס מען קען, קומט צו ניץ.

— איהר האט רעכט, מילארד, האט דער פראפעסאר געזאגט. יעצט, אז איך וויים שוין, וואס פאר א פעהלער איך האב געמאכט, איז מיר לייכט איהם צו פערריכטען. איהר וועט זעהן, אז אין א קורצע צייט וועל איך רעדען דאס שעהנסטע שפאניש, וואס קען נור געבען. איך וועל שוין באלד קענען זאגען איינינע ווערטער צום פאטאגאניער.

ער האט זיך געווענדעט צום פאטאגאניער און האט איהם געזאגט אן עכט שפאניש ווארט, וועלכעס ער האט געהערט אין טשילי. דער פאטאגאניער האט איהם פערשטאנען. ער האט איהם געפרעגט, וויא ער הייסט. דער ווילדער האט איהם געענטפערט, אז ער הייסט ט ה א ל ק א ו ו ע.

א ביסעל דורך צייכענס און א ביסעל דורך איינציגע שפאנישע ווערטער, וועלכע דער פראפעסאר האט ארויסגענומען פון דער פארטוגיזישער שפראכע האט מען זיך דאך ענדליך צונויפגערעדט מיט'ן פאטאגאניער. מען האט אויסגעפונען, אז ער בעשעפטיגט זיך דערמיט, וואס ער פיהרט רייזענדע דורך דיא פאמפאס און קען גוט דיא גאנצע געגענד פון דיא קארדיליערן ביז צום אטלאנטישען וועלט מעער. ער איז שוין געווען עטליכע מאל אין ארגענטיניען און קען אלע וועגען און אלע שטעגען ביז אין פארט סאן אנטאניא, וואו לארד גלענארוואן האט געהייסען קאפיטאן פארראגוט, ער זאל אויף איהםווארטען. מען האט ווייטער אויסגעפונען, אז זיין נאמען „טהאלקאווע" הייסט אויף דער פאטאגאנישער שפראכע: דער מענש, וואס קען דונערן. דאס הייסט, דער מענש, וועלכער קען גוט שיסען מיט א ביקס.

לארד גלענארוואן איז געווען העכסט צופריעדען, וואס ער האט געטראפען דעם פאטאגאניער. מיט אזא געשיקטען וועגווייזער וועט איהם לייכט זיין דורכצופאהרען גאנץ פאטאגאניען און צו זאמלען נאכריכטען איבער קאפיטאן גראנט און זיינע מאטראזען. ער האט איהם איינגעלאדען צו זיך און האט איהם געגעבען צו פערשטעהן דורך צייכענס, אז ער וועט איהם גוט בעצאהלען, ווען ער וועט וועלען זיין ביי זיי א וועגווייזער.

יעצט זיינען זיי אלע צוגעגאנגען צו ראבערט גראנט, וועלכער איז נאך אלץ געלעגען אויף דעם ארט, וואו דער קאנדאר האט איהם אראפגעלאזען. ער האט צוואר פארשטאנען דיא ארבעט, ער איז אבער נאך געווען אזוי שוואך, אז ער האט זיך ניט

נעקענט ריהרען און האט קוים גערעדט. טהאלקאווע האט איהם בעטראכט, ווי א געשיקטער דאָקטאָר. ער האט איהם אויסגעטאפּט אלע גליעדער און איז ערנעץ אוועקגעגאנגען. אלע האבען געקוקט אויפ'ן ווילדען און האבען געשוויעגען. זיי וואָלטען איהם געווים געפרעגט, וואס ער וויל טאהן? וואס ער האט אויסגעפונען? האט זיך ראָבערט ניט צובראָכען א האנד, א פוס ווען ער איז אראפּגעפאלען? זיי האבען אבער ניט געקענט צונויפרעדען מיט'ן פּאטאגאָניער. דאס האבען זיי אבער געוואוסט, אז דיא ווילדע האָבען שוין זייערע מיטעל געגען וואונדען, וועלכע העלפען בעסער און שנעלער אלס אלע מעדיצינען, וועלכע מיר האבען אין אונזערע אַפּטהעקען.

דער פּאטאגאָניער האט זיך ניט לאַנג געזאמט. ער איז באלד צוריקגעקומען און האט געהאלטען אין דער האנד א בינטעל גראז. ער האט אויסגעזוכט א גלאטען שטיין, אויף וועלכען ער האט אנגעהויבען צו פּרעסען און צו קוועטשען דאס גראָז, ביז עס איז דערפון געווארען א סאָרט גרינע קאשא. דאן האט ער גענומען דעם גרינעם זאפט און האט אנגעהויבען איינצורייבען ראָבערט'ס הענד און פיס, דאס הערץ און דיא פּלייצעס. ער האט איהם איינגעריבען אזוי לייכט און אזוי לאַנגזאם, אז דאס קינד האט זיך געפיהלט שטארקער און איז באלד געשמאק אנטשלאָפען געווארען. יעצט האט ער איהם איינגעדעקט מיט דעקען, אבער ניט וויא דיא מאטראָזען פלעגען איהם ביז אהער איינוויקלען, זאנדערן אויף זיין ארט, נאך דער פּאטאגאָנישער מאדע. דורך צייכענס האט ער געגעבען צו פערשטעהן, אז מען זאל איהם לאזען שלאפען און מען זאל איהם ניט שטערן.

יעצט ערשט האבען אלע געפיהלט, אז זיי זיינען שטארק מיעד און הונגעריג דערצו. זיי האבען זיך אנגעהויבען ארומצוקוקען, וואו זיי זאלען אויפשלאגען זייער לאגער אויף היינטיגע נאכט אין אויב עס איז זיי געבליעבען נאך עפּעס צו עסען. אן ארט, וואו אויפצושלאגען א לאגער איז געווען זעהר לייכט צו געפינען. דיא גאנצע געגענד איז געווען בעוואקסען מיט הויכעס, ווייכעס גראז, וואס צו עסען אבער האבען זיי ניט געהאט. זייער גאנצער פּראָוויאנט איז פערפאלען געווארען אין דער צייט, ווען דער בארג האט זיך אראפּגעגליטשט. עס איז זיי נור געבליעבען אביסעל מאטע און איניגע קלייניגקייטען, וואס יעדער האט געטראגען אויף זיך.

דערצו איז געקומען נאך א פראגע, וואו נעהמט מען פערד אדער מויל־עזלען אום ווייטער צו פאהרען? זיי האבען זיך געווענדעט צו טהאלקאווע און האבען איהם געגעבען צו פערשטעהן; דורך צייכענס און דורך האלב שפּאנישע און האלב פּאָרטוגיזישע ווערטער, וואס זיי דארפען און אז זיי וועלען פאר אלדינג גוט בעצאהלען. טהאלקאווע האט זיי געענטפערט אויף ריין שפּאניש און דורך צייכענס, אז ניט ווייט, אין גאנצען פיער מייל פון דאנען געפינט זיך א „טאָלדעריא" א דארף פון אראקאניער. דארט קענען זיי פאר געלד אלעס קריעגען. ווען לארד גלענארוואן וויל מיט איהם געהן אין דיעזעם דארף, קענען זיי ביז נאכט נאך זיין צוריק און אלעס ברענגען.

לארד גלענארוואן האט איינגעוויליגט צו געהן מיט'ן פּאטאגאָניער צו דעם דאָרף פון דיא אינדיאַנער. יעצט, אז ראָבערט איז שוין דאָ און איז געזונד, מוז מען דאך זוכען מיטעל, מען זאל קענען ווייטער פאהרען.

— איך נעה אויך מיט אייך! האט אויסגערופען דער פראפעסאר. איך האב שטענ־דיג געוואלט זעהן א דארף, וואו עס וואוינען נור אינדיאנער. איך מוז דאך האבען וואס צו בעריכטען דער געאָגראַפישער געזעלשאַפט.

עס איז אזוי געבליעבען. לאָרד גלענארוואן, דער פראָפעסאָר און טהאלקאוועזיינען אויך באלד אוועקגעגאנגען אין דאָרף. דער הויכער פאטאגאָניער האט געמאכט גרויסע שפאַן מיט זיינע לאנגע און שטארקע פיס. דער פראָפעסאָר און דער לאָרד האבען געמוזט לויפען אום איהם נאכצוהאלטען.

דיא געגענד, דורך וועלכע דער פאטאגאָניער האט זיי געפיהרט, איז געווען א גרויסארטיגע. וויא ווייט דאס אויג האט געקענט גרייכען, האט מען געזעהן הויכעס, טיעפעס, זאפטיגעס גראז און אלערליי שעהנע בלומען. טייכלעך און טייכען זיינען גע־פלאסען אין אלע זייטען. אין ערטער האבען זיי געבילדעט גאנצע אָזיעראָס (זעען), אויף וועלכע עס זיינען ארומגעשוואומען און זיך לוסטיג געשפיעלט אלערליי וואסער פייגעל. גרויסע שוואנען (ליעבעד) מיט שווארצע קעפ זיינען געשוואומען אויפ׳ן וואסער ערנסט און פערטראכט און האבען זיך גאר ניט דערשראָקען, ווען אונזערע רייזענדע זיינען צו־געקומען צו זיי. אין דער לופט זיינען געפלויגען אלערליי קלענערע און גרעסערע פויגעל.

דער פראפעסאר האט זיך געפרייט, וויא א קינד און האט יעדעס מאל, ווען ער האט דערזעהן א נייעם פויגעל אדער עפעס א נייע זאך, אויסגערופען: — אָה! אה! אך איז עס שעהן! עס איז גרויסארטיג!

דער ווילדער, וועלכער איז געווען גוט בעקאנט מיט דיעזע סצענען, האט ניט געקענט פערשטעהן, פאר וואס זיין בעגלייטער פרייט זיך אזוי, ווען ער דערזעהט א פויגעל אדער א שעהנעם טייך.

דער וועג האט ביי זיי געדויערט אנדערהאלבען שטונדען. ביים פאטאגאָניער אליין וואלט ער געווים מעהר ניט געדויערט, וויא א האלבע שטונדע. ער האט אבער געזעהן, אז זיינע בעגלייטער קענען איהם ניט נאכהאלטען און האט זיך בעמיהט צו געהן לאנגזאם. ענדליך זיינען זיי אנגעקומען אין אינדישען דאָרף.

דאס גאנצע דארף איז בעשטאנען פון דרייסיג געצעלטען, וועלכע זיינען געווען געמאכט פון צווייגען פון בוימער און האבען קוים געקענט שיצען פון א גוטען רעגען. ארום דארף האבען זיך רוהיג געפאסעט זעהר פיעל קיה, אקסען, פערד און מויל עזעל. דאס דארף איז ניט געווען קיין בעשטענדיגעס. דיא ווילדע האבען דאמאלס דארט געוואינט, וויל אין דער געגענד ארום איז געווען זעהר פיעל גראז פאר זייערע פיה. קוים האבען זייערע בהמות אפגעגעסען דאס גראז ארום, פלעגען זיי אוועקווארפען זייערע געצעלטען און געהן זוכען אנאנדער געגענד, וואו עס איז דא גענוג וואסער און גראָז.

דער פראָפעסאר האט גאר פערגעסען, צו וועלכען צוועק זיי זיינען געקומען אין דאָרף. ער האט געלאָזען לאָרד גלענארוואן מיט׳ן פאטאגאָניער און אליין איז ער גע־גאנגען פון איין געצעלט צום אנדערן בעטראכטען דיא ווילדע. ער האט גערעדט מיט דיא מענער, מיט דיא פרויען און מיט דיא קינדער אויף שפאניש, פארטוגיזיש און אויף אלע שפראכען, וואס ער האט געקענט. זעלבסטפערשטענדליך, קיינער האט איהם ניט פערשטאנען און דיא ווילדע דאכטען האבען איהם אויסגעלאכט. אייניגע קינדער

ווינען איהם נאכגעלאָפען. ער האט זיי געגעבען אייניגע סענטען, וועלכע ער האט גע־פונען ביי זיך אין קעשענע.

ליידער, איז ער געבליעבען זעהר אונצופריעדען פון דיא ווילדע. דאָס זיינען גע־ווען אנדאַ־פערואוויאנער, א זעהר ווילדעס פאלק, וועלכעס געפינט זיך נור לעבען דיא קארדאליערן. דיא פארב פון זייער הויט איז שמוציג־אליוו. דיא באקען ביינער שטעקען ארויס, וויא ביי דיא נעגער, דער שטערן איז ניעדעריג און פערוואקסען און זיי מאַכען זעהר א שלעכטען איינדרוק. מען זעהט פאר זיך יא א מענשען און דאך ניט קיין מענ־שען. עס איז עפּעס קיין ווילדע חיה און קיין מענ:ש—און דאך איז עס א מענש.

אין דער צייט, וואס דער פּראָפעסאָר האט בעזוכט דיא ווילדע און האט עפּעס פערצייכענט אין זיין נאטיץ בוך, האט טהאלקאווע און לאָרד גלענארוואן זיך גדונגען מיט'ן הייפּטלינג פון דיא ווילדע. נאטירליך, איז דער גאנצער געשעפטס פיהרער געווען טהאלקאווע, ווייל לאָרד גלענארוואן האט זיך ניט געקענט צונויפרעדען מיט זיי. עס איז פערגאנגען א גרויסע צייט, איידער דער האנדעל איז געשלאָסען געוואָרען. דיא ווילדע זיינען געווען בערייט צו פערקויפען פערד און עסענוואַרג, וויא פיעל מען וועט וועלען. זיי האבען אבער געפאָדערט, אז מען זאל זיי געבען דערפאר א פעסעלע ראָם און איינינע פונט פולווער, צוויי זאכען, וועלכע לאָרד גלענארוואן האט ניט געהאט. ער האט זיי געוואלט בעצאהלען מיט גאָלד, טשיליאנישע דובלאָנען—אָן ערך פון 5 אמע־ריקאנישע טהאלער — אדער אין ענגלישע גיניעס. זיי האבען צוואר געוואוסט דעם ווערטה פון גאלד און האבען דאך געוואלט ראָם און פולווער. דאס האבען זיי זיך אפּגעלערנט פון דיא שפּאניער — טרינקען ראָם. דער ווילדער וועט אוועק געבען זיין לעצטעס פערד, זיין לעצטע קוה פאר א פלאש ראם. ווען זיי בעקומען ראָם, טרינקען מענער, פרויען און קינדער אזוי לאנג, ביז זיי בלייבען ליעגען טויט שיכור. דאס שיכרות איז אזוי שטארק פערברייטעט צווישען דיא ווילדע, אז זיי שטארבען אויס מעהר פון שיכרות אלס פון אנדערע קראנקהייטען. גאנצע פאמיליעס, זאגאר גאנצע דערפער שטארבען אויס פון טרינקען „פייער־וואסער״, אזוי הייסט ביי זיי שנאפּס, ראם און אלע גייסטיגע געטרענק.

עס איז דאהער קיין וואונדער ניט, וואָס טהאלקאווע האט זיך מיט זיי אזוי לאנג געדונגען. ענדליך האט ער אפּגעשלאסען דעם האנדעל. ער האט מיט זיי אפּגעמאכט, אז זיי זאלען איהם געבען זיעבען גוטע פערד מיט דעקען, מיט זאטלען און מיט אלעס, וואס איז נייטיג צום רייטען, הונדערט פונט „טשארקווי״ — געטריקענטע רינדפלייש — צעהן מעססטלעך רייז און אכט לעדערנע פלעשער אדער לאגלען אויף וואסער, דערפאר וועט ער זיי געבען אכציג טשיליאנער דובלאָנען. לאָרד גלענארוואן איז געווען צופריעדען מיט'ן פּרייז. ער האט געגעבען צו פער־שטעהן טהאלקאווען דורך צייכענס, אז ער זאָל נעהמען אכט פערד, איין פערד פאר זיך. טהאלקאווע אבער האט געענטפערט, אז ער דארף ניט קיין פערד.

דיא ווילדע האבען באלד געבראכט אלע זאכען, וואס מען האט ביי זיי געקויפט און לאָרד גלענארוואן האט זיי בעצאהלט. זיי וואלטען געוויס געווען געפאָדערט מעהר געלד, ווייל יונגע ווילדע ווילען ניט [illegible]. דאס עס הייסט [illegible]. זיי האבען

אבער מורא געהאט פאר טהאלקאווע. לאָרד גלענארוואן האָט גוט בעמערקט, אז קוים הייבען זיי אן עפּעס צו רעדען, וואַרפט טהאלקאווע אויף זיי א בייזען בליק און זיי ווערן שטיל.

ענדליך איז אלעס געווען פערטיג. דיא ווילדע האבען געהאלפען טהאלקאווען אנלאדען דעם פּראָוויאַנט אויף דיא פערד. טהאלקאווע האט יעדע זאך איבערגעצעהלט און איבערגעוואינען אין דיא הענד. ער האט זיך צוגעקוקט צו יעדעס פערד, אויב ער איז געזונד. ווען אלעס איז געווען פערטיג, האט ער, לארד גלענארוואן און דער פּראָפעסאר זיך אויפגעזעצט אויף דיא פערד און זיינען געפאהרען צוריק אין זייער לאגער. אין א האלבע שטונדע ארום זיינען זיי אנגעקומען אין לאגער, וואו אלע האבען זיי בעגריסט מיט פרייד. אלע זיינען געווען הונגעריג. מען האט באלד צו לעגט א גרויס פייער און מען האט אנגעהויבען קאָכען א מיטאָג, אדער ריכטיגער, א סאפּער, ווייל עס איז שוין געווען נאכט.

טהאלקאווע האט נאך א מאל בעטראכט ראבערט'ן און האט געגעבען א צייכען, אז ער איז מיט איהם צופריעדען. מארגען וועט ער זיין אים שטאנד צו פאהרען מיט זיי. ער האט אליין עפּעס אפּגעקאכט פון ראבערט'ס וועגען און האט עס איהם אליין געגעבען. ראבערט האט געגעסען מיט פערגניגען דאס געריכט, וואס דער פּאַטאַגאָניער האט פאר איהם געמאכט. אונזערע רייזענדע האבען זעהר געוואלט וויסען, וואס פאר א געריכט דאס איז. זיי האבען געפרעגט דעם פּאַטאַגאָניער און ער האט זיי געענטפערט: „פּראָטאָס“.—אבער וואס איז פּראָטאָס? דאס האט קיינער ניט געוואוסט. ענדליך האט זיך דער פּראָפעסאר דערמאנט און האט ערקלערט זיינע קאמעראדען וואס איז פּראָטאָס.

— אין טשילי, האט אנגעהויבען דער פּראָפעסאר זיינע ערקלערונג, עסט יעדער פּראָטאָס, פון'ם פּרעזידענטען פון דער רעפּובליק ביז צום בעטלער. יעדער מוז וועניגסטענס איין מאל אין טאג עסען פּראָטאָס. דאס איז א סאָרט בעבלעך, וועלכע וואקסען נור אין טשילי. זיי האבען אין זיך א מערקווירדיגע אייגענשאפט: זיי גיבען דעם מענשען קראפט. דער טשיליאנער ארבייטער, וועלכער עסט פּאָרטאָס, איז פיעל קרעפטיגער און קען מעהר ארבייטען פון'ם ענגלישען, וועלכער עסט פלייש.

— פאר וואס שיקט מען ניט דיעזע פּראָטאָס קיין אייראָפּא? האט לארד גלענארוואן געפרעגט. עס וואלט דאך געווען א גליק פאר דיא אריטע ארבייטער, זיי זאָלען האבען אזא געזונדע שפּייז?

— דאס איז גאנץ ריכטיג, האט דער פּראָפעסאר געענטפערט. מען מוז אָבער וויסען, וויא אזוי צו קאכען דיעזע פּראָטאָס. זיי זיינען אייגענטליך א גיפטיגע פרוכט און ווען מען קען זיי ניט קאָכען, קען מען זיך זעהר לייכט פערגיפטען. מען מוז זיי פריהער קאכע איינינע שטונען און דאס וואסער צוויא־דרייא מאל אויסגיעסען. דאס וואסער איז גיפטיג. ערשט ווען דער גאנצער גיפט איז אויסגעקאכט פון זיי, קען מען פון זיי מאכען א גוט עסען און דערצו נאך זעהר א ביליג עסען. מיט א הרפען (א האנד פול) פּראָטאָס, ווען זיי זיינען גור ריכטיג געקאכט, קען זיך א געזונדער מענש זאט אנעסען.

מען האט נאך גערעדט איבער פערשיעדענע זאכען און ענדליך איז מען געגאנגען שלאפען.

## 16טעם קאפיטעל.

## דיא ערשטע נאכריכטען פון קאפיטאן גראנט און זיין שיף.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט טהאלקאווע געגעבען דעם צייכען, אז עס איז צייט צו פאהרען. ער האט געפיהלט, אז ער איז זייער פיהרער, זייער וועגווייזער, זייער קאפיטאן און האט ווירקליך קאמאנדירט, וויא א גוטער גענעראל, קאמאנדירט זיין ארמעע.

לארד גלענארוואן האט איהם געבעטען געבעטען, ער זאל קויפען נאך א פערד פאר זיך און ער האט געזאגט, אז ער דארף ניט. לארד גלענארוואן האט גערעכענט, אז ער וויל געהן צו פוס. ער געהט זעהר שנעל און וועט זיי קענען נאכהאלטען, אבּ־וואהל זיי וועלען פאהרען רייטענדיג. ווען אלע זיינען שוין געזעסען אויף זייערע פערד און מען האט שוין געדארפט ריהרען פונ׳ם ארט, האט טהאלקאווע פלוצלונג געגעבען א זאנדערבארען פייף. ערגעץ אין א וועלדעל האט א פערד אנגעהויבען צו הירזען און איז באלד געקומען צולויפען צו טהאלקאווע, וויא א הונד קומט צו לויפען, ווען זיין הערר רופט איהם. דאס איז געווען א שעהנעם טהיער מיט ברייטע ביינער, מיט שטארקע פיס, א פערד וועלכעס האט געפאסט פאר אזא ריעז, וויא טהאלקאווע. דער מאיאר, וועלכער איז געווען א גרויסער קענער פון פערד, האט זיך ניט געקענט זאט אנקוקען אויף דיעזעם שעהנע פערד.

— איך גיב איהם פינף הונדערט פונט סטערלינג פארן פערד! האט ער אויסגערופען.

דער פאטאגאניער אבער האט קיין מאל ניט אין זינען געהאט צו פערקויפען זיין פערד, וועלכען ער האט גערופען „טאהוקא“. מען האט איהם געפרעגט, וואס הייסט טאהוקא? און ער האט געגעבען צו פערשטעהן, אז טאהוקא הייסט א פויגעל. עס איז ווירקליך געווען א פערגניגען צו זעהן דעם הויכען, שטארקען פאטאגאניער, וויא ער איז געזעסען רוהיג און ערנסט אויף זיין שעהנעם, שטאלצעם פערד. צום זאטעל פונ׳ם פערד זיינען געווען צוגעבונדען דיא נייטיגע וואפען פאר א יעגער אין יענע געגענדען: דיא לאסא און דיא באלאס Lasso און Bolas. מיר מוזען געבען אונזערע לעזער אן ערקלערונג, וואס דיעזע אין ארגענטיניען נאטווענדיגע צווייא זאכען זיינען.

דיא באלאס זיינען קליינע בלייערנע אדער אייזערנע קוגלען. זיי זיינען איינגענעהט אין לעדער און צוגענעהט צו א דינעם לעדערנעם ריעמען. צווייא אדער דרייא אזעלכע קוגלען ווערן צוגעבונדען צו א לאנגע שטריק, אדער א לאנגען ריעמען, וועלכען יעדער ארגענטיניער פארמער האלט צוגעפנעדרעהט אויף זיין זאטעל. ווען ער פאהרט ארויס אויף דיא פאמפאס (סטעפעס), וואו דיא אקסען און דיא פערד פאסען זיך און וויל חאפען איינע פון זיי, בינדעט ער אפ דיא באלאס, הייבט זיי אן צו דרעהן ארום זיין קאפ און ניט זיי א ווארף מיט זיין גאנצער קראפט אויף דיא בהמה, וועלכע ער וויל פאנגען. דיא קוגלען דרעהן זיך ארום דער בהמה ארום האלז אדער ארום דיא פיס און דיא איז געפאנגען.

דיא לאסאָ איז א גאנץ געוועהנליכער לאנגער ריעמען אדער שטריק מיט א שלייף אם ענדע. זיא דיענט אויך צום זעלבען צוועק—צו פאנגען דיא קיה, אקסען און פערד, וועלכע פאסען זיך פריי אין דיא פאמפאס. דער שלייף ווערט ארויפגעווארפען דעם אָקס אויף דיא הערנער און דעם פערד אויפ'ן האלז.

דער לעזער וועט געוויס מיינען, אז חאפען א ווילדען אָקס, אדער א ווילדעס פערד מיט דער לאסאָ אדער מיט דיא באָלאס איז זעהר לייכט און יעדער קען זיך אויסלערנען אין א פאר טאג. איך מוז איהם זאגען, אז ער האט א גרויסען טעות. מען מוז זיין א געבארענער ארגענטיניער, מען מוז אויסוואקסען אין דיא ווילדע, גרענעצען־לאזע פאמפאס אום צו קענען ארומגעהן מיט דיא באָלאס און מיט דער לאסאָ. מען מוז זיין זעהר געשיקט און וויסען, וויא אזוי זיי צו ווארפען; מען מוז זיין שטארק און קרעפטיג אום דערנאך איינצוהאלטען דיא בהמה, וועלכע רייסט זיך און ווארפט זיך אין אלע זייטען. מען מוז ווייטער זיין א גוטער רייטער. דיא ארגענטיניער געברויכען דיא באָלאס נור רייטענדיג אויפ'ן ווילדסטען פערד. עס זיינען דא מענשען, וועלכע וואינען אין ארגענטיניען יאהרען לאנג און קענען ניט ארומגעהן מיט דיא באָלאס.

דער ארגענטיניער בענוצט דיא באָלאס ניט נור צו חאפען זיינע בהמות, זיי דיענען איהם אויך אלס וואפע צו פאנגען דיא פומאָ, דער ארגענטינישער לייב, אדער דער ווילדער לייב—א סארט לייב, וועלכער האלט זיך אויף אין יענע געגענדען. ער פאלט אן אויף קיה, אקסען און פערד, שפרינגט זיי ארויף אויפ'ן רוקען, רייסט זיי אויף דעם האלז און טרינקט דאס פרישע בלוט. דיא פומאָ איז זעהר געפעהרליך. מען מוז זיין זעהר געשיקט און מוטהיג זיא צו פאנגען. דער עכטער געבארענער פאטאגאָניער, אדער ארגענטיניער, האט אבער פאר איהר קיין מורא ניט. ער זוכט זיא אויף אין איהר הייל אדער אין איהר נעסט אין הויכען גראָז און ווארפט אויף איהר ארויף דיא באָלאס מיט זיין גאנצער קראפט. דיא באלאס דרעהן זיך ארום דעם לאנגען, דינעם קערפער פון דיא פומאָ און זיא בלייבט ליעגען געבונדען, ביז דער יענער קומט צו און טייטעט זיא מיט זיין שארפען ברייטען מעסער.

יעצט זיינען שוין אלע געווען פערטיג. טהאלקאווע האט געגעבען א צייכען און אונזערע רייזענדע האבען זיך געלאזט אין וועג אין דיא פאמפאס. ראבערט האט זיך געפיהלט קרעפטיג גענוג אום צו זיצען אויפ'ן פערד, דאך האט איהם לארד גלענאר, וואן מעהר ניט אפגעלאזען פון זיך און האט איהם געהייסען רייטען לעבען זיך, ער זאל קענען אויף איהם שטענדיג אכטונג געבען. דער פראפעסאר האט געשלאסען פריינד־שאפט מיט טהאלקאווע. ער האט זיך ניט געקענט זאט אויף איהם אנקוקען. דאס איז דאך געווען דער ערשטער פאטאגאניער, מיט וועלכען ער איז געווען בעקאנט און ער האט איהם געוואלט בעשרייבען פינקטליך און עס פאָרשטעלען דער געאָגראפישער געזעלשאפט. אויסער דעם האט דער פראפעסאר געהאט נאך אנאנדער צוועק אין זינען—ער האט זיך געוואלט אויסלערנען פון טהאלקאווען שפאניש. ער האט דאהער דעם גאנצען וועג מיט איהם גערעדט נור שפאניש און אלס געלערנט·ער האט ער ווירקליך געמאכט זעהר גוטע פארשריטע. אין א קורצער צייט האט ער זיך שוין געקענט

(Sc. Am., 8.)

צונויפערדען מיט'ן פאטאגאניער אויף ריין שפאניש, ניט אויף פארטוגיזיש.

— מעג מען עס ניט שרייבען אין דיא צייטונגען, האט ער א מאל געזאגט צו לארד גלענארוואן, אז א פראנצויזישער פראפעסאר לערנט דיא שפאנישע שפראכע פון א ווילדען פאטאגאניער?

דער פאטאגאניער האט אין דער ערשטער צייט בעטראכט דעם פראפעסאר אלס א ניט קלוגען—א האלבען נארר. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, פאר וואס דער פראפעסאר נעהמט אלע מאל ארויס א בוך און דרעהט עפעס מיט דער האנד, אדער ער נעהמט שטיקלעך אייזען—אסטראנאמישע אינסטרומענטען—און דרעהט זיי, קעהרט זיי און קוקט אויף זיי, דאן שרייבט ער ווייטער אין א בוך.

— וואס טהוט דער מענש? האבען אפט זיינע גרויסע, קלוגע אויגען געפרעגט. איז ער משוגע? פאר וואס טהוען עס דיא איבעריגע ניט? פאר וואס לאבען זיי פון איהם ניט, ווען ער טהוט עס?

באלד אבער האט ער אנגעהויבען צו פארשטיהן, אז דער פראפעסאר איז ניט משוגע, אז ער ווייס, וואס ער טהוט. ער האט איהם אויך באלד ליעב בעקומען. דער פרעהליכער, פריינדליכער כאראקטער פון'ם געלערנטען פראנצויז האט געמאכט א טיעפען איינדרוק אויפ'ן ווילדען פאטאגאניער. ווען זיי האבען אנגעהויבען בעסער צוא פערשטעהן איינער דעם אנדערן, האט דער פראפעסאר פראבירט לערנען דעם פאטאגאניער און איהם ערקלערען א ביסעל געאגראפיע און אסטראנאמיע. ער האט זיך אבער באלד איבערצייגט, אז דיא געגענדען, אין וועלכע זיי פאהרען, קען טהאלקאווע פיעל בעסער פון'ם פראפעסאר פון דעם פאריזער אוניווערזיטעט, און פון אנדערע לענדער וויל ער ניט וויסען.

— עס איז אומזיסט מיין מיה, האט פאגאנעל א מאל געזאגט צו לארד גלענארוואן. טהאלקאווע וועט קיין מאל ניט קענען זיין פראפעסאר אין פאריזער אוניווערזיטעט. ער וויל ניט לערנען.

דעם ערשטען טאג איז דיא רייזע געגאנגען לאנגזאם. ערשטענס, האט טהאלקאווע מורא געהאט, אז דער קליינער ראבערט וועט נאך ניט קענען אויסהאלטען א שנעלע רייזע. צווייטענס, איז דיא געגענד נאך ניט געווען גאנץ גלאט. אין ערטער זיינען נאך געווען בערגלעך, אין ערטער זיינען געלעגען גרויסע שטיינער, וועלכע האבען זיך אפגעריסען פון דיא קארדיליערען אין דער צייט פון דער ערדציטערניש. אין ערטער אבער האבען זיי געטראפען דיא מעדאנאס Medanos.

דיא מעדאנאס זיינען איינע פון דיא וואונדער פון יענער געגענד. זיי זיינען שטיקער לאנד בעדעקט מיט קליינע בערגלעך פון גאנץ דינעם, פיינעם זאמד. דיא מעדאנאס ווייזען אויס ווי דיא וועללען (כוואליעס) פון'ם מעער. דער זאמד איז אזוי דין און אזוי פיין, אז פון'ם קלענסטען ווינד הייבען זיך אויף גאנצע זיילען זאמד אין דער הויך, פליעהען, דרעהען זיך, מישען זיך צונויף, צוגעהן זיך און קומען זיך ווידער צונויף. אונזערע רייזענדע האבען זיך ניט געקענט אפרייסען פון דיעזער זאנדערבארער סצענע, וועלכע איז ווירקליך געווען גראסארטיג, אבער צו גלייך אונאנגענעהם, ווייל דער דינער שטויב קריכט אריין אין מויל, אין דיא אויערן, אין דיא אויגען און אין נאז. טהאלקאווע

ווע האט זיי געבעטען, זיי זאלען פאהרען שנעלער אום ארויסצוקריכען פון דיא מעדאַ־נאָס, דער פראפעסאר אבער און ראבערט גראנט האבען איהם ניט געוואָלט הערן. דער פראפעסאר האט געמאכט נאטיצען אין זיין בוך און ראבערט האט זיך געפרייט, וויא א קינד, קוקענדיג אויף דיא זיילען שטויב.

ענדליך זיינען זיי ארויסגעפאהרען פון דיא מעדאנאָס אדער פוּים ערשטען טהייל פון דיא פאמפאס. געגען אבענד זיינען זיי צוגעקומען צו א טייך, וואו טהאלקאווע האט געגעבען א צייכען, אז מען זאל בלייבען שטעהן און דאָרט איבערנעכטיגען. דער טייך איז געפלאסען זעהר שנעל, ווייל ער איז געקומען פון דיא בערג. דאס וואסער אין איהם איז דערפאר אויך ניט געווען גאנץ ריין.

— וויא הייסט דיעזער טייך? האט ראבערט געפרעגט דעם פראפעסאר.

— דער טייך האט דרייא נעמען, וועלכע איך וויים, האט דער פראָפעסאָר גע־ענטפערט, און מעגליך, אז ער האט נאך צעהן נעמען, וועלכע איך וויים ניט. אזוי זיי־נען דא דיא מענשען, אזוי זיינען דא דיא טייכען. יעדער גיט זיי אנאנדער נאמען און דער ארימער פראפעסאר פון געאגראפיע דארף אלעס געדענקען. דיעזער טייך, צום ביישפיעל, הייסט: נומער 1 — נעאוקוועם, נומער 2—ראמיד, נומער 3—קאָמאָ. נו! געדענק זיך אן אלע דיעזע נעמען!

באלד האט מען צולעגט א פייער און מען האט זיך גענומען קאָכען א מיטאָג. אלע זיינען געווען פרעהליך, אלע זיינען געווען פריש און מונטער. מען האט געגעסען, געטרונקען, געלאכט, גערעדט און געשפאסט ביז שפעט אין דער נאכט, ווען אלע הא־בען זיך איינגעוויקעלט אין זייערע דעקען און האבען זיך געלעגט שלאפען מיט דיא פיס צום פייער. אזוי איז דיא פאטאגאָנישע מאָדע.

דעם אנדערן טאָג אין דער פריה איז יעֶן אויפגעשטאנען, מען האט געגעסען א לייכטען פריהשטיק און מען האט זיך ווייטער געלאזען אין וועג אריין. דאס וועטער איז געווען קלאר און בלוי. טהאלקאווע האט געבעטען, אז זיי זאלען היינט פאהרען א ביסעל שנעלער. געגען מיטאג איז געווארען שטארק הייס. דיא זון האט געברענט, וויא פייער, אונזערע רייזענדע האבען זעהר געליטען פון דורשט. ערשט יעצט האבען זיי פערשטאַ־נען, צו וואס דער פאטאגאָניער האט געקויפט ביי דיא ווילדע דיא לעדערנע בייטלען— לאָגלען. ער האט געהאלטען אין זיי וואסער צום טרינקען.

מיר מוזען דערביי געבען א קורצע ערקלערונג איבער דיא פאמפאס פון זיד אמעריקא.

דיא פאמפאס קען מען איינטהיילען אין דרייא טהייל. דער ערשטער טהייל איז לעבען דיא קארדיליערן. דאָרט טרעפט מען נאך ביימער און מען האט גענוג וואסער פון דיא טייכען, וועלכע פליעסען אראפּ פון דיא בערג. דאס איז אבער נור א גאנץ שמאלער פאס פון דרייסיג ביז פופציג מייל. דאן הייבען זיך אן דיא ווירקליכע פאמפאס (סטעפען), דיא ערד איז בעדעקט נור מיט גראז. מען זעהט ניט קיין ביימעלע, וואסער געפינט מען זעלטען, קיין טייכען זיינען נימא. מען טרעפט א מאל א שטעהנדיג וואַ־סער, אן אָזיערא, מייסטענס איז אבער דאס וואסער דאָרט שטארק געזאלצען, אז עס איז אונמעגליך עס צו טרינקען. אין דער הייסער זומער צייט זעצט זיך דאס זאלץ אָפּ

אויפ'ן גרונד פון אזא אָזיעראָ (זעע) און דיא איינוואינער פון יענע געגענדען פארזארגען זיך מיט זאַלץ פון אזא ארט. ער הייסט ביי זיי „סאַלינאַס", זאַלץ גרובען.

דיעזער טהייל פּאמפּאס ציעהט זיך אויף עטליכע הונדערט מייל. דאן הייבט זיך אן דער דריטער טהייל, וועלכער ציעהט זיך ביז בוענאס איירעס, דיא הויפּטשטאדט פון ארגענטיניען. אין דיעזען טהייל איז דיא ערד בעדעקט מיט דערנער און קראָפּעווע. נוטעס גראָז וואקסט נור דארט, וואו מען בעארבייט דאס לאנד, וואו מען אקערט און מען זייעט. אזוי וויא דיעזער טהייל געהערט אין גאַנצען צו דער ארגענטינישען רעפּובּליק, טהוט זיא אַלעס מעגליכע אום דיעזע געגענד צו קאלאניזירען. זיא שענקט אוועק דאס לאנד, זיא שטיצט דיא קאלאניסטען מיט געלד און מיט לעבענס מיטעל, זיא צאהלט זאגאר זייערע רייזע קאָסטען פון אייראפּא, אום זיי זאלען זיך דארט בעזעצען.

ווען דער בעקאנטער באראן הירש שיקט דיא רוסישע אידען קיין ארגענטיניען, איז עס געוויס אין דיא פּאמפּאַס, וועלכע מיר האבען נור וואס בעשריעבען. וועלען זיי אבער קענען אויסהאלטען אין דיעזע געגענד? פּאסען זיי פאר אזא ווילדע געגענד? טויגען זיי צו בעארבייטען אזא ווילדעס לאנד? — אויף דיעזע פראגען מוזען מיר ענטפערן: ניין! און ניין! דער ווילדער שפּאניער—איך רוף איהם ווילדער, ווייל מייסטענס האבען זיי זיך פערמישט מיט דיא פּאטאגאָניער און דיא אנדערע ווילדע אינדיאנער, וועלכע וואנדערן ארום מיט זייערע בהמות אין יענע געגענדען. זיי האבען געהייראטעט אינדיאנישע פרויען און זיינען אליין געווארען האלב ווילדע. דערפאר זאג איך, דער ווילדער שפּאניער — איז שוין געוואינט מיט דער געגענד. ער קען אויסגעפינען וואסער אויף א שטרעקע פון צעהן מייל; ער קען ארומגעהן מיט דיא באָלאס און לאסאָ; ער קען קעמפּפען מיט דיא ווילדע טהיערע פון יענע געגענדען. ווען ער האט ניט וואס צו עסען, פאהרט ער ארויס אויף דער יאגד און חאפּט דיא ארמאדילא—א קליין חיה'לע, גרויס וויא א קאַץ, וועלכע איז בעדעקט מיט א פּאנצער, וויא א שילדקרעטע; ווען ער קריעגט ניט קיין ארמאדילא, חאפּט ער אן ערד קרעבס (א סארט ראק), וועלכער האלט זיך אויף אין יענע געגענדען. ווען עס געלינגט איהם צו טייטען א פּומא, דעם זיר אמעריקאנישען לייב—איז עס ביי איהם א יום טוב. ער רופט צונויף זיינע פריינד און בעקאנטע און מען מאכט א באל פון'ם פלייש פון דער פּומא. דער איד קען דיעזע אלע זאכען ניט עסען, ווען ער זאל שוין וועלען.—ער איז ניט געוואינט צו זיי. וויא קען ער אויסהאלטען אין אזא ווילדע געגענד?

איך וויל געוויס, אז באראָן הירש'ס פּלאנען זאלען אויסגעפיהרט ווערן. ליידער זעה איך מיט מיין איינפאכען פערשטאנד טרויעריגע, שרעקליכע בילדער פון דיעזע אידישע קאָלאָניען אין ארגענטיניען.... אבער גענוג: לאמיר זיך אומקעהרען צו אונזערע רייזענדע.

זיי האבען יעצט איינגעזעהן, וויא ניצליך עס זיינען דיא לאגלען, וואס דער פּאטאגאָניער האט געקויפט. ער האט געוואוסט, אז זיי וועלען ווייטער ניט קריעגען קיין וואסער און האט זיי אנגעפילט מיט וואסער פון'ם טייך, לעבען וועלכען זיי האבען גענעכטיגט. דיא היץ איז געווארען אלע מאל שטארקער און אונזערע רייזענדע האבען זיך קוים געשלעפּט. זיי זיינען געווארען אזוי שוואך, אז זיי האבען אפּגעלאזען דיא ציגעל

פון דיא פערד און האבען זיי געלאזט געהן, וואוהין זיי ווילען, אדער וואוהין טהאלקאווע האט זיי געפיהרט. ענדליך, געגען פיער אוהר נאך מיטאג האט טהאלקאווע געגעבען א צייכען, מען זאל בלייבען שטעהן. אלע זיינען געווען מיעד פון דער היץ, אלע זיינע לאנגזאם אראפגעקראכען פון זייערע פערד און האבען זיך געווארפען אויפ'ן ווייכען גראז.

קיינער האט ניט בעמערקט, אז וויט, וויט, אין זיד־וועסטען (צפונית מערבית) האבען זיך געוויעזען אויפ'ן הימעל שווארצע וואלקען, וועלכע האבען זיך ניט צושפרייט אין דער ברייט, זאנדערן האבען זיך געדרענגט און צונויפגעזאמעלט אויף איין ארט, ביז זיי האבען געבילדעט א וואנט, גלייך וויא זיי האבען געוואלט פערשטעלען דיא אנצע געגענד. דער פאטאגאניער אליין האט עס בעמערקט און האט זיך יעדער מינוט צוגעקוקט צו דיעזע שווערע, שווארצע, דראהענדע וואלקען. ער האט זיך געווענדעט צום פראפעסאר און האט איהם געוויעזען אויף דיא וואלקען. דער פראפעסאר האט זיך אייניגע צייט צוגעקוקט דורך זיינע גרויסע ברילען, האט א ביסעל געטראכט און האט ענדליך געפרעגט דעם פאטאגאניער:

— פאמפערא? Pampero

דער פאטאגאניער האט א שאקעל געטאהן מיט'ן קאפ.

— מיינע פריינדע! האט זיך דער פראפעסאר געווענדעט צו זיינע קאמעראדען. דאס וועטער וועט זיך ענדערן. מיר וועלען באלד האבען א פאמפערא. מיר מוזען זיך פארבערייטען.

אזוי וויא קיינער האט ניט געוואוסט, וואס א פאמפערא איז, האט זיי דער פראפעסאר געמוזט ערקלערן.

— דער פאמפערא איז א שרעקליכער שטורמווינד, וועלכער קומט פאר זעהר אפט אין דיא פאמפאס (סטעפען) פון ארגענטיניען. ער איז געוועהנליך טרוקען און זעהר קאלט. ער געדויערט פון דרייא־פיער שטונדען ביז דרייא טאג. ער רייסט אויס און שליידערט אוועק אלעס, וואס ער טרעפט אויפ'ן וועג. וועה דעם רייזענדען, וועלכער איז ניט בעקאנט מיט'ן פאמפערא און ער טרעפט איהם רייטענדיג אויפ'ן פערד! אין א סעקונדע ליעגט דער רייטער מיט'ן פערד אויף דער ערד צובראכען און צושלאגען. צום גליק, זיינען דיא ארגענטינישע פערד און בהמות גוט בעקאנט מיט'ן פאמפרא. זיי פיהלען איהם פון דער וויטען און ווארפען זיך אויף דער ערד, שטרעקען אויס זייערע פיס און בעהאלטען זייער קאפ אין גראז אדער אין זאמד.

ווען דער פאמפערא קומט צו צום מעער, מאכט ער אן פיעל אומגליק אין דיא פארטען. ער ווארפט ארויס שיפען מיט זייער לאדונג מיט דיא מענשען אויפ'ן ברעג.*)

— איך האב מורא, אז דער פאמפערא וועט אונז אויפהאלטען און מיר וועלען פערליערן צייט, האט לארד גלענארוואן געזאגט.

— ניין, האט דער פראפעסאר געענטפערט. דאס מאל האבען מיר צו טאהן מיט א פיינעם, אנשטענדיגען פאמפערא, וועלכער וועט זיך מיט אונז א שפיעל טאהן און וועט זיך געהן זיין וועג.

*) ערשט ניט לאנג, דעם 15 מאי 1892 האט א פאמפערא איבערגעקעהרט אין ארגענטינישע קריעגס שיף און הונדערט צוויא און דרייסיג מענשען האבען פערלארען זייער לעבען.

— פון וואנען ווייסט איהר עס, פראפעסאָר?
— דער באראָמעטער זאָגט מיר.

ער האט געוויזען לארד גלענארוואן זיין טאשען באראָמעטער און האט איהם ערקלערט, פון וואנען ער ווייס, אז דער פאמפערא וועט ניט לאנג דויערן. טהאלקאווע האט אויך בעטראכט דיעזען זאנדערבארען אינסטרומענט. ער האט אויך געוואוסט, אז דער פאמפערא וועט ניט לאנג דויערן. ער האט געהאט זיינע צייכענס אין דיא וואלקען. וויא אזוי אבער אזא קליינער אינסטרומענט קען וויסען און זאגען, אז דער פאמפערא וועט ניט דויערן, דאס האט ער ניט געקענט פערשטעהן און ער האט בעטראכט דעם פראפעסאר אלס א צייבערער און דעם באראמעטער אלס א צויבער.

עס איז געווארען נאכט. דער פאמפערא האט באלד אנגעהויבען צו ווייזען, וואָס ער קען. דיא פערד האבען זיך באלד אניעדערגעלעגט אויף דער ערד. אונזערע רייזענדע האבען זיך איינגעהילט אין זייערע דעקען און האבען זיך געלעגט לעבען דיא פערד אום זיך צו ווארעמען לעבען זיי. דער פאטאגאָניער האט דיא פערד ניט אפגעזאטעלט. דער זאטעל האט געשיצט און געווארמט דיא פערד.

דער פראפעסאר האט רעכט געהאט. דער פאמפערא האט מעהר ניט געדויערט, וויא ביז האלבע נאכט. וויא פיעל אבער האבען זיי איבערגעליטען אין דיעזע עטליכע שטונדען! דיא קעלט איז געוועזען שרעקליך. דער ווינד האט זיי דורכגענומען. דיא דעקען האבען ניט געהאָלפען. זייער גליק איז געוועזען, וואס זיי האבען זיך צוגעטולעט צו דיא פערד. ערשט ווען דער שטורמווינד האט אויפגעהערט, האבען זיי געקענט אנטשלאפען ווערען.

זיי זיינען געשלאפען שפעט דעם אנדערן טאָג. טהאלקאווע האט זיי אויפגעוועקט. ער האט שוין אפגעקאָכט פאר זיי מאטע. זיי האבען עפעס געגעסען און האבען זיך געלאזען ווייטער אין וועג. לארד גלענארוואן האט זיך יעדע מינוט אומגעקוקט. ער האט אויף קיין סעקונדע ניט פערגעסען דעם צוועק פון זייער רייזע. ער האט זיך אומגעקוקט, פיעללייכט וועט ער וועמען בעגעגנען אויפ'ן וועג, ביי וועמען ער וועט קענען פרעגען איבער קאפיטאן גראנט. לײדער, איז זיין מיה געוועזען אומזיסט. אויפ'ן גאנצען וועג האָבען זיי קיינעם ניט בעגעגנעט. א מאל פלעגט ער דערזעהן פון דער ווייטען א שווארצען פלעק. עס האט זיך איהם איינינע מאל אויסגעוויזען, אז ער זעהט א רייטער, וועלכער איז אבער באלד פערשוואונדען.

אין דיא פאמפאס, אין דיא אמעריקאנישע וועלדער און אין אלע ווילדע געגענדען מוז מען בעטראכטען יעדען מענשען, וועלכען מען בעגעגענט אלס פיינד. ווען מען זעהט פון דער ווייטענס א פארטיע פון עטליכע מענשען גוט בעוואפענט, וויא אונזערע רייזענדע זיינען געוועזען, האט מען וואס מורא צו האבען. דאס איז געוועזען דיא אורזאכע, וואס איינציגע רייטער— ווילדע אדער ארגענטינער — זיינען אנטלאפען, ווען זיי האבען דערזעהן פון דער ווייטען אונזערע רייזענדע.

ווען איינער פון זיי זאל געוועזען קענען זיך גוט צוגעפרעגען מיט'ן פאטאגאָניער, וואלט לארד גלענארוואן איהם שוין לאנג דערצעהלט דעם צוועק פון זייער רייזע און

וואלט איהם געבעטען ער, זאל פארשען און נאכפרעגען, פיעללייכט וויס איינער, וואו דער קאפיטאן גראנט געפינט זיך.

דער פאטאגאניער האט געזעהן, אז זיי פאהרען ערגעץ אין א גלייכער ליניע. ער האט אבער ניט געוואוסט, וואוהין זיי פאהרען. דער פראפעסאר פלעגט יעדעס מאל ארויסנעהמען זיין קאמפאס און זיינע לאנדקארטען, פלעגט זיי בעטראכטען איינינע צייט און פלעגט דאן זאגען, וואוהין מען זאל פאהרען. טהאלקאווע האט זיך זעהר געוואונדערט: צו וואס האט מען איהם גענומען און מען צאהלט איהם אזוי פיעל, ווען דיא רייזענדע קענען דייער וועג בעסער פון איהם? אלס עכטער ווילדער אבער האט ער צוגעשוויגען און האט קיינעם דאריבער קייןווארט ניט געזאגט. איין מאל זיינען זיי צוגעקומען צו אן ארט, וואו עס זיינען געוועזן צווייא וועגען. איינע רעכטס און דיא אנדערע לינקס. דער פאטאגאניער איז געבליעבען שטעהן און האט געפרעגט דעם פראפעסאר:

— זאלען מיר פאהרען קיין קארמען? (א שטאדט אין ארגענטיניען)

— ניין, האט דער פראפעסאר געענטפערט.

— פאהרען מיר קיין מענדאזא? (א שטאדט אין באליוויא) האט וויטער דער פאטאגאניער געפרעגט.

— ניין.

דער פאטאגאניער האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. — וואוהין פאהרען זיי דען? האט ער זיך געטראכט.

— אלזא, פאהרט איהר אין ערגעץ ניט? האט ער געפרעגט.

אונטערדעסען איז לארד גלענארוואן און דער מאיאר צוגעקומען און האבען געפרעגט, פאר וואס מען איז געבליעבען שטעהן? דער פראפעסאר האט זיי דערצעהלט, אז דער פאטאגאניער וואונדערט זיך, פאר וואס מיר פאהרען ניט אויף איינעם פון דיא צווייא וועגען.

— פיעללייכט, וואלט איהר איהם ערקלערט דעם צוועק פון אונזער רייזע, האט לארד גלענארוואן געזאגט צום פראפעסאר.

— ער וועט מיך ניט פארשטעהן, האט דער פראפעסאר געענטפערט. דערצעהלען איהם דיא געשיכטע פון דיא בריעף, פון דער „בריטאניא", וועט עס איהם פארקומען וואונדערבאר. איך האב שוין פראבירט לערנען מיט איהם געאגראפיע און איהם ערקלערען, וואס עס הייסט א גראד און אז מיר דארפען פאהרען אויפ'ן 37טען גראד. ער וויל אבער פון קיין גראדען ניט וויסען.

— פראבירט דאך איהם דערצעהלען דיא געשיכטע פון דיא בריעף און אז מיר פאהרען זוכען א קאפיטאן גראנט, וועלכער האט געליטען שיפבראך אויפ'ן שטילען וועלט מעער ערגעץ ניט וויט פון טשילי.

דער פראפעסאר האט געמוזט נאכגעבען. ער האט אנגעהויבען צו דערצעהלען דעם פאטאגאניער דעם צוועק פון זייער רייזע. זעהר אפט האט איהם אויסגעפעהלט ווערטער און ער האט געמוזט געברויכען צייכענס. ענדליך איז ער געפאלען אויף א שכל. ער האט גענומען א שטעקעלע און האט אויסגעצייכענט אין זאמד א לאנדקארטע פון דער גאנצער געגענד, וואו זיי ווילען פאהרען און דיא שטעדט קארמען און

מענדאָזא און האט איהם ערקלערט, אז זייער וועג פיהרט ניט קיין קארמען, ניט קיין מענדאָזא. ער האָט גערעדט און דערקלערט אזוי לאנג, ביז דער שוויס האט זיך אנגעהויבען פון איהם צו ניעסען.

דער פאטאגאניער האט אויסגעהערט אויפמערקזאם, האט זיך צוגעקוקט צו דיא צייבענס אין זאמד און האט זיך פערטראכט.

— פארשטעהט ער אייך? האט לארד גלענארוואן געפרעגט דעם פראפעסאר, וועלבער האט געווישט פון זיך דעם שוויס.

— איך וויס אליין ניט, האט דער פראפעסאר געזאגט. מיט דיא ווילדע איז גאר אן אומגליק. זיי שווייגען. וואס קענט איהר טאהן מיט א מענשען, וועלבער שווייגט? איך רעד צוזעצטערהייד און ער קוקט אויף מיר און שווייגט.

עס איז ווירקליך געווען צום שטוינען. דער פאטאגאניער איז געשטאנען ערנסט און פערטראכט און האט בעטראכט דיא לאנדקארטע, וועלבע דער פראפעסאר האט אויפגעצייכענט אין זאמד, גלייך וויא ער וואלט אויך געווען א פראפעסאר פון געאָ־גראפיע. ענדליך, האט זיך דער פראָפעסאָר ניט געקענט איינהאלטען און האט גע־פרעגט דעם ווילדען.

— אלזא, פערשטעהט איהר?

דער פאטאגאניער האט ניט געענטפערט. דער פראפעסאר האט זיך געוואלט איינ־ביינען און מאבען אנדערע צייבענס אין זאמד, ווען טהאלקאווע האט איהם אנגענומען ביי דער האנד און האט געזאגט רוהיג.

— איהר זוכט א געפאנגענעם?

— יא, האט געענטפערט דער פראפעסאר העכסט ערפרייט.

— און איהר זוכט איהם אויף דיעזע ליניע, צווישען דעם פונקט, וואו דיא זון געהט אויף און דעם פונקט, וואו זיא געהט אונטער?

דיא ווילדע האבען ניט קיין נאמען פאר מזרח און מעריב, אדער אָסט און וועסט. מזרח הייסט ביי זיי דיא זייט, פון וואנען דיא זון געהט אויף, און מעריב — דיא זייט, וואו זיא געהט אונטער.

— ריכטיג, ריכטיג, טהאלקאווע! דוא פערשטעהסט מיך.

— און אייער גאט האט אייך אויסגעזאגט דעם סעקרעט, וואו דער געפאנגענער געפינט זיך, דורך דיא בוואלעכ פוּם גרויסען וואסער (דאס מעער)?

— ריכטיג, ריכטיג, פריינד טהאלקאווע! האט אויסגעשריען דער פראפעסאר פול מיט פרייד.

— אייער גאט איז א שטארקער גאט האט דער ווילדער געזאגט ערנסט. ווען ער האט אייך אויסגעזאגט דעם סעקרעט, וועט ער אייך געוויס פיהרען אויפן ריכטיגען וועג. לאמיר פאהרען אלזא אין דער זייט, וואו דיא זון געהט אויף.

דער פראפעסאר האט געטאנצט פאר פרייד. ער האט אויסגעלערנט א פאטא־גאָניער געאגראפיע! ער רעדט שוין אזוי גוט שפאניש, אז דער ווילדער פארשטעהט איהם! ער קען שוין מיט איהם רעדען! יעצט ערשט וועלען זיי זיין אים שטאנד צו זוכען קאפיטאן גראנט!

— א פראנצויזישער בויער וואלט מיך אייביג נים פערשטאנען, האט ער גע־זאגט צו זיינע קאמעראדען. דיא פאטאגאָניער זיינען קלוגע מענשען. עס וואלט זעהר לייכט געווען, מען זאל זיי ציוויליזירען. זעהט, וויא אונזער פריינד, טהאלקאווע, פער־שטעהט דיא לאנדקארטע, וואס איך האב איהם אויפגעצייכענט אויפ'ן זאמד.

לארד גלענארוואן האט געבעטען דעם פראפעסאר, ער זאל פרעגען דעם פא־טאגאניער, פיעללייכט האט ער עפעס געהערט פון איינעם, וועלכען זיינע לאנדסלייט האבען געפאנגען גענומען. דער פראפעסאר האט איהם געפרעגט. טהאלקאווע האט געטראכט איינינע מינוט און האט דאן געזאגט רוהיג און געלאסען.

— עס איז מעגליך, אז איך וויים עפעס פון א זעלבען.

קוים האט דער פראפעסאר איבערגעגעבען זיינע קאמעראדען, וואס דער פאטא־גאָניער האט איהם געזאגט, האבען איהם אלע ארומגערינגעלט און האבען איהם אנגעהויבען צו פרעגען, וואס ער וויים פון קאפיטאן גראנט? טהאלקאווע איז געשטא־נען גאנץ רוהיג און האט זיי בעטראכט. ער האט נים אזוי גיך געענטפערט. דער ווילדער איילט זיך קיין מאל נים. ער האט שטענדיג צייט.

— וואס ווייסט דוא פון'ם געפאנגענעם? האט ענדליך דער פראפעסאר גע־פרעגט. דאס איז דאך דער גאנצער צוועק פון אונזער רייזע.

— ער איז פון ווייטע לענדער, האט דער פאטאגאָניער געענטפערט.

— האסט דוא איהם געזעהן?

— ניין, איך האב נור געהערט פון איהם. אן אינדיאנער האט מיר געזאגט, אז ער האט דאס הערץ פון אן אָקס.

דער פראפעסאר איז אויפגעשפרונגען.

— דאס הייסט שעהן גערעדט! דאס איז א שעהנע שפראכע! ער האט דאס הערץ פון אן אָקס! דאס הייסט, ער איז מוטהיג און טאפפער, וויא אן אָקס. אזוי שטעהט עס אויך אין דער ביבעל (תנ"ך) בכור שור הדר לו. אזוי דריקען זיך אויס אלע נאטור פעלקער. זיי האבען א שעהנערע און רייכערע שפראכע פון אונז, ציוויליזירטע אייראָפעער.

— וויא זאגט מען אויף שפאניש: דאס איז מיין פאָטער? האט ראבערט גע־פרעגט דעם פראפעסאר.

— עס מיא פאדרע (ער איז מיין פאָטער). האט איהם דער פראפעסאר געזאגט.

— עס מיא פאדרע! עס מיא פאדרע! האט ראבערט געשריען און האט אנ־געחאפט דעם ווילדען ביי דיא הענד. ער וואלט איהם געוועז ארויפגעשפרונגען אויפ'ן האלז, ווען ער זאל נור געווען קענען דערגרייכען.

אויפ'ן רוהיגען און ערנסטען געזיכט פון'ם ווילדען האט זיך געוויעזען א שמייכעל. דער פאטאגאָניער איז געווען גערירט. ער האט גענומען דעם קליינעם ראָבערט אויף דיא הענד און האט איהם צוגעדריקט צום הארצען.

— טוא פאדרע (דיין פאטער) טוא פאדרע! האט ער געזאגט עטליכע מאָל.

ער האט ערשט פערשטאנען, וויא עס קומט, וואס מען האט מיטגענומען אזא

קינד אויף אזא לאנגע און געפעהרליכע רייזע. יעצט ערשט איז דער פראפעסאר צו איהם צוגעשטאנען און האט איהם פערשאָטען מיט פראגען.

— ווען האט ער געהערט פון'ם געפאנגענעם? ביי וועמען געפינט זיך דער גע־פאנגענער? וואס טהוט ער? וואס פאר אן ארבייט הייסט מען איהם טהאן? און נאך אזעלכע פראגען.

דער פאטאגאָניער האט לאנגזאם און רוהיג ערקלערט, אז ער ווייס, אז אן אייראפעער איז געפאנגען און מען האלט איהם פאר א שקלאף ביי איינע פון דיא פעלקער, וועלכע האלטען זיך אויף צווישען דיא צוויא טייכען: קאלאראדא און ריא נעגרא.ביידע טייכען זיינען אין פאטאגאָניען, אבער אביסעל ווייטער פון דעם וועג, אויף וועלכען זיי פאהרען. אויף דיא פראגע, ווער האט איהם געפאנגען? האט דער פאטא־גאָניער געענטפערט:

— דער קאציק (קעניג) קאלפוקורו.

— וואס איז פאר א מענש דער קאציק קאלפוקורו? האט דער פראפעסאר ווייטער געפרעגט.

— דאס איז א מענש מיט צוויא צונגען און צוויא הערצער.

— פערשטעהט איהר, וואס אונזער פריינד טהאלקאווע מיינט? האט דער פראפעסאר געפרעגט זיינע קאמעראדען. ער מיינט, אז דער קאציק איז א פאלשער מענש. מיט איין צונג רעדט ער אזוי און מיט דער אנדערער צונג רעדט ער אנדערש. זיין הארץ איז אויך פאלש. מען טאר איהם ניט טרויען. לערנט אייך פון'ם פאטאגאָ־ניער רעדען! דאס הייסט א שפראכע!

— קענען מיר איהם בעפרייען? האט דער פראפעסאר ווייטער געפרעגט.

— ווען ער געפינט זיך נאך ביים קאציק קאלפוקורו, קענט איהר איהם בעפרייען. איהר ווערט איהם אבער מוזען געבען צוויא פעסעלעך פייער־וואסער (ראָם).

— וויא לאנג איז שוין, אז דוא האסט געהערט פון איהם?

— דיא זון האט שוין צוויא מאל געבראכט דעם זומער אויף דיא פאמפאס (צוויא יאהר) זייט איך האב פון איהם געהערט.

לארד גלענארוואן איז געווען גליקליך. זיינע רייזע איז ניט אומזיסט. ער האט ענדליך געגויע נאכריכטען פון קאפיטאן גראנט. עס איז גאנץ ריכטיג. מיט צוויא יאהר צוריק איז זיין שיף אונטערגעגאנגען. אלעס שטימט. יעצט האט ער איהם גע־שמועלט נאך אנאנדערע פראגע:

— דוא רעדסט נור פון איין געפאנגענעם, עס דארפען דאך אבער זיין דריי? קאפיטאן גראנט און צוויא מאטראזען.

— איך ווייס ניט, האט טהאלקאווע געענטפערט.

— ווייסט דוא ניט, וואו דער קאציק געפינט זיך יעצט?

— איך ווייס ניט.

דאס זיינען געווען דיא ערשטע נאכריכטען, וואס זיי האבען ערהאלטען פון קאַ־פיטאן גראנט. מעהר האט זיי דער פאטאגאָניער ניט געקענט דערצעהלען. עס קען זעהר מעגליך זיין, אז דיא ווילדע האבען צושיידט דעם קאפיטאן גראנט פון זיינע

מאַטראַזען. זיי האָבען פערקויפט דיא מאַטראַזען צו אַנאַנדער קאַציק. אַזוי וויא מען ווייס שוין אָבער, וואו ער געפינט זיך און ביי ועמען, איז שוין ניט שווער איהם אויסצוזוכען.

— יעצט, מיינע פריינדע! האָט לארד גלענארוואן געזאָגט, אין וועג אריין! צום טייך קאָלאָראַדאָ!

אלע האָבען זיך אויפגעזעצט אויף זייערע פערד און זיינען מוטהיג ווייטער געפאָהרען. יעצט איז שוין טהאַלקאַווע געוועזען דער פיהרער. קוים האָט ער געוואוסט, וואוהין זיי פאָהרען, האָט ער שוין בעסער געוואוסט דעם וועג, אלס דער פּראָפעסאָר פון זיינע ביכער און לאַנדקאַרטען. אין צווייא טאָג ארום זיינען זיי צוגעקומען צום טייך קאָלאָראַדאָ.

דיא ערשטע זאַך, וואס דער פּראָפעסאָר האָט געטאָהן, ווען זיי זיינען צוגעקומען צום טייך, איז געוועזען — זיך באָדען. אלס געלערנטער דאַרף ער זיך באָדען אין דעם טייך קאָלאָראַדאָ, אום ער זאָל האָבען וואס צו בעשרייבען פאַר דער געאָגראַפישען געזעלשאַפט.

ער האָט געפונען, אַז דאס וואַסער פון'ם טייך איז רויטליך, ווייל דער באָדען איז פון א סאָרט רויטען לעהם. דער טייך הייסט דערפאַר קאָלאָראַדאָ, „געפאַרבט", ווייל זיין וואַסער ווייזט אויס, וויא צוגעפאַרבט. אַנאַנדערע מערקווירדיגקייט האָט דער טייך, וועלכע די געלערנטע האָבען נאָך ביז אַהער ניט געקענט ערקלערען — אלע טייכען, וואס נעהנטער זיי קומען צום מעער, וואוהין זיי פאַלען אריין, האָבען זיי אַלץ מעהר וואַסער און ווערען אַלץ טיעפער און ברייטער. יעדער טייך הייבט זיך געוועהנליך אן קליין און ווערט אלע מאל גרעסער. דער קאָלאָראַדאָ איז פּונקט פערקעהרט. וואס נעהנטער ער קומט צום אַטלאַנטישען וועלט מעער, איז אין איהם אַלץ ווייניגער וואַסער. ער ווערט אלע מאל שמעלער און ווייניגער טיעף, —פאַר וואס איז עס אַזוי? וואס איז דיא אורזאַכע דערפון? דאס האָט דערווייל נאָך קיינער ניט ערקלערט. זעלבסטפערשטענדליך, האָט דער פּראָפעסאָר געזוכט צו ערקלערען דיזעס רעטעניש פון דער נאַטור. ער האָט עס דערצעהלט לארד גלענארוואן.

— נו, זעהט איהר, ליעבער פּראָפעסאָר, אַז אין זיד אַמעריקא זיינען אויך דא אַזעלכע מערקווירדיגע טייכען, וויא אייער יאָרדשאַנגבא־טשו אין לאַנד טהיבעט.

קיין בריקען זיינען אין יענער געגענד ניטא. אונזערע רייזענדע האָבען געמוזט אריבערשווימען דעם טייך זיצענדיג אויף זייערע פערד. אויף דער אַנדערער זייט פון'ם טייך קאָלאָראַדאָ איז שוין נאַר אַנאַנדערע געגענד. דא געפינט מען שוין ביימער און זעהר פיעל שטעהענדיגע טייכען (אָזיעראָס).

דעם 28טען נאָוועמבער זיינען אונזערע רייזענדע צוגעקומען צו א שטעהנדיג וואַסער, וואו זיי האָבען בעשלאָסען צו נעכטיגען. זיי וואָלטען פערבראַכט א גוטע און רוהיגע נאַכט, ווען ניט א נייע פּלאָגע, פון וועלכע עס האָט זיך זיי ביז אַהער נאַר ניט געחלומט — ווילדע הינט.

וויא עס ווייזט אויס, האָבען דיא שפּאַניער, וועלכע האָבען צוערשט ענטדעקט זיד־אַמעריקא, אומיסטען אָדער דורך א צופאַל דאָרט איבערגעלאָזען עטליכע הינט. אין פערלויף פון דער צייט — זייט הונדערטער יאָהרען — האָבען זיך דיא הינט שטאַרק פערמעהרט און זיינען געוואָרען ווילד. מען קען זיי יעצט אַנטרעפען אין באַנדען פון

עטליכע הונדערט מיט א מאל. זיי האבען צוואר מורא פאר א מענשען, ווען זיי זיינען אבער שטארק הונגעריג, זיינען זיי געפעהרליך. זיי פאלען אן אויף פערד און אָקסען, יאגען זיי אזוי לאנג, ביז זיי פאלען פאר מיעדיגקייט און צורייסען זיי. דיעזע פלאגע ווערט פון יאהר צו יאהר גרעסער און געפעהרליכער. דיא ארגענטינישע רעגיערונג איז זעהר בעזאָרגט וועגען דיעזע פלאגע. זיי געהן אפט אריבער דעם טייך קאָלאָראדא און פאלען אָן אויף דיא פערד און אָקסען, וועלכע פאסען זיך פריי אין דיא פאמפאס. מען זוכט אלע מעגליכע מיטעל, וויא זיי צו פערניכטען. עס איז אבער ניט אזוי לייכט, ווייל זיי פערמעהרען זיך זעהר שטארק.

דיא ווילדע הינט זיינען צוואר ניט אנגעפאלען אויף אונזערע רייזענדע. זיי האבען מורא געהאט פאר אזא מאכט, אבער א גאנצע נאכט האט מען געהערט זייער בילען און ברומען. טהאלקאווא האט געהאלטען וואך ביי דיא פערד.

17טעם קאפיטעל.

## נייע זאָרגען.

עס זיינען ווידער פערגאנגען א פאר טאג, אין וועלכע עס איז גאר ניט פאָר־געקומען. אונזערע רייזענדע זיינען געפאהרען אלץ ווייטער און ווייטער. דער פאטאַ־גאָניער האט זיי געוויעזען דעם וועג. דיא געגענד איז נאך אלץ געווען דיזעלבע. איבעראל האט מען בעגעגענט קליינע וועלדלעך און ניעדעריגע ביימלעך. אין ערטער פלעגט טהאלקאוו אראפגעהן פון זיין פערד או פלעגט אנהויבען צו קלאפען אין דיא ביימלעך מיט זיין ביקס. דער פראָפעסאָר האט איהם געפרעגט, וואס ער טהוט?

— כאָלינאס! האט דער פאטאגאניער געענטפערט.

אבער וואס הייסט כאָלינאס? דאס האט דער פראָפעסאר ניט געוואוסט. אזוי פיעל שפאניש האט ער נאך ניט פערשטאנען. ער האט אבער דאך זעהר געוואָלט וויסען, וואס כאָלינאס איז און ער האט געבעטען דעם פאטאגאָניער, ער זאל עס איהם ער־קלערען, אדער ער זאל איהם ווייזען, וואס דאס איז. דער פאטאגאָניער האט זיי געהייסען ווארטען א ווילע. ער איז אריינגעגאנגען צווישען דיא ביימלעך און איז אין איינינע מינוט ארום ארויסגעקומען. ער האט געהאלטען עפעס איינגעוויקעלט אין בלע־טער, וועלכעס ער האט געוויעזען דעם פראפעסאר.

דער פראפעסאר איז אָפגעשפרונגען פון איהם און האט מעהר ניט געוואלט קוקען. דאס איז געווען א שרעקליכער, אבשייליכער, שווארצער סקאָרפיאָן (אזא סאָרט ענדיש). זיין ביס איז געפעהרליך. דער שטארקסטער אָקס פאלט אין איניגע מינוט, ווען דער סקאָרפיאָן גיט איהם א ביס. יעצט האט דער פראפעסאר פערשטאנען, פאר וואס דער ווילדער האט געקלאפט מיט זיין ביקס אין דיא ביימלעך. ער האט געוואוסט, וואו דיא סקארפיאנען האלטען זיך אויף און האט זיי געוואלט איבערשרעקען. זיי זאלען פערקריכען אין זייערע לעכער. זאנסט קענען זיי נאך בייסען דיא פערד. דער סקאָרפיאָן פאלט ניט אן אויף א מענשען אדער אויף א בהמה. ער גענעהרט זיך פון ווערים, פליעגען, קעד־פער (זשוקעס) אין אנדערע אזעלכע קליינע זאכען. נור ווען מען רייצט איהם, ווען מען טרעט אויף איהם ארויף צופעליגער ווייזע, דאן איז ער געפעהרליך.

לאנגזאם זיינען יעצט געפאהרען אונזערע רייזענדע. אין אזא געגענד קען מען ניט לויפען. מען מוז פאהרען לאנגזאם און זיך אויף יעדען שריט אומקוקען. געגען צוויי אוהר נאך מיטאג זיינען זיי געקומען צו א גרויס שטיק פלאץ, אויף וועלכען עס האט זיך זיי פארגעשטעלט א שרעקליכעס, זאנדערבארעס בילד. דאס גאנצע שטיק פלאץ איז געווען בעדעקט מיט ביינער פון קיה און אקסען. ווייסע, ריינע, אויסגעטריקענטע ביינער זיינען געלעגען אויפגעהויפט און צו ווארפען אויפ'ן גאנצען פלאץ אין א שרעקליכע אונארדנונג. וויא דער פראפעסאר און לארד גלענארוואן האבען אויסגערעכענט, האבען דאס געדארפט זיין דיא ביינער פון אייניגע הונדערט שטיק קיה און אקסען. וויא קומען אבער דיא ביינער אהער? וויא קומט עס, וואס זיי ליעגען צונויפגעהויפט און צונויפגעדרענגט אין אזא קליין ארט? עס איז געווען דייטליך, אז דיעזע בהמות האט מען ניט געשלאכטעט צום עסען. זיי זיינען דא געפאלען אלע מיט א מאל.

דער פראפעסאר איז געווען איבערראשט, ערשטוינט און האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן דיעזעס רעטעניש. ער האט זיך געווענדעט צום פאטאגאניער און האט איהם געפרעגט, וואס דאס איז?

— פייער פון הימעל, האט טהאלקאווע געענטפערט.

— דאס קען ניט זיין! האט דער פראפעסאר אויסגעשריען.

— פייער פון הימעל, האט דער ווילדער געזאגט רוהיג.

— א בליץ האט געטראפען א העערדע (סטאדא) בהמות און האט זיי מיט איין מאל אלעמען געטייטעט, האט דער פראפעסאר דערקלערט זיינע קאמעראדען, וואס טהאלקאווע מיינט מיט זיינע ווערטער: פייער פון הימעל.

— זאל א בליץ האבען מיט א מאל געטייטעט אזוי פיעל בהמות? האט דער מאיאר געפרעגט.

— טהאלקאווע זאגט אזוי, וואהרשיינליך איז עס אזוי. איך וויים אויך, אז אין דיא פאמפאס קומען זעהר אפט פאר שרעקליכע שטורמווינדען מיט אונגעוועהנליכע דונערן און בליצען, האט דער פראפעסאר געענטפערט.

— אך! מיר זאלען וועניגסטענס ניט דארפען אויסהאלטען אזא שטורמווינד, האט טאָם אויסטין געזאגט. עס איז דאך שרעקליך צו לעבען אין אזא לאנד, וואו עס קומען פאר אזעלכע שרעקליכע בליצען.

געגען אבענד זיינען זיי אנגעקומען צו א „ראנטשא", א הויף פון אן ארגענטינישען פארמער. דאס איז געוועהנליך א גרויס שטיק פלאץ ארומגעצאמט מיט שטיקער האלץ. אין דער מיט שטעהט א שטוב, געבויט פון צווייגען פון ביימער און לעהם. צווישען דיא לעבער צווישען איין צווייג און דעם אנדערן איז אנגעלעגט לעהם, וועלכעס דיא זון טריקענט אויס און מאכט עס הארט וויא ציגעל.

ארום און ארום האט מען ניט געזעהן קיין מענשען און קיין טהיער. זיי זיינען צוגעקומען נעהנטער, זיינען אריינגעגאנגען אין שטוב — קיינער איז ניטא. דער איינוואוינער פון דער „ראנטשא" האט זיא אוועקגעווארפען.

— זאל עס אפט ניט זיין דער זעלבער איינוואוינער (בעל הבית) פון דיא בהמות, וועלכע דער בליץ האט געטייטעט? האט דער פראפעסאר געפרעגט דעם פאטאגאניער.

איז עס נים מעגליך, אז נאך אזא אונגליק, ווען דער בליץ האט צערשטערט זיין גאנ־צעס פערמעגען, האט ער אוועקגעווארפען זיין ראנטשאָ און איז ערגעץ אוועקגעפאהרען אין א שטאדט.

— קווין סאבאָ? Quien Sabo? (ווער ווייס) האט דער פאטאנאניער געענטפערט.

דיא ווערטער „קווין סאבאָ" זיינען ביים שפאניער אין גאנץ זיד אמעריקא א תירוץ אויף אלע קשיות. ווען דער שפאניער וויל נים ענטפערן אויף א פראגע, וואס מען שטעלט איהם, זאגט ער: קווין סאבאָ; ווען ער איז העכסט צופריעדען פון א זאך, זאגט ער: קווין סאבאָ; ווען ער ווייס עפעס נים און וויל נים, אז מען זאל וויסען, אז ער פארשטעהט עס נים, זאגט ער ווידער: קווין סאבאָ. עס איז קיין ווארט איינענט־ליך, עס איז אן אויסדרוק, וועלכען דער שפאניער בענוצט ביי יעדע געלעגענהייט. מען מוז לאנג וואינען אין ארגענטיניען אדער אין טשילי, מען זאל פערשטעהן, וואס דער שפאניער מיינט מיט זיין: קווין סאבאָ.

אונזערע רייזענדע האבען בעשלאסען איבערצונעכטיגען אין דער לעדינער און פערלאסענער ראנטשא. עס איז דאך א שטוב און קען דאך שיצען געגען רעגען. זיי זיינען אריינגעגאנגען אין שטוב. אין איין ווינקעל איז נאך געווען אויסגעבעט א געלע־גער פון פעל פון אקסען. אין אנאנדער ווינקעל איז נאך געשטאנען א טאפ און א שפיעז צום בראטען. עס איז געווען דייטליך, אז דער איינענטהימער האט אלעס אוועק־געווארפען און איז אנטלאפען פון דיעזען ארט.

טהאלקאווע האט אריינגעפיהרט דיא פערד אין'ם הויף און האט פערשטעלט דיא טהיר מיט שטיקער האלץ. דער פראפעסאר האט עס נים געקענט פערשטעהן. ביז אהער האט טהאלקאווע געלאזען דיא פערד פריי ארומגעהן און עסען דאס גראָז. וויא קומט עס, וואס ער איז היינט אזוי פארזיכטיג? ער האט איהם געפרעגט פאר וואס ער האט עס געטאהן?

— אין דיעזע געגענד זיינען דא זעהר פיעל קליינע פיקס, האט דער פאטאנאָ־ניער דערקלערט. זיי קענען דיא פערד גאָר נים טאהן, זיי צובייסען אבער און צורייסען דאס לעדערנע געשיר פון דיא פערד. זיי פרעסען לעדער. דיא פערד קענען זיך דער־שרעקען און אנטלויפען, דערפאר האב איך זיי אויף היינטיגע נאכט פערשפארט.

זיי האבען איבערגענעכטיגט אין דער ראנטשאָ גאנץ רוהיג. קיינער האט זיי ביי נאכט נים געשטערט, קיינער האט זיי נים בעאונרוהיגט. זיי זיינען אויפגעשטאנען גאנץ פריה און זיינען ווייטער געפאהרען. יעצט האט זיך דיא געגענד אין גאנצען געענ־דערט. ביז אהער איז דיא געגענד געווען בעדעקט מיט גראָז און מיט וועלדלעך, יעצט אבער האבען זיך געוויעזען דערנער, קראפעווע און אין ערטער גאנץ קליינע ביימעלעך מיט שארפע שפיצען, וועלכע האבען געריסען דיא קליידער און דיא הויט פון יעדען, וועלכער איז נים געווען גענוג פארזיכטיג און איז צוגעגאנגען צו נאהענט צו זיי. אין ערטער איז גאר נים געוואקסען. דיא ערד איז געווען אויסגעטריקענט און פערברענט.

— איך בין צופריעדען, וואס דיא געגענד האט זיך געענדערט, האט טאָם אויי־גוסטין געזאגט. ביז אהער זיינען מיר געפאהרען אין געגענדען, וואו מען האט נור

געזעהן גראז, גראז און ווידער גראז. עס ווערט ליינגווײלינ, אבער גראז און ווידער גראז. יעצט ווענינסטענס האבען מיר אלע מאל א נייעס.

— דוא האסט א גרויסען טעות, פריינד אוינוסטין, האט איהם דער פראפעסאר געענטפערט. וואו עס איז דא גראז, דארט נעהט רעגען און עס איז דא וואסער. אין דיזע נעגענד אבער וואקסען נור אזעלכע גראזען, וועלכע קענען אויסהאלטען א לאנגע צייט אהן רעגען. אין אזא נעגענד קענען מיר אוועקפאהרען דרייא-פיער טעג און נים געפינען א טראפען וואסער. דאס איז א פערגניגען, אלטער פריינד?

זיי זיינען ווייטער געפאהרען איינינע שטונדען. אין דער לופט האט זיך אנגעהויבען צו פיהלען א רויך. אונזערע רייזענדע האבען זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען — מען האט אין ערגעץ נים געזעהן קיין פייער. וואס ווייטער זיי זיינען געפאהרען, אלץ מעהר האבען זיי געפיהלט דעם רויך. ענדליך איז דער רויך געווארען אזוי שטארק, אז זיי האבען זיך נים געקענט איינהאלטען און האבען געפרעגט דעם פראפעסאר: וואס זאל דאס בעדייטען? פון וואנען קומט דער רויך, ווען מיר זעהן קיינע פייער נים.

— עס איז איין מאל דא א שפריכווארט: „קיין רויך אהנע פייער“, האט דער דער פראפעסאר געענטפערט. קוים פיהלען מיר א רויך, איז געווים ערגעץ דא א פייער. דאס ברענען דיא פאמפאס. אין זיד אמעריקא, וואו דאס לאנד איז פלאך, קיין בערג זיינען נימא און דיא לופט איז ריין, קען מען פיהלען דעם רויך אויף צעהנדלינער מיילען.

— וואס הייסט ביי אייך אויף צעהנדלינער מיילען? האט דער מאיאר געפרעגט. ביי אונז, איינפאכע מענשען, הייסט פינף-זעקס מייל אויך צעהנדלינער מיילען, ביי אייך, געלערנטע, ווייס איך נים, וואס דאס קען הייסען.

— מען האט אויסגעפונען, אז אין דיא פאמפאס קען מען פיהלען דאס רויך אויף אכציג מייל, האט דער פראפעסאר געענטפערט. עס איז דאהער קיין וואונדער נים, וואס מיר זעהן נים דאס פייער. עס איז זעהר ווייט פון אונז.

— אבער ווער האט עס אנגעצונדען דיא פאמפאס? האט דער קליינער ראבערט געפרעגט, און ווי אזוי קענען דיא פאמפאס ברענען?

— האסט רעכט, מיין קינד! האט דער פראפעסאר אויסגערופען. דוא ווערסט א מאל קענען געאגראפיע. — דיא גראזען פון דיא פאמפאס ווערן שטארק אויסגעטריקענט פון דער היץ. זיי צינדען זיך לייכט אן. א מאל טרעפט א בליץ אין דיא טרוקענע גראזען און זיי צינדען זיך אן. אפט מאל צינדען זיי דיא ווילדע אונטער.

— צו וואס טהוען עס דיא אינדיאנער? האט ראבערט ווייטער געפרעגט.

— זיי זאגען, אז ווען דיא אלטע גראזען ווערן פערברענט, וואקסען דיא נייע גראזען בעסער און שנעלער. איך ווייס נים, אויב זיי האבען רעכט. זיי גלויבען אבער שטארק אין דעם און קוים ווערט דאס גראז שטארק טרוקען, צינדען זיי עס אונטער. זיי האבען נאך אנאנדערען צוועק דערביי, א בעסרן און א ריכטיגערן. דאס פייער פערניכטעט די שלאנגען, דיא סקארפיאנען און אלע אנדערע שעדליכע אינזעקטען (שרצים).

— ווען עס ווערט אזא פייער, קענען דאך אנדערע טהיערע, זאגאר קיה און אקסען פערברענט ווערן?

— געוויס! אזעלכע פעלע קומען פאר. מייסטענס אבער היט מען זיי אפּ: מען טרייבט זיי צו צו א טייך, אדער מען טרייבט זיי אריבער דעם טייך.

לארד גלענארוואן האט געוואוסט, וויא געפעהרליך עס איז א פייער אין דיא פּאמפּאס. קוים הייבט זיך אויף א ליי-טער ווינטעלע, פערברייטעט זיך דאס פייער מיט א שרעקליכע שנעלינקייט און עס קומט זעהר אפט פאר, אז רייזענדע ווערן פער-ברענט אין אזא פייער. ער האט זיך געווענדעט צו טהאלקאווע און האט איהם גע-פרעגט, וואס זיי זאלען יעצט טאהן?

— דאס פייער איז פון יענער זייט טייך, מיר האבען ניט וואס מורא צו האבען, האט דער פּאטאגאָניער געענטפערט.

מען איז ווייטער געפאהרען. דער טאג איז געוועזן זעהר הייס. דיא זון האט געברענט. מענשען און טהיערע האבען געקייכט פון דער היץ. וויא פיעל וואסער זיי האבען געהאט אין דיא לא לען, האבען זיי שוין אויסגעטרונקען. דאס ווארעמע וואסער אבער האט זייער דורשט ניט געשטילט. זיי האבען אנגעהויבען צו פיהלען א שרעקלי-כען ברענענדען דורשט. לאנגזאם, מיט גרויסער מיהע האבען זיי זיך געשלעפּט א גאנ-צען טאג, ביז עס איז פינסטער געווארען און זיי האבען אויסגעזוכט אן ארט, וואו איבערצונעכטיגען.

דער פּאטאגאָניער האט זיי ניט אוועקגענעבען דאס גאנצע וואסער, וואס ער האט געהאט. ער האט איבערגעלאזען וואסער צו קאכען מאטע. מעהר האט ער קיינעם ניט געוואלט געבען קיין וואסער.

זיי זיינען איבערגעשלאפען דיא נאכט זעהר אונרוהיג. יעדער האט געטרוימט פון טייכען און פון קוועלען מיט קאלטעס פרישעס וואסער. יעדער האט געבעטען: וואסער! נאנץ פריה האבען זיי זיך אויפגעכאפּט. מען האט געמוזט ווי טער פאהרען.

— וואו וועלען מיר ענדליך קריעגען וואסער? האט דער פראפעסאר געפרעגט זייער וועגווייזער.

— ווען מיר וועלען פאהרען שנעל, וועלען מיר היינט פאר נאכט צו קומען צו א גרויס וואסער, האט דער ווילדער געענטפערט גלייכגילטיג.

מען איז ווייטער געפאהרען, אבער זעהר לאנגזאם. דיא פערד האבען זיך קוים געהאלטען אויף דיא פיס. זיי זיינען שרעקליך מיעד און האבען שרעקליך געליטען פון דורשט. א טרוקענער, הייסער ווינד האט געבלאזען און האט געמארטערט אונזערע ארימע רייזענדע. פּלוצלונג האט טאָם אויגוסטין אויסגערופען:

— רייזענדע! עס קומען אונז ענט עגען א פּארטיע אינדיאנער!

אלע זיינען געבליעבען שטעהן. לארד גלענארוואן האט זיך דערפרעהט. עס קו-מען אינדיאנער, פיעללייכט וועט ער קענען ביי זיי עפּעס געוואהר ווערן פון קאפּיטאן גראנט. פיעללייכט וועלען זיי איהם פערקויפען וואסער. טהאלקאווע אבער האט דיא זאך אנדערש בעטראכט. זיי זיינען נור זיעבען מענשען. ווען דארט קומט אן א גרויסע פּארטיע פון עטליכע הונדערט אינדיאנער, קענען זיי אנפאלען אויף זיי און נעהמען זיי

געפאנגען. אין דיא פאמפאס איז דא נור איין געזעץ — דיא ביקס. ווער עס איז שטארקער, דער נעהמט דעם שוואכען געפאנגען, בערויבט איהם, טייטעט איהם, ווען ער וויל. ער איז דאהער ארויסגעפאהרען אין פאראויס, זעהן, וויא גרויס דיא פארטיע אינדיאנער איז. ער איז באלד געקומען צוריק בערוהיגט. עס זיינען געווען ניט מעהר, וויא צעהן רייטער.

דיא אינדיאנער האבען אויך בעמערקט אונזע׳רע רייזענדע און זיינען אויך געבלי־עבען שטעהן. זיי האבען זיך געהאלטען אן עצה וואס צו טאהן. לארד גלענארוואן האט געזעהן, אז זיי זיינען געבליעבען שטעהן און האט געוואלט צונעהן צו זיי. פלוצ־לונג האבען זיי אויסגעדרעהט זייערע פערד און זיינען אנטלאפען פייל אויס׳ן בויגען.

— דיא פייגלינגע! האט אויסגערופען דער פראָפעסאָר. זיי זיינען צעהן און זיינען אנטלאָפען פאר אונז, זיעבען? ווער זיינען זיי? האט ער געפרעגט דעם פאטאַ־גאָניער.

— גואטשאָס, האט דער פאטאַגאָניער געענטפערט.

— גואטשאָס! האט אויסגערופען דער פראָפעסאָר, יעצט פערשטעה איך, פאר וואס זיי זיינען אנטלאפען. גואטשאָס זיינען איינפאַכע ארגענטינישע פארמערס, בויערן. זיי האבען געמיינט, אז מיר זיינען רויבער, ווייל מיר טראָגען אלע ביקסען און זיינען פאר אונז אנטלאפען.

— אך, ניין! האט לארד גלענארוואן געזאגט. איך וויים אויך, וואס גואטשאָס זיינען. אלע גואטשאָס זיינען רויבער און מערדער. דאס לעבען פון א מענשען האט ביים ארגענטינישען גואטשאָ אזוי פיעל ווערטה, וויא פיעל דאס לעבען פון א פליעג אויף דער וואנד. ער איז בערייט צו טייטען א מענשען פאר א קנעפעל, ווען עס גע־פעלט איהם און מען וויל עס איהם ניט געבען.

דער פראפעסאר האט זיך אבער געהאלטען פעסט, אז דיא גואטשאָס זיינען רוהיגע, שטילע און גוטע מענשען. ער האט זיך אנגעהויבען צו קריעגען מיט לאָרד גלענארוואן. דער מאיאָר האט זיך אריינגעמישט. דער פראפעסאר האט זיך אנגע־הויבען צו זידלען מיט׳ן מאיאָר. איינער האט אנגעהויבען צו זאגען דעם אנדערן נראָ־בע ווערטער און עס וואלט געווים געקומען צו א געשלעג, ווען טהאלקאווע זאל זיך ניט געווען אריינמישען. ער איז געשטאנען ביז אהער גאנץ רוהיג און האט געקוקט, וויא זיי קריעגען זיך. ער האט זיי ניט פערשטאנען, ווייל זיי האבען גערעדט צווישען זיך ענגליש. ווען ער האט אבער דערזעהן, אז עס ווערט ערנסט און עס האלט שוין ביי שלאגען זיך, איז ער צוגעגאנגען, האט זיך געשטעלט צווישען דיא שטרייטענדע און האט געזאגט רוהיג און ערנסט, וויא זיין שטייגער איז געווען:

— דער נארד ווינד.

אנפאנגס האט קיינער ניט פערשטאנען, וואס ער מיינט; ווען ער האט אבער וויעדערהאלט עטליכע מאָל: דער נארד ווינד! דער נארד ווינד! האט זיך דער פראָ־פעסאר א חאפ געטאהן ביים קאָפּ.

— וואָס פאר א שאנדע! דער ווילדער פאטאַגאָניער לערנט נאר מיך געאָגראָ־

פיע! איך האב פערגעסען, אז ווען דער נארד ווינד בלאָזט אין דיעזע געגענדען, ווירקט ער זעהר שטארק אויף דיא נערווען פון דיא מענשען. זיי ווערן דאמאלס אויפגערעגט, גערייצט און בייז. איבער א נארישקייט קענען זיי דאמאלס טייטען א מענשען. אך! איך עזעלקאָפּ, פאר וואס האב איך עס פערגעסען?

לארד גלענארוואן האט זיך צו לאכט. נאך איהם האט אנגעהויבען צו לאבען דער מאיאָר און אלע אנדערע האבען ארויסגעלאזען א געלעכטער. זיי האבען איינגעזעהן, אז זיי האבען זיך געקריעגט איבער א נארישקייט, זיינען אומזיסט געווען אויפגערעגט, האבען אומזיסט געזידעלט איינער דעם אנדערן און האבען זיך אויפגעפיהרט, וויא קינדער. דער ווילדער ווייס גאנץ גוט, אז דער נארד ווינד ווירקט אויף'ן מענשען און בעמיהט זיך צו שטעהן מיט'ן געזיכט אוועק פון'ם ווינד. אונזערע געלערנטע און ציוויליזירטע אייראָפּעער אבער זיינען געראדע געשטאנען מיט'ן געזיכט נעגען ווינד און זיינען מיט יעדער מינוט געווארען אלץ מעהר אויפגערעגט. קוים האט זיי טהאלקאווע עס ערקלערט, האבען זיי זיך באלד אוועקגעקעהרט פון'ם ווינד, האבען זיך באלד בערוהיגט און האבען זיך צו לאכט.

אין אנאנדער צייט וואלט דער פראפעסאר געהאלטען א לאנגע רעדע איבער דיעזעס וואונדער פון דער נאטור אין יענע געגענדען. יעצט אבער ווען זיי זיינען שיער ניט אויסגעגאנגען פאר דורשט, האבען זיי זיך באלד אויפגעזעצט אויף זייערע פערד און זיינען ווייטער געפאהרען.

עס איז געווען שפעט אין דער נאכט, ווען זיי זיינען צוגעקומען צום גרויסען טייך, פון וועלכען טהאלקאווע האט זיי דערצעהלט היינט אין דער פריה. זיי האבען זיך קוים, קוים דערשלעפט. וויא גרויס איז דאהער געווען זייער פערצווייפלונג, ווען זיי האבען דערזעהן, אז דער טייך האט אויסגעטריקענט. — עס איז אין איהם ניטאָ קיין טראָפּען וואסער! דיא היץ איז געווען אין דער לעצטער צייט אזוי שטארק, אז דער טייך האט אויסגעטריקענט.

## 18טעס קאפיטעל.

## וואסער! גוואלד, וואסער!

דער טייך, צו וועלכען טהאלקאווע האט זיי צו געפיהרט, הייסט דאס זאלץ זעע (געזאלצענע אָזיעראָ) ווייל עס געפינט זיך אין איהר זעהר פיעל זאלץ. דאס וואסער קען מען ניט טרינקען. עס איז שטארק געזאלצען. פון ארגענטיניען קומען אהער יעהרליך הונדערטער מענשען אום צונויפצונעהמען דאס זאלץ. דאס אלעס האט טהאלקאווע געוואוסט. ער האט אבער אויך געוואוסט, אז אין דיעזע אָזיערא פאלען אריין פיעלע קליינע טייכלעך מיט פריש וואסער. אויף דיעזע טייכלעך האט ער געהאפט. לײדער, האט איהם זיין האפנונג בעטראגען. אלע טייכלעך זיינען געווען אויסגעטריקענט. נור אין ערטער האט מען געקענט געפינען א ביסעל שווארצע, שטינקענדע בלאטע.

זייער לאגע איז געווען א פערצווייפעלטע. זיי האבען פערגעסען דעם הונגער און זייער מיעדינקייט; זיי האבען זאגאר פערגעסען דעם צוועק פון זייער רייזע. זיי האבען יעצט געהאט איין זאָרג, איין וואונש: וואסער! וואו נעהמט מען א גוטען, פרישען טרונק וואסער?

דיא פערד האבען זיך אניעדערגעלעגט און האבען געלעקט דאס פערברענטע און פערדארטע גראז. דיא מענשען זיינען געפאלען פון דיא פיס און האבען געבעטען וואסער. טהאלקאווע האט נאך געהאט איין לאגעל וואסער, וועלכען ער האט ביז אהער אויסבעהאלטען פון זיינע קאמעראדען. ער האט פרובירט אויסטהיילען קליינע גלעזלעך וואסער, קיינער אבער האט עס ניט געקענט טרינקען. עס איז פערדארבען געווארען אין וועג און האט אנגעהויבען צו שטינקען.

ווען יעדער האט זיך אנידערגעזעצט אויף זיין ארט, האט דער פראפעסאר אוועקגערופען דעם פאטאגאניער אן א זייט און האט אנגעהויבען מיט איהם צו רעדען און צו טראכטען, וואס זאלען זיי יעצט טאהן. עס איז פערגאנגען א געוויסע צייט, ביז זיי האבען געפאסט א בעשלוס. דער פראפעסאר האט עס באלד איבערגעגעבען לארד גלענארוואן און זיינע קאמעראדען.

— מיר האבען קיין אנדערע עצה ניט, האט ער זיי געזאגט. מיר מוזען זיך צוטהיילען אין צוויא פארטיען. דיא ערשטע פארטיע זאל בעשטעהן פון דיעניגע פון אונז, ביי וועלכע דיא פערד זיינען שוין אזוי מיעד, אז קוים וואס זיי שלעפען זיך. דיעזע פארטיע זאל אויפשטעהן מארגען אין דער פריה און זיך ווייטער שלעפען, וויא זיי וועלען קענען אויף דעם וועג, וואס טהאלקאווע וועט אייך ווייזען. דיא אנדערע פארטיע זאל בעשטעהן פון טהאלקאווע און נאך איינעם אדער נאך צוויא מיט דיא בעסטע פערד. זיי וועלען פאהרען צום טייך גואמיני, וועלכער געפינט זיך פינף און צוואנציג מייל פון דאנען. וועלען זיי געפינען וואסער אין טייך, וועלען זיי אנפילען דיא לאגלען און וועלען אניאגען דיא ערשטע פארטיע. זיי וועט עס לייכט זיין, ווייל זייערע פערד וועלען זיך גוט אנטרינקען און אנעסען לעבען טייך.

— ווען מען וועט אבער אין טייך גואמיני אויך ניט געפינען קיין וואסער? האט מאם אויגוסטין געפרעגט. וואס וועלען מיר דאן טהאן?

— דאן וועלען מיר מוזען אראפפאהרען צו דיא בערג סיעררא וואנטאנא. דארט איז שטענדיג דא וואסער.

— ויא וויים איז אבער אהין?

— דאס איז א ווייטער וועג.

— גאנץ געוויס, מיר האבען אבער קיין אנדערע עצה ניט. דאס איז דערוויל דאס איינציגע מיטעל אונז צו רעטען.

— גוט! איך מיין, אז מיין פערד איז נאך גענוג שטארק אויסצוהאלטען דיא רייזע, האט מאם אויגוסטין געזאגט. איך וויל פאהרען מיט'ן פאטאגאניער צום טייך גואמיני.

— נעהמט מיך אויך מיט, האט דער קליינער ראבערט געבעטען. איך וויל פאהרען מיט מיין פריינד, טהאלקאווע.

עס איז געבליעבען, אז לארד גלענארוואן, טהאלקאווע און ראבערט זאלען פאהרען זוכען וואסער און דיא איבעריגע זאלען זיך ווייטער שלעפען, וויא זיי וועלען קענען, אויף דעם וועג, וועלכען זיי זייגען ביז אהער געגאנגען.

— און מיך ווילט איהר ניט מיטנעהמען? האט דער פראפעסאר געפרעגט מיט א פארוואורף.

— ליעבער פראפעסאר, האט לארד גלענארוואן איהם געענטפערט. מיר קענען דאך ניט לאזען אונזערע קאמעראדען אהן א וועג-ווייזער. ווען טהאלקאווע פאהרט מיט אונז, מוזט איהר בלייבען ביי דיא איבעריגע.

— אלזא, מוז איך בלייבען דא, האט דער פראפעסאר געזאגט טרויעריג.

— אבער, פראפעסאר פאגאנעל, האט דער מאיאר געזאגט, זייט ניט צער־שטרייט און מאכט ניט קיין פעהלער. איהר קענט דאך זיך פערגעסען און אונז פער־פיהרען קיין ירושלים.

— דאס וואלט געווען זעהר גלייך און עס וואלט געווען אייער שטראפע דערפאר, וואס איהר לאכט אזוי אפט פון מיר.

ער האט זיך געווענדעט צו לארד גלענארוואן און האט איהם געפרעגט.

— וויא אזוי וועט איהר פאהרען מיט'ן פאטאגאניער, ווען איהר קענט זיך מיט איהם ניט צונויפרעדען?

— איך האב שוין געחאפט איינינע שפאנישע ווערטער, האט לארד גלענארוואן געענטפערט. איך האב ניט מיט איהם פיעל וואס צו רעדען.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז מען אויפגעשטאנען און מען האט עפעס געגעסען. טהאלקאווע האט זיי אוועקגעגעבען דאס לעצטע ביסעל וואסער, וואס ער האט נאך געהאט. עס איז אויסגעקומען נור איינינע לעפעל וואסער אויף א מענשען. מען האט זיך אויפגעזעצט אויף דיא פערד און מען איז ווייטער געפאהרען. איין פאר־טיע אין איין זייט און דיא אנדערע פארטיע אין דער אנדערער זייט.

לארד גלענארוואן מיט זיין פארטיע זיינען יעצט געפאהרען אין א געגענד, וועל־כער איז בעקאנט אונטער'ן נאמען „דעזערטיא דע לאס סאלינאס", דיא זאלץ וויסטע. דיא ערד פון דער גאנצער געגענד איז אזוי רייך מיט זאלץ, אז אין ערטער האט דאס זאלץ בעדעקט דיא ערד אויף גאנצע שטרעקען און האט אויסגעזעהן, וויא אייז, וועלכעס בעדעקט א טייך אים ווינטער. ווייטער צו דיא בערג אין דער געגענד, וועל־כעס בעדעקט א טייך אים ווינטער. ווייטער צו דיא בערג אין דער געגענד, וועלכעס הייסט וועגטאנא, איז דאס לאנד רייך און פרוכטבאר. עס וואקסען דארט דיא טהיי־ערסטע גראזען און אלערליי זעלטענע ביימער. דארט געפינט מען דעם בוים קוועבראכע Quebracha איינעם פון דיא זעלטענסטע און וואונדערבארסטע ביימער אויף דער וועלט. זיין האלץ און זיין קארע (רינדע) ווערט בענוצט אין דער מעדיצין און עס ווערט פער־קויפט אויף דער אונצע. עס איז פיעל טהייערער אלס דיא קארע פון'ם בוים, פון וועל־כען מען מאכט דאס בעקאנטע מיטעל כינין. אין יענער געגענד וואקסט ווידער דער מערקווירדיגער בוים אלגאראבא, אדער קאררראבא. אויף איהם וואקסט א פרוכט, גרויס וויא אן עפעל. פון דיזען פרוכט מאכען דיא אינדיאנער א סארט ברויט, וועל־כעס איז זעהר געשמאק און זעהר געזונד.

דיא ארגענטינישע רעגיערונג האט שוין עטליכע מאל פראבירט צו קאלאניזירען דיזע געגענד. עס איז איהר אבער ניט געלונגען. יעדעס מאל, ווען קאלאניסטען האבען

זיך דארט בעזעצט, זיינען אויף זיי אנגעפאלען דיא ווילדע אינדיאנער, האבען זיי געטייט און האבען צורויבט זייער פערמעגען. דיא אַרגענטינישע רעגיערונג איז ניט אים שטאנד צו האַלטען דארט שטענדיג אן ארמעע, וויא דיא פעראייניגטע שטאאטען טהוען אויף זייערע גרענעצען מיט דיא ווילדע. זיא האט דאהער געמוזט אויפגעבען און איבערלאזען דאס לאנד דיא אינדיאנער.

אונזערע דריי רייזענדע זיינען מונטער געפאהרען וויטער. טהאלקאווע׳ס פערד איז געלאפען, גלייך וויא ער וואלט גאר קיין מאל ניט געליטען פון דורשט, דיא אנדערע צווייא זיינען איהם נאכגעגאנגען. טהאלקאווע איז געזעסען רוהיג אויף זיין פערד און האט פון צייט צו צייט געקוקט, וויא אזוי ראבערט פאהרט רייטענדיג.

— וויא עס וויזט אוים, איז טהאלקאווע מיט דיר צופריעדען, האט לארד גלענארוואן געזאגט צו ראבערטען. איך זעה אויך, אז מיט דער צייט וועסט דוא ווערן א גאנץ גוטער רייטער.

— מיין פאטער אבער וויל דאך, איך זאל ווערן א מאטראז? האט ראבערט געפרעגט.

— מען קען זייןביידע, א גוטער מאטראָז און א גוטער רייטער. איינס דעם אנדערן קען ניט שאדען.

— ארימער פאטער! האט פלוצלונג אויסגערופען ראָבערט. וויא דאנקבאר וועט ער אייך זיין, ווען איהר וועט איהם רעטען און וועט איהם ברייגנען זיינע קינדער.

— ליעבסט דוא דיין פאטער אזוי שטארק? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— יא, מילארד. ער שטעהט מיר פאר דיא אויגען. איך הער זיין שטימע. מערי איז זעהר עהנליך צו איהם. זיא האט אין גאנצען זיין געזיכט, זיינע אויגען און זאגאר זיין שטימע. — יעדעם מאָל, ווען ער פלעגט צוריק קומען פון זיינע רייזען, פלעגט ער מיר עפּעס ברענגען. גוטער, ליעבער פאָטער!

— מיר ווערען איהם געפינען, האט לארד גלענארוואן געזאגט. מיר וועלען איהם געפינען און איהם איבערגעבען זיינע קינדער, וועלכע ליעבען איהם אזוי שטארק. אונזער פריינד, טהאלקאווע, פיהרט אונז אויפ׳ן ריכטיגען וועג. מיר וועלען איהם געפינען, וועלען איהם בעפרייען און וועלען מיט פרייד צוקומען צו אונזער שיף, דיא „דונקאַן“.

דיא פערד זיינען געווארען אלע מאל שוואכער און זיינען געגאנגען לאנגזאמער. נעגען מיטאג זיינען זיי גאר צוגעשטאנען און האבען זיך ניט געקענט ריהרען פון׳ם אָרט. מען האט געמוזט זיי לאזען זיך אויסרוהען א שטונדע. דיא היץ האט געברענט. דער דורשט האט זיי אנגעהויבען שרעקליך צו קוועלען. מען האט געמוזט שרייען אויף דיא פערד, זיי שלאגען, ביז זיי האבען זיך ווידער אויפגעהויבען פון זייער ארט, אזוי מיעד זיינען זיי געווען. טהאלקאווע׳ס פערד איז נאך צווואר געווען שטארק און קרעפטיג גענוג אום וויטער צו געהן. דיא אנדערע צווייא פערד אבער האבען זיך ניט געוואלט ריהרען. מיט שווערער מיה איז עס זיי געלונגען זיך וויטער צו שלעפּען.

נעגען צווייא אוהר האט טהאלקאווע׳ס פערד פלוצלונג אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האט אנגעהויבען צו שלינגען דיא לופט. ער האט געקנאקט מיט דער צונג און האט געדרעהט דעם קאפּ אין אלע זייטען. דיא אנדערע צווייא פערד זיינען אויך מונטער

נעווארען און האבען אנגעשטרענגט זייערע לעצטע קרעפטע אום ווייטער צו געהן. אין א שטונדע ארום האט זיך געוויעזען א ווייסער פאס, וועלכער האט געשיינט און גע־גליצערט אין דער זון.

— וואסער! האט אויסגערופען לארד גלענארוואן.

— יא, וואסער, האט געזאגט טהאלקאווע רוהיג. דיא פערד האבען דערשמעקט מיט א שטונדע פריהער, דערפאר זיינען זיי אזוי געלאפען.

יעצט ערשט האבען דיא פערד אנגעהויבען צו לויפען, וויא דיא משוגעים. עס איז געווען אונמעגליך זיי איינצוהאלטען. זיי האבען זיך אריינגעווארפען אין וואסער ביז אין בויך און האבען אנגעהויבען צו טרינקען. דיא רייטער האבען זיך איינגעבויגען איבער זיי און האבען געשעפט דאס וואסער מיט דיא הענד.

— אך, וואס פאר א פערגניגען! האט ראבערט אויסגערופען. וויא געשמאק, וויא טהייער איז א גלאז וואסער, ווען מען ווערט פערברענט פון דורשט!

— טרינק פארזיכטיג, ראבערט, האט לארד גלענארוואן איהם געבעטען.

ליידער, האט ער אליין געגעבען זעהר א שלעכטען ביישפיעל. ער האט געטרונ־קען איין האנד פול נאך דער אנדערער און האט זיך ניט געקענט זאט אנטרינקען. טהאלקאווע האט געטרונקען לאנגזאם, אבער אן אן אויפהער. עס האט אויסגעוויעזען, אז ער וויל זיך גאר ניט אויפהייבען.

— אבער פריינד טהאלקאווע, האט לארד גלענארוואן געזאגט, דוא וועסט דאך אויסטרינקען דעם גאנצען טייך, עס וועט פאר אונזערע קאמעראדען גאר ניט בלייבען.

ווען מען האט זיך גוט אנגעטרונקען, האט מען זיך בעראטהען, וואס צו טאהן. עס איז געבליעבען, אז טהאלקאווע זאל מיטנעהמען א פאר לאגל'ען וואסער און זאל לויפען אויפזוכען דיא איבעריגע. ער זאל זיי געבען, וויא פיעל וואסער ער וועט האבען און זאל זיי צופיהרען צום טייך. פאלס אבער זיי וועלען זיין זעהר מיעד און שוואך, זאל טהאלקאווע זיי וויזען דעם וועג און זאל אליין צוריק קומען. לארד גלענארוואן און ראבערט קענען דאך ניט בלייבען אליין נעכטיגען אין אזא ווילדע געגענד.

טהאלקאווע איז באלד אוועקגעפאהרען. זיין פערד איז געווען דערפרישט פון'ם וואסער און איז געפלויגען, וויא א שטורמווינד. אין א פאר שטונדען ארום האט ער זיי דערגרייכט. זייער לאגע איז אבער געווען פערצווייפעלט. דיא פערד זיינען געלעגען אויף דער ערד, דיא פיס אויסגעשטרעקט, און האבען געקייכט. דיא מענשען איז אויך ניט געגאנגען בעסער. זיי האבען זיך ניט געקענט ריהרען.

— וואסער! איך ברענג וואסער! האט ער א געשריי געטאהן, ווען ער האט דערזעהן זייער לאגער.

אלע האבען זיך אויפגעהויבען, ניי בעלעבט. טהאלקאווע האט איינגעטהיילט דאס וואסער, וואס ער האט מיטגעבראכט אין גלייכע פארציאנען און האט געגעבען יעדען מענשען איין פארציאן און יעדען פערד צוויא פארציאנען. ער האט זיי געוויעזען דעם וועג צום טייך און איז אליין צוריקגעלאפען צו לארד גלענארוואן און ראבערט. ער האט געזעהן מיט פערגניגען, אז זיי זיינען דערוויל ניט געזעסען ליידיג. זיי האבען אויסגעפונען א שטיקעל ארט, וועלכעס איז געווען פון דריי זייטען ארומגעצאמט מיט

צווייגען פון ביימער. וואהרשיינליך, האבען דא אינדיאנער א מאל אויפגעשטעלט זייער לאגער און האבען אהער פארטריעבען זייערע פערד. דיעזען פלאץ האבען זיי זיך אויסגעקליעבען אלעס נאכטלאגער און האבען דארט געלאזען זייערע פערד. זיי אליין זיינען ארומגעגאנגען אויף דיא ברעגעס פון'ם טייך זוכען עפּעס עסען. זיי האבען אויך באלד געפונען. אין יענע געגענדען געפינען זיך גענוג פייגעל און אנדערע קליינע חיות. לארד גלענארוואן האט געשאסען א פּעקארי. דאס איז א סארט ווילדער שווייך, וועלבער איז אבער ניט גרעסער פון א הונד. זיין פלייש איז זעהר געשמאק. דיא יעגער בעטראכטען עס אלס דעליקאטעסע.

דאס פּעקארי איז א זאנדערבארעס טהיער. ער איז בעריהמט דורך זיין דומהייט. עס אנטלויפט ניט פון'ם יעגער, זאנדערן פאלט אויף איהם אן. ער האט פוןביידע זייטען מויל צווייא שארפע און שפּיציגע צעהנער, מיט וועלכע עס קען דורכבויערן א שטיק אייזען. ווען מען טרעפט אָן איינעם אדער צווייא זיינען זיי ניט געפעהרליך און מען קען זיי זעהר לייכט טייטען. ווען מען טרעפט אבער א באנדע פון דרייסיג ביז פערציג שטיק, איז הער יע ער אין דער גרעסטער געפאהר. זיי פאלען איהם אן און צושטעכען איהם מיט זייערע שארפע צעהנער. זיי פאלען אויף איהם אן אלע מיט א מאל פון אלע זייטען. ער איז ניט אים שטאנד זיך צו וועהרען געגען זיי. ער קען טייטען עטליכע פון זיי, דיא איבעריגע אנטלויפען ניט און פאלען ווייטער אָן, ביז זיי טייטען דעם יע ער. דאס איינציגע מיטעל אין אזא פאל איז ארויפצוקלעטערן אויף א בוים. דיא פּעקארי פערזאמלען זיך ארום בוים און קענען ניט פערשטעהן, וואוהין זייער פיינד איז פערשוואונדען געווארען. זיי שטעהן א וויילע און צוגעהן זיך.

ראבערט איז אויך ניט געזעסען ליידיג. ער האט געשאסען איינעם פייגעל און האט געחאפּט אן ארמאדיללא. דאס איז אויך איינע פון דיא זאנדערבארסטע טהיערע פון זיד אמעריקא. עס איז גרויס, וויא א קאץ. אנשטאט האר איז זיין קערפּער בעדעקט מיט א פּאנצער פון ביין. דער פּאנצער איז צוזאמענגעשטעלט פון עטליכע ברייטע רייפען ארום זיין קערפּער. ווען דיא ארמאדיללא זעהט, אז מען יאגט איהר נאך, פארקריעכט זיא אין א לאך אין דער ערד. זיא גראבט זיך איין מיט איהרע שארפע נעגעל אזוי שטארק אין דער ערד, אז צווייא פּאר אקסען זיינען ניט אים שטאנד זיא ארויס צושלעפּען פון איהר לאך. ווען זיא ליעגט אזוי פערגראבען אין איהר לאך, קען מען זיא לעבעדיגער הייט אויף קיין פּאל ניט פּאנגען. דיא ארגענטינישע יעגער אבער זיינען שוין גוט בעקאנט מיט דער ארמאדיללא. קוים זעהט דער יעגער, אז דאס טהיער האט זיך פּארגראבען אין דער ערד, שטעכט ער איהר אריין זיין לאנגעס מעס'ר אונטערן עק וואו דער פּאנצער הערט אויף. שיעסען קען מען זיא זעהר לייכט. דער פּאנצער קען ניט אויסהאלטען דיא קוגעל פון א ביקס.

ראָבערט האט גענומען אָפּען דיא ארמאדילא ביים וואסער און ער האט זיא זעהר לייכט געשאסען. זיי האבען שוין יעצט געהאט גענוג פּראוויאנט. עס האט נור געפעהלט איינער, וועמען עס זאל זיי קענען צובערייטען און קאכען. באלד איז דער איינער געקומען. דער פּאטאגאניער איז באלד אנגעלאפען און איז געוועזען העכסט דערפרעהט צו זעהן, אז זיינע קאמעראדען האבען אנגעגרייט אזא גוטען סאפּער. ער האט זיך

באלד געקומען צו דער ארבייט. ער האט צולעגט א פרעהליך פייער און האט אנגע־חויבען צו בראטען, וואס לארד גלענארוואן און ראבערט האבען אנגעגרייט.

— מיר מוזען אנגרייטען עסען פאר אונזערע קאמעראדען אויך, האט ער גע־זאגט. איך מיין, אז זיי וועלען אנקומען נאך ביי נאכט. איך האב זיי געלאזען ניט ווייט פון דאנען. ליידער, זיינען זייערע פערד אזוי מיעד און שוואך, אז זיי קענען זיך ניט ריהרען.

דער פאטאגאניער איז געווען א גוטער קאך. ער האט אבער געקאכט נאך דער פאטאגאנישער מאדע. אבגעשניטען א שטיק פלייש, עס אויפגעשטעקט אויף א היל־צערנער שפיזז און עס אזוי געבראטען, ביז עס איז פארטיג געווארען. דאן בעשאטען מיט זאלץ און געגעסען. אלע דרייא האבען געגעסען מיט'ן בעסטען אפעטיט. נאכ'ן עסען האט טהאלקאווע זיך נאך צוגעקוקט צו דיא פערד און אלע דריי האבען זיך איינ־געוויקעלט אין זייערע דעקען און האבען זיך געלעגט שלאפען מיט דיא פיס צום פייער.

## 19טעם קאפיטעל.

## דיא רויטע וועלף.

עס איז שוין געווען ניט פריה, ווען זיי האבען זיך געלעגט. דיא נאכט איז געווען א דונקעלע. דער מאנד האט ניט געשיינט. עס איז געווען סוף חודש. נור דיא שטערן האבען געשיינט און געפונקעלט, גלייך וויא זיי וואלטען געוואונקען צו דיא איינוואינער פון דער ערד, אז עס איז שוין צייט צו שלאפען און צו רוהען. און אלע האבען זיי גע־פאלגט. פייגעל טהיערע און מענשען, אלע זיינען געשלאפען, אלע האבען זיך אויסגע־רוהט און געזאמעלט קרעפטע אויף מארגעדיגען טאג. אונזערע רייזענדע זיינען געשלא־פען. זייערע פערד האבען זיך אויך אניעדערגעלעגט אויפ'ן ווייכען גראז און האבען זיך אויסגערוהט פון זייער לאנגער און שווערער רייזע.

געגען האלבע נאכט האט זיך טהאלקאווע פלוצלונג אויפגעחאפט. זיין שארפער אויער האט דערהערט א זאנדערבארען גערויש. ער האט זיך אונרוהיג אומגעקוקט אין אלע זייטען.

וואס האט געקענט אזוי בעאונרוהיגען דעם פאטאגאניער, וועלכער איז געווען א'ן געוואינט צו דיא פאמפאס? האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז א באנדע אינדיאנער וויל אויף זיי אנפאלען? אדער האט ער געהערט דאס ברומען פון א פומא? (זילבער לייב). ער איז באלד אויפגעשפרונגען און האט א קוק געטאהן אויפ'ן פייער. ער איז געווארען שטארק אונרוהיג, ווען ער האט דערזעהן, אז דאס פייער לעשט זיך אויס. ער האט שנעל צו־ויפגעשארט, וואס ער האט נור געקענט קריעגען, און האט עס ארויפ־געווארפען אויפ'ן פייער. געהן ערגעץ ווייט זוכען האלץ אדער אנאנדער ברען מאטע־ריאל האט ער ניט געקענט. ער האט מורא געהאט איבערצולאזען זיינע שלאפענדיגע קאמעראדען אליין. ער האט דאהער צונויפגענומען טרוקען גראז, צווייגען פון ביימער, טרוקענע בלעטער און וואס ער האט נור געקענט קריעגען, און האט עס ארויפגעווא־פען אויפ'ן פייער. אליין האט ער זיך געזעצט ניט ווייט און האט געווארט.

עס איז פערגאנגען א האלבע שטונדע, א שטונדע, טהאלקאווע איז אלץ געזע־

סען אנגעשפארט דעם קאפ אויף דיא הענד און האט זיך צוגעהערט. איינער, וואס איז ניט געוואינט מיט דיא פאמפאס, וואלט גאר ניט געהערט און גאר ניט געזעהן און וואלט גענאנגען זיך לעגען שלאפען. טהאלקאווע אבער האט געפיהלט, אז עפעס איז נישט גלאט, אז עפעס וועט געשעהן. פּוצלונג האט טהאאוקא, דעם פאטאגאָ־ניערס פערד, אויפגעהויבען דעם קאפ און האט אנגעהויבען זיך צו ווארפען אין אלע זייטען. טהאלקאווע איז אויפגעשפרונגען.

— טהאאוקא פיהלט דעם פיינד! האט ער געזאגט צו זיך אליין.

ער האט אנגעהויבען זיך ארומצוקוקען אין אלע זייטען. אלעס איז געווען שטיל ארום, אבער ניט גאנץ רוהיג. זיינע קאצען אויגען האבען געזעהן, וויא עפעס ריהרט זיך, עפעס קריעכט, עפעס בעוועגט זיך צווישען דיא קליינע ביימלעך ארום. באלד האבען זיך געוויעזען פייערדיגע, ברענענדיגע פונקען ערגעץ ווייט; באלד זיינען דיעזע פונקען פערשוואונדען, באלד האבען זיי זיך ווידער געוויעזען. באלד האבען זיך געוויע־זען ברענענדיגע ליכט ערגעץ ווייט. ווער עס איז אונבעקאנט מיט דיא פאמאס, וואלט געקענט מיינען, אז דאס זיינען לייכט קעפער, אזעלכע ווערים אדער זשוקעס, וועלכע לייכטען ביי נאכט. טהאלקאווע האט זיך ניט אפגענארט. ער האט געוואוסט מיט וואס פאר א פיינד ער האט צו קעמפפען.

ער האט שארף אנגעלאדען זיין לאנגע ביקס און האט זיך געשטעלט לעבען צוים, וויא א סאלדאט אויף דער וואך. ער האט ניט לאנג געווארט. באלד האט זיך געלאזט הערן א שרעקליכעס היילען און בילען פון הונדערטער מיילער. טהאלקאווע האט אויסגעשאסען. דאס בילען און דאס היילען איז געווארען נאך העכער, נאך שרעקליכער, נאך ערגער.

לארד גלענארוואן און ראבערט גראנט האבען זיך אויפגעחאפט דערשראקען און איבערראשט.

— וואס איז געשעהן? האט לארד גלענארוואן אויסגערופען. אינדיאנער זיינען אויף אונז אנגעפאלען?

— ניין, האט טהאלקאווע געענטפערט. — אגוואראס.

— וואס איז אגוואראס? האט ראבערט געפרעגט.

— אגוואראס איז א רויטער וואלף פון דיא פאמפאס.

זיי האבען יעצט קיין צייט ניט געהאט פיעל צו רעדען. דאס היילען און דאס בילען איז מיט יעדער מינוט געווארען שרעקליכער. לארד גלענארוואן און ראבערט האבען געחאפט זייערע ביקסען און זייערע רעוואלווערס און האבען זיך געשטעלט לע־בען טהאלקאווע, וועלכער האט זיי געוויעזען אויף דיא פאמפאס, פון וואנען דיא רויטע וועלף זיינען אנגעקומען. ראבערט איז אפגעשפרונגען פון'ם צוים.

— דוא האסט מורא פאר וועלף, מיין יונגער העלד? האט לארד גלענארוואן איהם געפרעגט.

— ניין, מילארד, לעבען אייך האב איך פאר קיינעם קיין מורא ניט, איך האב מיך דערשראקען פאר זייערע פייעריגע אויגען. זיי ברענען וויא גליהענדע קוילען.

— די רויטע וועלף זיינען ניט געפעהרליך, האט לארד גלענארוואן איהם בערוהיגט

וואלטען זיי ניט געווען אזוי פיעל, וואלט איך מיך אויף זיי גאר ניט אומגעקוקט.

— מיר האבען ניט וואס מורא צו האבען, האט ראבערט געענטפערט. מיר זיינען אלע גוט בעוואפענט. לאזען זיי נור צוקומען, מיר וועלען זיי אויפנעהמען אזוי ווארם, אז זיי וועלען אונז האבען צו גערענקען.

— געוויס, מיין קינד.

לארד גלענארוואן האט נור געזאגט אזוי אום ראבערט׳ן צו בערוהיגען. אין דער ווארהייט אבער האט איהם געקלאפט דאס הארץ. ער האט זעהר גוט געזעהן, אז דארט געפינען זיך עטליכע הונדערט וועלף. וואס קענען דרייא מענשען טאהן געגען אזא ־ אכט?

מיר מוזען א ביסעל בעשרייבען דיא רויטע וועלף אום צו געבען אונזערע לעזער א בעגריף איבער דיעזעס טהיער. דער רויטער וואלף איז גרויס וויא א הונט. זיין קאפ איז זעהר עהנליך צו א פוקס. ער איז בעדעקט מיט רויטליכע האר פון ציטרינג פארב. דער רוקען איז שווארץ. ער האלט זיך געוועהנליך אויף אין זומפיגע געגענדען, פאלט אן אויף חיות און פייגעל, וועלכע האלטען זיך אויף אין וואסער אדער לעבען וואסער און פרעסט זיי אויף. ער איז זעהר געשיקט און שטארק. אין א הייסע צייט, ווען דיא טייכען טריקענען אויס, איז ער געפעהרליך. ער האט ניט וואס צו עסען ביים וואסער און לויפט ארום איבער דיא פאמפאס. ער פערזאמעלט זיך אין גרויסע מאסען, פאלט אן אויף א גאנצע הערדע פון שאף און צורייסט זיי. דיא איינוואוינער פון יענע געגענ־דען ציטערן פאר א גרויסע באנדע רויטע וועלף. זיי וואלטען בעסער געוואלט אנטרע־פען א וואכער טיגער אדער א יאגואר, איידער א באנדע פון דיא רויטע וועלף.

לארד גלענארוואן האט גוט פערשטאנען, אז זיי געפינען זיך אין דער גרעסטער געפאהר. דיא וועלף וועלען זיי ניט אפלאזען. עס וועט גאר ניט העלפען, וואס זיי וועלען טייטען דרייסיג אדער פערציג, דיא איבעריגע וועלען דאך אויף זיי אנפאלען און זיי צורייסען. זיי זיינען שטארק הונגעריג און ווילען זעהר עסען א שטיק מענשען פלייש אדער פערד׳ס פלייש.

לאנגזאם און פארזיכטיג זיינען דיא וועלף צוגעקומען אימער נעהנטער און נעהנער. זיי האבען געבילדעט א גרויסען קרייז ארום אונזערע דריי רייזענדע. דער קרייז אבער איז געווארען אימער קלענער, אימער ענגער, דיא געפאהר אימער גרעסער. דיא פערד זיינען געווארען זעהר אונרוהיג, האבען געגראבען דיא ערד מיט זייערע פיס און האבען זיך געריסען צו אנטלויפען. ווען זיי וואלטען ניט געווען צוגעבונדען, וואלטען זיי געוויס אנטלאפען און דיא וועלף וואלטען זיי צוריסען.

יעצט האבען זיך אונזערע רייזענדע צוטהיילט אויף צווייא פארטיען. טהאלקאווע איז געשטאנען מיט זיין ביקס לעבען צוים און ראבערט און לארד גלענארוואן זיינען גע־שטאנען אין דער אפענער זייט אום דארט ניט צו צולאזען דיא וועלף, וועלכע זיינען שוין געווען גאנץ נאהענט. לארד גלענארוואן און ראבערט האבען געוואלט שיעסען אויף דיא וועלף. טהאלקאווע האט זיי אנגעהאפט ביי דיא הענד.

— וואס הייסט דאס? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— וואהרשיינליך מיינט אונזער פריינד, אז עס איז נאך פריה צו שיעסען. מיר מוזען ווארטען, ביז די וועלף וועלען צוקומען נעהנטער.

טהאלקאווע האט גאר ניט געזאגט. ער האט גענומען דאס בלעכענע שאכטעל, וואו זיי האבען געהאלטען זייער פולווער און האט עס געגעבען לארד גלענארוואן. — דאס שאכטעל איז געווען כמעט לעדיג. אונזערע פריינד האבען ביי טאג געשאסען אין אלע זייטען אהן א רעכנונג און האבען אויסגענוצט דעם גאנצען פולווער.

— וואס איז? האט ראבערט געפרעגט אונרוהיג.

— מיר מוזען זיין זעהר קארג מיט אונזער קריגס מאטעריאל, האט איהם דער לארד געענטפערט. מיר האבען היינט געשאסען אהן א רעכנונג און עס איז געבליעבען פולווער און קוגלען נור אויף צוואנציג מאל צו שיעסען.

ראבערט האט גאר ניט געענטפערט. ער האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז זייער לאגע איז גאר ניט אזוי גוט און גאר ניט אזוי פרעהליך, ווי ער האט פריהער געמיינט. אין דיעזע מינוט האט טהאלקאווע אויסגעשאסען און האט געטייטעט א רויטען וואלף, וועלכער איז געווען צו א גרויסער עזות פנים און איז שוין געקראכען צו נאהענט צו זיי. דער קנאנק פון דער ביקס האט די רויטע וועלף אביסעל איבערגע־שראקען. זיי זיינען אפגעטרעטען אויף איינינע שריט. טהאלקאווע האט א ווינק געטאהן צו לארד גלענארוואן, ער זאל זיך שטעלען אויף זיין ארט. ער אליין האט צונויפגעשארט און צונויפגעקראצט א ביסעל טרוקען גראז און טרוקענע בלעטער און האט זיי אריינ־געווארפען אין פייער. דאס פייער האט אנגעהויבען צו ברענען העלער און האט בע־לייכטעט די געגענד מיט א רויטער פלאם. יעצט האט לארד גלענארוואן געקענט בעסער בעטראכטען זיינע פיינד. ער האט אונגערן א ציטער געטאהן. עס זיינען געווען אזוי פיעל, אז עס איז געווען אונמעגליך זיי צו צעהלען.

דאס פייער האט גערייצט די וועלף. זיי זיינען צוגעקומען נאך נעהנטער. איי־ניגע זיינען געקומען אזוי נאהענט, אז זיי האבען זיך פערברענט זייערע לאפעס אן פייער און זיינען צוריקגעשפרונגען מיט א שרעקליכען געהייל. פון צייט צו צייט, ווען זייא וועלף זיינען שוין צוגעקומען צו נאהענט, האט מען געמוזט אויף זיי שיעסען. מען האט זיי געמוזט א ביסעל אפשרעקען. אכצעהן ביז צוואנציג טויטע וועלף זיינען געליעגען אויסגעשטרעקט אויפ'ן גראז.

אייגענטליך, איז זייער לאגע ניט געווען אזוי שלעכט. זא לאנג דאס פייער האט געברענט און זיי האבען געהאט פולווער און קוגלען, האבען זיי געקענט אפהאלטען די וועלף. וואס וועלען זיי אבער טאהן, ווען דיעזע ביידע מיטעל זיך צו פערטהיידיגען וועלען זיך אויסלאזען? דאס פייער קען ניט לאנג ברענען. טהאלקאווע האט שוין אויס־געקראצט דאס לעצטע ביסעל גראז, דעם לעצטען צווייגעל און האט זיי אריינגעווארפען אין פייער אריין. פולווער און קוגלען האבען זיי זעהר וועניג. וואס וועט זיין ווען זיי וועלען אויסשיעסען דאס לעצטע ביסעל פולווער?

לארד גלענארוואן האט א קוק געטאהן צו ראבערט'ן און א פרעהליכער שמייכעל האט זיך געוויזען אויף זיין בלייכעס געזיכט. ראבערט איז געשטאנען פעסט מיט זיין ביקס אין דער האנד און איז געווען יעדע מינוטע בערייט צו שיעסען אויף די וועלף.

ווי א העלד. עס האט איהם געפרעהט צו זעהן, ווי דיעזער יונגע צייגט אזוי פיעל מוטה. אין דער זעלבער צייט אבער האט עס איהם פערקלעמט ביים הארצען. — די לאגע איז געוועזן א פערצווייפעלטע.

— אין א שטונדע ארום, האט ער געזאגט צו זיך אליין, וועלען מיר ניט האבען, ניט קיין פייער, ניט קיין פולווער און ניט קיין קוגלען. וואס וועלען מיר דאמאלס טאהן? מיר מוזען דאך אויסטראכטען עפעס א מיטעל, ווי אזוי אונז צו רעטען. איך מוז איבעררעדען מיט'ן פאטאגאניער. ער איז דאך מעהר בעקאנט מיט די פאמפאס.

ער איז צוגעגאנגען צו טהאלקאווע'ן און האט מיט איהם גערעדט האלב שפאניש, האלב ענגליש און האלב דורך צייכענס. עס איז געוועזן קיינע לייכטע אויפגאבע פאר דיעזע צוויי מענשען צו ריידען. זיי האבען ווייניג פערשטאנען איינער דעם אנדערן. עס איז פערגאנגען א שטארקע פערטעל שטונדע, איידער לארד גלענארוואן האט זיך צונויפגערעדט מיט'ן פאטאגאניער.

— וואס זאגט ער? האט ראבערט אלע מאל געפרעגט.

— ער זאגט, האט לארד גלענארוואן ענדליך געענטפערט, אז מיר מוזען טהאן אלעס מעגליכע און אויסהאלטען ביז אין דער פריה. די רויטע וועלף יאגען זיך נאך זייער רויב נור ביי נאכט. פארן טאג האבען זיי מורא. דאס איז א ווילדעס טהיער, וועלכעס האט ליעב די פינסטערניס, עס אנטלויפט פון דער ליכטיגקייט.

— אלזא, לאמיר זיך פערטהיידיגען ביז עס וועט ווערן טאג.

— יא, מיין קינד! לאמיר זיך פערטהיידיגען, מיט וואס מיר קענען. ווען עס וועט זיך אונז אויסלאזען פולווער און בליי, וועלען מיר זיך פערטהיידיגען מיט אונזערע מעסערס.

טהאלקאווע האט באלד געוויעזען א ביישפיעל, ווי אזוי זיך צו פערטהיידיגען מיט א מעסער. ער האט זיך אנגעבויגען און האט מיט זיין גאנצער קראפט אראפגעלאזען זיין לאנגעס, שארפעס מעסער אין דער געדיכטער מאסע פון די וועלף. ווען ער האט זיך אויפגעהויבען, איז פון'ם מעסער גערונען בלוט. אבער אויך דיעזעס מיטעל האט ווייניג געהאלפען. דאס היילען און בילען פון די וועלף איז געווארען יעדעס מאל ערגער און שרעקליכער. פארן קנאק פון דעם ביקס, פארן פייער און רויך פלעגען זיך די וועלף ווייניגסטענס דערשרעקען, פארן מעסער אבער האבען זיי זיך זאגאר ניט דערשראקען און ווען איינער פון זיי איז געווארען פערוואונדערט און האט אנגעהויבען צו היילען אין דער הויך, האט עס זיי נאך מעהר גערייצט.

נעגען צוויי אוהר פארטאג האט דאס פייער אנגעהויבען פארלאשען צו ווערן. עס איז געווארען אימער פינסטערער און פינסטערער. לארד גלענארוואן האט אנגעהויבען אויסצורייסען בלעטער פון זיין נאטיץ בוך און האט זיי געווארפען אין פייער. עס האט אויפגעפלאמט און ער האט זיך ארומגעקוקט. ראבערט איז געשטאנען גאנץ רוהיג אויף זיין ארט. ער האט נאך אלץ ניט פערשטאנען, ווי גרויס עס איז די געפאהר, אין וועלכע זיי געפינען זיך. לארד גלענארוואן אבער האט אלעס פערשטאנען און עס האט איהם פארקלעמט ביים הארצען. עס האט איהם געריסען דאס הערץ צו זעהן, אז דער קליינער ראבערט וועט באלד צוריסען ווערן אויף שטיקער פון די

בייזע גרימיגע וועלף. ער האט זיך דערמאָנט אן זיינע ליעבע, יונגע פרוי, וועלכע ווארט אויף איהם ערגעץ אין א פּאָרט אין ארגענטיניען, אן זיינע קאמעראדען, וועלכע געפינען זיך ניט וויט און זיינען אויך אין דער גרעסטער געפאהר. זיי קענען פערבלאנזשעט ווערן אין דיא פּאמפּאס און אויסשטארבען פון הונגער און פון דורשט.

ער איז צו געגאנגען צו ראבערט, האט איהם ארומגענומען און צוגעפּרעסט צו זיין ברוסט און הייסע ביטערע טרערן האבען זיך געגאסען טייבען וויס פון זיינע אויגען און זיינען געפאלען אויף ראבערטס בלאנדע לאקען.

— איך האב קיין מורא ניט פאר דיא וועלף! האט ראבערט געזאגט.

— האסט רעכט, מיין קינד! מיר האבען ניט וואס מורא צו האבען, באלד וועט ווער'ן טאג און דיא ווילדע בעסטיען וועלען זיך צו לויפען.

אין דיעזער מינוט זיינען צווייא וועלף אריבערגעשפּרונגען איבערץ צוים גלייך צו דיא פערד. טהאלקאווע האט זיי נעגעבען אזא שטארקען זעץ מיט זיין לאנגער שווערער ביקס, אז דיא ביינער פון זייערע קעפּ האבען אנגעהויבען צו קלינגען.

— בראַוואָ, פריינד טהאלקאווע! האט ראבערט אויסגערופען. בראַוואָ!

דאס פייער האט זיך אויסגעלאשען. עס איז געווארען פינסטער. טהאלקאווע האט צום לעצטען מאל אנגעלאדען זיין לאנגע ביקס. ער האט נאך אמאל אויסגעשאָסען און האט ווידער געטייטעט א גרויסען וואלף. מעהר האט ער שיין קיין פּולווער ניט געהאט. ער האט צונויפגעלעגט זיינע שטארקע הענד אויף דער ברייטער ברוסט און איז געבליעבען שטעהן, וויא א סטאטוע פון בראָנז. — טראַכט ער עפּעס? זוכט ער עפּעס א מיטעל זיך צו רעטען? לארד גלענארוואן האט ניט געוואגט איהם צו שטערן.

פּלוצלונג האט דאס היילען און בילען פון דיא וועלף אין גאנצען אויפגעהערט. עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז זיי צולויפען זיך. עס איז געווארען שטיל, שרעקליך שטיל.

— זיי צולויפען זיך! מיר זיינען גערעטעט! האט לארד גלענארוואן אויסגערופען.

טהאלקאווע האט טרויעריג א שאקעל געטאהן מיט'ן קאָפּ. ער האט בעסער געקענט דעם כאראקטער פון דיא רויטע וועלף. ער האט געוואוסט, אז זיי ווילען דא נעברויכען א נייעס קונסטשטיק. ער האט נאך אליין ניט געוואוסט, וואס זיי ווילען טאהן. ער איז אבער געווען זיכער, אז זיי זיינען ניט אנטלאפען.

באלד האבען זיך אונזערע רייזענדע איבערצייגט, וואס פאר א געפעהרליכער פיינד דער רויטער וואלף איז. דיא גאנצע באנדע איז זיך צונויפגעקומען צום צוים, דער זעלבער צוים, וועלכער האט געשיצט אונזערע רייזענדע, האט געשיצט דיא וועלף, אז מען זאל זיי גאר ניט קענען טאהן. דורכ'ן צוים האט מען אויף זיי ניט געקענט שיעסען, דורכ'ן צוים קען מען זיי ניט שטעכען און ניט שלאגען מיט דיא ביקסען. זיי זיינען דאהער שטילערהייט צוגעקומען צום צוים און האבען איהם אנגעהויבען צו רייסען מיט זייערע שטארקע לאפּעס. באלד האבען זיי אוועקגעריסען עטליכע פלעקער און זיינען אריין גלייך צו דיא פערד. יעצט איז ערשט זייער לאגע געווארען שרעקליך, שויערהאפט. דיא פערד האבען זיך אפּגעריסען פון זייערע שטריק, האבען געהירזשעט און געשלאגען מיט זייערע שטארקע פיס. לארד גלענארוואן האט ארומגענומען ראבערט'ן און האט געפּאַכט ארום זיך מיט זיין לאנגען מעסער. טהאלקאווע האט זיך

געוויצהרט מיט זיין ביקס. עס זיינען אבער צוגעקומען אלע מאל פרישע באנדעס וועלף און האבען זיי אנגעגריפען.

פלוצלונג האט לארד גלענארוואן דערזעהן, אז טהאלקאווע האט אנגעכאפט זיין פערד.

— וואס איז דאס? האט ער געפרעגט. וויל ער אנטלויפען אויף זיין גוטעס, שנעלעס פערד און אונז דא איבערלאזען אליין?

— אך, ניין! דאס קען ניט זיין! האט ראבערט געזאגט.

ער האט רעכט געהאט. טהאלקאווע האט זיי געוואלט רעטען. ער האט זיך ענטשלאסען צו אפפערן זיין פערד. לארד גלענארוואן אבער האט איהם ניט פערשטאנען ווען טהאאוקא, טהאלקאווע'ס פערד, איז געווען פערטיג און טהאלקאווע איז געשטאנען לעבען איהם און האט נאך עפעס צורעכטגעמאכט אין זיין זאטעל, האט איהם לארד גלענארוואן אנגעכאפט ביי דער האנד.

— דוא געהסט ערגעץ? האט ער איהם געפרעגט.

— יא! האט דער פאטאגאניער געענטפערט. טהאאוקא גוט פערד, וועלף אלע לויפען איהם נאך. ער געשווינד אנטלויפען. שנעל! שנעל!

— הערסט דוא, ראבערט! ער וויל אפפערן זיך און זיין פערד פון אונזערט וועגען. ער וויל ארויסרייטען אויף זיין פערד. דיא וועלף וועלען איהם נאכלויפען און מיר וועלען זיין גערעטעט.

— פריינד טהאלקאווע! האט ראבערט אויסגערופען. פארלאז אונז ניט! בלייב מיט אונז.

— ער וועט אונז ניט לאזען דא אליין, האט לארד גלענארוואן איהם בערוהיגט.

— ניין, האט טהאלקאווע געזאגט. ווילדע טהיערע, דערשראקען, לויפען, טהאאוקא גוט פערד.

— אונזער פריינד, טהאלקאווע, האט רעכט. ער וויל, אז איך זאל געהן און ער וועט בלייבען מיט דיר, ראבערט.

ער האט אנגעכאפט טהאלקאווע'ס פערד ביים צוים און האט אויסגערופען.

— לאז מיך, טהאלקאווע! איך וועל רייטען אויפ'ן פערד. בלייב דוא דא און רעטע ראבערט'ן!

— ניין! האט טהאלקאווע געענטפערט פעסט.

לארד גלענארוואן איז געווארען אויפגערעגט. ער האט אנגעהויבען צו רעדען און צונויפמישען שפאניש מיט ענגליש, האט זיך געבייזערט, האט געבעטען, האט געדראהעט, ביז טהאלקאווע האט זיי אנגענומעןביידען ביי דיא הענד און האט זיי געוויזען אויף דיא פאמפאס. לארד גלענארוואן האט ענדליך אנגעהויבען צו פערשטעהן. יעצט זיינען דיא פאמפאס אין דיעזער זייט פריי. דיא וועלף שטעהן אלע ארום צוים. יעצט איז דיא צייט צו אנטלויפען. יעצט, ווען א פערד וועט ארויסלויפען און וועט מאכען א רעש מיט זיינע פיס, וועלען זיך אלע וועלף ארויפווארפען אויף איהם. דאן זיינען זיי גערעטעט.

לאָרד גלענאַרוואַן איז אָבער געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט נאָר געוואָלט זיך אויפזעצן אויף טהאַלקאַוועס פערד. אין דער צייט, ווען ער האָט געערדט און געטענה'ט מיט טהאַלקאַווען, איז ראָבערט אַרויפגעשפּרונגען אויף טהאַאוקאַ און איז אַרויסגעלאָפען אין דיא פּאַמפּאַס, וויא אַ פייל פון'ם בויגען.

— ראָבערט, וואָס האָסט דוא געטאָהן? האָט לאָרד גלענאַרוואַן אויסגערופען אויסער זיך.

זיינע ווערטער זיינען פערטויבט געוואָרען פון'ם שרעקליכען היילען און בילען פון דיא וועלף, ווען זיי האָבען דערזעהן, אַז אַ פערד מיט אַ רייטער איז אַנטלאָפען. וויא אַ שטורמווינד האָבען זיי זיך אַלע געוואָרפען אויף דיא שפּור פון ראָבערט מיט זיין פערד. טהאַלקאַווע און לאָרד גלענאַרוואַן זיינען אויך אַרויסגעלאָפען אין דיא פּאַמפּאַס. עס איז אָבער געווען פינסטער, עס איז שוין געווען באַרטאָג, און דיא פּאַמפּאַס זיינען געווען שטיל. נור פון דערווייטען האָט מען געהערט דאָס היילען און בילען פון דיא וועלף.

— טהאַאוקאַ גוט פערד, ראָבערט גוט באָי, זיך רעטען, האָט טהאַלקאַווע געזאָגט גאַנץ רוהיג.

לאָרד גלענאַרוואַן האָט איהם געבעטען, זיי זאָלען זיך אויפזעצן אויף דיא איבעריגע צוויא פערד און זאָלען איהם נאָכרייטען. טהאַלקאַווע אָבער האָט געענטפערט:

— וואַרטען טאָג.

מיט געוואַלד האָט ער איהם צוריקגעפיהרט אין לאַגער. פון שלאָפען איז שוין קיין רעדע ניט געווען. זיי זיינען געשטאַנען איינער לעבען אַנדערן און האָבען געערדט, וויא זיי האָבען געקענט. טהאַלקאַווע האָט זיך געגעבען אַלע מעגליכע מיה צו ערקלערען לאָרד גלענאַרוואַן, אַז טהאַאוקאַ וועט אויסהאַלטען ביז טאָג, דיא וועלף וועלען איהם ניט דערגרייכען. ראָבערט וועט זיך האַלטען פעסט אין זאַטעל און זיי וועלען אַלע זיין גערעטעט.

— טאָמער פאַלט ער אַראָפּ פון'ם פערד? האָט לאָרד גלענאַרוואַן געזיפצעט.

— ער וועט ניט פאַלען. ער איז אַ גוטער יונגע און קען זיצען אויף אַ פערד, האָט איהם טהאַלקאַווע געטרייסט.

עס האָט גאָר ניט געהאָלפען. מען האָט געמוזט וואַרטען, ביז עס וועט טאָג ווערען. דיא צייט האָט זיך געצויגען שרעקליך לאַנגזאַם. עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז עס וועט קיין מאָל שוין ניט ווערען טאָג. ענדליך אום פיער אוהר האָט זיך געוויזען אַ בלייכער שיין פון מזרח זייט. עס האָט אַנגעהויבען צו טאָגען.

— לאָמיר פאָהרען! האָט לאָרד גלענאַרוואַן געבעטען.

— ניין, לאָמיר נאָך וואַרטען, ביז דיא זון וועט זיך ווייזען, האָט טהאַלקאַווע געענטפערט.

לאַנגזאַם, זעהר לאַנגזאַם איז טאָג געוואָרען. עס איז געוואָרען אימער העלער, אימער פרעהליכער, אימער לעבעדיגער אין דיא פּאַמפּאַס. באַלד האָט זיך געוויזען דער ערשטער שטראַהל פון דער זון.

— יעצט לאָמיר פאָהרען, האָט טהאַלקאַווע געזאָגט.

לארד גלענארוואן און טהאלקאווע האבען זיך געזעצט אויף דיא צוויא איבע׳ ריגע פערד און זיינען געפאהרען. — וואוהין?

— צוערשט מוזען מיר פאהרען צו אונזערע קאמעראדען. איך האב גערעכענט, אז זיי וועלען נאך ביי נאכט אנקומען. זיי זיינען ניט אנגעקומען. וואהרשיינליך, זיינען זיי געווען אזוי מיעד, אז זיי האבען געמוזט ערגעץ נעכטיגען. מיר מוזען זיי אויפזוכען און זיך מיט זיי בעראטהען, וואס מיר זאָלען ווייטער טאָהן און וויא אזוי מיר זאָלען זוכען ראבערט׳ן.

זיי זיינען געפאָהרען ווייטער און האבען קיין ווארט מעהר ניט גערעדט. לארד גלענארוואן האט זיך אלע מאל ארומגעקוקט. ער האט געזוכט מיט דיא אויגען און האט געציטערט ביי דעם געדאנק, אז ער קען טרעפען דעם צוריסענעם קערפער פון׳ם אומגליקליכען ראבערט. טהאלקאווע איז געזעסען גאנץ רוהיג אויף זיין פערד. פון צייט צו צייט האט ער אנגעהויבען פייפען אויף א זאנדערבארע ארט. פלוצלונג האבען זיי דערהערט דאס פרעהליכע הירזען פון א פערד.

— אָט זיינען זיי! האט לארד גלענארוואן אויסגערופען.

אין א מינוט ארום איז ראָבערט געקומען צופליהען אויף טהאַלקאווע׳ס פערד. גלענארוואן איז צו איהם צוגעלאפען, האט איהם ארומגענומען און האט אויסגעשריען איין מאל נאכ׳ן אנדער׳ן.

— מיין ראבערט! מיין קינד! דוא לעבסט! דוא ביסט געזונד!

קוים האט איהם לארד גלענארוואן אפגעלאזען, האט איהם טהאלקאווע גענומען אויף דיא הענד און האט אויסגערופען אויף זיין ארט:

— דוא ביסט א גוטער, בראווער יונגע! דיינע שפארען האבען ניט געציטערט.

אויף פאטאגאניש הייסט דאס, דוא האסט זיך ניט געשראקען.

יעצט האט טהאלקאווע אנגעהויבען צו גלעטען זיין פערד און צו רעדען צו איהם. עס האט אויסגעוויעזען, אז דאס פערד פערשטעהט איהם. ביי יעדעס ווארט, פלעגט עס אנהייבען פרעהליך צו הירזען און צושאָקלען מיט׳ן קאפּ.

— מיין ליעבער ראבערט, האט לארד גלענארוואן געזאגט מיט א פארוואורף, פאר וואס האסט דוא מיך ניט געלאזען רייטען אויף טהאאוקא און אייך רעטען? איך בין דאך עלטער פון דיר און מיר האָט געקומט דיא עהרע אייך צו רעטען.

— ליעבער פאטער! האט ראבערט געענטפערט. נור איך האב מיך געדארפט אויפאפפערן פון אייערט וועגען, ווייל איהר האט אוועקגעווארפען אייער היים, אייער גליק און אייער פערגניגען און פאהרט רעטען מיין פאטער.

20טעם קאפּיטעל.

## זאָנדערבאַרע צייכענס.

ווען דיא ערשטע פרייד איבער דאס ווידערזעהן איז פאָראיבער געגאנגען, האט מען זיך אנגעהויבען צו צוקוקען צו דער צווייטער פארטיע.

— מיר זיינען אלע געזונד און שטארק, האט דער פראפעסאר געזאגט, נור מיר שטארבען פאר דורשט. וואסער! מיר מוזען האבען וואסער זיך צו דערקוויקען.

מען האָט זיך אויפגעזעצט אויף דיא פערד און מען איז צוריקגעפאהרען צום טייך

אויפ׳ן זעלבען ארט, וואו זיי האבען אין דיא פאריגע נאכט אויסגעשטאנען אזוי פיעל געפאהרען. מען האט זיך געשלעפט זעהר לאנגזאם און ערשט געגען צעהן אוהר אין דער פריה זיינען זיי צוגעקומען צום טייך. יעצט ערשט האבען זיי דערזעהן, וויא גרויס דיא געפאהר איז געווען. ארום זייער לאגער זיינען געלעגען דיא טויטע וועלף. דיא מידע און דורשטיגע רייזענדע אבער האבען קיין צייט געהאט ד״א לאנג צו בעטראכ־טען. זיי האבען זיך אריינגעווארפען אין טייך און האבען געטרונקען, וויא פיעל זיי האבען אליין געוואלט.

ווען זיי האבען זיך גוט אנגעטרונקען, האט מען אנגעהויבען צו טראכטען וועגען א פריהשטיק. יעצט האט זיך טהאלקאווע דערמאנט, אז וואס עס איז זיי געבליעבען נעכטען פונ׳ם סאפער, האט ער אויפגעהאנגען אויף א בוים ניט ווייט פונ׳ם לאגער. ער האט געוואוסט, אז דער בעסטער פלאץ צו בעהאלטען שפייז אין אזעלכע געגענ־דען, איז עס אויפצוהענגען אויף א בוים. ער האט באלד געבראכט דרייא פערטעל פונ׳ם פעקארי, א שטיק פון דער ארמאדילא און איינינע פייגעל, וועלכע ראבערט האט נעכטען געשאסען.

אין איינינע מינוטען האט געברענט א פרעהליכער פייער און דער פראפעסאר האט געבראטען שטיקער פלייש נאך דער פאריזער מאדע. ער איז געווען פעסט איבער־צייגט, אז ער איז א גוטער קאך און אז יעדער פראנצויז קען קאכען. צום גליק, זיינען אונזערע רייזענדע געווען אזוי הונגעריג, אז וואס מען האט זיי געגעבען, איז געווען גוט.

— עסט פארזיכטיג, האט לארד גלענארוואן געווארנט. דאס פלייש איז זעהר פעט און קען אייך שאדען.

— עסען פארזיכטיג? האט געלאכט דער פראפעסאר. קען מען עסען פארזיכ־טיג, ווען מען איז הונגעריג? ניין! מיר דארפען יעצט עסען ניט פארזיכטיג. מיר דאר־פען עסען, וויא פיעל מיר קענען, וויל מיר האבען געהונגערט מעהר, וויא פיעל מיר האבען געקענט.

אלע האבען איינגעשימט מיט׳ן פראפעסאר און האבען געגעסען, וויא פיעל זיי האבען נור געקענט און עס האט זיי גאר ניט געשאדעט.

יעצט האט מען זיך געמוזט אויסרוהען א פאר טאג נאך אלע שוועריגקייטען און געפאהרען, וועלכע מען איז ביז אהער אויסגעשטאנען. לארד גלענארוואן האט צוואר געוואלט באלד אויפ׳ן אנדער׳ן טאג ווייטער פאהרען, דער פראפעסאר אבער און דער מאיאר האבען איהם געבעטען, ער זאל זיי לאזען זיך אויסרוהען נאך א טאג. ער האט געמוזט זיי נאכגעבען, וויל דיא פערד זיינען געווען שטארק מיעד.

דעם דריטען טאג אין דער פריה האט לארד גלענארוואן געגעבען דעם צייכען צור אברייזע. יעצט זיינען מענשען און טהיערע געווען פריש און מונטער און זיי האבען פארטגעזעצט דיא רייזע לוסטיג ווייטער. אין דיא ערשטע צוויי טאג האט גאר נישט געטראפען. דעם 3טען דעצעמבער זיינען זיי צוגעקומען צו דער גרענעץ פון דער ארגענ־טינישען רעפובליק. פון קיין גרענעץ קען אין יענע געגענדען קיין רעדע ניט זיין. צווישען ארגענטיניען און טשילי איז קיין מאל קיין גרענעץ ניט געווען און קען ניט זיין. יעדעס

לאנד זאגט, אז דיא פאמפאס געהער־ט צו איהר.ביידע רעפובליקע' בעניצען זיי. קיי־
נער האט ניט קיין מאכט זיי אין גאנצען אפצונעהמען און ווען איינע זאל זיי שוין אפ־
נעהמען, וואס קען זיא טאהן מיט אזעלכע גרויסע טויזענדער מיילען וויטע סטעפעס?
עס זיינען אבער דא פונקטען, וואו עס הייבט זיך ווירקליך א[ן] ארגענטיניען, וואו זאגאר
דיא רעגיערונג פון טשילי אנערקענט, אז דאס לאנד געהערט שוין ניט צו איהר. — צו
אזא פונקט זיינען יעצט צוגעקומען אונזערע רייזענדע.

דא האט זיך אנגעהויבע' דיא פראווינץ פון **בוענאס איירעס**. דיא אר־
גענטינישע רעפובליק ווערט איינגעטהיילט אין דרייצעהן פראווינציען. בוענאס איירעס
איז דיא גרעסטע פראווינץ. זיא האט עהר איינוואינער פון אלע איבעריגע צוועלף
פראווינציען און האט מעהר לאנד פון אלע איבעריגע צוועלף. דאס לאנד איז זעהר
פרוכטבאר. עס קען דארט וואקסען אלערליי גראזען, אלערליי תבואות, עס פעהלען נור
הענד, וואס זאלען זיא בעארבייטען. וואו נעהמט מען אבער דיעזע הענד? דאס לאנד
איז ווילד, קיין וועגען זיינען ניטא, אהן דער לאסא און דיא באלאס קען מען ניט ארויס־
פאהרען א שריט. זעהר אפט פאלען אן דיא אינדיאנער און דיא פאטאגאניער אויף
דיא נייע קאלאניסטען, מען מוז זיך פערטהיידיגען מיט דער ביקס אין דער האנד,
אויף הילף פון דער רעגיערונג קען מען ניט האפען. דיא ארגענטינישע רעגיערונג האט
זעהר א קליינע ארמעע זיא קען ניט שיקען קיין סאלדאטען אין דיא פאמפאס צו פער־
טהיידיגען דיא קאלאניסטען. — דאס איז ארגענטיניען.

אין דיעזע געגענד האט טהאלקאווע גערעכענט צו געפינען דעם קאציק (קעניג)
פון דיא אינדיאנער, וועלכער האט געהאלטען געפאנגען אן איירא[פ]עער און וו לכען
לארד גלענארוואן האט גערעכענט, אז דאס מוז זיין קאפיטאן גראנט. דער וועג האט
געפיהרט אויף א גרויסען טהאל בעדעקט מיט קליינע טייכלעך און מיט פיעלע גרויסע
גריבער פול מיט וואסער. אין איינינע ערטער איז דאס וואסער געווען געזאלצען, אין
אנדערע איז דאס וואסער געווען גוט צום טרינקען. טויזענדער פויגעל זיינען ארומגע־
גאנגען און ארומגעפלויגען אין דער געגענד. איינינע האבען זיך גאר ניט איבערגעשראָ־
קען פאר אונזע ע רייזענדע. דער פראפעסאר האט זיך ניט געקענט אפרייסען, ווען ער
האט דערזעהן עטליכע פלאמינגאס. דאס איז א גאנץ גרויסער וואסער פויגעל מיט
העל־רויטע פעדערן. דיא פלאמינגאס זיינען געשטאנען אויסגעשטעלט, וויא סאלדאטען
אין א לאנגע רייהע און האבען גאנץ רוהיג געקוקט אויף אונזערע רייזענדע.

— איך וואלט וועלען זעהן, וויא א פלאמינגא פליהט, האט דער פראפעסאר געזאגט.
דא ב[ע]דארף זיין שעהן! זיינע רויטע פעדערן דארפען פלאמען, פלאקערן און גלענצען אין
אין דער זון. ווער וויל געהן מיט מיר צו דיא פלאמינגאס? דוא געהסט מיט מיר,
ראבערט?

— געוויס, פראפעסאר! האט ראבערט געענטפערט. איך האב נאך קיין מאל
קיין פלאמינגא ניט געזעהן.

— און איהר, מאיאר, וועט איהר אויך געהן מיט מיר?

— איהר זאלט נור ניט מאכען קיין פעהלער און זאלט אונז ניט ווייזען אנשטאט
פלאמינגאס שוואר[צ]ע האזען.

— אַלזאָ, קומט!

אלע דריי זיינען צוגעגאנגען נעהנטער צו דעם טייך, וואו דיא פלאַמינגאָ'ס זיינען געשטאנען רוהיג און פערטראכט, אזוי וויא דיא שטאָרכען (אאיסט) טהוען עס אין אייראָפּא. ווען זיי זיינען צוגעקומען גאנץ נאהענט, האט דער פּראָפעסאָר אויסגע־שאָסען אום דיא פלאַמינגאָ'ס איבערצושרעקען. ער האט געשאָסען נור מיט פולווער. ער האט ניט געוואלט טייטען א פויגעל אהן קיינע נוצען. דיא פלאַמינגאָ'ס האבען זיך דערשראָקען און זיינען אוועקגעפלויגען מיט א געשריי.

— האט איהר געזעהן דיא פלאַמינגאָ'ס פליעהען? האט דער פּראָפעסאָר גע־פרעגט זיינע בעגלייטער.

— געוויס האבען מיר געזעהן, האבען זיינע בעגלייטער געענטפערט. מיר זיינען דאך ניט בלינד.

— ווייזען זיי אויס, ווען זיי פליעהען, וויא פיילען מיט פעדערען? האט דער פּראָ־פּראָפעסאָר געפרעגט.

ניין! האָט געענטפערט דער מאַיאָר. זיי ווייזען אויס, וויא פלאַמינגאָס, וואס פליעהען.

— וואָס זאָגסט דוא, ראָבערט? וויא ווייזען זיי אויס ווען זיי פליעהען?

— זיי ווייזען אויס, וויא אלע אנדערע פייגעל, ווען זיי פליעהען.

— זעהט איהר, אז דער גרעסטער געלערנטער קען א מאל א טעות האבען, האט דער פּראָפעסאָר געזאָגט ערנסט.—ער האט פערגעסען, וואו ער איז'און האט געמיינט, אז ער האלט א פאָרלעזונג אין אוניווערזיטעט.—דער געלערנטער שאַטאָבריאַן שרייבט, אז ווען דיא פלאַמינגאָ'ס פליעהען, ווייזען זיי אויס, וויא געפעדערטע פיילען. אזא גע־לערנטער זאל מאכען אזא פעהלער! ווען דוא וועסט שרייבען א ווערק איבער פלאַ־מינגאָ'ס, מיין ליעבער ראבערט, זאָלסט דוא זיך היטען צו מאכען אזעלכע פעהלער.

— אבער פּראָפעסאָר פּאַגאַנעל! האט אויסגעשריען דער מאַיאָר. זעהט בע־סער, וואו אונזערע קאמעראדען זיינען שוין. איבער אייער געלערנטען שאטאָבריאַן האבען מיר פערלאָרען אזוי פיעל צייט. אונזערע קאַמעראדען זיינען שוין אויף א טייל ווייטער.

— לאָמיר פאהרען שנעלער, פּראפעסאר! האט ראבערט געבעטען, לאָרד גלע־נאַרוואַן איז שוין אזוי ווייט.

— אבער שאַטאָבריאַן שרייבט דאך —

— לאָזט מיך צו רוה מיט אייער שאַטאָבריאַן, האט דער מאַיאָר געברומט, איך וויל ניט וויסען פון אייער שאַטאָבריאַן.

זיי האבען געגעבען דיא פערד דיא שפּאָרען און האבען באלד אנגעיאָגט זייערע קאמעראדען. ווען זיי זיינען צוגעקומען נעהנטער, האבען זיי דערזעהן, אז דיא גאנצע פּארטיע שטעהט אויף איין ארט און לאָרד גלענאַרוואַן רעדט עפּעס און טענה'ט מיט טהאלקאווען. זיי האבען ניט רעכט פערשטאנען איינער דעם אנדערן. טהאלקאווע האט געקוקט ערגעץ ווייט, ווייט קיין מזרח זייט. עס איז געווען דייטליך, אז ער איז עפּעס צווישט, אז ער פערשטעהט עפּעס ניט.

— קומט נור אהער, פּראפעסאָר, האט איהם לאָרד גלענארוואן צוגערופען. איך קען ניט פערשטעהן, וואס אונזער פריינד טהאלקאווע וויל און וואס ער זאגט.

דער פּראָפעסאָר האט אנגעהויבען צו רעדען מיט טהאלקאווען. אין איינגע מינוט ארום האט ער זיך געווענדעט צו לאָרד גלענארוואן און האט איהם ערקלערט, פאר וואס דער פּאַטאגאָניער איז אזוי פערוואונדערט.

— אונזער פריינד טהאלקאווע קען ניט פערשטעהן, פארוואס ער געפינט ניט אין דיעזע געגענד קיין שפּור פון דיא אינדיאנער. ער איז געווען זיכער, אז ווען מיר וועלען קומען אהער, וועלען מיר געוויס זיי באגעגנען, אדער זעהן פון דער וויימען דעם רויך פון זייער לאגער, אדער וועניגסטענס געפינען צייכענס, אז זיי זיינען דא נים לאנג געוועז. מען זעהט אבער גאר קיין שפּור פון זיי. וואס זאל דאס הייסען?

— וויא קומט עס, וואס דיא אינדיאנער פלעגען קומען געראדע אהער? האט לאָרד גלענארוואן געפרעגט.

— דא איז דער ארגענטינישער מארק, דער יריד, האט דער פּראָפעסאר ערקלערט. אהער קומען זיך צונויף דיא ארגענטיניער און דיא אינדיאנער און קויפען און פערקויפען זייערע סחורות. דיא אינדיאנער ברענגען אהער פעל פון חיות, שטרויס פעדערן און אנדערע ארטיקלען פון דיא פּאמפּאס. דיא ארגענטיניער ברענגען פּולווער, קוגלען און „פייער וואסער“, שנאפּס. אין דיעזע צייט, אום זומער, איז דא שטענדיג א יריד, דער גרעסטער מארק צווישען אלע פערשיעדענע אינדיאנער פעלקער און דיא קויפלייטע פון ארגענטיניען. יעצט אבער איז דיא גענענד גאנץ שטיל און מען זעהט ניט קיין שפּור פון קיין מענשען. דאס וואונדערט אונזער פריינד טהאלקאווע.

— אלזא, וואס זאגט טהאלקאווע? וואס זאל זיין דיא אורזאכע, וויאס יעצט איז דא קיינער ניטאָ?

— ער וויים ניט. ער איז ערשטוינט און קען עס ניט פערשטעהן.

— וועלכע אינדיאנער האט ער דען דא געוואלט געפינען?

— דיא, וועלכע האבען ביי זיך א געפאנגענעם אייראפּעער. דעם קאציק (קעניג) קאלפוקורו.

— אלזא, וואס טהוט מען? האט לאָרד גלענארוואן געזאגט אונרוהיג. ער קען דאך בעסער פון אונז דיעזע געגענד, לאז ער אונז געבען אן עצה, וואס צו טאָהן.

דער פּראפעסאר האט ווייטער אנגעהויבען צו רעדען מיט'ן פּאטאגאָניער. אין איינגע מינוטען ארום האט ער געזאגט צו זיינע קאמעראדען:

— טהאלקאווע מיינט, אז מיר זאלען זיך יעצט נעהמען רעכטס, ביז מיר וועלען צוקומען צים ערשטען ארגענטינישען פאָרט (א סאָרט קרעפּאָסט) מיטן נאמען: פאָרט אינדעפּענדענט. דארט וועלען מיר געוואהר ווערן דיא אורזאכע, פאר וואס מיר האָבען דא קיינעם ניט געטראפען. עס איז אויך זעהר מעגליך, אז מיר וועלען דארט געוואהר ווערן, וואו דער קאציק קאלפוקורו האלט זיך יעצט אויף. מיר קענען דארט געוואהר ווערן, אויב אנדערע אינדיאנער האבען אייראָפּעאישע געפאנגענע.

— וויא וויים איז פון דאַנען דער פאָרט אינדעפּענדענט? האט לאָרד גלענארוואן געפרעגט.

— אן ערך פון זעכציג מייל.
— ווען קענען מיר אהין אנקומען, ווען מיר זאָלען גלייך פאָהרען אהין?
— איבערמאָרגען פארנאכט.

דיעזע נאכריכטען זיינען געווען זעהר אונאנגענעהם פאר לאָרד גלענארוואן. ער איז געווען זיכער, אז דא וועט ער שוין האבען אלע ־ייטיגע נאכריכטען איבער קאפיטאן גראנט און פלוצלונג לאזט זיך אויס, אז מען געפינט ניט איין אינדיאנער, ניט א שפור פון אן אינדיאנער אין דיעזער געגענד. עס האט אבער גאר ניט געהאָלפען. מען האט געמוזט טהאן, וויא טהאלקאווע האט געראטהען. ער האט געזעהן, אז ער פערליערט צייט אומזיסט, וואס האט ער אבער געקענט טהאן?

— אלזא, לאמיר פאהרען צום פאָרט אינדעפענדענט! האט ער ענדליך געזאגט.

טהאלקאווא האט געגעבען דעם צייכען און אונזערע רייזענדע זיינען געפאהרען, וואו ער האט זיי געוויעזען. דער וועג איז געווען גוט. עס האבען זיך געוויעזען בערגלעך. געגען אבענד זיינען זיי צוגעקומען צו א פארט, א קליינע פעסטונג, טאפאלקוועם. דער פארט איז געווען לעדיג, און איהם איז ניט געווען קיין מענש.

איך מה דא געבען א קליינע ערקלערונג איבער דיעזע פארטס אדער פעסטונגען וועלכע זיינען צו־וואָרפען אויף א גרויסער שטרעקע אויף דער גרענעץ פון דער ארגענטינישען רעפובליק און פאטאגאָניען *). עס איז א מאל געווען א צייט, ווען דיא רעגיערינג פון ארגענטיניען האט זעהר געוואלט צוציעהען עמיגראנטען און קאָלאָניזירען דיעזע געגענד. זיא האט בעצווינגען עמיגראנטען פון דייטשלאנד, האט זיי געבראכט אויף איהרע הוצאות און האט זיי געשענקט שטיקער לאנד.

דיא דייטשע בויערן זיינען זעהר גוטע קאָלאָניסטען. זיי קענען מאכען פון יעדעס לאנד א גן־עדן. זייערע קאלאניען וואלט געוויס געבליהט און זיי וואָלטען געוויס רייך געוואָרען און זעהר פיעל נוצען געבראכט דעם לאנד. דאס אונגליק אבער איז געווען, וואס דיאווילדע אינדיאנער האבען ניט צוגעלאזען קיין קאלאניסטען. קוים האט א קאלאניע אנגעהויבען צו בליעהען, זיינען אויף איהר אנגעפאלען אינדיאנער, האבען געטייטעט, וועמען זיי האבען געוואָלט, האבען געפאנגען, וועמען זיי האבען געקענט און האבען צורויבט דיא קאָלאָניע. דאס האט געצוואונגען דיא ארגענטינישע רעגיערונג, זיא זאל אויסבויען א גאנצע רייהע פון קליינע פעסטונגען אויף דער גרענעץ פון פאטאגאָניען. אין יעדער פעסטונג האט זיך געפונען אן אפיציער מיט צעהן ביז פופציג סאָלדאטען. קוים האבען זיך געוויעזען אינדיאנער, איז דער אפיציער מיט זיינע סאלדאטען זיי ענטגעגען געגאנגען און האבען זיי פערטריעבען.

באלד אבער האבען זיך אנגעהויבען אין ארגענטיניען אליין אונרוהען עס האבען זיך געבילדעט פארטייען, וועלכע האבען געפיהרט קריעג איינע מיט דער אנדערער

*) מיינע לעזער וועלען אויף מיר קיין פעראיבעל ניט האבען, וואס איך פערברייטער מיך אזוי איבער ארגענטיניען. איך טהו עס דערפאר, ווייל פיעלע טויזענדע פון אונזערע אונגליקליכע ברידער אין רוסלאנד און זאגאר אין אמעריקא עמיגרירען יעצט קיין ארגענטיניען. איך וויל זיי דאהער געבען א פאלשטענדיגען בעגריף איבער ארגענטיניען.

ע. שאנענבויס.

מען האט געדארפט דיא סאלדאטען און מען האט זיי צוריקגערופען פון דיא פעסטונגען. פיעלע פעסטונגען זיינען געבליעבען לעדיג. דיא ווילדע האבען צערשטערט דיא נייע קאלאניען און דאס לאנד איז וויטער געבליעבען ניט קאלאנזירט.

יעצט, מיין איך, וועלען מיינע לעזער פערשטעהן, וואס עס הייסט, אז אונזערע רייזענדע האבען געפונען דיא פעסטונג לעדיג און קיין מענש איז אין איהר ניט געוועזן. זיי האבען איבערגענעכטיגט אין דער פעסטונג. טהאלקאווע האט זיך דאך געוואונדערט, וואס ער האט דא קיין שפור פון איין אינדיאנער ניט געפונען.

דעם אנדערן טאג האבען אונזערע רייזענדע דערזעהן דריי רייטער. דיא רייטער זיינען צוגעקומען גאנץ נאהענט, האבען זיי בעטראכט א פאר מינוט און זיינען אוועקגעלאפען פייל אויס'ן בויגען. איידער לארר גלענארוואן האט זיך אומגעקוקט, זיינען זיי שוין געוועזן גאנץ ווייט.

— גאאוטשאס! האט געזאגט טהאלקאווע.

— אזוי! דאס זיינען גאאוטשאס? האט דער מאיאר געזאגט. נו, פראפעסאר, וויא געפעלען אייך דיא דריי קערלס, וועלכע זיינען נור וואס אנטלאפען געווארען? וויא ווייזען זיי אויס?

— איך מיין, אז זיי ווייזען אויס, וויא רויבער און באנדיטען.

— ניט נור זיי ווייזען אויס, זיי זיינען טאקע רויבער און באנדיטען! האט דער מאיאר אויסגערופען.

— עס איז ריכטיג, האט דער פראפעסאר געזאגט. דאס זיינען רויבער.

אלע האבען געלאכט. זיי האבען זיך דערמאנט, אז מיט איינינע טעג צוריק האט זיך דער פראפעסאר שיער ניט געשלאגען מיט'ן מאיאר דערפאר. ער האט אלץ געזאגט, אז דיא ארגענטיניער פארמער אדער גאאוטשאס זיינען גוטע מענשען. דער פראפעסאר אבער האט זיך געמאכט ניט וויסענדיג, וואס מען לאכט פון איהם. ער האט געמאכט א גאנץ אנדערע בעמערקונג.

— וואונדערבאר! האט ער געזאגט. מען האט מיר דערצעהלט, אז דיא ווילדע אראבער האבען גוטע אויגען. זייער בליק איז גוט און פריינדליך. זיי מעגען זיין דיא גרעסטע רויבער און דיא שרעקליכסטע מערדער, ליעגט אין זייער בליק עטוואס גוטעס, מענשליכעס, נור זייער מויל צייגט, אז זיי זיינען ווילד. ביי דיעזע גאאוטשאס אבער איז דער בליק ווילד. גרויזאם און אונמענשליך זייערע אויגען זיינען, וויא דיא אויגען פון א ווילדע חיה.

דער מאיאר האט איהם אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם. דיעזע בעמערקונג איז געוועזן זעהר ריכטיג און האט געוויעזן, אז פאגאנעל איז ווירקליך א גרויסער געלערנטער און א גוטער מענשענקענער. ער האט זעהר ריכטיג אויפגעפאסט דעם כאראקטער פון דיא גאאוטשאס.

נענען אבענד זיינען זיי צוגעקומען צו א סארט דארף אדער לאגער פון אינדיאנער. עס איז אבער געוועזן לעדיג. קיין שפור פון א מענשען. טהאלקאווע האט זיך גוט אומגעקוקט און האט ערקלערט, אז דיא איינוואוינער זיינען שוין לאנג אוועק פון דאנען.

וואס נעהנטער זיי זיינען געקומען צו דער הויפטשטאדט פון ארגענטיניען, בוע־נאס־איירעס, אלץ לעבעדיגער און פרעהליכער איז געווארען די געגענד. זיי האבען בעגעגענט גרויסע „עסטאנסיאס“, אדער פארמס. דיעזע פארמס זיינען אבער ניט, וויא אין אנדערע געגענדען אין אמעריקא, וואו מענשען בעשעפטיגען זיך מיט ערד־ארבייט, מיט אקערן און זייען. די ארגענטיניער עסטאנסיאס זיינען ערטער, וואו די פארמערס האלטען זייערע בהמות. טויזענדע קיה, אקסען, שעפסען און פערד זיינען ארומגעגאנגען פריי אין די פאמפאס און האבען זיך אליין אויסגעזוכט זייער עסען און טרינקען. די ערד איז אין ערטער בעדעקט מיט זאלץ. דאס ליעבען די בהמות. זיי ווערן דערפון פעט.

זיי זיינען צוגעקומען צו א „סאלאדערא“, אן ארט, וואו מען טוידטעט די בהמות. א גרויסער פלאץ ווערט ארומגעצוימט מיט פלעקער און מיט צווייגען פון ביימער. מען פערטרייבט אהין די קיה, אקסען און שעפסען און מען קוילעט זיי הונ־דערטער וויים. עס פערקלעמט איינעם ביים הארצען, ווען ער געהט פאראיבער לעבען אזא ארט און זעהט, מיט וואס פאר א ווילדקייט די גלאטשאס טוידטען די בהמות. אמאל פלעגט מען שלאכטען די בהמות נור צו ליעב זייער פעל. דאס פלייש האט גאר קיין ווערטה ניט געהאט. מען פלעגט עס צוואר איינזאלבען און ברענגען קיין בוענאס איירעס, דער פרייז פון פלייש אין ארגענטיניען איז אבער אזוי ניעדעריג, אז עס פלעגט זיך ניט לוינען, עס צופיהרען אזוי וויים. ערשט גאר ניט לאנג האט אן ענגלענדער אויסגעפונען א מיטעל, וויא אזוי צו פערפריערען דאס פלייש. ער האט געמאכט א סארט אייז־באקס, וואו דורך געוויסע כעמישע מיטעל קען מען מאכען אזא קעלט, אז דאס פלייש ווערט אין איינעע מינוטע פערפרארען. יעצט זיינען דא גאנצע שיפען, וועלכע זיינען אזוי איינגעריכטעט, אז מען לאדעט זיי אן מיט פריש פלייש, וועלכעס ווערט באלד פערפרארען. אויף דיעזע שיפען פיהרט מען מיליאנען פונט פלייש פון בוענאס איירעס קיין לאנדאן. דאס פלייש קומט אן אין לאנדאן אזוי פריש, גלייך וויא עס וואלט געווען נור וואס פון דער שחיטה.

דיעזע נייע ערפינדונג פון'ם ענגלענדער האט אנגעמאכט א רעש אין ארגענטי־ניען און אין ענגלאנד. די ארגענטיניער גאאוטשאס ווערן רייך דערפון און די פריי־זען פון פלייש אין ענגלאנד זיינען שטארק געפאלען. באלד וועט ארגענטיניען פערזארגען גאנץ אייראפא מיט פריש פלייש. עס האט זיך געבילדעט א קאמפאניע מיט א גרוי־סען קאפיטאל, וועלכע בויט שיפען נאך דעם פלאן פון'ם ענגלענדער און שיקט אויף זיי פלייש קיין אייראפא.

טהאלקאווע האט זיי ניט געלאזען זיך אפשטעלען ביי די עסטאנסיא'ס און סאלאדעראס. ער האט געוואלט נאך אין דעמזעלבען טאג אנציהען קיין פארט אינדעפענדעט. ער האט זיי זאגאר ניט געלאזען זיך אפשטעלען, ווען זיי זיינען צוגע־קומען צו ריכטיגע פארמס. אונזערע רייזענדע האבען נור געקענט זעהן, אז די הייזער פון די פארמערס זיינען געבויט אויף א בערגעל. און זיינען ארומגערינגעלט פון א טיעפען גראבען, ווייל די פארמערס האבען מורא, אז די אינדיאנער זאלען אויף זיי ניט אנפאלען. פון א בארג קען מען ווייטער זעהן און מען קען בעסער שיעסען אויף די פיינד.

נענען אבענד זיינען זיי געקומען אין דער געגענד טאנדיל, וואו עס געפינט זיך דיא פעסטונג אינדעפענדענס. אין א שטונדע ארום זיינען זיי אנגעקומען אין שטעדטעל, אדער דערפעל טאנדיל, וועלכע ליעגט אין א טאהל אונטערן שוץ פון דער פעסטונג אינדעפענדענס, וועלכער שטעהט באלד אויפ'ן בארג.

21טעס קאפיטעל.

## א פאלשע שפור.

דאס שטעדטעל אדער דער דערפעל טאנדיל איז א זעהר וויכטיגער פונקט אין ארגענטיניען. עס איז א וויכטיגער האנדעלס פונקט. אהין קומען זיך צונויף אינדיאנער און ארגענטיניער און פיהרען א האנדעל צו זאמען. דער האנדעל איז געוועהנליך א טוישהאנדעל. דיא אינדיאנער ברענגען פעל פון חיות און אנדערע ארטיקעל און דיא ארגענטיניער גיבען זיי פולווער, קוגעלן, ביקסען, מעסערס, שעערן און אנדערע ארטי־קעל. געלד ווערט וועניג געברויכט. דיא אינדיאנער ווילען ניט נעהמען דאס ארגענ־טינישע פאפיער געלד. זיי זיינען נאך ניט אזוי וויט ציוויליזירט, זיי זאלען פערשטעהן דעם ווערטה פון פאפיער געלד. גאלד און זילבער איז אין ארגענטיניען דא זעהר וועניג.

וואונדערבאר! דיעזער וויכטיגער פונקט אין ארגענטיניען איז בעוואינט אויסשליס־ליך פון פראנצויזען און איטאליענער. אין טאנדיל וואינט ניט איין שפאניער. נור אין דער פעסטונג אינדעפענדענס, וועלכע שיצט טאנדיל, געפינען זיך ארגענטיניער. וויא עס וויזט אויס, געפינען דיא ארגענטיניער, אז דיא פראנצויזען און איטאליענער זיינען צו פיעל געבילדעט פאר זיי.

אונזערע רייזענדע זיינען אנגעקומען קיין טאנדיל און זיינען צוגעפאהרען צו א גאסט הויז. עס איז געוועזען שפעט און מען האט זיך באלד געלעגט שלאפען, זעלבסט־פערשטענדליך, אויף דער ערד. עס קומען זעהר וועניג רייזענדע קיין טאנדיל און דאס איינציגע גאסט הויז אין שטעדטעל איז נאך ניט איינגעריכטעט אויפצונעהמען געסט.

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה איז לארד גלענארוואן, ראבערט, דער פראפעסאר און טהאלקאווע געגאנגען אין דער פעסטונג זיך נאכפרעגען אויפ'ן קאפיטאן גראנט. ביי דעם טויער פון דער פעסטונג איז געשטאנען אן ארגענטינישער סאלדאט אויף דער וואך און האט געגעצט. עס האט איהם זעהר וועניג געקימערט, וואס פרעמדע זיינען אנגעקומען. ער האט זיך אויף זיי גאר ניט אומגעקוקט. אין הויף פון דער פעסטונג האט אן אפיציער געלערנט זיינע סאלדאטען מארשירען. דאס זיינען געווען מייס־טענס יונגע לייט, כמעט קינדער, וועלכע האבען זיך געלערנט שיעסען און מארשירען. זייערע קליידער זיינען בעשטאנען פון א ברייט העמד מיט ווייסע און בלויע פאסען צו־געבונדען צום קערפער מיט א לעדערנעם גארטעל. קיין אונטער קליידער, אדער הויזען, האבען זיי ניט געטראגען. עס איז ניט אין דער מאדע.

דער פראפעסאר האט אויסגעפונען, אז דיא ארגענטינישע רעפובליק איז דיא איינציגע רעגיערונג אויף דער וועלט, וועלכע וויל ניט אויסגעבען קיין געלד אויף שעהנע מונדירען פאר איהרע סאלדאטען. דאס בענעהמען פון'ם אפיציער געגען זיינע סאלדא־טען איז געווען אזוי פריינדליך און ברידערליך, אז עס האט זיך אויסגעוויזען, אז א

באַי קאמאנדירט פופצעהן אנדערע באַיס. קיינער פון דיא סאלדאטען איז ניט געשטאַנען פארן אפיציער גלייך אויסגעשטרעקט, קיינער האט איהם ניט אפּגעגעבען „דיא, עהרע". יעדער איז געגאנגען פריי, וואוהין ער האט אליין געוואלט און האט געטהאן, וואס ער האט געוואלט.

פאגאנעל האט זיך ניט געקענט אפּרייסען פון דיעזעס זעלטענע שוישפּיעל. ער האט געזעהן, וויא מען לערנט סאלדאטען אין פראנקרייך, וויא דיא סאלדאטען שטעהן אויסגעשטעלט אין א גלייכער ליניע; וויא זיי געהן, שטעהן, הייבען דיא הענד און לאזען זיא אראָפּ אויף בעפעהל. דא איז אלעס געוועזן אנדערש. דא איז געוועזן א פאַמיליע, אדער קינדער פון איין פאמיליע, וועלכע האבען זיך גלאט געשפּיעלט.

לארד גלענארוואן אבער איז ניט געקומען אהער קוקען, וויא מען לערנט ארגענטינייזע סאלדאטען. ער האט מיט געוואלד אוועקגעשלעפּט דעם פּראָפּעסאר פון'ם הויף. ער האט זיך געפרעגט צום קאמענדאנט. מען האט איהם געוויעזען אויף א קליין ניעדעריג שטיבעלע אין א זייט. דארט האט געוואינט דער קאמענדאנט. זיי זיינען אריינגעקומען צום קאמענדאנט. דאס איז געוועזן א מאן פון א יאהר פופציג, הויך און שטארק מיט אן אויסזעהן פון א דייטשען אדער פראנצויזישען פעלדוועבעל. ער האט אויפגענומען אונזערע רייזענדע פריינדליך און האט זיי געבעטען זיצען אויף א לאנגער, ווייסער, הילצערנער באנק, וועלכע איז געשטאנען לעבען אן איינפאכען ווייסען טיש. קיין שעהנערעס מעבעל איז אין שטוב ניט געוועזן.

טהאלקאווע איז געוועזן דער דאלמעטשער. ער האט ערקלערט דעם קאמענדאנט וועה אונזערע רייזענדע זיינען און דעם צוועק פון זייער רייזע. עס האט געדויערט א געראומע צייט, ביז טהאלקאווע האט אלעס ערקלערט. אין דער גאנצער צייט וואס טהאלקאווע האט גערעדט, האט דער קאמענדאנט קיין אויג ניט אראפּגעלאזען פון'ם פּראָפּעסאָר. פאגאנעל איז געווארען אונרוהיג. ער האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, פאר וואס דער קאמענדאנט קוקט אזוי שטארק אויף איהם. פּלוצלונג האט זיך דער קאמענדאנט אויפגעהויבען פון זיין ארט, איז צוגעגאנגען צום פּראָפּעסאר, האט איהם אנגענומען ביי ביידע הענד און האט איהם געזאגט הערצליך און פריינדליך אויף פראנצויזיש:

— ביסט דוא א פראנצויז?

— יא, איך בין א פראנצויז, האט דער פּראָפּעסאָר געענטפערט.

— בראוואַ! בראוואַ! האט אויסגערופען דער קאמענדאנט. איך בין אויך א פראנצויז און בין גליקליך צו זעהן א לאנדסמאן, וועלכער קומט ערשט פון מיין ליעבען, טהייערן פראנקרייך.

— איז ער אייערער א בעקאנטער? האט געפרעגט דער מאיאר, וועלכער האט ניט פערשטאנען קיין פראנצויזיש.

— געוויס! האט געענטפערט דער פּראָפּעסאר אביסעל שטאלץ. מיר, פראנצויזען, זיינען אלע בעקאנטע. מיר זיינען אלע פריינד, וואו מיר טרעפען זיך.

דער קאמענדאנט האט געהאלטען דעם פּראָפּעסארס הענד אזוי שטארק, אז פאגאנעל האט זיך קוים געקענט ארויסרייסען פון איהם. באלד האבען ביידע פראנ־

צוויזען אנגעהויבען צו רעדען. דער קאמענדאַנט האט דערצעהלט זיין לעבענסגעשיכטע. זיינע עלטערן זיינען געקומען קיין ארגענטיניען, ווען ער איז נאך געווען גאר א קינד. ווען ער איז עלטער געווארען, איז ער אריינגעטרעטען אין דער ארגענטינישער ארמעע. אין דיא פערשיעדענע ארגענטינישע בירגער קריעגע איז ער געווארען אפיציער און אין 1836 האט מען איהם געמאכט פאר קאמענדאנט אין פארט אינדעפענדעס. ער האט באלד געהייראטהעט אן אינדיאנישעס מעדכען, וועלכע האט איהם אנגעהויבען צו שענקען אלע צוויי יאהר א צווילינג. ער האט יעצט צוועלף קינדער, אלע זיהן.

— זיי וועלען אלע זיין פארטרעפליכע סאלדאטען, האט דער פרעהליכער פראנצויז געענדיגט זיין לאנגע ערצעהלונג. איהר האט זיי געוויס געזעהן מארשירען, ווען איהר זייט אריינגעקומען אין פארט, מיין אינגסטער זוהן, פעפע, איז ערשט זיעבען יאהר אלט, ער איז שוין אבער א גוטער סאלדאט.

ער האט געוואלט אביסעל שטאלצירען מיט זיינע קינדער, בעזאנדערס מיטן אינגסטען.

— פעפע! פעפע! האט ער אנגעהויבען צו רופען.

באלד איז פעפע אריינגעקומען אין צימער. דאס איז געווען א האלב ווילדער אינדיאנער. דיא פארב פון זיין הויט איז געווען ברוין, וויא קופער, זיינע האר זיינען געווען לאנג און שווארץ. וויא עס ווייזט אויס, האט ער קיין מאל ניט געוואוסט, וואס א קאם איז און צו וואס מען בענוצט עס. זיך פערקעמען דיא האָר איז ניט אין דער מאדע אין יענע געגענדען.

— פעפע! האט זיך דער קאמענדאנט געווענדעט צו זיין צוועלפטען זוהן, ווייז נור דיעזע העררען, אז דוא קענסט דעם מוסטער, וויא א גוטער ארגענטינישער סאלדאט.

פעפע האט גענומען א ביקס פון א ווינקעל און האט זיך געשטעלט גלייך פאר זיין פאָטער. דער פאָטער האט קאמאנדירט: רעכטס! לינקס! האנד אויף! האנד אב! און דער זוהן האט אלעס נאכגעטהאן, וויא א גוט געאיבטער סאלדאט.

לארד גלענארוואן איז געשטאנען, וויא אויף שפילקעס. ער האט געוואלט רעדען פון'ם צוועק פון זיין רייזע און עס האט איהם זעהר ווייניג געקימערט, וויאפיעל זיהן דער קאמענדאנט האט און אויב זיי זיינען שלעכטע סאלדאטען. ער האט אפאר מאל פראָבירט רעדען, אבער ניט דער פראפעסאר, ניט דער קאמענדאנט האבען איהם געוואלט הערן. ווען צוויי פראנצויזען הייבען אן צו רעדען, וועט איהר זיי ניט צוטרייבען מיט באמבעס. זיי מוזען זיך אויסרעדען. עס איז פערגאנגען א גאנצע שטונדע, איידערביידע פראנצויזען האבען זיך אויסגערעדט, ריכטיגער געזאגט, זיי זיינען מיעד געווארען רעדענדיג. טהאלקאווע איז געשטאנען דיא גאנצע צייט און האט זיי בעטראכט, וויא דיא וואהנזיניגע. ענדליך, ווען זיי זיינען שטיל געבליעבען, האט ער געפרעגט דעם קאמענדאנט:

— וויא קומט עס, וואס מיר האבען אין ערגעץ ניט בעגעגענט קיין אינדיאנער? מיר זיינען געווען אויף דיא פלעצער, וואו זיי קומען זיך צונויף האנדלען מיט דיא ארגענטיניער; מיר זיינען דורכגעפאהרען דיא גאנצע געגענד, וואו זיי האלטען זיך געוועהנליך

אויף און מיר האבן אין ערגעץ קיינעם ניט געטראפען. וויא קומט עס ?

— זיי זיינען דא מעהר ניטא איבערן קריעג, האט דער קאמענדאנט געענטפערט.

— קריעג ? וואס פאר א קריעג ?

— צווישען ארגענטיניען און פאראגוואי איז יעצט אויסגעבראכען א קריעג.

— וואס געהט דאס אן די אינדיאנער, וואס צווישען ארגענטיניען און פאראגוואי איז א קריעג ?

— דיא אינדיאנער בענוצען דעם קריעג אום צו רויבען. אייניגע האבען זיך פעראייניגט מיט'ן גענעראל פלארעס, דעם קאמאנדיר פון דער ארגענטינישען ארמעע. זיי פאלען אן אויף די דערפער און פארמס אין פאראגוואי און רויבען און מארד'ן דיא איינוואינער. אנדערע זיינען צו געשטאנען צו דער ארמעע פון פאראגוואי און רויבען און מארדען דיא איינוואינער פון בוענאס אייערעס.ביידע רעגירונגען בעצאהלען זיי זעהר גוט פאר זייערע מערדערייען און רויבערייען.

— און וואו זיינען דיא קאציקען ? האט טהאלקאווא ווייטער געפרעגט.

— דיא קאציקען זיינען געגאנגען מיט זייערע פעלקער אין קריעג.

ערשט יעצט האט זיך דער פראפעסאר דערמאנט, אז אין ארגענטיניען איז יעצט א קריעג איבער א פרעזידענט. דאס לאנד פארגוואי האט אויפגעשטעלט איהר פרעזידענט און בוענאס אייערעס האט איהר פרעזידענט. דיא אינדיאנער בענוצען אזא געלעגענהייט. זיי נאררען אפ ביידע פארטעיען, פערדינגען זיך אלס שפיאנען, אלס סאלדאטען. זיי טהוען אבער גאר ניט, נור זיי רויבען, מארדען און מאכען געפאנגענע.

לארד גלענארוואן איז געווען פערצווייפעלט. דער גאנצער צוועק פון זיין רייזע איז יעצט פערניכטעט. זיי האבען אזוי פיעל געליטען, זיינען איבערגעשטאנען אזוי פיעל ליידען און צום סוף זיינען די אינדיאנער, וועלכע האלטען קאפיטאן גראנט געפאנגען ערגעץ אוועקגעגאנגען. — וואו ? וויא קען מען זיי יעצט זוכען ? קען מען זוכען דעם ווינט אין פעלד ? — לארד גלענארוואן האט אראפגעלאזען טרויעריג דעם קאפ אויף דער ברוסט און האט זיך פערטראכט. ענדליך איז דער מאיאר געפאלען אויף א שכל.

— ווען דער קאמענדאנט פון דיעזער פעסטונג איז אזוי גוט בעקאנט מיט דיא אינדיאנער, האט ער געזאגט צו לארד גלענארוואן, דארף ער דאך וויסען, אויב דער קאציק קאלפוקורו האט געהאט א געפאנגענעם ? זיין פרוי איז אן אינדיאנערין צו איהר קומען געוויס איהרע לאנדסלייט און איהרע פערוואנדטע אויף וויזיטען. זיא ווייס געוויס פון אלעמען, וואס עס קומט פאר אין דיא פאמפאס.

לארד גלענארוואן האט געפרעגט דעם קאמענדאנט אויף פראנצויזיש, אויב ער ווייס ניט פון א געפאנגענעם אייראפעער ביים קאציק קאלפוקורו ?

— געוויס, ווייס איך, האט דער קאמאנדאנט געענטפערט.

דיעזע ווערטער האבען אלעמען אויפגערעגט, אלע האבען זיך ארומגעשטעלט ארום קאמענדאנט, אלע זיינען געווען נייגעריג צו הערן פון איהם, וואס מיט דעם געפאנגענעם איז געשעהן.

— דערצעהלט אונז ! דערצעהלט אונז אלעס, וואס איהר ווייסט פון'ם געפאנ־

נענעם! האבען זיך אלע אנגערופען מיט איין קול. דאס איז דאך דער צוועק פון אונזער רייזע.

דער קאמענדאנט האט געטראכט איינינע מינוטען, דאן האט ער געזאגט.

— מיט איינינע יאהר צוריק האט דער קאציק קאלפוקורו געפאנגען גענומען עטליכע אייראפעער. איך ווייס דערפון, אבער איך האב זיי נים געזעהן, ווייל דיא אינדיאנער קומען קיין מאל נים מיט זייערע געפאנגענע צום פארט. זיי האבען מורא, אז מען זאל זיי דא נים בעפרייען.

— ווען איז דאס געוועזען? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— מיט עטליכע יאהר צוריק.

עס קען נים זיין! האט לארד גלענארוואן אויסגערופען. עס איז ערשט צוויי יאהר זייט קאפיטאן גראנט האט געליטען שיפברוך אין דיעזער געגענד.

— ניין, מילארד, האט דער קאמענדאנט געענטפערט. עס איז שוין מעהר אלס דריי יאהר. עס איז געוועזען.... עס איז געוועזען....ווען פעפע איז אלט געוועזען א יאהר....

דער קאציק קאלפוקורו האט געהאט צוויי געפאנגענע. —

— דריי, מיינט איהר.

— ניין, צוויי.

— ענגלענדער? האט לארד גלענארוואן ווייטער געפרעגט.

— ווער זאגט אייך, אז זיי זיינען געוועזען ענגלענדער? האט זיך דער קאמענדאנט געבייזערט. — עס איז געוועזען א יין פראנצויז און א יין איטאליענער. דעם איטאליענער האבען דיא אינדיאנער געטויטעט און דער פראנצויז האט זיך געראטעוועט. אזוי האט מען מיר געזאגט.

— אה! יעצט פערשטעה איך אלעס! האט אויסגערופען דער פראפעסאר. יעצט האט זיך אלעס אויפגעקלערט. יעצט איז מיר אלעס דייטליך.

— וואס פערשטעהט איהר? האט לארד גלענארוואן געפרעגט. וואס איז אייך אזוי דייטליך?

— מיינע פריינד! האט געזאגט דער פראפעסאר ערנסט. עס טהוט מיר לייד, אייך צו זאגען א טרויעריגע וואהרהייט. מיר האבען א טעות געהאט. מיר זיינען געגאנגען אויף א פאלשע שפור. קאפיטאן גראנט איז קיין מאל נים געוועזען געפאנגען ביים קאציק קאלפוקורו. דאס איז גאר געוועזען א פראנצויז ביי איהם געפאנגען. איהר הערט דאך אלע, אז דאס איז געשעהן מיט פינף—זעקס יאהר צוריק. איך האב אויך געהערט פון דער געשיכטע. דאס איז געוועזען א פראנצויז מיט'ן נאמען גוסטאף גינאר, איך האב איהם געקענט. דיא אינדיאנער האבען איהם עטליכע יאהר ארומגעשלעפט מיט זיך, ביז עס איז איהם געלונגען צו אנטלויפען. פאר מיין אברייזע קיין קאלקוטא איז ער געקומען קיין פאריז. אלע צייטונגען זיינען געוועזען פול מיט איהם. מיר האבען געמאכט א גרויסען פעהלער. מיר זיינען נאכגעגאנגען דיא שפור פון'ם פראנצויזישען גינאר.

אלע האבען געשוויגען. יעדער האט איינגעזעהן אז דער פראפעסאר האט רעכט, אז זיי האבען געמאכט א פעהלער אונגערן, אבער דאך א פעהלער. עס איז

וואהר, אז טהאלקאווע האט זיי פערפיהרט. איז ער אבער שולדיג דארין? קען מען איהם בעשולדיגען? ער האט געזאגט, וואס ער האט געוואוסט. ער וויים ניט קיין אונטערשיעד פון א פראנצויז ביז אן ענגלענדער. ביידע זיינען ביי איהם אייראפּעער.

דער פּראָפעסאר האט יעצט ערקלערט טהאלקאווען דעם פעהלער, וואס ער האט בעגאנגען.

— האט איהר ניט געהערט פון געפאנגענע ענגלענדער? האט דער פּראָפעסאר געפרעגט דעם קאמענדאנט.

— ניין! האט דער קאמענדאנט געענטפערט. זייט יענע צוויי, דער פראנצויז און דער איטאליענער, זיינען געפאנגען געווען, האבען דיא אינדיאנער קיין אייראָפּעער ניט געפאנגען.

— ווייסט איהר עס פאר געוויס? האט דער פּראָפעסאר ווייטער געפרעגט.

— איך וויים עס פאר געוויס. ביי אונז וויים מען פון אלעמען, וואס עס קומט פאָר ביי דיא אינדיאנער.

— האט איהר ניט געהערט פון א שיף, וועלכע איז אונטערגעגאנגען ערגעץ לעבען פּאטאגאָניען?

דער קאמענדאנט האט זיי דערצעהלט אלעס, וואס ער האט געוואוסט פון שיפען, וועלכע זיינען אין דיא לעצטע צוויי יאהר אונטערגעגאנגען אין יענע געגענדען. אבער די מאטראזען און דער שיפסקאפּיטאן האבען זיך געראטעט און זיינען געפאהרען קיין בוענאס איירעס אדער קיין טשילי.

נאך דעם אלעמען, וואס דער קאמענדאנט האט דערצעהלט, האבען זיי געזעהן גאנץ דייטליך, אז זיי האבען דא מעהר ניט וואס צו טהאן. עס איז געווען אומזיסט זייער גאנצע רייזע, קאפּיטאן גראַנט האט געליטען שיפברוך ניט אין פּאטאגאניען, זאָנדערן ערגעץ אנדערש. דער קליינער ראָבערט האט געוויינט, ווען מען האט איהם אַלעס ערקלערט. לארד גלענארוואן איז געווען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. דער פּראפעסאר איז געווען טרויעריג און האט גערעדט צו זיך אליין. דער מאיאָר און טהאלקאווע זיינען געשטאנען, וויא שטיקער האלץ און האבען קיין וואָרט ניט גערעדט.

מען האט געמוזט ענדליך געהן צוריק אין גאסטהויז און טראַכטען, וואס מען זאל ווייטער טהאן. דער קאמענדאנט איז צוואר געווען זעהר העפליך און האט זיי איינגעלאדען אויף מיטאג. ער האט זיי געוואלט ווייזען, אז זיין פרוי, דיא אינדיאנערין, קען זעהר גוט קאָכען. אונזערע רייזענדע אבער זיינען געווען אזוי טרויעריג, אז זיי האבען זיך אפּגעזאגט פון דער עהרע צו עסען אן אינדיאנישען מיטאג. זיי האבען זיך געזעגנט מיט'ן קאמענדאנט, האבען איהם געדאנקט, פאר דיא נאכריכטען, וואס זיי האבען פון איהם ערהאלטען און זיינען צוריק געגאנגען קיין טאנדיל אין גאסט־הויז, וואו זיי האבען געלאזען זייערע פערד.

ווען זיי זיינען אנגעקומען אין גאסט־הויז, האט דער פּראפעסאר געבעטען לארד גלענארוואן, ער זאל איהם געבען דיא בריעף, וואס ער האט געפונען אין פלאש. ער האט זיך אניעדער געזעצט אין דרויסען אונטער א בוים און האט זיי אנגעהויבען נאך א מאל צו לעזען און צו קלערן וואס אין דיא בריעף שטעהט. ער האט געטראכט,

געקלערט, קעקנייטשט דעם שטערן. ענדליך איז ער צוגעגאנגען צו לארד גלענארוואן און האט איהם געזאגט.

— קוים איז קאפיטאן גראנט ניטא אין דיא פאמפאס, איז ער ניטא אין אמעריקא.

— אבער דיא בריעף זאגע׳ דאך דייטליך פאטאגאניען! האט לארד גלענארוואן אויסגערופען.

— מיר האבען דיא בריעף פאלש געלעזען. ער איז ניטא אין פאטאגאניען. ער האט געליטען שיפברוך אין אנאנדער געגענד. איך וועל עס אויסגעפינען. איך וועל אויסזוכען אלע לאנדקארטען פון דער וועלט, ביז איך וועל עס אויסגעפינען. ווען איך וועל עס ניט אויסגעפינען, זאל איך ניט הייסען זשאק פאגאנעל.

22טעם קאפיטעל.

## דיא פערפלייצונג.

זיי האבען איבערגענעכטיגט אין טאנדיל. דיא נאכט האבען זיי פערבראכט זעהר טרויעריג. לארד גלענארוואן, ראבערט און דער פראפעסאר זיינען א גאנצע נאכט ניט געשלאפען. דער פראפעסאר האט זאגאר פערגעסען צו בעטראכטען טאנדיל. ער איז געווען אזוי פערטיעפט אין זיינע געדאנקען און פארשונגען, אז ער האט פארגעסען אן זיין געאגראפיע.

אין דער פריה האט מען דאך געמוזט פאהרען. זיי זיינען דאך ניט געקומען באגעגענען זיך אין טאנדיל. לארד גלענארוואן האט געפרעגט טהאלקאווען, וויא ווייט זיי האבען נאך ביז אין פארט סאן אנטאניא, וואו זיין שיף, דיא „דונקאן" ווארט אויף איהם. טהאלקאווע האט ערקלערט, אז ווען זיי וועלען ניט האבען קיין איבערשלאג אויפ'ן וועג קענען זיי קומען קיין סאן אנטאניא אין פיער טעג.

עס האט נאר ניט געהאלפען. מען האט געמוזט פאהרען. טהאלקאווע האט אנגעזאטעלט דיא פערד, האט געקויפט אביסעל פראוויאנט, אייניגע זאכען, וואס האט די אויסגעפעהלט, און האט געגעבען א צייכען צום פאהרען.

טרויעריג איז מען ארויסגעפאהרען פון טאנדיל. טרויעריג איז מען געפאהרען ווייטער. קיינער האט ניט גערעדט קייןווארט. לארד גלענארוואן איז געווען אזוי ניעדערגעשלאגען, אז ער איז געזעסען אויף זיין פערד, וויא א לעהמענער גולם. ער האט זאגאר ניט געוואלט קוקען צו ראבערט'ן. עס האט איהם געריסען דאס הערץ, יעדעס מאל, ווען ער האט א קוק געטהאן אויף דאס אונגליקליכע קינד.

לאנגזאם זיינען זיי געפאהרען ווייטער. יעצט זיינען זיי געפאהרען אויף א זיכערן וועג, גלייך צום אטלאנטישען וועלט־מעער. דער טאג איז געווען זעהר הייס. זיי האבען אבער בעגעגענט אויפ'ן וועג פיעלע טייכען און טייכלעך מיט פרישעס, גוטעס וואסער. דיא געגענד האט זיך באלד געענדערט. זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון דיא פאמפאס. זיי זיינען געפאהרען זעהר שנעל און זיינען דעם ערשטען טאג איינגעפאהרען איבער פערציג מייל. דעם אנדערן טאג האט זיך דאס וועטער אין גאנצען געענדערט. דער הימעל האט זיך בעדעקט מיט שווערע, שווארצע וואלקענס. א קאלטער ווינד האט אנגעהויבען צו וועהן פון'ם מעער. געגען מיטאג האט אנגעהויבען שטארק צו רעגענען.

זיי זיינען געפאהרען זעהר לאנגזאם. יעדער האט זיך געמוזט איינהילען אין זיין דעק. זיי האבען ניט געפונען קיין אָרט, וואו זיך צו שיצען געגען רעגען. זיי האבען קוים אייסגעזוכט א בערגעל, וואו איבערצונעכטיגען. אויפ׳ן בערגעל איז דאך ניט געווען אזוי נאַס און מען האט זיך געקענט לעגען אויף דער ערד איינגעהילט אין א דעק.

דעם דריטען טאג אין דער פריה האט דער רעגען אביסעל אויפגעהערט, דער וועג אבער איז געוואָרען זעהר שווער. אומעדום האבען זיי געטראָפען טייכלעך און טיעפע גריבער מיט וואסער, וועלכע מען האט געמוזט גאנץ פאָרזיכטיג ארומפאהרען. וואס ווייטער זיי זיינען געפאהרען, איז דיא געגענד געווארען אלץ זומפיגער און בעדעקט מיט וואסער. פון צייט צו צייט האט ווידער אנגעהויבען צו רעגענען. זיי זיינען געקומען אין ערטער, וואו דיא פערד זיינען אריינגעפאלען ביז אין בויך אין זומפ און מען האט זיי מיט שווערער מיה געמוזט ארויסשלעפען. דער וועג איז געוואָרען מיט יעדער מינוט געפעהרליכער. ראבערט איז געראָדע ארויסגעפאהרען איינינגע צעהנדליג שריט פאָראויס. פלוצלונג האט ער זיך אומגעקעהרט און האט געשריען:

— הערר פראפעסאר! הער פראפעסאָר! דא וואקסען הערנער פון דער ערד!

— וואס רעדסט דוא, מיין קינד? איך געפין ניט אין דער געאָגראפיע אן ארט, וואו עס וואקסען הערנער.

— איך וויים, וואס איך רעד, הערר פראפעסאר, האט ראָבערט געענטפערט. דאס איז א זאָנדערבארעס לאנד. דא וואקסען הערנער פון דער ערד, וויא ביי אונז אין ענגלאנד וואקסט ווייץ. איך וואלט א בעלן געוועזן צו ברענגען קיין ענגלאנד א פראָבע פון דיעזע זאנדערבארע פרוכט.

— עפעס רעדט ער גאנץ ערנסט, האט דער מאיאר געזאגט. מען מוז זעהן, וואס דארט איז אזעלכעס.

— יא, יא, הערר מאיאר, איך האב אליין געזעהן א וואלד פון הערנער.

זיי זיינען צוגעקומען נעהנטער צו דעם אָרט, וואו ראָבערט האט זיי אנגעוויעזען און האבען דערזעהן מיט שטוינין, אז פון דער ערד האבען ארויסגעשטעקט גרויסע, לאנגע הערנער פון קיה און אָקסען. זיי זיינען געבליעבען שטעהן, וויא צוגעשמידט צו זייער ארט פאר שטוינען.

— נו? וואס זאגט איהר יעצט? הערר פראָפעסאר? האט ראבערט געפרעגט. וואס איז דאס?

דער פראפעסאר האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. ער האט ניט פערשטאנען. ער האט זיך געווענדעט צו טהאלקאווע און האט איהם געפרעגט, וואס דאס איז?

— דיא הערנער שטעקען ארויס פון דער ערד, אבער דיא אָקסען זיינען אונטען, האט טהאלקאווע געענטפערט רוהיג.

— וואס רעדט איהר? האט דער פראפעסאר אויסגערופען. דאס קען ניט זיין! איז עס מעגליך, אז א גאנצע הערדע אָקסען זיינען פערזונקען געווארען אין זומפ! וויא קען דאס זיין? דיא בהמות זיינען דאך זעהר פארזיכטיג.

— דאס קען זעהר גוט זיין, האט טהאלקאווע געענטפערט רוהיג. עס איז אויף זיי אנגעפאלען א טיגער. זיי האבען זיך שטארק דערשראקען און זיינען אנטלאפען

געוואָרען. אין שרעק האָבען זיי ניט בעמערקט דעם זומפּ און זיינען אַלע פּערזונקען געוואָרען אין זומפּ.

עס איז ווירקליך אַזוי געוועזען. עטליכע הונדערט שטיק קיה און אָקסען האָבען זיך רוהיג געפּאַסעט אין דער געגענד. פּלוצלונג איז אויף — אַנגעפאַלען אַ יאַגואַר — אַן אַרגענטינישער טיגער — זיי זיינען אַנטלאָפען און איינער נאָכ'ן אַנדערן זיינען אַ־איינגע־פאַלען אין זומפּ און זיינען פּערזונקען געוואָרען. עס איז ניט געוועזען קיינער, ווער עס זאָל זיי רעטען. מען האָט נאָך געפונען פערבלוטיגטע שטיקער פון דעם אָקס, וועלכע דער יאַגואַר האָט צוריסען.

אייניגע מינוטען זיינען זיי געשטאַנען און האָבען בעטראַכט דיעזעס פּעלד, וואו עס האָבען געוואַקסען הערנער. דיא סצענע איז געוועזען טרויעריג און הערצרייסענד ענדליך זיינען זיי ווייטער געפאָהרען. עס איז ווידער פערגאַנגען אַ שטונדע. טהאַלקאַוואַ איז פּלוצלונג געוואָרען אונרוהיג. ער האָט זיך אַנגעהויבען אַרומצוקוקען אין אַלע זייטען. איז געבליעבען שטעהן און איז ווייטער געריטען. באַלד איז ער אַראָפּגעפאָהרען פון גלייכען וועג, איז אָוועקגעלאָפען עטליכע הונדערט שריט אין אַ זייט, האָט זיך אַרומגעקוקט, איז צוריקגעקומען און איז אָוועקגעפאָהרען אין דער אַנדערער זייט. באַלד איז ער נאָר געבליעבען שטעהן, באַלד איז ער געפאָהרען צוריק. עס איז געוועזען דייטליך, אַז ער האָט פאַר עפּעס מורא אָדער ער זוכט עפּעס. דער פּראָפעסאָר האָט עס ניט געקענט אויסהאַלטען און האָט איהם ענדליך געפרעגט, פאַר וואָס ער איז אַזוי אונרוהיג?

— איך זעה, אַז דיא געגענד איז דורך און דורך גענעצט מיט וואַסער. זייט איך בין אַ פיהרער און וועגוויזער קומט עס מיר פאַר צום ערשטען מאָל. איך ווייס, אַז דיעזע געגענד איז אַ טרוקענע. יעצט אָבער זעה איך, אַז אונזערע פערד געהן ביז אין דיא קנעכלעך אין וואַסער.

— וואָס זאָל זיין דיא אורזאַכע דערפון? האָט דער פּראָפעסאָר געפרעגט.

— איך ווייס ניט. איך האָב אויך געזוכט דיא אורזאַכע.

— פיעללייכט איז אויבען אין דיא בערג געגאַנגען זעהר פיעל רעגען, דיא טייכען האָבען פערפלייצט דיא געגענד און מיר הייבען שוין דאָ אָן צו פיהלען דיא שרעקליכע פערפלייצונג.

— דאָס איז מעגליך.

דער פּראָפעסאָר האָט איבערגעגעבען לאָרד גלענאַרוואַן און דיא איבעריגע, פאַר וואָס טהאַלקאַווע איז אַזוי אונרוהיג.

— פרעגט איהם, וואָס זאָלען מיר אַלזאָ טהאָן?

— רייטען שנעל! האָט דער פּאַטאַגאָניער געענטפערט קורץ און שאַרף, וויא זיין שטייגער איז געוועזען.

— אַלזאָ, לאָמיר רייטען שנעלער, האָט לאָרד גלענאַרוואַן געזאָגט.

דאָס איז אָבער געוועזען לייכט צו זאָגען, אָבער זעהר שווער אויסצופיהרען. דיא פערד האָבען ניט געקענט לויפען אין אַ געגענד, וואָס איז געוועזען בעדעקט מיט וואַסער. דיא ערד איז געוועזען ווייך און זיי זיינען אָפט אַריינגעקראָכען ביז אין דיא קניע אין

בלאטע. זיי האבען זיך געמחט שלעפּען לאנגזאם און פאָרזיכטיג. עס איז נאך געוועזן א גליק, וואס דער רעגען האט אויפגעהערט. פון אין דער פריה אן האט עס ניט גע־רעגענט. געגען צוויי אוהר נאכמיטאג אבער האט זיך דער הימעל ווידער בעדעקט מיט וואלקענס און עס האט אנגעהויבען צו גיעסען א שרעקליכער רעגען. עס האט געגאסען עמערווייס. אונזערע רייזענדע האבען זיך איינגעוויקעלט אין זייערע דעקען און זיינען דאך באלד דורכגענעצט געווארען ביז אין לייב.

זיי האבען זיך אזוי געשלעפּט ווייטער, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו אן ארים און איינגעפאלען שטיבעלע. עס איז געוועזן לעדיג. דער ווירטה איז ערגעץ אוועקגעפאהרען און האט זיא אוועקגעווארפען. עס איז געוועזן טרויעריג און שמוציג, וויא מען קען זיך נור דענקען. אין אנאנדערער צייט וואלט לארד גלענארוואן ליעבער גענעכטיגט אין דרויסען, אלס אין אזא שטיבעלע. היינט אבער אין א רעגען, איז דאס אויך גוט גע־וועזן. עס האט דאך אביסעל געשיצט געגען רעגען. מען האט פּראבירט מאכען א פייער. דאס גראז אבער איז געוועזן נאס, אלעס איז געוועזן נאס. מיט גרויסער מיה איז עס זיי געלונגען צו מאכען א פייער, וועלכער האט מעהר גערייכערט אלס געברענט.

מיעד, צובראכען און טרויעריג האט מען געגעסען דעם סאפּער. קיינער האט זאגאר קיין אפּעטיט ניט געהאט צו עסען. דער פּראפעסאר האט געוואלט שפּאסען. עס איז איהם אבער ניט געלונגען. קיינער האט ניט געוואלט לאכען.

— מיינע וויצען זיינען אויך פערנעצט געווארען, האט ער ענדליך געזאגט, ווען ער האט געזעהן אז קיינער לאכט ניט.

מען האט אפּגעגעסען און יעדער האט זיך געזוכט א געלעגער, וואו זיך אוסצו־רוהען. דאס וועטער איז געוועזן שרעקליך. א שטארקער ווינד האט געוועהט. דאס ארימע שטיבעלע האט געציטערט און געקנאקט. עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז אט, אט פאלט זיא אום אויף אונזערע רייזענדע. דער רעגען האט נאך אלץ געגאסען. אונזערע רייזענדע האבען זיך געקייקעלט אויפ'ן שמוציגען באדען. ענדליך זיינען זיי דאך אנטשלאפען געווארען.

דיא פערד האבען געליטען זעהר שטארק. זיי זיינען געשטאנען א גאנצע נאכט אין דרויסען אויפ'ן רעגען. אין דער פריה האט דער רעגען צוואר אויפגעהערט, אבער דיא גאנצע געגענד איז געוועזן בעדעקט מיט וואסער. אונזערע רייזענדע האבען זיך אויפגעחאפּט און דערזעהן מיט שרעק, אז זיי געפינען זיך אויף א סאָרט אינזעל, ארום און ארום זיי איז וואסער. דער פּראפעסאָר האט אנגעהויבען צו קוקען אין זיינע לאנד־קארטען און האט אויסגעפונען, אז זיי געפינען זיך צווישען צוויי גרויסע טייכען. וואהר־שיינליך, האט ער זיך געטראכט, זיינען ביידע טייכען ארויס פון זייערע ברעגעס און האבען פערפלייצט דיא געגענד. ביידע טייכען האבען זיך פעראייניגט און האבען גע־בילדעט א גאנצעס מעער.

ער האט פערשטאנען זייער לאגע. מען מוז אנטלויפען. מען מוז ערגעץ אויסזו־כען א בערגעל, וואו זיך צו רעטען. מיט יעדער מינוטע וועט אנקומען אלץ מעהר וואסער. זייער שטיבעלע וועט פערטרונקען ווערן און זיי וועלען אומקומען. מען האט

באלד אנגעזאטעלט דיא פערד און מען איז אוועקגעפאהרען. זיי האבען געטריעבען דיא פערד, וויא זיי האבען נור געקענט.

אום צעהן אוהר איז טהאלקאוועס פערד געווארען זעהר אונרוהיג. עס האט געשפרונגען, עס האט זיך געווארפען, עס איז געלאפען, עס איז געבליעבען שטעהן. — קורץ, מען האט געזעהן, דעם פערד איז עפּעס געשעהן.

— וואס איז מיט דיין פערד, פריינד טהאלקאוועס? האט דער פּראפעסאר געפרעגט. האבען איהם אפּשט ניט דיא פיאווקעס (בלוטעגעל) צו ביסען?

— ניין.

— האט ער זיך עפּעס דערשראקען?

— ניין.

— אלזא, וואס איז איהם?

— ער פיהלט א געפאהר.

— וואס פאר א געפאהר?

— איך ווייס ניט.

מען האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, דאכט זיך, עס איז ניטא קיין געפאהר. נור טהאלקאוועס שארפעס אויער האט געהערט ־רגעץ גאנץ ווייט א גערוישׁ וויא דאס רוישען פון דיא וואסערן פון'ם מעער, ווען דיא פלוט קומט אן. באלד האבען אלע דערהערט שרעקליכע געשרייען. פערד, קיה, אקסען, שעפסען און פיעלע קלענערע און גרעסערע חיות האבען געמעקעט, געהירזעט, געשריען, געברומט און געבילט. זיי זיינען אלע געלאָפען אויסגעמישט און דערשראקען. זיי זיינען געלאפען, וואוהין זייערע פיס האבען זיי געטראגען, וואוהין זייערע אויגען האבען זיי געוויעזען. עס איז געווארען א שרעקליכער רעש, הערצרייסענדער ליארם. עס האט פערקלעמט ביים הארצען צו זעהן, וויא דיעזע אלע טהיערע זיינען געווען דערשראקען, זיינען געלאפען, האבען געטרעטען איינער אויפ'ן אנדערן און האבען אזוי טרויעריג געשריען און געבעטען, מען זאל זיי העלפען. אונזער רייזענדע האבען בעטראכט מיט שרעק דיעזע שוידערהאפטע סצענע.

— אנדאָ! אנדאָ! (שנעל! שנעל!) האט טהאלקאווע אויסגערופען אויסער זיך.

— וואס איז אזעלכעס? האט איהם דער פּראפעסאָר געפרעגט.

— דיא פערפלייצונג! האט טהאלקאווע געזאגט.

ערשט יעצט האבען אונזערע רייזענדע דערזעהן דיא שרעקליכע געפאהר, אין װעלכע זיי געפינען זיך פון דער ווייטענס האט זיך געוויעזען א הויכער בארג שוים, וועלכער האט זיך. געקייקעלט מיט א שרעקליכער געשווינדיגקייט און האט אלעס מיט געריסען מיט זיך. עס איז אנגעקומען א שרעקליכעס וואסער פון דיא בערג. יעצט האבען זיי פערשטאנען, פאר וואס טהאלקאווע האט אזוי געשריען: אנדאָ! (שנעל!). אין איניגע מינוטען וועט דיא גאנצע געגענד זיין בעדעקט מיט וואסער. אין איניגע מינוטען ארום וועט דא זיין א גאנצעס מעער.

אונזערע רייזענדע האבען געגעבען זייערע פערד דיא שפּארען. דיא פערד אליין האבען געפיהלט דיא געפאהר און זיינען געלאפען, וויא וויים זיי האבען געקענט.

— אנדא! אנדא! האט געשריען טהאלקאוועּ. לויפט שנעל! רעטעט אייך, מיר זיינען פערלארען.

זיי זיינען געלאפען, וויא זיי האבען געקענט. דיא געגענד איז אבער אלע מאל געווארען אלץ מעהר בעדעקט מיט וואסער. דער שרעקליכער בארג וואסער האט געראוישט הינטער זיי אלץ העכער, אלץ דראהענדער, אלץ שרעקליכער. עס האט גע־דויערט אונגעפעהר (אן ערך) א פערטעל שטונדע. אונזערע רייזענדע האבען נאך אלץ געקעמפפט און האבען זיך נאך אלץ געוואלט רעטען. באלד אבער זיינען דיא פערד צוגעשטאנען. זיי זיינען געשטאנען שוין ביזן בויך אין וואסער. זיי האבען מעהר שוין ניט געקענט לויפען. דאס וואסער איז געווארען אימער העכער.

— מיר זיינען פערלארען! האט אויסגערופען דער מאטראז ווילסאן. מיין פערד שווימט! ער קען שוין ניט געהן.

אלע זיינען געווארען בלייך, וויא קאלך. זיי האבען דערזעהן, אז זייערע פערד שווימען שוין אויך. — וויא לאנג אבער קענען זיי שווימען? וואס וועט זיין, אז דאס וואסער וועט אנקומען? דאמאלס וועלען דאך דיא פערד ניט קענען שווימען. דאס שטארקע וואסער וועט זיי מיטרייסען מיט זיך. — זיי זיינען פערלארען. קיינע הילפע, קיינע רעטונג!

דאס וואסער איז ווירקליך געווארען אלץ שטארקער און האט געשלעפט דיא פערד מיט זיך, מיט אן אונגעהייערער געשווינדקייט. יעדער האט זיך אנגעחאפט אן דעם האלז פון'ם פערד און האט געווארט דיא לעצטע מינוט. פלוצלונג האט דער מאיאר אויסגערופען:

— א בוים!

— א בוים? וואו איז א בוים? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— אן דארט זעה איך א גרויסען בוים, האט טהאלקאוועּ געוויעזען מיט דער האנד.

אלע האבען אויפגעהויבען דיא קעפּ און האבען דערזעהן א גרויסען ניסענבוים מיט ברייטע צווייגען, וועלכער איז געשטאנען וויא א ריעז הויך איבערן וואסער. אלע האבען זיך יעצט געצויגען צום בוים. עס איז נאך געווען א גליק, וואס דער בוים איז געשטאנען אראפּ וואסער און דאס וואסער האט זיי געראדע געטראגען צום בוים.

פלוצלונג האט ראָבערט'ס פערד געגעבען א שרעקליכען געשריי, וויא דאס געשריי פון א קינד, ווען עס טהוט איהם עפּעס שטארק וועה. אין א סעקונדע ארום איז ער פערשוואונדען געווארען אונטערן וואסער. טאָם האט קוים צייט געהאט ארויסצושלעפּען זיינע פיס פון דיא קניע ריעמען. ער איז דערטרונקען געווארען.

— האפ דיך אן ביי מיין זאטעל, האט איהם לארד גלענארוואן געזאגט.

— איך דאנק אייך, מילארד. איך בין א מאטראז און קען גוט שווימען.

— ראָבערט, וויא אזוי שווימט דיין פערד? האט לארד גלענארוואן געפרעגט בעזארגט.

— אה! מיין פערד שווימט, וויא א פיש, האט ראָבערט געענטפערט.

— אך! רעטעט אייך! האט אין דיעזע מינוטע אויסגעשריען דער מאיאר ניט מיט זיין קול.

עס איז שוין אבער געווען שפּעט זיך צו רעטען. דער שרעקליכער בארג שוים, א כוואַליע פון פערציג פוס דיא הויך און פון עטליכע מיליאן טאן וואסער, איז אין דיזע מינוט אנגעקומען און האט פערשלונגען אונזערע רייזענדע, — עס איז פערגאנגען איין מינוט. נור איין מינוט, אבער א שרעקליכע, שווידערהאפטע מינוט. —

באלד האט זיך ארויסגעוויזען א קאפ — טהאלקאווע מיט זיין פערד; באלד האבען זיך אנגעהויבען ארויסצו־ווייזען אנדערע קעפּ; באלד זיינען אלע אונזערע רייזענ־דע ארויסגעשוואומען פון אויבען. זייערע פערד זיינען פערשוואונדען געווארען. דיא שרעקליכע כוואַליע האט זיי אוועקגעשלעפּט. דיא מענשען אבער האבען אלע געקענט שווימען און זיינען ארויפגעשוואומען. דאס וואסער האט זיי ארויפגעווארפען אויפ'ן בוים.

— מוטה, פּראָפעסאָר! האט לאָרד גלענארוואן אויסגערופען, ווען ער האט דער־זעהן, אז טהאלקאווע האט איהם אנגעכאפּט ביים קראגען.

דער פּראָפעסאָר איז געווען דער איינציגער וועלכער האט ניט געקענט שווימען. טהאלקאווע האט עס געוואוסט און האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה איהם צו רעטען.

— אה, זארגט אייך ניט פאר מיר, האט דער פּראָפעסאָר געענטפערט, איך בין זאגאר צופריעדען — בול!

אין דיזע מינוט האט ער אנגענומען א פול מויל מיט שמוציגע וואסער און האט ניט געקענט ערקלערן, מיט וואס ער איז צופריעדען.

אין א מינוט ארום האבען זיך אלע געהאלטען ארום בוים. ראבערט איז ארויפ־געקלעטערט אויף איהם, וויא א פייגעלע. דיא מאטראזען זיינען איהם נאך געקלעטערט און האבען געהאָלפען לאָרד גלענארוואן און דעם פּראָפעסאָר ארויפקלעטערן.

דער בוים איז געשטאנען במעט אין גאנצען אין וואסער, נור זיינע אייבערשטע ברייטע און שטארקע צווייגען האבען ארויסגעשטעקט איבער דיא רוישענדע און שוי־מענדע וואסערן. אונזערע רייזענדע האבען זיך באלד אניעדערגעזעצט אפּרוהען אויף זיינע ברייטע צווייגען. ווען איינער וואלט דאמאלס פערבייגעפאהרען און וואלט דער־זעהן דיזען בוים, וואלט ער זיך געוויס געוואונדערט, וואס פאר א זאנדערבארע פריכטע עס וואקסען אויף איהם. לײדער, איז דאמאלס קיינער ניט דורכפאהרען. דיא גאנצע געגענד איז געווען בעדעקט מיט וואסער.

יעצט ערשט האבען אונזערע רייזע דע בעמערקט, אז אין דער צייט, וואס טהאל־קאווע האט זיך בעמיהט צו רעטען דעם פּראָפעסאָר און איהם ארויפצוזעצען אויפ'ן בוים, איז זיין פערד, טהאאוקא אוועקגעשוואומען. ער האט געהירזעט און געבעטען הילף.

— פריינד טהאלקאווע, ווערסט דוא לאזען דיין פערד פערלארען געהן? האט איהם דער פּראָפעסאָר געפרעגט.

— איך? מיין טהאאוקא? קיין מאל ניט.

ער איז אראָפּגעשפּרונגען פון'ם בוים אין וואסער און איז נאכגעשוואומען זיין פערד. אין איינינע מינוטען האט ער איהם דער־רייכט. פערד און רייטער זיינען ערגעץ אוועקגעשוואומען און זיינען פערשוואונדען געווארען אין ד קען נעבעל. וואו זיינען זיי אהין געקומען? — ווער קען עס וויסען?

## 28טעס קאפיטעל.

## צווישען הימעל און וואַסער

דער בוים, אויף וועלכען אונזערע רייזענדע האבען זיך אזוי זאנדערבאר גערעטעט, איז געווען עהנליך צו א ניסען בוים. דאס איז אבער ניט געווען קיין ניסען בוים, זאנדערן אן אָמבו Ombu, איינער פון דיא זעלטענסטע בוימער אין ארגענטיניען. מען טרעפט איהם אן שטענדיג אליין. ער וואקסט קיין מאל ניט מיט אנדערע בוימער צו זאמען. ער וואקסט אויס זעהר הויך און צו שפּרייט זיך זעהר שטארק. זיינע גראבע שטארקע ווארצלען גראָבען זיך איין גאנץ טיעף אין דער ערד און ער האלט געוועהנליך אויס אלע שרעקליכע שטורמווינדען.

דער בוים אָמבו, אויף וועלכען אונזערע רייזענדע האבען זיך גערעטעט, איז געווען אן אלטער, שטארקער בוים מיט גרויסע ברייטע צווייגען. דאס איז געווען א גאנצער וואלד. ווען אונזערע רייזענדע זיינען ארויפגעקראָכען אויף איהם, זיינען דארט געווען א גאנצע קאלאָניע פון הונדערטער פייגעל, וועלכע האבען זיך אויך גערעטעט אויף דיעזען בוים פון דער שרעקליכער פערפלייצונג. ראָבערט און דער מאטראָז ווילסאן זיינען ארויפגעקלעטערט אויף דיא העכסטע צווייגען אום צו בעטראַכטען דאס לאנד ארום.

א שרעָקליכעס בילד האט זיך זיי פארגעשטעלט. וויא וויט דאס אויג האט נור געקענט גרייכען, האט מען געזעהן נור הימעל און וואסער. בוימער, שטיקער האלץ, טוידטע קיה, אָקסען און אנדערע בהמות און חיות זיינען ארומגעשוואומען אין אלע זייטען. ווייט, ווייט אויפ'ן וואסער האט מען געזעהן א שווארצען פלעק. א מענש האט געקעמפּפט מיט דיא שרעקליכע כוואַליעס.

— טהאלקאווע! טהאלקאווע! האט ראָבערט אויסגערופען. ער וועט זיך רעטען! ער וועט רעטען זיין פערד, ער וועט אונז אלע רעטען!

אונטען זיינען דערוויל געזעסען לארד גלענאַרוואַן, דער פּראָפעסאָר און דיא איבעריגע און האבען בעקלערט זייער לאגע. פרעהליך איז געוויס קיינעם ניט געווען אויפ'ן הארצען. זיצען אויף א בוים, ווען ארום אייך רוישט און שוימט דאס וואסער, איז ניט גאנץ אנגענעהם.

— אלזא, וואס טהוט מען יעצט? האט לאָרד גלענאַרוואַן געזאָגט טרויעריג.

— וואס זאל מען טהאָ? האט דער פּראָפעסאָר געלאכט. מיר מוזען זיך מאַכען א נעסט.

— מאַכען א נעסט? האט ראָבערט געפרעגט.

— געוויס! יעדער פון אונז וועט זיך מאַכען א נעסט און מיר וועלען ליבען, וויא דיא פויגעל אויףביימער. עס וואלט געוויס בעסער געווען, מיר זאלען יעצט קענען לעבען אין וואסער, וויא דיא פיש.

— דאס אלעס איז זעהר שעהן. ווער וועט אונז געבען עפּעס צו פּיקען? האט מאַאס אויגוסטין געפרעגט.

— איך וועל אייך פערשאפען, וואס צו פיקען! האט אויסגערופען דער מאַיאָר.

אלע האבען א קוק געטהאן צו איהם און האבען דערזעהן, אז דער פראקטישער מאיאר האט צונויפגעבונדען איינינע צווייגען צוזאמען און זיצט זיך גאנץ רוהיג, וויא אין א ראקין־טשער.

— אזוי, מאיאר ריטשארדסאן! איהר האט עס גאנץ בעקוועם. איהר האט שוין א שטוהל און שאקעלט זיך גאנץ רוהיג אויפ׳ן בוים.

— נעוויס! וויא באלד ניט דערטרונקען ווערן, מוז מען זעהן צו לעבען בעקוועם און צו האבען א ביסעל פערגניגען אין לעבען.

— איך האב אויך אזוי געטראכט, האט דער פראפעסאר געזאגט, אבער איך בין צערשטרייט און האב באלד פערגעסען. וואס איך האב אין זינען געהאט.

— אבער וואס וועט איהר אונז געבען צו עסען? האט לארד גלענארוואן געפרעגט דעם מאיאר.

דער מאיאר האט ארויסגענומען א גרויסען זאק און האט זיי געוויעזען.

— דאס האט מיר טהאלקאווע געלאזען א פרעזענט, איידער ער איז פון אונז אוועקגעשוואומען. איך מיין, אז דא וועלען מיר האבען שפייז אויף דריי טאג.

— איך מיין, אז דאס וואסער וועט אפלויפען אין א טאג. האט טאם אויגוסטין געזאגט.

— ווען ניט, וועלען מיר מוזען זוכען א מיטעל, וויא אוועקצופאהרען פון דאנען, האט דער פראפעסאר געענטפערט.

— וויא באלד אזוי, דארפען מיר עפעס נעהמען אין מויל אריין, האט דער מאיאר אויסגערופען. היינטיגען טאג וועלען מיר שוין געוויס פערברענגען דא אויפ׳ן בוים. מארגען וועלען מיר זעהן, וואס מיר האבען ווייטער צו טהאן.

— עס וואלט זעהר גלייך געווען עפעס צו פיקען, האט ווילסאן געזאגט. ליידער, זיינען מיר ניט, וויא דיא פייגעל. מיר קענען ניט פיקען קיין רויע זאכען, מיר מוזען האבען פייער. וואו נעהמט מען יעצט פייער?

— מיר וועלען מאכען א פייער, האט דער פראפעסאר געזאגט.

— מיט וואס? וואו האט איהר האלץ?

— דער ליעבער בוים, וועלכער האט אונז געראטעט, וועט שוין זיין אזוי גוט און וועט אונז געבען אביסעל האלץ.

— מיט וואס אבער וועט איהר מאכען פייער? מיר האבען קיין שוועבעליך ניט.

— מיר דארפען ניט קיין שוועבעלעך, האט דער פראפעסאר געזאגט. גיט מיר נור אביסעל טרוקענע בלעטער, אדער טרוקענעם מאאס (מאך) און איך וועל אייך שוין מאכען פייער. — ווער וועט גערן אין וואלד אריין ברענגען האלץ?

— איך! האט ראבערט אויסגערופען.

און איידער דער פראפעסאר האט זיך אומגעקוקט, איז ער שוין ארויפגעקלעטערט גאנץ הויך אויפ׳ן בוים און האט אנגעהויבען אפצוברעכען פון איהם דיא דארע צווייגלעך. ווילסאן האט געזוכט און האט געפונען אביסעל טרוקענעם מאאס (מאך). אין איינינע מינוטען ארום האבען זיי אנידערגעלעגט אויף א ברייטען צווייג אין דעם ארט, וואו ער וואקסט ארויס פונ׳ם בוים דאס טרוקענע האלץ מיט׳ן מאאס.

יעצט האט דער פראפעסאר אפגעשרויפט זיין טעלעסקאפ און האט ארויסגענומען פון איהם א גלעזעל. דאס איז געווען א פארטיעפליכעס ברען־גלאז אזוי וויא דיא וואס דאמאלס געשיינט גאנץ העל, האט דער פראפעסאר אנגעשטעלט זיין ברען־גלאז אויף דאס טרוקענע האלץ און אין א קורצע צייט האט זיך געוויזען א רויך. דער פראפעסאר האט אנגעהויבען צו פאכען מיט זיין נאסען מאנטעל און דאס טרוקענע האלץ האט זיך באלד אנגעצונדען.

דיא ערשטע זאך, וואס מען האט געטהאן ביים פייער, איז געווען זיך אביסעל אויסצוטריקענען. יעדער האט אויפגעהאנגען זיין מאנטעל טריקענען. דאן האט מען אנגעהויבען צו זוכען, וואס עס געפינט זיך אין זאק, וואס טהאלקאווע האט זיי איבער־געלאזען. מען האט געפונען געטריקענט פלייש: וועלכעס מען האט באלד אפגעקאכט. פייער און וואסער איז געווען גענוג. ווען דער מיטאג איז געווען פערטיג, האט מען גאנץ רוהיג און בעקוועם אפגעגעסען און מען האט זיך געזעצט אפרוהען. פון לעגען זיך אפרוהען האט ניט געקענט זיין קיין רעדע. יעדער האט זיך צוגעבונדען צו א צווייג און האט געחאפט א שלאף.

— אונזער קיך און עסצימער איז אויפ'ן אונטערסטען שטאק, האט פאגאנעל געזאגט, אלס שלאף־צימער דארפען מיר אפנעהמען א העכערן שטאק. לאמיר זאגען, דעם צווייטען פלאר. דיא וואהנונג איז בעקוועם, דער רענט איז ביליג, דער לענדלארד וויזט אויס צו זיין ניט קיין שלעכטער. מיר קענען אפנעהמען אלע פלארען און לעבען, וויא דער פראנצויזישער קייסער. מיר זיינען דיא גאנץ זיכער, קיינער וועט ניט קומען אונז בעגנב'ענען.

— און אז מען וועט אויף אונז אנפאלען, קענען מיר זיך פערטהיידיגען, האט ווילסאן געזאגט. איך האב מיינע רעוואלווערס.

— איך האב מיינע אויך, האט ראבערט געזאגט.

— איך האב מיינע אויך, האבען זיך אנגערופען דיא מאטראזען.

— אבער וואו וועט איהר נעהמען פולווער?

— איך האב פולווער, האט געזאגט דער מאיאר און האט זיי געוויזען א בלעכענע שאכטעל פול מיט פולווער.

— וואו האט איהר עס גענומען? האט גלענארוואן געפרעגט ערשטוינט.

— טהאלקאווע האט עס מיר געגעבען צוזאמען מיט'ן זאק פראוויאנט.

— גוטער, עדעלער טהאלקאווע! האט אויסגערופען לארד גלענארוואן. מען זאגט, אז דיא פאטאגאניער זיינען ווילד, אז זיי זיינען שלעכט, אז זיי זיינען פערדארבען. זעהט, וויא עדעל, וויא גראסמוטהיג דיעזער ווילדער האט געגען אונז געהאנדעלט! און איהר, פראפעסאר, זאגט אויך, אז דיא ווילדע זיינען שלעכט און גרויזאם?

— יא, האט געענטפערט דער פראפעסאר, דיא ווילדע זיינען שלעכט, ווייסט איהר אבער, ווער עס איז שולדיג, וואס זיי זיינן שלעכט? — מיר ציווילידירטע מענשען. מיר האבען זיי שלעכט געמאכט, מיר האבען זיי פערדארבען. מיר האבען זיי איבערגעגעבען אלע שלעכטע זיטען פון דער ציוויליזאציאן. דיא גוטע זיטען האבען זיי ניט געקענט זיך אפלערנען. זיי זיינען נאך ניט ציוויליזירט דערצו. מיר האבען זיי אויסגעלערנט צו

טרינקען נייסטינע געטרענק; מיר האבען זיי געלערנט, אז געלט האט א ווערטה און אז דער מענש דארף לעבען נור צוליעב געלד. טהאלקאווע איז נאך וועניג ציוויליזירט, דערפאר איז ער נאך גוט און עדעל. ער איז נאך אונשולדיג, וויא דאס טהיער. מיר האבען געזעהן פעלע, ווען א הונד האט געאָפפערט זיין לעבען אום צו רעטען זיין בעל-הבית. ער ווייס נאך ניט פון פאלשקייטען; ער ווייס נאך ניט צו רעדען מיטן מויל אזוי און אין הארצען צו טראגען א האס אויף יענעם. ער ווייס, אז ווען איינער געפעלט איהם, ווען ער האט איינעם ליעב, איז ער איהם טריי ביזן טויט. אזוי זיינען אלע ווילדע מענשען, איידער זיי בעקענען זיך מיט דער ציוויליזאציאָן.

— מיינע העררן! האט פלוצלונג געזאגט טאם אויגוסטין, מיר האבען פערגעסען דאס ערשטע, דאס נאָטהווענדיגסטע. — מיר האבען פערגעסען צו געבען א נאמען אונזער נייע וואָינונג.

— ער האט פאלקאמען רעכט, האט לארד גלענארוואן געזאגט. וויא קען עס זיין א וואָינונג פון מענשען אהן א נאמען? מיר מוזען עס א נאמען געבען.

— איך שלאג פאר, אז מיר זאלען עס רופען „ליבערטי האלל“, האט דער פראפעסאר געזאגט.

— ליבערטי האלל! ליבערטי האלל! האט מען געשריען פון אלע זייטען. דאס איז א גוטער נאמען. ליבערטי האלל הייסט, דיא האלל דער פרייהייט. מיר זיינען דא גאנץ פריי. מיר האבען דא ניט קיין קעניג, ניט קיין פירסט, מיר זיינען דא אלע פריי.

— אלזא, הייסט אונזער וואָינונג „ליבערטי האלל“, האט דער פראָפעסאָר געזאגט. יעצט, מיינע העררן, ווענט איהר מיר ערלויבען, איך זאל מיר ערגעץ געהן זוכען א פלאץ, וואו איך זאל קענען מאכען מיין אבסערוואטאריום. א פונקט, פון וואנען איך זאל קענען איבערזעהן דיא גאנצע געגענד מיט מיין טעלעסקאָפ (שפעקטיוו) און זאל אייך קענען געבען נאכריכטען, וואס עס הערט זיך עפּעס אויף דער וועלט.

ער האט ניט געווארט, ביז מען וועט איהם ערלויבען. ער האט גענומען זיין טעלעסקאָפ אויף דער פלייצע, וויא ער פלעגט איהם שטענדיג טראגען און האט אנ-געהויבען צו קלעטערן פון איין צווייג אויפ'ן אנדערן אין דער הויך, אום ער זאל פון דער הויך קענען איבערזעהן דיא גאנצע געגענד.

— וויא ווייט זיינען מיר יעצט פון אטלאנטישען וועלט-מעער?! האט געפרעגט דער מאיאר פון ליבערטי האלל דעם פראפעסאר אין אבסערוואטאריום.

— איך רעכען, אז מיר זיינען ניט מעהר וויא פיערציג ביז פופציג מייל ווייט פון'ם מעער, האט דער פראפעסאר געענטפערט.

דער פראפעסאר האט געקוקט איינינע צייט אין אלע זייטען, ער האט אבער געזעהן נור וואסער. ענדליך איז ער אראָפּגעקראָכען פון זיין אבסערוואטאריום און איז געקומען צו זיינע קאמעראדען אין ליבערטי האלל.

אזוי וויא עס איז נאך געווען צו פריה צו לעגען זיך שלאפען, זיינען אלע געזעסען ארום פייער און האבען זיך גאנץ רוהיג געפלוידערט. גערעדט האט מען, וויא געוועהנליך. פון קאפיטאן גראַנט. זיי האבען שוין יעצט איינגעזעהן, אז ער איז ניטא אין אמעריקא, אז אלע שוועריגקייטען און אלע געפאהרען, וועלכע זיי זיינען אויסגעשטאנען אין דער

צייט פון זייער רייזע אין זיד־אמעריקא, איז געווען אומזיסט. זיי זיינען נור געקומען צו דער איבערצייגונג, אז קאפּיטאן גראנט איז ניטא אין אמעריקא. וואס טוט מען אבער ווייטער? זיך אפּזאגען? מעהר ניט זוכען?

— ניין! האט לארד גלענארוואן אויסגערופען. איך האב אנגעהויבען צו זוכען קאפּיטאן גראנט און וועל מיך ניט אפּזאגען, ביז איך וועל איהם געפינען. אין דיא בריעף, וואס מיר האבען געפונען שטעהט דייטליך, אז ער געפינט זיך אויפ'ן 37טען גראד, מוזען מיר אזוי לאנג פאהרען און זוכען אויפ'ן 37טען גראד, ביז מיר וועלען איהם געפינען.

— א שווערע און אומזיסטע ארבייט, האט געברומט דער מאיאר. מיר וועלען דאך מוזען מאכען א רייזע ארום דער וועלט.

— נו, וועלען מיר מאכען א רייזע ארום דער וועלט! האט דער פּראפעסאר געזאגט. מיר וועלען פאהרען אזוי לאנג, ביז מיר וועלען איהם געפינען.

— בעדענקט אבער, אז אין דיא בריעף שטעהט אויסדריקליך פּ א ט א ג א נ י ע ן? האט דער מאיאר ווייטער געפרעגט.

— דאס בעאונרוהיגט מיך טאקע, האט לארד גלענארוואן געזאגט גאנץ ערנסט. דאס איז יעצט דיא הויפּט פראגע. זאלען מיר יעצט אוועקפאהרען אין גאנצען פון אמעריקא און זוכען איהם אין אנאנדער לאנד אויפ'ן 37טען גראד, אדער זאלען מיר יעצט פאהרען קיין בוענאס איירעס זיך ווענדען צום ענגלישען קאָנסול און צום פּרע־זידענט פון דער ארגענטינישען רעפּובליק, זיי זאלען אויספרעגען אלע אינדיאנער קאציקען, פיעללייכט ווייס דאך איינער פון זיי פון קאפּיטאן גראנט, מיר קענען זיך נאך ניט פערלאזען אויף דעם קאמענדאנט פון פּארט אינדעפּענדענס אליין. עס איז דאך זעהר מעגליך, אז ניט אלע אינדיאנער קומען צו איהם אין פּארט.

אייניגע מינוטען האבען אלע געשוויעגען. קיינער האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן, אויף אזא וויכטיגע פראגע. ענדליך האט דער מאיאר געזאגט:

— איידער איך ענטפער אויף אזא וויכטיגע פראגע, וואלט איך זעהר געוואָלט וויסען וועלכע לענדער געפינען זיך אויפ'ן 37טען גראד פון דער וועלט?

— דאס קען איך ניט ענטפערן. דאס זאל אונזער פּראפעסאר זאגען. זיין עס קומט צו געאגראפיע, מעג ער אונז ערקלערן.

— וואו איז ער אהין געקומען? פּראפעסאר! פּאגאנעל! וואו זיינט איהר?

דער פּראפעסאר איז ערגעץ פערשוואונדען געוואָרען.

— אָט בין איך! האט מען געהערט א שטימע פון דיא גאנץ הויכע צווייגען פון'ם בוים.

— וואס איז מיט אייך? האט לארד גלענארוואן געפרעגט מיט פערדרוס. איהר זייט דאך שוין אייניגע מאל אראפּגעגאנגען פון אייער אבסערוואטאָריום. פאר וואס זייט איהר ווידער ארויפגעקראכען?

— איך האב פערגעסען צו קוקען אויף די בערג, פון וואנען דאס וואסער קומט.

— קומט נור אהער אויף א מינוט.

— וואס דארפט איהר מיך?

— מיר ווילען אייך פרעגען, וועלכע לענדער געפינען זיך אויפ'ן 37סטען גראד פון דער וועלט ?

— פון אזא קלייניגקייט ווענען דארף איך ניט אראפגעהן. איך קען מיר דיזען רוהיג אין מיין אבסערוואטאריום און אייך ערקלערן.

— אלזא, זאגט !

— דער 37סטע גראד שניידעט דורך גאנץ זיד-אמעריקא.

— און דאן ?

— דאן געהט ער אין אטלאנטישען וועלט מעער.

— איך פרעג אייך, וועלכע ל ע נ ד ע ר געפינען זיך אויפ'ן 37טען גראד.

— איך מוז אייך אלעס ערקלערן, האט דער פראפעסאר געזאגט שטאלץ. ער געהט דורך דיא אינזעל ט ר י ס ט א ן - ד א נ ק ו נ י א.

— און ווייטער ?

— ווייטער געפינט זיך אויף איהם דיא אינזעל סען פיערר פון דער גרופע אינזלען אמסטערדאם אין אינדישען וועלט-מעער.

— און ווייטער ?

— ווייטער געפינט זיך אויף איהם א טהייל פון אויסטראליען, דאס גאנצע לאנד וויקטאריא.

— שוין ? געפינען זיך מעהר קיינע לענדער אויף איהם ?

— עס ליעגען נאך —

דער פראפעסאר האט פלוצלונג געגעבען א געשריי ניט מיט זיין קול. אלע זיינען געווארען בלייך און האבען זיך אומגעקוקט.

— וואס איז שוין נייעס ? האט יעדער געפרעגט זיך אליין. איז שוין ווידער געשעהן אן אונגליק ? האט זיך דער פראפעסאר פערטראכט און איז אריינגעפאלען אין וואסער ? דיא צוויי מאטראזען, ווילסאן און מילרער זיינען געלאפען איהם צוהילף. זיי זיינען געוועזען גוטע שווימערס און זיינען געווען געפאסט זיך אריינצו־ווארפען אין וואסער איהם צו רעטען.

אין דיעזע מינוט האבען זיי בעמערקט, וויא דער פראפעסאר פאלט פון איין צווייג צום אנדערן. ער האפט זיך אן אן א צווייג, האלט איהם א פאר סעקונדען און לאזט זיך ווידער אראפ. דיא מאטראזען זיינען געוועזען אזוי דערשראקען, אז זיי האבען ניט געוואוסט וואס צו טהאן. פלוצלונג איז אויפגעשטאנען דער מאיאר און האט אנגעהאפט דעם פראפעסאר ביי ביידע הענד.

— שטעה ! וואוהין איז ?

— אה ! איך דאנק אייך, מאיאר ריטשארדסאן ! האט דער פראפעסאר גע־זאגט. איך האב געוואלט עפעס א קוק טהאן אויף מיין קליינע לאנדקארטע און האב פערגעסען, אז אונזער לענדלארד האט זיך זעהר ווייניג געזארגט אז דער פוסבאדען זאל זיין גלייך. איך האב מיך אויסגעגליטשט און וואלט געווען אראפגעפאלען, ווען איהר זאלט מיך ניט געוועזען אויפהאלטען. — איך דאנק אייך נאך א מאל !

— אבער וויא קומט עס, איהר זאלט אזוי גאנץ פערגעסען, וואו איהר זייט ?

נעדענקט איהר ניט דיא לאנדקארטע אויסוועניג? האט לארד גלענארוואן איהם גע־פרעגט. דיא וואסערן ארום אונז רוישען אזוי שטארק, אז זיי לאזען ניט פערגעסען, וואו מיר זיינען.

— איך האב אויסגעפונען, וואס פאר א גראבען פעהלער מיר האבען אלע געמאכט. דאס האט מיך אזוי איבערראַשט, אז איך האב פערגעסען, וואו איך בין.

— מיר האבען געמאכט א פעהלער, אדער איהר האט געמאכט א פעהלער? האט לארד גלענארוואן געפרעגט ערשטוינט.

— איהר, ליידי העלענא, דער מאיאר און איך. — אלע, מיר אלע האבען געמאכט א גראבען פעהלער. מיר מאבען איהם נאך יעצט.

— ערקלערט אונז דייטליכער, פראפעסאר, מיר פערשטעהן אייך ניט.

— מיר זוכען דעם קאפיטאן גראנט דארט, וואו ער איז גאר קיין מאל ניט געוועזן. מיר האבען פאלש געלעזען דיא בריעף. מיר האבען זיי ניט ריכטיג ערקלערט. יעצט ווייס איך אלעס, יעצט פערשטעה איך.

24טעם קאפיטעל.

## דער פראפעסאר ערקלערט דיא בריעף.

אונזערע רייזענדע האבען אויסגעגלאצט דיא אויגען און בעטראכט דעם פראָ־פעסאָר. — איז ער אראָפּ פון זינען? האט ער ווייטער געמאכט איינעם פון זיינע פעהלער, ווען ער איז צערשטרייט? האט ער ווירקליך אויסגעפונען דעם וואהרען זינן פון דיא בריעף? — האט יעדער ביי זיך געטראכט. יעדער איז געוועזן נייגעריג צו הערן, ויא אזוי דער פראפעסאר וועט לעזען דיא בריעף, וויא אזוי ער וועט זיי ערקלערן און וואוהין ער וועט זיי הייסען פאהרען. קיינער אבער האט ניט געוואגט איהם צו פרעגען, ביז דער קליינער ראבערט איז צו איהם צוגעקראָכען, האט איהם אנגענומען ביי דיא הענד און האט איהם געזאגט:

— זאגט מיר, אלזא, ליעבער פראפעסאר, וואו געפינט זיך מיין פאטער?

— יא, יא, מיין קינד, איך וועל עס דיר באלד זאגען, האט דער פראפעסאר געענטפערט.

ער האט זיך צוגעשפארט צו א גראבען צווייג און האט אנגעהויבען צו ערקלערן.

— מיינע פריינדע, מיר האבען שלעכט ערקלערט דיא בריעף און זיינען געפאהרען אויף א פאלשע שפור. —

— דאס ווייסען מיר שוין, איז איהם דער מאיאר אריינגעפאלען אין דיא רעד. זאגט אונז בעסער, וועלכע איז דיא ריכטיגע שפור, אויף וועלכער מיר זאלען זוכען דעם קאפיטאן גראנט.

— האט אביסעל געדולד, הערר מאיאר, איך וועל אייך באלד אלעס ערקלערן. ווען איך בין געזעסען אויפ'ן שפּיץ בוים אין מיין אבסערוואטאריום און לארד גלענארוואן האט מיך געפרעגט, וועלכע לענדער עס געפינען זיך אויפ'ן 37טען גראד, איז מיר איינגעפאלען, וואס פאר א גרויסען פעהלער מיר האבען געמאכט. וויא א בריין איז מיר דורכגעפלויגען פאר מיינע אויגען און האט בעלייכט אלע מיינע געדאנקען. דאס

ווארט „אויסטראל“ Austral וועלכעס געפינט זיך אין פראנצויזישען בריעף, מיינט ניט דיא זיד זייט (דרום זייט) פון דער וועלט, זאנדערן דאס לאנד „אויסטראליען“. — דאס ווארט איז ניט אין גאנצען, עס זייגען דערפון אפגעמעקט געווארען צוויי בוכשטאבען. אויסטראליען הייסט אויף פראנצויזיש Australie.

— איך פערשטעה עס ניט, האט דער מאיאר געזאגט. עפעס געהט עס ניט מיר אין קאפ אריין.

איך גלויב עס אויך ניט, האט לארד גלענארוואן געברומט. עס איז אונמעגליך.

אונמעגליך, זאגט איהר? האט דער פראפעסאר אויסגערופען, איהר קענט ניט קיין פראנצויזיש! אויף פראנצויזיש געברויכט מען קיין מאל ניט דאס ווארט „אויסטראל“ צו בעצייכענען דיא זיד זייט פון דער וועלט. ווען מען שרייבט אויסטראל, מיינט מען נור דאס לאנד, אדער ריכטיגער געזאגט, דעם וועלטטהייל אויסטראליען.

— איך פערשטעה עס דאך ניט, האט לארד גלענארוואן ווייטער געזאגט. וויא איז דאס מעגליך, אז קאפיטאן גראנט האט געליטען שיפברוך לעבען אויסטראליען, ווען אין בריעף שטעהט דייטליך „אינדיאנער“. דיא ווילדע מענשען פון אויסטראליען רופט מען ניט אינדיאנער, זאנדערן אויסטראליער? אין בריעף שטעהט דאך אבער פארט אינדיאנער!

— איך האב דאך אייך געזאגט, מילארד, אז איהר פערשטעהט ניט גוט פראנצויזיש, האט דער פראפעסאר געזאגט גאנץ רוהיג. איהר האט דא וויעדער געמאכט א גראבען פעהלער. שטעהט דען אין דיא בריעף אינדיאנער? עס שטעהט „אינד“ Ind, האט איהר געמיינט, אז דאס הייסט אינדיאנער; מען מיינט אבער גאר „אינדיזשען“ Indigenes, דאס הייסט, דיא ווילדע מענשען פון יענער געגענד. אויף ענגליש זאגט מען Aborigines, ווען מען וויל זאגען, דיא ערשטע, אלטע איינוואינער פון א לאנד, אויף פראנצויזיש זאגט מען אינדיזשען.

— בראווא, פראפעסאר פאגאנעל! האט אויסגערופען דער מאיאר. דאס הייסט קענען פראנצויזיש! דאס הייסט, וויזען אן ענגלענדער, וויא אזוי צו לעזען פראנצויזישע בריעף.

לארד גלענארוואן האט גוט געקענט פראנצויזיש, ער האט אבער געמאכט דעם פעהלער, ווייל יעדער מענש קען מאכען א פעהלער און ניט גאנץ ריכטיג פערשטעהן א ווארט.

— נו, מילארד? האט דער פראפעסאר געזאגט פרעהליך, ווית איהר יעצט איינפערשטאנען מיט מיר? האב איך רעכט? האב איך בעסער ערקלערט דיא בריעף?

— איך וואלט מיט אייך געווען איינפערשטאנען, ווען איהר זאלט מיר ערקלען דאס ווארט „אגאניע“ וועלכעס מיר האבען ביז אהער געמיינט, אז עס מיינט פאטאגאניע.

— דאס ווארט קען איך דערווייל נאך אליין ניט ערקלערן, עס איז אבער ניט וויכטיג. זיכער איז, אז קאפיטאן גראנט האט געליטען שיפברוך לעבען אויסטראליען.

— דאס ווארט ווייזט אבער דאך אויף א לאנד, האט לארד גלענארוואן געזאגט און געשאקעלט מיטן קאפ.

ער האט נאך אלץ ניט אין גאנצען געגלויבט, אז ער, ליידי העלענא און אלע האבען אזוי שלעכט געלעזען דיא בריעף.

— ווארט! האט פלוצלונג אויסגערופען דער פראפעסאר. איך ווייס! איך פערשטעה!

אלע האבען איהם אנגעקוקט און האבען געפרעגט מיט דיא אויגען: וואס ווייס ער? וואס פערשטעהט ער?

— דאס ווארט „אגאָניע" מיינט גאר ניט קיין לאנד, האט דער פראפעסאר געזאגט רוהיגער. דאס ווארט אגאָניע הייסט דיא גרעסטע געפאהר. ווען א קראנקער האלט ביים שטארבען, ער איז אין דער גרעסטער געפאהר, (ער איז א גוסס) זאגט מען, ער איז שוין אין דער „אגאָניע". קאפיטאן גראנט שרייבט, אז ער געפינט זיך אין דער גרעסטער נויט, אין דער שרעקליכסטער געפאהר, אין „אגאָניע".

— בראוואָ! בראוואָ! האט ווידער־אום אויסגערופען דער מאַיאָר. דאס הייסט זיין א פראָפעסאָר! אזוי ערקלערן א וואָרט קען נור א פראָפעסאָר! שאדע, וואס איך בין שוין צו אלט; ווען איך בין אביסעל אינגער, וואלט איך אריינגעטרעטען צו אייך אין אוניווערזיטעט און וואלט מיך אנגעהויבען צו לערנען ביי אייך געאָגראפיע און שפראכען.

— אלזאָ, וויא אזוי וועט איהר צוזאמען שטעלען דעם בריעף? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— גאנץ איינפאך:

„דעם 7טען יוני 1862 האט דיא שיף מיט דריי זעגעל בוימער „בריטאניא"
„פון גלאזגאָ געליטען שיפברוך לעבען אויסטראליען. דער קאפיטאן מיט צוויי
„מאטראָזען זיינען אין דער גרעסטער געפאהר (אגאָניע) זיי האבען זיך געראטעוועט,
„(אָדער געוואלט רעטען) אויף דאס לאנד, דיא ווילדע אבער האבען זיי געפאנגען
„אדער ווילען זיי פאנגען — דאס קען איך ניט וויסען. — זיי האבען אריינגעווארפען
„דיעזע פלאַש אין וואסער און בעטען הילף."

— עס איז גאנץ ריכטיג, האט דער מאַיאָר געזאָגט, אנדערש קען מען גאר דיא בריעף ניט ערקלערן.

— אלזאָ, איז קאפיטאן גראנט אין אויסטראליען, האט ענדליך געזאגט לארד גלענארוואן. מיר מוזען פאהרען קיין אויסטראליען איהם זוכען. — גוט! קיין אויסטראליען!

— קיין אויסטראליען! קיין אויסטראליען! האבען אלע אויסגערופען. לאָמיר פאהרען קיין אויסטראליען.

— איך דאנק אייך, פראָפעסאָר, האט לארד גלענארוואן געזאָגט און האט געדריקט דעם פראָפעסאָר דיא האנד. נאָר אליין האט אייך צוגעשיקט צו מיר אויפ'ן שיף. וואס וואלטען מיר יעצט געטהאן אהן אייך?

— איך ווייס ניט, אויב גאט האט מיך צוגעשיקט אדער מיינע צערשטרייטהייט האט מיך געבראכט אויף אייער שיף. איך וויל דערפון מעהר ניט רעדען, האט דער פראָפעסאָר געזאגט. איך ווייס נור איינס, אז מיר מוזען זעהן, וויא אם שנעלסטען צו קומען צום „דונקאן" און פאהרען קיין אויסטראליען דארט זוכען דעם קאפיטאן גראנט.

אלע זיינען געוואָרען פרעהליכער, אלע זיינען געוואָרען מונטערער, אלע זיינען געוואָרען לעבעדיגער. יעצט וועלען זיי וועניגסטענס ניט קומען גאנץ מיט לעדיגע הענד אויפ׳ן „דונקאַן״. ליידי העלענא, מערי גראַנט און דער קאַפּיטאַן פּאַרראַגוט וועלען ניט זיין פערצווייפעלט, ווען מען וועט זיי קומען זאגען, אז דיא גאנצע רייזע אין ט׳שילי און ארגענטיניען איז געוועזען אומזיסט און מען ווייס יעצט ניט וואס צו טהאָן. יעדער האט געפיהלט, אז ער האט פאר זיך א געוויסען ציעל, א געוויסען צוועק. איין זאך האט זיי געקרענקט: וואס זיי זיינען דא געפאנגען אויפ׳ן בוים און קענען ניט באלד פאהרען קיין אויסטראַליען.

אונטערדעסען איז געוואָרען נאכט און מען האט געדארפט זיך לעגען שלאפען. דאס צורעכט מאכען פון געלעגערס האט ניט לאנג געדויערט. יעדער האט זיך אויסגעקליעבען א צווייג, וואו ער זאל זיך קענען צושפּארען און האט זיך צוגעבונדען צום צווייג. דאס געלעגער איז געוויס ניט געוועזען אזוי ווייך און ניט אזוי בעקוועם, וויא אין דער היים. גאנץ רוהיג איז אויך ניט געוועזען. דאס וואסער ארום האט גערוישט און געקאָכט. מען איז אבער דאך א־ביסעל אייננגעשלאָפען דיא נאכט, יעדער וויא ער האט געקענט.

דעם אנדערן טאג איז מען אויפגעשטאנען גאנץ פריה. דיא לופט איז געוועזען ריין, דער הימעל בלוי, דיא זון איז ארויסגעגאנגען און האט בעלייכטעט דיא געגענד. גאנץ הויך איבער זייערע קעפּ האבען געזונגען און געפּיפּסט פייגעלעך, וועלכע האבען געהאט זייערע נעסטען אויפ׳ן בוים. אלעס האט געלעבט, אלעס איז פרעהליך געוועזען און דאך האט דאס אויג געזעהן נור הימעל און וואסער. איינער נאכ׳ן אנדערן האבען זיך אונזערע רייזענדע אויפגעחאפּט, יעדער האט געאיילט זיך אפּצובינדען פון׳ם צווייג, צו וועלכען ער האט זיך נעכטען ביי נאכט צוגעבונדען, און אויסשטרעקען זיינע פערגליווערטע גלידער. יעדער האט זיך אויפגעהויבען און האט ארויפגעקלעטערט אביסעל העכער אום צו זעה׳, אויב דאס וואסער איז אָפּגעפאלען, אויב מען זעהט ניט ערגעץ א שטיקעל ערד זיך ארויסווייזען.

ליידער, איז דאס וואסער ניט אָפּגעפאלען. זייער בוים האט זיי דייטליך געוויעזען, אז דאס וואסער שטעהט אלץ אויף איין שטאנד.

— דאס איז אויך גוט, האט דער פּראָפעסאָר געזאָגט. דאס ווייזט, אז דאס וואסער איז ניט צוגעקומען. קוים איז עס ניט צוגעקומען, מוז עס אָבפאלען.

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. יעדער האט געזעהן, אז זייער לאגע איז ניט גאנץ פרעהליך. וויא לאנג קענען זיי דא אויסזיצען אויפ׳ן בוים? באלד וועט זיך אויסלאָזען דאס ביסעל פּראָוויאנט, וואס טהאלקאווע האט זיי איבערגעלאָזען. פון וואס וועלען זיי דאן לעבען? דיא פערפלייצונג קען דויערן זעהר לאנג; ווען עס וועט נאך לאנג רעגענען אין דיא בערג, קענען זיי דא בלייבען געפאנגען וואָכען לאנג. עס איז ניט אזוי אנגענעהם צו לעבען אויף א בוים, וויא דיא פייגעל. —

דיעזע און אנדערע טרויעריגע געדאנקען זיינען געקומען יעדען אין קאָפּ. ווען ער האט זיך אומגעקוקט און געזעהן, אז עס איז נאך זאגאר קיין צייכען ניטאָ, אז דאס וואסער זאל אָפּפאלען. דיא צייט איז פערגאנגען זעהר לאנגזאם. ענדליך איז געוואָרען אום צעהן אוהר און דער מאָגען האט געפאָדערט דאס זייניגע. מען האט געמוזט

זפעס געהסען צו זיך, אדער וויא דער מאיאר האט געזאגט, עפעס פיקען.

— מען מוז געהן זוכען עסען, האט דער פראפעסאר געזאגט. מיר מוזען היינט מאכען א באלל.

— וואוהין וועט איהר געהן זוכען? האט איהם לארד גלענארוואן געפרעגט.

— אין וואלד אריין. — האט איהר ניט געהערט, וויא דיא פייגעלעך זינגען און פיפסען איבער אונזערע קעפ? זיי האבען דא זייערע נעסטער, אין דיא נעסטער זיינען דא אייער. דיא פייגעלעך אליין קען מען אויך עסען פאר נויט. אונטער אונז איז וואסער. וואו עס איז דא וואסער קען מען חאפען פיש.

— יא, ליעבער פראפעסאר! האט אויסגערופען ראבערט. איך וועל ארויפקלעטערן אויף דיא גאנץ הויכע צווייגען און וועל זוכען דיא נעסטער פון דיא פייגעל. איך וועל מיטנעהמען מיינע רעוואלווערס און וועל שיעסען דיא פויגעל.

— האסט רעכט, מיין קינד, איך וועל אויך געהן מיט דיר. איך בין א פראנצויז און יעדער פראנצויז איז א געבארענער יעגער.

— זעהט נור, איהר זאלט ניט זיין צערשטרייט, האט איהם דער מאיאר געווארנט. איהר קענט אייך דערמאנען אן אויסטראליען און אראפפאלען, וויא איהר האט נעכטען געטהאן.

— און איך וויל ווערן א פישער, האט דער מאטראז ווילסאן געזאגט און וועל אייך פערזארגען מיט פיש.

— וויא אזוי וועסט דוא חאפען דיא פיש? האט איהם לארד גלענארוואן געפרעגט.

— מיט מיין דעק. איך וועל מאכען פון איהר א נעץ און חאפען פיש.

— זיא וועט דאך אבער שווימען פון אויבען?

— איך וועל צו איהר צו בינדען פון אלע זייטען בלייענע קוגעלן, דיא קוגעלן פון מיין רעוואלווער.

מען האט זיך באלד גענומען צו דער ארבייט. ווילסאן האט צוגעבונדען לאנגע דיעמענס צו אלע פיער זייטען פון זיין דעק, האט אין דערמיט און ביי דיא ברעגעס בעפעסטיגט בלייענע קוגעלן און האט זיא אראפגעלאזען אין וואסער. אין איינינע מינוטען ארום האט ער זיא ארויסגעצויגען און אה, פרייד!

אין דער דעק האבען זיך געווארפען און געצאפעלט עטליכע קליינע פישלעך. ער האט באלד אפגעבראכען א גאנץ דין צווייגעלע פון׳ם בוים און האט אויפגעשטאכען זיינע פיש. באלד האט ער ווידער אראפגעלאזען זיין נעץ אין וואסער און האט ווידער געחאפט עטליכע פישלעך. אלע זיינען געווען העכסט ערפרייט איבער דעם גליקליכען פאנג; זאגאר דער ערנסטער לארד גלענארוואן האט זיך ניט געשעהמט צו זעצען זיך לעבען ווילסאן און צו קוקען, וויא ער חאפט פיש.

אונטערדעסען איז ראבערט מיט׳ן פראפעסאר געגאנגען זוכען אייער און שיעסען פייגעל אין דיא אויבערשטע צווייגען פון׳ם בוים. מען האט אונטען געהערט זייער געלעכטער און דאס קנאקען פון זייערע רעוואלווערס. אויפ׳ן בוים זיינען ווירקליך געוועהן זעהר פיעלע נעסטער פון פייגעל און דיא פערפלייצונג ארום האט געצוואונגען דיא פייגעל צו בלייבען אויפ׳ן בוים. זיי האבען ניט געהאט, וואו אוועקצופליעהען. אונזערע

יענער האבען ווירקליך געהאט א גליקליכע יאגד. דער פראפעסאר האט אנגעקליבען פיעל אויער פון פייגעל, ראבערט האט געשאסען איינינע פייגעל. זיי זיינען אראפגע־נאנגען פונ'ם בוים, אדער וויא ער האט אליין געזאגט:

— מיר קומען פונ'ם וואלד און האבען געבראכט א מיטאג.

יעצט האט מען געמאכט ווירקליך א באלל. דער פראפעסאר האט געבראטען דיא אויער און דיא פייגעל. ווילסאן האט געבראטען פיש. האבען געמאכט א פאר־טרעפליכען מיטאג. אלע האבען געגעסען מיט'ן בעסטען אפעטיט און האבען אויף א מינוט פערגעסען, וואו זיי זיינען. דער פראפעסאר האט געשפאסט און האט דער־צעהלט דיא געשיכטע פון דער יאגד.

— איך בין געגאנגען אין וואלד גאנץ אליין, האט ער אנגעהויבען צו דערצעה־לען מיט א שפאסהאפטען טאן. דער וואלד איז געדיכט און שרעקליך. אין ערטער זעהט מען זאגאר ניט דיא זון. מיין גליק איז געווען, וואס אין וואלד זיינען ניטא קיין ווילדע חיות. עס טהוט מיר לייד, וואס איך האב ניט בעגעגענט א טיגער, אדער א יאגואר. —

— אייך טהוט לייד, וואס איהר האט ניט בעגעגענט א יאגואר? האט איהם לארד גלענארוואן געפרעגט מיט א געלעכטער. איך מיין, אז ווען איהר וואלט בעגע־גענט אזא דזשענטעלמען אין וואלד, וואלט איהר שוין פערשפארט צו לערנען געאגרא־פיע מיט אייערע סטודענטען.

— עס איז ניט וואהר, האט דער פראפעסאר געזאגט ערנסט. דיא ווילדע חיות זיינען גאר ניט אזוי געפעהרליך, וויא איהר מיינט.

— אה, דאס גלויב איך אייך ניט, הערר פראפעסאר! האט דער מאיאר געזאגט. איהר וועט מיר נים איינרעדען, אז דיא ווילדע טהיערע זיינען ניצליך, אז מען דארף זיי.

— מיר, געלערנטע, דארפען זיי האבען. מיר דארפען לערנען און זיי איינטהיילען אין קלאסען.

— א שעהנע זאך! האט געלאכט דער מאיאר. איז דאס דער איינציגער נוצען פון דיא ווילדע חיות? זיינען זיי דא אויף דער וועלט נור צוליעב אייך, געלערנטע? — איך זאג אייך, ווען איך זאל געווען לעבען אין דער צייט, ווען דער אלטער נח האט אריינגענומען אין זיין תיבה אלערליי ווילדע חיות, וואלט איך איהם אויף קיין פאל ניט דערלאזען, ער זאל אריינעהמען פארלעך פון לייבען, טיגער, לעמפערטען, יאגוארען און בערען. דיעזע אלע חיות זיינען ניט נור אוננוצליך, זיי זיינען שעדליך.

— איהר וואלט געטהאן דאס גרעסטע אונרעכט, וואס עס קען נור זיין. איהר וואלט געטהאן אן אונרעכט נעגען דער וויסענשאפט, איהר וואלט געטהאן אן אונרעכט נעגען דער זאאלאגיע (דיא וויסענשאפט איבער דיא חיות).

— איך וואלט אבער געטהאן זעהר גערעכט נעגען דיא מענשען. מיר וואלטען לויז געווארען פון אלע געפעהרליכע חיות, האט דער מאיאר געזאגט.

— אן אונגליק מיט א מענשען, וואס איז ניט קיין געלערנטער! האט דער פרא־פעסאר זיך געבייזערט. מיר געפינען יעצט אין דער ערד ביינער פון חיות און בהמות, וועלכע האבען אמאל געלעבט און היינט זיינען זיי אויסגעשטארבען. וויא גליקליך

וואַלטען מיר געווען, ווען מיר זאלען יעצט האבען א לעבעדיגען מאסטאדאָן, א פּלעזיאָזוירוס, אן איכטיאָזוירוס! *)

— ניין! האט אויסגעשריען דער מאַיאָר. מיר וואָלטען אלע געווען זעהר דאנקבאר דעם פּאטער נח, ווען ער זאל געווען נעהמען אלע ווילדע חיות און זיי אריינווארפען אין וואסער אריין.

— אלע געלערנטע וואָלטען איהם פערשאָלטען דיא ביינער, ווען ער וואלט עס געטהאָן, האט דער פּראָפעסאר געזאגט.

אלע האבען געלאַכט, וואס דיעזע צוויי קלוגע מענשען קריעגען זיך איבערן אלטען נח מיט זיין תיבה. און וואונדערבאר! דער מאַיאָר, וועלכער איז געווען אזא רוהיגער, שטילער מענש, פלעגט ליעבען האבען צו שטרייטען און צו קריעגען זיך מיט'ן פּראָפעסאָר, וועלכער האט איהם אויף קיין פאל ניט געוואלט נאכגעבען. געוועהנליך פלעגט אין אזעלכע פעלע לאָרד גלענארוואן מאכען פריעדען צווישען דיא שטרייטענדע. אויך יעצט האט ער זיי געוואלט בערוהיגען און האט געזאגט:

— ליעבער פּראָפעסאר, ניט יעצט איז דיא צייט און ניט דא איז דאס אָרט צו בעהאנדלען דיא פראגע, אויב עס וואלט גלייבער געווען, אז אויף דער וועלט זאלען נאר קיין ווילדע חיות ניט זיין. איך בין זיכער, אז איהר האט גוט געוואוסט, ווען איהר זייט געגאנגען אויף אייער זאנדערבארע יאגד, אז איהר וועט דארט קיין ווילדע חיות ניט בעגעגענען.

— פאר וואס ניט? האט געפרעגט דער פּראָפעסאר צארניג.

— וואס רעדט איהר, פּראָפעסאר? האט זיך טאָם אויגוסטין אריינגעמישט. וויא קומען ווילדע חיות אויף א בוים?

— דאס איז זעהר מעגליך. דער אמעריקאנישע טיגער — דער יאגואר — קלעטערט זעהר גוט אויף ביימער. ער קריעכט ארויף אויף א בוים, בעהאלט זיך דארט און ווען א חיה אדער א בהמה האט דאס אונגליק פארביי צוגעהן דיעזען בוים, שפּרינגט ער אויף איהר ארויף און צורייסט זיא. פאר וואס איז ניט מעגליך, אז א יאגואר האט זיך געראַטעוועט פון דער פערפלייצונג געראדע אויף דעם בוים, וואו מיר געפינען זיך? פאר וואס איז ניט מעגליך, אז ער ליעגט נאך יעצט ערגעץ בעהאלטען צווישען דיא צווייגען?

— איהר האט אבער דאך קיין יאגואר ניט בעגעגענט? האט דער מאַיאָר געפרעגט מיט א געלעכטער.

*) דיעזע אלע זאָנדערבארע חיות זיינען היינט ניטא אויף דער וועלט. זיי זיינען אויסגעשטאָרבען. מען געפינט נור צו מאל זייערע ביינער אין טיעפע קעלערן אין דער ערד אָדער אין דיא געגענדען, וועלכע ליעגען ארום אייז-מעער. ניט לאנג האט מען געפונען אין טיעף סיביר א גאַנצען מאַסטאַדאָן בעגראָבען אין אייז. ער איז נאך געווען זאָגאָר מיט האָר. אזוי וויא עס איז אבער אן אונגעהייער גרויסע חיה און אין סיביר זיינען נאך ניטא קיין גוטע וועגען, האט מען איהם געמוזט צו שניידען און נור דיא ביינער ברענגען אין מוזעאום פון פּעטערבורג. אין דער שווייץ, אין ענגלאנד און אין אמעריקא האט מען אויך געפונען גאנצע סקעלעטען, דיא ביינער פון חיות, וועלכע זיינען היינט אויף דער וועלט ניטאָ.

— וואס לאכט איהר אזוי, הערר מאיאר? האט דער פראפעסאר געפרעגט גערייצט. א יאגואר איז זעהר ווילד און בלוט דורשטיג. מיט איין זעץ פון זיינע שטארקע לאפעס ברעכט ער איבער דעם רוקען פון א פערד. אזא דזשענטעלמען צו בעגעגענען אין וואלד איז גאר ניט אנגענעהם. ווען א יאגואר האט איין מאל פערזוכט מעניטשען פלייש, וויל ער קיין אנדערע זאך שוין ניט עסען. מענשענפלייש שמעקט איהם בעסער פון אלע אנדערע סארטען פלייש. פון מענשען האט ער זעהר ליעב אן אידיאנער, ווען ער האט ניט קיין אינדיאנער, איז ער צופריעדען מיט א נעגער; ווען ער האט ניט קיין נעגער, בעגניגענט ער זיך מיט א מולאט (א מולאט איז דאס קינד פון א נעגער און אן אינדיאנערין), ווען ער האט ניט קיין מולאט, מוז ער שוין נעהמען פאר ליעב א ווייסען מענשען.

— דאס פרעהט מיך, האט געזאגט דער מאיאר. וועניגסטענס, זיינען מיר ווייסע ערשט נומער פיער.

— ווייסט איהר, פאר וואס דאס איז? האט דער פראפעסאר געלאכט, ווייל אייער פלייש טויג ניט. עס האט קיין טעם ניט.

— אויב אזוי, בין איך שוין צופריעדען, וואס מיין פלייש טויג ניט און האט קיין שום טעם ניט. איך בין צופריעדען, וואס מיין פלייש שמעקט ניט דעם מיסטער יאגואר.

— אזוי? צופריעדען זייט איהר? שעהמען דארפט איהר זיך! — דער ווייסער מענש דענקט, אז ער איז דער הערשער פון דער וועלט, אז ער איז דער קאפ און דיא ציערונג פון אלע בעשעפענישען. מיסטער יאגואר אבער זאגט: ניין! דער אינדיאנער און דער נעגער שמעקען מיר בעסער פון'ם ווייסען.

— מיין גוטער, ליעבער פראפעסאר, האט זיך ענדליך אנגערופען לארד גלענארוואן, אזוי וויא צווישען אונז זיינען ניטא, ניט קיין אינדיאנער, ניט קיין נעגער, ניט קיין מולאטען און מיר זיינען אלע געראדע ווייסע מענשען, בין איך העכסט צופריעדען, וואס אויף דיעזען בוים געפינט זיך קיין מיסטער יאגואר. אונזער לאגע איז אהן איהם אויך ניט גאנץ אנגענעהם.

— פאר וואס איז אונזער לאגע ניט אנגענעהם? האט דער פראפעסאר געפרעגט. וואס האט איהר זיך צובעקלאגען אויף אונזער איצטיגער לאגע?

— וויא? געפינט איהר עס אזוי אנגענעהם און בעקוועם צו ליעגען אויף דיעזע הארטע צווייגען צווישען הימעל און וואסער?

— איך ווייס ניט, וואס אונז פעהלט. מיר לעבען, וויא דיא פייגעל. מיר זינגען, מיר פליעהען. מיר עסען און טרינקען. וואס פעהלט אונז נאך? איך מיין, אז עס וואלט געווען זעהר גלייך, אז אלע מענשען זאלען לעבען אויף בוימער?

— זיי האבען דאך אבער קיינע פליגעל, האט דער מאיאר געזאגט, וויא קענען זיי לעבען אויף ביימער?

— מיט דער צייט וועלען זיך דיא מענשען אויסלערנען פליהען, וויא דיא פייגעל, האט דער פראפעסאר געזאגט גאנץ ערנסט. ווען זיי וואלטען געלעבט אויף ביימער, וואלטען זיי שוין לאנג אויסגעפונען א מיטעל, וויא אזוי צו פליהען.

— ביז וואנען דיא מענשען וועלען קענען פליהען, האט לארד גלענארוואן געזאגט, וואלט איך בעסער געוואלט זיין יעצט אין א פארק, אין א שטוב אדער ווענינסטענס אויפ׳ן "דונקאן„ אלס צו זיצען דא אויף דיא צווייגען פון׳ם אמבו.

— מיר מוזען זיין צופריעדען, מיט וואס מיר האבען. ווען עס געהט אונז גוט, זיינען מיר דאך צופריעדען, געהט עס אבער ניט אזוי גוט, מוזען מיר זיין צופריעדען. איך בין זיכער, אז ראבערט איז צופריעדען מיט אונזער יעצטיגע לאגע.

— געוויס, פראפעסאר! איך בין זעהר צופריעדען, האט ראבערט געענטפערט.

— אין זיינע יאהרען איז עס קיין וואונדער ניט, וואס ער איז צופריעדען, האט לארד גלענארוואן געזאגט טרויעריג.

— פאר וואס נאך אין זיינע יאהרען? — אין מיינע יאהרען אויך, האט דער פראפעסאר אויסגעשריען. וואס וועניגער א מענש בעדארף, אלץ גליקליכער איז ער. דיא ווילדע מענשען זיינען גליקליך; זיי האבען קיינע זארגען, ווייל זיי האבען קיינע בעדירפניסע.

— בא, בא, בא! האט אויסגערופען דער מאיאר, וואוהין אונזער פראפעסאר איז פערקראכען! ער וויל אונז בעווייזען, אז רייכקייט טויג ניט און געלד דארף מען ניט. א הא!

— איך וועל אייך דערצעהלען א קליינע אראבישע געשיכטע, האט דער פראפעסאר געזאגט, וועלכע פאסט געראדע צו אונזער איצטיגע לאגע.

— אך, דערצעהלט, פראפעסאר! איך בעט אייך! האט אויסגערופען דער קליינער ראבערט.

— וואס ווילט איהר בעווייזען מיט אייער געשיכטע? האט דער אונרוהיגער מאיאר געפרעגט.

— וואס אלע געשיכטען בעווייזען, מיין מוטהיגער מאיאר.

— אויב אזוי, האט מען ניט וואס צו הערן, האט דער מאיאר געזאגט און האט א מאך געטהאן מיט דער האנד.

— אך, דערצעהלט, פראפעסאר! דערצעהלט!

— טהוט איהם צוליעב און דערצעהלט, האט ענדליך דער מאיאר געזאגט.

— א מאל איז געווען א גרויסער סולטאן מיט׳ן נאמען הארון אל ראשיד. ער האט געהאט א זוהן, וועלכער איז מיט קיין זאך ניט צופריעדען געווען. ער איז געווען אונגליקליך. וואס מען האט איהם געגעבען איז איהם ניט געפעלען און וואס מעהר ער האט געהאט, איז ער אלץ מעהר געווען אונצופריעדען. דער פאטער האט זיך זעהר געערגערט, וואס זיין זוהן איז אזוי אונגליקליך און מיט אלעמען אונצופריעדען. ער איז געגאנגען פרעגען א אלטען דערוויש — א גייסטליכען — וואס ער זאל טהאן.

— צופריעדענהייט איז זעהר א זעלטענע זאך אויף דיזער וועלט, האט געזאגט דער אלטער דערוויש. גליק איז א זעלטענעס פייגעלע. דאכט זיך, אט, אט האט מען עס שוין געחאפט. מען קוקט זיך אום — עס איז ניטא. איך וויים נור פון איין מיטעל, וועלכעס קען העלפען, אז אייער זוהן זאל זיין צופריעדען און גליקליך.

— וואס איז דאס פאר א מיטעל? האט דער סולטאן געפרעגט.

— ער זאל אנטהאן און טראגען אויף זיך דאס העמד פון א צופריעדענעם מענשען. וועט ער אויך זיין צופריעדען.

דער סולטאן האט געדאנקט דעם דערוויש און איז געגאנגען זוכען א צופריעדענעם מענשען. ער זאל ביי איהם אפקויפען זיין העמד. ער האט געזוכט אין דער הויפט שטאדט, ער האט געזוכט אין אנדערע גרויסע שטעדט; ער האט געזוכט אין דיא רייכע, פערגאָלדעטע פאלאצען; ער האט געזוכט אין דיא ארימע געצעלטען, אבער אין ערגעץ האט ער קיין צופריעדענעם מענשען ניט געפינען. צו וועמען מען איז געקומען און מען האט איהם געפרעגט, אויב ער האט זיך ניט עפעס צו בעקלאגען, אויב ער איז מיט אלעמען צופריעדען, האט יעדער געענטפערט, אז עפעס פעהלט איהם, ער האט זיך אויף עפעס צו בעקלאגען.

א לאנגע, לאנגע צייט האט מען געזוכט א העמד פון א צופריעדענעם מענשען און מען האט ניט געקענט געפינען. דער סולטאן איז געווען פערצווייפעלט. איין מאל איז ער געגאנגען שפאציערען אויסער דער שטאדט און האט דערזעהן, וויא א יונגער בויער אַקערט זיין פעלד און זינגט אזוי פרעהליך, אזוי לוסטיג, אז עס איז געווען א פערגניגען איהם צו הערן. — איך מיין, אז דיעזער בויער איז צופריעדען, האט דער סולטאן געזאגט און איז צו איהם צוגעגאנגען.

— וויא געהט עס דיר, גוטער פריינד? האט ער איהם געפרעגט.

— גאנץ גוט.

— ביסט דוא צופריעדען מיט דיין שיקזאל?

— פאָלקאָמען צופריעדען.

— האסט דוא זיך ניט עפעס צו בעקלאגען?

— ניין, איך פערלאנג גאר ניט, איך האב מיך אויף גאר ניט צובעקלאגען.

— וואלסט דוא געוואלט ווערן א סולטאן?

— ניין, איך בין צופריעדען, מיט דעם וואס איך בין.

— אלזא, פערקויף מיר דיין העמד.

— מיין העמד? איך האב ניט קיין העמד.

ער האט געוויעזען דעם סולטאן, אז ער געהט אהן א העמד.

## 25טעם קאפיטעל.

### צווישען פייער און וואסער.

אלע האבען צוגעהערט אויפמערקזאם דעם פראפעסארס געשיכטע. צוואר האט זיא גאר ניט בעוויעזען, וויא אלע געשיכטען בעווייזען גאר ניט. זיא האט אבער זעהר געפאסט צו זייער איצטיגע לאגע. יעדער האט איינגעזעהן, אז ווען מען האט ניט קיין שעהנעם הויז און קיין ווייכעס בעט, מוז מען צופריעדען זיין מיט צווייגען פון א בוים.

אזוי האט מען גערעדט, געפלוידערט און פערבראכט דעם טאג. דאס וועטער איז געווען שעהן. עס איז געווארען זעהר הייס. זיי האבען אבער דיא היץ ניט שטארק געפיהלט אין בוים אויפן וואסער איז געווען קיהל. עס האט אנגעהויבען נאכט צו ווערן. מען האט זיך געדארפט געהן לעגען שלאפען לאָרד גלענאַרוואן, פאַגאַנעל און

דער פּראָפעסאָר זיינען נאָך אמאל ארויפגעקראָבען אויף דיא הויכע צווייגען פון׳ם בוים׳ אום צו זעהן, אויב דאס וואסער איז ניט אפּגעפאלען, אויב מען זעהט ניט ארוים קיין לאנד ערגעץ פון וויטען.

ווען לאָרד גלענארוואן האט בעטראכט דעם הימעל אין אסטען (מזרח זייט) איז ער בלייך געוואָרען. א דיקער שווארצער וואָלקען האט זיך געשטעלט, וויא א וואנד און האט פערשטעלט דעם הימעל. ער איז געוואָרען אלע מאל שווארצער, אלע מאל גרעסער אלע מאל דראהענדער. אין א גאנץ קורצע צייט האט ער פערדעקט דעם האלבען הימעל. דיא לופט איז געווארען שטיל. קיין ווינטעלע האט געוועהט, קיין בלעטעלע האט זיך געריהרט. דער מענש האט געפיהלט, אז עפּעס פּרעסט איהם, עפּעס דריקט איהם. עס איז איהם שווער אויפצוהויבען א האנד, עס איז איהם שווער צו ריהרען מיט א גליעד. דאס איז דיא עלעקטריציטעט אין דער לופט, וועלכע האט זיך אנגעזאמעלט און מוז אויסברעכען.

— מיר וועלען האבען א שטורם, האט דער פּראָפעסאָר געזאגט. עס וועט דונערן און בליצען.

— האסט דוא מורא פאר א דונער, ראָבערט? האט לאָרד גלענארוואן געפרעגט.

— ניין, מילארד.

— אזוי האב איך דיך ליעב. מיר וועלען באלד האבען א שטארקען שטורם.

— וואס הארט עס אונז? האט געלאכט דער פּראָפעסאָר. מיר וועלען זיך זיצען גאנץ רוהיג אין אונזער נעסט.

— דער שטורם הארט מיך ניט, האט לאָרד גלענארוואן געזאגט. מיך הארט דער רעגען. מיר האבען זיך קוים אפּגעטריקענט און יעצט וועלען מיר ווידער נאס ווערן ביז צו דער הויט. — איהר מעגט אייך זאָגען, וואס איהר ווילט, מענשען קענען דאך ניט לעבען אויף ביימער, וויא פייגעל,

— ווען מען איז נור א פילאָזאָף, קען מען שוין לעבען גאנץ רוהיג אויף א בוים.

— וואס זאגט איהר, פּראָפעסאָר? וואס קען אייך העלפען אייער פילאָזאָפיע געגען א שלאגסרעגען? קען אייך דיא פילאָזאָפיע בעשיצען, איהר זאלט ניט נאס ווערן?

— געוויס ניט, זיא קען אייך אבער געבען מוטה, אלעס איבער צוטראָגען.

לאָרד גלענארוואן האט אמאך געטהאן מיט דער האנד.

— לאָז שוין זיין אזוי, וויא איהר זאגט. — לאָמיר בעסער אראָפּגעהן און זאגען אונזערע קאמעראדען, אז מיר וועלען באלד האבען א שטורם. לאָז זיך יעדער איינוויק־לען אין זיין מאנטעל און אין זיין דעק. איהר, פּראָפעסאָר, מעגט אייך איינוויקלען אין אייער פילאָזאָפיע, פיעללייכט וועט זיא אייך בעסער שיצען געגען רעגען.

גלענארוואן האט נאָך אמאל בעטראכט דעם הימעל און דאס וואסער ארום. אלעס איז געווען דונקעל. דיא וואָלקען זיינען געוואָרען מיט יעדער מינוט שווארצער און שרעקליכער. די זיינען אראָפּגענאנגען צו זייערע קאמעראדען. אונטען איז געווען נאָך דונקלער, נאָך טרויעריגער. אונטען איז געווען פינסטער. פלוצלונג האבען זיך אנגעהויבען צו ווייזען חעלע, ליכטיגע פינטלעך אויפן וואסער. די זיינען געפלויגען,

געלאפען, זיך אויסגעמישט, זיך צו שפרייט און פארדעקט דיא גאנצע געגענד.

— וואס איז דאס? קענט איהר עס אונז ניט ערקלערן, פראפעסאר?

— געוויס! דאס זיינען אזעלכע לייכטענדע פליעגעלעך.

— דיעזע ליכטיגע, שעהנע, גלענצענדע פונקטען זיינען פליעגעלעך? האט ראַ־בערט געפרעגט פערוואונדערט.

— יא, מיין קינד, דאס זיינען אזעלכע פליעגען. פון צווי דריזען אין זייער ברוסט ווייזט זיך ארויס א העלער שיין. דיא דאמען אין בוענאס איירעס האפען זיי און שטע־קען זיי אין אויפ'ן קאפ, ווען זיי געהן אויף א באלל. זיי לייכטען שעהנער און העלער, אלס דיאמאנטען.

לארד גלענארוואן האט יעצט געזאגט אלעמען, אז עס וועט ביי נאכט זיין א שטאַרקער שטורם. יעדער זאל זיך גוט צובינדען צו זיין צווייג. דער שטורם וועט גע־ווים שטארק שאקלען דעם בוים און זיי קענען נאך אראפפאלען. עס איז געוואָרען שפעט. יעדער האט זיך איינגעהילט אין זיין דעק און האט זיך צוגעבונדען שטארק צום בוים.

ליידער, האט קיינער ניט געקענט שלאפען. יעדער האט געפיהלט, אז עפעס וועט פארקומען. עס איז א מערקווירדיגע זאך, אז יעדעס מאל, איידער עס קומט פאַר א רעוואלוציאן אין דער נאטור, פיהלט זיך דער מענש אזוי אונאנגענעהם, אזוי ניעדער־געשלאגען, אזוי שוואך, אזוי מוטהלאז, גלייך וויא ער וואלט אנערקענט, אז ער איז נור א שוואכע פליעג נעגען דער גרויסער, מעכטיגער נאטור.

אום עלף אוהר האט מען דערהערט דעם ערשטען דונער. ער איז נאך געווען שוואך, ער איז נאך געווען גאַנץ ווייט. לארד גלענארוואן האט זיך אויפגעהויבען פון זיין געלעגער און איז געגאנגען זעהן, וואס עס הערט זיך אויף דער וועלט. דער גאנצער הימעל איז געווען בעדעקט מיט שווארצע וואלקען. פון צייט צו צייט זיינען דיא וואל־קען פלוצלונג צוריסען געוואָרען. עס האט זיך געוויעזען א העלער בליץ, וועלכער האט בעלייכטעט דאס וואסער אויף א סעקונדע און איז באלד פערשוואונדען געוואָרען.

— נו, וואס הערט זיך? האט דער פראפעסאר געפרעגט פון זיין דעק ארויס.

— עס הייבט אן ערנסט צו ווערן, מיר וועלען האבען איינעם פון דיא שרעק־ליכסטע שטורמווינדען אין דיעזע געגענדען.

— דעסטא בעסער! האט דער פראפעסאר געזאגט. עס איז אונז לאנגווייליג. מוטער נאטור וויל אונז געבען א שטיק אויף איהר אייגענעם טהעאטער. עס וועט אונז ניט קאסטען א סענט און מיר וועלען געוויס זעהן א שעהנעם שטיק. אין א טהעאטער מאכט מען נאך דונערן מיט בליצען, דא וועלען מיר האבען עכטע, גוטע, אנ־שטענדיגע דונערן, בליצען, רעגען און אביסעל שטורמווינד אלס צוגאב.

— א שעהן מין פערגניגען! האט געלאכט דער מאיאר. דונערן, בליצען, רעגען און שטורמווינד! איך וואלט בעסער געוואלט זעהן אלע דיעזע שעהנע זאכען אין א טהעאטער אין לאנדאן.

— טאפפערער, מוטהיגער מאיאר! האט געזאגט דער פראפעסאר מיט א בייסענדען שפאט. איך זאג אייך, אז מיר וועלען האבען אזא שטורם, וועלכען איהר האט נאך אין אייער לעבען ניט געזעהן. מיר זיינען יעצט אין דער רעכטער צייט פון

דיא שטורמווינדען. אין 1793 האט א געלערנטער ביינעוואינט א שטורם אין בוענאס איירעס. אין דער צייט פון איין שטונדע האט עס זיעבען און דרייסיג מאל געדונערט. דער געלערנטער, מארטין דע מוססי, דערצעהלט פון א שטורם, ווען עס האט פינף און פופציג מינוט נאכאנאנד געדונערט.

— פינף און פופציג מינוט נאכאנאנד? אהן אויפהער? האט דער מאיאר געפרעגט.

— אהן אן אויפהער. פינף און פופציג מינוט כסדר. — איין זאך בעאונרוהיגט מיך, האט דער פראפעסאר ווייטער געזאגט מיט אן ערנסטער מינע. ווען עס דונערט, טאר מען זיך ניט שטעלען אונטער א בוים, ווייל דער בוים ציהט צו זיך צו דעם דונער. וואס קענען מיר יעצט טהאן, ווען מיר מוזען זיך לעגען אין דערמיט פון'ם בוים?

— אין אונזער לאגע ניט איהר אונז זעהר א גוטע האפנונג! האט געזאגט דער מאיאר.

— איך מיין אויך, אז ניט איצט איז דיא צייט צו ווארנען אונז, מיר זאלען זיך ניט שיצען אונ:ער א בוים, האט לארד גלענארוואן געזאגט.

— אלע צייטען זיינען גלייך, האט דער פראפעסאר געענטפערט. — אבער זעהט, עס הייבט זיך אן. —

א שרעקליכער דונער האט אונטערבראכען דיא רעדע פון'ם פראפעסאר. עס האט זיך ווירקליך אנגעהויבען. איין דונער נאכ'ן אנדערן האט פערטויבט דיא לופט, איין בליץ נאכ'ן אנדערן האט צוריסען דעם הימעל און בעלייכטעט דיא גאנצע געגענד. לארד גלענארוואן מיט זיינע קאמעראדען האבען שטילערהייט בעטראכט דיא שרעקליכע רעוואלוציאן אין דער נאטור. עס האט אויסגעוויעזען, אז אלעס ווערט צובראכען, אלעס ווערט צערשטערט, אלעס ווערט פערניכטעט. דיא גאנצע וועלט וויל אונטערגעהן. ביז אהער האט נאך ניט גערעגענט און דער ווינד איז נאך געווען שוואך. באלד האבען זיך דיא פענסטער פון הימעל געעפענט און עס האט אנגעהויבען צו גיעסען א שרעקליכער רעגען. מען מוז וואינען אין יענע געגענדען אום צו האבען א בעגריעף, וואס דארט הייסט א רעגען. ניט טראפענס וואסער פאלען פון הימעל, זאנדערן גאנצע טייכען. דיא וואסערן פון דיא וואלקענס האבען זיך פעראייניגט מיט דיא וואסערן אויף דער ערד און האבען געבילדעט א שרעקליכען טייך, וועלכער האט זיך געגאסען פון אויבען אדער איז ארויפגעקומען פון אונטען.

דיא דונערן און בליצען האבען גאר ניט אויפגעהערט. פלוצלונג האט זיך געוויזען א פייערדיגע קוגעל, וויא א באמבע דיא גרויס, זיא האט זיך אייניגע סעקונדען ארומגעדרעהט, האט געפלאצט, וויא א באמבע און איז פערשוואונדען געווארען. מען האט געפיהלט א שטארקען גערוך פון שוועפעל, דאן איז אלעס געווארען שטיל.

דער בוים ברענט! האט טאם אויגוסטין אויסגעשריען ניט מיט זיין קול.

ער האט רעכט געהאט. דער בליץ האט אנגעצונדען דעם בוים. עס האט איהם נאר ניט געהאלפען, וואס ער איז געוועזן נאס. דער ווינט האט נאך אויפגעפאכט דאס פייער און עס איז געווארען אלע מאל גרעסער. אלע האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע געלעגערס און זיינען געלאפען אין דער זייט, וואו דער בוים האט נאך ניט געברענט. דערווייל האט נור געברענט איין זייט פון'ם בוים, דארט וואו דער בליץ האט

געטראָפען. מיט יעדער מינוט אבער האט זיך דאס פייער פערברייטעט אימער ווייטער. דער רויך איז געוואָרען שטארקער און האט געדראָהט זיי צו דער שטיקען. דיא היץ איז געוואָרען אונערטרעגליך. — זיי זיינען פערלאָרען!

— אין וואסער אריין! האט לאָרד גלענארוואַן אויסגעשריען. איידער פערברענט צו ווערן, איז שוין בעסער דערטרונקען צו ווערן.

דער מאטראָז ווילסאָן איז אריינגעשפּרונגען אין וואסער. באלד אָבער האט מען געהערט א שרעקליכער געשריי:

— העלפט! רעטעט!

און ער איז שנעל ארויפגעקלעטערט צוריק אויפ'ן בוים. ער האט געציטערט, וויא אין פיבער.

— וואס איז געשעהן? האט מען איהם געפרעגט.

— דיא אליגאטאָרס! אין וואסער זיינען דא זעהר פיעל אליגאטאָרס. זיי זיינען אויף מיר אנגעפאלען.

אונזערע לעזער ווייסען געוויס, אז דער אליגאטאר איז א סאָרט קראָקאָדיל. אין דיא טייכען פון זיד-אמעריקא, וויא אויך אין פלאָרידא, זיינען דא זעהר פיעל אליגא-טאָרס. זיי ליעגען גאנץ שטיל אין וואסער און ווארטען, ביז עס קומט צו א מענש אדער א בהמה טרינקען, דאן האפּען זיי איהם מיט זייערע גרויסע, שארפע צעהנער און פערשלינגען איהם.

ביים שיין פון'ם פייער האבען אונזערע רייזענדע דערזעהן מיט שרעק, אז ארום בוים שווימען א גאנצע באנדע פון גרויסע און קליינע אליגאטאָרס מיט אפענע מיילער און ווארטען נור דיא מינוט, איינער זאל אריינשפּרינגען אין וואסער. יעצט איז דיא לאגע פון אונזערע רייזענדע געוואָרען שוידערהאפט שרעקליך. פון איין זייט ברענט דער בוים. דאס פייער ווערט אלע מאל גרעסער און קומט צו געהנטער צו זיי — נאך איינינע מינוטען און זיי וועלען פערברענט ווערן. פון דער אנדערער זייט שווימען דיא אליגאטאָרס, דרעהן זיך, עפענען זייערע גרויסע, רויטע מיילער און קיקען אויף זיי מיט בלוטדורשטיגע אויגען. — זיי זיינען פערלאָרען! פערברענט ווערן אדער צוריסען ווערן פון דיא אליגאטאָרס.

דער שטורם האט אביסעל אויפגעהערט. ערגעץ ווייט האט זיך א שטיקעל וואלקען אנגעהויבען צו ריהרען. עס איז דער פון געוואָרען א סאָרט טריכ-טער (לייקע) און האט זיך אראפּגעלאָזען צום וואסער. פון'ם וואסער האט זיך אויפגעהויבען א זייל, וויא אין איבערגעקעהרטער טריכטער (לייקע). באלד האבען זיך ביידע טריכטער, דער וואלקען און דאס וואסער, פעראייניגט. עס איז פון זיי געוואָרען א הויכער זייל. אויבען און אונטען איז דיא זייל געווען שטארק ברייט, אין דערמיט איז זיא געווען דין. — זיא האט זיך אנגעהויבען צו דרעהן מיט א שרעקליכער געשווינדיגקייט און האט דערביי געמאכט א רעש, גלייך וויא מיליאָנען טאנען וואסער וואלטען מיט אמאָל אראָפּגעפאלען פון א הויכען בארג אין א טיעפען טהאָל. — דאס איז געווען א טאָרנאַדאָ, אויף דייטש הייסט עס „וואסערהאָזע“, אויף רוסיש — „סמערטש“.

דיא טארנאדא׳ס קומען פאר אויפ׳ן וואסער און אויפ׳ן לאנד. ווען א טארנאדא קומט פאר אויפ׳ן לאנד, לאזט זיך אראפּ א שטיק וואָלקען אין געשטאלט פון א טריכ־טער (לייקע) און פון דער ערד הייבט זיך אויף א טריכטער פון שטויב און עס ווערט פון זיי א זייל. ווען אזא טארנאדא קומט צו צו א וואלד, רייסט זיא אויס דיא שטארק־סטעביימער מיט דיא וואָרצלען און שליידערט זיי אוועק אויף הונדערטע פון דעם ארט, וואו זיי האבען געוואקסען; ווען זיא קומט צו צו א שטאָדט, מאכט זיא אין דעם גרעסטען אומגליק. זיא צוברעכט און צוקוועטשט הייזער, מויערן, דיא שטארקסטע גע־ביידען, אייזערנע זיילען און אייזערנע טויערן וויא דינע שפּענדליך און צו וואו[illegible] זיי אין אלע זייטען. אויפ׳ן מעער א טארנאדא איז אויך זעהר געפעהרליך. וועה איז דער שיף, וועלכע בעגעגענט א טארנאדא אויף איהר וועג! זיא איז פערלאָרען אהנע רעטונג. ערשט אין דער לעצטער צייט איז מען געוואָהר געוואָרען, אז א שיף קען זיך רעטען פון א טארנאדא, ווען זיא שיעסט אויס אויף דיא טאָרנאַדאָ מיט קאַנאָנען. אויפ׳ן לאנד קען מען אויך צושלאגען דיא טארנאדאָ, ווען מען זאל אויף איהר שיעסען מיט קאַנאָנען. ליידער, געהט אָבער דיא טארנאדא מיט אזא שנעלינקייט און אויף אזעלכע קרומע וועגען, אז עס איז זיך שווער פאָרצובערייטען זיא צו עמפּפאנגען, וויא עס קומט איהר. אויפ׳ן מעער איז עס אנדערש. אויפ׳ן מעער קען מען זעהן גאנץ ווייט. יעדע שיף האט א קאַנאָנע בערייט אויפ׳ן דעק און אויף יעדער שיף געהט ארום בעשטענדיג א מאַטראָז אויף דער וואך. ער מוז מעלדען דעם קאפּיטאָן אלעס, וואס ער זעהט און דער קאַפּיטאָן ווייס שוין, וואס ער האט צו טהאָן.

אונזערע רייזענדע זיינען געווען אזוי דערשראָקען און אזוי פערצווייפעלט איבער זייער לאגע, אז זיי האבען ניט בעמערקט, וויא דיא טארנאדא האט זיך געבילדעט; זיי האבען ניט געזעהן, וואָס פאר א וועג זיא האט גענומען; זיי האבען נור געהערט א שרעקליכעס רוישען פוּ׳ם וואסער און האבען געמיינט, אז עס זיינען ערגעץ אנגעקומען וואסערן פון דיא בערג. דיא טארנאדא איז אונטערדעסען געפלויגען מיט א שרעקלי־כער, אונבעשרייבליכער שנעלינקייט. מיט איהר גאנצער קראפט האט זיא זיך ארויפ־געוואָרפען אויף דעם בוים, וואו אונזערע רייזענדע האבען זיך געפונען אין אזא טאדעס אנגסט. דער בוים האט אנגעהויבען שרעקליך צו ציטערן, דאס פייער איז פערלאָשען געוואָרען. אונזערע רייזענדע האבען גאר ניט געוואוסט, וואס דאס איז. יעדער האט זיך אנגעכאפּט אן דעם צווייג, לעבען וועלכען ער איז געשטאנען. מען האט געהערט א גערויש און זשומען, וויא ברענענד האלץ מאכט, ווען מען גיסט דארויף ארויף וואסער.

איין סעקונדע — דער בוים איז געשוואונדען. דיא טארנאדא האט איהם ארויס־געריסען מיט אלע וואָרצלען, האט איהם אוועקגעוואָרפען זעהר ווייט און איז זיך אוועק־געגאנגען ווייטער צערשטערן און פערניכטען אלעס, וואס זיא וועט אנטרעפען אויף איהר וועג. דיא אליגאטאָרס זיינען פערשוואונדען, וויא דורך א צויבער.

— וואו זיינט איהר? האט לאָרד גלענארוואָן אויסגערופען, ווען דער ערשטער שרעק און דיא איבערראשונג איז פאָראיבערגעגאנגען.

— אט בין איך! אט בין איך! האט מען געענטפערט פון אלע זייטען.

— מיר זיינען אין וואסער? האט לאָרד גלענארוואָן ווייטער געפרעגט.

— יא, מיר זיינען אין וואסער, האט מען איהם גענענטפערט.

— וואס איז דא געשעהן? וויא קומען מיר אין וואסער?

— מיר האבען איבערגעלעבט איינע פון דיא וואונדערבארסטע ערשיינונג פון דער נאטור, האט דער פראפעסאר געזאגט רוהיג. מיר האבען אויסגעהאלטען א טארנאדא!

ערשט יעצט האבען זיי זיך אנגעהויבען אומצוקוקען, וואו זיי זיינען; ערשט יעצט האבען זיי אנגעהויבען צו פערשטעהן, פאר וואס זיי שווימען. דיא טארנאדא האט ארויסגעריסען דעם בוים מיט זיינע ווארצלען. יעצט ערשט האבען זיי געזעהן, אז דער בוים שווימט זעהר שנעל.

— דיא טארנאדא איז געוועהנליך זעהר א שלעכטע ווירטהין, האט דער פראפעסאר געזאגט. וואו זיא גיט זיך א ריהר, צוברעכט זיא און צערשטערט אלעס, וואס זיא קען נור קריעגען. אונז אבער האט זיא גערעטעט דאס לעבען. — זעהט איהר, אז עס איז גאר ניטא קיין שלעכטע זאך אויף דער וועלט? דיא שלעכטסטע זאך קען א מאל ברענגען דעם גרעסטען נוצען.

— איהר הייבט שוין ווייטער אן צו זאגען אונז מוסר? האט אויסגערופען דער מאיאר. איהר ווילט שוין ווייטער אונז בעווייזען, אז וואס שלעכט, איז גאר גוט?

— דיא טארנאדא האט עס אייך זעהר גוט בעוויעזען. זיא האט אויסגעלאשען דאס פייער פון׳ם בוים און האט פערטריעבען דיא אליגאטארס. דארפט איהר נאך א בעסערן בעווייז?

26טעם קאפיטעל.

## צוריק אויפ׳ן דעק פון׳ם „דונקאן“.

דער בוים איז געשוואומען זעהר שנעל. וואוהין? דאס האבען אונזערע רייזענדע דערווייל ניט געקענט וויסען. עס איז געוועזן שטארק פינסטער, נור פון צייט צו צייט האט א פערשפעטיגטער בליץ בעלייכטעט דיא געגענד ארום און האט געוויעזען אונזערע רייזענדע, אז ארום און ארום זעהט מען נור הימעל און וואסער. דער שטורם האט נאכגעגעבען. דער רעגען האט אויפגעהערט. אין ערטער האבען זיך דיא וואלקען צוטהיילט און מען האט אנגעהויבען ארויסצוזעהן דיא שטערן.

עס האט אנגעהויבען צו טאגען. אין אסטען (מזרח זייט) האט זיך א רין פאסיקעל ליכט בעוויעזען. דער מאיאר האט זיך אנגעהויבען צו צו קוקען צום בוים און האט בעמערקט, צו זיין גרעסטער פרייד, אז זיינע ווארצלען פערהאלטען זיך אפט, א בעוויז, אז דאס וואסער איז דא ניט אזוי טיעף. ער האט עס דערצעהלט זיינע קאמעראדען. טאם אויגוסטין האט אבגעבראכען א צווייג און האט איהם אריינגעשטעקט אין וואסער — ער האט דערגרייכט דעם גרונד. אין א האלבע שטונדע ארום האט זיך דער בוים אנגעשטויסען און איז געבליעבען ליעגען אויף אן ארט.

— לאנד! לאנד! האט אויסגערופען דער פראפעסאר. מיר זיינען צוגעקומען צו לאנד!

דאס וואסער האט צוגעטראגען דעם בוים צו א בערגעל און דער בוים איז

געבליעבען ליגנען. עס איז שוין געווען גענוג ליכטיג אום צו זעהן, אז זיי געפינען זיך ווירקליך לעבען לאנד. דער קליינער ראָבערט און דער מאַטראָז ווילסאָן זיינען געווען די ערשטע, וועלכע זיינען ארויסגעשפּרונגען אויף דער יבשה. קיין רייזענדער אין דער וועלט, וועלכער האט געמאכט א לאנגע רייזע אויפ'ן מעער, איז ניט געווען אזוי פרעה־ליך, ווען ער איז צוגעקומען צו א לאנד, וויא אונזערע רייזענדע. פאר זיי האט געהייסען לאנד ניט זיך אָפּרוהען פון דער לאנגער רייזע, ניט לויז ווערן פון דער ענגער שיף — פאר זיי האט לאנד געהייסען רעטונג, לעבען.

— מיר זיינען גערעטעט! מיר זיינען אויף א פעסטעס לאנד! האבען ביידע אויסגערופען מיט א מאל.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א שטאַרקען פייף. פון ערגעץ האט זיך ארויסגעוויעזען א דונקעלע געשטאַלט — א רייטער אויף א פערד.

— טהאלקאווע! האבען אויסגערופען ראָבערט און ווילסאָן.

— טהאלקאווע! פריינד טהאלקאווע! האבען אלע אויסגערופען.

— אמיגאָס! (פריינד!) האט טהאלקאווע געענטפערט.

אין א מינוט ארום האט ער געהאלטען דעם קליינעם ראָבערט אין זיינע שטארקע ארימס און האט איהם צוגעפּרעסט צו זיין ברייטער ברוסט. לארד גלענאַרוואַן, דער פּראָפעסאָר און אלע איבעריגע זיינען באלד אראָפּגעשפּרונגען פון'ם בוים, און האבען געדריקט דעם פּאַטאַגאָניער די הענד. ווער קען בעשרייבען זייער פרייד, ווען זיי האבען געפונען צוריק דעם ווילדען פּאַטאַגאָניער? זיי האבען געטאַנצט, געשפּרונגען, געלאַכט און געוויינט. האבען איהם ארומגענומען, איהם געדריקט די הענד, גערעדט צו איהם און איהם בעטראַכט. ער האט זיי דערצעהלט אין קורצע ווערטער, וואס מיט איהם איז געשעהן, זייט ער האט זיי פערלאָזען. דאס וואסער האט איהם אוועקגעשלעפּט ביז צו דיעזען בארג, אויף וועלכען ער האט זיך גערעטעט. ער האט זיך דא געמאכט א געצעלט פון צווייגען פון ביימליך, האט געחאַפּט אייניגע חיות און האט געטראַכט, וויא אזוי ער זאל זיי רעטען. ליידער, איז איהם געווען אוממעגליך עפּעס צו טהאָן פון זייערט וועגען. ער האט ניט געקענט פאהרען ארויף וואסער צו זיי.

יעצט האבען זיי איהם דערצעהלט, וואס מיט זיי האט פּאַסירט. ווען אלע האבען אויסדערצעהלט, וויא אזוי זיי האבען פערבראַכט די לעצטע צוויי טאָג, האט זיי טהאלקאווע געפיהרט צו זיך אין געצעלט. דארט האט געברענט א פרעהליך פייער. ער האט באלד גענומען א גרויס שטיק פלייש און האט עס געלעגט בראַטען. איידער עס איז פערטיג געוואָרען, האבען זיך אונזערע רייזע דע אניעדערגעזעצט ארום פייער און האבען זיך אביסעל אויסגעטריקענט. זיי זיינען אלע געווען נאָס ביז צום לייב און נאָכ'ן רעגען איז געווען רעכט קיהל.

ווען מען האט זיך אנגעוואַרעמט און אויסגעטריקענט, האט מען זיך גענומען עסען דעם געבראַטענס, וועלכען טהאלקאווע האט געמאכט נאָכ'ן פּאַטאַגאָנישען זשורנאל מיט אזא אפּעטיט, אז א פּאַטאַגאָניער וואָלט ניט געדאַרפט זיך שעהמען מיט איהם. ווען מען האט אפּגעגעסען, האט דער פּראָפעסאָר דערצעהלט דעם פּאַטאַגאָניער, אז זיי האבען אויסגעפונען, אז יער מענש, וואס זיי זוכען, געפינט זיך גאָר ניט אין אמעריקא

ער געפינט זיך נאר אין אויסטראליען און זיי האבען בעשלאסען צו פאהרען קיין אויסטראליען איהם זוכען.

וויא ווייט טהאלקאווע האט פערשטאנען, וואס דער פראפעסאר האט איהם דערקלערט, איז א פראגע, וועלכע איך נעהם מיך ניט אונטער צו בעאנטווארטען. טהאלקאווע האט געזעהן, אז אלע זיינען צופריעדען און ער איז געווען גאנץ גליקליך.

נאך אזא שרעקליכע נאכט האט מען זיך געמוזט אביסעל צולעגען שלאפען און זיך אויסרוהען. וויא טהאלקאווע האט זיי געזאגט, געפינען זיי זיך ניט מעהר, וויא פערציג מייל פון'ם פארט סאן אנטאניא. ווען זיי נעהן מיט דעם געוועהנליכען גאנג פון א מענשען צו פוס, דארפען זיי אנקומען קיין סאן אנטאניא אין צוויי טאג.

אום איינס אוהר האט זיי טהאלקאווע אויפגעוועקט און זיי האבען זיך געלאזען אין וועג. קיין פערד האבען זיי ניט געהאט, מען האט געמוזט געהן צו פוס. נור דער קליינער ראבערט האט זיך געזעצט אויף טהאלקאוועס פערד. ער האט עס צוואר ניט געוואלט. ער האט זיך געשעהמט צו רייטען אין דער צייט, ווען לארד גלענארוואן געהט צו פוס. זיי זיינען געגאנגען זעהר לאנגזאם. געהן צו פוס אין יענער געגענד, וואו דיא ערד איז בעדעקט מיט דערנער און אין ערטער מיט שטיקער זאלץ, איז ניט אזוי לייכט. נעגען אבענד האבען זיי אויסגעזוכט א בערגעל מיט עטליכע ביימלעך און האבען דארט איבערגענעכטיגט.

דעם אנדערן טאג זיינען זיי אויפגעשטאנען גאנץ פריה און זיינען ווייטער געגאנגען. וויא שווער עס איז געווען צו געהן, האט דאך יעדער אנגעשטרענגט אלע זיינע קרעפטע אום צו קומען וואס גיכער צום מעער, וואו עס געפינט זיך דער „דונקאן“, וואו זיי וועלען קענען זיך אויסרוהען פון זייער לאנגער און שווערער רייזע. אויפ'ן דריטען טאג האט זיי טהאלקאווע געזאגט, אז זיי זיינען אין גאנצען פופצעהן מייל ווייט פון'ם מעער. דאס האט זיי געגעבען פרישען מוטה ווייטער צו געהן. זיי זיינען אבער געווען שטארק מיעד און ערשט אום צוויי אוהר נאך מיטאג האבען זיי דערהערט דאס רוישען פון'ם אטלאנטישען וועלט מעער. דאס איז געווען פאר זיי א זיסע מוזיק. ענדליך, זיינען זיי צוריק אויף זייער שיף.

עס איז געווארען נאכט, ווען זיי זיינען צוגעקומען צום מעער. זיי האבען זיך אדורכגעקוקט אין אלע זייטען און האבען געזוכט דעם „דונקאן“, דיא לאנטערנעס, וואס דארפען ברענען אויף איהם — זיי האבען איהם ניט געפונען. אויפ'ן מעער איז ניט געזעהן קיין שיף.

איך מוז דערביי ערקלערען. אז פארט סאן אנטאניא איז א מאל געווען א אינזעל. דיא אינדיאנער אבער זיינען צוויי מאל אויף איהר אנגעפאלען און האבען זיי צערשטערט, עס איז נור געבליבען פון איהר דער נאמען. קיין מענש וואוינט דארט און קיין שיף קומט צו אהין. עס איז זעהר לייכט ערקלערליך, פאר וואס אונזערע רייזענדע זיינען געווען אזוי איבעראשט, ווען זיי זיינען צוגעקומען צום מעער און האבען קיין שפור פון'ם „דונקאן“ ניט געפונען.

— יעצט איז פינסטער, האט טאם אויגוסטין געזאגט, מארגען אין דער פריה וועלען מיר געווים דערזעהן דעם „דונקאן“. דער קלוגער און פארזיכטיגער קאפיטאן

פאראגוט האט געוויס ניט געוואָלט שטעהן גאנץ נאָהענט ביים ברעג. ער האט מורא געהאט, אינדיאנער זאלען אויף איהם ניט אנפאלען. ער האט געוויס פעראנקערט זיין שיף א פאר מייל ווייט אין מעער.

דענאך האט מען געפראָבירט שרייען און רופען: קאפיטאן פאראגוט! קאַ־פיטאן פאראגוט! אבער קיינער האט ניט געענטפערט. דאס מעער האט שרעקליך גערוישט. עס איז געווען אונמעגליך צו הערן זייער געשריי. עס האט ניט געהאָלפען, מען האט געמוזט אויסזוכען א בערגעל פון זאמד, וועלכעס דיא חוואַליעס ווארפען ארויס און מען האט זיך דאָרט געלעגט שלאָפען.

דיא נאכט איז געווען זעהר א קאלטע. יעדער האט זיך איינגעהילט אין זיין דעק און האט זיך פערגראבען אין זאמד. אלע זיינען געווען זעהר מ׳עד און זיינען באלד אנטשלאפען געווארען, נור איין לארד גלענארוואן האט ניט געקענט שלאָפען. ער איז אזוי נאָהענט פון זיין פרוי, פון זיין שיף, פון זיין היים און מוז שלאָפען דא אין זאמד. ער איז געווען זיכער, אז דיא „דונקאן״ איז שוין אנגעקומען אהער, ווייל זיי האבען גע־רעכענט, אז דיא רייזע וועט דויערן נור דרייסיג טאג, צום סוף האט זיא געדויערט צוויי און פערציג טאג — מיט צוועלף טאג מעהר. זיין שיף מוז שוין זיין דא. אלזא, פאר וואס זעהט מען זיא ניט? קאפיטאן פאראגוט איז א פאָרטרעפליכער שיפס־קאפיטאן, אבער.... ווער ווייס, וואס עס קען זיך טרעפען אויפ׳ן מעער? ווען זיי זיינען אויסגעשטאנען אזוי פיעל געפאהרען אויף דער יבשה, אויף פעסטעם לאנד, וויא קען מען וויסען, וואס פאר א געפאהרען עס קענען פארקומען אויפ׳ן אטלאנטישען וועלט־מעער?

מיט דיעזע טרויעריגע געדאנקען איז לארד גלענארוואן ארומגעגאנגען א גאנצע נאכט. — וואס מאכט ליידי העלענא? וויא אזוי האט זיא איבערגעטראגען דיא לאנגע און שווערע רייזע?

ער איז ארומגעגאנגען אויפ׳ן ברעג און האט אלץ געקוקט אויפ׳ן מעער, טאמער וועט ער דערזעהן א ליכט, דיא לאנטערנען פון דער שיף. פלוצלונג האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז ער זעהט ערגעץ א רויטעס ליכט, דאס ליכט פון דעם רויטען לאנ־טערנע פון פאָרנט פון׳ם „דונקאן״, ער איז געוואָרען זעהר אונרוהיג און איז צוגעגאנגען צום פראפעסאר, וועלכער איז געשלאפען גאנץ רוהיג איינגעגראבען אין זאמד. ער האט איהם אנגעהויבען צו טרייסלען און צו שלעפען.

— ווער איז דאָרט? האט אויסגערופען דער פראָפעססאָר בייז. פאר וואס לאזט איהר מיך ניט שלאפען?

— איך בין עס, הערר פאגאנעל.

— ווער זייט איהר?

— גלענארוואן. שטעהט אויף, פראפעסאר, איך דארף אייער טעלעסקאָפ.

— וואס דארפט איהר מיין טעלעסקאָפ? האט געפרעגט דער פראָפעסאָר פערשלאָפען.

— מיר שיינט, אז איך זעה דעם „דונקאן״.

דער פראפעסאר איז אויפגעשפרונגען, גלייך וויא ער וואלט געווען אויף שפרינג־

פעדערן (שפּראָנזינעש), האט ארויסגענומען זיין טעלעסקאָפּ און האט נעקוקט, וואוהין לארד גלענארוואן האט איהם געוויעזען.

— זעהט איהר ניט א גרינעם ליכט אדער א רויטעס ליכט? האט איהם לארד גלענארוואן געפרעגט. איהר ווייסט דאך געוויס, אז יעדע שיף צינדעט אן ביי נאכט פון פאָרנט א רויטע לאנטערנע און פון הינטען א גרינע.

— איך זעה גאר ניט, האט דער פּראָפעסער געענטפערט.

עס זיינען פערגאנגען נאך אייניגע מינוטען. לארד גלענארוואן האט איהם נעד־הייסען קוקען אין אלע זייטען, דער פּראָפעסאר אבער האט גאר ניט געזעהן. ביי נאכט קען מען מיט'ן טעלעסקאָפּ גאר ניט זעהן. ענדליך, האט איהם לארד גלענארוואן צוריק געפיהרט צו זיין געלעגער און האט איהם געלאזט שלאפען. ער אליין איז ארומגעגאנגען א גאנצע נאכט ארום ברעג און האט געקוקט אין דער פינסטערער נאכט. ער האט דייטליך געזעהן באלד דאס רויטע ליכט, באלד דאס גרינע.

לאנגזאם האט זיך דיא נאכט געצויגען. יעדער מינוטע האט זיך איהם אויס־געוויעזען א יאהר. פאר טאג איז אלעס פערשוואונדען. עס איז געוואָרען שטארק פינסטער און ער האט גאר ניט געקענט זעהן. דיא מיעדיגקייט און דער שלאָף האבען איהם ענדליך איבערוועלטיגט (גובר געווען) ער האט זיך צוגעזעצט אויפ'ן זאמד און איז באלד אנטשלאָפען געווארען. וויא פיעל ער איז געשלאָפען, ווייס ער ניט. א געשריי פון אלע רייזענדע האט איהם אויפגעוועקט.

— דער „דונקאַן״! דער „דונקאַן״! האבען אלע געשריען מיט איין קול.

לארד גלענארוואן איז אויפגעשפּרונגען און האט דערזעהן, וויא דער „דונקאַן״ וויעגט זיך גאנץ רוהיג וויט, וויט אויף דיא בלויע וואסערן פון'ם אטלאנטישען וועלט־מעער. ער האט בעטראכט דעם ברעג און האט פערשטאנען, פאר וואס דער טיכטיגער קאפּיטאן פאררא־גוט שטעהט מיט זיין שיף אזוי וויט. ביים ברעג איז ניט שטארק טיעף, דאס מעער רוישט און שוימט. ער האט מורא צו צו געהן צום ברעג, דיא שיף זאל ניט ארויף אויף א זאנד באנק — אן אָרט וואו עס איז ניט טיעף און דיא שיף קען זיך איינגראבען אין זאמד. —

לארד גלענארוואן האט גענומען דעם פּראָפעסאָר'ס טעלעסקאָפּ און האט גע־קוקט אויף זיין שיף. ער האט געזעהן דייטליך אלעס, וואס עס טהוט זיך אויפ'ן דעק פון'ם שיף. ליידער, האט קאפּיטאן פאררא־גוט ניט בעמערקט, אז עס געפינען זיך מענשען ביים ברעג. יעצט איז ענטשטאנען א שוועריגקייט. וויא אזוי ניט מען צו וויסען אויפ'ן שיף, אז זיי זיינען אנגעקומען? עס איז זעהר מעגליך, אז קאפּיטאן פאר־ראגוט'ס טעלעסקאָפּ איז צו שוואך אום זיי צו בעמערקען. — דיעזע פראגע האט פערענטפערט טהאלקאוועו. ער האט ארויסגעשאָסען מיט זיין לאנגער ביקס גלייך אויפ'ן „דונקאַן״. ליידער, איז דער „דונקאַן״ געווען אזוי וויט, אז מען האט אויף איהם ניט געהערט דעם שוס. טהאלקאוועו האט ארויסגעשאָסען נאך א מאל און נאך א מאל. פּלוצלונג האט זיך אויפ'ן „דונקאַן״ געוויעזען א ווייסער רויך און באלד האט מען געהערט א קנאַק פון א קאנאנע.

— זיי האבען אונז ענדליך בעמערקט! האט טאם אויגוסטין אויסגערופען. קאפיטאן פאררא‏גוט ניט אונז א צייכען, אז ער קומט.

און ריכטיג, באלד האט זיך דער „דונקאן" אנגעהויבען צו ריהרען און צו קומען נעהנטער צום ברעג. לאנגזאם און פארזיכטיג איז ער צוגעקומען נעהנטער. מען האט איהם שוין יעצט דייטליך געזעהן, ער איז נאך געווען א פאר מייל ווייט פון'ם ברעג. ענדליך איז ער געבליעבען שטעהן. נעהנטער האט ער ניט געקענט קומען. מען האט אראפגעלאזען א באאט.

— ליידי העלענא וועט ניט קענען קומען צו אונז, האט טאם אויגוסטין געזאגט. דאס מעער איז זעהר אונרוהיג.

— קאפיטאן פאררא‏גוט וועט אויך ניט קענען קומען, האט דער מאיאר געזאגט. ער טאר ניט אוועקגעהן פון דער שיף.

— אך, מיין שוועסטער! מיין מערי! האט ראבערט אויסגערופען. ווען איך האב פליגעל, וואלט איך יעצט ארויפגעפלויגען אויפ'ן „דונקאן" צו מיין שוועסטער.

לאנגזאם און פארזיכטיג האבען דיא מאטראזען אין באאט אנגעהויבען צו רודערן צום ברעג. עס איז געווען קיין לייכטע ארבייט. ווער עס האט אמאל געזעהן, וויא שרעקליך דאס מעער רוישט און קאכט ביים ברעג, בעזאנדערס אין געווייסע ערטער, דער קען האבען א בעגריעף, וויא שווער עס איז פאר א קליינעם באאט צו צוקומען צו אזא ברעג.

— ווען וועלען זיי שוין אנקומען? האט ראבערט יעדע מינוט געפרעגט.

—ווארט, מיין ליעבער, האט איהם דער מאיאר געענטפערט, אין צוויי שטונדען ארום וועלען מיר זיין אויפ'ן „דונקאן".

— צוויי שטונדען? דאס קען ניט זיין! דאס איז צופיעל!

— געדולד, ליעבער ראבערט, געדולד!

טהאלקאווע איז אונטערדעסען געשטאנען אנגעשפארט אויף זיין גרויסער ביקס ערנסט און רוהיג און האט בעטראכט דיא סצענע, וואס דא קומט פאר. ער האט פיעלעס ניט פערשטאנען. ער האט ניט געוואוסט, אז לארד גלענארוואן האט אן אייגענע שיף.

לארד גלענארוואן איז צוגעגאנגען צו איהם, האט איהם גענומען ביי דער האנד, האט איהם געוויעזען אויף זיין שיף און איהם געזאגט:

— קום מיט אונז, פריינד!

דער פאטאגאניער האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ — ניין.

— קום, פריינד! לאמיר ווייטער רייזען צוזאמען, האט לארד גלענארוואן געבעטען.

— ניין! האט טהאלקאווע געענטפערט. דא איז מיין פערד טהאאוקא, דא זיינען דיא פאמפאס. טהאלקאווע געבארען אין דיא פאמפאס, מוז בלייבען אין פאמפאס.

לארד גלענארוואן האט איהם פערשטאנען. טהאלקאווע איז געבוירען און אויפגעוואקסען געווארען אין דיא פאמפאס. ער איז צוגעבונדען צו דיא פאמפאס. ער קען ניט פערלאזען דיא ערטער, וואו ער האט צוגעבראכט זיינע יונגע יאהרען, וואו זיינע עלטערן שלאפען זייער אייביגען שלאף; וואו ער אליין האט געלעבט און געליעבט. —

לאָרד גלענאַרוואָן האט ארויסגענומען א בייטעל געלד און האט עס דערלאַנגט דעם ווילדען אלס געשענק. טהאלקאָווע האט איהם צוריקגעגעבען דאס געלד און האט איהם געזאָגט:

— איז דאס פריינדשאפט?

לאָרד גלענאַרוואָן האט זיך פערשעהמט. — אלזאָ, וואָס טהוט מען? וואס לאזט מען עפּעס איבער אן אנדענק דעם גוטען טהאלקאווע? וואס ער האט געהאט, איז אלעס פערלאָרען געגאנגען אין דער פערפלייצונג. אויסער געלד האט ער ביי זיך גאר נים. ער האט געטראכט איינינע מינוט. פּלוצלונג האט ער זיך דערמאנט, אז ער האט ביי זיך א גאלדענעם מעדאליאָן מיט ליידי העלענא׳ס פּאָרטרעט. ער האט ארויסגענומען דעם מעדאליאָן, האט איהם געעפענט און האט איהם דערלאַנגט דעם ווילדען.

— דאס איז מיין פרוי.

טהאלקאָווע האט בעטראַכט איינינע סעקונדען דעם מעדאליאָן און האט געזאָגט:

— שעהן, וויא דיא זון און ליעבליך, וויא דער מאנד.

יעצט זיינען אלע צוגעגאנגען אבשיעד נעהמען פון טהאלקאווע. אלע האבען איהם געדריקט דיא הענד. דער פּראָפעסאָר האט פון איהם ניט געוואָלט אפּטרעטען.

— ער איז דאך מיין לעהרער, ער האט מיט מיר געלערנט שפּאניש, האט ער געזאָגט.

אונטערדעסען איז דאָס באָאָט צוגעקומען צום ברעג.

— וואס מאַכט ליידי העלענא? וואס מאכט מיין שוועסטער? האבען לאָרד גלענאַרוואָן און ראָבערט גראַנט געפרעגט מיט אמאָל.

— זיי זיינען געזונד און מונטער, האבען דיא מאטראָזען געענטפערט. — אָבער שנעל! דאס מעער ווערט אונרוהיגער. זעצט אייך אריין אין באָאָט און לאָמיר פאהרען צום „דונקאן".

מען האט געמוזט געהן צום באָאָט. טהאלקאווע האט זיי בעגלייט ביז צום וואסער. דא צום לעצטען מאל איז איהם דער פּראָפעסאָר ארויפגעפאלען אויף דער ברוסט און האט איהם א קוש געטהאן.

— ווילען מיר זיך נאך אמאל זעהן, פריינד? האט ער איהם געזאגט.

— קוויען סאבא? (ווער ווייס?) האט דער פּאטאגאָניער געענטפערט און האט געוויזען צום הימעל.

איינער נאָכ׳ן אנדערן האבען זיי זיך אריינגעזעצט אין באָאָט. דיא מאטראָזען האבען אנגעהויבען צו רודערן. טהאלקאווע איז נאך אלץ געשטאנען אויפ׳ן ברעג. זיי האבען איהם נאך געגריסט מיט דיא הענד. דיא מאטראָזען האבען גערודערט מיט זייער גאנצער קראפט, באלד האבען זיי שוין מעהר ניט געקענט זעהן דעם ווילדען. אימער נעהנטער איז צוגעקומען דאס באָאָט צום „דונקאן", וואו ליידי העלענא, מערי גראַנט און קאפּיטאן פּאררּאנוט האבען זיי ערוואַרטעט.

דערמיט האט זיך געענדיגט זייער רייזע אין זיד־אמעריקא. דערמיט ענדיגט זיך דער ערשטער טהייל פון אונזער ערצעהלונג.

**ענדע דעם ערשטען טהיילס.**

צווייטער טהייל

# אויסטראליען.

1טעס קאפּיטעל.

## דער נייער וועג.

מען קען זיך לייכט דענקען דיא פרייד פון אלעמען אויף'ן דעק פון'ם דונקאן, ווען לאָרד גלענאַרוואָן מיט זיין פּארטיע זיינען געקומען צוריק. מען האט גערעדט, געפרעגט, דערצעהלט, זיך בעגריסט און זיך גערריקט דיא הענד. דער לעצטער מאַט־ראָז איז געקומען דריקען דיא הענד לאָרד גלענאַרוואָן און דעם פּראָפעסאָר. ערשט יעצט האבען זיי געפיהלט, וויא ליעב זיי האבען איינער דעם אנדערן, וויא אלע אויף'ן „דונקאן" לעבען פריינדליך און ברידערליך.

לאָרד גלענאַרוואָן האט געוואוסט, אז עס וועט מאכען זעהר א שלעכטען איינ־דרוק. ווען דיא מאַטראָזען וועלען דערצעהלען, אז זייער רייזע אין זיד־אַמעריקא איז געוועזן גאָר אומזיסט, און האט געוואָלט פערהאַפּען דיא געץ פאר דיא פיש. קוים איז ער נור ארויפגעקומען אויף'ן דעק, האט ער געזאָגט צו אלעמען:

— מיינע פריינד! זייט אונבעזארגט. צוואר האבען מיר ניט געפונען דעם קאַ־פּיטאַן גראנט אין זיד־אמעריקא, אבער מיר ווייסען שוין, וואו איהם צו זוכען; מיר ווייסען שוין, וואו מיר וועלען איהם געווים געפינען.

דיעזע קורצע רעדע האט געווירקט אויף אלעמען און האט בעזאָנדערס בערוהיגט מערי גראַנט, וועלכע האט געפרעגט מיט דיא אויגען יעדען בעזונדער:

— נו? וואס הערט זיך? וואו איז מיין פאָטער?

איהר האלז איז געוועזן, וויא צוגעבונדען. זיא האט ניט געקענט ארויסרעדען קיין וואָרט. זיא האט נור געפרעגט מיט דיא אויגען. לאָרד גלענאַרוואָן'ס רעד האבען זיא אביסעל בערוהיגט.

ווען דיא ערשטע פרייד איז פאָראיבער, ווען אלע האבען זיך אביסעל בערוהיגט, האט לאָרד גלענאַרוואָן דערצעהלט אין קורצע ווערטער אלעס, וואס האט מיט זיי פּאסירט אויף דער רייזע און וויא אזוי דער פּראָפעסאָר האט אויסגעפונען, אז זיי האבען פאלש ערקלערט דיא בריעף. זיי מוזען יעצט פאהרען קיין אויסטראליען. ער האט דערצעהלט, וויא ניצליך דער פּראָפעסאָר איז געווען פאר זיי אויף'ן וועג און וויא בראוו און מוטהיג ראָבערט האט זיך אויפגעפיהרט. ראָבערט איז רויט געוואָרען. ער האט זיך פארשעהמט, ווען לאָרד גלענאַרוואָן האט איהם אזוי אויסגעלויבט און האט פערדעקט זיין געזיכט אין מערי'ס פארטוך.

— דוא האסט זיך ניט וואס צו שעהמען, מיין קינד, האט קאפּיטאַן פאַרראַנוט איהם געזאָגט. איך בין גליקליך צו הערן, אז דוא האסט זיך אויפגעפיהרט, וויא א מאַן. דאָס מאַכט דיר עהרע.

— ווען מען האט אלעס אפגערעדט און אלעס דערציילט, האט מען אנגעהויבען צו דענקען אביסעל אן זיך. דיא ערשטע זאך איז געווען, זיך אביסעל ארומוואשען און אפשערן. זייט זעקס און דרייסיג טאג איז מען געשלאפען אויף דער ערד און מען האט ניט געוואוסט פון קיין קעמעלע, פון קיין בערשטעל און פון קיין שטיקעל זייף. אלע זיינען געווען פערוואקסען, פערווילדעט און פערברענט פון דער זיד-אמעריקאנישען זון.

דער ערשטער איז געווען דער מאיאר. קוים האט ער אלעמען בעגריסט, איז ער באלד אריינגעגאנגען אין זיין קאיוטע, האט זיך ארומגעוואשען, אפגעשארען און אפראזירט. איידער מען האט זיך אומגעקוקט, איז ער ארויסגעקומען אנגעטהאן און פערפוצט, וויא א דזשענטעלמען. דער פראפעסאר האט גאר ניט געוואוסט, וואו ער איז אויף דער וועלט. ער איז ארומגעלאפען פון איין קאיוטע צו דער אנדערער, האט גערעדט מיט יעדען מאטראז האט איהם אויסגעפרעגט, אויב זיי האבען געהאט א גוטע רייזע, וואס זיי האבען געזעהן אויפ'ן וועג, אויב זיי זיינען געשטאנען לאנג לעבען „פייערלאנד" און אויב דיא פייערלענדער האבען ווייטער געהאט א גוטען טאג, וויא דאס ערשטע מאל, ווען זיי זיינען געפאהרען אהין. איהם האט אינטערעסירט צו וויסען, אויב זיי האבען געזעהן דיא ווילדע מענשען פון „פייערלאנד" און נאך אזעלכע זאכען.

ווען ער האט אויסגעפרעגט אלע מאטראזען, האט ער זיך אנגעטשעפעט אן דעם פראוויאנט מייסטער, אלבינעט, ער זאל איהם דערציילען, וואס ער האט געזעהן אויף דער רייזע. אלבינעט אבער האט זיך זעהר ווייניג אינטערעסירט מיט געאגראפיע און אנדערע וויסענשאפטען, ווען ער האט געזעהן, אז ער קען ניט לויז ווערן פון'ם פראפעסאר מיט זיינע פראגען, האט ער איהם געזאגט:

— קומט בעסער אין עס צימער. דער פריהשטיק שטעהט שוין אויפ'ן טיש.

— פריהשטיק? האט אויסגעשריען דער פראפעסאר. א גוטער, אייראפעאישער פריהשטיק אויף א טיש מיט טעלער, לעפעל, גאפלען און שיסעל?

אלבינעט האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט זיך געפיהלט עפעס בעליידיגט. וואס הייסט דאס? מיינט דער פראפעסאר, אז ער וועט גרייטען צום טיש און וועט ניט לעגען קיין לעפעל און קיין מעסער? דאס איז א שאנדע פאר איהם!

— וואס רעדט איהר, פראפעסאר? האט ער געזאגט מיט פערדרוס אין זיין שטימע. האב איך אייך שוין א מאל אויפגעגעבען עסען אהן לעפעל און אהן גאפלען?

דער פראפעסאר האט איהם פערשטאנען און האט זיך געוואלט פאר איהם פערענטפערן.

— איך האב ניט געמיינט אייך צו בעליידיגען, מיסטער אלבינעט. האט ער איהם געזאגט. זייט א מאנאט האבען מיר געלעבט, וויא דיא ווילדע. מיר האבען ניט געגעסען אויף קיין טיש; מיר האבען ניט געוואוסט פון קיינע לעפעל, קיינע גאפלען און קיינע מעסער. ווען מען האט אפגעגעסען, האט מען זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד, אדער מען האט זיך צוגעבונדען צו דיא צווייגען פון א בוים. איהר קענט יעצט פערשטעהן, וואס פאר א פערגניגען עס איז צו עסען ווידער, וויא א מענש, אויף א טיש מיט א לעפעל, מיט א גאפעל און מיט א מעסער.

ליידי העלענא איז געראדע אין דיעזע מינוט צוגעקומען צו זיי און האט זיך אונטערגעהערט, וואס דער פראפעסאר האט געזאגט.

— אלזא, קומט, פראפעסאר. שנעל! האט זיא איהם געזאגט, לאמיר זעהן, אויב איהר וועט עסען מיט א גרעסערן אפעטיט אויף אייראפעאישען ארט.

אלע זיינען ווירקליך געווען זעהר הונגעריג און האבען געגעסען מיט'ן בעסטען אפעטיט. דער פראפעסאר איז געווען אזוי צערשטרייט — אזוי האט ער אליין געזאגט — אז ער האט זיך געהייסען געבען פון יעדעס געריכט צו צוויי מאל. ליידי העלענא האט געפרעגט, אויב דער פראפעסאר איז אויפ'ן וועג אויך געווען צערשטרייט און וואס פאר א פעהלערן ער האט געמאכט. לארד גלענארוואן און דער מאיאר האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדערן און האבען געשמייכעלט. דער פראפעסאר האט זיי פערשטאנען און האט אליין דערצעהלט, אז ער האט געמאכט א פעהלער און האט געלערנט פארטוגעזיש אנשטאט שפאניש.

— דיעזען פעהלער אבער בעדויערע איך ניט, האט ער געענדיגט זיין ערצעהלונג. איך בין זאגאר זעהר צופריעדען מיט איהם.

— וואס זייט איהר אזוי צופריעדען, מיין ליעבער פראפעסאר? האט דער מאיאר געפרעגט.

— אנשטאט איין שפראכע האב איך אויסגעלערנט צוויי. קענען נאך א שפראכע שאדעט געוויס ניט. איך רעד יעצט זעהר גוט שפאניש און פארטוגיזיש.

— אין דער צייט פון'ם פריהשטיק האט לארד גלענארוואן בעמערקט, אז דער קאפיטאן פאררא גוט איז זעהר אויפמערקזאם געגען מערי גראנט. ער האט געגעבען א ווינק ליידי העלענא און זיא האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ, א צייכען, אז ער האט גאנץ ריכטיג בעמערקט.

— דערצעהלט מיר עפעס פון אייער רייזע. האט לארד גלענארוואן געזאגט צום קאפיטאן פאררא גוט. האט איהר געהאט א שטילע, רוהיגע רייזע? האט איהר ניט געהאט קיין שטורם אויפ'ן וועג?

קאפיטאן פאררא גוט האט דערצעהלט, אז גאנץ רוהיג איז זייער רייזע ניט געווען. ווען זיי זיינען געקומען לעבען פייערלאנד, האט זיך אויפגעהויבען א שרעקליכער שטורם, וועלכער האט געדויערט פיער און צוואנציג שטונדען. דער „דונקאן“ איז א גוטע שיף און האט זעהר גוט אויסגעהאלטען דעם שטורם. ליידי העלענא און מערי גראנט האבען געצייגט מוטה און ענטשלאסענהייט. ענדליך זיינען זיי געקומען קיין פארט סאן־אנטאניא. זיי האבען דיא רייזענדע ניט געפונען. זיי האבען געמוזט ווארטען, אזוי וויא מען האט אפגערעדט. דאס מעער איז אין דיעזער געגענד זעהר אונרוהיג. ער האט זעהר געוואלט, אז ליידי העלענא און מערי גראנט זאלען זיך אביסעל דורכשפאציערן אין ארגענטיניען. עס איז אבער אונמעגליך געווען, וויל געהן צו פוס איז קיין גרויס פערגניגען און אויף וואס צו פאהרען האבען זיי ניט געהאט.

— עס פרעהט מיך זעהר צו הערן, אז אונזער קאפיטאן לויבט אזוי אייער מוטה און אייער אונערשראקענהייט האט לארד גלענארוואן געזאגט צו מערי גראנט. איך האף, אז איהר זייט ניט אונגליקליך אויף מיין שיף.

— איך אונגליקליך? האט אויסגערופען מערי און האט א קוק געטהאן אויף ליידי העלענא און אויפ'ן שעהנעם קאפיטאן. איך בין זעהר גליקליך.

— איך בין אויך גליקליך צו זיין אויף אייער שיף, האט זיך אפגערופען ראָבערט גראנט. איך דאנק אייך, קאפיטאן, וואָס איהר זייט געוועזן אזוי גוט און אזוי פריינדליך געגען מיין שוועסטער.

מערי איז רויט געוואָרען. ליידי העלענא האט געוואָלט ענדערן דעם געגענשטאנד פון זייער געשפרעך.

— יעצט דערצעהלט אונז עפּעס פון אייער רייזע, האט זיא געבעטען. איהר זייט געקומען אזוי אויסגעשמירט, אזוי פערווילדעט, אזוי הונגעריג. איהר האט געוויס געהאט א שווערע רייזע.

לאָרד גלענארוואָן האט אָנגעהויבען צו דערצעהלען אלעס, וואס מיט זיי האט פאסירט, זייט זיי זיינען אוועקגעפאהרען פונ'ם דונקאן, ביז זיי זיינען צוריקגעקומען. אלע האבען אויסגעהערט אויפמערקזאם. ליידי העלענא האט זעהר באנג געטהאן, וואָס זיא האט ניט געזעהן דעם פּאטאגאָניער טהאלקאווע. זיא האט איהם זעהר געוואָלט דאנקען דערפאר, וואס ער האט זיי אזוי גליקליך דורכגעפיהרט דורך גאנץ זיד־אמעריקא.

ווען לאָרד גלענארוואָן האט געענדיגט זיין ערצעהלונג, האט ער זיך געווענדעט צו אלעמען און האט זיי געזאָגט:

— וואָס איז געווען, איז פאָראיבער. מיר מוזען יעצט טראכטען וואס צו טהאן אין דיא צוקונפט. מיר מוזען יעצט פאסען א בעשלוס, וויא אזוי צו פאהרען קיין אויסטראליען און דיא הויפּטזאכע צו וואס פאר א געגענד אין אויסטראליען מיר זאלען פאהרען. אויסטראליען איז א גרויס לאנד. עס איז א גאנצער וועלט טהייל.

דער פריהשטיק האט זיך געענדיגט. אלע זיינען אריינגעגאנגען אין גרויסען זאל אום צו האלטען א מיטינג און אפצורעדען אלעס, וואס זיי זאלען ווייטער טהאן. דער פּראָפעסאָר האט באלד געבראַכט זיינע לאנדקארטען און האט זיי אויסגעלעגט אויפ'ן גרויסען טיש. לאָרד גלענארוואָן האט דערצעהלט אלעמען, וואָס זיי האבען ערפאהרען אין זיד־אמעריקא און וויא אזוי דער פּראָפעסאָר האט אויסגעפונען, אז זיי האבען פאלש ערקלערט דעם בריעף.

— מיר מוזען אלזא יעצט פאהרען קיין אויסטראליען, האט לאָרד גלענארוואָן געענדיגט זיינע ערקלערונג.

— איך בין איינפערשטאנדען צו פאהרען קיין אויסטראליען, האט דער מאיאָר געזאָגט, אבער איידער מיר פאהרען קיין אויסטראליען, וואָלט איך געבעטען, מיר זאלען זיך גאנץ גוט איבערלעגען, וואס מיר טהוען.

— וואָס ווילט איהר זאָגען, מאיאָר?

— איך וויל זאָגען, אז איך האב זעהר פיעל צוטרויען צו אונזער פּראָפעסאָר. איך ווייס, אז וויא ער האט ערקלערט דיא בריעף, איז געוויס ריכטיג. איך וויל אָבער דאָך בעטען, איידער מיר פאָהרען ווייטער, זאלען מיר דאך נאך אמאל איבערקוקען דיא בריעף.

— איך ווייס ניט, צו וואס זאלען מיר נאך אמאל לעזען דיא בריעף, האט לארד גלענארוואן געזאגט.

— איך ווייס אבער יא, האט דער מאיאר געברומט. מיט פינף מאנאטע צוריק, ווען מיר האבען ארויסגענומען דיא בריעף פון דער פלאַשע, האבען מיר זיי אלע געלעזען און געפונען, אז קאפיטאן גראנט האט געליטען שיפברוך אין פאטאגאניען. דער פראפעסאר אליין האט געלעזען דיא בריעף און האט ערקלערט, אז אנדערש קען עס ניט זיין. מען מוז פאהרען קיין פאטאגאניען. יעצט האבען מיר זיך איבערצייגט, אז קאפיטאן גראנט איז ניטא אין פאטאגאניען און מען מוז פאהרען קיין אויסטראליען.

— געוויס, מיר האבען א טעות געהאט, האט פאגאנעל אויסגערופען. יעדער מענש קען דאך מאכען א פעהלער.

— מאכען א פעהלער קען געוויס יעדער מענש, האט דער מאיאר געזאגט געלאסען, מאכען אלע מאל פעהלער קען נור א נארר.

— הערט אייך אויף צו זידלען, מאיאר ריטשארדסאן, האט לארד גלענארוואן געזאגט שטרענג.

— איך זידעל מיך ניט. איך זאג נור, אז מיר זאלען ניט זיין קיין נאררען און ניט האנדלען, וויא קינדער. מיר האבען יעצט בעשלאסען צו פאהרען קיין אויסטראליען. מיר קומען קיין אויסטראליען, רייזען, זוכען, פארשען און פרעגען. פלוצלונג זיצט אונזער פראפעסאר אויף א בוים און עס פאלט איהם איין, אז קאפיטאן גראנט איז גאר ניט אין אויסטראליען, ער איז גאר ערגעץ אויף א אינזעל. דאמאלס וועלען מיר געוויס א פנים האבען, וויא דיא נאררען. דארום זאג איך, אז איידער מיר לאזען זיך פאהרען אין אזא ווייטען און געפעהרליכען וועג, איז גלייכער פאר אונז זיך נאך אמאל גוט איבערצולעגען, וואוהין מיר זאלען פאהרען.

לארד גלענארוואן און דער פראפעסאר האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדערן. זיי האבען איינגעזעהן, אז דער מאיאר האט רעכט.

— אלזא, וואס זאלען מיר טהאן? האט לארד גלענארוואן געפרעגט. וואס ראטעט איהר אונז, ליעבער מאיאר?

— איך ראטה, אז איידער מיר פאהרען קיין אויסטראליען, זאלען מיר נאך אמאל איבערקוקען דיא בריעף און דיא לאנדקארטען. מיר ווייסען, אז קאפיטאן גראנט געפינט זיך ערגעץ אויפן 37טען גראד. לאמיר נאך אמאל איבערקוקען יעדעס לאנד, יעדע אינזעל און יעדע געגענד, וואס געפינט זיך אויפן 37טען גראד און לאמיר יעדעס לאנד אדער יעדע אינזעל פערגלייכען מיט דיא בריעף. פיעללייכט וועלען מיר געפינען, אז אנאנדער לאנד פאסט בעסער צו דיא בריעף אלס אויסטראליען.

— דאס קענען מיר באלד טהאן, האט דער פראפעסאר געזאגט. דאס וועט ביי מיר גאר ניט דויערן.

ער האט באלד גענומען דיא לאנד־קארטע און האט זיא אויסגעשפרייט אויפן טיש. אלע האבען זיך צוגעקוקט צו דער קארטע.

— זעהט, מיינע דאמען און הערען, האט אנגעהויבען דער פראפעסאר צו האלטען זיין רעדע. אט איז דער 37טע גראד. ער געהט דורך גאנץ זיד־אמעריקא און,

קומט צו דיא אינזלען טריסטאן דאנקוניא. אין זיד־אמעריקא ווייסען מיר שוין אז קאפיטאן גראנט איז ניטא. לאמיר יעצט זעהן, אויב ער געפינט זיך אויף דיא אינזלען טריסטאן דאנקוניא. פאסען דיא בריעף צו דיעזע אינזלען?

— ניין, האט געזאגט לארד גלענארוואן. דיעזע אינזלען געהערן צו ענגלאנד, אויף זיי געפינען זיך קיינע ווילדע מענשען. ווען קאפיטאן גראנט זאל האבען געליטען שיפברוך לעבען דיעזע אינזלען, וואלט ער שוין לאנג געווען אין ענגלאנד. דיא ענגלישע פאסט־דאמפפער קומען צוויי מאל אין יאהר צו דיעזע אינזלען.

— לאמיר געהן ווייטער, האט דער פראפעסאר געזאגט. קאפיטאן גראנט געפינט זיך געוויס ניט אויף דיא אינזלען טריסטאן דאנקוניא. דער 37טע גראד געהט ווייטער אין אפריקא אין דער געגענד פון קאפשטאדט. דארט האט אויך געוויס דער קאפיטאן גראנט ניט געליטען קיין שיפברוך. אין יענע געגענד געפינען זיך שטענדיג הונדערטער שיפען פון דער גאנצער וועלט און ווען א שיף וואלט דארט אונטערגע־גאנגען, וואלט עס געשטאנען אין אלע צייטונגען.

אלע האבען איינגעשטימט מיט'ן פראפעסאר, ווייל אלע האבען געזעהן, אז ער האט רעכט.

— לאמיר ווייטער געהן, האט דער פראפעסאר געזאגט און האט געוויזען אויף דער לאנד־קארטע. ווייטער געפינען זיך אויפ'ן 37טען גראד דיא אינזלען אמסטערדאם. לאמיר זעהן, אויב עס פאסען צו זיי דיא בריעף.

אלע האבען געקוקט, געטראכט, געקלערט און האבען איינשטימיג בעשלאסען, אז עס קען ניט זיין, אז קאפיטאן גראנט זאל האבען געליטען שיפברוך אויף דיא אינזלען אמסטערדאם.

— אלזא, בלייבט אונז קיין אנדער לאנד איבעריג, אלס אויסטראליען, האט דער פראפעסאר געזאגט. דא זיינען דא ווילדע מענשען, דא געפינען זיך גרויסע שטרעקען לאנד, אויף וועלכע קיין אייראפעער האט נאך זיין פוס ניט געשטעלט. דא קען א שיף אונטערגעהן און קיין פויגעל זאל דערפון ניט וויסען. דא געפינט זיך געוויס קאפיטאן גראנט.

אלע זיינען געווען פאלקאמען איבערצייגט, אז קאפיטאן גראנט געפינט זיך נור אין אויסטראליען, נור דער מאיאר האט זיך ניט געוואלט נאכגעבען.

— וואס נאך פאר א לענדער געפינען זיך אויפ'ן 37טען גראד? האט ער געפרעגט.

— ניי־זעעלאנד, האט דער פראפעסאר געענטפערט. איך קען אבער ניט צו־לאזען, אז קאפיטאן גראנט געפינט זיך אין ניי־זעעלאנד, ווייל אין בריעף שטעהט דייטליך „קאנטינ", דאס הייסט קאנטינענט, א וועלט טהייל, ניי־זעעלאנד אבער זיינען נור אינזלען, אבער ניט קיין וועלט טהייל.

— עס קען ניט זיין ניי־זעעלאנד, האט זיך אפגערופען קאפיטאן פאגאנעל. איך געפין ניט איין ווארט, ניט איין צייכען אין דיא בריעף, וואס זאל פאסען אויף ניי־זעעלאנד.

— וועלכע נאך לענדער געפינען זיך אויפ'ן 37טען גראד? האט ווייטער געפרעגט דער אינרוהיגער מאיאר.

— פון ניי־זעעלאנד ביז אמעריקא געפינט זיך נור א גאנץ קליינע, וויסטע און טרויעריגע אינזעל מיט'ן נאמען מאריא טהערעזא. קענט איהר אויסגעפינען עפעס א ווארט אין דיא בריעף, וואס זאל פאסען אויף דיא אינזעל מאריא טהערעזא?

— געוויס ניט, האט לארד גלענארוואן געזאגט.

— יעצט, מיינע פריינדע, האט דער פראפעסאר געזאגט, ווייסט איהר שוין וועלכע לענדער און וועלכע אינזלען עס געפינען זיך אויפ'ן 37טען גראד. יעצט לעזט נאך א מאל דיא בריעף און אורטהיילט אליין, וואוהין מיר זאלען יעצט פאהרען.

— מיר האבען גאר ניט וואס צו קלערן און וואס צו אורטהיילען, האט לארד גלענארוואן געזאגט, דער פראפעסאר האט רעכט. מיר דארפען פאהרען קיין אויסטראליען.

— געוויס, קיין אויסטראליען! האבען אלע אויסגערופען, גלייך וויא זיי וואלטען זיך אנגערעדט. קיין אויסטראליען!

— יעצט קאפיטאן, האב איך נאך א פראגע צו אייך, האט לארד גלענארוואן געזאגט. האבען מיר גענוג קוילען אויפ'ן „דונקאן"?

— דעווייל האב איך נאך גענוג קוילען. ווען מיר וועלען קומען קיין קאפ־שטאדט, וועל איך מיר פערשאפען א פרישען פאררעטה (זאפאס).

— אלזא, געהט, מיין ליעבער קאפיטאן, און הייסט פאהרען קיין אויסטראליען.

— ניט גלייך קיין אויסטראליען, האט זיך אפגערופען דער אונרוהיגער מאיאר. אזוי וויא דיא אינזלען טריסטאן דאנקוניא און אמסטערדאם ליעגען אויף אונזער וועג, בעט איך, אז מיר זאלען זיך אפשטעלען ביי דיעזע אינזלען און זאלען דארט נאכפרעגע אויף קאפיטאן גראנט. מיר מוזען זיין זיכער אין אלע זייטען.

— איהר גלויבט מיר אלץ ניט? האט געפרעגט דער פראפעסאר מיט א פארוואורף.

— איך גלויב אייך שוין זעהר גוט, האט דער מאיאר געענטפערט, איך וויל אבער זיין זיכער. צוריקפאהרען איז זעהר אונאנגענעהם. איך וויל, אז מיר זאלען זיין אין אלע לענדער און אינזלען, וועלכע געפינען זיך אויפ'ן 37טען גראד.

— ליעבער קאפיטאן, הייסט פאהרען צו דיא אינזלען טריסטאן דאנקוניא, האט לארד גלענארוואן געזאגט צום קאפיטאן פאררעגוט.

דער מיט האט זיך געענדיגט דיא בעראטהונג. אונזערע רייזענדע זיינען געווען מיעד און האבען זיך געלעגט שלאפען. אין א האלבע שטונדע ארום איז דער „דונקאן" געשוואומען אויף דיא בלויע וואסערן פון'ם אטלאנטישען וועלט־מעער. דער שטייערמאן האט געריכטעט דאס שיף קיין אויסטראליען.

2טעס קאפיטעל.

## דיא אינזלען טריסטאן דאנקוניא.

מונטער און לוסטיג האט דער „דונקאן" דורכגעשניטען דיא וועללען (חוואליע) פון'ם אטלאנטישען וועלט־מעער. דאס וועטער איז געווען שעהן. דער ווינד איז געווען א גוטער און האט געטריעבען דאס שיף אימער ווייטער און ווייטער.

— ווען מיר װעלן האבן אזא שעהנעס וועטער און אזא גוטען ווינד, וועלען מיר אין צעהן טאג ארום זיין אין טריסטאן דאנקוניא, האט קאפיטאן פאררא̈גוט געזאגט דעם אנדערן טאג אין דער פריה צו לארד גלענארוואן.

אויפ'ן שיף איז יעצט געווען גאנץ פרעהליך. דער פראָפעסאָר האט אנגעהויבען צו שרייבען א גרויסעס בוך איבער זיין רייזע אין זיד אמעריקא. ער האט אנגעהויבען ארויסצושלעפען פון זיינע קעשינעס זיינע נאטיץ ביכער און האט אויפגעזוכט אלעס, וואס ער האט זיך אויפנאטירט אויפ'ן וועג. צוואר זיינען אלע זיינע פאפיערען פער־נעצט געווארען אין גרויסען רעגען און ווען זיי זיינען געשוואומען אויפ'ן בוים, דער פראפעסאר אבער האט זיי אויסגעטריקענט און ער אליין האט געקענט לעזען אין זיי. ער האט שוין געוואוסט זיינע ציכענס און זיינע פינטעלעך. אנאנדערער וואָלט פון זיי קיין וואָרט ניט פערשטאנען.

ער האט קיינעם ניט געוואלט ווייזען, וואס ער האט געשריעבען. ליידי העלענא איז געווען דיא איינציגע פערזאָן אויפ'ן שיף, וועמען ער האט פארגעלעזען זיין בוך. זיא האט איהם זעהר געליבט, אבוואהל זיא האט ניט אלעס פערשטאנען. דער מאיאר פלעגט בענוצען יעדע געלעגענהייט אום צו שפאסען פון'ם פראפעסאר.

— מיר פאהרען יעצט קיין אויסטראליען, פראפעסאר, האט ער איהם א מאל געזאגט. איהר דארפט זיך לער'ען אויסטראליש. זעהט, איהר זאלט ניט האבען ווידער א טעות און זאלט זיך ניט אויסלערנען כינעזיש אנשטאט אויסטראליש.

— עס איז אלץ בעסער צו קענען מיט א שפראכע מעהר, אלס נאר ניט צו קענען, האט איהם דער פראָפעסאר א שטאָך געטהאן.

לארד גלענארוואן האט געזעהן מיט פערגניגען, אז צווישען קאפיטאן פאררא̈גוט און מערי גראנט ווערט דיא פריינדשאפט אלע טאג גרעסער. זיי פלעגען אפט אוועק־רעדען שטונדען לאנג, פלעגען צוזאמען שפאציערען אויפ'ן דעק און מערי פלעגט זעהר אָפט זיך לערנען דרעהן דאס רעדעל — קירעווען דיא שיף.

— וואס וועט קאפיטאן גראנט זאגען, ווען ער וועט געוואהר ווערן, אז זיין טאָכטער האט זיך פערליעבט אין אונזער שיפסקאפיטאן? האט ער א מאל געזאגט צו זיין פרוי.

— וואס זאל ער זאגען? האט ליידי העלענא געענטפערט. אונזער פאררא̈גוט איז א טיכטיגער שיפס־קאפיטאן און א גאנץ עהרליכער און גוטער מאן דערצו. ער איז ווערטה צו הייראטהען קאפיטאן גראנט'ס טאָכטער.

אונטערדעסען איז דיא שיף געגאנגען אלץ ווייטער. דעם 5טען טאג נאך דער אבררייזע פון אמעריקא זיינען זיי געקומען צו אן אָרט, וואו דאס גאנצע מעער איז געוועזן בעדעקט מיט גראז און מיט בלעטער. עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז דיא שיף גליטשט זיך אויף א גריענער וויעזע (לאָנקע, לוג). ליידי העלענא האט געזעהן צום ערשטען מאל דיעזעס וואונדער אויפ'ן מעער און האט געבעטען דעם פראפעסאר, ער זאל עס איהר ערקלערן.

— מיר זיינען יעצט אין סאראגאסוס מעער, האט דער פראפעסאר ערקלערט. אין דיעזען אָרט וואקסען אויפ'ן באָדען פון'ם מעער זעהר פיעלע גראזען און בלומען.

מען מיינט, אז דא איז נים טיעף. ווען מען מעסט אבער דיא טיעפקייט פון'ם מעער, זעהט מען מיט שטוינען, וויא הויך דיעזע גראזען זיינען. אייניגע זיינען נים וועניגער, וויא פיער טויזענד פוס דיא לענג. דיעזע גראזען הייסען סארגוס, דערפאר הייסט דאָס מעער סארגאסום. ווען קאָלימבוס איז צום ערשטען מאל געפאהרען ענטדעקען אמעריקא און איז געקומען אין דיעזעס מעער, האבען זיינע מאטראזען געמיינט, אז דא ענדיגט זיך שוין דיא וועלט און האבען ווייטער נים געוואָלט פאהרען. זיי האבען זיך געוואָלט אומקעהרען אהיים און נור מיט שוועריער מיה איז עס איהם געלונגען זיי איינצובעטען, אז זיי זאָלען ווייטער פאהרען נאך עטליכע טעג.

קאָלומבוס האט אליין ניט געוואוסט, וואָס דיעזע גראָזען זיינען. היינט ווייסען מיר שוין, אז דאס איז א וואסער פפלאנצע, וועלכע ציעהט זיך צום ליכט, צו דער זון. מיר ווייסען, פאר וואס זיא וואקסט נור אין דיעזער געגענד. דער באָדען פון'ם מעער איז דא לעהמיג און זיא וואקסט נור אויף א לעהמיגער ערד. אין דיא באטאנישע גערטנער אין פאריז און אין לאָנדאָן האט מען פראָבירט פלאנצען דיעזע מערקווירדיגע פפלאנצע. זיא וואקסט דארט זעהר גוט.

א גאנצען טאָג איז דיא שיף געשוואומען אויף דיעזע מערקווירדינע לאָנקע (וויעזע) אלע זיינען געשטאנען אויפ'ן דעק און האבען געקוקט אויף דיא בלעטער און בלומען, וועלכע האבען ארויסגעשטעקט פון'ם וואסער.

— מיר פאהרען יעצט ווידער אויף דיא פאמפאס פון זיד־אמעריקא, האט דער פראָפעסאָר געשפאסט.

עס זיינען פערגאנגען נאך אייניגע טעג. דאס וועטער איז אלץ נאך געווען שעהן. אויפ'ן צעהנטען טאָג אין דער פריה האט דער מאטראָז, וועלכער איז געשטאנען אויף דער וואך, אויסגערופען: לאנד! לאנד!

אלע זיינען ארויסגעלאָפען אויפ'ן דעק אנקוקען דאס נייע לאנד. שפעטער פון אלעמען איז ארויסגעקראָכען א טעלעסקאָפ און הינטער איהם האט זיך נאכגעשלעפט דער פראָפעסאָר. ער האָט געקוקט אין אלע זייטען און האט גאר ניט געזעהן.

— וואו איז אייער לאנד? האט ער געפרעגט פערוואונדערט. איך זעה גאר ניט.

— קוקט נור אהין, אויף דיא וואָלקען, וועט איהר זיא זעהן, האט איהם דער שיפס־קאפיטאן געענטפערט.

ער האט אויפגעשטעלט זיין טעלעסקאָפ אין דער זייט, וואו דער קאפיטאן האָט איהם געוויעזען.

— אה, יעצט זעה איך שוין — א שפיץ פון א בארג. זאָל דאָס זיין דיא אינזעל טריסטאָן דאנקוניא?

— געוויס, פראָפעסאָר. איהר זעהט יעצט דעם פיק טריסטאן, דעם העכסטען בארג אויף דער אינזעל.

— ווען איך האב נאך ניט פערגעסען קיין געאָגראפיע, האט דער פראָפעסאָר געזאָגט, זיינען מיר יעצט זיעבעציג מייל ווייט פון דער אינזעל. דער פיק טריסטא איז זיעבען טויזענד פוס דיא הויך און אויפ'ן מעער אין א שעהנעם וועטער קען מען איהם זעהן אויף זיעבעציג מייל דיא ווייט.

— איהר האט רעכט, פראפעסאר. עס איז אזוי, האט קאפיטאן פאראגוט איהם געזאגט.

אין איינינע שטונדען ארום האבען זיך אנגעהויבען צו ווייזען דיא צוריסענע און צרוואָרפענע בערג און פעלזען פון דיעזע אינזלען. נאך שפעטער האט מען געקענט דייטליך זעהן דיא דריי אינזלען, וועלכע הייסען צוזאמען טריסטאן דאנקוניא. איין אינזעל הייסט „אינאקסעסיבל": מען קען צו איהר ניט צוקומען. זיא בעשטעהט אין גאנצען פון גרויסע צרוואָרפענע און צובראָכענע שטיינער. מען קען צו איהר צוקומען אין גאנץ קליינע שיפעלעך (לאָדקעס). דיא אנדערע אינזעל הייסט „דהי נייטינגעל", נור דיא נאכטיגאל, ווייל מען הערט אויף איהר אפט זינגען דיא נאכטיגאל (סאָלאָווי) דיא דריטע אינזעל הייסט טריסטאן. דיעזע קליינע גרופע אינזלען ליעגט איינזאם און פערנאכלעסינט אין וועלט-מעער. עס איז זעהר ווייט פון זיי צו דער ציוויליזירטער וועלט. עס איז ווייט פון אפריקא, ווייט פון אויסטראליען און ווייט פון אמעריקא.

נענען מיטאג איז דער דונקאן צוגעקומען צום פאָרט און האט פעראנקערט זיין שיף לעבען דער הויפטשטאדט און צו גלייך דיא איינציגע שטאדט אויף דיעזע אינזלען. דיא גאנצע שטאדט בעשטעהט פון פופציג הייזער. זיא ליעגט אין א שעהנעם גרינעם טהאל, אין וועלכען עס פליעסט א קליינער, פרעהליכער טייך. דיא הייזער שטעהן אין צוויי רייהען, איינע נעגען דיא אנדערע און זיינען גאנץ ריין און שעהן, אבער זעהר איינפאך. אזוי וויא דיעזע אינזלען געהערן צו ענגלאנד, שיקט דיא ענגלישע רעגירונג פון קאפ-לאנד אהין א בעאמטען — מען רופט איהם מיט'ן שטאָלצען נאָמען — גובערנאטאר. אונטער זיין הערשאפט געפינען זיך דריי גרויסע אינזלען, פיעלע הויכע בערג, פיעלע טהאלע, נאך מעהר שטיינער און הונדערט און פופציג איינוואָהנער שוין מיט פרויען און מיט קינדער.

ווען דער „דונקאן" איז אריינגעפאהרען אין פאָרט, איז דער גובערנאטאר אליין אראפגעקומען צום ברעג עמפפאנגען דיא געסט. און אייראָפעאישע שיף איז דאָרט א זעלטענהייט. דיא ענגלישע פאסט-שיפען קומען אהין נור דריי מאָל אין יאָהר. זיי ברענגען אלטע צייטונגען און איינינע בעפעהלע צום גובערנאטאר. פון דער גרויסער און שווערער קונסט צו שרייבען בריעף און זיי נאך צו לעזען וויים מען נאך דערוויל ניט אויף דיעזע אינזלען.

ליידי העלענא האט בעמערקט מיט שטוינען, אז דער גובערנאטאר האט פערגעסען אנצוטהאן זיינע שיך. עס איז ניט אין דער מאָדע אויף טריסטאן דאנקוניא צו טראָגען שיך.

לארד גלענארוואן האט אנגעהויבען צו פרעגען דעם גובערנאטאר און זיינע אונטערטהאנען, אויב זיי האבען ניט געהערט פון א שיף „בריטאניא" מיט א קאפיטאן גראנט, וועלכער האט געליטען שיפברוך אין דיעזע געגענדען. קיינער האט אבער ניט געהערט פון אזא שיף און קיינער האט קיין אויסקונפט ניט געקענט געבען.

— אויסער וואלפיש-פאנגער, דאס הייסט, שיפען, וועלכע פאהרען האפען וואלפיש און אנדערע טהיערע פון וועלכע מען מאכט פישאייל אדער פישטראָהן, קומען אהער זעהר זעלטען אייראפעאישע שיפען, האט דער גובערנאטאר ערקלערט. זאפיעל

איך ווייס, איז נור אין 1821 אונטערגעגאנגען אן ענגלישע שיף „בלענדאן האלל“, אין 1845 האט א שטארקער שטורמווינד ארויסגעווארפען אויפ'ן ברעג פון אונזער אינזעל צוויי האלענדיישע שיפען. אין 1857 איז אונטערגעגאנגען ניט ווייט פון אונזער אינ'על אן אמעריקאנישע שיף מיט'ן נאמען „פילאדעלפיא“. דאס איז אלעס, וואס איך ווייס איבער שיפען. וועלכע האבען געליטען שיפברוך לעבען אונזערע אינזלען.

לארד גלענארוואן האט געוואוסט, אז ער וועט דא קיינע אויסקונפט איבער קאפיטאן גראנט ניט קריגען, ער האט נור צוליעב געטהאן דעם מאיאר. זיי וואלטען איינענטליך געקענט באלד ווייטער פאהרען. דער פראפעסאר אבער האט זעהר געוואלט בעטראכטען דיעזע אינזלען. ליידי העלענא, וועלכע איז שוין מעהר אלס פינף מאנאטע נאך אנאנדער אלץ געווען נור אויפ'ן מעער, האט אויך געוואלט זיך אביסעל דורך־שפאציערען אויפ'ן לאנד. לארד גלענארוואן האט געמוזט נאכגעבען און האט ערלויבט, אז מען זאל דא פערברענגען א פאר טאג. דיא מאטראזען האט ער ערלויבט צו חאפען פיש און זעע־הינד, וועלכע געפינען זיך אין דיעזע וואסערן אין גרויסע מענגע.

אלע זיינען ארויס אויפ'ן ברעג. יעדער האט זיך גענומען צו זיין בע'שעפטיגונג. דער פראפעסאר און ראבערט גראנט זיינען געגאנגען פון הויז צו הויז, האבען גערעדט מיט דיא איינוואינער, האבען געשפאסט מיט דיא פרויען און זיך געשפיעלט מיט דיא קינדער.

דיא איינוואינער פון דיעזען זאנדערבארען קעניגרייך זיינען מייסטענס ענגלענדער אדער אמעריקאנער, וועלכע האבען געהייראטהעט נעגער פרויען. דיא מענער זיינען ברוין, דיא פרויען זיינען שווארץ וויא קויל. דיא קינדער זיינען א געמישעכץ פון נעגערן און אייראפעער, ריכטיגער געזאגט, שטארק מיאוסע האלב־נעגער.

א גאנצען טאג זיינען אונזערע רייזענדע ארומגעגאנגען אויף דער אינזעל. נעגען אבענד זיינען זיי זיך צונויפגעקומען אויפ'ן שיף צום מיטאג. נאכן עסען האט לארד גלענארוואן געבעטען דעם פראפעסאר, ער זאל איהם דערצעהלען דיא געשיכטע פון דיעזע זאנדערבארע אינזלען. דער פראפעסאר האט איהם צוליעב געטהאן און האט דערצעהלט פאלגענדעס:

אין 1506 האט א פארטוגיעזישער שיפס־קאפיטאן ענטדעקט דיעזע אינזלען. ער האט געהייסען טריסטאן דאנקוניא. דער פאר הייסען יעצט דיא אינזלען טריסטאן דאנקוניא. ער האט עס געמעלדעט דעם קעניג פון פארטוגאל. וועלכער האט ארויס־געשיקט א שיף מיט געלערנטע, זיי זאלען זיי אויספארשען. דיא געלערנטע האבען פערבראכט זעקס מאנאטע אויף דיא אינזלען און האבען אויסגעפונען, אז זיי האבען גאר קיין ווערטה ניט. דאס מעער ארום רוישט, קאכט און זידעט. אפט קומען פאר־שטורמווינדען, אז עס איז אונמעגליך צו צוקומען צום לאנד. דיא ערד אויף דיא אינזלען איז בעדעקט מיט רויטע שטיינער און טויג ניט צו בעארבייטען. מען האט אויפ־געהערט פון דיעזע אינזלען צו רעדען און זיי זיינען באלד אין גאנצען פערגעסען געווארען.

אין 1811 האט אן אמעריקאנער מיט'ן נאמען דשאנאטהאן, וועלכער האט ארומגעוואנדערט אין אפריקא זוכען גליק און האט עס, וויא געוועהנליך, ניט געפונען, זיך ענטשלאסען צו קאלאניזירען דיעזע אינזלען. ער האט געזוכט נאך מענשען, וועלכע

זאלען מיט איהם פאהרען, האט אבער קיינעם ניט געפונען אויסער א נעגער פרוי, וועלכע ער האט געהייראטהעט, אן אלטען איטאליענער און א מולאט (דער זוהן פון א ווייסען פאטער און א שווארצע מוטער הייסט מולאט) מיט א פרוי, א נעגערין. דיעזע צוויי פאמיליען — דעם איטאליענער רעכען איך ניט, ווייל ער האט קיין פריי ניט געהאט — זיינען געקומען אויף דיא אינזלען און האבען זיך בעזעצט. דער אמעריקאנער איז געוועזען א גוטער פארמער. ער האט באלד אפגעריינינט א שטיק לאנד און האט זיא אנגעהויבען צו בעארבייטען. דאס לאנד האט זיך געציינט אלס פארטרעפליך און דיא קליינע קאלאניע האט אנגעהויבען צו בליהען. אין מעער ארום איז דא זעהר פיעל פיש און זעהינד. ווען דיא קאלאניסטען האבען ניט געארביים אויפ'ן פעלד. האבען זיי געחאפט פיש און זעהינד. דער אמעריקאנער דשאנאטהאן איז געוועזען גליקליך. ער האט געהערשט אויף זיין אינזעל גאנץ אליין. ער איז דארט געוועזען קייזער. זעלבסטפערשטענדליך, אז ער האט ניט געהאט קיין ארמעע, קיין פאליציי, קיינע קריעגסשיפען, קיינע קאנאנען און קיינע בעאמטע. ער האט עס אבער אויך ניט געדארפט. זיינע אונטערטהאנען — געצעהלטע פיער דערוואקסענע און צוויי קינדער — האבען אויסגעפאלגט אלע זיינע בעפעהלע.

דיא ענגלישע רעגיערונג אין קאפלאנד, אין אפריקא, האט דערשמעקט, אז דיא קליינע קאלאניע אויף דער אינזעל טריסטאן בליהט און עס געהט איהר זעהר גוט. זיא האט געשיקט א שיף און האט אנגעבאטען דעם אמעריקאנער, ער זאל זיך שטעלען אונטער ענגלישען שוץ. דער אמעריקאנער האט עס אנגענומען און האט אויפגעצויגען לעבען זיין וואינונג דיא ענגלישע פאהן. אין א קורצע צייט ארום איז דער אמעריקאנער דערטרונקען געווארען — אדער מען האט איהם דערטרונקען. — מיט איהם איז דיא קאלאניע פערשוואונדען געווארען. דיא איבעריגע קאלאניסטען האבען זיך קוים איינגעבעטען אויף א שיף, מען זאל זיי צוריקברענגען קיין אפריקא.

אין 1816, ווען דיא ענגלענדער האבען געהאלטען נאפאלעאן I געפאנגען אויף דער אינזעל סאנקט העלענא, האבען זיי מורא געהאט, ער זאל ניט אנטלויפען און זיי האבען געשיקט מיליטער אויף אלע אינזלען ארום סאנקט העלענא. א באטאליאן סאלדאטען איז געשטאנען אויף דער אינזעל טריסטאן דאנקוניא. דער באטאליאן איז בעשטאנען פון איין ראטע ענגלענדער און פיער ראטעס אפריקאנער סאלדאטען, נעגערן. אין 1821, ווען נאפאלעאן I איז געשטארבען האט דיא ענגלישע רעגיערונג בעפוילען, אז דער באטאליאן סאלדאטען זאל פאהרען א היים, קיין קאפלאנד. דיא סאלדאטען זיינען געוועזען העכסט צופריעדען, וואס זיי פאהרען ענדליך אוועק פון אזא וויסטע און לאנגווייליגע אינזעל.

איין סאלדאט אבער מיט'ן נאמען וויליאם גלאז מיט זיין פרוי און צוויי נעגערן זיינען געבליעבען אויף דער אינזעל און האבען זיך דארט בעזעצט. מיט א פאר יאהר שפעטער איז ניט וויט פון דער אינזעל אונטערגעגאנגען א גרויסע ענגלישע שיף מיט'ן נאמען בלענדאן האלל. צוויי מאטראזען און איין פאסאזשיר מיט זיין פרוי האבען זיך געראטעוועט אויף א פלאט (פלאס), וועלכע זיי האבען צוזאמען געשלאגען פון פעסער און ברעטער פון דער אונגליקליכער שיף. דער ווינד האט זיי פארשלאגען אויף דער

אינזעל טריסטאן. עס איז זיי געפעלען דיא געגענד און זיי האבען זיך דא בעזעצט. אין 1824 איז דיא קאלאניע בעשטאנען פון זעקס מענער און צוויי פרויען. אין 1829 זיינען שוין געווען זיעבען מענער. זעקס פרויען און צעהן קינדער. אין 1835 זיינען שוין געווען אויף דער אינזעל פערציג מענשען. דיא מענער, וועלכע האבען קיין פרויען געהאט, האבען געבעטען דיא ענגלישע רעגיערונג אין קאפלאנד, זיא זאל זיי צושיקען פרויען. זיא האט זיי צוגעשיקט נעגער פרויען, וועלכע זיא האט געקויפט אלס שקלאפען. אזוי וויא דער ענגלענדער האט פיינט צו טהאן עפעס אומזיסט, האט זיך דיא ענגלישע רעגיערונג געהייסען בעצאהלען פאר דיעזע פרויען; געלד אבער איז ניט אין דער מאדע אויף טריסטאן דאנקוניא און דיא קאלאניסטען האבען געמוזט בעצאהלען פאר זייערע פרויען מיט פעל פון זעהינד. יעצט, אין 1864, געפינט זיך שוין אויף דער קאלאניע הונדערט און פופציג איינוואינער, דיא פרויען און קינדער אויך מיט גערעכענט.

— איך דאנק אייך, פראָפעסאָר, פאר אייער ערצעהלונג, האט לארד גלענאר־וואן געזאגט. איהר האט מיר געגעבען א גוטע לעקציאָן. איהר האט מיר געוויעזען, וויא א פאלק ווערט געבארען, וויא אזוי א פאלק ענטשטעהט, וויא אזוי א שפראכע בילדעט זיך. אין א הונדערט יאהר ארום וועלען מיר האבען א נייע פאלק און א נייע שפראכע. איך הער שוין יעצט, וויא זיי רעדען ענגליש, איטאליעניש און האָטענטאָטיש (דיא נעגערן פון יענער געגענד געהערען אלע צום פאלק מיט'ן נאמען „האָטענטאָטען") דיא איינוואָינער פון דיעזער אינזעל וועלען זיך פערמעהרען, וועלען בעזעצע: אלע אינזלען ארום און וועלען אמאל קעמפפען פאר זייער פאָטערלאנד. זיי וועלען אמאל שרייען: אונזערע עלטערן האבען בעארבייט דיעזעס לאנד, זיי האבען עס בעגאסען מיט זייער שווייס און בענעצט מיט זייערע טרערין. דיעזעס לאנד געהערט צו אונז! קיין פרעמדער טאר צו אונז ניט קומען! — וועלען זיי רעכט האבען?....

— איך האב נאך פערגעסען אייך צו דערצעהלען פון א ראבינזאָן, וועלכער איז געווען אויף דיעזער אינזעל, האט דער פראפעסאָר פלוצלונג געזאגט. אין 1793 איז א פראנצויזישע שיף פערביינעפאהרען דיעזע אינזעל און האט זיך אפגעשטעלט צו פער־זארגען זיך מיט פרישעם וואסער. א פראנצויזישער געלערנטער מיט'ן נאמען דיפעטי, וועלכער איז געראדע געפאהרען אויף דער שיף, איז אראפגעגאנגען אויפ'ן לאנד אביסעל שפאציערען. ער האט זיך פערטראכט און איז אוועקגעגאנגען ווייט צווישען דיא שטיינער. דיא שיף איז דערווייל אוועקגעפאהרען און ער איז געבליעבען אליין אויף דער אינזעל. אכט מאנאטע האט ער פערבראכט אויף דער אינזעל איינער אליין. ער האט איבערגעליטען הונגער און נויט, ביז עס איז אנגעקומען אן ענגלישע שיף און האט איהם ארויפגענומען אויפ'ן דעק.

— דער געלערנטער איז געוויס געווען פון אייער פאמיליע, העדר פראָפעסאָר, האט דער מאיאר געלאכט, איז ער אפט ניט געווען אייער עלטער זיידע?

— דאס מאל ניט, איך וואלט מיך אבער ניט געשעהמט, ווען ער וואלט עס א געווען. ער איז געווען א גרויסער געלערנטער, האט דער פראָפעסאָר געענטפערט.

דעם אנדערן טאג איז לארד גלענארוואן, דער פראָפעסאָר און דער מאיאָר געגאנגען אויף דיא יאגד. זיי האבען שוואר ניט פיעל געשאסען, דערפאר אבער האבען

זיי זעהר פיעל נעזעהן. אויף דיא בערג האבען זיי געזעהן פיעלע ווילדע ציעגען. זיי האבען זיי ניט נעקענט שיעסען, ווייל דיא ציעגען זיינען זעהר פלינק און אנטלויפען, ווען זיי הערן דעם ק ענסטען גערויש. פון ווילדע חיות געפינען זיך אויף דער אינזעל נור ווילדע קעץ. וויא עס ווייזט אויס, האט אמאל א שיף דא איבערגעלאזען א פאר קעץ, וועלכע האבע: זיך מיט דער צייט שטארק פערמעהרט און זיינען געווארען ווילד. זיי ווערן מיט יעדען טאג געפעהרליכער פאר דיא איינוואינער. זיי פאלען אן אויף דיא היהנער, גענז און ענטען פון דיא איינוואינער און, ווען זיי זיינען שטארק הונגעריג, פאלען זיי זאגאר אן אויף יונגע ציעגעלעך און צו רייסען זיי. דיא איינוואינער זיינען שוין יעצט געצוואונגען פון צייט צו צייט צו פעראנשטאלטען אן אלגעמיינע יאגד — מאכען אן אבלאווא — אויף דיא ווילדע קעץ.

אין דער צייט וואס לארד גלענארוואן מיט זיין פארטיע זיינען געגאנגען אויף דער יאגד, זיינען דיא מאטראזען געפאהרען חאפען פיש. זיי האבען אנגעחאפט אזוי פיעל, אז זיי האבען פערזארגט אויף אכט טאג דיא שיף מיט פיש.

אום 8 אוהר פארנאכט זיינען אלע געקומען צוריק אויפ'ן שיף. דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז דער „דונקאן" אוועקגעפאהרען פון טריסטאן דאנקוניא.

## 3טעם קאפיטעל.

## קאפשטאדט און הערר וויארדא.

וויא מען האט אפגערעדט. וואלטען זיי יעצט נעדארפט פאהרען צו דער אינזעל אמסטערדאם. קאפיטאן פארראגוט אבער האט דערזעהן, אז זיי האבען וועניג קוילען און ער האט זיך געזעהן גענייטיגט אראפצופאהרען פונ'ם וועג און צו צופאהרען קיין קאפשטאדט אין אפריקא אום זיך דארט צו פערזארגען מיט קוילען. אין זעקס טאג איז ער איינגעפאהרען פון דער אינזעל טריסטאן דאנקוניא ביז קאפשטאדט.

עס איז געווען פאר נאכט, ווען זיי האבען דערזעהן פון דער וייטען דעם „טיש בערג". דער שיפס קאפיטאן האט גערופען דעם פראפעסאר איהם ווייזען דיעזעס וואונדער פון דער נאטור — ניט וייט פון דער שטאדט קאפשטאדט, אדער, וויא דיא ענגלענדער רופען זיא „קייפ־טאון", הייבט זיך אויף א הויכער בארג, ריכטיגער געזאגט, א הויכער שטיין. פון אלע פיער זייטען זיינען דיא ווענט פונ'ם בארג גלייך און גלאט, גלייך וויא מען וואלט זיי אפגעשניטען מיט א מעסער. נור אין איין ארט זיינען אויס־געהאקט טרעפ, אויף וועלכע מען קען ארויפגעהן אויפ'ן בארג. ווען מען קומט ארויף אויבען, זעהט מען, אז דער שטיין איז ניט שפיציג, וויא יעדער בארג איז געוועהנליך, זאנדערן גאנץ גלאט, וויא א טיש. דער גאנצער בארג, אדער דער גאנצער שטיין, האט ווירקליך דיא געשטאלט פון א פיער עקיגען טיש. דער פאר הייסט ער „טיש בערג", אדער וויא דיא ענגלענדער רופען איהם „טייבל מאונטיין."

— דאס איז דאס איינציגע וואונדער, וואס מען האט צו זעהן אין קאפשטאדט, האט דער פראפעסאר געזאגט. דיא שטאדט אליין האט ניט מעהר, וויא דרייסיג טויזענד איינוואינער. זיא איז זעהר ריין און זעהר שיהן געבויט, אבער זעהר לאנגווייליג. דאס לאנד האט א מאל געהערט צו דיא האלענדער. דיא איינוואינער זיינען

גרעסטען טהיילס האלענדער. אין 1815 האבען עס דיא ענגלענדער אפגענומען פון דיא האלענדער. זיי האבען געפיהרט קריעג מיט דיא האָטענטאָטען (דיא נעגערן) ארום און האבען ביי זיי צוגענומען זייער לאנד. יעצט געהערט דער גאנצער זידען פון אפריקא צו ענגלאנד.

— אליא, ווילט איהר ניט אראפגעהן אנקוקען קאפשטאדט? האט איהם לאָרד גלענארוואן געפרעגט.

— וואס וועל איך דארט זעהן? דיא האלענדער זיינען א לאנגווייליגעס פאָלק. דיא גאנצע שטאָדט איז געבויט, וויא דיא קעסטעלעך פון א שאך ברעט. דאס איינציגע גוטעס, וואס זיי האבען, איז דער קאנסטאנציא וויין. זיי זאגען אבער, אז ווער עס טרינקט איהם איין מאל, דער קען זיך שוין פון איהם ניט אפגעוואינען. איך וויל איהם ניט טרינקען און וויל צו איהם ניט געוואינט ווערן.

אלע זיינען געבליעבען אויפ'ן שיף, נור דער קאפּיטאן איז געגאנגען אין שטאָדט אריין קויפען קוילען. עס האט ניט לאנג געדויערט און מען אנגעהויבען אנצולאָדען דיא שיף מיט קוילען.

דעם אנדערן טאג אין דערפריה זיינען זיי ווייטער געפאהרען צו דער אינזעל אמסטערדאם. פון קאפּלאנד ביז צו דער אינזעל איז זעהר וויט,—קנאפּע דריי טויזענד מייל. ווען זיי זאלען גוט פאהרען און זאָלען קיין איבערשלאָג ניט האָבען, דארף דיא רייזע געדויערן צוועלף טעג. לארד גלענארוואן האט צוואר געוואלט פאהרען גלייך קיין אויסטראליען. ער האט ניט געוואלט פערליערען אזוי פיעל צייט. דער מאיאר אבער איז בעשטאנען דארויף, אז זיי זאלען פאהרען צו דער אינזעל.

— וואס איז אייער מיינונג, פּראָפעסאר פאגאנעל? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— מיין מיינונג? איהר ווילט וויסען מיין מיינונג? נו, וועל איך אייך זאָגען — איך האב ליעב דאס מעער. דיא גרויסע וואסערן זיינען דער ריכטיגער וועג פון'ם מענשליכען גייסט און פון דער ציוויליזאציאן. עס איז א גליק, וואס אויף דער וועלט איז דאָ צווייא דריטעל וואסער און נור איין דריטעל לאנד. וואס וואלטען מיר געטאָהן, ווען אויף דער וועלט וואלט ניט געווען קיין מעער? מיר וואלטען איינער דעם אנדערן ניט געקענט. אין דיא סטעפּען פון סיביר, אין דיא וויסטענייע פון מיטעל אפריקא, אין דיא פּאמפּאס פון זיד אמעריקא, אין דיא פּרעריען (אויך אזא סארט סטעפּעס) פון נארד אמעריקא וואינען פעלקער, וועלכע קענען איינער דעם אנדערן ניט. הונדערט מייל אויפ'ן לאנד איז פיעל שווערער דורכצופאָהרען, וויא צווייא טויזענד מייל אויפ'ן וואסער. איהר האט א גוטען ביישפּיעל פון אונז אליין. פון טשילי קיין ארגענטיניען איז נור דרייצעהן הונדערט מייל. עס האט ביי אונז געדויערט צווייא און פערציג טאג זיי דורכצוגעהן. מיר זיינען איבערגעשטאנען אלע מעגליכע געפאהרען און האבען געליטען הונגער און נויט. פון קאפּלאנד ביז צו דער אינזעל אמסטערדאם איז קנאפּע דרייא טויזענד מייל. מיר וועלען זיי דורכפאָהרען איין צעהן־צוועלף טעג. מיר וועלען דיא צייט פערברייננגען גאנץ גוט אויף אונזער שיף, וועלען האבען פיעל פערגניגען פון דער רייזע און

וועלען דערביי נעוואהר ווערן, אויב קאַפּיטאַן גראַנט האט דארט ניט נעליטען קיין שיפבראָך. פאר וואס זאלען מיר אלזא ניט פאהרען צו דער אינזעל אמסטערדאַם?

דער פראפעסאר האט נערעדט מיט אזא פייער און מיט אזא איבערצייגונג, אז אלע האבען נעמוזט איינשטימען, אז דאס מעער איז זעהר א גוטע זאך.

— דער פראָפעסאָר האט רעכט, האט דער מאַיאָר נעזאָגט. ווען א וואסער געפינט זיך צווישען צווייא פעלקער זיינען זיי ברידער; ווען א וואלד געפינט זיך צווישען צווייא פעלקער, זיינען זיי פרעמדע. ענגלאנד און אויסטראליען איז איין לאנד, רוסס־לאנד און כינא זיינען צווייא לענדער. און דענאך איז פון לאנדאָן קיין מעלבורן, אין אויסטראליען, צעהן מאל אזוי ווייט, וויא פון פעטערבורג קיין פעקין דיא הויפּשטאָדט פון כינא.

דאס וועטער איז נעווען שעהן און די רייזע איז ווירקליך נעווען זעהר אנגענעהם. דאס מעער אליין איז נעווען צופריעדען צו טראגען אונזערע רייזענדע אויף זיינע גלאטע וועלען (כוואליעס). אין דיא גאנצע צעהן טעג איז עס נעווען גאנץ רוהיג און שטיל. דער „דונקאַן" האט זיך נעגליצט שנעל אויפ'ן גלאטען שפּיעגעל. דעם 15טען יאנואר האבען זיי דערזעהן, וויא א בארג קריעכט ארויס פון דער טיעפעניש פון'ם וועלט מעער. דאס איז נעווען דיא אינזעל אמסטערדאַם.

— מיר זיינען יעצט נור פופציג מייל פון דער אינזעל, האט דער פראָפעסאָר נעזאָגט. פיעל נייעס האבען מיר דאָרט ניט צו זעהן. עס איז זעהר עהנליך צו דער אינזעל טריסטאַן דאַנקוניא.

— מיט וואס זיינעןביידע אינזלען עהנליך? האט ליידי העלענא נעפרעגט.

— מיט ראָבינזאָנס. אויף דער אינזעל אמסטערדאם זיינען אויך פיעלע מענשען פערשלאָגען נעוואָ־ען און האָבען צוגעבראַכט אויף איהר יאהרען לאנג גאנץ אליין, וויא עס שטעהט בעשריעבען אין דער געשיכטע פון ראָבינזאָן קרוזאָע, וועלכע איהר האָט נעוויס נעלעזען.

— אלזאָ, איז דיא געשיכטע פון ראָבינזאָן קרוזאָע ניט אויסנעטראַכט? האט ליידי העלענא נעפרעגט. עס האט זיך טאקע נעטראָפען?

— אויסגעטראכט? האט נעלאַכט דער פראָפעסאָר. עס איז כמעט ניטאָ איין אינזעל אויף דער וועלט, וועלכע האט ניט געהאט איהר ראָבינזאָן קרוזאָע.

— פראָפעסאָר, איך וויל אייך שטעלען א פראגע, האט מערי גראַנט נעזאָגט.

— זאגאר צעהן פראגען, איך ווער אייך ענטפערן מיט פערגנינגען.

— וואָלט איהר מורא געהאט צו בלייבען אויף אן אינזעל גאנץ אליין?

— איך? האט נעלאַכט דער פראָפעסאָר. איך זאל מורא האבען? —

— באלד וועט ער זאגען, אז ער וואלט נעווען העכסט צופריעדען צו בלייבען אליין אויף אן אינזעל, האט געשפּאַסט דער מאַיאָר.

— צופריעדען אדער ניט צופריעדען, דאס ווייס איך ניט, האט דער פראָפעסאָר נעזאָגט. איך וואלט מיך אבער ניט נעזאָרגט און זעהר ווענינ נעקימערט. איך וואָלט נעחאַפּט פיש און נעפאנגען פיינעל. איך וואלט געוואוינט אין א הייל אום ווינטער און אויף א בוים אום זומער. איך וואלט מיר נעבויט א מאגאזין, וואו איך וואלט אום

**זמער** אנגעגרייט עסען אויפ'ן ווינטער. — **קורץ, איך וואלט קאָלאָניזירט טיין אינזעל.**

— גאנץ אליין?

— גאנץ אליין. איבעריגענס, וואלט איך מיר אויסגעזוכט א חיה'לע אדער א פויגעל, וועלכען איך וואלט צוגעוואינט צו מיר און וואלט איהם צוגעוואינט צו קומען צו מיר, צו רעדען מיט מיר און צו עסען מיט מיר. ווען איך וואלט געהאט נאך א מענשען צו מיר, וואלט איך שוין נאר געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל. צווייא מענשען אליין אויף אן אינזעל קענען גליקליך לעבען. א שטיינער איך און דער מאַיאָר —

— איך דאנק אייך, האט דער מאַיאָר געזאגט. מיר געפעלט אזא גליק זעהר **וועהניג.** איך האב בעסער ליעב צו זיין אין א טהעאטער אין לאנדאן.

— ליעבער פראפעסאר, האט ליידי העלענא געזאגט, איהר האט א גרויסען **טעות.** איהר שטעלט אייך פאָר, אז אליין זיין אויף אן אינזעל איז אנגענעהם. דאס קען נים זיין. דער מענש איז געבאָרען צו לעבען מיט אנדערע מענשען, ער קען ניט זיין אליין. אנדערע מענשען מוזען איהם העלפען. נים יעדער מענש קען זיין א ראָבינזאָן קרוזאָע און ראָבינזאָן קרוזאָע אליין איז אויך ניט געווען אזוי גליקליך, וויא איהר מיינט. זיין איינער אליין אויף אן אינזעל איז זעהר טרויעריג. אזא מענשען האט מען געווים נים וואס מקנא צו זיין.

דער פראפעסאר האט געשוויגען. ער האט איינגעזעהן, אז ליידי העלענא האט דאך רעכט, אין דער מינוט איז דער „דונקאן" צוגעקומען צו דער אינזעל אמסטערדאם. דאס זיינען איינענטליך צווייא אינזלען, וועלכע זיינען נור פינף און דרייסיג מייל ווייט איינע פון דער אנדערער. איינע איז גרעסער און הייסט אמסטרדאם, דיא אנדערע איז קלענער און הייסט סען פאָל.

אויף דער אינזעל ס ע ן פ אָ ל וואינט קיינער נים. דיא גאנצע אינזעל שטעלט פאָר א שפיציגען בארג. דיא אינזעל אמסטערדאם אָבער איז בעוואינט מיט עטליכע מענשען, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט פישפאנג. דיא גאנצע אינזעל געהערט צו א רייכען קויפמאן, וועלכער שיקט אהין ארויס אין געוויסע צייטען פון'ם יאהר מענשען צו חאפען א סאָרט פיש, קאד, אויף רוסיש טריאָסקא, וועלכע געפינט זיך דארט אין גרויסע מאסען. דיא פיש ווערן געזאלצען, געטריקענט און געדייבערט אויף דער אינזעל.

אין דער צייט, ווען דער „דונקאן" איז אנגעקומען אויף דער אינזעל, איז דיא גאנצע בעפעלקערונג פון דער אינזעל בעשטאנען פון דרייא מענשען: א פראנצויז, מיט'ן נאמען וויארדאָ און צווייא נעגער. דיא צייט פון דעם פישפאנג איז דאמאלס שוין געווען פאָראיבער און דיעזע דרייא מענשען זיינען געווען דיא וועכטער פון דיא הייזער און דיא אנשטאלטען צו זאלצען, טריקענען און רייכערן פון דיא פיש. דער אייגענטהימער — בעל הבית — פון דער אינזעל האט זיי געצאהלט א מאנאטליכע געהאלט, זיי זאלען דארט וואינען.

דער פראָפעסאָר איז געווען העכסט צופריעדען, וואס ער האט געטראָפען א לאנדסמאן. דער אלטער וויארדאָ איז געווען גליקליך, וואס א שיף איז צוגעקומען צו זיין קענינרייך, ווייל עס פערגעהט א מאל מאנאטע, און וועלכע ער זעהט ניט קיין

לעבעדיגען מענישען אויסער זיינע צוויא אונטערמאהנען. ער האט דערצעהלט דעם פראָ־פעסאר, אז דער פישפאנג טראָגט איין אבציג ביז הונדערט טויזענד פראנקס א יאהר ריינעם פראָפיט. אין דער צייט פון'ם פישפאנג איז גאנץ פרעהליך אויף דער אינזעל. דיא פישער פאהרען ארויס אויף זייערע שיפלעך גאנץ פריה און קומען צוריק פאר נאכט מיט דיא געפאנגענע פיש. צוואנציג ביז דרייסיג מענישען זיינען בעשעפטיגט מיט'ן צו־שניידען, רייניגען און זאלצען דיא פיש. דאמאלס ווערט דיא אינזעל לעבעדיג און פרעה־ליך. דאס דויערט אבער ניט מעהר וויא צוויא מאנאטע אין יאהר. דיא איבעריגע צעהן מאנאטע פון'ם יאהר פערברענגט ער אויף דער אינזעל גאנץ אליין. זעלטען קומט צו א שיף צו דער אינזעל.

לארד גלענארוואן האט איהם געפרעגט, אויב ער ווייס ניט פון אן ענגלישעס שיף „בריטאניא“ און א קאפיטאן גראנט, וועלכער האט געליטען שיפברוך אין דיעזע געגענדען. וויארדא האט איהם געענטפערט, אז זייט צעהן יאהר, וועלכע ער געדענקט, איז קיין שיף ניט אינטערגעגאנגען לעבען דער אינזעל.

זיי וואלטען געקענט באלד אוועקפאהרען. זיי האבען שוין דאָ מעהר ניט געהאט וואס צו טהאָן. דער פראָפעסאר אבער האט זיך ניט געקענט אויסרייסען פון זיין לאנדסמאן. ער האט געבעטען לארד גלענארוואן, זיי זאָלען זיך א ביסעל דורכשפא־ציערען אויף דער אינזעל.

— מיר וועלען מיט אייך שפאציערען, האט ליידי העלענא געזאָגט, אבער נור מיט דער בעדינגונג, איהר זאלט אונז דערצעהלען דיא געשיכטע פון דיא ראָבינזאָנס פון דיעזער אינזעל.

דער געלערנטער פראָפעסאר איז געווען העכסט צופריעדען, וואס ער האט גע־האט א געלעגענהייט צו רעדען, ער האט באלד אָנגעהויבען צו דערצעהלען:

— אין 1827 איז אן ענגלישע שיף „פאלמירא“ פארבייגעפאָהרען דיעזע אינזעל. דער קאפיטאן האט דערזעהן א רויך אויפ'ן ברעג, אזוי וויא אויף דער אינזעל האט דאמאלס קיין מעניש ניט געוואוינט, איז געווען דעם קאפיטאן א וואונדער, פון וואנען דער רויך קומט. ער איז צוגעפאָהרען נעהנטער און האט דערזעהן, אז צוויא מענשענגעשטאלטען שטעהן אויפ'ן ברעג, מאכען מיט דיא הענד און בעטען הילף. ער האט געהייסען אראָפּ־לאָזען א באָאט, האט זיך אריינגעזעצט אין באָאט מיט א פּאָר מאטראָזען און איז צוגעקומען צו דער אינזעל. ער האט געפונען צוויא געשטאלטען, וועלכע עס איז גע־ווען שווער צו דערקענען, אז דאס זיינען מענשען. זיי זיינען געווען פערוואקסען און פער־ווילדערט. זייערע לאנגע האר, זייערע ווילדע בערד, זייערע פארשווארצטע און פאר־ברענטע געזיכטער, דיא שמוציגע שטיקלעך קליידער, וועלכע האבען בעדעקט נור א טהייל פון זייער קערפער — אלעס אין זיי האט געהאט דאס אויסזעהן פון ווילדע חיות, ניט פון מענשען. ער האט זיי ארויפגענומען צו זיך אויפ'ן שיף, האט זיי געהייסען ארומ־וואשען און זיך אנטאהן, האט זיי געגעבען עסען און טרינקען און זיי האבען איהם דערצעהלט זייער לעבענסגעשיכטע.

זיי זיינען שאָטלענדער. מיט צוויא יאהר צוריק זיינען זיי ארויסגעפאהרען אלס מאטראזען אויף אן ענגלישער שיף, וועלכע איז געפאָהרען האפען וואלל פיש אין דיעזע

נענענד. דער קאפּיטאן פון זייער שיף האט זיי איבערגעלאָזען אויף דער אינזעל, אז זיי זאלען זיך דא אויסבויען אן ארט מאגאזין, וואו ער זאל קענען צונויפזאמלען אלעס, וואס ער וועט פאנגען. זייט דיעזע צייט האבען זיי מעהר ניט געזעהן ניט דעם קאפּי־טאן, ניט דיא שיף. וואהרשיינליך איז דיא שיף אונטערגעגאנגען און אלע זיינען דער־טרונקען געווארען. אנדערש קען מען ניט ערקלערן, פאר וואס מען האט אן זיי אזוי פערגעסען.

זיי האבען מיט זיך געהאט פּראָוויאנט אויף א מאנט און זיינען אין דער ער־שטער צייט געווען זעהר צופריעדען, וואס דער קאפּיטאן האט געראדע זיי אויסגע־וועהלט צו בלייבען אויף דער אינזעל. עס איז פערגאנגען דער מאנאט, דער פּראָוויאנט האט זיך אויסגעלאָזען און קיינער איז ניט געקומען. זיי האבען אנגעהויבען צו ליידען הונגער. זיי האָבען מיט זיך ניט מיטגענומען גיט קיין נעצען, ניט קיין אנגעל צו כאפּען פיש, ניט קיין ביקסען, ניט קיין פולווער מיט וואס צו שיעסען פייגעל אדער אנדערע חיות, וועלכע געפינען זיך אויף דער אינזעל. זיי האבען געמוזט ארומגעהן ארום ברעג און אויפקלויבען דיא טויטע פיש און דיא אויסטערן, וואס דאס מעער ווארפט ארויס. דאס איז געווען זייער איינציגע שפּייז. ווען דאס מעער איז געווען אונרוהיג און האט ארויסגעווארפען פיעל טויטע פיש און אויסטערן, האבען זיי נאך געקענט זיך זאט אנ־עסען; ווען דאס מעער איז אבער געווען שטיל און רוהיג, האבען זיי געהאט זעהר וועניג וואס צו עסען.

דאס טהייערסטע איז ביי זיי געווען דאס פייערגעצייג — א שטיקעל שטאהל און א שטיק צונטער (היפּקע). מיט'ן פייערגעצייג האבען זיי געקענט מאכען פייער און ווע־ניגסטענס אפּבראטען דיא פיש, וואס דאס מעער האט זיי ארויסגעווארפען. אזוי זיינען פערגאנגען איין מאנאט נאכן אנדערן. זיי האבען געליטען שרעקליך. זייערע קלדייער האבען זיך צוריסען. פון זייערע העמדער האבען זיי אויסגעפלאכטען א קליינע נעץ, מיט וועלכע זיי פלעגען כאפּען נור גאנץ קליינע פישעלעך ביים ברעג פון'ם מעער. איין מאל איז זיי געראטען צו כאפּען א גרויסען פויגעל, וועלכער איז געווען קראנק אדער פער־וואונדעט און האט ניט געקענט אנטלויפען. זיי האבען איהם אפּגעבראָטען און פער־שלונגען מיט'ן גרעסטען אפּעטיט.

אזוי האבען זיי פערבראכט אכצעהן מאָנאטע אויף דער אינזעל. מיט אייניגע מאנאטע צוריק האבען זיי געזעהן א שיף פארביי פאהרען. זיי האבען געמאכט א פייער אין דער האָפנונג, אז דיא שיף וועט בעמערקען דעם רויך. זיי האבען זיך געשטעלט אויפ'ן ברעג, האבען געשריען, גערופען, געמאכט צייכענס, דיא שיף אבער האט זיי ניט בעמערקט אדער ניט געוואָלט שיקען קיין באָט זיי צו הילף. זיי זיינען געווען פער־צווייפעלט און האבען זיך ענטשלאסען צו שטארבען פאר הונגער. דריי טאָג האָבען זיי אויסגעהאלטען זייער בעשלוס. אויפ'ן פיערטען טאָג האט דאס מעער, וויא אויף צו להכעיס, ארויסגעווארפען זעהר פיעל אויסטערן. זיי האבען זיך ניט געקענט איינהאל־טען און האבען אנגעהויבען ווידער צו עסען.

— דאס איז דיא טרויעריגע געשיכטע פון דיא ערשטע צוויא ראָבינזאָנס אויף דער אינזעל אמסטערדאם, האט דער פּראָפעסאר געענדיגט זיין ערצעהלונג.

— זיינען דען נאך געווען ראבינזאָנס אויף דיעזער אינזעל? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— אויף קיין אינזעל אין דער וועלט זיינען ניט געווען אזוי פיעל ראָבינזאָנס, וויא אויף דער אינזעל אַמסטערדאם, האט דער פּראָפעסאר געענטפערט.

— דערצעהלט אונז נאך עפּעס פון א ראָבינזאָן, האט מערי גראַנט געבעטען.

איהר האט זעהר אינטערעסירט דיא געשיכטע פון מענשען, וועלכע זיינען פער־וואָרפען געוואָרען אויף אן אונבעוואוינטע אינזעל. זיא האט זיך דערמאנט אן איהר פאטער, וועלכער געפינט זיך יעצט פיעללייכט אויך איינער אליין אויף א וויסטע אינזעל.

— דיא געשיכטע פון׳ם אנדערן ראבינזאָן, וועלכע איך וויס, האט דער פּראָ־פעסאָר געזאָגט, א ז זעהר עהנליך צו דער ערשטער, וועלכע איך האב אייך נור וואָס דערצעהלט. זיא איז אבער טרויעריגער אין אנדערע פּונקטען.

אין 1831 איז אונטערגעגאַנגען א שיף ערגעץ אין דיעזע געגענד. דער קאַפּיטאַן, א פראנצויז מיט׳ן נאָמ׳ן פּעראָן און איין פראנצויזישער און צוויי ענגלישע מאטראָ־זען האבען זיך געראַטעט אויף א באָאָט. אין אייניגע טעג ארום האט זיי דער ווינד געבראכט צו דער אינזעל אמסטערדאם. זיי זיינען ארויסגעגאנגען אויף דער אינזעל און האבען אין דער ערשטער צייט געלעבט רוהיג און פריינדליך צוזאמען. פּלוצלונג אבער האבען זיך דיא צווייא פראנצויזען צוקריעגט מיט דיא צווייא ענגלענדער. עס איז גע־וואָרען צווישען זיי אזא פיינדשאפט, אז זיי האבען זיך געמחט צוטהיילען אויף צווייא פּארטייען, דיא ענגלענדער האבען זיך אויפגעהאלטען אויף איין זייט פון דער אינזעל און דיא פראנצויזען אויף דער אנדערער זייט. יעצט זיינען זייערע ליידען געוואָרען דאָ־פּעלט. זיי האבען זיך ניט געטאָרט וויזען איינער פאַרן אנדערן, ווייל עס וואָלט זיך באלד אנגעהויבען א געשלעג און איינער וואלט דעם אנדערן געשטאָכען. ווען זיי וואָל־טען זיך געהאלטען צוזאמען, וואלטען זיי צוזאמען געגאנגען אויף דער יאגד, צוזאמען געחאפּט פיש און צוזאמען געוואוינט. יעצט האט יעדער בעזונדער געמוזט פיהרען א ווירטהשאפט. קיינער האט ניט געטארט קומען צום אנדערן אין לאנד. עס איז נאך געווען א גליק, וואס זיי האבען ניט געהאט מיט זיך קיין ביקסען און קיין פּיסטאָלע־טען. זיי וואלטען געוויס געווען געטייטעט איינער דעם אנדערן.

אין ליידען, אין נויט, אין דעם שרעקליכסטען עלענד און אין פיינדשאפט האבען זיי אזוי פערבראכט אכט מאנאטע, ביז עס איז ענדליך אנגעקומען אן ענגלישע שיף און האט אויפגענומען דיא צוויי ענגלענדער. דיא פראנצויזען האבען ניט געוואלט פאהרען מיט זייערע פיינד און זיינען בעסער געבליעבען אויף דער אינזעל אליין. זיי האבען נור געבעטען דעם שיפס־קאפּיטאַן, ער זאל מעלדען דער פראנצויזישער רעגיע־רונג, אז אויף דער אינזעל אמסטערדאם געפינען זיך צוויי פראנצויזען, וועלכע האבען געליטען שיפבּרוך. דער קאַפּיטאַן האט זיי צוגעזאגט און האט געהאלטען זיין ווארט. דיא פראנצויזישע רעגיערונג האט געשיקט א שיף זיי אפּנעהמען.

— אלזא, קען דאך א מענש לעבען אויף אן איינזאמער אינזעל? האט מערי גראַנט געפרעגט.

— געוויס, ליעבע מערי, קען א מענש לעבען אויף אן איינזאמער אינזעל, בע־

זאנדערס לייכט איז עס פאר א מענשען, וועלכער איז געוואינט מיטן מעער. אזא מעניש קען קיין מאל נים שטארבען פאר הונגער. דאס מעער שטעלט איהם שטענדיג פערזארגען מיט שפייז.

אונזער רייזענדע האבען יעצט אביסעל ארומשפאציערט אויף דער אינזעל. עס איז אבער דארט נים געווען פיעל וואס צו זעהן. אויף דער אינזעל וואקסען נור ווייניג גראזען און קליינע ביימעלעך (ברש), ווייטער גאר נים. דיא איינציגע מערקווירדינקייט אויף דער אינזעל איז איינינע הייסע קוועלען. דאס וואסער איז דארט אזוי הייס, אז ווען מען לעגט אריין א פיש, ווערט ער אין איינינע מינוטען אפגעקאכט. ווען עס זאל נים זיין אזוי ווייט פון יעדעס לאנד, וואלטען דיעזע קוועלען געווען פארטרעפליכע ווארמבעדער. יעצט בענוצט זיי קיינער נים. דער אלטער ווארדא האט זיי דערצעהלט, אז ער האט אמאל פראבירט קאכען אין דיעזעס הייסע וואסער. דאס עסען קומט אבער ארויס ביטער און נעזאלצען און מען קען עס נים עסען.

זיי האבען פערבראכט נור איינינע שטונדען אויף דער אינזעל, האבען אבשיעד גענומען פון דיא דריי מענשען, וועלכע געפינען זיך דארט און זיינען אוועקגעפאהרען, יעצט שוין גלייך קיין אויסטראליען.

4טעס קאפיטעל.

## דער פראפעסאר און דער מאיאר וועטען זיך.

לוסטיג און מונטער איז דער „דונקאן" געשוואומען אין דיא שטילע, בלויע וואסערן פון'ם אינדישען וועלט מעער. דאס וועטער איז געווען שעהן, דאס מעער רוהיג. אונזערע רייזענדע פלעגען איבערזיצען גאנצע טעג אויפ'ן דעק און רעדען.

— אין דיעזע וואסערן איז געפאהרען מיין פאטער מיט זיין שיף, איידער זיא איז אונטערגעגאנגען, האט זיך אמאל אפגערופען ראבערט גראנט מיט א זיפץ. ער איז אויך געזעסען מיט זיינע מאטראזען אויפ'ן דעק פון זיין שיף און האט מיט זיי גערעדט פריינדליך און פרעהליך, וויא מיר רעדען יעצט. וואו איז ער יעצט? וואס טהוט ער יעצט?—

— זיי רוהיג, מיין קינד, מיר וועלען איהם געפינען, האט איהם דער פראפעסאר געטרייסט. מיר פאהרען איהם זוכען און מיר וועלען איהם געוויס געפינען.

דיעזעס געשפרעך האט אלעמען אויפגערעגט. אלע האבען ווידער אנגעהויבען צו דענקען פון דעם צוועק פון זייער רייזע.

— איך וויל אייך עפעס פרעגען, פראפעסאר, האט זיך פלוצלונג אפגערופען ליידי העלענא. איהר ערקלערט, אז קאפיטאן גראנט האט געליטען שיפברוך ערגעץ לעבען אויסטראליען. אין דער צייטונג וואס מיר האבען געפינען מירר, אז דעם 30טען מאי 1862 איז קאפיטאן גראנט ארויסגעפאהרען פון טשילי. דעם 7טען יוני האט ער געליטען שיפברוך ערגעץ לעבען אויסטראליען. איז דאס מעגליך, אז אין אכט טעג זאל א שיף קענען איינפאהרען אזא שט־עקע? מיר פאהרען דאך שוין מעהר אלס א מאנאט און זיינען נאך נים אין אויסטראליען?

דער פראפעסאר האט זיך פערטראכט. ער האט נים געוואוסט וואס צו ענט־פערן אויף אזא ריכטיגע פראגע. לארד גלענארוואן האט אויך איינגעזעהן, אז זיין פרוי

האט פאלקאמען רעכט. ער האט זיך אויף קיין פאל ניט געקענט ערקלערן, וויא אזוי ער האט געמאכט אזא פערזעהן. עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוט אין טיעפעם שוויינען. קיינער האט ניט געקענט פעראנטווארטען דיעזע וויכטיגע פראגע. פלוצלונג האט זיך דער פראפעסאר אויפגעהאפט, וויא פון שלאף און האט אנגעהויבען צו רופען:

— קאפיטאן פארראגוט! קאפיטאן פארראגוט!

אלע האבען איהם אנגעקוקט מיט שטוינען. וואס וויל ער האבען פון קאפיטאן פארראגוט? דער קאפיטאן איז באלד צוגעקומען און האט געפרעגט, וואס ער דארף איהם?

— קען א גוטע שיף איינפאהרען פון טשילי קיין אויסטראליען אין א מאנאט? האט דער פראפעסאר געפרעגט.

— א גוטע שיף, ווען זיא האט גוטע ווינטען, קען זעהר לייכט איינפאהרען פון טשילי קיין אויסטראליען אין א מאנאט.

— דאן וויים איך שוין, האט געזאגט דער פראפעסאר רוהיג.

— וואס ווייסט איהר? ערקלערט אונז אויך, האט ליידי העלענא געבעטען.

— אין בריעף שטעהט דער 7טע יוני, האט דער פראפעסאר געזאגט, מיר מוזען אבער לעזען דעם 27טען יוני. דיא 2 איז אפגעמעקט געווארען.

— בראווא, פראפעסאר פאגאנעל! האט אויסגערופען דער מאיאר.

— ער האט ווירקליך רעכט, האט לארד גלענארוואן געזאגט. דאס קען זעהר זיין. קאפיטאן גראנט האט געהאט א גוטע רייזע און איז אין 30 טאג איינגעפאהרען פון טשילי קיין אויסטראליען. אלזא, דיעזען פונקט ווייסען מיר שוין. יעצט דארפען מיר נאך וויסען, אין וועלכער זייט פון אויסטראליען האט קאפיטאן גראנט געקענט ליידען שיפברוך?

— דאס איז זעהר לייכט צו זאגען, האט דער פראפעסאר געענטפערט. אין דער זיד זייט און אין דער אסט זייט (מזרח זייט) איז אויסטראליען בעזעצט מיט ענגלענדער. ווען קאפיטאן גראנט וואלט דארט געליטען שיפברוך, וואלט ער שוין לאנג געווען אין דער היים. ער האט געוויס געליטען שיפברוך אין דער וועסט זייט (מעריב) דארט איז אויסטראליען נאך ניט בעפעלקערט, דארט געפינען זיך נאך ווילדע מענשען און דארט ערגעץ איז ער יעצט געפאנגען ביי דיא ווילדע מענשען.

— איז אויסטראליען א גרויס לאנד? האט ראבערט גראנט פלוצלונג געפרעגט.

— אויסטראליען, מיין קינד, איז אזוי גרויס, וויא פיער פינפטעל פון גאנץ אייראפא. עס איז נור מיט איין פינפטעל קלענער פון אייראפא.

— אזוי, ווייסט איהר עס גענוי? האט געלאכט דער מאיאר.

— געוויס, ווייסען מיר גענוי, וויא גרויס אויסטראליען איז, האט דער פראפעסאר געזאגט.

— פון וואנען ווייסט איהר עס אזוי גענוי?

— ווייל פון 1606, ווען מען האט צום ערשטען מאל ענטדעקט אויסטראליען, ביז יעצט האבען מעהר אלס פופציג רייזענדע איבערגעפארשט דאס לאנד און האבען זיא גענוי אויסגעמאסטען און בעשריעבען.

— פופצינ רייזענדע? האט ווידער געשפּאסט דער מאיאָר, טאמער ניין און פערצינ? לאזט מיר נאך איינעם.

— איך זאג אייך פופצינ, האט זיך געבייזערט דער פּראָפעסאָר, און וועל אייך ניט נאך לאזען ניט א האלבען. איך וועל אייך נאך געבען א הכרעה און וועל זאגען פינף און פופצינ.

— און קענט איהר אויסרעכענען אלע פופצינ רייזענדע? האט דער מאיאָר געפרעגט מיט געלעכטער.

— געוויס! האט געזאגט דער פּראָפעסאָר שטאלץ.

— נו, דאס גלויב איך ניט. פופצינ נעמען פון רייזענדע געדענקען אויסענווענינ איז אביסעל צופיעל.

— ווייסט איהר וואס, מאיאָר? לאמיר זיך וועטען. איך וועל איינשטעלען מיין טעלעסקאָפּ און איהר שטעלט איין אייער ווינטשעסטער ביקס.

— עס געהט! האט אויסגערופען דער מאיאר און האט איהם געגעבען דיא האנד.

— אבגעמאכט! האט געזאגט דער פּראָפעסאָר. געהט און ברענגט אייער ביקס. איהר האט פערשפּיעלט. איך וועל אייך נור טהאן א געפעלינקייט און וועל זיא אייך לייען, ווען איהר וועט דארפען געהן אויף דער יאגד.

— ווען איהר זייט אזוי העפליך, האט דער מאיאָר געענטפערט, וועל איך אייך לייען אייער טעלעסקאָפּ, ווען איהר וועט איהם דארפען.

— איך וועל ניט דארפען לייען ביי אייך מיין טעלעסקאָפּ, ווייל איהר האט געוויס פערשפּיעלט. איך הייב באלד אן צו צעהלען. ראָבערט וועט אלעס אויפנאָטירען. ער וועט זיין אונזער בוכהאלטער.

ראָבערט האט גענומען א שטיקעל קרייט און א ברעטעל. דער פּראָפעסאָר האט זיך אויסגעהוסט און האט אנגעהויבען צו רעדען, גלייך וויא ער וואלט געשטאנען אין אוניווערזיטעט פאר זיינע סטודענטען.

— מיט צוויי הונדערט אכט און פופצינ יאהר צוריק האט קיינער ניט געוואוסט, אויב עס געפינט זיך א לאנד אויסטראליען. מען האט נור גערעדט, אז אין דעם גרויסען אינדישען וועלט מעער געפינט זיך ערגעץ א גרויס אינזעל אדער א גרויס לאנד. אין 1606 האט א שפּאנישער שיפס-קאפּיטאן מיט׳ן נאמען קוויראָס ענטדעקט א לאנד, וועלכע ער האט א נאמען געגעבען אויסטראליא. מען ווייס ניט, אויב ער האט ענטדעקט אויסטראליען אדער אנאנדער לאנד אבער איך גיב צו, אז דאס איז געוועזען אויסטראליען. פערשרייב א י י נ ס, ראָבערט.

ראָבערט האט פערשריעבען. ק ו ו י ר א ס.

— אין דעמזעלבען יאהר האט אנאנדער שיפס-קאפּיטאן ענטדעקט דאס זעלבע לאנד אבער פון אנאנדער זייט. ער האט עס קיין נאמען ניט געגעבען, ווייל ער האט עס ניט אויסגעפּארשט.

דער פּראָפעסאָר האט אזוי אנגעהויבען אויסצורעכענען אלע שיפס-קאפּיטאנען, וועלכע האבען ענטדעקט און בעשריעבען אויסטראליען. ער האט גערעכענט און ראָבערט האט פערשריעבען. פּלוצלונג איז ער געבליעבען שטעהן.

— נו, וואו האלסט דוא שוין? האט ער געפרעגט.

— פינף און צוואנציג, האט ראָבערט געענטפערט.

— מיין ליעבער מאיאר, האט דער פראָפעסאָר געזאגט, א האלבע ביקס האב איך שוין געוואונען. ביז אהער האב איך אויסגערעכענט נור שיפס־קאפיטאנען, וועלכע האבען ענטדעקט און געפאהרען ארום אויסטראליען. יעצט וויל איך אנהויבען צו רעד־כענען דיא רייזענדע, וועלכע האבען בערייזט דאס לאנד.

און ער האט אנגעהויבען צו רעכענען דיא נעמען פון דיא רייזענדע. לאָרד גלע־נארוואן, ליידי העלענא און זאגאר דער מאיאר האבען געשטוינט, וויא אזוי א מענש קען אזוי פיעל געדענקען.

איך וואלט איבערגעגעבען מיינע לעזער אלע נעמען, וועלכע דער פראָפעסאָר האט אויסגערעכענט. איך האב אבער מורא, אז זיי וועלען זיך לאנגווייליגען, ווען איך וועל אנהויבען צו רעכענען: און דעם און דעם יאהר האט דער און דער געמאכט אזא און אזא רייזע; און דעם און דעם יאהר האט אנאנדערער געמאכט אנאנדערע רייזע. דאס איז אביסעל לאנגווייליג. איך וויל דאהער איבערהיפען אלע דיעזע איינצעלנהייטען.

— איך בעוואונדער אייך, פראָפעסאָר, האט ליידי העלענא געזאגט. וויא קען עס א מענש אזוי פיעל אנגעדענקען אויסווענדיג? וויא קען מען זיך אנגעדענקען אזוי פיעל פערשיעדענע נעמען?

— איך האב געלערנט, ליידי העלענא, האט דער פראפעסאָר געזאגט ערנסט. איך האב געלערנט און איינשטודירט אלע דיעזע נעמען.

ער האט ווייטער גערעכענט.

— וויא פיעל האבען מיר שוין, ראָבערט?

— דריי און פופציג, האט ראָבערט געענטפערט.

— אלזא, האבען מיר שוין דריי און פופציג, האט דער פראָפעסאָר געזאגט. איך האב נאך ניט גערעכענט דעם בעריהממטען רייזענדען פעראָן, דעם געלערנטען קוואָי, דעם געשיקטען געלסאָן, דעם טיכטיגען הארפער, דעם—

— לאז שוין זיין גענוג! האט לארד גלענארוואן געלאכט.

— ניין! האט דער פראפעסאָר אויסגערופען. איך האב געזאגט, אז איך וועל איהם געבען א גוטע מאס מיט א גרויסע הכרעה און איך מוז האלטען מיין וואָרט.

ער האט אנגעהויבען ווייטער צו צעהלען. אין 1829 האט דער רייזענדער בענעט געמאכט א רייזע פון פינף הונדערט מייל און האט ענטדעקט א טייך. שפעטער האָ־בען דיא רייזענדע בוגענויל, פיצראָי, סטאָקס און וויקהאם געמאכט נייע ענדעקונגען.

— גענוג! גענוג! איך וויל שוין מעהר ניט הערען! האט דער מאיאר געבעטען.

— ניין! איהר מוזט הערען, האט דער פראָפעסאָר געזאגט און האט ווייטער אנגעהויבען אויסצורעכענען נעמען פון רייזענדע און געלערנטע, וועלכע האבען בערייזט און בעשריעבען אויסטראליען.

— האט מיטלייד מיט אונז! האט געבעטען ליידי העלענא און האט זיך גע־האלטען ביי דיא זייטען.

זיא האט נאך קיין מאל אזוי פיעל ניט געלאכט, וויא היינט. דער מאיאר איז

געשטאנען, ווי איינער, וואס איז פעראורטהיילט צום טוידט און הערט, ווי מען לעזט איהם פאר זיין טאדעס אורטהייל. דער פראפעסאר דאגעגען איז געשטאנען, ווי א שטרענגער ריכטער און האט געלעזען און דערצעהלט, וואס יעדער רייזענדער האט אויפגעטהאן.

— לאז שוין אמאל נעהמען אן ענדע, האט ענדליך געבעטען לארד גלענארוואן. דער ארימער מאיאר איז בעזיעגט. ער אליין איז מודה, אז איהר האט געוואונען.

— אזוי? ער בעקענט שוין, אז ער איז בעזיעגט? — נו, לאז ער מיר געבען זיין ביקס, אזוי ווי מיר האבען אפגערעדט.

— די ביקס געהערט צו אייך, האט דער מאיאר געזאגט טרויעריג. איהר האט זיא גאנץ עהרליך געוואונען. מיט אייער גוטען געדעכטניס וואלט איהר געקענט געווינען ניט נור איין ביקס, זאנדערן א גאנצען ארסענאל.

— איך בין ווירקליך גוט בעקאנט מיט אויסטראליען, האט דער פראפעסאר געזאגט. אויסטראליען האט מיך שטענדיג אינטערעסירט מעהר פון אלע אנדערע וועלט טהיילע. —

— וואס האט איהר אזעלכעס געפונען אין אויסטראליען, וואס האט אייך אזוי אינטערעסירט? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— אויסטראליען איז א וואונדער לאנד, האט דער פראפעסאר געענטפערט. אויסטראליען איז א רעטעניש פאר אלע געלערנטע. פיעלע זאכען אין אויסטראליען זיינען אונז אונפערשטענדליך און מיר וועלען זיי קיין מאל ניט ערקלערן.

— איז עס מעגליך, אז די גרעסטע געלערנטע קענען ניט ערקלערן פיעלע זאכען פון אויסטראליען? האט ליידי העלענא געפרעגט. איך קען עס גאר ניט גלויבען, אז די געלערנטע און פילאזאפען [illegible] אזוי לייכט איינביינען דעם קאפ און זאגען: דאס ווייסען מיר ניט, דאס פערשטע[illegible] ניט.

— ליידער, מוזען מיר איינביינען דעם קאפ און זאגען, אז מיר פערשטעהען ניט, פאר וואס אין אויסטראליען זיינען די ביימער אנדערש, האט דער פראפעסאר געענטפערט. אין דער גאנצער וועלט, ווען עס קומט ווינטער, פאלען פון די ביימער אראפ די בלעטער, אין אויסטראליען, ווען עס קומט ווינטער, פאלט פון די ביימער אראפ די רינדע (קארע). אין דער גאנצער וועלט האבען די פריכטע זייערע קערנער אינעוועניג, ווי, צום ביישפיעל, קירשען, פלוימען, עפעל, בירנען — אלע האבען פון דרויסען פלייש און פון אינעוועניג, די קערנער; אין אויסטראליען האבען די פריכטע זייערע קערנער פון דרויסען. — זעלבסטפערשטענדליך, אז איך רעד נור פון די עכט אויסטראלישע פריכטע, ניט פון די, וועלכע מען האט געבראכט פון איירופא און מען האט זיי געפלאנצט אין אויסטראליען. — אין דער גאנצער וועלט האבען די ביימער א שטאם — א קלאץ אהן צווייגען — וועלכער איז גלאט און די צווייגען הייבען זיך אן ערשט צוויי — דריי פוס פון דער ערד; אין אויסטראליען זיינען דא ביימער, ביי וועלכע די צווייגען ליגען ביי דער ערד און העכער פון די צווייגען הייבט זיך אן א שטאם — א קלאץ — וועלכער איז זעהר הויך און האט אויבען ניט איין צווייג. אין דער גאנצער וועלט האבען די ביימער בלעטער, וועלכע ליגען פלאטשיג און דארויף

מאכען זיי א שאטען. אין אויסטראליען שטעהן דיא בלעטער מיט זייער קאנט אהן ניבען ניט קיין פיצעל שאטען. —

— איהר רעדט אלץ פון ביימער, האט ליידי העלענא געזאגט, דאס איז נאך ניט קיין בעוויז. זיינען דען דיא טהיערע אין אויסטראליען אויך א רעטעניש?

— געוויס! האט אויסגערופען דער פראפעסאר. דיא טהיערע פון אויסטראליען שטעלען פאר דאס שווערסטע רעטעניש, וועלכע דיא געלערנטע קענען זיך אויף קיין פאל ניט ערקלערן. שטעלט אייך פאר אזא סארט טהיער, עס געהט אויף פיער פיס, איז בעוואקסען מיט האר, וויא א חיה, דערביי לעבט עס אין וואסער, האט א שנאָ־בעל, וויא א פויגעל און לעגט אייער, וויא א פויגעל. דיא אייער אבער מוז זיא פריהער אריינלעגען אין א בייטעל, וועלכע זיא האט אונטערן בויך און זיי ארומטראגען א געוויסע צייט, ביז עס קריעכען פון זיי ארויס קליינע חיה׳עלעך. איך רעד פון׳ם פלאטי־פוס, אדער וויא דיא געלערנטע רופען עס Ornithorynchus Paradoxus קען דען זיין אין דער וועלט א גרעסערעס און שווערערעס רעטעניש? — וואס איז דאס? א פויגעל, א פיש, אדער א חיה?

דיא איינציגע עכטע חיה, וועלכע געפינט זיך נור אין אויסטראליען — דיא קענ־גורו — איז אויך א רעטעניש: זיא האט פיער פיס און געהט נור אויף צוויי. דיא פעדערשטע צוויי קורצע פיסלעך דיענען איהר נאר אלס הענד. — דאס איז נאך ניט אלעס. אין דער גאנצער וועלט זיינען דיא פויגעל בעדעקט מיט פעדערן, אין אויסטרא־ליען זיינען דיא צוויי גרעסטע פויגעל — דיא עמו און דער קאזואר — בעדעקט מיט האר, וויא דיא חיות.

— איך האב מיר קיין מאל ניט פארגעשטעלט, אז אין אויסטראליען געפינען זיך אזעלכע וואונדער, האט ליידי העלענא געזאגט

— דאס איז נאך ניט אלעס, האט דער פּראָפעסאר אויסגערופען. — ער איז שוין ווידער געווארען פּראָפעסאר און האט זאגאר פערגעסען, אז ער רעדט צו א ליידי. — ווייסט איהר דען פון דעם זאנדערבארען טהיער, וועלכע דיא ווילדע אויסטראליער רופען טיא פיא?

ליידי העלענא האט פערצויגען מיט דיא אקסלען. זיא האט קיין מאל ניט גע־הערט פון אזא חיה.

— נו, זעהט איהר שוין, אז איהר ווייסט ניט? — שטעלט אייך פאר א חיה, וועלכע האט ניט קיין קאפ, ניט קיין הענד, ניט קיין פיס, ניט קיין מויל, ניט קיין אויגען, ניט קיין אויערן און דאך איז עס איינע פון דיא געפעהרליכסטע טהיערע אויף דער וועלט.

ליידי העלענא, לארד גלענארוואן און אלע איבעריגע האבען צוגעהערט דעם פּראָפעסאר מיט שטוינען. זיי האבען ווירקליך נאך קיין מאל ניט געהערט פון אזא וואונדער.

— וויא אזוי קען זיין געפעהרליך א חיה, וועלכע האט ניט קיין אויגען, ניט קיין מויל, ניט קיין הענד, ניט קיין פיס? האט דער מאיאר געפרעגט.

— אייער ביקס האט איהר שוין פערשפּיעלט, האט דער פּראָפעסאָר געזאגט, פּראָבירט וועטען נאך עפּעס און איהר וועט געווים ווידער פערשפּיעלען.

— איך וויל מיך שוין מיט אייך ניט וועטען, פּראָפעסאָר האט דער מאַיאָר געברומט. דערצעהלט מיר בעסער פון אייער ווילדע חיה.

— נו, גוט, איך וועל אייך דערצעהלען. די טיא פּיא איז גרויס, וויא א קליינע קאַץ. איהרע האר זיינען גרוי און גאנץ עהנליך צו דער רינדע (קאָרע) פון א בוים. זיא האלט זיך אויף אויף ביימער. אויפ'ן בויך האט זיא דריי רייהען זויגער (סאָקערס), אזוי וויא א בלוטאיגעל (א פּיאווקע). ווען זיא דערשפּירט, אז א חיה אדער א מענש געהט דורך אונטערן בוים, אויף וועלכען זיא ליעגט צונויפגעקארטשט, ווארפט זיא זיך אראפּ אויף איהם און הייבט אן אויסצוזויגען זיין בלוט מיט איהרע דריי רייהען מיילער, זויגער (סאקערס), ביז זיא זויגט אויס זיין בלוט אין גאנצען. דער שטארקסטער מענש איז ניט אים שטאנד זיא אפּצורייסען, ווען זיא וועקעלט זיך ארום זיין האלז, וויא א האלזבאנד און זויגט איהם אויס. די ווילדע אויסטראליער קענען זעהר גוט דיעזע זאנדערבארע בעשעפעניש און היטען זיך ארונטערצוגעהן אונטער די ביימער, אויף וועלכע די טיא פּיא האלט זיך אויף און דעריבער פאלען זיי אפט צום אפּפער צו דיעזער געפעהרליכער חיה.

— אלזא, געפינען זיך אין אויסטראליען פיעלע ווילדע טהיערע? האט מערי גראנט געפרעגט אונרוהיג.

זיא האט זיך דערמאנט אן איהר פאטער און איז אונרוהיג געווארען.

— ניין, אין אויסטראליען געפינען זיך גאר קיינע ווילדע טהיערע. אין אויסטראליען איז ניטא און קיין מאל ניט געוועזען ניט קיין בער, ניט קיין וואלף, ניט קיין לייב, ניט קיין טיגער, ניט איינע פון די געפעהרליכע חיות, וועלכע געפינען זיך אין אייראפּא, אזיא, אפריקא און אמעריקא.

— איהר האט רעכט, פּראָפעסאר, האט ליידי העלענא געזאגט, אויסטראליען איז ווירקליך א וואונדער לאנד.

— איך וואלט אייך נאך דערצעהלט פיעלע וואונדער זאכען פון אויסטראליע האט דער פּראָפעסאָר געענטפערט. מיר פאהרען אבער דאך קיין אויסטראליען, וועט איהר זיי זעהן מיט אייערע אייגענע אויגען.

## 5טעס קאפּיטעל.

## א שטורם אויפ'ן אינדישען וועלט־מעער.

די צייט איז פערגאנגען זעהר אנגענעהם אין אלערליי געשפּרעכע. וויא קאפּיטאן פארראגוט האט ערקלערט, זיינען זיי שוין געוועזען ניט  עהר, וויא פינף טאג רייזע ווייט פון אויסטראליען, ריכטיגער געזאגט, פון דעם פונקט, וואו דער פּראָפעסאָר האט גערעכענט צו זוכען קאפּיטאן גראנט.

דאס וועטער איז געוועזען די גאנצע צייט זעהר שעהן. נור איין זאך איז געוועזען דעם קאפּיטאן אונאנגענעהם — עס איז ניט געוועזען קיין ווינד. ער האט גערעכענט, אז ער וועט האבען ווינטען אויפ'ן וועג און וועט קענען אויסשפּרייטען די זעגעל פון דער

שיף. דערמיט וועט ער איינשפּאָרען קוילען. צום סוף האט זיך אויסגעלאָזט, אז ער האט דיא זעגעל ניט געקענט בעניצען און האט דיא גאנצע צייט געמחט הייצען אין קעסעל און טרייבען דיא שיף מיט דאַמפף. דאס האט איהם זעהר בעאָנרוהיגט. ווייל ער האט מורא געהאט, עס זאל איהם ניט פעהלען קיין קוילען. ער האט דאריבער גערעדט מיט לארד גלענארוואן.

— נו, וואס איז? האט לארד גלענארוואן געזאגט, איך מיין, אז עס איז פיעל גלייבער נאר ניט צו האבען קיין ווינד, אלס צו האבען א ווינד, וועלכער בלאזט אייך ענטגעגען. דאמאלס וואלט דאך געדארפט אוועקגעהן נאך מעהר קוילען.

— נאך ניט דאס בעאונרוהיגט מיך, האט דער קאפּיטאן געזאגט. ווען עס פערגעהט א גיזרויסע צייט און עס איז קיין ווינד ניטא, איז דאס א זיכערער בעוויז אז דאס וועטער וועט זיך ענדערן. מיר וועלען האבען א שטורם.

— נו, וואס האט איהר אזוי מורא פאר א שטורם, מיין ליעבער פארראגוט? איהר זייט דאך אן אלטער קאפּ טאן און זייט שוין געוואוינט צו אזעלכע זאכען.

ביי דיעזע ווערטער האט לארד גלענארוואן בעטראכט דעם הימעל. דיא זון האט געשיינט העל און פרעהליך. אויפן גאנצען הימעל האט מען ניט געזעהן קיין ברעקעל וואלקען. דאס מעער איז געווען שטיל און גלאט, וויא א שפּיגעל. עס איז ניט געוועזן קיין צייכען, אז דאס וועטער זאל זיך ענדערן.

— איך זעה גאר ניט איין, אז דאס וועטער זאל זיך באלד ענדערן, האט ער געזאגט צום קאפּיטאן.

— איך זעה אבער יא, האט דער קאפּיטאן געענטפערט. ניט נור א קוק אויפן באראָמעטער, וועט איהר זעהן, וויא דאס קוועקזילבער איז אראפּגעפאלען. דאס איז א זיכערער בעוויז, אז דאס וועטער וועט זיך ענדערן. קוקט ניט דערויף, וואס דער הימעל איז קלאר און דיא זון שיינט אזוי העל. מיר געפינען זיך יעצט אין א געגענד, וואו דיא שטורמווינדען זיינען שרעקליך. עס קומען זיך צונויף צוויי ווינטען. א קאלטער ווינד פון'ם זיד פּאל און א ווארעמער ווינד פון'ם עקוואַטאָר. דער קאמפּף צווישען ביידען ווערט א שרעקליכער. איך האב שוין אמאל אויסגעהאלטען אזא שטורם און חיים, וויא שטארק ער איז.

— איך מיין אבער, אז דער „דונקאַן" איז שטארק גענוג און וועט קענען לייכט אויסהאלטען אזא שטורם.

— דער „דונקאַן" איז א גוטע שיף און איך וועל געווים טאהן אלעס מעגליכע אום דעם שטורם אויסצוהאלטען, האט דער קאפּיטאַן געזאָגט. איך האב עס אייך נור בעמערקט, אום איהר זאָלט וויסען, וויא אזוי צו בערוהיגען דיא דאמען, ווען דער שטורם וועט אנקומען.

ער האט מעהר ניט גערעדט. א גאנצען טאג איז ער געשטאנען אויף זיין בריקעל, האט אויסגעטהיילט בעפעהלע צו דיא מאטראזען, האט יעדעס מאל געקוקט אויפן הימעל און איז זעהר אָפט ארונטערגעגאנגען אין דער אבטהיילונג, וואו דיא מאשינעריע געפינט זיך. דארט האט ער אייניגע מינוטען גערעדט מיטן מאשיניסט, האט איהם געהייסען גוט איבערקוקען יעדע שרויבע, יעדעס רעדעלע און יעדע פּיסטאָנע.

דאַן איז ער ווידער ארויפגעגאנגען אויף זיין בריקעל, האט ווידער בעטראכט דעם הימעל און האט ווידער געהייסען דיא מאטראָזען טהאן עפּעס.

אזוי איז פערגאנגען דער טאָג. דער הימעל איז נאך אלץ געווען לויטער. דאָס מעער — רוהיג און גלאַט, וויא א שפּיגעל. אלע זיינען געזעסען אויפ'ן דעק, האבען גערעדט און זיך גאנץ אנגענעהם אונטערהאלטען. נור דער קאַפּיטאַן איז געווען ערנסט און איז ניט אָפּגעטרעטען פון'ם רעדעל. אום צעהן אוהר זיינען אלע געגאנגען שלאָפען. דיא דעק פונ'ם שיף איז געבליעבען לעדיג, נור טאָם אוינגסטין איז געשטאנען אויף דער וואך פון הינטען און דער מאטראז ווילסאן איז געשטאנען לעבען קאפּיטאַן ביים רודער.

אום עלף אוהר איז דער הימעל אין דער זיד זיים עטוואס דונקעל געוואָרען. דער קאַפּיטאַן האט געהייסען צונויפרופען אלע מאַטראָזען און האט יעדען אנגעוויעזען אן אָרט, וואו ער זאָל שטעהן און וואָס ער זאָל טאָהן. אין איינינע מינוטען זיינען אלע זעגעל געווען פערוויקעלט און פעסט צוגעבונדען צו דיא מאסט ביימער. דער דעק פון דער שיף איז געווארען לעדיג, אפּגעראמט, אפּגעקעהרט, אלע טהירען פערשלאָסען, אלע פענסטער פערמאַכט, אלע לעבער פערשטעלט און פערשטאָפּט. דאס אלעס איז געטאהן געווארען שטיל און רוהיג, אז דיא פּאַסאַזשירען, וועלכע זיינען געשלאָפען אין זייערע קאַיוטען, האבען גאָר נישט געהערט און זיינען זיך געשלאָפען גאַנץ רוהיג.

אונטער דעסען איז דער הימעל געוואָרען אלץ דונקלער און שווארצער. שווערע, שווארצע וואלקען, זיינען ארויפגעקומען פון זידען (דרום) און האָבען זיך אויפגעשטעלט, וויא הויכע בערג. צו ערשט וויים, וויים אין זידען, באלד אבער זיינען זיי געקומען נעהנטער און נעהנטער און האבען פערדעקט דיא העלע פונקעלנדע שטערן. עס איז געווארען שטאָק פינסטער, אז איינער האט דעם אנדערן ניט געקענט זעהן אויף דרייא שריט דיא וויים.

ווען דיא גרויסע אוהר אין זאל האָט אויסגעשלאָגען צוועלף, האט זיך אויפגע־הויבען א ווינד. עס האט אויסגעוויעזען, אז ער האט נור געווארט אויף דער סעקונדע, דיא אוהר זאל אפּצעהלען איהרע צוועלף שלעגע. באלד האט ער אנגעהויבען צו היילען און צו פייפען אין דיא שטריק און אין דיא זעגעל ביימער. דאס מעער האט איהם געענטפערט מיט א בייזעס, פערביסענעם רוישען. דיא פּאַסאַזשירען האבען זיך אויפ־געחאפּט פון זייער שלאָף. לאָרד גלענאַרוואן, דער מאַיאָר און דער פּראָפעסאָר זיינען ארויפגעלאָפען אויפ'ן דעק.

— האט דער שטורם שוין אויסגעבראָכען? האָט לאָרד גלענאַרוואן רוהיג גע־פרעגט דעם קאַפּיטאַן.

— נאך ניט, האָט דער קאַפּיטאַן געענטפערט. דאס איז ערשט א פאָררעדע, דאס דראמא וועט ערשט קומען. — געהט אין אייערע קאַיוטען, איהר קענט מיר גאר ניט העלפען און שטערט נור דיא מאַטראָזען.

ער איז נאך אימער געשטאנען ביים רעדעל מיט'ן געזיכט געגען ווינד, פעסט ענטשלאָסען צו קעמפּפען ביז צולעצט. לאָרד גלענאַרוואן האט זיך צוגעקוקט צום הימעל און צום מעער און האט זיך באלד איבערצייגט, אז דער קאַפּיטאַן האָט רעכט געהאָט. מוטער נאַטור בערייט זיך פאר צו געבען איינע פון איהרע גראָסאַרטיגע, אבער

שרעקליכע, שוידערהאַפטע, אפט זעהר טרויערינע, פאַרשטעלונגען. דאס מעער האט געקראַכט און גערוישט און דאך זיינען זיינע וועללען (כוואַליעס) נאך ניט געוועזן גאַנץ הויך. זיי זיינען נאך צום דעק ניט צוגעקומען. דער ווינד האט נאך אַלץ געוועהט אין דער לופט און איז נאך ניט צוגעקומען צום מעער. ער האט נאך קיין צייט ניט געהאט אויפצוהויבען גאַנצע בערג וואסער און שלײדערן זיי אויף דער שיף.

צום גליק, זיינען דאַמאלס געוועזן דיא קורצסטע נעכט. עס איז געוועזן ענדע יאנואר, ווען אין אויסטראַליען איז זומער און דיא נעכט זיינען גאַנץ קורץ. אום איינס אוהר האט שוין אנגעהויבען צו טאָגען. אין דער אָסט זייט (מזרח זייט) איז ליכטיג געוואָרען. דער יונגער טאָג איז אנגעקומען און האט געוויזען דעם מוטהיגען קאַפּיטאַן זיינע בייזע געפעהרליכע פיינד — דעם ווינד און דאס מעער.

אין דיעזע צייט האט ליידי העלענא און מערי גראַנט עס געוואגט ארויסצוגעהן אויפ'ן דעק. ווילסאָן האט עס געמעלדעט דעם קאַפּיטאַן.

— געהט צוריק אין אייערע קאיוטען, האט האַלב געבעטען, האַלב בעפאָהלען דער קאַפּיטאַן. דאס מעער ווערט מיט יעדער מינוט אונרוהיגער, באַלד וועט עס אנהויבען צו שלײדערן גאַנצע בערג מיט וואסער אויף דער שיף.

ליידי העלענא איז געוועזן א מוטהיגע פרוי. זיא האט געוואגט צו צוגעהן נעהנטער צום קאַפּיטאַן און איהם צו פרעגען.

— איז דאָ א געפאַהר?

— ניין, האט דער קאַפּיטאַן געענטפערט האסטיג. עס איז קיינע געפאַהר פאַראנען, איך בעט אייך אָבער נאָך אמאל, געהט אין אייערע קאיוטען. איהר דאַרפט יעצט ניט בלייבען אויפ'ן דעק.

זיי האבען איהם געמוזט פאלגען. דער שטורם איז געוואָרען פון מינוט צו מינוט שטאַרקער און גרימיגער. ער האט איינגעבויגען דיא הויכע, שטאַלצע זעגעלביימער, ער האט געריסען פון זיי דיא זעגעל און דיא שטריק; ער האט פּראָבירט צו שלײדערן דיא שיף פון איין אָרט אויפ'ן אנדערן. אזוי וויא אלעס האט איהם ניט געהאָלפען און דער „דונקאַן" איז נאך אימער געגאַנגען זיין וועג, האט ער אנגענומען גאַנצע טייכען וואסער און האט זיי אויסגעגאָסען אויף איהם. לאָרד גלענאַרוואַן, דער מאַיאָר און דער פּראָפעסאָר זיינען געשטאַנען פערשטעלט אונטער א דעכעל לעבען לאָרד גלענאַרוואַנ'ס קאיוטע און האבען שטילערהייט צו געזעהן דעם שווערן קאַמפּף פונ'ם מענשען געגען דיא נאַטור. זיי האבען בעוואונדערט דיא רוהע און דיא קאַלטבלוטיגקייט פון קאַפּיטאַן פאַרראַגוט, וועלכער איז געשטאַנעןביים רעדעל ערנסט און שטרענג, גלייך וויא עס וואָלט גאר ניט געוועזן, און האט אויסגעטהיילט זיינע בעפעהלע.

— אפּבינדען דעם קליינעם זעגעל פון פאָרנט! — שטאַרקער צובינדען דיא רעע (א שטאַנג אין דער מיט פונ'ם זעגעל בוים)! האט געקלונגען זיין שטימע קרעפּטיג און דייטליך העכער פונ'ם שטורם.

פּלוצלונג האט מען דערהערט א זאָנדערבאַרעס קאַכען און זידען, וויא פון א דאַמפּף מאַשין, וואס לאָזט ארויס דעם דאַמפּף. דאס פייפעלע פונ'ם מאַשין האט אנגעהויבען צו פייפען אלאַרם (טרעוואָגא). דאס רעדעל האט זיך אויסגעריסען פונ'ם

קאפיטאנס האנד, האט זיך אנגעהויבען שטארק צו דרעהן און האט א זעץ געטאהן דעם מאטראז ווילסאן, וועלכער איז דיא גאנצע צייט געשטאנען לעבען קאפיטאן. פלוצלונג איז דאס רעדעל געבליעבען שטעהן. עס האט זיך מעהר ניט געוואלט דרעהן. קאפיטאן פארראגוט האט א ציטער געטאהן.

— וואס איז נייעס? האט ער אויסגעשריען ניט מיט זיין קול.

— דיא שיף ליעגט אויף איין זייט און קען זיך ניט איבערקעהרען! האט א מאטראז אויסגערופען אין דער זעלבער צייט.

— דיא מאשין! קומט צו דער מאשין! האט מען געהערט א געשריי פון מא־שינען צימער.

קאפיטאן פארראגוט איז געלאפען, וויא א וואהנזינינגער אין דער אבטהיילונג פון דער מאשינעריע. דאס גאנצע צימער איז געווען פול מיט דאמפף. דיא פיסטאנעס האבען זיך ניט געריהרט אין זייערע צילינדערס. דער מאשיניסט האט מורא געהאט דער קעסעל זאל ניט פלאצען און האט אויפגעעפענט אלע ערחרען, דער דאמפף זאל ארויס.

— וואס איז געשעהן? האט דער קאפיטאן אויסגערופען ניט מיט זיין קול.

— דיא שרויבע פון דער שיף האט זיך איינגעבויגען אדער האט זיך פארפלאנ־טערט און פארטשעפעט אן עפעס א שטארקע זאך. זיא קען זיך ניט ריהרען. דיא פיסטאנעס קענען זיך ניט אויפהויבען. איך האב געמוזט ארויסלאזען דעם דאמפף פון אלע רעהרען.

קאפיטאן פארראגוט האט ניט געענטפערט. יעצט איז ניט געווען די צייט צו ריידען; נור צו זעהן, וואס עס איז געשעהן מיט דער שרויבע. יעצט מוז מען זעהן אוועקצוווארפען דיא מאשינעריע אין גאנצען און זיך ווייטער פערלאזען אויף דיא זעגעל. יעצט מוזען דיא זעגעל אויסהעלפען.

ער איז ארויף צוריק אויפ'ן דעק און האט געוואלט הייסען דיא מאטראזען אויס־שפרייטען א זעגעל.

— וואס איז געשעהן? האט איהם לארד גלענארוואן געפרעגט.

דער קאפיטאן האט איהם דערצעהלט אין קורצע ווערטער, אז דיא שרויבע, וועלכע טרייבט דיא גאנצע שיף, איז עפעס ניט אין ארדנונג.

— יעצט, מילארד, בעט איך אייך נאך אמאל, געהט אייך אין אייער קאיוטע.

— איך וויל אבער בלייבען, קאפיטאן. איך קען אייך פיעללייכט עפעס העלפען.

— ניין, מילארד, יעצט בין איך דער איינציגער קאמאנדיר פון דער שיף און איך הייס אייך, איהר זאלט אריינגעהן אין אייער קאיוטע. איך וויל זיין גאנץ אליין מיט מיינע מענשען. — געהט אין אייער קאיוטע!

לארד גלענארוואן האט פערשטאנען, אז דיא געפאהר מוז שוין זיין זעהר גרויס, ווען דער קאפיטאן ערלויבט זיך מיט איהם צו רעדען אזוי שארף. ער האט געוואלט ווייזען אביישפיעל, אז מען מוז פאלגען דעם שיפסקאפיטאן און איז באלד אריינגעגאנ־גען אין זיין קאיוטע, וואו דיא דאמען זיינען געזעסען אונרוהיג און ערנסט. דיא שיף האט געציטערט, געקרעכצט און געווארפען זיך פון איין זייט אויף דער אנדערער, וויא

א קראנקער אין טיפוס פיעבער. ליידי העלענא און מערי גראנט האבען זיך נעמוטש פעסט אנהאלטען אן עפעס, זיי זאלען ניט אומפאלען.

— אונזער קאפיטאן איז א בראווער מענש, האט לארד גלענארוואן געזאגט צו די דאמען. ער קעמפפט מוטהיג געגען דעם שטורם און ער וועט איהם געוויס בעזיעגען.

דער קאפיטאן פארראגוט האט ווירקליך געקעמפפט מוטהיג געגען דעם שטורם. ער האט געדרעהט און געקירעוועט די שיף אין אלע זייטען, וויא א גוטער רייטער דרעהט און קירעוועט זיין פערד אין אן ענגער גאס פול מיט מענשען און מיט וועגען. ער האט זיא געשטעלט מיט דער ברייטער זייט געגען די רוישענדע און שוימענדע וועללען; ער האט אויפגעצויגען די זעגעל, ווען די שיף האט זיך געפונען צווישען צוויי גרויסע וועללען און האט זיי אראפגעלאזען, ווען א גרויסע וועללע, וויא א בארג די הויך, האט אויפגעהויבען די שיף אויף איהר ברייטען רוקען און האט זיא ארויס־געשטעלט געגען דער גאנצען קראפט פון'ם ווינד.

דער שטורם איז געווארען אימער שטארקער און שטארקער. געגען אכט אוהר אין דער פריה, ווען דער קאפיטאן האט געהייסען אויפציעהען דעם גרויסען זעגעל אום די שיף צו שטעלען מיט דער זייט געגען ווינד, האט דער שטורם אנגעכאפט דעם גרויסען זעגעל און האט איהם אוועקגעשליידערט ערגעץ גאנץ ווייט. דער זעגעלבוים איז געבליעבען נאקעט. יעצט האבען די ערצירנטע וועללען (כוואליעס) אנגעכאפט די שיף און האבען זיא געווארפען אהין א אהער, וויא קינדער שליידערן איינער צום אנדערן א באלל. דער קאפיטאן האט ניט געהאט קיין מיטעל זיא ארויסצורייסען פון זיי. דיא דאמפף מאשינע האט ניט געווירקט, דיא זעגעל האט דער שטורם ביי איהם אוועקגערויבט.

קאפיטאן פארראגוט האט זיך ניט אונטערגעגעבען. ער האט געהאט אנאנדער זעגעל אין פארראט. דיא פראגע איז נור געווען, וויא אזוי הענגט מען איהם אויף אין אזא שרעקליכען שטורם? דער קאפיטאן מיט אלע מאטראזען האבען געארבייט אהן אן אויפהער, זיינען יעדע מינוט געווען אין געפאהר, דער ווינד זאל זיי ניט אראפרייסען פון'ם זעגעלבוים און זאל זיי אריינווארפען אין שוימענדען מעער. קיינער פון זיי איז ניט אפגעטרעטען פון זעגעלבוים, קיינער פון זיי האט דעם גאנצען טאג קיין ביסען ניט גענומען אין מויל, קיינער פון זיי האט ניט געקוקט אויף די שרעקליכע געפאהר, אין וועלכע זיי געפינען זיך. יעדער האט איינגעשטעלט זיין לעבען אום דעם נייעם זעגעל אויפצוהענגען. — דאס איז זייער איינציגע רעטונג. קוים האבען זיי א זעגעל וועט זיי דער ווינד ערגעץ אוועקטראגען.

ערשט געגען דריי אוהר נאך מיטאג איז עס זיי געלונגען אויפצוהענגען דעם נייען זעגעל. יעצט זיינען זיי גערעטעט. יעצט האבען זיי וועניגסטענס א מיטעל, וויא אזוי צו קירעווען די שיף. דיא מאטראזען זיינען פרעהליכער געווארען. קאפיטאן פארראגוט אבער איז געווארען נאך ערנסטער און נאך טרויעריגער. ער האט געזעהן מיר שרעקען, אז דער ווינד טרייבט די שיף מיט א שרעקליכער שנעלינקייט. וואוהין אבער? — ער האט געזעהן אז ער טרייבט זיא ניט אין דער זייט, וואוהין זיי פאהרען.

ער האט געוואוסט, אז דאס מטער לעבען אויסטראליען איז פול מיט שטיינער און מיט ריפען. עס איז בעקאנט דער בעריהמטער ריף, וועלכער איז צוועלף הונדערט מייל דיא לענג און ציהט זיך אין דער גאנצער לענג פון'ם זידען אויסטראליענס.

מיינע לעזער ווייסען פיעללייכט ניט, וואס עס הייסט א ריף. איך וויל עס ערקלערן. יעדער פון אייך האט געוויס געזעהן א שוואם — גובקא אויף רוסיש, ספאנדזש אויף ענגליש. — דער שוואם איז דאס הויז פון גאנץ קליינע טהיערע. אזוי וויא עס זיינען דא וויכע שוואמען, אזוי זיינען דא גאנץ הארטע, וויא שטיינער. דיעזע הארטע שוואמען זיינען אויך ניט מעהר, וויא דיא הייזער פון גאנץ קליינע חיה'לעך, וועלכע הייסען פאליפען. זיי גרינדען א קאלאניע ערגעץ אויפ'ן באדען פון'ם מעער, בויען זיך אוים א שטיינערנעם פאלאץ און וואינען דארט, ביז זיי שטארבען. זייערע קינדער בויען שוין איין עטאזש העכער. זיי קענען ניט וואינען צוזאמען מיט דיא עלטערן, עס ווערט זיי צו ענג און זיי בויען זיך א צווייטען שטאק. אזוי וויא זיי פערמעהרען זיך זעהר שטארק, מוז מען באלד בויען א דריטען שטאק, א פערטען א פינפטען. זיי בויען אזוי לאנג, ביז זיי דערגרייכען דיא אבערפלעכע פון'ם מעער און זייער פאלאץ שטעקט ארויס פון'ם וואסער. זעלבסטפערשטענדליך, אז ניט אזוי גיך טהוט זיך, וויא עס רעדט זיך. עס פארגעהן הונדערטער יאהרען, ביז זייער געביידע שטעקט ארויס פון'ם וואסער. אזוי וויא אבער דיעזע פאליפען לעבען אין א געזעלשאפט פון מיליאנען און ביליאנען צוזאמען און יעדער ארבייט פלייסיג פאר זיך, בילדען זיי מיט דער צייט גאנצע אינזלען, גאנצע בערג אין מעער. עס זיינען דא גאנצע גרויסע לענדער, וועלכע האבען צו פערדאנקען זייער עקסיסטענץ דיעזע קליינע פאליפען, וועלכע מען קען זעהן נור דורך א מיקראסקאפ.

ארום אויסטראליען האבען דיעזע פאליפען אמאל געלעבט און געבויט. זיי האבען אויסגעבויט א לאנגע וואנד פון צוועלף הונדערט מייל דיא לענג און פון א האלבע מייל ביז א מייל דיא גרעב אין מעער לעבען דיא זיד זייט פון אויסטראליען. פון איין זייט איז דאס זעהר גוט, ווייל צווישען דיעזער וואנד — ריף, וויא דיא געלערנטע רופען עס — און דעם ברעג איז דאס מעער רוהיג און דיא שיפען, וועלכע שטעהן אין דיא פארטען פון אויסטראליען, זיינען זיכער און האבען קיין מורא ניט פאר קיין שטורם. דער ריף, אדער דיא וואנד האלט אפ דיא וועללען און שיצט דיא שיפען. דאס איז געוויס זעהר גוט. דיא פארטען פון אויסטראליען זיינען דיא זיכערסטע פארטען אויף דער גאנצער וועלט.

וויא אזוי אבער קומט מען צו צו אזא פארט? וויא אזוי קען א שיף אריבער־געהן דיעזע זאנדערבארע וואנד? וויא אזוי קען א שיף גאר צו קומען קיין אויסטראליען? אויך דאפיר האט מען געזארגט. — ווער? דאס מעער? דיא פאליפען? אדער אנאנדערער? — דאס ווייסען מיר ניט. מיר ווייסען נור, אז אין דיעזער וואנד זיינען אויסגעבראכען טהיערען און טויערן, גרעסערע און קלענערע. איינינע זיינען נור אזוי גרויס, אז נור איין איינציגע שיף קען דורך זיי דורכפאהרען, אנדערע אבער זיינען אזוי ברייט, או עס קען דורך זיי דורכפאהרען א גאנצע פלאטע.

ווען דאָס מעער איז רוהיג, קען מען דיעזע טהיערען און טויערן לייכט דערקענען ; ווען עס איז אָבער אונרוהיג, מוז די שיף, וועלכע קומט צו קיין אויסטראַליען, נעהמען א פּילאָט, א וועגווייזער, וועלכער זאָל זי אריינפיהרען אין פּאָרט. לעבען אַלע גרויסע שטעדט פּאָהרען ארום שיפלאך מיט פּילאָטען, מענשען, וועלכע קענען זעהר גוט דאָס מעער אין יענע געגענד און פיהרען אריין די פרעמדע שיפען אין רוהיגען, זיכערן פּאָרט.

יעצט וועלען מיינע לעזער פערשטעהן, פאר וואָס קאַפּיטאַן פאַרראַגוט איז געווען אַזוי אונרוהיג. דער ווינד האָט געטריעבען די שיף מיט א שרעקלי־כער שנעליגקייט. ער קען זי דאָך ארויפטרייבען אויף א ריף אָדער אויף א שטיין און זי צו ברעכען אויף שטיקלאך. ער האָט געהאַט נור איין מיטעל צו רעטען אַלעמען אויפ׳ן דעק. עס איז אָבער געווען א גרויסער ריקס און אַלענ־פאַלס האָט ער דערביי געמוזט אָפּפערן די שיף. אַזאַ ריסק האָט ער ניט גע־וואָלט נעהמען אויף זיך אליין. ער איז אַראָפּגעגאַנגען אין דער קאַיוטע, אי־בעררעדען מיט לאָרד גלענאַרוואַן.

ער האָט איהם אַלעס דערצעהלט פריי און אָפענהערציג, ווי אַן עכטער מאַטראָז, וועלכער קוקט די געפאהר שטאָלץ אין די אויגען.

— מיר איז געבליבען נור איין מיטעל, איך זאָל פיהרען די שיף גליך צום ברעג. די קליינע באָאָטע מוזען שטעהן אָנגעגרייט. יעצט איז דאָס וואסער הויך איבער די ריפע און שטיינער, וועט די שיף איבער זיי אריבערשווימען, וועט זי דער ווינד ארויסוואַרפען אויפ׳ן לאַנד. זי קען צוברעכען ווערן, אָדער זיך אָנשלאָגען אָן א שטיין, מוזען אַלע זאָבאַלד, אין דער מינוט, אַראָפּ־שפּרינגען אין די באָאָטע און יעדער זאָל זיך רעטען, ווי ער וועט קענען.

— ווען איהר קענט ניט אַנדערש, האָט לאָרד גלענאַרוואַן געזאָגט רוהיג און ענטשלאָסען, דאַן טהוט, ווי איהר פערשטעהט.

— אָבער לידי העלענאַ ? מיס גראַנט ? האָט קאַפּיטאַן פאַרראַגוט גע־זאָגט. זיי מוזען זיי פּאָרבערייטעט. זיי מוזען וויסען וואָס צו טהאָן אין דער לעצטער מינוט.

— איך וועל זיי אַלעס ערקלערען, אָבער ניט יעצט, — אין דער לעצטער מינוט. איהר וועט מיר זאָגען, ווען די גרעסטע געפאַהר וועט זיין.

— איך וועל אייך געבען צו וויסען דורך מיין פייפעלע. ווען איך וועל פייפען דריי מאָל אונטערבראָכען און דערשראָקען, זאָלט איהר וויסען, אַז דאָס איז די אייערסטע געפאהר.

מעהר האָבען ביידע מענער ניט גערעדט. דער קאַפּיטאַן איז געגאַנ־גען צוריק צו זיין רעדעל. לאָרד גלענאַרוואַן האָט זיך אומגעקעהרט אין זיין קאַיוטע, וואו די דאַמען זיינען געזעסען מיט׳ן מאַיאָר און מיט׳ן פּראָפעסאָר. אַלע האָבען געפיהלט, אַז די געפאהר איז גרויס. יעדער אָבער האָט זיך גע־שטאַרקט און האָט געוואָלט ווייזען, אַז ער איז מוטהיג און האָט פאר דער געפאהר קיין מורא ניט. דער פּראָפעסאָר האָט ערקלעהרט, פון וואַנען עס נעהמען זיך שטורמווינדען און פאר וואָס גראָדע אין דיעזער געגענד זיינען זיי אַזוי שטאַרק. דער מאַיאָר האָט זיך געמאַכט, אַז ער הערט איהם אויס זעהר אויפמערקזאַם. אין דער וואָרהייט אָבער, זיינען איהם די ערקלעה־

רונגען פון'ם פראפעסאר אין איין אויער אריין און פון אנדערן ארויס.

גענגען זעקס אוהר פאר נאכט האט דער שטורמווינד עטוואס נאכגעלאזען די וואלקען האבען זיך צוריסען און די זונן האט אויף איינציגע אויגענבליקע בעלייכטעט די געגענד ארום.

— לאנד! האט א געשריי געטהאן דער מאטראז אויף דער וואך.

— לאנד האבען זיך אפגערופען אלע איבעריגע.

זיי האבען דערזעהן גאר ניט ווייט ניט מעהר ווי א זעקס־אכט מייל פון זיי, א ניעדעריגען זאמדיגען ברעג. דאס איז געווען אויסטראליען — ווי קומט מען אבער צו צו איהם? דער שטורם האט צוואר עטוואס נאכגעלאסען, דאס מעער אבער האט נאך געקאכט און געזאטען, ווי אין א קעסעל. ניט ווייט פון'ם לאנד, וואו עס האבען זיך געפונען ריפען, שטיינער און זאנדבענק, וועלכע האבען אפגעהאלטען זיינע שרעקליכע, גרימיגע וועללען (כוואליעס) האט ער געברויזט און געברומט, ווי א גערייצטער לייב. עס האבען זיך אויפגע־הויבען בערג מיט וואסער אויף פופציג פוס די הויך און האבען זיך א ווארף געטהאן אויפ'ן ברעג מיט א רויש און א ליארם, אז מען האט געקענט פער־טויבט ווערען.

— דא מוזען זיין זאנדבענק, האט טאם אויגוסטין געזאגט צום קאפי־טאן, אנדערש קען איך מיך ניט ערקלערן, פאר וואס די וועללען געהן דא אזוי הויך.

— זאנדבענק אדער ריפען, האט דער קאפיטאן געענטפערט טרויעריג. עפעס האלט זיי אפ. זיי שפרינגען צוריק און הייבען זיך אויף אזוי הויך. — לײדער, קענען מיר יעצט גאר ניט העלפען. די שיף מוז לויפען איהר וועג. ווען זי אריבערלויפען איבער דיעזען געפעהרליכען ארט, זיינען מיר גערעטעט, ווען ניט, ווייסט דו שוין, וואס מיר האבען אפגערעדט.

אונטערדעסען איז די שיף געלאפען אלץ נעהענטער און נעהנטער צום לאנד. גאנצע בערג מיט ווייסען שוים האבען זיך ארויפגעווארפען אויף איהר פון אלע זייטען, די ריפען אדער די זאנדבענק זיינען שוין געווען גאנץ נא־הענט. יעצט איז געקומען די לעצטע מינוט, וועלכע זאל ענטשיידען זייער שיקזאל.

— אלע ארויס אויפ'ן דעק! האט קאמאנדירט פארראגוט און האט אנ־געהויבען צו פייפען.

אלע פאסאזשירען זיינען ארויפגעקומען אויפ'ן דעק. לארד גלענארוואן איז צוגעקומען צום קאפיטאן.

— פארראגוט, האט ער איהם געזאגט אין דער העכסטער אויפרעגונג. איך וועל טהאן אלעס מעגליכע איך זאל רעטען מיין פרוי אדער דערטרונקען ווערן מיט איהר צוזאמען. אייך לאז איך איבער מערי גראנט. זארגט איהר זיך פאר איהר.

— יא, יא, האט געזאגט דער קאפיטאן.

ער האט ניט געקענט ווייטער רעדען. טרעהרען האבען איהם געווארגען. ער איז אבער געווען א מאטראז, א מאן, וועלכער איז געוואוינט צו געפאה־רען, אזא מענש וויינט ניט.

דאס וואסער איז געוועזן הויך גענוג איבער די ריפען, אז די שיף וואלט געקענט גאנץ רוהיג זיי אריבערשווימען, ווען דאס מעער זאל זיין רוהיג. יעצט אבער האט מען דייטליך געזעהן, אז ווען די כוואליעס פאלען אראפ, שטעקען ארויס שטיינער פון'ם וואסער. ווען די שיף וועט אנקומען גראדע אין דער צייט, ווען די כוואליעס לויפען צום ברעג, מוז זיא צושלאגען ווערן אויף שטיקלעך.

— בוימאייל: פיש אייל! אייל! האט פלוצלונג אנגעהויבען צו שרייען דער פראפעסאר, וויא א וואהנזיניגער.

אלע האבען איהם אנגעקוקט מיט שטוינען. קיינער האט ניט געוואוסט, וואס ער מיינט. אייניגע מאטראזען האבען געדעכענט, אז ער איז אראפ פון זינען. נור איין קאפיטאן פארראגוט האט איהם פערשטאנען און האט באלד געהייסען די מאטראזען ארויסברענגען עטליכע פעסלעך אייל, וועלכע ער האט מיטגענומען צו שמירען די מאשינען און זיי אריינגיסען אין מעער. די מאטראזען האבען באלד אויסגעפיהרט זיין בעפעהל. לארד גלענארוואן, ליידי העלענא און אלע איבעריגע זיינען געשטאנען, וויא פערשטיינערט און האבען געזעהן מיט שטוינען, וואס די מענשען טהוען.

און, אה, וואונדער! וואו מען האט אויסגעגאסען א פעסעלע אייל, איז דאס מעער געבליעבען רוהיג און שטיל, וויא דאס וואסער אין א שיסעל. ערשט יעצט האט זיך לארד גלענארוואן דערמאנט, אז ער האט שוין א מאל דעריבער געלעזען. ווען מען גיעסט ארויף אייל אויף די רוישענדע וועלען פון'ם מעער, בערוהיגט עס זיך באלד. ערשט יעצט האט ער פערשטאנען, פאר וואס דער פראפעסאר האט אזוי פלוצלונג אויסגעשריען אויסער זיך: אייל! בוימאייל! שמאלץ! — דאס איז זייער רעטונג. ער האט צוואר זעהר גוט געוואוסט, אז דאס מיטעל העלפט נור אויף א קורצע צייט. דאס אייל צושפרייט זיך און דאס מעער רוישט, שוימט און רייסט זיך דערנאך נאך שטארקער, נאך שרעקליכער, נאך גוואלטיגער. דערווייל אבער איז עס א הילף. קוים וועט די שיף אריבערשווימען די שטיינער איז זיא שוין גערעטעט.

— גיעסט די פעסלעך אייל! האט קאמאנדירט דער קאפיטאן.

די מאטראזען האבען יעצט איינגעזעהן, אז זייער רעטונג הענגט אפ פון די פעסלעך אייל, וועלכע זיי האבען און האבען געארבייט מיט מוטה, מיט פלייס און מיט קראפט. זיי האבען צוהאקט די פעסלעך און אויסגעגאסען דאס אייל אין מעער. עס האט זיך געבילדעט א רוהיגער שטילער פאס וואסער, וואוהין דער קאפיטאן האט באלד אריינגעפיהרט די שיף. —

זיי זיינען גערעטעט! גליקליך גערעטעט! די שיף איז אריבערגעשוואומען די שטיינער! דאס מעער האט באלד ווידער אנגעהויבען צו רוישען און צו קאכען. די וועלען זיינען נאכגעלאפען די שיף, גלייך וויא זיי האבען געוואלט זיא צוריקשלעפען, עס איז שוין אבער געווען צו שפעט. דער קאפיטאן האט באלד אויסגעפונען אן ארט, וואו זיא איז שוין געווען גאנץ זיכער.

## זעקסטער קאפיטעל.

# ביי א נאסט פריינד.

דיא ערשטע זאך, וואס דער קאפיטאן האט יעצט געטהאן, איז געוועזן צו פער־אנקערן דיא שיף. ער האט אויסגעזוכט א זיכערן אָרט, וואו דיא שיף איז געוועזן בע־ווארינט און האט זיא דארט פעראנקערט. יעצט איז לארד גלענארוואן צו איהם צו־געגאנגען און האט איהם אנגענומען ביי דער האנד.

— איך דאנק אייך, פארראנוט. איהר האט אונז געראטעוועט דאס לעבען. איהר האט עס אזוי איינגעארדענט, אז ניט ליידי העלענא, ניט מערי, ניט ראָבערט גראנט, ניט זאגאר דער פראָפעסאר האבען ניט געוואוסט, אין וואס פאר א געפאהר זיי גע־פינען זיך. איהר האט זיי פערשפאָרט אן איבעריגען שרעק.

— פיר וועניג, האט קאפיטאן פארראנוט געענטפערט.

ער האט ניט געקענט מעהר רעדען. ער איז געוועזן מיעד און ערשעפּט. דריי צוויי טאג האט ער ניט געגעסען און ניט געשלאפען. קוים איז דיא שיף געוועזן זיכער, האט ער זיא אונטערזוכט, אויב זיא איז אונטען גאנץ און עס געהט ניט אריין קיין וואסער. ער האט אויסגעפונען, אז דיא שיף איז בעשעדיגט נור פון אויבען. קיין וואַ־סער געהט ניט אריין. ער האט איבערגעלאָזען א מאטראָז אויף דער וואך און אליין איז ער געגאנגען זיך צולעגען.

אלע איבעריגע אויף דער שיף זיינען אויך געוועזן זעהר מיעד און האבען זיך באלד געלעגט שלאָפען.

דיא נאכט איז פאראיבער גאנץ רוהיג. דער שטורם האט אין גאנצען אויפגע־הערט. דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט דיא זון בעלייכטעט א רוהיגעס, שטילעס מעער. גאנץ פריה זיינען שוין אלע געוועזן אויפ'ן דעק און האבען בעטראכט דאס שעהנע בליהענדע לאנד, וועלכעס איז געלעגען פאר זיי.

יעצט האט לארד גלענארוואן בערופען א מיטינג, זיך צו בעראטהען, וואס זיי זאלען יעצט טהאָן. דיא ערשטע פראגע איז געוועזן. וואו געפינען זיי זיך? אין וואס פאר א טהייל פון אויסטראַליען האט זיי דער שטורם פערוואָרפען? — דיעזע פראגע איז געוועזן ניט שווער צו בעאנטווארטען. דער קאפיטאן און דער פראפעסאָר האבען ארויסגענומען זייערע אסטראָנאָמישע אינסטרומענטען און האבען באלד אויסגערעכענט פינקטליך, וואו זיי געפינען זיך.

זיי האבען אויסגעפונען, אז זיי זיינען גאר ניט ווייט פון דער שטאדט מעלבורן, דיא גרעסטע שטאָדט אין אויסטראַליען. זיי געפינען זיך לעבען דער קעננורו אינזעל, איינע פון דיא גרעסטע אינזלען, וועלכע געהערען צו אויסטראַליען. ווען דיעזע ערשטע פראגע איז פערענטפערט געווארען, איז געוועזן זעהר לייכט צו פערענטפערן דיא צווייטע פראגע: וואס זאל מען יעצט טהאָן? — אויף דיעזע פראגע האט דער קאפיטאן גע־ענטפערט:

— מיר געפינען זיך אין גאנצען צוויי הונדערט מייל פון מעלבורן. מיר מוזען צופאהרען קיין מעלבורן. דארט וועט מען קענען רעפארירען דעם „דונקאן.“ אויפ'ן וועג

וועלען מיר יעדעס מאָל אַרויספאָהרען אויף אונזער באָאָטע אויפ'ן ברעג און וועלען פרעגען, אויב קיינער האָט ניט געהערט פון אַ שיף „בריטאַניא", וועלכע איז אונטערגעגאַנגען ערגעץ אין דיעזע געגענדען און פון איהר קאַפּיטאַן מיט'ן נאָמען גראַנט.

ווען מען האָט אַלעס אָפּגערעדט, האָט דער קאַפּיטאַן געהייסען צורעכט מאַכען די זעגעל און פאָהרען לאַנגזאַם קיין מעלבורן.

אום צוועלף אוהר איז אַלעס געווען פערטיג און דער „דונקאַן" האָט זיך געגליטשט אויף די גלאַטע וואַסערן פון'ם מעער לעבען אויסטראַליען. פון צייט צו צייט האָט מען אַראָפּגעלאָזען די באָאָטע און לאָרד גלענאַרוואַן, דער פּראָפעסאָר און ראָבערט גראַנט זיינען אַרויסגעגאַנגען אויפ'ן ברעג זוכען און פרעגען וועמען, פיעללייכט ווייס מען עפּעס פון קאַפּיטאַן גראַנט. ליידער, איז זעהר מיה געווען אומזיסט. אויסטראַליען איז נאָך זעהר שוואַך בעפעלקערט. עס האָט אין גאַנצען קנאַפּע דריי מיליאָן איינוואוינער, אין דער צייט ווען דאָרט איז דאָ פּלאַץ גענוג פאַר צוויי הונדערט מיליאָן איינוואוינער. די בעפעלקערונג דרענגט זיך אַרום די גרויסע שטעדט, אָדער ווייט אין לאַנד, וואו עס זיינען דאָ גרויסע שטרעקען לאַנד פאַר זייערע שאָף און רינדער. ביי די ברעגעס פון מעער אָבער וואוינט קיינער ניט. אונזערע רייזענדע האָבען זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען און האָבען ניט געפונען קיין שפּור פון אַ לעבעדיגען מענשען.

זיי האָבען דאָך ניט פערצווייפעלט און האָבען בעשלאָסען ווייטער צו זוכען. אַזוי איז פערגאַנגען דער ערשטער טאָג פון זייער זוכען און פאָרשען אין אויסטראַליען. דיעזע געגענד איז ניט געווען בעקאַנט דעם קאַפּיטאַן פּאַרראַנוט. ער האָט געוואוסט די וועגען צו די גרויסע שטעדט אין אויסטראַליען און נור די וועגען, אויף וועלכע די שיפען פאָהרען. מיט אַ בעשעדיגטער שיף און נאָך אין גאַנץ אונבעקאַנטע וואַסערן מוז מען זיין זעהר פאָרזיכטיג.

דעם אַנדערן טאָג אין דער פריה זיינען זיי צוגעקומען צו אַן אָרט, וואו עס האָבען זיך געוויזען בערג פון דערווייטען. לאָרד גלענאַרוואַן האָט געהייסען אַראָפּלאָזען די באָאָטע. ער מיט'ן פּראָפעסאָר, מיט ראָבערט גראַנט זיינען ווידער אַרויס אויפ'ן ברעג. ראָבערט גראַנט איז אַרויפגעקלעטערט אויף אַ שטיין אום צו בעטראַכטען די געגענד אַרום. דאָס מאָל האָט זיך געפונען אַ שפּור פון מענשען. אין ערטער האָט מען געזעהן אויסגעהאַקטע בוימער — אַ צייכען, אַז ערגעץ ניט ווייט זיינען דאָ מענשען.

— אַ מיהל! האָט ראָבערט אויסגערופען. איך זעה אַ מיהל!

לאָרד גלענאַרוואַן און דער פּראָפעסאָר האָבען זיך צוגעקוקט אין דער געגענד, וואו ראָבערט האָט זיי געוויזען און זיי האָבען ווירקליך דערזעהן די פליגעל פון אַ ווינדמיהל.

— לאָמיר צוגעהן צו דער מיהל האָט לאָרד גלענאַרוואַן געזאָגט. דאָרט וועלען מיר געפינען מענשען, ביי וועלכע מיר וועלען קענען עפּעס פרעגען.

זיי האָבען זיך געלאָזט געהן אין דער געגענד, וואו די מיהל איז געווען. וואָס ווייטער זיי זיינען געגאַנגען, אַלעס שעהנער און רייכער איז געוואָרען די געגענד. זיי זיינען צוגעקומען צו גוט בעאַרבייטעטע פעלדער, צו וועלדער

פון אפעלסינע (אָרענדזשעס) און לימענעס. באַלד האָבען זיי דערזעהן אַ גאַנצע העערדע פון קיה און אָקסען זיך רוהיג פּאַסען אויף אַ וויעזע (לאָנקע) באַלד האָבען זיי דערהערט דאָס בילען פון הינט. דאָס האָט געקלונגען ווי אַ טהייערע מוזיק אין זייערע אויערן. ווען מען איז אויף דער יבשה אַ לאַנגע צייט, איז דאָס בילען פון אַ הונט זעהר אונאַנגענעהם. ווען מען איז אָבער מאָנאַטען לאַנג אויפ'ן מעער און מען געהט אַרוים אויף דער יבשה, איז יעדע שטימע, זאָגאַר דאָס בילען פון אַ הונט אַנגענעהם.

דאָס בילען איז געוואָרען שטאַרקער און באַלד האָבען זיך געוויזען דריי פייערינע הינט, וועלכע זיינען געלאָפען גלייך אויף אונזערע רייזענדע. זיי וואָלטען זיי געוויס צוריסען, ווען עס זאָל זיך ניט געוועזען ווייזען אין דער־זעלבער מינוט אַ שטאַרקער מאַן פון אַ יאָהר עטליכע און פערציג, וועלכער האָט אָנגעשריען אויף די הינט און האָט זיי אָוועקגעטריבען: באַלד האָבען זיך געוויזען פיער קינדער פון זיעבען ביז פופצעהן יאָהר אַלט און אַ הויכע שטאַרקע פרוי.

עס איז געוועזען דייטליך, אַז דאָס איז אַ פאַמיליע קאָלאָניסטען, וועלכע זיינען געוועזען געצוואונגען אויס אירגענד וועלכע אורזאַכע צו פערלאָזען זייער פאַטערלאַנד און זוכען זיך אַ היים אין דעם ווייטען, ווילדען אויסטראַליען. ווי עס האָט אויסגעוויזען, זיינען זיי געוועזען צופריעדען מיט זייער נייעם היים, מיט זייער נייעם פאַטערלאַנד.

איידער לאָרד גלענאַרוואַן מיט זיין פּאַרטיע האָבען צייט געהאַט צו ער־קלעהרען, ווער זיי זיינען און וואָס זיי ווילען, האָט דער מאַן זיי געזאָגט:

— פרעמדע! זייט ווילקאָמען אין הויז פון פּעדרי מעק מור!

—אַזוי! האָט אויסגערופען לאָרד גלענאַרוואַן, זייט איהר אַן אירלענדער?

— איך בין אַמאָל געוועזען אַן אירלענדער, האָט דער קאָלאָניסט געענט־פערט, היינט אָבער בין איך אַן אויסטראַליער.—קומט, דזשענטעלמען, קומט אין מיין הויז! איך פרעג ניט, ווער איהר זייט. יעדער פרעמדער איז וויל־קאָמען.

ער האָט זיי אַריינגעפיהרט צו זיך אין הויז און האָט זיי געבעטען זיצען אויף די איינפאַכע, אָבער ריינע הילצערנע בענק לעבען אַ ריינעם ווייסען, הילצערנעם טיש.

— אַך, איך וואָלט געוועזען גליקלאַך מיין שוועסטער זאָל דאָ זיין! האָט אויסגערופען ראָבערט. עס איז אַ פערגעניגען צו זיצען לעבען אַ טיש נאָך אַזאַ לאַנגער און שווערער רייזע!

דער ווירטה האָט עס דערהערט און האָט געפרעגט:

— אַלזאָ, האָט איהר דאַמען מיט אייך?

— געוויס! האָט געענטפערט ראָבערט. ליידי העלענאַ און מיין שוועס־טער זיינען געבליבען אויף דער שיף.

— געהט, ברענגט זיי, האָט דער ווירטה געבעטען. מיינע יונגען וועלען געהן מיט אייך און וועלען אייך ווייזען דעם נאָהענטסטען וועג. איידער איך וועל אָנגרייטען אַ פריהשטיק, וועט איהר זיין צוריק.

ראָבערט און דער עלטערער זוהן פון'ם ווירטה זיינען באַלד אַרויסגעלאָ־פען און אין אַ גאַנץ קורצער צייט זיינען זיי צוריקגעקומען מיט ליידי העלע־נאַ און מערי גראַנט. די ווירטהין האָט זיי געגעבען די האַנד און האָט זיי געזאָגט:

— זייט ווילקאָמען אין מיין הויז!

אויפ'ן טיש איז שוין געשטאַנען אנגעגרייט א גוטער פריהשטיק פון קאַלטעס פלייש און פערשיעדענע פריכטע: וויינטרויבען, אפעלסינען, פרישע און מארינירטע אָליווען און אנדערע אויסטראַלישע פריכטע. דער ווירטה האט געבעטען זיינע געסט, זיך זעצען צום טיש און עסען, וואס גאָט האט איהם געגעבען.

ביים עסען האט ער זיי דערצעהלט זיין געשיכטע, דיא געשיכטע פון יעדער עמיגראַנט, וועלכער איז געצוואונגען צו פערלאָזען דאס לאַנד, וואו ער איז געבאָרען געוואָרען, און זוכען זיך א נייעס פאָטערלאַנד.

„עס איז איינע אַלטע געשיכטע, דאך בלייבט זיא אימער נייע", זאגט א דייטשער דיכטער. עס איז געווען אן אלטע געשיכטע פון יעדער עמיגראַנט, א געשיכטע פון נויט, ליידען און עלענד. ער איז געקומען קיין מעלבורן, וואו ער האט זיך געזוכט ארבייט. ער, זיין פרוי און דיא עלטערע קינדער האבען געארבייט שווער און ביזער, ביז זיי האבען זיך צונויפגעלענט אביסעל געלד און האבען זיך געקויפט א שטיקעל לאַנד.

אין אויסטראַליען האט דיא ענגלישע רעגיערונג איינגעטהיילט דאס גאנצע לאַנד אין לאטס פון אכציג אקר לאַנד א לאַט. זיא פערקויפט דיעזע לאטס זעהר ביליג — פון איין דאלאר ביז דריי דאלאר אן אקר. — פאר עמיגראַנטען מאכט מען אין אייניגע ערטער נאך אנדערע, זעהר לייכטע בעדינגונגען. מען גיט זיי דאס לאַנד אויף אבצאָהלונגען. דער עמיגראַנט דארף נור איינצאָהלען 30 — 40 פראָצענט, דאס איבעריגע צאהלט ער אפ יעהרליך. יעדער עמיגראנט האט דאס רעכט צו קויפען ניט מעהר, וויא צעהן אזעלכע לאַטס.

ווער עס איז נור פעהיג צו בעאַרבייטען דיא ערד און איז פלייסיג דערצו, דער קען אין א קורצע צייט מאכען א שעהנעס, רוהיגעס און אנשטענדיגעס לעבען.

מעק מור האט זיי דערצעהלט, וויא ער האט צוערשט געקויפט נור איין לאַט לאַנד; וויא ער מיט זיין פרוי מיט זיינע קינדער האבען עס בעארבייט, פארזייעט און געפלאַנצט פרוכט ביימער און וויינטרויבען. געוויס, איז זיי אין דער ערשטער צייט גע־ווען זעהר שווער. זיי האבען אבער אויסגעהאלטען און האבען שוין יעצט פינף לאַטס ערד און מוזען שוין דינגען ארבייטער צו בעארבייטען אזא גרויסע פארם. דער ארימער אירלענדישער בויער, וועלכער האט געארבייט אין אירלאַנד שווער און ביטער און האט קוים געהאט ברויט צו עסען, איז אין אייניגע יאהר געוואָרען אן אויסטראַלישער פארמער און האט שוין פיער הונדערט אקר לאַנד, וועלכעס האט שוין יעצט א גרויסען ווערטה, ווייל ער האט עס שוין בעארבייט. ער האט שוין פינף הונדערט שטיק קיה, אקסען און שעפסען. אין צעהן יאהר ארום איז ער א רייכער מאַן, פריי און ניט אבהענגיג פון קיינעם — א קייסער אויף זיין לאַנד.

ווען דער אירלענדער האט געענדיגט זיין געשיכטע, האט לארד גלענארוואן איהם דערצעהלט אין קורצע ווערטער דעם צוועק פון זייער רייזע און האט איהם גע־פרעגט, אויב ער האט ניט געהערט פון א שיף, וועלכע איז אונטערגעגאנגען ניט ווייט פון דיעזע געגענדען? פון א קאפיטאן מיט'ן נאמען גראַנט?

דער אירלענדער האט פערצווינגען מיט דיא אקסלען. ער האט ניט געהערט און ווייס ניט פון קיין שיף, וועלכעס איז אונטערגעגאנגען און פון קיין קאפיטאן.

— מיינע העררען, האט ער זיי געזאגט, עס טוהט מיר לייד אייך צו זאגען, אז אייער מיה איז געוועזען אומזיסט. דא ארום דיעזע געגענדען איז קיין שיף ניט אונ־טערגעגאנגען שוין זייט צעהן יאהר, זייט איך וואוין דא. איך, מיין פרוי, מיינע קינדער געהן טעגליך צום מעער. מיר האבען ניט געזעהן און ניט געהערט פון קיין קאפיטאן גראנט. עס וואינען דער געגענד נאך פארמערס; ווי וואלט איינער פון זיי עפעס ניט געהערט פון א שיף, וועלכע איז דא אונטערגעגאנגען?

לארד גלענארוואן און זיין פארטיע זיינען געבליעבען זיצען, וויא דיא דערשלא־גענע. דיא איינפאכע ווערטער פון׳ם עהרליכען אירלענדער האבען געמאכט אויף זיי א טיעפען איינדרוק.

— אלזא, אבערמאלס אומזיסט געפאהרען? אומזיסט איבערגעטראגען אזא שווערע רייזע, אזא שרעקליכען שטורם? — אומזיסט דיא מיה, אומזיסט זייער זוכען און פארשען?

אויף מערי גראנט׳ס אויגען האבען זיך געוויעזען טרערין. ליידי העלענא האט אראפגעלאזען דעם קאפ און האט זיך פערטראכט. לארד גלענארוואן און דער פראָ־פעסאָר האבען זיך אנגעקוקט איינער דעם אנדערן מיט טרויער און פערצווייפלונג.

פלוצלונג האט מען געהערט א פעסטע, גראבע שטימע פון׳ם אנדערן עק טיש אויסרופען:

— גרויסער גאט! ווען קאפיטאן גראנט לעבט נאך, איז ער געוויס דא ערגעץ אין דיעזער געגענד פון אויסטראליען!

אלע האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע זיצע, גלייך וויא עס וואלט זיי געטראָ־פען אן עלעקטרישער שלאג.

7טעס קאפיטעל.

## א מאטראָז פון דער „בריטאניא.“

לארד גלענארוואן איז געוועזען דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך.

— ווער האט עס גערעדט אזוי? האט ער געפרעגט האסטיג.

— איך האב עס געזאגט, האט זיך אנגערופען איינער פון דיא ארבייטער וועלכער איז געזעסען ביים עק פון׳ם טיש.

— דוא, איירטאן? האט דער ווירטה געפרעגט מיט שטוינען.

— איך, איירטאן, האט געענטפערט דער מאן, איך בין געוועזען א מאטראָז אויף דער „בריטאניא.“

— מען קען זיך לייכט פארשטעלען, וואס פאר אן איינדרוק דיא לעצטע ווער־טער האבען געמאכט אויף אלעמען. איבערראשט, ערשטוינט, ענטציקט, דערפרעהט און דערשראָקען זיינען אלע געבליעבען שטעהן אויף זייערע ערטער. מערי גראנט איז שיער ניט געפאלען אין אהנמאכט, ליידי העלענא האט געוויינט, ראבערט גראנט האט געשפרונגען פאר פרייד. נור דער פראפעסאר איז געבליעבען רוהיג און האט בעטראכט דעם געוועזענעם מאטראז פון דער „בריטאניא.“

דאָס איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָהר עטליכע און פערציג מיט אַ שוואַר־צער באָרד און אַ ווילדעס געזיכט, וועלכעס איז דעם פּראָפעסאָר ניט שטארק געפעלען. ער האָט געוואוסט, אַז עס קומט אָפט פאָר, אַז דער מענש, וועלכער ווייזט אויס פון׳ם ערשטען בליק שלעכט און ווילד, קען דאָך זיין אַ גאַנץ גוטער מענש. אין דיעזען מענשען אָבער זיינען איהם ניט געפעלען די אויגען. דער אויסדרוק פון אייערטאַנ׳ס אויגען איז געווען אַ בייזער און ווילדער, ווי פון אַ ווילדע חיה. דער פּראָפעסאָר האָט איהם געוואָלט נעהנעטער בעטראַכ־טען, אין דיעזע מינוט אָבער איז צו איהם צוגעקומען לאָרד גלענאַרוואַן.

— מיר מוזען שיקען רופען אונזער קאַפּיטאַן און דעם מאַיאָר, האָט ער איהם געזאָגט. דער צופאַל האָט אונז צוזאַמענגעבראַכט מיט אַ מענשען, פון וועלכען מיר וועלען אַלעס געוואָהר ווערן. איך וויל, אַז מיר זאָלען אַלע זיין דערביי, ווען ער וועט אונז דערצעהלען די געשיכטע פון קאַפּיטאַן גראַנט.

אין אַ קורצע צייט אַרום איז קאַפּיטאַן פּאַרראַגוט און מאַיאָר ריטשאַרד־סאָן געקומען צולויפען פערסאָפּעט און נייגעריג צו הערען נאַכריכטען פון קאַפּיטאַן גראַנט. ווען אַלע זיינען געווען פערזאַמעלט, האָט זיך לאָרד גלע־נאַרוואַן געזעצט לעבען דעם מאַטראָז און האָט איהם אָנגעהויבען אויסצו־פרעגען:

— אַלזאָ, איהר זייט אַ מאַטראָז פון דער „בריטאַניאַ״.

— יעס, סער, איך בין געווען דער שטייערמאַן פון דער „בריטאַניאַ״ האָט אייערטאַן געענטפערט.

— און איהר האָט זיך געראַטעוועט צוזאַמען מיט קאַפּיטאַן גראַנט, ווען די „בריטאַניאַ״ איז אונטערגעגאַנגען?

— ניין, מיין הערר. אַ גרויסע וועללע האָט מיך אַראָפּגעשווענקט פון׳ם דעק פון דער „בריטאַניאַ״, איידער זי איז אונטערגעגאַנגען.

— אַלזאָ, זייט איהר ניט איינער פון די צוויי מאַטראָזען, וועלכע האָבען זיך געראַטעוועט מיט׳ן קאַפּיטאַן?

— ניין, איך ווייס ניט, אויב דער קאַפּיטאַן האָט זיך געראַטעוועט, אָדער ער איז דערטרונקען געוואָרען. איך האָב געפונען אין וואַסער אַ שטיק האָלץ, האָב מיך אָן איהם אָנגעכאַפּט און דער שטורם האָט מיך אַרויסגעוואָרפען אויפ׳ן ברעג. איך האָב גערעכענט, אַז איך בין דער איינציגער מענש פון דער „בריטאַניאַ״, וועלכער איז געבליבען לעבען.

— אַלזאָ, ווייסט איהר גאָר ניט פון קאַפּיטאַן גראַנט?

איך ווייס גאָר ניט.

— איהר האָט דאָך פריהער געזאָגט, אַז קאַפּיטאַן גראַנט לעבט און געפינט זיך ערגעץ אין דיעזער געגענד?

— איהר האָט מיך ניט ריכטיג פערשטאַנען. איך האָב געזאָגט, אויב ער האָט זיך געראַטעוועט און לעבט, מוז ער זיך געפינען דאָ ערגעץ.

— וואו איז די שיף אונטערגעגאַנגען? האָט קאַפּיטאַן פּאַרראַגוט גע־פרעגט.

— לעבען אויסטראַליען, ניט ווייס פון דיזער געגענד. איך קען ניט זאָגען

נענוי, וואו עס איז געווען, אָבער איך האָב געזעהן דעם ברעג פון אויסטראַ־ליען, איידער די כוואַליע האָט מיך אַראָפּגעשווענקט פון׳ם דעק פון דער „בריטאַניא“. דער שטורם האָט מיך אַרויסגעוואָרפען אויפ׳ן ברעג. איך בין געבליבען ליגען אין אָהנמאַכט און קען ניט געדענקען, וויפיעל צייט איך ב־ין אזוי געלעגען. ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך קיין שפור פון דער „בריטאַניא“ ניט געזעהן.

— ווען איז דאָס געשעהן? האָט ווייטער געפרעגט קאַפּיטאַן פּאַרראַגוט.

— דעם 27טען יוני, 1862.

— גאַנץ ריכטיג! האָט אויסגערופען לאָרד גלענאַרוואַן. עס שטימט, מיט די בריעף! עס שטימט, ווי דער פּראָפעסאָר האָט ער ערקלעהרט.

— געוויס, האָט געזאָגט דער פּראָפעסאָר, אַזאַ דאָקומענט איז ניט לייכט צו לעזען. מען מוז זיך אנשטויסען, פון איין וואָרט מוז מען פער־שטעהן צעהן.

לאָרד גלענאַרוואַן, מערי און ראָבערט גראַנט, ליידי העלענא און דער מאַיאָר זיינען געשטאַנען ארום דעם מאַטראָז איירטאַן און האָבען איהם גע־דריקט די הענד. זיי האָבען ניט געוואוסט, וואָס צו טהאָן מיט איהם פאר פרייד.

— יעצט, ווען מיר האָבען שוין זיכערע נאַכריכטען פון קאַפּיטאַן גראַנט, האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט, קענען מיר זיכער זיין, אז מיר וועלען איהם אויסזוכען און וועלען איהם רעטען.

קיינעם איז ניט איינגעפאַלען צו צווייפלען, אויב איירטאַן זאָגט די וואהרהייט. פּילייכט איז ער גאָר ניט קיין מאַטראָז פון דער „בריטאַניא“. פּי־לייכט ווייס ער נור פון דער „בריטאַניא“ פון צייטונגען, אָדער פּילייכט האָט ער א געהיימען צוועק דערביי. דער איינציגער מענש, וועמען איירטאַן איז ניט געפעלען, איז געווען דער פּראָפעסאָר. זיין פערדאַכט (חשד) איז אָבער אויך באַלד פערשוואונדען, ווען ער האָט געהערט, ווי איירטאַן דער־צעהלט מערי און ראָבערט גראַנט, אז ער קען זיי, ער האָט זיי געזעהן אין לי־ווערפּול. איין מאָל איז ראָבערט געקומען אויף זיין פאָטער׳ס שיף און איז אַרויפגעקלעטערט אזוי הויך אויף א זעגעל בוים, אז א מאַטראָז האָט געמוזט נאָכקלעטערן און איהם אַראָפּנעהמען.

— דאָס איז ריכטיג! האָט ראָבערט אויסגערופען. איך געדענק עס. איך בין אַרויפגעקלעטערט אזוי הויך, אז איך האָב ניט געקענט אַראָפּגעהן. איך האָב אָנגעהויבען צו שרייען און א מאַטראָז האָט מיך אַראָפּגענומען.

איירטאַן האָט דערצעהלט נאָך אייניגע זאַכען, וואָס האָבען זיך גע־טראָפען אויף דער „בריטאַניא“, פון וועלכע קיינער האָט ניט געוואוסט, אוי־סער ראָבערט און מערי גראַנט. אַלע זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אז וואָס איירטאַן זאָגט, איז די ריינע וואַרהייט.

— וואָס איז געשעהן מיט אייך, ווען דאָס מעער האָט אייך אַרויסגע־וואָרפען אויפ׳ן ברעג? האָט דער פּראָפעסאָר געפרעגט.

—דאָס מעער האָט מיך אַרויסגעוואָרפען אויפ׳ן ברעג מיט אזאַ קראַפט, אז איך בין געפאַלען אין אָנמאַכט, האָט איירטאַן דערצעהלט. ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגען אויפ׳ן ברעג ווייס איך ניט, ווען איך בין געקומען צו זיך און האָב

געפעפענט דיא אויגען, האב איך דערזעהן, אז ארום מיר שטעהן ווילדע מענשען. זיי האבען מיך אוועקגעשלעפט ווייט אין וואלד אין זייערען א דארף. דארט האבען זיי מיך געהאלטען געפאנגען און האבען מיך געצוואונגען צו טהאן דיא שווערסטע ארבייטען. צוויא לאנגע שווערע, ביטערע יאהר האב איך ביי זיי צוגעבראכט. יעדער מינוט האב איך געזוכט א געלעגענהייט צו אנטלויפען. ענדליך איז עס מיר געלונגען. דיא ווילדע מענשען זיינען אנגעפאלען אויף א פארטיע רייזענדע ענגלענדער און האבען זיי בערויבט. צווישען דיא גערויבטע זאכען איז געווען א פעסעל ראם. זיי האבען זיך אלע אנגע־שיכורט און האבען מיך ניט גוט פערשפארט אין מיין קעמעריל. איך האב אויסגע־בראכען דיא טהיר און בין אנטלאפען געווארען. איך האב ארומגעבלאנזעט אין דיא וועלדער, האב געגעסען גראז און ווארצלען פון פערשיעדענע פלאנצען. איך בין געגאנ־גען איבער פעלדער, וועלדער, בערג, טאהלען און וואסערן, ביז איך בין ענדליך געקר מען אויף דער פארם פון גוטען און עדעלען מעק מור, וועלכער האט מיך אויפגענומען אלס ארבייטער.

דער מאיאר האט אויסגעהערט זיין ערצעהלונג זעהר אויפמערקזאם. ווען ער האט געענדיגט, האט ער איהם פלוצלונג א פרעג געטהאן:

— איהר זייט געווען דער שטייערמאן פון דער „בריטאניא“, —

— געוויס! האט אייערטאן געענטפערט.

דער טאן פון׳ם מאיארס שטימע איז איהם ניט געפעלען. ער האט פערשטאנען, אז דער מאיאר גלויבט איהם עפעס ניט.

— איך האב מיינע פאפירען מיט מיר, האט ער געזאגט. איך פלעג זיי שטענ־דיג ארומטראגען ביי זיך און האב זיי נאך יעצט. איהר וועט זיך באלד איבערציינען, אז איך בין געווען דער שטייערמאן אויף דער „בריטאניא“.

ער האט ניט געווארט אויף קיין ענטפער און איז ארויסגעגאנגען ברענגען זיינע פאפירען.

— איך קען זאגען, אז ער איז אן עהרליכער מענש, האט זיך אפגערופען דער פארמער. ער ארבייט ביי מיר זייט צוויי מאנאטע און איך בין מיט איהם זעהר צופרי־עדען. ער איז עהרליך, פלייסיג און מען מעג זיך אויף איהם פערלאזען.

באלד איז אייערטאן אריינגעקומען און האט געוויזען א קאנטראקט, וועלכען קאפיטאן גראנט האט מיט איהם געמאכט אין ליווערפול. מערי האט דערקענט איהר פאטערס האנדשריפט. יעצט זיינען שוין אלע געווען פעסט איבערצייגט, אז א גליקלי־כער צופאל האט זיי צונויפגעפיהרט מיט דיעזען מענשען, וועלכער וועט זיי געווים פארהעלפען צו דערגרייכען זייער צוועק — צוגעפינען קאפיטאן גראנט.

— יעצט, מיינע פריינד, האט לארד גלענארוואן געזאגט, דארפען מיר זיך בע־ראטהען, וואס מיר זאלען ווייטער טהאן, איך בעט אייך אייערטאן, איהר זאלט ביי־וואינען אונזערע בעראטהונג און זאלט אונז זאגען אייער מיינונג, וועלכע איז יעצט פאר אונז זעהר וויכטיג.

— איך דאנק אייך זעהר פאר אייער צוטרויען, האט אייערטאן געענטפערט. איך בין ווירקליך בעקאנט מיט דיעזע געגענד און קען מיך צונויפרעדען מיט דיא ווילדע

מענשען. ווען איך וועל נור קענען אייך ניצליך זיין, וועל איך עס טהאָן מיטן גרעסטען פערגניגען.

— נעווים, קענט איהר אונז ניצליך זיין, האט לארד גלענארוואן נעזאגט, — יעצט איז דיא פראגע: וואו זאל זיך יעצט געפינען קאפיטאן גראנט? — וואס איז אייער מיינונג, אייערטאן?

— אזוי וויא דיא בריעף זאגען דייטליך, אז דער קאפיטאן האט זיך גערעטעט, האט אייערטאן געענטפער, מוזען מיר אננעהמען, אז מיט איהם האט זיך געטראָפען דאס זעלבע, וואס עס האט זיך מיט מיר געטראָפען: ער איז אריינגעפאלען צו דיא ווילדע אין דיא הענד און זיי האלטען איהם געפאנגען, אזוי וויא זיי האבען מיך גע־האלטען געפאנגען.

— אזוי וויא איך האב דערקלערט דיא בריעף! האט אויסגערופען דער פראָ־פעסאָר. יעצט פערשטעהע איך. ווען דיא ווילדע האבען איהם געפאנגען, איז ער געווען אויפ'ן 37טען גראד. דיא פראגע איז נור, וואו קען ער זיין יעצט?

— דאס איז ניט אזוי לייכט צו זאגען, האט אייערטאן געענטפערט. דיא ווילדע אין אויסטראליען ציעהען זיך אלע מאל צוריק אלעס ווייטער און טיעפער אין לאנד. וויא ווייט דיא ענגלישע מאכט גרייכט, זיינען קיין ווילדע ניטאָ.

— אונזער אויפגאבע ווערט מיט יעדער מינוט שווערער, האט לארד גלענאר־וואן נעזאגט טרויעריג. וויא אזוי קען מען אפזוכען א מענשען אין א געגענד, וואו קיינער איז נאך ניט געווען? וואו קענען מיר איהם יעצט זוכען?

קיינער האט ניט געענטפערט, קיינער האט אויף דיעזע פראגע ניט געקענט ענטפערן. אלע האבען געשוויעגען.

— וואס איז אייער מיינונג, אייערטאן? האט ליידי העלענא געפרעגט. וואס וואלט איהר געטהאָן אין אזא פאל?

— איך וואלט מיך אויפגעזעצט אויף מיין שיף, האט אייערטאן געענטפערט און וואָלט געפאָהרען אין דעם ארט, וואו דיא „בריטאניא“ איז אונטערגעגאנגען. דארט וואלט איך געזעהן, וואס איך האב ווייטער צו טהאָן. איך קען יעצט ניט זאגען, אויב יענע געגענד איז שוין יעצט בעוואינט. ווען זי איז נאך ניט בעוואינט, געפינען זיך דארט נאך ווילדע מענשען, ביי וועלכע מען קען געוואהר ווערן, וואו עס געפינען זיך געפאנגענע ווייסע מענשען.

— מיר קענען אבער ניט פאהרען אויפ'ן „דונקאַן“, האט לארד גלענארוואן גע־זאגט, ווייל ער איז בעשעדיגט און מען מוז איהם אויסבעסערן.

— אזוי? אייער שיף איז בעשעדיגט? האט אייערטאן געפרעגט האסטיג. איז זיא שטארק בעשעדיגט?

— ניט אזוי שטארק, האט קאפיטאן פאררא‌גוט געענטפערט, מען מוז זיא אבער אויסבעסערן. דיא שרויבע איז פערדרעהט און דיא זעגעלביימער זיינען בעשע־דיגט. אלענפאלס מוז מען זיא אוועקפיהרען קיין מעלבורן אויף א דאָק, מען זאָל זיא דארט רעפארירען.

— אלזא, מוז דיא שיף געהן קיין מעלבורן און איהר מוזט געהן צו פוס אדער

פאהרען אויף פערד ביז דער בוכטע טופאלד, וועלכע געפינט זיך אויפ'ן 37טען גראד און וואו די „בריטאַניא" איז אונטערגעגאנגען, האט דער פראָפעסאָר געזאָגט. מיר זיינען דורכגעפאהרען גאנץ זיד אמעריקא אויף פערד און מיר וועלען יעצט דורכפאהרען אויסטראַליען.

— אָבער די שיף? האָט אייערטאָן ווידער געפרעגט און זיינע אויגען האָבען אָנגעהויבען צו פינקלען.

אַלע זיינען געווען אזוי בעשעפטיגט מיט זייערע געדאנקען, אז קיינער האט ניט בעמערקט, אז אייערטאן אינטערעסירט זיך עפּעס צופיעל מיט דער שיף.

— די שיף קען קומען צו אונז, אָדער מיר וועלען קומען צו דער שיף. האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט. מיר וועלען עס מאַכען אזוי, ווי מיר האָבען געטהאָן אין זיד אמעריקא: מיר וועלען אָפּרעדען מיט'ן קאַפּיטאַן, וואו ער זאָל אויף אונז ווארטען. וועלען מיר געפינען קאַפּיטאַן גראַנט שנעל, וועלען מיר קומען צו איהם קיין מעלבורן, וועלען מיר ניט קומען קיין מעלבורן, לאָמיר זאָגען, אין אַ מאָנאַט, אָדער אין זעקס וואָכען, זאָל דער קאַפּיטאַן פאהרען מיט דער שיף אין דעם און דעם פּאָרט און זאָל אויף אונז ווארטען.

— דער פּראָפעסאָר האָט רעכט, האָט דער מאַיאָר געזאָגט. די פראַגע איז נור, אויב עס איז לייכט צו פאהרען אין אויסטראַליען אזוי, ווי אויף די פּאַמפּאַס פון זיד אמעריקא?

— אין אויסטראַליען איז אזוי לייכט צו פאהרען, האט אייערטאָן געזאָגט, אז זָגאַר פרויען קענען מאַכען אַ ווייטע רייזע. מען שפּאַנט איין פינף פּאָאַר אָקסען אין אַ גרויסען אויסטראַלישען וואָגען און מען פאהרט גאנץ רוהיג און זיכער.

ליידי העלענא און מערי גראַנט זיינען געוואָרען אויפמערקזאַם. אַלזאָ, קענען זיי אויך מיטפאהרען? דאָס איז זיי געווען זעהר אַנגענעהם. זיי האָבען זיך דערמאָנט, וואָס זיי האָבען אויסגעליטען, ווען די שיף איז געשטאַנען אין פּאָרט אַנטאַניאָ און זיי האָבען אויסגעקוקט מיט טויזענד אויגען אויף די רייזענדע.

— אייערטאָן! האָט ליידי העלענא אויסגערופען, זייט איהר זיכער, אז פרויען קענען פאהרען איבער אויסטראַליען?

— געוויס, ליידי, בין איך זיכער. מיר האָבען צו מאַכען אַ רייזע פון פיער הונדערט מייל. ווען מיר זאָלען מאַכען זאָגאַר נור צוואַנציג מייל אַ טאָג, קענען מיר מאַכען די גאנצע רייזע אין 20—25 טאָג. דאָס איז זעהר לייכט און זעהר בעקוועם.

— זיינען אין אויסטראַליען ניטאָ קיין ווילדע טהיערע? האָט ליידי העלענע געפרעגט.

— ניין, ליידי, אין אויסטראַליען זיינען קיינע ווילדע טהיערע ניטאָ.

— אָבער די ווילדע מענשען? האָט זי ווייטער געפרעגט.

— ווען מען איז בעוואפענט, האָט מען ניט וואָס מורא צו האָבען פאר די ווילדע מענשען. זיי ציטערן פאר אַ ביקס און פאַלען אָן נור אויף מענשען, וועלכע האָבען מיט זיך קיין געוועהר.

— מען זאָגט אָבער, אַז אין די ווילדע געגענדען פון אויסטראַליען געפי־

נען זיך אָפּט אַנטלאָפענע שטרעפלינגע (קאַטאָרזשניקעס), וועלכע זיינען פיעל געפעהרליכער אַלס די ווילדע מענשען.

— אין זידען אויסטראַליען געפינען זיך קיינע אַנטלאָפענע שטרעפלינגע, האָט אייערטאָן געענטפּערט. אהער שיקט מען קיין שטרעפלינגע און זיי קו־מען אהער קיין מאָל ניט.

— אַלזאָ, מיין איך, אַז מיר מוזען זיך פאַרבערייטען צו דער רייזע, האָט לאָרד גלענאַרוואַן געזאָגט.

— און איך פאָהר מיט דיר? עדוואַרד! האָט ליידי העלענא געפרעגט.

## 8טעס קאַפּיטעל.

## פאַרבערייטונגען צו דער רייזע.

לאָרד גלענאַרוואַן האָט באַלד געהייסען מאַכען אַלע פאַרבערייטונגען צו דער רייזע. אַזוי ווי אייערטאָן איז אַ וויכטיגע פּערזאָן, וועלכער קען זיי זעהר פיעל נוצען ברענגען אויף דער רייזע, האָט לאָרד גלענאַרוואַן געפרעגט דעם ווירטה, אויב ער וועט זיי אַפּלאָזען זיין אַרבייטער. דער אירלענדער האָט געענטפּערט, אַז עס טהוט איהם צוואַר זעהר לייד זיך צו שיידען מיט אַזאַ גוטען און פלייסיגען אַרבייטער, ווי אייערטאָן, אַזוי ווי אָבער מען פאָהרט בעפרייען אַ געפאַנגענעם ענגלענדער, איז ער בערייט צו טאָן אַלעס מעגליכע.

— אַלזאָ, אייערטאָן, ווילט איהר מיט אונז פאָהרען און דיענען אונז אַלס וועגווייזער? האָט איהם לאָרד גלענאַרוואַן געפרעגט.

אייערטאָן האָט ניט באַלד געענטפּערט. ער האָט זיך איבערלעגט אייניגע מינוטען. ענדליך, האָט ער געענטפערט.

— יאַ, איך געה מיט אייך. איך קען אייך ניט פערשפּרעכען, אַז איך וועל געפינען מיין קאַפּיטאַן, איך וועל אייך אָבער פיהרען צו דעם אָרט, וואו די „בריטאַניאַ" איז אונטערגעגאַנגען און וואו דאָס מעער האָט מיך אַרויסגעוואָרפען.

— דאָס דאַרפען מיר.

— איך האָב צו אייך אַ פראַגע מילאָרד, האָט אייערטאָן פּלוצלונג געזאָגט.

— פרעגט, איך וועל אייך געוויס ענטפערן.

— וואו וועט זיך געפינען אייער שיף?

— דערווייל וועט דער „דונקען" בלייבען אין מעלבורן, ביז איך וועל איהם שיקען אַ בעפעהל, וואוהין ער זאָל צוקומען.

— נו, און דער קאַפּיטאַן פון אייער שיף? וואו וועט ער זיך געפינען?

— ער וועט בלייבען אין מעלבורן מיט'ן „דונקאַן".

— אַלזאָ, געה איך מיט אייך, האָט אייערטאָן געענטפערט, און וועל טהאָן אַלעס מעגליכע אום אייך ניצליך צו זיין.

אַלע זיינען געוועזען העכסט צופריעדען וואָס אייערטאָן געהט מיט זיי. לאָרד גלענאַרוואַן האָט איהם באַלד געהייסען קויפען אַלעסס, וואָס ער וועט געפינען נייטיג פאַר די רייזע און אַלעס פאַרבערייטען אויף די רייזע. ער איז נאָך מיט אויסטראַליען ניט בעקאַנט און פערלאָזט זיך אין גאַנצען אויף איהם.

יעצט האבען זיך אלע אומגעקעהרט אויפ'ן שיף. זיי האבען געוואלט מיטנעהמען פיעלע זאכען פון דער שיף און לארד גלענארוואן האט נעהאט פיעלעס צו אר דער נען און צו בעזארגען. אויפ'ן וועג האט קאפיטאן פארראגוט זיך צו איהם געווענדעט און איהם געזאגט:

— מילארד, איך וויל אויך געהן מיט אייך. איך קען אייך זיין זעהר ניצליך אויפ'ן וועג.

לארד גלענארוואן האט אנפאנגס ניט געוואלט איבערלאזען זיין שיף אהן א קאפיטאן. פארראגוט אבער האט אזוי לאנג גערעדט און אזוי פיעל געבעטען, אז לארד גלענארוואן האט געמוזט נאכגעבען.

— אויף וועמען וועט איהר איבערלאזען דעם „דונקאן"? האט ער געפרעגט.

— טאם אוינוסטין איז א גוטער מאטראז. מען קען זיך אויף איהם פערלאזען.

עס איז געבליעבען, אז טאם אוינוסטין זאל פיהרען דעם „דונקאן" קיין מעלבורן, מען זאל איהם דארט רעפארירען און קאפיטאן פארראגוט זאל פאהרען מיט זיי.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האבען דיא מאטראזען ארויסגעטראגען פון'ם „דונקאן" אלע זאכען, וועלכע לארד גלענארוואן האט געוואלט מיטנעהמען, און האבען זיי געבראכט אין מעק מור'ס הויז. דער פארמער און זיין פאמיליע האבען ווידער עמפפאנגען אונזערע רייזענדע גאסטפריינדליך און האבען זיך געגעבען אלע מיה, אז אלעס זאל באלד פערטיג ווערן צו דער רייזע.

עס איז געבליעבען, אז דיא דאמען זאלען פאהרען אין א וואגען איינגעשפאנט מיט אקסען און דיא מענער זאלען פאהרען אויף פערד. אלעס האט מען געקויפט ביים פארמער. לארד גלענארוואן האט זיך גערעכענט פאר זיין פפליכט, ער זאל איינלאדען דעם פארמער און אייערטאן צו זיך אויפ'ן שיף און זאל זיי דארט אויפנעהמען אויף אייראפעאישען ארט. דער איינפאכער אירלענדער, וועלכער האט שטענדיג געלעבט אין עלענד און נויט, איז געווען איבערראשט, ווען ער האט דערזעהן, וויא שעהן און וויא רייך דער „דונקאן" איז געווען איינגעריכטעט. לארד גלענארוואן האט איהם מיט זיין פאמיליע אויסגעפיהרט אין אלע קאיוטען און האט איהם אלעס אויסגעוויעזען. אייערטאן איז אויך געגאנגען אומעדום. ער האט אבער געקוקט נור אויף דיא זעגעל-בוימער, דיא זעגעל און דיא שטריק-לייטער.

— איהר האט א שעהנעם שיף, האט ער געזאגט. איז זיא שטארק אויך?

— אהז מיין „דונקאן" איז א פארטרעפליכעס שיף, האט געזאגט לארד גלענארוואן. איך קען מיט איהר שטאלץ זיין.

— איהר מעגט מיט אזא שיף שטאלץ זיין, האט אייערטאן געזאגט. אויף אזא שיף דארף זיין א פערגניגען צו זיין א מאטראז.

— איהר קענט אייך פערשאפען דיעזעס פערגניגען, אייערטאן, איהר קענט אריינטרעטען צו מיר אויפ'ן שיף אלס מאטראז. איך נעהם אייך אויף פון היינט אן, איהר בעקומט פון היינט אן אייער געהאלט אלס מאטראז.

— איך וועל מיך איבערלעגען, מילארד. ווען מיר וועלען צוריק קומען פון אונזער רייזע, וועל איך געוויס אריינטרעטען צו אייך.

אלבינעט האט געמעלדעט, אז דער מיטאג איז פערטיג, לארד גלענארוואן האט איינגעלאדען זיינע געסט צום מיטאג.

— וויא געפעלט אייך דיעזער אייערטאן? האט דער פראפעסאר געפרעגט דעם מאיאר ריטשארדסאן.

— ער איז צו קלוג, האט דער מאיאר געענטפערט קורץ.

ביים מיטאג האט אייערטאן זיך צורעדט איבער אויסטראליען און האט פלוצלונג א פרעג געטהאן לארד גלענארוואן: וויא פיעל מאטראזען ער וויל מיט זיך מיטנעהמען. לארד גלענארוואן האט איהם געענטפערט, אז ער וויל מיטנעהמען נור צוויי מאטראזען.

— דאס איז ווענינ, האט אייערטאן געזאגט. איהר דארפט מיטנעהמען מעהר מענשען מיט זיך.

— אלזא, דענקט איהר, אז דיא רייזע איז ניט גאנץ זיכער?

— ניין, מילארד. דיא רייזע איז זיכער. איך ראטה אייך נור מיטצונעהמען מעהר מענשען, וויל אויף אזא רייזע איז פרעהליכער, ווען עס זיינען דא מעהר מענשען.

— איך קען ניט מיטנעהמען מעהר אלס צוויי מאטראזען. זיי מוזען בלייבען אויפ'ן שיף, זיא פיהרען קיין מעלבורן און זעהן זיא דארט רעפארירען.

אייערטאן האט געשוויעגען. ער האט איינגעזעהן, אז לארד גלענארוואן האט רעכט.

עס איז געווארען שפעט. מען האט נאך גערעדט פון דיא פארבערייטונגען צו דער רייזע און מען האט אפגערעדט, אז מארגען גאנץ פריה זאל מען ארויספאהרען. עס איז געווארען אבענד. אלע האבען זיך צולעגט שלאפען. נור דער פראפעסאר איז ניט געשלאפען. ער האט אנגעגרייט און צורעכטגעמאכט זיינע אינסטרומענטען און זיין טעלעסקאפ.

גאנץ פריה איז מען אויפגעשטאנען, אלע זיינען געווען פערטיג צו דער רייזע. אלע זיינען געווען בערייט. דער פראפעסאר האט בעטראכט דעם אויסטראלישען וואגען. דאס איז געווען א גרויסער קאסטען אויף צוויי גרויסע און שווערע רעדער. דיא רעדער זיינען אויך געווען ניט, וויא ערגעץ אנדערש, זיי זיינען געווען פון איין שטיק האלץ. א רונדער שטיק פון א קלאץ אפגעזעגט, אין דער מיט אויסגעהאקט א לאך פארן אקס.

— בראווא אויסטראליא! האט ער אויסגערופען. דאס הייסט א וואגען! ניין, דאס איז ניט קיין וואגען, דאס איז א מאשין צום פאהרען. דיא מאדע האט אויסגעטראכט דער עלטער זיידע נח. ער האט נאך דיעזע מאדע געמאכט זיין תיבה. דאס איז דאך א גאנץ הויז.

— הערר פראפעסאר, האט ליידי העלענא געלאכט, איך וועל האבען דאס פערגניגען אייך צו עמפפאנגען אין מיין זאל.

— האט איהר שוין בעשטימט, אין וועלכען טאג איהר וועט אויפנעהמען געסט?

— מיינע פריינד נעהם איך אויף צו יעדער צייט.

אין דיעזער מינוט האט אייערטאן געגעבען א צייכען, מען זאל זיך אויפזעצען

די מענער האָבען זיך אויפגעזעצט אויף זייערע פערד. די דאמען האָבען זיך אריינגעזעצט אין קאסטען. אייערטאן איז געווען דער אָנטרייבער.

מען איז אוועקגעפאָהרען.

## 9טעס קאפּיטעל.

## דאָס לאַנד פון וואונדער.

אויסטראַליען איז ווירקליך א וואונדער לאַנד. דאָס ערשטע וואָס איבערראַשט דעם פרעמדען, איז דאָס קלימאט. ווען ביי אונז איז ווינטער, איז אין אויסטראַליען זומער. איינער קומט צו פאָהרען אין דעצעמבער אָדער אין יאַנואַר. ער ווייס, אז ביי איהם אין דער היים איז אין קריסמאָס אָדער נייע יאָהר געוועהנליך קאַלט. שנעע בעדעקען די גאסען און דער פראָסט מאָהלט אויס אויף'ן פענסטער זיינע אייז בלומען. ווי איבערראַשט ווערט ער, ווען ער הערט, אז קריסמאס איז געווען א שרעקליך הייסער טאָג און אין ניי יאָהר איז די היץ געווען אַזוי שטאַרק, אז אייז איז טהייער געוואָרען.

פאַרקעהרט, ווען איינער קומט אין יוני אָדער יולי און האָפט צו טרעפען בליהענדע פעלדער און גרינע וועלדער, ווערט ער ערשטוינט צו געפינען א נאַקעטע ערד און אין אייניגע ערטער שנעע און אייז.

ווען מען וואוינט שוין א לענגערע צייט אין אויסטראַליען, ווערט מען געוואוינט צום קלימאט, אין דער ערשטער צייט אָבער איז דאָס זעהר איבערראַשענד. אָבער ניט נור דאָס קלימאט אליין, די גאַנצע נאַטור: די בוימער, די גראָזען, די בלומען, די פייגעל און די טהיערע זיינען אין אויסטראַליען גאַנץ אַנדערש, ווי אין אַנדערע לענדער — איך וויל דאָ אָנווייזען נור אויף איין זאַך. אין דער גאַנצער וועלט זיינען ערד קוילען, אָדער שטיין קוילען שוואַרץ, אין אויסטראַליען זיינען די ערד קוילען ווייס, ווי קרייד. ווי געלערנט דער פרעמדער זאָל ניט זיין, מוז עס איהם דאָך איבערראַשען, ווען ער זעהט צום ערשטען מאָל ווייסע קוילען.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, אז דעם ערשטען טאָג פון זייער רייזע האָט דער פּראָפעסאָר ניט אויפגעהערט צו רעדען און צו דערצעהלען איבער אויסטראַליען. איהם האָט אינטערעסירט יעדעס גרעזעלע, יעדעס ביימעלע, יעדעס פייגעלע, יעדעס ווערימעל. זעהר אָפט האָט ער אוועקגעוואָרפען די פּאַרטיע און איז זיך אוועקגעריטען אין וואַלד זוכען עפּעס א נייעס. צום גליק, זיינען די אויסטראַלישע וועלדער ניט אזוי געדיכט, ווי די אמעריקאַנישע. די וועלדער אין אויסטראַליען בעשטעהן מייסטען טהייל פון אייקליפּטוס בוימער **Eucalyptus globul** דאָס איז א גאַנץ הויכער און גלאַטער בוים, ביי וועלכען די צווייגען הויבען זיך אָן גאַנץ הויך. זיינע בלעטער זיינען לאַנגע, ווי שווערדען, און שטעהען ניט אין דעם ברייט, זאָנדערן מיט א זייט. זיי פאַרשטעלען ניט די זונן, מאַכען ניט קיין שאָטען, ווי בלעטער פון אַנדערע בוימער. אין אַן אויסטראַלישען וואַלד קען מען דורכקוקען אויף א גאַנץ גרויסע שטרעקע. ווען לאָרד גלענאַרוואַן פלעגט דערזעהן, אז דער פּראָפעסאָר זוימט זיך, פלעגט ער איהם שיקען זוכען.

דעם ערשטען טאָג האָט ניט בעזאָנדערס פּאַסירט. אום דריי אוהר זיי-

נען זיי געקומען אין אַן אָרט, וואו עס זיינען געווען זעהר פיעל מאַסיקטאָס (קאַמארעס) וועלכע האָבען זעהר שטאַרק געפּלאָגט מענשען און טהיערע. דער פּראָפעסאָר האָט ארויסגענומען אַ פלאַש אַמאָניאַ און האָט געהייסען בע־שמירען די ערטער, וואו די מאַסקיטאָס האָבען געביסען. דאדורך איז דער ווייטאָג און דאָס ברענען באַלד פערשוואונדען געוואָרען.

— אויסער די מאַסקיטאָס, זעה איך נאָך ניט די וואונדער פון אויסטראַ־ליען, האָט דער מאַיאָר געזאָגט.

— וואַרט אַביסעל, מיין ליעבער מאַיאָר, האָט איהם דער פּראָפעסאָר געענטפערט. איהר וועט נאָך זעהן, וואָס פאַר אַ וואונדערלאַנד דאָס איז.

געגען אַבענד זיינען זיי אָנגעקומען צו אַ סטיישאָן, (אַ סטאַציאָן) און זיי האָבען בעשלאָסען דאָרט צו נעכטיגען.

אַ סטאַציאָן, אָדער אַ סטיישאָן אין אויסטראַליען הייסט אַן אָרט, וואו עס האָט זיך בעזעצט אַזאַ קאָלאָניכט, וועלכער בעשעפטיגט זיך נור מיט פיהצוכט (רועה צאן ובקר) אַזאַ קאָלאָניסט האָט זעהר אָפט עטליכע טויזענד שטיק קיה, אָקסען און שאָף. ער מאַכט קעז און פוטער, שלאַכטעט די בהמות און מאַכט פון זיי שמאַלץ. איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין יאָהר פיהרט ער אַוועק זיינע פּראָדוקטען אין שטאָדט אריין פערקויפען און זיך איינקויפען די נייטיגע זאַכען, וואָס ער בעדאַרף אין זיין סטיישאָן.

אַ מערקווירדיגע זיטע (מנהג) איז איינגעפיהרט אויף די סטיישאָנס אין אויסטראַליען. דער טיש שטעהט אַ גאַנצען טאָג געדעקט און עס שטעהט אויפ'ן טיש מילך, קעז, בוטער, פלייש און אמאָל ברויט אויך. יעדער פרעמדער איז ווילקאָמען. ער קומט אריין און זעצט זיך צום טיש עסען. קומט אריין דער ווירטה און דערזעהט דעם פרעמדען, דערלאַנגט ער איהם נאָך דאָס שעהנכטע און דאָס בעסטע, וואָס ער האָט. קומט ער ניט אריין, עסט דער פרעמדער, ווי פיעל ער וויל און לאָזט איבער אַ צייכען, אַז ער איז דאָ געווען. אַ גרינע צווייג, אַ בלום, אָדער אַ פרוכט דיענט אַלס צייכען, אַז אַ פרעמדער איז דאָ געוועזן, האָט געגעסען און דאַנקט דעם ווירטה פאַר זיין גאַסט־פריינדשאַפט.

אונזערע רייזענדע זיינען געקומען פאַר נאַכט, ווען דער ווירטה, זיין פאַמיליע און זיינע ארבייטער זיינען אַלע געווען אין דער היים. מען האָט זיי אויפגענומען זעהר פריינדליך. מען האָט זיך געזעצט צום טיש און מען האָט געגעסען מיט אַפּעטיט, וואָס דער ווירטה האָט אויפגעגעבען.

— אין וואָס פאַר אַ טהייל פון אויסטראַליען זיינען מיר יעצט? האָט לאָרד גלענאַרוואַן געפרעגט דעם פּראָפעסאָר.

— גאַנץ אויסטראַליען איז איינגעטהיילט אין זעקס גרויסע לענדער אָדער פּראָווינצען, האָט דער פּראָפעסאָר ערקלעהרט: ניו סאַוטה וועלז מיט דער הויפּט שטאָדט ס י ד נ י י; קווינסלאַנד מיט דער הויפּט שטאָדט ב ר י ז ב י י ן; וויקטאָריאַ מיט דער הויפּט שטאָדט מ ע ל ב ו ר ן; סאַוטה אויסטראַליאַ מיט דער הויפּט שטאָדט א ד ע ל אַ י ד אַ; וועסט אויסטראַליאַ מיט דער הויפּט שטאָט פּערטה און נאָט אויסטראַליאַ, וועלכע האָט נאָך קיין הויפּט שטאָדט ניט, ווייל זי איז נאָך אַזוי ווענינ בעפעלקערט

בעפעלקערט, אז עס איז נאך ניטא ניט איין שטאדט, וועלכע מען זאל קענען רופען דיא הויפט שטאדט.

פערגעסט ניט, אז דיעזע אלע זעקס לענדער ליעגען ביים מעער. אין דער מיט אויסטראליען ליעגט נאך א גרויס שטיק לאנד, א גאנצע וועלט, וועלכעס איז נאך וועניג בעקאנט, וועניג אויסגעפארשט און נאך גאנץ אונבעוואינט.

מיר געפינען זיך יעצט אין לאנד וויקטאריא, האט דער פראפעסאר געענדיגט זיין רעדע. ריכטיגער געזאגט, מיר זיינען נור וואס ארויסגעקומען פון לאנד וויקטאריא.

— מיר שיינט, אז וויקטאריא איז ערשט ניט לאנג בעזעצט געווארען, האט ליידי העלענא געזאגט.

— נעווים! האט אויסגערופען דער פראפעסאר. דיענסטאג דעם 7טען יוני 1835 —

— א פערטעל נאך זיעבען אין דער פריה, האט געלאכט דער מאיאר.

ער פלעגט שטענדיג לאכען דערפון, וואס דער פראפעסאר האט ליעב געהאט צו דערצעהלען אלעס אזוי פונקטליך: אין וואס פאר א יאהר און אין וואס פאר א טאג עס האט געטראפען.

— ניט גאנץ ריכטיג, מאיאר! האט דער פראפעסאר אויסגערופען. עס איז געווען צעהן אוהר אין דער פריה, ווען צוויי מענשען, מיטן נאמען באטמאן און פאלקנער, האבען אנגעהויבען צו בויען א שטאדט לעבען מעער, וועלכע זייא האבען א נאמען געגעבען פארט פיליפ. שפעטער האט מען זיא א נאמען געגעבען מעלבורן און ויא איז געווארען דיא הויפט־שטאדט פון א גאנצע פראווינץ, וועלכע אין 1851 האט מען א נאמען געגעבען וויקטאריא.

— אזוי שנעל איז זיא געוואקסען? האט ליידי העלענא געפרעגט. אין דרייסיג יאהר איז זיא געווארען דיא גרעסטע שטאדט אין גאנץ אויסטראליען?

— זעהט איהר, מילײדי, וויא שטעדט וואקסען, מענשען ווערן רייך און לעבען גליקליך, ווען מען לאזט זיי נור צורוה; ווען מען לערנט זיי ניט, מוסטערט זיי ניט, וויזט זיי ניט און פיהרט זיי ניט. אין 1835 האבען צוויי מענשען אנגעהויבען צו בויען דיא שטאדט, אין 1836 האט דיא שטאדט שוין געהאט צוויי הונדערט פיער און פער־ציג איינוואינער. היינט, אין 1864 האט מעלבורן מעהר אלס הונדערט פופציג טויזענד איינוואינער. אין דעם גאנצען לאנד וויקטאריא געפינט זיך יעצט מעהר אלס א האלבע מיליאן איינוואינער.

אין 1835 איז אין דעם גאנצען לאנד ניט געווען ניט איין וויינשטאק, היינט גע־פינט זיך אין וויקטאריא 7 מיליאן וויינשטעקע, וועלכע גיעבען ארויס יעהרליך 121 טויזענד גאלאן וויין. 103 טויזענד פערד און מעהר אלס 75 טויזענד קיה און אקסען פאַשען זיך אויף דיא פרייע פעלדער.

— און וויא פיעל שווינע זיינען דא אין וויקטאריא? האט געפרעגט דער מאיאר.

— 79 טויזענד 625, האט דער פראפעסאר געענטפערט.

— און וויא פיעל שעפסען געפינען זיך אין וויקטאריא?

— 7 מיליאן, 115 טויזענד 943, האט דער פראפעסאר געלעזען וויא פון א בוך.

— האט איהר נערעכענט דעם שעפּס, וועלכען מיר עסען יעצט? האט דער מאַיאָר נעפרענט

איהם האט פערדראסען, וואס דער פּראָפעסאָר ווייס אזוי גענוי דיא צאהל פון יעדער זאך.

— דעם שעפּס האָב איך נים נעקענט רעכענען, ווייל איהר האט שוין מעהרער וויא העלפט אויפגעפרעסען, האט דער פּראָפעסאָר געענטפערט בייז.

— בראַווא, פּראָפעסאָר פּאַגאַנעל! האט ליידי העלענא אויסגערופען מיט א געלעכטער. ווייזט איהם, דעם אלטען סאָלדאט, אז איהר קענט בעסער פון איהם געאָגראַפיע. לאז ער וויסען, וויא אזוי צו קריגען זיך מיט א פּראָפעסאָר. ווען ער גלויבט אייך נים, זאָל ער געהן און צעהלען.

— דאָס איז מיין פּראָפעסיאָן, האט דער פּראָפעסאָר געזאָגט ערנסט. דארויף האב איך שטודירט. דארויף האב איך געלערנט. איך מוז וויסען אלע ציפערן און דיא צאָהל פון יעדע זאך. — איך זאג אייך נאך א מאָל. מיר וועלען האבען אן אנגענעהמע רייזע און וועלען זעהן פיעלע וואונדער זאכען.

— מיר זיינען שוין אין אויסטראַליען דעם פיערטען טאג און איך האב נאך איין וואונדער נים געזעהן, האט זיך דער מאַיאָר נערייצט מיט׳ן פּראָפעסאָר.

— וואַרט, אונגעדולדינער מענש! האט זיך דער פּראָפעסאָר נעבייזערט. מיר האָבען דאָך ערשט ארויפגעטרעטען מיט א פוס אין אויסטראַליען. מיר זיינען ערשט ביים ברעג פון אויסטראַליען, ביים גרענעץ פון אויסטראַליען. מיר וועלען זיך נאך אָנ־זעהן אזוי פיעל וואונדער, אז איהר וועט נים וויסען, וועלכעס איז גרעסער.

— איהר האט אונז שוין דערצעהלט פון איינינע וואונדער, האט ליידי העלענא געזאגט. וועלכעס איז, נאך אייער מיינונג, דאס גרעסטע וואונדער פון אויסטראַליען?

— דאס גרעסטע וואונדער פון אויסטראַליען, איז אויסטראַליען אליין, האט דער פּראָפעסאָר געענטפערט.

— וואס מיינט איהר דערמיט? איך פערשטעה אייך נים.

— איך פערשטעה עס אליין אויך נים, האט דער פּראָפעסאָר געענטפערט. אין אויסטראַליען זיינען קיין מאָל נים געווען קיין ווילדע טהיערע. דער מענש אין אויסטראַליען ווערט גוט און פריינדליך. דיא גרעסטע פערברעכער, ווען זיי קומען קיין אויסטראַליען, ווערן זיי בעסער, שטילער און פריינדליכער.

ליידי העלענא האט איהם אנגעקוקט מיט בעוואונדערונג. זיא האט עס געהערט צום ערשטען מאָל, אז אין אויסטראַליען געשעהן אזעלכע וואונדער.

— וויא קענט איהר עס ערקלערן, פּראָפעסאָר?

— איך קען עס ליידער נים ערקלערן. איך ווייס נור, אז דיא ביענען אין אויס־טראַליען האבען נים קיין גיפט און בייסען נים. מען האט געבראַכט ביענען פון אייראָפּא, ווייל דיא ווילדע אויסטראַלישע בינען געבען זעהר וועניג האניג. דיא אייראָ־פּעאישע בינען זיינען זעהר גוט געראָטהען. זיי האבען זיך שטארק פערמעהרט און געבען זעהר פיעל האניג. זיי האבען אבער אויך פערלאָרען זייער גיפט און בייסען נים.— קוקט אייך צו צו דיא אָקסען און צו דיא פערד אין אויסטראַליען און איהר וועט זעהן,

אז זיי זיינען שטילער, רוהיגער און ניט אזוי ווילד, ווי אין אנאנדער לאנד.
—נאך מעהר, אייזען אויף דער לופט ווערט דא ניט פעררא̈סט. די טרוקענע, געזונדע, שטארקע לופט אין אויסטראליען מאכט יעדער זאך ווייס און ריין. מעטאלען, ליינוואנד און דער כאראקטער פון מענשען און טהיערע ווערען ווייס ריין אין אויסטראליען.

— דאס איז ווירקליך א וואונדער, האט לידי העלענא געזאגט. דאס איז ווירקליך דאס גרעסטע וואונדער אין אויסטראליען.

דעם אנדערן טאג זיינען זיי ווייטער געפאהרען און עס האט זיי גאר ניט פאסירט. אויף דער נאכט זיינען זיי צוגעפאהרען צו א וואלד און האבען בעשלאסען דארט צו נעכטיגען. עס איז געווען ווארם און שעהן. מען האט אויסגעשפאנט די אקסען און זיי געלאזען זיך פאסען אין גראז. מען איז געזעסען און גערעדט ביז שפעט אין דער נאכט. פלוצלונג האבען זיי דערהערט, אז מען לאכט ערגעץ איבער זייערע קעפ. אלע האבען זיך דערשראקען: ווער זאל עס לאכען פון זיי?

— עט האט איהר א וואונדער פון אויסטראליען, האט געזאגט דער פראפעסאר רוהיג: דאס איז דער לאך פויגעל. ער האט געוויס א נעסט אין א בוים איבער אונזערע קעפ.

יעצט האבען זיך אלע צוגעהערט. דאס איז געווען ווירקליך א גאנץ בעזאנדערעם לאכען. עס האט זיך אויסגעוויזען, אז מען קיצעלט איינעם זעהר שטארק און ער מוז לאכען. באלד אבער האט זיי איבערראשט עפעס אנדערש. מען האט דערהערט ערגעץ ווייט אין וואלד דאס קלינגען פון א גלאק.

— זאל זיין דא ערגעץ א קירכע דא אין וואלד? האט דער מאיאר געפרעגט.

— ניין, מיין ליעבער מאיאר, דאס קלינגט דער גלאקען פויגעל. דא האט איהר א צווייטע וואונדער פון אויסטראליען. א פויגעל קלינגט פונקט, ווי דער גלאק פון א קירכע. אבער ווארט! דאס איז ערשט אן אנפאנג, איהר וועט נאך זעהען גרעסערע וואונדער.

די נאכט איז פערגאנגען רוהיג. מען איז געשלאפען אין דרויסען אויף דער פרייער לופט. די ריינע, פרישע און געזונדע לופט האט אלעמען דערקוויקט. מען איז אויפגעשטאנען אין דער פריה פריש און מונטער.

## 10טעם קאפיטעל.

## א ס י ב ה.

מונטער און פרעהליך איז געגאנגען די רייזע ווייטער דעם אנדערן טאג, דעם צווייטען פעברואר. דער טאג איז געווען זעהר א הייסער. די זון האט געברענט. זיי זיינען צוואר געפאהרען אין א וואלד, די אייקאליפטוס ביימער אבער מאכען קיין שאטען ניט. געגען מיטאג איז לארד גלענארוואן געווארען זעהר דורשטיג. ווי אויף צו להכעיס, איז אין דער גאנצער געגענד ניט געווען קיין טייך, קיין ברונען, קיין אזיערא (זעע). לידי העלענא איז אויך געווארען דורשטיג און האט געזאגט שטילערהייט:

— אך, וואו נעהמט מען אביסעל וואסער?

זיי האבען צוואר געהאט מיט זיך וויין. ער איז אבער געווארען ווארם און מיט ווארעמען וויין קען מען דעם דורשט ניט שטילען.

— איך וועל אייך שאַפן וואַסער, האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט.

— וואו וועט איהר נעהמען וואַסער אין דיעזער טרוקענער, פערברענ־טער געגענד? האָט לײדי העלענאַ געפרעגט פערוואונדערט.

— איך וועל אייך שוין שאַפן, האָט דער פּראָפעסאָר געענטפערט און איז אוועקגעגאַנגען אין וואַלד.

עס איז פערגאַנגען אַ גערוימע צייט און מען האָט דעם פּראָפעסאָר ניט געהערט און ניט געזעהען. פּלוצלונג האָט מען געהערט שרייען:

— לײדי העלענאַ! לאָרד גלענאַרוואַן! וואַסער! איך האָב וואַסער!

מען האָט געמיינט, אַז ער האָט ערגעץ אויסגעפונען אַ ברונען אָדער אַ קוואַל און אַלע זיינען געלאָפען צו דעם אָרט, וואו דער פּראָפעסאָר איז גע־שטאַנען. ווי גרויס איז געווען זייער ערשטוינונג, ווען זיי זיינען צוגעקומען און האָבען ניט געזעהן, ניט קיין ברונען, ניט קיין קוואַל, ניט קיין טראָפּען וואַסער. דער פּראָפעסאָר איז געשטאַנען לעבען אַ זאָנדערבאַרען בוים, וועל־כער איז אונטען געווען גאַנץ דיק, אויבען אָבער פון די הויך פון אַ מענשען, איז ער געוואָרען אַלץ שמעלער און שמעלער. דער בוים האָט אויסגעזעהן, ווי אַ גרויסע פלאַש. ער איז נאָך געווען אַזוי עהנליך צו אַ פלאַש, ווייל ער איז אונטען געווען גאַנץ גלאַט, נור אויבען האָט ער געהאַט אַ קרוין פון בלעטער.

— וואו איז אייער וואַסער? האָט לײדי העלענאַ געפרעגט. — איהר האָט אונז אָפּגענאַרט, פּראָפעסאָר!

דער פּראָפעסאָר האָט גאָר ניט געענטפערט. ער האָט ארויסגענומען פון בוים אַ שטיק קאָרע (רינדע) גרויס ווי אַ גלאָז און האָט געוויזען לײדי הע־לענאַ. דער בוים איז אינעווייניג געווען פול מיט וואַסער. לײדי העלענאַ האָט אָנגעשעפּט אַ גלאָז און האָט עס אויסגעטרונקען מיט פערגניגען. דאָס וואַסער איז געווען קלאָר, קאַלט און געשמאַק. לאָרד גלענאַרוואַן און דער מאַיאָר האָ־בען אויך פערזוכט דאָס וואַסער און זיי האָבען זיך גאָר דערקוויקט.

— וואָס איז דאָס, פּראָפעסאָר? האָט לײדי העלענאַ געפרעגט, ווען אַלע האָבען זיך אָנגעטרונקען. — פון וואַנען האָט איהר געוואוסט, אַז אין דיעזען בוים איז דאָ אַ קוואַל וואַסער?

— ווייל איך האָב געלערענט געאָגראַפיע, מילײדי, האָט דער פּראָפע־סאָר געענטפערט שטאָלץ. מיינט ניט, אַז אין דיעזען בוים איז דאָ אַ קוואַל. — דאָס איז אַזאַ סאָרט בוים. ער הייסט דער פלאַשענבוים **Bottle tree**. און איז איינער פון די וואונדער פון אויסטראַליען. ער זויגט אויס דאָס וואַסער פון דער ערד, און זאַמעלט עס אָן אין דערמיט, וואו ער איז אויסגעהוילט. אין אַזאַ בוים קען מען אָמאָל געפינען צוואַנציג גאַלאָן וואַסער.

די ווילדע פון אויסטראַליען ווייסען, ווי צו שעטצען דיעזען בוים. ער איז ביי זיי „טאַבו," הייליג. מען טאָר ניט גראָבען ערד ארום איהם. מען טאָר ניט קלעטערען אויף איהם. מען טאָר קיין בלעטעלע פון איהם ניט אָפּרייסען. נור, ווען מען איז דורשטיג, שניידעט מען אויס אַ שטיקעל פון זיין גראָבער קאָרע (רינדע) מען טרינקט

זיך אן אח מען לענט ווידער צו דאס שטיקעל קארע אויף איהר ארם. זיא ווערט באלד פערוואקסען.

— בראווא, פּראָפעסאָר! בראווא! האט דער מאיאָר אויסגערופען. יעצט גלויב איך אייך, אז אויסטראַליען איז א וואונדער לאַנד.

דערפרייטט מיט'ן קאלטען, פרישען וואסער פון'ם פלאַשענבוים, זיינען אונזערע רייזענדע וויטער געפאהרען. נענגען פיער אוהר נאך מיטאג האט ראָבערט גראנט אנגעטראפען אזעלטזאמעס טהיער. ער האט זיך דערשראָקען. אזא ווילדע זאך האט ער נאך קיין מאל ניט געזעהן. דער גאנצער קערפּער איז געווען בעדעקט מיט נאדלען, אדער שפּיזזעך. עס האט נעהאט גאנץ קליינע פיסעלעך און א שנאבעל פון א פויגעל. פון'ם שנאבעל האט ארויסגעשטעקט א דינע לאנגע צונג. ראָבערט האט אנגעהויבען צו שרייען און צו רופען, ווען ער האט דערזעהן דיזעס ווילדע, משונה'דיגע בעשעפעניש. לארד גלענארוואן, דער פּראָפעסאָר און דער מאיאר זיינען באלד צוגעלאפען צו איהם. ווען לארד גלענארוואן האט דערזעהן דאס טהיער, איז ער אפּגעשפּרונגען מיט שרעק.

— שרעקט אייך ניט, מילאָרד! האט דער פּראפעסאר געזאגט, דאס איז א עכידנא. עס טהוט גאר ניט. עס ערנעהרט זיך פון אמייזען (מוראשקעס). ווען עס בעגעגענט א הויפען פון אמייזען, שטעקט עס אריין זיין לאנגע קלעבעדיגע צונג צווישען דיא אמייזען, וועלכע קלעפּען זיך אהן אן צונג. דאס איז זיין איינציגע שפּייז. וויטער טהוט עס קיינעם קיין שלעכטס ניט.

— עס איז אבער שרעקליך צו קוקען דארויף! האט לארד גלענארוואן אויסגערופען.

— מילארד! האט דער פּראפעסאר געזאגט ערנסט. אין דער נאטור איז ניטא קיין שרעקליכע, קיין אבשייליכע און קיין מיאוסע בעשעפעניש. אלעס, וואס איז דאָ אויף דער וועלט, איז שעהן און נוט. יעדעס האט זיין פּלאץ און טהוט נוט זיין פּפליכט. נאר דער מענש איז שלעכט, ער איז דער ערגסטער פון אלע בעשעפענישען.

ווען זיי זיינען אזוי געשטאנען און גערעדט, האט קאפּיטאן פאררא-גוט דערזעהן ערגעץ וויט א הויכען זייל פון רויך. ער האט עס געוויזען דעם פּראפעסאר און לארד גלענארוואן. דא אבער האט שוין דער פּראפעסאר אויך נאר ניט געקענט ערקלערען. ער האט ניט געוואוסט, וואס דאס איז. דאס האט אייערטאן ערקלערט.

— דאס טרייבט מען א העערדע (סטאַדאָ) קיה, אקסען און שעפּסען, האט ער געזאגט. עס מוז דארט זיין עטליכע טויזענד שטיק. זיי געהן אויפ'ן אויסגעטריקענטען באדען און מאכען אן א שטויב. פון דער וויטען ווייזט זיך עס אויס, אז עס איז א רויך

ער איז געווען בעסער בעקאנט מיט אויסטראליען, אלס דער געלערנטער פּאגאנעל. אזא זאך האט ער שוין בעסער ערקלערט פון'ם פּראפעסאר.

עס איז פערגאנגען א פערטיל שטונדע און מען האט דערהערט א ברומען, מעקען און בלעקען, אז עס איז געווען פערטויבט צו ווערן. דיא בהמות זיינען געקומען נעהענטער, דער שטויב איז געווארען גרעסער. עס איז געווארען פינסטער. פּלוצלונג איז

ארויס פון'ם וואלקען שטויב א רייטער אויף א פערד. דאס איז געווען דער הויפט פיהדער פון דיעזער פיער פיסיגער ארמעע. לארד גלענארוואן איז איהם ענטגעגען געריטען און האט איהם בעגריסט.

דער מאן האט איהם אויפגענומען גאנץ פריינדליך און האט איהם דערצעהלט, אז דיא גאנצע העערדע געהערט צו איהם און נאך צוויי שותפים. זיי האבען דא מעהר אלס צוועלף טויזענד שטיק בהמות. זיי האבען זיי געקויפט אין דיא אסט פראווינצען, וואו דיא בהמות זיינען זעהר ביליג און טרייבען זיי קיין מעלבורן, וואו זיי האפען צו מאכען א גוטעס געשעפט. עס שטעהט צו פערדיענען ביז 8 דאלאר אויף יעדען אָקס און צעהן שיללינג אויף יעדען שעפס. אבער איידער מען ברענגט אזא ארמעע אויפ'ן ארט, וויא פיעל שוויערינקייטען, וויא פיעל הארטע און שווערע ארבייט קאָסט עס!

— מיר פערדיענען טאקע זעהר גוט, האט דער פיהרער געזאגט, אבער מיר פערדיענען עס זעהר עהרליך. מיר ארבייטען שווער און ביטער אויף דעם געלד, וואס מיר פערדיענען. דריי מאנאטע האט געדויערט דיא רייזע אהין, אין פארטלאנד ביי, וואו מיר האבען געקויפט דיא בהמות. פיער מאנאטע דארף דויערן דיא רייזע צוריק. איך האב מיט מיר דרייסיג מענשען און 20 הינט. אזא ארמעע פון מעהר אלס צוועלף טויזענד שטיק, איז זעהר שווער צו רעגיערען. מען מוז אויף זיי שטענדיג אכטונג געבען, זיי זאלען זיך ניט צו לויפען.

ער האט געוויעזען אונזערע רייזענדע דיא ארדנונג, אין וועלכער ער האלט זיין ארמעע. צו ערשט געהען דיא אָקסען, איינגעטהיילט אין רעגימענטער און באטאליאָנען. דאן קומען דיא קיה. שפעטער קומען דיא שעפסען. דיא אָקסען זיינען זעהר שטאָלץ. זיי וועלען ניט עסען דאס גראָז, אויף וועלכער דיא שעפסען זיינען געגאנגען. מען מוז זיי לאָזען געהן אין פאראויס. זיי זיינען מיוחסים.

וואונדערבאַר איז דאס. מען דארף זיי קיין וועג ניט וויזען. זיי געפינען אליין דעם וועג. זיי זוכען זיך אויס דיא ערטער, וואו עס וואקסט גוטעס גראָז און עס איז דאָ גענוג וואַסער צום טרינקען. געפעלט זיי אן אָרט און זיי בלייבען שטעהן, מוז מען זיך אפשטעלען. עס העלפט ניט קיין בייטש, עס העלפען ניט דיא הינט. מען מוז זיך אפּשטעלען, ביז זיי עסען זיך גוט אָן און רוהען זיך אויס, דאן געהן זיי ווייטער.

ווען מען געהט אויף פעלדער, איז עס נאך גאנץ גוט. דיא ארמעע האלט זיך אין ארדנונג. קוים קומט מען אבער אין א וואלד, דאן הערט דיא ארדנונג אויף. קיה, אָקסען, שעפסען און פערד מישען זיך אויס און מען מוז קוקען מיט צעהן אויגען, זיי זאלען זיך ניט צולויפען אדער אייניגע זאלען ניט פערפאלען ווערן.

גוט איז נאך, ווען עס איז שעהנעס וועטער. קוים אבער געהט א רעגען און עס הייבט אן צו דונערן און צו בליצען, דערשרעקען זיך דיא בהמות און הויבען אָן צו לויפען וויא וואהנזיניגע. דאן האט מען א שווערע, הארטע ארבייט זיי צוזאמען צו האלטען.

נאך ערגער איז, ווען מען קומט צו א טייך און מען דארף איהם אריבערגעהן. דאן האט מען צרות אויפ'ן פוד. אמאָל ווילען דיא אָקסען ניט געהן איבערן וואסער,

מען מעג זיי דער׳הרג׳ענען, זיי ווילען ניט. אַמאָל גנהען די אָקסען אריבער און די שעפּסען ווילען ניט גנהן. מען מוז שלעפּען. זיי צולויפען זיך.

לאָרד גלענאַרוואַן איז געווען העכסט צופריעדען, וואס ער האָט בעגעגנט די אָקסען טרייבער. ער האָט זיך אַביסעל בעקענט מיט אויסטראַליען. ער האָט אבשיעד גענומען פון׳ם אָקסען־טרייבער, האָט איהם געוואונשען גליק און איז ווייטער געפאָהרען.

געגען אָבענד זיינען זיי געקומען צו א גרויסען טייך מיט׳ן נאָמען ווי־מערא. איבער׳ן טייך איז ניט געווען קיין בריק, קיין פּאַראָם, קיין פּעררי. מען האָט געמוזט אריבערפאָהרען דעם טייך. אזוי ווי מען האָט אָבער ניט געקענט וויסען, ווי טיעף דער טייך איז, האָט מען בעשלאָסען, מען זאָל איי־בערנעכטיגען אויפ׳ן אָרט און מאָרגען פריה זאָל מען אויסזוכען אַן אָרט, וואו דער טייך איז ניט טיעף, און מען זאָל איהם אריבערפאָהרען — די מענער אויף זייערע פערד און די דאַמען אין זייער וואָגען.

אין דער פריה איז אייערטאָן געגאַנגען זוכען אַן אָרט, וואו דאס וואסער איז ניט טיעף. ער האָט אויך באַלד געפונען אזא אָרט. לאָרד גלענאַרוואַן האָט געפרעגט אייערטאָן, אויב עס איז ניטאָ קיין געפאַהר, אויב עס וואָלט ניט גלייכער געווען, אז די דאַמען זאָלען זיך זעצען אויף די פערד?

— אָה, ניין! די דאַמען מעגען רוהיג זיצען אין וואָגען. עס איז קיין גע־פאַהר ניטאָ.

מען איז אריינגעפאָהרען אין טייך. די מענער זיינען געפאָהרען פון ביידע זייטען פון׳ם וואָגען. אין דער מיט טייך זיינען די אָקסען אריינגע־קראָכען אין א לאָך, דער וואָגען האָט זיך אָנגעבויגען. די דאַמען זיינען שיעור ניט ארויסגעפאַלען. אייערטאָן איז באַלד אריינגעשפּרונגען אין וואסער און האָט זיך בעמיהט אויסצוגלייכען דעם וואָגען. עס איז איהם צוואר געלונגען, אָבער עס האָט עפּעס א שטאַרקען קנאַק געטהאָן. — עפּעס האָט זיך צובראָ־כען. קאַפּיטאַן פּאַראַגוט און דער מאַיאָר האָבען געהאָלפען אייערטאָנען אויסצוגלייכען דעם וואָגען. מען איז ענדליך אריבערגעפאָהרען דעם טייך.

ווען מען איז געקומען פון דער אַנדערער זייט טייך, האָט מען ערשט דערזעהן, וואס עס האָט אזוי געקנאַקט. אַן אַקס האָט זיך צובראָכען, דער סוואָרען — א גראָב שטיק אייזען, וועלכעס האַלט די אַקס — האָט זיך איינ־געבויגען. — מען קען ווייטער ניט פאָהרען.

וואס טהוט מען יעצט? וואו נעהמט מען א שמיד, ער זאָל צורעכט מאַ־כען די אַקס? — אייערטאָן האָט געזאָגט, אז ער וועט געהן ברענגען א שמיד.

— אבער ווי לאַנג וועט עס דויערן? האָט לאָרד גלענאַרוואַן געפרעגט. ווי פיעל צייט דאַרף עס נעהמען, ביז איהר וועט קומען צוריק מיט א שמיד?

— פופצעהן ביז אכצעהן שטונדען, האָט אייערטאָן געענטפערט.

— אַלזאָ, געהט און קומט באַלד צוריק. מיר וועלען זיך דערווייל אויס־רוהען.

אייערטאָן האָט גענומען א פערד, האָט זיך אויפגעזעצט אויף איהם און איז אוועקגעפאָהרען.

## 11טעס קאפיטעל.

# אן אונגליק אדער א פערברעכען.

דעם מאיאר איז ניט געפעלען, וואס אייערטאן איז פון זיי אוועקגע־פאהרען. איהם איז ניט געפעלען, וואס אייערטאן האט אלעמען פערזיכערט, אז דאס וואסער אין טייך איז ניט טיעף און פלוצלונג אין דער מיט טייך האט זיך ארויסגעוויעזען, אז דאס וואסער איז טיעף. איהם איז ניט געפעלען, וואס די אקס האט זיך פלוצלונג אויף אזא זאנדערבארער ארט צובראכען. ער האט אבער קיינעם ניט געזאגט, אז איהם געפעלט ניט אייערטאן.

לארד גלענארוואן איז נור געווען אונגעדולדיג. ער האט געוואלט, אז אייערטאן זאל באלד קומען צוריק. מען זאל צורעכט מאכען דעם וואגען און מען זאל ווייטער פאהרען.

אבער אזוי ווי אייערטאן האט געזאגט, אזוי איז געווען. דעם אנדערן טאג איז ער צוריקגעקומען און האט געבראכט מיט זיך א שמיעד. דער שמיעד האט צוואר אויסגעוויעזען עפעס זאנדערבאר. ער האט אויסגעוויעזען זעהר ווילד און איז געווען שטארק פערוואקסען און פערווילדערט. דער פראפעסאר האט א ציטער געטהאן, ווען ער האט אידם דערזעהן. דער מאיאר האט אויף איהם ניט געקענט קוקען. אבער ווער מען געהט עם אן, ווי דער שמיעד זעהט אויס? מען דארף זיין ארבייט, ווייטער גאר ניט.

ער האט זיך באלד גענומען צו דער ארבייט און מען האט געזעהן, אז ער פערשטעהט זיין ארבייט. דער מאיאר האט געזעהן, אז דער ארים פון'ם שמיעד איז געווען, ווי איינגעקארבט, אדער איינגעשניטען. עס איז איהם גע־ווען א וואונדער, ווי קומט צו א געוועהנליכען שמיעד אזא זאנדערבארע וואונד. דאס קען נור קומען פון טראגען א לאנגע צייט א שווערע קייט אויפ'ן ארים. ער האט געפרעגט דעם שמיעד, וואס דאס איז און פון וואנען דאס קומט. דער שמיעד אבער האט איהם ניט געענטפערט און האט ווייטער גע־ארבייט. דער שמיעד האט פיינט געהאט צו רעדען.

עס האט געדויערט א פאאר שטונדען און דער וואגען איז געווען פער־טיג. לארד גלענארוואן האט בעצאהלט דעם שמיעד זעהר עהרליך. דער שמיעד האט זאגאר ניט געדאנקט און איז זיך אוועקגעגאנגען.

קוים איז דער וואגען געווען פערטיג, האט מען זיך ווייטער געלאזען אין וועג. מען איז געפאהרען א גאנצען טאג אהן יעדע שטערונג. דעם אנדערן טאג איז מען געקומען צו א שטעדטעל מיט'ן נאמען קאריסברוק. אייערטאן האט געראטהען, מען זאל ניט ארייפאהרען אין שטעדטעל.

— עס וועט פערנעהמען צופיעל צייט, האט ער געזאגט. ווען מען פאהרט אריין אין שטעדטעל, מוז מען פארפאהרען אין א האטעל. עס ווילט זיך אויסרוהען אויף א בעט. מען וויל אנקוקען דאס שטעדטעל. אזוי פער־ליערט מען צייט.

לארד גלענארוואן איז געווען מיט איהם איינפערשטאנדען. דער פראפעסאר אבער האט בשום אופן ניט געוואלט צוגעבען, ווייל ער איז געווען נייגעריג. ער האט געוואלט זעהן דאס שטעדטעל. עס איז געבליעבען,

**אז דער פּראָפעסאר זאל אריינפאהרען קיין קאריסברוק און דיא גאנצע פּארטיע זאל** פאָהרען לאנגזאם ווייטער.

דער פּראפעסאר האט מיט זיך גענומען דעם קליינעם ראבערט גראנט און איז אריינגעפאהרען אין שטעדטעל. ער איז אבער באלד צוריקגעקומען. עס איז דארט ניט געווען וואס צו זעהן. אין שטעדטעל האט זיך צוואר זעהר געראשט. ניט ווייט פון׳ם שטעדטעל איז געווען א פעלד, וואו מען האט געגראָבען גאָלד. יעדער אין שטעדטעל איז געווען שטארק בעשעפטיגט. מען האט געקויפט און פערקויפט. קיינער האט זיך ניט אומגעקוקט אויף׳ן פּראפעסאר מיט זיין בעגלייטער. זיי האבען דאהער באלד אָנ־געיאָגט דיא גאנצע פּארטיע און זיינען מיט זיי ווייטער געפאָהרען.

איינינע הונדערט מייל פון קאריסברוק געפינט זיך א בערגיגע געגענד מיט׳ן נאמען מאונט אלכסנדר. דארט האט מען געפונען זעהר פיעל גאלד. טויזענדער מענ־שען האבען זיך געצויגען אהין צו גראבען גאלד. דיא רעגיערונג האט בעשלאסען צו בויען איין אייזענבאהן פון קאריסברוק ביז מאונאט אלכסנדר. א גרויסער טהייל פון דיעזער באהן איז שוין געווען פערטיג און מען איז שוין געפאהרען אויף איהר.

אונזערע רייזענדע האבען געדארפט אריבערפאהרען דיעזע אייזענבאהן ליניע. זיי האבען געמוזט זאגאר אנלעגען אביסעל וועג אום זיא אריבערצופאהרען, ווייל דיעזער וועג פיהרט איבער א בריק איבערן גרויסען טייך, מורריי. דאס איז דיא איינציגע בריק אין יענע געגענד.

ווען זיי זיינען צוגעקומען אויף א מייל דיא ווייט פון דער בריק, האבען זיי געה־הערט א שרעקליכעס פייפען פון לאקאמאטיווען, מענשען זיינען געלאפען פון אלע זייטען, האבען געשריען, געוויינט און געבראכען דיא הענד. לארד גלענארוואן מיט זיינע מענשען האבען פערשטאנען, אז דא איז געשעהן עפּעס אונגעוועהנליכעס. זיי האבען געגעבען זייערע פערד דיא שפּארען און זיינען צוגעלאפען צו דער בריק.

א שרעקליכע, שוידערהאפטע סצענע האט זיך זיי פאָרגעשטעלט. דיא בריק איז אין דערמיט געווען צו בראכען. צעהן וואגאָנעס מיט׳ן לאקאמאטיוו זיינען געלעגען אין וואסער. דער עלפטער איז געבליעבען הענגען אין דער לופט. דער גאנצער טייך איז געווען פול מיט שטיקער וואגאָנעס, באגאזש און צווישען זיי זיינען געשוואומען פערבלוטיגטע גליעדער פון מענשען. דיא צעהן וואגאָנעס זיינען געווען פול מיט פּאסאַ־זשירען. דיא בריק האט זיך איינגעבראכען פונקט אין דערמיט טייך.

וויאפיעל מענשען זיינען אומגעקומען? וויאפיעל פּאסאזשירען זיינען דאמאלס געווען אין דיא וואגאָנעס?

דאס האט קיינער ניט געקענט וויסען. — דיא פּאסאזשירען פון׳ם עלפטען וואַ־גאן זיינען צוערשט געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט פאר שרעק. דאן האבען זיי זיך אנגעהויבען צו רייסען צו דער טהיר פון׳ם וואגאָן, ס איז געווארען א געדרענג און א געשלעגע, אז איינינע פּאסאזשירען זיינען דערביי דערהרגעט געווארען. זייערע טויטע קערפּער זיינען געלעגען צו־ווארפען ארום דעם איינציגען, איבערגעבליעבענעם וואגאָן.

**לארד גלענארוואן, דער פּראָפעסאָר, דער מאיאָר און דער קאַפּיטאן פּארראגוט**

האבען געציטערט, ווען זיי האבען דערזעהן די שרעקליכע סצענע. דאס אונגליק איז געווען געשעהן מיט א פאר שטונדען צוריק, ווייל מען האט שוין דערפון געוואוסט אין דער געגענד ארום און פון אלע זייטען זיינען אנגעקומען מענשען זעהן, פרעגען, העלפען און רעטען.

— די בריק איז געווען שלעכט געבויט, זיא האט ניט געקענט אויסהאלטען די שווערע משא פון׳ם צוג און האט זיך איינגעבראכען, האט געזאגט איינער.

— ניין, האט זיך אפגערופען אנאנדערער, מען האט די בריק ניט צוגעשלאסען. דער צוג איז אנגעקומען און איז אריינגעפאלען אין וואסער.

לארד גלענארוואן מיט זיין פארטיע האבען זיך אומיסטען צוגעהערט, וואס מען רעדט וועגען דיזעס שרעקליכע אונגליק.

די בריק איז ווירקליך געווען א צוג בריק. זיא פלעגט זיך עפענען אום דורכצולאזען שיפען און, ווען די שיפען פלעגען דורכגעהן, פלעגט זיא זיך ווידער פערמאכען.

באלד איז אנגעקומען דער גובערנאטאר פון דער פראווינץ מיט׳ן פראקוראר, מיט דאקטוירים, מיט אמבולאנס׳ן וועגען, מיט א גאנצע ארמעע פון מענשען און פאליסלייט אום צו העלפען די פערוואונדעטע און אויסצופארשען, וויא אזוי דאס אונגליק איז געשעהן און ווער עס איז שולדיג.

לארד גלענארוואן האט זיך פארגעשטעלט פארן גובערנאטאר און פארן שעף פון דער פאליציי.

— וואס פאר א שרעקליכ׳ס אונגליק! האט געזאגט לארד גלענארוואן צום גובערנאטאר. וויא אזוי איז מען אזוי אונפארזיכטיג? וויא אזוי האלט מען ניט געגוג מענשען, אז מען זאל אפהיטען צו פערשליעסען די בריק יעדעס מאל, ווען די שיפען געהן דורך? וויא אזוי שטעלט מען ניט א גוטע וואך אפצוהיטען אזא בריק?

— אן אונגליק איז עס געווים, האט דער גובערנאטאר געזאגט. ליידער, איז עס נאך ערגער אלס אן אונגליק — עס איז א פערברעכען!

לארד גלענארוואן האט איהם אנגעקוקט מיט שטוינען.

— איך פערשטעה אייך ניט, מיין הערר, האט ער איהם געזאגט. וואס הייסט, עס איז א פאר ברעכען?

— אונזערע פארשונגען און אונטערזוכונג האט ארויסגעוויעזען, אז מען האט אומיסטען געעפענט די בריק. די וואכען קענען ניט שולדיג זיין, ווייל מען האט זיי געפונען טוידט. אויפ׳ן לעצטען איבערגעבליעבענעם וואגאן זיינען אנגעפאלען רויבער און האבען געראובט, וואס זיי האבען געקענט. אנפאנגס האט מען געמיינט, אז די פאסאזשירען פון לעצטען וואגאן זיינען פאר שרעק געלאפען צו דער טהיר, האבען זיך געדרענגט און דאדורך זיינען פיעלע דערהרגעט געווארען. מיר האבען זיך אבער איבערצייגט, אז רויבער זיינען אויף זיי אנגעפאלען און האבען זיי געטוידטעט.

— ווער זאלען זיין די שענדליכע רויבער, וועלכע זאלען זיין אזוי אונמענשליך און בעגעהן אזא שרעקליכעס פערברעכען? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— עס זיינען דא מענשען, וועלכע קומען קיין אויסטראליען אויף די שיפען פון דער קעניגין אהן א שיפס־קארטע, האט דער גובערנאטאר געענטפערט.

**— די פערשיקטע, די קאטאָרזשניקעס! האָט אויסגערופען דער פראָ־ פעסאָר.**

זשניקעס? האָט לאָרד גלענאַרוואָן געפרעגט.

— אָבער אין דער פראָווינץ וויקטאָריא זיינען דאָך ניטאָ קיין קאטאָר־

— זיי קומען פון אַנאַנדער פראָווינץ, האָט דער גובערנאַטאָר געענט־ פערט. בעזאָנדערס געפעהרליך זיינען די פרישע, — די, וואס זיינען ערשט אָנגעקומען. זיי אַנטלויפען זעהר אָפט, לויפען ארום אין די וועלדער און מאַ־ כען אמאָל גאַנצע געגענדען ניט זיכער.

אונטערדעסען איז אָנגעקומען דער וואָגען מיט לײדי העלענאַ, מערי גראַנט און מיט אַלבינעט. לאָרד גלענאַרוואָן האָט געוואָלט פערהיטען, אַז די דאַמען זאָלען ניט זעהן די שרעקליכע, שוידערהאַפטע סצענע. ער האָט גע־ הייסען פאָהרען ווייטער. און האָט דערצעהלט לײדי העלענאַ, אַז עס האָט פּאַסירט איין אייזענבאַהן אונגליק. ער האָט איהר אָבער ניט דערצעהלט, ניט ווי גרויס דאס אונגליק איז, ניט ווער עס איז שולדיג אין דעם אונגליק. ער האָט געהייסען שנעל פאָהרען ווייטער.

מען איז אוועקגעפאָהרען אַ פּאָאַר מייל און מען איז צוגעקומען צו אַ קליינעם וועלדעל. לײדי העלענאַ האָט געבעטען, מען זאָל זיך אָפּשטעלען. דאס וועלדעל איז ווירקליך געווען אַ וואונדער, וועלכעס איז ווערטה געווען, מען זאָל עס בעטראַכטען. עס איז געווען בעדעקט מיט די זעלטענסטע און שעהנסטע בלומען, מיט די זעלטענסטע און שעהנסטע ביימער און ביימע־ לעך. עס איז געווען ווירקליך אַ גן־עדן. אַלעם האָט געבליהט און געשמעקט, אַז עס האָט זיך ניט געוואָלט אוועקגעהן פון דאָרט. נאָך וואונדערבאַרער איז געווען די אָרדנונג. די ביימער און די בלומען זיינען געשטאַנען אין בייטען. צווישען די בייטען זיינען געווען וועגעלאַך, ווי אין׳ם בעסטען פּאַרק אין לאָנדאָן אָדער אין ניו־יאָרק. אויף די בייטען האָבען זיך געוויעזען בערגלעך, אויף וועלכע עס האָבען געוואַקסען די שעהנסטע בלומען.

— דאס איז ניט קיין ווילדער וואַלד, האָט לײדי העלענאַ געזאָגט. דאס האָבען מענשען געמאַכט. עס קען דאָך ניט זיין, אַז די בלומען און ביימער זאָלען וואַקסען אין אַזאַ אָרדנונג. און דאָך איז דאָס ניט קיין פּאַרק. ווער וועט דאָס געהן שפּאַצירען אין אַזאַ ווילדע געגענד?

— איהר האָט רעכט, מילײדי, דאס האָבען מענשען געמאַכט, האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט. ווייסט איהר, וואו מיר זיינען? — מיר זיינען אויף אַ בעערדיגונגס פּלאַץ פון די ווילדע אויסטראַליער. דאָ ליעגען די ביינער פון זייערע עלטערן. זיי היטען זיי אָפּ, פּלאַנצען ביימער און בלומען אויף זייערע קברים און קומען פון צייט צו צייט זיי בעזוכען. ווער ווייס, אויף וויפיעל דורות מיר טרעטען מיט די פיס? — עס איז נאָך אַ וואונדער, וואָס עס גע־ פינט זיך אין אַזאַ גוטע אָרדנונג, וואס רייזענדע און קאָלאָניסטען האָבען עס נאָך ניט צערשטערט, פערניכטעט און אָפּגעווישט.

פּלוצלונג האָט מען געהערט אַ געשריי: „סטאָפּ!" אַלע זיינען צוגעלאָ־ פען זעהן, וואס דאָרט איז. דער פּראָפעסאָר און לײדי העלענאַ זיינען געווען די ערשטע, וועלכע זיינען צוגעקומען צו דעם אָרט, וואו לאָרד גלענאַרוואָן און דער מאַיאָר איז געשטאַנען.

**אויפ׳ן גראָז אונטער אַ גרינעם בוים איז געשלאָפען אַ קינד, אַ איינגעל**

פון א יאָהר אַכט. ער איז געווען אַנגעטהאָן אייראָפּעאיש, אבער זיינע שוואַר־צע הענטלעך און זיינע שווארצע, גלייכע האָאר האָבען דייטליך געזאָגט, אז ער איז א ווילדער. ליידי העלענא האָט איהם בעטראַכט עטליכע מינוט. זי האָט נאָך קיין ווילדען אויסטראַליער ניט געזעהן. דאס קינד איז געשלאָפען אזוי שטיל און אזוי געשמאַק, אז עס האָט ניט געהערט, אז מענשען שטעהען ארום איהם.

— אָרימעס קינד! האָט אויסגערופען ליידי העלענא. ער האָט זיך גע־ווים פערבלאָנזעט אין וואלד און וויים ניט, ווי אזוי צו געהן אהיים.

— ניין, האָט געזאָגט דער פּראָפעסאָר. איך מיין, אז ער איז אומיסטען געקומען אהער בעזוכען דעם קבר פון זיינע עלטערן. ער איז מיעד געוואָרען און האָט זיך צוגעלעגט. באלד וועט ער אויפשטעהן און זיך געהן אהיים.

— אָך! איך וואָלט זעהר געוואָלט מיט איהם רעדען, האָט ראָבערט גע־זאָגט. איך האָב נאָך קיין מאָל ניט גערעדט מיט קיין ווילדען אויסטראַליער. ווי דענקט איהר, הערר פּראָפעסאָר? רעדט ער ענגליש?

אין דיעזע מינוט האָט זיך דאָס קינד איבערגעקעהרט מיט'ן רוקען ארויף. אלע האָבען געזעהן מיט שטוינען, אז אויף זיין פּלייצע איז צוגע־קלעפּט א צעטעל, אויף וועלכען עס איז אָנגעשריעבען מיט גרויסע, דייטליכע בוכשטאַבען:

„טאָלינע

„מען זאָל איהם שיקען קיין עטושקאַ און איבערגעבען דזשעפיר סמיטה פון דער אייזענבאהן. בעצאָהלט."

— דאס הייסט עכט אויסטראַליש! האָט אויסגערופען דער פּראָפעסאָר. זיי שיקען איבער א קינד, גלייך, ווי עס וואָלט געווען א קעסטעל אָדער א רענצעל. מען קלעפּט איהם צו אַ צעטעל אויף דער פּלייצע, מאַכט פון איהם א נומער און — מארש! איך האָב געהערט דערפון נאָך אין פּאריז, איך האָב עס אָבער ניט געוואָלט גלויבען.

— אָרימעס קינד! האָט ליידי העלענא געזאָגט. מעגליך, אז ער איז אויך געפאָהרען מיט'ן צוג, וועלכער איז פערונגליקט געוואָרען? מעגליך, אז זיינע עלטערן זיינען דער'הרג'ט געוואָרען, ווען די בריק האָט זיך איינ־געבראָכען?

— ניין, איך גלויב עס ניט, האָט דער מאַיאָר געזאָגט. ווען ער זאָל געווען פאָהרען מיט זיינע עלטערן, וואָלט מען איהם ניט געווען צוגעקלעפּט א צעטעל צו דער פּלייצע.

— ער כאַפּט זיך אויף! האָט ראָבערט אויסגערופען. ער שטעהט אויף!

און ווירקליך, דאס קינד האָט געעפענט די אויגען, האָט דערזעהן די מענשען, וועלכע זיינען געשטאַנען ארום איהם און האָט זיך דערשראָקען.

— רעדסטו ענגליש? האָט איהם ליידי העלענא געפרעגט.

— איך רעד ענגליש, האָט דאס קינד געענטפערט.

— ווי הייסט דו, באָי?

— איך הייס טאָלינע.

— פון וואַנען קומסט דו?

— איך פאָהר פון מעלבורן.

— ביסט דוא געפאהרען אויף דעמזעלבען צוג, וועלכען עס האט זיך געטראפען דאס אונגליק?

— יא, איך בין אויך געפאהרען אויף דעמזעלבען צוג. איך בין געזעסען אין לעצטען וואגאן און בין באלד ארויסגעשפרונגען דורך א פענסטער.

— אלזא, וואוהין געהסט דוא יעצט?

— צו מיין פאטער און מוטער אין לאכלאן.

— וואו איז ערגעץ לאכלאן? האט לארד גלענארוואן געפרעגט דעם פראפעסאר.

דער פראפעסאר האט ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן. דאס קינד האט אנגע-רופען דעם ארט, וואו זיינע עלטערן וואינען אויף אויסטראליש.

דיא קורצע ערצעהלונג פון דעם קינד פון א ווילדען אויסטראליער האט אלעמען אזוי אינטערעסירט, אז אלע האבען זיך ארומגעזעצט ארום איהם און האבען איהם אנגעהויבען צו פערשיטען מיט פראגען. בעזאנדערס פעראינטערעסירט איז געווען ראָ-בערט גראנט. דער קליינער ווילדער האט איהם גערופען ברודער. עס איז געבליעבען, מען זאל דארט נעכטיגען. מען האט אויסגעשפאנט דיא אקסען, אפגעזאטעלט דיא פערד און אַלבינעט האט באלד געמאכט א מיטאג. דער קליינער ווילדער איז געווען הונגעריג און ראָבערט גראנט האט איהם יעדעס מאל אונטערגערוקט דאס בעסטע, וואס ער האט נור געקענט קריעגען.

טאלינע האט דערצעהלט, וויא אזוי ער איז געקומען קיין מעלבורן. זיינע עלטערן און זיין פאלק וואינען אין א וואלד, וועלכער הייסט לאכלאן. זיי גענעהרען זיך פון דער יאגד און פון פיש, וועלבע זיי פאנגען אין טייך מוררײ. דערביי מאכען זיי איינינע זאכען פון האלץ, וויא הילצערנע שיסעל, לעפעל, מולטערס און אנדערע זאכען. דיעזע ארטיקעל פיהרען זיי קיין מעלבורן פערקויפען.

איין מאל איז צו זיי געקומען אן ענגלישער מיסיאָנער, האט זיי געבראכט איינינע זאכען פון דער שטאדט און האט זיי געבעטען, זיי זאלען איהם געבען זייערע קינדער. ער וועט מיט זיי לערנען. זיינע עלטערן זיינען געווען זעהר ארים און זיינען געווען צו-פריעדען לויז צו ווערן פון אן איבעריגען עסער. זיי האבען איהם אוועקגעשיקט מיטן מיסיאָנער קיין מעלבורן. פינף יאהר האט טאלינע פערבראכט אין מעלבורן. ער האט זיך דארט אויסגעלערנט ענגליש שרייבען, לעזען און רעדען. מען האט איהם צוגעזאגט, אז מען וועט איהם נאך לערנען. ער האט אבער זעהר שטארק געבענקט א היים. ער האט געוואלט זעהן זיינע עלטערן. דער מיסיאָנער האט איהם צוליעב געטהאן און האט איהם געשיקט א היים אויף א קורצע צייט.

— וועסט דוא נאך צוריק פאהרען קיין מעלבורן? האט איהם ליידי העלענא געפרעגט.

— געוויס! איך וויל נור זעהן מיינע עלטערן און דיא קינדער פון מיין פאלק. איך וויל זיי זאגען, אז דיא ווייסע מענשען זיינען גוט און האבען ליעב זייערע שווארצע ברידער. ווער עס וועט וועלען, דער וועט פאהרען מיט מיר קיין מעלבורן.

— און וואס ווילסט דוא ווערן, ווען דוא וועסט גרויס ווערן? האט ראָבערט געפרעגט.

— איך וויל ווערן א מיסיאָנער. איך וועל ארומפֿאָהרען צווישען מיינע שוואַרצע ברידער און וועל זיי לערנען אלעס, וואס דיא ווייסע מענשען קענען.

דיא איינפֿאַכע ווערטער פֿון'ם קליינעם ווילדען אויסטראַליער האָבען געמאַכט אויף אלעמען א טיעפֿען איינדרוק. זיי האָבען יעצט פֿערשטאַנען, אז ער מוז זיין עלטער, וויא ער ווייזט אויס. מען האָט איהם געפֿרעגט, וויא אלט ער איז. ער האָט אָבער אויף דיזע פֿראַגע ניט געקענט ענטפֿערן.

— איך ווייס ניט, וויא אלט איך בין, האָט ער געזאָגט. מיר, אויסטראַליער, צעהלען ניט דיא יאהרען, וועלכע מיר האָבען געלעבט.

מעהר פֿון אלעמען האָט זיך אינטערעסירט אין דעם ווילדען דער פּראָפֿעסאָר. וואו קען ער האָבען נאָך אזא געלעגענהייט צו רעדען מיט א קינד פֿון א ווילדען מענשען? — ער האָט זיך צוגערוקט צו איהם, האָט איהם א גלעט געטאָהן איבערן קאָפּ און האָט איהם אנגעהויבען צו פֿרעגען.

— זאָג מיר, מיין קינד, וואס האָסט דוא געלערנט אין מעלבורן?

— איך האָב געלערנט דיא ביבעל (תנ"ך), אריטהמעטיק (רעכענען) און געאָגראַפֿיע, האָט טאַלינע געענטפֿערט.

ביים וואָרט „געאָגראַפֿיע" איז דער פּראָפֿעסאָר אויפֿגעשפּרונגען. — געאָגראַפֿיע איז דאָך זיין וויסענשאַפֿט!

— קענסט דוא גוט געאָגראַפֿיע? האָט ער איהם געפֿרעגט.

— אָה, יאָ! איך בין געוועזען דער ערשטער שילער פֿון געאָגראַפֿיע, האָט דער ווילדער געענטפֿערט. מען האָט מיר געגעבען א פּרייז (נאַגראַדאַ) פֿאַר געאָגראַפֿיע.

מיט דיזע ווערטער האָט ער ארויסגענומען פֿון'ם בוזעם א בוך מיט א רויטען בונד און מיט א גאָלדענעם שניט און האָט איהם געוויזען דעם פּראָפֿעסאָר.

דער פּראָפֿעסאָר איז געוועזען אויסער זיך פֿאַר פֿרייד. — א ווילדער מענש קען געאָגראַפֿיע! ער האָט ארומגענומען דעם קליינעם ווילדען און האָט איהם געקושט אויף ביידע באַקען. דער ווילדער האָט ניט געקענט פֿערשטעהן, וואס איז אזוי דיא שמחה מיט דעם ווייסען מענשען, ווען ער האָט איהם דערצעהלט, אז ער איז געוועזען א גוטער שילער אין געאָגראַפֿיע. ער האָט איהם אנגעקוקט ערשטוינט און דערשראָקען. ליידי העלענא האָט איהם ערקלערט, אז דיזער ווייסער מענש איז א פּראָפֿעסאָר פֿון געאָגראַפֿיע.

— א פּראָפֿעסאָר פֿון געאָגראַפֿיע? האָט אויסגערופֿען דער ווילדער און האָט זיך צו געקוקט צום פּראָפֿעסאָר מיט א בעזאָנדערער אַכטונג.

דיא ווילדע מענשען האָבען זעהר ליעב געאָגראַפֿיע. דאס איז זייער ליעבלינג וויסענשאַפֿט. זיי זיינען זעהר נייגיעריג צו וויסען, וואס עס טהוט זיך אויף דער וועלט. קיין זאַך אינטערעסירט זיי ניט אזוי שטאַרק, אלס ווען מען דערצעהלט זיי, אז אויף דער וועלט זיינען נאָך דאָ אנדערע לענדער און אנדערע מענשען.

— פּראָפעסאָר! האָט געזאָגט דער מאיאָר, פּרובירט זיך פערהערן מיט דעם קליינעם געאָגראַף. לאָמיר זעהן, ווער פון אייך ביידען קען בעסער געאָגראַ־פיע. — איך האָב מורא, אַז איהר זאָלט אונז ניט פערשעהמען.

אַלע האָבען געלאַכט, עס איז זיי געפעלען דעם מאיאָרס אידעע. אַ פּראָ־פעסאָר פון געאָגראַפיע פון דער פּאַריזער אוניווערזיטעט זאָל זיך פערהערן מיט אַ ווילדען פון אויסטראַליען אין געאָגראַפיע.

— נו, גוט! האָט געלאַכט דער פּראָפעסאָר. לאָמיר זיך אַביסעל פערהערן. „אָג נור, טאָלינע, וויא הייסען דיא פינף טיילען פון דער וועלט?

דער קליינער ווילדער איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך געשטעלט פאַרן פּראָ־פעסאָר און האָט געענטפערט.

דיא פינף טהיילען פון דער וועלט הייסען: אויסטראַליען, אַזיען, אַפריקאַ, אַמעריקאַ און אייראָפּאַ.

— גאַנץ ריכטיג. — וואו זיינען מיר יעצט?

— מיר זיינען אין אויסטראַליען, וועלכעס געהערט צו דער ענגלישער קעניגין.

— וועלכע אינזלען געפינען זיך אַרום אויסטראַליען און צו וועמען געהערן זיי?

— אַרום אויסטראַליען געפינען זיך דיא אינזלען: נייזעלאַנד, טאַסמאַניא און פיעלע אַנדערע. אַלע געהערען צו דער ענגלישער קעניגין.

— געפינען זיך ניט אַרום אויסטראַליען אינזלען, וועלכע געהערן צו אַנאַנ־דער לאַנד?

— ניין, האָט געענטפערט דער ווילדער. אַלע אינזלען און אַלע לענדער געהערן צו דער ענגלישער קעניגין.

— מיר דאַכט אַז פיעלע אינזלען געהערן צו פראַנקרייך, האָט דער פּראָ־פעסאָר געזאָגט.

— ניין, האָט דער ווילדער געענטפערט. אַלעס געהערט צו דער ענגלישער קעניגין.

דער פּראָפעסאָר איז געווען ערשטוינט. וויא איז דאָס מעגליך, אַז מען זאָל לערנען מיט קינדער אַזוי פאַלש אַזאַ וויסענשאַפט וויא געאָגראַפיע?

— נו, לאָמיר געהן ווייטער. דערצעהל מיר עפּעס פון אַזיען.

— אַזיען איז אַ גרויס לאַנד, האָט דער ווילדער געזאָגט. דיא הויפּט־שטאָדט פון אַזיען איז קאַלקוטאַ. זיא געהערט צו דער ענגלישער קעניגין. עס זיינען דאַ אין אַזיען נאָך גרויסע שטעדט: באָמביי, מאַדראַס, סינגאַפּאָר, אַדען, מאַלאַקאַ.— אַלע געהערן דער ענגלישער קעניגין.

— גוט, מיין קינד! האָט געזאָגט דער פּראָפעסאָר און האָט זיך געבייסען דיא ליפּען. כינאַ איז אויף דער וועלט ניטאַ, סיביר געהערט ניט צו רוסלאַנד, סינגאַפּאָר און טאָנקין געהערן ניט צו פראַנקרייך. — אַלעס, אַלעס געהערט צו דער ענגלישער קעניגין.

— געווים! האט געענטפערט דער גוטער שילער פון געאָגראַפיע.

— נו, דערצעהלט מיר עפּעס פון אַפריקא.

— אַפריקא געהערט אין גאַנצען צו דער ענגלישער קעניגין, האט דער גוּטער שילער געענטפערט. דיא הויפּט שטאדט פון אַפריקא הייסט קייפּטאון.

— גוט! האט דער פּראָפעסאר געלאַכט פאַר צרות. עגיפּטען, אַלזשיר, מאַראקקא און דיא פּארטוגעזישע לענדער זיינען אויף דער וועלט ניטא. — נו, לאמיר עפּעס הערן פון אמעריקא.

— אמעריקא איז איינגעטהיילט אין צוויי טהייל: נאָרד אמעריקא און זיד אמעריקא. נאָרד אמעריקא געהערט צו דער ענגלישער קעניגין. איהר געהערט קאנאדא און דיא פעראייניגטע שטאאטען. אין דיא פעראייניגטע שטאאטען האט דיא ענגלישע קעניגין איינגעזעצט א פּרעזידענט מיט'ן נאמען אברהם לינקאלן.

— גרויסארטיג! בראַוואָ! האט אויסגערופען דער פּראָפעסאר. אברהם לינקאלן איז נור א בעאַמטער פון דער ענגלישער קעניגין. — נו, דו האסט רעכט, טאלינע! דוא ביסט ווערט א מעדאַל פאַר דיין געאָגראַפיע! — יעצט דערצעהל מיר עפּעס פון אייראפּא. צו וועמען געהערט אייראפּא?

— צו דער ענגלישער קעניגין, האט טאלינע געענטפערט.

ער האט ניט פערשטאַנען, אז דער פּראָפעסאָר לאכט פון איהם. ער האט געזאגט נור, וואס מען האט איהם געלערנט.

— דאס קען איך שוין ניט פערשטעהן, מיין ליעבער טאלינע, האט דער פּראָפעסאר געזאגט. גאַנץ אייראפּא געהערט צו דער ענגלישער קעניגין? — וואו איז רוסלאַנד, דייטשלאנד, פראנקרייך, עסטרייך, שפּאַניען, איטאַליען א. ז. וו.?

— דאס זיינען אלע קליינע לענדער, וועלכע געפינען זיך אונטערן שוץ פון דער ענגלישער קעניגין, האט טאלינע געענטפערט.

— אזוי? — נו, דערצעהל מיר עפּעס פון רוסלאנד. וויא אזוי הייסט דיא הויפּטשטאדט פ'ן רוסלאנד?

— זאבקווא, האט דער קליינער געענטפערט. דארט זיצט א גובערנאַטאר פון דער ענגלישער קעניגין. ער הייסט אלעקסאנדער ראָמאַנאָוו.

דא האט זיך שוין דער פּראָפעסאָר ניט געקענט איינהאלטען. ער האט זיך געהאלטען ביי דיא זייטען פאר געלעכטער. דאס קינד האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט נעביך ניט פערשטאַנען, וואס איז דא אזעלכעס צום לאַכען.

— זעהט איהר, פּראָפעסאָר, האט דער מאיאר געשפּאַסט, איך האב אייך געזאגט, אז טאלינע קען געאָגראַפיע בעסער פון אייך.

— איהר האט רעכט, מאיאר. אט אזוי לערנט מען געאגראַפיע אין דיא ענגלישע קאלאָניען! אלעס, אלעס, דיא גאנצע וועלט געהערט דער ענגלישער קעניגין. מען דערצעהלט דיא קליינע קינדער אזוי פיעל פון דער ענגלישער קעניגין, אז זיי מיינען, אז דיא ענגלישע קעניגין איז א גאט, צו וועלבער עס געהערט דיא גאַנצע וועלט. — זאג נור, טאלינע, געהערט דער מאנד אויך צו דער ענגלישער קעניגין?

— געוויס, געהערט דער לאנד צו דער ענגלישער קעניגין, האט טאלינע געענטפֿערט.

דער פּראָפֿעסאר האט זיך געמוזט אויפֿהויבען און אוועקגעהן זיך אויסלאַכען. לארד גלענארוואן אבער האט אנגעהויבען צו זוכען צווישען זיינע ביכער און האט אויסגעפֿונען אן אלטע געאָגראַפֿיע. ער האט זיא געגעבען דעם קליינעם ווילדען.

— לעז דיעזעס בוך, טאלינע, האט ער איהם געזאגט. פֿון דיעזעס בוך וועסט דוא בעסער קענען געאגראַפֿיע אלס פֿון דיא ביכער, וועלכע דיא מיסיאָנערן האבען דיך געלערנט. דיין געאגראַפֿיע איז ניט גאנץ ריכטיג. דיא גאַנצע וועלט געהערט נאך ניט צו ענגלאנד. עס זיינען נאך דא אנדערע לענדער און אנדערע קעניגע.

דער קליינער יונגע האט גענומען דאס בוך, האט עס אנגעהויבען צו לעזען און האט עס אוועקגעלעגט.

— עס איז ניט ריכטיג, האט ער געזאגט. דיא מיסיאנערן האבען מיך אנדערש געלערנט. דיא מיסיאנערן זיינען גוטע מענשען, זיי פֿערשטעהען בעסער אלס דיעזעס בוך.

ער האט עס דאך צוגענומען און האט עס אריינגעלעגט אין בוזים.

עס איז געווארען שפּעט און מען האט זיך געלעגט שלאָפֿען. ראבערט גראַנט האט געוואלט שלאָפֿען מיט זיין נייען פֿריינד, טאלינע. זיי האבען זיך געלעגט צוזאמען און מען האט זיי ביידען צוגעדעקט מיט א דעק.

אום זעקס אוהר אין דער פֿריה איז מען אויפֿגעשטאַנען. מען האט זיך אומגעקוקט. — טאלינע איז פֿערשוואונדען. מען איז געווען פֿערוואונדערט, וואו ער האט געקענט אהין קומען. מען האט איהם געזוכט, מען האט אבער פֿון איהם קיין שפּור ניט געפֿונען. נור ווען ליידי העלענא האט זיך אויפֿגעכאפּט, האט זיא געפֿונען אויף איהר געלעגער א קראַנץ פֿון דיא זעלטענסטע בלומען. דער פּראָפֿעסאָר האט געפֿונען אויף זיין געלעגער דאס בוך איבער געאָגראַפֿיע, וועלכעס לארד גלענארוואן האט נעכטען געגעבען דעם ווילדען.

12טעס קאפּיטעל.

## אַ וואַרנונג.

עס זיינען ווידער פֿערגאנגען א פּאר טאג, אין וועלכע עס איז גאר נישט פֿארגעקומען. נאכ'ן רעכנונג פֿון'ם פּראָפֿעסאר האבען זיי שוין געמאכט האַלב וועג. זיי דארפֿען שוין זיין ניט ווייט פֿון דעם ארט, וואו דיא בריטאניא איז אונטער געגאנגען. דאָ דארפֿען זיי שוין בעגעגנען ווילדע, ביי וועלכע זיי וועלען קענען פֿרעגען, אויב זיי האבען עפּעס ניט געהערט פֿון קאפּיטאן גראנט.

אין זייער ארט צו רייזען האבען זיי געמאכט א קליינע ענדערונג. זייט עס האט זיך געטראפֿען דאס אונגליק אויפֿ'ן אייזענבאהן און לארד גלענארוואן האט געהערט, אז דאס האבען געטאהן אנטלאָפֿענע ארעסטאנטען, איז מען געווארען פֿארזיכטיגער. יעדער פֿון דער פארטיע האט געטראָגען מיט זיך א שארף

געלאָדענע ביקס. מען האט זיך געהאלטען פּעסטער צוזאַמען. מען האט קיינעם ניט געלאזען אוועקגעהן פון דער פּארטיע. זאָגאָר דעם פּראָפּעסאָר האט מען ניט געלאזען שפּאַציערען אין דיא וועלדער, וויא ער פּלעגט טהאן ביז אהער. לאָרד גלענארוואן, דער מאיאר און דער קאפּיטאן פּארראגוט האבען ניט אפּגעטרעטען פון וואגען, וואו דיא דאַמען זיינען געזעסען.

ניט נור אונזערע רייזענדע זיינען געוואָרען פּארזיכטיג, זייט עס האט זיך געטראָפען דאס באהנאונגליק, אלע קאלאניסטען און פּארמער זיינען געוואָרען פּאָרזיכטיג. מען האט אנגעהויבען צו פּערמאַכען דיא טהירען ביי נאַכט און ארויסצולאָזען דיא הינט. מען האט אנגעהויבען צו האלטען א וואַך ביי נאַכט. זאָגאָר דיא פּאכט איז פון דאמאָלם אָן געגאנגען מיט בעגלייטונג פון סאָלדאטען.

אונזערע רייזענדע זיינען געווען זעהר צופריעדען, ווען זיי האבען דערזעהן פון דער ווייטען א לאַנגע רייהע הייזער.

— דאס איז סיימור, דאס לעצטע שטעדטעל אין דער פּראווינץ וויקטאָריאַ, האט דער פּראָפּעסאָר געזאגט. פון דיזעס שטעדטעל ביז טופאלד וועלען מיר שוין ניט טרעפען קיין וואינונג פון ציוויליזירטע מענשען. מיר פּאהרען יעצט אריין אין דיא ווילדעסטע געגענד פון אויסטראַליען.

— אלזאָ, לאמיר אריינפאהרען קיין סיימור און לאמיר זיך דארט אויסרוהען א טאג, האט לארד גלענארוואן געזאגט.

קיינער איז ניט געווען דאגעגען. ווען מען רייזט עטליכע טעג אין א ווילדע געגענד און מען שלאָפט עטליכע נעכט אונטערן פרייען הימעל, איז זעהר אנגענעהם צו פּערברייננגען א נאַכט אין א שטוב און צו שלאָפען אויף א בעט, וויא א מענש.

מען איז אריינגעפאהרען קיין סיימור און מען איז פּערפאהרען אין א האָטעל. לארד גלענארוואן האט געהייסען מאכען א גוטען סאפּער. מען האט זיך געזעצט ביים גרויסען טיש פון'ם האָטעל און מען האט פּערבראַכט אן אבענד, וויא מענשען. אין האטעל זיינען געווען אלערליי צייטונגען. דער פּראָפּעסאָר און לארד גלענארוואן האבען זיך געחאַפּט לעזען דיא צייטונגען, א פּערגניגען, וועלכעס זיי האבען שוין לאנג ניט געהאַט. אלע צייטונגען זיינען געווען פול מיט בעשרייבונגען פון'ם אייזענבאַהן אונגליק.

— זעהט נור, פּראָפּעסאָר, האט פּלוצלונג לאָרד גלענארוואן געזאגט. מען ווייס שוין, ווער עס האט בעגאנגען דאס שרעקליכע פּערברעכען. לעזט נור דיזע צייטונג.

— האט מען זיי ארעסטירט? האט אייערטאן האַסטיג א פרעג געטאהן.

ניט לאָרד גלענארוואן, ניט דער פּראָפּעסאָר האבען בעמערקט אז אייערטאן געפינט זיך לעבען זיי.

— מען האט זיי נאך ניט ארעסטירט, האט דער מאיאר געענטפער גלייכגילטיג.

קיינער, אויסער דעם מאיאר האט ניט בעמערקט, מיט וואס פאר א מינע

אייערטאן האט געפֿרעגט, אויב מען האט דיא פֿערברעכער שוין ארעסטירט.

— לעזט נור, מילארד, וואס שטעהט דארט אין אייער צייטונג, האט דער פּראָפעסאר געבעטען.

אלע זיינען געווען פֿעראינטערעסירט צו וויסען, ווער דיא פֿערברעכער זיי־נען און האבען זיך ארומגעשטעלט ארום לארד גלענארוואן. ער האט אנגעהויבען צו לעזען.

פֿון'ם גובערנאטאר פֿון וויקטאָריא.

„דעם 2טען פֿעברואר האט זיך געטראָפען א שרעקליכעס אונגליק אויף דער קעמדען בריק מיט'ן צוג פֿון מעלבורן קיין סענדהורסט".

„דיא אונטערזוכונג האט אויסגעפֿונען, אז דאס האבען געטאהן אנטלאָפענע „שטרעפֿלינגע (קאָטאָרזשניקעס). זיי זיינען ערשט ניט לאנג אנטלאָפען פֿון דעם „געפֿענגניס פֿון נארפֿאלק. זיי זיינען 29 מענשען. זייער אנפֿיהרער איז א גע־„וויסער בען דשאנס, א געפֿעהרליכער מערדער און רויבער, וועלכער איז „אנטלאָפען פֿון א געפֿענגניס אין ענגלאנד."

„דער גובערנאטאר בעט יעדען, ווער עס וויס פֿון דיעזער באַנדע, זאל עס „באלד מעלדען. דער גובערנאטאָר וואָרנט אלע קאָלאָניסטען, פֿאַרמער און ריי־„זענדע, זיי זאלען זיין זעהר פֿאָרזיכטיג און ניט ארויסגעהן אהן וואָפען. דיא רע־„גיערונג וועט געוויס טאהן אלעס מעגליכע אום דיא רויבער און מערדער אויפֿ־„צוזוכען און זיי צו ברענגען אונטער שלאָס און ריעגעל."

ווען לארד גלענארוואן האט געענדיגט לעזען, האט זיך ליידי העלענא גע־ווענדעט צום פּראָפעסאָר און האט איהם געזאגט:

— נו, וואס זאגט איהר יעצט, הערר פּראָפעסאר? אין אויסטראַליען זיינען אויך דא רויבער און מערדער. איהר האט דאך געזאגט, אז אויסטראַליען מאכט דעם מענשען גוט, מילד און עדעל.

— אבער, ליידי העלענא, איהר פֿערגעסט, אז דיעזע רויבער און מערדער זיינען ערשט ניט לאנג אנגעקומען. דאס קלימאַט פֿון אויסטראַליען האט נאך אויף זיי ניט געקענט ווירקען. מען מוז זיין אין אויסטראַליען עטליכע יאהר, אום מען זאל פֿיהלען דיא ווירקונג פֿון'ם קלימאט פֿון אויסטראַליען.

— מיינע הערען, האט געזאגט לארד גלענארוואן. דיעזע נאכריכט איז זעהר וויכטיג פֿאר אונז. דיא וועגען זיינען יעצט ניט זיכער. א רויבער באַנדע פֿון 29 מאן געפֿינט זיך ערגעץ אין דיעזער געגענד.— וואס זאלען מיר יעצט טהאן? זאלען מיר פֿאהרען ווייטער, אדער זאלען מיר זיך אומקעהרען און פֿאהרען קיין מעלבורן. דארט וועלען מיר פֿאהרען מיט'ן דונקאן. — ער איז שוין געוויס רע־פּארירט.

— ווען מיר זאלען ניט האבען דיא דאמען מיט זיך, האט קאַפּיטאן פֿאר־ראגוט געזאגט, וואלט איך געזאגט, אז מיר זאלען ווייטער פֿאהרען.

— וואס זאגט איהר, ריטשארדסאָן? האט לארד גלענארוואן געפֿרעגט דעם מאיאר.

— איך זאג, אז מיר זאלען פרעגען אונזער וועג ווייזער, אייערטאן. ער איז בעסער בעקאנט מיט אויסטראַליען פון אונז און קען אונז געבען א בעסערן ראטה.

אלע האבען א קוק געטאהן אויף אייערטאן. לארד גלענארוואן האט איהם געבעטען, ער זאל זאגען זיין מיינונג.

— מיר זיינען יעצט שוין ווייט פון דער אייזענבאַהן ליניע, האט ער געזאגט, דיא צייט, וואס מיר וועלען פערברייגנען צו־צוקומען צו א באַהן סטאַציאָן, איז גלייכער, אז מיר זאלען פערברענגען ווייטער צו פאהרען. איך גלויב נאך ניט, אז דיא געפאַהר איז אזוי גרויס. מיר זיינען אַכט שטאַרקע מענשען, גוט בעוואפענט און גוט פערזאָרגט מיט אלעם נייטיגען. דיא רויבער וועלען מורא האבען אויף אזא מאַכט אנצופאַלען.

— אייערטאן האט רעכט, האט זיך אפגערופען דער פראפעסאר. אומקעהרען זיך צוריק הייסט פערליערן פיעל צייט. עס איז א שאַנדע פאר אונז, מיר זאלען מורא האבען פאר רויבער. מיר זיינען דאך ניט קיין קינדער.

אלע זיינען געוועזען איינשטימיג מיט'ן פראפעסאָר, אז מען זאל ווייטער פאָהרען. עס איז אזוי געבליעבען. ווען מען האט געוואלט זיך צוגעהן, יעדער אין זיין צימער, האט אייערטאן זיך געווענדעט צו לארד גלענארוואן.

— וואלט ניט גלייך געווען, אז מען זאל שיקען א בריעף אדער זאָגאַר א טעלעגראַמע צום קאפיטאן פון׳ם „דונקאַן״, אז אויב דאס שיף איז שוין רעפארירט, זאל ער באלד פאהרען אונז ענטגעגען צו דער טוואלד בוכטע.

— ניין, עס איז ניט גלייך, האט קאפיטאן פארראגוט געענטפערט פאר לארד גלענארוואָן. מיר קענען ניט וויסען, וואס עס קען פארקומען. עס איז זעהר מעגליך, אז מיר וועלען מוזען זיך אומקעהרען קיין מעלבורן. וואס וועלען מיר דאַמאלס טהאָן, ווען דאס שיף איז ניטא אין מעלבורן? אין דער מיט מעער קען מען קיין בריעף און קיין טעלעגראמע ניט שיקען.

— עס איז מיר אזוי אויך רעכט, האט אייערטאן געענטפערט און האט מעהר דערפון ניט גערעדט.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז מען ווייטער געפאהרען. יעצט זיינען זיי שוין געפאהרען אין ווילדען אויסטראַליען, אין א געגענד, וועלכע דיא ענגלישע רעגיערונג רופט: „רעזערוויישין פאָר דהי בלעקס.״ א געגענד, וועלכע מען האט אפגעגעבען דיא שווארצע, דיא ווילדע אויסטראַליער.

ארימע מענשען! דיא ענגלענדער האבען זיי פעריאָגט, פערטריעבען און פערדרענגט פון דיא לענדער וואו זיי זיינען געבארען געווארען און וואו זיי האָבען ביז אהער געלעבט אזוי רוהיג, אזוי שטיל און אזוי פריעדליך. וואס פאר א מיטעל דיא ענגלענדער האבען געברויכט אום זיי צו פערטרייבען, קען מען זיך לייכט פארשטעלען, ווען מען בעדענקט, אז אין קאפלאנד, אין אפריקא, זיינען געווען מעהר אלס דריי מיליאָן האָטענטאָטען, איידער דיא ענגלענדער האבען אפגענומען. יעצט זיינען מעהר ניטא אלס הונדערט טויזענד האָטענטאָטען. אין

אמעריקא זיינען געווען מעהר אלס צעהן מיליאן ווילדע, איידער דיא ענגלענדער האבען אפגענומען נאָרד אמעריקא. יעצט געפֿינט זיך א האלבע מיליאן ווילדע.

ווען עס קומט צו זייערע אינטערעסען, ווייסען דיא ענגלענדער ניט פֿון מענשליכקייט, ניט פֿון מיטלייד, ניט פֿון באַרמהערציגקייט. מענשענלעבען האט ביי זיי קיין ווערטה ניט. טויטען א ווילדען האט ביים ענגלענדער אזא בעדייטונג, וויא טויטען א פֿליעג אויף דער וואנד. זיי האבען אויסגעהרגעט גאנצע דערפֿער פֿון דיא ווילדע, גאַנצע פֿעלקער זיינען פֿערשוואונדען. אויף דער גרויסער און רייבער אינזעל טאסמאניא איז יעצט ניטאָ ניט איין ווילדער. אין 1862 איז געשטאָרבען דער לעצטער פון זיי — א פֿרוי פֿון עטליכע און אַכציג יאהר. זיא איז געווען דיא איינציגע, וואס איז געבליעבען פֿון א גאַנץ פֿאָלק.

דיעזע ענגלענדער, וועלכע זיינען אזוי פֿרום, אז זיי פֿערקויפֿען ניט אום זונטאג א גלאז ביער, הרגענען אויס קאלט בלוטיג א גאַנץ דאָרף און שוינען ניט קיין פֿרויען, ניט קיין קינדער, ניט קיין אַלטע און ניט קיין קראַנקע!

פֿערדאַמטע ציוויליזאַציאָן, ווען טויטען א מענשען איז קיין זינד ניט און פֿערקויפֿען א גלאָז ביער אום זונטאג איז א שרעקליכער פֿערברעכען!

ערשט שפּעט, ערשט גאר ניט לאנג זיינען אויפֿגעשטאַנען עדעלע מענשען, וועלכע האבען אויפֿגעהויבען זייער שטימע געגען אזא אונמענשליכקייט. זיי האָבען ארויסגעגעבען גאנצע ביכער דאריבער, האבען געמאכט געוואַלדען אין דיא צייטונגען און האבען אנגעמאַכט אזא רעש, אז דיא ענגלישע רעגיערונג איז געווען געצוואונגען אפצוגעבען דיא ווילדע א בעזונדערע געגענד.

אין דיעזע געגענד זיינען יעצט אריינגעפֿאהרען אונזערע רייזענדע. דער פּראָפֿעסאר איז געוועזען בייז און אויפֿגערעגט, וואָס זיי האבען ביז אהער נאך קיין ווילדען ניט בעגעגענט.

— מיט פֿופֿציג יאהר צוריק, האט ער געזאגט, וואלטען מיר אין דיעזער געגענד אנגעטראָפֿען גאנצע דערפֿער, גאנצע פֿעלקער, גאנצע שטעמע (שבטים) פֿון ווילדע מענשען און יעצט פֿאהרען מיר שוין א גאנצען טאג און בעגעגענען קיין איינציגען ווילדען. דאס איז דיא ענגלישע ציוויליזאַציאָן! אין איניגע יאהר ארום וועט זיך אין אויסטראַליען ניט געפֿינען ניט איין אויסטראַליער.

לארד גלענארוואן און דעם מאיאר האט עס געווים פֿערדראָסען, וואס דער פּראָפֿעסאָר פֿערדאַמט אזוי דיא ענגלישע ציוויליזאַציאָן. זיי האבען איהם אבער גאר ניט געענטפֿערט. זיי האבען געוואוסט, אז ער האט רעכט. זיי האבען געלעזען זעהר פֿיעל איבער דיא גרויזאַמקייט און דיא אונמענשליכקייט, וועלכע דיא ענגלענדער האבען בעגאַנגען געגען דיא ווילדע. וויא ווייט דיעזע גרויזאמקייט איז געגאנגען, קען מען זעהן פֿון א בעפֿעהל פֿונ'ם גובערנאטאָר פֿון וויקטאָריא, אין וועלכע עס געפֿינט זיך פֿאלגענדע שטעלע:

„ווער עס וועט אפשניידען דיא נאז אדער דיא אויערן פֿון א ווילדען מענשען, דער וועט בעצאהלען שטראף הונדערט פֿונט סטערלינג און דריי מאָנאַטע געפֿענגניס"!!!

דער פּראָפעסאָר האט עס געוויעזען לארד גלענארוואן אין אן אפיציעלער ציימונג.

מען איז געפאהרען דעם גאנצען טאג אין א וואַלד פון הויכע שטארקע אייקאַליפּטוס ביימער. געגען פינף אוהר פאַרנאַכט האט ראבערט גראָנט פלוצלונג אויסגעשריען:

— א מאָנקי! אן אַף! אט דארט אויפ'ן בוים זעה איך אן אַף!

אלע האבען זיך צוגעקוקט און האבען דערזעהן, וויא א מין שוואַרצע חיה קלעטערט אויפ'ן בוים פון איין צווייג צום אנדערן מיט אן אונגעוועהנליכער שנעליגקייט און געשיקליכקייט. באלד איז דער אַף אראָפּגעקלעטערט פון'ם בוים, האט אנגעהויבען צו שפּרינגען און זיך איבערצוקעהרען, גלייך וויא ער האט געוואלט געבען א פאָרשטעלונג. אלע האבען געקוקט מיט שטוינען אויף דיעזע זאָנדערבאַרע בעשעפעניש.

— וואס איז דאס פאַר א מין חיה? האט דער מאיאר געפרעגט.

— דאס איז קיין חיה, האט דער פּראפעסאר געענטפערט. דאס איז א מענש. דאס איז א ווילדער אויסטראַליער. — זעהט, וויא אזוי ער איז ארויפגעקלעטערט אויפ'ן בוים. ער האט איהם איינגעקארבט, געמאכט איינשניטע, וואו צו שטעלען דיא פיס.

איידער זיי האבען זיך אומגעקוקט, איז דער אויסטראַליער פערשוואונדען. באלד האט מען דערהערט פון דערווייטען א זאָנדערבאַרען געשריי: קו — איה! קו — איה! — אונזערע רייזענדע זיינען נאכגעגאנגען נאכן געשריי און זיינען באלד צוגעקומען צו א דאָרף פון ווילדע אויסטראַליער.

דאס גאנצע דאָרף איז בעשטאַנען פון צעהן—צוועלף שטיבלעך, אדער געצעלטען, ווייל זיי זיינען געווען געמאכט פון דער קאָרע (רינדע) פון אייקאליפּטוס בוימער. דאס שטיבעלע אדער געצעלט איז בעשטאנען פון צוויי גרויסע שטיקער קאָרע, וועלכע זיינען געווען אויפגעשטעלט, וויא א דאַך — אזוי Λ. דיא געצעלטען אדער דיא שטיקער קאָרע זיינען געשטאנען אויף דער הוילער ערד. קיין זאַך איז נים געווען אונטערגעבעט. אזא געצעלט קען נור שיצען פון א שטאַרקען רעגען, נים מעהר. דיא ווילדע אליין האבען אויסגעוויעזען ארים, דערשלאגען, הונגעריג און דורשטיג. זייער שוואַרצער, פערשמירטער קערפּער איז קוים געווען בעדעקט מים פעל פון דער קענגורו. ווען זיי האבען דערזעהן אונזערע רייזענדע, האבען זיי זיך דערשראָקען און האבען געוואלט אנטלויפען. אייערטאן אבער האט זיי געזאגט א פאר ווערטער און זיי האבען זיך בערוהיגט און זיינען געבליעבען שטעהן אויף זייערע ערטער.

ערשט יעצט האט דער פּראָפעסאר צייט געהאַט זיי צו בעטראַכטען. זיי זיינען געווען ניעדעריג און קליין געוואַקסען. דיא פאַרב פון זייער הויט איז געווען דונקעל און זעהר עהנליך צו אלטעס לעדער. זייערע געזיכטער זיינען געווען צושניטען און צוריסען. דאס מויל איז זעהר ברייט. דיא נאז פלאַטשיג. דיא ביי

נער פֿון דיא באַקען שטעקען ארויס. פֿון'ם מויל שטעקען ארויס צוויי גרויסע צעהנער, וויא ביי א ווילדען שוויין.

— ראבערט האט רעכט, האט זיך אפגערופֿען דער מאיאר. דאס זיינען אַפֿען, מאַנקים, דאָס זיינען ניט קיין מענשען.

— מאַיאָר, האט איהם ליידי העלענא געזאגט, וואלט איהר איינגעשטימט מיט דיעזע מענשען, וועלכע פערפֿאלגען דיעזע אונגליקליכע און טויטען זיי, וויא ווילדע חיות? — זיי זיינען דאך מענשען! מענשען וויא מיר.

— ניין, דאס זיינען ניט קיין מענשען. העכסטענס זיינען זיי א מיטעלדינג צווישען א מענשען און אן אַף.

ער האט ניט געוואלט ענטפֿערן אויף ליידי העלענא'ס הויפטפֿראַגע. ער איז אויך געווען אן ענגלענדער און וואלט זיך אויך ניט געשעהמט צו שיעסען עטליכע פֿון דיעזע ווילדע מענשען.

ליידי העלענא און מערי גראנט האבען געוואלט וויזען דעם מאיאר, אז דאס זיינען מענשען מיט פֿערשטאַנד און מיט א געפֿיהל, גלייך וויא מיר. זיי זיינען ארויסגעגאנגען פֿון'ם וואגען און האבען געגעבען דיא ווילדע ברויט און אנדערע שפייז, וואס זיי האבען געהאט מיט זיך. דיא ווילדע האבען אלעס פֿערשלונגען מיט'ן גרעסטען אפעטיט. זיי זיינען געווען הונגעריג. וויא עס האט אויסגעוויזען, האבען דיא ווילדע בעטראכט ליידי העלענא אלס א גאט. זיי זיינען געפֿאַלען פֿאר איהר אויף דיא קניע און האבען עפּעס געזאגט אויף זייער שפראַך, וועלכע קיינער האט ניט פֿערשטאנען.

ביי דיא ווילדע אין אויסטראַליען איז איינגעווארצעלט דער גלויבען, אז אלע מענשען זייגען שווארץ ביים לעבען. נאכ'ן טויט אבער ווערן זיי וויים. זיי קענען אבער נור זעלטען קומען צו דיא מענשען. ווען זיי קומען אבער אמאָל ברענגען זיי מיט זיך אלעס גוטעס.

בעזאנדערעס מיטלײדען האבען ערוועקט אין ליידי העלענא'ס הארץ דיא פֿרויען פֿון דיא ווילדע. זיי זיינען ווירקליך דיא אומגליקליכסטע בעשעפֿענישען אויף דער וועלט. דער מאַן גנבעט געוועהנליך זיין פֿרוי אדער ער פֿאַלט אויף איהר אן אין וואַלד, גיט איהר עטליכע קלעפּ מיט א גרויסען שטעקען און שלעפּט איהר אוועק מיט זיך אין זיין געצעלט. דארט מוז זיא פֿאר איהם ארבייטען. זיא מוז פֿערזארגען דיא פֿאמיליע מיט עסען. ווען דער מאן קומט אהיים און געפֿינט ניט וואס צו עסען, שלאגט ער דיא פרוי אזוי לאנג, ביז זיא פֿערשאַפֿט איהם עפּעס צו עסען. זיא חאַפּט איידעקסען (יאַשטשערקעס), שלאַנג און מייז און גיט איהר מאן און איהרע קינדער צו עסען. דער ווילדער אויסטראַליער עסט אלעס, וואס ער קען קריגען: שפּינען, פֿליעגען, פֿרעש, ווערים און אלעס, וואס מען קען נור ארייגלעגען אין מאגען אריין.

דיא פֿרוי מוז פֿערזארגען דאס געצעלט. זיא ברענגט דיא קארע (רינדע) צו מאכען דאס געצעלט. זיא מאכט פֿייער, זיא מאכט דאס געפֿעס: הילצערנע שיסלען און נאך איניגע איינפֿאַכע זאכען, וואס זאָגאַר א ווילדער מוז האבען.

זיא טאָר ניט עסען פֿארן מאַן. וואָס עס בלייבט איבער פֿון איהם און פֿון די קינדער, דאָס עסט זיא. איהר ווארפֿט מען צו דיא ביינער און אלעס, וואס דער מאַן וויל שוין ניט עסען.

קוים האט ליידי העלענא זיי געוויזען, אז זיא גיט זיי עסען, האבען זיך אלע ארומגעשטעלט ארום איהר, האבען אויסגעשטרעקט דיא הענד און האבען געשריען:

— נאָקי! נאָקי! (גיב מיר, גיב מיר).

ליידי העלענא האט געמוזט צו געהן צום וואגען. דיא ווילדע זיינען איהר נאכגעגאנגען, האבען זיך ארומגעשטעלט ארום וואגען און האבען אריינגעשטעקט זייערע לאנגע, דארע הענד אין וואגען. מיסטער אלבינעט האט אנגעהויבען צו שרייען, ווען ער האט דערזעהען, אז זיי גנבענען ביי איהם ארויס, וואס זיי קענען נור קריגען. מען האט געמוזט אלעס פֿערשליעסען און פֿערמאכען.

דיא ווילדע מענשען האבען קיין בעגריף פֿון פריוואט אייגענטהום. גנבע־נען איז ביי זיי קיין שאנדע קוים קענען זיי נור נעהמען ביי יענעם, נעהמען זיי, וואס זיי ווילען. ליידי העלענא האט זיך אבער ניט געקענט איינהאלטען און האט זיי צוטהיילט עסען. דיא ווילדע האבען זיך ארויפֿגעווארפֿען, וויא הונגעריגע וועלף אויף דעם עסען, וואס מען האט זיי געגעבען.

מערי גראנט האט געוויינט שטילערהיים. — ביי אזעלכע ווילדע געפֿינט זיך איהר פֿאטער געפֿאַנגען. אך! וויאפֿיעל ליידען טראגט ער איבער ביי אזעלכע מענשען! זיא האט זיך געווענדעט צו איירטאן און האט איהם געפֿרעגט:

— איירטאן, זייט איהר אויך געוועזען געפֿאַנגען ביי אזעלכע ארימע, אונ־גליקליכע ווילדע?

— געוויס, האט איירטאן געענטפֿערט, דיא ווילדע אין אויסטראליען זיינען אלע עהנליך. דיזע ווילדע אבער, וועלכע איהר זעהט יעצט, זיינען ווירקליך זעהר ארים און זעהר אונגליקליך. ווייטער אין לאנד געפֿינען זיך גאנצע פעלקער פֿון ווילדע, וועלכע לעבען פֿיעל בעסער. זיי געפֿינען זיך אונטער דער הערשאפֿט פֿון מעכטיגע פֿירסטען.

— אבער וואס מאכען זיי מיט א געפֿאַנגענעם אייראָפעער? האט קאפיטאן פֿאררארגוט געפֿרעגט.

— דער אייראפעער טהוט, וואס איך האב געטהאן, האט איירטאן געענט־פֿערט. ער געהט מיט זיי אויף דער יאגד, העלפֿט זיי חאפען פֿיש, בויעט זייערע הייזער, געהט מיט זיי אין קריעג. ווען דער אייראפעער איז א קלוגער און א טיכטיגער מענש, קען ער מיט דער צייט ווערן א הויפטלינג, אן אנפיהרער ביי זיי.

פלוצלונג האט מען דערהערט א שרעקליכעס געשריי. דיא ווילדע האבען ארויסגעלאזען שרעקליכע קולות, האבען געטאנצט, געשפרונגען, געליארעמט און ארומגעלאָפֿען וויא דיא וואהנזיניגע.

— וואס שרייען זיי אזוי? וואס ווילען זיי? האט לארד גלענארוואן געפֿרעגט איירטאַן.

— וויא עס ווייזט מיר אויס, ווילען זיי געבען אייך צו עהרען א פֿאַר־שטעלונג.

— א פֿאַרשטעלונג? האט לארד גלענארוואן געפֿרעגט פֿערוואונדערט. וואס פֿאַר א פֿאַרשטעלונג?

— זיי ווילען מאכען א מאַנעווער, ווייזען אייך, וויא אזוי זיי פֿיהרען קריעג.

קוים האט ער געענדיגט, האבען דיא ווילדע ווירקליך אנגעהויבען צו מאַ־כען א מאַנעוור. זיי האבען זיך צוטהיילט אין צוויי פּארטיעען און זיינען אנגע־פֿאלען איינער אויפֿ'ן אנדערן, גלייך וויא זיי וואלטען געפֿיהרט קריעג איינער מיט'ן אנדערן.

זייערע וואַפֿען בעשטעהען פֿון א לאַנגען שטעקען מיט א דיקען קאפּ. אין'ם קאפּ פֿון'ם שטעקען זיינען דאָ שאַרפֿע שפּיצען. דאס איז זעהר א געפֿעהרליכע וואַפֿע. דיא וואונדערבארסטע וואַפֿע אויף דער וועלט אבער איז דער בומעראַנג. ביז אויף הייטיגען טאג האט נאך קיין רייזענדער און קיין געלערנטער ניט גע־קענט ערקלערן, וויא אזוי דער בומעראַנג ווירקט.

דער בומעראַנג איז א געוועהנליך שטיקעל האלץ, עטוואס קרום אין דער מיט, וויא א שטעקען, וועלכער איז אין דער מיט אביסעל אויסגעקרימט. דער ווילדער גיט איהם א ווארף, דאכט זיך גאַנץ געוועהנליך, וויא יעדער מענש ווארפֿט א שטעקען. דער בומעראַנג פֿליעהט לאַנגזאַם הייבט זיך אויף פֿון דער ערד, טרעפֿט דיא חיה, וואס דער ווילדער וויל טויטען, צוברעכט איהר דיא ביינער, פֿאלט אראָפּ, הויבט זיך אויף ווייטער און טרעפֿט אנאנדער חיה. אזוי פֿאלט ער אראפּ, הויבט זיך אויף און צו ברעכט אלעס, וואס ער טרעפֿט, ביז ער בלייבט ליעגען. רייזענדע האבען געזעהן, וויא א ווילדער האט אויסגעשאָסען מיט'ן בו־מעראַנג אויף צוואנציג — דרייסיג פֿייגעל, וועלכע זיינען געזעסען אויף א בוים. אייניגע זיינען געזעסען אויף דיא ניעדעריגע צווייגען, אנדערע זיינען געזעסען אויף דיא העכערע צווייגען. דער בומעראַנג האט געטראָפֿען אין דיא ניעדעריגע צווייגען, האט יעדען פֿויגעל צובראכען דיא פֿיסלעך אדער דאס קעפּעל, דאַן האט ער זיך אויפֿגעהויבען צו דיא העכערע צווייגען, האט דארט אנגעהויבען צו ברע־כען דיא ביינער פֿון דיא פֿויגעל און איז ערשט דאַן אראָפּגעפֿאַלען, ווען אלע פֿויגעל זיינען אראפּגעפֿאלען טויט צו דער ערד.

עס זיינען דאָ ווילדע, וועלכע זיינען אזוי בעשיקט מיט'ן בומעראַנג, אז זיי שליידערן איהם אויף א חיה אדער א פֿויגעל. דער בומעראַנג לויפֿט, טויטעט דיא חיה קומט צוריק און לעגט זיך פֿאר דיא פֿיס פֿון'ם מענשען, וועלכער האט איהם געשיקט, גלייך וויא ער וואלט געהאט פֿערשטאנד און וואלט געוואוסט, וואס ער טהוט.

דער בומעראַנג פֿליהט גאַנץ שטיל. ער מאכט קיין ליאַרם ניט, ווען ער פֿליהט. ער זומט נור — ז ז ז.. וויא א ביען זומט, ווען זיא פֿליהט. וואו ער טרעפֿט אבער, דארט צוברעכט ער דעם שטאַרקסטען ביין. אין א סעקונדע קען ער צו־ברעכען דעם קאפּ פֿון א מענשען אדער פֿון אן אָקס.

וואס איז דער בומעראַנג? וויא אזוי ווירקט ער? מיט וואס פֿאר א קראַפֿט ווירקט ער? — דאס האט נאך דערווייל קיינער ניט ערקלערט. קיין אייראָפּעער קען ניט געברויכען דעם בומעראנג. עס האבען זיך געפֿונען רייזענדע, וועלכע האבען מאנאַטע לאנג זיך געלערנט געברויכען דעם בומעראַנג. — זיי האבען זיך ניט אויסגעלערנט. פֿרעגט דעם ווילדען, וויא אזוי געברויכט ער דעם בומעראַנג און וואס טהוט ער, ווען ער שליידערט איהם און ער וועט אייך ווייזען, וואס ער טהוט און וועט אייך ענטפֿערן:

— אט אזוי געברויך איך איהם.

אין קיין לאנד אין דער וועלט וויים מען ניט פֿון'ם בומעראנג. עס זיינען דא ווילדע מענשען אין אזיען, אין אפֿריקא, אין אמעריקא, אויף פיעלע אינזלען. קיינער פֿון זיי וויים אבער ניט פֿון'ם בומעראַנג, אויסער דיא ווילדע אין אויסטראַליען.

קוים ווערט דער ווילדער אויסטראַליער צעהן יאהר אַלט, געהט ער אוועק אין וואַלד, זוכט אויס א בוים פֿון זעהר הארט האָלץ און ברעכט זיך אפֿ א צווייג צו מאכען פֿון איהם א בומעראַנג. דאס האלץ מוז זיין גאנץ טרוקען. מען מוז וויסען, וויא אזוי עס צו בייגען. עס מוז זיין גאנץ גלאַט. עס טאר ניט האבען קיין שפעלטעלע, קיין קנאָטען (סוק). ווען דער יונגער ווילדער האט אויסגעפֿונען אזא צווייג און האט פֿון איהם געמאכט א בומעראַנג, הויבט ער זיך אָן צו לערנען איהם בענוצען. אין איינע מאנאטע איז דער קורס געענדיגט און דער יונגער ווילדער געברויכט דעם בומעראַנג, וויא אן אלטער.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא דער פראָפֿעסאָר איז געווען אונגעדולדיג צו זעהן, וויא אזוי דער בומעראַנג ווירקט. דיא ווילדע אבער האבען געמאכט נור א מאַנעוור, א פֿאַלשען קריעג. זיי האבען ניט געברויכט דעם בומעראַנג. דאס איז זעהר א געפֿעהרליכע וואַפֿע, וועלכע טויטעט פֿאר געוויס.

דער מאַנעוור האט געדויערט אן ערך פֿון א פֿיערטעל שטונדע. מענער, פֿרויען און זאָגאַר קינדער האבען טהייל גענומען אין דער פֿאַלשער שלאַכט. מע' האט זיך געשלאָגען, געי־־ען, געביסען און דערביי געשריען מיט אזעלכע ווילדע קולות, אז ליידי העלע־א און מערי גראַנט האבען זיך געמוזט פֿערשטעלען דיא אויערן. פלוצלונג זיינ־י אלע געבליעבען שטיל. דיא וואַפֿען זיינען ארויסגעפֿאַלען פֿון זייערע הענד און אלע זיינען געבליעבען שטעהן, וויא פֿערשטיינערט.

— וואס זאל ־־־ זיין? האט לארד גלענארוואן געפֿרעגט.

קיינער האט איהם ניט געענטפֿערט. באלד אבער האט זיך אלעס דערקלערט. דיא ווילדע האבען דערזעהן א לאנגע רייהע פֿון פאפאגייען פֿליעהען אין דער הויך.

יעצט האט איינער פֿון דיא ווילדע גענומען א שטעקען און האט איהם אזוי גלייכגילטיג א ווארף געטהאן. דער שטעקען האט זיך אויפֿגעהויבען איינוגע פֿוס אין דער הויך, איז אראָפּגעפֿאלען, האט זיך ווייטער אויפֿגעהויבען העכער און האט בעריהרט א צווייג. קוים האט ער בעריהרט דעם צווייג, האט ער בעקומען

מעהר קראַפט און איז געפלויגען נאָך העכער, ביז ער איז צוגעקומען צו די פאפאגייען. דא האט זיך אנגעהויבען א קנאַקען און קראכען. די פאפאגייען זיינען אראפגעפאַלען צו דער ערד איינער נאך דעם אנדערן. ווען דער שטעקען האט געענדיגט זיין ווערק פון טויט און ביינערברעכען, איז ער אראפגעפאַלען פאר די פיס פון ווילדען, וועלכער האט איהם א ווארף געטהאן. דער פראפעסאר איז צו געלאָפען צום ווילדען און האט א חאַפּ געטהאן דעם שטעקען.

— אט דאס איז דער בעריהמטער בומעראנג! האט ער אויסגערופען מיט פרייד. איך האב אזוי פיעל געלעזען פון איהם, אז איך האב שטענדיג געבענקט איך זאל איהם זעהען.

ער האט איהם אלעמען געוויעזען. עס איז אבער ניט געווען וואס צו זעהן. עס איז געווען א גאַנץ געוועהנליכער שטעקען, נור אביסעל אויסגעקרימט אין דער מיט.

— נו, ערקלערט, פראפעסאר, וויא אזוי ווירקט דער בומעראַנג? האט דער מאיאר געפרעגט.

— מיין ליעבער מאיאר, עס זיינען נאך דא פיעל זאכען אויף דער וועלט, וואס מיר פערשטעהן ניט. דער בומעראנג איז אויך איינע פון דיעזע זאַכען.

— נו, מאיאר ריטשארדסאן, האט ליידי העלענא געזאגט. זיא פלעגט זיך שטענדיג אננעהמען פאַר'ן פראפעסאָר. — איהר זאגט, אז די אויסטראַליער זיינען מאַנקים, אַפען. קענען אפען געברויכען אזא געפעהרליכע וואַפע?

— איך האב ניט געזאגט, אז די ווילדע אויסטראליער זיינען אַפען, האט דער מאיאר געענטפערט. איך האב געזאגט, אז די אפען זיינען ווילדע אויסטראליער.

— א שפאַס איז קיינע אנטוואָרט, האט ליידי העלענא געזאגט ערנסט.

— נו, וועל איך אייך ענטפערן ערנסט. די נעגער זאגען, אז די אַפען זיינען אויך מענשען, נור געשיקטער און פעהיגער פון זיי. זיי האבען רעכט. איך זעה ניט דעם אונטערשיעד צווישען דעם נעגער און דעם אַפען.

עס איז שפעט געווארען און לארד גלענארוואן האט ניט געוואלט פערליערן קיין צייט. ער האט געהייסען איינשפאַנען די אָקסען און ווייטער פאהרען. ער האט געוואוסט, אז ביי דיעזע ווילדע וועט ער קיין אויסקונפט ניט קענען קריעגען איבער קאפיטאן גראנט. זיי וואינען נאך צו נאהענט צו די ציוויליזירטע מענשען און וויסען ניט, וואס עס קומט פאָר טיעפער אין לאנד.

13טעס קאפיטעל.

## ווייטערע צופעלע.

דעם אנדערן טאג זיינען זיי א גאנצען טאג געפאהרען און עס האט זיי גאר ניט פאַסירט. זיי האבען בעגעגענט אויפ'ן וועג פיעלע קענגורו'ס, די איינציגע ווילדע חיות פון אויסטראליען.

די קענגורו איז א זאנדערבארעס טהיער. דאס איז אויך איינע פון די

וואונדער פֿון אויסטראַליען. דיא קענגורו איז א פֿיער פֿיסיגעס טהיער. דיא פֿע־דערשטע פֿיס זיינען גאַנץ קורץ. דיא הינטערשטע זיינען לאנג און זעהר שטאַרק. געוועהנליך זיצט זיא אויף דיא הינטערשטע פֿיס. לאנגזאַם געהן קען זיא ניט. דערפֿאר לויפֿט זיא אזוי געשווינד, אז מען קען זיא ניט דעריאָגען מיט'ן בעסטען פֿערד. דיא קענגורו עסט גראָז, בלעטער פֿון בוימער און פריכטע. זיא האט מורא פֿאר א מענשען און אנטלויפֿט פֿון איהם, ווען מען יאָגט זיא אבער שטארק און זיא האט ניט וואו צו אנטלויפֿען, שטעלט זיא זיך לעבען א בוים און פֿערטהיי־דיגט זיך מיט איהרע שארפֿע נעגעל און מיט דיא הינטערשטע פֿיס. מיט א זעץ מיט דיא הינטערשטע פֿיס קען זיא טויטען דעם שטארקסטען הונד. עס איז גע־פֿעהרליך דאמאָלס צו־צוקומען צו איהר נאהענט.

דאס וואונדערבאַרסטע אין דער קונגורו איז דיא אַרט, וויא זיא האט איהרע קינדער. ווען דיא יונגע קענגורוס ווערן געבוירען, זיינען זיי אזוי שוואַך און אזוי ווייך, אז יעדער קלייניגקייט וואלט זיי צוקוועטשט. דיא מוטער האט אונטערן בויך א גרויסען בייטעל, א דאפעלע הויט. אין דיזען בייטעל לעגט זיא אריין איהרע קינדער און געהט מיט זיי ארום, ביז זיי ווערן עלטער און קרעפֿטיגער, אז זיי קענען זיך שוין אליין געפֿינען זייער נאהרונג. עס איז זעהר אינטערעסאַנט צו זעהן, וויא א קענגורו שטעהט און עסט און פֿון אונטער איהר בויך שטעקען איהרע קינדער ארויס זייערע קעפּלעך.

דיא קענגורו זיינען זעהר שעדליך פאר דיא קאלאניסטען. זיי בעפֿאַלען אפט אויף א פֿערזייטע פעלד מיט ווייץ, קאָרן אדער אנדערע פֿריכטע און פֿרע־סען אויף אין איין נאַכט דאס גאנצע פעלד. דיא קאלאָניסטען פֿערפֿאלגען זיי און טויטען זיי הונדערטער וויים. דער פראָפֿעסאָר האט דערצעהלט פֿון א קאלאָניסט, וועלכער האט אין איין יאהר געטויטעט אַכט טויזענד שטיק קענגורו'ס.

דיא ווילדע אויסטראַליער עסען דאס פלייש פֿון דער קענגורו. דיא איירא־פעער געפֿינען, אז דאס פֿלייש איז האַרט און ניט געשמאַק. דיא פֿעל פֿון דער קענגורו וואלט געווען זעהר גוט אויף שוכווארג און אנדערע זאכען. עס זיינען אבער דאָ אין אויסטראַליען אזוי פֿיעל פֿעל פֿון אָקסען און פֿערד, וועלכע קאָסטען אזוי ביליג, אז קיינער וויל זיך ניט נעהמען דיא מיה אויסצוארבייטען דיא פֿעל פֿון דיא קענגורוס.

דער פראָפֿעסאָר האט צוואַר געוואלט זיך נאכיאָגען נאך א פאר קענגורוס און זיי שיעסען. לארד גלענארוואן אבער האט איהם ניט געלאָזען.

— צו וואס טויטען א לעבעדיגע זאַך אהן א שום נוצען? האט ער געזאגט.

אויפֿ'ן דריטען טאג זיינען זיי צוגעקומען צו א בערג קעטע — א רייהע פֿון בערג — וועלכע מען האט געמוזט אריבער פֿאהרען. יעצט האט זיך אנגעהויבען שוועריגקייטען.

דיא בערג זיינען צוואַר געווען ניט שטאַרק הויך, עס זיינען אבער ניט גע־ווען קיין אויסגעפֿאהרענע וועגען. אין אייניגע ערטער זיינען דיא בערג געווען בעוואקסען מיט ניעדעריגע בוימעלעך — „בוש,“ וויא מען רופֿט עס אין אויסטרא־

ליען. מען האט געמוזט זיך מאכען א וועג מיט דער האַק אין דער האַנד. די אַקסען האבען קוים געשלעפּט דעם שווערן וואגען. ער איז יעדעס מאל אונטער געשפּרונגען און האט געקראכט און געקרעכצט. אין איינינע ערטער איז דער וועג געווען בעדעקט מיט שטיינער. אין אנדערע ערטער האבען זיי אנגעטראָפען זומפּען און בלאטעס, וועלכע מען האט געמוזט ארומפאהרען.

— וויא הייסען דיזע בערג און וויא הויך זיינען זיי? האט לארד גלענאר־וואן געפרעגט דעם פּראָפעסאר.

— זיי הייסען דיא אלפּען. זיי זיינען אבער ניט אזוי הויך, וויא דיא אלפּען אין אייראָפּא, האט דער פּראָפעסאר געענטפערט. אין אויסטראַליען זיינען דאָ בערג, זיי זיינען אבער אלע ניעדעריג. זיי זיינען נור שפּיעלכעלעך, אבער קיינע בערג.

— זעהט, פּראָפעסאר, מאכט ניט קיין טעות, וויא איהר זייט געוואינט, האט דער מאיאר געלאַכט. דאס הייסט א שפּיעלכעל, אז מיר פּלאגען זיך שוין צוויי טאג און זיינען נאך ניט אריבערגעפאהרען דעם בארג.

— זייט איך בין אין אויסטראַליען, האב איך נאך קיין פעהלער ניט גע־מאכט, האט דער פּראָפעסאר געזאגט שטאָלץ. אויסטראליען ווירקט אויף מיר. איך ווער א פאלקאָמענער מענש.

— אך, פּראָפעסאר! האט ליידי העלענא אויסגערופען. איך וואלט זעהר געוואלט, איהר זאלט ווייטער מאכען עפּעס א פעהלער. — עס פּאסט אייך אזוי, ווען איהר מאכט א פעהלער.

וויא זיי האבען אזוי גערעדט, האט איינער פון דיא מאַטראָזען אויסגערופען:

— א גאַסטהויז! א קרעטשמע!

אלע האבען זיך אומגעקוקט און האבען ווירקליך דערזעהן א שטוב אין דיזער ווילדער געגענד.

— שעהנע געשעפטען קען מאכען א גאסטהויז אין אזא ווילדע געגענד! האט אויסגערופען דער פּראָפעסאר, איך קען מיר שוין פארשטעלען, וויא פיעל געכט ער קען האבען א טאג!

— וואס קימערט אונז, וואס פאר א געשעפטען דער ווירטה פון'ם גאַסט־הויז מאכט? האט לארד גלענארוואן געזאגט. איך בין העכסט צופריעדען, וואס מיר האבען דא געטראָפען א גאַסטהויז. דער ווירטה וועט אונז וועניגסטענס זא־גען, וויא אזוי מיר זאלען אריבערפאהרען דיא בערג. מעגליך, אז ער וועט אונז קענען געבען אויסקונפט, וואו עס געפינען זיך דיא הויפּטלינגע פון דיא ווילדע. מיר זאלען קענען עפּעס ערפאהרען איבער קאפּיטאן גראנט.

זיי זיינען אריין אין גאסטהויז. דער ווירטה איז געווען איינער אליין. וויא עס האט אויסגעוויזען האט ער געהאלטען דאס גאַסטהויז נור פאר זיך. אין שטוב איז ניט געווען קיין פרוי, ניט קיין קינד, ניט נאך א מענש. דעם מאיאר איז עס זעהר ניט געפעלען. וויא איז עס א מענש איינער אליין אין אזא ווילדער גע־גענד? דער ווירטה אליין איז איהם אויך ניט געפעלען. ער האט אויסגעוויזען

זעהר גראָב, שלעכט און ווילד. ער האט צוואַר געענטפערט אויף אלע פראַגען, וואס לארד גלענארוואן האט איהם געשטעלט. ער האט זיי אבער אזוי געענט- פערט, אז נור אייערטאן האט פערשטאַנען, וואס ער מיינט. ער האט אנגערופען נעמען פון געגענדען, פון וועלכע זאָגאַר דער פראָפעסאר האט ניט געוואוסט. אייערטאן אבער האט געזאגט, אז ער וויים פון זיי און וועט פאהרען, וויא דער ווירטה האט איהם אנגעוויעזען.

ווען זיי האבען אלעס אויסגעפרעגט און האבען שוין געוואלט אוועקגעהן, האט דער מאיאר בעמערקט אויף דער וואַנד א געדרוקטע אנצייגע. דאס איז גע- ווען אן אנצייגע פון'ם גובערנאטאר פון דער שטאדט פערטה, אז 29 שטרעפלינגע (קאטארזשניקעס) זיינען אנטלאָפען פון געפענגניס. עס האט זיי פערהאלפען צו אנטלויפען א בעריהמטער מערדער פון ענגלאַנד מיט'ן נאמען בען דשאַנס. דיא רעגיערונג זאגט צו הונדערט פונט סטערלינג דעם מענשען, וועלכער וועט מעל- דען, וואו בען דשאנס געפינט זיך.

— דאס איז צו ווייניג פאר אזא געפעהרליכען מערדער, האט דער מאיאר געזאגט. וואס איז הונדערט פונט? — זיי וואלטען געמעגט צוזאגען טויזענד פונט!

— ער איז קיין הונדערט פונט אויך ניט ווערטה, האט אייערטאן גע- ענטפערט.

— איך וואלט דעם ווירטה פון דיעזען גאסטהויז אויך ניט צופיעל געטרויט, האט דער פראָפעסאר געזאגט.

— איך אויך ניט, האט אייערטאן געענטפערט.

מען איז ווייטער געפאהרען אויף דעם וועג, וואס דער ווירטה פון'ם גאסט- הויז האט אנגעוויעזען. דער וועג איז אבער געווען אזוי שלעכט און אזוי שווער, אז דיא דאַמען האבען געמוזט ארויסגעהן פון'ם וואגען און געהן צופוס. מען האט געמוזט צושפאַנען דיא פערד צו די אקסען. זיי אליין האבען קיין כח ניט געהאט צו שלעפען דעם וואגען.

פלוצלונג איז דאס פערד, אויף וועלכען דער מאטראז מילרעד איז געריטען, אניעדער געפאַלען. מען איז צו איהם צוגעגאנגען און פראבירט איהם אויפצוהוי- בען. ער איז אבער געווען טויט. — וואס זאל זיין דיא אורזאכע, וואס דאס פערד האט אזוי פלוצלונג קרעפירט? — מען האט געפרעגט אייערטאן. ער האט פער- צויגען דיא אקסלען,— ער וויים ניט.

— נעהם מיין פערד, האט לארד גלענארוואן געזאגט צום מאטראז. איך וועל פאהרען מיט ליידי העלענא אין וואגען, ביז מיר וועלען צוקומען ערגעץ, וואו איך וועל קענען קויפען אנדערע פערד.

דער מאטראז מילרעד האט איהם געפאלגט און אונזערע רייזענדע זיינען ווייטער געפאהרען. מיט שווערער מיה און זעהר לאנגזאם האבען זיי זיך ארויפ- געשלעפט אויפ'ן באַרג. דא האבען זיי גענעכטיגט. דאס פאהרען אראָפ באַרג אין אזא ווילדע געגענד איז נאך שווערער און געפעהרליכער, וויא דאס פאהרען באַרג ארויף.

דיא נאכט איז פערגאנגען רוהיג. עס איז נור געווען זעהר קאלט. וויא ניעדעריג דיא בערג זיינען אין אויסטראליען, איז דאך קאלט אויף דיא בערג, בעזאנדערס ביי נאכט. מען האט געמוזט ארויסנעהמען דיא ווארעמע דעקען און זיך איינהילען.

דעם אנדערן טאג איז מען אראפגעפאהרען פון דיא בערג. דאס אראפפאהרען איז ווירקליך געווען זעהר שווער. דער וואגען האט זיך אזוי צוטרייסעלט אראפפאהרענדיג, אז ער האט זיך קוים, קוים געהאלטען. זיצען אין וואגען איז געווען אונמעגליך. מען האט געמוזט געהן צופוס. דיא שיך האבען זיך צוריסען אן דיא שארפע שטיינער און אן דיא דערנער.

מיעד, מאט און צובראכען איז מען ענדליך אנגעקומען אין אן ארט, וואו מען האט זיך ענטשלאסען צו נעכטיגען. קוים האט מען אויסגעשפאנט דיא אקסען און אפגעזאטעלט דיא פערד, האט זיך אייערטאן געווענדעט צו לארד גלענארוואן און האט איהם געזאגט:

— יעצט זיינען מיר שוין גאר ניט ווייט פון'ם מעער. דאס הייסט פון דעם ארט, וואו דיא „בריטאניא" איז אונטערגעגאנגען, און קאפיטאן גראנט האט זיך גערעטעט. איינגע מייל פון דאנען געפינט זיך נאך א פאסט-סטאציאן. עס וואלט דאהער זעהר גלייך געווען, אז איהר זאלט שיקען צוויי מענשען מיט א בריעף אויף דער פאסט, אז דער „דונקאן" זאל באלד קומען אהער. ווען מיר וועלען געפינען דעם קאפיטאן גראנט, וועלען מיר שוין האבען אונזער שיף ביי דער האנד און וועלען קענען פאהרען, וואוהין מיר וועלען דארפען.

דער פראפעסאר איז געווען אין גאנצען איינפערשטאנדען מיט אייערטאן. לארד גלענארוואן איז אויך געווען דער מיינונג, ער זאל שיקען צוויי מענשען מיט א בריעף אויף דער פאסט-סטאציאן, וואס אייערטאן האט געזאגט, אז דער „דונקאן זאל באלד קומען. דער מאיאר אבער איז געווען דאגעגען.

— דיא געגענד איז ניט זיכער, האט ער געזאגט. מיר זיינען נור אכט מענשען. וויא קענען מיר אוועקשיקען צוויי מענשען, אז מיר זאלען בלייבען נור זעקס? — איבער דעם זיינען דיא מענשען ניט בעקאנט מיט דער געגענד. זיי וועלען ערגעץ פערבלאנזשעט ווערען און שטארבען אויפ'ן וועג פאר הונגער. — וויעדער אוועקשיקען אייערטאן מיט'ן בריעף, קען מען אויך ניט. ער וויים דאך בעסער דעם וועג און ווען מען וועט בעגעגענען ווילדע, קען ער דאך זיך עפעס מיט זיי צונויף רעדען. — לאמיר בעסער פאהרען ווייטער, וויא מיר זיינען געפאהרען ביז אהער, לאמיר ניט מאכען קיין ענדערונג. ווען מיר וועלען דארפען האבען דעם דונקאן, וועלען מיר זעהען וואס צו טהאן.

קאפיטאן פאראגוט איז אויך געווען דער מיינונג, אז עס איז גלייכער ווייטער צו פאהרען. פון טופאלד בוכטע וועלען זיי לייכטער קענען שיקען א בריעף קיין מעלבורן. לעבען יענע בוכטע געהען אפט דורך שיפען, בעזאנדערס דיא פאסט דאמפפער פון כינא אין נייזעלאנד.

עס איז געבליבען, אז מען זאל קיינעם ניט שיקען און מען זאל מארגען

ווייטער פאהרען. אייערטאן האט פערביסען מיט דיא ליפען און האט גאר ניט געענטפערט. מען האט זיין מיינונג ניט אנגענומען, איז ער אזוי אויך צופריעדען. דער מאיאר האט גוט בעמערקט, אז אייערטאן איז זעהר ניט צופריעדען, וואס מען האט זיין מיינונג ניט אנגענומען. אויף דער גאנצער רייזע האט דער מאיאר ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון אייערטאן. ער האט אבער קיינעם ניט געזאגט, אז דער מענש געפעלט איהם ניט.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז מען ווייטער געפאהרען. דיא געגענד איז געווען זעהר א שעהנע. וויא ווייט דאס אויג האט נור געגרייכט, האט מען געזעהען גרינע וועלדער און פעלדער בעדעקט מיט בלומען. דיא רייזע וואלט געווען העכסט אנגענעהם, ווען עס זאל ניט געווען שטארק היים.

געגען מיטאג איז מען געקומען אין א וואלד פון פערנבוימער (פאפאראטניק אויף רוסיש) דאס איז איינער פון דיא זעלטענסטע בוימער, וועלכע מען טרעפט נור אין אויסטראליען, — א נאטירליכער רעגענשירם אדער זאנענשירם. דיא פערנבוימער זיינען אייגענטליך נור הויכע גראזען. אין אויסטראליען אבער וואקסען זיי אזוי הויך און האבען אזעלכע ברייטע בלעטער, אז זיי בילדען ווירקליך גוטע זאנען-שירמע.

דער פראפעסאר איז געווען אויסער זיך פאר פרייד. ער האט גערעדט און ערקלערט דיא נאטור פון דיא פערנבוימער. אלע האבען איהם אויסגעהערט מיט פערגניגען. פלוצלונג — באך! דער פראפעסאר איז אראפגעפאלען פון זיין פערד און האט זיך צעהן מאל איבערגעקעהרט. דאס פערד איז געפאלען אונטער איהם.

אלע זיינען געבליעבען ערשטוינט. מען איז צוגעלאפען און מען האט אויפגעהויבען דעם פראפעסאר. דאס גראז איז געווען ווייך און עס האט איהם גאר ניט געשאדעט. מען איז צוגעקומען צו זיין פערד — עס איז טויט.

— דאס איז זאנדערבאר! האט אויסגערופען קאפיטאן פאררארגוט. שוין דאס צווייטע פערד פאלט אזוי פלוצלונג. וואס זאל דאס הייסען?

— דאס איז קיין צופאל, האט געברומט דער מאיאר. דא איז עפעס.

לארד גלענארוואן איז געווארען זעהר אונרוהיג. ער האט גערעכענט, אז אן עפידעמיע (א קראנקהייט) איז אנגעפאלען אויף זיינע פערד. וואס וועט ער טהאן, ווען אלע זיינע פערד וועלען קרעפירען איינער נאכ'ן אנדערן?

עס האט אבער גאר ניט געהאלפען. מען האט געמוזט ווייטער פאהרען. איינער פון דיא מאטראזען האט געגעבען דעם פראפעסאר זיין פערד און אליין איז ער געגאנגען צו-פוס. מען איז אוועקגעפאהרען נאך א פאר שטונדען. פלוצלונג איז ווידער געפאלען א פערד און איז געבליעבען טויט אויפ'ן ארט, גלייך וויא דער בליץ האט איהם געטראפען. מיט א שטונדע שפעטער איז אן אקס געפאלען און געבליעבען טויט אויפ'ן ארט.

דיא לאגע פון אונזערע רייזענדע איז געווארען זעהר א קריטישע. אין גאנצען איז זיי יעצט געבליעבען נור פיער פערד און דריי אקסען. — וואס טהוט מען יעצט? דיא מענער קענען געהן צו-פוס. וואס וועלען אבער טהאן דיא דאמען?

זיי האבען נאך הונדערט און צוואנציג מייל ביז צום מעער. וויא וועלען דיא דאָ-מען געהן אזא שטרעקע צו-פֿוס?

לארד גלענארוואן און דער מאיאר האבען זיך יעצט צוגעקוקט צו דיא אי-בעריגע פֿערד און אָקסען. זיי זיינען געווען פֿאלקאמען געזונד. קיין צייכען פֿון א קראַנקהייט, קיין שפור פֿון אן עפידעמיע האט מען ניט געקענט בעמערקען אין זיי.

— מיר מוזען ווייטער פֿאהרען, האט לארד גלענארוואן געזאגט, זא לאַנג מיר האבען נאך אויף וואס צו פֿאהרען.

מען איז ווייטער געפֿאהרען; ווער עס האט ניט געהאט קיין פֿערד, דער איז געגאנגען צו-פֿוס. ווען איינער איז מיעד געווארען, האט ער זיך אריינגעזעצט אין וואגען אפרוהען.

דער אנדערער טאג איז פֿערגאנגען רוהיג. עס האט קיין זאַך ניט פּאַסירט. אויפֿ'ן דריטען טאג איז מען געפֿאהרען ווייטער. פֿאר נאכט איז מען צוגעקומען צו א וואַלד און אייערטאָן איז אריינגעפֿאהרען גלייך אין וואלד אריין. ער איז אוועקגעפֿאהרען עטליכע הונדערט שריט און האט א געשריי געטהאן:

— סטאָפּ!

— וואס איז געשעהן? האבען געפֿרעגט דער מאיאר און דער קאפּיטאַן מיט אמאָל.

— דער וואגען איז אַריין אין א זומפּ איבער דיא רעדער, האט אייערטאן געענטפֿערט.

ער האט געשלאגען דיא אקסען און האט זיך געגעבען אלע מיה ארויסצו-קריכען פֿון זומפּ. עס האט אבער ניט געהאלפֿען.

— מיר מוזען דא נעכטיגען, האט ענדליך דער מאיאר געזאגט.

— איך מיין אויך אזוי, האט אייערטאן געענטפֿערט. אין דער פֿריה וועלען מיר זעהן, וויא אזוי ארויסצושלעפּען דעם וואגען פֿון'ם זומפּ.

עס איז געבליעבען, מען זאל דארט נעכטיגען. אייערטאן האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיהע און האט ארויסגעשלעפּט דיא אָקסען פֿון זומפּ. באלד האט מען געמאכט אלע פֿארבערייטונגען פֿארן נאכטלאגער. עס איז געווען הייס און דריקענד. מען האט געקענט ערווארטען, אז ביי נאכט וועט געהן א רעגען און מען האט זיך געמוזט פֿארבערייטען אויף דעם פֿאַל, ווען עס וועט געהן א רעגען. מען האט אויפֿגעשלאגען געצעלטען אונטער גרויסע בוימער.

אלע זיינען געווען מיעד פֿון דער לאנגער רייזע און פֿון דער היץ. מען האט שנעל אפּגעגעסען סאפּער און מען האט זיך געלעגט שלאָפֿען. איינער פֿון דיא מאטראָזען האט געהאלטען דיא וואך. זייט דאס אַייזענבאהן אונגליק האט זיך געטראָפֿען, פֿלעגט שטענדיג איינער האלטען דיא וואַך ביי נאַכט.

נעגען עלף אוהר האט זיך דער מאיאר אויפֿגעחאַפּט. ער האט עפּעס ניט געקענט שלאָפֿען. ער איז ארויס פֿון געצעלט און איז אביסעל ארומגעגאנגען אין וואלד. פּלוצלונג האט ער דערזעהן א זאַנדערבאַרען שיין. א שוואַכע, בלויע

ליכטיגקייט האט געפֿונקעלט ערגעץ פֿון דערווייטען. דיא ליכטיגקייט איז געווען, וויא ווען מען צינדעט אן פֿאספֿאר. — וואס זאל דאס זיין?

ער האט שטילערהייט אויפֿגעוועקט דעם פּראָפֿעסאר, האט איהם ארויסגעפֿיהרט פֿון׳ם געצעלט און האט איהם געוויזען דיא זאָנדערבאָרע ליכטיגקייט. דער פּראָפֿעסאר איז צוגעקומען צו דעם ארט, וואו עס האט זיך געלייכט, האט עס בעטראכט און האט איהם געזאגט:

— דאס איז אויך איינע פֿון דיא וואונדער פֿון אויסטראַליען. דאס זיינען שוועמלעך, גאנץ געוועהנליכע שוועמלעך. זיי ענטהאלטען אין זיך פֿאספֿאר און לייכטען אין א פֿינסטערע נאכט. אין אנדערע ערטער קען מען אויך זעהן דאס זעלבע וואונדער, אבער ניט אויף שוועמלעך. — פֿאַרפֿוילטעס האלץ לייכט אין דער פֿינסטער. אפּגעשיילטע קארטאָפֿעל, ווען זיי שטעהן א פּאר טאג, לייכטען זיי אין דער פֿינסטער.

ער האט איהם צוגעפֿיהרט צו א בוים, אונטער וועלכען עס האבען געוואקסען דיא לייכטענדע שוועמלעך און האט איהם געוויזען, וויא זיי לייכטען. ער איז געווען מיעד און איז צוריק געגאנגען שלאָפֿען. דער מאיאר איז מיט איהם אויך צוריקגעגאנגען, ער האט אבער ניט געקענט שלאָפֿען און איז ווידער ארויסגעגאנגען אביסעל שפּאַצירען. ער איז נאך אמאל צוגעגאנגען צו דיא לייכטענדע שוועמלעך. זייט ער איז בעקאנט געווארען מיט׳ן פּראָפֿעסאר, האט ער זיך אנגעהויבען צו אינטערעסירען פֿאר נאַטור וויסענשאַפֿט.

פּלוצלונג איז ער געבליעבען שטעהן און האט א ציטער געטהאָן. עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז עס שטעהען מענשען ניט ווייט פֿון דיא לייכטענדע שוועמלעך.— וואס זאל דאס זיין? זאל זיך איהם האבען נור אויסגעוויעזען? זאל ער זיך האבען אפּגענאַרט? — דיא מענשען זיינען געשטאנען א ווייַלע, האבען זיך איינגעבויגען צו דער ערד, גלייך וויא זיי וואלטען עפּעס געזוכט, און זיינען פֿערשוואונדען געווארען. באלד האבען זיי זיך ווידער געוויזען, האבען זיך ווייטער איינגעבויגען, האבען געטאַפּט דיא ערד און זיינען ווייטער פֿערשוואונדען געווארען.

— וואס זאל דאס זיין? האט דער מאיאר געזאגט צו זיך אליין. דאס זיינען מענשען. איך נארר מיך ניט אפּ. אבער וואס טהוען זיי? וויא קומען זיי אהער? וואס דאַרפֿען זיי? — איך מוז עס וויסען. ווען דאס זיינען מענשען, וועלען זיי דאך געוויס עפּעס רעדען. איך מוז הערען, וואס זיי רעדען.

ער האט זיך אניעדער געלעגט אין טיעפֿען גראָז און האט זיך געקייקעלט, וויא א שלאַנג, גאנץ שטיל, אז קיינער זאל איהם ניט הערען, ביז ער האט זיך צוגעקייקעלט צו דעם ארט, וואו עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז ער זעהט מענשען. ער איז דארט אוועקגעלעגען א גוטע ווייַלע און האט זיך געוואלט קייקלען צוריק. פּלוצלונג האט אנגעהויבען צו גיעסען א רעגען. ער האט זיך אויפֿגעהויבען און איז צוגעלאָפֿען צו זיין געצעלט.

## 14טעם קאפיטעל.

# א נייעס אונגליק.

דער רעגען האט געדויערט א גאנצע נאכט. ער האט געגאָסען אזוי שטאַרק, אז אלע האבען געמוזט זוכען שוץ אין וואגען. פון שלאָפען איז שוין קיין רעדע ניט געווען. אלע זיינען געזעסען און האבען גערעדט. דער פראָפעסאר האט דער־צעהלט פון דיא לייכטענדע שוועמלעך און האט ערקלערט, פארוואס זיי לייכטען. אלע האבען גערעדט, נור דער מאיאר איז געזעסען אין א ווינקעלע פערטראכט און האט קיין ווארט ניט גערעדט.

ענדליך איז דיא לאנגע, טרויעריגע נאכט פערגאנגען. דער רעגען האט אויפגעהערט, דער הימעל אבער איז נאך אלץ געווען בעדעקט מיט וואלקענס. אויף דער ערד זיינען געווען גרויסע טייכען מיט שמוציגעס וואסער. עס איז גע־ווען זעהר אונאנגענעהם צו געהן אויף דער נאַסער, בלאטיגער ערד.— עס העלפט אבער ניט. מען מוז ווייטער פאהרען. וואס וועט מען דא אויסשטעהן אין דער בלאָטע?

לארד גלענארוואן, דער קאפיטאן און דער פראָפעסאר האבען בעטראַכט דעם וואגען. פון'ם רעגען איז דיא ערד געווארען נאך ווייכער און דער וואגען איז אריין נאך טיעפער אין זומפ. זיי האבען אויסגעפונען, אז מען וועט מוזען איינשפאַנען אלע פערד און אלע אָקסען און אלע מענשען וועלען נאך אויך מוזען העלפען, אום דעם שווערען וואגען ארויסצושלעפען פון'ם זומפ.

— דא העלפט גאר ניט, האט קאפיטאן פארראגוט געזאגט. מיר מוזען טהאן אלעס מעגליכע, אום דעם וואגען ארויסצושלעפען. וואס וועלען מיר דא שטעהן?

— געוויס, מוזען מיר זעהן, וויא צום גיכסטען ארויס פון דאַנען, האט איי־ערטאן געענטפערט.

מען האט זיך באלד גענומען צו דער ארבייט. מען האט געוואלט אויסהאַ־קען צוויי שטארקע שטאנגען און זיי ארונטערלעגען אונטערן וואגען. צו דיזע שטאנגען זאל מען צושפאַנען דיא פערד און דיא אָקסען און אויף אזא ארט זאל מען ארויסשלעפען דעם וואגען פון זומפ.

מען איז געגאנגען אויסהאַקען א פאר יונגע בוימער. יעצט ערשט האבען זיי בעמערקט, אין וואס פאר א וואונדערבאַרען וואלד זיי זיינען. אין גאנצען וואַלד האט מען ניט געזעהען ניט איין גרינעס בלעטעלע. דיא בוימער זיינען אלע געווען פערדאַרט, דיא קאָרע (רינדע) פון זיי האט זיך אפגעשיילט און איז אראפגעפאַלען. דאס האלץ האט זיך ארויסגעזעהען, עס איז אבער געווען שוואַרץ. דיא לופט און דאס וועטער האבען עס געמאכט דונקעל, וויא אלטעס האלץ זעהט אויס. דיא צווייגען פון דיא בוימער זיינען צוואר געווען גערייכט און האבען אויס־געוויזען, וויא א נעץ. זיי זיינען אבער אלע געווען פערדאַרט. מען האט געפרעגט דעם פראָפעסאר, וואס דאס איז.

— אין אויסטראַליען קומט עס אָפט פאַר, האט ער געענטפערט. אויף א

גאנצען וואלד פאלט אין א מין קראנקהייט, א מין סארט עפידעמיע, און אלע בוימער שטארבען אויס מיט אמאל. זיי ווערן פלוצלונג פערדארט, זייערע בלעטער ווערן פערוועלקט, דיא רינדע (קארע) שיילט זיך אפ און דיא בוימער בלייבען שטעהן, וויא דיא ביינער פון טויטע. — ביז אהער האט מען נאך ניט אויסגעפונען דיא אורזאכע פון דיעזער קראנקהייט. מען האט זיא ניט געקענט אויסגעפינען, וויל קיין געלערנטער אייראפעער האט נאך ניט בייגעוואוינט אזא פאל. ווען דער געלערנטער קומט אין אזא וואלד, געפינט ער אלעס טויט, אלעס פערדאר־בען, אלעס פוילט שוין. נו, וואס קען ער וויסען? ווען ער זאל קענען קומען פונקט אין דער צייט, וואס דיא ביימער הויבען אן אויסצושטארבען, וואלט ער געקענט אויסגעפינען דיא אורזאכע דערפון.

וויא זיי זיינען געשטאנען און האבען אזוי גערעדט, איז געקומען אייערטאן און האט דערצעהלט, אז ער קען ניט געפינען דיא אקסען און דיא פערד. אלע זיינען זיך צוגאנגען איהם העלפען זוכען. מען האט געזוכט אומעדום. — זיי זיינען פערפאלען געווארען. פלוצלונג האט מען געהערט דעם מאיארס שטימע.

— קומט נור אהער, אלע!

מען איז נאכגעגאנגען נאכ'ן קול און מען איז צוגעקומען צו א קליין טייכעל, ביים ברעג פון'ם טייכעל זיינען געלעגען דיא אקסען און דיא פערד — טויט. נור איין פערד און איין אקס זיינען געבליעבען לעבען און האבען רוהיג גע־רעסען דאס גראז.

מיר האבען פערגעסען צו דערצעהלען, אז ווען אייערטאן האט געבראכט דעם שמיד, ער זאל צורעכט מאכען דיא צובראכענע אקס, האט ער אין דערזעלבער צייט צוגעשלאגען א הויפאייזען (פאדקאווע) צו לארד גלענארוואנס פערד. גראַ־דע דיעזעס פערד איז געבליעבען לעבען. דאס האט אבער בעמערקט נור דער מאיאר, ווייטער קיינער ניט.

לארד גלענארוואן, דער קאפיטאן און דער פראפעסאר זיינען געשטאנען און האבען מיט פערצווייפלונג געקוקט אויף דיא טויטע פערד און אקסען.

וואס ווילען זיי יעצט טהאן אהן פערד, אהן אקסען אין אזא וויסטע און שרעקליכע געגענד?

— עס איז פערפאלען, האט ענדליך לארד גלענערוואן געזאגט. מיר מוזען זעהן זוכען א מיטעל, וויא אזוי ארויסצוקומען פון דיעזע געגענד. — אייערטאן! נעהמט דאס פערד מיט'ן אקס און קומט מיט זיי צום וואגען.

— ווען דער וואגען זאל ניט ליעגען אין זומפ, האט קאפיטאן פאררא גוט געזאגט, וואלטען מיר זיך שוין לאנגזאם געשלעפט, ביז מיר וואלטען ערגעץ צו־געקומען צו א וואוינונג פון ציוויליזירטע מענשען. — מיר מוזען אלזא, אנווע־דען אלע אונזערע קרעפטע אום דעם וואגען ארויסצושלעפען. — צו דער ארבייט!

אייערטאן האט גענומען דעם איינציגען אקס און דאס איינציגע פערד, וואס איז זיי געבליבען און האט זיי צוגעפיהרט צום וואגען, וואו דער מאיאר און דיא דאמען זיינען געזעסען. לארד גלענארוואן האט זיי דערצעהלט פון'ם נייעם אונ־

גליק, וואס עס האט זיי געטראפֿען. זיי האבען יעצט ניט מעהר, וויא איין אָקס און איין פֿערד.

— שאַדע! אייערטאן, וואס איהר האט ניט געלאזען אייער שמיעד אנשלאַגען הופאייזען (פֿאָדקאָוועס) אויף אלע פֿערד, האט דער מאיאר אויסגערופֿען.

— וואס וואלט דאַן געווען? האט אייערטאן געפֿרעגט גלייכגילטיג.

— וואלטען זיי אלע לעבען געבליעבען. איך זעה, אז נור דאס פֿערד איז געבליעבען לעבען, אויף וועלכעס אייער שמיעד האט צוגעשלאגען דיא הויפֿאייזען.

— דאס איז ווירקליך זאָנדערבאַר, האט קאפיטאן פֿארראגוט געזאגט.

— עס איז גאר ניט זאנדערבאַר, האט אייערטאן גערנטפֿערט. — עס איז בלויז א צופֿאַל.

דער מאיאר האט זיך געביסען דיא ליפען. ער האט עפּעס געוואלט זאגען. ער האט זיך אבער צוריק געהאלטען. און איז געגאנגען בעטראַכטען דעם וואגען. אייערטאן איז אויך אוועקגעגאנגען אויסזוכען שטאַנגען.

— דער מאיאר האט עפּעס געוואלט זאגען. ער האט זיך אבער איינגעהאלטען, האט ליידי העלענא געזאגט צום קאפיטאן. — ווייסט איהר אפּט ניט, וואס ער האט געוואלט זאגען?

— איך ווייס ניט, האט דער קאפיטאן געענטפערט. איך בין אבער זיכער, אז דער מאיאר ווייס פֿון עפּעס און וויל עס ניט אויסזאגען.

— מיר שיינט, אז דער מאיאר האט וועניג צוטרויען צו אייערטאן, האט לארד גלענארוואן געזאגט. ער איז איהם עפּעס חושד, איך ווייס ניט וואס.

— זאל ער איהם חושד זיין, אז ער האט געטויטעט דיא אָקסען און דיא פֿערד? האט דער פראפעסאר געזאגט. עס איז דאך א וואונדער, וויא דיא פֿערד זיינען געפֿאַלען איינער נאכ'ן אנדערן. דאס איז ווירקליך קיין צופֿאַל. דיא פֿערד האט מען פֿערגיפֿטעט.

— אה, גלויבט עס ניט, פראפֿעסאר! האט ליידי העלענא אויסגערופֿען. אין דער גאנצער צייט פֿון אונזער רייזע האט זיך אייערטאן געוויעזען אלס א טרייער און צופֿערלעסיגער מענש.

— דער מאיאר וועט אבער ניט זאגען עפּעס אומזיסט, האט קאפיטאן פֿאַרראגוט ארויסגעזאגט. עפּעס מוז דאך זיין. עס איז דייטליך געגוג, אז דער מאיאר טרויט איהם ניט.

— פֿיעללייכט איז ער איהם חושד, אז ער איז איין פֿון איין באַנדע מיט דיא אנטלאָפֿענע קאַטארזשניקעס? האט דער פראפֿעסאר זיך ארויסגעכאַפּט.

— וואס פֿאר אן אנטלאָפֿענע קאַטאַרזשניקעס? האט ליידי העלענא און מערי גראנט געפֿרעגט.

דער פראפֿעסאר האט איינגעזעהן, אז ער האט געמאכט א שרעקליכען פֿעהלער. לארד גלענארוואן האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה, אז דיא דאַמען זאלען ניט וויסען, אז אין יענער געגענד געפֿינט זיך יעצט א באַנדע פֿון

אנטלאפענע שטרעפלינגע. פלוצלונג חאפט ער זיך ארוים און זאגט זיי אוים א זאך, וועלכע מען האט זיי אויף קיין פאל ניט געוואלט זאגען. ער האט עס דא־הער געוואלט צוריק חאפען.

— איך מיין ניט דיא אנטלאפענע שטרעפלינגע, האט ער געזאגט. אין אויסטראליען זיינען גאר ניטא קיין אנטלאפענע שטרעפלינגע. אלע שלעכטע מענשען ווערן גוט, ווען זיי קומען קיין אויסטראליען.

עס איז שוין אבער געווען צו שפעט. ליידי העלענא האט אלעס פערשטא־נען. זיא האט נור געוואלט, אז מערי גראנט זאל ניט וויסען, וואס דא קומט פאר.

— קום, מערי, האט זיא איהר געזאגט. לאמיר זעהן מאכען א פריהשטיק פאר דיא מענער. מיסעס אליבנעט אליין וועט ניט זיין אימשטאנד צו מאכאן אזוי שנעל דעם פריהשטיק.

מיט דיזע ווערטער האט זיא אנגענומען מערי גראנט ביי דער האנד און האט זיא אוועקגעפיהרט.

— וואס האב איך געטהאן? האט געזאגט דער פראפעסאר, ווען ער איז געבליעבען אליין מיט לארד גלענארוואן. איך בין ווערט, אז מען זאל מיך אויפ־הענגען.

— אויפהענגען איז צו א הארטע שטראפע פאר אזא קליינעם פערברעכען, האט לארד גלענארוואן געזאגט מיט א געלעכטער. א גרויסען פעהלער האט איהר דאך בעגאנגען און מיר וועלען אייך שוין אמאל בעשטראפען.

זיי זיינען יעצט געגאנגען זעהן, וואס עס הערט זיך מיט'ן וואגען. אייער־טאן, דער מאיאר און דיא מאטראזען האבען זיך גענעבען דיא גרעסטע מיה ארויסצושלעפען דעם וואגען פון'ם זומפ. עס איז אבער אלעס געווען אומזיסט. דער שווערער וואגען איז פערזונקען אזוי טיעף אין זומפ, אז עס איז ניט געווען קיין שום מעגליכקייט איהם ארויסצושלעפען. דיא שטאנגען האבען זיך אויסגע־בויגען, דיא מענשען האבען זיך אפגעמאטערט און דער וואגען האט זיך דאך ניט געריהרט פון'ם ארט. אייערטאן האט נור וואס געוואלט געהן זוכען שטאר־קערע שטאנגען, ווען לארד גלענארוואן האט איהם ארויפגעלעגט דיא האנד אויף דער פלייצע.

— לאז זיין, אייערטאן, האט ער איהם געזאגט. מיר מוזען שוינען אונזער איינציגעם פערד און אונזער איינציגען אקס. מעגליך, אז עס וועט אונז אויסקומען צו מאכען וויי״טער דיא רייזע צופוס, וועלען מיר זיי דארפען האבען, זיי זאלען שלעפען אונזער פראוויאנט.

— אלל רייט! האט אייערטאן געענטפערט און האט אויסגעשפאנט דיא בהמות.

— מיינע העררען, האט זיך לארד גלענארוואן געווענדעט צו אלעמען. קומט אין לאגער און לאמיר זיך בעראטהען, וואס מיר זאלען ווייטער טהאן.

מען איז געגאנגען אין לאגער, וואו אלבינעט האט דערווייל אנגעגרייט א גוטען פריהשטיק, און מען האט זיך געזעצט עסען. נאכ'ן עסען האט לארד

גלענארוואן איינגעפֿאדערט יעדען, ער זאל זאגען זיין מיינונג. צוערשט מוז דער פראפֿעסאר אויסרעכענען, וואו מיר געפֿינען זיך יעצט.

דער פראפֿעסאר האט זיך באַלד גענומען צו דער ארבייט. אזוי וויא דיא זון איז ארויס, איז איהם געווען זעהר לייכט אויסצורעכענען מיט זיינע אינסטרומענטען, וואו זיי געפֿינען זיך יעצט. ער האט באלד אויסגעפֿונען, אז זיי געפֿינען זיך פֿינף און זיעבעציג מייל ווייט פֿון דער בוכטע טופֿאָלד, דער ארט, וואו דיא „בריטאניא“ איז אונטערגעגאנגען, וויא אייערטאן האט געזאגט.

— און וויא ווייט זיינען מיר פֿון מעלבורן?

— פֿון מעלבורן זיינען מיר דריי הונדערט מייל דיא ווייט. דאס איז אבער נור, ווען מיר זאלען געהן אויף א גאנץ גלייכער ליניע, וויא מיינע לאנדקאַרטען וויזען. אזוי וויא דאס איז אבער אונמעגליך, מוזען מיר רעכענען, אז ביז אין דער בוכטע טופֿאלד האבען מיר הונדערט פֿינף און צוואַנציג מייל און קיין מעלבורן מעהר אלס פֿיער הונדערט מייל.

— אלזא, קענען מיר ניט דענקען, אז מיר זאלען געהן קיין מעלבורן. עס איז צו ווייט. מיר מוזען געהן צו דער בוכטע טופֿאלד און פֿערלאזען זיך אויפֿ'ן צופֿאַל. מעגליך, אז מיר וועלען טרעפֿען אויפֿ'ן וועג א פֿאַרם, וואו מיר וועלען קענען קויפֿען פֿערד און אקסען. מעגליך, אז מיר וועלען אנטרעפֿען א שיף אין דער בוכטע, וועלכעס וועט אונז מיטנעהמען קיין מעלבורן.

ליידי העלענא, מערי גראנט און מיסעס אלבינעט האבען געזאגט, אז זיי קענען געהן צופֿוס. זיי וועלען געוויס מאכען צעהן מייל א טאג. לארד גלענארוואן האט א קוק געטהאן אויף זיין פֿרוי מיט ליעבע און פֿרייד.

— דוא ביסט געבארען צו זיין א רייזענדע, האט ער איהר געזאגט. איך וויים, אז דוא ביסט א מוטהיגע פֿרוי און וועסט געהן צופֿוס, וויא א מאַן. סער סעמועל בעקער דארף ניט זיין אזוי שטאלץ, וואס זיין פֿרוי איז מיט איהם דורכגעגאנגען צופֿוס גאנץ אפֿריקא. דוא וואלסט עס אויך געטהאן.

ער האט זיך יעצט געווענדעט צום פראפֿעסאר.

— איך מוז נאך א מאל אנקומען צו אייך, פראפֿעסאר פאַגאַנעל, האט ער איהם געזאגט. ווייסט איהר ניט דאָ ערגעץ פֿון א שטעדטעל, אדער א דאָרף, וואו מיר זאלען קענען קריעגען פֿערד און אָקסען?

דער פראפֿעסאר האט געטראכט א פאר מינוט.

געוויס, וויים איך! האט ער פלוצלונג אויסגערופֿען. פֿינף און דרייסיג מייל פֿאר דער בוכטע טופֿאָלד געפֿינט זיך א פֿאַרט מיט'ן נאמען „עדען“. דאס איז צוואַר נאך א גאנץ קליין שטעדטעל, ווייל זיא איז ערשט ניט לאַנג געבויט געווארען אין אויסטראַליען אבער וואקסען דיא שטעדט זעהר שנעל און איך מיין, אז אין „עדען“ דארף זיך יעצט שוין געפֿינען א פאר טויזענד איינוואינער. מיר וועלען צוואַר אנלעגען וועג, ווען מיר זאלען יעצט געהן קיין „עדען“, מיר וועלען אבער זעהר פֿיעל געווינען, ווייל אין עדען קענען מיר קויפֿען אלעס נעטהיגע און פֿאָהרען שנעלער צו דער בוכטע טופֿאלד.

— וואלט דען ניט גלייכער געווען, אז מען זאל בעסער שיקען א מענשען קיין עדען, ער זאל פון דארט שיקען א טעלעגראמע צום קאמאנדיר פון „דונקאן", אז ער זאל באלד קומען אין דער בוכטע טופאלד? האט אייערטאן געזאגט. דאמאלס וועלען מיר דאך אלעס פערשפארען.

— וואס זאגט איהר, פאררראגוט? האט לארד גלענארוואן געפרעגט דעם קאפיטאן. — דאס איז אייער פאך. איך וויל מיך ניט מישען אין אייערע געשעפטען.

— איך מיין, אז מיר וועלען נאך שטענדיג האבען צייט צו שיקען נאכ'ן „דונקאן", האט פאררראגוט געענטפערט. מיר האבען זיך ניט צו איילען און אפרייסען מענשען פון אונזער קליינער פארטיע.

— דער קאפיטאן האט רעכט, האט דער פראפעסאר געזאגט. מיר קענען אין פיער — פינף טאג קומען קיין עדען. דארט וועלען מיר זיך איבערלעגען, וואס מיר זאלען ווייטער טהאן.

— אין פיער — פינף טאג וועט איהר זיין אין עדען? האט געפרעגט אייערטאן מיט א שמייכעל. — זאגט, אין צוואנציג — דרייסיג טאג. איהר זייט טאקע א פראפעסאר פון געאגראפיע, איהר מיינט אבער, אז אין אויסטראליען איז אזוי לייכט צו פאהרען, וויא איהר פאהרט ארום מיט דער האנד אויף אייער לאנדקארטע. פראבירט נור פאהרען, וועט איהר זעהען, וואס פאר א שוועריגקייטען עס וועלען זיך אייך פארשטעלען.

— צוואנציג — דרייסיג טאג? האט לארד גלענארוואן געפרעגט פערוואונדערט. וויא איז דאס מעגליך? לויט וויא דער פראפעסאר האט אויסגערעכענט, איז קיין עדען פיעל נעהענטער, וויא צו דער בוכטע טופאלד. עס איז אהין ניט מעהר, וויא זעכציג מייל. דארף א רייזע פון זעכציג מייל געדויערן צוואנציג ביז דרייסיג טאג? דאס קען ניט זיין, אייערטאן!

— איהר קענט ניט דיא געגענד, מילארד, האט אייערטאן געענטפערט מיט א פעסטער שטימע. דאס איז איינע פון דיא ווילדעסטע געגענדען אין אויסטראליען. קיין וועג, קיין שטעג, קיין שפור פון מענשען איז אין דער גאנצער געגענד ניטא. איבעראל זעהט מען נור ניעדעריגע בוימעלעך, „בוש", וועלכע זיינען אזוי געדיכט, אז מיר וועלען מוזען אויסהאקען אונז א וועג מיט א האק אין דיא הענד. עס געפינען זיך דארט ווילדע טייכען, ביי וועלכע מיר וועלען מוזען פערברענגען איניגע טעג, איידער מיר וועלען זיי אריבערגעהן. דאס אלעס טהוט זיך ניט אזוי שנעל. איך בין זיכער, אז אין דרייסיג טעג וועלען מיר ניט אנקומען קיין עדען.

אייערטאן האט גערעדט אזוי פעסט און אזוי זיכער, אז דער פראפעסאר האט געמוזט שווייגען. ער האט געקענט דיא געגענד נור פון ביכער. דאס איז דאך אבער ניט גענוג.

— גוט! האט קאפיטאן פאררראגוט געזאגט. איך גיעב צו, אז מיר וועלען האבען שוועריגקייטען, וועניגסטענס וועלען מיר זיין אין א שטאדט צווישען

ציוויליזירטע מענשען און מיר וועלען קענען געפינען מיטעל, וויא אזוי פארטצו־
זעצען אונזער רייזע.

— מיינע הערען, האט זיך אפגערופען אייערטאן, איהר קענט גאר ניט
אייער לאגע. איהר ווייסט ניט, וואו מיר געפינען זיך און וואס פאר א שוועריג־
קייטען מיר האבען יעצט איבערצושטעהן. געהט נור א פאר מייל ווייטער, וועט
איהר זעהן, וואס פאר א גרויסער טייך פארשטעלט אונז דעם וועג.

אלע האבען אנגעקוקט דעם פראפעסאר. ער האט דאך אויסגערעכענט
פינקטליך, וואו זיי געפינען זיך.

— איהר מיינט געוויס דעם טייך „סנאאי ריווער״? האט דער פראפעסאר
געפרעגט אייערטאנען.

— דעם מיין איך טאקע.

— דער איז דאך אבער גאר ניט אזוי ברייט און אזוי טיעף, וויא איהר
זאגט?

— געהט נור, גרויסער פראפעסאר, און גיט א קוק אויף אייער קליינעם טייך,
וועט איהר שוין זעהן, אויב מיר קענען איהם אזוי לייכט אריבערגעהן. ער איז
ווירקליך א קליינער טייך אים ווינטער, יעצט אבער האט עס זעהר שטארק גע־
רעגענט אין דיא בערג און דער קליינער טייך איז געווארען אזוי אנגעשוואלען,
אז איך זעה ניט קיין מעגליכקייט, וויא אזוי איהם אריבערצוגעהן.

— נו, וועלען מיר מאכען א באאט, האט זיך אפגערופען דער קליינער ראָ־
בערט. מיר דארפען נור אויסהאַקען א דיקען בוים און איהם אויסהוילען, וועלען
מיר שוין האבען א באָאט.

— בראַווא, ראבערט! האט אויסגערופען דער פראפעסאר. דוא ווערסט א
מענש, אן עכטער רייזענדער, וועלכער קען זיך אויסהעלפען אין יעדע פערלע־
גענהייט.

— איך מיין, אז ראבערט האט רעכט, האט געזאגט דער קאפיטאן פאר־
ראגוט. זעלבסטפערשטענדליך, ער רעדט, וויא א קינד, אז מען זאל אויסהוילען
א בוים. דאס טויג ניט. איך מיין אבער, אז מיר זאלען צונויפבינדען עטליכע
בוימער צוזאַמען און מאכען א פלאָט (פלאס). אויף אזא פלאָט קענען מיר ארי־
בערשווימען דיא טייך.

— וואס זאגט איהר, אייערטאן? האט לארד גלענארוואַן געפרעגט. מיר
קענען מאכען א פלאט און אריבערשווימען דעם טייך.

— מיינע הערען, האט אייערטאן געזאגט, איהר רעדט אלע, וויא אונזער
פראפעסאר. איהר רעדט פון ביכער, איהר האט געלעזען, אז מען קען מאכען א
פלאָט און איהר ווילט מאכען א פלאט. — געהט נור און זעהט דעם טייך. ער
רוישט און קאכט, וויא אין א קעסעל. ער וועט צורייסען אייער פלאט אויף שטיק־
לעך. איהר ווייסט גאר ניט, וויא געפעהרליך דער טייך איז יעצט.

— אלזא, גיט עפעס אן עצה, האט לארד גלענערוואן געזאגט. מיר האבען

זיך אויף אייך פערטרויט. איהר זייט אונזער פיהרער. זאגט אונז, וואס מיר יעצט טהאן?

איירטאן האט געטראכט א פאר מינוט, דאן האט ער געענטפערט.

— מיינע העררען, מיר געפינען זיך אלע אין איין לאגע. וואס איך טהו, איז צום וואהל און בעסטען פון אונז אלעמען. ווען איהר מיר הייסען פאהרען, וועל איך געוויס פאהרען, וואוהין איהר וועט הייסען און וועל געוויס טהאן אלעס, וואס איך וועל געפינען, אז עס קען אונז אלעמען נוצען.

— דאס איז נאך אלץ קיין ענטפער ניט, איירטאן, האט לארד גלענארוואן געזאגט. איהר זייט מעהר בעקאנט מיט אויסטראליען פון אונז. גיט אונז אן עצה, וואס מיר זאלען טהאן. מאכט עפעס א פלאן, וויא אזוי מיר זאלען ארויסקריכען פון דאנען.

— אויב מיר קענען ערווארטען פון ערגעץ הילף, האט איירטאן ענדליך געזאגט, איז עס נור פון'ם „דונקאן." איינער פון אונז מוז געהן, וואוהין איך האב געזאגט, און טעלעגראפירען צו טאם אויגוסטין, ער זאל באלד קומען מיט'ן דונקאן צו דער בוכטע טופאלד. ער קען שיקען זיינע מאטראזען מיט דיא שיפלעך צום טייך אונז אריבער נעהמען. ער קען אונז ברענגען פראוויאנט. ער קען אונז ברענגען פערד. — דער „דונקאן" איז אונזער איינציגער רעטונג. — מיר מוזען בלייבען דא אויף'ן ארט, ביז דער „דונקאן" וועט אנקומען. מעגליך, אז אונטערדעסען וועט דאס וואסער אין טייך אפפאלען און מיר וועלען קענען אריבערגעהן דעם טייך אויף א פלאט. דאן וועלען מיר צוקומען צופוס צו דער בוכטע טופאלד. אלענפאלס מוזען מיר האבען דעם „דונקאן" אין דער בוכטע טופאלד.

— מיינע פריינד, האט זיך לארד גלענארוואן געווענדעט צו אלעמען. איהר האט געהערט דיא מיינונג פון אונזער וועגוויזער. זאגט, וואס זאלען מיר טהאן? וויא געפינט איהר זיין מיינונג?

זייט עס האט זיך אנגעהויבען דיא בעראטהונג, האט דער מאיאר קיין ווארט ניט געזאגט. ער פלעגט שטענדיג ליעב האבען צו זאגען זיין מיינונג, ווען עס פלעגט קומען צו א בעראטהונג. דאס מאל אבער איז ער געווען שטום, וויא א פיש. ליידי העלענא האט עס זעהר גוט בעמערקט און זיא האט זיך דאהער צו איהם געווענדעט.

— וואס שווייגט איהר עפעס, מאיאר? — זאגט אונז אייער מיינונג. איהר זייט דאך א פראקטישער מענש און האט שוין אנגעזעהן א וועלט. — זאגט, וואס זאללען מיר טהאן?

— ווען איהר פרעגט מיך מיין מיינונג, מוז איך אייך זאגען, אז איירטאן האט רעכט. זיין מיינונג איז דיא ריכטיגסטע. איך בין מיט איהם פאלקאמען איינפערשטאנדען.

אלע זיינען געווען ערשטוינט, ווען דער מאיאר האט דאס ארויסגערעדט. ביז אהער, ווען איירטאן פלעגט עפעס זאגען, פלעגט דער מאיאר שטענדיג זיין דאגעגען. יעצט איז ער פאלקאמען איינפערשטאנדען מיט זיין מיינונג! איירטאן

אליין איז געווען איבערראַשט און האט האסטיג געווארפען א בליק אויפ'ן מאיאר.

דער פראפעסאר, ליידי העלענא און דיא מאַטראַזען האבען אויך געפונען, אז עס איז גלייכער צו בלייבען אויפ'ן ארט און ווארטען, אז דער „דונקאן" זאל קומען צו דער בוכטע טופאלד.

— וואס זאגט איהר, פאררארגוט? האט לארד גלענארוואן זיך געווענדעט צו זיין קאפיטאן. אלע געפינען, אז מיר זאלען ליעבער בלייבען דא, ביז דער דונקאן וועט קומען אונז צו הילף. — וואס זאגט איהר?

לארד גלענארוואן האט זעהר געשעצט דעם קאפיטאן. ער האט איהם שוין אויספראבירט און האט אויסגעפונען, אז אין אזא פאל פערשטעהט ער דאך מעהר פון אלעמען.

— איך פערשטעה דיא מענשען ניט, האט קאפיטאן פאררארגוט געענטפערט מיט פערדרוס. דער טייך „סנאָאי ריווער" האט זיך צוגאָסען. ער איז אזוי טיעף און אזוי ברייט, אז מיר קענען איהם ניט אריבערגעהן און מיר מוזען בלייבען דא, ווארטען, ביז ער וועט אפפאַלען, אדער ביז דער „דונקאן" וועט אונז שיקען הילף. וויא באלד אז מיר קענען ניט אריבערגעהן דעם טייך, וויא אזוי קענען מיר שיקען א מענשען, ער זאל איבערגעבען א בריעף אדער א טעלעגראַמע צו טאם אויגוסטין אויפ'ן „דונקאן"?

— דער מענש, וואס מען וועט שיקען, דארף ניט אריבערגעהן דעם טייך, האט אייערטאן געענטפערט. ער וועט געהן צוריק אויף דעם וועג, וואס מיר זיינען געקומען, און וועט אין דער ערשטער שטאדט איבערגעבען זיין טעלעגראַמע.

— אליין, צופוס אין אזאווילדער געגענד? האט דער קאפיטאן ווייטער געפרעגט. וויא קען מען לאזען געהן א מענשען גאר אליין, און נאך צופוס אין אזא געגענד?

— ער וועט פאהרען רייטענדיג, האט אייערטאן געענטפערט. מיר האבען נאך איין פערד, וועלכעס איז פאלקאמען געזונד. ווען דער מענש זאל פאהרען קיין מעלבורן, קען ער אויף אזא געזונדעס און גוטעס פערד אין זעקס טאג אנקומען קיין מעלבורן, זיך אויפזעצען אויפ'ן „דונקאן" און אין אכט — צעהן טאג איז דער „דונקאן" דא אונז צו הילף.

— געוויס אזוי, האט דער מאיאר געזאגט. אייערטאן האט ווידער רעכט. קאפיטאן פאררארגוט האט א קוק געטהאן אויפ'ן מאיאר און האט פערצויגען מיט דיא אַקסלען. ער האט איהם ניט פערשטאַנען. דער מאיאר איז אזא קלוגער מענש און האט קיין פיצעל צוטרויען ניט צו אייערטאן. פלוצלונג זאל ער איהם אזוי נאכגעבען אין אלעמען, וואס ער זאגט? דאס האט דער עהרליכער און גוטער פאררארגוט ניט געקענט פערשטעהן. — ער האט דאהער געשוויגען.

— יעצט, מיינע פריינדע, האט לארד גלענארוואן ווייטער געזאגט, — יעצט, אז מיר האבען שוין בעשלאסען, אז מיר זאלען דא ווארטען, ביז דער „דונקאן" וועט קומען אונז צו הילף, בלייבט אונז נאך איבער צו בעשליעסען, ווער זאל זיין אונזער באָטע (משולח) צו טאם אויגוסטין, אז ער זאל קומען מיט'ן "דונקאן"

אהער? איך זעה, אז אייערטאן האט רעכט. עס איז גלייבעו', אז מיר זאלען שיקען א מענשען קיין מעלבורן צו טאם אויגוסטין, ער זאל באלד קומען. דער מענש וועט צוריק קומען אויפ'ן „דונקאן." ער וועט ווייזען דיא מאטראזען, וואו מיר געפינען זיך.

דער פראפעסאר, ראבערט, דיא מאטראזען ווילסאן און מילרעד און קאפיטאן פארראגוט — יעדער האט געזאגט, אז ער וויל פאהרען קיין מעלבורן צו טאם אויגוסטין. ווען אלע זיינען שטיל געבליעבען, האט זיך אייערטאן געווענדעט צו לארד גלענארוואן.

— דאס בעסטע וועט זיין, איך אליין זאל פאהרען קיין מעלבורן. איך קען דיא וועגען. איך קען מיך צונויפרעדען מיט דיא ווילדע, ווען איך וועל זיי אנטרעפען אויפ'ן וועג. איך בין א גוטער רייטער. אין אכט טאג בין איך צוריק מיט'ן „דונקאן."

אלע האבען איינגעזעהן, אז אייערטאן איז דאך דער איינציגער מענש, וועלכער פאסט פאר אזא רייזע, און האבען געשוויעגען.

— איהר האט רעכט, אייערטאן, האט לארד גלענארוואן געזאגט. איהר זייט א גוטער און פעהיגער מענש. איהר וועט געוויס האלטען ווארט און וועט אונז ניט לאזען פערשמאכטען אין דיעזער ווילדער געגענד.

— וויא וועלען מיר אבער דא בלייבען אליין? האט קאפיטאן פארראגוט געפרעגט. ווען אייערטאן וואלט דא געבליעבען, וואלטען מיר דערוויל געקענט געהן זוכען ווילדע פעלקער און פרעגען ביי זיי, אויב זיי ווייסען עפעס ניט פון דער „בריטאניא", אדער פון קאפיטאן גראנט. ווען אייערטאן געהט אבער אוועק, וועלען מיר דיא גאנצע צייט, וואס ער וועט דא ניט זיין, מוזען זיצען לעדיג.

— וואס רעדט איהר אזוי פיעל, קאפיטאן? האט זיך פלוצלונג דער מאיאר געבייזערט. מיר וועלען ווארטען, ביז אייערטאן וועט צוריק קומען. אהן איהם קענען מיר גאר ניט טהאן. ער איז אונזער פיהרער, אונזער וועג-ווייזער און ער וועט אלעס אויסגעפינען און אלעס איינארדנען, וויא צום בעסטען פאר אונז אלע.

קאפיטאן פארראגוט האט געקוקט אויפ'ן מאיאר מיט שרעק און מיט שטוינען. — וואס איז מיט איהם? איז ער ניט אראפ פון זינען? דא איז עפעס ניט גלאט.

— אלזא, אייערטאן, האט לארד גלענארוואן געזאגט, אום צו מאכען אן ענדע צו אלע שטריטיגקייטען,— אלזא, אייערטאן, מאכט אייך פערטיג אויף דיא רייזע, וועל איך אנשרייבען א בריעף צו טאם אויגוסטין, אז ער זאל אייך אויפנעהמען אויפ'ן „דונקאן" און זאל באלד מיט אייך פאהרען צו דער בוכטע טופאלד.

אויף אייערטאנס געזיכט האט זיך געוויזען א שטראהל פון פרייד און א זאנדערבארער שמייכעל האט זיך געקרייזעלט איבער זיינע ליפען. ער האט אנגעבויגען דעם קאפ, אז קיינער זאל עס ניט זעהן. דאך האט עס קאפיטאן פאר-

ראגוט בעמערקט און אין זיין הארץ האט זיך אויפגעוועקט א שרעקליכער פערדאכט געגען אייערטאן.

לארד גלענארוואן האט זיך געהייסען ברענגען שרייבגעצייג און א קליין צוזאמענגעלעגטען טישעלע. ער האט זיך געזעצט שרייבען א בריעף צו טאם אויסטין, אז ער זאל פאלגען, וואס אייערטאן וועט איהם הייסען. אייערטאן איז אוועקגעגאנגען זיך פערטיג מאכען צו דער רייזע. — דער מאיאר האט זיך אניעדערגעשטעלט לעבען לארד גלענארוואן און האט געקוקט, וויא ער שרייבט דעם בריעף. ווען לארד גלענארוואן האט געהאלטען ביים ענדיגען שרייבען, האט דער מאיאר פלוצלונג צו איהם געזאגט:

— עדוארד, איהר שרייבט ניט ריכטיג דעם נאמען אייערטאן.

— איך פערשטעה אייך ניט, מאיאר, האט לארד גלענארוואן געענטפערט. וויא דען זאל איך שרייבען? איך שרייב אייערטאן, וויא מען דארף איהם שרייבען אויף ענגליש.

— ניין, עדוארד, אויף ענגליש הייסט ער ניט אייערטאן, זאנדערן — בעז דשאנס!

15טעס קאפיטעל.

## אראפגעריסען דיא מאסקע.

וויא א דאנערשלאג פון פריער, וואלקענלאזען הימעל, אזוי האט געטראפען דעם מאיארס ענטדעקונג אלעמען. אייניגע אויגענבליקע זיינען אלע געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. באלד אבער האבען זיך אלע געחאפט צו זייערע ביקסען. דער נאמען בען דשאנס האט אויף אלעמען געמאכט א שרעקליכע ווירקונג.

— לאמיר איהם בינדען! האט אויסגערופען דער פראפעסאר.

אין דיעזע מינוט האט געקנאקט א שאס און לארד גלענארוואן האט זיך אנגעהאפט ביי דער האנד. פון דערוווייטענס האט מען געהערט שיעסען.

— צום וואגען! צום וואגען! האט געשריען קאפיטאן פארראגוט און האט ליידי העלענא און מערי גראנט אוועקגעשלעפט מיט געוואלד צום וואגען.

דער פראפעסאר, דער מאיאר, דיא מאטראזען און זאגאר אלבינעט האבען זיך ארומגעשטעלט ארום וואגען מיט זייערע שארף געלאדענע ביקסען.

לארד גלענארוואן איז געווען לייכט פערוואונדעט אין א האנד. ער האט זיך צוגעבונדען דיא וואונד מיט זיין טאשען טוך און האט אויך גענומען א ביקס. אלע זיינען געווען בערייט זיך צו פערטהיידיגען ביז צום לעצטען טראפען בלוט. אבער וואונדערבאר! אייערטאן איז פערשוואונדען און אלעס איז געווארען שטיל. מען הערט קיינעם ניט און מען זעהט קיינעם ניט.

דער מאיאר און קאפיטאן פארראגוט האבען זיך איינגעשטעלט און זיינען צוגעגאנגען ביז אין דעם ארט, פון וואנען מען האט פריהער געהערט שיעסען. זיי האבען אבער דארט קיינעם ניט געפונען. נור אויף דער נאסער ערד האט מען

דערקענט צייכענס פֿון מענשליכעס פֿיס. עס איז געווען דייטליך, אז דארטען זיי־נען נור וואס געווען מענשען. מען האט געפֿונען אויסגעשאָסענע פּיסטאָנעס און אנדערע צייכענס, אז דיא מענשען, וועלכע זיינען דארטען געווען, האבען גע־שאָסען.

זיי זיינען צוריקגעגאנגען צום וואגען און קאפּיטאן פֿארראגוט האט געמעל־דעט, אז זיי האבען קיינעם ניט געפֿונען.

— און דאס עבען בעאונרוהיגט מיך, האט דער מאיאר געזאגט. עס איז פֿיעל בעסער צו בעגעגענען א טיגער אויפֿ'ן פֿרייען פֿעלד, אלס א שלאַנג פֿער־באָרגען אין טיעפֿען גראָז. — לאמיר ווייטער זוכען.

זיי האבען ווייטער געזוכט אין אלע זייטען און האבען ווידער קיינעם ניט געפֿונען. בען דשאנס מיט זיין באַנדע זיינען פֿערשוואונדען. אונזערע רייזענדע האבען פֿערשטאַנען, אז זיי מוזען זיין ערגעץ ניט ווייט און זיי טראכטען עפּעס א פּלאַן, וויא אויף זיי אנצופֿאַלען. אלזא, מוז מען טראַכטען, וויא זיך צו פֿער־טהיידיגען.

זייער איינציגע פֿעסטונג איז יעצט געבליעבען דער וואגען. זיינע גראבע ווענט קענען וועניגסטענס שיצען געגען א קוגעל. עס איז געבליעבען, אז מען זאל זעהן בעווארנען דעם וואגען. — מען זאל איהם ארומשטעלען מיט קלעצער און מיט בוימער. מאכען ארום איהם אן ארט צוים פֿון שטיקער האָלץ.

ליידי העלענא האט קוים איינגעבעטען איהר מאן, ער זאל איהר ערלויבען צו פֿערבינדען זיין וואונד. ער האט אבער דאך געמוזט נאכגעבען איהר בעטען. זיא האט אויפֿגעשניטען זיין ארבעל און האט ארומגעוואַשען דיא וואונד. צום גליק, איז דיא קוגעל דורכגעלאָפֿען דורכן פֿלייש פֿון דער האנד און האט דעם ביין ניט געריהרט. אזוי וויא זיי האבען געהאט מיט זיך איינינע מעדיצינישע מיטעל, האט זיא צוגעלעגט א פֿלאַסטער צו דער וואונד און האט זיא פֿערבונדען. זיא האט געבעטען, אז ער זאל טראָגען דיא האנד אויף א באַנד. לארד גלענאר־וואן אבער האט דערפֿון ניט געוואלט וויסען.

יעצט האט מען זיך גענומען צו דער ארבייט — שיצען דעם וואגען. אין א קורצע צייט האט זיך ארום וואגען געבילדעט א וואנד פֿון קלעצער און שטיקער האָלץ, אז מען איז געווען זיכער, אז דער וואגען קען זיי דערווייל שיצען פֿון א קוגעל. ווען זייער פֿעסטונג איז פֿערטיג געווארען, האט מען אויסגעשטעלט וואַ־כען און דיא איבעריגע זיינען ארייגעגאנגען אין וואגען זיך אפּרוהען. לארד גלענארוואן האט געפֿרעגט דעם מאיאר, פֿון וואנען ער איז געוואהר געווארען, אז אייערטאן איז דער אנפֿיהרער פֿון דער באַנדע אנטלאָפֿענע קאַטאָרזשניקעס און ער הייסט גאר בען דשאנס?

דער מאיאר האט צו ערשט דערצעהלט ליידי העלענא און מערי גראנט דיא געשיכטע פֿון דער באַנדע און אז זיי זיינען עס שולדיג געווען אין דעם באַהן אונגליק לעבען קעמדען.

— זייט איך האב איהם דערזעהן צום ערשטען מאָל, האט דער מאַיאָר

געזאגט, איז ער מיר ניט געפעלען. איך האב דעם מענשען פיינד געהאט, איך האב אליין ניט געוואוסט פאר וואס און איך האב מיך ענטשלאסען, איך זאל פון איהם קיין אייג ניט אראפלאזען. ווען איהר האט געגעסען, ווען איהר האט גע־טרונקען, ווען איהר האט גערעדט און האט גאר פערגעסען אן איהם, האב איך בעאבאכטעט אלע זיינע מינעס, אלע זיינע בעוועגונגען, יעדען אויסדרוק פון זיין געזיכט און יעדע בעוועגונג פון זיינע ליפען, ביז וואנען מיר זיינען געקומען צום טייך ווימעררא, האב איך גאר ניט בעמערקט. ווען עס האט זיך צובראכען דיא אקס און ער האט געבראכט א שמיעד, האב איך צום ערשטען מאל בעמערקט, וויא ער מיט'ן שמיעד האבען זיך געמאכט צייכענס. איך האב ווייטער בעמערקט, אז ער וויל זעהר ניט אריינפאהרען אין א שטאדט. איך האב געזעהן, וויא ער בעהאלט זיך, ווען ער קומט אין א שטאדט. דיא הויפט זאכע אבער, וואס מיר איז ניט געפעלען אין איהם, איז געוועזן, וואס ער האט אזוי אפט און אזוי הארט־נעקיג פערלאנגט, אז דער „דונקאן" זאל אונבעדינגט קומען אין דער בוכטע טופאלד.

איך האב פערשטאנען, אז דא איז עפעס, אז דאס איז ניט אומזיסט, אז ער האט דערביי א געוויסען ציעל; איך האב אבער אויף קיין פאל ניט געקענט ווי־סען, וואס ער מיינט, ביז דער צופאל האט מיר אלעס ענטדעקט. פאריגע נאכט האב איך ניט געקענט שלאפען. איך בין ארומגעגאנגען אין וואלד און האב דער־זעהןביים שוואכען שיין פון לייכטענדע שוועמליך, אז עפעס ריהרט זיך אין וואלד. איך האב מיך געלעגט אין גראז און האב מיך געקייקעלט, וויא א שלאנג, ביז איך בין צוגעקראכען צו דעם ארט, וואו עס האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז מענשען דרעהן זיך. איך האב געהערט פאלגענדעס געשפרעך.

— דוא ווייסט דאך שוין, וועלכע בהמות מען דארף פערגיפטען, האט איין שטימע געזאגט. בען דשאנס האט דאך אונז געגעבען דעם צייכען. מען דארף לאזען נור דאס פערד, וועלכעס האט דעם צייכען.

— האסט דוא נאך גענוג בעלאדאנא? האט אנאנדערע שטימע געפרעגט.

בעלאדאנא איז א מין גראז, איינע פון דיא שרעקליכסטע גיפטען אין דער וועלט. דיא בהמות קענען עס און פרעסען עס ניט. ווען מען מישט עס אבער אוים מיט אנדערע גראזען, פרעסען זיי עס אויף און ווערן פערגיפטעט.

— איך האב נאך גענוג אום צו פערגיפטען טויזענד פערד, האט דיא ערשטע שטימע געענטפערט. — ער איז געשייט אונזער בען דשאנס. ער ווייס, וואס ער האט צו טאהן. — ווען עס זאל איהם נאך געראטהען צו בעקומען דאס שיף, דאן וואלטען מיר ערשט געמאכט א גליק!

— דוא מעגסט זיך אויף איהם פערלאזען, האט דער אנדערער געענטפערט. ער וועט שוין פערפיהרען ערגעץ דעם נארישען לארד און וועט שוין ביי איהם אויסנארען זיין שיף. ער האט א גוטען קאפ, אונזער בען דשאנס, אדער וויא ער רופט זיך יעצט איירטאן. ער האט שוין גוט אויסגעטראכט דיא געשיכטע פון דער שיף, וועלכע איז אונטערגעגאנגען דא ערגעץ ניט ווייט. דיא נארען קוקען

איהם אין מויל און גלויבען, וואס ער זאגט זיי. לאז ער נור אויסנארען ביי איהם א בריעף צום קאפיטאן פון זיין שיף, מיר וועלען שוין וויסען, וואס מיר האבען צו טהאן מיט איהם.

איך האב שוין גענוג געהערט. מיין הארץ האט אין מיר געציטערט, ווען איך האב געהערט, וויא דיא רויבער רעדען אזוי גלייכגילטיג, וויא אזוי זיי וועלען ביי אונז אויסנארען דיא שיף. איך בין צוריקגעקראכען צו מיין געלעגער. איהר קענט אייך שוין פארשטעלען, אויב איך בין דיא גאנצע נאכט געשלאפען און וויא אזוי איך האב צוגעבראכט דיא נאכט. איך האב געוואלט דאנקען דעם פראָפעסאר, דערפאר וואס ער האט אונז ערקלערט, אז אויסטראליען מאכט דיא שלעכטע מענשען בעסער.

אלע האבען אויסגעהערט דעם מאיארס געשיכטע זעהר אויפמערקזאם. ווען ער האט געענדיגט, האבען אלע געשוויעגען. קיינער האט ניט געוואוסט וואס צו זאגען און וואס צו טהאן. ענדליך האט לארד גלענארוואן געזאגט:

— איך וואלט עס קיין מאל ניט געגלויבט, אז אייערטאן האט אונז אומיסטען פערפיהרט אהער אום אונז צו בערויבען און אונז צו טוידטען.

— ליידער, איז עס אבער אזוי, האט דער מאיאר געזאגט. זייט מיר זיינען אריבערגעגאנגען דעם טייך ווימערא, איז זיין באנדע אונז נאכגעגאנגען טריט ביי טריט און מען האט נור געווארט אויף דיא געלעגענהייט אויסצונארען ביי אונז דעם „דונקאן". זיי וואלטען אונז שוין לאנג געקענט אלע אויסהרגענען. זיי דארפען אבער זעהר נעטהיג דאס שיף. ווען זיי וואלטען געהאט דאס שיף אין דיא הענד, וואלטען זיי שוין מיט אונז געמאכט אן ענדע.

— אלזא, איז דער טויגעניכטס גאר קיין מאל ניט געוועזען קיין מאטראז אויף דער „בריטאניא?" האט ליידי העלענא געפרעגט. וויא קומען אבער צו איהם דיא דאקומענטען פון דעם מאטראז אייערטאן?

— דאס קען איך דערווייל ניט וויסען בעשטימט, האט דער מאיאר געענטפערט. מיר ווייזט אויס, אז ער איז ווירקליך געוועזען אויף דער „בריטאניא". ער האט אונז געגעבען אזוי פיעל בעווייזע, אז ער קען דיא „בריטאניא", אז איך בין זיכער, אז ער איז געוועזען אויף דער „בריטאניא".— וויא עס ווייזט אויס, איז זיין ווירקליכער נאמען אייערטאן. בען דשאנס רופט ער זיך צווישען דיא רויבער.— דאס אלעס האט פאר אונז קיין ווערטה ניט. זיכער איז נור, אז בען דשאנס איז אייערטאן און אייערטאן איז בען דשאנס. ער איז דער קאפיטאן פון א באנדע רויבער און מערדער.

קיינער האט ניט געהאט געגען דיא ערקלערונג פון'ם מאיאר. דיא וואהרהייט איז געוועזען זעהר ביטער און אין זעהר א צטיגער לאגע — זעהר טרויעריג.

— וויא באלד אז ער איז ווירקליך א מאטראז פון דער „בריטאניא", האט לארד גלענארוואן געזאגט, און ער געפינט זיך אין אויסטראליען, ווייא קומט עס אלזא, וואס דיא פאליציי שרייבט, אז ער איז גאר אנטלאפען פון א געפענגניס

אין ענגלאנד? מיר האבען דאך געלעזען אין דער ווארנונג פון'ם גובערנאטאר, אז בען דשאנס איז גאר א בעוואוסטער מערדער?

— וואס ווייס דיא פאליציי מיט'ן גובערנאטאר? האט דער מאיאר אויסגערופען מיט פערדרוס. ווייכען זיי דען, אז בען דשאנס און אייערטאן איז איין פערזאן? — מען האט זיי געשריעבען, אז פון לאנדאן איז אנטלאפען א געפעהרליכער פערברעכער, מיינען זיי, אז דיעזער פערברעכער איז יעצט אין אויסטראליען. — אלענפאלס, זיינען נאך דא פיעלע זאכען אין דיעזער געשיכטע, וועלכע מיר קענען נאך ניט ערקלערן.

— אבער וואס האט ער געטהאן אויף דער פארם פון'ם אירלענדער? האט ליידי העלענא געפרעגט. זאל ער זיך געווען פערדינגען אלס ארבייטער אום צו בערויבען דעם גוטען פארמער?

— דאס איז זיכער, האט דער מאיאר געזאגט. ער האט געוויס געוואלט בערויבען דעם פארמער, ווען מיר זיינען אנגעקומען און ער האט געפונען א בעסערע געלעגענהייט צו בערויבען אונז און צו צונעהמען ביי אונז אונזער שיף, וועלכעס ער דארף האבען צו זיינע צוועקע. ביז ווענען מיר זיינען געקומען צום טייך ווימעררא האט ער ניט געהאט קיין געלעגענהייט צוזאמען צו קומען מיט זיינע קאמעראדען און אפצורעדען מיט זיי, אז זיי זאלען ביסלעכווייס פערגיפטען אונזערע פערד און אונזערע אקסען. ער האט אומיסטען אריינגעפיהרט אונזער וואגען אין זומפ.

יעצט האט זיך יעדער אנגעהויבען עפעס צו דערמאנען איבער אייערטאן און האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, פאר וואס ער האט דאמאלס געטהאן אזוי און אזוי. אלע זיינען געווען אזוי טרויעריג און אזוי איבערראשט. אז קיינער האט ניט בעמערקט, וויא מערי גראנט זיצט אין א ווינקעלע און וויינט שטילערהייט. קאפיטאן פאראגוט איז געווען דער ערשטער, וואס האט עס בעמערקט.

— וואס וויינט איהר, מערי? האט ער געפרעגט.

— אך, מיין פאטער! ער איז געווען ביי אזא רויבער אין דיא הענד! —

מעהר האט זיא ניט געקענט זאגען. יעדער אבער האט זיא פערשטאנען. יעדער האט געוואוסט, אז דיא ענטדעקונג פון אייערטאנס כאראקטער האט אויף דאס אונגליקליכע מעדכען דאפעל געווירקט. — זיא האט יעצט איינגעזעהן, אז אייערטאנס געשיכטע פון'ם אונטערגאנג פון'ם דער „בריטאניא" איז א ליגען. איהר פאטער איז גאר ניט געווען אין אויסטראליען.

יעצט ערשט האט דער מאיאר דערצעהלט, וויא ער אליין האט געהערט פון דיא רויבער, אז דיא „בריטאניא" איז גאר קיין מאל ניט געווען אין דער בוכטע טופאלד, אז אייערטאן האט אלעס אויסגעטראכט.

דער פראפעסאר איז אויך געווען אויסער זיך.

— אך, דיעזע בריעף! מען קען אראפ פונע'ם זינען איבער דיעזע בריעף! האט ער אויסגערופען איין מאל נאכ'ן אנדערן. וויאפיעל מיר האבען זיך שוין אנגעליטען איבער דיעזע בריעף.

עס איז פערגאנגען אייניגע צייט, אין וועלכע קיינער האט ניט געוואוסט, היא צו טרייסטען דיא אָרימע צוויי קינדער. מען האט שוין פערגעסען אן זייער אייגענע טרויעריגע לאגע. מען האט פערגעסען, אז זיי געפינען זיך אין דער גרעסטער געפאהר, אַז דיא רויבער קענען נאך צוריק קומען און אנפאלען אויף זיי.

ענדליך, האט זיך לאָרד גלענארוואַן אויפגעהויבען און איז ארויסגעגאנגען פונ'ם וואגען זעהן, וואס הערט זיך עפעס אין וואלד. ליידי העלענא האט איהם צוואר ניט געוואלט לאזען געהן. ער האט אבער ניט געהערט.

דיא מאטראָזען ווילסאָן און מילרעד זיינען געשטאנען אויף דער וואך. אין וואלד איז אלעס געווען שטיל און רוהיג. פייגעל זיינען געפלויגען רוהיג, קליינע טהיערע האבען געזוכט עסען אין גראז. אלעס האט געוויעזען, אז אין וואלד ארום זיינען יעצט קיין מענשען ניטאָ. לאָרד גלענאַרוואַן האט זיי געפרעגט.

— האט איהר ניט געהערט עפעס א געשריי, טריט פון א מענשען אדער אזוי עטוואס פערדעכטיגעס?

— אלעס איז געווען שטיל און רוהיג, האבען דיא מאטראָזען געענטפערט. מיר האבען זייט צוויי שטונדען קיין צייכען פון דיא רויבער ניט געזעהן און ניט געהערט. וויא עס ווייזט אויס, זיינען זיי ווייט פון אונז.

— איך מיין, אז היינט אין דער פריה איז דא ניט געווען דיא גאנצע באַנדע, האט ווילסאָן געזאגט. זיי האבען מורא געהאט אויף אונז אנצופאַלען, ווייל זיי זיינען געווען ווייניג. — איך האב מורא, אז זיי וועלען אפוואַרטען ביז נאַכט. ווען זיי וועלען זיך אלע פערזאמלען, דאן וועלען זיי אלע מיט אמאָל אויף אונז אנפאַלען. מיר מוזען זיין זעהר פאָרזיכטיג. — אך! מיר זאלען קענען אריבערגעהן דעם טייך, וואלטען מיר ווענינגסטענס זיכער געווען פון זיי!

— פאר וואס זאלען מיר ניט מאכען א פלאָס (פלאָט) און אריבער שווימען דעם טייך? האט מילרעד געפרעגט. — מיר האבען גענוג האָלץ, ביז נאַכט וואָלטען מיר געקענט זיין פון יענער זייט.

— ניין, ווילסאָן, מיר קענען עס ניט טהאן. דער סנאָאי ריווער איז יעצט אזוי אנגעשוואָלען, אז עס איז גאר קיין מעגליכקייט ניטא איהם אריבערצוגעהן.

אין דיעזע מינוט זיינען צוגעקומען צו זיי דער קאפיטאַן און דער מאיאָר. קוים איז לארד גלענארוואן ארויסגעגאנגען צום וואגען, זיינען זיי אויך ארויסגעגאנגען דורכקוקען דיא געגענד און זוכען א מיטעל, וויא אזוי ארוים צו קומען פון דיעזער לאגע. זיי ביידע זיינען געווען דיא איינציגע, וועלכע האבען ריכטיג פערשטאַנען אין וואס פאר א געפאהר זיי געפינען זיך יעצט. זיי האבען גוט געוואוסט, אז אייערטאָן וועט ניט שווייגען, ער וועט געוויס צוריק קומען. ער וועט געוויס שוין עפעס אויסקלערן א טייפעלישען פלאן, אויף זיי אנצופאַלען. ער מוז האבען א שיף. דאס איז זיכער.

זיי זיינען דאהער ארומגעגאנגען אין וואַלד זעהן, וואס דארט הערט זיך און אויב עס איז ניטא עפעס א מיטעל אוועקצופאהרען פון דאַנען. אייערטאן האט זיי פערפיהרט אין א בלאָטע, אז זיי קענען זיך ניט ריהרען ניט אהין, ניט צוריק.

— דעם טייך קענען מיר ניט אריבערגעהן, האט קאפיטאן פֿאו אגוט געזאגט צו לארד גלענערוואן, דא בלייבען קענען מיר אבער אויך ניט. מיר מוזען עפעס טהאן.

— וואס זאלען מיר אבער טהאן? האט לארד גלענארוואן געפֿרעגט.

— דאס, וואס מיר האבען געוואלט טהאן, איידער מיר זיינען געוואהר געווארען, ווער איירטאן איז.

— וואס מיינט איהר דערמיט, פֿארראגוט?

— איך מיין, אז אזוי וויא מיר קענען יעצט ניט געהן צו דער בוכטע טופֿאלד, מוזען מיר זיך אומקעהרען קיין מעלבורן. — מיר האבען נאך איין פֿערד גיט עס מיר, איך וועל פֿאהרען קיין מעלבורן און וועל ברענגען מיט מיר פֿערד און מענשען, זיי זאלען אונז ארויסשלעפען פֿון דיעזער נעץ, אין וועלכער מיר ליעגען געפֿאנגען, וויא דיא פֿייגעל.

— דאס איז דאך אבער זעהר א געפֿעהרליכע רייזע, האט לארד גלענארוואן געזאגט טרויעריג. וויא קענט איהר זיך איינשטעלען צו פֿאהרען אליין קיין מעלבורן? איך רעד שוין ניט דערפֿון, וואס איהר קענט ניט דעם וועג. דערצו קען מען זיך שוין אן עצה געבען מיט א קאמפאס. איירטאן מיט זיין באנדע וועלען דאך אבער אויף אייך אנפֿאלען אויפֿן וועג און וועלען אייך טויטען. — איך קען עס ניט ערלויבען, פֿארראגוט.

— איך וויים, איך קען זעהר גוט דיא געפֿאהרען פֿון אזא רייזע, האט פֿאררראגוט געענטפֿערט. איך ווייס אבער אויך, אז מיר קענען דא ניט בלייבען. איך קען דיא געפֿאהר, אין וועלכער מיר געפֿינען זיך דא, אין דיעזער וויסטער געגענד גאנץ אליין. — איירטאן האט געזאגט, אז אין אכט טאג ארום וועט ער קומען. איך קען אייך צרזאגען, אז אין זעקס טאג ארום וועל איך זיין צוריק.

לארד גלענארוואן האט זיך פֿערטראכט א פאר מינוט. אונטערדעסען איז דער פראפֿעסאר אויך צוגעקומען און האט אויסגעהערט, וואס מען רעדט דא.

— איך בין אויך דער מיינונג, אז איינער פֿון אונז מוז פֿאהרען קיין מעלבורן, האט דער פראפֿעסאר געזאגט, איך וויל אבער ניט, אז קאפיטאן פֿארראגוט זאל מאכען דיעזע געפֿעהרליכע רייזע, ער איז דער קאפיטאן פֿונ'ם „דונקאן", אהן איהם קענען מיר אין ערגעץ ניט פֿאהרען. — ער טאר ניט איינשטעלען זיין לעבען. — איך וועל בעסער פֿאהרען קיין מעלבורן. איך בין איין מענש אליין, עס וועט ניט זיין קיין אומגליק, ווען עס וועט זיין מיט א פראפֿעסאר וועניגער אויף דער וועלט.

— ניין, האט געזאגט דער מאיאר. — פֿאר וואס זאלט איהר גראדע אונטערנעהמען דיעזע רייזע? — איך וועל בעסער פֿאהרען קיין מעלבורן. איך קען בעסער רייטען פֿון אייך, איך בין שוין אמאל געריטען פֿארן וואגען פֿון איהרע קעניגליכער מאיעסטעט, דיא קעניגין וויקטאריא.

— פֿאר וואס זאל איינער פֿון אונז ניט רייטען קיין מעלבורן? האבען

געפֿרעגט דיא מאטראָזען ווילסאן און מילרעד. מיר זיינען געוואינט צו געפֿאהרען אויף מעער. מיר האבען ניט וואס צו פֿערליערן. — איינער פֿון אונז וועט פֿאהרען.

לארד גלענארוואן האט געטראכט איינינע מינוט. ער האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן. עס האט איהם זעהר געפֿרעהט וואס יעדער פֿון זיינע קאמעראדען וויל ריסקירען מיט זיין לעבען אום אלעמען צו רעטען. עס איז איהם אבער זעהר שווער געווען צו שיידען זיך מיט איינעם פֿון זיי. יעדער פֿון זיי איז געווען ביי איהם טהייער.

— מיינע פֿריינד, האט ער ענדליך געזאגט, איך זעה דאך, אז איינער פֿון אונז מוז רייטען קיין מעלבורן. — לאמיר ווארפֿען גורל, ווער עס זאל רייטען. — פּראָפֿעסאָר! שרייבט אויף אלע אונזערע נעמען אויף שטיקלעך פּאַפּיער. מיר וועלען אריינווארפֿען דיא צעטעלעך אין אַ הוט, ווע֗מעס נאמ֗ען עס וועט ארויס, דער וועט רייטען קיין מעלבורן.

— זאָל איך אייער נאמען אויך אויפֿשרייבען? האט דער פּראָפֿעסאָר געפֿרעגט ערשטוינט. ניין, מילארד! איהר מוזט דא בלייבען. איהר זייט דאך אונזער אנפֿיהרער, אונזער קאפּ. אויסער דעם זייט איהר פֿערוואונדעט. איהר קענט ניט ריהרען מיט אייער רעכט׳ער האנד.

— מיר זיינען אלע גלייך, האט לארד גלענארוואן געזאגט. צווישען אונז איז ניטא קיין עלטערער און קיין יונגערער. ווען עס האנדעלט זיך וועגען אַ געפֿאהר, בין איך ניט בעסער פֿון יעדען פֿון אייך. — שרייבט אויף מיין נאמען, פּראָפֿעסאָר! איך וועל זיין גליקליך, ווען דער גורל וועט פֿאלען אויף מיר.

דער מאיאָר, דער קאפּיטאן און דער פּראָפֿעסאָר זיינען אלע געווען דאגע־גען. זיי האבען איהם געבעטען, אז זיין נאמען זאל מען ניט אריינווארפֿען אין הוט. עס האט זיי אבער גאר ניט געהאָלפֿען. לארד גלענארוואן איז בעשטאנען דארויף, אז ער זאָל ציעהען דעם גורל גלייך מיט אלעמען.

מען האט געמוזט איהם נאכגעבען, עס האט גאר ניט געהאָלפֿען. דער פּראָפֿעסאָר האט געמוזט אויפֿשרייבען דיא נעמען פֿון אלעמען און זיי אריינוואר־פֿען אין אַ הוט. מען האט צוגערופֿען ראבערט גראנט, ער זאל ארויסציעהען דעם גורל.

אלע זיינען געשטאנען שטיל, ווען ראָבערט האט זיך פֿארבערייטעט ארויס־צושלעפּען דאס גרויסע געווינס. יעדען האט געקלאפּט דאס הערץ. יעדער האט געוואלט, אז זיין נאמען זאל ארויס.

ראָבערט גראנט האט פֿערקאשערט זיינע ארבעל און האט ענדליך ארויס־געשלעפּט אַ צעטעלע. — יוג מילרעד.

— הורראה! האט אויסגערופֿען דער מוטהיגער מאַטראָז. איך האב געוואו־נען! דאס שיקזאל האט ענטשיעדען, איך זאל רייטען קיין מעלבורן און ברענגען הילף און רעטונג פֿאר אונז אלעמען.

ער האט געטאנצט פֿאר פֿרייד, וואס דער גורל איז געפֿאלען אויף איהם. לאָרד גלענארוואן האט איהם געדריקט דיא האנד.

— איך וויל קיין מינוט נימ פערליערען, האט ער געזאגט צו לארד גלענארוואן, שרייבט מיר אָן א בריעף צו טאָם אויגוסטין, איך וועל דערווייל מיך פֿערטיג מאכען אין וועג אריין.

דיא וואָך האט זיך יעצט געביטען. דער מאיאר און דער קאפיטאן זיינען געבליעבען אויף דער וואָך שטעהן און אלע איבעריגע זיינען געגאנגען צום וואגען.

לארד גלענארוואן האט דערצעהלט זיין פֿרוי פֿון זייער בעשלוס און אז דער גורל איז געפֿאלען, אז דער מאטראז מילרעד זאל רייטען קיין מעלבורן. ליידי העלענא האט געזאגט דעם מאטראז אייניגע פֿריינדליכע ווערטער, וועלכע האבען איהם ערפֿילט מיט פֿרייד און שטאלץ.

וואונדערבאַר! קיינער אלס ליידי העלענא איז נימ געפֿאַלען אויף אזא וויכטיגע, פראַקטישע פֿראַגע, וואס געהער זיך זעהר ווייניג אן מיט א פֿרוי.

זיי האבען נור איין פֿערד. דיעזעס פֿערד אבער איז געצייכענט, אויף איינעם פֿון זיינע הוף אייזען איז דאָ א צייכען, וועלכען דער שמיעד, איינער פֿון אייערטאנס באַנדע האט געמאכט. ווען דער מאטראָז מילרעד וועט פֿאהרען אויף דיעזעס פֿערד, וועט אייערטאן מיט זיין באנדע זעהר לייכט דערקענען זיין שפור, וועט איהם נאכיאגען און וועט איהם טויטען און צו נעהמען ביי איהם דעם בריעף צו טאם אויגוסטין.

ליידי העלענא האט געשטעלט דיעזע פֿראַגע. דער פראפֿעסאָר האט זיא אנגעקוקט מיט בעוואונדערונג. ער האט זיך נימ געקענט איינהאלטען און האט אויסגערופֿען:

— בראַוואָ, ליידי העלענא! בראַוואָ! איהר מעגט זיין א מיניסטער! איהר בערעכענט יעדע קליינינקייט.

— מען קען אראָפּנעהמען דעם הופֿאייזען (פֿאָדקאָווא) פֿון איינעם פֿון דיא געפֿאלענע פֿערד און איהם צו שמיעדען צום פֿערד, האט מילרעד געזאגט.

— קענען קען מען עס געוויס, האט ווילסאן געענטפֿערט, ווער וועט עס אבער טהאן? מיר זיינען דאָך מאטראָזען און קענען נימ דאס עדעלע האנדווערק פֿון א שמיד. — גלייכער אזוי, וויא איך האב אמאל געלעזען אין א רייזע בעשרייבונג, וויא דיא ווילדע אינדיאנער אין אמעריקא טהוען. — זיי וויקלען ארום דיא פֿים פֿון'ם פֿערד מיט טיכער, אדער מיט שטיקער לעדער, אז ער לאזט גאר קיין שפור נימ איבער. דאס איז פֿיעל גלייכער. דאס פֿערד מאכט נימ קיין ליאַרם, ווען ער לויפֿט שנעל אויף א טרוקענעס, הארטען וועג און פֿון'ם שפור (סליעד) וואס עס לאָזט איבער אין דער ווייכער ערד, קען מען קיין מאל נימ וויסען, אויב דאס איז געוועז א פֿערד אדער אנאנדער מין חיה.

— איך מוז מיך שעהמען, האט אויסגערופֿען דער פראפֿעסאר. ווילסאן קען שוין בעסער געאגראפֿיע פֿון מיר. — ער האט פֿאלקאמען רעכט. ווען מען זאל אפשינדען דיא פֿעל פֿון דיא געפֿאלענע בהמות און נאָסערהייט עס ארומבינדען

ארום דעם פֿערדיס פּיס, וועט עס באלד פֿערטריקענט ווערן און אונזער איינציגעס פֿערד וועט האבען דיא בעסטע שיך אין דער וועלט.

עס איז געבליעבען, מען זאל אזוי טהאן. ווילסאן, וועלכער איז געוועזן דער ערפֿינדער פֿון דיזער אידעע, איז געגאנגען זיא אויספֿיהרען. דאס האט אבער געדויערט לענגער, וויא מען האט גערעכענט. ער איז געוועזן א מאַטראָז, אבער ניט קיין בוטשער, דאס האנדווערק פֿון אפשינדען א פֿעל איז ניט געוועזן זיין פֿאַך.

אונטערדעסען האט אלבינעט פֿערטיג געמאכט דעם מיטאג. ער האט עפּעס ארויסגענומען פֿון דיא זאכען, וואס זיי האבען געקויפֿט אין דער לעצטער שטאָדט, וואו זיי האבען איבערגענעכטיגט. דער ארטיקעל איז געוועזן איינגע-וויקעלט אין א צייטונג. אלבינעט האט ארויסגענומען דיא זאך און האט אוועק-געווארפֿען דיא צייטונג. דער פּראפֿעסאָר האט זיא אויפֿגעהויבען. ער האט שוין אזוי לאנג ניט געלעזען קיין צייטונג, אז אן אלטע צייטונג איז פֿאר איהם אויך געוועזן א סחורה.

דיא צייטונג האט געהייסען: „דיא ניי זעעלאנד טיימס".

— אַ לאַנד! אַ לאַנד! האט דער פּראפֿעסאָר אנגעהויבען צו ברומען און צו שלאגען זיך אין שטערן. ער האט געחאפּט דיא צייטונג און איז ארומגעלאָפֿען מיט איהר, וויא אַ וואהנזיניגער. אלבינעט האט גאנץ ערנסט געמיינט, אז דער פּראפֿעסאָר איז אראפּ פֿון זינען. ליידי העלענא און לארד גלענארוואַן האבען פֿערשטאַנען, אז איהם איז געוויס איינגעפֿאלען עפּעס א נייער געדאנק, א נייע אידעע. זיי האבען איהם דאהער צו רוה געלאזען.

פּלוצלונג האט דער פּראפֿעסאר זיך געהייסען געבען דיא בריעף, וואס מען האט געפֿונען אין דער פֿלאש. ליידי העלענא האט איהם געגעבען דיא בריעף. ער האט זיי גענומען, איז מיט זיי אוועקגעגאנגען און האט זיך געזעצט אונטער אַ בוים. קיינער האט איהם ניט געשטערט, קיינער האט מיט איהם ניט גערעדט.

דער מאטראָז ווילסאן איז ענדליך פֿערטיג געווארען מיט זיין ארבייט. מילרעד איז שוין לאנג פֿערטיג געווארען אויף דער רייזע און איז צוגעגאנגען צו לארד גלענארוואן בעטען איהם דעם בריעף צו טאם אייגוסטין. לארד גלענאר-וואנ'ס האנד האט איהם זעהר וועה געטהאן. ער האט פּראבירט שרייבען און האט געמוזט אוועקלעגען דיא פֿעדער.

— פּראפֿעסאָר! פאגאנעל! קומט, ענדיגט דעם בריעף, איך קען ניט שרייבען, האט ער גערופֿען.

— הא! — גוט! איך בין באלד פֿערטיג — האט דער פּראַפֿעסאָר געענט-פֿערט. — אַ לאַנד! אַ לאַנד!

— אבער קומט שוין אהער! עס ווערט שפּעט, מילרעד מוז פֿאהרען. איך קען ניט ענדיגען דעם בריעף.

דער פּראפֿעסאר האט זיך ענדליך אויפֿגעהויבען און איז צוגעגאנגען צום וואגען. אויף א קעסטעל איז געלעגען דאס בייגעלע פּאפּיער, אויף וועלכען לארד גלענארוואן האט אנגעהויבען צו שרייבען זיין בריעף.

— שרייבט פּראָפעסאָר, האט לארד גלענארוואן געזאגט.

„אן טאם אויגוסטין, דער ערשטער אָפיציער אויפן „דונקאן". נאך עמפּפאנג
„פון דיעזען בריעף, זאלט איהר באַלד ארויספאהרען פון מעלבורן און זאלט
„פאהרען לעבען ברעג פון אויסטראַליען אויפן 37טען גראַד" —

— יא, אויפן 37טען גראַד, אַ לאַנד! אַ לאַנד! האט פּלוצלונג אויסגערופען דער פּראָפעסאָר, האט אוועקגעווארפען דיא פעדער און איז אוועקגעלאָפען צו זיין בוים.

— וואס איז מיט איהם? האבען דיא מאטראזען געפרעגט ערשטוינט. — עפּעס איז מיט איהם! אונזער גוטער פּראָפעסאָר זאל פּלוצלונג אוועקווארפען דיא פעדער און ניט וועלען שרייבען? — וואס הייסט דאס?

דער מאיאר און קאַפּיטאן פאַררא גוט האבען געזעהן דיא גאנצע סצענע און זיינען אויך צוגעקומען זעהן, וואס דא איז.

— געהט שוין ענדיגט דעם בריעף, פּראָפעסאָר! האט ליידי העלענא געבעטען.

— יא, יא! איהר האט רעכט, האט דער פּראָפעסאָר געענטפערט און איז צוגעגאנגען ענדיגען דעם בריעף.

ער האט איהם געענדיגט און לארד גלענארוואן האט איהם אונטערגע־שריעבען מיט דער קראנקער האנד. דער פּראָפעסאָר איז צוריקגעגאנגען צו זיין בוים, ער האט נאך אלץ געהאלטען דיא צייטונג מיט דיא בריעף אין דיא הענד, האט גערעדט צו זיך אליין:

— אַ לאַנד! אַ לאַנד! אַ לאַנד! און האט זיך ווייטער פערטיעפט אין זיינע געדאנקען.

וואס מען האט איהם געפרעגט, וואס מען האט צו איהם גערעדט, האט גאר ניט געהאָלפען. ער האט קיינעם ניט געענטפערט און מען האט געמוזט איהם לאזען צו רוה.

### 16טעם קאַפּיטעל.

## פיער שרעקליכע טעג.

עס איז געווארען שפּעט. דיא זון איז שוין אונטערגעגאנגען, ווען מילרעד האט ערשט געקענט אוועקפאהרען.

זייט עס איז געווארען פינסטער, האט זיך דער פּראָפעסאָר אין גאנצען פערענדערט. ער איז געווארען וויעדער דערזעלבער מענש, וואס פריהער, האט ווייטער גערעדט מיט אלעמען, האט ווייטער געשפּאסט און איז וויעדער געווארען מונטער. נור ווען מען האט איהם געפרעגט וואס איז ער היינט געווען אזוי צו טראכטען? האט ער ניט געענטפערט. ווען ער פלעגט אוועקגעהן פון דיא איבעריגע, האט מען געקענט הערען, וויא ער זאגט צו זיך אליין:

— זיי וועלען מיר ניט גלויבען, ווען איך וועל זיי ערקלערן. אויסער דעם, צו וואס וועט עס נוצען? — עס איז שוין צו שפּעט.

עס איז געווארען פינסטערער און פינסטערער. דער הימעל האט זיך בעדעקט מיט שווערע, בלייענע וואלקען. עס איז געווען דייטליך, אז עס וועט געהן ביי נאכט א שטארקער רעגען. אונזערע רייזענדע האבען געמוזט זיין פארזיכטיג און האלטען א שטרענגע וואך. זיי האבען איבערגעקוקט זייער געוועהר. זיי האבען געהאט זיעבען קאראביינען (קורצע ביקסען) און אכט זעקס־רעהריגע רעוואלווערס. פולווער און קוילען האבען זיי געהאט גענוג. דער וואגען איז געווען א גוטע פעסטונג, בעזאנדערס יעצט, ווען זיי האבען איהם ארומגעשטעלט מיט קלעצער און מיט שטיקער האלץ. דערווייל האבען זיי נאך געהאט גענוג לעבענס־מיטעל. זיי קענען אלזא רוהיג אויסהאלטען עטליכע טעג, ווען דיא רויבער זאלען זיי וועלען בעלאגערן. ווען מילרעד זאל נור קומען שנעל קיין מעלבורן, וועט דער „דונקאן" אין עטליכע טעג ארום צו קומען צו דער בוכטע טופאלד און דיא מאטראזען וועלען קענען קומען זיי צו הילף.

אזוי האבען זיי זיך איבערלעגט און איבעררעכענט. ווען אלעס איז געווען געארדענט, האט מען זיך געזעצט עסען כאפער. מען האט שנעל אפגעגעסען און מילרעד האט גענומען אבשיעד פון אלעמען. דער פראפעסאר האט איהם געלערנט, וויא אזוי ער זאל פאהרען און וועלכער וועג איז דער נאהענסטער. דער מאיאר האט איהם געגעבען א רעוואלווער, וועלכען ער אליין האט אנגעלאדען. ליידי העלענא האט איהם אליין מיטגעגעבען פראוויאנט אויפ'ן וועג.

אלע האבען איהם געדריקט דיא הענד, אלע האבען איהם געווינשען גליק אויף דער רייזע. דיא נאכט איז אונטערדעסען געווארען פינסטערער. עס האט אנגעהויבען צו בלאזען א שטארקער ווינד. עס איז געווען דייטליך, אז באלד וועט אנהייבען צו גיעסען א רעגען. מען האט ווירקליך געדארפט האבען א העלדען מוטה צו לאזען זיך אין אזא נאכט אין אזא אונזיכערן און געפעהרליכען וועג. מילרעד אבער איז געווען גאנץ רוהיג און פעסט ענטשלאסען ניט צו פערליערן קיין מינוט און גלייך צו פאהרען.

— דאס שלעכטע וועטער איז נאך בעסער פאר מיר, האט ער געזאגט. דער רעגען וועט צו טרייבען דיא רויבער. איך וועל דערווייל אוועקפאהרען ווייט, אז זיי וועלען ניט קענען מיך אניאגען.

ער האט גענומען אבשיעד פון אלעמען און איז באלד פערשוואונדען אין וואלד. עס איז געווען שטארק פינסטער און מען האט ניט געקענט זעהן, אויב ער איז שוין ווייט פון זייער לאגער, אדער נאך ניט.

נאך זיין אוועקפאהרען זיינען אלע אריינגעגאנגען אין וואגען. דער ווינד איז געווארען אלץ שטארקער און שטארקער, ער האט אנגעהויבען צו ברעכען דיא אלטע, פערדארטע ביימער מיט א שרעקליכען ליארם און עס האבען אנגעהויבען צו פאלען דיא ערשטע טראפען פון א געדיכטען שלאגס־רעגען.

דער קאפיטאן פאררארגוט און דער מאיאר האבען זיך אונטערגענומען צו [illegible] אויף דער וואך. זיי האבען ניט געקוקט אויפ'ן רעגען און אויפ'ן שטורם. זיי האבען גוט געוואוסט, אז פון דער וואך הענגט אפּ דאס לעבען פון זייער גאנ

צער פארטיע. זיי האבען זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, האבען אויפגעריסען דיא אויגען צו זעהן, וואס עס טהוט זיך אין וואלד.

זיי האבען אבער גאר ניט געזעהן. צו הערן איז געווען זעהר שווער אין א צייט, ווען דער ווינד רוישט אזוי שרעקליך צווישען דיא דארע ביימער.

לארד גלענארוואן, דער פראפעסאר, ווילסאן און דיא דאמען זיינען געזעסען אין וואגען. זיי האבען איהם איבערגעצאמט מיט א פארהאנג אויף צוויי טהייל. איין טהייל איז געווען א סאלון און שלאף צימער פאר דיא מענער און דער אנדערער טהייל איז געווען — פאר דיא דאמען. פון שלאפען האט קיינער ניט געדאכט. אין אזא נאכט און אין אזא פעסטונג שלאפט זיך ניט.

פון צייט צו צייט האט דער ווינד אויפגעהערט איינינע מינוט, אום שפעטער אנצוהויבען צו בלאזען מיט מעהר קראפט און מיט מעהר כעס.

אין איינע פון דיעזע שטילע מינוטען האט דער שארפער אויער פון קאפיטאן פארראגוט דערהערט א זאנדערבארען פייף.

— האט איהר עפעס געהערט מאיאר? האט ער געפרעגט זיין קאמעראד.

— יא, האט דער מאיאר געענטפערט. איך וויים נור ניט, אויב א מענש, אדער א ווילדע חיה האט עס געמאכט.

— אזוי פייפט נור א מענש, האט דער קאפיטאן געזאגט.

ביידע האבען זיך צוגעהערט. באלד האבען זיי געהערט נאך אמאל דאס זאנדערבארע פייפען. עס האט זיך זיי אויסגעוויזען, אז זיי האבען געהערט א שאס פון א רעוואלווער. זיי זיינען אבער ניט געווען זיכער, אויב דאס איז געווען א שאס, ווייל אין דער זעלבער מינוט האט דער ווינד ווידער אנגעהויבען שרעקליך צו רוישען און צו ליארמען.

זיי האבען געוואלט רעדען עפעס, עס איז אבער געווען אונמעגליך. דער ווינד האט גערוישט צו שטארק. זיי האבען געמוזט צוגעהן צום וואגען. דארט זיינען זיי וועניגסטענס אביסעל פערשטעלט פון'ם ווינד.

לארד גלענארוואן האט אויך געהערט דאס זאנדערבארע פייפען, איהם האט זיך אויך אויסגעוויזען, אז ער האט געהערט שיעסען. ער האט ארויסגעשטעקט דעם קאפ פון'ם וואגען און האט דערזעהן דעם קאפיטאן מיטן מאיאר.

— האט איהר געהערט? האט ער זיי געפרעגט.

— יא, מיר האבען געהערט, האבען זיי געענטפערט.

— פון וועלכער זייט איז עס געווען?

— דארט, פון יענער זייט, האט דער קאפיטאן געענטפערט און האט געוויזען אויף דיא זייט, וואו דער מאטראז טילדער איז ערשט ניט לאנג אוועק געפארען.

— קענט איהר ניט וויסען, וויא ווייט עס האט געקענט זיין?

— נאך מיין רעכנונג, האט עס געדארפט זיין דריי—פיער מייל פון דאנען.

— קומט! האט געזאגט לארד גלענארוואן און האט געכאפט זיין קאראבין.

— ניין! האט געזאגט דער מאיאר. איך מיין אז מען וויל אונז פארנארען

פון'ם וואגען. אייערטאן האט אומיסטען געשאסען. מיר זאלען לויפען אהין, דערווייל וועט ער אנפאלען אויפ'ן וואגען. איך קען שוין דיעזע קונסטשטיק. מיר פלעגען עס אפט טהאן, ווען מיר האבען געפיהרט קריעג אין אפריקא מיט דיא ווילדע. מיר פלעגען זיי אפט אזוי אפנארען און אנפאלען אויף זייער לאגער.

— פיעללייכט אבער זיינען זיי אנגעפאלען אויף אונזער גוטען און מוטהיגען מילרעד? האט לארד גלענארוואן אויסגערופען.

— נו, וועלען מיר מארגען זעהן, האט דער מאיאר געענטפערט קאלט בלוטיג.

דער מאיאר האט זעהר געוואלט געהן זעהן, וואס דארט איז געשעהן. ער האט אבער אויף קיין פאל ניט געוואלט, אז לארד גלענארוואן זאל אהין געהן.

— איהר טארט ניט פערלאזען דעם לאגער, האט קאפיטאן פארראגוט גע־זאגט. — לאזט מיך, איך וועל אליין געהן זעהן, וואס דארט איז.

— איהר וועט עס ניט טהאן! האט געזאגט דער מאיאר מיט אזא שארפען טאן, גלייך וויא ער וואלט קאמאנדירט זיינע סאלדאטען. — וואס ווילט איהר, אז מען זאל אונז איינעם נאכ'ן אנדערן אויסהרגענען און דערנאך זאל מען אנפאלען אויף דעם פערוואונדעטען גלענארוואן און אויף דיא שוואכע פרויען? ווען מיל־רעד איז געפאלען פון זייערע הענד, איז עס געווים א גרויסעס אונגליק פיר אונז. דערפאר אבער איז עס געווען א גורל. ווען דער גורל זאל געווען פאלען אויף מיר, וואלט איך יעצט געלעגען טויט. וואצו אבער זאלען מיר אליין ארויסרופען דאס אונגליק? וואצו זאלען מיר עס ווידערהאלען?

דער מאיאר האט געהאט פאלקאמען רעכט. ווען בען דשאנס מיט זיין באנדע געפינען זיך ניט ווייט און לויערן אויף זיי, וועלען זיי געווים ניט שווייגען און וועלען זיי אויך טויטען. ער האט מיט זיך א באנדע פון עטליכע און צוואנציג מענשען און זיי זיינען נור דריי. — וואס קענען דריי מענשען מאכען געגען אזא באנדע און נאך אין אזא פינסטערע נאכט? — דא אין וואגען און לעבען וואגען זיינען זיי וועניגסטענס זיכער. זיי קענען זיך פערטהיידיגען. זיי קענען שיעסען אויף דיא רויבער פון'ם וואגען און דיא רויבער קענען זיי ניט טרעפען. אויפ'ן פרייען פעלד אבער וועלען זיי דיא רויבער געווים אויסהרגענען איינעם נאכ'ן אנדערן.

דער מאיאר האט דורכגעמאכט עטליכע קריעג מיט דיא ווילדע אין אפריקא און האט זעהר גוט געוואוסט, וואס עס הייסט פיהרען א קריעג מיט ווילדע מענ־שען. ער האט גוט איבערעכענט, אז זיי זיינען יעצט זעהר וועניג און קיינער טאר ניט ריסקירען זיין לעבען.

לארד גלענארוואן אבער האט איהם ניט געוואלט הערן. ער איז ארויסגע־שפרונגען פון וואגען מיט'ן קאראבין אויף דיא פלייצעס און איז ארומגעגאנגען ארום וואגען. ער האט זיך געריסען געהן זעהן, וואס דארט איז געשעהן. ער האט ניט געקענט איבערטראגן דעם געדאנק, אז איינער פון זיינע מענשען ליגט

ערגעץ פערוואונדעט, פערבלוטיגט אין ווילדען וואלד און קיינער קומט איהם ניט צו הילף. — דער מאיאר איז געווען פערצווייפעלט.

— וואס ווילט איהר טהאן, גלענארוואן? האט ער איהם ענדליך געזאגט און האט איהם אנגעהאפט ביים ראק. פערגעסט ניט, אז איהר לאזט דא איבער אייער פרוי, מערי גראנט און נאך א פרוי אליין אין דער גרעסטער געפאהר. — ווען איהר געהט, וועלען מיר אלע מיטגעהן מיט אייך און דיא פרויען וועלען בלייבען אליין. — בערעכענט, אז מיר ווייסען זאגאר ניט וואוהין צו געהן. איך רעד שוין ניט פון'ם רעגען, עס איז אבער שרעקליך פינסטער און מיר קענען ארומבלאנזען א גאנצע נאכט. — בלייבט דא, גלענארוואן, געהט ניט!

אין דיעזע מינוטע, וויא אן אנטוואָרט אויף'ן מאַיאָרס ווערטער, האט מען געהערט א שרעקליכען געשריי פון א מענשען, וועלכען מען טוידטעט. דאס איז געווען א פערצווייפלונגס געשריי; ווער עס האט איהם געהערט, איז איהם פערקיהלט געווארען דאס בלוט אין דיא אדערן.

— הערט! הערט! האט אויסגעשריען לארד גלענארוואן און האט זיך אויסגעריסען פון'ם מאיאר'ס הענד.

אין דיעזע מינוט האט מען ווידער געהערט א שאָס און גאנץ נאהענט האט איינער געקרעכצט און געשריען:

— העלפט! רעטעט!

יעצט האט זיך שוין קיינער ניט געקענט איינהאלטען. דער מאיאר, דער קאפיטאן און לארד גלענארוואן זיינען געלאפען, וויא דיא וואהנזיניגע, זיי האבען אליין ניט געוואוסט וואוהין.

זיי זיינען אוועקגעלאפען נור איניגע הונדערט שריט, ווען זיי האבען גע־הערט א קרעכץ פון א מענשען, וועלכער האלט ביים שטארבען. זיי זיינען נאכ־געגאנגען נאכ'ן קול און האבען געפונען א מענשליכע געשטאלט צווישען דיא ביימלעך.

דאס איז ווירקליך געווען דער מאטראז מילערד — פערוואונדעט, האלב טוידט. זיי האבען זיך געווארפען צו איהם און האבען איהם אויפגעהויבען — זייערע הענד זיינען געווארען פול מיט רויטעס, ווארעמעס בלוט.

דער רעגען האט געגאסען, וויא פון עמערס. דער ווינד האט גערוישט און געהוילט, אז עס איז געווען אונמעגליך צו הערן, וואס דער אנדערער רעדט. שטילערהייט האבען זיי אויפגעהויבען דעם פערוואונדעטען מאטראז, שטילערהייט האבען זיי איהם געטראגען צוריק צום וואגען — צו זייער איינציגער פעסטונג.

מען קען זיך לייכט פארשטעלען, וואס פאר א שרעקליכען איינדרוק עס האט געמאכט אויף אלעמען, ווען מען האט געבראכט דעם פערוואונדעטען מילערד צום וואגען. דער פראפעסאר און דיא דאמען זיינען באלד ארויסגעשפרונגען פון וואגען. ליידי העלענא האט אפגעטרעטען איהר בעט. מערי און ראבערט האבען געוויינט שטילערהייט.

מען האט אריינגעלייגט דעם [illegible] טוידטען מילערד [illegible] און דער

מאיאָר איז געוואָרען אַ דאָקטאָר. ער האט זיך געניט אנגעזעהן אין זיין לעבען און איז געווען אַ שטיקעל קענער אויף וואונדען. דיא ערשטע זאך, וואס ער האט געטהאן, איז געווען אראפצונעהמען פון'ם פערוואונדעטען זיין העמד, וועלכעס איז געווען דורכגענעצט פון רעגען און בלוט. —

יעצט האט ער בעטראכט דיא וואונד. עס איז געווען אַ שטאך מיט אַ מעסער אין דער רעכטער זייט.

דער מאיאָר האט זיא אפגעוואַשען און פערבונדען, וויא ער האט געקענט. ער איז ניט געווען קיין גרויסער דאָקטאָר, ער זאל קענען זאָגען בעשטימט, אויב דיא וואונד איז טויטליך. דער פערוואונדעטער אבער איז געווען אזוי בלייך און אזוי שוואך, אז זאגאָר ניט קיין דאקטאר האט געקענט זעהן אז ער איז שווער פערוואונדעט. ער איז געלעגען בעוואוסטלאז און האט ניט געקענט רעדען. דער מאיאָר האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה איינצוהאלטען דאס בלוט פון דער וואונד. ליידי העלענא האט איהם אריינגעגאסען אין מויל איניגע טראָפען קאָניאַק.

אלע זיינען געשטאנען ארום איהם טרויעריג און פערטראכט. קיינער האט ניט געוואגט ארויסצורעדען אַ וואָרט. עס איז פערגאנגען אַ האלבע שטונדע. דער פערוואונדעטער מאטראָז האט ענדליך געעפענט דיא אויגען און זיינע ליפען האָבען זיך אנגעהויבען צו ריהרען. דער מאיאָר האט זיך אנגעבויגען צו איהם און האט געהערט, וויא ער רעדט מיט אַ געבראָכענער שטימע:

— דער בריעף — בען דשאנס — דער בריעף. —

דער מאיאָר האט זיי געזאגט, וואס ער האט געהערט. קיינער אבער האט ניט פערשטאנען, וואס ער מיינט מיט דיעזע ווערטער. זיי האבען גוט געוואוסט, אז אייערטאן אדער בען דשאנס לויערט אויף זיי; זיי האבען פערשטאנען, אז בען דשאנס וויל געווים ניט, אז ער זאל זיי קומען צו הילף, אבער וואס געהער זיך דאס אן מיט'ן בריעף?

לאָרד גלענאַרוואַן האט אנגעהויבען צו זוכען ביי מילרעד אין דיא קעשינעס. — דער בריעף איז פערשוואונדען! — וויא זאל מען זיך דאס ערקלערן? — וואו איז אהין געקומען דער בריעף? —

לאנגזאם, טרויעריג און זעהר לאנג האבען זיך געשלעפט דיא שטונדען פון דיעזער שרעקליכער נאכט. עס האט אויסגעוויעזען, אז עס וועט שוין גאר קיין מאל ניט ווערן טאג. מילרעד איז געלעגען אויסגעשטרעקט, האלב טויט. יעדע מינוטע האט מען ערווארטעט: אט, אט שטארבט ער! ליידי העלענא און מערי גראנט זיינען ניט אפגעטרעטען פון איהם. זיי האבען געטהאן אלעס מעגליכע אום צו ערלייכטערן זיינע ליידען. וואס האבען זיי אבער געקענט טהאן אין ווילדען וואלד, אהן אַ גוטען דאקטאָר? — באלד האבען זיך געוויעזען אלע ציי־כענס פון וואונד פיעבער.

ענדליך איז דאך געוואָרען טאג. דער רעגען האט אויפגעהערט. דער הימעל אבער איז נאך אלץ געווען בעדעקט מיט שווערע, גרויע וואלקען. אין וואלד זיינען געלעגען צעוואָרפען אפגעבראכענע צווייגען. דיא ערד איז געווען נאס,

גרויסע טייכען זיינען געשטאַנען אַרום וואַגען. עס איז געווען שווער אַרומצוגעהן אין וואַלד זעהן, אויב מען וועט ניט געפינען עפּעס אַ שפּור פון דיא רויבער.

דער מאַיאָר און דער קאַפּיטאַן האָבען זיך דאָך ניט געקענט איינהאַלטען. זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען זוכען אויף דעם אָרט, וואו זיי האָבען געפונען ביי נאַכט דעם פערוואונדעטען מילרעד. זיי האָבען נאָך געפונען שפורען פון בלוט, וועלכע האָבען זיי געפיהרט ביז צו דעם אָרט, וואו דיא באַנדע איז אַנגעפאַלען אויף'ן מאַטראָז. צוויי טויטע קערפּער זיינען געלעגען אויף דעם אָרט. איינעם האָבען זיי דערקענט. דאָס איז געווען דער שמיעד, וועלבער האָט צו רעכט געמאַכט דיא אַקס פון'ם וואַגען, ווען זיי זיינען אַריבערגעגאַנגען דעם טייך ווימעררא. אַ קוגעל אין קאָפּ האָט געמאַכט אַן ענדע פון זיין רויבער-לעבען. — מילרעד האָט גע־קעמפּפט און האָט בענוצט זיין רעוואָלווער. ווען זיי האָבען געהערט ביי נאַכט שיעסען, האָט עס מילרעד געשאָסען.

זיי האָבען שוין מעהר ניט געזוכט. זיי זיינען צוריק געגאַנגען צום וואַגען איבער רעדען, וואָס מען זאָל ווייטער טהאָן. ווען זיי האָבען דערצעהלט לאָרד גלענאַרוואַן, וואָס זיי האָבען געפונען, האָט ער זיי געזאָגט:

— יעצט קענען מיר מעהר ניט דענקען, צו שיקען אַנאַנדערן קיין מעלבורן. מען בעוואַכט אונז שטאַרק.

— דאָ בלייבען קענען מיר אויך ניט, האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט. — יעצט וועל איך געהן און זעהן מיך דורכשלאָגען קיין מעלבורן. פיעללייכט וועט עס מיר געלינגען.

— ניין, פאַרראַגוט, איך וועל אייך ניט לאָזען געהן. — אויסער דעם וויא וועט איהר געהן? מיר האָבען דאָך ניט איין פערד זאַגאַר.

דאָס האָט דער קאַפּיטאַן ווירקליך פערגעסען. — וואו איז אַהינגעקומען מילרעד'ס פערד? האָבען עס דיא רויבער אויך געטויטעט, אָדער עס לויפט אַרום ערגעץ אין וואַלד? דאַריבער האָט נאָך קיינער ניט נאַכגעדאַכט.

— ניין, ניין, פאַרראַגוט! האָט לאָרד גלענאַרוואַן ווייטער געזאָגט, מיר האָבען נעכטען בעגאַנגען אַ פעהלער, וואָס מיר האָבען ריסקירט מיט אַ מענ־שענס לעבען. מיר טאָרען נאָך אַ מאָל ניט מאַכען דעמזעלבען פעהלער. לאָמיר זיך האַלטען צוזאַמען, ביז עס וועט אונז אַנגעקומען פון ערגעץ הילף. מעגליך, אַז דער טייך וועט באַלד אַפּפאַלען און מיר וועלען געהן צופוס צו דער בוכטע טופאָלד, דאָרט וועלען מיר טרעפען אַ שיף.

— איך מיין אויך אַזוי, האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט. דאָס איז דער איינ־ציגער וועג צו אונזער רעטונג. מיר מוזען וואַרטען. דערווייל זיינען מיר דאָ זיכער. מעגליך, אַז דער טייך וועט באַלד אַפּפאַלען, מיר וועלען קענען איהם אַריבער־געהן און מיר וועלען צוקומען ערגעץ צו אַ וואוינונג פון מענשען.

אַזוי וויא זיי זיינען אַזוי געשטאַנען און גערעדט לעבען אַ בוים ניט ווייט פון'ם וואַגען, איז דער קליינער ראָבערט אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ שמחה:

— עס איז איהם בעסער, מילאָרד! — עס איז איהם בעסער!

— ווען איז בעסער? האט דער פּראָפעסאָר געפרעגט.

— מילרעדין געהט עס בעסער! האט ראבערט אויסגערופען.

אלע זיינען צוגעגאנגען צום וואגען זעהן, וואס מילרעד מאַכט.

— עס איז ווירקליך איינגעטרעטען א קריזיס, האט ליידי העלענא געזאגט. דאס פיעבער האט נאכגעלאזען און ער האט געעפענט דיא אויגען. — ער רופט דיך, עדוואַרד, ער וויל מיט דיר רעדען.

לארד גלענארוואן איז אריינגעגאנגען אין וואגען. דער מאיאר איז שוין לאנג געזעסען לעבען קראנקען און האט געלעגט קאלט וואסער צו דער וואונד.

— מילרעד איז געלעגען בלייך, אבער רוהיג. ווען ער האט דערזעהן לארד גלענארוואן, האט זיך געוויזען א שמייכעל אויף זיינע בלייכע ליפען.

— וויא געהט עס דיר, מיין אונגליקליכער פריינד? האט לארד גלענארוואן געפרעגט מיט א בעוועגטער שטימע.

— בעסער, האט מילרעד געענטפערט גאנץ שטיל, אבער דייטליך גענוג.

— ביסט דוא אים שטאנד אונז צו דערצעהלען, וויא אזוי דיא רויבער זיינען דיך בעפאַלען.

— יא, — איך האב אייך אומיסטען — געשיקט — רופען.—

— וויא מיינט איהר, מאיאר, וועט עס איהם ניט שאַדען, ווען ער וועט דערצעהלען? האט לארד גלענארוואן געפרעגט. — עס זיינען דא וואונדען, ווען דער קראנקער טאר קיין וואָרט ניט רעדען.

— איך מיין, אז עס וועט איהם ניט שאַדען. — ער אטהעמט פריי, דאס איז א בעווייז, אז דיא לונגען זיינען ניט אנגעריהרט. נור ביי אזעלכע וואונדען, ווען דיא לונגען זיינען אנגעריהרט, טאָר דער קראנקער ניט רעדען. דיא לונגען ארבייטען, ווען דער מענש רעדט און דיא וואונד קען זיך ניט פערהיילען.

— אלזא, דערצעהל, וויא אזוי ביסט דוא געקומען צו דיזע וואונדען? האט לארד גלענארוואן זיך געווענדעט צו מילרעד.

— איך בין ארויסגעפאהרען פון דאַנען — האט אנגעהויבען צו דערצעהלען מילרעד מיט א שוואַכער, אבער דייטליכער שטימע. — און בין אוועקגעפאהרען אן ערך פון צוויי מייל. — פּלוצלונג זיינען אין דער פינסטער אויף מיר אנגעפאַלען עטליכע מענשען. — איך ווייס ניט וויא פיעל. — מיר דאכט, אז עס זיינען געוועזען פינף מענשען. — צוויי האבען אנגעחאַפּט דאס פערד ביים צוים. — איך האב מיך ניט דערשראָקען, האב ארויסגעחאַפּט דעם רעוואָלווער און האב אנגעהויבען צו שיעסען.

ער האט זיך אפּגערוהט אייניגע מינוטען. עס איז איהם געווען שווער צו רעדען.

— איך ווייס ניט, אויב איך האב וועמען געטראָפען, האט ער ווייטער דערצעהלט, — פּלוצלונג האב איך געפיהלט א שטאַרקען זעץ איבער דיא הענד און א שטאָך אין זייט. — איך בין אראפּגעפאַלען פון'ם פערד און בין געלעגען וויא טויט. — איך האב אבער געהערט אלעס, וואס האט זיך געטהאן ארום מיר.

איך האב געפיהלט, וויא מען האט מיך בעזוכט. איך האב געהערט, וואס מען האט גערעדט. — איך האב מיך אומיסטען ניט געריהרט. — לאזען זיי מיינען, אז איך בין טויט, האב איך מיר געטראַכט. איך האב געהערט, וויא איינער האט ענדליך געזאגט:

— אט איז ער! איך האב איהם! איך האב דעם בריעף!

— גיב מיר דעם בריעף, האט אייערטאן געזאגט. — יעצט איז דער „דונקאן" אונזערער!

— זיין שטימע האב איך באלד דערקענט. — איך האב פערגעסען מיינע וואונדען און האב שוין געוואלט מיך אויפהויבען. עס איז מיר אבער געוועזען אונמעגליך.

— יעצט, קינדער, האט אייערטאן ווייטער געזאגט, געהט און חאַפּט דאס פּערד. — אין צוויי טאג בין איך אין מעלבורן. אין זעקס טאג ארום קום איך אן מיט'ן „דונקאן" אין דער בוכטע טופאלד. איהר זאלט ווארטען אויף מיר לעבען דער בוכטע.

דער לארד מיט זיינע מענשען שטעקען דערווייל אין דיא זומפּען לעבען טייך סנאָאי ריווער. — לאזען זיי זיך דארט אויסרוהען.

— וויא זאלען מיר אבער אריבערגעהן דעם סנאָאי ריווער? האט איינער פון דער באנדע געפרעגט.

אייערטאן האט געלאַכט.

— ניט ווייט פון דאנען, נור איינינע מייל ארויף וואסער איז דא א בריק איבערן סנאַאי ריווער. ער הייסט קעמפּבעל ברידש. — איהר וועט אריבערגעהן איבערן קעמפּבעל ברידש און וועט צוקומען צו דער בוכטע טופאלד. דארט וועט איהר אויף מיר וואַרטען. — איך וועל געוויס קומען מיט'ן שיף אין א גאנץ קורצע צייט. קיים וועל איך צוקומען ניט ווייט פון ברעג, וועל איך אראפּשיקען באָאטע (לאדקעס) מען זאל אייך ארויפנעהמען. — מיט אזא גוטען שיף, וויא דער „דונקאן", וועלען מיר זיין דיא הערשער פון'ם גאנצען אינדישען אצעאַן. — ווער וועט עס קענען גענען אונז בעשטעהן?

— עס זיינען דאך אבער דא מאטראזען אויפ'ן „דונקאן"? האט א שטימע געפרעגט.

— עס זיינען מעהר ניטא, וויא צוועלף מאטראזען, האט אייערטאן געענטפערט. — מיר וועלען זיי איינשפּאַרען אין זייערע קאיוטען. — ווער עס וועט וועלען צושטעהן צו אונז, דעם וועלען מיר לאזען לעבען; ווער עס וועט ניט וועלען, דעם וועלען מיר טויטען.

אין דיעזע מינוט האט מען צוגעבראכט מיין פּערד. אייערטאן האט זיך אויפגעזעצט אויף איהם און איז אוועקגעפאהרען. זיין באַנדע איז זיך צוגאנגען. אויף מיר האבען זיי זיך ניט אומגעקוקט: זיי האבען גערעכענט, אז איך בין טויט. — ווען עס איז געווארען שטיל, האב איך מיך אנגעהויבען צו קייקלען אויף

דער ערד, ביז איך בין געפֿאַלען אין אהנמאכט. — וואס ווייטער איז געוועזן, ווייס איך ניט.

לאנגזאם און מיט שווערער מיה האט מילרעד געענדיגט זיין ערצעהלונג. אלע זיינען געבליעבען זיצען, וויא פֿערשטיינערט. קיינער האט ניט געוואַגט ארויסצורעדען א ווארט. דיא וואהרהייט, וועלכע זיי זיינען יעצט געוואהר געוואָרען, איז געוועזן אזוי שרעקליך און האט זיי אזוי איבערראַשט, אז זיי האבען אין דער ערשטער מינוט גאר ניט געוואוסט, וואס צו טהאן און וואס צו זאגען. לארד גלענארוואן איז געוועזן דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך.

— זעערויבער! האט ער אויסגערופֿען. — פּיראַטען! — זיי וועלען רויבען מיין „דונקאן״ און ווערן זעערויבער! — טויטען מיינע גוטע, עהרליכע מאַטראָזען און צונעהמען מיין שיף! — מיר טאָרען עס ניט דערלאזען!

— געוויס! האט געזאגט דער פּראָפֿעסאר, מיר מוזען קומען פֿריהער פֿאר זיי צו דער בוכטע טופֿאָלד. דאן וועלען מיר פֿערניכטען אין גאַנצען זייער פּלאַן. מיט דעם „דונקאן״ וועט קומען נור איין אייערטאן אליין; ווען טאם אויגוסטין מיט זיינע מאַטראזען וועלען געוואהר ווערן, ווער ער איז, וועלען זיי איהם בינדען, און וועלען קומען אונז צו הילף.

— אבער וויא אזוי וועלען מיר אריבערגעהן דעם טייך? האט לארד גלענארוואן אויסגערופֿען.

— אויף דעמזעלבען וועג, וואס דיא רויבער וועלען איהם אריבערגעהן, האט דער מאיאר געענטפֿערט. זיי האבען אונז געוויעזען א וועג — דיא קעמפּבעל בריק.

— וואס טהוט מען אבער מיטן קראנקען מילרעד? האט ליידי העלענא געפֿרעגט.

— מיר וועלען איהם טראגען אויף דיא פּלייצעס, האט דער מאיאר געענטפֿערט. וואס פֿלעגען מיר טהאן מיט פֿערוואונדעטע סאלדאטען? מיר פֿלעגען מאכען א באַהרע (נאסילקא) פֿון צווייגען, זיי ארויפֿלעגען און זיי טראגען אין לאזארעט.

זייער פּלאן איז אייגענטליך געוועזן ניט גאנץ ריכטיג. עס איז וואַהר, אז מען קען דאָרט אריבערגעהן דעם טייך. וואס וועלען זיי אבער טהאן, ווען זיי וועלען בעגעגענען דיא גאנצע באנדע רויבער? — וועלען דען זיעבען מענשען קענען בעשטעהן געגען עטליכע און צוואַנציג? — דאס האבען זיי ניט בערעכענט. זאגאר דער ערפֿאהרענער מאיאר האט עס ניט איבעררעכענט. מילרעד'ס ערצעהלונג האט געמאכט אויף זיי אזא טיעפֿען איינדרוק, אז זיי זיינען דאמאלס ניט געוועזן אים שטאַנד אלעס צו איבערלעגען. נור איין קאפּיטאן פֿארראגוט איז געבליעבען רוהיג און קאלטבליטיג. ער האט אלעס איבעררעכענט, וויא א קאפּיטאן דארף איבעררעכענען, ווען ער זעהט, אז זיין שיף איז אין געפֿאהר. ער האט אבער געזעהן, אז אלע זיינען זעהר איבערראשט און האט זיי ניט געוואלט זאגען, וויא פֿאלש זייער פּלאן איז.

— אייער פלאן איז געווים ריכטיג, האט ער געזאגט. איך מיין אבער, אז איידער מיר לאזען זיך אין וועג אריין, איז גלייכער, אז מיר זאלען פריהער געהן זעהן, אויב מען קען דארט אריבערגעהן דעם טייך. איך נעהם מיך אונטער צו געהן אהין זעהן, וואס דארט איז. עס איז דאך ניט ווייט, אין א פאר שטונדען בין איך צוריק.

— איך געה מיט אייך, האט דער פראפעסאר געזאגט. מיר וועלען זיין זעהר פארזיכטיג. מיר וועלען געהן גלייך מיט'ן טייך און וועלען זעהן, אויב דיא רויבער האבען זיך ניט בעהאלטען ערגעץ.

קיינער איז ניט געווען דאגעגען. אלע האבען איינגעזעהן, אז עס איז גלייכער פריהער אויסצופארשען דעם וועג. זיי האבען ניט געמאכט קיין גרויסע פאר־בערייטונגען און זיינען באלד אוועקגעגאנגען. זיי האבען זיך בעמיהט צו האלטען זיך אין שאטען פון דיא בוימער, אז מען זאל זיי ניט בעמערקען.

דער וועג איז אבער געווען שווערער, וויא זיי האבען געמיינט. אין ערטער האבען זיי געמוזט געהן ביז אין דיא קניע אין וואסער; אין אנדערע ערטער זיי־נען דיא גראזען געווען אזוי הויך און דער „בוש" (קליינע ביימלעך) אזוי געדיכט אז זיי האבען זיך געמוזט אויסהאקען א וועג מיט א האק אדער מיט א שארף מעסער.

אונטערדעסען איז לארד גלענארוואן מיט דיא איבעריגע געבליעבען אין וואלד אליין און האבען פערבראכט זעהר א טרויעריגען טאג. זיי האבען גערע־כענט, אז דער קאפיטאן מיט'ן פראפעסאר וועלען קומען צוריק אין א פאר שטונ־דען ארום, אבער איין שטונדע נאך דער אנדערער זיינען פערגאנגען און זיי זיי־נען ניט געקומען. — עס איז געווארען נאכט — און זיי זיינען נאך ניט צוריק געקומען. לארד גלענארוואן, דער מאיאר און אלע איבעריגע זיינען געווארען זעהר אונרוהיג.

— וואס טהוט מען יעצט? האט געזיפצט לארד גלענארוואן און האט גע־בראכען דיא הענד. — פאר וואס האבען מיר זיי געלאזען געהן? — מיר האבען געדארפט געהן אלע צוזאמען. — איינציגווייז וועלען דיא רויבער אויף אונז אנ־פאלען און טויטען איינעם נאכ'ן אנדערן.

ערשט גאנץ שפעט אין דער נאכט האט ווילסאן, וועלכער איז געשטאנען אויף דער וואך, געמעלדעט, אז דער קאפיטאן מיט'ן פראפעסאר געהען. אלע זיינען ארויסגעגאנגען פון'ם וואגען און זייען זיי ענטגעגען געלאפען.

מיעד, מאט, צובראכען און הונגעריג איז דער קאפיטאן מיט'ן פראפעסאר געקומען צוריק פון זייער רייזע. דער וועג איז געווען שרעקליך שווער. זייערע שטיוועל האבען געפלאצט, זייערע קליידער האבען זיך צודריסען אן דיא דערנער און דיא שטעכענדיגע ביימלעך און גראזען.

מען האט זיי אריינגענומען אין וואגען און זיי געגעבען עסען און טרינקען.

— נו? האט געפרעגט לארד גלענארוואן, ווען זיי האבען זיך אביסעל אפ־

גערוהט. — וואס הערט זיך מיט דער בריק? האט איהר געפונען דיא בריק? קען מען אויף איהר אריבערגעהן?

— מיר האבען געפונען דיא בריק, האט פארראגוט געענטפערט. זיא איז געוועז געמאכט פון געפלאכטענע באמבוק (טראסטענע) שטעקענס. — דיא רויבער זיינען אריבערגעגאנגען, אבער — ער האט ניט געענדיגט, וואס ער האט געוואלט זאגען.

— אבער? האט לארד גלענארוואן געפרעגט אונגעדולדיג.

— ווען זיי זיינען אריבערגעגאנגען, האבען זיי זיא פערברענט, האט דער פראפעסאר געזאגט.

### 17טעם קאפיטעל.

## הילפלאז און האפנונגסלאז.

דיא נאכריכט, אז דיא קעמפבעל בריק איז פערברענט געווארען פון דיא רויבער, האט אויף אלעמען געמאכט א שרעקליכען איינדרוק. אלע זיינען געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט. עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוטען, און וועלכע אלע האבען געשוויעגען. באלד אבער האט זיך לארד גלענארוואן אויפגעכאפט וויא פון שלאף.

— פריינדע! האט ער אויסגערופען. יעצט איז ניט דיא צייט צו טראכטען און טרויעריג צו זיין. יעצט איז דיא צייט, ווען מיר מוזען עפעס טהאן! — יעצט איז נאכט, איהר זייט מיעד און מוזט זיך אויסרוהען. מארגען פריה, מוזען מיר זוכען מיטעל אריבערצוגעהן דעם סנאָאי ריווער. עס מעג זיין, וואס עס וויל זיך! מיר מוזען קומען צו דער בוכטע טופאלד פריהער פאר בען דשאָגס באנדע! איך וועל ניט דערלאזען, אז מיין „דונקאן" און מיינע גוטע, עהרליכע מאטראָזען זאָלען אריינפאלען אין דיא הענד פון דיא רויבער.

וואונדערבאר איז דער מענש! וואס גרעסער דיא געפאהר איז, אלץ מעהר עדוואכט אין איהם דער מוטה! עס זיינען דא פעלע, ווען דער שוואכסטער צייגט אין א געפאהר אזוי פיעל מוטה און אזוי פיעל קוראַזשע, אז מען שטוינט אויף איהם קוקענדיג. אין אנאנדערער צייט איז דער זעלבער מענש שטיל און רוהיג, וויא א טויב.

דער פראפעסאר, ליידי העלענא און זאנאר מערי גראנט האבען יעצט מיט איין שטימע געפאדערט, אז גאנץ פריה זאל מען זוכען צוגעהן ערגעץ. וואו עס איז נור דא ניט צו בלייבען.

מיט דיזען פעסטען בעשלוס האט מען זיך געלעגט שלאפען. דער מאיאָר, לארד גלענארוואן און ווילסאן האבען געהאלטען דיא וואך. — דיא נאכט איז פאראיבער רוהיג און שטיל. גאנץ פריה איז לארד גלענארוואן מיט'ן קאפיטאַן פארראגוט געגאנגען צום טייך זוכען ערגעץ א וועג, וואו אריבער צוגעהן.

דער טייך האט געשיימט, געזידעט, געברויזט און געקאכט. עס איז נאר קיין מעגליכקייט ניט געווען איהם אריבער צוגעהן. לארד גלענארוואן איז

געשטאנען דיא הענד פארלעגט אויף דער ברוסט און האט געקוקט אויף רײנע שמוציגע וועללען (כוואַליעס). זיין געזיכט האט אויסגעדריקט דיא גרעסטע פערצווייפלונג.

— ווייסט איהר וואס? האט פּלוצלונג קאַפּיטאן פאַרראַגוט געזאָגט. איך וועל אריבער שווימען דעם טייך און וועל געהן צו דער בוכטע טופאלד וואָרענען אונזערע מאטראָזען.

— ניין, ניין! האט לאָרד גלענאַרוואָן געענטפערט. איך וועל עס ניט דערלאזען! לאמיר בעסער ווארטען. לאמיר בעסער זוכען אנאנדער וועג.

זיי זיינען געשטאנען נאך אַ קורצע צייט און זיינען צוריקגעאנגען אין לאגער. ליידי העלענא און דער מאיאָר האבען באַלד דערקענט אן זיי, אז זיי האבען קיינע גוטע נאכריכטען. דערצו האט זיא געמוזט ארומגעהן ארום קראנקען מילרעד. ער איז שוין געוועזען פיעל בעסער. דאס בלוט האט אויפגעהערט צו רינען פון זיין וואונד. קיין פיעבער האט ער שוין מעהר ניט געהאט, ער איז אבער נאך געוועזען זעהר שוואך. דער מאיאר האט גאַנץ ריכטיג בעמערקט, אז ווען מען זאל איהם לאזען צו רוה, וואלט ער אין איניגע טעג געווארען געזונד.

זיי האבען זיך איבערלעגט איניגע מינוט און עס איז ביי זיי געבליעבען, אז מען זאל ווארטען נאך אַ טאָג צוליעב איהם. מעגליך, עס וועט איהם עפּעס בעסער ווערן און מען וועט איהם ניט דארפען טראָגען אויף דיא הענד.

אונטערדעסען זיינען זיי ניט געזעסען לעדיג. זיי זיינען ארומגעגאנגען זוכען, פיעללייכט וועלען זיי געפינען אן ארט, וואו זיי וועלען דאך קענען אריבער געהן.—ליידער, איז דער טייך געוועזען אומעדום זעהר טיעף און ברייט. ענדליך האט דער קאפּיטאן פּראָבירט מאכען אַ באָאט פון דיא רינדע (קארע) פון דיא אייקאליפּטוס ביימער, וויא דיא ווילדע מאכען זייערע קאנאָעס (לאדקעס). ווילסאן האט איהם געהאלפען און אין אַ קורצע צייט איז דאס באאט פערטיג געוועזען. זיי האבען עס צוגעשלעפּט צום טייך, האבען עס אראפּגעלאזען און האבען זיך אריינגעזעצט אין איהם. ביים ברעג איז עס נאך געגאנגען רוהיג, אין דערמיט טייך אבער האט זיך עס איבערגעקעהרט און ביידע זיינען אריינגעפאלען אין וואסער. עס איז נאך געוועזען זייער גליק, וואס ביידע האבען געקענט גוט שווימען. מיט שווערער מיה איז עס זיי געלונגען ארויסצושווימען פונ'ם רוישענדען טייך.

יעצט האבען זיי איינגעזעהן, אז עס איז גאר קיין מעגליכקייט ניטא אריבער צוגעהן דעם סנאָוי ריווער. — וואס טהוט מען? עס איז אונמעגליך צו קומען צו דער בוכטע טופאלד און ווארענען דיא מאטראזען פונ'ם דונקאן. מעגליך, אז אייערטאן איז שוין אנגעקומען קיין מעלבורן און האט שוין דעם „דונקאן" אין זיינע הענד? — אבער וואס טהוט מען? — דא ליעגט א מאן קראנק, פערוואונדעט, וועלכער האט ריסקירט מיט זיין לעבען פאר אלעמען. קען מען איהם איבער לאזען אין ווילדען וואלד? קען מען איהם ריהרען פון ארט, ווען זיין לעבען הענגט אפ פון רוה[illegible] ליעגען אויף איין ארט? — פון דער אנדערער זייט רוישט און קאכט א טייך, וועלכע מען קען אויף קיין פאל ניט אריבערגעהן.

אזוי איז פֿערגאנגען איין טאג נאכ'ן אנדערן. פֿינף טאג זיינען שוין פֿאר
איבער, זייט מילרעד איז פֿערוואונדעט געווארען און נאך האבען זיי קיינע האָפֿ־
נונג זיך ארויסצופֿיהרען פֿון דעם זומפּ, אין וועלכען אייערטאן האט זיי פֿערפֿיהרט.
לארד גלענארוואן איז געווען אזוי פֿערצווייפֿעלט, אז ווען דער פּראָפֿעסאר איז
אויפֿ'ן זעקסטען טאג אין דערפֿריה געקומען מיט דער פֿרעהליכער נאכריכט, אז
דער טייך הויבט אן אפּצופֿאלען, האט ער איהם געענטפֿערט:

— וואס האב איך דערפֿון? מיין שוף איז שוין אין דיא הענד פֿון דיא רױ־
בער. — יעצט איז שוין צו שפּעט!

— אלענפֿאלס, קענען מיר דאך דא ניט בלייבען, האט דער פּראָפֿעסאר
וויטער געזאגט. מיר מוזען דאך זעהן צו קומען ערגעץ אין א שטאדט פֿון ציווי־
ליזירטע מענשען.

— ווען מיר האבען שוין געווארט אזוי פֿיעל, מוזען מיר ווארטען נאך א
טאג אדער צוויי. מעגליך, אז דער טייך וועט אין גאנצען אפּפֿאלען און מיר ווע־
לען קענען צוקומען צו דער בוכטע טופֿאָלד.

— ווּעלען מיר דאן קענען רעטען מיינע אונגליקליכע מאטראָזען? האט
געפֿרעגט לארד גלענארוואן מיט טרערין אין דיא אויגען.

— הערט נור מיך אויס, האט קאפּיטאן פֿאררארגוט געזאגט. איך קען גוט
טאם אויגוסטין. ער וועט געוויס אויספֿיהרען אייער בעפֿעהל פּינקטליך. דאס איז
געוויס. עס איז אבער א פֿראגע, אויב דער „דונקאן“ איז שוין אים שטאנד ארויס־
צופֿאהרען. עס איז דאך זעהר מעגליך, אז דיא רעפּאראטור איז נאך ניט געווען
פֿערטיג. מעגליך, אז ער האט געמוזט פֿערצעגערן נאך א פּאר טאג. טאם אויגו־
סטין איז א פֿארזיכטיגער מאטראז. ער האט זיך ניט געריכט, אז עס וועט אזוי
גיך אנקומען א בעפֿעהל, ער זאל ווייטער פֿאהרען.

— ער האט פֿאלקאמען רעכט, האט זיך דער פּראָפֿעסאר אריינגעמישט.
קוים וועלען מיר אריבערגעהן דעם סנאָאי ריווער, האבען מיר אין גאנצען פֿינף
און דרייסיג מייל קיין דיליגעט, א שטאדט פֿון א פּאר טויזענד איינוואינער מיט
א פּאסט, מיט א טעלעגראף. מיר וועלען קענען טעלעגראפֿירען. מעגליך, אז
אונזער טעלעגראמע וועט אנקומען אין דער רעכטער צייט.

— אלזאָ, לאמיר פֿאהרען! האט לארד גלענארוואן געזאגט מיט פֿערצווייפֿ־
לונג אין זיין שטימע.

מען האט זיך גענומען צו דער ארבייט — בויען א באָאט אריבערצופֿאהרען
דעם סנאָאי ריווער. דיא ערפֿאהרונג האט זיי געלערנט, אז דיא רינדע פֿון בוי־
מער איז צו לייכט פֿאר אזא שנעלען טייך. זיי האבען אנגעהויבען אויסצוהאַקען
בוימער אום צו מאכען א פֿלאָס (פּלאט). דיא ארבייט איז ניט געווען לייכט, בע־
זאנדערס פֿאר מענשען, וועלכע זיינען ניט געוואינט ארומצוגעהן מיט דער האַק.
זיי האבען געארבייט א גאנצען טאג זעהר שווער און ערשט דעם אנדערן טאג
איז דער פֿלאס פערטיג געווארען.

דער טייך איז אונמערדעסען אפּגעפֿאלען. ער איז געווארען פֿיעל שמעלער,

ער האט נאך אבער אלץ זעהר שטאַרק געפּלאַסטן. קאַפּיטאַן פֿאַרראַגוט האט אבער דאך גערעכענט, אז ער און ווילסאָן וועלען זיין אים שטאנד אריבערצופירען דעם פּלאַס.

געגען מיטאג איז דער פּלאַס פֿערטיג געווארען און זיי האבען אנגעהויבען ארויפצוטראגען אויף איהם איינינע זאַכען און פּראוויאנט אויף א פּאר טאג. אלע זאַכען האבען זיי ניט געקענט מיטנעהמען מיט זיך. עס וועט זיין צו שווער, דער פּלאַס וועט ניט קענען אויסהאלטען. עס איז ביי זיי געבליעבען, זיי זאלען איבערלאזען אלע שווערע זאַכען אין וואגען און זאלען מיטנעהמען נור דאס נעטהיגסטע.

געגען איינס אוהר איז אלעס פֿערטיג געווען און אונזערע רייזענדע זיינען ארויפגעגאנגען אויפ'ן פּלאַס. קאַפּיטאַן פֿאַרראַגוט האט גענומען דעם רודער אין דער האנד, ווילסאָן האט געהאלטען א לאנגען דראנג, וועלכער האט איהם געדיענט איינצוהאלטען דעם פּלאַס אויף איין ארט.

ניט ווייט פֿון'ם ברעג, וואו דאס וואסער איז געווען רוהיגער, איז עס געגאנגען גאנץ גוט; ווען זיי זיינען געקומען אבער אין דער מיט טייך, וואו דאס וואסער האט געקאָכט און איז געפּלאַסען מיט אן אונגעהייערער שנעליגקייט, האט פֿאַרראַגוטס רודער און ווילסאָנ'ס דראנג גאר ניט געהאלפֿען. עס האט אנגעהויבען צו דרעהן דעם פּלאַס מיט אזא שנעליגקייט, אז אלעמען האט זיך פֿערדרעהט דער קאָפּ. ווילסאָן און פֿאַרראַגוט האבען זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה איינצוהאלטען דעם פּלאַס, אדער וועניגסטענס צו ריכטען איהם אין איין זייט — צו א ברעג. עס האט אבער גאר ניט געהאלפֿען! — דער טייך האט געטראגען דעם פּלאַס, וואוהין ער האט געוואלט. און האט איהם ענדליך א וואָרף געטהאן מיט אזא קראַפֿט צום אנדערן ברעג, אז דיא קלעצער, פֿון וועלכע דער פּלאַס איז געווען צוזאמענגעבונדען, האבען זיך צונומען און אלעס, וואס איז געווען אויף איהם, איז אריינגעפֿאלען אין וואסער.

צום גליק, איז דארט דאס וואסער ניט געווען טיעף. דער מאיאר האט געכאַפּט דעם קראנקען מילרעד, לארד גלענארוואן און קאַפּיטאַן פֿאַרראַגוט האבען גענומען דיא פֿרויען און האבען זיי ארויסגעטראגען אויפֿ'ן אנדערן ברעג. — עס האט קיינעם ניט געשאַדעט, אויסער וואס זיי האבען זיך אזוי פּלוצלונג און אזוי אונגערן אפּגעבאָדען אין קאלטעם וואסער.

דאס ערגסטע אבער איז געווען, וואס זייער פּראוויאנט און זייער געוועהר, דיא קאַראַבינען מיט'ן פּולווער, מיט דיא קוגעלן, און זייערע קליידער — אלעס איז אריינגעפֿאלען אין וואסער. עס איז זיי געבליעבען נור דעם מאיאר'ס קאַראַבין, ווייל ער האט זיא געטראגען אויף דיא פּלייצעס.

יעצט ערשט איז זייער לאגע געווען א קריטישע. א קליין הייפֿעלע מענשען מיט פֿרויען און קינדער און א קראנקען נאך דערצו אין א וויסטער געגענד, אהן א וועג, אהן א שטעג, אהן לעבענס מיטעל, אהן קליידער, אלע זיינען נאַס אויסצודרעהן — און דיא נאהענטסטע שטאדט איז ווייט פֿינף און דרייסיג מייל, ווען מען זאל געהן מיט א גלייכען וועג. אין ווילדען וואלד אבער, וואו עס איז זעהר

שווער צו געהן און מען קען ניט געהן גלייך, וועלען זיי מוזען געהן איבער פופ-ציג מייל.

דער קראנקער מילרעד האט געזעהן, אז ער איז א גרויסע הינדערניס פאר אלעמען און האט געבעטען, אז מען זאל איהם לאזען דא אליין. ער האט קיין מורא ניט. קיין ווילדע טהיערע זיינען אין אויסטראליען ניטא; פאר רויבער האט ער אויך ניט, וואס מורא צו האבען, וואס וועלען זיי ביי איהם נעהמען?

לארד גלענארוואן אבער האט עס אויף קיין פאל ניט געוואלט צוגעבען.

— ניין! האט ער געזאגט וואס מיט אונז וועט געשעהן, מוזען מיר זיך האלטען צוזאמען. איך וועל קיינעם ניט לאזען אליין. — אלענפאלס האבען מיר שוין פיעל צייט פערלארען, נאך א פאר טאג וועט שוין גאר ניט אויסמאכען. — מיר וועלען מאכען א טראגבאהרע (נאסילקא) און וועלען דיך טראגען.

עס האט ניט געהאלפען קיין רעדען, עס האט ניט געהאלפען קיין בעטען. מען האט באלד אויסגעבראכען צוויי יונגע בוימער און מען האט זיי אויסגעפלאכטען מיט צווייגען, אויף דיא צווייגען האט מען אויסגעבעט בלעטער און פרישעס גראז און מען האט דארויף ארויפגעלעגט דעם קראנקען מילרעד.

לארד גלענארוואן איז געוועז דער ערשטער, וועלכער האט געוואלט טראגען זיין קראנקען מאטראז. ער האט גענומען דיא נאסילקע פון איין זייט, ווילסאן פון דער אנדערער זייט, און מען האט זיך געלאזט אין וועג אריין. ווען זיי זיינען מיעד געווארען, האבען אנדערע צוויי גענומען טראגען.

לאנגזאם, טרויעריג, מיט פערצווייפלונג אין הערצען האט זיך דיא קליינע קאראוואנע געשלעפט אין ווילדען וואלד. עס איז געוועזען הערצרייסענד זיי אנצוקוקען, וויא זיי האבען זיך געשלעפט אין דער היץ. דעם גאנצען טאג ביז אבענד זיינען זיי איינגעגאנגען קוים פינף ענגלישע מיילען. זיי האבען שוין פערגעסען אן קאפיטאן גראנט, זיי האבען פערגעסען, פון וואנען זיי קומען; זיי האבען פערגעסען, וואוהין זיי געהן; זיי האבען פערגעסען, ווער זיי זיינען; זיי האבען פערגעסען צו טראכטען.

עס איז געווארען נאכט. אלע זיינען געוועזען שרעקליך מיעד. וואס צו עסען איז ניט געוועזען. זייער גאנצער פראוויאנט איז אונטערגעגאנגען אין סנאאי ריווער. מען האט זיך באלד געלעגט שלאפען. גאנץ פריה האט מען זיך אויפגעחאפט. דער הונגער האט זיך געלאזט פיהלען. מען האט געמוזט זוכען עפעס עסען. זיי וואלטען געשאסען פייגעל, זיי האבען אבער געהאט נור איין קאראבין און זעהר ווייניג פולווער און קוגעלן.

צום גליק, האט ראבערט גראנט אויסגעפונען א נעסט פון א גרויסען פויגעל מיט עטליכע אייער. אלבינעט האט געפונען אייניגע ווארצלען, וואס מען קען זיי עסען. מען האט אויפגעשלאגען פייער און מען האט אפגעקאכט, וואס מען האט געקענט. דאס איז געוועזען זייער ערשטער פריהשטיק.

נאכ'ן פריהשטיק איז מען ווייטער געגאנגען. דער וועג איז געוועזען זעהר שווער. מען איז דורכגעגאנגען דורך א וואלד מיט ניעדעריגע בוימלעך, וועלכע

האבען געהאט זעהר שאַרפֿע שפּיצען. דיא קליידער זיינען צוריסען געווארען, פֿון דיא שאַרפֿע שפּיצען, זעהר אָפֿט האבען זיי געשטאָכען דאָס לייב ביז אין בלוט אלע האבען עס איבערגעטראַגען, וויא דיא העלדען. זאָגאַר דיא דאַמען האבען זיך ניט בעקלאגט און זיינען מוטהיג געגאנגען ווייטער. לייזי העלענא האט זאָגאַר געוואלט העלפֿען טראגען דעם קראנקען מילרעד. דאס האבען אבער דיא מענער אויף קיין פֿאַל ניט געוואלט דערלאזען.

געגען מיטאג האט מען זיך געמוזט אפּרוהען. עס איז געווען שטארק היים און אלע זיינען געווען זעהר הונגעריג. דער מאַיאָר איז געגאנגען אויף דער יאַגד און האט געשאָסען א קאַנינכען (קראָליק). מען האט איהם באלד אפּגעבראטען און איהם צוטהיילט אלעמען גלייך. וויא ווייניג איין קאנינכען איז געווען פֿאר אזוי פֿיעל מענשען, האבען זיי זיך דאך געפֿיהלט געשטאַרקט. זיי האבען דאך געגעסען פֿלייש.

מיר מוזען יעצט זאגען א פאר ווערטער איבער דיא קאנינכען אין אויסט־ראליען.

ווען מען האט ענטדעקט אויסטראַליען, זיינען דאָרט קיין קאנינכען (קראָ־ליקעם) ניט געווען. א קאפּיטאן פֿון א שיף האט מיטגעבראַכט איינינע מיט זיך און האט זיי אוועקגעשענקט א בעקאנטען פֿארמער. אזוי וויא עס איז געווען א זעלטענהייט, האט זיי דער פֿאַרמער געלאזען פֿריי ארומלויפֿען אויף זיינע פֿעלדער און האט זיי ניט אויפגעגעסען.

דיא קאנינכען פֿערמעהרען זיך זעהר שטארק. קיין ווילדע חיות, וועלכע זאלען זיי פֿערניכטען זיינען אין אויסטראליען ניטא. דיא קאנינכען האבען זיך אין א קורצע צייט אזוי פיעל פֿערמעהרט, אז זיי זיינען זיך צולאָפֿען איבער גאנץ אויסטראַליען.

דיא קאנינכען נעהרען זיך פֿון גראָז. אויף דיא גרויסע, צעהנער מיילען ברייטע פֿעלדער מיט אלערליי גראזען האבען זיי געהאט גענוג צו פֿרעסען. זיי האבען פֿערשטאַנען, אז דער מענש איז זייער פֿיינד און זיינען אנטלאָפֿען אלץ ווייטער און ווייטער.

אין דער היינטיגער צייט זיינען דיא קאנינכען דיא פלאַגע פֿון אויסטראַליען. זיי האבען זיך אזוי פיעל פֿערמעהרט, אז זיי פאלען אן אויף א פֿעלד מיט גרינע תבואה און פֿרעסען זיא אָפּ אין איין נאַכט, אז עס בלייבט ניט קיין שפּור, אז דארט האט אמאל עפּעס געוואקסען. מען האט שוין געקלערט און געטראַכט, וויא אזוי לויז צו ווערן פֿון דיעזער פלאַגע. שיעסען זיי האט גאר קיין זינן ניט. וויא פֿיעל קען עס א מענש אויסשיעסען א טאַג? אויסער דעם זיינען זיי זעהר פֿלינק און עס איז זיי ניט אזוי לייכט צו טרעפֿען. מען האט פראבירט זיי פערגיפֿטען, זיינען אבער זייערע טויטע קערפּער געבליעבען ליעגען אין דיא לעכער (זייערע נארעס) און מען האט מורא געהאט, זיי זאלען ניט פֿערפעסטען דיא לופֿט.

אלע מיטעל, וואס מען האט פראָבירט געגען זיי, האבען ביז אהער ניט געהאלפֿען. דיא ענגלישע רעגיערונג אין אויסטראליען האט אויסגעזעצט א פרעמיע

פון פינף טויזענד פונט סטערלינג, ווען איינער וועט אויסגעפינען א מיטעל, וויא אזוי לויז צו ווערן פון דיא קאנינכען.

ווען אונזערע רייזענדע וואלטען זיך געפונען ניט אין אזא ווילדע געגענד, וואלטען זיי געקענט האבען הונדערטער קאנינכען, וועלכע זיי וואלטען געקענט חאפען מיט דיא הענד. דיא קאנינכען האלטען זיך אויף נור אין דיא ערטער, וואו זיי האבען ווייכעס, זאפטיגעס גראז צו פרעסען. בעזאנדערס לעבען דיא פארמס. זיי האבען זעהר ליעב יונגען מאאיס (קוקורוז). אין דער געגענד אבער, וואו אונזערע רייזענדע זיינען יעצט געווען, איז געווען זעהר ווייניג גראז. עס איז געווען דורך א צופאל, וואס עטליכע האבען פערבלאנזעט אהער.

דער טאג איז פאראיבער רוהיג. זא לאנג זיי זיינען געגאנגען אין וואלד, האבען זיי געהאט גענוג וואסער צו טרינקען און צומאל האבען זיי געפונען איינינגע בעערען (יאגאדעס).

דעם אנדערן טאג זיינען זיי ארויס פון'ם וואלד און האבען געדארפט דורכגעהן א גרויס פעלד פון עטליכע מייל בעוואקסען מיט שטעקען גראז. דאס איז אן עכט אויסטראלישעס גראז, פון וועלכער מען מאכט בעזימער און בערשט. פון דער ערד שטעקען ארויס לאנגע, הארטע שפיזלעך מיט דינע צווייגלעך, אהן בלעטער. ווען זיי וואקסען געדיכט אויף אן ארט, איז זעהר שווער אזא ארט דורכצוגעהן. מען מוז זיך אויסהאקען א וועג מיט א האק אדער מיט א שארפעס מעסער, אדער וויא דיא ווילדע טהוען: זיי צינדען אן אזא פעלד און עס ברענט אפ.

דא ערשט האבען זיך אנגעהויבען זייערע ליידען. זיי האבען געמוזט אויסהאקען א וועג מיט א האק אין דער האנד. דיא היץ איז געווען שטארק, קיין בוים איז ניט געווען, וואו זיך אפצורוהען אין זיין שאטען. עסען איז ניט געווען וואס. דאס ערגסטע אבער — עס איז ניט געווען וואס צו טרינקען, מיט וואס צו בענעצען דיא פערברענטע ליפען. — דעם דורשט איז שווערער איבערצוטראגען, וויא דעם הונגער.

געגען מיטאג זיינען אלע געווען אזוי מיעד, אז זיי האבען געמוזט בלייבען שטעהן זיך אפרוהען. עס איז געווען צום שטוינען, וויא ליידי העלענא און מערי גראנט האבען איבערגעטראגען דעם הונגער און דעם דורשט. זיי האבען ניט געזאגט קיין ווארט, זיי האבען זיך ניט בעקלאגט; זיי האבען זאגאר איינגעפלייסט מוטה דיא מענער. דער איינציגער, ווער עס האט פערשטאנען, וויא שווער זיי האבען געליטען, איז געווען דער פראפעסאר.

ווען מען איז געבליעבען שטעהן, איז ער אוועקגעגאנגען זוכען עפעס שפייז אדער א טרונק. ער האט געפונען א בלום Cephalotes. דיעזע בלומע ציהט צו צו זיך פייכטיגקייט פון דער לופט. ווען מען רייסט אן פיעלע פון זיי און מען טרייסעלט זיי אויס אין א גלאז אדער אויף דער האנד, קען מען אנזאמלען אביסעל וואסער. עס האבען דארט געוואקסען פיעלע פון דיעזע בלומען. דער פראפעסאר האט געוויעזען זיינע קאמעראדען, וויא אזוי אויסצוטרייסלען דאס וואסער פון דיעזע בלומען.

אויך שפייז האט דער פראפעסאר אויסגעזוכט,—א שווערע, הארטע, זעהר ניט געשמאקע שפייז, אין דער נויט אבער האט מען דערמיט געקענט שטילען דעם הונגער. דאס איז געווען א סארט ווילדע לינזען. מעגליך, אז דאס זיינען דיא ערשטע, עריכטע, פון וואנען דיא לינזען שטאמען אפ. דיא ווילדע מענשען אין אויסטראליען קענען דיעזע לינזען און, ווען זיי האבען קיין אנדערע שפייז, קלייבען זיי צונויף דיעזע לינזען, צוקלאפען זיי צווישען צוויי שטיינער און מאכען דערפון א סארט מעהל.

אונזערע רייזענדע זיינען געווען אזוי הונגעריג, אז זיי האבען געקליעבען דיא לינזען און האבען זיי געשלונגען רויהערהייט. אזוי וויא מען האט ניט געקענט וויסען, אויב מען וועט מארגען האבען עטוואס אנדערש צו עסען און דער פראפעסאר האט אויסגעפונען א גאנץ שטיק פעלד פון דיעזע לינזען, האט יעדער אנגעזאמעלט, וויא פיעל ער האט געקענט און האט זיי געהאלטען פערבונדען אין זיין טאשען טוך.

דער טאג איז אזוי פערגאנגען. מען איז ענדליך ארויסגעקומען פון׳ם פעלד מיט׳ן שטעקען גראז און מען איז וויעדער געקומען אין א וואלד. דארט האט מען בעשלאסען צו נעכטיגען. אין וואלד האט מען וועניגסטענס געהאט וואסער. אין יענער געגענד אין אויסטראליען רעגענט עס גענוג. אויפ׳ן פרייען פעלד אבער ווערט דאס וואסער באלד אויסגעטריקענט פון דער גרויסער היץ. אין וואלד איז דאס וואסער פערשטעלט פון דיא ביימער און עס ווערט ניט אזוי גיך אויסגעטריקענט. — אין אויסטראליען, וויא אין דער גאנצער וועלט גילט דאס אייביגע געזעץ פון דער נאטור, אז דארט, וואו עס זיינען דא פיעלע וועלדער, דארט איז דער קלימאט פייכט און עס געפינען זיך טייכען און זעען (אזיעראָ׳ס) אין דיא סטעפען אין רוסלאנד, אין דיא פרעריען אין נארד אמעריקא, אין דיא פאמפאס פון זיד אמעריקא קען מען אמאל אוועקפאהרען גאנצע טעג און ניט געפינען א טראפען וואסער.

דאס איז א וואהרהייט, וועלכע דיא מענשען האבען ערשט ניט לאנג אויסגעלערנט. זיי זיינען ערשט ניט לאנג געוואהר געווארען, אז פיעלע געגענדען ליידען פון מאנגעל אן רעגען נור דערפאר, וואס מען האט אויסגעהאקט דיא וועלדער. דיא פייכטיגקייט האט זיך ניט, וואו אויפצוהאלטען און אלעס, וואס מען פערזעעט, ווערט פערברענט און פערדארט.

יעצט ערשט האט מען זיך אומגעקוקט אין רוסלאנד און אין אמעריקא, אז מען האט זעהר שלעכט געווירטהשאפט מיט דיא וועלדער. מען האט זיי צופיעל אויסגעהאקט, צופיעל אויסגעברענט. אין רוסלאנד וויל מען ארויסגעבען אן אוקאז, ווען מען זאל האקען דיא וועלדער און וויאפיע מען זאל אויסהאקען. אין אמעריקא זוכט מען שוין אויך צו פערביעטען דאס אויסברענגען פון גאנצע וועלדער.

יעצט האבען אונזערע רייזענדע שוין געהאט גענוג וואסער. לינזען האבען זיי מיט זיך מיטגעבראכט. אלבינעט און ווילסאן האבען אויסגעזוכט צוויי גרויסע שטיינער, האבען ארויפגעלעגט דיא לינזען אויף איין שטיין און האבען געריעבען

מיטן אנדערן. עס איז דערפון געווארען א סארט מעהל, ריכטיגער געזאגט, א סארט גרויפען, וועלכע אלבינעט האט געוואלט אפבאקען פאר יידי העלענא וועניגסטענס. געקאכטערהייט, אדער געבאקענערהייט איז עס געווים געשמאקער.

ווילסאן איז געגאנגען צונויפקלייבען דארע צווייגען אין וואלד. אלבינעט האט צונויפגעקליעבען טרוקענע בלעטער און אויפגעשלאגען פייער מיט א פייער געצייג. דיא טרוקענע בלעטער און גראזען האבען אנגעהויבען צו ברענען. עס האט נור געפעהלט דאס האלץ. באלד איז צוגעקומען ווילסאן מיט גאנץ דינע, דארע צווייגען פון בוימער. ער האט זיי ארויפגעווארפען אויפ'ן פייער — זיי ברע-נען ניט. מען האט צונויפגעקליעבען נאך טרוקענע בלעטער און גראזען און מען האט זיי ארויפגעווארפען אויפ'ן פייער. זיי האבען אויפגעפלאמט און פערברענט געווארען. דיא צווייגען אבער האבען אלץ ניט געברענט. — וואס איז דאס? פאר וואס ברענען ניט דיא דארע צווייגען?

מען האט זיך געווענדעט צום פראפעסאר, ער זאל ערקלערן דיעזעס וואונדער.

— מיינע פריינד, האט דער פראפעסאר געזאגט מיט א שמייכעל, ווען ער האט בעטראכט דיא צווייגען, איהר האט ווייטער געטראפען אויף איינע פון דיא וואונדער פון אויסטראליען. דיעזעס האלץ ברענט ניט. עס האט אין זיך אזא סארט זאלץ, וועלכעס לאזט ניט צו דאס פייער צו זיך. דיעזעס האלץ איז זעהר זעלטען. ווען עס זאל וואקסען מעהר און עס זאלען זיין דערפון גאנצע וועלדער, וואלט עס געווען דאס בעסטע מאטעריאל צו בויען דערפון הייזער. דיא פייער-פערזיכערונגס געזעלשאפטען וואלטען דאן ניט געקענט עקסיסטירען. עס וואלטען אבער אויך ניט געווען קיין שווינדלער, וועלכע אסעקורירען זייערע הייזער אום זיי באלד אונטערצוצינדען.

מען האט זיך געמוזט בעגעהן אהן פייער דיעזען אבענד. ווען מען האט זיך געלעגט שלאפען, האט מען געהערט איבערן קאפ א שרעקליכעס געלעכטער, גלייך וויא איינער לאכט און שפאטעט פון זייערע ליידען. זיי האבען שוין אבער געוואוסט, וואס דאס איז. איף א בוים ניט ווייט פון זייער לאגער איז געזעסען א נעסט פון'ם לאך-פויגעל. דער פויגעל האט גערופען זיינע קאמעראדען מיט זיין געוועהנליכער שטימע, וועלכע איז זעהר עהנליך צו א מענשליכען געלעכטער.

אלע זיינען אבער געווען אזוי מיעד און אזוי צובראכען, אז זיי זיינען באלד אנטשלאפען געווארען. ביי נאכט האט עס אנגעהויבען צו רעגענען. אלע זיינען נאס געווארען. עס איז ניט געווען וואו זיך צו בעהאלטען. זיי האבען שוין ניט געקענט שלאפען, האבען זיך צונויפגעזעצט נאהענט איינער לעבען אנדערן און האבען געווארט, עס זאל שוין ווערן טאג.

ענדליך איז ליכטיג געווארען. דער רעגען האט אויפגעהערט, עס האט אבער געבלאזען א קאלטער ווינד. אלע האבען אנגעהויבען צו ציטערן אין זייערע נאסע קליידער

— לאמיר געהן שנעל, וועלען מיר זיך דערווארעמען, האט דער פראפעסאר געזאגט און האט געוויעזען, וויא שנעל ער וועט געהן.

צום גליק, האט זיך מילרעד געפיהלט פיעל בעסער און האט ערקלערט, אז ער פיהלט זיך שטארק גענוג אום צו געהן מיט א שטעקען. מען האט באלד אויסגעזוכט פאר איהם א שטארקען שטעקען און מען האט זיך געלאזען אין וועג.

מען איז אוועקגעגאנגען א קורצע שטרעקע, דיא זון איז אויפגעגאנגען און האט בעלייכטעט דיא דעכער פון דער שטאדט דיליגעט.

ווער קען בעשרייבען זייער פרייד, ווען זיי האבען דערזעהן, אז ענדליך זיינען זיי ניט ווייט פון מענשען, פון ציוויליזירטע מענשען!

ראבערט גראנט, ווילסאן און מילרעד האבען געטאנצט פאר פרייד. ליידי העלענא און מערי גראנט זיינען געווען איינגעהאלטענער, אויף זייערע געזיכטער אבער האט זיך אויסגעמאלט זייער פרייד. דער פראפעסאר איז געבליעבען גלייכגילטיג. ער איז געווען צופריעדען צו עסען לינזען און צו שטודירען דיא וואונדער פון אויסטראליען. לארד גלענארוואן און דער מאיאר זיינען געווען ערנסט און פערטראכט. זיי האבען ערשט אנגעהויבען צו בערעכענען, אין וואס פאר א לאגע זיי געפינען זיך און וואס איז געווארען פון'ם „דונקאן.“

דאס שטעדטעל איז געווען ניט ווייט. באלד זיינען זיי אנגעקומען אין שטעדטעל מיעד, מאט, הונגעריג, דורשטיג, צובראכען, דיא קליידער צוריסען, דיא שיך צופלאצט און אפגעשונדען. — א בילד פון ליידען און נויט!

זיי האבען זיך קוים פערשלעפט אין א האטעל, וואו זיי האבען אנגענומען צימער, האבען זיך געהייסען געבען עסען און טרינקען, און האבען זיך געהייסען ברענגען קליידער.

קוים האט לארד גלענארוואן געהאט נייע קליידער, איז ער געגאנגען צום בירגמייסטער (סיטי מאיאר) פון'ם שטעדטעל און האט איהם דערצעהלט זיין טרויעריגע געשיכטע. דער סיטי מאיאר האט איהם צוגעזאגט צו טהאן פאר איהם אלעס, וואס ער וועט נור קענען.

מען האט באלד טעלעגראפירט קיין מעלבורן צו טאם אויגוסטין, אז ער זאל זיך ניט דערוועגען ארויסצופאהרען.

דאס איז אבער נאך ווייניג געווען. לארד גלענארוואן האט באלד געקויפט א קארעטע מיט פערד און קוים האט ער זיך אפגערוהט א פאר שטונדען, איז ער מיט זיין פארטיע געפאהרען צו דער בוכטע טופאלד.

דער סיטי מאיאר האט איהם אזוי פיעל געהאלפען, אז ער האט געשיקט מיט איהם עטליכע מענשען מיט געוועהר. אין פאל זיי וועלען דארט טרעפען דיא רויבער, זאלען זיי זיך קענען פערטהיידיגען און ווען מעגליך, זיי ארעסטירען.

גענען צוויי אוהר איז אלעס געווען פערטיג צו דער אברייזע. צוויי קארעטעס זיינען געשטאנען פאר דער טהיר. ארום דיא קארעטעס זיינען געפאהרען עטליכע רייטער מיט לאנגע ביקסען אויף דיא פלייצעס.

מען איז ארויסגעפאהרען. לארד גלענארוואן האט געהייסען דיא קוטשער, זיי זאלען ניט שוינען דיא פערד. מען איז געפאהרען שנעל, וויא נור מעגליך. מען איז געפאהרען א גאנצע נאכט. דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט

מען דערהערט דאס רוישען פֿון דיא וועלען (חוואַליעס) פֿוּ׳ם אינדישען וועלט־מעער. — זיי זיינען געווען ניט ווייט פֿון דער בוכטע טופֿאָלד.

שנעלער זיינען געלאפֿען דיא פֿערד, שנעלער האבען געקלאפּט דיא הערצער פֿון אונזערע רייזענדע. — באלד, באלד זיינען זיי שוין אויף דעם אָרט, וואוהין זיי האבען אזוי לאנג געשטרעבט.

ענדליך, איז מען געקומען צו דער בוכטע. — אלעס איז שטיל, רוהיג — טויט. קיין מענש, קיין שיף, קיין באָאַט איז ניט געווען צו זעהן. הימעל, ערד און וואַסער! דאס גרויסע, גרענצענלאזע וועלט־מעער!

אלע האבען געשוויעגען. קיינער האט ניט געוואלט שטעלען דיא פֿראַגע:

— איז טאם אויגוסטין שוין דא געווען מיט׳ן „דונקאן"? — איז בען דשאַנס באנדע שוין אויפֿ׳ן „דונקאן"? איז נאך דא א האָפֿנונג צו בעקומען דעם „דונקאן"?

דיא אויסזיכט איז געווען א שרעקליכע. —׳נור איין האָפֿנונג איז זיי נאך געבליעבען. עס איז געווען צוואר זעהר א שוואכע האָפֿנונג. אבער ווער עס טרענקט זיך, חאַפּט זיך אן אן א שטרוי — דאס וועטער איז געווען שלעכט אין דער לעצטער צייט, דאס מעער איז געווען זעהר שטירמיש. מעגליך, אז טאם אויגוסטין האט ניט געקענט צופֿאהרען צו דער בוכטע טופֿאָלד און איז געפֿאהרען זוכען ערגעץ א בעסערן און זיכערערען פארט?

לארד גלענארוואן האט איבערגערעדט מיט דיא מענשען, וועלכע זיינען געקומען מיט איהם פֿוּ׳ם שטעדטעל דילינעט, און האט זיי געפֿרעגט, וואו עס געפֿינט זיך ערגעץ אין דיעזער געגענד א זיכערער פארט, וואו שיפֿען קענען צוקומען.

— אין שטעדטעל עדען איז דער פּאָרט זיכער, האבען איהם דיא מענשען געזאגט.

— אלזא, לאמיר פֿאהרען קיין עדען! האט לארד גלענארוואן אויסגערופֿען.

מען האט זיך אריינגעזעצט אין דיא קארעטעס און מען איז געפֿאהרען קיין עדען. פֿון דער בוכטע טופֿאָלד קיין עדען איז ניט ווייט, אין גאנצען פֿינף—זעקס מייל. אין א קורצער צייט איז מען געקומען קיין עדען און מען איז געבליעבען שטעהן לעבען לייכט־טהורם דאָרט, וואו ביי נאכט ברענט א גרויסער לאָמפּ אום צו ווייזען דיא שיפֿען דעם וועג צום פּאַרט. ביים לייכט־טהורם זיינען געשטאַנען פֿיעלע גרעסערע און קלענערע שיפֿען, צוגעבונדען צו זייערע דאָקס. לארד גלענארוואן מיט זיין פארטיע איז באלד געלאָפֿען אויפֿ׳ן דאק זעהן, אויב דער „דונקאן" איז דאָרט ניטא.

ליידער, איז קיין שפּור פֿוּ׳ם „דונקאָן" דאָרט ניט געווען. ער איז נעגאַנגען אין צאָל־אמט פֿרעגען, אויב עס איז ניט אנגעקומען אזא און אזא שיף?

— זייט אכט טאג איז קיין נייע שיף ניט אנגעקומען קיין עדען, האט דער צאלבעאמטער געענטפֿערט, דער „דונקאן" איז דאָרט קיין מאל ניט געווען.

מען קען זיך פֿארשטעלען זייער פֿערצווייפֿלונג און זייער אנגסט, ווען זיי האבען דערהערט דיעזע טרויעריגע נאכריכטען.

— מעגליך, אז דער „דונקאן“ איז נאך אלץ אין מעלבורן. האט לארד גלענארוואן געזאגט. איך האב אויף מיין טעלעגראמע פון דיליגעט נאך קיינע אנטווארט ערהאלטען. איך מוז שיקען נאך א טעלעגראמע פון דאנען.

קאפיטאן פארראגוט האט טרויעריג געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. ער האט זעהר גוט געקענט דאס אויגוסטין און האט געוואוסט, אז דער מאן איז זעהר פּינקטליך. קיים האט איהם אייערטאן געבראכט לארד גלענארוואן׳ס בריעף, איז ער געווים באלד ארויסגעפאהרען.

— איך מוז אלעס וויסען, האט לארד גלענארוואן געזאגט. עס איז פיעל בעסער אלעס צו וויסען, זאגאר דאס ערגסטע, אלס צו זיין אין צווייפעל.

ער האט געהייסען פערפאהרען אין דעם איינציגען האטעל אין שטעדטעל און אין א פיערטעל שטונדע ארום האט ער טעלעגראפירט צום קאפיטאן פון׳ם פּאָרט פון מעלבורן און איהם געפרעגט, אויב דאס שיף „דונקאן“ געפינט זיך נאך אין מעלבורן. וועו ניט, זאל ער איהם טעלעגראפירען, ווען זיא איז ארויס־געפאהרען.

אום צוויי אוהר איז אנגעקומען פאלגענדע טעלעגראמע פון מעלבורן.

„עדען

לארד גלענארוואן

„דאס שיף „דונקאן“ איז דעם 28טען פעברואר ארויסגעפאהרען. מען וויים ניט, וואוהין“.

אנדערסאן, קאפיטאן פון׳ם פּאָרט“

דיא טעלעגראמע איז ארויסגעפאלען פון לארד גלענארוואן׳ס הענד. ער איז געפאלען אין אהנמאכט.

זיין שעהנעס שיף, דער „דונקאן“, איז יעצט א שיף פון זעע רויבער! יעצט איז עס שוין געווים. דאס אויגוסטין און אלע מאטראזען זיינען טויט.

אזוי טרויעריג האט זיך געענדיגט זייער רייזע אין אויסטראליען. זיי זיינען געפאהרען מיט א גוטער אבזיכט, זוכען דעם אונגליקליכען קאפיטאן גראנט; זיי האבען אויסגעליטען אזוי פיעל אין דיא פאמפאס פון זיד־אמעריקא, אין דיא וואסערן פון ארגענטיניען, אין דיא וועלדער פון אויסטראליען און יעצט — יעצט איז זייער שיף געווארען א רויבער שיף און זייערע קאמעראדען זיינען געטייטעט פון רויבער.

איז עס ניט טרויעריג, אז דיא בעסטע זאך, דאס עדעלסטע, אונטערנעהמען, דאס עהרליכסטע שטרעבען ווערט צערשטערט, פערניכטעט, פערדארבען פון שלעכטע מענשען?

— ניין! דאס קען ניט זיי און דאס וועט ניט זיין! האט אויסגערופען דער פּראָפעסאר. — דאס שלעכטע מוז אונטערגעהן און דאס גוטע מוז זיעגען!

ענדע דעם צווייטען טהיילס.

### דריטער טהייל.

# דיא אינזלען ניי זעעלאנד.

---

## 1טעס קאפיטעל.

## בייזער שיפס־קאפיטאן.

דיא סהייט, אז דער „רונקאן“ איז יעצט אין דיא הענד פין דיא רויבער, האט געמאכט אויף יעדען אזא שרעקליכע ווירקונג, אז דעם גאנצען טאג האט איינער מיט׳ן אנדערן ניט גערעדט. יעדער איז געזעסען אין זיין צימער און האט געטראכט וואס צו טהאן און וויא אזוי צו העלפען דיא אונגליקליכע מאטראזען פון׳ם „רונקאן“, ווען זיי לעבען נאך.

פון׳ם קאפיטאן גראנט האט מען שוין גאר פערגעסען. וואס קען מען יעצט טהאן פון זיינעט וועגען? וויא קען מען איהם יעצט פאהרען זוכען? קיינער, אויסער לארד גלענארוואן, האט נאך ניט געוואוסט פון אנאנדערער זעהר טרויעריגער וואהרהייט. — זיי האבען קיין געלד מעהר ניט געהאט.

לארד גלענארוואן האט ריכטיג אויסגערעכענט, וויא פיעל געלד ער זאל מיטנעהמען מיט זיך קיין אויסטראליען. דאס איבעריגע, זיין האלבעס פערמעגען אין באאר געלד, האט ער געלאזען אין זיין קאסא קאסטען אויפ׳ן „רונקאן“. עס איז איהם געבליעבען אין גאנצען עטליכע הונדערט פונט סטערלינג.

מערי און ראבערט גראנט האבען געליטען מעהר פון אלעמען. זיי האבען יעצט פערלארען יעדע האפנונג צו געפינען זייער פאטער. מערי גראנט איז אבער געוועזען אזוי עדעל, אז זיא האט בעגראבען איהר שמערץ טיעף אין איהר ברוסט און האט אנגעהויבען צו טרייסטען ליידי העלענא.

דעם אנדערן טאג אין דערפריה זיינען זיך אלע צונויפגעקומען צום פריה־שטיק. אנפאנגס זיינען אלע געזעסען שטיל. מערי גראנט איז געוועזען דיא ערשטע צו זאגען:

— לארד גלענארוואן און ליידי העלענא! איהר האט געטהאן אלעס, וואס עדעלע און גראסמוטהיגע מענשען קענען טהאן. אלעס איז געגען אונז. איהר זייט שוין מיעד און צו בראכען. פאהרט א היים! פאהרט זיך אפרוהען אין אייער שלאס מאלקאלם.

— זיא האט רעכט, האט קאפיטאן פארראגוט געזאגט. איהר האט געטהאן מעהר, וויא פיעל א מענש קען טהאן. איהר דארפט זיך שוין אפרוהען. יעצט וועל איך געהן זוכען דעם קאפיטאן גראנט. איהר דארפט מיך שוין ניט. — איך וועל געהן און וועל איהם אזוי לאנג זוכען, ביז איך וועל איהם געפינען, אדער איך וועל ערגעץ פערפאלען ווערן.

לארד גלענארוואן, ליידי העלענא און דער מאיאר האבען געשוויעגען. זיי האבען זיך נאך אליין ניט ענטשלאָסען, וואס זיי זאלען יעצט טהאן. זיי האבען געפיהלט, אז זיי זיינען זעהר מיעד און צובראכען און נאך דעם הארטען שלאג, וואס אייערטאן האט זיי געגעבען, זיינען זיי געווען, וויא בעטויבט, וויא וואהנזיניג.

— איך געה מיט אייך! האט אויסגערופען דער פראפעסאר. איך האב שוין פערגעסען אן מיין רייזע קיין אינדיען, איך וויל שוין ליעבער רייזען אין אנדערע לענדער.

— דאס ערשטע מוזען מיר פאהרען קיין מעלבורן, האט לארד גלענארוואן ענדליך געזאגט. איך וועל בעטען דעם גובערנאטאר, ער זאל מיר העלפען אפנעהמען מיין שיף, מיין „דונקאַן", פון דיא רויבער. דיא רעגיערונג מוז מיר העלפען. זיא מוז בעפרייען דאס מעער פון אזעלכע געפעהרליכע רויבער. — אין מעלבורן וועלען מיר זיך איבערלעגען, וואס מיר זאלען ווייטער טהאן.

עס איז געבליעבען, אז היינטיגען טאג זאלען זיי זיך נאך אויסרוהען און מארגען זאלען זיי זוכען א שיף, וועלכעס געהט קיין מעלבורן.

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה איז דער קאפיטאן פארראגוט געגאנגען זוכען א שיף. ער איז געווען זיכער, אז ער וועט זעהר לייכט געפינען אזא שיף. וויא גרויס איז דאהער געווען זיינע איבערראַשונג, ווען ער האט אין גאנצען פארט פון עדען ניט געפונען קיין שיף קיין מעלבורן.

— וואס זאל דאס הייסען? האט ער געפרעגט דעם קאמענדאנט פון'ם פארט. וויא קומט עס, וואס עדען האט קיינע פערבינדונג ניט מיט מעלבורן, ניט מיט סידניי, ניט מיט קיין אנדערער גרויסער שטאדט אין אויסטראליען?

— דאס איז גאנץ איינפאַך, האט איהם דער קאמענדאנט ערקלערט. פון עדען קיין אקלענד, דיא הויפט שטאדט פון דיא אינזלען ניי זעעלאנד, איז פיעל נעהענטער, אלס קיין מעלבורן. מיר בציעהען אלעס, וואס מיר דארפען, פון אקלענד. — צו אונז קומען נור אן אין געוויסע צייטען דיא ענגלישע פאסט-דאמפפער, וועלכע פיהרען דיא פאסט פון כינא, יאפאַן, ניי זעעלאנד און אויסטראַליען קיין ענגלאנד. זיי ברענגען אונז דיא פאסט, נעהמען ביי אונז דיא פאסט און פאהרען זיך אוועק.

אין דריי וואכען אַרום דארף אנקומען אזא פאסט-דאמפפער. דאמאָלס וועט איהר קענען פאהרען, וואוהין איהר וועט וועלען.

דיעזע נאכריכט איז געווען א דאנערשלאג פאר אלעמען. ווארטען דאָ, אין דיעזען קליינעם שטעדטעל גאנצע דריי וואכען! דאס איז אונמעגליך.

אבער וואס טהוט מען? — מען קען קויפען פערד און וועגען און פאהרען קיין מעלבורן מיט דער יבשה. דאס וועט אבער אויך דויערן זעהר לאנג און זיי האבען זיך שוין גענוג אנגעליטען אויף זייער רייזע אין אויסטראליען. אויסער דעם דארף עס קאסטען זעהר טהייער און לארד גלענארוואן האט שוין ניט געהאט אזוי פיעל געלד. ער האט עס צוואר קיינעם ניט געזאגט. ער האט נור ערקלערט, אז ער וויל שוין מעהר ניט רייזען אויף פערד איבער אויסטראליען.

— ווייסט איהר וואס? האט זיך אפגערופען דער פראפעסאר, לאמיר פאָהרען קיין אקלענד, דיא הויפט שטאדט פון ניי זעעלאַנד. דארט קריעגט מען בעשטענדיג שיפען, וואוהין מען וויל. — אויסער דעם ליעגט דיא שטאדט אקלענד אויך אויפ'ן 37טען גראַד פון דער וועלט. מעגליך, אז מיר וועלען אין איין וועג עפעס געוואהר ווערן פון קאפיטאן גראַנט.

דער פראפעסאר האט גערעדט אזוי לאנג און האט אלעמען ערקלערט מיט אזוי פיעל בעווייזע, אז מען האט געמוזט צו־געבען, אז ער האט רעכט. אין דער וואהרהייט אבער איז איהם דאס רייזען אזוי געפעלען, אז ער האט געוואלט בעזוכען דיא בעריהמטע אינזלען פון ניי זעעלאַנד. — א נייע וועלט, וועלכע איז נאך וועניג בעקאנט אין אייראפא. ער האט געהאט וועניג האפנונג צו געפינען דארט דעם קאפיטאן גראנט, ריכטיגער געזאגט, ער האט שוין פערלארען יעדע האָפנונג איהם צו געפינען. אין איהם האט זיך אויפגעחאפט דער פראפעסאר פון געאגראַפיע. ער האט געוואלט אויסשטודירען דיעזע געגענדען, פון וועלכע מען האט געשריעבען אזוי פיעל און מען קען זיי אזוי וועניג.

קאפיטאן פאררראגוט האט געפונען, אז דער פראפעסאר האט רעכט. עס איז זעהר מעגליך, אז דיא „בריטאניא" איז אונטערגעגאנגען ערגעץ ניט וויט פון אקלענד. עס איז אויך אין זידען (דרום זייט) און עס ליעגט אויפ'ן 37טען גראַד. קוים האט מען שוין געמאכט אזא לאנגע רייזע אין זיד אמעריקא און אין אויסטראליען, פאר וואס זאל מען ניט פראָבירען זוכען איהם אין ניי זעעלאַנד?

לארד גלענארוואן איז דיעזער פלאן אויך געפעלען. ער האט נאך געהאט אנאנדערע אורזאַכע דערביי, וועלכע ער האט קיינעם ניט געזאגט. דער גובערנאטאָר פון אקלענד און פון גאנץ ניי זעעלאַנד איז געוועזען זיינער א גוטער בעקאנטער. זיי האבען געלערנט ביידע אין איין שולע. ביי איהם וועט ער קענען אויסבאָרגען עטליכע טויזענד פונט שטערלינג אויף דער רייזע. ער וועט איהם העלפען זוכען זיין „דונקאן". ער איז זיינער א יוגענד פריינד און וועט געוויס טהאן פאר איהם אלעס, וואס ער וועט נור קענען.

דער מאיאר האט גאר געשוויעגען. איהם איז געוועזען אלץ איינס. פאהרען קיין ניי זעעלאנד, קיין כינא, קיין טהיבעט, וואוהין מען וויל, נור ארויספאהרען פון אויסטראליען, וואו זיי האבען אזוי פיעל געליטען.

עס איז געבליעבען, אז מען זאל געהן זוכען א שיף. וועט מען ניט געפינען קיין פאסט שיף, זאל מען אפדינגען א קליינע שיף אויף דיא גאנצע רייזע, וועלכע דארף געדויערן ניט מעהר, וויא פינף — זעקס טעג.

קאפיטאן פאררראגוט איז באַלד געגאנגען זוכען אזא שיף. קיין פאסט שיף איז גראַדע ניט געוועזען דאמאלס אין עדען און ער האט געמוזט זוכען א זעגעל שיף.

אין פארט איז דאמאָלס געלעגען א זעגעל שיף מיט'ן נאמען „מאַקאַריאַ", וועלכעס פלעגט ארומפאהרען צווישען דער בוכטע טופאלד און ניי זעעלאנד. פאררראגוט האט זיך ענטשלאסען צו דינגען דיעזעס שיף.

ער האט עס אבער ניט געוואלט טהאן אליין אהן לארד גלענארוואן. פאר איהם איז יעדעס שיף גוט, פאר לארד גלענארוואן אבער, פאר ליידי העלענא מוז מען האבען אנאנדער שיף.

ער איז דאהער געגאנגען אין האטעל רופען לארד גלענארוואן, ער זאל געהן אנקוקען דאס שיף און זאל זיך אוים גלייכען מיטין קאפיטאן איבער דיא רייזעקאסטען.

דער פראפעסאר און דער מאיאר האבען געזאגט, אז זיי ווילען מיטגעהן אנקוקען דאס נייע שיף. לארד גלענארוואן האט ניט געהאט וואס איינצו־ווענדען, און אלע זיינען געגאנגען צום פארט.

דאס שיף איז געלעגען ווייט פונ'ם ברעג און זיי האבען געמוזט נעהמען א באאט און צופאהרען צו איהר. פונ'ם שיף איז אראפגעשפרונגען א שטריק לייטער, אויף וועלכען זיי זיינען ארויפגעגאנגען און האבען געבעטען דעם ערשטען מאט ראז, וועלכען זיי האבען בעגעגענט, ער זאל זיי שיקען דעם שיפס קאפיטאן, זיי דארפען איהם האבען זעהר נעטהיג.

אין איינינע מינוטען ארום איז ארויסגעקראכען פון א קאיוטע א ניעדערי־גער, אבער שטארקער מאן מיט א רויטעס געזיכט, מיט אן איינגעפאלענער אדער צובראכענער נאז, מיט גראבע ליפען און פון א ווילדעס, פערנאכלעסיגטעס אויס־זעהן. עס איז געווען דייטליך, אז זיי האבען פאר זיך א גראבען ווילדען מענשען. לארד גלענארוואן און דעם פראפעסאר איז ער זעהר ניט געפעלען. זיי האבען זיך אבער איבערלעגט, אז זיי דארפען מיט איהם זיין צוזאמען נור א גאנץ קורצע צייט, מאכט דאך ניט אויס, ווער ער איז און וואס ער איז.

— וועמען דארפט איהר? האט דער מאן געפרעגט גראב.

— מיר ווילען רעדען מיט'ן קאפיטאן פון דער „מאקאריא“, האט לארד גלענארוואן געענטפערט.

— איך בין דער קאפיטאן, האט דער מאן געזאגט בייז. — וואס דארפט איהר?

— געהט דיא „מאקאריא“ קיין אקלענד? האט לארד גלענארוואן ווייטער געפרעגט.

— זיא געהט קיין אקלענד. — וואס נאך דארפט איהר?

— זיא איז א פראכט שיף, וואס פאר א סחורות פיהרט זיא קיין אקלענד?

— יעדער זאך, וואס מען קען קויפען און פארקויפען. — וואס נאך דארפט איהר?

— ווען פאהרט זיא ארויס פון דאנען?

— מארגען. — וואס נאך דארפט איהר?

— וועט איהר אויפנעהמען פאסאזשירען קיין אקלענד?

— איך מוז וויסען, וואס פאר א פאסאזשירען דאס זיינען, איך מוז זיי זעהן, האט זיך דער קאפיטאן געבייזערט. איך מוז וויסען, אויב זיי וועלען צופריעדען זיין מיט'ן עסען אויף דער „מאקאריא“.

— זיי וועלען זיך מיטברענגען פראוויאנט און וועלען זיך אליין קאכען עסען, האט לארד גלענארוואן געזאגט.

— וואס נאך דארפט איהר? האט דער קאפיטאן געפרעגט.

— דאס איז אלעס.

— וויאפיעל פאסאזשירען זיינען זיי?

— ניין, זיעבען מענער און צוויי דאמען.

— איך האב ניט קיינע קאיוטען פאר זיי.

— מיר וועלען שוין אויסגעפינען א פלאץ פאר די דאמען.

— וואס נאך דארפט איהר?

— אלזא, ווילט איהר אונז אויפנעהמען? האט פארראגוט געפרעגט.

— מיר וועלען זעהן, האט דער קאפיטאן געענטפערט בייז.

ער האט זיך אביסעל דורכגעשפאצירט אויפ'ן דעק פון זיין שיף, האט עס בעטראכט איינינע מינוט און האט זיך פלוצלונג געווענדעט צו זיינע געסט.

— וואס וועט איהר מיר געבען?

— וויא פיעל פערלאנגט איהר?

— פופציג פונט סטערלינג.

פארראגוט האט געפרעגט מיט די אויגען לארד גלענארוואן, אויב ער ווילינט איין. לארד גלענארוואן האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ, אז ער איז איינפערשטאנען.

— גוט! מיר וועלען אייך געבען פופציג פונט, האט פארראגוט געזאגט.

— דאס איז נור פאר דער שיף.

— נור פאר דער שיף.

— פאר עסען וועט איהר צאהלען עקסטרא.

— וועלען מיר צאהלען עקסטרא.

— אפגעמאכט! האט געזאגט דער שיפסקאפיטאן און האט אויסגעשטרעקט די האנד.

— איך מוז האבען האנד־געלד, האט ער ווייטער געזאגט גראב.

לארד גלענארוואן האט גענומען א פעקעל געלד און האט עס דערלאנגט פארראגוט. דער נייער שיפסקאפיטאן איז איהם אזוי ניט געפעלען, אז ער האט ניט געוואלט מיט איהם פיעל רעדען. פארראגוט האט גענומען פינף און צוואנציג פונט סטערלינג און האט זיי אפגעצעהלט דעם שיפס קאפיטאן.

— נאט אייך דערוויל פינף און צוואנציג פונט, העלפט געלד פאר די רייזע, די אנדערע העלפט וועלען מיר אייך געבען, איידער מיר וועלען אוועק פאהרען.

דער שיפס־קאפיטאן האט אריינגעלעגט דאס געלד אין קעשענע און האט ניט גערעדט קיין ווארט. אונזערע רייזענדע האבען איהם בעטראכט מיט שטוינען.

— ווען פאהרען מיר? האט פארראגוט געפרעגט.

— מארגען גאנץ פריה מוזען אלע זיין אויפ'ן דעק. פונקט זעקס אוהר וועל איך ארויספאהרען, איהר מעגט יא קומען און ניט קומען.

— מיר וועלען קומען פינקטליך.

לארד גלענארוואן מיט זיין פארטיע זיינען באלד אראפגעגאנגען פון'ם שיף. דער שיפס־קאפיטאן האט זיי זאגאר ניט געגריסט. ער האט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט, גלייך וויא זיי וואלטען גאר אויף דער וועלט ניט געווען.

— וואס איז דאס פאר א ווילדער מענש? האט דער פראפעסאר געפרעגט, ווען זיי זיינען ארויס אויפ'ן ברעג.

— דאס איז אן עכטער בער, אדער א זעע־וואלף, האט פארראגוט געזאגט.

— וויא עס וויזט מיר אויס, האט דיעזער וואלף אמאל געהאנדעלט מיט מענשענפלייש, האט דער מאיאר געזאגט.

ער האט געמיינט, אז ער האט געהאנדעלט מיט נעגער־שקלאפען. ער האט זיי געפיהרט פון אפריקא קיין אמעריקא.

— וואס געהט עס אונז אן, וואס ער איז, אדער וואס ער איז געווען? האט לארד גלענארוואן געזאגט. אויפ'ן וועג וועלען מיר איהם זעהר וועניג זעהן און נאך וועניגער האבען מיט איהם צו טהאן; ווען מיר וועלען קומען קיין אקלענד, וועלען מיר פון איהם לויז ווערען אויף אייביג. — לאז ער זיין, וואס ער וויל זיך.

מען איז געקומען אין האטעל און מען האט דערצעהלט דיא דאמען, אז זיי האבען שוין געדונגען א שיף קיין אקלענד. ליידי העלענא און מערי גראנט זיינען געווען זעהר צופריעדען, וואס זיי האבען שוין א שיף און וועלען שוין פאהרען.

לארד גלענארוואן האט זיי ערקלערט, אז דיא „מאקאריא" איז ניט אזוי גוט איינגעריכטעט, וויא דער „דונקאן". זיי וועלען אויף דער „מאקאריא" ניט האבען אלע בעקוועמליכקייטען, וואס זיי האבען געהאט אויפ'ן „דונקאן".

— אלץ וועט זיין בעקוועמער, וויא אין וואגען, וועלכער איז געבליעבען שטעקען אין זומפ לעבען סנאאי ריווער, האט ליידי העלענא געענטפערט. נאכדעם וואס מיר האבען דארט אויסגעשטאנען, איז שוין אויף יעדעס שיף בעקוועם.

יעצט האט מען אנגעהויבען זיך פארצובערייטען צו דער רייזע. אלבינעט איז געגאנגען איינקויפען פראוויאנט. דער מאיאר איז געגאנגען קויפען געוועהר און אמוניציאן: פולווער און קוגעלן. איהם איז דער בייזער קאפיטאן שטארק ניט געפעלען און ער האט געוואלט, אז זיי זאלען זיין גוט בעוואפענט און זיך קענען וועהרען, אין פאל דער בייזער קאפיטאן וועט ווערן צופיעל בייז.

דער פראפעסאר איז ארומגעלאפען א גאנצען טאג זוכען א גוטע לאנדקארטע פון ניי זעעלאנד. וויא קען ער פאהרען אין א נייעם לאנד און ניט האבען קיין לאנדקארטע מיט זיך? — דאס איז אבער געווען קיין לייכטע ארבייט. אין א קליין פערוארפענע שטעדטעל, וויא עדען איז, קען מען ניט אזוי לייכט געפינען א לאנדקארטע. דיא איינוואוינער אינטערעסירען זיך פיעל מעהר מיט זייערע פארמס, אלס מיט לאנדקארטען.

דער פראפעסאר האט אבער דאך געפונען, וואס ער האט געזוכט. ער האט

געטראָפֿען, וואו צו זוכען — ביים לעהרער פֿון דער איינציגער שולע, וואס איז געווען אין שטעדטעל.

ליידי הלענא און מערי גראַנט זיינען געגאַנגען אין דיא מאגאזינען קויפֿען איינינע קליידער. זיי האבען געוואוסט, אז אקלענד איז א גרויסע שטאָדט און מען מוז קומען אהין אנשטענדיג אנגעטהאָן.

מילרעד האט זיך געפֿיהלט זעהר גוט. אלס עכטער מאטראָז, האט ער גע־גלויבט, אז דיא לופֿט פֿון'ם מעער וועט איהם אין גאַנצען אויסהיילען. ער האט נאך געפֿיהלט שמערצען פֿון דער וואונד, ער האט שוין אבער געקענט ארומגעהן אין צימער אהן א שטעקען.

לארד גלענארוואן האט געשיקט דעם מאַטראָז ווילסאן אויף דער „מאקאַריאַ“, ער זאל דארט מאכען א פלאַץ פֿאר דיא דאַמען. ווען ער איז געקומען אויף דער „מאקאריאַ“ און האט עס געזאגט דעם שיפֿס־קאפיטאן, האט ער פֿערצוויגען דיא אקסלען און האט געלאזען ווילסאן טהאן, וואס ער וויל. ער האט מיט ווילסאן ניט גערעדט, האט איהם ניט געפֿרעגט, ווער ער איז און וויא ער הייסט. עס האט איהם קיין זאַך ניט געקימערט. ער איז געשטאַנען גאנץ רוהיג און האט אכטונג געגעבען, וויא מען האט אנגעלאדען דאס שיף מיט פֿעל. וואס געהט איהם אָן, וואס יענער טהוט? — פֿאר דיא פֿעל נעהמט ער געלד, פֿאר דיא פּאַסאַזשירען נעהמט ער געלד. עס האַרט איהם ניט, וואס דיא פֿעל מאכען דארט אונטען אין שיפֿסרוים, עס קימערט איהם ניט, וואס דיא פּאַסאַזשירען מאכען אויבען אויפֿ'ן דעק.

אזוי וויא לארד גלענארוואן און פֿארראגוט האבען ניט געהאט וואס צו טהאָן, האבען זיי בעשלאסען, זיי זאלען נעהמען פֿערד און צו רייטען צו דער בוכטע טופֿאלד, זעהן, פֿיעלייכט וועלען זיי דאך געפֿינען עפּעס א שפּור פֿון דער „בריטאַניא“, אדער פֿון'ם „דונקאַן“.

לארד גלענארוואן איז נאך אלץ געווען פֿעסט איבערצייגט, אז אייערטאָן איז געווים איינער פֿון דיא מאַטראָזען פֿון דער „בריטאַניא“, זיין ערצעהלונג אי־בער דעם אונטערגאַנג פֿון דער „בריטאַניא“ ניט ווייט פֿון דער בוכטע טופֿאלד איז ריכטיג. — אלזא, וועט מען פֿיעלייכט קענען דאך עפּעס געוואהר ווערן איבער קאפיטאן גראַנט.

קאפיטאן פֿארראגוט האט געראַטהען, אז זיי זאלען פֿריהער צוגעהן צום קאמענדאַנט פֿון'ם פּאָרט איהם פֿרעגען, ווער איז דער שיפֿס־קאפּיטאן פֿון דער „מאקאַריאַ“ און אויב מען קען זיך אויף איהם פֿערלאָזען.

דער קאמענדאנט פֿון'ם פּארט עדען האט זיי געגעבען פֿאָלגענדע אויסקונפֿט:

— דער שיפֿס־קאפּיטאַן פֿון דער „מאַקאַריאַ“ הייסט וויליאם האלוואוד, אדער, וויא מען רופֿט איהם געוועהנליך, בילי האלוואוד. ער פֿאָהרט בעשטענדיג פֿון עדען קיין אקלענד, פֿיהרט איבער וואארען פֿון איין ארט צום אנדערן און איז זעהר גוט בעקאנט מיט'ן מעער אין יענע געגענדען. — ווער ער איז און וואָס ער איז אַמאָל געווען קען ער ניט זאָגען.

דאס איז געווען אלעס, וואס זיי האבען ערפאהרען איבערן שיפס-קאפיטאן אדער סקיפער, וויא מען רופט איהם אין יענע געגענדען. פון דער „מאקאריא" זיי זיינען דערמיט צופריעדען געוועזן. פאר זיי איז געווען גענוג צו וויסען, אז בילי האלוואוד קען דעם וועג קיין אקלענד.

יעצט זיינען זיי געריטען צו דער בוכטע טופאלד. עס איז אין גאנצען פינף מייל פון עדען צו דער בוכטע. אויף פרישע, שטארקע פערד פאהרט מען איין אזא שטרעקע אין א שטונדע. די רייזע איז געווען זעהר א טרויעריגע. די גע־גענד איז געווען איינזאם, אויפ'ן גאנצען וועג האבען זיי ניט איין מענשען ניט בעגעגענט. דאס מעער האט גערוישט און געקאכט, זיינע בייזע, צארניגע וועללען (כוואליעס) האבען זיך אנגעשלאגען אן די שטיינער פון'ם ברעג און זיינען צוריק געלאפען בעדעקט מיט שוים.

זיי זיינען באלד צוגעקומען צו דער בוכטע טופאלד. — עס איז דארט ניט געווען קיינער. קיין מענש, קיין טהיער, קיין שפור פון שיפען, קיין שפור פון'ם „דונקאן" אדער פון דער „בריטאניא".

— אייערטאן מיט זיין באנדע איז דאך דא געוויס געווען, האט לארד גלע־נארוואן געזאגט צו זיין בעגלייטער. טאם אויגוסטין איז ניט דער מענש, וועלכער זאל זיך אזוי לייכט אונטערגעבען. ער האט געוויס געקעמפפט ביז צום לעצטען טראפען בלוט, איידער ער האט איבערגעגעבען דעם „דונקאן". ווען ער האט געקעמפפט, האט דאך געמוזט בלייבען עפעס א שפור, עפעס א צייכען, אז מענ־שען זיינען דא געוועזן.

זיי האבען זיך צוטהיילט, לארד גלענארוואן איז געפאהרען אין איין זייט און פאראגוט — אין דער אנדערער זייט. ביידע האבען עטוואס געפונען.

פאראגוט האט געפונען דעם ארט, וואו אייערטאנס באנדע האט אויפגע־שלאגען איהר לאגער. אונטער א גרויסען בוים איז געווען שפורען פון מענשען. עס איז נאך געלעגען דאס אש און פערברענטע שטיקליך האלץ אויף דעם ארט וואו זיי האבען געקאכט אדער געבראטען זייער עסען.

לארד גלענארוואן האט געפונען נאך א בעסערע שפור. — אויף איינעם פון די קליינע בוימלאך מיט שארפע דערנער איז געהאנגען א שטיק פון א ראק פון א שטרעפלינג. עס איז געווען פון געלער פארב און האט געהאט אויף זיך דעם סטעמפעל פון'ם געפענגניס פון דער שטאדט פערטה.

ער האט זיך אומגעקעהרט און צוגערופען דעם קאפיטאן פאראגוט.

— זעהט איהר, פאראגוט, זיי זיינען דא געוועזן, די רויבער. וואס מאכען אונזערע קאמעראדען אויפ'ן „דונקאן"?

— וויא עס ווייזט אויס, האט זיי אייערטאן גאר ניט אראפגעלאזען פון'ם שיף. ער איז געבליעבען שטעהן דא ערגעץ ניט ווייט און האט זיי ארויפגענומען אויפ'ן שיף מיט די באטע.

— די רויבער! האט אויסגעשריען לארד גלענארוואן. די מערדער! —

זיי האבען געטייטעט מיינע גוטע מאטראזען! — מיר מוזען עס וועניגסטענס מעלדען.

זיי זיינען ארומגעריטען דיא בוכטע נאך איינע צייט און זיינען ענדליך צוריקגעפאהרען קיין עדען.

לארד גלענארוואן האט געהאלטען פאר נאטהווענדיג, ער זאל מעלדען דער פאליציי פון'ם שטעדטעל, ווער עס האט ביי איהם צוגענומען זיין שיף און וויא אזוי מען האט עס צוגענומען. ווען מען איז דערפון געוואהר געווארען אין שטעדטעל, אז בען דשאגס מיט זיין באנדע האבען ענדליך פערלאזען אויסטראליען און געפינען זיך ערגעץ אויפ'ן מעער, איז אין גאנצען שטעדטעל געווארען א שמחה. אלע האבען זיך געפרעהט, וואס זיי זיינען בעפרייעט געווארען פון אזא געפעהרליכע באנדע רויבער.

מען האט צוגעזאגט לארד גלענארוואן, אז מען וועט טהאן אלעס מעגליכע נאכצויאגען דיא רויבער און ביי זיי אוועקנעהמען דעם „דונקאן". מען האט טעלעגראפירט קיין מעלבורן, קיין סידניי און קיין אדעלאאידא צו דיא גובערנאטארען און מען האט זיי געבעטען הילף. מיט איינעם ווארט, מען האט געטהאן אלעס, וואס א פאליציי קען טהאן, — צוזאגען, שרייבען און זוכען.

ווען דאס איז אויך געווען געענדיגט, איז מען צוריקגעגאנגען אין האטעל. דיא פארבערייטונגען זיינען פערטיג געווען, יעדער האט געטהאן, וואס ער האט געדארפט. אלעס איז געווען פערטיג צו דער רייזע מארגען גאנץ פריה.

דער אבענד איז פערגאנגען זעהר טרויעריג. יעדער האט זיך דערמאנט, וואס ער האט אויסגעליטען אין דיעזען שעהנעם לאנד אויסטראליען. יעדער האט געוואוסט, אז עס איז איינע פון דיא בעסטע, רייכסטע און גליקליכסטע לענדער. נור פאר זיי איז עס געווארען אזוי טרויעריג; זיי אליין האבען געליטען אין לאנד, וואו טויזענדע אונגליקליכע עמיגראנטען געפינען א גליקליכעס היים. לאזט אריין א שלאנג אין גן-עדן וועט זיא איהם פערגיפטען און דער בעסטער מענש וועט מוזען אנטלויפען.

מען האט זיך געזעצט צום טהעע. אלע זיינען געזעסען שטיל און האבען שטילערהייט געטרונקען זייער טהעע. נור דער פראפעסאר איז געווען אונרוהיג. ער איז ארומגעגאנגען אין צימער, האט געמאכט מיט דיא הענד און האט געברומט פאר זיך ווערטער, וועלכע קיינער האט ניט פערשטאנען.

קאפיטאן פאררא גוט האט בעמערקט, אז זוכט דער פראפעסאר האט געפונען דיא צייטונג, וועו זיי זיינען געלעגען אין זומפ לעבען סנאאי ריווער, איז ער אלץ פערטראכט און ברומט אלץ פאר זיך דיא ווערטער: א לאנד! א לאנד! ער האט שוין עטליכע מאל געפרעגט, וואס ער מיינט דער מיט, דער פראפעסאר אבער האט זיך אלץ אויסגעדרעהט און האט איהם קיין ריכטיגע אנטווארט ניט געגעבען.

דיעזען אבענד איז דער פראפעסאר געווען אזוי אויפגערעגט און אזוי אונרוהיג, אז קאפיטאן פאררא גוט האט זיך ענטשלאסען, ווען זיי וועלען געהן זיך

לענען שלאָפֿען, זאל ער איהם נאכגעהן אויף זיין צימער און זאל איהם ניט אָפּ־לאזען, ביז ער וועט איהם ערקלערן, וואס עס איז מיט איהם.

ער האט אזוי געטהאן. קוים איז יעדער זיך צוגאנגען אין זיין צימער, האט ער אנגעקלאַפּט ביי איהם.

— פּראָפעסאר פאַגאַנעל, האט ער איהם געזאגט, ווען ער איז אריינגעקומען און געזעהן, וויא דער פּראָפעסאר געהט אַרום אין זיין צימער פֿערטראַכט. — מיר זיינען דאך אלטע גוטע פֿריינדע, זאגט מיר, וואס זייט איהר היינט אזוי אויפֿגערעגט?

דער פּראָפעסאר איז געבליעבען שטעהן, האט איהם בעטראַכט איינינע מינוט און האט געענטפֿערט גאנץ רוהיג:

— ווער האט עס אייך געזאגט, אז איך בין אויפֿגערעגט? איך בין גאנץ רוהיג.

— פֿריינד פאַגאַנעל! האט פֿארראגוט געזאגט מיט א ביטענדער שטימע, איך זעה, אז איהר האט עפּעס א געהיימניס; איך זעה, אז עפּעס וואַרגט אייך, שטיקט אייך — זאגט מיר, וואס דאס איז. פֿערטרויט מיר אלס פֿריינד.

— וואס קען איך טהאן? — מיינע געדאנקען לאזען מיך ניט רוהען. מיינע געפֿיהלע זיינען שטארקער פֿון מיר.

— וואס פֿאר א געפֿיהלע?

— איך פֿרעה מיך און איך בין פֿערצווייפֿעלט.

— זיך פֿרעהען און זיין פֿערצווייפֿעלט אין איין צייט איז עטוואס זאנדערבאַר.

— און דאך איז עס וואהר. איך פֿרעה מיך, וואס מיר פֿאהרען קיין ניי זעעלאַנד. עס איז א נייעס לאנד, א מערקווירדיגעס לאנד, א וואונדער לאנד, וועלכעס איך האב אויך שוין לאנג געוואלט בערייזען. איך בין אבער פֿערצווייפֿעלט, וואס —

קאַפּיטאן פֿארראגוט האט געמיינט, אז ער איז פֿערצווייפֿעלט, וואס ער האט פֿערלארען יעדע האָפֿנונג צו געפֿינען דעם קאַפּיטאַן גראַנט.

— האט איהר שוין פֿערלארען יעדע האָפֿנונג? האט ער איהם געפֿרעגט.

— פֿערליערען יעדע האפנונג? איך? — פאַגאַנעל! — ניין, פֿריינד! דאס טהוט פאַגאַנעל ניט!

Spiro, Spero! — זא לאנג איך אטהעם, האף איך. דאס איז אן אלטעס לאַטיינישעס שפּריכווארט. דאס איז מיין מאַטאָ, מיין לעבענס רעגעל. — איך לעב נאך, איך אטהעם נאך — און איך האף נאך Spiro, Spero!

2טעס קאַפּיטעל.

## אויף דער רייזע. דער פּראָפעסאר דערצעהלט, וויא אזוי מען האט ענדעקט דיא אינזלען ניי זעעלאַנד.

דעם אנדערן טאג גאנץ פֿריה זיינען אלע אונזערע רייזענדע געגאנגען צום פּאַרט, האבען גענומען א באָאט און האבען צוגערודערט צו דער „מאַקאַריא“. מען האט זיי אראָפּגעוואָרפֿען א שטריק־לייטער און מען האט זיי געהייסען ארויפֿ־

געהן. — קיין נוט מארגען, קיינע בעגריסונג, קיין העפליכעסווארט האט מען פון סקיפער, בילי האלוואוד, ניט געהערט. ער האט זיך אזוי וועניג אומגעקוקט אויף זיינע פאסאזשירען, וויא ער האט זיך ניט אומגעקוקט אויף דיא פעל, וועלכע ער האט נעכטען אויפגעלאדען אויף זיין שיף.

לארד גלענארוואן האט גערעכענט, אז ער וועט וועניגסטענס זיין אזוי העפליך געגען דיא דאמען, אז ער וועט זיי אנביעטען זיין קאיוטע. בילי האלוואוד איז געוועזן אזוי העפליך געגען דיא דאמען, וויא געגען דיא מענער. — ער האט זיי זאגאר ניט אנגעקוקט.

ווילסאן האט צורעכט געמאכט אין א ווינקעל אויפ'ן דעק אן ארט געצעלט און ליידי העלענא האט זיך בעמיהט דארט איינצוארדנען.

פונקט זעקס אוהר האט בילי האלוואוד געהייסען ארויפציעהן דעם אנקער און אויפלאזען דיא זעגעל. אויף דער „מאקאריא“ זיינען געוועזן נור פינף מאטראזען. זיי האבען געטהאן זייער ארבייט לאנגזאם און נאכלעסיג. ווילסאן האט געוואלט זיי העלפען. ער האט בעסער פון זיי פערשטאנען דיא ארבייט פון א מאטראז.

— רוהיג בלייבען! האט קאמאנדירט בילי האלוואוד. אין קיין פרעמדע געשעפטען זיך מישען!

ער האט פיינט געהאט, אז מען זאל איהם העלפען אדער איהם ווייזען. ער פערשטעהט אליין זיין ארבייט. ווילסאן איז צוריקגעגאנגען צו דיא איבעריגע און האט זיך געזעצט לעבען זיי.

קאפיטאן פארראגוט האט אויך געזעהן, אז דיא מאטראזען פון דער „מאקאריא“ פערשטעהן זעהר וועניג, וויא אזוי צו רעגיערן א שיף. ער האט געשמייכעלט, ווען ער האט געזעהן, וויא אזוי זיי האבען צולאזט דיא זעגעל, אזוי לאנגזאם, שווער און אונגעשיקט האבען זיי זיך גערידהרט.

ענדליך איז זיי דאך געלונגען אויפצוציעהען דיא זעגעל און ארויסצופיהרען דיא „מאקאריא“ פון'ם פארט. קאפיטאן פאררגוט האט ערשט איינגעזעהן, וויא לאנגזאם דיא „מאקאריא“ האט זיך געשלעפט. דער ווינד איז געוועזן אין דער זייט, וואוהין זיי האבען געדארפט, אלע זעגעל זיינען געוועזן אויסגעשפאנט און דאך האט זיא זיך קוים גערידהרט.

אך! ווען מען זאל איהם צולאזען צום רודער! וויא אנדערש וואלט דאן דיא „מאקאריא“ געטאנצט! ער האט אבער מורא געהאט ארויסצורעדען א ווארט. דער סקיפער האט זיך געבייזערט און געשאלטען, וויא דער טייפעל אליין.

לאנגזאם האט זיך דיא „מאקאריא“ געגליטשט אויף דיא ניט גאנץ רוהיגע וואסערן פון'ם אינדישען וועלט-מעער. דיא גרינע ברעגעס פון אויסטראליען האבען אנגעהויבען ביסלעך ווייס צו פערשווינדען, מען האט נאך קוים געזעהן פון דער ווייטען דיא בערג בעדעקט מיט א בלויער גאזע.

נעגען אבענד האט זיך דער הימעל בעדעקט מיט וואלקענס און עס האט אנגעהויבען צו רעגענען. אונזערע פאסאזשירען האבען געמוזט אראפגעהן אין קיך, קיין אנדערער ארט זיך צו שיצען פון'ם רעגען איז ניט געוועזן. אין דעם

געצעלט, וואס ווילסאן האט געמאכט אויפ'ן דעק, איז געווען ווענינ פלאץ פאר זיי אלעמען. זיי האבען דארט געמוזט האלטען זייערע זאכען.

צום גליק, איז דאס עס־צימער לעבען דער קיך געווען געראַנג און ריין גענוג פאר דיא „מאקאריא“. א קליינעס, דונקעלעס לעמפעל איז געהאנגען אויף א קייט און האט פערשפרייט אזוי פיעל ליכטיגקייט, אז זיי האבען ווענינסטענס געקענט זעהן איינער דעם אנדערן.

אין דיעזען עס־צימער זיינען זיי יעצט געזעסען אלע און האבען געשוויגען. יעדער איז געווען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, יעדער האט געפיהלט דעם אונטערשיעד צווישען „דונקאן“ און דער „מאקאריא“. בעזאנדערס טרויעריג איז געזעסען לארד גלענארוואן.

דער פראפעסאר איז זיך פערקראכען אין א ווינקעל און האט געברומט פאר זיך. דער מאיאר איז געזעסען, וויא א פערשטיינערטער, האט זיך ניט געריהרט און האט קיין ווארט ניט געזאגט.

קאפיטאן פארראגוט און דער קליינער ראבערט זיינען פון צייט צו צייט ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק זעהן, וויא אזוי דאס וועטער איז און אין איין וועג זיך צו קוקען צו זייערע זאכען.

וואס האט געברומט דער פראפעסאר? פאר וואס איז ער געווען אזוי אויפגערעגט און אזוי צוטראגען? ער האט זיך דערמאנט אן זייער גאנצער רייזע, פון טשילי, איבער דיא קארדאליערן, איבער דיא פאמפאס פון ארגענטיניען, איבער אלע אינזלען, ביז אויסטראליען. ער האט ווידערהאלט יעדעס ווארט פון דיא בריעף, וואס מען האט געפונען אין פלאש.

— זאל עס ווירקליך זיין ניי זעעלאנד? האט ער געטראכט. זאל עס מעגליך זיין, אז קאפיטאן גראנט האט געליטען שיפברוך לעבען דיא אינזלען פון ניי זעעלאנד? — פאר וואס ניט? אלעס איז מעגליך. ניי זעעלאנד ליעגט אויך אויפ'ן 37טען גראד.—אבער אין דיא בריעף שטעהט דאך דאס ווארט „קאנטיניי“.... עס מיינט געוויס, קאנטינענט, א לאנד — ניי זעעלאנד זיינען דאך אבער נור אינזלען?

אזוי האט דער פראפעסאר געטראכט אין דערהויך און האט געברומט פאר זיך אין דער צייט, וואס אלע זיינען געזעסען טרויעריג און פערטראכט.

וואס ברומט איהר דארט, פראפעסאר? האט ענדליך קאפיטאן פארראגוט געפרעגט. — קומט בעסער און דערצעהלט אונז עפעס איבער ניי זעעלאנד אדער איבער דיא אנדערע אינזלען, וועלכע ליעגען צו־ווארפען אין מעער ארום. — אין דרויסען גיעסט עס עטערוויס, מיר האבען אלענפאלס ניט, וואו צו שלאפען, דער־צעהלט עפעס.

— יא, דערצעהלט עפעס, האט ליידי העלענא געבעטען. לאמיר אויך עפעס וויסען פון ניי זעעלאנד.

קוים האט ליידי העלענא זיך אויסגערעדט, אז זיא וויל עפעס וויסען איבער ניי זעעלאנד, האט זיך דער פראפעסאר באלד אויפגעהויבען פון זיין ווינקעל, און

צונענאנגען צום גרויסען טיש, ארום וועלכען אלע זיינען געזעסען, האט זיך אניע־דערגעזעצט און האט אנגעהויבען צו דערצעהלען.

— דעם 13טען דעצעמבער 1642 איז דער האלענדישער שיפס־קאפיטאן טאַסמאַן, וועלכער האט ענטדעקט דאס גרויסע אינזעל „טאַסמאַניא", צום ערשטען מאל צו געקומען מיט זיין שיף צו אונבעקאנטע גרויסע אינזלען, וועלכע הייסען היינט ניי זעעלאנד. ער איז ארומגעפאהרען דיא אינזלען עטליכע טאג, ביז ער האט ענטדעקט דעם קאנאל, וועלכער צוטהיילט ביידע גרויסע אינזלען.

ער האט געשיקט עטליכע מאטראזען אויפ'ם לאנד. אין א פאר שטונדען ארום זיינען זיי צוריק געקומען מיט א גאנצע באַנדע ווילדע, וועלכע האבען בע־וואינט דיעזע אינזלען. דיא ווילדע זיינען געווען פון מיטעל וואוקס, שטארק גע־בויט, פון ברוינער אדער געלער פארב, מיט לאנגע שווארצע האר און אויפ'ן קאפ האבען זיי געטראַגען איינגעשטעקט א ווייסען פעדער. זיי האבען גערעדט און געשריען, אבער קיינער האט זיי ניט פערשטאנען.

טאסמאַן האט זיי געשענקט איניגע קליינינקייטען: גלעקלעך, קנעפלעך און אנדערע גלענצענדע זאכען. זיי האבען איהם געגעבען פיש און איניגע פריכטע. — דיא ערשטע צוזאמענקונפט צווישען דיא ווילדע און דיא אייראפעער איז געווען א גאנץ פריינדליכע. דעם אנדערן טאג אבער, ווען דיא מאטראַזען האבען ווידער געוואלט אויסשטייגען אויפ'ן לאנד, זיינען דיא ווילדע אויף זיי אנגעפאלען. זעקס מאטראזען האבען זיי געטויטעט און פיער זיינען קוים צוגע־שוואומען צום שיף. דיא געטייטעטע מאטראזען האבען דיא ווילדע אויפגעפרע־סען פאר טאסמאַנ'ס אויגען.

טאסמאן האט אויסגעשאָסען א פאר מאל פון דיא קאנאָנען אויף זיין שיף. דיא ווילדע זיינען זיך צולאפען. ער האט שוין אבער מורא געהאט ארויסצוגעהן אויף דאס לאנד. ער איז נאך ארומגעפאהרען עטליכע טעג ארום דיא אינזלען און האט זיי א נאמען געגעבען שטאאטען לאנד, ווייל האללאנד האט דאמאָלס געהייסען דיא שטאאטען.

טאסמאן האט ניט געוואוסט, אז דאס זיינען אינזלען. ער האט געמיינט, אז ער האט ענטדעקט א נייעם וועלט טהייל. מיט דיעזער מיינונג איז ער געקו־מען אהיים.

עס זיינען פערגאנגען הונדערט יאהר און קיינער איז ניט געפאהרען קיין ניי זעעלאנד. מען האט גאר אן זיי פערגעסען.

אין 1752 איז א פראנצויזישער קאפיטאן מיט'ן נאמען סורוויל געקומען צו דיעזע אינזלען. דיא ווילדע האבען איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך, האבען איהם איינגעלאַדען צו זיך אין זייער דאָרף און האבען איהם זעהר גוט בעווירט־העט. עס זיינען פערגאנגען עטליכע טעג. סורוויל איז געווען זיכער, אז ער האט צו טהאן מיט שטילע רוהיגע מענשען.

איין מאל האט דער הויפטלינג פון'ם דארף זיי ווידער איינגעלאדען צו זיך. סורוויל האט ניט געקענט געהן און האט געשיקט זיין ערשטען אפיציער, מאריאן,

מיט עטליכע מאַטראָזען. זיי זיינען ניט צוריק געקומען. סורוויל איז געוואָרען אונרוהיג און איז געגאַנגען מיט עטליכע בעוואַפֿענטע מאַטראָזען זעהן, וואו זיין ערשטער אָפֿיציער געפינט זיך.

ער האט געפֿונען דאָס דאָרף לעדיג. קיין מענש איז ניט געווען אין די הייזער. ער האט אנגעהויבען צו זוכען אין הויז פֿון׳ם הויפּטלינג און האט געפֿונען די פֿערבלוטיגטע קליידער פֿון זיין ערשטען אָפֿיציער. מען האט ווייטער געזוכט און מען האט געפֿונען גענוג בעווייזע, אַז די ווילדע האבען אויפֿגעגעסען די מאַטראָזען און דעם ערשטען אָפֿיציער.

סורוויל האט געהייסען פֿערברענען דאָס דאָרף און שיעסען אין וואַלד אריין. אויב ער האט וועמען געטראָפֿען, קען מען ניט זאגען. גיכער, האט ער קיינעם ניט געטראָפֿען. ווען ער איז געווען בעריט אוועקצופֿאָהרען און זיין שיף האט שוין אנגעהויבען אוועק צו רודערן פֿון ברעג, האט זיך געוויעזען א באַנדע ווילדע אויף א בערגעל און זייער הויפּטלינג האט געשריען אין דער הויך:

— קואַ — נואַ מאַטע מאַריאַן! קואַ — נואַ האט אויפֿגעגעסען מאַריאַן.

קואַ — נואַ האט געהייסען דער הויפּטלינג.

בעמערקענסווערטה איז דער אבערגלויבען פֿון די ווילדע פֿון יענער גע= גענד. זיי האבען געזעהן, אַז די מאַטראָזען געהן אין איינפֿאַכע קליידער, די אָפֿיציערן אבער טראָגען שעהנערע קליידער און געוויסע צייכענס, עפּאָלעטען אויף די פּלייצעס, און זיי האבען געזוכט אויפֿצופֿרעסען די אָפֿיציערן. זיי האַ= בען געגלויבט, אַז ווען זיי עסען אויף אן אָפֿיציער, ווערן זיי אויך אן אָפֿיציער.

דיעזער אבערגלויבען האט געקאָסט דאָס לעבען פֿיעלע אָפֿיציערן און עדעל לייטע, וועלכע האבען אין יענער צייט בעזוכט יענע געגענדען.

ווען דער פֿראַנצויזישער קאַפּיטאַן, דער בעריהמטער רייזענדער, דומאַן דאָרווילל, האט בעזוכט דיעזע אינזלען, איז אויף זיין שיף געווען א רייכער פֿראַנ= צויזישער גראַף. דומאַן דאַרוויל מיט זיינע אָפֿיציערן מיט׳ן גראף זיינען געגאַנגען מאַכען א בעזוך א הויפּטלינג פֿון די ווילדע. ער האט זיי אויפֿגענומען זעהר פֿריינדליך און האט אויסגעפֿרעגט, ווער און וואס יעדער איז. ווען ער איז געקומען צום גראַף, האט איהם דומאַן דאָרוויל ערקלערט, ווי ווייט ער האט געקענט, וואס עס הייסט א גראַף.

דעם ווילדען איז עס שטאַרק געפֿעלען און ער האט זעהר געוואָלט ווערן א גראַף. אבער וויא אזוי ווערט מען א גראַף? — דאס איז אויך ניט אזוי שווער. מען דאַרף חאַפּען דעם גראַף איהם טויטען און איהם אויפֿעסען, ווערט מען א גראַף. — איך ווייס ניט, אויב אין אַנדערע לענדער ווערט מען א גראַף אויך אויף דער זעלבער אַרט אדער אויף אנאַנדער אַרט, אין ניי זעעלאַנד איז עס דאַמאָלס געווען אין דער מאָדע.

דער ווילדער הויפּטלינג האט אנגעהויבען צו זוכען אלע מעגליכע מיטעל צו פֿערנאַררען דעם גראַף ערגעץ אין א וואַלד אדער אין א שטיבעל זוייט פֿון׳ם

דארף. ער האט איהם געוואלט אוועקשענקען זיין פרוי און זיינע צוויי טעכטער, ער זאל נור געהן מיט איהם.

צום גליק פארן גראף, איז מען שוין דאמאלס געווען בעסער בעקאנט מיטן כאראקטער פון דיא ווילדע.

דער גראף און דער שיפס־קאפיטאן האבען זעהר גוט געזעהן, וויא דיא אויגען פון'ם ווילדען גליהען, ווען ער דערזעהט דעם גראף און זיי האבען געוואוסט וואס דאס בעדייטעט.

זיי זיינען געווען עטליכע מאל ביי איהם צו גאסט, אבער יעדעס מאל זיינען זיי געווען בעוואפענט פון קאפ ביז אין דיא פיס און האבען איהם יעדעס מאל געוויזען, אז מיט זייערע ביקסען און פיסטאלעטען טאר מען ניט שפאסען.

אזוי זיינען זיי אוועקגעפאהרען און דער הויפטלינג פון דיא ווילדע איז טאקע ניט געווארען קיין גראף.

אין 1469 האט דער בעריהמטער רייזענדער, קאפיטאן דשיימס קוק בעזוכט דיעזע אינזלען. ער האט געוואלט זיך בעפריינדען מיט דיא ווילדע און האט ארויסגעשיקט עטליכע גוט בעוואפענטע מאטראזען אויף דאס לאנד מיט א בע־פעהל צו חאפען אייניגע פון דיא ווילדע. עס איז זיי געלונגען צו חאפען צוויי ווילדע, וועלכע זיי האבען באלד געבראכט אויפ'ן שיף.

קוק האט זיי געהאלטען עטליכע טעג, האט זיי געגעבען עסען און טרינקען און האט זיי נאך געשענקט פיעלע אייראפעאישע ארטיקעל. דאן האט ער זיי אפגעלאזען אין דער האפנונג, אז זיי וועלען דערצעהלען זייערע לאנדס לייט, אז דיא ווייסע מענשען זיינען גוט און פרום.

ער האט זיך אבער אפגענארט אין זיין האפנונג. דיא צוויי ווילדע, וועלכע זיינען געווען ביי איהם אויפ'ן שיף, האבען דערצעהלט זייערע לאנדס לייט, אז אויפ'ן שיף זיינען דא זעהר ווייניג מענשען און זעהר פיעל גוטע זאכען. מען דארף אלזא אנפאלען אויפ'ן שיף און עס בערויבען. דעם קאפיטאן מיט דיא מאטראזען דארף מען אויפעסען.

אין א פאר טאג ארום זיינען זיך צונויפגעקומען עטליכע הונדערט ווילדע און זיינען אנגעפאלען אויף קאפיטאן קוק'ס שיף מיט אזא שטורם, אז קוק איז געווען געצוואונגען צו פייערן פון זיינע קאנאנען און מיט אלע זיינע ביקסען. ער האט געטייטעט זעהר פיעל פון דיא ווילדע, דיא איבעריגע זיינען זיך צולאפען.

קוק איז דאן אוועקגעפאהרען פון דיעזער געגענד און איז צוגעקומען צו אנאנדער ארט אויף דיעזעלבע אינזלען. ער איז שוין געווען פארזיכטיגער און האט קיינעם פון דיא ווילדע ניט צוגעלאזען צו זיין שיף. ער און אייניגע געלערנטע זיינען ארויס אויף דיא אינזעל און האבען זיא בעזוכט. זיי האבען געזאמעלט נייע סארטען גראזען, נייע סארטען פריכטע און מינעראלען.

זיי האבען אויך בעזוכט א פעסטונג פון דיא ווילדע. — אויף א הויכען בארג איז א שטיק פלאץ געווען ארומגעצאמט מיט שטארקע פלעקער גאנץ געדיכט אריינגעשלאגען אין דער ערד איינער לעבען אנדערן.

דיא ווילדע האבען דאמאלס נאך ניט געוואוסט פֿון קיין אייזען. העק און מעסער פלעגען זיי מאכען פֿון שארפֿע שטיינער. זייערע שפּיזען זיינען געווען געמאכט פֿון דיא צייהנער פֿון האַי פֿיש און פֿון אנדערע פיש.

דריי מאל האט דער בעריהמטער רייזענדער, קאפּיטאן קוק, בעזוכט דיא אינזלען פֿון ניי זעעלאנד. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט זיי בע־שריעבען, אז זיי בעשטעהן פֿון צוויי גרויסע און פֿיעלע קליינע אינזלען. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט געצייכענט דיא לאנד־קארטע פֿון ניי זעעלאנד. זיין לאנד־קארטע איז אויך דיא בעסטע און ריכטיגסטע.

אין 1800 איז צוגעקומען צו דיא אינזלען ניי זעעלאנד א קויפֿמאנשיף מיט'ן נאמען „ארגא“, דער שיפֿס־קאפּיטאן באַדען איז בעקאנט געווארען מיט א הויפּט־לינג, ראנגיהו, וועלכער האט געהאט א נעפֿען מיט'ן נאמען דואַטאַראַ. דיעזער יונגער מאן איז געווען זעהר וויסענס בעגעריג. ער האט געזעהן, אז דיא ווייסע מענשען זיינען פֿיעל געשיקטער און פֿעהיגער פֿון זיינע לאנדס לייט און האט געוואלט זיך אויסלערנען זייערע קענטניסע.

ער האט געבעטען דעם שיפֿס־קאפּיטאן באַדען, ער זאל איהם מיטנעהמען אין דיא לענדער פֿון דיא ווייסע מענשען. פֿאר זיינע רייזע קאסטען האט ער איהם אנגעבראַכט אזוי פֿיעל פֿריכטע און פראוויאנט, אז עס איז גענוג געווען פֿאר אלע מענשען אויפֿ'ן שיף פֿון ניי זעעלאנד ביז ענגלאַנד.

זא לאנג דיא שיף איז געשטאנען ניט ווייט פֿון ניי זעעלאנד, האט דער קאפּיטאן בעהאנדעלט זיין ווילדען פּאַסאַזשיר זעהר גוט. קוים אבער איז מען גע־קומען אין דער מיט מעער, האט ער איהם אנגעהויבען צו בעהאנדלען אלס שקלאַף. ער האט איהם געהייסען טהאן דיא שווערסטע ארבייטען, האט איהם געשלאגען פֿאר יעדע קלייניגקייט און וואלט איהם געוויס געווען דערהרגעט, ווען דער גייסטליכער פֿון'ם שיף זאל זיך ניט געווען אננעהמען פֿאר'ן אונגליקליכען ווילדען.

ווען מען איז געקומען קיין לאנדאן, איז דער אונגליקליכער דואַ — טאַראַ געווען האלב טויט פֿון הונגער און שלעג, וועלכע ער האט בעקומען אויפֿ'ן וועג. דער גייסטליכער האט געזעהן, אז מען זאל איהם אויפֿנעהמען אין א האספּיטאל און מען זאל איהם אויסהיילען. ער האט איהם פֿאָרגעשטעלט דעם ענגלישען קעניג מיט'ן הויף. — דואַ־טאראַ האט פֿערבראכט דריי יאהר אין לאנדאן. ער האט זיך אויסגעלערנט ענגליש און אייניגע אייראפּעאישע קענטניסע.

ענדליך, האט ער אנגעהויבען צו בעטען, מען זאל איהם שיקען אהיים. דער קעניג און דער הויף האבען איהם געשענקט פֿיעלע פּרעזענטען און האבען געהייסען איהם מיטגעבען אייראפּעאישע פּראדוקטען, ווייץ, קארן, גערשטען און אנדערע פֿריכטע, ער זאל זיי פֿארזעען אין דערהיים. — אויפֿ'ן וועג האט דער שיפֿס־קאַפּיטאן ביי איהם אלעס צוגענומען און האט איהם פֿערקויפֿט פֿאר א קנעכט.

**פֿיערצעהן יאהר, פֿון 1800 ביז 1814 האט זיך דער אונגליקליכער דואַ־טאַראַ**

ארומ־געוואַלגערט אויף אלע מעערע, ביז ער האט ענדליך איינגעבעטען א שיפּס־קאפּיטאַן, ער זאל איהם ברענגען אהיים.

וואס פאַר א בעגריף ער האט געהאט פון דיא ווייסע מענשען, פון זייער ציוויליזאציאן און פון זייער מענשענפריינדליכקייט, קען מען זיך שוין לייכט פאָר־שטעלען. מען וואלט געקענט אנשרייבען א גאנצעס בוך איבער דיא רייזען און ליידען פון׳ם אונגליקליכען דוא־טאַרא. ער האט אבער זעהר פיעל געלערנט אויף זיינע רייזען און, ווען ער איז געקומען אהיים, האט ער געוואלט איינארדע־נען זיין לאנד אויף אייראפּעאישער אַרט. — ליידער, איז ער באלד געשטארבען. דאס איינציגע, וואס ער האט אויסגעלערנט זיינע לאנדס לייט, איז געוועזן דער געברויך פון פייער וואַפען.

זייט ער איז געקומען אהיים און האט זיי ערקלערט, וויא אזוי צו געברויכען א ביקס, פלעגען דיא ווילדע בעטען פון יעדער שיף, וועלכעס פלעגט צו קומען צו זיי, מען זאל זיי געבען אדער פערקויפען ביקסען, פולווער און קוגעלן.

פון 1814 האט דיא ענגלישע רעגיערונג זיך אנגעהויבען צו צוקוקען צו דיא אינזלען ניי זעעלאנד. דיא ערשטע זאַך, וואס זיא האט געטהאן, איז געוועזן, וואס זיא האט אנגעהויבען צו שיקען אהין מיסיאָנערן.

דער ערשטער מיסיאָנער איז געוועזן דער גייסטליכער מארסדאן, דערזעל־בער, וועלכער האט מיטלייד געהאט מיט דעם אונגליקליכען דוא־טאַרא. ער האט אפּגעקויפט פון דיא ווילדע א גרויס שטיק לאנד פאר צוועלף העק. דיא ווילדע האבען איהם נאך געהאָלפען בויען א הויז אלץ פאר דעמזעלבען פרייז.

פון דאמאלס אן זיינען צוגעקומען נאך מיסיאָנערן און האבען זיך בעזעצט אין אנדערע געגענדען פון דיא אינזלען. אזוי וויא דאס לאנד איז זעהר גוט און זעהר פרוכטבאַר, האבען דיא מיסיאָנערן באלד צוגעצויגען עמיגראנטען און עס האט זיך אנגעהויבען דיא ערשטע קאלאָניעס פון אייראפּעער אין ניי זעעלאנד.

דיא ערשטע קאלאניסטען האבען אבער זעהר פיעל געליטען פון דיא ווילדע פעלקער, וועלכע האבען בעוואינט יענע געגענדען. דיא ווילדע פלעגען בעשטענ־דיג פיהרען קריעג צווישען זיך און פלעגען אפט ארייננשלעפּען דיא אייראפּעער אין זייערע קריעג.

מען מוז זאגען דיא וואהרהייט, דיא ערשטע קאלאניסטען זיינען ניט געוועזן גאנץ גוט און פרום. זיי האבען אפט בעליידיגט דיא ווילדע און צוגענומען זייער לאנד אדער דיא פריכטע פון זייערע פעלדער.

דיא ווילדע פון ניי זעעלאנד זיינען ניט גלייך צו דיא ווילדע פון אויסטראַ־ליען. זיי זיינען קלוג, קריעגעריש, טאַפּער, מוטהיג און האבען זיך פערטהיידיגט ביז צום אייסערסטען. זיי האבען ניט געוואלט דערלאָזען, אז פרעמדע זאלען צו־נעהמען זייער לאנד. זיי האבען געקעמפּט פאר זייער פאטער לאנד. צווישען זיי און דיא אייראפּעער זיינען פארגעקומען שרעקליכע, בלוטיגע קריעג. ענדליך, אין 1842 האט עס ענגלאנד אין גאנצען אפּגענומען און האט איבערגעלאזען דעם לעצטען פירסט פון דיא ווילדע א קליין שטיקעל לאנד, וואו ער מיינט, אז ער

איז א קעניג, אין דער וואהרהייט אבער האט ער קיין מאכט ניט צו טהאן דיא קלענכטע זאך ביי זיך אין דערהיים.

3טעס קאפיטעל.

# דיא רייזע. דעם פּראפעסאָרס וויטערע ערצעהלונגען.

דיא ערצעהלונגען פון׳ם פּראפעסאר איבער ניי זעעלאנד האבען אלעמען פּעראינטערעסירט. עס איז געווארען שפּעט. דער רעגען האט נאך אלץ ניט אויפגעהערט. יעדער איז אנטשלאפען געווארען, וואו ער איז געזעסען.

דעם אנדערן טאג האט דער רעגען אויפגעהערט און אונזערע רייזענדע האבען וועניגסטענס געקענט זיצען אויפ׳ן דעק פון׳ם שיף. דעם שיפס-קאפּיטאן האט מען זעלטען געזעהן. ער האט פיינט געהאט זיך צו בעשעפטיגען מיט זיין שיף. זיינע מאטראזען האבען געטהאן, וואס זיי האבען געוואלט, דאס הייסט, זיי האבען גאר ניט געטהאן. זיי האבען געלאזען געהן דיא „מאקאריא", וואוהין זיא האט אליין געוואלט.

קאפּיטאן פּאררארגוט האט זיך געריסען ביי דיא האָר, ווען ער האט געזעהן, וויא נאכלעסיג און וויא שלעכט דיא „מאקאריא" פיהרט זיך. ער האט געזאגט שטילערהייט צו ווילסאן און מילרעד, זיי זאלען זיך צוקוקען גאנץ גוט, וויא דיא שיף געהט. קוים וועט ער אויסגעפינען, אז עס איז דא א געפאַהר, וועט ער אליין נעהמען פיהרען דיא שיף.

אזוי זיינען פערגאנגען דריי טאג און דיא „מאקאריא" האט נאך ניט געמאכט א דריטעל וועג. פּאררארגוט האט אויפגעזוכט דעם שיפס-קאפּיטאן און האט איהם געזאגט, אז ווען מען זאל ריכטיג רעגיערן דיא „מאקאריא", וואלט זיא געפאהרען פיעל שנעלער.

בילי האלוואוד האט איהם אזוי אפּגעזיעדעלט און אזוי אנגעשאָלטען, אז דער גוטער מאַן האט שוין מורא געהאט ארויסצורעדען א וואָרט. עס האט איהם אבער טיעף געקרענקט. ער האט איבערגערעדט מיט׳ן פּראפעסאר און מיט׳ן מאיאָר און האט זיך מיט זיי בעראַטהען, וואס ער זאל טהאן.

— איך מיין, אז מיר דארפען איהם ניט הערן, האט דער מאיאר געזאגט. קוים פערשטעהט איהר, אז בילי האלוואוד קען דיא „מאקאַריא" ניט רעגירן, דארפט איהר איהם ניט הערן, געהמען דעם רודער אין דיא הענד און פיהרען דאס שיף, וויא איהר פערשטעהט. — מיר שיינט, אז ער איז שטענדיג שיכור. ווען מיר וועלען קומען קיין אקלענד, מעג ער טהאן מיט זיין שיף, וואס ער וויל, זא לאנג אבער מיר זיינען אויפ׳ן וועג, דארפען מיר זארגען פאר זיך.

— איך וועל עס מוזען טהאן, האט פּאררארגוט געזאגט. דאס שלעכטע איז אבער, וואס מיר איז דאס מעער אין דיעזע געגענדען וועניג בעקאנט. איך בין דאָ קיין מאל ניט געוועזן. איך קען נור דעם הויפּט וועג פון מעלבורן קיין בינא. דאס מעער ארום ניי זעעלאנד אבער איז מיר ניט בעקאנט.

— האט ער דען ניט קיין מעער קארטע? האט דער פראפֿעסאר געפֿרעגט. דאס מוז דאך זיין אויף יעדען שיף.

— בילי האלוואוד ווייס ניט פֿון קיין מעער קארטע, האט פאררעגוט גע־ענטפֿערט. מעגליך, אז ווען ער זאל זאגאר האבען אזא קארטע, וואלט ער ניט געקענט זיא לעזען. — ער דארף אויך קיין קארטע ניט. ער איז דא אין דערהיים און קען דאס מעער. מיר אבער וועט עס זיין זעהר שווער צו פֿיהרען דיא „מאַ־קאַריאַ" אין דיעזע געגענדען.

— וויא עס ווייזט אויס, מיינט בילי האלוואוד, אז זיין שיף קען שוין אליין דעם וועג. דערפֿאר זארגט ער זיך פאר איהר ניט, האט דער פראפֿעסאר געלאַכט.

— איהר שפאסט, פראפֿעסאר, ביי מיר אבער איז עס קיין שפאַס. וואס וועלען מיר טהאן, ווען דיא „מאקאריא" וועט ערגעץ פֿערקריעכען צווישען שטיי־נער, ווען בילי וועט זיין שכור? — איך ווייס זעהר גוט, אז דאס מעער לעבען ניי זעעלאנד איז זעהר אונרוהיג. עס געפֿינען זיך דא זעהר פֿיעל שטיינער אונטערן וואסער. אין ערטער זיינען דא זאנד־בענק, — ערטער, וואו דאס מעער איז ניט טיעף און דאס שיף קען זיך פֿערגראבען אין זאַמד.

— אלזא, וואס וועלען מיר טהאן אין אזא פֿאַל? האט דער מאיאר געפֿרעגט.

— מיר וועלען מוזען נעהמען דיא באַטע פֿון דער „מאקאַריאַ" און אויף זיי זיך צושלאָגען ערגעץ צו א ברעג.

— ווייכט איהר אבער, אז אין ניי זעעלאנד זיינען נאך דא פֿיעל ווילדע און מיר קענען ארייכפֿאלען זעהר אין שלעכטע הענד? האט דער פראפֿעסאר געפֿרעגט.

— איך ווייס עס, האט פֿאררעגוט געזאגט טרויעריג.

— מיינט איהר דיא פֿעלקער, וועלכע הייסען מאַארי? האט דער מאיאר געפֿרעגט.

— איך מיין דיא מאַארי, האט דער פראפֿעסאר געענטפֿערט. איך ווייס, אז זיי האבען נאך יעצט שטארק ליעב מענשענפֿלייש און ווען עס טרעפֿט זיי א גליק צו חאַפּען עטליכע ווייסע שטילערהייט, אז דיא ענגלישע רעגיערונג זאל דערפֿון ניט געוואהר ווערן, שעהמען זיי זיך ניט און פֿרעסען זיי אויף.

— עס קען זיך נאך פֿערגלוסטען איינעם פֿון דיא מאַארי צו ווערן א פראַ־פֿעסאר פֿון געאָגראַפֿיע, האט דער מאיאר געלאכט.

— אן ענגלישער מאיאר איז א גרעסערע עהרע, האט דער פראפֿעסאר געענטפֿערט.

— וויא באלד אזוי, האבען מיר גאר ניט וואס צו טראַכטען פֿון'ם קאפיטאַן גראנט, האט פֿאררעגוט געזאגט טרויעריג.

— מיר קענען געפֿינען א שפור פֿון דער „בריטאניא" ביי דיא ברעגעס פֿון ניי זעעלאנד, האט דער פראפֿעסאר ערקלערט. דיא ברעגעס זיינען מייסטענס בעזעצט מיט אייראפעאישע קאלאניסטען. דיא מאַארי געפֿינען זיך טיעף אין לאנד. איך בין געפֿאהרען מיט פֿערגניגען איבער דיא פאמפאס פֿון זיד אמעריקא און איבער דיא וועלדער פֿון אויסטראליען, איך זועל מיך אבער ניט איינשטעלען צו

פֿאהרען אין דיא וועלדער פֿון ניי זעעלאנד אהן א בעגלייטונג פֿון סאלדאטען.

ער האט אנגעהויבען צו דערצעהלען, וויא פֿיעל שיפֿען האבען שוין געליטען, ווען זיי זיינען צוגעקומען קיין ניי זעעלאנד.

ערשט ניט לאנג, אין 1815, איז אן ענגלישע שיף מיט'ן נאמען „בראדהערס״ פֿערשלאגען געווארען קיין ניי זעעלאנד. דער שיפֿס-קאפיטאן טאמפסאן האט גע־דארפֿט עפעס רעפארירען אין זיין שיף. ער איז ארויס אויפֿ'ן ברעג און האט אנגעהויבען אויסצוהאקען ביימער. דיא ווילדע זיינען געוואהר געווארען, זיינען צוגעקומען און האבען זיך געוויעזען זעהר פֿריינדליך. זיי האבען זאגאר געהאלפֿען שלעפען דיא קלעצער צום ברעג און האבען זיי געבראכט פֿיש און פֿריכטע. דיא מאטראזען זיינען שוין געווען אזוי זיכער און אזוי פֿערגלויבט אין דיא ווילדע, אז זיי האבען ניט מיטגענומען זייערע וואפֿען.

איין טאג, ווען פֿיערצעהן מאטראזען האבען געארבייט אונטער דער אויפֿזיכט פֿון אן אפֿיציער, זיינען אויף זיי אנגעפֿאלען עטליכע הונדערט ווילדע, האבען זיי געטויטעט און האבען זיי אוועקגעשלעפט צו זיך אין דארף אריין, ריכטיגער געזאגט, צו זיך אין דער פעסטונג, פאַה, אויף זייער שפראַכע.

דער קאפיטאן פֿון'ם שיף האט דערהערט דיא געשרייען פֿון זיינע אונגליקליכע מאטראזען און איז געלאפֿען מיט זיינע איבעריגע מענשען זיי העלפֿען. עס איז אבער שוין געווען צו שפעט. איידער זיי האבען זיך גערירט, זיינען דיא ווילדע שוין געווען ביי זיך אין פאַה.

דער קאפיטאן האט בעלאגערט דעם דארף א גאנצען טאג. זיינע ביקסען האבען גאר ניט געהאלפֿען. זיי האבען ניט געקענט דורכדרינגען דיא גראבע קלעצער פֿון'ם פאַה. ער האט זיך ענטשלאסען צו ברענגען א קאנאָנע פֿון'ם שיף איידער מען האט זיא געבראכט, איז געווארען נאכט. ביי נאכט האט ער גאר ניט געקענט טהאן מיט דער קאַנאָנע. גאנץ פֿריה האט ער געפֿונען דיא שטאַרקע טויערן פֿון'ם פאַה אָפֿען. אין פאַה איז ניט געווען קיין לעבעדיגער מענש. — דיא ווילדע זיינען אנטלאָפֿען דורך א געהיימען גאנג.

ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין פאַה, האט זיך זיי פֿאָרגעשטעלט א שרעקענס סצענע, וועלכע איז אונמעגליך צו בעשרייבען מיט ווערטער.

דאס זיינען דיא ווערטער, וועלכע דער שיפֿס-קאפיטאן האט אליין אנגעשריעבען אין זיין טאגע בוך:

איך האב ניט קיין ווערטער צו בעשרייבען דיא סצענע, וועלכע אונזערע אויגען האבען געזעהן אין פאַה. קעפּ, הענד, פֿיס, געדערים און לונגען פֿון מענשען, פֿון אונזערע קאמעראדען, זיינען געלעגען צו-וואָרפֿען אויפֿ'ן זאמד. הינד זיינען געשטאנען און האבען זיי גאנץ רוהיג געפֿרעסען. אין איין שטוב האבען מיר געפֿונען דיא לאפּעטע פֿון א מענשליכען קערפער אנגעשטעקט אויף א הילצערנעם שפיעז. אין אנאנדער שטוב האבען מיר געפֿונען לעהמענע טעפּ, אין וועלכע דיא ווילדע האבען געקאכט דאס פֿלייש פֿון אונזערע קאמעראדען.״

אין 1829 האט דאס זעלבע פאסירט מיט דעם ענגלישען שיף האָועס, וועלכעס

אין געפאהרען פון אויסטראַליען און האט געליטען פון א שרעקליכען שטורם, וועלכער האט צובראכען איהר גרויסען זעגעלבוים. דער שיפס-קאפיטאן איז ארויס-געפאהרען אויפ׳ן ברעג אויסהאַקען א בוים פאַרן זעגעל. דער הויפטלינג ענאַראַאַ פון׳ם דארף וואַיקאַטאַ איז אויף איהם אנגעפאַלען, האט געטייטעט עטליכע מאַט-ראזען און האט זיי אויפגעפרעסען פאר די אויגען פון די איבעריגע, וועלכע האבען געמוזט אנטלויפען מיט׳ן שיף.

דער פראפעסאר האט נאך דערצעהלט פיעלע פריערינע געשיכטען פון מאָרד און מענשענפרעסעריי, וואס די ווילדע פון ניי זעעלאנד האבען בעגאנגען. מיר ווילען ניט אויפרעגען אונזערע לעזער מיט דיעזע בלוטיגע געשיכטען. עס איז גענוג, וואס מיר האבען שוין אנגעשריעבען.

פארראגוט און דער מאַיאָר האבען זיך פערטראַכט. עס איז ריכטיג, אז די ענגלישע רעגיערונג וואַכט יעצט און דערלאזט ניט מעהר די ווילדע אנפאַלען אויף שיפען. דאס איז אבער אלץ אין די געגענדען, וואו עס זיינען שוין דא גוטע איינגעארדענטע קאלאָניען. אין דער מיט פון די אינזלען, בעזאנדערס אבער אין דער זיד זייט (דרום זייט) זיינען נאך דא ערטער, וואו קיין אייראפעאישער פוס איז נאך ניט געטרעטען, וואו די ווילדע הערשען נאך, וויא זיי ווילען. וואס טהוט מען, ווען עס הויבט זיך אויף א שטורם ווינד און פערשלאגט די „מאַקאַריאַ“ אין אזא געגענד?

## 4טעס קאפיטעל.

# די „מאַקאַריאַ“ גערט אתטער.

לאנגזאַם, זעהר לאנגזאַם האט זיך די „מאַקאַריאַ“ געקייקעלט אויף די אונרוהיגע וואַסערן פון וועלט מעער. שוין זעקס טאג זיינען פערגאנגען, זייט זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון ערדען און נאך האט מען קיין לאַנד ניט געזעהען.

עס איז נאך געווען א גליק, וואס דער שיפס-קאפיטאַן בילי האלוואוד האט זיך ניט געקימערט, וויא די „מאַקאַריאַ“ געהט. איהרע זעגעל-ביימער זיינען גע-ווען אזוי אַלט און אזוי פערפוילט, אז ווען מען זאל געווען אויפציעהען אלע זע-געל און עס זאל געווען אנקומען א שטאַרקער ווינד, וואלט ער געווים געווען צובראכען די זעגעלבוימער און צוריסען די זעגעל. מעגליך, ער וואלט זאגאַר איבערגעקעהרט די גאנצע „מאַקאַריאַ“.

דאס וועטער איז געווען מייסטענס זעהר שלעכט. דער רעגען האט גאר ניט געוואלט אויפהערען. ליידי העלענא, מערי און ראבערט גראנט, דער פּראפע-סאר און לארד גלענארוואן האבען געמוזט זיצען אונטען אין קיך, וואו עס איז ניט געווען גאנץ ריין און ניט גאנץ אנגענעהם. לארד גלענארוואן האט געליטען מעהר פון אלעמען. ער האט ניט געקענט לאנג בלייבען אונטען. ער איז יעדע מינוט געלאָפען אויפ׳ן דעק זעהן, פיעללייכט זעהט מען שוין לאַנד.

פארראגוט פלעגט שטענדיג איהם נאכגעהן. צום אונגליק האבען זיי פער-לאָרען זייערע פעלד גלעזער (זאא האָרט ספּעקטיוו) מען זיי זיינען אריבערגע-

פאהרען דעם סנאי ריווער. עס איז זיי צוואר געבליעבען נאך דעם פראפעסאר'ס טעלעסקאפ. ער האט איהם בעשטענדיג געטראגען אויף דיא פלייצעס און האט איהם ניט פערלארען. אויפשטעלען א טעלעסקאפ אבער און איהם איינארדנען, צופאסען צו דיא אויגען, איז א גאנצע ארבייט.

אויפ'ן זיעבענטען טאג נאך זייער ארויספאהרען פון עדען איז לארד גלע־נארוואן מיט'ן קאפיטאן פאררא גוט ווידער געשטאנען אויפ'ן דעק און האבען געקוקט אויפ'ן וואסער.

— איך קען עס גאר ניט פערשטעהן, פארוואס מיר זעהען נאך קיין לאנד ניט, האט פאררא גוט געזאגט. מיר שיינט, אז איך האב נאך נעכטען ביי נאכט געזעהן דאס ליכט פונ'ם לייכט טהורעם פון אקלענד.

— איך זוך ניט דאס לאנד, האט לארד גלענארוואן געענטפערט טרויעריג. וואס איז מיר דער אונטערשיעד אויב איך וועל קומען מיט א טאג פריהער אדער מיט א טאג שפעטער קיין אקלענד? — איך זוך עטוואס אנדערש. — איך זוך דעם „דונקאן“. עפּעס זאגט מיר דאס הערץ, אז ער איז דא ערגעץ אין דיזע געגענדען. איך בין ניט אבערגלויביש, איך פיהל אבער, אז מיין שיף איז ערגעץ ניט ווייט.

— איך וואלט יעצט אויף קיין פאל ניט געוואלט בעגעגענען דעם „דונקאן“, האט פאררא גוט געזאגט.

— פארוואס איז?

— איהר פרעגט נאך! וואס קענען מיר עטליכע טהאן געגען אזא באנדע, וויא אייערטאנ'ס? אונזער „מאקאריא“ איז אזוי שוואך און אזוי אומגעלומפערט, אז מיר וואלטען זאגאר ניט געקענט אנטלויפען פון זיי.

— אנטלויפען? האט אויסגערופען לארד גלענארוואן. איך וואלט ניט אנטלאפען.

— וואס דען וואלט איהר געטהאן? זיך שטעלען שלאגען מיט זיי? — איך מיין, אז אונזער בילי האלוואוד וואלט אונז פערקויפט פאר עטליכע פונט שטער־לינג. אייערטאן וואלט געווים געגעבען פאר אונז עטליכע פונט. עס זאל זיך ניט געפינען קיינער, ווער עס זאל זוכען דעם „דונקאן“.

— איהר האט רעכט, פאררא גוט. מאנכע מאל ווער איך אזוי פערצווייפעלט, אז איך וואלט שוין געוואלט זיין אין דערהיים. אין מיין שלאס מאלקאלם און שווערן, איך זאל אין ערגעץ ניט פאהרען. אייניגע מאל ווערט מיר דאס לעבען איבערדריסיג. נאך דעם, וואס מיר האבען איבערגעליטען אין אויסטראליען, דארפען מיר טרעפען אויף אזא שיף, אויף וועלכע מיר זיינען קיין מינוט ניט זי־כער, אז זיא זאל ניט צושלאגען ווערן אן א שטיין אדער זאל פערזינקען ערגעץ אויף א זאנד באנק.

— זייט רוהיג, לארד גלענארוואן, האט פאררא גוט געזאגט מיט א פעסטער שטימע. בילי האלוואוד איז שטענדיג שיכור, זיינע מאטראזען זיינען ניט פעהיג. איך האלט אבער מיינע אויגען אפען. קוים וועל איך זעהן, אז דיא „מאקאריא“ געהט ניט, וואו עס דארף צו זיין, וועל איך זיא אומדרעהען צוריק אין מעער. איך

ניב גוט אכטונג. געגען א געפֿאהר אויפֿין מעער קען איך זיא שוין אפהיטען, געגען „דונקאן“ אבער בין איך, ליידער, ניט אים שטאנד זיא צו פֿערטהיידיגען.

זיי האבען נאך גערעדט אייניגע צייט און האבען געמוזט ארונטערגעהן. עס האט ווידער אנגעהויבען צו רעגענען. נאך פֿארראגוטס רעכנונג האבען זיי שוין געדארפֿט זיין גאר ניט ווייט פֿון אקלענד.

דער טאג איז פֿערגאנגען, עס איז געווארען נאכט. א שטארקער ווינד האט זיך אויפֿגעהויבען, דאס מעער איז געווארען אונרוהיג. דער הימעל האט זיך פֿערדעקט און האט זיך אנגעטהאן אין א דונקעל גרויען מאנטעל, גלייך וויא ער האט אויך געוואלט זיך שיצען פֿאר דאס שלעכטע וועטער.

וויא נאכלעסיג און בעטרונקען בילי האלוואוד איז געוועך, איז ער דאך געוועזן א שיפֿס-קאפּיטאַן און האט פֿערשטאַנען, אז דיא נאכט וועט זיין זעהר אונרוהיג. ער איז ארויסגעקראָכען פֿון זיין קאַיוטע, האט זיך אויסגעווישט דיא אויגען, האט אנגעהויבען צו שאָקלען מיט זיין רויטען קאפּ און האט אנגעהויבען צו שילטען און צו זידלען זיינע מאַטראָזען. ווען ער האט אויסגעשאָטען דעם גאנצען פּאַרראַטה (זאַפּאַס) פֿון זידלערייען און שימפּפֿערייען, האט ער אנגעהויבען צו בעטראכטען דיא זעגעל און דיא זעגעלבוימער. — ווען דיא אינספּעקציאן האט זיך געענדיגט, האט ער אנגעהויבען אויסצוטהיילען זיינע בעפֿעהלע. דערביי האט ער נאך אויסגעזוכט זעלטענע קללות און נייע שימפּפֿווערטער, וועלכע ער האט געוואוסט איינצופֿלעכטען אין זיינע בעפֿעהלע אזוי געשיקט, אז אויסער זיינע מאַטראָזען האט קיינער ניט געקענט וויסען, וועלכעסווארט איז א בעפֿעהל און וועלכעס וואָרט איז א קללה.

קאפּיטאַן פֿארראגוט האט זיך גוט צוגעקוקט און צוגעהערט צו אלעמען, וואס בילי האלוואוד האט געטהאן און האט געפֿונען, אז ער פֿערשטעהט דאך זיין פֿאַך. זיינע בעפֿעהלע זיינען געוועזן גאַנץ פּראַקטיש און האבען געצייגט, אז ער איז ווירקליך א גוטער מאטראָז און וויים, וויא צו רעגירען א שיף.

דער ווינד איז געווארען אלע מאל שטארקער, דאס מעער אונרוהיגער. דיא „מאקאריא“ האט אנגעהויבען צו טאַנצען אויף דיא גרייצטע וועללען (כוואַליעס). בילי האלוואוד האט גענומען דעם רודער אין דער האנד. ליידער, איז דיא „מא-קאַריא“ געוועזן אזא שווערעס, אלטעס און אומגעלומפּערטעס שיף, אז זיא האט ניט געוואלט אדער ניט געקענט פֿאלגען דעם רודער.

— איז דא עפּעס א געפֿאהר? האט פּלוצלונג לארד גלענארוואן געפֿרעגט.

ער איז ניט געוועזן קיין געלערנטער מאטראז, ער האט אבער אזוי פֿיעל ארומגערייזט אויפֿין מעער, אז ער האט שוין פֿיעלעס פֿערשטאַנען, וויא אזוי מען דארף רעגירען מיט א שיף אין דער צייט פֿון א שטורם.

— וואלט עס געוועזן אנאנדער שיף, האט פֿארראגוט געענטפֿערט, וואלט איך געזאגט גאנץ בעשטימט, אז עס איז קיין געפֿאַהר. אויף דער „מאקאַריאַ“ וויים איך ניט וואס צו זאגען. אזא סאָרט שיף האב איך קיין מאל ניט קאַ-מאַנדירט.

אימער אונרוהיגער איז געווארען דאס מעער. בערג מיט וואסער האבען זיך געקייקעלט אויפ'ן דעק פון דער „מאקאריא“ און האבען אפגעוואשען און אפגעשווענקט אלעס, וואס זיי האבען געטראפען. דאס איז נאך אלץ קיין געפאהר ניט געווען. עס וואלט געקענט ווערן געפעהרליך, ווען בילי האלוואוד און זיינע מאטראזען וואלטען פערגעסען צו פערמאכען א טהיר אין רוים פון דער „מאקאריא“, דאן וואלט געווען א געפאהר, אז דאס וואסער זאל ניט איינדרינגען אין שיף און מאכען זיא נאך שווערער. — בילי האלוואוד איז אבער געווען א גוטער מאטראז און האט פערמאכט אלע טהירען און אלע עפענונגען.

פון דעבטוועגען איז פארראגוט און ווילסאן ניט אפגעטרעטען פון'ם דעק. זיי האבען זיך צוגעהערט צו יעדען גערויש און האבען זיך צוגעקוקט צו יעדע בעוועגונג פון דער „מאקאריא“.

אום האלב נאך עלף האט פארראגוט געהערט א זאנדערבארעס רוישען און קאכען. זיין שארפעס אויער האט באלד דערהערט, אז דאס איז קיין געוועהנליכעס רוישען פון דיא וועלען.

— מיר זיינען ניט ווייט פון א ריף, האט ער געזאגט צו ווילסאן.

(אין דעם טהייל „אויסטראליען“ האבען מיר שוין בעשריעבען, וואס א ריף איז).

— יא, האט ווילסאן געענטפערט, דיא וועלען שלאגען זיך אן אן א הארטע זאך. עס איז גאר ניט וויים.

— מיר זיינען ניט מעהר, וויא א פאר מייל וויים פון לאנד, האט ווילסאן געזאגט.

פארראגוט איז יעצט צוגעגאנגען צו דער פארענטשטע פון'ם שיף, האט זיך אריבערגעבויגען און האט געזאגט.

— ווילסאן, גיב מיר דאס בליי!

איך מוז דא ערקלערן מיינע לעזער, וואס דאס בליי איז און צו וואס ער ווערט בענוצט.

עס איז א גאנץ געוועהנליך שטיקעל בליי צוגעבונדען צו א לאנגע און שטארקע שנור. דיא שנור איז אויסגעמאסטען און אויף יעדע פינף פוס איז געמאכט א קנופ. ווען דיא שנור האט 20 קניפ, הייסט עס, אז זיא האלט הונדערט פוס דיא לענג.

ווען מען וויל וויסען, וויא טיעף דאס מעער איז אין אן ארט, ווארפט מען אריין דיא שנור מיט'ן בליי אין וואסער און מען זעהט, וויא פיעל קניפ עס גער פינען זיך אונטערן וואסער. זאגאר ביי נאכט, אין דער גרעסטער פינסטערניס, קען מען וויסען, וויא טיעף דאס מעער איז. דער מאטראז, וועלכער ווארפט אריין דאס בליי, דארף נור צעהלען, וויא פיעל קניפ ער האט אפגעוויקעלט.

קאפיטאן פארראגוט האט זיך געהייסען געבען דאס בליי אום צו וויסען, וויא טיעף דאס מעער איז דארט, וואו דיא „מאקאריא“ געפינט זיך יעצט.

ווילסאן האט לאנגזאם אראפגעלאזען דיא שנור. ביים צווייטען קניפּ איז דאס בליי געבליעבען שטעהן.

— צעהן פוס דיא טיעף, האט ווילסאן געזאגט.

פארראגוט איז צוגעלאפען צו בילי האלוואוד און האט אויסגערופען:

— קאפּיטאן! דאס שיף איז נאהענט לעבען דיא ריפען!

בילי האלוואוד האט ניט געענטפערט. פארראגוט האט איינגעזעהן, אז ער מוז אליין עפּעס טהאן. ער איז צוגעלאפען צום רודער און האט אנגעהויבען אויסצודרעהן דאס שיף צוריק צום מעער. ווילסאן האט אוועקגעשטויסען דעם מאטראז, וועלכער האט געוואלט צונויפציעהען דיא זעגעל און האט צולאזט דיא זעגעל אין דער זייט, וואו דער ווינד האט געבלאזען, אז דאס שיף זאל אוועקגעהן פון'ם לאנד.

בילי האלוואוד איז געוועזען איבערראשט און האט גאר ניט געוואוסט וואס צו טהאן. ער האט ערשט יעצט איינגעזעהן, אז אין דער פינסטער האט ער געמאכט עפּעס א פעהלער. ער האט פערלארען דעם וועג אדער דער שטארקער ווינד האט צוגעטריעבען דיא „מאקאריא" צום לאנד. נאך זיין רעכנונג האבען זיי געדארפט זיין דרייסיג—פיערציג מייל ווייט פון אקלענד, אין דער וואהרהייט אבער זיינען זיי געווען פיער—פינף מייל ווייט פון ניי זעעלאנד, אבער גאנץ ווייט פון אקלענד.

דא האט זיך ארויסגעוויזען דער גרויסער אונטערשיעד צווישען א געלערנטען מענשען, וועלכער וויים, וואס ער טהוט און פערשטעהט, וואס ער טהוט און פון א מענשען, וועלכער האט ניט געלערנט און טהוט דיא זאך, נור וויל ער איז געוואינט עס צו טהאן אויף א געוויסער ארט. בילי האלוואוד האט געוואוסט דעם וועג קיין אקלענד. קוים אבער האט איהם דער ווינד אראפּגעטריעבען פון'ם וועג, האט ער זיך שוין קיין עצה ניט געקענט געבען. ער איז געווען פערצווייפעלט און האט געוואלט לאזען דאס שיף געהן, וואוהין דער ווינד וועט זיא טרייבען.

קאפּיטאן פארראגוט דאגעגען האט זעהר גוט פערשטאנען, אז ווען מען לאזט דיא „מאקאריא" געהן איהר וועג, וועט זיא זיך צושלאגען אן דיא ריפען. ער האט זיך דאהער בעמיהט זיא צו טרייבען צוריק אין מעער, וואו דאס וואסער איז טיעף. ווען עס וועט איהם געלינגען זיא צו ברענגען צוריק אין טיעפען וואססער און זיך צו האלטען דארט ביז טאג, זיינען זיי געראטעוועט. ביי טאג וועט בילי האלוואוד פיעלייכט געפינען דעם וועג; ביי טאג וועט פארראגוט אליין זעהן, וויא צו פיהרען דאס שיף. ביי טאג ענדליך קענען זיי בעגעגענען א שיף, וועלכעס וועט זיי ארויספיהרען אויפ'ן ריכטיגען וועג.

עס איז איהם געלונגען אוועקצוקעהרען דיא „מאקאריא" פון דיא ריפּפּען, וועלכע זיינען געווען פון פארנט. פארראגוט האט געזעהן א בארג מיט שוים פאר זיך. ער האט געמיינט, ער האט שוין געראטעוועט דיא „מאקאריא", באלד אבער האט ער דערהערט א שרעקליכעס רוישען און זיעדען הינטער דער שיף. — ער

האט נאך ניט געוואוסט, אז די „מאקאריא" איז פערקראכען אין א לאגונע — א גרויס שטיק מעער, ארום און ארום זיינען ריפפים. — ער האט פראבירט אויס־דרעהען דאס שיף אין אנאנדער זייט — דערזעלבער רעש און דערזעלבער בארג מיט שוים! — ער האט פראבירט זיא קירעווען אין א דריטער זייט — ווידער דאס זעלבע!

יעצט איז געקומען די שרעקליכסטע מינוט. פאררעגוט האט אנגעהויבען צו פערשטעהן זיין לאגע.

ער האט באלד געהייסען ווילסאן און מילרעד צו דרעהען דעם רודער אין אנאנדער זייט. ער אליין האט זיך גענומען אויפציעהען די זעגעל אין דער האפ־נונג, אז דער שטארקער ווינד וועט אריבערטראגען די „מאקאריא" איבער די ריפפען. עס האט געווירקט. דער ווינד האט ווירקליך אויפגעהויבען דאס שיף און האט זיא א שליידער געטהאן אויף א ריף, זיא איז אבער דארט געבליעבען, וויא צוגעשמידט. דער פארנט פון דער „מאקאריא" איז געשטאנען אויפ'ן ריף, דער הינטער טהייל איז געבליעבען אין די רוישענדע וועלען.

די „מאקאריא" האט זיך געגעבען אזא שטארקען זעץ אן דעם ריף, אז די גלעזער פון די לאמפען זיינען צובראכען געווארען און אלע פאבאזשירען זיינען אומגעפאלען. ווען דער ערשטער שרעק איז פאריבער, זיינען אלע ארויס־געלאפען אויפ'ן דעק זעהן, וואס איז געשעהן. פאררעגוט האט זיי בערוהיגט, אז עס איז גאר נישט. זיי מעגען צוריקגעהן. ער האט געוואוסט, אז די „מאקאריא" זיצט פעסט און וועט זיך שוין ניט ריהרען פון איהר ארט.

— זאגט מיר די וואהרהייט, פאררעגוט, האט לארד גלענארוואן געבעטען. אין וואס פאר א לאגע געפינען מיר זיך?

— דערווייל שטעהט די „מאקאריא" אויף איין ארט, האט פאררעגוט גע־ענטפערט. וואס שפעטער וועט זיין, ווייס איך ניט. מעגליך, אז דאס מעער וועט אונז פערשלינגען. מיר האבען נאך אבער צייט דאריבער נאכצודענקען.

— עס איז יעצט נאך צוועלף, האט לארד גלענארוואן ווייטער געזאגט, וועלען מיר אויסהאלטען ביז טאג?

— איך ווייס ניט, איך האף אבער, אז דאס שיף וועט אויסהאלטען.

— וואלט ניט גלייך געווען, מיר זאלען אראפלאזען די באטע?

— יעצט איז עס אונמעגליך. דאס מעער רוישט און קאכט. דרויסען איז שטארק פינסטער. וואס וועט אונז העלפען, ווען מיר זאלען אראפלאזען די באטע? — מיר קענען יעצט גאר ניט מאכען. מיר מוזעןווארטען, ביז עס וועט ווערן טאג.

אונטערדעסען איז בילי האלוואוד ארומגעלאפען אויפ'ן דעק, וויא א וואהנ־זיניגער. זיינע מאטראזען אבער האבען גאנץ רוהיג ארויסגעקייקעלט א פעסעלע בראנדי און האבען אנגעהויבען צו טרינקען. זיי האבען גוט פערשטאנען, אז ביז טאג האבען זיי גאר ניט וואס צו טהאן. אלזא, דארף מען טרינקען.

קאפיטאן פאררעגוט אבער איז עס גאר ניט געפעלען. ער האט מורא

געהאט, זיי זאלען זיך שטארק אנשכורן און זאלען אנהויבען זיך צו שלאגען אדער צו בעאונרוהיגען דיא דאמען. ער האט זיך געוועגדעט צום שיפס־קאפיטאן און האט איהם געבעטען, ער זאל ניט דערלאזען זיינע מאטראזען אזוי פיעל טרינקען. בילי האלוואוד אבער האט איהם ניט געהערט. ער איז געווען אויסער זיך, איז ארומגעלאפען וויא א וואהנזיניגער, און האט געשריען:

— איך בין פערלארען! איך בין רואינירט! דיא „מאקאריא" איז אונטער־געגאנגען! מיין גאנצע שיפס־לאדונג איז פערלארען!

פאררא֞גוט האט געזעהען, אז ער וועט מיט איהם גאר ניט מאכען. ער האט געהייסען זיינע קאמעראדען, זיי זאלען אנלאדען זייער געוועהר און זאלען זיין פארבערייטעט אויף יעדען פאל.

— איך וועל דערשיעסען יעדען, וועלכער עס וועט וואגען צו צוגעהן צו דיא דאמען, האט דער מאיאר געזאגט. מיט דיעזע הינט דארף מען קיין מיטלייד ניט האבען.

וויא עס ווייזט אויס, האבען דיא מאטראזען פערשטאנען, אז זיי האבען פאר זיך ענטשלאסענע מענשען, וועלכע וועלען זיי ניט דערלאזען מאכען א גע־שלעג. זיי האבען צוואר פראבירט נעהמען איינציגע זאכען, וועלכע האבען געהערט צו דיא פאסאזשירען; ווען זיי האבען אבער געזעהען, וויא דער מאיאר האט זיך געציעלט מיט זיין ביקס, זיינען זיי אנטלאפען אין זייערע קאיוטען און האבען זיך מעהר ניט געוויזען.

יעצט איז פאררא֞גוט געווען דער איינציגער בעל הבית אויפ'ן שיף. ער האט אויסגעשטעלט וואכען און איז אליין ארומגעגאנגען און האט בעטראכט דאס מעער פון אלע זייטען.

ער האט געהייסען דיא דאמען זיך לעגען שלאפען, ווייל מארגען וועלען זיי געווים האבען א שווערע ארבייט. לארד גלענארוואן האט געהאלטען דיא וואך פארן געצעלט, וואו דיא דאמען זיינען געשלאפען.

דאס שיף האט זיך ניט געריהרט. דער ווינט האט נאכגעלאזען, נור דאס מעער האט גערוישט און געשוימט. אזוי זיינען פערגאנגען עטליכע שווערע, לאנגע און באנגע שטונדען.

ענדליך, אום פיער אוהר האט זיך געוויעזען דער ערשטער שיין פונ'ם יונ־גען טאג. דער הימעל איז נאך געווען בעדעקט מיט וואלקען און אין דער לופט האט געשוועבט א דיקער נעבעל. — מען האט נאך גאר ניט געקענט זעהן. לאנג־זאם, זעהר לאנגזאם איז דאס מאל טאג געווארען. — באלד אבער האט פאררא֞גוט אנגעהויבען צו זעהן און צו דערקענען, וואו זיי זיינען. פון דיא בלויע וואסערן האבען זיך אויפגעהויבען הויכע, שווארצע, שפיציגע ריפען. עס איז געווארען העלער און מען האט דערזעהן ערגעץ ווייט, זיעבען—אכט מייל ווייט, ניעדעריגע בערגלעך. — דאס איז ניי זעעלאנד.

קיינער פון אונזערע רייזענדע, אויסער דיא דאמען, איז א גאנצע נאכט ניט

געשלאָפֿען. יעדער איז געשטאנען אויפֿן דעק און האט געזוכט מיט דיא אויגען דאס לאנד.

— וואו איז בילי האלוואוד? האט לארד גלענארוואן געפֿרעגט. ער וויים געוויס, וואס פֿאר א געגענד מיר זעהן דארט. ער איז דאך גוט בעקאנט מיט דיזער געגענד.

אלע האבען זיך אומגעקוקט.—בילי האלוואוד איז ניט געווען אויפֿן דעק.

— וואו זיינען דיא מאטראָזען? האט לארד גלענארוואן ווייטער געפֿרעגט.

קיינער פֿון דיא מאַטראָזען איז ניט געווען אויפֿן דעק.

— זיי ליעגען אלע שכור, האט געזאגט דער מאיאָר.

— מען מוז זיי אויפֿוועקען, האט לארד גלענארויאן געזאגט. מיר מוזען זעהן צו פֿאהרען צום לאנד און מיר דארפֿען זיי ניט איבערלאָזען דאָ אַליין.

ווילסאן איז אראָפּגעגאנגען אין דיא קאיוטען אויפֿוועקען דעם שיפֿס־קאפּי־טאַן מיט זיינע מאטראזען. — אין דיאָ קאָיוטען איז קיינער ניט געווען. ער איז געגאַנגען אין קיך — דיא קיך איז לעדיג. ער איז אַראָפּגעגאַנגען אונטען אין רוים, וואו דער פּראָוויאַנט איז געלעגען. — ניטא קיינער. ער איז ארויפֿגעגאַנגען און האט עס געמעלדעט זיינע קאַמעראַדען.

— וואס זאל דאס הייסען? האט לאָרד גלענארוואן אויסגערופֿען פֿערוואונ־דערט.

— זאלען זיי האבען אריינגעשפּרונגען אין וואַסער? האט דער פּראָפֿעסאָר געפֿרעגט.

— אלעס איז מעגליך, האט פֿאררּאגוט געזאָגט ערנסט.

ער איז געוואָרען זעהר אונרוהיג, ווען ער איז געוואָהר געוואָרען, אז ניט דער שיפֿס־קאפּיטאן, ניט דיא מאַטראָזען זיינען ניטאָ אויפֿן שיף.

— איך וועל אויף זיי ניט וואַרטען, האט ער געזאָגט. קומט, ווילסאָן און מילרעד, לאָמיר אַראָפּלאָזען דיא באָאָטע.

זיי זיינען צוגעגאַנגען צו דעם אָרט, וואו דיא באָאָטע פֿלעגען הענגען, און האָבען געפֿונען דאָס אָרט לעדיג. — דיא באָאָטע זיינען פֿערשוואונדען.

פֿטעס קאַפּיטעל.

## וואס טהוט מען?

עס איז געווען דייטליך, אז בילי האלוואוד מיט זיינע מאטראָזען האבען אראָפּגעלאָזען דיא באָאָטע און זיינען אנטלאָפֿען אויף זיי. דורך דיא פֿינסטערקייט פֿון דער נאַכט און דורך דאס רוישען פֿון'ם מעער האבען אונזערע רייזענדע ניט גע־הערט און ניט געזעהן, ווען און וויא אזוי זיי האבען עס געטהאָן.

— דער שורקע! האט אויסגערופֿען דער מאיאָר. — א שיפֿס־קאפּיטאן דאָרף זיין דער לעצטער צו פֿערלאזען זיין שיף, ווען זיא איז אין געפֿאַהר און ער איז געווען דער ערשטער.

— דעמאלט בעסער! האט פֿאררּאגוט געזאגט. — זיי וואלטען אונז קיין נוצען ניט געבראכט און וואלטען אונז נור געשאַדעט.

— אלעמפאלס דארפען מיר זיי נים, האט לארד גלענארוואן זיך אפגערופען, מיר האבען אונזער אייגענעם קאפיטאן און אונזערע אייגענע מאטראזען. זאגט וואס מיר זאלען טהאן, פאררוגאט! מיר וועלען אייך אלע פאלגען.

לארד גלענארוואן, דער פראפעסאר, דער מאיאר און די צוויי מאטראזען האבען זיך ארומגעשטעלט ארום קאפיטאן פאררוגאט און האבען געווארט, ער זאל זיי זאגען, וואס זיי זאלען טהאן. קאפיטאן פאררוגאט איז ארומגעגאנגען אויפן שיף פון איין עק ביז צום אנדערן, האט בעטראכט דאס מעער ארום, האט גענומען ביים פראפעסאר זיין טעלעסקאפ און האט זיך צוגעקוקט צום לאנד און האט ענדליך געזאגט:

— עס זיינען דא צוויי וועגען, וויא אזוי אונז צו רעטען. דער ערשטער וועג איז, מיר זאלען ארויסווארפען פון דער „מאקאריא" אלע שווערע זאכען: די פעל, דעם פראוויאנט, אלערליי אייזענס און אנדערע שווערע זאכען. זיא וועט דאן ווערן פיעל לייכטער, וועט שווימען העכער און, ווען דאס מעער וועט צוקומען אין דער צייט פון דער פלוט, וועט זיא אריבערשווימען די ריפפען. יעצט איז די עבביע. דאס מעער איז אפגעפאלען, דערפאר שטעקען די ריפפען ארויס פונים וואסער און די „מאקאריא" קען זיך נים ריהרען. ווען עס זאל אונז געראטהען אויסצולעדיגען די „מאקאריא", איידער די פלוט וועט אנקומען, זיינען מיר גערעטעט.

דער אנדערער וועג איז, מיר זאלען צוברעכען דעם דעק פון דער „מאקאריא", מאכען פון די ברעטער און קלעצער א פלאט (פלאס) און אויף איהם צו שווימען צום ברעג. דאס לאנד איז נים וויים, אין א קורצע צייט וועלען מיר צו שווימען צום לאנד.

— אויב עס איז נור דא א מעגליכקייט אויפצוהויבען די „מאקאריא", האט לארד גלענארוואן געזאגט, איז געוויס גלייכער מיר זאלען זיא אויפהויבען און אויף איהר צופאהרען צום ברעג.

— געוויס איז אזוי גלייכער, האט זיך אפגערופען דער פראפעסאר. מיר וועלען וועניגסטענס צוקומען צום ברעג אויף א שיף און וועלען קענען ווייטער פאהרען, ווען מיר וועלען נים טרעפען קיין מענשען אויפן ברעג. — איך וואלט זעהר נים געוואלט ארויסגעהן אין אן אונבעוואינטער געגענד אין ניי זעעלאנד. איך האב נים פיעל צוטרויען צו ניי זעעלאנד.

— דער פראפעסאר האט פאלקאמען רעכט, האט פאררוגאט ווייטער געזאגט. — מיר ווייזט אויס, אז בילי האלוואוד איז אראפגעקראכען פון וועג און איז פערפאהרען זעהר ווייט פון אקלענד. עס איז זעהר מעגליך, אז מיר געפינען זיך יעצט אין דער ווילדעסטער געגענד פון ניי זעעלאנד און מיר וועלען מוזען פאהרען עטליכע טעג צוריק, ביז מיר וועלען צוקומען צו א געגענד, וואו עס וואינען ציוויליזירטע מענשען.

— פיעללייכט איז אבער די „מאקאריא" בעשעדיגט? האט ליידי העלענא

געפרעגט. זיא האט זיך זעהר שטארק אנגעשטויסען אן דיא שטיינער און האט געקענט בעקומען א לאך. ווען מיר ווען זיא אויפהויבען, וועט דאס וואסער אריין אין איהר.

— דאס איז אלעס מעגליך, איך קען עס אבער ניט וויסען. מיר וועלען שפעטער זעהן, וואס מיר זאלען ווייטער טהאן. אין פאל, אז דיא מאקאריא איז בעשעדיגט און מיר וועלען ניט קענען זיא רעפארירען, וועלען מיר מוזען מאכען א פלאס.

— אלזא, מיין איך, אז מיר זאלען צוערשט זעהן, אויב דיא „מאקאריא" איז ניט בעשעדיגט, האט דער מאיאר געזאגט, דאן וועלען מיר וויסען, וואס מיר האבען צו טהאן.

אלע זיינען אראפגעגאנגען אונטען אין רוים פון'ם שיף, וואו עס זיינען געלעגען דיא באלען פעל. מען האט געמוזט ארויסווארפען עטליכע באלען, איידער מען האט געקענט צוקומען צום באדען זעהן, אויב עס איז ניטא קיין וואסער אינעווייניג. אום ארויסצו־ווארפען דיא פעל האט מען געמוזט צובינדען א לאנגע שטריק אויף א רעדעל צו איינעם פון דיא זעגעלבוימער. איין עק פון'ם שטריק האט מען אראפגעלאזען אין רוים און צו איהם צוגעבונדען דעם באלען.

מען האט געארבייט זעהר שווער צוויי שטונדען נאך אנאנדער, ביז מען איז געוועזען אים שטאנד צו וויסען, אויב דיא „מאקאריא" איז ניט בעשעדיגט. מען האט אויסגעפונען, אז אין איינעגע ערטער האבען זיך דיא ברעטער צורוקט. אין שיף איז געוועזען צוויי פוס דיא טיעף וואסער. דיא פאמפעס פון דעם שיף אבער זיינען נאך געוועזען גאנץ גוט און עס איז געוועזען גאנץ לייכט אויסצופומפען דאס וואסער. דאס איז אבער אויך קיין לייכטע ארבייט. מען מוז דערביי ארבייטען שווער איינעגע שטונדען. דערפאר אבער וועט דיא „מאקאריא" ווערן נאך לייכטער.

ווען פאררראגוט האט אלעס בעטראכט און אלעס בעקלערט, האט ער געהייסען דעם מאטראז ווילסאן, ער זאל זיך אראפלאזען אין מעער זעהן, אין וואס דיא „מאקאריא" איז געבליעבען שטעקען: אויף שטיינער אדער אויף א זאנד באנק. דאס איז געוועזען זעהר א וויכטיגע פראגע. עס קומט אמאל פאר, אז א שיף קריעכט אריין צווישען צוויי שטיינער און בלייבט דארט שטעקען אזוי פעסט, אז מען קען זיא שוין ניט ארויסשלעפען, מען מוז זיא דאן דארט איבערלאזען.

ווילסאן האט אויסגעפונען, אז דאס שיף שטעקט אין א זאנד באנק. דיא שארפע זייט פון פארנט האט זיך זעהר טיעף פערגראבען אין זאמד. דער איבעריגער טהייל פון איהר, איז געשוואומען אין וואסער. דאס מעער איז דארט נור פינף פוס טיעף. דער רודער איז גאנץ און מען קען איהם געברויכען.

— וויא ווייט איך פערשטעה, האט פאררראגוט געזאגט, איז עס מעגליך אויפצוהויבען דיא „מאקאריא" און צו צו־שווימען אויף איהר צו א לאנד. מיר מוזען אבער אלע ארבייטען פלייסיג איינעגע שטונדען אום עס צו דערגרייכען. מיר האבען אזוי פיעל ארבייט און אזוי וועניג הענד, אז מיר וועלען היינט ניט

פֿערטיג ווערען. דיא פֿלוט *) דיא צייט, ווען דאס מעער קומט צו — וועט איינ־מרעטען אום איינס אוהר, ביז דאמאלס וועלען מיר געוויס ניט פֿערטיג ווערן, איך האף אבער, אז ווען דיא פֿלוט וועט אנקומען צום צווייטען מאל, וועלען מיר זיין אים שטאַנד אויפֿצוהייבען דיא „מאקאַריאַ". — לאמיר עפּעס פֿריהשטיקען און דאַן — אלע צור ארבייט.

אלבערט האט שנעל געמאכט א לייכטען פֿריהשטיק און מען האט שנעל אפגעגעסען.

— יעצט צו דער ארבייט! האט קאפּיטאַן פארראגוט קאמאנדירט. איך וועל יעצט זיין זעהר שטרענג און פֿאדערן, אז יעדער זאל טהאן, וואס ער קען.

דאס ערשטע האט ער געהייסען אויסשפּרייטען דיא זעגעל. דער פּראָפֿעסאר, דער מאיאָר און ראבערט גראַנט האבען זיך גענומען צו דיעזער ארבייט. מילרעד האט זיי געוויעזען, וויא אזוי זיי זאלען עס טהאן. דיא נייע מאטראזען זיינען נאך געווען זעהר אונגעשיקט. זיי האבען אבער דאך געטהאן זייער ארבייט. ראבערט גראַנט האט זיך זאגאר אויסגעצייכענט. ער האט געקלעטערט אויף דיא זעגעל־בוימער, וויא א קאַץ.

דיא צווייטע און וויכטיגסטע ארבייט איז געווען אריינצו־וואַרפֿען אן אַנקער ערגעץ ווייטער פֿון׳ם שיף. ווען דיא פֿלוט וועט אנקומען, וועט מען מיט הילף פֿון שטריק קענען שלעפּען דאס שיף צו דעם ארט, וואו דער אַנקער ליעגט פֿער־גראָבען אין דער ערד. ווען מען האט א באָאָט, לאזט מען אריין דעם אנקער אין באָאָט און מען פֿיהרט איהם צו צו דעם ארט, וואו מען דארף איהם אריינלאזען אין וואסער. אהן א באָאָט אבער איז עס זעהר שווער.

לארד גלענארוואן איז צוואר ניט געווען קיין מאטראָז, ער האט אבער אזוי פֿיעל פֿערשטאַנען, אז אהן אן אנקער וועיט פֿון׳ם שיף איז אונמעגליך ארויסצו־שלעפּען א שיף, ווען זיא זעצט זיך אויף א זאנד באנק. ער האט געפֿרעגט קאַ־פּיטאַן פֿארראגוט, וואס ער דענקט צו טהאן אין אזא פֿאל.

— מיר מוזען עפּעס מאכען, אז מיר זאלען קענען צופֿיהרען דעם אנקער וואוהין מיר דארפֿען. מיר האבען אויפֿ׳ן שיף לעדיגע פֿעסער. מיר וועלען אראָפּ־לאָזען אין וואסער עטליכע לעדיגע פֿעסער. אויף זיי וועלען מיר לעגען א בריק פֿון ברעטער, וועלכע מיר וועלען אויסברעכען פֿון דער „מאקאַריאַ". אויף דיעזער ארט וועלען מיר האבען א סארט באָאָט, אויף וועלכען מיר וועלען קענען צופֿיה־רען דעם אנקער, וואוהין מיר דארפֿען.

— אלזא, שנעל! לאמיר טהאן אלעס, וואס מיר קענען נור טהאן אום זיך אויסצוהעלפֿען פֿון דיעזער לאגע.

יעדער פֿון אונז וויים, אז א לעדיג פֿאַס שווימט זעהר גוט אויפֿ׳ן וואַסער

---

*) אין אלע גרויסע מעערן און אצעאַנען זעהן מיר אלע זעקס שטונדען פֿאָלגענדע מערקווירדיגע ערשיינונג. דאס מעער הויבט אָן צו צו־קומען צום ברעג, פערגיעסט א גרויסען טהייל פֿון׳ם ברעג און דאַן הויבט עס אָן אפּצופֿאלען. דאס צוקומען געדויערט זעקס שטונדען און הייסט דיא „פֿלוט". דאס אפּפֿאלען געדויערט אויך זעקס שטונדען און הייסט דיא „עבבע".

און קען ניט אזוי לייכט אונטערגעהן; יעדער פון אונז האט געוויס אמאל פראָ-בירט אראפּקוועטשען אין וואַסער א לעדיגעס גלאז אדער א לעדיגע פלאַש און האט זיך איבערצייגט, אז ווען דיא פלאַש איז גוט פערקאָרקט, קען זיא אויף קיין פאַל ניט אונטערגעהן. דיא לופט אין דער פלאַש דערלאזט זיא ניט אונ-טערגעהן.

קאפּיטאן פאַרראגוט האט געהייסען פערשפּונדעווען אלע לעדיגע פעסער און פעסלעך, וועלכע האבען זיך געפונען אויפ'ן שיף, און זיי אראפּלאָזען אין וואַסער. אום זיי זאלען ניט אוועקשווימען, האט מען זיי דערווייל צוגעבונדען מיט שטריק. ווען דיעזע ארבייט איז געווען פערטיג, האט מען אנגעהויבען אראפּצו-לאָזען אויף דיא פעסער — ברעטער, קלעצער, שטיקער האלץ און אלעס, וואס מען האט נור געקענט געפינען אויפ'ן שיף. ווילסאן און דער מאַיאר זיינען גע-וואָרען צימערלייטע (קארפּענטערס, כטאָליערס) זיי האבען צוגעשלאָגען דיא ברע-טער צו דיא פעסער. צום גליק, איז אויף דער „מאקאַריאַ" געוועזן גענוג נעגעל. באלד איז אויף דיא פעסער געוואָרען אן ארט ביהנע אדער סטענד, אויף וועלכען מען האט געקענט אראפּלאָזען דעם אנקער און עטליכע מענשען האבען געקענט שטעהן גאנץ בעקוועם.

אזוי וויא דיא זון האט געשיינט, האט פאַרראגוט געפונען פאר נעטהיג אויסצורעכענען, וואו זיי געפינען זיך און וויא ווייט זיי זיינען פון דער שטאדט אקלענד. ווען מען האט דיא נעטהיגע אינסטרומענטען, איז עס זעהר לייכט. ווען דיא זון שיינט און מען האט אלע אינסטרומענטען, קען מען אין יעדען ארט, אין דער מיט מעער, אין דער מיט פעלד — קורץ, וואו מען איז — אויסרעכענען פינקטליך, וויא ווייט מען איז פון דיעזער און דיעזער שטאדט, לאמיר זאגען: לאנדאן, פאריז, ניו יארק, אדער אין דער לאגע, וואס אונזערע רייזענדע האבען זיך געפונען — מעלבורן און אקלענד.

בילי האלוואוד האט אבער דיעזע רעכנונגען ניט געקענט אדער ניט גע-דאַרפט. ער איז געוועזן א בעל עגלה, וועלכער האט גוט געקענט זיין וועג פון עדען קיין אקלענד. ער האט ניט געדאַרפט קיין אינסטרומענטען, קיין לאַנד-קארטען און קיין מעער קארטען. — אלזא, וואס טהוט מען אהן אינסטרומענטען?

דא האט דער פראָפעסאר אויסגעהאָלפען. ער האט אנגעהויבען צו זוכען אין זיינע טיעפע קעשענעס און האט ווירקליך געפונען איינינע אַסטראָנאָמישע אינסטרומענטען פון דער פיינסטער פּאַריזער ארבייט. אנאנדערער וואלט נאך מיט דיעזע אינסטרומענטען אויך ניט געקענט אויסרעכענען, וואו זיי זיינען, נור א גרויסער געלערנטער, א פּראָפעסאר פון געאָגראַפיע, וויא פאַגאַנעל, איז געוועזן אים שטאנד אויסצורעכענען, אז זיי געפינען זיך פופצעהן געאָגראַפישע מיילען ווייט פון אקלענד.

— פופצעהן מייל! האט לארד גלענארוואן אויסגערופען, דאס איז ניט ווייט! דאס איז גאנץ נאהענט!

— עס וואלט געוועזן נאָהענט, ווען מיר זאלען פאָהרען אויף א שיף.

וועלכעס מען קען רעגיערען און פֿאהרען מיט איהר גלייך, האט דער פּראָפֿעסאָר געזאגט. אויפֿ׳ם לאנד, ווען מען דארף געהן דורך דיא געדיכטע וועלדער פֿון ניי זעעלאנד, דארף עס פֿערנעהמען הונדערט מייל אדער מעהר. — מען קען דאך ניט וויסען, וואס פֿאר א הינדערניסע מען קען טרעפֿען אויפֿ׳ן וועג.

— אלזא, בלייבט אונז טאקע נור אויפֿצוהויבען דיא „מאקאַריאַ“ און אויף איהר פֿאהרען קיין אקלענד, האט לארד גלענארוואן געזאגט טרויעריג.

ער איז געוועזען זעהר טרויעריג, ווען ער האט געזעהן, אז ארויסצושלעפען דיא „מאקאַריאַ“ איז זעהר א שווערע זאך. מען דארף האבען מעהר הענד און אייניגע מאַשינען.

אלע האבען זיך ווידער גענומען צו דער ארבייט און האבען געארבייט פֿלייסיג ביז זעקס אוהר פֿאר נאכט. יעצט האבען זיי זיך אפגערוהט און געוואַרט אויף דער פֿלוט פֿון איינס אוהר ביי נאכט.

אלע זיינען געוועזען מיעד און הונגעריג. אלבינעט האט געמאכט א גוטען מיטאג און אלע האבען געגעסען מיט׳ן גרעסטען אפעטיט.

נאכ׳ן עסען האט קאפּיטאן פֿארראגוט נאך אמאָל איבערגעזעהן אלע פֿאָרבערייטונגען. ער האט יעצט געהייסען נעהמען אלע שווערע זאכען פֿון דער פֿאָרדער זייט פֿון דער „מאקאַריאַ“ און טראגען זיי אויף דיא הינטערע זייט. אזוי וויא דיא פֿאָרדערע זייט איז געבליעבען שטעקען אין זאַמד, האט ער זעהר ריכטיג אויסגערעכענט, אז ווען מען וועט אנלעגען א שווערע משא אויף דער הינטערער זייט, וועט דאס אראפּוועגען און וועט אויפֿהויבען דיא פֿארדערע זייט.

דאס איז געוועזען א נייע אידעע פֿון קאפּיטאן פֿארראגוט און ער האט זיא באלד געהייסען אויספֿיהרען. אלע האבען ווידער געארבייט זעהר שווער ביז צוועלף אוהר ביי נאַכט.

יעצט זיינען אבער אלע געוועזען אזוי מיעד, אז מען האט שוין פֿון קיינעם ניט געקענט פֿארדערן נאך אן ארבייט. וויא קלוג און איבערלעגט קאפּיטאן פֿארראגוט איז געוועזען, האט ער דאך פֿערגעסען צו בערעכענען, אז א מענש מוז זיך אויסרוהען, אז ער קען ניט ארבייטען, וויא א מאַשין אהן אן אויפֿהער. — יעצט, ווען דיא פֿלוט איז אנגעקומען און מען האט גאדארפֿט האבען אלע הענד צו דער ארבייט, איז קיינער ניט געוועזען אים שטאַנד עפּעס צו טהאן.

— מיר מוזען וואַרטען ביז מארגען, האט ער ענדליך געזאגט צו לאָרד גלענארוואן. קיינער איז ניט אים שטאַנד עפּעס צו טהאן. אלע זיינען שרעקליך מיעד. — איך האב נאך אנאנדערע אורזאַכע צו ווארטען ביז מארגען. — ביי נאַכט אין דער פֿינסטער איז זעהר שווער צו טהאן אזאַ ארבייט און לאָמיר שוין זאגען, אז עס וועט אונז געלינגען אויפֿצוהויבען דיא „מאקאַריאַ“ און זיא ארויסצושלעפען פֿון׳ם זאַמד, וואס וועל איך דאן טהאן אין דער פֿינסטער? איך קען מיך ניט אונטערנעהמען צו פֿיהרען אזא שיף אין אזא געפֿעהרליכע געגענד. ארום און ארום זיינען דא שטיינער און ריפֿפֿען. איך קען זיא אַרויסשלעפען פֿון׳ם זאַמד און זיא אַרויספֿיהרען אויף א ריף.

מען האט געמוזט צוגעבען, אז ער האט רעכט. מען מוז װאַרטען ביז מאָרגען, ביז דיא פֿלוט פֿון צװעלף אוהר ביי טאג װעט אנקומען.

דיא נאַכט איז פֿערגאנגען רוהיג. אלע האבען געשלאָפֿען און זיך אויסגערוהט. זיי זיינען דא צוואר געװען זיכער, פֿון דעסטװעגען האט פֿארראגוט געהייסען האלטען א װאַך. ער אליין איז געװען דער ערשטער, װעלכער איז געשטאַנען אויף דער װאַך ביז צװיי אוהר.

עס איז טאג געװארען. אלע זיינען אויפֿגעשטאַנען דערפֿרישט און קרעפֿטיג צו נעהמען זיך אויפ׳ס ניי צו דער ארבייט. דערװייל אבער האט מען נאך ניט געהאט װאס צו טהאן. קאפיטאן פֿארראגוט איז נור ארומגעגאנגען און האט אלעס איבערגעזעהן נאך אמאָל. ענדליך איז געקומען דיא װיכטיגסטע מינוט. עס איז געװארען צװעלף אוהר. דאס מעער איז צוגעקומען. אלע האבען געשװיגען און געװאַרט, אז קאפיטאַן פֿארראגוט זאל הייסען זיך נעהמען צו דער ארבייט.

עס האט זיך אויפֿגעהויבען א גוטער װינד, מען האט אויפֿגעצויגען אלע זעגעל, דער װינד האט זיי אויסגעשפּאנט און האט געריסען דאס שיף. — זיא האט זיך אבער ניט געריהרט פֿונ׳ם ארט.

— צו דער מאַשין! אלע מיט א מאָל! האט קאפיטאן פֿארראגוט קאמאנדירט.

דיא מאַשין איז געװען אן איינפֿאַכער ראָד מיט א װאַל. ארום װאַל איז געװען ארומגעװיקעלט א שטריק. דאס ענדע פֿונ׳ם שטריק איז געװען צוגעבונדען צום אנקער, װעלכען זיי האבען נעכטען אריינגעװארפֿען אין װאַסער װייט פֿון דער „מאקאַריאַ". װען מען האט געדרעהט דעם ראָד מיט׳ן װאַל, האט זיך דער שטריק ארומגעװיקעלט ארום װאַל און האט געשלעפּט דאס שיף צום אנקער.

ארע מיט א מאָל! האט קאמאַנדירט פֿארראגוט.

אלע, זאָגאַר לידי׳ העלענא און מערי גראנט, האבען זיך גענומען דרעהן דעם ראד מיט זייער גאנצער קראַפֿט. דער שטריק האט זיך אויסגעצויגען, דער אנקער האט געהאלטען פֿעסט. — דיא „מאקאַריא" האט זיך דאך ניט געריהרט פֿונ׳ם ארט.

זיי האבען אנגעװענדעט אלע זייערע קרעפֿטע, דער שװייס האט זיך געגאָסען פֿון זיי, דיא „מאקאַריאַ" האט געקרעכצט און געקנאקט — זיא האט זיך אבער דאך ניט געריהרט פֿונ׳ם ארט.

זייער מיה איז געװען אומזיסט, זייער ארבייט פֿערלארען! דיא „מאקאַריאַ" איז צו פֿעסט געזעסען אין זאַמד, עס איז ניט פֿאר זייערע קרעפֿטע זיא ארויסצושלעפּען.

## 6טעס קאפּיטעל.

## מענשענפרעסער.

יעצט האבען זיך אלע איבערצייגט, אז עס איז גאר קיין מעגליכקייט ניטאָ ארויסצושלעפּען דיא „מאקאַריאַ". אלזאָ, דער ערשטער װעג איז אפּגעשניטען, מען מוז זיך נעהמען צום צװייטען. װארטען, טאמער װעט אנקומען א שיף זיי

צו הילף, האט קיינער ניט געוואלט. — מען מוז מאכען א פלאָס און צוקומען צום לאנד.

עס איז געוועזען איינס אוהר, ווען מען האט זיך גענומען מאכען דעם פלאָס (פלאט). אלע האבען געארבייט.

אלע לעדיגע פעסער, וואס האבען זיך געפונען אויף דער „מאַקאַריאַ", האט מען אראפגעלאזען אין וואַסער. מען האט אויסגעבראכען און צוהאַקט אלע ווענט לעך פון דער „מאקאַריאַ" און דיא ברעטער האט מען ארויפגעלעגט אויף דיא פעסער און מען האט זיי בעפעסטיגט מיט נעגעל.

נאך קאפיטאן פארראגוט'ס רעכנונג האט דער פלאָס געדארפט זיין גענוג גרויס, אז אלע פאַסאַזשירען זאלען האבען גענוג פלאץ און עס זאל נאך בלייבען אן אָרט פאר פראוויאַנט, געוועהר און דיא נעטהיגע אינסטרומענטען, וועלכע מען האט געקענט נעהמען פון דער „מאקאַריאַ", וויא העק, זעגען, ברעכאייזענס (לאָ־מען) און דער גלייכען.

דאס מעער איז ניט דער סנאַאי ריווער. פאהרען אויפ'ן מעער אויף א פלאָס, בעזאנדערס אויף אזא אונרוהיגעס מעער, וועלכעס איז פול מיט ריפפען און מיט זאנד בענק, איז ניט אזוי לייכט. מען מוז זיך גוט פארבערייטען. קאפיטאן פארר־ראגוט האט געטהאן אלעס, וואס ער האט נור געקענט צומאכען דעם פלאָס שטארק און זיכער.

מען האט וויעדער געארבייט א גאַנצען טאג זעהר פלייסיג און ערשט נעגען אכט אוהר אבענדס איז מען פערטיג געווארען. עס איז געווארען פינסטער און מען האט געמוזט אוועקלעגען דיא ארבייט.

ארויספאהרען ביי נאכט אין דער פינסטער אויף א פלאס האט פארראגוט אייף קיין פאַל ניט געוואלט. עס איז געבליעבען, אז מען זאל זיך אויסרוהען דיא נאכט און מארגען אין דער פריה זאל מען ארויספאהרען. נאכ'ן אבענד עסען, האבען זיך דיא דאמען געלעגט שלאפען. אויפ'ן דעק זיינען געבליעבען קאפיטאַן פארראגוט, דער פראפעסאר, דער מאיאָר און ראבערט גראנט. ער איז ניט געווען מיעד און האט זיך ניט געוואלט לעגען שלאפען.

— זאגט מיר נור, פארראגוט, קענען מיר ניט פאהרען אויף אונזער פלאָס גלייך קיין אקלענד און ניט ארויסגעהן אויפ'ן ברעג פון דיעזער אונבעקאנטער געגענד? האט דער פראפעסאר געפרעגט.

— עס איז אונמעגליך, האט פארראגוט געענטפערט. — א פלאָס איז זעהר שווער צו קירעווען. אויף א פלאס איז גוט צו פאהרען נור אויף א טייך, וואו דאס וואסער פליעסט אין א געוויסע ריכטונג.

— און אויף א באָאָט וואלטען מיר יא געקענט פאהרען קיין אקלענד?

— געוויס! אויף א באָאָט מיט א גוטען זעגעל וואלטען מיר געקענט פאה־רען בייטאג און זיך פעראנקערן ביי נאכט.

— אלזא, וויא אזוי איז בילי האלוואוד מיט זיינע מאטראזען ארויסגעפאה־רען אויף א באָאָט ביי נאכט? האט דער פראפעסאר וויטער געפרעגט.

— זיי זיינען געווען בעטרונקען, ווען זיי זיינען ארויסגעפֿאהרען. איך בין זיכער, אז זיי זיינען ערגעץ אומגעקומען אין דער פֿינסטער.

— אך, דיא טייפֿעל! האט דער פראָפֿעסאר אויסגערופֿען מיט פֿערדרוס. — פֿארוואס זיינען זיי אנטלאָפֿען פֿון אונז?

— וואס הארט עס אייך? האט זיך דער מאיאר אריינגעמישט. מיר וועלען צוקומען צום ברעג אויף אונזער פֿלאָס.

— דאס עבען האב איך ניט געוואלט און וויל עס ניט.

— איך פֿערשטעה אייך ניט, פראָפֿעסאר! האט דער מאיאר אויסגערופֿען. מיר זיינען דורכגעפֿאהרען גאנץ זיד אמעריקא און א גרויסען טהייל פֿון אויסטראַליען און איהר האט קיין מורא ניט געהאט. יעצט, אז מיר וועלען דארפֿען געהן צוואַנציג מייל אין ניי זעעלאנד, האט איהר פלוצלונג אזוי מורא? — דאס האב איך פֿון אייך ניט ערווארטעט, פראָפֿעסאר!

— ליעבער פֿריינד, איהר זייט אונגערעכט געגען מיר, האט דער פראָפֿעסאר געענטפֿערט ערנסט. איך אליין האב געראטהען, אז מיר זאלען דורכרייזען זיד אמעריקא און אויסטראַליען. איך וואלט יעצט מיט פֿערגניגען דורכגעגאנגען צו־פֿוס הונדערטער מיילען אין יעדעס אנדערע לאנד אלס אין ניי זעעלאנד. דאס איז א שרעקליכעס לאנד. דא האט מען וואס מורא צו האבען. ניי זעעלאנד איז אן אבשייליכעס לאנד.

— איך וויים ניט, וואס האט מען מורא צו האבען אין ניי זעעלאנד מעהר, וויא אין אנאנדער לאנד? האט לארד גלענארוואן געפֿרעגט.

ער איז נור וואס צוגעקומען צו זיי און האט געהערט, וויא דער פראפעסאָר ציטערט אזוי פֿאר ניי זעעלאנד.

— מען האט מורא צו האבען פֿאר דיא ווילדע, האט דער פראָפֿעסאר געענטפֿערט.

— פֿאר דיא ווילדע? האט געזאגט לארד גלענארוואן. — איך מיין, אז מען האט ניט וואס מורא צו האבען פֿאר זיי. ערשטענס, וועלען מיר זיך ניט לאזען טיעף אין לאנד, מיר וועלען געהן מיט'ן ברעג. — צווייטענס, זיינען מיר דאך גוט בעוואָפֿענט. זיעבען מענשען מיט שאַרף געלאָדענע ביקסען קענען פֿערטרייבען א גאַנצע ארמעע פֿון ווילדע מענשען. מיר האבען שוין געזעהן אזעלכע ביישפילע.

דער פראָפֿעסאר האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ זעהר טרויעריג.

— איהר קענט ניט פֿערגלייכען דיא ווילדע פֿון ניי זעעלאנד מיט אנדערע ווילדע מענשען אין אַפֿריקא און אין אויסטראַליען, האט ער געזאגט. דיא מאָארי זיינען שטארקע מענשען. דאס איז א שטארקעס פֿאלק, וועלכעס מען קען ניט אזוי לייכט בייקומען. זיי שטעלען זיך געגען דיא ענגלענדער, קעמפֿען מיט זיי און שלאגען זיי זעהר אָפֿט. ווען זיי קענען נור קריעגען א ווייסען מענשען, פֿרעסען זיי איהם אויף.

— מענשענפֿרעסער! האט אויסגערופֿען דער קליינער ראָבערט. — זיי פֿרעסען אויף מענשען! — אך!

— שרעק זיך ניט, מיין קינד! האט לארד גלענארוואן איהם בערוהיגט. עס איז נאך ניט אזוי, וויא אונזער פּראָפעסאָר זאגט. ער קען אמאל זאגען א ליגען אויך.

— ניין, האט דער פּראָפעסאָר געזאגט, איך זאג ניט קיין ליגען. — ראבערט האט שוין ניט איין מאל געוויזען, אז ער האט מוטה, וויא א מאן. — פאַרוואס זאל איך פון איהם פערלייקענען דיא וואהרהייט? — לאז ער וויסען, אין וואס פאַר א לאנד מיר קומען יעצט. — דיא ווילדע מענשען אין ניי זעעלאנד זיינען זעהר גרויזאם און בלוטדורשטיג. זיי פרעסען אויף יעדען מענשען, וועלכען זיי קענען נור קריעגען, ער מעג זיין א ווייסער, א שווארצער אדער א ברוינער. זיי זיינען וואהרע מענשען יעגער. זיי יאגען זיך נאך מענשען, וויא דיא אייראפּעער יאגען זיך נאך ווילדע טהיערע. — אין אייראפּא ווען מען פיהרט קריעג, בעגראבט מען דיא טויטע, אין ניי זעעלאנד פרעסט מען זיי אויף.

ער וואלט אוועקגערעדט נאך א גאנצע שטונדע איבער מענשענפרעסעריי, ווען דער מאיאר זאל איהם ניט געווען אונטערברעכען.

— פאגאנעל! האט ער אויסגערופען. — מיינט איהר, אז איהר האלט א פאַרטראג פאַר אייערע סטודענטען אין אוניווערזיטעט איבער מענשענפרעסעריי? איהר פערגעסט גיווים, וואו מיר זיינען.

— מיר זיינען ניט ווייט פון ניי זעעלאנד, האט דער פּראָפעסאָר געענטפערט, דאס איז דאס לאנד, וואו עס עקסיסטירט נאך מענשענפרעסעריי און איך וויל זעהר ניט, אז א ווילדער ניי זעעלענדער זאל מיך אויפפרעסען.

— פאַרוואס זאל מען ניט זעהן, אז אלע ניי זעעלענדער זאלען ווערן קריסטען און זאלען אויפהערן צו עסען מענשען? האט דער קליינער ראבערט געפרעגט. — מיר האבען דאך געזעהן אין אויסטראליען, וויא דער קליינער טאָלינע האט געלערנט ביי דיא מיסיאָנערן און איז געווען ציוויליזירט. פאַרוואס זאל מען ניט שיקען קיין מיסיאנערן קיין ניי זעעלאנד, זיי זאלען בילדען דיא ווילדע און זיי לערנען, אז זיי זאלען מעהר ניט עסען קיין מענשען?

— דוא האסט פאלקאָמען רעכט, ליעבער ראָבערט, האט דער פּראָפעסאָר געזאגט. דיא ענגלישע רעגיערונג האט עס פּראָבירט און האט געשיקט מיסיאָנערן קיין ניי זעעלאנד. ליידער, זיינען דיא מאַאָרי אזוי ווילד, אז זיי האבען אויפגעפרעסען דיא מיסיאנערן. ערשט ניט לאנג, מיט א פּאָר יאהר צוריק האבען דיא מאאָרי געטויטעט דעם בעריהמטען מיסיאנער, פאלקער, מיט אן אונגעהייערער גרויזאַמקייט און האבען איהם אויפגעפרעסען עפענטליך אין איינעם פון זייערע פייער טעג. דאס איז געשעהן גאר ניט ווייט פון אקלענד, אונטער דער נאז פון דער ענגלישער ארמעע. — דיא ענגלישע רעגיערונג טהוט אלעס מעגליכע אום צו לערנען און אויסצובילדען דיא מאַאָרי. עס העלפט אבער ניט. דיא מאַאָרי זיינען אזעלכע מענשענפרעסער, אז מען קען זיי אזוי גיך ניט אפגעוועהנען דערפון. עס וועלען פערגעהן הונדערטער יאהרען, ביז זיי וועלען ווערן ציוויליזירטע מענשען. זיי פרעסען דיא מענשען ניט נור, ווען זיי זיינען הונגעריג, זיי פרעסען

מענשענפֿלייש בעסער, אלס דאס פֿלייש פֿון טהיערע. זיי ווייסען אויסצוקלייבען דיא בעסטע און געשמאַקסטע שטיקער פֿון׳ם מענשליכען קערפּער. זיי האבען בעזאנדערס ליעב דאס פֿלייש פֿון פֿרויען און קינדער, ווייל דאס פֿלייש איז ווייכער און זאַפֿטיגער.

— איך מיין, אז דיא אלע געשיכטען פֿון דיא מאַארי זיינען ניט וואהר, האט פֿלוצלונג דער מאיאר געזאגט. — מעגליך, אז עס מאכט זיך א מאל, אז זיי פֿרעסען אויף א מענשען, ווען זיי האבען ניט עפּעס אנדערש צו עסען. איך גלויב ניט, אז זיי פֿרעסען מענשענפֿלייש צום פֿערגניגען.

דער מאיאָר האט שטענדיג ליעב געהאט איבערצושפּאַרען דעם פּראָפֿעסאָר.

— מיר האבען דאך אבער דיא ערצעהלונגען פֿון בעריהמטע רייזענדע און מיסיאנערן, וועלכע מען מעג גלויבען, האט דער פּראָפֿעסאָר געזאגט און האט אנגעהויבען אויסצורעכענען א לאנגע ליסטע פֿון מענשען, וועלכע האבען אליין געזעהן, ווי דיא מאַארי פֿרעסען מענשען. — דיא נאַטור פֿון דיא מאַארי איז זעהר בלוטדורשטיג און גרויזאַם. ווען א הויפּטלינג שטאַרבט, טויטעט מען עטליכע מענשען און מען בעגראבט זיי מיט איהם, זיי זאלען איהם דיענען אויף יענער וועלט. ביי יעדער פֿרעהליכער, אדער טרויעריגער געלעגענהייט ברענגט מען מענשענאָפּפֿער.

— וויא עס וויזט אויס, פֿארדערט זייער גלויבען, אז זיי זאלען פֿרעסען מענשענפֿלייש, האט פֿארראַגוט געזאגט. זייער רעליגיאָן איז אזא בלוטיגע. וויא באלד אזוי, וועט זיך זייער כאַראקטער ענדערן, ווען זיי וועלען אננעהמען א נייעם גלויבען.

— פֿריינד פארראגוט, איהר האט בעריהרט א פֿראַגע, וועלכע דיא וויסענשאַפֿט האט ביז אהער נאך ניט ערקלערט. דיא פֿראגע איז: פֿון וואנען נעהמט זיך עס, וואס איינינגעווילדע פֿעלקער זיינען מענשענפֿרעסער? — איז עס געוועזען דער הונגער, וועלכער האט זיי געצוואונגען צו עסען מענשענפֿלייש, אדער איז עס געוועזען אבערגלויבען? — געוויס איז אבער, אז עס זיינען דא אויף דער וועלט מענשענפֿרעסער. — עס איז א טרויעריגע געוויסהייט, אבער דאך א געוויסהייט.

איינינגע ערקלערן עס אזוי. דיא ווילדע מענשען זיינען גרויסע פֿרעסער. זייער אַפּעטיט איז אן אונגעוועהנליכער. עס האט זיך אמאל געמאכט א הונגער. פֿיעלע זיינען געשטארבען פֿון הונגער. דיא, וואס זיינען געבליעבען לעבען, האבען זיי אויפֿגעפֿרעסען. קוים האבען זיי פֿערזוכט מענשענפֿלייש און עס איז זיי געפֿעלען, האבען זיי אנגעהויבען צו זוכען מענשענפֿלייש. עס איז א בעקאנטע זאַך, אז דער יונגער טיגער יאגט נאך חיות און בהמות און ווייכט אויס דעם מענשען. קוים אבער האט ער איינמאל פֿערזוכט מענשענפֿלייש, הויבט ער אן זיך נאכצויאַגען נאך מענשען און עסט דאס פֿלייש פֿון בהמות נור, ווען ער איז שטאַרק הוננעריג.

דיא מאַארי בעטראכטען דיא מענשענפֿרעסעריי אלס א גאנץ געוועהנליכע און נאטירליכע זאך. איינינגע מיסיאנערן האבען זיי געזאגט, אז עס איז א שאַנדע

צו עסען מענשענפלייש און האבען זיי געוואלט איינרעדען, זיי זאלען עס ווייטער ניט טהאן. דיא מאַארי האבען געענטפערט:

— פיש עסען אנדערע פיש, הינט עסען מענשען, מענשען עסען הינט, פאר וואס זאלען מענשען ניט עסען איינער דעם אנדערן?

אין זייער גלויבען געפינט זיך אן ערצעהלונג פון א גאט, וועלכער האט אויפגעפרעסען אנאנדער גאט. ווען א גאט האט עס געטהאן, פארוואס זאלען עס מענשען ניט טהאן?

— וואונדערבאר! האט פלוצלונג אויסגערופען דער פראפעסאר. ווען מיר לעזען דיא וועלט געשיכטע געפינען מיר, אז אלע יעצט-געבילדעטע פעלקער זיינען אמאל געווען מענשענפרעסער.

— דיא שאטלענדער אויך? האט אויסגעשריען דער מאיאר.

ער איז געווען א שאטלענדער און עס האט איהם זעהר ניט געשמעקט צו הערן, אז זיינע אור-אור עלטערן זיינען געווען מענשענפרעסער.

— דיא שאטלענדער אויך, הערר מאיאר, האט דער פראפעסאר געענטפערט שטאלץ.

— דאס קען ניט זיין! האט זיך דער מאיאר געבייזערט.

— לעזט נור דאס בוך פון'ם הייליגען דזשעראם, דעם ערשטען קריסטליכען גייסטליכען אין שאטלאנד, וועט איהר זעהן, וואס פאר א פיינע מענשען אייערע אור-אור עלטערן זיינען געווען, האט דער פראפעסאר געזאגט גאנץ רוהיג. עס זאל אייך ניט פערדריסען, מיין ליעבער מאיאר. זיי פלעגען אויך אריינכאַפען א פרעמדען און איהם אויפפרעסען. — איך וועל אייך דערצעהלען נאך עטוואס שעהנערעס. ערשט ניט לאנג, מיט א פאר הונדערט יאהר צוריק, ווען עליזאַבעטהא איז געווען קעניגין אין ענגלאנד, האט זיך אין שאטלאנד אויפגעהאלטען א רויבער מיט'ן נאמען סוינ״בין, וועלכער פלעגט אויפעסען דיא מענשען, וועלכע ער פלעגט טויטען און בערויבען. ענדליך האט מען איהם געכאַפט און אויפגעהאנגען.

— מעגליך, ער האט עס געטהאן פון הונגער! האט זיך דער מאיאר פערטהיידיגט.

— הונגער אדער ניט, געוויס איז, אז דיא שאטלענדער האבען אמאל געגעסען מענשענפלייש, האט געזאגט דער פראפעסאר מיט א שמייכעל.

דער מאיאר האט געוואלט פערווישען דאס געשפרעך. ער האט דאהער געפרעגט:

— עסען דיא מאַארי זייער מענשענפלייש רויערהייט אדער זיי קאָכען עס?

— צו וואס דארפט איהר עס אזוי נעטהיג וויסען?

— איך וואלט זעהר ניט געוואלט, אז זיי זאלען מיך עסען "רויערהויט, האט דער מאיאר געשפאַסט.

— פאר וואס איז?

— ווען זיי עסען דאס מענשענפלייש רויערהייט, קענען זיי דאך עסען, ווען דער מענש לעבט נאך.

— איך זעה, מיין ליעבער מאיאר, אז איהר קענט ניט דיא מאארי. זיי זיי־נען גרויסע איבערקלויבער. זיי עסען קיין מאל ניט קיין רוי פלייש. זיי קאכען עס אדער רייכערן עס. — אלענפאלס, איז עס זעהר אונאנגענעהם.

— פון דעם אלעמען, וואס איהר האט דא גערעדט און דערצעהלט, האט קאפיטאן פארראגוט געזאגט, ווייס איך נור איין זאך — אז מיר דארפען זעהן ניט אריינצופאלען צו זיי אין די הענד. — איך בין אבער פעסט איבערצייגט אז די ציוויליזאציאן האט זיי שוין אויך בעריהרט און זיי זיינען שוין ניט אזעלכע מענשענ־פרעסער, וויא זיי זיינען אמאל געווען. זיי וואינען נאהענט לעבען דיא ענגלענדער און זעהען דאך, וויא געבילדעטע מענשען לעבען. זיי וועלען זיך אפלערנען פון דיא געבילדעטע און וועלען ווערן שטיל און גוט.

דער פראפעסאר האט געשמייכעלט מיט זיין גוטען מילדען און פריינדליכען שמייכעל.

— דער ווילדער, וועלכער האט איין מאל געגעסען מענשענפלייש, דעם קען מען שוין ניט אזוי לייכט אפגעוועהנען דערפון, האט ער געזאגט ערנסט. דא העלפט ניט קיין ציוויליזאציאן, קיין בילדונג און קיין אויפקלערונג.

— איך הער עס שוין פון אייך צום צווייטען מאל, האט זיך דער מאיאר אפגערופען, איהר זאגט אבער נור אזוי. איהר האט ניט קיין בעווייזע, אז עס איז אזוי. — פאקטען, הערר פראפעסאר! — גיט אונז פאקטען!

— איהר ווילט פאקטען? — גוט! איך וועל זיי אייך געבען, האט דער פראפעסאר געזאגט ערנסט.

דעם ערשטען פאקט געפינען מיר אין דיא אקטען פון בראזיליען.

א פארטוגיזישער מיסיאנער האט געלעבט א לאנגע צייט צווישען דיא ווילדעביים אמאזאנען טייך. ער האט זיך בעמיהט צו מאכען פון זיי קריסטען און האט געמיינט, אז עס איז איהם געלונגען. דיא ווילדע זיינען געוואינט געווארען מיט איהם און פלעגען קומען אין דער קליינער קירכע, וועלכע ער האט אויסגעבויט הערן, וויא ער בעט גאט.

עס איז וואהר, אז אין דער ערשטער צייט פלעגט ער זיי געבען פרעזענטען: מעשינע קנעפלעך, גלעקעלעך, שפיגעלעך און אנדערע קלייניגקייטען. ווען דיא פרעזענטען האבען זיך אויסגעלאזען — ער האט שוין מעהר ניט געהאט, וואס צו געבען — פלעגען זיי קומען אזוי אהן פרעזענטען. דער מיסיאנער האט געשריע־בען קיין ריא־דע־שואניירא, אז דיא ווילדע אינדיאנער פון יענער געגענד זיינען אלע געווארען פרומע קריסטען.

איין מאל האט מען איהם גערופען צו אן אלטער פרוי, וועלכע איז געווען קראנק און האט געהאלטען ביים שטארבען. דיא ווילדע האבען איהם געהאלטען פאר א גרויסען דאקטאר. ער איז געקומען, האט בעטראכט דיא קראנקע און האט געזעהן, אז זיא האלט ביים שטארבען. אלס גייסטליכער האט ער אנגעהויבען צו רעדען פון גאט, פון יענער וועלט און נאך פון אזעלכע פרומע זאכען.

— צו וואס דערצעהלט איהר מיר פֿון טויט? האט דיא אלטע פֿרוי געפֿרעגט. גיט מיר בעסער א מיטעל, איך זאל געזונד ווערן.

דער מיסיאנער האט ארויסגענומען א פֿלעשעלע מיט טראָפּען און האט איהר געוואלט געבען.

— אך ניין האט דיא קראנקע געזאגט, אייער מיטעל איז גוט פֿאר ווייסע מענשען. מיר גיט אנאנדער מיטעל.

— וואס זאל איך אייך געבען? איך ווייס ניט פֿון קיין אנדערע מיטעל, האט דער מיסיאנער געענטפֿערט.

— גיט מיר א געבראָטענע האנד פֿון א קינד, האט דיא אלטע געבעטען. דאס וועט מיר געוויס העלפֿען. דיא יונגע ביינדעלעך זיינען אזוי געשמאַק און אזוי זאַפֿטיג, אז קוים וועל איך זיי איינזוויגען, וועל איך באלד געזונד ווערן.

— שרעקליך! שוידערהאפט! האט ראבערט גראנט אויסגערופֿען. — איך קען עס מיר גאר ניט פֿארשטעלען, אז מענשענפֿלייש זאל זיין אזוי געשמאַק.

— וואַרט, מיין יונגע! האט דער פראָפֿעסאר געזאגט. איך וועל דיר באלד נאך עפּעס דערצעהלען, וועלכעס וועט פֿערענטפֿערן דיין פֿראגע.

א מיסיאנער אין אפֿריקא האט גערעדט מיט'ן קעניג פֿון א פֿאלק פֿון מענשענפֿרעסער און האט איהם געגעבען צו פֿערשטעהן, אז עסען מענשענפֿלייש איז שענדליך און אבשייליך. ערשטענס, האט עס גאט פֿערבאָטען. צווייטענס, איז עס דאך עקעלהאַפֿט און אזוי ניט געשמאַק.

— וואס דוא זאגסט, אז מען טאר עס ניט עסען, ווייל גאט הייסט ניט האט דער ווילדער געענטפֿערט, דאס ווייס איך ניט. דוא ביסט א פֿרומער מאַן דוא רעדסט מיט גאט, האט ער עס דיר פֿערבאָטען. מיר האט ער עס ניט געזאגט. — וואס דוא זאגסט אבער, אז מענשענפֿלייש איז אבשייליך, עקעלהאַפֿט און ניט געשמאַק, מוז איך דיר זאגען, אז דוא ווייסט ניט. — דוא זאלסט נור איין מאל פראבירען עסען א שטיקעל מענשענפֿלייש, וואלסט דוא געלעקט דיא פֿינגער און וואלסט עס שוין שטענדיג געגעסען.

7טעס קאַפּיטעל.

# א שרעקליכעס לאַנד.

פּראָפֿעסאר פאגאַנעל האט געוויס רעכט געהאט. ער האט געקענט געאָגראַפֿיע בעסער פֿון אלעמען און האט זעהר גוט געוואוסט, אז דיא ניי זעעלענדער זיינען זעהר ווילד און שרעקליכע מענשענפֿרעסער. — עס איז געוויס געווען זעהר געפֿעהרליך ארויסצוגעהן אויף אזא ווילדעס לאַנד.

וואס האט עס אבער געהאָלפֿען? — זיי האבען דאך ניט געקענט בלייבען אויף דער „מאקאַריאַ“. קאפּיטאַן פֿארראגוט האט גוט איבערגעקלערט און איבערגערעכענט, אז דיא „מאקאַריאַ“ קען ניט לאנג אויסהאלטען. לאז זיך נור אויפֿהויבען א שטארקער ווינד, וועט ער צורייסען דיא „מאקאריא“ אויף שטיקער.

— מיר האבען פֿאר אונז צוויי געפֿאהרען, האט ער געזאגט. איין געפֿאהר,

אז די „מאקאריא" וועט אונטערגעהן, — איז זיכער. די אנדערע געפֿאהר, אז מיר זאלען טרעפֿען ווילדע ניי זעעלענדער און זיי וועלען אויף אונז אנפֿאלען, איז נאך א צווייפֿעל. — מיר מוזען אלזא אנטלויפֿען פֿון דער זיכערער געפֿאהר און האפֿען, אז מיר וועלען זיך רעטען פֿון דער אונזיכערער.

— ווען דענקט איהר, אז מיר זאלען ארויספֿאהרען? האט לארד גלענארוואן געפֿרעגט.

— מארגען אום צעהן אוהר, ווען די פֿלוט וועט זיך אנהויבען, האט פֿארראגוט געענטפֿערט. — די פֿלוט וועט אונז שנעלער ברענגען צום לאנד.

עס איז געווארען שפּעט און מען איז זיך צוגאנגען שלאפֿען.

דעם אנדערן טאג אין דערפֿריה האט קאפּיטאן פֿארראגוט געמאכט די לעצטע פֿארבערייטונגען צור אברייזע. ער האט געהייסען ארויפֿנעהמען אלע זאַכען, וואס קענען זיי צו ניץ קומען און זיי ארויפֿלעגען אויפֿ'ן פֿלאָס. בילי האלוואוד האט געהאט אויף זיין שיף א גרויסען פֿאָרראַטה (זאַפּאַס) פֿון מעהל און צוויבאַק. דאס מוז מען מיטנעהמען. אין א רייזע מוז מען שטענדיג מיטנעהמען מעהר ברויט, וויא פֿיעל מען דארף.

אן אנקער האט מען אויך געמוזט מיטנעהמען, מען קען ניט וויסען, אין וואס פֿאר א וואַסער מען וועט קומען. מעגליך, מען וועט אנטרעפֿען אויף א טייך אין מעער און מען וועט מוזען פֿעראנקערען דעם פֿלאס.

אום צעהן אוהר האט איהם לארד גלענארוואן געפֿרעגט, אויב אלעס איז פֿערטיג צו דער אברייזע.

— פֿערטיג, האט פארראגוט געענטפֿערט.

— אלזא, אין וועג אריין!

— אלע אויפֿ'ן פֿלאָס! האט פֿארראגוט קאמאנדירט.

ליידי העלענא און מערי גראנט זיינען אראפּ אויפֿ'ן [illegible] אויף א שטריקלייטער. די אנדערע זיינען אראפּגעשפּרונגען אדער זיך אראפּגעלאזען אויף שטריק. זאגאַר דער ערנסטער פּראפֿעסאר האט פּראבירט זיך אראפּלאזען אויף א שטריק.

מען האט האט אויפֿגעצויגען די זעגעל. און דער פֿלאָס האט אנגעהויבען צו שווימען צום לאנד. אין א באָאָט מיט גוטע רודער וואלט מען אין דריי שטונדען געקענט זיין אויפֿ'ן ברעג. א פֿלאָס אבער איז ניט אזוי לייכט צו קירעווען און צו רעגירען, וויא א באָאָט. זיי האבען געמוזט זיך לאזען פֿיהרען פֿון'ם ווינד און פֿון דער פֿלוט. — די איינציגע זאך, וואס פֿארראגוט האט מורא געהאט, איז געווען, דער ווינד זאל ניט אויפֿהערן. ווען דער ווינד הערט אויף, די פֿלוט גערט פֿאראיבער און עס קומט אן די עבבע צייט, ווען דאס מעער ציהט זיך זיך צוריק פֿון זיינע ברעגעס, דאן קען עס מיטשלעפּען דעם פֿלאס מיט זיך צוריק אין מעער.

ער האט אויסגערעכענט, אז אים דריי אוהר וועט ער צוקומען צום לאנד, אדער ער וועט מוזען אראפּלאזען דעם אנקער אוןווארטען אויף די צווייטע פֿלוט

דאס וועטער איז געווען שעהן און דער ווינד האט זיי געטריעבען צום לאנד. אום צוועלף אוהר האט דער פראפעסאר בעמערקט, אז אלע שטיינער זיי־נען פערשוואונדען. דיא פלוט האט זיי בעדעקט. ער האט עס געוויעזען ליידי העלענא.

— איהר זעהט שלעכט, פראפעסאר, האט ליידי העלענא געזאגט. דארט שטעקט ארויס איין שטיין פון'ם וואסער.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא איהם געוויעזען אויף איין ארט, וואו א שוואר־צער שטיין האט ארויסגעשטעקט פון'ם וואסער.

— איך מוז דארויף אויפמערקזאם מאכען דעם קאפיטאן, האט דער פרא־פעסאר געזאגט.

דאס איז אבער גאר ניט נעטהיג געווען. קאפיטאן פארראגוט האט אלעס געזעהן און האט שוין געהייסען זיינע מאטראזען, זיי זאלען אויסמיידען דיעזען שטיין.

עס איז פערגאנגען נאך א האלבע שטונדע און מען האט נאך אלעס געזעהן דעם שווארצען שטיין ארויסשטעקען פון'ם וואסער. דאס האט פארראגוט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן. נאך זיין רעכנונג, האבען זיי שוין געדארפט זיין אזוי ווייט פון'ם שטיין, אז זיי זאלען איהם מעהר ניט זעהן. — וויא קומט עס, וואס זיי זעהן איהם נאך אלץ?

ער האט גענומען ביים פראפעסאר זיין טעלעסקאפ און האט אנגעהויבען צו בעטראכטען דעם שווארצען שטיין.

— דאס איז קיין שטיין! האט ער אויסגערופען. דארט שווימט עפעס! — איך זעה דייטליך, וויא דיא וועללען ווארפען עס פון איין ארט צום אנדערן. — וואס זאל עס זיין?

ער האט זיך בעססער צוגעקוקט צו דער זאך, וואס איז דארט געשוואומען.

— דארט שווימט א באאט, האט ער געזאגט. — ער איז איבערגעקעהרט און ליעגט מיט'ן באדען ארויף.

— זאל עס אפט ניט זיין דאס באאט פון דער „מאקאריא"? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— עס איז זעהר מעגליך, האט פארראגוט געענטפערט. פון וואנען דען זאל קומען אהער א באאט?

— אבער וואו זיינען דיא מענשען? האט ליידי העלענא געפרעגט. וואו איז בילי האלוואוד מיט זיינע מאטראזען?

— עס איז דייטליך, אז זיי זיינען אלע אומגעקומען, האט פארראגוט גע־זאגט, וויא צו זיך אליין. — זיי זיינען ארויסגעפאהרען אין א פינסטערע נאכט צווישען דיעזע שטיינער און ריפפען און זיינען נאך געווען שטארק בעטרונקען. עס איז גאר קיין וואונדער ניט, וואס דאס באאט האט זיך איבערגעקעהרט און זיי זיינען אלע דערטרונקען געווארען.

— ארימע מענשען! האט מערי גראנט געזיפצט.

אונטערדעסען האט דיא פלוט געבראכט דאס באאט אלץ נעהנטער און נעהנטער צו זייער פלאס. אלע האבען געשוויעגען און האבען געקוקט, וויא דאס באאט שווימט צו צו זייער פלאס.

— איך מיין, אז דאס באאט קען אונז צו ניץ קומען, האט לארד גלע־נארוואן געזאגט.

— געוויס! האט קאפיטאן פאררארגוט געענטפערט. איך וועל עס געוויס אויפפאנגען.

ער האט געהייסען דיא מאטראזען קירעווען דעם פלאס אהין, וואו דאס באאט איז געשוואומען. עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, ביז דאס באאט איז געווען אזוי נאהענט, אז מען האט געקענט פערווארפען דארויף א שטריק און עס ארויסשלעפען אויפין פלאס.

דער מאטראז ווילסאן האט עס ארויסגעשלעפט און בעטראכט פון אלע זייטען.

— לעדיג? האט פאררארגוט געפרעגט.

— עס איז לעדיג און אלע נעהט האבען זיך צו נומען. עס קען אונז ניט ניצען. — עס האט פאר אונז גאר קיין ווערטה ניט.

— קען מען עס שוין גאר ניט אויסבעסערן? האט דער מאיאר געפרעגט.

קאפיטאן פאררארגוט האט יעצט אליין בעטראכט דאס באאט פון אלע זייטען און האט פערצוויגען דיא אקסלען.

— מען קען פון איהם גאר ניט מאכען, האט ער געזאגט טרויעריג. עס טויג נור צום פערברענגען.

— שאדע! האט געזאגט דער פראפעסאר. מיר וואלטען געקענט פאהרען גלייך קיין אקלענד אויף דיעזען באאט און וואלטען ניט געדארפט ארויסגעהן אין דיעזע וויסטע געגענד.

— עס העלפט ניט, פראפעסאר! מיר מוזען זיך פערלאזען אויף אונזער פלאס און צופאהרען צום לאנד. איך קען אייך נור אזוי פיעל זאגען, אז אין אזא אונרוהיגען מעער זיינען מיר פיעל זיכערער אויפין פלאס, וויא אויף אזא שוואכעס באאט. — מיר האבען נור פערלארען אומזיסטע צייט אויפין אויפפאנגען עס.

ער האט זיך געווענדעט צו זיינע מאטראזען און האט זיי געהייסען רודערן צום לאנד. צום אונגליק, האט אין דיעזע מינוט דער ווינד אין גאנצען אויפגע־הערט, דיא וועגעל זיינען אראפגעפאלען און דער פלאס איז געבליעבען שטעהן. פארוואס פאררארגוט האט מורא געהאט, דאס איז געשעהן. יעצט וועט באלד אנקומען דיא עבבע און וועט זיי שלעפען צוריק אין מעער.

— אראפלאזען דעם אנקער! האט ער קאמאנדירט.

ווילסאן האט אראפגעלאזען דעם אנקער. ער איז אראפגעפאלען אין פינף פוס וואסער דיא טיעף. מילרעד האט צונויפגענומען דיא וועגעל. אלע האבען זיך פערבערייטעט אויף איינינע שטונדען רוהע.

עס איז נור געווען א הארץ ווייטאג צו זעהן, אז מען איז גאר ניט ווייט

פֿון א לאנד; מען קען, דאכט זיך, עס דערגרייכען מיט דער האנד און דאך מוז מען בלייבען אויפֿן וואסער און וואַרטען. קאפיטאן פֿארראגוט האט זעהר גוט געוואוסט, אז דאס ווארטען הייסט ביז מארגען אין דערפֿריה. דיא פֿלוט, ווען דאס מעער גיסט זיך אוים אויפֿן לאנד, איז פֿאראיבער. יעצט ציהען זיך דיא וואַסערן צוריק אין מעער. דיא עבבע געדויערט זעקס שטונדען. עס וועט ווערן נאכט. ביי נאכט וועט זיך ווידער אנהויבען דיא פֿלוט. ביי נאַכט אבער האט ער ניט גע-וואלט פֿאהרען אויף א פֿלאָס אין אן אונבעקאנטע געגענד. אלזא, וועט מען מו-זען וואַרטען ביז מארגען אין דערפֿריה אום צעהן אוהר.

לארד גלענארוואן האט אלץ געקוקט אויף דאס לאנד און איז געווען זעהר טרויעריג. איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז דיא וועללען (כוואליעס) שלאגען צום לאנד.

— ליעבער פֿארראגוט, האט ער געזאגט, פֿארוואס זאלען מיר בלייבען שטעהן? זעהט, וויא דיא וועללען לויפֿען צום ברעג. זיי וועלען ברענגען אונזער פֿלאָס צום לאנד.

— דאס איז איינע פֿון דיא זעלטענסטע ערשיינונגען אויפֿן מעער, האט קאפיטאן פֿארראגוט ערקלערט. ניט נור איהר, לארד גלענערוואן, זאנדערן זאגאר געאיבטע מאטראָזען נאַררען זיך אמאל אפּ. עס ווייזט זיך אוים, אז דיא כוואַליעס פֿון מעער לויפֿען צום לאנד, אין דער וואהרהייט אבער שטעהן זיי אויף איין ארט. פּראבירט, וואַרפֿט אריין א שטיקעל האלץ אין וואַסער און איהר וועט זעהן, אז דאס שטיקעל האָלץ וועט שווימען אויף איין ארט. — און דאך איז עס וואָהר, דאס וואַסער בעוועגט זיך. עס שטעהט אבער דאך אויף איין אָרט. — דאס איז א וואונדער! וועט איהר זאגען. — געוויס! דאס מעער האט מעהר וואונדער אין זיך, וויא דאס לאנד. מיר קענען דאס מעער פֿיעל ווייניגער אלס דאס לאנד. עס זיינען נאך דא פֿיעל רעטעניִשען אין מעער, וועלכע דער מענשליכער פֿערשטאַנד איז דערווייל נאך ניט אים שטאַנד צו לעזען.

מיר מוזען בלייבען שטעהן אויף איין אָרט און האבען געדולד.

— און א מיטאג אויך! האט דער מאיאָר אויסגערופֿען. — צו דער געדולד מוז מען האבען א דינער.

אלע האבען איינגעשטימט מיטן מאיאר, אז א מיטאג איז יעצט גאנץ נעטהיג. אלבינעט האט אויפֿגעגעבען אויפֿן טיש, וואס ער האט געהאט — טרו-קענע שפּייזען. פֿון קאָכען אויפֿן פֿלאס האט ניט געקענט זיין קיין רעדע. ער האט זיך אביסעל געשעהמט, וואס ער קען יעצט ניט געבען קיין בעסערן מיטאג, אלע אבער זיינען צופֿריעדען געווען, מיט וואס מען האט זיי געגעבען. דיא ארבייט און דיא אויפֿרעגונג פֿון היינטיגען טאג האט זיי געמאכט א פֿאָרטרעפֿליכען אפּעטיט.

באלד האט מען אנגעהויבען צו פֿיהלען דיא ווירקונג פֿון דער עבבע. דאס וואסער האט זיך יעצט געריסען פֿון לאנד אין מעער אריין. יעדע מינוט איז אנ-געקומען א שטארקע וועלע (כוואליע) און האט א שטויס געטאָן דעם פֿלאָס

דיא קייט פֿון'ם אנקער האט זיך אויסגעצויגען אזוי שטארק, אז פֿאררואגוט האט מורא געהאט, עס זאל זיך ניט איבעררייסען, אדער דיא קראַפֿט פֿון'ם וואַסער זאל ניט אוועקשלעפען דעם פלאט מיט'ן אנקער. — ער און דיא צוויי מאטראָזען האבען שטענדיג געמוזט שטעהן לעבען אנקער און מיט לאנגע דראנגעס אין דיא הענד שטויסען דעם פֿלאָס צוריק און אבשוועכען דיא קראַפֿט פֿון דער עבבע.

אזוי איז פֿערגאנגען דער טאג. דיא זון, וויא א גרויסע פֿייעריגע קוגעל, האט זיך אראפגעלאזען אין ברייטען און טיעפֿען וועלט מעער. עס איז געווארען דונקלער און דונקלער. דיא לאגע פֿון אונזערע רייזענדע איז געווען זעהר טרויעריג. עס איז געווארען פֿינסטער. ארום און ארום רוישט דאס מעער. א קליין הייפעלע מענשען זיצען אויף עטליכע ברעטער צוגעשלאָגען צו פֿעסער. אייניגע האבען זיך צוגעשפאַרט און האבען געחאַפּט א דרימעל. אנדערע האבען דיא גאנצע נאכט קיין אויג ניט צוגעמאכט. אזוי האבען זיך געצויגען דיא שווערע, לאנגע שטונדען פֿון דיעזער שרעקליכער נאכט.

ווען עס האט אנגעהויבען צו טאָגען, זיינען אלע געווען זעהר מיעד און אָפגעמאַטערט. דענאך האט מען זיך ווייטער געמוזט נעהמען צו דער ארבייט. יעצט איז דיא צייט, אין וועלכע זיי וועלען קענען צוקומען צום לאַנד. קוים האט זיך אנגעהויבען דיא פֿלוט, האט פֿאררואגוט געהייסען ארויפֿציעהען דעם אנקער. אלע הענד האבען אנגעהויבען צו ציעהען דיא קייט. דער אנקער האט זיך אבער ניט גערוהרט. זיינע ציינער זיינען פֿערקראָכען אזוי טיעף אין זאמד, אז נור א מאַשין וואלט געקענט איהם ארויסשלעפען. זיי האבען אבער קיין מאַשין ניט געהאט און זיינען ניט געווען גענוג שטאַרק אום איהם אויפֿצוהויבען.

פֿאררואגוט האט איינגעזעהן, אז ער וועט גאר ניט מאכען און האט זיך ענטשלאָסען איבערצושניידען דיא שטריק, מיט וועלכע דיא קייט פֿון'ם אנקער איז געווען צוגעבונדען. ער האט געוואוסט, אז ער פֿערליערט ניט נור דעם אנקער, זאָנדערן יעדע האָפֿנונג צו פֿערווייטלען לענגער אויפֿ'ן וואַסער. אהן אן אנקער אויפֿ'ן מעער קען מען לאנג ניט פֿאהרען. ער האט זיך אבער ניט געקענט העלפֿען.

מען האט איבערגעלאָזען דעם אַנקער אין זיין בעט פֿון שטיינער און זאַמד און מען האט אויסגעשפרייט דיא זעגעל. עס האט זיך אויפֿגעהויבען א שטיל ווינטעלע און האט געטריעבען זייער פֿלאס זעהר לאנגזאַם צום ברעג.

אום צעהן אוהר האט דער ווינד אין גאנצען אויפֿגעהערט און נור דיא פֿלוט אליין האט געשלעפט זייער זאָנדערבאַרעס שיף צום לאַנד. אום צוועלף אוהר האט דיא פֿלוט אויפֿגעהערט. זיי זיינען געווען אין גאנצען פֿופציג פֿוס פֿון'ם ברעג. אין דיעזע מינוט האט זיך דער פֿלאס אן עפעס אנגעשלאגען און איז געבליעבען שטעהן. פֿאררואגוט און ווילכאן זיינען ארייננעשפרונגען אין וואַסער. עס איז גע־ווען ניט מעהר, וויא דריי פֿוס דיא טיעף.

יעצט האט שוין גאר ניט געהאלפֿען. מען האט געמוזט געהן אין וואַסער און איבערטראגען אלעס אויפֿ'ן ברעג. צו ערשט האט מען אריבערגעטראגען איי־נינע זאכען. לאָרד גלענאַרוואַן און דער מאַיאָר האבען זיך געשטעלט אלס וואַכען

לעבען דיא זאכען. דאן האט מען איבערגעטראגען דיא דאמען. שפעטער האט מען איבערגעטראגען אלעס, וואס עס האט זיך געפונען אויפ'ן פלאס.

דאס האט פערנומען זעהר פיעל צייט. ערשט געגען דריי אוהר זיינען אלע מיט'ן פראוויאנט, מיט זייערע זאכען געווען אין ניי זעעלאנד.

8טעס קאפיטעל.

## דער קריעג מיט דיא מאָארי.

דאס לאנד, אויף וועלכען זיי האבען זיך יעצט געפונען, איז געווען איינזאם און טרויעריג. איבעראל האט מען געזעהן בערגלעך און גרויסע שטיינער צו ווארפען. טיעפער אין לאנד האט מען געזעהן געדיכטע וועלדער.

ווען אלעס איז געווען אויפ'ן לאנד, האט לארד גלענארוואן געוואלט, אז מען זאל זיך באלד לאזען אין וועג אריין. פארראגוט אבער האט געזאגט, אז עס איז יעצט אונמעגליך. ער האט געזעהן, וויא דער הימעל האט זיך ביסלעכוויים בעדעקט מיט וואלקענס און עס וועט באלד ווערן א שטורם. ער איז געווען א מבין אויף אזעלכע זאכען.

— לאמיר בעסער זוכען אן ארט, וואו מיר זאלען קענען זיך שיצען פאר'ן רעגען, האט ער געזאגט. מיר איז דיא געגענד ניט בעקאנט. איך ווייס ניט, וויא לאנג א רעגען קען דויערן אין דיעזער געגענד.

ווילסאן איז געגאנגען זוכען אזא ארט. ער האט עס אויך באלד געפונען. אין אזא געגענד איז זעהר לייכט אויסצוגעפינען א גרויסען שטיין, אונטער וועלכען מען קען זיך שיצען. — ער האט אויסגעפונען א מין הייל אונטער א שטיין. מען האט נור געדארפט אביסעל אויסגראָבען און אויסרייניגען דיא שטיינער. דאס איז באלד געשעהן.

מען האט אנגעהויבען איבערצוטראגען אלע זאכען אין דער הייל. באלד האט זיך אויסגעוויזען, אז פארראגוט האט רעכט געהאט. דער הימעל האט זיך אין גאנצען בעדעקט מיט וואלקען. עס האט זיך אויפגעהויבען א שטארקער ווינד און עס האט אנגעהויבען צו גיעסען א רעגען. לארד גלענארוואן איז יעצט געווען צופריעדען, וואס זיי האבען זיך ניט געלאזען אין וועג אריין אין אזא וועטער. וואס וואלטען זיי געטהאן, ווען דער רעגען פערהאַפט זיי אין וועג? דאָ ווענינגסטענס זיינען זיי געשיצט.

זיי האבען גערעכענט, אז דער רעגען וועט באלד איבערגעהן. זיי וועלען דאָ איבערנעכטיגען און מארגען פריה וועלען זיי קענען געהן מיט'ן ברעג קיין אקלענד, אבער שטונדען זיינען פערגאנגען און דער רעגען האט ניט אויפגעהערט. ווילסאן און מילרעד זיינען געגאנגען אין וואלד, האבען אנגעקליעבען טרוקענע צווייגען און האבען פראבירט צו לעגען א פייער אין זייער הייל. עס איז צוואַר געווען זעהר אונאנגענעהם. דער רויך האט זיי געשטיקט, דערפאר אבער איז געווען וואַרם.

עס איז שוין דאמאלס געווען ענדע זומער אין יענע געגענדען און ביי נאכט

איז שוין געווען גום קאלט, בעזאנדערס ווען דער ווינד האט געבלאזען פון זידען.

אין אונזערע געגענדען, דאס הייסט, אין דיא געגענדען, וועלכע ליעגען אין צפון זייט פון דער וועלט, איז דער זיד ווינד א ווארעמער ווינד. ער ברענגט שטענדיג מיט זיך היץ און שעהנעס וועטער. דער נארד ווינד דאגעגען איז שטענ־דיג א קאלטער ווינד. ער ברענגט מיט זיך קעלט און רעגען. — אין יענע לענדער, אין דיא געגענדען, וועלכע ליעגען אין דער זיד זייט פון דער וועלט, איז פונקט פערקעהרט. דער נארד ווינד איז ביי זיי דער ווארעמער ווינד. ער ברענגט זיי היץ און שעהנעס וועטער. דער זיד ווינד איז דער קאלטער ווינד. ער ברענגט זיי קעלט, רעגען און שנעע.

פארוואס דאס איז, וועל איך ערקלערן ביי אנאנדער געלעגענהייט. איך קען דאך ניט לאזען לארד גלענארוואן אין רעגען און אין קעלט און נעהמען זיך אייך ערקלערן דיא געאגראפיע?

עס האט געבלאזען א קאלטער זיד ווינד און אונזערע רייזענדע איז געווען רעכט קאלט. ביים ארויסגעהען אויפן ברעג האט נאך יעדער פערנעצט זיינע קליידער און עס איז זיי געווען נאס און קאלט. זיי האבען שוין דאהער געמוזט ליידען דעם רויך אום נור זיך אנצו־ווארעמען און אפצוטריקענען זייערע קליידער.

עס איז געווארען נאכט. דער רעגען האט נאך אלץ ניט אויפגעהערט. אלע זיינען געזעסען ליעבען פייער און האבען זיך געווארמט. א לאנגע צייט האט מען געשוויעגען. ענדליך האט מען אנגעהויבען צו רעדען איבער ניי זעעלאנד. דער פראפעסאר האט אנגעהויבען צו דערצעהלען, וויא אזוי דיא ענגלענדער האבען אפגענומען ניי זעעלאנד.

— זייט מען האט ענדעקט ניי זעעלאנד אין 1642, האט דער פראפעסאר אנגעהויבען צו דערצעהלען, זיינען פיעלע שיפען פון איירא[פ]א צוגעקומען קיין ניי זעעלאנד. עס זיינען געווען פראנצויזישע, שפאנישע, פארטוגיזישע, האלענדישע און פיעלע אנדערע. קיינעם אבער איז ניט איינגעפאלען, ער זאל אפנעהמען דיעזע אינזלען. יעדער שיפס־קאפיטאן, וועלכער האט בעזוכט דיעזע אינזלען, האט דערצעהלט, אז דיא מאארי זיינען זעהר ווילד און דאס לאנד איז ארים. עס איז דאהער ניט ווערטה, מען זאל עס אפנעהמען. ענגלאנד אבער האט אן אנדער מעטאדע אפצונעהמען לענדער. זיא שיקט ניט קיין שיפען, זיא שיקט ניט קיין ארמעען — זיא שיקט מיסיאנערן.

דיא מיסיאנערן, וועלכע האבען געהאלפען ענגלאנד אפנעהמען גאנץ אפריקא, האבען אין ניי זעעלאנד געווירקט אזוי ווייט, אז זיי האבען איינגערעדט איינינע הויפטלינגע פון דיא מאארי, זיי זאלען שרייבען א בריעף צו דער קעניגין וויקטאריא פון ענגלאנד און זאל איהר בעטען, זיא זאלען זיי בעשיצען. דאס איז געווען אין 1840.

עס האבען זיך פערזאמעלט זעהר פיעל הויפטלינגע אום זיך צו בעראטהען, אויב זיי זאלען שרייבען דיעזען בריעף, ריכטיגער געזאגט, אויב זיי זאלען איהם אונטערשרייבען. דעם בריעף האט אנגעשריעבען א מיסיאנער. דיא הויפטלינגע

האבען נור געדארפט איהם אונטערשרייבען, אדער מאכען א צייכען פאר זייער אונטערשריפט. דאמאלס האט נאך קיינער פון זיי ניט געקענט שרייבען.

עס האט זיך אנגעהויבען א דעבאטע. איינינע האבען ניט געוואלט אונטערשרייבען אזא בריעף. דער מיסיאנער אבער האט זיי אזוי איינגערעדט, אז זיי האבען איהם דאך אונטערשריעבען. איינער פון זיי, א גאנץ קלוגער מענש, האט געמאכט זיין צייכען אויפ'ן בריעף און האט דערביי געזאגט מיט פערדרוס:

— יעצט האבען מיר פערלארען אונזער פרייהייט און אונזער לאנד. דיא פרעמדע מיט דיא גלאטע צונגען און מיט דיא דונער וואפען — אזוי רופען זיי ביקסען — וועלען קומען און וועלען ביי אונז אלעס צונעהמען. מיר וועלען ווערן זייערע שקלאפען.

ליידער, האבען זיי זיך באלד איבערצייגט, אז ער האט פאלקאמען רעכט. אין איינינע צייט ארום איז אנגעקומען אן ענגלישע קריעגס שיף מיט סאלדאטען און מיט קאנאנען. דער קאפיטאן פון'ם שיף, מיט'ן נאמען האבסאן, האט צונויפגערופען אלע הויפטלינגע און האט זיי ערקלערט, אז דיא קעניגין וויקטאריא האט געשיקט סאלדאטען זיי צו שיצען, אבער פון היינט אן געהערט זייער לאנד צו דער קעניגין וויקטאריא.

פיעלע קלוגע הויפטלינגע האבען זיך בערעכענט, אז דער שוץ פון דער קעניגין וויקטאריא דארף קאסטען צו טהייער און האבען ערקלערט, אז זיי ווילען ניט, מען זאל זיי בעשיצען און ווילען ניט אוועקגעבען זייער לאנד. זיי האבען זיך געשטעלט געגען קאפיטאן האבסאן און האבען איהם געוואלט פעריאגען פון ניי זעעלאנד. דער קלוגער ענגלענדער אבער האט געוואוסט, וויא אזוי צו געווינען איינינע פון זיי דורך פרעזענטען, אנדערע האט ער גודראהעט, אז ער וועט זיי שיעסען. אלע האבען ענדליך געמוזט נאכגעבען און אונטערצייכענען א פאפיער, אז זייער לאנד געהערט יעצט צו דער קעניגין פון ענגלאנד. —

— אלזא, דארפען זיי דאך יעצט זיין שטיל און רוהיג? האט ליידי העלענא געפרעגט. וואס האבען מיר אלזא מורא צו האבען פאר זיי?

— איהר קענט ניט דיא מאארי, האט דער פראפעסאר געענטפערט. דאס איז א שטארקעס און מוטהיגעס פאלק. זיי האבען אין דער ערשטער צייט נאכגעגעבען. באלד אבער האבען זיי זיך איבערלעגט און האבען זיך געשטעלט געגען דיא ענגלענדער. זיי האבען מוטהיג געקעמפפט פאר יעדען פוס לאנד. זיי האבען זיך ניט געלאזט. זיי קעמפפען נאך יעצט און לאזען זיך ניט. — דאס איז א מערקווירדיג פאלק. זיי זיינען איינגעטהיילט אין שטעמע (שבטים) וויא דיא אידען זיינען אמאל געווען איינגעטהיילט. איין שטאם מיט'ן אנדערן פיהרט אפט קריעג, קוים אבער קומט א פרעמדער פיינד, פעראייניגען זיי זיך און בילדען א שרעקליכע ארמעע. בעזאנדערס מוטהיג און קריעגעריש איז א שטאם אויף דער נארד אינזעל מיט'ן נאמען וואיקאטאס. זיי האבען א הויפטלינג, וועלכער הייסט אן ענגלישען נאמען, וויליאם טאמפסאן. ער איז אבער אן עכטער

ווילדער, וועלכער איז געוועזן איינינע יאהר אין לאנדאן און האט דאָרט געלערנט די קריעגס-קונסט פֿון די ענגלענדער. ער האט זיי שוין ניט איינמאל געשלאַגען און האט געוויזען, אויף וואס א מאַארי איז פֿעהיג.

— איך פֿערשטעה אייך ניט, פּראָפֿעסאר, האט ליידי העלענא געזאגט. איך האב אויך געלערנט געאגראַפֿיע און ווייס, אז די ענגלענדער האבען געגרינדעט קאלאָניען און גרויסע שטעדט אין ניי זעעלאנד. זאָ פֿיעל איך ווייס, האבען די ענגלענדער בעזעצט אלע פונקטען אין ניי זעעלאנד.

— געוויס! האט דער פּראָפֿעסאר געענטפֿערט. איך לייקען ניט, אז די ענגלענדער האבען איינגעטהיילט ניי זעעלאנד אין 9 גרויסע פּראָווינצען: אקלענד, טאראנאקי, וועלינגטאָן און האַוקס-ביי אויף דער נאָרד אינזעל און נעלסאן, מאַרלבאָראָ, קאנטערבורי, אָטאַגאָ און סויטה-לענד אויף דער זיד אינזעל. איך ווייס, אז אין 1868 זיינען אין ניי זעעלאנד שוין געוועזן 184 טויזענד 364 אייראָפּעאישע איינוואוינער. איך ווייס, אז אין ניי זעעלאנד זיינען שוין דא גרויסע שטעדט מיט שולען, מיט באנקען, מיט בריקען, מיט האָספּיטעלער, מיט צייטונגען און מיט אלע נייע פֿערבעסערונגען פֿון דער ענגלישען ציוויליזאַציאָן. איך קען אייך אויסרעכענען, וויא פֿיעל איינוואוינער עס געפֿינען זיך אין יעדער שטאדט. איך קען אייך נאך ווייטער זאגען, אז אין היינטיגעס יאהר, אין 1865 האט מען פֿעראַנשטאַלטעט א גרויסע אויסשטעלונג, א וועלט אויסשטעלונג אין דער שטאדט אקלענד — און דאך פֿיהרען די מאַארי בעשטענדיג קריעג מיט די ענגלענדער.

— וואס רעדט איהר, פּראָפֿעסאָר? האט ליידי העלענא געפֿרעגט. וויא איז דאס מעגליך צו מאכען א וועלט אויסשטעלונג אין דער צייט, וואס מען פֿיהרט קריעג מיט די איינוואוינער פֿון'ם לאנד? — דאס קען ניט זיין!

— די ענגלענדער קימערן זיך זעהר ווייניג וועגען קריעג, האט דער פּראָפֿעסאר געענטפֿערט רוהיג. דער קריעג געהט זיך זיין וועג און די אויסשטעלונג געהט זיך איהר וועג. אין איין זייט שלאָגט מען זיך און אין דער אנדערער זייט שטעלט מען אויס די פּראָדוקטען פֿון דער גאנצער וועלט. ביי די ענגלענדער איז דאס קיין נייעס ניט. זיי מאכען אייזענבאהנען אונטערן פֿייער פֿון די מאַארי. ווען מען האט געבויט די דרורי אייזענבאהן און די מירי — מירי אייזענבאהן, זיינען די ארבייטער געגאנגען בעוואָפֿענט מיט ביקסען, האבען געלעגט די רעלסען און האבען געשאָסען אויף די מאַארים. — די ענגלענדער זיינען שוין דערצו געוואהנט און עס האַרט זיי ניט. אין דער מיט פֿון'ם קריעג מאכט מען אן אויסשטעלונג. איינס מיט'ן אנדערן געהער זיך ניט אן.

— אלזא, וואס הערט זיך עפּעס פֿון'ם קריעג? האט פֿאררעגוט געפֿרעגט.

— מיינע פֿריינדע, האט דער פּראָפֿעסער געענטפֿערט, מיר זיינען שוין זעהר לאנג פֿון אייראָפּא. איך ווייס ניט, וואס אין ניי זעעלאנד איז פֿארגעקומען אין דער צייט פֿון אונזער רייזע. איך קען אייך נור דערצעהלען, וואס עס איז געשעהן איידער מיר זיינען ארויסגעפֿאהרען פֿון אייראָפּא.

— ווען האט זיך אנגעהויבען דער קריעג? האט מערי גראנט געפֿרעגט.

— זייט דיא ענגלענדער האבען אפגענומען ניי זעעלאנד האט דער קריעג נים אויפגעהערט. קוים האבען דיא מאָארי געזעהן, אז עס קומען אן קאלאָניסטען פֿון אייראפא און בעזעצען זיך אויף זייער לאנד, האבען זיי אנגעהויבען צו פֿיהרען קריעג מיט דיא קאלאניסטען. עס האט זיך אנגעהויבען א קריעג פֿאר זייער אונאבהענגיגקייט, וועלכער דויערט נאך ביז אויף היינטיגען טאג.

וויא ווילד דיא מאָארים זיינען, האבען זיי דאך פֿערשטאַנען זיך צו פֿעראייניגען און צו בילדען א מין לאנד־ליגע. דער צוועק פֿון דיעזער ליגע איז, אז קיינער פֿון זיי זאל נים פֿערקויפֿען קיין לאנד צו דיא פֿרעמדע. אין דעם בריעף, וואס דיא קעניגין וויקטאָריאַ האט זיי געשריעבען אין 1840, האט זיא אויסדריקליך געזאגט, אז זיא וועט זייער לאנד ביי זיי נים צונעהמען. דיא ענגלענדער האבען עס אויך געהאלטען, אבער נור לפנים, נור צום שיין. זיי פֿלעגען פֿערנאַרען א ווילדען הויפטלינג, פֿלעגען איהם אנשיכורן און פֿלעגען איהם הייסען מאכען א צייכען אויף א בויגען פאפיער. דער ווילדער פֿלעגט שיכורערהייט מאכען דעם צייכען און נים וויסען, וואס פֿאר א זינן דאס פאפיער האט. — דעם אנדערן טאג פֿלעגט מען ביי איהם צו נעהמען דאס לאנד און ווייזען איהם א פֿערקויפֿס שיין. ער אליין האט עס פֿערקויפֿט און האט אונטערגעשריעבען דעם קאָנטראַקט.

דיא לאנד־ליגע האט עס געוואלט פֿערהיטען און האט ערקלערט, אז אזעלכע קאנטראַקטען האבען קיין ווערטה נים. יעדער פֿערקויפֿס קאָנטראקט מוז זיין אונטערשריעבען פֿון עטליכע הויפטלינגע. זיא האט אויך געוואוסט, וויא אזוי זיך צו שיצען און וויא אזוי זיך צו פֿערטהיידיגען.

אין 1860 האט דיא ענגלישע רעגיערונג אפגעקויפֿט פֿון א ווילדען זעקס הונדערט אַקער לאנד נים וויים פֿון דער שטאדט ניו־פלימוטה אין דער פראָווינץ טאַראַנאַקי. ווען דיא ענגלישע בעאמטע — סורוויייער, פעלדמעסטער — זיינען געקומען אפמעסטען דאס לאנד, האט דער הויפטלינג קינגי פראטעסטירט און ערקלערט, אז דער פערקויפֿס קאָנטראקט איז נים גילטיג, ווייל קיינער פֿון דיא ווילדע טאר קיין לאנד נים פֿערקויפֿען צו דיא ווייסע מענשען.

דיא רעגיערונג האט געשיקט סאלראטען און האט געוואלט אפנעהמען דאס לאנד מיט געוואלד. דער הויפטלינג קינגי האט צונויפגערופֿען זיינע קריעגער און האט אויסגעבויט א בעפֿעסטיגטען לאַגער אויף דיא זעקס הונדערט אַקער לאנד, וועלכע דיא רעגיערונג האט געקויפֿט. אזוי האט זיך אנגעהויבען דער שרעקליכער קריעג, וועלכער דויערט נאך ביז היינט.

איהר זייט אלע ענגלענדער, האט דער פראָפֿעסאָר ווייטער געזאגט מיט א שמייכעל, און עס וועט אייך געווים פֿערדריעסען, ווען איך וועל אייך זאגען, אז נים שטענדיג האבען דיא ענגלענדער געזיעגט. עס זיינען פֿאָרגעקומען פֿעלע וואו דיא ווילדע האבען זיי אזוי געשלאָגען, אז זיי האבען זיך געשעהמט אויסצוזאגען. דיא ווילדע האבען גאנצע באטאליאָנען ענגלישע סאלדאטען געפֿאנגען גענומען.

וויא פֿיעל זיינען דען דאָ ווילדע אין ניי זעעלאנד? האט ליידי העלענא געפֿרעגט.

— אמאָל זיינען זיי געווען א צאָהלרייכעס פֿאָלק, האט דער פּראָפֿעסאָר געענטפֿערט. ווען דער קאפּיטאַן קוק איז צום ערשטען מאל געקומען קיין ניי זעעלאַנד, האט ער געפֿונען פֿיעלע גרויסע דערפֿער. ער האט ניט געקענט זאגען גענוי, וויא פֿיעל איינוואוינער זיינען דאַמאָלס געווען, ער האט נור אונגעפֿעהר בערעכענט, אז זיי האבען געדאַרפֿט זיין אן ערך פֿון א האַלבע מיליאָן. אין 1845 האט דיא ענגלישע רעגיערונג געמאכט א צענזוס, אדער פֿאָלקסצעהלונג און האט איבערגעצעהלט נור צוויי הונדערט טויזענד. מיר ווייסען פֿאר געוויס, אז דיא ווילדע האבען יעצט אן ארמעע פֿון דרייסיג טויזענד מאַן. פֿאר אזעלכע אינזלען איז דאס א שטאַרקע ארמעע.

— קען דען ענגלאנד ניט שיקען א שטאַרקערע ארמעע אהין און בעזיעגען דיא ווילדע? האט ראבערט גראנט געפֿרעגט.

— דוא האסט געוויס רעכט, מיין קינד, האט דער פּראָפֿעסאָר געענטפֿערט. דוא ווייסט אבער ניט, אז ענגלאנד האט זעהר פֿיעל לענדער און זעהר ווייניג סאלדאטען. ענגלאנד פֿיהרט בעשטענדיג קריעג, אמאל אין איינע פֿון איהרע לענדער און קאלאניען און אמאל אין דיא אנדערע. ענגלאנד קען ניט אוועק שיקען א גרויסע ארמעע מיט אמאָל. אויסער דעם איז ניט אזוי לייכט צו פֿיהרען א קריעג מיט דיא מאַאָרי. זיי פֿיהרען ניט א קריעג, וויא אין אייראפּא, וואו צוויי ארמעען קומען זיך צונויף, שלאגען זיך און וועד עס שלאגט בעסער, דער געווינט. — דיא ווילדע פֿיהרען אן אנדער ארט קריעג. זיי צוטהיילען זיך אויף קליינע באַנדען, לויערן אויפֿן פֿיינד און ווען זיי געפֿינען, אז ער איז שוואַכער פֿון זיי, פֿאַלען זיי אויף איהם אָן.

בעזאנדערס אויסגעצייכענט האט זיך איין הויפּטלינג פֿון דיא מאַאָרי מיטן נאמען ווילליאַם טהאָמפּסאָן. ער איז געווען אין ענגלאַנד און האט אנגענומען אן ענגלישען נאמען. ער איז ווירקליך א טיכטיגער גענעראַל און דיא ענגלענדער האבען פֿאר איהם מורא.

איין מאל האט דער ענגלישער גענעראל קאמעראן ארומגערינגעלט איהם מיט זיין ווילדע ארמעע אין זיינע א פֿעסטונג. דיא מאַאָרי זיינען מעהר ניט געווען, וויא טויזענד מאַן. ענגלענדער זיינען געווען מעהר אלס דריי טויזענד. דער ענגלישער גענעראַל איז געווען זיכער, אז ער האט איהם שוין אין דיא הענד און ער האט שוין געזיעגט. קוים וועט ער נעהמען געפֿאַנגען ווילליאַם טהאמפּסאָן, וועט זיך שוין ענדיגען דער קריעג.

דעם אנדערן טאג האט ער געפֿונען דיא טויערן פֿון דער פֿעסטונג אָפֿען — דיא מאַאָרי זיינען פֿערשוואונדען. זיי זיינען ביי נאכט ארויסגעגאנגען דורך א געהיימען וועג אונטער דער ערד.

גענעראַל קאַמעראָן איז געוואָר געוואָרען שפּעטער אַפּצושרײַבען דאס גאנצע

לאנד פֿון דיא וואַיקאַטאָ'ס, ער האט אבער איין מאַאָרי דארט ניט געפֿונען. אלע זיינען אנטלאָפֿען ווייטער, טיעפֿער אין לאנד.

— אלזא, האט זיך דאך דער קריעג שוין געענדיגט? האט קאפיטאן פֿאַראגוט געפֿרעגט.

— דאס קען איך אייך ניט זאגען, האט דער פּראָפֿעסאר געענטפֿערט. ווען איך בין אַרויסגעפֿאהרען פֿון פּאַריז, האב איך געלעזען דיא לעצטע נאכריכטען, אז איינִיגע שטעמע (שבטים) האבען זיך אונטערגעגעבען און דיא ענגלישע רעגיערונג האט זיי געלאָזען דריי פֿערטעל פֿון זייער לאַנד. — איין פֿערטעל האט זיך זיך צוגענומען. ווען מיר זיינען געוועזען אין אויסטראַליען, האב איך געלעזען אין א צייטונג, אז וויללִיאַם טהאמפּסאַן וויל זיך אויך אונטערגעבען. מען קען אבער ניט גלויבען דיא ענגלישע צייטונגען אין אזא פֿאַל. מיר האבען דאך שוין געהערט, וויא אזוי מען לערנט געאָגראַפֿיע אין אויסטראַליען. מיר וויסען דאך שוין, אז דיא קעניגין וויקטאָריאַ האט איינגעזעצט אין אמעריקא א פּרעזידענט מיט'ן נאמען אברהם לינקאָלן און אין פּעטערבורג האט זיא א גובערנאטאָר מיט'ן נאמען לאָרד אלעקסאנדער דער צווייטער. — וויא קען מען גלויבען אזעלכע צייטונגען?

— פֿון וואנען ווייסט איהר אבער אייערע נאכריכטען, גרויסער פּראָפֿעסאָר? האט געפֿרעגט דער מאַיאָר מיט שפּאָט.

— פֿון'ם פֿראַנצויזישען קאנסול אין אַקלענד, האט דער פּראָפֿעסאָר געענטפֿערט רוהיג.

— אלזאָ, וויא דענקט איהר פּראָפֿעסאר? האט לאָרד גלענארוואן געפֿרעגט. געדויערט נאך דער קריעג צווישען דיא ענגלענדער און דיא מאַאָרי?

— איך קען ניט זאגען פֿאר געוויס. איך מיין אבער, אז ער געדויערט נאך.

— געפֿינען מיר זיך ערגעץ ניט וויט פֿון'ם אָרט, וואו דער קריעג ווערט געפֿיהרט.

— צום אונגליק, האט אונז דיא „מאקאַריאַ" פֿערפֿיהרט גראַדע אין דער געגענד, וואו עס געפֿינען זיך דיא ארמעען פֿון דיא מאַאָרי. ווען מיר זאלען געווען צוקומען מיט איינִיגע מייל ווייטער קיין זידען (דרום זייט) וואלטען מיר געזעהן, וויא דער פֿלאַג פֿון דיא מאַאָרי וועהט הויך אין דער לופֿט.

— וויא עס ווייזט אויס, מוזען מיר זעהן צו געהן קיין נאָרדען, האט לארד גלענארוואן געזאגט. אין נאָרדען האבען דיא ענגלענדער שוין אפּגערייניגט דאס לאנד פֿון דיא מאַאָרי.

— געוויס, מיר מוזען זעהן, וויא אַם שנעלסטען אויסצוווייכען דיא מאַאָרי. ווען ניט דער רעגען, וואלט איך ניט געוואלט בלייבען אין דיעזער געגענד קיין האלבע שטונדע.

— מעגליך, אז מיר וועלען אנטרעפֿען אן אבטהיילונג פֿון דער ענגלישער ארמעע, האט לאָרד גלענארוואן געזאגט. דאן זיינען מיר גערעטעט

— אלעס איז מעגליך, האט דער פראָפעסאָר געענטפערט. איך ווינש עס געווים.

אונטערדעסען איז געוואָרען שפּעט. דער רעגען האט נאך אלץ געגאסען. עס איז געבליעבען, אז מען זאל אויסשטעלען א שטרענגע וואַך. צוויי מענשען זאלען שטענדיג ארומגעהן ארום זייער לאַגער. דיא איבעריגע זאלען זיך לעגען שלאָפען.

## 9טעס קאפּיטעל.

# אויף דער רייזע קיין אקלענד.

דיא נאַכט איז פאראיבער רוהיג און שטיל. פאַרטאָג האט דער רעגען אויפגעהערט. קוים איז ליכטיג געוואָרען אין דרויסען, זיינען אונזערע רייזענדע שוין אלע אויפגעשטאַנען און האבען זיך פאַרבערייטעט אין וועג אריין. מען האט האט פערפּאַקט דיא זאַכען, וואס מען האט מיטגעבראַכט פון דער „מאקאַריא" אין קליינע פּעקלעך און יעדער האט גענומען א פּעקעל. זאַגאר ראבערט גראנט האט געמוזט טראגען א פעקעל אויף דיא פּלייצעס.

דער פראָפעסאָר האט אויסגעשפרייט דיא לאנד קאַרטע, וועלכע ער האט געבראכט מיט זיך אין אויסטראליען און האט אנגעהויבען צו רעכענען, וויא ווייט זיי זיינען פון אקלענד. ער האט אויסגערעכענט, אז זיי זיינען אכציג ענגלישע מייל ווייט פון אקלענד. ווען זיי זאלען געהן צו צעהן מייל א טאג, קענען זיי אין אכט טאג אנקומען קיין אקלענד. ער האט ווייטער אויסגערעכענט, אז זיי זאלען געהן מיט'ן ברעג נור פופציג מייל, דאַן וועלען זיי קומען צו א טייך. ווען זיי געהן אריבער דעם טייך אין דעם אָרט, וואס ער האט אנגעוויעזען, קענען זיי איינשפּארען א שטיק וועג.

— איך וועל אייך שוין וויזען דעם וועג, האט ער געזאגט און האט צונויפגעקייקעלט זיין לאנד קאַרטע.

ער האט גענומען אויף דיא פּלייצעס דאס פּעקעל, וועלכעס מען האט אנגעגרייט פון זיינעטוועגען און דיא קליינע פּאַרטיע האט זיך געלאזט אין וועג אריין.

דער וועג איז געווען רעכט אנגענעהם. מען איז געגאַנגען ביים ברעג פון מעער און מען האט אפט געזעהן פערשיעדענע פיש און מעער טהיערע, וועלכע האבען זיך לוסטיג געשפּיעלט ביים ברעג. זיי האבען זיך ניט דערשראָקען, ווען אונזערע רייזענדע זיינען צוגעקומען צו זיי, א בעוויז, אז מענשען קומען אהין זעהר זעלטען.

דער פראָפעסאָר און ראבערט גראנט פלעגען זיך אפּשטעלען בעטראַכטען דיזע טהיערע. קאפּיטאן פארראגוט האט זיי געוואָרנט און געבעטען, אז זיי זאָלען בעסער געהן וואס אם שנעלסטען, עס האט אבער גאר ניט געהאָלפען. קוים האט זיך געוויזען א פיש אדער א זעע הונד Seal האבען זיי זיך געמוזט אפּשטעלען און זיי בעטראַכטען.

איין מאל האבען זיי דערזעהן עטליכע זעע לעווען, אדער זעע עלעפאַנטען — אויך א סאָרט זעע הינד, אבער גאנץ גרויס און זעהט אויס אביסעל אנדערש, וויא א זעע הונד — דא האט שוין ניט געהאלפען קיין רעדען און קיין בעטען. דער פראָפעסאר און ראבערט גראנט האבען זיך אניעדער געזעצט אויף א שטיין און האבען רוהיג בעטראַכט דיא זעע לעווען.

— זעהט נור, פראָפעסאָר, זיי עסען שטיינער! האט ראבערט גראנט אויס־גערופען.

עס איז ווירקליך אזוי געווען. איינינע פון דיא זעע לעווען זיינען ארויסגע־קראָכען אויפ'ן ברעג, האבען אויסגעזוכט גלאַטע, קיילעכדיגע שטיינער און האַ־בען זיי איינגעשלונגען. ראבערט גראנט איז געווען אויסער זיך. ער האט זיך אויף קיין פאַל ניט געקענט ערקלערן, וויא אזוי א לעבעדיגע זאַך קען עסען שטיינער.

— עס איז אזוי, מיין קינד, האט דער פראָפעסאר ערקלערט.. זיי עסען אבער ניט דיא שטיינער, זיי פערשלינגען זיי נור.

— דאס פערשטעה איך ניט, פראָפעסאר, האט ראבערט זיך געוואונדערט. וואס הייסט, זיי פערשלינגען דיא שטיינער און עסען זיי ניט?

— דיא זעע לעווען נעהרען זיך פון פיש, האט דער פראָפעסאר דערקלערט. זיי זוכען אויס זייער שפייז גאנץ טיעף אין מעער. אום זיי זאלען זיך קענען שנע־לער ארונטערלאזען אין מעער, שלינגען זיי איין שטיינער, זייער קערפער זאל ווערן שווערער. ווייסט דוא דען ניט, אז מען לאַדעט אמאָל אן א שיף מיט זאַמד? — פארוואס טהוט מען עס? דאס שיף מוז האבען איהר באַללאַסט, א שווערע מאַסע, וועלכע זאל זיא האלטען פעסט אין וואַסער. דיא זעע לעווען טהוען דאס זעלבע. זיי לאדען זיך אן מיט א באַללאַסט. ווען זיי ווען אנחאַפען גענוג פיש אויף מיטאג, וועלען זיי ארויסשווימען אויפ'ן לאנד און וועלען אויסשפייען דיא שטיינער.

מיט פיעל מיה, האט לארד גלענארוואן אפגעריסען דעם פראָפעסאָר פון דיעזער סצענע.

אום צוועלף אוהר האט מען זיך אפגעשטעלט צו עסען מיטאג און זיך אביסעל אויסצורוהען. דער מאַטראָז מילרעד האט אנגעזאַמעלט ביים ברעג אויסטערן און אלבינעט האט געמאכט פון זיי א פארטרעפליכען מיטאג. אום איינס אוהר האט לארד גלענארוואן געהייסען ווייטער געהן. מען איז געגאנגען ביז פינף אוהר. יעצט האבען זיי געמוזט אוועקגעהן פון'ם ברעג. א גרויסער באַרג מיט אונגעהייערע שטיינער האט זיך ארייננגעלאָזען גלייך אין מעער. מען האט געמוזט ארומגעהן דעם באַרג.

עס איז געבליעבען, זיי זאלען דא נעכטיגען און מארגען אין דער פריה ארומגעהן דעם באַרג. מען האט ווידער אויסגעשטעלט וואַכען. קיין פייער הא־בען זיי ניט געוואלט מאכען. דיא ווילדע קענען נאך דערזעהן פון דערווייטען דעם רויך און אויף זיי אנפאלען.

דיא נאכט איז פאראיבער גאנץ שטיל און רוהיג. ווען אונזערע רייזענדע זיינען אויפגעשטאנען אין דערפריה פריש און געקרעפטיגט, האבען זיי זיך גע־רעכענט אזוי ווייט זיכער, אז דער פראפעסאר האט געזאגט:

— ווען מיר וועלען נאך היינטיגען טאג ניט טרעפען דיא מאָארי, קענען מיר זיך רעכענען פאר גערעטעט. וויא עס ווייזט אויס, זיינען זיי ניטא אין דיעזער געגענד.

מען האט זיך געלאזט ווייטער אין וועג. דאס מאל זיינען זיי געגאנגען דורך קליינע בוימלעך — בוש. דער וועג איז שוין געווען פיעל שווערער. דענאך זיינען אלע געגאנגען מוטהיג און מונטער. דער פראפעסאר האט זיך יעצט צוגע־קוקט צו יעדעס ביימעלע און צו יעדען פויגעל. ער האט געוואוסט, אז אין ניי זעעלאנד זיינען דאָ וואונדערבארע פויגעל. ער האט זיך געפרעהט, וויא א קליין קינד, ווען ער האט דערזעהן א „ט ו א י" און האט אויסגערופען איין מאל נאכ'ן אנדערן

— טואי! טואי!

— וואס איז מיט אייך, פראפעסאר? האט דער מאיאָר געפרעגט. וואס שרייט איהר אזוי?

— דער ט ו א י איז א זאנדערבארער פויגעל, האט דער פראפעסאר ער־קלערט. אין ווינטער ווערט ער אזוי פעט, אז ער קען זיך ניט ריהרען. ער רייסט אליין אויף זיין ברוסט מיט זיין שנאבעל, אום דאס פעט זאל ארויסרינען. דאס מאכט איהם לייכטער. — דאס איז געוויס זאנדערבאר.

— זאנדערבאר? האט דער מאיאָר געלאכט. עס איז גאר ניט זאנדערבאר

— עס איז א ליגען!

דער פראפעסאר האט זיך געפיהלט בעליידיגט און האט געוואלט לויפען אין וואלד, שיעסען א ט ו א י און ווייזען דעם מאיאר דיא צייכענס, וואס דער פויגעל האט אויף דער ברוסט. לארד גלענערוואן האט איהם מיט געוואלט צוריק געהאלטען.

דערפאר האט איהם גאט בעשערט אן אנדערע איבערראשונג, מיט וועלכע ער איז געווען זעהר צופריעדען. ראבערט פלעגט ארומשפרינגען, וויא א יונגער האז און פלעגט זוכען צווישען דיא בוימלעך. באלד האט מען דערהערט זיין געשריי.

— פראפעסאר! קומט נור אהער, פראפעסאר!

דער פראפעסאר איז באלד צוגעלאפען צו דעם אָרט, וואו ראבערט איז געשטאנען, און האט דערזעהן א פויגעל, וועלכער האט איהם ווירקליך איבער־ראשט. — דאס איז געווען דער ויגעל, וועלכען דיא ניי זעעלענדער רופען „קיווי". איינע פון דיא זעלטענסטע בעשעפענישען אין דער וועלט. ער איז א פויגעל, ווייל ער געהט אויף צוויי פיס. ער האט אבער קיינע פליגעל און קיין עק, וויא א פויגעל. זיין קערפער איז בעדעקט מיט ווייסע פעדערן. זיי זיינען אבער אזוי דין און אזוי פיין, אז זיי זייגען עהנליך צו האר. דיעזער פויגעל איז אזוי זעלטען, אז

פיעלע זאָלאָגישע מוזעען וואלטען געצאהלט צעהנער טויזענדער דאלאר פאר אזא פאר פויגעל. זיין דיא ווייסע מענשען זיינען צוגעקומען צו ניי זעעלאנד איז ער געווארען נאך זעלטענער. עס איז איהם זעהר לייכט צו פאנגען, ווייל ער קען ניט פליהען און ווער עס דערזעהט איהם, דער טויטעט איהם.

דאס איז איינער פון דיא סארטען פויגעל, וועלכע שטארבען אוים. אין א קורצע צייט וועט ניט בלייבען פון זיי ניט איינער.

דער פראפעסאר האט זיך נאכגעיאגט נאך איינעם פון דיזע פויגעל און האט איהם געחאפט. ער האט איהם באלד געבונדען דיא פיס און האט איהם געטראגען מיט זיך. ער האט זיך שוין פארגעשטעלט, אז דיא פאריזער געאגראפישע געזעלשאפט וועט איהם געבען איהר גרויסע גאלדענע מעדאלע, ווען ער וועט קומען קיין פאריז און וועט איהר שענקען א לעבעדיגען „ק י ו ו י.“ —

דער טאג איז פאראיבער. עס איז שוין געווען באלד נאכט. מען האט זיך געדארפט זוכען א נאכט לאגער.

— איך האף, אז נור נאך היינטיגע נאכט וועלען מיר מוזען נעכטיגען אין וואלד, האט קאפיטאן פארראגוט געזאגט. מיר זיינען איינגעגאנגען אין דיא צוויי טאג אן ערך פון דרייסיג מייל. מיר דארפען שוין באלד אנקומען אין א געגענד, וואו עס וואינען ענגלישע קאלאניסטען.

— מיר דאכט, אז איהר האט אונז געזאגט, אז דא ערגעץ געפינט זיך א דארף? האט לארד גלענארוואן געפרעגט דעם פראפעסאר.

— אין דער לאנדקארטע, וועלכע איך האב געבראכט פון אויסטראליען, איז פערצייכענט, אז דא לעבען טייך, געפינט זיך א דארף פון דיא מאארי, האט דער פראפעסאר געענטפערט.

— אלזא, לאמיר בעסער צוגעהן נאך אביסעל און צוקומען צום דארף, האט לארד גלענארוואן געזאגט. איך האב מיטלייד מיט דיא דאמען. זיי דארפען זיך אויסרוהען.

— וואס רעדט איהר, מילארד? דאס איז דאך א דארף פון ווילדע מענשען, פון דיא מאארי?

— מיר זיינען דאך ניט ווייט פון אקלענד. דיא מאארי, וועלכע וואינען דא, זיינען שוין געווים ציוויליזירט און מיר האבען פאר זיי ניט וואס מורא צו האבען.

— ניין, מילארד! האט דער פראפעסאר געזאגט ערנסט. דארט, וואו עס געפינען זיך דיא מאארי, דארט וויל איך ניט זיין. איך ווייס ניט, וואס עס הערט זיך וועגען דעם קריעג, איך ווייס ניט, אויב דיא מאארי פון דיזען דארף האבען זיך אונטערגעגעבען אדער נאך ניט. — איך וועל בעסער שלאפען צעהן נעכט אין וואלד, אי־דער איין נאכט אונטער איין דאך מיט א ציוויליזירטען מאארי. — לאמיר בעסער נעכטיגען דיזע נאכט אין דרויסען. מארגען וועלען מיר אנקומען צו אן ענגליש דארף — דרורי, דארט וועלען מיר שוין שלאפען וויא מענשען.

אלע האבען געשטימט מיט'ן פראפעסאר. זיי האבען אלע זעהר מורא געהאט

פאר דיא מאַארי. עס איז געבליעבען, זיי זאלען נאך געהן אביסעל, ביז זיי וועלען צוקומען צו אן אָרט, וואו צוויי טייכען גיעסען זיך צונויף. דארט וועלען זיי איבערנעכטיגען. גאנץ פריה וועלען זיי אריבערגעהן דעם טייך וואַיפאַ. דאן זיינען זיי שוין צווישען דיא ענגלישע קאלאָניען און זיי וועלען געפינען מיטעל, וויא צו קומען קיין אקלענד.

עס איז ניט געווען פיעל וואס צו עסען. זיי האבען מורא געהאט צו מאכען א פייער. מען האט אפגעגעסען, וואס מען האט געהאט, און מען האט זיך געלעגט שלאפען.

10טעס קאפיטעל.

## ביי דיא ווילדע מענשען.

דיא נאַכט איז געווען רוהיג און שטיל. געגען צוויי אוהר פאר טאָג האט הילסאן און פאררראגוט, וועלכע זיינען געשטאַנען ביז אהער אויף דער וואַך, אויפגעוועקט דעם פראפעסאר און אלבינעט, זיי זאלען זיך שטעלען אויף דער וואַך. זיי האבען גענומען זייערע ביקסען און האבען זיך געשטעלט פאַרן לאַגער. דער פראפעסאר האט זיך באַלד פערטיעפט אין זיינע געדאַנקען איבער דיא געאָגראַפיע פון ניי זעעלאנד. אלבינעט איז געוויס געווען א גוטער פראוויאַנט מייסטער, אבער זעהר א שלעכטער סאלדאט און האט זעהר ווייניג פערשטאַנען דיא עדלע קונסט צו שטעהן אויף דער וואַך.

זיי האבען ניט געוואוסט, פון וואַנען עס איז געקומען; זיי האבען ניט געקענט ערקלערן, וויא אזוי עס איז געשעהן. פלוצלונג, וויא דורך א צויבער זיינען זיי געלעגען געבונדען. אין דער זעלבער צייט האבען אנדערע הענד געבונדען לארד גלענארוואן, קאפיטאן פאררראגוט און אלע איבעריגע. — פון שרייען, רעדען, בעטען, דראהען האט ניט געקענט זיין קיין רעדע. אייזענשטאַרקע הענד האבען געבונדען יעדען בעזונדער, האבען איהם אוועקגעשלעפט צום וואַסער און אריינגעוואָרפען אין א גרויסעס באָאָט אדער וויא עס הייסט אויף דער שפראַכע פון דיא ווילדע, קאַנאָע.

עס איז אלעס געטהאן געווארען אזוי שנעל און אזוי געשיקט, אז איידער אונזערע רייזענדע האבען זיך אומגעקוקט, זיינען זיי אלע געלעגען געבונדען גאַנץ נאָהענט איינער לעבען אנדערן אויפ'ן באדען פון דעם קאַנאָע. אין דער ערשטער צייט זיינען זיי געווען אזוי איבערראַשט און אזוי דערשראָקען, אז קיינער פון זיי האט קיין ווארט ניט געקענט ארויסרעדען. צו ביסלעכווייס אבער זיינען זיי געקומען צו זיך און האבען זיך אנגעהויבען אומצוקוקען, וואו זיי זיינען.

עס איז טאָג געווארען און זיי האבען געקענט זעהן, וואו זיי געפינען זיך און אין וואס פאר א געזעלשאַפט זיי געפינען זיך. ערשט יעצט האבען זיי געזעהן, אז זיי געפינען זיך אין דיא הענד פון דיא מאַארי. אין דער מיט פון דער קאַנאָע איז געשטאַנען א הויכער שטאַרקער מאַן און האט קאָמאַנדירט דיא אנדערע, וועלכע האבען גערודערט. — דאס איז געווען א הויפטלינג, דער קאַפיטאַן פון דיא מאַארי.

ער איז געווען טאַטואירט. — אויף זיין געזיכט זיינען געווען אויסגעשניטען געוויסע פאַסען און צייכענס, וויא מען זעהט אמאָל אויף דיא הענד פון מאַטראָזען.

דיא ווילדע אין אנדערע לענדער לאָזען זיך טאַטואירען פון שעהנהייט וועגען. זיי געפינען, אז א טאַטואירטער קערפער איז שעהנער, אלס איין ניט טאַטואירטער. ביי דיא מאַארי אבער איז עס אַן עהרע. אין ציוויליזירטע לענדער טראָגען דיא אָפיציערען געוויסע צייכענס, וואס וויזען, ווער זיי זיינען, וויא עפּאָלעטען, שטערנס אויפ'ן קראַגען און דערגלייכען. דיא ווילדע אין ניי זעעלאַנד מאַכען דיעזע צייכענס אויפ'ן שטערן און אויפ'ן געזיכט. וואס פאַר א העכערן ראַנג (טשין) דער מאַארי האט, אלץ מעהר צייכענס האט ער אויף זיין געזיכט.

דאס טאַטואירען קומט אַן ניט אזוי לייכט. עס איז זעהר א שמערצליכע אפעראַציאָן. נאכ'ן טאַטואירען ליעגט דער שטאַרקסטער מענש קראַנק א טאג אדער צוויי. אין דיא לענדער, וואו מען קען שוין דעם געברויך פון אייזען, בענוצט מען צום טאַטואירען א שאַרפען אייזערנעם אינסטרומענט. אין דיא לענדער, וואו מען ווייס נאך ניט דעם געברויך פון אייזען, בעדיענט מען זיך מיט א שאַרפען שטיין אדער מיט אינסטרומענטען פון ביינער פון חיות. מען מאַכט לעכעלעך אין קערפער און, ווען דאס בלוט געהט נאך, בעשמיערט מען זיי מיט'ן גרינעם זאַפט פון געוויסע גראָזען און דיא לעכעלעך אדער דיא איינשניטע בלייבען אויף אייביג נעפאַרבט מיט א גרינער, בלויער אדער רויטער פאַרב.

דער הויפטלינג פון דיא מאַארי, וועלכער האט קאָמאַנדירט דאס קאַנאָע, אין וועלכע אונזערע רייזענדע זיינען געלעגען געבונדען, האט געהאט פינף ברייטע רויטע פאַסען איינגעקאַרבט אין זיין שטערן, א בעוויז, אז ער איז א גרויסער מאַן.

ווען לאָרד גלענאַרוואַן איז געקומען צו זיך, האט ער געזאגט שטילערהייט צו זיינע קאַמעראַדען, אז זיי זאלען זיך פערהאַלטען רוהיג און קאַלט-בלוטיג. דיא ווילדע מענשען זיינען נאַטור קינדער. זיי זיינען, וויא דיא ווילדע טהיערע. שטעהט מען רוהיג און מען קוקט זיי גלייך אין דיא אויגען, דערשרעקען זיי זיך און בעקומען רעספּעקט פאַר זייער געגנער. הויבט מען אבער אָן צו אנטלויפען אדער ווייזט מען זיי נור א צייכען, אז מען האט מורא, ווערן זיי מוטהיג, יאָגען זיך נאך און בעהאַנדלען זייער געגנער זעהר שלעכט.

אלע האבען געפאָלגט זיין ראַטה. זיי האבען זאָגאַר אנגעהויבען צו שפּאַסען מיט דיא ווילדע און זיי אויסגעפרעגט, ווער זיי זיינען און וויא זיי הייסען. דיא ווילדע האבען געקענט עטליכע ווערטער ענגליש און האבען געוואלט אָרבערשרעקען דיא ווייסע מענשען.

— ווייסט איהר, אין וועמעס הענד איהר געפינט זיך? האט איין מאַארי זיי געזאגט — איהר זייט געפאַנגען ביים הויפטלינג קאַאי-קומו!

קיינער האט ניט פערשטאַנען, וואס דאס הייסט. נור דער פּראָפעסאָר, וועלכער איז געווען גוט בעקאַנט מיט דער געשיכטע פון'ם קריעג צווישען דיא ענגלענדער און דיא מאַארי, האט געוואוסט, ווער קאַאי-קומו איז. ער האט עס ערקלערט לאָרד גלענאַרוואַן אויף פראַנצויזיש.

קאַאי־קומו איז דער ליעטענאנט פֿון'ם גענעראל וויליאַם טאמפסאן. זיין נאמען ווייזט, וואס ער איז. קאַאי־קומו הייסט: איך עס דיא ביינער פֿון מיינע פֿיינד. ער איז איינער פֿון דיא שרעקליכסטע און ווילדעסטע אנפֿיהרער פֿון דיא מאַאָרי. ער האסט דיא ענגלענדער און ווען ער קריעגט נור איינעם, פֿרעסט ער איהם באלד אויף מיט דיא ביינער.

דיעזע נאכריכט איז ניט געוועזען אזוי פֿרעהליך. עס וואלט זיי געווארען נאך מעהר ניט פֿרעהליך, ווען זיי וואלטען געוואוסט דיא גאנצע וואהרהייט.

עס איז ניט לאנג פֿאַרגעקומען א שלאַכט צווישען דיא ענגלענדער און דיא מאַאָרי. דיא ענגלענדער האבען געזיעגט און האבען גענומען זעהר פֿיעל מאַאָרי געפֿאנגען. דעם גענעראַל קאַאי־קומו איז עס געלונגען צו אנטלויפֿען מיט א טהייל פֿון זיינע קריעגער. ער איז יעצט געגאנגען זייט אין לאנד צו פֿאַרזאַמלען אלע איבעריגע שטעמע (שבטים) און מיט זיי אנפֿאַלען מיט אמאָל אויף דיא ענגלענדער. זיי האבען אויפֿגעשלאָגען זייער לאגער אין דיא בוימלעך (בוש) ניט ווייט פֿון'ם אָרט, וואו לארד גלענארוואן מיט זיין פארטיע האבען גענעכטיגט. דיא מאַאָרי האבען געזעהן, וויא דיא רייזענדע זיינען געקומען מיעד און האבען זיך געמאַכט א נאכט לאגער. זיי זיינען געוועזען זעהר פֿאָרזיכטיג, האבען קיין ליאַרם ניט געמאַכט און ערשט פֿארטאָג האבען זיי ארומגערינגעלט אונזערע רייזענדע און האבען זיי אויסגעבונדען איינציגווייס, וויא דיא שעפּסען.

דערפֿון אבער האבען אונזערע רייזענדע דערוויל ניט געוואוסט. זיי האבען זיך געמאכט הארץ און האבען געוויעזען דיא ווילדע, אז זיי הערן זיי ניט און קימערן זיך גאר ניט, וואס זיי זיינען געפֿאַנגען. לארד גלענארוואן האט געפֿאַכט מוטה און האט געפֿרעגט דעם הויפטלינג קאַאי־קומו:

— וואוהין פֿאהרען מיר, קאַפּיטאַן?

קאַאי־קומו האט אויף איהם געוואָרפֿען א קאַלטען בליק און האט ניט געציטערט.

— וואס ווילסט דוא טהאן מיט אונז, קאפּיטאן? האט לארד גלענארוואן ווייטער געפֿרעגט גאנץ רוהיג.

א בליץ פֿון האַס און צאָרן האט געפֿונקעלט אין קאַאי־קומו'ס אויגען.

— דיא ענגלענדער האבען אונזערע געפֿאַנגענע. ווען איהר האט עפּעס א ווערטה און אייער פֿאלק וועט וועלען אויסבייטען אייך פֿאר אונזערע געפֿאַנגענע, וועלען מיר אייך אויסבייטען; ווען איהר האט פֿאר זיי קיין ווערטה ניט און זיי וועלען ניט וועלען אייך אויסבייטען, וועלען מיר אייך אויפֿעסען.

דאס איז געוועזען א גאַנץ קלאָרע און דייטליכע אנטווארט. לארד גלענארוואן האט געזעהן, אז דער מאַאָרי הויפטלינג רעדט ענגליש. אלזאָ, מוז מען רעדען מיט זיינע קאמעראַדען אגאנדערע שפּראַכע. ער האט אנגעהויבען צו רעדען מיט זיי פֿראנצויזיש.

— דיא אַנטווארט פֿון'ם ווילדען גיט מיר האָפֿנונג, האט ער געזאגט. וויא איך פֿערשטעה. געפֿינט זיך א גרויסער מאן פֿון דיא מאַאָרי געפֿאַנגען ביי דיא

ענגלענדער. זיי ווילען איהם אויסלעזען. ווען מיין פריינד, דער גובערנאטאר פון אקלענד, וועט נור געוואהר ווערן, אז איך בין געפאנגען ביי די מאארי, וועט ער געוויס טהאן אלעס מעגליכע אום מיך צו בעפרייען. מיר האבען אלזא נאך האפנונג זיך צו רעטען.

דער פראפעסאר האט זיך באלד אין גאנצען בערוהיגט און האט געבעטען דעם הויפטלינג, ער זאל איהם אפבינדען די הענד און איהם ערלויבען צו בעטראכטען זיין לאנדקארטע. ער האט געוואלט זעהן, וואוהין מען פיהרט זיי.

קאאי-קומו האט זיך ערשט צוגעקוקט צום פראפעסארס געזיכט מיט זיינע גרויסע בלויע ברילען און האט א שמייכעל געטהאן. דאס געזיכט איז איהם אויסגעקומען זעהר קאמיש. ער האט ניט געוואוסט, וואס א לאנדקארטע איז און איז געווען נייגיעריג צו זעהן, וואס דער ווייסער מענש וועט טהאן, ווען ער וועט איהם אפבינדען די הענד. ער האט געהייסען איינעם פון זיינע קריעגער, ער זאל איהם אפבינדען די הענד, דערפאר אבער זאל ער איהם נאך פעסטער צו־בינדען די פיס צום קאנאע.

דער פראפעסאר האט גאנץ רוהיג צושפרייט זיין לאנדקארטע און האט בעטראכט, וויא דער טייך וואיקאטא, אויף וועלכען זיי זיינען יעצט געפאהרען, דרעהט זיך, וויא א שלאנג, צווישען זיינע הויכע ברעגעס. דער וואיקאטא איז דער גרעסטער טייך אויף דער נארד אינזעל פון ניי זעעלאנד. ער איז הייליג ביי די מאארי. קיין אייראפעער האט איהם נאך ניט אויסגעפארשט אין גאנצען. די מאארי לאזען קיינעם ניט צו צום אויבערשטען טהייל פון איהם, וואו ער הייבט זיך אן.

קאאי-קומו האט נייגיעריג צוגעקוקט, וויא דער פראפעסאר בעטראכט די לאנדקארטע. ער האט פערשטאנען, אז דאס איז ניט קיין געוועהנליכער מענש און האט אנגעהויבען צו האבען פאר איהם רעספעקט. מעגליך, אז ער האט איינגעזעהן, אז דער דארער לייב פאגאנעלס איז ניט אזוי געשמאק און דער געבראטענס, וואס ער וועט מאכען פון איהם, וועט ניט טויגען. אלענפאלס האט ער געפונען, אז דיעזען מענשען דארף מען בעהאנדלען א ביסעל בעסער, וויא די אנדערע.

— וויא שנעל געהט אונזער קאנאע? האט דער פראפעסאר געפרעגט קאפיטאן פארראגוט אויף פראנצייזיש.

— זא ווייט איך קען אויסרעכענען, געהט עס אן ערך פון דריי מייל אין א שטונדע, האט פאררארגוט געענטפערט. אבער צו וואס פרעגט איהר עס?

— איך האב געהערט, וויא די ווילדע האבען עטליכע מאל ארויסגעזאגט דאס ווארט „טאאופא“. דאס איז דער נאמען פון א גרויסען זעע (אזערא) טיעף אין לאנד. מיר ווייזט אויס, אז מען פיהרט אונז אהין. נאך מיין רעכנונג וועלען מיר ערשט אין פיער טאג ארום אנקומען קיין „טאאופא“.

— וואס ווערט דערפון, וואס מיר ווייסען, אין וויפיעל טעג מיר וועלען אנקומען אהין, האט דער מאיאר געזאגט בייז. וואו זיינען בעסער די ענגלענדער?

— ווי עס ווייזט אויס, האט זיך דער קריעג אויסגעברייטעט ביז טאַאופּאַראַרט ערגעץ שטעהן געווים די ענגלישע רעגימענטער און מען פֿיהרט אונז אַהין אום אונז אויסצובייטען אויף די געפֿאַנגענע מאַאָרי.

— הלואי זאָלט איהר אמת זאָגען! האט ליידי העלענא זיך אָפּגערופֿען.

לאָרד גלענאַרוואַן האט געזעהן, אַז קאַאי־קומו לאָזט פֿון זיי קיין אויג ניט אַראָפּ. ער האט דאָהער געגעבען אַ צייכען, אַז מען זאָל שווייגען. ער האט געוואוסט, אַז די ווילדע מענשען זיינען גרויסע מימיקער. זיי פֿערשטעהן אַלעס אויפֿ'ן ווינק. זיי קענען לעזען יעדען אויסדרוק פֿונ'ם געזיכט, יעדע בעוועגונג פֿון די אויגען און יעדע מינע, וואָס דער מענש מאַכט.

אַלע האָבען געקוקט אויף ביידע זייטען פֿונ'ם טייך. זיי זיינען פֿאַרבייגעפֿאָהרען איינינע דערפֿער פֿון די מאַאָרי. די דערפֿער אָבער זיינען געוועזען לעדיג. די איינוואוינער זיינען אַנטלאָפֿען. איבעראַל האט מען געקענט זעהן די שפּורען פֿונ'ם שרעקליכען קריעג. הייזער זיינען געוועזען פֿערברענט און צערשטערט. פֿעלדער — צוטראָטען און פֿערניכטעט. איבעראַל איז געוועזען שטיל און רוהיג. נור איינינע פֿייגעל האָבען זיך געוויעזען אויף די ביימער. נור זיי זיינען געוועזען צופֿריעדען מיט'ן קריעג. פֿאַר זיי איז יעצט געוועזען אַלעס פֿריי.

אום צוועלף אוהר האט קאַאי־קומו געהייסען בלייבען שטעהן לעבען אַ ברעג. עס איז געוועזען מיטאָג צייט. די געפֿאַנגענע האט ער געהייסען געבען זייער פּראָוויאַנט. מען האט זיי אָפּגעבונדען די הענד און מען האט זיי געלאָזען עסען זייער מיטאָג. די מאַאָרי האָבען געגעסען זייערע אייגענע שפּייזען. זיי האָבען ניט אָנגעריהרט דאָס עסען פֿון די אייראָפּעער.

נאָכ'ן עסען האט מען זיך אַ ביסעל אויסגערוהט און דאַן איז מען ווייטער געפֿאָהר'ען. געגען אָבענד איז מען געבליעבען שטעהן. קאַאי־קומו האט געהייסען זיינע געפֿאַנגענע אַרויסגעהן. מען האט זיי אָפּגעבונדען די פֿיס, דערפֿאַר אָבער האט מען זיי געבונדען די הענד. די דאַמען האט מען געלאָזען גאַנץ פֿריי. מען האט געמאַכט אַ לאַגער אויף די נאַכט. אַ שטאַרקע וואַך איז אַרומגעגאַנגען די גאַנצע נאַכט און האט זיי אָפּגעהיט.

לאָרד גלענאַרוואַן און קאַפּיטאַן פֿאַרראַגוט האָבען צוואַר געמאַכט פּלענער, ווי צו אַנטלויפֿען, עס איז אָבער געוועזען ניט אַזוי לייכט צו אַנטלויפֿען פֿון קאַאיקומו'ס הענד. דער פּראָפֿעסאָר האט ערקלערט, אַז עס לוינט גאָר ניט צו אַנטלויפֿען. די געגענד איז זיי ניט בעקאַנט. די מאַאָרי זיינען געשיקט און וועלען זיי אויסכאַפּען איינציג ווייס. עס איז גלייכער צו וואַרטען. די ענגלישע רעגיערונג וועט זיי געווים אויסלעזען. בעזאָנדערס, ווען קאַאי־קומו האט זיי אַליין געזאָגט, אַז ווען זיי האָבען נור אַ ווערטה ביי די ענגלענדער, וועט ער זיי אויסבייטען געגען די געפֿאַנגענע פֿון די מאַאָרי.

דעם אַנדערען טאָג האט מען זיי אויפֿגעוועקט גאַנץ פֿריה און מען האט זיי געהייסען אַריינגעהן אין קאַנאָע. מען איז געפֿאָהרען זעהר שנעל. קאַאי־קומו האט זיך געאיילט.

אום צעהן אוהר איז א־געקומען זיי ענטגעגען אנאנדער קאנאע, אויף וועלכע עס זיינען געזעסען צעהן מאארי. דאס זיינען געווים געוועזען גרויסע מענער, ווייל זיי האבען זיך געגריסט נור מיט קאאי־קומו. יעצט זיינען ביידע קאנאעס געפאהרען צוזאמען. עס איז געוועזען דייטליך, אז דיא קריעגער פון דער צווייטער קאנאע קומען ערשט פון א שלאכט מיט דיא ענגלענדער. זייערע קליידער זיינען געוועזען צוריסען, זייערע געזיכטער און זייערע הענד זיינען געוועזען שווארץ פון פולווער און ביי איינינע איז גערונען בלוט פון דיא וואונדען, וועלכע זיי האבען בעקומען אין דער שלאכט.

זיי זיינען געזעסען אין זייער קאנאע בייז און שטילשווייגענד. אויף דיא אייראפעער האבען זיי זיך גאר ניט אומגעקוקט. וויא עס ווייזט אוים האבען דיא ענגלענדער געזיעגט און דיא מאארי זיינען זיך צולאפען איבער פעלדער און וועלדער און האבען צוריסען זייערע קליידער אין דעם „בוש".

געגען מיטאג האבען זיך אנגעהויבען צו ווייזען הויכע בערג. דער טייך איז יעצט געוועזען איינגעשלאסען צווישען הויכע ברעגעס, איז געוועזען אין דיעזען ארט זעהר טיעף און איז געפלאסען זעהר שנעל. דיא קרעפטיגע הענד פון דיא מאארי האבען געארבייט זעהר שווער אום צו פיהרען דעם קאנאע ארויף וואסער.

געגען אבענד איז מען ווידער געבליעבען שטעהן אויף נאכטלעגער. עס איז פון ערגעץ אנגעקומען א הויפטלינג, וועלכער האט געהאט דעם זעלבען ראנג (טשין) וואס קאאי־קומו. ביידע הויפטלינגע האבען זיך געגריסט נאך דער נייעסטער ניי זעעלענדישער מאדע. אונזערע רייזענדע האבען געוואוסט, אז צוויי בעקאנטע מענשען בעגעגענען זיך, גיט איינער דעם אנדערן דיא האנד. דאס איז דיא אייראפעאישע מאדע. אין ניי זעעלאנד אבער, ווען צוויי מאארי בעגעגענען זיך, רייבען זיי זייערע נעזער איינער אן דעם אנדערן. דאס איז דער גרעסטער אויסדרוק פון העפליכקייט.

אונזערע רייזענדע האבען עס צוגעזעהן גלייכגילטיג. עס איז זיי יעצט ניט געלעגען אין זינען זיך צוצוקוקען צו דיא מאדעס אין ניי זעעלאנד, ראבערט גראנט אבער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט אנגעהויבען צו לאכען.

— וואס לאכסט דוא ראבערט? האט איהם דער פראפעסאר געפרעגט מיט א פארוואורף. איז דען ניט דיא נאז אזא עדעלעס גליעד פון'ם מענשליכען קערפער וויא דיא האנד?

דיעזע נאכט האט מען זיי נאך שטרענגער בעוואכט, וויא דיא פאריגע נאכט. דער פראפעסאר האט דערפון געדרונגען, אז דיא ענגלענדער האבען גענומען נאך מעהר מאארים געפאנגען און מען היט זיי אפ אום זיי צו פערבייטען געגען דיא געפאנגענע מאארים. אלזא, קען מען האפען, אז מען וועט זיי באלד בעפרייען.

דעם אנדערן טאג האט מען זיי ווייטער ארייננעטריעבען אין קאנאע און מען איז ווייטער געפאהרען. דאס מאל איז דיא רייזע געוועזען לעבעדיגער. אלע מאל זיינען צוגעקומען נייע מאארים אין זייערע קאנאעס. עס איז

נעוועז דייטליך, אז זיי זיינען אויך אנטלאפען פאר דיא ענגלענדער. אפט האט מען זיי געהערט זינגען א ליעד. דער פראפעסאר האט ערקלערט, אז זיי זינגען זייער פ י ה ע, א פאטריאטישעס ליעד, וויא אין אייראפא דיא מארסאליעזע. מיט דיעזעם ליעד פייערן זיי אויף דיא קריעגער און בעגייסטערן זיי אין קאמפף געגען דיא אייראפעער. נאך יעדער פערז פון'ם ליעד שלאגען זיי זיך אין הארצען, אז עס קלינגט וויא א פויק.

געגען פיער אוהר פאר נאכט זיינען זיי דורכגעפאהרען איינע פון דיא זעלטענסטע געגענדען ניט נור אין ניי זעעלאנד, זאנדערן אין דער גאנצער וועלט. פוןביידע זייטען טייך האבען געשפריצט פאנטאנען פון הייסע וואסער אדער הייסען דאמפף. איינינע ברונען זיינען, דאכט זיך, געוועזען גאנץ רוהיג, קוים אבער האט מען אין זיי אריינגעווארפען א שטיינדעל, האבען זיי אנגעהויבען צו שפריצען מיט הייסעם וואסער אדער מיט הייסע בלאטע. אזעלכע ברונען הייסען „גייזער" און געפינען זיך נור נאך אין איין ארט אין דער וועלט און צוואר אויף דער אינזעל א י ס ל א נ ד, וועלכעס געהערט צו דענעמארק. אין איסלאנד אבער זיינען דא נור עטליכע „גייזער", דא, אין ניי זעעלאנד פארנעהמען זיי א גאנצע שטרעקע לאנד פון שעהנע עטליכע מייל. — לאז נור איינער אריינשטעקען א שטעקען אין דער ערד און עס וועט באלד ארויסשפריצען הייסע וואסער אדער דאמפף.

אין דער לופט האט מען געהערט א שטארקען גערוך פון שוועפעל. דיא מאארי האט דיעזער גערוך גאר ניט געהארט, אונזערע רייזענדע אבער האבען שרעקליך געליטען. זיי זיינען שיער ניט דערשטיקט געווארען פון דעם שווערן גערוך.

וויא שווער דער גערוך איז געוועזען, האט דער פראפעסאר ניט געקענט ארויפלאזען קיין אויג פון דיעזער ווילדער, אבער זאנדערבארער סצענע. אין הונדערטער ערטער זיינען ארויס פון דער ערד זיילען מיט וואסער אדער מיט דאמפף. דיא ערד אין ביידע זייטען פון'ם טייך איז געוועזען רויט, א בעוויז, אז אין דער ערד איז דא פיעל אייזען.

אין דעמזעלבען ארט איז דא א וואסער-פאל. דאס גאנצע וואסער פון'ם טייך וואקאטא פאלט אראפ פון שטיינער עטליכע פוס דיא הויך. דער פראפעסאר האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. ער האט גערעכענט, אז דיא מאארי עלען ארויסגעהן אויפ'ן ברעג און וועלען איבערטראגען דיא קאנאעס ביז אייבערן וואסער-פאל. — וויא קען מען אבער געהן אויפ'ן ברעג, וואו דיא ערד איז אזוי הייס?

וויא גרויס איז דאהער געוועזען זיינע איבעררראשונג, ווען ער האט געזעהן, אז דיא מאארי פאהרען גלייך אין וואסער-פאל! דער טייך האט גערוישט און געקאכט אין דיעזען ארט, א זייל פון ווייסען שוים איז געשטאנען אין דעם ארט, וואו דאס וואסער איז אראפגעפאלען פון דיא שטיינער. דיא מאארי האבען זיך ניט דערשראקען און האבען געפיהרט זייער קאנאע גלייך אין זייל פון שוים.

— וויא פֿיעל קראַפֿט, וויא פֿיעל געשיקטליכקייט מוז א מענש האבען אום דורכצופֿיהרען א באָאט מיט מענשען דורך אזא געפֿעהרליכען אָרט! האט דער פראָפֿעסאָר זיך אפגערופֿען. — רעספעקט פֿאר דיא מאַאָרי!

אלע איבעריגע האבען געשוויעגען, נור ראבערט גראנט האט זיך ניט גע־קענט איינהאלטען און האט געפֿרעגט דעם פראָפֿעסאָר, וויא הייסט דיעזע וואונ־דערבאַרע געגענד?

— מיר האבען געזעהן נור א גאנץ קליינעם טהייל פֿון דיעזער געגענד, האט דער פראָפֿעסאָר געענטפֿערט. — דארט ווייטער געפֿינט זיך א גרויסער זעע (אָזיערא) מיטן נאמען ראָטאָרוא. ארום און ארום דיעזען זעע געפֿינען זיך דיעזע וואונדערבאַרע „גייזער" און נאטירליכע שפרינגברונען. עס פֿליעסען אריין אין דיעזען זעע גאנצע טייכען פֿון זיעדענדעס וואסער. דיא געגענד איז נאך ניט גע־נוג אויסגעפֿאָרשט, ווייל דיא מאַאָרי לאזען אהער ניט צו קיין אייראָפּעער. וויא עס ווייזט אויס, איז דיעזע געגענד ביי זיי הייליג, אזוי וויא דיא געגענד ארום דער שטאדט באַקו, אין רוסלאַנד, איז אמאל געוועזען הייליג ביי דיא פערזער. אין דער געגענד ארום באַקו געפֿינען זיך גרובען מיט פעטראָלעאום (קעראָסין) ווען מען פֿלעגט אביסעל גראָבען אין דער ערד און צו לעגען א ברענענדיג ליכט, פֿלעגט זיך דער קעראָסין אנצינדען: דיא פערזער האבען אמאל געדיענט צום פֿייער און האבען געמיינט, אז אין יענער געגענד וואוינט זייער גאָט. דיא מאַאָרי גלויבען אויך, אז אין דיעזער געגענד וואוינט א גאט און האלטען דיעזע געגענד פֿאר הייליג.

דיא רייזע איז יעצט געגאנגען שנעלער. דיא מאַאָרי האבען גערודערט מיט קראַפֿט און מיט מעהר מוטה. זיי האבען געפֿיהלט, אז זיי זיינען שוין ניט ווייט פֿון דערהיים. דענאך האבען אונזערע רייזענדע געמוזט צוברענגען נאך א נאַכט אין דרויסען. ערשט דעם אנדערן טאג אין דערפֿריה איז זייער קאַנאָע צוגעקומען צו א גרויסען זעע (אָזיעראָ).

— דאס איז דער זעע טאַאופאָ, האט דער פראָפֿעסאָר געזאָגט און האט זיך צוגעקוקט צו זיין לאַנדקאַרטע. דא איז דאס הויפט קווארטיר פֿון דיא מאַאָרי.

און ווירקליך, באלד זיינען אנגעקומען הונדערטער קאַנאָעס בעזעצט מיט מענשען און האבען געגריסט קאַאי־קומו. ווען מען איז צוגעקומען צום לאַנד, האבען אונזערע רייזענדע דערזעהן, וויא אויף אן אלטעס הויז האט געוועהט הויך אין דער לופֿט א רויטער פֿלאַג מיט א שווארצען שטערן אין דער מיט. — דאס איז געוועזען דער פֿלאַג פֿון דיא מאַאָרי.

11טעס קאפיטעל.

## דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע.

דער טאַאופאָ זעע איז איינער פֿון דיא וואונדערבאַרסטע ערשיינונגען אין דער נאַטור. ער איז 25 מייל דיא לענג און 20 מייל דיא ברייט. וויא טיעף ער איז, קען מען ניט וויסען. וויא פֿיעל מאל מען האט איהם געמאָסטען, האט מען

קיין מאל ניט געקענט דערגרייכען דעם גרונד. ארום איהם געפינען זיך הויכע בערג, וועלכע זיינען בעדעקט מיט וועלדער. צווישען דיא בערג געפינען זיך טיעפע טהאלען, אין וועלכע דיא ערד און דאס וואסער קאָכען און זיעדען, וויא אין א קעסעל. אין ערטער גיעסען זיך אריין גאנצע טייכען פון הייסעס וואסער אדער הייסע שוועפעל אין זעע טאאופא. אין דיזע ערטער שטעהט איבערן זעע א וואָלקען פון דאמפף.

ניט ווייט פון זעע געפינט זיך א פייער שפייענדיגער באַרג, דער וואול־קאַן טאנגאַרירא. ער רוהט קיין מאל ניט. טאג און נאַכט ווארפט ער פון זיך פייער און רויך. ביי נאַכט בעלייכטעט ער דעם גאַנצען זעע מיט זיינע רויטע פלאַמען. דיא איינוואוינער האבען אן אומזיסטיגע בעלייכטונג. עס געפינען זיך נאך בערג אין יענער געגענד.

וואלט דער פראפעסאר געווען אויפגעלעגט, וואלט ער געקענט דערצעהלען פיעלע שעהנע מעשות פון יענער געגענד. ער וואלט געקענט דערצעהלען דיא געשיכטען, וועלכע דיא מאארי דערצעהלען פון דיזע בערג. מיר ווילען דאָ ברענגען איין געשיכטע אום צו ווייזען דעם כאראַקטער און דיא פאַנטאַזיע פון דיא מאַארי.

אמאל זיינען דיא צוויי בערג, דער וואולקאַן טאַנגאַרירא און דער באַרג טאַראַנאַקי, געווען גוטע פריינד און האבען געוואוינט צוזאמען רוהיג און פריעד־ליך. זיי האבען זיך אבער צוקריעגט איבער א פרוי, וועלכע זיי האבען ביידע געליעבט. דער טאַנגאַרירא איז א היץ קאפ — ער שפייט בעשטענדיג מיט פייער. ער איז געווארען בייז און האט אנגעהויבען צו ווארפען שטיקער פייער אויף זיין פריינד. טאַראַנאַקי איז א שטילער באַרג. ער איז אנטלאפען פון איהם ביז צום ברעג פון'ם מעער. פון דאַמאָלס אָן וואוינט ער אַליין און וויל זיך ניט איבערבע־טען מיט'ן בייזען טאַנגאַרירא.

דער פראפעסאר וואלט געקענט דערצעהלען נאך פיעלע אזעלכע געשיכטען און פאלקסערצעהלונגען פון דיא מאַארי. ער איז אבער יעצט געווען ניט אויפ־געלעגט צו דערצעהלען געשיכטען און זיינע קאמעראַדען איז ניט געווען דער קאפ דאביי צו הערען געשיכטען פון דיא מאַארי. זיי האבען זיך ארומגעקוקט טרויעריג אין אלע זייטען; זיי האבען געקוקט צו דיא בערג, פיעלייכט וועט פון דארט ערגעץ קומען זייער הילף.

דער פראפעסאר האט געזעהן אויף זיין לאנדקאַרטע, אז אויף א באַרג, אין דעם אָרט, וואו דער טייך פאַלט אריין אין זעע טאַאופאָ, דארף זיין א הויז און א קירכע פון דיא ענגלישע מיסיאָנערן. ער האט יעצט געזוכט מיט דיא אויגען דיעזעס הויז און דיעזע קירכע. ער האט אבער קיין שפור פון זיי ניט געפונען. דער קריעג האט צערשטערט דאס הויז און פערברענט דיא קירכע. וואו זיינען אהינגעקומען דיא מיסיאָנערן? — ווער קען עס וויסען? ווער וועט זיי זאגען?

קאַאי־קומו האט זיי ניט געלאזען לאנג טראַכטען. ער האט עפעס גערעדט מיט דיא מענשען, וואס זיינען איהם ענטגעגען געקומען און האט געהייסען זיינע

מאַטראַזען פאַהרען ווייטער אין זעע טאַאופאַ. זיי זיינען געפאַהרען געגען א שטונ-
דע אין זעע און זיינען געקומען צו א קליינער בוכטע. דארט איז זיין קאַנאָע גע-
בליעבען שטעהן און דיא געפאַנגענע זיינען ארויסגעגאנגען אויפ'ן ברעג.

זיי זיינען געווען יעצט אין א גרויס פעלד, וועלכעס איז געווען בעוואַקסען
מיט א וואונדערבארעס גראָז. דיא ווילדע רופען עס „האַראַקעקע", די געלערנטע
רופען עס „פאָרמיום". פון דיעזעס גראָז מאַכען דיא מאַארי פלאַקס, פון וועלכען
זיי שפינען פעדים און פלעכטען זיך אויס קליידער. פון וועבען און א וועבשטוהל
ווייסען זיי נאך ניט — זיי פלעכטען אויס זייערע קליידער פון גאנץ גראבע פע-
דים, וויא ביי אונז דינע שטריקלעך, פון'ם פלאַקס, וועלכעס זיי מאַכען פון'ם
פאָרמיום.

פון דיא בלומען פון'ם „פאָרמיום" מאַכען דיא מאַארי זעהר א גוטען האָ-
ניג. פון דיא וואָרצלען ציעהען זיי ארויס א סאָרט וואַקס. דיא בלעטער, ווען זיי
זיינען פריש, ניצען זיי אלס פאַפּיער. מען שרייבט אויף זיי מיט א שאַרפען ביין
אדער מיט א נאָל; ווען זיי זיינען טרוקען, מאַכט מען פון זיי פלאַקס, שטריק
און נעצען צו חאַפּען פיש.

דאס איז איינע פון דיא זעלטענסטע גראָזען אין דער וועלט. אין ניי זעע-
לאנד וואַקסט עס ווילד און בעדעקט גאנצע שטרעקען פון הונדערטער מייל.

אונזערע רייזענדע האט מען יעצט געפיהרט דורך א פעלד פון „פאָרמיום"
אין אנאנדער צייט וואלט דער פראָפעסאר און ראבערט גראנט זיך געווען צוגע-
קוקט צו דיעזעס זאנדערבאַרעס גראָז, יעצט אבער איז עס געווען אונמעגליך
שטארקע מאַאָרי'ס האבען זיי ארומגערינגעלט און זיי גוט בעוואַכט. מען האט
זיי ניט געלאָזען בלייבען שטעהן אויף איין מינוט. ענדליך האט מען זיי צוגע-
פיהרט צו קאַאי-קומו'ס פעסטונג אדער „פאַה".

דיא פעסטונג איז געשטאַנען אויף א בערגעל. אונטען ארום בערגעל איז
געווען א צוים פון שטאַרקע שפּיציגע קלעצער אריינגעשלאָגען אין דער ערד.
העכער אויבען איז געווען א צוים פון געפלאָכטענע דינע שטעקעליך, פון וועל-
בע מען מאַכט ביי אונז קערב. ארום זיי איז געווען אנגעשאָטען א גאנצע וואַנד
פון ערד. אין דיעזער וואַנד זיינען געווען געמאַכט לעכער, פון וועלכע מען האט
געקענט שיעסען אויפ'ן פיינד. ווען דער פיינד האט געשאָסען, זיינען זיינע קוגעלן
אריין אין דער ערדענער וואנד און האבען ניט געשאַדעט.

אין דער פעסטונג איז געשטאַנען קאַאי-קומו'ס הויז און פערציג ביז פופציג
אנדערע הייזער. דאס איז א פעסטונג ביי דיא מאַאָרי. אין דער צייט פון קריעג
בעהאלטען זיך דיא איינוואוינער אין דער פעסטונג.

ווען מען האט צו געפיהרט אונזערע רייזענדע צו דער פעסטונג און זיי
האבען זיך ארומגעקוקט, האבען זיי אונגערן א ציטער געטהאָן. אויפ'ן שפּיץ פון
יעדען קלאָץ אין צוים האט געשטעקט דער קאָפּ פון א מענשען. אייניגע זיינען
געווען שוין לאנג טויט. עס זיינען געבליעבען פון זיי נור דיא ביינער. אנדערע
אבער זיינען געווען נאך פריש און בעדעקט מיט פלייש.

— וויא פיעל קעפ פון ענגלענדער טריקענען זיך דא אויף דיעזע קלעצער! האט יעדער פון אונזערע רייזענדע ביי זיך געטראכט.

דער אנבליק איז געווען א שרעקליכער, אבשייליכער און אונערטרעגליכער. ליידי העלענא און מערי גראנט האבען עס ניט געקענט זעהן. זיי האבען אראפּגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד. דער פּראפעסאר האט זיך צוגעקוקט צו דיא קעפּ און האט געזעהן, אז אלע, זאגאר דיא גאנץ פרישע, זיינען אהן אויגען. דיא אויגען זיינען ארויסגענומען. ער האט געוואוסט, אז דיא מאארי האלטען עס פאר הייליג אויפצוזעצען דיא אויגען פון זייערע פיינד אדער פון זייערע געפאנגענע.

זאנדערבאר! זא לאנג דער פראפעסאר האט נור גערעדט פון דיא מאארי, האט ער פאר זיי געציטערט; יעצט אבער, ווען ער איז געווען אין זייערע הענד, איז ער געווארען גלייכגילטיג און האט געקוקט אויף דיא אויסגעהאנגענע קעפּ, אזוי גלייך וויא זיי וואלטען געווען שטיינער. ער האט געלעזען זעהר פיעל איבער דיא מאארי און זייערע זיטען (מנהגים) און האט זיך יעצט געוואלט איבערצייגען, אויב דיא בעשרייבונגען, וואס ער האט געלעזען, זיינען ריכטיג.

ער האט געוואוסט, אז ווען דיא מאארי נעהמען געפאנגען א גרויסען מאן און עסען איהם אויף, רייכערן זיי זיין קאפּ, ביז ער ווערט הארט, וויא א שטיין, און ברוין, וויא א וואורשט. דאן שטעקען זיי איהם אן אויף א שפּיז אין דער הויך אלס צייכען פון זייער זיעג. ער האט געפונען עטליכע אזעלכע קעפּ אויפגעשטעקט אין קאאי-קומי'ס פעסטונג.

ווען מען האט אריינגעפיהרט אונזערע געפאנגענע אינעווייניג אין פעסטונג האבען זיי ארומגערינגעלט א גרויסע מענגע פרויען און קינדער, וועלכע האבען געשריען, געשאלטען און זיי געשימפּט און געזידעלט. זיי האבן געשימפּט אויף זייער שפּראך, וועלכע אונזערע רייזענדע האבען ניט פערשטאנען, פון צייט צו צייט אבער פלעגען זיי ארויסזאגען א פאר ענגלישע ווערטער, פון וועלכע ביי אונזערע רייזענדע איז פערקיהלט געווארען דאס בלוט אין דיא אדערן. — זיי האבען געוויזען אויף ליידי העלענא, מערי גראנט און ראבערט גראנט, אז זיי זאל מען באלד אויפעסען.

זיי האבען זיך אבער ניט בעגניגט דער מיט אליין און האבען אנגעהויבען צו צו-קומען נעהענטער צו זיי, צו שלאגען זיי, צו רייסען זייערע קליידער און צו בעטאפּען זיי, אויב זיי זיינען פעט. לארד גלענארוואן האט ענדליך ניט געקענט אויסהאלטען, וואס מען בעליידיגט דיא דאמען. ער האט זיך געווענדעט צו קאאי-קומו און האט איהם געזאגט:

— נעהם זיי אוועק פון דאנען!

קאאי-קומו האט אויף איהם געווארפען א בייזען בליק און האט קיין ווארט ניט געענטפערט. ער האט א מאך געטהאן מיט'ן האנד און דיא מענגע פרויען און קינדער האבען אפּגעטרעטען פון דיא געפאנגענע. באלד האבען אנגעהויבען זיך צונויפצוקומען עלטערע מענשען צו קאאי-קומו. אלע זיינען געווען ביי-

פֿינסטער און טרויעריג. עס איז געווען דייטליך, אז די מאַרי האבען פֿערלאָרען דעם קריעג, אז מען האט זיי געשלאגען אומעדום און פֿערטריעבען פֿון אלע זייערע פֿעסטונגען. מעגליך, אז זיי זיינען זיך יעצט צונויפֿגעקומען האלטען א קריעגסראַטה און בעשליעסען, וואס זיי זאלען ווייטער טהאָן.

אלע האבען זיך געווענדעט צו קאַאי-קומו און האבען איהם עפּעס געפרעגט. ווען קאַאי-קומו האט געענטפֿערט, האבען פֿיעלע זיך אנגעהויבען צו רייסען ביי די האָר און צו שניידען זייערע האלב נאַקעטע לייבער מיט שאַרפֿע שטיינער אדער מיט ביינער פֿון מענשען און טהיערע, ביז דאס בלוט האט זיך געגאָסען פֿון זיי טייכען ווייס.

דער ווילדער קען אנדערש ניט אויסדריקען זיינע ליידען אלס דורך געוויסע צייכענס. ער רייסט זיך די האָר, ער שניידעט זיך דאס לייב, ער לעגט זיך ארויף אַש אויפֿ'ן קאפּ און פֿיהרט זיך אויף, ווי א וואהנזיניגער.

שפּעטער זיינען אונזערע רייזענדע געוואהר געווארען, אז פֿון צוויי הונדערט און פֿופֿציג קריעגער, וועלכע זיינען ארויסגעגאנגען מיט קאַאי-קומו פֿון זיין פּאַה אין קריעג אריין, זיינען נור פֿופֿציג געקומען צוריק. די איבעריגע זיינען ענטווערדער געפֿאַלען אין קריעג אדער די ענגלענדער האבען זיי געפֿאַנגען. דאס איז געווען די אורזאַכע, וואס קאַאי-קומו האט בעהאנדעלט אזוי גוט אונזערע רייזענדע. ער האט געהאָפֿט, ער זאל פֿאַר זיי קריעגען פֿיעלע פֿון זיינע קריעגער, וועלכע זיינען געווען געפֿאַנגען ביי די ענגלענדער.

דער אויסדרוק פֿון טרויער פֿון די מאַרי איז געווארען אלע מאל גרעסער און פֿערצווייפֿעלטער, וואס ווייטער קאַאי-קומו האט גערעדט און דערצעהלט. ביי די מאַרי זיינען די ביינער פֿון זייערע עלטערן הייליג. דאס פֿלייש איז גאר נישט, מען מעג עס זאגאַר אויפֿעסען, די ביינער אבער זיינען הייליג. די ביינער פֿון יעדער פאמיליע מוזען ליעגען צוזאַמען אין זייער פֿאמיליע בעגרעבניס פּלאַץ. ווען עס שטארבט ביי זיי איינער, רייניגט מען אפּ דאס פֿלייש פֿון'ם קערפּער און מען שטעלט צונויף די ביינער. מען קראַצט זיי אפּ, מען פּאלירט זיי, מען לאקירט זיי אפּ און מען שטעלט זיי אויף אין א ניעדעריגעם הויז, וועלכעם הייסט ביי זיי „אודופּאַ“, אדער דאס עהרען הויז. ארום דיעזעם הויז שטעלט מען אויף הילצערנע סטאַטועס פֿון די פֿערשטאָרבענע. זיי זיינען אזעלכע געשיקטע שניצער, אז איינינע הילצערנע בילדער זיינען זעהר עהנליך צו דעם פֿערשטאָרבענעם.

ווען איינער איז געשטאָרבען ערגעץ ווייט און מען קען זיינע ביינער ניט ברענגען צו דעם „אודופּאַ“, איז עס א גרויס אונגליק פֿאַר דער פֿאמיליע פֿון'ם טויטען. זיין פּלאַץ אין דעם „אודופּא“ וועט בלייבען לעדיג. קיין גרעסערעס אונגליק קען שוין ניט זיין.

מען קען זיך יעצט פֿארשטעלען, ווי גרויס עס איז געווען זייער טרויער, ווען זיי האבען געהערט פֿון קאַאי-קומו, אז זייערע פֿעטער, זייערע ברידער אדער זייערע זיהן זיינען געפֿאלען ערגעץ גאַנץ ווייט, אין דעם לאנד, וואו די ענגלענדער

הערשען. דארטען וועלען זיי דיא הינד צורייסען און זיי וועלען בלייבען ליעגען אין דיא וועלדער און אין דיא פעלדער.

וואס מעהר קאַאי-קומו האט דערצעהלט, אלץ העכער האבען דיא פרויען און דיא קינדער געוויינט און זיך געריסען. זיי זיינען ווירקליך געווען וואהנזיניג און האבען זיך יעדעס מאל צוגעלאָזען צו אונזערע רייזענדע.

קאַאי-קומו אליין האט אנגעהויבען מורא צו האבען, אז דיא ווילדע מענגע זאל ניט צורייסען זיינע געפאַנגענע אויף שטיקער, אזוי ווילד זיינען זיי געווארען, בעזאנדערס דיא פרויען און דיא עלטערע קינדער. ער האט זיי דאהער גענומען און האט זיי אוועקגעפיהרט אויף א העכער אָרט אין זיין פאַה. דיעזער אָרט איז געווען הייליג. דארט פלעגען זיי אפהאלטען דיא צערעמאָניען פון זייער רעלי-גיאן. אהין האבען דיא פרויען און דיא קינדער ניט געטאָרט קומען.

דאס איז געווען א בערגעל, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען א שטוב מיט א גאנץ הויכען דאַך, — זייער טעמפעל, אדער בעט הויז, אדער וויא דיא מאַאָרי רופען עס „וואַרעאַטואַ“. דארט וואינען זייערע פריעסטער. דארט לערנען זיי דעם פאלק, אז עס זיינען דאָ דריי געטער: א פאטער, א זוהן און א הייליגער פויגעל. דיעזע דריי געטער זיינען אבער איינס, ווייל דער פאטער מיט'ן זוהן לעבען צו-פריעדען און קריעגען זיך קיין מאל ניט. וואס יעדער טהוט, איז דער אנדערער מסכים. אלזאָ, זיינען זיי איינס.

פון וואַנען עס האט זיך גענומען צו דיעזע ווילדע א רעליגיאָן, וועלכע איז זעהר עהנליך צו דער קריסטליכער, האט דיא וויסענשאַפט ביז אהער נאך ניט געקענט אויסגעפינען. ניט נור ביי דיא מאַאָרי, זאנדערן ביי פיעלע אנדערע ווילדע פעלקער געפינען מיר אזא אין דרייען געפלאַבטענעם גאט. ביי אייניגע איז דיא פאמיליע אין גאנצען: א פאטער, א מוטער און א זוהן. ביי אנדערע פעהלט דיא מוטער און עס איז דא א פאטער, א זוהן און א טאָכטער. וויעדער ביי אנדערע איז דאָ א פאטער מיט צוויי ז'הן, אן עלטערער און א אינגערער. דאן אבער איז דער עלטערער א גרויסער מיוחס. ער איז דער בכור און טהוט, וואס ער וויל. זאגאַר דער פאטער האט פאר איהם מורא.

יעצט וועניגסטענס זיינען אונזערע רייזענדע געווען זיכער. מ'הָן האט זיי אפגעבונדען דיא הענד און מען האט זיי געלאזען אליין אין טעמפעל. קיין בענק, קיין טישען און קיין מעבעל איז אין טעמפעל ניט געווען. עס זיינען נור געשטאַ-נען עטליכע פיגורען אויסגעשניצט פון האָלץ. דיא פיגורען האבען אויסגעוויעזען זעהר ווילד און שרעקליך. אויף דער ערד זיינען געלעגען מאַטען (ראָגאָזשעס) פון שטריק און פון דינע צווייגען פון ביימער.

אונזערע רייזענדע זיינען געווען זעהר מיעד און האבען זיך געזעצט אויף דיא מאַטען. ליידי העלענא און מערי גראַנט זיינען אומגעפאַלען. זיי האבען זיך היינט אזוי פיעל אנגעזעהן און אזוי פיעל אנגעהערט, אז זיי זיינען געווען ער-שעפּט און האבען ניט געקענט איינשטעהן אויף דיא פיס. לאָרד גלענערוואן האט ארומגענומען זיין פרוי און האט איהר געזאגט:

— פערליער ניט דעם מוטה, ליבע העלענא! גאט וועט אונז העלפען!

נור איין ראבערט גראנט האט דעם מוטה, ניט פערלארען. ער איז נאך געוועזען זעהר יונג און האט נאך ניט פערשטאנען די געפאהר, אין וועלכע זיי זיינען געווען. קוים האבען זיך אלע אניעדער געזעצט אויף דער ערד, איז ער ארויפגעקלעטערט, וויא א קאץ, אויף איינעם פון די מאַארי געטער און האט אריינגעשטעקט די קאפ אין א לאך אין דער וואנד, א סארט פענסטער אין טעמפעל. מיט זיינע יונגע, שארפע אויגען האט ער איבערגעקוקט דעם גאנצען „פאה".

— זיי שטעהען אלע ארום קאאי-קומו, האט ער געזאגט. — זיי ווארפען די הענד אין דער הויך — זיי רעדען — זיי שרייען. — קאאי-קומו מאכט מיט די הענד — ער וויל רעדען צו זיי. — מען לאזט איהם ניט. —

איינינע מינוטען האט ראבערט געשוויגען. דאן האט ער ווידער אנגעהויבען.

— קאאי-קומו רעדט — אלע הערען איהם צו אויפמערקזאם — מיר דאכט, אז זיי זיינען רוהיגער געווארען — זיי שרייען ניט — זיי מאכען ניט מיט די הענד — ער ווייזט אויף אונז. —

— וויא עס ווייזט אויס, האט קאאי-קומו א בעזאנדערעס אינטערעס אונז צו פערטהיידיגען, האט פאראגוט געזאגט. זיינע קריעגער ווילען אונז אויפעסען, ער אבער דערלאזט עס ניט. די פראגע איז נור, אויב עס וועט איהם געלינגען דורכצוזעצען זיין ווילען. דאן זיינען מיר געדעטעט. דאן זיינען מיר זיכער.

— זיי האבען איהם אויסגעהערט, האט ראבערט ווייטער געמעלדעט. — איינינע געהען אוועק — אנדערע שטעהען נאך ארום איהם. — אלע צוגעהען זיך — איינינע געהען אוועק פון דאנען. — קאאי-קומו איז געבליעבען נור מיט זיינע קריעגער, וועלכע זיינען געפאהרען מיט אונז אויף דעם קאנאע. — איינער געהט אהער צו אונז. —

— קום אראפ שנעל! האט לארד גלענערוואן געזאגט.

ער האט זיך געוואלט אויפהויבען און געהען העלפען ראבערט גראנט אראפשפרינגען פון דעם הילצערנעם גאט, אויף וועלכען ער איז געשטאנען אויף דער וואך. אין דיעזע מינוט האט איהם ליידי העלענא אנגענומען ביי דער האנד.

— עדוואַרד! האט זיא איהם געזאגט מיט א ביטענדער שטימע. — עדוואַרד! ניט איך, ניט מערי גראנט דארף ניט פאלען אין די הענד פון דיעזע ווילדע מענשען לעבעדיגערהייט.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא איהם דערלאנגט א געלאדענעם רעוואלווער, וועלכען זיא האט געטראגען בעהאלטען ערגעץ אין איהרע קליידער.

לארד גלענארוואן האט זיא אנגעקוקט מיט שטוינען. וואו האט זיא גענומען א רעוואלווער?

— א רעוואלווער? האט ער אויסגערופען. וואו האסט דוא גענומען א רעוואלווער? — וואס קענען מיר מאכען מיט איין רעוואלווער? —

— דעם רעוואלווער האב איך געטראגען ביי מיר, זייט איך בין געוואהר געווארען, אז אייערטאן איז א רויבער, האט ליידי העלענא געענטפֿערט. — איך גיב דיר דעם רעוואלווער ניט פֿאר דיא מאַארי, זאָנדערן — פֿאר מיך און מערי גראנט! —

לארד גלענארוואן האט בעהאלטען דעם רעוואלווער ביי זיך אויף דער ברוסט. אין דיעזע מינוט האט זיך אויפֿגעהויבען דיא מאַטע (ראַגאָזשע), וועלכע האט געדיענט אלס טהיר פֿון'ם טעמפעל, און איינער פֿון דיא מאַארי קריעגער איז אריינגעקומען. ער האט א ווינק געטהאן צו דיא געפֿאַנגענע, זיי זאלען געהן מיט איהם. זיי זיינען איהם נאכגעגאנגען און ער האט זיי געפֿיהרט דורך דעם גאנצען „פּאַה" אין א גרויס הויז. דארט האט קאַאי-קומו געוואוינט.

קאַאי-קומו איז יעצט געזעסען אין דער מיט פֿון זיין הויז אויף א קלאָץ. ארום איהם זיינען געשטאַנען זיינע קריעגער. דער מאַן, וואס האט זיי געבראַכט, איז געווען אן אנגעזעהענער מענש צווישען דיא מאַארי. ער איז געשטאַנען לעבען קאַאי-קומו און האט זיך מיט איהם יעדעס מאל בעראַטהען. שפּעטער זיינען זיי געוואהר געווארען, אז דיעזער מאַן הייסט קאַראַ-טעטע, דאס הייסט, א מענש, וואס ווייס ניט פֿון מיטלייד. ער איז געווען א הויפּטלינג גלייך מיט קאַאי-קומו און דערצו נאך א בעריהמטער קריעגער. ער האט אויך געהאט פֿינף צייכענס אויפֿ'ן שטערן, אדער דעם ראַנג (משין) פֿון א גענעראל.

קאַאי-קומו אליין איז געזעסען ערנסט, אין זיינע אויגען אבער האט מען געקענט לעזען א שרעקליכען האס צו דיא ווייסע מענשען.

— איהר זייט ענגלענדער? האט קאַאי-קומו געפֿרעגט, ווען דיא געפֿאַנגענע זיינען געשטאַנען פֿאר איהם אויסגעשטעלט אין א האלב קרייז.

— מיר זיינען ענגלענדער, האט לארד גלענארוואן געענטפֿערט מיט א פֿעסטער שטימע.

ער האט גערעכענט, אז פֿאר ענגלענדער וועלען דיא מאַארי רעספּעקט האבען.

— זיינען אייערע קאַמעראַדען אויך ענגלענדער? האט קאַאי-קומו ווייטער געפֿרעגט.

— מיר זיינען אלע ענגלענדער, האט לארד גלענארוואן געענטפֿערט. — מיר האבען געליטען שיפֿברוך ניט ווייט פֿון ניי זעעלאנד. מיר זיינען רייזענדע און האבען אין קריעג קיין א טהייל ניט גענומען.

— דאס געהט אונז ניט אָן, האט קאַראַ-טעטע געענטפֿערט ווילד. — יעדער ענגלענדער איז אונזער פֿיינד. אייער פֿאלק איז אנגעפֿאַלען אויף אונזער אינזעל, אייער פֿאלק האט ביי אונז אוועקגערויבט אונזער לאנד; אייער פֿאלק האט ביי אונז צוגענומען אונזערע פֿעלדער און האט צערשטערט אונזערע דערפֿער!

קאַראַ-טעטע האט גערעדט מיט אזא האַס און מיט אזא צאָרן, אז דער שוים האט איהם געשפּריצט פֿון'ם מויל.

— ווען מיין פֿאלק האט עס געטהאן, איז עס אונגערעכט, האט לארד

גלענארוואן געענטפערט. — מיינט ניט, אז איך זאג עס, ווייל איך בין יעצט ביי אייך אין דיא הענד. איך זאג עס, ווייל עס איז אזוי. איך זאג עס, ווייל ניט דאס גאנצע פאלק האט עס געטהאן, נור אייניגע.

— הער נור, וואס איך וועל דיר זאגען, האט זיך יעצט אפגערופען קאאי-קומו. דער טאהאנגא, דער הויפט פריעסטער פון אונזער גאט, איז געפאנגען ביי אייערע ברידער. אונזער גאט האט געהייסען, אז מיר זאלען איהם אויסלעזען. — איך אליין וואלט גיכער געוואלט ארויסרייסען אייער הערץ, אויפעסען אייערע לייבער און אויפשטעקען אייערע קעפ אויף דיא שפיצען פון מיין פאה. נואי-אטוא (דער נאמען פון זייער גאט) אבער האט אנדערש געהייסען.

קאאי-קומו, וועלכער איז ביז אהער געוועזען גאנץ רוהיג, האט ביי דיא לעצטע ווערטער אנגעהויבען צו ציטערן און האט געקריצט מיט דיא צעהנער פאר פערדרוס, וואס ער קען זיי ניט אויפעסען. ער האט זיך אבער באלד בערוהיגט און האט געזאגט:

— וויא דענקסט דוא, וועלען דיא ענגלענדער איינוויליגען דיך אויסצובייטען פאר אונזער טאהאנגא?

לארד גלענארוואן האט געקוקט קאאי-קומו גלייך אין דיא אויגען און האט ניט אזוי גיך געענטפערט. ער האט געוואוסט, אז דיא מאארי זיינען זעהר קלוג און מען דארף וויסען, וויא אזוי מיט זיי צו רעדען.

— איך וויים ניט, האט ער ענדליך געענטפערט.

— רעד דייטליך! האט קאאי-קומו געזאגט שארף. איז דיין לעבען אזוי פיעל ווערטה ביי דיין פאלק, אז זיי וועלען איינוויליגען דיך צו פערבייטען פאר אונזער טאהאנגא?

— ניין, האט לארד גלענארוואן געענטפערט רוהיג. — איך בין קיין הויפטלינג אין מיין פאלק, איך בין קיין פריעסטער און קיין גרויסער מאן.

פאגאנעל און פאררא.גוט זיינען געוועזען העכסט איבערראשט צו הערן אזא אנטווארט פון לארד גלענארוואן.

קאאי-קומו אליין איז אויך געוועזען איבערראשט. געוועהנליך זוכט יעדער מענש אין אזא פאל זיך פארצושטעלען גרעסער, וויא ער איז און ניט קלענער. וויא קומט עס, וואס לארד גלענארוואן מאכט זיך אזוי קליין?

— אלזא, מיינסט דוא, אז דיין פאלק וועט דיך ניט וועלען אויסבייטען פאר אונזער טאהאנגא? האט קאאי-קומו געפרעגט און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— מיך אליין? — געווים ניט! האט לארד גלענארוואן געענטפערט רוהיג. אונז אלע וועלען זיי פיעללייכט אויסבייטען פאר אזא גרויסען מאן, וויא אייער פריעסטער.

— ביי אונז איז דא א געזעץ — א קאפ פאר א קאפ, האט קאאי-קומו געענטפערט שטרענג.

— פראביר פארלעגען, אז מען זאל אויסבייטען דיעזע פרויען פאר אייער

טאַהאָנגאָ, האט לארד גלענאַרוואן געזאגט און האט געוויעזען אויף ליידי העלענא און מערי גראנט. מעגליך, אז דיא ענגלענדער וועלען איינוויליגען.

ליידי העלענא האט איהם געוואלט צוריק האלטען. ער האט איהר אבער ניט געהערט און האט ווייטער געזאגט:

— דיעזע צוויי פרויען זיינען זעהר אנגעזעהן ביי דיא ענגלענדער. זיי שטאַמען אפּ פון א גרויסער פאַמיליע און האבען א גרויסען ווערטה ביי מיין פאלק.

קאַאי־קומו האט איהם דורכגעשטאָכען מיט זיין שאַרפען בליק. אויף זיין ווילדעס געזיכט האט זיך געוויעזען א זאָנדערבאַרער שמייכעל.

— פערפלוכטער ענגלענדער! האט ער געזאגט בייז. מיינסט דוא, אז דוא וועסט אפּנאַרען מיט פאַלשע ווערטער און מיט ליגענס דעם הויפטלינג פון דיא מאַאָרי, קאַאי־קומו? מיינסט דוא, אז איך וויים ניט, ווער דיעזע פרויען זיינען?

ער האט געוויעזען מיט׳ן פינגער אויף ליידי העלענא.

— איז דאס ניט דיין פרוי?

— ניין! דאס איז מיין פרוי! האט קאַראַ־טעטע געזאגט.

ער איז צוגעגאנגען צו ליידי העלענא און האט איהר אריינגעלעגט זיין שטאַרקע האנד אויף דער פלייצע. ליידי העלענא איז געווארען בלייך און האט אנגעהויבען צו ציטערן.

— עדוואַרד! איז געווען דאס איינציגע ווארט, וואס זיא האט געקענט ארויסזאגען.

לארד גלענארוואן האט אריינגעלעגט דיא האנד אין קעשינע, האט ארויסגענומען דעם רעוואלווער, וואס ליידי העלענא האט איהם געגעבען און האט אויסגעשאָסען. קאַראַ־טעטע איז געפאַלען טויט צו זיינע פיס. ער האט איהם געטראָפען גלייך אין הארצען.

דער קנאַק פון׳ם רעוואלווער האט איבערראשט אלע קריעגער און אלע איינוואוינער פון׳ם פּאַה. פון אלע זייטען זיינען זיך יעצט צונויפגעקומען דיא מאַאָרי, זייערע פרויען און זייערע קינדער. ווען זיי האבען דערזעהן, אז קאַראַ־טעטע ליעגט טויט אויף דער ערד, האבען זיי זיך אלע געוואלט ארויפוואַרפען אויף דיא ענגלענדער און זיי צורייסען אויף שטיקער. קאַאי־קומו האט געמאכט מיט דיא הענד. ער האט געוואלט אפּטרייבען זיינע לאנדס לייט. עס האט איהם אבער ניט געהאָלפען. קיינער האט איהם ניט געהערט. פלוצלונג האט ער א געשריי געטהאן:

— טאַבו! טאַבו! — הייליג! הייליג!

דאס ווארט טאַבו האט געווירקט, וויא א צויבער. דיא ווילדע האבען אפּגעטרעטען פון דיא ענגלענדער און זיינען געשטאַנען פון דער ווייטענס.

אין איינינע מינוטען ארום האט קאַאי־קומו געהייסען זיי אוועקפיהרען צוריק אין טעמפעל פון זיין גאָט. ראבערט גראנט און דער פראפעסאָר זיינען פערשוואונדען געווארען.

---

## 12טעם קאַפּיטעל.

# די בּעערדיגונג פֿון א הויפּטלינג.

קאַאי־קומו איז געוועזען ניט נור א הויפּטלינג, ער איז געוועזען א פּריעסטער אויך. ביי דיא ווילדע קומט עס אפט פֿאָר, אז א בעריהמטער קריעגער ווערט א פּריעסטער. אלס פּריעסטער, גייסטליכער, האט ער געהאט דאס רעכט ארויפֿצולעגען א טאַבו.

דאס טאַבו איז א וואונדערבאַרעס ווארט ביי אלע ווילדע פֿעלקער אויף דיא אינזלען פֿון יענעם מעער. טאַבו הייסט אייגענטליך הייליג. עס איז אבער אויך, וויא ביי אידען פֿלעגט אמאָל זיין א חרם. צו א זאַך, אויף וועלכער דער פּריעכטער האט ארויסגעזאגט דאס ווארט טאַבו, טאר מען זיך ניט צו ריהרען. אמאָל הייסט דער פּריעסטער א מענשען זיין טאַבו אויף עטליכע טעג. אין דיעזע טעג זיצט ער אין א בעזונדער צימער. קיינער טאר צו דיעזען צימער ניט צוגעהן. קיינער טאָר מיט איהם ניט רעדען, קיינער טאָר איהם קיין עסען ניט געבען. ער אליין מעג עסען נור געוויסע שפּייזען, ניט אלע. אמאָל מעג ער עסען אלע שפּייזען, ער טאָר זיי אבער ניט אנריהרען מיט זיינע הענד. ווען ער איז רייך און האט דיענער אדער קנעכט, לעגען איהם דיא קנעכט דאס עסען אין מויל אריין. איז ער אבער ארים, מוז ער עסען מיט'ן מויל, וויא א ווילדעס טהיער.

דאס „טאַבו" איז א געפֿעהרליכע וואַפֿע אין דיא הענד פֿון דיא הויפּטלינגע און פּריעכטער. קוים זאגט ארויס א פּריעסטער אדער א הויפּטלינג דאס וואָרט טאַבו אויף א זאַך, טאר מען עס שוין ניט אנריהרען. עס איז הייליג. דארויף ליעגט א כארט חרם. ביי דיא מאַארי, וויא ביי אלע האלב ציוויליזירטע פֿעלקער, זיינען דיא צערעמאָנען און געזעצע פֿון דער רעליגיאָן אזוי אויסגעמישט מיט זייער טעגליכעם לעבען, אז אלעס, וואס זיי טהוען, געהער זיך אן מיט דער רעליגיאָן.

קאַאי־קומו האט געזעהן, אז זיינע לאַנדס לייטע זיינען זעהר אויפֿגערעגט און ער וועט ניט קענען רעטען זיינע געפֿאנגענע. מען וועט זיי צורייסען. ער האט ארויסגעזאגט דאס שרעקליכע ווארט „טאַבו". אלע זיינען פֿון זיי אפּגעטרעטען. מען האט זיי שוין ניט געטארט אנריהרען.

לארד גלענארוואן האט זעהר גוט פֿערשטאַנען, אז דאס „טאַבו" איז נור טעמפּאָרער — אויף א געוויסע צייט — און אז זיי זיינען יעצט פֿערלאָרען. ווען דיא ענגלענדער וועלען ניט קומען זיי רעטען, זיינען זיי האָפֿנונגסלאז פֿערלאָרען. ער האט געוואוסט, אז ער האט געטויטעט א הויפּטלינג, אן אנגעזעהנעם מענשען פֿון דיא מאָארי. זיי קענען ניט פֿערשווייגען זיין טויט. זיי וועלען זיך נוקם זיין פֿאר איהם.

מען קען זיך לייכט דענקען, וואס פֿאר א שרעקליכע נאכט זיי האבען פֿערבראכט. זיי האבען זיך אומגעקוקט און האבען דערזעהן מיט שרעקען, אז ראָבערט גראנט און דער פּראָפֿעסאר זיינען ניטא מיט זיי.

— דיא מאַארי האבען זיי געוויס אויפֿגעגעסען, האט דער מאיאָר געזאגט

שטילערהייט. זיי זיינען געווען דיא ערשטע אפּפער פון דיזע ווילדע מענשען.

קאפּיטאן פּארראגוט איז געווען פערצווייפעלט. ער האט ניט געקענט זעהן, וויא מערי־גראנט ליידעט, וואס איהר ברודער איז ניטא. זיא האט צוואר ניט געוויינט, ניט געקלאגט, זאגאר ניט גערעדט. זיא איז געזעסען אין א ווינקעלע — א בילד פון טרויער און פערצווייפלונג. עס איז געווארען פינסטער אין טעמפעל. קיין ליכט האט מען זיי ניט געגעבען. זיי זיינען זיך צונויפגעקראכען נאָהענט איינער צום אנדערן און זיינען געזעסען דיא גאנצע נאכט שטילערהייט. לארד גלענארוואן האט געהאלטען ליידי העלענא'ס האנד און האט געטראכט, וויא אזוי זאל ער זיא רעטען אדער זיא טויטען, זיא זאל ניט אריינפאלען לעבעדיגערהייט צו דיא ווילדע אין דיא הענד.

דאס איז געווען דיא שרעקליכסטע נאכט, וואס זיי האבען צוגעבראכט, זייט זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון אייראפא.

לאנגזאם און טרויעריג האבען זיך געשלעפּט דיא לאנגע, שרעקליכע שטונדען פון דיזער נאכט. ענדליך איז טאג געווארען. אונזערע געפאנגענע האבען אנגעהויבען זיך ארומצוקוקען, וואו זיי זיינען. ווילכאן איז ארויפגעקלעטערט אויף א הילצערנעם גאט און האט ארויסגעקוקט פון דעמזעלבען פענסטער, פון וועלכען ראבערט גראנט האט געכטען ארויסגעקוקט. — דער „פאַה“ איז געווען לעדיג. מען האט ניט געזעהן קיין לעבעדיגען מענשען. נור ארום זייער געפענגניס זיינען געגאנגען צעהן ווילדע קריעגער, בעוואפענט פון קאפּ ביז אין דיא פיס.

ער האט עס דערצעהלט זיינע קאמעראדען. זיי האבען ניט געקענט פערשטעהן, פארוואס מען זעהט קיין לעבעדיגען מענשען אין גאנצען „פאַה“.

— מעגליך, אז קאַאי־קומו איז אייך דאנקבאר, וואס איהר האט געטויטעט קארא־טעטע, האט דער מאיאר געזאגט צו לארד גלענארוואן. ער וויל זיין דער איינציגער הויפּטלינג אין זיין „פאַה“. קארא־טעטע האט איהם געשטערט און האט איהם ניט געלאָזען טהאן, וואס ער האט געוואלט. א בעוויז, אז ער איז צופריעדען איז, וואס אין „פאַה“ איז יעצט אזוי שטיל, אזוי רוהיג.

איין שטונדע נאך דער אנדערער איז פערגאנגען. אין פאַה איז אלעס געזען שטיל און רוהיג. אונזערע געפאנגענע האבען אנגעהויבען צו האפען, אז מען וועט זיי דאך בעפרייען, אדער אויסבייטען פארן טאָהאנגאַ, דעם גרעסטען פריעסטער פון דיא מאָארי.

וואלט דער פּראפעסער געווען מיט זיי, וואלט ער זיי ערקלערט דיא אורזאכע, וואס אין פאה איז אזוי שטיל. ער האט געוואוסט אלע זיטען (מנהגים) און אויפפיהרונגען פון דיא מאָארי. זיי גלויבען, אז דריי טאג נאכ'ן טויט שוועבט דיא זעעלע ארום דעם טויטען. זיא וויל אריינגעהן אין טויטען קערפּער און איהם לעבעדיג מאכען, ערשט נאכ'ן דריטען טאג, איבערצייגט זיא זיך, אז זיא האט דא מעהר ניט וואס צו טהאן. עס איז דאהער ביי זיי איינגעפיהרט, אז דער טויטער בלייבט ליעגען גאנצע דריי מעת לעת, איידער מען בעערדיגט איהם. אין דיזע דריי טאג ריהרען זיי דעם טויטען ניט אן און ווייזען זיך ניט פאר איהם.

ווי האבען מורא, אז דיא זעלע זאל זיך ניט דערשרעקען און אנטלויפען. אלע הייזער פון דארף, וואו דער טויטער געפינט זיך בלייבען פערמאכט דיא גאנצע דריי טאג, קיינער ווייזט זיך ניט אויף דער גאס.

קארא-טעטע איז געווען א גרויסער מאן צווישען זיינע לאנדס לייט און מען האט פינקטליך בעאבאכטעט אלע צערעמאניען און אלע געברויכע (מנהגים) פון דיא מאארי.

דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס ווילסאן האט קיין לעבעדיגען מענשען ניט געזעהן אין „פאה". זיי האבען ניט געקענט פערשטעהן, וואס דאס האט צו בעדייטען.

אזוי זיינען פערגאנגען אכט און פערציג שטונדען. ווען דיא אכט און פערציג שטונדען זיינען פערלאפען, האבען זיך אלע טהירען געעפענט און עס האבען זיך אנגעהויבען צונויפצוקומען פון אלע זייטען מענער, פרויען און קינדער. אלע זיינען געווען טרויעריג, אבער רוהיג.

קאאי-קומו איז ארויסגעקומען פון זיין הויז און האט זיך געשטעלט אויף א בערגעל אין דערמיט פון'ם פאה. אלע האבען זיך פערזאמעלט ארום איהם. דיא מענער זיינען געשטאנען נאהענט לעבען איהם. דיא פרויען און דיא קינדער זיינען געשטאנען פון דער ווייטען. — אלע האבען געשוויעגען. ענדליך האט קאאי-קומו געגעבען א צייכען. איינער פון זיינע קריעגער איז ארוים פון'ם קרייז און איז געגאנגען צום טעמפעל, וואו דיא געפאנגענע זיינען געזעסען.

ווילסאן איז ארופגעשפרונגען פון זיין גאט און האט געזאגט:

— מען קומט אונז רופען. — וואוהין וועט מען אונז יעצט פיהרען? —

באלד האט זיך דיא מאטע (ראגאזשע) פון דער טהיר אויפגעהויבען, א שטארקער מאארי איז אריינגעקומען און האט זיי א ווינק געטהאן, זיי זאלען איהם נאכגעהן. ער האט זיי צוגעפיהרט צו קאאי-קומו מיט זיינע קריעגער. אלע האבען אפגעטרעטען אויף עטליכע שריט, ווען זיי זיינען צוגעקומען. מען האט מורא געהאט אנצוריהרען א טאבו.

— דוא האסט געטויטעט קארא-טעטע? האט קאאי-קומו געפרעגט.

— איך האב עס געטהאן! האט לארד גלענארוואן געענטפערט רוהיג.

— מארגען פריה, ווען דיא זון וועט אויפגעהן, וועסט דוא שטארבען, האט קאאי-קומו אויסגעשפראכען זיין אורטהייל.

— איך אליין? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

קאאי-קומו האט אויף איהם געווארפען א ווילדען בליק.

— ווען אונזער טאהאנגא וואלט ניט געווען אין דיא הענד פון דיין פאלק —

אין דיעזער מינוט האבען זיך דיא מאארי אנגעהויבען צו ריהרען. אלע האבען זיך געווענדעט צום איינגאנג פון'ם „פאה". אונזערע רייזענדע האבען זיך ניט געקענט איינהאלטען און האבען אויך א קוק געטהאן, וואס דארט איז געשעהן.

אין טויער פון'ם „פאה" איז אריינגעלאפען א קריעגער. ער איז געווען פערשוויצט און האט קוים געאטהעמט, אזוי שטארק איז ער געלאפען. ווען קאאי-

קומו האט איהם דערזעהן, האט ער איהם געפרעגט אויף ענגליש, דיא געפאנגענע זאלען פערשטעהן:

— קומסט דוא פון'ם לאגער פון דיא ענגלענדער?

— יא, האט דער מאן געענטפערט.

— האסט דוא געזעהן דעם געפאנגענעם, אונזער טאהאנגא?

— איך האב איהם געזעהן.

— לעבעדיגערהייט?

— ניין, טויטערהייט, דיא ענגלענדער האבען איהם געשאסען.

— מארגען פריה, ווען דיא זון וועט אויפגעהן, וועט איהר אלע שטארבען, האט קאאי-קומו ארויסגעזאגט זיין אורטהייל.

מעהר האט ער צו זיי ניט גערעדט. זיי זיינען פעראורטהיילט צום טויט. יעצט איז שוין פאר זיי קיין האפנונג מעהר ניטא. זיי האבען זיך געשטארקט און האבען ניט געוואלט ווייזען דיא מאארי, אז זיי האבען מורא פארן טויט. זיי האבען געוואוסט, אז קוים זעהן דיא ווילדע, אז א מענש האט מורא פארן טויט, זוכען זיי איהם צו מארטערן און צו פערלענגערן זיינע ליידען. עס איז ביי זיי א פערגניגען צו זעהן, וויא יענער קנייטשט זיך און דרעהט זיך אין זיין טויטשרעק.

דאס מאל האט מען זיי ניט צוריקגעפיהרט אין טעמפעל. קאאי-קומו האט געהייסען זיך פארבערייטען צו דער צערעמאניע פון דער בעערדיגונג פון קארא-טעטע. ער האט געוואלט, אז דיא ענגלענדער זאלען זעהן דיזע בלוטיגע צערע-מאניע. מען האט זיי צוגעפיהרט צו א בארג ביים אייסערן ענדע פון'ם „פאה". דארט איז געלעגען דער טויטער קערפער קארא-טעטעס אויף מאטען (ראגאזשעס). אין זיין קאפ זיינען געווען אנגעשטעקט אלערליי פעדערן און ארום קאפ איז גע-ווען א קראנץ פון פרישע בלעטער. דער גאנצער קערפער איז געווען איינגעריע-בען מיט אייל און איז נאך געווען גאנץ פריש. דאס אייל האט איהם אפגעהיט, ער זאל ניט פערדארבען ווערן.

דיא צערעמאניע האט זיך אנגעהויבען. פריינד, פערוואנדטע און בעקאנטע זיינען זיך צונויפגעקומען און האבען אנגעהויבען צו שרייען, צו וויינען און צו קלאגען. דיא פערוואנדטע האבען זיך געשלאגען אין קאפ אריין און האבען זיך געריסען דאס געזיכט ביז אין בלוט. דער קאנצערט איז געווארען א שרעקליבער. עס האט געשויערט דיא ענגלענדער איהם צו הערן.

דאס איז געווען ערשט דער אנפאנג פון דיא צערעמאניען. קארא-טעטע איז געווען א גרויסער מאן. מען מוז איהם מיטגעבען אויף יענער וועלט אלע זאכען, מיט וועלכע ער איז געווען געוואוינט אויף דער וועלט. ער מוז האבען מיט זיך זיין פריי, זיינע דיענער, זיינע וואפען און אלע זאכען, וועלכע זיינען ביי איהם געווען טהייער אויף דער וועלט.

צום ערשטען איז געקומען אויף דיזער בלוטיגער סצענע קארא-טעטעס פרוי. איהרע האר זיינען געווען צוזאמפען, איהר געזיכט איז געווען צוריסען און צובלוטיגט. זיא האט געשריען, געוויינט און געקראצט מיט אן אונטערגעש

ליבע שטימע. זיא האט געליובט דעם טויטען, האט געשריען, אז זיא וויל ניט לעבען און איז ענדליך געפאלען לעבען איהם און האט זיך אנגעהויבען צו שלא־גען דעם קאפ אן דער ערד.

קאאי־קומו איז יעצט צוגעגאנגען נעהנטער צו איהר. אין דער האנד האט ער געהאלטען א קיילע, א קיילעבדיג שטיק האלץ מיט א קורצעס הענטעל. ווען זיא האט אויפגעהויבען דעם קאפ, האט ער איהר א זעץ געטהאן מיט זיין גאנצער קראפט אין קאפ אריין פון הינטען. — זיא איז געבליעבען ליעגען טויט לעבען איהר מאן.

שרעקליכע געשרייען און געוויינען האבען זיך יעצט אנגעהויבען. מען האט גענומען דעם טויטען קערפער פון קארא־טעטעס פרוי און מען האט איהם אניע־דערגעלעגט לעבען איהר מאן.

דאס איז געווען דער ערשטער אקט פון דיעזער בלוטיגער דראמא. דאן זיינען געקומען זעקס קארא־טעטעס דיענער. זיי האבען אויך געדארפט בעגלייטען זייער הערר אויף יענער וועלט. זיי זיינען געגאנגען רוהיג צום טויט. זיי זיינען זאגאר ניט געווען געבונדען, אבוואהל זיי האבען זעהר גוט געוואוסט, וואס עס ערווארטעט זייי.

מען האט מיט זיי קיין פיעל צערעמאניען ניט געמאכט. קוים זיינען זיי געקומען צו דעם ארט, וואו קארא־טעטעס קערפער איז געלעגען, זיינען צו זיי צוגעגאנגען זעקס קריעגער און האבען זיי געטויטעט מיט א זעץ אין קאפ מיט דער קיילע. זיי זיינען באלד געפאלען אין א טייך פון בלוט. דער זעץ אין קאפ אריין איז געווען אזוי שטארק, אז ביי איינִיגע האט ארויסגעשפריצט דאס געהירן פון קאפ.

יעצט האט זיך אנגעהויבען דיא שרעקליכע סצענע פון מענשענפרעסעריי. דיא קערפער פון קארא־טעטע מיט זיין פרוי זיינען טאבו, זיי טאר מען ניט אנ־ריהרען. דיא קערפער אבער פון דיא קנעכט זיינען ניט טאבו. זיי מעג מען עסען. — קוים האט זיך דער צווייטער אקט פון דער צערעמאניע געענדיגט, זיינען אלע: מענער, פרויען און קינדער ארויפגעפאלען אויף דיא קערפער פון דיא זעקס דיענער, האבען זיי צוריסען אויף שטיקלעך און האבען זיי אנגעהויבען צו פרעסען. איינִיגע האבען זיי געגעסען רויערהייט. אנדערע האבען זיך געשטעלט קאכען אדער בראטען דאס פלייש פון דיא נור ויאס געטויטעטע מענשען. מען האט זיך געקריעגט, מען האט זיך געריסען, מען האט זיך געשלאגען איבער א שטיקעל פלייש, איבער א ביינדיל, איבער א טראפען בלוט.

גלענארוואן און זיינע קאמעראדען זיינען קוים געשטאנען אויף דיא פיס. זיי האבען געציטערט ביים אנזעהן פון אזא שוידערהאפטע סצענע. ער האט זיך בעמיהט צו פערשטעלען ליידי העלענא, זיא זאל עס וויעניגסטענס ניט זעהן. עס האט אבער גאר ניט געהאלפען, באלד האט מען געהערט אין גאנצען פאה דעם גערוך פון געבראטענע פלייש. קאאי־קומו האט געוואוסט, וויא אזוי צו מארטערן מענשען. ער האט אומיסטען געהייסען זיי האלטען דא, אז זיי זאלען צו זעהן דיא

גאנצע צערעמאָניע. זיי האבען יעצט געוואוסט, וואס פאר א טויט עס ערווארטעט זיי מארגען אין דער פריה.

באלד האט זיך אנגעהויבען דאס טויטענמאהלצייט. מען האט געבראכט הילצערנע פלעשער און לעהמענע קריגע מיט א שטארקעס געטרענק, וועלכע דיא מאָארי דיסטילירען פון א סארט פעפער. מען האט אנגעהויבען צו טרינקען און בערוישט צו ווערען. ווען אלע זיינען געווארען שרעקליך שיכור, האט זיך אנגעהויבען דער טויטענטאַנץ, א סארט ווילדער, אונמענשליכער טאַנץ. אלע האבען געשריען, געליארמט, געשפרונגען און זיך אויפגעפיהרט, וויא דיא וואהנזיניגע.

— וואס טהוט מען, ווען דיעזע ווילדע וועלען שיכורערהייט פערגעסען אן דעם טאבו און וועלען באלד פראבירען דאס פלייש פון אייראפעער? האט זיך יעדער פון דיא געפאַנגענע געטראַכט.

קאַאי-קומו אבער איז ניט געווען שיכור. ער האט צוואר געטרונקען, אבער מיט א מאס און האט געוואוסט, וויא אזוי איינצוהאלטען זיינע לאנדסלייט. ווען ער האט געזעהן, אז זייער ווילדקייט האט דערגרייכט דיא העכסטע שטופע, האט ער געגעבען א צייכען, אז מען דארף אנהויבען דיא בעערדיגונגס צערעמאָניע.

מען האט געבונדען קאַראַ-טעטע און זיין פרוי דיא הענד און דיא פיס און זיי ארויפגעלעגט אויפ'ן בויך. דאַן האט מען זיי ארומגעוויקעלט מיט מאַטען, ארומגעבונדען די מאַטען מיט שטריק, מען האט זיי ארויפגעלעגט אויף טראגע־באהר'ען (נאסילקעס) און מען האט זיי געטראגען אין זייער „אודופא", בעערדי־גונגס פלאַץ. דארט האט מען זייערע קערפער אריינגעלעגט אין דער ערד, אבער נור ביז דאס פלייש וועט פערפוילט ווערען. דאן וועט מען דיא ביינער ארויס־נעמען, זיי אפלאקירען און זיי אויפשטעלען אין א ווינקעל. אזוי איז דער מנהג ביי דיא מאָארי.

אזוי וויא קאַראַ-טעטע איז געווען א גרויסער מאן, האט ער געהאט א בע־זונדערע „אודופא", אן ארט פאמיליען בעערדיגונגס פלאַץ. דיעזער „אודופא" איז געווען אויף א באַרג אויסער דעם פאה. פונ'ם פאה ביז צום „אודופא" איז געווען אונגעפעהר א מייל וויים.

דיא געפאנגענע זיינען געבליעבען אין פאה אונטער א שטארקער וואַך. זיי האבען אבער געקענט זעהן אלעס. זיי האבען געזעהן, וויא דיא גאנצע באַנדע איז נאכגעגאַנגען נאך דיא צוויי לייכען, וויא זיי זיינען לאנגזאם ארויפגעגאנגען אויפ'ן בארג, דארט זיינען זיי געבליעבען שטעהן ארום א שטיבעל אדער א צוים פון פלעקער. ווייטער האבען זיי ניט געקענט זעהן. עס איז געווען צו וויים. עס האט געדויערט א גרויסע צייט, איידער דיא ווילדע האבען געענדיגט דיא צע־רעמאָניע פון דער בעערדיגונג.

לאנגזאם זיינען אלע אראפגעגאנגען פון בארג. פון איצט אן איז דער באַרג טאַבו. קיינער טאר זיך צו איהם ניט צו ריהרען. דיא געפאַנגענע האבען געזעהן, וויא דיא מאָארי האבען ארומגעלעגט קלעצער און שטיקער האלץ ארום בארג.

זיי האבען ניט געוואוסט, אז דאס איז א צייכען: ביז אהער מעג מען געהן, ווייטער ניט.

לאנגזאם זיינען זיי צוריקגעגאַנגען אין פּאַה. דיא זון האט אנגעהויבען אונטערצוגעהן, ווען זיי זיינען אנגעקומען. קאַאי־קומו האט באלד געשיקט א קריעגער, ער זאל דיא געפאַנגענע צוריק פיהרען אין זייער געפענגניס.

13טעס קאפּיטעל.

## דורך א וואונדער גערעטעט.

טרויעריג, דיא קעפּ אראפּגעלאזען, מיעד און צובראָכען זיינען דיא געפאַנגענע געזעסען אין זייער געפענגניס. דאס איז זייער לעצטע נאכט. מארגען גאַנץ פריה וועט מען זיי טויטען און אויפעסען.

— לאמיר עפּעס עסען, האט לארד גלענארוואן געזאגט. מיר מוזען זאַמלען קרעפטע אויף מארגען. מיר מוזען ווייזען דיעזע ווילדע, אז אייראפּעער האבען קיין מורא ניט פאר'ן טויט.

זיי האבען שנעל עפּעס אפּגעגעסען, וואס זיי האבען געהאט און האבען זיך ווידער פערטראכט. זיי זיינען געווים געווען זעהר מוטהיג און האבען זיך געשטאַרקט, וויא וויט זיי האבען געקענט, זיי זיינען אבער דאך געווען מענשען און האבען זיך יעדע מינוט דערמאָנט, וואס עס ערווארטעט זיי מארגען אין דערפריה.

אלע זיינען געווען שרעקליך מיעד פון דיא סצענען, וואס זיי האבען זיך אנגעזעהן א גאנצען טאג. ליידי העלענא און מערי גראַנט זיינען באלד אנטשלאָפען געווארען. ווען לארד גלענארוואן האט געזעהן, אז זיי שלאָפען, האט ער זיך געווענדעט צום מאיאָר און צום קאפּיטאן פאררּאגוט:

— מיינע טהייערע פריינד, אונזער לעבען איז ביי גאט אין דער האַנד. ווען ער האט בעשטימט, אז מיר זאלען שטארבען אויף אזא אָרט, וויים ער געווים, וואס ער טהוט. איך וויל מיך ניט בעקלאגען, איך וויל שטאַרבען, וויא א מאַן. דאס ערגסטע איז, וואס דיעזער טויט הייסט ניט שטאַרבען אליין, דאס הייסט מארטערן, בעליידיגען, פערלאכען, פערשפּאָטען. איך וויים, וויא גרויזאם דיא מאָארי זיינען. מיר, מענער, וועלען אלעס איבערטראגען, עס זיינען אבער דא צווישען אונז פרויען. מיר טארען ניט דערלאָזען, אז מען זאל זיי בעליידיגען פאר'ן טויט. מיר מוזען טראכטען א מיטעל, אז זיי זאלען שטארבען פון אונזער האנד און זאלען ניט זעהן, וואס דיא ווילדע וועלען טהאן מיט אונז.

— איך האב שוין דאס מיטעל, האט פאררּאגוט געזאגט און האט ארויסגענומען א לאַנגען מעסער.

— וואו האט איהר גענומען דיעזעס מעסער? האט דער מאיאָר געפרעגט.

— ווען דיא מאָארי זיינען היינט געווען שיכור, האב איך געגנבעט ביי איינעם פון זיי דאס מעסער.

— אלזא, שווערט מיר, אז ווער עס וועט בלייבען לענגער לעבען, דער זאל טויטען דיא פרויען, האט לארד גלענארוואן געזאגט.

— איך וועל געווים שווערן, האט דער מאיאר געענטפערט. מיר דארפען עס אבער טהאן נור אין דער לעצטער מינוט, ווען יעדע האפנונג וועט פערשווינדען. איך גיב נאך ניט אויף דיא האפנונג זיך צו רעטען פון דאנען. איך ווייס ניט, וויא אזוי, אבער איך האף נאך.

— געוויס, מיינע פריינדע! האט לארד גלענארוואן געזאגט. איך גיב נאך אויך דיא האפנונג ניט אויף. וואלטען דיא פרויען ניט געווען מיט אונז, וואלט איך געראטהען, אז מיר זאלען יעצט אלע ארויסגעהן, אנפאלען אויף אונזער וואך און קעמפפען, ביז מיר וועלען אנטלויפען אדער מען וועט אונז אלע טויטען. מיט דיא פרויען אבער קענען מיר עס ניט טהאן. זיי וועט מען באלד חאפען און מען וועט זיי מארטערן.

קאפיטאן פארראגוט האט אין דיעזע מינוט אויפגעהויבען דיא מאטע און האט אנגעהויבען צו צעהלען, וויא פיעל וועכטער עס היטען זיי. ער האט איבערגעצעהלט פינף און צוואנציג. זיי האבען צולעגט א גרויס פייער אין דער מיט פון'ם פאה און זיינען געזעסען לעבען פייער, זיי האבען אבער ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון'ם טעמפעל, וואו אונזערע געפאנגענע זיינען געווען. זיי האבען געהיט נור דעם פראנט פון'ם טעמפעל. דיא הינטערשטע וואנד האבען זיי ניט געדארפט היטען. דער טעמפעל איז געשטאנען אויף א בארג. מען האט געקענט צוקומען צו איהם נור פון פארנט. דיא הינטערשטע וואנד איז געשטאנען אויף א הויכען שטיין, צו וועלכען מען האט ניט געקענט צוקומען אהן א לייטער, אזוי הויך איז געווען דער שטיין. דיא ווענט פון'ם טעמפעל זיינען געווען שטארק גענוג, מען האט זיי ניט געקענט דורכברעכען אהן א האק.

לארד גלענארוואן און קאפיטאן פארראגוט האבען אלעם פראבירט. זיי האבען בעטאפט דיא ווענד, זיי זיינען ארויפגעקלעטערט אויף דיא געטער ביז צום דאך און האבען ארומגעקוקט דיא גאנצע געגענד ארום — עס איז אונמעגליך צו אנטלויפען.

עס איז געווארען שפעט. דיא נאכט איז געווען פינסטער און קיהל. דער הימעל האט זיך בעדעקט מיט וואלקענס און עס האט אנגעהויבען צו בלאזען א שטארקער ווינד. פון שלאפען האט קיינע רעדע ניט געקענט זיין. אין אזא לאגע שלאפט זיך ניט.

ארום צוויי אוהר פאר טאג האט דער מאיאר דערהערט, וויא מען קראצט דיא הינטערשטע וואנד פון'ם טעמפעל. אנפאנגס האט ער געמיינט, אז עס טהוט עס א קאץ אדער א מויז, באלד אבער האט ער זיך איבערציינט, אז דאס מוז זיין עפעס אנדערש. ער האט צוגעלעגט דעם אויער צו דעם ארט, וואו מען האט געקראצט אדער געגראבען דיא ערד — עס איז גערארע אויסגעקומען לעבען איהם — און ער האט געהערט דייטליך, אז מען גראבט דיא ערד זעהר פארזיכטיג. ער איז צוגעקראכען צו לארד גלענארוואן און דעם קאפיטאן און האט זיי געזאגט:

— הערט אייך נור דא צו דער וואנד.

זיי האבען זיך צוגעהערט — מען גראבט אונטער דיא וואנד.

— דאס גראבט געוויס א חיה, האט פארראגוט געזאגט.

— ווער ווייס? פיעללייכט איז עס א מענש? האט לארד גלענארוואן זיך אפגערופען.

— איך מוז עס אויסגעפינען, ווער עס איז, האט דער מאיאָר אויסגערופען.

ער איז צוגעקומען צו דעם ארט, וואו מען האט געגראבען און האט אנגעהויבען צו גראבען פון זיין זייט. באלד האט פארראגוט אויך אנגעהויבען צו גראבען מיט זיין מעסער. ווילסאן, מילרעד און אלבינעט האבען געגראבען מיט זייערע פינגער און לארד גלענארוואן איז ארויפגעקלעטערט אויף א גאט זעהן, אויב דיא מאָארי, וועלכע בעוואכען זיי, האבען עפעס ניט בעמערקט.

דיא מאָארי זיינען געזעסען רוהיג ארום פייער פאר דעם טהיר פון'ם טעמפעל. זיי האבען גאר ניט בעמערקט. דיא געפאנגענע האבען ווייטער געגראבען. זיי האבען זיך באלד איבערצייגט, אז דארט גראבט ניט קיין חיה, זאנדערן א מענש. קוים האט דער מענש בעמערקט, אז מען העלפט איהם פון אינעווייניג, האט ער אנגעהויבען צו גראבען נאך פלייסיגער און נאך שנעלער.

ווער זאל זיין דער מענש? — צו וואס פאר א צוועק גראבט ער אונטער דעם טעמפעל? — דאס האבען זיי זיך ניט געקענט ערקלערן, אבער וואס איז זיי דער אונטערשיעד? ערגער, וויא עס איז, קען שוין ניט זיין.

דיא ערד איז דארט געווען ווייך און מען האט זיא געגראָבען זעהר לייכט באלד איז געווארען א לאָך, אין וועלכער מען האט געקענט אריינשטעקען א האנד. דער מאיאר האט ארויסגעשטעקט זיין האנד. א קליינע, ווייכע האנד האט זיא אנגענומען און א קוועטש געטהאן.

— דאס טהוט אן אייראפעער, האט ער געזאגט, א קינד אדער א פרוי. איך האב אנגעריהרט א קליינע האנד.

— זאל עס זיין ראבערט? האט לארד גלענערוואן געפרעגט שטילערהייט.

קוים האט מערי גראנט דערהערט דעם נאמען ראבערט, איז זיא צוגעגאנגען צום ארט, וואו מען האט געגראבען און האט געזאגט:

— מיין ליעבער, טהייערער ברודער, דוא ביסט עס?

— יא, איך בין עס, מיין ליעבע, טהייערע שוועסטער, האט ראבערט גראַנט געענטפערט. איך בין געקומען אייך צו רעטען. זייט פארזיכטיג. רעדט ניט, העלפט מיר, ארבייט! גראבט ווייטער!

מען קען זיך דענקען, מיט וואס פאר א פרייד אלע האבען יעצט אנגעהויבען צו גראָבען דיא ערד.

— זעהט, וואס דיא ווילדע טהוען ארום פייער, האט ראבערט געזאגט.

ווילסאן איז באלד ארויפגעקלעטערט אויף א גאט, האט זיך ארומגעקוקט און האט געמעלדעט:

— זיי זיינען מיעד געווארען און האבען זיך געלעגט שלאפען. נור פיער פון זיי זיינען נאך. זיי קוקען אויף דער טהיר פון'ם טעמפעל.

אין א מינוט שפעטער איז דער לאָך אין דער וואנד געווארען אזוי גרויס, אז ראבערט גראנט איז אריינגעקראכען אין טעמפעל. זיין שוועסטער האט איהם ארומגענומען, ליידי העלענא האט איהם ארומגענומען און געקושט.

— איך האב געמיינט, אז דיא ווילדע האבען דיך שוין לאנג אויפגעגעסען, האט זיא איהם געזאגט. וויא אזוי ביסט דוא פערשוואונדען געווארען?

— איך ווייס אליין ניט. ווען קארא־טעטע איז געפאלען טויט און עס איז געווארען א ליארם און א געשריי, בין איך מיר שטילערהייט ארויסגעגאַנגען פון'ם פאַה. איך האב מיך ארומגעדרעהט ארום פאַה דיא גאנצע צייט און האב אלץ געזוכט מיטעל, וויא אזוי אייך צו רעטען. — איך האב געפונען אין וואַלד א שטיבעלע, וואו עס איז קיינער ניט געוועזן. וואהרשיינליך, געפינען זיך דיא איינ־וואינער אין פאַה. דארט האב איך גענעכט'גט, דארט האב איך געפונען, וואס צו עסען און דארט האב איך געפונען דיעזען שטריק און א מעסער. פון דארט האב איך היינט געזעהן דיא גאַנצע צערעמאָניע פון דער בעערדיגונג און איך בין געקומען אייך רעטען. — יעצט איז ניט דיא צייט אלעם צו דערצעהלען.

— איז פאגאנעל אונטען? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— דער פראפעסאר? האט ראבערט אויסגערופען פערוואונדערט.

— יא, דער פראפעסאָר. ער ווארט געווים אויף אונז, האט פארראגוט געזאָגט.

— איך ווייס ניט, וואו ער איז, האט ראבערט געענטפערט. — איז ער דען ניט מיט אייך?

— ניין, ראבערט. ער איז פערשוואונדען אין איין צייט מיט דיר. — ווייסט איהר ניט צוזאַמען אנטלאָפען?

— לאמיר געהן! האט דער מאיאר זיי אונטערבראָכען. — וואו דער פראַ־פעסאר איז, ווייסען מיר ניט. ער איז אבער געווים ניט אין אזא שלעכטע לאַגע, וויא מיר. — דיא צייט איז טהייער. לאמיר זיך אנהויבען צו רעטען.

דיא צייט איז ווירקליך געוועזן טהייער. עס איז שוין געוועזן אום דריי אוהר פאר טאג. מען האט ארומגעבונדען דעם שטריק, וואס ראבערט האט געבראכט ארום א גאַט און מען האט זיך אנגעהויבען אראָפצולאזען. דער ערשטער האט זיך אראפגעלאזען ראבערט, ווייל ער האט שוין געוואוסט דעם וועג, וויא אזוי ארויסצוגעהן, ווען מען קומט אראפ אונטען.

— ווען איך וועל דריי מאל ציהען דעם שטריק, זאלט איהר וויסען, אז איך בין שוין אונטען, האט ער זיי געזאגט.

פארראגוט האט פראבירט דעם שטריק, אויב ער איז שטאַרק גענוג.

— ער קען אויסהאלטען צוויי מענשען, האט ער געזאגט. אלזא, לאמיר זיך אראפלאזען פארווייס. צו ערשט לארד גלענארוואן און ליידי העלענא, דאן וועט קומען מערי גראנט און דער מאיאר, דאן אלבינעט און מילרעד. איך און ווילסאן וועלען זיין דיא לעצטע. מיר ווינען מאטראזען און קענען זיך זעהר לייכט אראפלאזען אויף א שטריק.

באלד האט ראבערט געגעבען זיין צייכען. לארד גלענארוואן און ליידי

העלענא זיינען לאנגזאם ארויסגעקראכען פון׳ם טעמפעל. דיא האפנונג זיך צו רעטען פון אזא שרעקליכען טויט האט אלעמען געגעבען מוטה אויסצוהאלטען און זיך אראפצולאזען פון אזא שרעקליכע הויך. אין אנאנדער צייט וואלט ליידי העלענא געוויס מורא געהאט זיך אראפצולאזען אויף א שטריק. יעצט איז אבער קיין צייט ניט געוועזען צו רעדען און צו טראַכטען. זיי האבען געוואוסט, אז מען מוז זיין פארזיכטיג און מען מוז שווייגען. מען טאר קיין ווארט ניט רעדען.

איינער נאכ׳ן אנדערן האבען זיי זיך אראפגעלאזען אויפ׳ן שטריק. ראבערט האט אויפגענומען אונטען זיינע קאמעראַדען. קוים איז ווער פון זיי אראפגעקומען, האט ער איהם ארומגענומען און צוגעפרעסט צום הארצען. וויא שנעל זיי האבען אלעם געטהאן, האט עס דאך פערנומען א האלבע שטונדע, ביז אלע זיינען געוועזען אונטען. אויפ׳ן הימעל האט זיך געוויעזען דער ערשטער שיין פון׳ם יונגען טאג, ווען אלע זיינען געוועזען אונטען.

יעצט האט זיי ראבערט געפיהרט צווישען דיא בוימער אין דיא בערג. אין וואלד איז נאך געוועזען פינכטער און זיי האבען געמוזט געהן לאנגזאם. זיי האבען ניט געטארט לויפען, עס זאל ניט מאכען קיין רעש. זייערע וועכטער זאלען ניט דערהערן. דער וועג איז געוועזען זעהר שמאָל און פול מיט שטיינער און מיט דערנער.

עס איז פערגאַנגען א שטונדע און צוויי. אין אסטען איז געווארען ליכטיג. זיי זיינען געגאנגען אהן א וועג און אהן א שטעג. זיי האבען נור געזעהן, אז זיי געהן ארויף א באַרג. ראבערט האט ריכטיג בערעכענט, אז ארויף א בארג איז שווערער נאכצויאָגען, וויא אויף א גלייכען ארט. ער האט זיי דאהער געפיהרט אויף א באַרג.

פלוצלונג האבען זיי דערהערט שרעקליכע געשרייען פון׳ם פאַה. דיא וועכטער, וועלכע האבען זיי געהיט, האבען זיך אומגעקוקט און דערזעהן, אז דיא פייגעל זיינען ארויסגעפלויגען און דער שטייג איז לעדיג. — יעצט האט זיך אנגעהויבען דיא שרעקליכע צייט פאר דיא אנטלאפענע. מען וועט זיי געוויס נאכיאָגען. וועלען זיי זיין אים שטאַנד זיך ערגעץ אויסצובעהאלטען? — וואו זאלען זיי זיך אויסבעהאלטען? — דיא ווילדע זיינען גרויסע קינסטלער אויסצוגעפינען דיא שפורען פון מענשען, בעזאנדערס פון אייראפעער.

עס איז אבער קיין צייט ניט געוועזען לאנג צו טראכטען. דיא זון האט זיך ארויסגעוויעזען און אונזערע רייזענדע האבען דערזעהן, וויא פון׳ם פאַה האבען זיך ארויסגעשאָטען עטליכע הונדערט ווילדע און האבען זיך צולאזען אין אלע זייטען. — באלד האבען זיי דערהערט נאך שרעקליכערע געשרייען. — דיא כאָארי האבען זיי דערזעהן און זיינען זיי נאכגעלאפען אויף א נעהנטערן וועג.

אין דער נויט איז זיי געבליעבען נור איין וועג זיך צו רעטען: זיי זאלען דערגרייכען דעם שפיץ פון׳ם בארג און זיך אראפלאזען אויף דער אנדערער זייט, צום וואַסער. מעגליך, אז זיי וועלען דארט געפינען א קאַנאָע און וועלען זיך רעטען אויפ׳ן וואַסער

14טעם קאפיטעל.

# טאַבו! טאַבו!

דער באַרג, אויף וועלכען זיי זיינען יעצט געווען, איז ניט געווען שטאַרק הויך. זיי זיינען שוין געווען ניט ווייט פון'ם שפּיץ. ווען זיי וועלען אנקומען אויפ'ן העכסטען פונקט פון'ם בארג, וועלען זיי זיך ארומקוקען און וועלען זעהן, וואוהין צו געהן און וויא אזוי זיך צו רעטען. — יעצט מוז מען געהן שנעל.

— מוטה, מיינע פריינד! האט לארד גלענארוואן געזוכט זיי אויפצומונטערן, זיי זאלען געהן שנעלער. — גאט וועט אונז ניט פערלאָזען!

דאס איז געווען גאנץ איבעריג. יעדער האט אנגעשטרענגט זיינע לעצטע קרעפטע צו לויפען, ריכטיגער געזאגט, צו אנטלויפען. דיא ווילדע געשרייען פון דיא מאַארי האבען זיי געגעבען מוטה גענוג. דענאך איז פערגאנגען א גערוימע צייט, איידער זיי האבען דערגרייכט דעם העכסטען פונקט פון'ם באַרג. דא האבען זיי געמוזט בלייבען שטעהן א מינוט. ערשטענס, זיינען אלע געווען פערסאַפּעט און אויסער אטהעם. צווייטענס, האבען זיי געמוזט זיך אומקוקען וואוהין צו געהן.

זיי האבען זיך אומגעקוקט. צום וואסער איז געווען ווייט. פון איין זייט בערג איז געווען א ווילדער וואלד, פון דער אנדערער זייט זיינען געווען טיעפע טהאָלען פול מיט שטיינער און מיט גריבער.

— לאמיר אראפגעהן אין דיא טהאלען, האט לארד גלענארוואן געזאגט. דארט וועלען מיר זיך גיכער קענען אויסבעהאלטען.

אלע האבען אנגעהויבען אראפצוגעהן.

— בלייבט שטעהן! האט פלוצלונג קאמאנדירט דער מאיאָר. — זעהט, וואס דארט טהוט זיך!

אלע זיינען געבליעבען שטעהן און האבען זיך אומגעקוקט. א זאנדערבאַרעס בילד, וועלכעס זיי האבען זיך אויף קיין פאַל ניט געקענט ערקלערן, האט זיך זיי פארגעשטעלט. — דיא מאַארי זיינען געשטאנען אונטען לעבען באַרג, האבען געשריען, געליארמט, געבילט, וויא דיא הינד, געברומט, וויא דיא ווילדע טהיערע, געקריצט מיט דיא ציינער, געמאכט מיט דיא הענד — זיי וואלטען, דאכט זיך, געקענט זעהר לייכט זיי אניאָגען. זיי זיינען אבער געשטאנען אויף איין ארט, וויא צו געשמידט. קיינער האט ניט געוואגט צו מאכען א שריט ווייטער. זאגאַר זייערע הינט האבען זיך ניט געריהרט פון'ם ארט.

— וואס זאל דאס הייסען? — וואס פאַר א געהיימע מאכט האלט זיי איין און לאזט זיי ניט ארויפגעהן אויפ'ן בארג? — וויא קומט עס, וואס זיי שטעהן אויף איין ארט און ריהרען זיך ניט?

ליידי העלענא האט געשטעלט דיעזע פראגען, קיינער אבער האט איהר ניט געענטפערט. פאראגוט האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און האט פלוצלונג אויסגערופען:

— טאַבו! טאַבו! — אט איז קאַראַ־טעטעס גראב! אט איז זיין אודופאַ!

יעצט האבען אלע דערזעהן, אז זיי געפֿינען זיך גאר ניט ווייט פֿון דעם אָרט, וואו זיי האבען געזעהן, וויא דיא מאַאָרי האבען בעערדיגט זייער הויפטלינג קאַראַ־טעטע מיט זיין פֿרוי. זיי זיינען צופֿעליגער ווייזע געקומען אויף דעם בארג, וועלכען קאַאי־קומו אליין האט ערשט נעכטערן ערקלערט אלס טאַבו. דאס איז אלזאָ דיא אורזאַכע, וואס דיא ווילדע זיינען געבליעבען שטעהן. זיי טארען אויפֿ׳ן באַרג ניט ארויפֿגעהן.

— אלזאָ, זיינען מיר דערווייל זיכער, האט לארד גלענארוואן געזאגט. לאָמיר צוגעהן צו דער אוּדופאַ. יענער אָרט איז געווים טאַבו.

איבער קאַראַ־טעטעס גראב איז געוועזן אויסגעבויט א שטוב נאך דער לעצטער מאַאָרי מאָדע. ארום דער שטוב איז געוועזן א צוים פֿון פֿלעקער, פֿריש געאַרבט מיט א רויטער פֿאַרב. עס האט אויסגעזעהן, וויא דאס הויז פֿון א בויער אין רוסלאנד. לארד גלענארוואן און זיינע קאמעראדען זיינען צוגעגאנגען צום גראָב. דער צוים איז ניט געוועזן פֿערמאַכט. לארד גלענארוואן איז געוועזן דער ערשטער, וועלכער איז אריינגעגאנגען אין צוים. ער איז צוגעגאנגען צו דער אודופאַ און האט אויפֿגעהויבען דיא מאַטע (ראגאָזשע), וועלכע האט פֿערהאַנגען דיא טהיר. פלוצלונג איז ער אפגעשפרונגען, וויא אן אפגעבריהטער.

— א ווילדער! א מאַאָרי! האט ער אויסגערופֿען מיט שרעק.

— אין גראב געפֿינט זיך א ווילדער? האט דער מאיאָר געפֿרעגט פֿערוואונדערט. — דאס קען ניט זיין! קומט! איך וועל געהן מיט אייך!

לארד גלענארוואן, דער מאיאר, פאררואגוט און ראבערט זיינען אריינגעגאַנגען אין דער אודופאַ. דארט איז ווירקליך געזעסען א ווילדער אנגעטהאן אין מאַאָרי קליידער. אין דער אודופאַ איז געוועזן פֿינסטער און זיי האבען ניט געקענט זעהן זיין געזיכט. דער ווילדער איז געזעסען און האט זיך גאנץ רוהיג געגעסען זיין פֿריהשטיק. לארד גלענארוואן האט געוואלט צו איהם רעדען. פלוצלונג האט זיך דער ווילדער אויפֿגעהויבען און האט געזאגט גאנץ פֿריינדליך:

— ביטע, ביטע, לארד גלענארוואן! דער פֿריהשטיק שטעהט שוין אויפֿ׳ן טיש.

— פראפֿעסאָר! פאגאַנעל! איהר זייט עס? האבען יעצט אלע אויסגערופֿען מיט איין קול.

דער פראפֿעסאר איז יעצט ארויסגעגאנגען פֿון דער אודופאַ. אלע האבען איהם ארומגערינגעלט, אלע האבען איהם בעוואונדערט. ער איז געוועזן אנגעטהאן, וויא א ווילדער און האט אויסגעוויעזען, וויא אן עכטער מאַאָרי, נור זיינע גרויסע, בלויע ברילען האבען געוויעזען, אז ער איז נאך אן אייראפּעער. מען האט איהם פֿערשאָטען מיט פֿראגען. — וואו איז ער געוועזן? וויא אזוי איז ער פֿערשוואונדען פֿון׳ם פאַה? וואו זיינען זיינע אייראפעאישע קליידער? וויא קומט ער אויף דיעזען באַרג?

**לארד גלענארוואן האט געמאכט אן ענדע צו אלע דיעזע פֿראגען.**

— מיינע פריינדע, האט ער געזאגט, יעצט איז ניט די צייט צו בעפריע־דיגען אייער נייגיערדע. פערגעסט ניט, אז מיר זיינען ארומגערינגעלט פון די ווילדע.

— די ווילדע ? האט געלאכט דער פראפעסאר, איך הער זיי ניט ! איך לאך פון זיי !

ער איז ארויסגעגאנגען פון דער אורופא, האט אויפגעהויבען די הענד, האט זיך געווענדעט צו די מאארי און האט געשריען אין דער הויך :

— רייסט אייך ! שרייט ! בילט ! — איהר וועט דאך צו אונז ניט קומען. — איהר טארט אהער ניט קומען !

— פארוואס איז, פראפעסאר ? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— מאדאם, האט פאגאנעל געזאגט מיט אן עכט פראנצויזישער העפליכ־קייט. מאדאם, אין די אלטע צייטען איז געווען א געזעץ, אז ווען א פערברע־כער איז אריינגעלאפען אין א קירכע, אדער אין א טעמפעל פון א גאט, האט איהם קיינער ניט געטארט אנריהרען. אין גריעכענלאנד איז א מאל א גרויסער פערברעכער, וועלכען מען האט געוואלט טויטען, אריינגעלאפען אין א טעמפעל פון א גאט און האט זיך געשטעלט אונטערן שוץ פונ'ם גאט. — מען האט איהם גאר ניט געקענט טהאן. עס האט זיך אבער געפונען א קלוגע פרוי, זי האט גענומען א גרויסען שטיין און האט איהם אניעדערגעלעגט פאר דער טהיר פונ'ם טעמפעל. דאס פאלק האט איהר פערשטאנען. מען האט באלד אנגעהויבען צו טראגען שטיינער פון אלע זייטען און מען האט פערמויערט דעם טעמפעל.

ביי די ווילדע מאארי איז דא א טאבו, וועלכעס איז הייליגער אלס די טעמפעל אין די אלטע צייטען. א טעמפעל האט מען געקענט פערמויערן, צו א טאבו טאר מען זיך ניט צוריהרען. מיר זיינען געשיצט. מיר זיינען דא זיכער.

— נור אויף א קורצע צייט, האט לארד גלענארוואן געזאגט טרויעריג. מיר האבען דאך ניט וואס צו עסען דא אויפ'ן בארג.

— די מאארי האבען אנגעגרייט פאר קארא־טעטע און זיינע בעגלייטער פראוויאנט אויף א פאר וואכען, האט דער פראפעסאר געענטפערט. מיר וועלען עס אויסבארגען ביי איהם. איך האב שוין פראבירט פערזוכען פון די עסענס, וואס מען האט דא איבערגעלאזען פאר איהם. עס שמעקט גאנץ גוט.

— וואס וועט אבער דאס ענדע זיין ? האט לארד גלענארוואן וויטער גע־זאגט. וויא לאנג קענען מיר דא אויסהאלטען ?

— ביז וואנען מיר וועלען אנטלויפען, האט דער פראפעסאר געענטפערט גאנץ רוהיג.

— וויא אזוי וועלען מיר אנטלויפען ?

— איך ווייס ניט. איך בין אבער זיכער, אז מיר וועלען אנטלויפען, האט דער פראפעסאר געזאגט. — יעצט קומט, רוהט אייך אפ און עסט עפעס. איהר זייט געוויס הונגעריג.

אלע זיינען געווען זעהר מיעד און זעהר הונגעריג. דער פראפעסאר האט

זיך פֿארשטעלט פֿאר א בעל הבית און האט זיי בעווירטהעט. ער האט ארויסגעשלעפּט פֿון דער אודופּא א מאַטע (ראגאזשע) האט זיא אויסגעשפּרייט אויף דער ערד און האט אניעדערגעלעגט אויף איהר דיא שפּייזען, וועלכע זיינען געווען אין דער אודופּא. קאַרטאָפֿעל, רייז, ווארצלען פֿון פֿעשיעדענע גראָזען און נאך אזעלכע זאכען.

ווען מען האט אפּגעגעסען און זיך אביסעל אפּגערוהט, האט מען ווידער אנגעהויבען אויסצופֿרעגען דעם פּראפֿעסאָר, וויא אזוי עס האט מיט איהם פּאַסירט דיא גאנצע צייט, וואס ער איז ניט געווען מיט זיי צוזאַמען. דער פּראפֿעסאר אבער האט געענטפֿערט זעהר אונגערן אויף אזעלכע פֿראגען. ער פֿלעגט שטענדיג אזוי ליעב האבען צו רעדען און צו דערצעהלען. יעצט איז שווער געווען ארויסצוציהען ביי איהם א ווארט.

— דער פּראפֿעסאר איז געווארען גאר אנאנדער מענש, האט דער מאַיאָר געזאגט שטילערהייט. ער וויל ניט רעדען, ער וויל ניט דערצעהלען. — וואס איז מיט איהם?

ענדליך, ווען ליידי העלענא און לארד גלענארוואן האבען איהם אנגעהויבען אויסצופֿרעגען, האט מען דאן פֿון איהם קוים געקענט ארויסציהען פֿאָלגענדע געשיכטע:

אין דעם רעש, וואס איז געווארען, ווען לארד גלענארוואן האט אויסגעשאָסען אויף קאַראַטעטע, איז ער זיך שטילערהייט ארויסגעגאנגען פֿון'ם פּאַה. ער איז געגאנגען אהן א וועג און אהן א שטעג און איז אנגעקומען אין א לאַגער פֿון מאַאָרי. דיעזע מאַאָרי האבען ניט געהערט צו קאַאי־קומו, זאנדערן צו אנאנדער שטאַם (שבט). דער הויפּטלינג פֿון דיעזע מאַאָרי האט אויפֿגענומען דעם פּראפֿעסאָר זעהר פֿריינדליך. עס איז איהם געפֿעלען דעם פּראפֿעסאָר'ס ברילען און דער טעלעסקאָפּ. ער האט פּראָבירט קוקען דורך דיא ברילען, האט אבער גאר ניט געזעהן אויף זיי און האט זיי איהם אפּגעגעבען צוריק. דעם טעלעסקאָפּ אבער האט ער ציגענומען, ווייל דער פּראפֿעסאר האט איהם געוויעזען, אז מען קען זעהן דורך איהם זעהר ווייט.

— דער טעלעסקאָפּ האט מיך געראטעוועט, האט דער פּראפֿעסאָר געזאגט. דער ווילדער הויפּטלינג האט ניט געוואוסט, וויא אזוי איהם אויפֿצושטעלען און אויפֿצושרויפֿען. יעדעס מאל, ווען ער האט געוואלט קוקען אויף איהם, האט ער געמוזט בעטען, איך זאל איהם אויפֿשטעלען. דאס איז דעם ווילדען אזוי געפֿעלען, אז ער האט מיך צוגעבונדען צו זיך מיט א לאנגען שטריק. איך זאל שטענדיג זיין לעבען איהם. איך האב געמוזט עסען מיט איהם און שלאָפֿען מיט איהם. אזא פֿריינדשאפֿט איז מיר אבער ניט געפֿעלען.

— האט מען אייך וועניגסטענס גוט בעהאנדעלט? האט ליידי העלענא געפֿרעגט.

— יא און ניין, האט דער פּראפֿעסאָר געענטפֿערט.

ער האט אבער ניט געוואלט אויסזאגען, וויא אזוי מען האט איהם בעהאנ-

דעלט. וואס מען האט איהם געפֿרעגט און וואס מען האט געצווינגען ביי איהם ווערטער, וויא אזוי מען האט איהם בעהאנדעלט, עס האט גאר ניט געהאָלפֿען. ער האט ניט געוואלט זאגען, וואס מען האט מיט איהם געטהאן.

— דיא צו גרויסע פֿריינדשאפֿט פֿון מיין ווילדען פֿריינד, וועלכער האט אזוי שטארק ליעב בעקומען מיין טעלעסקאָפּ, איז מיר אזוי שטארק ניט געפֿעלען, אז נעכטען ביי נאכט האב איך גענומען א מעסער און ווען ער איז געשלאָפֿען, האב איך איבערגעשניטען דעם שטריק, מיט וועלכען איך בין געווען צוגעבונדען צו איהם, און בין אנטלאָפֿען. מיין ווילדער פֿריינד האט געזעהן דורך מיין טעלעסקאָפּ, וויא מען האט בעערדיגט קאַראַ-טעטע איך האב געמוזט אויפֿשטעלען פֿאר איהם דעם טעלעסקאָפּ, דערפֿאר האט ער מיר אויך געלאזט קוקען. דערביי האט ער מיר ערקלערט, אז דער בארג איז יעצט טאַבו, ביז וואנען פֿון קאַראַ-טעטעס קערפער וועלען בלייבען נור דיא ביינער.

איך האב איהם געדאנקט פֿאר דיעזע מיטטהיילונג און ווען עס איז מיר געלונגען איבערצושניידען דעם שטריק, בין איך גלייך אנטלאָפֿען אויפֿן באַרג, וועלכער איז טאַבו.

דאס איז געווען אלעס, וואס מען האט געקענט ארויסציהען פֿון איהם. לארד גלענארוואן האט געזעהן, אז ער בעהאלט עפּעס, אז ער וויל ניט אלעס דערצעהלען, אז ער ווארנט זיך מיט עפּעס. ער איז אבער געווען צו עדעל אום איהם צו צווינגען, ער זאל איהם אלעס דערצעהלען.

ווען מען האט זיך אביסעל אויסגערוהט און דער פּראָפֿעסאָר האט שוין אלעס דערצעהלט, האט מען אנגעהויבען צו טראכטען, וואס מען זאל ווייטער טהאן. מען איז ארויסגעגאנגען פֿון'ם צוים און מען האט זיך אומגעקוקט.

דיא ווילדע זיינען נאך אלץ געשטאַנען ליעבען באַרג. יעדעס מאל זיינען צוגעקומען נייע באַנדען. זיי האבען געבראכט ביקסען און האבען פּראָבירט שיעסען אויף דיא ענגלענדער. זייערע קוגלען אבער האבען ניט געקענט טרעפֿען; ארויף א באַרג איז ניט לייכט צו שיעסען.

— זיי בעוואַכען אונז גוט, דיא טייפֿעלן! האט דער מאַיאָר אויסגערופֿען. זיי לאזען פֿון אונז קיין אויג ניט אראָפּ.

— זיי ווילען אונז אויסהונגערן, האט דער פּראָפֿעסאָר ערקלערט. דיא ווילדע מענשען האבען אן אייזערנע געדולד. זיי קענען אוועקווארטען וואכען לאַנג אויף זייער בייטע. בלייבען דא לאנג קענען מיר ניט. מיר מוזען אנטלויפֿען. —

— אום צו אנטלויפֿען, דארף מען פֿריהער וויסען, וואוהין צו אנטלויפֿען, האט פֿארראגוט זיך אפּגערופֿען.

— איהר האט פֿאלקאמען רעכט, האט איהם דער פּראָפֿעסאָר געזאגט. מיר זיינען דערווייל זיכער. לאמיר געהן ארומקוקען דעם באַרג און דיא געגענד ארום. פֿון'ם שפּיץ באַרג קען מען איבערזעהן א לאנגע שטרעקע לאנד ארום און ארום. פֿיעללייכט וועלען מיר אויסגעפֿינען עפּעס א וועג, אויף וועלכען מיר וועלען קענען אנטלויפֿען ביי נאכט.

זיי האבען אנגעהויבען ארומצוגעהן דעם בארג פון אלע זייטען.ליידער, האט זיך זיי פארגעשטעלט זעהר וועניג האפנונג זיך צו רעטען.

אזוי וויא זיי זיינען אזוי ארומגעגאנגען אויפ'ן בארג, האבען זיי בעמערקט, אז דער בארג ציטערט. ער בעוועגט זיך עפעס. זיי זיינען אלע געווען צו שטארק בעשעפטיגט מיט זייערע געדאנקען איבער זייער לאגע אום דארויף אכט צו געבען. זיי זיינען דאך ערשט ניט לאנג דורכגעפאהרען א געגענד, וואו עס האט געזאטען און געקאכט איבעראל און האבען זיך אנגעזעהן גענוג וואונדערליכע ערשיינונגען.

דער פראפעסאר אבער האט עס אנדערש בעטראכט. ער האט עס בעטראכט, וויא א געלערנטער. ער האט זיך צוגעקוקט צום בארג פון אלע זייטען, האט בעטראכט דיא בערג ארום און האט גאר פערגעסען, וואו ער איז. ער האט אנגעהויבען צו לערנען מיט זיינע קאמעראדען געאגראפיע.

— מיינע הערען, האט ער אנגעהויבען מיט א טאן פון א פראפעסאר, וועלכער האלט א פארלעזונג אין אוניווערזיטעט. — מיינע הערען, ווייסט איהר וואו מיר געפינען זיך? — אויף א צוקונפטיגען וואולקאן — פייערשפייענדיגען בארג — זעהט איהר, וויא דער בארג ציטערט אלע מאל? — ווייסט איהר, פאר וואס דאס איז? אונטערן בארג איז דא א הייל. אין הייל זיעדעט דאס וואסער. עס האט זיך אנגעזאמעלט זעהר פיעל דאמפף, וועלכער וויל ארויס. ער וועט זיך אמאל אויסברעכען א וועג און פון דיעזען בארג וועט אמאל ארויסשפריצען א גרויסער זייל דאמפף און פייער. —

דער מאיאר האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. זיי זיינען אלע אין דער גרעסטער געפאהר און ער וויל גאר מיט זיי לערנען געאגראפיע!

— הערר פאגאנעל, האט ער איהם געזאגט מיט א ביטערן געלעכטער, מיר דארפען יעצט טראכטען, וויא אזוי צו אנטלויפען פון דיא מאארי. לאזט אונז צו רוה מיט אייער געאגראפיע און מיט אייערע פייערשפייענדיגע בערג.

געהט, ווען איהר ווילט ניט הערן! האט זיך דער פראפעסאר געבייזערט. — ווייסט איהר, וואס פאר א קראפט אזא וואולקאן האט? — מיליאנען — ביליאנען פערדע קראפט!

— אבער צו וואס דערצעהלט איהר עס אונז, פראפעסאר? האט זיך פאררגוט אפגערופען. ווען מיר זאלען קענען בענוצען דיעזע מיליאנען פערדע קראפט, וואלט געווים געווען זעהר גוט. אונזער „דונקאן" האט געהאט נור אכציג פערדע קראפט און ער וואלט אונז פיעל מעהר גענוצט אלס דיעזע מיליאנען — ביליאנען פערדע קראפט.

דאס ווארט „דונקאן" האט זיך ארויסגעבאפט ביים גוטען פאררגוט. ער האט דערמיט גאר ניט געמיינט. לארד גלענארוואן אבער האט א ציטער געטהאן, ווען ער האט עס דערהערט. ליידי העלענא, וועלכע איז געשטאנען ניט וויים און האט געזעהן, וויא ער האט א ציטער געטהאן, איז באלד צוגעלאפען צו איהם און האט איהם געפרעגט:

— וואס איז, עדוואַרד? ווייטער שלעכטע אויסזיכטען? ווייטער געפֿאַהרען?

— ניין, העלענא, האט ער געענטפֿערט רוהיג. קיינע געפֿאַהר. דיא ווילדע וועלען צו אונז ניט קומען, ביז מיר וועלען געפֿינען מיטעל, וויא צו אנטלויפֿען.

— לאמיר בעסער געהן אין אונזער שלאָס צוריק, האט פּלוצלונגע געזאגט דער פּראָפֿעסאָר גאנץ פֿרעהליך, גלייך וויא ער וואלט געווען ערגעץ אין פּאַריז. קיינער קען ניט צוקומען צו אונזער פֿעסטונג, צו אונזער שלאָס. מיר קענען דאָרט לעבען, וויא דיא קיסרים.

ער האט געגעבען ליידי העלענא דיא האנד און האט זיא געפֿיהרט מיט גרויס צערעמאָניע צוריק אין דער אודופּאַ.

ווען דיא ווילדע, וועלכע זיינען נאך אלץ געשטאַנען אונטערן בארג, האבען דערזעהן, אז דיא ענגלענדער געהן ווידער אריין אין זייער היילינטהום, האבען זיי ווידער אנגעהויבען צו שרייען און צו שיעסען. דער פּראָפֿעסאָר אבער האט זיך ניט אומגעקוקט אויף זיי.

— לאמיר זעהן, וואס פֿאַר א ירושה מיסטער קאַראַ־טעטע האט אונז גע־לאזען, האט ער געשפּאַסט. לאמיר ארויסנעהמען אלעס פֿון דער אודופּאַ און עס גוט בעטראַכטען.

זיי זיינען אריינגעגאנגען אין דער אודופּא און האבען אנגעהויבען ארויס־צונעהמען אלע זאכען, וואס זיי האבען דאָרט געפֿונען. צווישען דיא זאַכען זיינען געווען א פּאר ביקסען, שארף געלאָדען. א האָרן מיט פּולווער, א בייטעל מיט קוגעלן. דאס האט מען מיטגעגעבען קאַראַ־טעטע, פֿיעללייכט וועט ער וועלען געהן אויף דער יאָגד דאָרט אויף יענער וועלט, זאל ער האבען אלעס פֿערטיג. דאן איז דאָרט געווען צוויי שפּיזען, א האַק און נאך אנדערע וואפֿען, וועלכע דיא מאַאָרי בענוצען.

— קוקט נור אן! האט אויסגערופֿען דער פּראָפֿעסאָר. דאס איז דאך א גאנצער אַרסענאַל! — נו, מיר דארפֿען האבען דיעזע וואַפֿען נעטהיגער אלס דער טויטער. וואס טויגען איהם וואַפֿען אויף יענער וועלט? זיי זיינען פֿעררוקט, דיא מאַאָרי! געבען וואפֿען א טויטען! אונז וועלען זיי צוניץ קומען.

— בעטראַכט נור דיא ביקסען, האט דער מאיאָר געזאגט. זיי האבען אויף זיך אן ענגלישע מארקע.

— געוויס, איז עס אן אונרעכט צו פֿערקויפֿען ביקסען צו דיא ווילדע. זיי בענוצען זיי דערנאך געגען דיא פֿערקויפֿער.

— יעצט איז ניט דיא צייט צו בעהאנדלען אזעלכע פֿראגען, האט זיי דער פּראָפֿעסאָר אונטערבראכען. דיא ביקסען וועלען אונז יעצט זעהר צוניץ קומען. נאך נעטהיגער האבען מיר דאס עסען און דאס וואסער, וועלכע מען האט אנ־געגרייט פֿארן גרויסען הויפּטלינג קאַראַ־טעטע.

זיי האבען איבערגעקוקט דעם גאנצען פּראוויאַנט און האבען געפֿונען, אז עס קען פֿאר זיי געניג זיין אויף צעהן־פֿופֿצעהן טאג, ווען זיי זאלען לעבען עקאָ־נאמיש. אזוי וויא אין דעם פּראוויאַנט האבען זיך געפֿונען עטליכע קערב מיט

קאַרטאָפֿעל און מיט זיסע באַטאַטען (סווים פּאָטייטעס) האט אלבינעט מורא גע-
האט, אז זיי זאלען ניט פֿערדארבען ווערן. ער האט געוואוסט, אז קאַרטאָפֿעל
איז גוט צו פֿערגראבען אין דער ערד. זיי ווערן דאן ניט פֿערדארבען.

ער האט גענומען קאַראַ-טעטעס האַק, האט אויסגעזוכט אן ארט, וועלכען ער האט געפֿונען פֿאר פּאַסענד צו פֿערגראבען דיא קארטאָפֿעל און האט אנגעהויבען צו גראבען א גרוב. אנפֿאַנגס איז דיא ארבייט געגאנגען זעהר גוט. ער איז אבער געקומען צו א שטיין און האט איהם געוואלט אויסהאַקען. מיט פֿיעלער מיה איז עס איהם ענדליך געלונגען. קוים אבער האט ער אויפֿגעהויבען דעם שטיין, האט ארויסגעשפּריצט א זייל הייסער דאַמפּף (פּאַרע, סטים) זעקס פֿוס דיא הויך, אז דער ארימער אלבינעט האט זיך אפּגעבריהט און איז אפּגעשפּרונגען מיט שרעק.

— פֿערמאַכט שנעל דעם דאַמפּף! האט דער מאַיאָר געשריען און האט געוואלט אריינוואַרפֿען דעם שטיין צוריק אין זיין לאך.

— וואַרט, מיין ליעבער מאַיאָר! האט איהם דער פּראָפֿעסאר געזאגט און האט איהם אנגעכאַפּט ביי דער האנד. — איילט אייך ניט, לאמיך אויך זעהן, וואס דא איז.

ער האט אנגעהויבען צו בעטראַכטען דעם דאמפּף, וועלכער האט נאך אלץ ארויסגעשפּריצט פֿון דער ערד.

— האט איהר זיך שטארק אפּגעבריהט? האט דער מאַיאָר געפֿרעגט דעם דערשראָקענעם אלבינעט.

— ניין, עס איז גאר נישט. איך האב מיך נור דערשראָקען, איך האָב ניט ערווארטעט —

— צו געפֿינען דא פֿייער, האט דער פּראָפֿעסאָר געלאַכט. — דיעזער באַרג איז ווירקליך א וואונדער באַרג. ער האט אונז געגעבען עסען אומזיסט. יעצט גיט ער אונז דאמפּף אומזיסט. — ווייסט איהר וואס? לאמיר דא גרינדען א קאָלאָניע און לאמיר זיך דא בעזעצען.

— א שעהן ארט האט איהר געפֿונען פֿאר א קאלאָניע! האט דער מאַיאָר געזאגט בייז. מיר זיינען דאך ניט זיכער, אז עס זאל ניט אויסברעכען דאס פֿייער פֿון אונטער דער ערד און מיר זאלען ניט אלע פֿערברענט ווערן.

— ליעבער מאַיאָר, האט דער פּראָפֿעסאָר איהם געענטפֿערט. דער באַרג איז ניט נעכטען געבארען געווארען. ווען ער האט ביז אהער אויסגעהאלטען, וועט ער שוין ווייטער אויסהאלטען. ווענינגסטענס, וועט ער אויסהאלטען, ביז וואנען מיר וועלען אוועקגעהן פֿון איהם.

— הערט דאך אויף צו שפּאַסען, פּראָפֿעסאר, האט ליידי העלענא געבעטען. דענקט בעסער, וויא אזוי מיר זאלען פֿון דאנען אנטלויפֿען.

— איך בין ניט דאגעגען, האט דער פּראָפֿעסאר געזאגט. לאמיר בערופֿען א ספּעציאל מיטינג און לאמיר זיך בעראַטהען, וויא אזוי איבערצולאזען אונזערע

טהייערע פריינד, דיא מאָרי, וועלבע ווארטען נעביך אויף אונז מיט זעהר פיעל אונגעדולד.

אלע האבען זיך אניעדערגעזעצט אויף א מאַטע און מען האט געעפענט דעם מיטינג. דער ערשטער האט גערעדט לארד גלענארוואן.

— איך מיין, אז מיר זאלען ניט וואַרטען, ביז עס וועט זיך אונז אויסלאָזען דער פראוויאנט און דער הונגער וועט אונז צווינגען אראפצוגעהן פון באַרג. איך מיין, אז היינט ביי נאכט שוין זאלען מיר אראָפּגעהן און זעהן דורכברעכען דיא ליניע פון אונזערע וועכטער.

— פאַרטרעפליך! האט אויסגערופען דער פראפעסאר, ווען דיא מאָרי וועלען נור ערלויבען, אז מיר זאלען דורכברעכען זייערע ליניען.

— זיי וועלען זיך געווים שטעלען געגען אונז, האט פאררהגוט געזאגט טרויעריג. איך זעה ניט איין, וויא אזוי מיר וועלען קענען דורכברעכען זייערע ליניען.

— מיר האבען אבער גענוג מיטעל, זיי צו צווינגען, אז זיי זאלען אונז דורכלאזען, האט דער פראפעסאר געזאגט.

— איך זעה ניט, וואס פאר א מיטעל מיר האבען.

— איך זעה אבער יא, האט דער פראפעסאר געזאגט. איהר ווייסט גאר ניט, וואס פאר א קראַפט מיר האבען יעצט אין אונזערע הענד.

מען האט איהם געבעטען, ער זאל ערקלערן, וואס ער מיינט דערמיט. ער האט אבער אויף קיין פאַל ניט געוואלט זאגען, וואס פאר א קראַפט ער האט.

— איהר וועט שוין זעהען, ווען עס וועט נעטהיג זיין, איז געווען אלעס, וואס מען האט געקענט פון איהם ארויסקריגען.

עס האט גאר ניט געהאלפען. מען האט געמוזט ווארטען ביז ביי נאכט. דערווייל איז געבליעבען, אז מען זאל זיך אויסרוהען א גאַנצען טאג, ווייל ביי נאכט וועט מען געווים האבען א שווערע ארבייט.

דער טאג איז פערגאַנגען רוהיג. עס איז געווארען נאכט. דיא ווילדע האבען זיך ניט גערוהרט פון זייער אָרט. אייניגע זיינען אוועקגעגאַנגען אין פאַה, דערפאר זיינען געקומען אנדערע. קוים איז פינסטער געווארען, האבען זיי צו־לעגט פייערן ארום בארג און האבען זיך געוואַרמט. ארום און ארום בארג האט געברענט א ליניע פון פייערן און האבען בעלייכטעט דעם בארג מיט זייערע רויטע פלאַמען. נור דער העכסטער פונקט פון'ם בארג, דארט, וואו אונזערע רייזענדע זיינען געווען, איז געבליעבען אין דער פינסטער.

אויפ'ן בארג איז געווען רעכט קאַלט. אונזערע רייזענדע האבען ווייטער געמוזט זיך בענוצען מיט קאַראַטעטע'ס ערבשאַפט (ירושה). זיי האבען ארויס־גענומען אלע מאַטען (ראגאָזשעס) פון זיין אודופא און האבען זיך ארומגעוויע־קעלט.

נעגען האלבע נאכט האט לארד גלענארוואן געזאגט, אז עס איז צייט צו געהן.

— עס איז אימזיסט, האט דער פראפעסאר געווארנט. זיי היטען אונז זעהר שטארק. מיר וועלען ניט קענען דורכברעכען זייערע ליניעס.

— אלזא, וואס דען זאלען מיר טהאן? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— ווארטען, האט דער פראפעסאר געענטפערט.

לארד גלענארוואן אבער האט ניט געוואלט ווארטען. ער האט געוואלט פראבירען, אויב עס איז ניט מעגליך זיך ארויסצוגנבענען שטילערהייט פון זייער געפענגניס.

— איך וועל פראבירען אראפגעהן פון'ם בארג, האט דער מאיאר געזאגט קומט פארראגוט, איהר געהט מיט מיר?

זיי האבען גענומען קארא-טעטעס ביקסען אויף דיא פלייצעס, האבען אויסגעזוכט אן ארט, וואו דיא פייערן זיינען געווען ווייט איינער פון'ם אנדערן, און האבען אנגעהויבען זיך אראפצולאזען פון'ם בארג. קוים זיינען זיי אוועקגעגאנגען עטליכע שריט — טראך! האבען אויסגעשאסען אויף זיי עטליכע ביקסען מיט אמאל.

זיי האבען געמוזט לויפען צוריק. דיא קוגעלן זיינען געפאלען גאר ניט ווייט פון זיי.

— עס איז אונמעגליך זיך ארויסצוגנבענען, האט דער מאיאר געזאגט. עס איז א זיכערער טויט. וואלטען מיר וועניגסטענס געהאט גענוג געוועהר, וואלטען מיר אלע מיט אמאל געשאסען אויף זיי און ווייטער געגאנגען. שיעסען פון א בארג אראפ איז פיעל לייכטער, אלס שיעסען אויף א בארג.

— איך האב דאך אייך געזאגט, אז דיעזע ווילדע בעסטיען וועלען אונז ניט דורכלאזען, האט דער פראפעסאר געלאכט.

— אלזא, וואס איז אייער פלאן, געלערנטער פראפעסאר? האט זיך דער מאיאר געבייזערט.

— מיט געוואלד קענען מיר גאר ניט מאכען, האט דער פראפעסאר געענטפערט. מיר מוזען געברויכען אן אנדער'ער מיטעל.

— וואס איז אבער אייער מיטעל?

— ווארטען ביז מארגען.

— ווייטער ווארטען?

— נור ביז מארגען.

## 15טעס קאפיטעל.

## דער גלויבען איז דאס בעסטע מיטעל.

דיא נאכט איז פאריבער רוהיג. דיא ווילדע האבען געהאלטען א שטרענגע וואך, זיי האבען זיך אבער ניט גערירט פון זייער ארט. עס איז געווארען טאג. אונזערע רייזענדע האבען זיך אויפגעכאפט. האבען זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. — דיא מאארי שטעהן רוהיג אויף זייערע ערטער. אלע האבען זיך ארומגעשמועסט ארום פראפעסאר, זיי זאלען שוין אמאל הערן, וואס פאר א פלאן ער האט אויסגעטראכט זיך צו רעטען.

— מיינע פריינדע, האט ער ענדליך געזאגט, מיין פלאן איז הערפאר שוין גוט. אז ווען ער וועט זאָגאַר ניט געלינגען, וועט ער אונז געוויס ניט שאַרען. ערגער וויא יעצט, וועט אונז ניט זיין. איך האף אבער, אז ער וועט יא געלינגען. ער מוז געלינגען!

— זאגט אונז שוין אמאָל, וואס איז אייער פלאן! האט דער אונגעדולדיגער מאיאר אויסגערופען.

— רוהיג! האט קאמאַנדירט דער פראפעסאר. ער האט געמיינט, אז ער רעדט מיט זיינע סטודענטען. מיינע פריינדע! דיא ווילדע קענען צו אונז ניט צו קומען דערפאר, וואס דיעזער באַרג איז טאַבו. ער איז ביי זיי הייליג. זיי קוקען אויף אונז, וויא אויף אפיקורסים, וועלכע האבען פעראונרייניגט זייער הייליגען בארג. אועלכע רשעים דארף גאט אליין שטראפען.

אלע האבען איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. קיינער האט ניט פערשטאַנען, וואס ער מיינט דערמיט און צו וואס ער זאגט עס.

— וויא וואלט געווען, האט דער פראפעסאר וויטער געזאגט, ווען קאַאי-קומו מיט זיינע לאנדסלייט זאלען מיינען, אז זייער גאט האט אונז בעשטראפט און מיר זיינען שוין אלע טויט? וואלט ער מיט זיינע וואַכען אוועקגעגאנגען צוריק אין זיין פאַה?

— געוויס! האט לארד גלענארוואן אויסגערופען. ווען ער וועט מיינען, אז מיר זיינען טויט, האט ער דאך מעהר ניט וואס צו היטען.

— אבער וויא אזוי וועט ער מיינען, אז מיר זיינען טויט? האט ליידי העלענא געפרעגט.

— ווייסט איהר ניט, וויא אזוי גאט האט בעשטראפט קרחן מיט זיין געמיינדע? האט דער פראפעסאר געפרעגט. וואס קומט איינעם, וועלכער שטעלט זיך אונטער צו פעראונרייניגען א הייליגטהום? — ער מוז שטארבען אין פייער און דאמפף. אזוי שטראפט גאט.

אלע האבען איהם אנגעקוקט. זיי האבען איהם דאך ניט פערשטאַנען.

— דאס פייער, מיינע פריינד, געפינט זיך אין בארג אונטער אונזערע פיס. לאמיר עס ארויסלאזען. קאַאי-קומו און זיינע פרומע מענשענפרעסער וועלען מיינען, אז זיין גאט האט אונז געשטראפט. זיי וועלען זיך פרעהן און וועלען אוועקגעהן פונ'ם בארג. דערווייל וועלען מיר קענען אראפגעהן פון דער אנדערער זייט.

יעצט האבען שוין אלע פערשטאַנען זיין פלאַן.

— אלזא, זאלען מיר גראבען דיא ערד, ביז עס וועט ארויסשפריצען א גרויסער זייל דאַמפף און פייער? האט פארראגוט געפרעגט. — מיט אנדערע ווערטער געזאגט, מיר זאלען מאכען א פייערשפייענדיגען באַרג?

— פאַרוואס ניט? האט דער פראפעסאַר געענטפערט. איהר האט דאך אליין געזעהן נעכטען, ווען אלבינעט האט געגראבען דיא ערד, אז עס האט ארויסגעשפריצט דאמפף. ווען מיר האבען געוואלט, האבען מיר פערלענגט דעם

לאַך מיט שטיינער און פֿערהאלטען דעם דאַמפּף. — לאָמיר יעצט אפּנאַררען דעם גוטען און עדעלען קאַאי־קומו. ער איז גאַנץ פֿרום, וויא איהר האָט אליין געזעהן. ער וועט מיינען, אז גאָט אליין שטראָפֿט אונז און וועט זיך אוועקגעהן אין זיין פֿאַה, דאַן זיינען מיר פריי.

— א כאַרטרעפֿליכע אידעע, פּראָפֿעסאָר! האָט דער מאַיאָר אויסגערופֿען. דאס קען טאַקע אויסטראַכטען נור א קאָפּ פֿון א פּראָפֿעסאָר.

— מיין פּלאַן איז אזוי. מיר זאָלען אויסגראָבען אין דער ערד עטליכע לעכער. דער דאַמפּף זאָל שפּריצען פֿון אלע זייטען. מיר אליין וועלען זיך בעהאלטען אין קאַראַ־טעטעס אודופּאַ. מיר וועלען דאָרטען בלייבען א טאָג, צוויי טאָג, אָדער דריי טאָג און וועלען זיך ניט ווייזען. די ווילדע וועלען זיין איבערציינגט, אז מיר זיינען פֿערברענט געוואָרען. דאַן וועלען זיי זיך אין גאנצען אוועקגעהן. ווען מיר וועלען זעהן, אז מען בעוואַכט אונז ניט מעהר, וועלען מיר אין א פינכטערע נאַכט אראָפּגעהן פֿון באַרג און געהן צום מעער. איך ווייס שוין דעם וועג און וועל איהם אייך ווייזען.

— דער פּלאַן איז געוויס גוט, האָט לאָרד גלענאַרוואַן געזאָגט. איך האָב נור מורא, אז די ווילדע וועלען זיך ניט לאָזען אזוי לייכט אָפּנאַרען.

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז מיין פּלאַן איז אזוי פֿיעל גוט, וואס מיר האָבען גאָר ניט צו פֿערליערן דערביי.

— אלזאָ, ווען דענקט איהר אויסצופֿיהרען דיעזען פּלאַן? האָט ליידי העלענא געפֿרעגט.

— היינט ביי נאַכט.

— פֿאַרוואָס האָט איהר עס נעכטען ביי נאַכט ניט געטהאָן?

— איך האָב געמוזט בעסער אויסשטודירען דעם באַרג, האָט דער פּראָפֿעסאָר געענטפֿערט פֿערשעהמט.

— איהר האָט רעכט, פּראָפֿעסאָר, האָט דער מאַיאָר געזאָגט. לאָמיר זיי מאַכען א וואונדער, פֿון וועלכען זיי וועלען האָבען צו דערצעהלען יאָהרען לאַנג. ווען קאַאי־קומו זאָל נור קענען שרייבען, וואָלט ער געוויס אנגעשריעבען א גאַנצעס בוך, וויא אזוי די שלעכטע ווייסע מענשען האָבען אמאָל פֿעראונרייניגט א הייליגטהום. גאָט איז ברוגז געוואָרען, די ערד האָט זיך געעפֿענט. עס זיינען ארויס פֿייער און פֿלאַמען און האָבען זיי פֿערניכטעט די רשעים.

דעם פּראָפֿעסאָרס פּלאַן איז געוויס געוועזען זעהר גוט. די איינציגע שוועריגקייט איז נור געוועזען, וויא אזוי איהם אויסצופֿיהרען. מען טאָר זיך דאָך ניט שפּיעלען מיט פֿייער. — וואס וועלען זיי טהאָן, ווען די לעכער, וואס זיי וועלען אויסגראָבען, וועלען ארויסלאָזען אזוי פֿיעל דאַמפּף און פֿייער, אז זיי וועלען זיך טאַקע ניט האָבען וואו צו בעהאלטען? דער גאַנצער באַרג קען ארויפֿשפּרינגען אין דער לופֿט. מיט די ווילדע קרעפֿטע פֿון דער נאַטור מוז מען זיין זעהר פֿאַרזיכטיג.

דער פראָפעסאָר האט עס זעהר גוט געוואוסט. ער האט אויסגעפונען א מיטעל, וויא אזוי צו גראבען דיא ערד און וויא אזוי מען זאל צו יעדער צייט קענען איינהאלטען דעם דאמפף.

— מיר מוזען עס טהאן ביי נאכט, דיא ווילדע זאלען ניט זעהן, וואס מיר טהוען, האט ער געזאגט. מיר מוזען אבער אלעס פאַרבערייטען ביי טאג.

ער האט געהייסען אנגרייטען פיעלע גרויסע שטיינער אויף דיא ערטער, וועלכע ער האט אנגעוויעזען. דאן האט ער געהייסען מאכען אלעס פערטיג צו דער רייזע. קוים וועט דער פלאַן געלינגען, זאלען זיי באלד אין דער אנדערער נאכט אוועקגעהן פון דאַנען.

דעם גאנצען טאג האט מען געמאכט פאַרבערייטונגען. געגען זעקס אוהר פאַר נאכט האט אלבינעט געמאכט א מיטאג. מען האט געמוזט זיך אנעסען אום צו האבען קרעפטע צו ארבייטען ביי נאכט. נאכ'ן עסען האט מען זיך צוגעלעגט אפרוהען.

עס איז געווארען נאכט. דער הימעל האט זיך בעדעקט מיט וואָלקען. עס האט אנגעהויבען צו דונערן.

— מוטער נאַטור וויל אונז אביסעל העלפען, האט דער פראָפעסאר געזאגט. עס שאַדעט ניט, עס זאל אביסעל דונערן און בליצען. דיא ווילדע האבען געוועהנליך מורא פאַר אזעלכע זאַכען. זיי זאגען, אז גאָט רעדט דורכ'ן דונער. ווען עס וועט שטאַרק בליצען, וועלען זיי געוויס זיין זיכער, אז גאט אליין איז געקומען אונז בעשטראָפען.

אום אַכט אוהר איז געווארען שטאַרק פינסטער. דיא ווילדע האבען צוואַר יעדער צולעגט פייערן, עס האט אבער אנגעהויבען צו רעגענען און זיי האבען געהאט פיעל מיה אויפצוהאלטען זייערע פייערן.

— יעצט איז דיא צייט, האט דער פראָפעסאר געזאגט. אלע צו דער ארבייט!

אלע האבען זיך גענומען צו דער ארבייט. מען האט אנגעהויבען צו גראָבען גריבער אויף צעהן שריט דיא ווייט איינע פון דער אנדערער. דער פראָפעסאר האט געוואלט מאכען, אז עס זאל זיך ווייזען א גאַנצער גארטעל פון רויך און דאַמפף. ער האט ווייטער ריכטיג בערעכענט, אז דיא גריבער דארפען זיין ווייט פון דער אודופאַ. דיא ווילדע זאלען זעהן, אז דיא אודופאַ איז גאַנץ, ווייל קוים וועלען זיי דיא אודופאַ ניט זעהן, וועט דער באַרג שוין ניט זיין טאַבו און זיי וועלען מעגען ארויפגעהן אויף איהם.

ער האט אויסגעקליעבען דעם ריכטיגען אָרט און מען האט זיך געשטעלט גראבען. זא לאנג מען האט געגראבען ערד, איז גאר ניט געווען. קוים איז מען אבער צוגעקומען צו א שטיין, האט מען געמוזט רופען דעם פראָפעסאר, ער זאל בערעכענען, וויא אזוי מען זאל דעם שטיין אויפהויבען און אויב מען זאל איהם גאר אויפהויבען. דיא ארבייט איז געגאנגען פאָרטרעפליך. אין איינינע ערטער האבען שוין געשפריצט פאָנטאַנען פון דאַמפף. דאס איז אבער געווען וועניג פאַרן

פראפֿעסאָר. ענדליך האט ער אליין געגראבען אין אן אָרט און איז צוגעקומען צו א גרויסען שטיין.

— דאָ איז דער ארט, האט ער געזאגט. וויא אזוי הייבט מען אבער אויף אזא גרויסען שטיין?

ער האט געהייסען ארויסשלעפען פֿלעקער פֿוּן צוים ארום דער אודופא און בענוצען דיעזע פֿלעקער אלס א ליווער (העבעל). עס איז פֿערגאַנגען א גע־רוימע צייט, ביז עס איז זיי געלונגען ארויסצוּנעהמען דעם גרויסען און שווערן שטיין. אבער, אה, וואונדער! קוים האבען זיי אויפֿגעהויבען דעם שטיין, האט דער גאנצער בארג אנגעהויבען צו ציטערן, א זייל פֿון רויך און פֿייער האט זיך געוויעזען און עס האט אנגעהויבען צו שפּריצען זידענדע וואסער.

דער פראפֿעסאָר און אלע איבעריגע האבען געמוזט אנטלויפֿען זיך בע־האלטען אין קארא־טעטעם אודופא.

באלד האט זיך געלאזט הערען א שווערער, שטינקענדער, ערשטיקענדער שוועפעלגערוך. דאס זיעדענדע וואסער געמישט מיט שוועפעל האט זיך אנגע־הויבען אראפצוגיעסען פֿוּן באַרג גלייך אין דעם לאגער פֿון דיא ווילדע. מיט שרעקען און שטוינען זיינען דיא ווילדע אויפֿגעשפרונגען פֿון זייערע ערטער. זיי האבען גאר ניט געוואוסט, וואס דאס איז און פֿון וואנען דאס קומט. זיי האבען גוט געקענט דעם באַרג, אז ער איז א גוטער, רוהיגער, שטילער און גאַנץ אנ־שטענדיגער בארג. פלוצלונג מאכט ער אזעלכע סקאנדאַלען.

זיי האבען א קוק געטהאן אויפֿ׳ן בארג און האבען דערזעהן מיט שרעקען א זייל פֿון פֿייער געהט ארויס פֿוּן שפּיץ בארג.

— טאַבו ! טאבו ! טאַבו ! האבען זיי געשריען אהן אן אויפֿהער.

זיי זיינען געפֿאַלען אויף דיא קניע און האבען אנגעהויבען צו בעטען צום זייל פֿייער.

אבער פֿאר וואס דער פראפֿעסאר האט מורא געהאט, דאס איז געשעהן. עס איז שוין טאקע געווען קיין שפּיעלכער. עס האט זיך געעפענט א ווירקליכער, פֿייערשפּייענדיגער באַרג. דער דאַמפף פֿון דיא קליינע גריבער האט באלד אויפֿ־געהערט, אבער דארט, וואו דער פראפֿעסאר האט ארויסגענומען דעם גרויסען שטיין, האט זיך געבילדעט אן עכטער ווולקאַן. ער האט געווארפען מיט שטיי־נער. צום גליק אבער, פֿאלען דיא שטיינער פֿון א ווולקאַן צוריק אויף דעם אָרט, פֿון וואנען עס האט זיי ארויסגעווארפֿען.

רייזענדע געהן אויפֿ׳ן עטנא און העקלא (2 פֿייערשפּייענדיגע בערג) גאנץ נאהענט צום קראַטער, אדער דער לאָך, פֿון וואנען דאס פֿייער קומט ארויס. זיי ווייסען, אז זיי האבען ניט וואס מורא צו האבען. דיא איינציגע זאַך, פֿאר וואס מען האט וואס מורא צו האבען פֿון א ווולקאַן, איז דיא לאַוואַ. דאס איז א טייך פֿון צושמאָלצענע מעטאַלען און שטיינער, וועלכער פֿליעסט ארויס פֿון א ווולקאַן. דיא לאַוואַ איז ווירקליך געפֿעהרליך. דיא לאַוואַ האט שוין פֿערגאָסען ניט איין שטאדט און האט שוין אומגעבראכט גענוג מענשען לעבען.

פֿון דעם וואולקאַן, וואס דער פראָפעסאָר האט יעצט געמאכט אזוי געשיקט, האט זיך אויך ארויסגעזאָגט א טייך לאַוואַ, אבער ניט אין דער זייט, וואו דיא אודופּא איז געוועזען. אונזערע רייזענדע זיינען דאהער געוועזען זיכער, אבזאהל עס איז זיי געוועזען אביסעל צו וואַרם.

דיא נאכט איז פֿערגאנגען זעהר אונרוהיג. דער פֿייערשפּייענדיגער באַרג האט זיך צושפּיעלט ניט אויף געלעכטער. א טייך פֿון לאַוואַ האט זיך געגאָסען פֿון איהם און האט פֿערגאסען א שטיק פֿון דער געגענד אונטערן באַרג. דיא ווילדע זיינען געוועזען אויסער זיך. זיי האבען געליאַרמט, געשריען, געבעטען זייער גאָט און געמאכט זייערע ווילדע צערעמאָניען.

ווען עס איז טאג געווארען, איז געקומען קאַאי־קומו מיט זיינע קריעגער, האבען זיך אניעדערגעשטעלט אונטען לעבען באַרג, האבען געמאכט מיט דיא הענד, געשריען, געליאַרמט, געפֿאלען אויף דיא קניע און געבעטען.

אונזערע רייזענדע האבען אלעס געזעהן. זיי זיינען געוועזען געשיצט הינטער דעם צוים. זיי האבען געזעהן אלעס און דיא ווילדע האבען זיי ניט געקענט זעהן.

— אייער פלאַן, פּראָפֿעסאָר, איז געלונגען, האט פֿאררּאגוט געזאגט. דאס איז געוועזען א גוטער איינפֿאַל! — זעהט, וויא קאַאי־קומו מאכט מיט דיא הענד. ער ווייזט אויף קאַראַ־טעטעס גראב. ער איז פֿעסט איבערציינט, אז גאט האט אונז געשטראָפֿט דערפֿאר, וואס מיר זיינען ארויפֿגעגאנגען אויף א באַרג, וועלכער איז טאַבו. — זעהט, בעטראַכט דיעזע ווילדע! זיי זיינען דערשראָקען. זיי ציטערן. זיי אנטלויפֿען. — קאַאי־קומו אליין אנטלויפֿט אויך. ער האט מורא פֿאר זיין גאָט. — בראַוואַ, פּראָפֿעסאָר! מיר וואלט עס קיין מאל ניט איינגעפֿאַלען, אז איך זאל אפּנאַררען דיא ווילדע.

— וואס ווילט איהר, פֿאַררּאגוט? האט דער פּראָפֿעסאָר געענטפֿערט ערנסט. אזוי זיינען שוין דיא מענשען, זיי מעגען זיין ווילדע, אדער ציוויליזירטע. רעדט מיט זיי, וויא מיט מענשען, ערקלערט זיי, לערנט מיט זיי, בעווייזט זיי עפּעס מיט אלע וואָפֿען פֿון'ם געזונדען מענשענפֿערשטאנד און פֿון דער וויסענשאַפֿט. — זיי וועלען אייך ניט הערן און וועלען אייך פֿערוואַרפֿען מיט שטיינער. — נאַררט זיי אפּ, פֿערפֿיהרט זיי, ווייזט זיי א קונסטשטיק פֿון א טאַשענשפּיעלער און זיי וועלען אייך טראָגען אויף דיא הענד. אַן אלטעס, לאטיינישעס שפּריכווארט זאגט: Mundus vult decipi דיא וועלט וויל, אז מען זאל זיא אפּנאַררען. זיי בעטען זיך, אז מען זאל זיי בעשווינדלען און בעטריעגען. —

— זיי געהן אוועק! זיי אנטלויפֿען! האט לארד גלענארוואן אויסגערופֿען. גאט זיי דאַנק! מיר זיינען גערעטעט! זיי מיינען, אז מיר זיינען טויט, אז דאס פֿייער האט אונז פֿערניכטעט. א גאַנצען טאג מוזען מיר נאך איבערוואַרטען דאָקוים וועט נור פֿינסטער ווערן, וועלען מיר שטילערהייט אראפּגעהן פֿון דער אנדערער זייט באַרג און וועלען געהן צום מעער.

אלע האבען זיך געפֿרייט. דיא האָפֿנונג האט זיי בעלעבט און האט זיי געגעבען מוטה. צוואר האבען זיי זעהר גוט געוואוסט, אז זיי זיינען נאך ניט

זיכער, אז זיי געפֿינען זיך אין א געגענד, וועלכע איז זיי זעהר ווייניג בעקאַנט. דאָך דער פּראָפֿעסאָר קען דיעזע געגענד נאך זעהר ווייניג. עס איז שוין אבער גענוג, וואס קאַאי־קומו האלט זיי פֿאַר טויט און וועט זיי ניט נאכיאָגען. פֿאַר דיא אנדערע ווילדע האבען זיי קיין מורא ניט געהאט.

צום גליק, האט דער פּראָפֿעסאָר געהאט מיט זיך זיין לאַנדקאַרטע פֿון אויסטראַליען. דיא ווילדע האבען עס ביי איהם ניט צוגענומען. זיי האבען זיא צוואָר בעטראַכט, האבען אבער ניט געקענט פֿערשטעהן, צו וואס אזא מין פּאַפּיער מיט פּאַסיקלעך און רינגעלעך קען ניצען. זיי האבען זיא איהם אפּגעגעבען צוריק. מיט דער לאַנדקאַרטע אין דיא הענד, קען מען זיך דאָך גיכער צושלאָגען צו א פּארט אדער צו אן ענגלישער פּאזיציאָן. דער פּראָפֿעסאָר האט א גאַנצען טאָג שטודירט זיין לאַנדקאַרטע און האט אויסגעפֿונען א וועג, וויא אזוי זיי זאָלען געהן.

דער טאָג איז פֿערגאנגען אין שטודירען דיא לאַנדקאַרטע און פֿאַרבערייטונגען צו דער רייזע. א גאַנצען טאָג האט מען ניט געזעהן ניט איין ווילדען, ניט לעבען באַרג, ניט אין דער געגענד ארום. געגען אַכט אוהר אבענד זיינען אלע געווען פֿערטיג צו דער רייזע. לארד גלענאַרוואַן האט אייגעאָרדענט זיין קליינע אַרמעע. ווילסאָן און מילרעד זיינען געגאנגען פֿאָראויס און האבען געקוקט און זיך צוגעהערט אין אלע זייטען. ער, דיא דאַמען און דער פּראָפֿעסאָר זיינען געגאנגען אין דער מיט. דער מאַיאָר, פֿאַרראַגוט און ראָבערט האבען געשלאָסען דעם צוג. יעדער איז געווען בעוואָפֿענט, מיט וואס ער האט געקענט צונעהמען ביי קאַראַ־טעטע.

דער פּראָפֿעסאָר איז געווען פֿרעהליך און האט געשפּאַסט. לארד גלענאַרוואַן און דיא איבעריגע זיינען געווען זעהר ערנסט. זיי האבען געוואוסט, אז דיא ווילדע זיינען זעהר שלוי (חיטרע) און וועלען אזוי גיך ניט אפּטרעטען. עס האט זיך אבער ארויסגעוויעזען, אז דער פּראָפֿעסאָר האט רעכט געהאַט. זיי זיינען אראָפּגעגאנגען גאַנץ רוהיג פֿון׳ם באַרג. קיינער האט זיי ניט געשטערט, קיינער האט זיי ניט בעאונרוהיגט. דיא ווילדע זיינען צוריקגעגאנגען אין זייער פּאַה און האבען שוין מעהר ניט געדענקט פֿון דיא ענגלענדער.

לאַנגזאַם און פֿאָרזיכטיג זיינען זיי אראָפּ פֿון׳ם באַרג און זיינען אריינגעגאנגען אין נעכסטען וואלד.

16טעס קאַפּיטעל.

## צוריק אויפ׳ן „דונקאַן“.

דיא נאַכט איז געווען א פֿינסטערע און דאס געהן אין וואלד איז געווען זעהר שווער. אונזערע רייזענדע אבער האבען ניט געקענט בלייבען שטעהן. זיי האבען געמוזט אנטלויפֿען פֿון דיעזער געגענד און פֿון דיעזע געפֿעהרליכע מענשענפֿרעסער. דער פּראָפֿעסאָר האט זיך אונטערגענומען צו ווייזען זיי דעם וועג און ער איז געגאנגען גלייך צום מעער.

ער האט נאך ביי טאג אויסשטודירט זיין לאנדקארטע און דעם נאהענסטען וועג צום מעער, אבער פֿון דער אנדערער זייט, פֿון וואנען זיי זיינען געקומען. פֿון דער אנדערער זייט איז געווען פֿיעל נעהנטער צום מעער. אויסער דעם האט ער געהאפֿט דארט צו טרעפֿען ענגלישע קאלאניסטען אדער ענגלישע סאלדאטען.

אלע זיינען געגאנגען מוטהיג. א גאנצע נאכט האבען זיי זיך ניט אפגערוהט אויף קיין מינוט. ערשט אום אכט אוהר אין דער פֿריה האבען זיי אויסגעזוכט אן ארט, וועלכער איז פֿערשטעלט מיט הויכע ביימער, וואו זיי האבען זיך אביסעל אפגערוהט. דיא דאמען זיינען געווען שרעקליך מיעד און אלע זיינען געווארען הונגעריג פֿון דער לאנגער רייזע צופֿוס אין ווילדען לאנד.

מען האט ארויסגענומען דעם פראוויאנט, וואס זיי האבען מיטגעבראכט מיט זיך פֿון קארא-טעטעס גראב און מען האט זיך געזעצט עסען. דאס מאל האט מען אלעס געמוזט עסען רויערהייט. זיי האבען מורא געהאט צו מאכען א פֿייער. אלע זיינען אבער געווען אזוי הונגעריג, אז זיי האבען גענעסען, וואס עס איז געווען.

נאכ'ן עסען האט מען זיך אפגערוהט איינינע שטונדען און מען האט זיך ווייטער געלאזט אין וועג אריין. זיי זיינען געגאנגען ביז שפעט אין דער נאכט. דעם אנדערן טאג האבען זיי געהאט זעהר א שווערע רייזע. זיי זיינען ווייטער אנגעקומען אין א געגענד, וואו דיא ערד האט געקאכט און געזאטען אונטער זייערע פֿיס. הונדערטער גייזערס האבען געשפריצט מיט דאמפף און מיט שוועפעל פֿון אלע זייטען. אין ערטער זיינען גאנצע שטיקער לאנד געווען בעדעקט מיט שוועפעל און מיט זאלץ.

טויזענדער יאהרען לאנג האט זיך דער שוועפעל דא אנגעזאמעלט. קיינער בעריהרט איהם, קיינער נעהמט איהם ניט, קיינער ניצט איהם ניט אויס. קיין אייראפעער איז נאך אין יענער געגענד ניט געווען. מען האט זיא געזעהן פֿון דערווייטען, אבער מען האט זיא נאך ניט אויסגעפֿארשט.

אונזערע רייזענדע האבען דיעזע געגענד ניט געקענט דורכגעהן. זיי האבען געמוזט מאכען אן אומוועג, אנלעגען א גרויס שטיק וועג און ארומגעהן דיעזע געגענד פֿון פֿייער און שוועפעל. זיי האבען פֿערלארען איבעריגע דריי טעג רייזע. עס האט אבער גאר ניט געהאלפֿען. מען האט געמוזט ווייטער געהן.

אזוי זיינען פֿערגאנגען פֿינף טאג, אין וועלכע עס איז גאר ניט פֿארגעקומען. אונזערע רייזענדע האבען אנגעהויבען מיעד צו ווערן. דעם ערשטען טאג זיינען זיי איינגעגאנגען צוועלף מייל. — אזוי האט דער פראפֿעסאר בערעכענט — דעם פֿינפֿטען טאג זיינען זיי קוים איינגעגאנגען פינף מייל.

צום גליק, זיינען זיי יעצט געווען אין א געגענד, וואו עס האבען זיך נעפֿונען פֿייגעל. דער מאיאר און ווילסאן האבען געשאסען איינינע פֿייגעל און אלבינעט האט זיי געבראטען. יעצט האבען זיי שוין קיין מורא ניט געהאט צו מאכען א פֿייער. זיי זיינען שוין געווען גאנץ ווייט פֿון קאאי-קומוס פֿעסטונג אדער פאה.

ווער עס האט געמאכט א לאנגע רייזע צופוס און האט געגעסען נור גראז אדער קארטאפעל, דער ווערט פערשטעהן, מיט וואס פאר אן אפעטיט אלע האבען איינגעשלונגען דיא עקליכע פייגעל, וועלכע דער מאיאר האט געשאסען. דער מענש איז שוין אזוי געוואינט צו פלייש, אז ער איז ווירקליך געווארען א ווילדע ח'ה. ער קען שוין ניט לעבען אהן פלייש.

נאכ'ן פראפעסאר'ס רעכנונג האבען זיי געדארפט דורכגעהן הונדערט מייל ביז צום מעער, ווען זיי וואלטען געגאנגען אויף א גלייכען וועג. דאס איז אבער געוועזען אונמעגליך אין אזא ווילדע געגענד. אנשטאט הונדערט מייל האבען זיי געמוזט געהן צוויי הונדערט מייל.

שוין צעהן טאג זיינען פערגאנגען, זייט זיי זיינען אנטלאפען פון'ם הייליגען בארג און זיי האבען נאך קיינעם ניט בעגעגענט. זיי זיינען אלץ געגאנגען אין א ווילדען וואלד פון אלטע און הויכע בוימער. זיי זיינען געווארען אזוי מיעד, אז זיי פלעגען איינגעהן נור דריי מייל א טאג. ענדליך זיינען זיי געווארען אזוי מיעד, אז זיי האבען זיך געמוזט אויס־רוהען צוויי טאג נאך אנאנדער.

דער פראפעסאר האט אויסגערעכענט, אז ווען זיי זאלען יעצט געהן שנעל און מוטהיג, וועלען זיי אין צוויי טאג צוקומען צום מעער. יעצט אבער געפינען זיי זיך אין א געגענד, וואו מען קען שוין בעגעגענען ווילדע. אלזא, מוז מען זיין פארזיכטיג.

יעצט האט זיך פאר זיי אנגעהויבען שוויעריגקייטען. מען האט געמוזט געהן אין דיא גאנץ געדיכטע ערטער פון'ם וואלד. מען האט זיך געמוזט אויס־שניידען א וועג אין דיא ניעדעריגע ביימלעך „בוש“ און הויכע גראזען. מען האט מורא געהאט צו געהן אויף אייניגע אויסגעטרעטענע וועגלעך, וואס מען האט אנגעטראפען, טאמער וועט מען בעגעגענען דיא ווילדע.

דיא לעצטע צוויי טעג זיינען געוועזען דיא שווערסטע און דיא שרעקליכסטע פון דער גאנצער רייזע. דעם דריט'ן טאג אין דער פריה האבען זיי ענדליך דער־זעהן דאס מעער. זיי האבען געטאנצט פאר פרייד, ווען זיי האבען איהם דערזעהן, גלייך וויא מען דערזעהט אן אלטען בעקאנטען, דעם בעסטען פריינד. זיי האבען זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, זיי האבען אויסגעגלאצט דיא אויגען, טאמער וועלען זיי עפעס זעהן.

אין דיזע מינוט האבען זיי דערהערט א שרעקליכעס געשריי. פון דערוויי־טען איז אנגעקומען א באנדע ווילדע מאארי מיט א געשריי, מיט א ליארם, זיי־ערע וואפען האבען זיי געהאלטען הויך אין דיא הענד און האבען געדראהעט אונזערע רייזענדע, וועלכע זיינען געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט פאר שרעק און פערצווייפלונג.

לארד גלענארוואן איז באלד געקומען צו זיך.

— לאמיר זיך שטעלען נעגען זיי! לאמיר קעמפפען, מיט וואס מיר קענען! האט ער געזאגט. לאמיר פערקויפען טהייער אונזער לעבען.

ראבערט גראנט איז אונטערדעסען אראפגעלאפען צום מעער. ער האט ניט

געזעהן דיא באַנדע ווילדע. ער איז געגאנגען זוכען מושעלן און אויסטערן און האט געטראָפען א קאַנאָע מיט זעקס רודערס בעהאלטען צווישען איינינע קליינע בוימלעך.

— א באָאט! איך האב געפונען א באָאט! האט ער געשריען. קומט אַהער, אט איז א באָאט.

אין א מינוט זיינען אלע אראפגעשפרונגען פונים הויכען באַרג און זיינען צוגעלאָפען צו דעם ארט, וואו דיא קאַנאָע איז געלעגען צוגעבונדען צו א בוים. עס איז געווען דייטליך, אז דיא קאַנאָע האט געהערט צו דער באנדע ווילדע, וועלכע האבען זיי יעצט פערפאלגט.

אלע האבען זיך אריינגעזעצט אין קאַנאָע. פאררעגוט, ווילסאן, מילרעד און דער מאַיאָר האבען גענומען דיא רודער אין דיא הענד און אין עטליכע מינוט איז דיא קאַנאָע שוין געווען א פיערטעל מייל ווייט אין מעער. דיא ווילדע זיינען צוגעקומען צום ברעג, האבען געשריען, געליאַרמט, אבער גאר ניט געקענט העלפען. פאררעגוט האט גערעכענט, אז ער איז שוין זיכער און האט געוואלט אנהויבען צו רודערן צוריק. ער האט מורא געהאט זיך צו לאזען ווייט אין מעער אויף אזא שוואכעס שיפעל, וויא א קאַנאָע.

— אָט קומען אנדערע קאַנאָעס! האט דער פראָפעסאָר פלוצלונג אויסגערופען. מען וויל אונז נאכיאַגען.

אלע האבען זיך אומגעקוקט און דערזעהן, וויא פון אנאנדער ארט זיינען ארויסגעשוואומען דריי קאַנאָעס מיט מאַאָרי. זיי האבען גערודערט מיט אלע קרעפטען און האבען זיך בעמיהט צו דערגרייכען דיא קאַנאָע מיט אונזערע רייזענדע. ערשט יעצט האבען זיי איינגעזעהן, אז זיי האבען געטראָפען א גאנצע ארמעע פון דיא מאַאָרי.

— אין מעער! אין מעער! ווייטער, ווייטער! האט פאררעגוט קאמאנדירט. בעסער דערטרונקען צו ווערן אין מעער אלס אריינצופאַלען אין דיא הענד פון דיזע מענשענפרעסער.

זייער איינציגע רעטונג איז געווען צו אנטלויפען ווייט אין מעער. אלע האבען גערודערט מיט אלע זייערע קרעפטע. זיי האבען יעצט געקעמפפט פאר זייער לעבען. וואלטען זיי ניט געווען אזוי מיעד פון דער לאנגער רייזע, וואלטען זיי זעהר לייכט געקענט אנטלויפען פון זייערע פערפאלגער. זיי זיינען אבער געווען זעהר מיעד און פון מינוט צו מינוט האבען זיי גערודערט שוואַכער און שוואכער. צווישען זיי און דיא קאַנאָעס פון דיא מאַאָרי איז שוין מעהר ניט געווען, וויא א שטרעקע פון צוויי מייל. דיא שטאַרקע און אויסגערוהטע מאַאָרי האבען גערודערט מיט אלע זייערע קרעפטע. זיי האבען געוואלט ארומרינגלען אונזערע רייזענדע פון דריי זייטען. מען האט געזעהן, וויא זיי הויבען אויף זייערע ביקסען און ציעלען אויף דיא ענגלענדער.

לארד גלענארוואן האט זיך אויפגעשטעלט און האט געקוקט אין אלע זייטען. ער האט געהאַפט צו דערזעהן ערגעץ א שיף. איינינע מינוטען האט ער

געקוקט און זיין געזיכט האט אויסגעדריקט טרויער און פערצווייפלונג. פלוצלונג האט ער אויסגערופען:

א שיף! א שיף! רודערט, מיינע פריינדע! איך זעה פון דערווייטען א שיף.

יעצט האבען זיך אלע גענומען צו דיא רודער. זאגאר דער פראפעסאר האט געחאפט א רודער און האט געהאלפען, וויא וויית ער האט געקענט. ער איז צוואר געווען זעהר א שלעכטער מאטראז, ער האט אבער דאך געהאלפען.

דאס שיף איז געקומען אלע מאל נעהנטער און נעהנטער. מען האט יעצט געקענט דייטליך זעהן דעם שווארצען רויך פון זיין קוימען. לארד גלענארוואן איז נאך אלץ געשטאנען און האט ניט אראפגעלאזען קיין אויג פונ'ם שיף. פלוצ-לונג איז ער געווארען בלייך, וויא קאלך, האט אנגעהויבען צו ציטערן און איז שיער ניט ארויסגעפאלען פון דער קאנאע. אלע האבען זיך דערשראקען, זיי האבען ניט געוואוסט, וואס דאס איז. איין ווארט האט זיי אלעס דערקלערט.

— דער „דונקאן“! האט אויסגעשריען לארד גלענארוואן. דער „דונקאן“ מיט דיא אנטלאפענע מערדער קומען אונז ענטגעגען.

קאפיטאן פארראגוט איז אויפגעשפרונגען, גלייך וויא א שלאנג וואלט איהם א ביס געטהאן. ער האט זיך גוט צוגעקוקט צום שיף און האט דערקענט זיין „דונקאן“.

— יא, דאס איז דער „דונקאן“, האט ער געזאגט טרויעריג. פון אלע זייטען זעהן מיר פאר אונז דעם טויט. פון הינטען פערפאלגען אונז דיא מענשענפרעסער, דיא מאארי און פון פארנט קומען אן רויבער און מערדער!

זייער קאנאע איז אונטערדעסען געבליעבען שטעהן. זיי האבען ניט גע-וואוסט וואס צו טהאן און וואוהין צו רודערן. פלוצלונג האט געקראכט א שאס. איינער פון דיא ווילדע האט אויסגעשאסען. דיא קוגעל האט געטראפען זייער קאנאע. אונגערן האבען זיי ווייטער אנגעהויבען צו רודערן. זיי האבען צוואר אליין ניט געוואוסט וואוהין, זיי האבען אבער געמוזט אנטלויפען פון דער זייט, פון וואנען מען האט געשאסען. דיא ווילדע האבען יעצט אנגעשטרענגט אלע זייערע קרעפטע און איין שאס נאכ'ן אנדערן האט געשטערט דיא שטילע רוהע פונ'ם וועלט מעער.

דער „דונקאן“ איז אבער אויך ניט געשטאנען שטיל. דער קאמאנדיר פונ'ם דונקאן האט דערזעהן, אז דריי קאנאעס יאגען זיך נאך איינער. באלד איז געפלויגען דיא קוגעל פון א קאנאנע איבער דיא קעפ פון לארד גלענארוואן מיט זיינע מענשען און איז אריינגעפאלען צווישען דיא דריי קאנאעס פון דיא ווילדע. יעצט איז דיא קאנאע פון לארד גלענארוואן געבליעבען שטעהן צווישען דונקאן און דיא קאנאעס פון דיא ווילדע. אלע האבען אוועקגעווארפען דיא רודער און האבען זיך גענומען צו דיא וואפען, וואס זיי האבען געהאט. דער מאיאר און ווילכאן האבען געחאפט זייערע ביקסען. פארראגוט און מילרעד האבען גענומען דיא צוויי שפיזען. אלע האבען זיך פארבערייטעט צום לעצטען קאמפף — צום טויט.

פלוצלונג האט ראבערט גראנט אויסגעשריען:

— טאם אויגוסטין! איך זעה אויפ׳ן „דונקאן“ טאָם אויגוסטין! — ער האט אונז דערקענט! — ער מאַכט צו אונז מיט׳ן הוט!

דיא קאנאָנע אויפ׳ן „דונקאן“ האט ווידער אויסגעשאָסען. דיא קוגעל האט געטראָפען איינע פון דיא דריי קאנאָעס מיט דיא מאָארי און האט זיא צושניטען אויף צוויי. דיא ווילדע זיינען אלע אריינגעפאלען אין וואסער מיט א שרעקליכען, אונמענשליכען געשריי.

— הורראָה! האבען געשריען דיא מאַטראָזען אויפ׳ן „דונקאָן“.

דיא איבעריגע צוויי קאַנאָעס מיט דיא ווילדע זיינען אנטלאפען, וויא ווייט זיי האבען געקענט. זיי האבען זאגאָר ניט געוואלט רעטען זייערע קאמעראדען פון דער דריטער קאַנאָע.

יעצט האט קאפיטאן פאררגוט אויך דערקענט זיין גוטען, געטרייען אפּיציער, טאָם אויגוכטין.

— שנעלער, טאָם! האט ער געשריען פול פרייד. — רעטע אונז!

אין איינינע מינוטען ארום זיינען אונזערע רייזענדע געווען אויפ׳ן דעק פון׳ם „דונקאן“. וויא אזוי זיי זיינען געקומען אהין, האבען זיי אליין ניט געקענט זאגען. אלעס איז געשעהן אזוי שנעל, וויא אין א טרוים. שטארקע הענד האבען זיי אנגענומען און האבען זיי ארויפגעטראָגען איינעם נאכן אנדערן אויפ׳ן דעק פון׳ם דונקאן.

מען האט זיי ארומגענומען, מען האט געוויינט, מען האט געטאנצט פאר פרייד. אונזערע רייזענדע זיינען ווידער געווען צווישען זייערע פריינד, זייערע בעקאנטע, דיא אלטע, עהרליכע און געטרייע מאַטראָזען פון׳ם „דונקאָן“.

## 17טעס קאפיטעל.

## וויא אזוי דער „דונקאָן“ איז געקומען אהער.

איינינע מינוטען האט קיינער אויפ׳ן „דונקאָן“ ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם פאר פרייד, וואס זיי האבען ווידער געפונען לארד גלענארוואן מיט זיינע קאמעראדען. זיי האבען געוויינט, וויא דיא קליינע קינדער, געטאנצט, געשפרונגען און זיך ארומגענומען. זאגאָר דער ערנסטער מאַיאָר האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט געגאָסען מיט טרערן, וויא א קליין קינד. דער איינציגער מענש, וועלכער איז געבליעבען רוהיג, איז געווען דער פראפעסאר. ער איז געווען געווען פול מיט פרייד, וואס ער געפינט זיך ענדליך ווידער אויפ׳ן „דונקאן“, ער האט זיך אבער ניט אויפגעפיהרט, וויא א וואהנזיניגער. ער האט באלד אויסגעזוכט אן אלטען, קליינעם טעלעסקאָפּ, וועלכען לארד גלענארוואן פלעגט אמאל בענוצען, און האט זיך געשטעלט קוקען אויפ׳ן מעער, אויב דיא ווילדע זיינען שוין אנטלאפען און וואס זיי טהוען אויפ׳ן ברעג.

דיא ערשטע איבערראשונג איז ענדליך פאראיבער. טאָם אויגוסטין און זיינע מאַטראָזען האבען זיך אנגעהויבען צו צו-קוקען צו לארד גלענארוואן מיט

זיינע קאמעראדען און האבען דערזעהן מיט שרעק, וויא זיי וועזען אויס. זייערע קליידער זיינען צוריסען, צופיצעלט, פעדים זיינען געהאנגען פון ליידי העלענא'ס און מערי גראַנט'ס אונטער רעק; זייערע שיך האבען זיך קוים געהאלטען אויף דיא פיס, עס האבען ארויסגעשטעקט דיא נאַקעטע פינגער. זיי אליין זיינען געוועזען אויסגעדאַרט און אפגעמאַגערט, אז מען האט געקענט איבערצעהלען יעדעס ביינדעל. זייערע געזיכטער זיינען געוועזען פערברענט, צוריסען, צוביסען פון מאסקיטאס און פערשוואלען. — ס'איז געוועזען א שרעק זיי אנצוקוקען.

ווען זיי האבען זיך צוגעקוקט צום פראפעסאר, האבען זיי אונגערן אנגעהויבען צו לאַכען. ער איז געוועזען אנגעטהאן, וויא אַ מאַארי, זאַגאַר די האָר אויף זיין קאפ איז געוועזען פערבונדען אויבען אין א בינטעל, וויא דיא מאַארי טראגען זייערע האָר. ווען ניט זיינע גרויסע בלויע ברילען, וואלטען זיי איהם גאר ניט דערקענט.

דאס ערשטע, דאס נעטהיגסטע פאַר זיי אלע איז געוועזען — עסען, פריהשטיקען. מיסיס אלבינעט איז געוועזען דיא גליקליכסטע פון אלעמען. זיא האט צוריק געפונען איהר מאן, וועלכען זיא האט ניט געזעהן, זייט זיי זיינען געקומען קיין אויסטראַליען. זיא האט באלד געמאכט א גרויסאַרטיגען פריהשטיק און האט אלעמען געבעטען צום טיש.

וויא גליקליך לארד גלענארוואן איז געוועזען, וואס ער האט געפונען זיין שיף מיט זיינע מאַטראָזען, וויא נייגיעריג ער איז געוועזען צו וויסען, וויא אזוי דער „דונקאַן" קומט אהער און וויא אזוי געפינען זיך זיינע מאַטראָזען אויף'ן דונקאַן, — איז דאך דער הונגער געוועזען שטאַרקער פון זיין נייגיערדע ער איז צו ערשט געגאַנגען אין זיין עס־צימער עסען א פריהשטיק, וויא א ציוויליזירטער מענש.

קוים אבער האט ער עטוואס געשטילט דעם הונגער, האט ער אנגעהויבען צו פרעגען טאם אויגוסטין:

— וויא קומט ער אהער? פאַר וואס איז ער געפאָהרען קיין ניי זעעלאַנד? וואו איז בען דשאַנס מיט זיין באַנדע? וויא אזוי האט ער זיך געראַטעוועט פון זיי?

טאם אויגוסטין איז געוועזען א גוטער, אבער אן איינפאַכער מענש. אויף אזוי פיעל פראַגען מיט איין מאל האט ער ניט געקענט אנטוואָרטען.

— פרעגט מיך איין זאַך, מילארד, וועל איך אייך אנטוואָרטען, האט ער געזאגט. אזוי פיעל פראַגען קען איך ניט געדענקען.

— וואו איז בען דשאַנס מיט זיין באַנדע אנטלאָפענע מערדער? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

טאם אויגוסטין האט אויסגעגלאצט א פאר אויגען און האט געקוקט אויף לארד גלענארוואן מיט שטוינען.

— ווער איז בען דשאַנס? פון וועלכער באנדע מערדער רעדט איהר, מילארד? האט ער געפרעגט.

— בען דשאַנס, וועלכער איז אנגעפאַלען אויף'ן „דונקאַן" מיט א באַנדע מערדער, האט לארד גלענארוואן ערקלערט.

— איך קען ניט קיין בען דשאנס, האט טאם אויגוסטין געענטפערט. איך האב איהם קיין מאל ניט געזעהן און ווייס פון איהם ניט.

— קיין מאל ניט געזעהן? האט לארד גלענארוואן יעצט געפרעגט ערשטוינט. — איהר ווייסט גאר ניט פון קיין בען דשאנס?

— ניין, מילארד.

— אלזא, וויא קומט איהר קיין ניי זעעלאנד? דארפט איהר דאך יעצט זיין אין מעלבורן?

— איך האב ערהאלטען פון אייך א בעפעהל, איך זאל פאהרען מיט'ן דונקאַן קיין ניי זעעלאנד, האט טאם אויגוסטין געענטפערט גאנץ רוהיג.

— איהר האט ערהאלטען פון מיר א בעפעהל צו פאהרען קיין ניי זעעלאנד? האט לארד גלענארוואן איבערגעפרעגט.

— געוויס, מילארד. איך האב ערהאלטען פון אייך א בריעף פון'ם 28טען פעברואר, אז איך זאל פאהרען אין דיא אסט זייט פון ניי זעעלאנד.

— א בריעף! האט לארד גלענארוואן אויסגערופען. אלזא, האט איהר ערהאלטען מיין בריעף?

אלע אנוועזענדע האבען אניעדערגעלעגט זייערע לעפעל און זייערע גאפעל און האבען זיך צוגערוקט צו טאם אויגוסטין. יעדער איז געווארען נייגיעריג צו וויסען, וויא אזוי עס איז צוגעגאַנגען מיט'ן בריעף. — לארד גלענארוואן איז געווען אזוי איבערראַשט, אז ער האט עטליכע מינוט געשוויעגען. ענדליך איז ער געקומען צו זיך און האט געזאגט:

— וויא איך זעה, פערשטעהן מיר ניט איינער דעם אנדערן. לאמיר זיך ערקלערן. לאמיר זיך פערשטעהן. — איהר האט ערהאלטען פון מיר א בריעף?

— געוויס האב איך ערהאלטען פון אייך א בריעף, האט טאם אויגוסטין געענטפערט.

— וואו האט איהר ערהאלטען מיין בריעף?

— אין מעלבורן.

— זייט איהר זיכער, אז דאס איז געווען מיין בריעף?

— דער בריעף איז געווען געשריעבען פון אנאנדערן, איהר האט איהם אבער אונטערגעשריעבען.

— ריכטיג, האט לארד גלענארוואן געזאגט. דיעזען בריעף האט אייך געבראכט איינער מיט'ן נאמען בען דשאנס. ער איז אן אנטלאפענער שטרעפלינג.

— ניין, ניט בען דשאנס האט מיר געבראכט דעם בריעף. עס האט איהם מיר געבראכט א מאטראָז פון דער „בריטאניא" מיט'ן נאמען אייערטאן.

— בען דשאנס און אייערטאן איז אלץ איינס, האט לארד גלענארוואן ערקלערט. — וואס איז געשטאַנען אין בריעף?

— אין בריעף איז געשטאַנען, אז קוים וועל איך איהם ערהאלטען, זאל איך באלד ארויספאהרען אין דיא אסט זייט פון ניי זעעלאנד.

— פון אויסטראַליען מיינט איהר, טאַם! האט לארד גלענארוואן אויסגע־רופען. צו דער בוכטע טופאלד!

— אויסטראַליען? — דיא בוכטע טופאלט? האט טאם אויגוסטין געפרעגט און האט געקוקט אויף לארד גלענארוואן מיט שטוינען.

— ניין, מילארד! האט ער ענדליך געזאגט ענטשלאסען. איהר האט מיר געהייסען פאהרען קיין ניי זעעלאנד.

— וואס רעדט איהר, טאם? מען האט אייך געהייסען פאהרען צו דער בוכטע טופאלד! האבען אלע אנגעהויבען צו־שרייען מיט איין קול.

טאם אויגוסטין האט זיך אומגעקוקט. זיינען זיי וואהנזיניג? אדער בין איך אראפ פון זינען? האט ער געטראַכט. אדער וועלען זיי מיך מאכען פאר פער־ריקט? — וואס הייסט עס?

— זייט רוהיג, טאם! האט ליידי העלענא געזאגט. איהר האט געהאט א טעות, אבער דיעזער טעות האט אונז אלע גערעטעט.

ליידי העלענא האט צוואַר גערעדט זעהר פריינדליך, טאם אויגוסטין האט עס דאך פערדראסען. וואס הייסט מאכען א טעות? וויא טאָר א קאמאַנדיר פון א שיף מאכען אזא טעות?

— ניין, ליידי העלענא! האט ער אויסגערופען. איך האב קיין טעות ניט געהאט. איך האב גוט געלעזען דעם בריעף. אייערטאן האט איהם אויך געלע־זען. ער האט מיר געזאגט צוואר, אז אין בריעף איז א טעות, עס דארף שטעהן: „צו דער בוכטע טופאלד" — איך האב איהם אבער ניט געפאלגט, ווייל אין בריעף שטעהט דייטליך, איך זאל פאהרען קיין ניי זעעלאנד.

— אייערטאן? האט לארד גלענארוואן איבערגעפרעגט. אייערטאן האט געזאגט? —

— אז איהר האט א טעות געהאט. איהר האט געוואלט, איך זאל פאהרען צו דער בוכטע טופאלד. ער האט מיר געוואלט איינרעדען, איך זאל אהין פאה־רען. איך האב עס אבער ניט געקענט טהאן, ווייל אייער בריעף איז געוועזען גאַנץ דייטליך געשריעבען.

— האט איהר נאך דעם בריעף? האט דער מאיאָר געפרעגט. ווייזט איהם, לאמיר נור זעהן, וואס דארט שטעהט.

— איך וועל איהם אייך באלד ברענגען, האט טאם אויגוסטין געזאגט און איז אוועקגעלאפען ברענגען דעם בריעף.

אלע זיינען געבליעבען זיצען שטיל. קיינער האט זיך ניט געקענט ער־קלערען, וואס דא איז פארגעקומען מיט דעם בריעף.

— הערר פראפעסאר! האט זיך דער מאיאָר פלוצלונג געווענדעט צום פראפעסאר. — מיר דאכט, אז איהר האט דאמאלס געשריעבען דעם בריעף. האט איהר אונז ניט עפעס אפגעטהאן? — איך מיין, זייט איהר אפט דאמאלס ניט געוועזען צערשטרייט?

— וואס רעדט איהר? האט זיך דער פראפעסאר געבייזערט. זייט מיך

וייגען געקומען קיין אויסטראליען, האב איך איין פעהלער ניט געמאכט.

אונטערדעסען איז טאם אויגוסטין געקומען צוריק מיט'ן בריעף. ער האט איהם דערלאנגט לארד גלענארוואן מיט דיא ווערטער:

— לעזען זיא אליין, מילארד. איהר וועט זעהן, אז טאם אויגוסטין מאכט קיין פעהלער ניט.

לארד גלענארוואן האט דערקענט דעם בריעף. ער איז דאמאלס געווען פערוואונדעט און האט ניט געקענט שרייבען. ער האט געבעטען דעם פראפעסאר, ער זאל אנשרייבען דעם בריעף. — ער האט געלעזען אין דער הויך:

„אן טאם אויגוסטין, דעם ערשטען אפיציער פון'ם דונקאן.

„נאך עמפפאנג פון דיעזען בריעף, זאלט איהר באלד ארויספאהרען פון מעלבורן און זאלט פאהרען לעבען ברעג פון ניי זעעלאנד אויפ'ן 37טען גראד“.

— ניי זעעלאנד! האט דער פראפעסאר אויסגערופען און איז אויפגעשפרונגען פון זיין שטוהל. — ווייזט מיר נור דעם בריעף!

לארד גלענארוואן האט איהם געגעבען דעם בריעף. דער פראפעסאר האט אויסגעווישט דיא ברילען, האט זיך אויסגעריעבען דיא אויגען, האט געקוקט אויפ'ן בריעף, האט איהם א'בערגעקעהרט און איבערגעדרעהט. — עס שטעהט פארט נ י י ז ע ע ל א נ ד. ער אליין האט אנגעשריעבען אנשטאט צו דער בוכטע טופאלד — צום ברעג פון ניי זעעלאנד.

אין דיעזע מינוט האט ער געפיהלט, וויא א שווערע האנד האט זיך ארויפגעלעגט אויף זיין פלייצע און האט איהם א קוועטש געטהאן. ער האט זיך אומגעקוקט. — דער מאיאר איז געשטאנען הינטער איהם.

— איך דאנק אייך, הערר פראפעסאר, האט דער מאיאר געזאגט מיט א געלעכטער, און מיר אלע דאנקען אייך, וואס איהר האט געשיקט דעם „דונקאן“ קיין ניי זעעלאנד. וואס וואלטען מיר געטהאן, ווען איהר וואלט איהם געשיקט קיין כינא?

דיעזער שפאס האט געטראפען דעם ארימען פראפעסאר, וויא מיט א האק אין קאפ אריין. אלע האבען ארויסגעלאזען א שרעקליכעס געלעכטער. דער פראפעסאר איז געווארען רויט, וויא פייער. ער איז ארומגעלאפען, וויא א וואהנזיניגער, האט זיך געריסען דיא האר פון'ם קאפ און האט אלץ גערעדט צו זיך אליין: ניי זעעלאנד, ניי זעעלאנד! פלוצלונג איז ער ארויסגעלאפען אויפ'ן דעק. ער איז ארומגעגאנגען צו טראגען און בייז אויף זיך אליין, וואס ער האט געמאכט אזא גראבען פעהלער. ער איז געווען זיכער, אז דיא רייזע האט איהם אויסגעהיילט פון זיין צערשטרייטקייט, ער מאכט שוין קיין פעהלער ניט. פלוצלונג ווערט ער געוואהר, אז ער האט געמאכט אזא גראבען, אזא מיאוסען פעהלער!

ער איז ארומגעגאנגען איינינע מינוטען אויפ'ן דעק אהן א צוועק און אהן א ציעל, ביז ער האט זיך פערפלאנטערט אין א בונט מיט שטריק, וועלכע זיינען געלעגען ערגעץ אין א ווינקעל, און איז אומגעפאלען. ער האט זיך געוואלט אויפהויבען, האט ניט געקענט און האט אנגעהויבען צו רייסען און צו ציעהען

ריא שטריק. פלוצלונג — טראך! דיא קאנאנע האט אויסגעשאסען.

דער פראפעסאר האט אונגערן אנגעהאפט דעם שטריק, וועלכער איז גע ווען צוגעבונדען צום פיסטאן פון דער קאנאנע. דיא קאנאנע איז געווען געלאדען. טאם אויגוסטין האט זיא געהייסען אנלאדען, ווייל ער האט גערעכענט, אז ער וועט דארפען נאך אמאל שיעסען אויף דיא מארי. אין דער ערשטער איבערראשונג, וואס זיי האבען ווידער געפונען לארד גלענארוואן מיט זיינע קאמעראדען, האט מען פערגעסען אן דער קאנאנע, מען האט ניט ארויסגענומען דיא פיסטאנע. יעצט האט עס דער פראפעסאר גאנץ צופעליגער ווייזע א ציה געטאן און דיא קאנאנע האט אויסגעשאסען.

אין דעם עס־צימער האבען אלע געהערט דעם שאס, האבען זיך דערשראקען און זיינען ארויסגעלאפען זעהן, וואס עס איז שוין ווייטער עפעס געשעהן. מען האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. עס איז קיינער ניטא. דאס וואסער איז גאנץ רוהיג.

— ווער האט אויסגעשאסען? האט מען געשריען פון אלע זייטען.

— וואו איז דער פראפעסאר? וואו איז פאגאנעל?

קיינער האט ניט געענטפערט. לארד גלענארוואן האט גאר ניט געקענט פערשטעהן, וואס דא טהוט זיך.

— אט איז דער פראפעסאר! האט אויסגערופען איינער פון דיא מאטראזען.

מען איז צוגעלאפען צו איהם ער איז געלעגען פערוויקעלט און פערדרעהט מיט דיא שטריק. אין דער האנד האט ער געהאלטען פעסט דעם שטריק פון דער קאנאנע. אלע זיינען צו איהם צוגעלאפען. מען האט איהם אויסגעפלאנטערט און אויפגעוויקעלט. ער איז געווען בעוואוסטלאז. ער איז געווען פערטיפט אין זיינע געדאנקען און האט זיך שטארק דערשראקען, ווען דיא קאנאנע האט אזוי פלוצלונג אויסגעשאסען.

דער מאיאר איז געווען א שטיקעל דאקטאר. ער האט געדיענט אין דער ארמעע און האט געזעהן, וויא דיא דאקטוירים בעהאנדלען דיא פערוואונדעטע. ער איז באלד צוגעלאפען צום פראפעסאר און האט איהם געוואלט אויסטהאן דיא קליידער און זעהן, אויב ער איז ניט פערוואונדעט. קוים אבער האט ער צוגעלעגט דיא הענד צו זיינע קליידער, איז דער פראפעסאר אויפגעשפרונגען מיט א געשריי:

— איך וויל ניט! איך דארף ניט! און האט זיך נאך פעסטער איינגעוויקעלט אין זיין מארי מאנטעל.

— אבער, פאגאנעל! האט דער מאיאר אויסגערופען. לאזט מיך זעהן, פיעללייכט זייט איהר פערוואונדעט.

— איך בין ניט פערוואונדעט.

— אבער לאזט מיך זעהן, האט דער מאיאר געבעטען.

— איהר האט ניט וואס צו זעהן.

וואס דער מאיאר האט איהם געבעטען, ער זאל איהם ווייזען זיין לייב, דיא

הענד, דיא פיס, פיעללייכט איז ער עפּעס פערוואונדעט, — עס האט גאר ניט געהאלפען. דער פראפעסאר האט ניט געוואלט ווייזען זיינע הענד און זיינע פיס.

ווען דיא מאטראזען האבען זיך ענדליך איבערציינגט, אז עס איז גאר נישט, אז דער פראפעסאָר האט ווידער געמאכט איינעם פון זיינע פעהלער, האבען זיי זיך ווידער צולאַכט. זאגאר דער ערנסטער לארד גלענארוואן האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט אנגעהויבען צו לאַכען.

— איך וויים ניט, וואס מיט אונזער פראפעסאר איז, האט דער מאיאָר געזאגט. מיר דאכט, אז ער שעהמט זיך צו ווייזען זיינע הענד און זיינע פיס.

לארד גלענארוואן האט גענומען דעם פראפעסאָר און האט איהם אראפּגעפיהרט אין עס־צימער. ער האט איהם געגעבען א שטאַרקע גלאָז וויין און דער פראפעסאָר האט זיך באַלד ווידער בערוהיגט. ליידי העלענא איז צוגעגאנגען צו איהם און האט איהם געגעבען איהר האנד.

— איך דאנק אייך, פראפעסאר פאר אייער פעהלער! האט זיא איהם געזאגט. פאר אזא פעהלער, וואס פיהרט צום גוטען און האט אונז אלעמען געראַטעט, האט איהר זיך ניט וואס צו שעהמען.

דער פראפעסאָר האט געדריקט ליידי העלענא דיא האנד. זיא איז דאך דיא איינציגע, וועלכע האט פון איהם ניט געלאַכט.

הערט נור, פראפעסאר, האט זיך לארד גלענארוואן יעצט צו איהם געווענדעט. — איך בין אייך אויך זעהר דאנקבאר פאר אייער פעהלער. איהר האט דערמיט גערעטעט דעם „דונקאַן" פון דיא רויבער און האט אונז יעצט גערעטעט פון דיא מאָארי. איך וויל אבער דאך וויסען, וויא אזוי קען עס א מענש מאכען אזא פעהלער. איך געדענק זעהר גוט, אז איך האב אייך דיקטירט דעם בריעף און האב אייך געהייסען שרייבען: צו דער בוכטע טופאלד. וויא קומט עס, וואס איהר האט אנגעשריעבען צו דער אסט זייט פון ניי זעעלאנד? דא מוז דאך עפּעס זיין? וואס האט איהר דען דאמאָלס געטראַכט, וואס איהר האט אנגעשריעבען ניי זעעלאנד? —

דער פראפעסאר האט געטראכט א פאר מינוט, דאן האט ער געזאגט:

— איך בין דאמאלס געווען בעשעפטיגט מיט א נייעם געדאנק, וועלכער מיר איז איינגעפאלען. איך האב אויסגעפונען, אז —

אין דיעזע מינוט האט ער א קוק געטהאן אויף ראבערט און מערי גראנט און איז געבליעבען שטיל.

— אז וואס? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— פרעגט ניט, מילארד! איך בין א צערשטרייטער מענש, איך בין א פערריקטער. איך מאַך פעהלער איבער פעהלער. וואס איז אייך דער אונטערשיעד, וואס איך האב דאמאלס געטראכט.

לארד גלענארוואן האט נאך פראבירט איהם עפּעס צו פרעגען. ער האט אבער פון איהם קיין ווארט ניט געקענט ארויסציהען. עס האט גאר ניט געהאָלפען. מען האט איהם געמוזט צו־רוה לאזען.

ווען אלעס איז ווידער געווארען רוהיג און אלע זיינען ווידער געזעסען ארום טיש, וויא פריהער, האט ייך לארד גלענארוואן ווייטער געווענדעט צו טאם אויגוסטין.

— איך זעה יעצט, אז איהר האט געהאט פאלקאמען רעכט, וואס איהר זייט געפאהרען קיין ניי זעעלאנד, האט ער איהם געזאגט. איהר האט געהאט א בעפעהל פון מיר. האט עס אייך אבער גאר ניט געוואונדערט, וויא עס קומט, אז איך זאל אייך גאר פלוצלונג הייסען פאהרען קיין ניי זעעלאנד?

— עס האט מיך געוויס געוואונדערט. איך בין געוועזען העכסט איבעררא̆שט צו זעהן פון אייך אזא בעפעהל. וואס האב איך אבער געקענט מאכען? איך האב געמוזט אויספאלגען אייער בעפעהל.

ער האט זיך געווענדעט צו קאפיטאן פארראגוט און האט איהם געפרעגט

— וואס וואלט איהר געטהאן, קאפיטאן, אויף מיין שטעלע?

— איך וואלט געפאהרען, וואוהין מען הייסט מיר, האט פארראגוט געענטפערט.

— אבער דענאך, וואס האט איהר געטראכט פון אזא זא̆נדערבארען בעפעהל? האט לארד גלענארוואן ווייטער געפרעגט.

— איך האב געטראכט, אז איהר האט ערגעץ ערהאלטען זיכערע נאכריכטען פון קאפיטאן גראנט און איהר ווילט, אז דער „דונקאן“ זאל זיין פריהער פאר אייך אין ניי זעעלאנד. — איין זאך נור האט מיך שטארק בעאונרוהיגט. —

— וואס איז אזעלכעס?

— דער מאטרא̆ז פון דער „בריטאניא“, דער אייערטאן, האט מיר אלײן געוואלט איינרעדען, אז איהר דארפט ניט פאהרען קיין ניי זעעלאנד, זאנדערן צו דער בוכטע טופאלד.

— אייערטאן? — יא, וואו איז ער יעצט?

— אויפ'ן דונקא̆ן, האט טאם אויגוסטין געענטפערט.

— אייערטאן געפינט זיך אויפ'ן „דונקאן“? האבען אלע אויסגערופען מיט איין קול. — וואו איז ער? — פאר וואס זעהט מען איהם ניט?

— איהר קענט איהם ניט זעהען, ווייל ער איז ארעסטירט אונטען אין טריום.

— פאר וואס איז ער ארעסטירט?

אלע האבען זיך ווידער ארומגעשטעלט ארום טאם אויגוסטין. יעדער איז געוועזען נייגיעריג צו וויסען, פאר וואס דער אלטער טאם אויגוסטין האט ארעסטירט אייערטאנען.

— פאר וואס איך האב איהם ארעסטירט? פרעגט איהר. — דערפאר וואס ער האט מיר געמאכט זעהר פיעל אונא̆נגעהמליכקייטען. ווען ער איז געוואהר געווארען, אז דער „דונקא̆ן“ פאהרט קיין ניי זעעלאנד, איז ער געווארען ווילד און האט מיך געוואלט שלאגען. ער האט זיך ארויסגעגנבעט ביי נאכט, איז צוגעגא̆נגען

צום רעדעל און האט אויסגעדרעהט דעם „דונקאַן" צו דער בוכטע טופאלד אנ־שטאט צו נייו זעעלאנד. איך האב געמוזט האלטען א דאָפּעלע וואַך, ער זאל ערגעץ ניט פֿערפֿיהרען מיין שיף. ענדליך, ווען ער האט געזעהן, אז ער קען מיט מיר גאר ניט מאכען, האט ער אנגעהויבען אנצורעדען דיא מאטראָזען, זיי אלען מיך ארייגווארפֿען אין וואסער און זאלען זיך צונעהמען דעם „דונקאַן". איך האב מיך איבערציינגט, אז ער איז א געפֿעהרליכער מענש און האב געמוזט הייסען איהם בינדען און ארייגווארפֿען אונטען אין טריום. דארט ליעגט ער יעצט און ארום איהם געהט א וואַך בעשטענדיג.

— האט ער ניט פּראבירט צו אנטלויפֿען? האט דער מאיאר געפֿרעגט.

— ער האט געוויס פּראבירט. איך האב איהם אבער גוט בעוואכט.

— איהר האט זעהר גלייך געטהאן, טאם אויגוסטין, האט לארד גלענאר־וואן געזאגט און האט געדריקט דעם אלטען מאטראז דיא האנד.

— ברענגט איהם ארויף! לאמיר איהם זעהן! האט מען געשריען פֿון אלע זייטען.

— איך וויל איהם ניט זעהן, האט ליידי העלענא געזאגט. איך הויב אָן צו ציטערן, ווען איך דערמאָן מיך, וויא אזוי דיעזער רויבער און מערדער האט אונז פֿערפֿיהרט און פֿערראַטהען. איך בין געוועזן צופֿריעדען, וואס איך האב שוין אן איהם פֿערגעסען. צו וואס זאל איך איהם זעהן נאך אמאל?

— ניין, העלענא, האט לארד גלענארוואן געבעטען, געה ניט אוועק, בלייב דא. לאז אייערטאָן זעהן דיא מענשען, וועלכע ער האט געוואלט אומברענגען. לאז ער אונז קוקען גלייך אין דיא אויגען, דער מערדער!

ליידי העלענא האט געמוזט בלייבען. מען האט ארויסגעבראַכט שטוהלען אויפֿ'ן דעק. אלע האבען זיך אניעדערגעזעצט אין א האלב קרייז און לארד גלע־נארוואן האט געהייסען ארויפֿברענגען אייערטאנען.

אייניגע געזונדע מאטראָזען זיינען אראפגעגאנגען אין טריום ארויפֿברענגען דעם ארעסטאַנט.

### 18טעם קאַפּיטעל.

## אייערטאן אלס ארעסטאנט.

אין אייניגע מינוטען ארום איז אייערטאן ארויפֿגעגאנגען אויפֿ'ן דעק. זיינע הענד זיינען געוועזן געבונדען אויפֿ'ן רוקען, אויף דיא פֿיס האט ער געטראגען שווערע קייטען. זיינע האָר זיינען געוועזן פֿערפלאנטערט און פֿערנאכלעסיגט און זיין געזיכט איז געוועזן נאך ווילדער, וויא פֿריהער. ער האט געווארפֿען א בייזען, פֿינסטערן בליק אויף אלע פֿערזאמעלטע און איז געבליעבען שטעהן פֿאר לארד גלענארוואן.

— אזוי, אייערטאן? האט לארד גלענארוואן איהם געזאגט. — אזוי זעהן מיר זיך ווידער אויף דעמזעלבען דונקאַן, וועלכען דוא האסט געוואלט ביי מיר צונעהמען און מאכען פֿון איהם א פּיראטען שיף. ווערן זעע רויבער? — איך

ווייס אייגענטליך ניט, וויא אזוי איך זאל דיך רופען: אייערטאָן אדער בען דשאנס?

אייערטאנס ליפען האבען אנגעהויבען צו ציטערן. ער איז רויט געווארען און האט געקריצט מיט דיא ציינער. — עס איז איהם ניט געראטהען. ער איז אריינגעפאלען אין דער נעץ, וועלכע ער האט אנגעגרייט פאר לארד גלענארוואן. יעצט איז ער א געפאַנגענער און מען וועט איהם געוויס באלד ארייגווארפען אין וואסער אדער אויפהענגען אויף א זעגעלבוים.

לארד גלענארוואן האט ערווארטעט, אז אייערטאן זאל עפעס ענטפערן, עפעס זאגען. אייערטאן אבער האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען און האט געשוויגען.

— רעד דאך עפעס, אייערטאן! האט לארד גלענארוואן געזאגט. ערקלער אונז וועניגסטענס, וואס האסט דוא געוואלט טהאן מיט אונז?

אייערטאן האט געטראכט אייניגע מינוטען. אויף זיין שטערן האבען זיך געוויזען טיפע קנייטשען און א קאַלטער שווייס האט איהם בעגאָסען.

— איך האב גאר ניט וואס צו זאגען, האט ער זיך ענדליך אפגערופען. איך בין געווען א נארר, וואס איך האב מיך געלאזען פאַנגען, וויא א מויז אין א שטייגעל. — יעצט טהוט מיט מיר, וואס איהר ווילט.

מעהר האט ער ניט גערעדט. ער האט זיך אוועקגעקעהרט פון זיי און האט גאנץ רוהיג געקוקט אויף דאס מעער, גלייך וויא מען מיינט גאר ניט איהם. — לארד גלענארוואן האט אבער געהאט א געוויסען ציעל, וואס ער האט געוואלט אויספרעגען אייערטאַנען.

עס איז געווען דייטליך, אז ער איז געווען א מאַטראָז אויף דער „בריטא-ניא". דאס האט מען ניט געקענט אפלייקענען. ער ווייס געוויס, וואו דיא „ברי-טאַניא" איז אונטערגעגאנגען און וואס עס איז געווארען פון קאפיטאן גראַנט. לארד גלענארוואן האט דאהער זיך ענטשלאסען, ער זאל זיך בעצווינגען און רע-דען מיט אייערטאנען פריינדליך און גיטיג, פיעללייכט וועט ער פון איהם דאך ארויסציהען זיין געהיימניס וועגען קאפיטאן גראנט. לארד גלענארוואן איז וויי-טער געווען פאלשטענדיג איבערצייגט, אז דיא „בריטאַניאַ" איז אונטערגעגאנגען ערגעץ אין דיעזע געגענדען. עס האט איהם שוין געקאָסט אזוי פיעל מיה צו זוכען קאפיטאן גראנט, אז ער האט ניט געוואלט ארויסלאזען דיא לעצטע גע-לעגענהייט געוואהר צו ווערן, וואס עס איז מיט איהם געשעהן. לעבט ער נאך, וועט ער איהם נאך זוכען. איז ער טויט, וועט ער פאהרען אהיים.

— אייערטאן! האט איהם לארד גלענערוואן גערופען. — אייערטאן, איך מיין, אז דוא וועסט ניט זיין אזוי שלעכט, דוא זאלסט מיר ניט ענטפערן אויף אייניגע פראגען, וועלכע איך וויל דיר שטעלען. — זאג מיר, איך בעט דיך, וויא הייסט דוא: אייערטאן אדער בען דשאַנס?

אייערטאן האט אלץ געקוקט אויפ'ן מעער און האט קיין ווארט ניט גע-ענטפערט.

אין לארד גלענארוואן'ס אויגען האט זיך אנגעצונדען א פייער. ער האט זיך אבער איינגעהאלטען און האט ווידער געפרעגט:

— אייערטאן, זאג מיר ווענינגסטענס, וויא אזוי ביסט דוא אוועקגעגאנגען פון דער „בריטאניא“ און וויא אזוי קומסט דוא קיין אויסטראליען?

אייערטאן האט ניט געענטפערט און האט ווידער געקוקט אויפ'ן מעער.

— הער נור, אייערטאן, עס איז פאר דיר בעסער, דוא זאלסט רעדען און מיר אלעס דערצעהלען, האט לארד גלענארוואן ווייטער געזאגט. וואס מעהר דוא וועסט רעדען און מיר ענטפערן אויף מיינע פראגען, איז אלץ בעסער פאר דיר. דוא זעהסט דאך, אז דוא ביסט יעצט אין מיינע הענד און איך קען טהאן מיט דיר, וואס איך וויל. איך פרעג דיך דאהער צום לעצטען מאל, ווילסט דוא מיר ענטפערן?

אייערטאן האט זיך אומגעקעהרט מיט'ן געזיכט צו לארד גלענארוואן און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— איך האב אייך ניט וואס צו ענטפערן. איהר זייט ניט קיין ריכטער און האט קיינע בעווייזע געגען מיך. איהר קענט מיך טויטען, ווייל איהר האט מיך אין אייער מאכט. איהר קענט מיך אבער ניט פעראורטהיילען, איהר האט קיינע בעווייזע.

— איך מיין, אז איך קען שוין געפינען בעווייזע געגען דיר, האט לארד גלענארוואן געזאגט מיט א שמייכעל.

ניין, מילארד! איהר האט א גרויסען טעות. איך קען וועטען מיט אייך, אז דער שטרענגסטער ריכטער אין לאנדאן וועט ניט וויסען, וואס צו טהאן מיט מיר. — ווער קען עס וויסען, פאר וואס איך בין געקומען קיין אויסטראליען, ווען דער קאפיטען גראנט איז ניטא? ווער קען עס בעווייזען, אז איך בין עס דער בען דשאנס, וועלכען דיא פאליציי אין אויסטראליען זוכט אזוי שטארק? ווער קען עס בעווייזען, אז איך האב געוואלט צונעהמען ביי אייך דעם „דונקאן“ און איהם איבערגעבען צו דיא אנטלאפענע שטרעפלינגע? — אלעס, וואס איהר האט ביז אהער, איז נור א פערדאכט (א חשד) — איהר האט ניט קיינע בעווייזע. — זא לאנג איהר קענט ניט בעווייזען, אז איך בין א רויבער און א מערדער, וויא איהר רופט מיך, בין איך נאך אלץ אייערטאן, דער ערשטער מאטראז פון דער „בריטאניא“.

וואס מעהר ער האט גערעדט, איז ער געווארען אלץ לעבעדיגער און מוטהיגער. אלע זיינען געווארען אויפמערקזאם, אלע האבען געהאפט, אז זיי וועלען פון איהם דאך עפעס געוואהר ווערן איבער קאפיטאן גראנט.

— דוא האסט א גרויסען טעות, אייערטאן, וואס דוא רעדסט צו מיר, וויא צו א ריכטער. איך בין קיין ריכטער. איך וויל דיך ניט פעראורטהיילען. דער צופאל האט דיך געווארפען מיר אויפ'ן וועג. איך וויל וויסען, צו וועלכען צוועק דער צופאל האט עס געטהאן. — דוא ווייסט גאנץ גוט דעם צוועק פון מיין רייזע. דוא ווייסט, וויא פיעל מיה עס האט מיך געקאסט און וויא פיעל געפאהרען איך

בין אויסגעשטעלגען. איך ווייס, אז דו קענסט מיט איין ווארט מיר ווייזן דעם ציעל פון מיין לאנגער און שווערער רייזע. — דאס איז דאס איינציגע, וואס איך וויל דיך פרעגען. ווילסט דו מיר ענטפערן?

אייערטאן האט געשאקעלט מיטן קאפ, גלייך וויא ער האט געוואלט זא-גען: דאס פערשטעה איך גאנץ גוט. איך וויל דיר אבער ניט זאגען.

— ווילסט דו מיר זאגען, וואו קאפיטאן גראנט איז יעצט?

— ניין, איך וויל אייך ניט זאגען.

— ווילסט דו מיר ניט זאגען, וואו דיא „בריטאניא" איז אונטערגעגאנגען?

— ניין, מילארד, איך וויל אייך ניט זאגען.

לארד גלענארוואן איז געווארען טרויעריג. פאר איהם שטעהט א מענש, וועלכער קען מיט איין ווארט איהם ברענגען צום ציעל פון זיין רייזע — און דער מאן שווייגט.

— אייערטאן! האט ער אנגעהויבען מיט א ביטענדער שטימע. — אייערטאן, ווען דו ווילסט מיר ניט זאגען, וואו קאפיטאן גראנט געפינט זיך יעצט, זאג עס זיינע קינדער, ראבערט און מערי, דו זעהסט דאך, וויא טרויעריג דיא ארימע קינדער זיינען. האב מיטלייד מיט זיי!

אייערטאנ'ס געזיכט איז געווארען פינסטער. ער האט פערביסען מיט דיא ליפען, גלייך וויא ער האט גאר ניט געוואלט רעדען.

— איך קען ניט זאגען, האט ער געשטאמעלט, קוים וואס מען האט גע-הערט.

ער האט נאך אמאל געטראכט א פאר מינוט, האט א ציטער געטהאן מיטן גאנצען קערפער און האט געזאגט גאנץ הויך.

— הענגט מיך, טהוט מיט מיר, וואס איהר ווילט! איך וועל ניט זאגען!

— הענגען? האט איסגערופען לארד גלענארוואן. איך בין קיין הענקער. אין דעם ערשטען פארט, וואס מיר וועלען אנקומען, וועל איך דיך איבערגעבען דער ענגלישער פאליציי און וועל זאגען אלעס, וואס איך ווייס פון דיר. דיא פא-ליציי וועט מעגען טהאן מיט דיר, וואס זיא וועט וועלען.

— דאס פערלאנג איך טאקע פון אייך, האט אייערטאן געזאגט.

מעהר האט מען פון איהם ניט געקענט ארויסציהען קיין איינציגעס ווארט. לארד גלענארוואן האט ענדליך געהייסען, מען זאל איהם צוריקפיהרען אין זיין געפענגניס.

יעצט האט לארד גלענארוואן צונויפגערופען זיינע פריינד און האט אנגע-הויבען צו בעראטהען זיך מיט זיי, וואס זיי זאלען ווייטער טהאן.

— צו ערשט מוז איך וויסען, וויא פיעל קוילען האבען מיר נאך אויפן „דונקאן", האט קאפיטאן פארראגוט געזאגט. דאס איז דיא ערשטע פראגע אויפן מעער.

אויף דיעזע פראגע האט מאט אויגוסטין געקענט ענטפערן.

— מיר האבען נאך קוילען אויף צוויי וואכען, האט ער געזאגט.

— אלזא, קענען מיר נאך פאהרען ענטוועדער קיין מעלבורן אדער קיין טשילי. מיר זיינען יעצט ניט ווייט פון ביידע.

— וואס וועט ווערן פון אונזער ארומפאהרען? האט זיך אפגערופען דער מאַיאר. מיר האבען שוין באלד ארומגערייזט דיא גאנצע וועלט אויפ'ן 37סטען גראד און מיר האבען ניט געפונען, וואס מיר זוכען. מיר זיינען אויסגעשטאַנען דיא גרעסטע געפאהרען. — אלעס איז געווען אומזיסט. — לאמיר פאהרען אהיים!

— לאז קאפיטאן פאררגוט אויסגעפינען דעם נאהענסטען וועג און לאמיר פאה־רען אהיים.

— מיר האבען נאך איינינע הונדערט מייל נור ארומצופאהרען דיא וועלט, האט זיך דער פראפעסאר אריינגעמישט, לאמיר שוין אפפאהרען דיא פאר הונ־דערט מייל, וועלען מיר וועניגסטענס קענען זאגען, אז מיר האבען געמאכט א רייזע ארום דער וועלט.

— דער פראפעסאר האט רעכט. מיר קענען פאהרען קיין טשילי אין זיד אמעריקא. מיר וועלען דערמיט ניט אנלעגען פיעל וועג און עס וועט הייסען, אז אויפ'ן 37סטען גראד זיינען מיר ארומגעפאהרען דיא גאנצע ערד.

קיינער איז ניט געווען דאגעגען. זיי זיינען צוואר געפאהרען וועגען א גאנץ אנדערען צוועק, אזוי וויא אבער זיי האבען זייער צוועק ניט דערגרייכט, שאדעט דאך ניט, מען זאל פאהרען נאך א פאר הונדערט מייל, אום יעדער זאל דער נאך קענען זאגען: איך האב געמאכט א רייזע ארום דער וועלט.

קאפיטאן פאררגוט האט באלד געהייסען אויסדרעהן דעם „דונקאן“ אויפ'ן וועג קיין טשילי. אלע זיינען געווארען טרויעריג און האבען אראפגעלאזען דיא קעפ. — פאהרען אהיים האט געוויס יעדער געוואלט, אבער מיט קאפיטאן גראנט ניט אליין.

דיא מאטראזען האבען אויסגעפיהרט דעם בעפעהל פון זייער קאפיטאן. דער „דונקאן“ איז געשוואומען גאנץ לוסטיג אויף דיא שטילע וואסערן פון'ם שטילען וועלט מעער. באלד זיינען דיא בערג פון ניי זעעלאנד פערשוואונדען און דער „דונקאן“ מיט זיינע רייזענדע איז ווידער געווען אליין אויפ'ן וועלט מעער.

דעם ערשטען טאג האט מען קיינעם ניט געזעהן אויפ'ן דעק. אלע זיינען געווען זעהר מיעד און יעדער איז געשלאפען אין זיין קאיוטע. דעם אנדערן טאג אבער, דעם דריטען, ווען אלע האבען זיך שוין אויסגערוהט און איבער געטהאן האט מען ערשט געזעהן, וויא אומעטיג און וויא טרויעריג אלע זיינען. — ווען זיי זיינען געפאהרען קיין אויסטראליען פלעגט ליידי העלענא, דער מאיאר און דער פראפעסאר גאנצע טעג איבערזיצען אויפ'ן דעק, רעדען, פלוידערן, לאכען, שפאסען. יעצט זיינען אלע געווען שטיל, גלייך וויא זיי וואלטען געווען ברוגז איינער אויפ'ן אנדערן.

זאגאר דער פרעהליכער פראפעסאר איז געווען שטיל און רוהיג. מען פלעגט איהם זעלטען זעהן אויפ'ן דעק און ווען ער פלעגט זיך שוין יא אמאל ווייזען,

פלעגט עס זיין נור אויף א קורצע צייט. ער פלעגט שטילערהייט בעגריסען ליידי העלענא און פלעגט באלד אנטלויפען אין זיין קאיוטע. דער מאיאר איז שטענדיג געווען א שווייגער. ער האט יעצט נאך מעהר געשוויעגען.

יעדער האט געפיהלט, אז ער האט געמאכט א לאנגע און שווערע רייזע, האט געליטען הונגער און דורשט, איז געווען אין דיא גרעסטע געפאהרען און וואס איז געווארען דערפון? — גאר נישט!

עס איז דא א מענש אויפ'ן שיף, וועלכער וואלט געקענט עפעס זאגען, וועלכער ווייס פונ'ם צוועק פון זייער רייזע און וועלכער וואלט זיי געקענט פיהרען צו זייער ציעל. — ער שווייגט אבער. ער וויל ניט זאגען. — ער איז שטום!

דיא קלוגע ליידי העלענא האט עס אלעס געזעהן. זיא האט גוט בעמערקט, וויא איהר מאן איז טרויעריג און אונמוטהיג, וואס אלע זיינע בעמיהונגען זיינען געווען אומזיסט. זיא האט זעהר גוט פערשטאנען, אז אייערטאן ווייס, וואו קאפיטאן גראנט געפינט זיך. ער וויל עס אבער ניט זאגען. זיא האט דאהער בעשלאסען, זיא זאל רעדען מיט אייערטאנען, זיא זאל פראבירען פון איהם ארויסקריגען זיין געהיימניס. זיא האט גאנץ ריכטיג בערעכענט, אז דער ווילדעסטער מענש מוז נאכגעבען דיא ביטען פון א שעהנער און קלוגער פרוי. זיא האט דאהער געבעטען לארד גלענארוואן, ער זאל איהר ערלויבען, זיא זאל אויסרעדען אייערטאנען. איהם נעהמען אויפ'ן דאפראס, וויא מען זאגט אין רוסלאנד.

לארד גלענארוואן האט עס איהר ערלויבט.

דעם אנדערן טאג האט ער געהייסען, אז מען זאל ברענגען אייערטאנען אין איהר צימער. ליידי העלענא האט פערלאנגט, אז ווען זיא וועט רעדען מיט אייערטאנען, זאל זיך קיינער ניט געפינען אין דער קאיוטע אויסער זיא און מערי גראנט. זיא האט ריכטיג בערעכענט, אז דאס יונגע מעדכען וועט איהם אנהויבען צו בעטען און צו וויינען פאר איהם, וועט זיא דאך ריהרען דאס הערץ פון דיעזען ווילדען און פערדארבענעם מענשען.

ליידי העלענא און מערי גראנט האבען פערבראכט מיט אייערטאנען צוויי שטונדען. וואס זיי האבען גערעדט מיט איהם און וואס ער האט זיי געענטפערט האט קיינער ניט געוואוסט. זיי האבען ניט געוואלט זאגען און קיינער האט זיי מעהר ניט נעפרעגט.

ווען דיא צוויי שטונדען האבען זיך געענדיגט און ליידי העלענא האט אנגעקלונגען, אז דיא מאטראזען זאלען קומען נעהמען אייערטאנען און איהם פיהרען צוריק אין זיין געפענגניס, האבען דיא מאטראזען דערזעהן, אז ליידי העלענא איז זעהר טרויעריג. זיי האבען פערשטאנען, אז ער האט איהר אויך גאר נישט געוואלט זאגען. דאס האט זיי זעהר פערדראסען. ווען זיי האבען ארויסגעפיהרט אייערטאנען אויפ'ן פארדעק, האבען זיי אנגעהויבען איהם צו דראהען. זיי האבען זאגאר געוואלט איהם שלאגען. לארד גלענארוואן און דער קאפיטאן האבען זיך געמוזט אריינמישען און אפהאלטען דיא מאטראזען, זיי זאלען איהם ניט שלאגען.

לײדי העלענא איז ניט געװען אזא פרוי, זיא זאל זיך אזוי גיך אפזאגען פון איהר פלאן. זיא האט זיך אײנמאל אונטערגענומען ארויסצוציהען בײ אײער־טאן זײן געהײמנים און זיא האט עס געװאלט דורכזעצען

דעם אנדערן טאג איז זיא גאנץ אלײן געגאנגען אין דער קאיוטע, װאו אײערטאן איז געזעסען ארעסטירט. זיא האט מיט איהם פערבראכט א לאנגע צײט. װען זיא איז ארויסגעגאנגען פון איהם, האט זיא לארד גלענארװאן געפרעגט:

— האט ער דיר עפעס געזאגט?

— נײן, ער האט מיר גאר נישט געזאגט.

— אלזא, איז אלעס פערלארען? מען קען פון איהם גאר ניט ארויסקריגען?

— איך האב אויף איהם אזוי פיעל געװירקט, אז ער װיל דיך זעהן, אבער דיך אלײן, קײן אנדערן. נור מיט דיר װיל ער רעדען.

— אלזא, איז עס דיר דאך געלונגען צו ריהרען דיעזען שטײנערנעם מענשען? האט לארד גלענארװאן אויסגערופען מיט פרײד.

— איך מײן, אז עס איז מיר ענדליך דאך געלונגען, האט לײדי העלענא געענטפערט רוהיג.

— האסט דוא איהם עפעס צוגעזאגט, װען ער װעט אויסזאגען אלעס, װאס ער װײס?

— איך האב איהם צוגעזאגט, אז מיר װעלען טהאן אלעס מעגליכע אום צו ערלײכטערן זײן שטראפע, װען ער װעט אפענהערציג זיך מודה זײן און אלעס דערצעהלען.

— זאל איך איהם הײסען ברענגען צו מיר, אדער זאל איך אראפגעהן צו איהם?

— דוא מעגסט הײסען איהם ברענגען צו דיר, אבער קײן מענש טאר ניט זײן דערבײ. ער װיל רעדען נור מיט דיר אלײן.

לארד גלענארװאן איז געגאנגען אין זײן קאיוטע און האט באלד געהײסען ברענגען אײערטאנען צו זיך.

19טעס קאפיטעל.

## אײערטאן זאגט אלעס אויס.

מען האט באלד געבראכט אײערטאנען אין לארד גלענארװאנס קאיוטע. אלע זײנען ארויסגעגאנגען. לארד גלענארװאן איז געבליעבען מיט איהם אלײן.

— אײערטאן, דוא האסט געװאלט רעדען מיט מיר? האט ער איהם געפרעגט.

— יא, מילארד.

— װילסט דוא אז קײנער זאל ניט זײן דערבײ, װען מיר װעלען רעדען?

— איך װיל עס, אבער עס װעט מיך ניט הארען, װען דער מאיאר און דער פראפעסאר — נור די בײדע — זאלען אויך זײן דערבײ.

— אלזא, זאל איך זיי רופען?

— יא, מילארד.

אייערטאן האט יעצט נערעדט גאנץ רוהיג און געפאסט. לארד גלענארוואן האט באלד געשיקט רופען דעם מאיאָר און דעם פראפעסאר. זיי זיינען באלד געקומען און האבען זיך געזעצט לעבען לארד גלענארוואן.

— יעצט, אייערטאן, זאג, וואס דוא האסט אונז צו זאגען. מיר וועלען דיך אויסהערן.

אייערטאן האט געטראכט איינינע מינוט, גלייך וויא ער וואלט זיך עפעס איבערלעגט, און האט דאן געזאגט.

— עס איז איינגעפיהרט אין דער וועלט, אז ווען צוויי מענשען שליעסען אפ א קאנטראַקט, זאלען זיי עס טהאן פאר עדות. איך האב געבעטען, אז דער מאיאָר און דער פראפעסאר זאלען זיין, ווען איך וועל מיט אייך רעדען, ווייל איך וויל, אז זיי זאלען זיין דיא עדות. איך וויל מיט אייך מאכען א געשעפט.

לארד גלענארוואן האט זיך אביסעל פערטראַכט. עס איז איהם פארגעקומען רעכט זאנדערבאר, אז ער זאל מאכען א געשעפט מיט אייערטאנען און זאל מיט איהם אפשליעסען א קאנטראַקט פאר עדות. ער האט אבער זעהר געוואלט וויסען עפעס איבער קאפיטאן גראנט און האט געמוזט נאכגעבען.

— וואס פאר א געשעפט ווילסט דוא מיט מיר מאכען? האט ער געפרעגט.

— איהר ווילט פון מיר ערהאלטען געוויסע נאכריכטען, וועלכע זיינען אייך ניצליך, האט אייערטאן געענטפערט גאנץ רוהיג, — איך וויל פון אייך ערהאלטען געוויסע בעדינגונגען, וועלכע זיינען פאר מיר ניצליך. איך האב סחורה, איהר האט געלד. אלזא קענען מיר מאכען א געשעפט. ווילט איהר דארויף איינגעהן?

— וואס פאר א נאכריכטען האט איהר? האט דער פראפעסאר אויסגערופען.

— ניין, פאגאנעל, האט לארד גלענארוואן געזאגט, ניט דאס וויל איך פרעגען. איך וויל איהם פרעגען, וואס פאר א בעדינגונגען ער פערלאנגט פון מיר?

אייערטאן האט זיך פערנייגט, אלס א צייכען, אז לארד גלענארוואן האט איהם פערשטאנען.

— איך וועל אייך באלד ערקלערן מיינע בעדינגונגען, האט ער געזאגט. — האט איהר זיך ענטשלאסען מיך איבערצוגעבען אין דיא הענד פון דער ענגלישער פאליציי?

— געוויס! וואס דען זאל איך טהאן מיט דיר?

— איך זאג ניט, אז איהר זייט אונגערעכט. איך פרעג נור, אויב איהר וועט זיך ענטשליעסען מיך ארויסצולאזען פריי?

לארד גלענארוואן האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן אויף דיעזע זאנדערבארע פראגע. עס איז געוועזען דייטליך, אז אייערטאן וויל זאגען אלעס, ווען מען וועט איהם אפלאזען. — וואס טהוט מען אלזא? אפלאזען אזא מערדער און אזא רויבער, ער זאל ווייטער אומגליקליך מאכען מענשען. האט לארד גלענארוואן איך ניט געוואלט. אבער קאפיטאן גראנט? דער צוועק פון זיין רייזע?

— איך קען דיך ניט אפלאזען, אייערטאן! האט לארד גלענארוואן ענדליך געענטפֿערט.

— איך פֿערלאנג עס אויך ניט פֿון אייך, האט אייערטאן געענטפֿערט שטאָלץ.

— אלזא, וואס דען פֿערלאנגסט דוא?

— קען מען דען ניט אויסגעפֿינען א מיטעלוועג? — איך זאל ניט הענגען אויף דער תליה און איהר זאלט מיך דאך ניט אפלאזען?

— דאס פֿערשטעה איך שוין נים, אייערטאן, האט לארד גלענארוואן געזאגט. ערקלער מיר דייטליכער.

— איך מיין, אז מיר קענען מאכען אזא געשעפֿט. איך וועל אייך זאגען אלעס, וואס איך ווייס און איהר וועט מיך אראפלאזען אויף איינע פֿון דיא קליינע אינזלען אין שטילען וועלט מעער. איהר וועט מיר געבען אלע נייטיגע זאכען אויף א קורצע צייט. איך וועל דארט לעבען, וויא איך וועל קענען. — מעגליך, אז איך וועל דארט בעסער ווערן. —

דיעזער פֿארשלאג האט אביסעל איבערראשט לארד גלענארוואן. ער האט געקוקט צום מאיאר און צום פראפֿעסאר, ער האט געפֿרעגט מיט דיא אויגען זייער ראטה.

אזוי זיינען פֿערגאנגען איניגע מינוט. ענדליך האט ער געזאגט:

— וועסט דוא מיר אבער אלעס זאגען איבער קאפיטאן גראנט?

— יא, מילארד, איך וועל אייך זאגען אלעס, וואס איך ווייס פֿון קאפיטאן גראנט און דיא „בריטאניא“.

— דיא פֿולע וואהרהייט?

— אלעס וואס איך ווייס.

— מיט וואס וועל איך אבער זיין גאראנטירט, אז דוא וועסט מיר אויסזאגען דיא גאנצע וואהרהייט?

— איך פֿערשטעה זעהר גוט, אז עס איז אייך ניט לייכט צו גלויבען א פֿערברעכער. איהר ווילט האבען א גאראנטיע. — וואס פֿאר א גאראנטיע אבער קען איך אייך געבען? איך האב דאך גאר נישט. ענטוועדער איהר מוזט מיר גלויבען אויפֿ'ן ווארט, אדער מיר קענען קיין געשעפֿט ניט מאכען.

לארד גלענארוואן האט געטראכט א פֿאר אויגענבליקע און האט ענדליך געזאגט:

— גוט, אייערטאן! איך גלויב דיר אויפֿ'ן ווארט.

— איהר מעגט מיר גלויבען, מילארד. איהר קענט דאך מיך האבען שטענדיג אין דיא הענד. איהר קענט דאך נעהמען אייער ווארט צוריק, ווען איהר וועט געוואהר ווערן, אז איך האב אייך אפגענארט.

— וויא קען איך עס?

— גאנץ איינפֿאך. איהר וועט דאך וויסען, אויף וואס פֿאר אן אינזעל איהר וועט מיך לאזען. קיים איהר וועט זיך איבערציינגען, אז איך האב אייך אפגענארט,

קענט איהר קומען, מיך נעהמען פֿון אינזעל און מיך איבערגעבען אין די
הענד פֿון דער ענגלישער פאליציי.

עס איז געווען דייטליך, אז אייערטאן מיינט עס גאנץ ערנסט. לארד גלע־
נארוואן און זיינע פֿריינד האבען יעצט געזעהן, אז זיי האבען פֿאר זיך א גאנץ
קלוגען מענשען, וועלכער האט זיך אלעס גוט איבערלעגט און וויים, וואס צו
ענטפֿערן און וויא אזוי צו ענטפֿערן אויף יעדע פֿראגע. ער האט זעהר געוואלט,
אז מען זאל צו איהם האבען עפעס מעהר צו טרויען.

— מיינע הערען, האט ער ווייטער געזאגט, איך וויל אייך איבערצייגען,
אז איך מיין ניט קיין חכמות. איך וויל שפיעלען מיט אייך מיט אָפֿענע קארטען.
איך וויל אייך ניט אפנארען און מיין אייך ניט אפצונארען. איך וויל אייך
געבען א בעוויז, אז איך מיין עס גאנץ ערנסט מיט אייך.

— וואס איז דער בעוויז?

— איך האב נאך ניט אייער ווארט, אז איהר וועט מיך אפלאזען אויף אן
אינזעל, און דענאך זאָג איך אייך שוין, אז איך וויים זעהר ווענינ איבער קאפי־
טאן גראנט.

— זעהר ווענינ? האט אויסגערופֿען לארד גלענארוואן.

— יא, זעהר ווענינ, האט אייערטאן געזאגט. איך קען אייך נור דערצעה־
לען, וואס מיט מיר האט פאסירט. איך קען אייך נור זאגען, וויא איך בין אוועק־
געגאנגען פֿון דער „בריטאניא“. איך קען אייך ניט פֿערזיכערן, אז פֿון מיינע רעד
וועט איהר אויסגעפֿינען, וואו קאפיטאן גראנט געפֿינט זיך יעצט.

לארד גלענארוואן און זיינע פֿריינד זיינען געווארען זעהר טרויעריג. אלזא,
קען מען פֿון איהם אויך גאר ניט וויסען! איז זייער מיה אויך דא אומזיסט. —
זיי האבען געהאָפֿט און ערווארטעט, אז דא וועלען זיי שוין אלעס געוואהר ווערן
און פלוצלונג זאגט אייערטאן אליין, אז ער וויים זעהר ווענינ. דענאך זיינען זיי
געווען צופֿריעדען, וואס אייערטאן האט גערעדט אזוי פֿריי און אזוי אָפֿענהערציג.

— איך זאג אייך פֿאראויס, אז דאס געשעפֿט, וואס איך מאַך מיט אייך, איז
פֿאר מיר מעהר קאנווענירענדע, וויא פֿאר אייך, האט אייערטאן ווייטער געזאגט.

— עס מאכט ניט אויס, האט לארד גלענארוואן געענטפֿערט. איך נעהם
אן אייער פארשלאג. דאס געשעפֿט איז געמאכט. איך גיב אייך מיין ווארט, אז
איך וועל אייך אראפלאזען אויף איינע פֿון דיא ניט בעוואינטע אינזלען אויפֿ'ן
שטילען וועלט מעער.

— גוט! אפגעמאכט! האט אייערטאן געזאגט קאלטבליטיג.

ער איז דערביי געבליעבען אזוי רוהיג, גלייך וויא ניט איהם מיינט מען
עס. גלייך וויא ער וואלט געמאכט א געשעפֿט ניט פֿון זיינעט וועגען, זאנדערן
פֿון אנאנדערנס וועגען. לארד גלענארוואן מיט זיינע פֿריינד האבען געמוזט צו־
געבען, אז אייערטאן איז א זאנדערבאַרער מענש. ער איז קיין געוועהנליכער
מערדער און רויבער. עפעס איז מיט איהם.

— יעצט, מיינע העררען, פרעגט מיך, איך וועל אייך אנטווארטען, האט איך אייערטאן געווענדעט צו זיי.

— מיר האבען דיך ניט וואס צו פרעגען, האט לארד גלענארוואן געזאגט. דערצעהל אונז אלעס, וואס דוא ווייסט פון דער „בריטאניא" און פון קאפיטאן גראנט.

— מיינע העררען, האט אייערטאן אנגעהויבען זיין ערצעהלונג, — איך בין ווירקליך טאמאס אייערטאן, אן אפיציער פון דער „בריטאניא". דעם 12טען מערץ 1861 בין איך ארויסגעפאהרען מיט קאפיטאן גראנט פון גלאזגא. פיער־צעהן מאנאטע נאך אנאנדער זיינען מיר ארומגעפאהרען אויפ'ן שטילען מעער. קאפיטאן גראנט האט געזוכט אן אינזעל, וואו ער זאל זיך קענען בעזעצען און גרינדען א קאלאָניע פון שאטלענדער. ער איז א זאנדערבארער מענש. ער איז אים שטאַנד אויסצופיהרען גרויסע פלאנען און שווערע אונטערנעהמונגען. ער וואגט זעהר פיעל. ער איז זעהר הארטנעקיג (א גרויסער עקשן). איך בין אפט ניט געווען איינפערשטאַנדען מיט זיינע מיינונגען. צווישען אונז זיינען אפט פאר־געקומען שטרייטיגקייטען. ער האט אן אייזערנעם כאראקטער און וויל זיך פאר קיינעם ניט בויגען. איך בין אויך געווען זעהר הארטנעקיג און האב מיך ניט געוואלט אונטערגעבען. צווישען אונז זיינען פארגעקומען אונאנגעהמליכקייטען און קריעגערייען.

איך האב ענדליך געוואלט צוציהען אלע מאטראזען צו מיר. איך האב געוואלט צונעהמען ביי איהם זיין שיף און אליין ווערן קאפיטאן. אויב איך האב רעכט געטהאן אדער ניט, איז אנאנדער פראגע. איך רעד יעצט ניט דערפון. איך האב געוואלט אנמאכען א רעוואלוציאן אויף זיין שיף. קאפיטאן גראנט איז דער־פון געוואהר געווארען, ער האט מיך ארעסטירט און דעם 8טען אפריל 1862 האט ער מיך ארויסגעזעצט אין אויסטראַליען.

— דעם 8טען אפריל 1862 ? האט דער מאיאָר איבערגעפרעגט. אלזא, איז דאס געווען נאך איידער ער איז געווען אין טשילי ? דיא לעצטע נאכריכטען, וואס מיר האבען פון איהם זיינען פון 7טען יוני 1862.

— אזוי איז עס, האט אייערטאן געענטפערט רוהיג. איך האב אייך צוואָר געזאגט, אז איך בין געווען מיט איהם אין טשילי, ווען איהר האט מיך צום ערשטען מאל בעגעגענט אויף דער פאַרם פון'ם אירלענדער מאָאר אין אויסטראַ־ליען. דאס אבער איז געווען א ליעגען. איך בין עס פון אייך געוואהר געווארען. איך האב מיך צוגעהערט, וואס איהר האט דערצעהלט.

יעצט האבען אלע איינגעזעהן, אז אייערטאן מיינט עס גאנץ ערנסט און דערצעהלט אלעס, וואס ער ווייס.

— דערצעהל ווייטער, אייערטאן, האט לארד גלענארוואן געזאגט.

— קאפיטאן גראנט האט מיך ארויסגעזעצט אין אויסטראַליען און איז ווייטער אוועקגעפאהרען. איך בין געווען אליין אין א ווילדער געגענד. דאס ביסעל

פראוויאַנט, וואס ער האט מיר געגעבען, האט זיך באלד אויסגעלאזען. איך האב געלעבט, וויא א ווילדעס טהיער אין דיא וועלדער פון אויסטראַליען.

איין מאל האב איך געטראָפען אין וואלד א באַנדע אנטלאָפענע ארעסטאַנטען. זיי האבען מיך אויפגענומען און אין א קורצע צייט בין איך געווארען זייער אנפיהרער, זייער קאפיטאן, אונטערן נאמען בען דשאנס. איהר וועט מיר ערלויבען, איך זאל אייך ניט דערצעהלען, וואס איך מיט מיין באנדע האבען געטהאן. עס האט פאר אייך קיין אינטערעס ניט.

צוויי מאנאטע, איידער איהר זייט געקומען קיין אויסטראליען, בין איך אריינגעטרעטען אלס ארבייטער צום אירלענדער, וואו איהר האט מיך געטראָפען. מיין הויפטצוועק איז געוועזען, איך זאל קריעגען א שיף און זאל מיט איהר אוועקפאהרען מיט מיין באנדע. דיא פארם פון אירלענדער ליעגט גאנץ נאהענט לעבען מעער. דער צופאל קען אהין צוברענגען א שיף. — ער האט אייך צוגעבראכט מיט'ן „דונקאן". איהר זייט געזעסען ביים אירלענדער און האט אליין אלעם דערצעהלט. איך האב עס אויסגעהערט און האב מיך בענוצט דערמיט. איך האב געזעהן, אז אזא שיף, וויא דער „דונקאן", איז שווער צו קריעגען און איך האב מיך ענטשלאסען צו צונעהמען ביי אייך דעם „דונקאן". ער איז אבער געוועזען בעשעדיגט, מען האט איהם געדארפט רעפארירען. איך האב אייך געראטהען, איהר זאלט איהם שיקען קיין מעלבורן, מען זאל איהם דארט אויסבעסערן.

דערווייל האב איך אייך ארומגעפיהרט אין אויסטראַליען. צום אונגליק, האט מיין באנדע בעגאנגען אן נוצלאָזעס פערברעכען, וואס זיא האט צונומען דיא בריק ביי קעמדען ברידש און דער צוג איז אריין אין וואסער. וואלט איך ניט געוועזען ביי אייך, וואלט איך עס ניט דערלאזען.

איך האב אייך געפיהרט אלץ ווייטער און ווייטער. איך האב פערגיפטעט אייערע פערד און אייערע אָקסען. איך האב אריינגעפיהרט אייער וואגאן אין א זומפ לעבען סנאַאי ריווער. — אבער צו וואס דערצעהל איך עס אייך? איהר ווייסט עס אליין. איהר ווייסט אלעס, וואס איז שפעטער געשעהן. איהר ווייסט, אז ווען דער פראָפעסאר זאל ניט געוועזען מאכען אזא גראבען פעהלער, וואלט איך יעצט געוועזען דער הערר פונ'ם „דונקאַן", ניט איהר.

דאס, מיינע העררען, איז אין קורצע ווערטער מיין געשיכטע. איך ווייס, אז זיא קען אייך ווייניג ניצען אום צו געפינען קאפיטאן גראנט. איך האב דאך אייך פריהער געזאגט, אז ביי דעם געשעפט, וואס מיר מאכען, וועל איך מעהר געווינען פון אייך.

אייערטאן האט צונויפגעלעגט דיא הענד אויף דער ברוסט און האט געשוויגען. לארד גלענארוואן און זיינע קאמעראדען האבען אויך געשוויגען. אייערטאן האט זיי שוין אלעס דערצעהלט. וויא עס ווייזט אויס, האט ער געזאגט דיא וואהרהייט. — וואס האבען זיי אבער דערפון? וועגען קאפיטאן גראנט האט ער זיי געזאגט זעהר ווייניג. ער האט זיי פריהער געזאגט, אז ער ווייס זעהר ווייניג, וויא אזוי דיא בריטאניא איז אונטערגעגאנגען.

דער מאיאר איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך און האט איהם געפרעגט:

— ביסט דוא זיכער, אייערטאן, אז דעם 8טען אפריל האט דיך קאפיטאן גראנט ארויסגעזעצט אין אויסטראליען?

— געוויס, בין איך זיכער.

— ווייסט דוא ניט, וואס פאר א פלאנען קאפיטאן גראנט האט דאמאלס געמאכט? ווייסט דוא ניט, וואו ער האט געוואלט גרינדען א קאלאניע?

— אויף געוויס ווייס איך עס ניט. איך קען אייך נור זאגען, וואס איך האב געהערט פון איהם און וואס איך מיין, אז ער האט געוואלט טהאן.

— זאג אונז, אייערטאן, האט לארד גלענארוואן געבעטען. זאג אונז אלעס, וואס דוא ווייסט פון איהם. — א ווארט, א ווינק קען אונז פיהרען צום ציעל.

— איך קען אייך נור זאגען, אז קאפיטאן גראנט האט גערעכענט צו בעזוכען ניי זעעלאנד. דעם 8טען אפריל האט ער מיך ארויסגעזעצט אין אויסטראליען. דעם 7טען יוני איז ער געווען אין קאלאא אין טשילי. עס איז זעהר מעגליך, אז פון דארט איז ער געפאהרען קיין ניי זעעלאנד.

— איך מיין אויך אזוי! האט דער פראפעסאר אויסגערופען.

— אבער אין דיא בריעף, וועלכע מיר האבען געפונען אין פלאש איז ניטא איין ווארט, וועלכעס זאל ווייזען, אז ער איז געפאהרען קיין ניי זעעלאנד, האט לארד גלענארוואן געזאגט פערטראכט.

— ליידער, דאס ווייס איך ניט און קען אייך גאר ניט זאגען, האט זיך אייערטאן אפגערופען.

אלע האבען וויעדער געשוויעגען איינינע מינוט.

— אלזא, אייערטאן, דוא האסט געהאלטען ווארט און האסט אונז דערצעהלט אלעס, וואס דוא ווייסט פון קאפיטאן גראנט. איך וועל אויך האלטען מיין ווארט און וועל דיך אראפלאזען ערגעץ אויף אן אינזעל אין שטילען אצעאן.
— זאג מיר, אויף וואס פאר אן אינזעל ווילסט דוא, איך זאל דיך אראפלאזען?

— וואס מאכט עס מיר אויס? האט אייערטאן געענטפערט. יעדע אינזעל איז גוט פאר מיר.

— געה יעצט צוריק אין דיין קאיוטע, האט לארד גלענארוואן געזאגט. מיר וועלען שוין דא אויסגעפינען אן אינזעל, וואו מיר זאלען דיך אראפלאזען.

ער האט אנגעקלונגען. עס זיינען אריינגעקומען צוויי מאטראזען און האבען אוועקגעפיהרט אייערטאנען אין זיין קאיוטע.

— ער וואלט געקענט זיין א גוטער און ניצליכער מענש, דיעזער פערברעכער! האט אויסגערופען דער מאיאר, ווען מען האט אייערטאנען ארויסגעפיהרט.

— יא, האט לארד גלענארוואן מיטגעשטימט. ער איז א פעהיגער און א טיכטיגער מענש, פון איהם וואלט געקענט ווערן א בעריהמטער רייזענדער, א

גרויסער ענטדעקער פון נייע געגענדען. — ליידער, האט ער פערוועגדעט ויינע פעהיגקייטען אויף שלעכטעס און בייזעס.

— וואס ווערט אבער דערפון? האט דער מאיאר וויטער געפרעגט מיר ווייסען נאך אלץ גאר ניט איבערן קאפיטאן גראנט.

— עס איז אומזיכט, האט לארד גלענארוואן געזאגט טרויעריג. מיר קענען איהם ניט געפינען. עס טהוט מיר הערצליך לייד פאר זיינע קינדער. ווער קען זיי זאגען, וואו זייער פאטער איז?

— איך קען זיי זאגען! האט דער פראפעסאר אויסגערופען איך ווייס עס.

אלע האבען זיך אומגעקוקט צו איהם. דיא גאנצע צייט, וואס מען האט גערעדט מיט אייערטאנען, האט ער זיך צוגעהערט זעהר אויפמערקזאם און האט געשוויעגען. עס איז געווען דייטליך, אז ער קלערט עפעס.

— איהר, פראפעסאר? איהר ווייסט, וואו קאפיטאן גראנט איז און שווייגט? האט לארד גלענארוואן אויסגערופען.

— איך ווייס אזוי פיעל, וויא פיעל מען קען וויסען —

— פון וואס?

— פון דיא בריעף, וועלכע מען האט געפונען אין דער פלאש.

— דאן ווייסט איהר גאר נישט, האט דער מאיאר געזאגט און האט פער־צווינען מיט דיא אקסלען.

— הערט מיך אויס פריהער, דערנאך וועט איהר מעגען פערציהען מיט דיא אקסלען און לאכען פון מיר, האט דער פראפעסאר געזאגט. — איך האב עס ביז אהער ניט געוואלט זאגען, ווייל איהר וואלט מיר ניט געגלויבט. אויסער דעם זיינען מיר שטענדיג געווען אין אזא לאגע, אז עס איז געווען נוצלאז צו רעדען. היינט אבער קען איך עס זאגען, ווייל אייערטאן האט אויך ארויסגעזאגט דיע־זעלבע מיינונג. —

— אז קאפיטאן גראנט האט געליטען שיפברוך לעבען ניי זעעלאנד?

— יא, מיינע הערען. יעצט האב איך דיא געלעגענהייט אייך צו ערקלערן, וויא אזוי איך האב געמאכט דעם מיאוס׳ען פעהלער, וועלכער האט אונז אלע גערעטעט דאס לעבען. דאמאלס ווען איהר האט מיך געפרעגט, האב איך אייך ניט געקענט ענטפערן, ווייל איך האב דערזעהן קאפיטאן גראנט׳ס קינדער. פאר זיי האב איך ניט געקענט רעדען. — יעצט אבער קען איך אייך אלעס ערקלערן.

ווען מיר זיינען געלעגען אין זומפ ניט ווייט פון סנאאי ריווער, האב איך געפונען א צייטונג, וועלכע ווערט ארויסגעגעבען אין ניי זעעלאנד. מיר איז באלד איינגעפאלען אין קאפ, אז דאס ווארט א ל א נ ד, וועלכעס שטעהט אין קאפיטאן גראנט׳ס בריעף, מיינט ניי זעעלאנד. דיא ענגלענדער שרייבען עס Zealand, דיא צוויי בוכשטאבען Ze זיינען אפגעווישט געווארען. עס איז געבליע־בען דאס ווארט a land.

ווען לארד גלענארוואן האט מיך געבעטען שרייבען דעם בריעף, בין איך געווען אזוי בעשעפטיגט מיט דיזען געדאנק, אז איך האב שטענדיג וויעדער־

האלט „א ל א נ ד, א ל א נ ד ו" איך האב ניט געהערט, וואס לארד גלענארוואן דיקטירט מיר. איך בין שוין דאמאלס געווען איבערצייגט, אז קאפּיטאן גראנט געפינט זיך אין ניי זעעלאנד.

— עס קען זיין, האט לארד גלענארוואן געזאגט פערטראכט.

— ניט עס קען זיין. עס איז אזוי! האט דער פראפעסאר אויסגערופען. פערגעסט ניט, אז דאס ווארט a land געפינט זיך נור אין ענגלישען בריעף. אויף דיעזען בריעף האב איך מיך ביז דאמאלס ניט אומגעקוקט. ערשטענס, ווייל איך בין א פראנצויז און יעדער מענש, ער מעג זיין וויא געלערנט, פערשטעהט דאך בעסער זיין מוטער שפראכע, אלס יעדע אנדערע. צווייטענס, איז דער פראנצויזישער בריעף דייטליכער פון דיא איבעריגע. אלעס, וואס מיר האבען ביז אהער אויסגעפונען, איז געווען נור פון'ם פראנצויזישען בריעף. דער דייטשער האט אונז נור געהאלפען אויסצוגעפינען דעם ריכטיגען דאטום.

— אבער, ליעבער, גוטער פראפעסאר! האט דער מאיאר אויסגערופען. איהר אליין האט דאך פריהער אנדערש ערקלערט דעם פראנצויזישען בריעף?

— וואס מען ווערט עלטער, ווערט מען קליגער, הערר מאיאר! האט דער פראפעסאר געענטפערט ערנסט. — איך פערשטעה נאך יעצט אויך ניט פיעלע ווערטער אין דעם פראנצויזישען בריעף, איך האב אבער דאך שוין א פאלשטענדיגע ערקלערונג פון'ם בריעף.

— לאמיר הערן, האט לארד גלענארוואן זיך אפגערופען. לעזט אונז פאר דעם בריעף נאך אייער נייער ערקלערונג.

דער פראפעסאר האט ארויסגענומען אן אנגעשריעבענעם בייגעלע פאפּיער און האט אנגעפאנגען צו לעזען:

„דעם 27טען יוני 1862 איז דיא שיף „בריטאניא" מיט דריי מאסטען, וועלכע איז געפאהרען פון גלאזגא, אונטערגעגאנגען נאך לאנגע ליידען אדער „אגאניע" (דאס ווארט פערשטעה איך נאך אלץ ניט.) אין דעם זידליכען וועלט מעער לעבען ניי זעעלאנד. צוויי מאטראזען און דער קאפּיטאן זיינען ארויס אויף'ס לאנד. זיי געפינען זיך אין דער גרעסטער נויט. זיי האבען אריינגעווארפען אין וואסער דיעזען דאקומענט אויפ'ן 37טען גראד. — — — קומט זיי העלפען, ווען ניט, זיינען זיי פערלארען."

— דאס איז אלעס, וואס איך קען אייך זאגען איבער'ן בריעף, האט דער פראפעסאר ווייטער געזאגט, איך מיין, אז דאס מאל האב איך געטראפען.

אלע האבען געשוויעגען. עס איז זעהר מעגליך, אז דער פראפעסאר האט דאס מאל ווירקליך געטראפען דעם וואהרען זינן פון'ם בריעף. זיי האבען זיך שוין אבער אזוי פיעל מאל אפגענארט, אז זיי האבען שוין אליין ניט געוואוסט, וואס זיי זאלען גלויבען און וואס זיי זאלען ניט גלויבען. דאס ערשטע מאל האבען זיי געמיינט, אז דיא „בריטאניא" איז אונטערגעגאנגען ניט ווייט פון פאטאגאניען. אלע זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אז זיי האבען ריכטיג געטראפען דעם זינן פון'ם בריעף. דערנאך האט זיך אויסגעוויעזען, אז עס איז פאלש. דאן

האבען זיי גערעכענט, אז דיא „בריטאניא" איז אונטערגעגאנגען לעבען אויסטראליען. איך דיעזע מיינונג האט זיך דערנאך אויסגעוויעזען אלס ניט ריכטיג. וויא קען מען יעצט זאגען, אז דיא ערקלערונג פון׳ם פראפעסאר איז שוין ריכטיג?

עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוט אין טיעפען שווייגען.

— זאגט מיר, העדר פראפעסאר, האט ענדליך לארד גלענארוואן געפרעגט, פארוואס האט איהר געהאלטען דיעזע ערקלערונג ביי אייך אלס געהיימניס אזא לאנגע צייט? — וויא עס ווייזט אויס, זיינען שוין באלד צוויי מאנאטע פאראיבער זייט איהר האט אזוי ערקלערט אייער בריעף.

— אויס צוויי אורזאכען, האט דער פראפעסאר געענטפערט. ערשטענס, האב איך ניט געוואלט אייך אויפרעגען מיט נייע האפנונגען. עס איז זעהר א שלעכטע זאך, ווען יעדעס מאל קומט ארויס א נייע האפנונג און זיא צוקריעכט זיך אין רויך. — צווייטענס, האט דער צופאל געוואלט, אז מיר זאלען פאהרען קיין ניי זעעלאנד. איך האב גערעכענט, אז מיר וועלען קומען קיין אקלענד, דיא הויפט שטאדט פון ניי זעעלאנד, דארט וועלען מיר אלעס געוואהר ווערן. ליידער, האט זיך עס אנדערש אויסגעלאזען. איך דארף אייך ניט דערצעהלען, וויא אזוי מיר האבען פערבראכט אונזער צייט אין ניי זעעלאנד.

— ווארום האט איהר אבער געשוויעגען, זייט מיר זיינען צוריקגעקומען אויפ׳ן „דונקאן"?

— צו וואס זאל איך געווען רעדען? וואס וואלט געווארען פון מיין רעדען? מיר האבען שוין געהאט א גוטע געלעגענהייט זיך צו בעקענען מיט ניי זעעלאנד און מיט דיא דזשענטעל לייט, דיא מאארי. מיר ווייסען שוין גאנץ גוט, וואס מען קען ערווארטען פון א דזשענטעלמען, וויא קאאי־קומו און קארא־טעטע.

— אלזא, מיינט איהר? —

— אלזא, מיין איך, אז העכסטענס קענען מיר געפינען אין ניי זעעלאנד א שפור פון דער „בריטאניא". מעגליך, אז מיר וועלען קענען אויסגעפינען איינינע זאכען, וועלכע האבען געהערט צו קאפיטאן גראנט. איהם אליין אבער מיט זיינע מאטראזען וועלען מיר שוין ניט געפינען.

שטילער און שטילער האט דער פראפעסאר ארויסגעזאגט דיא לעצטע ווערטער. לארד גלענארוואן איז געווארען טרויעריג. דער מאיאר איז שטענדיג געווען זעהר ערנסט. זיי האבען יעצט זיך איבערצייגט, אז זייער מיה איז ווירקליך געווען אומזיסט. — קאפיטאן גראנט איז אומגעקומען אין ניי זעעלאנד. — דיא מאארי האבען איהם אויפגעפרעסען.

— מיינע פריינד! האט ענדליך געזאגט לארד גלענארוואן, קיינער פון אייך זאל ניט זאגען קיין ווארט פון אלעמען, וואס מיר האבען דא גערעדט. — וואצו זאלען מיר בעטריגען דיא ארימע קינדער? — לאזען זיי זיך טרייסטען מיט דער האפנונג, אז זייער פאטער לעבט נאך.

(K. 8. 20.)

### 20טעס קאפיטעל.

## א געשריי ביי נאכט.

לארד גלענארוואן און זיינע פריינד זיינען ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק און האבען דערצעהלט אלעמען אין קורצע ווערטער, וואס זיי האבען ערפאהרען פון אייערטאן. קאפיטאן פאררארגוט און זיינע מאטראזען זיינען געווארען זעהר טרויעריג איבער דיעזע נאכריכט. יעדער האט געהאפט, אז פון אייערטאנען וועט מען שוין אלעס וויסען, אבער אויך דיעזע האפנונג האט זיי אפגענארט.

דער „דונקאן" איז אונטערדעסען געגאנגען זיין וועג. דאס וועטער איז געווען שעהן און ווארם. אלע האבען פערבראכט דיא טעג און דיא נעכט אויפ'ן דעק.

קאפיטאן פאררארגוט און דער פראפעסאר האבען גענומען זייערע לאנד-קארטען און מעער-קארטען און האבען אנגעהויבען צו זוכען אן אינזעל, וואו מען זאל אייערטאנען אראפלאזען. עס זיינען געווען זעהר פיעלע אינזלען אויף זייער וועג. דיא פראגע אבער איז געווען, מען זאל אויסזוכען אזא אינזעל, וועלכע איז ווייט פון יעדעם לאנד און וואו עס קומען זעהר זעלטען שיפען. זיי האבען געוואלט, אז אזא געפעהרליכער פערברעכער זאל מעהר ניט שאדען קיינעם.

דאס איז געווען א שווערע אויפגאבע. אין היינטיגער צייט, ווען טויזענדע שיפען פאהרען ארום אויף אלע מעערן, איז ניט אזוי לייכט אויסצוגעפינען אזא אינזעל, צו וועלכער קיין שיף זאל ניט צו קומען.

ענדליך האט דער פראפעסאר דאך אויסגעפונען א קליין אינזעל מיט'ן נאמען „מאריא טהערעזא". דיעזע אינזעל האט געהאט אלע מעלות, וואס זיי האבען געדארפט. זיא איז 3,500 מייל ווייט פון אמעריקא, 1,500 מייל ווייט פון ניי זעעלאנד. אייניגע הונדערט מייל פון דיעזער אינזעל געפינט זיך צוואר א גאנצע גרופע קליינע אינזלען. זיי זיינען אבער אויך ניט בעוואינט.

מען האט גערופען לארד גלענארוואן אין דעם מאיאר און מען האט איהם געוויזען דיא אינזעל, אויף וועלכער, מען וויל אראפלאזען אייערטאנען.

— קומען אהין שיפען אמאל?

— ניין, האט קאפיטאן פאררארגוט געענטפערט. דיעזע אינזעל ליעגט אזוי ווייט פון יעדער וועג, אז קיין שיף האט דארט ניט וואס צו טהאן, אויסער ווען א שטורמווינד זאל זיא אהין פערווארפען.

— אלזא, לאמיר עס מעלדען אייערטאנען, האט לארד גלענארוואן געזאגט. איך האב איהם געגעבען מיין ווארט און איך וויל ניט זיין גרויזאם און שלעכט'ענען איהם.

מען האט עס געזאגט אייערטאנען און ער האט געענטפערט, אז ער איז דערמיט צופריעדען. ער קען צוואר דיעזע אינזעל ניט. ער ווייס אבער, אז דאס קלימאט דארף דארט זיין ווארים און ער וועט דארט קענען לעבען.

קאפיטאן פאראגוט האט באלד געהייסען ענדערן דעם מארשרוט פון דונקאן און פאהרען צו דער אינזעל מאריא טהערעזא.

עס זיינען פערגאנגען צוויי טאג, אין וועלכע עס האט גאר נישט פאסירט. דאס מעער איז געווען רוהיג און דער „דונקאן“ איז געפאהרען זעהר שנעל. אויפ'ן דריטען טאג פאר נאכט האט דער מאטראז, וואס שטעהט אויף דער וואך אויסגערופען:

— לאנד רעכטס!

אלע זיינען ארויסגעלאפען אויפ'ן דעק און האבען געקוקט אויף דאס לאנד. דאס איז געווען דיא אינזעל „מאריא טהערעזא“, א לענגליך־פלאכעס שטיק לאנד, אהן הויכע בערג און אהן גרויסע שטיינער. זיא האט אויסגעוויזען, וויא א גרויסער וואל־פיש, וועלכער ליעגט זיך אויף'ן וואסער און רוהט זיך אפ נאך א זאטען מיטאג. וויא נאהענט דיא אינזעל האט זיך אויסגעוויזען, איז נאך געווען ביז צו איהר מעהר אלס פופציג מייל.

דיא זון איז אונטערגעגאנגען. קאפיטאן פאראגוט האט ערקלערט, אז דאס מעער איז איהם אין דיעזער געגענד ניט בעקאנט און ער האט מורא צו צופאהרען ביי נאכט צו אן אונבעקאנטער אינזעל. עס איז געבליעבען, אז ערשט מארגען אין דער פריה זאל ער זעהן, אויב מען קען צופאהרען נאהענט צו דער מאריא טהערעזא און ווען מען קען ניט, וועלען זיי אראפשיקען אייערטאנען אויף א באאט.

אזוי וויא דאס וועטער איז געווען זעהר שעהן, האט ליידי העלענא געהייסען געבען דאס נאכט עסען אויפ'ן דעק. עס איז געווארען פינסטערער און פינסטערער. אלע זיינען געזעסען אויפ'ן דעק, האבען געגעסען און גערעדט פון פערשיעדענע זאכען. פלוצלונג האט א מאטראז דערזעהן א רויך אויף דער „מאריא טהערעזא“. ער האט עס געוויעזען לארד גלענארוואן און קאפיטאן פאראגוט.ביידע האבען גענומען זייערע טעלעסקאפען און האבען געקוקט אויפ'ן רויך, פון וועלכען עס האט זיך באלד געוויעזען א פייער.

— זאל עס זיין א וואולקאן, פראפעסאר? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— איך ווייס ניט, וואס דאס איז, האט דער פראפעסאר געענטפערט. דיא אינזעל מאריא טהערעזא איז נאך ניט אויסגעפארשט. קיין לאנד און קיין געאגראפישע געזעלשאפט האט ניט געוואלט געבען א שיף, מען זאל זיא אויספארשען. זיא איז זעהר קליין און קיינער וויל ניט אויסגעבען קיין געלד זיא אויסצופארשען. מעגליך, אז אויף איהר געפינט זיך א פייערשפייענדיגער בארג.

— קענט איהר אונז עפעס ניט זאגען איבער דיא אינזעל „מאריא טהערעזא“? האט לארד גלענארוואן געפרעגט דעם קאפיטאן פאראגוט. — איך מיין, ווייסט איהר ניט, וויא אזוי מען קומט צו צו איהר?

— ליידער, ווייס איך ניט, האט פאראגוט געענטפערט. ווען דער פראפעסאר ווייס ניט און קען אייך ניט זאגען, אויב דארט איז דא א וואולקאן, ווייס איך שוין געוויס ניט.

— וואלטען מיר ניט געקענט יעצט צופאהרען אויף א באאט צו אידר?

— ניין, מילארד, איך האב מורא צו ריסקירען, ביי נאכט צופאהרען צו אן אינזעל, וועלכע איך קען ניט.

אום ניין אוהר זיינען נאך אלע געשטאנען אויפ'ן דעק און האבען קיין זוייג ניט אראפגעלאזען פון דער אינזעל. עס האט זיך ווידער געוויזען א רויך און א פייער.

— וויא עס ווייזט אויס, איז ווירקליך דא א פייערשפייענדער בארג אויף דער אינזעל, האט דער פראפעסאר געזאגט. — זעהט, וויא דאס פייער שטעהט אלץ אויף איין ארט.

— ווען עס זאל זיין א ווולקאן, האט זיך דער מאיאר אפגערופען, וואלט מען געדארפט הערן א רעש, וויא א דונער. איך קען ניט קיין געאגראפיע און וויים דאך, אז יעדער ווולקאן מוז דונערן.

— עס מאכט זיך א מאל, אז א ווולקאן מאכט נור אן אילומינאציאן און ליארמט ניט, האט דער פראפעסאר געשפאכט. דיא פייערשפייענדיגע בערג האבען זייערע קאפריזען, וויא דיא מענשען. — זעהט נור, וואס פאר א קאפריזען אונזער נייער ווולקאן האט. דאס פייער שטעהט ניט אויף איין ארט.

— זעהט! נאך א פייער! שוין גאר אויפ'ן ברעג! האט קאפיטאן פאררא-גוט אויסגערופען. — זעהט נור! עס בעוועגט זיך! עס ברענט אויף אן אנדער ארט. דער ווולקאן האט זאנדערבארע קאפריזען.

אלע האבען זיך צוגעקוקט. עס האט זיך ווירקליך געוויזען נאך א פייער און נאך א פייער. אט האט עס זיך אויסגעלאשען און אט האט עס ווידער אנ-געהויבען צו פלאקערן.

— פיעללייכט וואינען מענשען אויף דיעזער אינזעל? האט לארד גלענאר, וואן געפרעגט דעם פראפעסאר.

— איך וויים, אז אויף „מאריא טהערעזא“ וואינען קיין מענשען ניט, האט דער פראפעסאר געענטפערט. עס איז אבער מעגליך, אז איינינעווילדע זיינען אהין פערשלאגען געווארען און האבען זיך דא בעזעצט.

— אלזא, קענען מיר ניט אראפלאזען אייערטאנגען אויף דיעזע אינזעל. דיא ווילדע וועלען איהם נאך אויפפרעסען.

— געוויס, ווען דיא אינזעל איז בעוואינט פון ווילדע מענשען, קענען מיר אייערטאנען ניט לאזען ביי זיי, האט דער מאיאר געזאגט. ווען זיי זיינען שטילע, רוהיגע מענשען, וועט זיי אייערטאן פערדארבען. זיינען זיי שלעכטע, וועלען זיי איהם אויפעסען.

— דאן וועלען מיר מוזען זוכען אנאנדער אינזעל, וואו איהם אראפצולאזען. האט לארד גלענארוואן ווייטער געזאגט. דער פראפעסאר וועט זיך שוין מוזען נעהמען דיא מיה און זוכען אין זיינע לאנדקארטען.

— מיינע הערען, האט קאפיטאן פאררא‍גוט ענדליך געזאגט. יעצט איז

נאכט. מיר קענען יעצט גאר ניט וויסען. פארנען אין רעד פרידה, ווען דיא זון וועט אויפגעהן, וועלען מיר אלעס זעהן און אלעס וויסען.

מען האט נאך גערעדט איינינע צייט און מען האט זיך געוואלט צו געהן.

— האט איהר געהייסען פעראנקערן דעם „דונקאַן“? האט פלוצלונג לארד גלענארוואן געפרעגט.

— עס איז ניט נעטהיג, האט פארראגוט ערקלערט. איך האב איהם געלאזען געהן זעהר לאנגזאם. ביז אין דערפריה וועלען מיר זיין גאנץ נאהענט לעבען דער אינזעל און מיר וועלען קענען זעהן פונ'ם דעק, וואס עס טהוט זיך אויפ'ן ברעג. איך מוז אייך זאגען, אז דיעזע אינזעל קומט מיר פאַר זאָנדערבאַר. דיא פייערן, וואס מיר האבען געזעהן, זיינען ניט פון א פייערשפייענדיגען באַרג. עפעס איז אויף דער אינזעל.

אלע זיינען זיך צוגאנגען אין זייערע קאיוטען זיך לעגען שלאפען, אום זיי זאלען קענען אויפשטעהן גאנץ פריה און בעטראכטען דיא זאָנדערבאַרע אינזעל. קאפיטאן פארראגוט האט היינט געשטעלט א דאפעלטע וואך. אין אן אונבעקאנטער געגענד מוז מען זיין פארזיכטיג. איין מאטראז איז געשטאנען ביים רעדעל און האט געקירעוועט דאס שיף. פון הינטען אויפ'ן דעק איז געגאנגען א מאטראז הין און צוריק אלס וואַך.

קיינער האט ניט בעמערקט, אז מערי און ראבערט גראנט זיינען ניט געגאנגען שלאפען. זיי זיינען געבליעבען אויפ'ן דעק. זיי זיינען געשטאַנען פון פארנט און האבען געקוקט אין דער פינסטערער נאכט אויף דיא פייערן אויפ'ן אינזעל.

דאס וועטער איז געוועזן שעהן. דיא נאכט איז געוועזן א פינסטערע. דער מאנד האט ניט געשיינט, נור דיא שטערן האבען געגלענצט און געפונקעלט שטיל און רוהיג, וויא זייער שטייגער איז.

ביידע קינדער האבען זיך פערטראכט. זיי זיינען געוועזן זעהר אונרוהיג, וואס אין דער לעצטער צייט האט מען שוין גאר אויפגעהערט צו רעדען פון זייער פאטער. ניט ליידי העלענא, ניט לארד גלענארוואן, ניט דער פראפעסאר האבען איהם ניט דערמאנט און האבען מעהר פון איהם ניט גערעדט. — וואס זאל דאס זיין? האבען זיי זיך געטראכט. וויא קומט עס, וואס אלע שווייגען און רעדען פון איהם ניט? — וואס האט אייערטאן דערצעהלט? — פארוואס זאגט מען אונז ניט, וואס ער האט דערצעהלט? — ביז אהער פלעגט ליידי העלענא אונז אלעס דערצעהלען, זיא פלעגט אונז טרייסטען און איינפלייסען מוטה. יעצט שווייגט זיא אויך. וואס זאל דאס הייסען?

דאס זיינען געוועזן דיא טרויעריגע געדאנקען, וועלכע האבען בעשעפטיגט דיא ארימע קינדער.

— מערי, זיי ניט פערצווייפעלט, האט ראבערט געבעטען. פערליער ניט דיא האפנונג. לאמיר זיין שטארק און מוטהיג. ביז אהער האסט דוא געארביים

פאר מיר, יעצט וועל איך ארבייטען פאר דיר. איך בין שוין א שטארקער יונגע און קען שוין ארבייטען.

— איך בין ניט פערצווייפעלט, ראבערט, האט מערי געענטפערט. איך האב מיין האפנונג ניט פערלארען.

— מערי, איך וויל דיר עפעס זאגען, אבער עס זאל דיר ניט פערדריעסען.

— פארוואס זאל עס מיר פערדריעסען, ראבערט? ווערסט דוא מיר דען זא-גאן אזעלכעס, וואס זאל מיר פערדריעסען?

— ניין, מערי! געווים ניט. — ווייסט דוא וואס מערי? איך וויל ווערן א מאטראָז.

— וואס רעדסט דוא, ראבערט? דוא ווילסט מיך לאזען אליין?

— וואס זאל איך טהאן, שוועסטער? איך וויל ווערן א מאטראז, וויא אונזער פאטער און וויא קאפיטאן פארראגוט. יא, ליעבע שוועסטער! קאפיטאן פארראגוט האט מיר געזאגט, אז איך וועל מיט דער צייט ווערן א גוטער מאט-ראז. ווען איך וועל זיין א גוטער מאטראז, וועט ער מיט מיר פאהרען זוכען אונ-זער פאטער. — נו, יעצט ווערסט דוא מיר שוין ערלויבען צו ווערן א מאטראז?— איך וועל דאן וויסען נור איין זאך — צו זוכען אונזער פאטער.

מערי האט ארומגענומען איהר ברודער און האט אנגעהויבען צו וויינען.

— ליעבע שוועסטער! האט ראבערט אויסגערופען. איך ווייס ניט, וואס אונזערע פריינד דענקען פון אונזער פאטער. איך בין זיכער, אז ער לעבט, אז ער געפינט זיך ערגעץ אויף אן אינזעל און קען זיך ניט העלפען. איך מוז ווערן א מאטראז און איהם פאהרען זוכען.

— וואס זאגט קאפיטאן פארראגוט? האט זיא געפרעגט. מיינט ער אויך, אז אונזער פאטער לעבט נאך?

— יא, שוועסטער. ער האפט נאך אויך. ער האט מיר צוגעזאגט, ער זאל פאהרען מיט מיר צוזאמען.

— און וואו וועל איך בלייבען? האט מערי געפרעגט טרויעריג. וויא וועל איך קענען לעבען איינע אליין?

— דוא ווערסט ניט זיין אליין. דוא ווערסט בלייבען ביי ליידי העלענא. זיא וויל, אז דוא זאלסט בלייבען ביי איהר אין איהר שלאס.

— וואס רעדסט דוא, ראבערט? דיעזע גוטע און עדעלע מענשען האבען אזוי פיעל געטהאן פון אונזערטוועגען, אז איך קען מיר שוין גאר ניט ערלויבען אנצונעהמען פון זיי נאך א געפעליגקייט.

— ליעבע שוועסטער, זיי זיינען אזוי גוט און אזוי עדעל, אז זיי וועלען דיך מעהר ניט אפלאזען אליין. ווערסט דוא דען קענען אפזאגען, ווען ליידי הע-לענא וועט דיך בעטען, אז דוא זאלסט בלייבען ביי איהר? איך ווייס, אז זיא וועט דיך בעטען. זיא האט דיך ליעב, וויא איהר אייגען קינד און זיא וויל, אז דוא זאלסט בלייבען ביי איהר.

ביידע קינדער האבען זיך ווידער ארומגענומען און האבען געשוויגען.

יעדער איז געווען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. זיי האבען אליין ניט בע־מערקט, וויא זיי זיינען צוגעגאנגען צו דער פארנטשע פונ'ם שיף פון פארנט לעבען רעדעל און האבען זיך דארט געשטעלט. ביידע האבען געקוקט אין דער פינסטערער נאכט.

אויפ'ן אינזעל האבען נאך אלץ געברענט דיא פייער. דער „דונקאן" איז זיך לאנגזאם געגאנגען אימער נעהנטער צו דער אינזעל. דאס מעער איז געווען רוהיג, וויא א שפיגעל. עס האט זיך אויסגעוויזען, אז דיא וועללען (כוואליעס) זיינען דאס מאל אויך אנטשלאפען געווארען.

פלוצלונג האבען ביידע קינדער עפעס דערהערט.

— קומט! קומט אהער! זיינען געווען דיא ווערטער, וואס זיי האבען גע־הערט, אדער עס האט זיך זיי אויסגעוויזען, אז זיי האבען געהערט.

ביידע האבען א ציטער געטהאן און זיינען אויפגעשפרונגען.

— מערי, האסט דוא געהערט? האט ראבערט געפרעגט.

— ראבערט, האסט דוא געהערט? האט מערי געפרעגט.

זיי האבען זיך ווידער אנגעבויגען איבער דיא אייזערנע גראטעס פונ'ם „דונקאן" און האבען ווידער געקוקט אין דיא פינסטערע נאכט. זיי האבען אבער גאר ניט געזעהן. אלעס איז געווען פערדעקט מיט'ן שווארצען שאטען פון דער נאכט.

— ראבערט! האט מערי אויסגערופען. — איך האב געמיינט — עס האט זיך מיר אויסגעוויזען — איך האב געטראכט, אז —

— קומט! קומט אהער! האט מען ווידער גערופען.

— מיין פאטער! האט ראבערט א געשריי געטהאן. דאס רופט אונז אונזער פאטער!

דיא שוואכע מערי האט עס ניט געקענט אויסהאלטען. זיא איז געפאלען אין אהנמאכט אויפ'ן דעק.

— רעטעט! מיין שוועסטער! האט ראבערט געשריען. רעטעט! הילפט! זיא איז אין אהנמאכט!

עס איז געווארען א ליארם. דער מאטראז, וואס איז געשטאנען ביים רע־דעל, איז געלאפען אויפהייבען מערי גראנט. דער אנדערער, וואס איז געגאנגען אויף דער וואך, איז געלאפען אין דער קאיוטע אויפוועקען ליידי העלענא און לארד גלענארוואן.

באלד זיינען ארויפגעלאפען אויפ'ן דעק לארד גלענארוואן, ליידי העלענא, דער פראפעסאר, דער מאיאר און קאפיטאן פארראגוט. זיי זיינען צוגעלאפען צו דיא קינדער און האבען געפרעגט, וואס איז געשעהן.

— מיין פאטער איז דארט און מיין שוועסטער שטארבט! האט ראבערט גראנט געשריען און געבראכען דיא הענד.

אלע זיינען געבליעבען שטעהן ערשטוינט און פערוואונדערט. קיינער האט ניט פערשטאנען, וואס דא איז געשעהן. ליידי העלענא האט גענומען מינטערן

מערי גראנט. לארד גלענערוואן האט נאך א מאל איבערגעפרעגט, וואס איז דארט אזעלכעס געשעהן?

— מיין פאטער איז דארט אויף דער אינזעל, האט ראבערט געזאגט. איך האב געהערט זיין שטימע. מערי האט אויך געהערט, וויא ער האט אונז גערופען.

ליידי העלענא איז ענדליך געלונגען אפצומינטערן מערי גראנט. זיא האט געעפענט דיא אויגען, האט זיך ווילד אומגעקוקט און האט אויסגערופען:

— יא, מיין פאטער איז דארט אויף דער אינזעל, איך האב אליין געהערט, וויא ער האט מיך גערופען.

זיא האט עס געזאגט און איז ווידער געפאלען אין אהנמאכט. מען האט זיא געמוזט אריינטראגען אין קאיוטע און זיא אניעדערלעגען אויף א בעט. ראבערט איז געבליעבען אויפ'ן דעק, ער האט אלץ געקוקט אויף דער אינזעל און האט אלץ ווידערהאלט:

— דארט איז מיין פאטער! ער האט אונז גערופען.

דיא נאכט איז נאך אלץ געוועזען פינסטער, אז מען האט גאר נישט געקענט זעהן. צו ביסלעכווייס האבען זיך אלע בערוהיגט און לארד גלענארוואן האט אנגעהויבען אויסצופרעגען ראבערט'ן:

— דוא זאגסט, אז דוא האסט געהערט דיין פאטערס שטימע?

— יא, מילארד, דארט פון'ם וואסער האט זיך געלאזט הערן זיין שטימע: קומט! קומט צו מיר!

— געדענקסט דוא דען דיין פאטערס שטימע? האסט דוא זיא דען געקענט דערקענען?

— יא מילארד. איך האב זיא דערקענט. מיין שוועסטער האט זיא אויך געהערט און האט זיא אויך דערקענט. מיר האבען זיך ניט אפגענארט. מיר האבען דייטליך געהערט זיין שטימע. — אך, מילארד! הייסט ארא‌פלאזען א באָט, לאמיר פאהרען צו אונזער פאטער.

לארד גלענערוואן האט צוגערופען דעם מאטראז, וואס איז געשטאנען אויף דער וואַך און האט איהם געפרעגט.

— האסט דוא עפעס געהערט א שטימע?

— ניין, איך האב גאר ניט געהערט.

ער האט געפרעגט דעם מאטראז, וועלכער איז געשטאנען ביי'ם רעדעל, אויב ער האט עפעס געהערט?

— איך האב אויך גאר ניט געהערט, האט דער אנדער מאטראז געענטפערט.

— יא, ווען עס זאל זיין זייער פאטער, וואלטען זיי שוין געהערט, האט ראבערט אויסגערופען. דארט איז אבער מיין פאטער, דערפאר האב איך נור געהערט.

— וואס זאל דאס הייסען? האט לארד גלענארוואן געפרעגט. וויא אזוי קען מען עס ערקלערען? — אלעס איז געווען שטיל, קיינער האט גאר ניט

נעהערט קיין שום שטימע, נור זיי ביידע האבען געהערט, וויא זייער פאטער רופט זיי!

— מעגליך, אז עס האט זיך זיי אויסגעוויזען, האט דער פראפעסאר ערקלערט. זיי זיינען ארומגענאנגען פערטראכט און האבען געטראכט פון זייער פאטער, האט זיך זיי אויסגעוויזען, אז זיי הערן זיין שטימע.

ער האט אנגעהויבען צו ערקלערן, וויא אזוי עס מאכט זיך אמאל, אז דער מענש דענקט אין דער הויך. אין טרוים הערן מיר דייטליך געשרייען און דאך זיינען דיעזע געשרייען נור אין אונזער קאפ, אין אונזער געהירן.

לארד גלענארוואן איז צוגעגאנגען צום רעדעל, האט זיך געשטעלט אויפ'ן לעצטען ברעט פון'ם שיף און האט געשריען אין דער הויך:

— קאפיטאן גראנט! קאפיטאן גראנט!

קיינער האט ניט געענטפערט. זאגאר דיא פייערן אויף דער אינזעל זיינען פערשוואונדען. עס האט גאר ניט געהאלפען. מען האט געמוזט ווארטען ביז אין דערפריה. מען האט בערוהיגט ראבערט'ן, וויא מען האט געקענט. מערי גראנט האט זיך אויך בערוהיגט. פון שלאפען דיעזע נאכט האט שוין קיין רעדע ניט געקענט זיין. אלע זיינען געזעסען אין זאל און האבען געווארט אויפ'ן טאג.

אום 5 אוהר אין דערפריה, ווען דיא ערשטע שטראהלען פון ליכטיגקייט האבען זיך געוויעזען, זיינען שוין אלע ווידער געשטאנען אויפ'ן דעק. עס איז נאך געווען גענוג פינסטער און מען האט נאך גאר ניט געקענט זעהן אויף דער אינזעל. קאפיטאן פאררארגוט האט בערעכענט, אז זיי דארפען יעצט זיין א מייל דיא ווייט פון דער אינזעל „מאריא טהערעזא“.

ער האט געמוזט יעצט פיהרען דעם דונקאן זעהר פארזיכטיג. לעבען אן אינזעל קענען זיך געפינען שטיינער אונטערן וואסער. אזוי איז פערגאנגען א שטונדע. דער הימעל איז געווארען אימער העלער און העלער. אין אכטען (מזרח זייט) האט זיך געוויעזען א רויטער פאס.

פלוצלונג האט ראבערט ארויסגעלאזען א שרעקליכען געשריי און האט געוויעזען אויף דיא אינזעל. זיינע יונגע און שארפע אויגען האבען דערזעהן, וויא אויפ'ן ברעג שטעהן דריי מענשען און מאכען מיט דיא הענד. איינער פון זיי האט געהאלטען א פלאג און האט מיט איהר געמאכט.

אלע האבען זיך צוגעקוקט, וואוהין ראבערט האט געוויעזען מיט דיא פינגער. קאפיטאן פאררארגוט האט געחאפט זיין ספעקטיוו און האט א קוק גע-טהאן.

— עס איז דיא ענגלישע פאהן! האט ער אויסגערופען.

— ריכטיג! ריכטיג! האט געזאגט דער פראפעסאר, וועלכער האט דערווייל צורעכט געמאכט זיין טעלעסקאפ.

— מילארד! האט געשריען ראבערט און האט געציטערט פאר אויפרעגונג, הייסט אראפלאזען א באאט, אדער איך שפרינג אריין אין וואסער און וועל שווימען

צום אינזעל. — מילארד! איך בעט איך! איך בעשווער איך! איך וויל זיין דער ערשטער ארויפצוגעהן אויפ'ן אינזעל!

אלע האבען געשוויעגען. אלע זיינען געוועזן גערירט און אויפגערעגט. יעדער האט יעצט איינגעזעהן, אז דיא קינדער האבען רעכט געהאט, אז זיי האבען ווירקליך געהערט זייער פֿאטערס שטימע.

אלזא, געפֿינט זיך קאפיטאן גראנט דא, אויף דיעזע קליינע אינזעל אין שטילען וועלט מעער! זיא ליעגט צוואַר אויפ'ן 37טען גראד, אבער — זיי האבען זיך שוין אזוי פֿיעל מאל אפגענארט, זייערע האפֿנונגען און אויסזיכטען האבען זיי שוין אזוי פֿיעל מאל בעטראגען, אז זיי האבען שוין יעצט קיין זאך ניט גע-גלויבט.

לארד גלענארוואן האט געטראכט איינינע מינוט.

— לאזט אראפ א באָאט! האט ער פלוצלונג א געשריי געטהאן.

אין א מינוט איז געשוואומען דאס באָאט פֿון „דונקאן" אין וואסער. ראבערט איז געוועזן דער ערשטער זיך אראפצולאזען אין באָאט. נאך איהם האט זיך אראפגעלאזען קאפיטאן פֿארראגוט. ער האט געטראגען אויף דיא הענד מערי גראנט. נאך איהם האבען זיך אראפגעלאזען לארד גלענארוואן, דער מאיאָר, דער פראפֿעסאר און זעקס שטארקע מאטראזען.

דיא מאטראזען זיינען אויך געוועזן זעהר אויפגערעגט. זיי האבען גערודערט מיט אזא קראפֿט, אז אין איינינע מינוט זיינען זיי צוגעקומען צום ברעג.

— מיין פֿאטער! האט מערי גראנט אויסגערופֿען. ליעבער פֿאטער!

אלע האבען זיך צוגעקוקט און האבען דערזעהן אויפ'ן ברעג שטעהן א מאן, וועלכער האט געמאכט מיט דיא הענד, גלייך וויא ער וואלט גערופֿען. לעבען איהם זיינען געשטאַנען נאך צוויי מענער.

דיא קינדער האבען זיך ניט אפגענאַררט. דאס איז ווירקליך געוועזן זייער פֿאטער! — דאס איז געוועזן קאפיטאן גראנט!

קאפיטאן גראנט האט געהערט זיין טאָכטערס געשריי. ער האט נאך א מאַל אויסגעשטרעקט דיא הענד און איז געפֿאַלען אין אהנמאַכט, ווען זיינע קינדער זיינען צוגעלאפֿען צו איהם.

21טעס קאפיטעל.

## קאפיטאן גראנט'ס געשיכטע.

פֿאר פֿרייד שטארבט מען ניט, זאגט אן אלטעס שפריכווארט. דער מענש איז דאס שוואכסטע פֿון אלע טהיערע און דאך קען ער איבערטראגען מעהר פֿון אלעמען. דיא פֿרייד פֿון'ם פֿאטער און זיינע קינדער, וואס זיי האבען זיך וויעדער געפֿונען, איז געוועזן אזוי גרויס, אז אלע דריי זיינען געפֿאלען אין אהנמאכט. דאס האט אבער געדויערט ניט לאנג. מען האט זיי באלד אויפגעמינטערט.

פֿאטער און קינדער האבען זיך וויעדער געהאלטען ארומגענומען, גלייך וויא זיי וואלטען געוועזען צוריקגעוואקסען. זיי האבען געקענט ארויפזאגען נור

איינציגע ווערטער. לארד גלענארוואן און זיינע בעגלייטער זיינען געוועזען אזוי גערירט פון דיעזער סצענע, אז זיי זיינען געשטאנען, וויא פערשטיינערט, און אלע, ליכטיגע טרערן פון פרייד און גליק האבען זיך געגאָסען פון זייערע אויגען.

— ווער זיינען דיעזע מענשען? האט ענדליך קאפיטאן גראנט קוים ארויסגערעדט.

ראבערט האט איהם דערצעהלט אין קורצע ווערטער, אז זיי זיינען געפאהרען איהם זוכען, ווייל זיי האבען געפונען זיינע בריעף אין א פלאש. ער איז נאך ניט געוועזען אים שטאנד צו דערצעהלען זייער גאנצע רייזע.

— וואס שטעהן מיר דא? האט לארד גלענארוואן אויסגערופען. לאמיר פאהרען אויפ'ן „דונקאן", דארט וועלען מיר צייט האבען צו רעדען און צו ערצעהלען.

דער מאיאר, קאפיטאן פארראגוט און דער פראפעסאר האבען גענומען קאפיטאן גראנט מיט זיינע קינדער און האבען זיי אריינגעזעצט אין באָט. זיי און לארד גלענארוואן זיינען נאך געשפרונגען און אין איינינע מינוטען ארום זיינען אלע געוועזען אויפ'ן „דונקאן".

ווער קען בעשרייבען דיא פרייד פון ליידי העלענא און פון אלע מאטראזען, ווען זיי האבען דערזעהן דעם קאפיטאן גראנט מיט זיינע קינדער אויפ'ן דעק. דיא אלטע מאטראזען האבען געוויינט, וויא קינדער.

קוים איז קאפיטאן גראנט ארויפגעקומען אויפ'ן דעק פון'ם „דונקאן", איז ער געפאלען אויף דיא קניע, האט א קוש געטהאן דיא ברעטער פון'ם דעק און האט אויסגעשפרייט דיא הענד צום הימעל. איהם האט אויסגעוויעזען, אז דער דעק פון'ם „דונקאן" איז דיא ערד פון זיין פאטערלאַנד, פון זיין ליעבען שאטלאנד. דאן האט ער זיך געווענדעט צו לארד גלענארוואן און צו ליידי העלענא און האט זיי געדאנקט אין קורצע, אפגעבראכענע ווערטער פאר זייער גראסמוטה און פריינדשאפט. טרערין האבען איהם געווארגען. ער האט ניט געקענט פיעל רעדען.

ער האט זיך דאן געווענדעט צו יעדען פון דיא מאטראזען, האט יעדען געדריקט דיא האַנד און יעדען געדאנקט פאר זיין גראסמוטה. ער האט נאך ניט געוואוסט זייער גאנצע געשיכטע, ער האט אבער פערשטאנען, אז זיי האבען זעהר פיעל געליטען, איידער זיי האבען איהם געפונען.

ראבערט גראנט האט יעצט בעקאנט געמאכט זיין פאטער מיט זיינע פריינד. ער האט איהם פארגעשטעלט יעדען מאטראז בעזונדער און האט דערצעהלט, וויא גוט און וויא פריינדליך זיי זיינען געוועזען געגען איהם. ווען ער איז געקומען צו ליידי העלענא, איז ער געפאלען אויף דיא קניע און האט א קוש געטהאן דעם זוים פון איהר קלייד.

— פאטער! האט ער אויסגערופען, דיעזע פרוי איז א הייליגע! איהר אליין האבען מיר צו פערדאנקען, וואס מיר האבען דיך ענדליך געפונען.

יעצט האט מערי אנגעהויבען צו דערצעהלען איהר פאטער, וויא ליידי העלענא האט געליטען פון זייערט וועגען, וועלכע געפאהרען זיא איז אויסגעשטאנען און וויא זיא האט איהר שטענדיג געטרייסט און איהר געגעבען האפנונגען, אז זיי וועלען דאך געפינען זייער פאטער.

דיעזע ריהרענדע סצענע וואלט געדויערט שטונדען לאנג, ווען ליידי העלענא זאל זיא ניט געוועזען אונטערברעכען.

— איהר פערגעסט, קינדער, אז עס איז ציים צו פריהשטיקען, האט זיא געזאגט און האט אלעמען איינגעלאדען צו זיך אין זאל אויף א פריהשטיק.

מיסים אלבינעט האט געמאכט דעם בעסטען פריהשטיק, וואס זיא האט נור געקענט. לארד גלענארוואן האט געהייסען ארויסגעבען דיא בעסטע שאמפאניער וויינען, וועלכע ער האט אומיסטען אנגעגרייט פאר דעם פאל, ווען ער וועט געפינען קאפיטאן גראנט. זיי זיינען געלעגען פערפאקט אין קעסטלעך און מען האט זיי ביז אהער ניט אנגעריהרט.

פרעהליך, לוסטיג און פערגניגט איז פערגאנגען דער פריהשטיק. יעדער האט גערעדט, יעדער האט דערצעהלט פון זייער רייזע אין זיד אמעריקא, אין אויסטראליען און אין ניי זעעלאנד. ליידי העלענא האט אויסגעלויבט ראבערט גראנט און האט געזאגט זיין פאטער, אז ער האט זיי שוין אפגעצאהלט דאפעלט פאר זייער מיה און זייערע ליידען. זיא האט דערצעהלט, וויא ער האט זיי צוויי מאל געראטעוועט דאס לעבען.

ווען מען האט אפגערעדט פון ראבערטען, האט מען אנגעהויבען צו רעדען פון מערי. ליידי העלענא האט שטילערהייט דערצעהלט קאפיטאן גראנט, אז קאפיטאן פארראגוט איז אין יאהר פערליעבט און ער האט שוין מיט איהר גערעדט, אז ער וויל זיא הייראטהען.

קאפיטאן גראנט האט צוגערופען זיין טאכטער, האט זיא צוגעפרעסט צו זיין ברוסט און האט איהר געזאגט, אז ער איז העכסט גליקליך, וואס זיא האט אויסגעפונען אזא גוטען מענשען, וויא קאפיטאן פארראגוט. דאן האט ער צוגערופען קאפיטאן פארראגוט און האט פעראייניגט זיין האנד מיט מעריס.

— זייט גליקליך, מיינע קינדער! זיינען געוועזען דיא איינציגע ווערטער, וואס ער האט זיי געקענט זאגען.

מען האט זיך ניט אומגעקוקט, וויא דער טאג איז פערגאנגען. אלע זיינען געוועזען פרעהליך, אלע זיינען געוועזען גליקליך. בעזאנדערס אינטערעסאנט איז געוועזען דיא סצענע, ווען ראבערט האט פארגעשטעלט פאר זיין פאטער דעם פראפעסאר פאגאנעל. קאפיטאן גראנט האט אמאל געהערט פון'ם בעריהמטען פראנצויזישען געלערנטען. ער האט געלעזען איינינע פון זיינע ווערקע. ער האט איהם אבער ניט געקענט.

דער מאיאר איז צוגעקומען און האט אנגעהויבען אויסצולויבען דעם פראפעסאר מיט זיינע פעהלער, וואס ער האט שטענדיג געמאכט. קאפיטאן גראנט איז געוועזען אן ערנסטער מענש. ער האט ניט געלאכט פון'ם פראפעסאר. ער האט

געזאגט, אז אין אלע זיינע פעהלער זעהט ער א ווינק פון א העכערע מאכט, וועלכע האט געפיהרט אלעס צום גוטען.

דער פראפעסאר האט זיך ניט געשעהמט מיט זיינע פעהלער.

— אזוי בין איך שוין, האט ער געזאגט. איך וועל שוין בעסער ניט ווערן. מיר איז שוין בעשעערט צו מאכען פעהלער אויף דער וועלט. איך ווינש, אז אלע פעהלער, וואס איך וועל אמאל מאכען, זאלען אזוי פיהרען צום גוטען, וויא דיא פעהלער, וואס איך האב געמאכט, זייט איך בין געקומען אויפ'ן „דונקאן".

קאפיטאן גראנט האט אבער געפאכט צום פראפעסאר. קוים האבען זיי זיך בעקענט, זיינען זיי געווארען דיא בעסטע פריינד, גלייך וויא זיי וואלטען אויפגעוואקסען צוזאמען. זיי האבען זיך פערשטאנען אויפ'ן ווינק.

ביז שפעט אין דער נאכט איז מען געזעסען אויפ'ן דעק און מען האט גערעדט און דערצעהלט איינער דעם אנדערן פון זייערע רייזען. ווען עס איז שוין געווארען שפעט און מען האט זיך געדארפט צוגעהן שלאפען, האט לארד גלענארוואן דערצעהלט דעם קאפיטאן גראנט דיא געשיכטע פון אייערטאנען. ביי דיזען נאמען איז קאפיטאן גראנט געווארען ערנסט. א פינסטערער וואלקען האט בעדעקט זיין געזיכט.

— וואס ער האט אייך דערצעהלט, אז איך האב איהם ארויסגעזעצט אין אויסטראליען, איז ריכטיג, האט ער געזאגט שטילערהייט.

מעהר האט ער ניט געוואלט רעדען פון אייערטאנען. עס איז געווען דייטליך, אז ער ווייס פון איהם פיעל מעהר, ער האט אבער ניט געוואלט רעדען פון איהם. צווישען דיזע צוויי מענשען איז עפעס געווען א געהיימניס, וועלכעביידע האבען ניט געוואלט אויסזאגען.

קאפיטאן גראנט האט געבעטען לארד גלענארוואן, ער זאל צונויפרופען אלעמען. לארד גלענארוואן האט א ווינק געטהאן צו א מאטראז, וועלכער האט אנגעהויבען צו קלינגען מיט'ן גרויסען גלאק פון'ם „דונקאן". אלע זיינען זיך צונויפגעקומען.

— מיינע הערען, האט קאפיטאן גראנט געזאגט, איהר האט מיר שוין דערצעהלט אלעס פון אייער רייזע. איך האב אייך נאך גאר ניט דערצעהלט. איך לאד איין אלעמען מארגען צו מיר אויף מיין אינזעל אויף מיטאג. איך וועל אייך וויזען מיין קעניגרייך, דעם ארט, וואו איך האב פערבראכט צוויי מיט א האלב יאהר. — מארגען אין דער פריה וועלען מיר אלע פאהרען אהין.

דער פראפעסאר האט געטאנצט פאר פרייד. ער וועט יעצט האבען דיא געלעגענהייט אויסצופארשען דיא אינזעל „מאריא טהערעזא", וועלכע איז נאך אזוי ווייניג בעקאנט.

מערי און ראבערט גראנט זיינען אויך געווען זעהר צופריעדען צו זעהן דיא וואוינונג פון זייער פאטער אויף אזא איינזאמער אינזעל, וויא דיא „מאריא טהערעזא".

ערשט יעצט האט זיך קאפיטאן גראנט אומגעקוקט, אז מען האט פערגעסען

מיטצונעהמען אויפֿ'ן „דונקאַן“ זיינע צוויי מאַטראַזען, וועלכע האבען זיך געריסען מיט איהם פֿון דער „בריטאַניא“ און וועלכע האבען געטהיילט מיט איהם פֿרייד און לייד. דאס האט איהם זעהר געקרענקט. דאס איז געווען אן אונרעכט. ליידער איז שוין יעצט געווען צו שפּעט צו נעהמען זיי אויפֿ'ן „דונקאַן“.

— זיי שלאפֿען שוין געוויס, האט ער געזאגט. אויף דער אינזעל איז פֿינסטער.

— איך בין זיכער, אז עס הארט זיי ניט, האט דער מאַיאָר געזאגט. זיי וויסען געוויס, אז מען וועט זיי ניט איבערלאזען אויפֿ'ן אינזעל.

עס איז געווען נאך איינס אוהר, ווען אלע זיינען זיך צוגאנגען אין זייערע קאַיוטען שלאפֿען. גאנץ פֿריה זיינען שוין אלע געווען אויפֿ'ן דעק. יעדער איז געווען נייגיעריג צו זעהן, וואס עס טהוט זיך אויף דער מאַריא טהערעזא.

נעגען אכט אוהר האט לארד גלענארוואן געהייסען אראפּלאזען א באָאָט. אלע האבען זיך אריינגעזעצט און זיינען געפֿאהרען צו קאַפּיטאן גראַנט'ס הויפּט קוואַרטיר. אויפֿ'ן „דונקאַן“ זיינען געבליעבען נור איינינע מאַטראָזען צו האלטען דיא וואַך. אין איינינע מינוט איז מען געווען אויף דער אינזעל.

קאַפּיטאן גראַנט'ס קעניגרייך איז ניט געווען גרויס. אין איינינע שטונדען האט מען געקענט דורכגעהן דיא גאנצע אינזעל אין דער ברייט. אין א טאג האט מען זיא געקענט דורכגעהן אין דער לענג. דאס איז געווען א גרויסער שטיין, וועלכער האט ארויסגעשטעקט פֿון'ם מעער. עס האבען זיך געפֿונען אויף איהר קליינע בערגלעך, בעדעקט מיט אַ ניט גאנץ דיקען פֿאַך ערד. אונטען, ווען מען האט געגראבען א פֿוס דיא טיעף, איז מען געקומען צו א הארטען שטיין, וועלכער הייסט באַזאַלט.

איינינע שיפֿען זיינען אין געוויסע צייטען צוגעקומען צו דיעזער אינזעל און האבען איבערגעלאזען ציעגען און שווינע. דיא שיפֿען, וועלכע פֿאהרען צו חאַפּען וואלפֿישען טהוען עס זעהר אפֿט. זיי טהוען עס ניט פֿאר פֿרומקייט און ניט פֿאר גוטסקייט, זיי טהוען עס צוליעב זייער אייגענעם נוצען. א וואַלפֿיש פֿאנגער פֿערברענגט א מאל מאנאטען לאנג אויפֿ'ן מעער. עס לאזט זיך איהם אוים פראוויאנט. ער קומט דאן צו צו אזא אינזעל און חאפּט דיא ציעגען און דיא שווינע, וועלכע ער האט איבערגעלאזען מיט עטליכע יאהר צוריק. ער האט דאמאלס פֿערזעעט און קומט יעצט רייסען דיא פֿריכטע פֿון זיין גארטען.

אין אווארעמער געגענד, וואו עס איז דא גענוג גראז און וואסער, פֿערמעהרען זיך דיא ציעגען און דיא שווינע זעהר שטארק און זעהר שנעל.

קאַפּיטאן גראַנט האט צוגעפֿיהרט זיינע געסט צו זיין הויז און האט זיי געבעטען זיצען אויף איינפֿאכע הילצערנע בענק, וועלכע ער האט אליין געמאכט אונטער דעם שאטען פֿון הויכע ביימער. ער האט באלד געבראכט געדייכערטע פֿלייש און מילך פֿון זיינע ציעגען, איינינע איינפֿאכע פֿריכטע און ריינעס, קאַלטעס וואסער. דאס איז געווען אלעס, מיט וואס ער האט געקענט אויפֿנעהמען זיינע געסט.

דער פּראָפעסאר איז געווען ענטציקט. ווי פיעל מאל האט ער געטרוימט צו לעבען אליין אויף א אינזעל, ווי ראָבינזאָן קרוזע! ער זעהט יעצט, אז עס איז מעגליך, אז מענשען קענען זיך זעהר גוט איינאָרדענען אויף אן איינזאַמער אינזעל.

— עס וועט איהם זיין דא גאַנץ גוט, דעם טויגעניכטס, דעם אייערטאָן! האט ער אויסגערופען. איך בענייד איהם. דאס איז גאר קיין שטראָפע ניט! אויף אזא אינזעל איז זעהר גוט צו וואוינען. דיעזע קליינע אינזעל איז דאך א פּאַראַדיז (גן עדן).

— עס איז ווירקליך א פאַראַדיז פאר אייניגע מענשען, וועלכע האבען געליטען שיפבּרוך און דאס אונגליק האט זיי פערוואָרפען אויף דיעזע אינזעל, האט קאפּיטאַן גראַנט געענטפערט. איך בעדויער נור, וואס עס איז אזוי קליין, עס האט ניט קיין טייך אין דער מיט און עס האט קיין גוטען פּארט.

— וואס וואלט דען געווען, ווען עס זאל זיין גרעסער? האט דער פּראָפעסאר געפרעגט.

— איך וואלט דא געגרינדעט א קאָלאָניע פון מיינע לאַנדס־לייט.

— אזוי, קאפּיטאַן גראַנט? האט לאָרד גלענאַרוואַן זיך אריינגעמישט. איהר האלט זיך נאך אלץ אן אייער פּלאן צו גרינדען א קאָלאָניע פון דיא אונטערטהאנען פון איהרער קעניגליכער מאַיעסטעט, דיא קעניגין וויקטאָריא. זיא וועט בייז זיין אויף אייך, וואס איהר וועט ביי איהר צונעהמען איהרע אונטערטהאנען.

— וואס זאל איך טהאן? האט קאפּיטאַן גראַנט געענטפערט ערנסט. איך קען מיין פאָטערלאַנד. איך ווייס, אז אין שאָטלאַנד זיינען דא טויזענדער פאַמיליען, וועלכע ליידען הונגער און נויט. דאס לאַנד איז ארים, עס קומען צו אלע מאל מעהר מענשען. מען מוז זוכען פאר זיי אנאנדער געגענד.

„דיא וועלט איז גרויס און רייך אָן לעבען איז דיא נאַטור" זינגט א דייטשער דיכטער. עס איז נאך דא גענוג פּלאַץ אויף דער וועלט פאר אלע מענשען. צו־וואס זאלען זיי ליעגען צונויפגעדרענגט און צונויפגעשפּארט, ווי היהנער אין א שטייג און ליידען הונגער און נויט, ווען עס איז דא אזוי פיעל גוטע, פרוכטבארע לענדער, וואו זיי קענען לעבען גליקליך?

— איהר האט רעכט, קאפּיטאַן, האט ליידי העלענא געזאגט. דאס איז ווירקליך א גוטער פּלאַן, א גרויסאַרטיגער פּלאַן. אין ענגלאַנד זיינען שוין דא צו פיעל מענשען. יעדער וויל עסען, יעדער וויל לעבען. עס הויבט זיך אן א שרעקליכער קאמפף. דער שטארקער שלאגט זיך נאך דורך. דער שוואכער מוז אונטערגעהן אין נויט און עלענד. אויף דיעזער אינזעל אבער —

— ניין, מאדאם, האט איהר קאפּיטאַן גראַנט אונטערבראָכען. דיעזע אינזעל איז צו קליין. דא קענען מיר בעזעצען נור אייניגע פאַמיליען. — מיר מוזען האבען א גרויס אינזעל, וואו טויזענדער פאַמיליען זאלען זיך קענען בעזעצען מיט א מאל. אזא ביישפּיעל שטעלט אונז פאר אמעריקא, וואו יעדער, וואס איז געקומען, האט געהאט גענוג פּלאַץ. זעלבסטפערשטענדליך, אז איך רעד פון

אמעריקא פֿון אמאָל, אין דיא ערשטע צייטען נאך דער ענטדעקונג, ניט פֿון דער איצטיגען אמעריקא, וואו מען פֿערקויפֿט שוין לאנד אויפֿ'ן לאַט.

— מיר האבען נאך צייט, קאפּיטאן גראַנט, האט לארד גלענארוואן געזאָגט. דיא צוקונפֿט איז אונזערע. איך וועל נאך פֿאהרען מיט אייך זוכען אזא אינזעל. איך האף, אז מיר וועלען עס געפֿינען.

— קאפּיטאן גראַנט! האט פלוצלונג אויסגערופֿען דער פּראָפֿעסאר. איהר האט דאך אונז צוגעזאגט צו דערצעהלען, וויא אזוי דיא „בריטאניא" איז אונטערגעגאנגען און וויא אזוי איהר האט פֿערבראכט צוויי מיט א האלב יאהר אויף דיעזער אינזעל.

— יא, קאפּיטאן, האט איהם דער מאיאר אונטערשטיצט. איך בין אויך נייגיעריג צו הערן, וויא אזוי עס האט מיט אייך פּאַסירט.

— יא, פֿאטער! האט ראבערט געבעטען, דערצעהל אונז אלעס. מיר האבען דיינע בריעף ניט געקענט פֿערשטעהן און מיר ווילען וויסען, וואס דוא האסט געמיינט מיט זיי.

— מיט פֿערגניגען, מיינע פֿריינד! האט קאפּיטאן גראַנט געזאגט. איך וועל אייך אלעס דערצעהלען מיט'ן גרעסטען פֿערגניגען.

אלע האבען זיך געזעצט אין א קרייז ארום איהם און ער האט אנגעהויבען צו דערצעהלען זיין געשיכטע.

— מיין געשיכטע, איז זעהר איינפֿאך. עס איז דיא געשיכטע פֿון אלע ראָבינזאָנ'ס, וועלכע האבען געהאט דאס אונגליק צו בלייבען אליין אויף אן אינזעל און צו וויסען, אז זיי האבען זיך אויף קיינעם ניט צו פֿערלאזען.

דעם 7טען יוני 1862 בין איך ארויסגעפֿאהרען פֿון קאַללאַאָ אין טשילי. דאס וועטער איז געוועזען שעהן און דיא „בריטאניא" איז געגאנגען גאנץ שנעל. איך בין געפֿאהרען אין זידליכען וועלט מעער, וואו עס געפֿינען זיך זעהר פֿיעל אינזלען, אין דער האפֿנונג, אז איך וועל דארט אויסגעפֿינען א גרויס אינזעל, וועלכע זאל פאסען פֿאר א קאלאניע.

דעם 20טען יוני האט זיך אויפֿגעהויבען א שרעקליכער שטורמווינד, וועלכער האט געדויערט זעקס טאג נאך אנאנד. דאס מעער האט ארומגעווארפֿען מיין „בריטאניא", וויא א שאלעכץ פֿון א נוס. איך האב געקעמפֿט, וויא וויט איך האב געקענט, דער שטורם אבער האט אראפּגעריסען דעם זעגעלבוים און מיט איהם דריי פֿון מיינע בעסטע מאטראזען. איך אליין און דיא איבעריגע זיינען שוין געוועזען אזוי שוואך פֿון דער לאנגער און שווערער ארבייט, אז מיר האבען זיך ניט געקענט ריהרען.

מיר האבען זיך געמוזט אונטערגעבען. מיר האבען געמוזט לאזען געהן דיא „בריטאניא", וואוהין דער ווינד וועט זיא טרייבען.

אין דער נאכט פֿונ'ם 26טען אויפֿ'ן 27טען יוני האט דער שטורם זיא ארויסגעווארפֿען אויף דיא שטיינער ניט וויט פֿון דער אינזעל מאריא טהערעזא. דער שטורם האט א שליידער געטהאן דיא „בריטאניא" מיט אזא מאכט, אז מיר זיינען

אלע אריינגעפֿאלען אין מעער. אלע זיינען דערטרונקען געווארען, נור איך מיט צוויי מאטראזען האבען אונז אנגעחאפט אן א שטיק האלץ און זיינען צוגעשוואומען, ריכטיגער געזאגט, דער ווינד האט אונז צוגעטריעבען צו דער אינזעל.

ביז אין טאג זיינען מיר געלעגען מיעד און מאט אויפ'ן ברעג. ווען עס איז טאג געווארען האבען מיר זיך אנגעהויבען ארומצוקוקען, וואו מיר זיינען אין דער וועלט. מיר האבען געזעהן, וויא דיא „בריטאניא" זיצט פֿעסט אויף א שטיין ניט ווייט און דיא וועללען (כוואליעס) שלאגען זיא פֿון אלע זייטען. איך האב געוואוסט, אז זיא וועט עס לאנג ניט אויסהאלטען. דיא וועללען (כוואליעס) וועלען זיא צו שלאגען אויף שטיקער.

איך מיט מיינע צוויי אונגליקס קאמעראדען האבען באלד אויסגעזוכט קלעצער און שטיקער האלץ, וועלכע דאס מעער האט צוגעשלאגען צום ברעג, מיר האבען זיי צונויפֿגעבונדען מיט שטריק, וועלכע מיר האבען געמאכט פֿון אונזערע קליידער און מיר האבען געמאכט אן ארט פלאט (פֿלאָס). אויף דיעזען פלאט זיינען מיר צוגעשוואומען צו דער „בריטאניא" און האבען פֿון איהר אראפּגענומען, וואס מיר האבען געקענט: אינסטרומענטען, פראוויאנט, זאַאמען (זריעה) פֿון ביימער און גראזען, קליידער, פולווער, קוילען און אלעס, וואס מיר האבען נור געקענט.

צוואנציג מאל זיינען מיר געפֿאהרען צו דער „בריטאניא" און יעדעס מאל האבען מיר געבראכט אויף דער אינזעל א פֿלאס מיט זאכען.

ענדליך האבען דיא וועללען צושלאגען דיא „בריטאניא" אויף שטיקלעך. מיר זיינען ארומגעפֿאהרען אויף אונזער פֿלאס און האבען אויפֿגעפֿישט דיא ברעטער און דיא באלקענס פֿון דער „בריטאניא".

אונזער ערשטע ארבייט איז געווען זיך צו מאכען א הויז, אן ארט, וואו מיר זאלען קענען שיצען זיך און אונזערע זאכען פֿון רעגען און ווינד. פֿון דיא ברעטער און באלקענס פֿון דער „בריטאניא" האבען מיר אויפֿגעשטעלט א געצעלט. מיר האבען עס גערופֿען א הויז.

ווען אונזערע זאכען זיינען געווען זיכער, האבען מיר אנגעהויבען אויסצופֿארשען דיא אינזעל. זיא איז דאמאלס געווען זעהר טרויעריג. אין ערטער זיינען געווען וועלדלעך, אין אנדערע ערטער זיינען גרויסע שטרעקען געווען בעדעקט מיט ווילדע גראזען און מיט ווילדע בלומען — זאכען, וואס מען קען ניט געברויכען אלס שפייז. אונזער גליק איז געווען, וואס אויף דער אינזעל זיינען געווען פֿיעלע ווילדע ציעגען און אין מעער ארום געפֿינען זיך זעהר פיעל פֿיש און אנדערע מעער טהיערע.

מיר זיינען אונגערן געווארען יעגערס און פֿישע'ס. — וואס דען האבען מיר געקענט טהאן?

ווען מיר האבען זיך אביסעל צוגעוואינט צו אונזער נייער היימאטה, זיינען מיר נעווארען פֿארמערס. מיר האבען אנגעהויבען צו בעארבייטען דיא ערד. מיר

האבען געארבייט זעהר שווער, האבען צוגראבען גרויסע שטרעקען לאנד און האבען געזעעט דיא זאאמען (זריעה), וועלכע מיר האבען גערעטעט פון דער „בריטאניא“: קארטאפעל, ארבים, באהנען און אנדערע גארטען פריכטע. מיר האבען געחאפט איינינע יונגע ציעגען און האבען זיי באלד צוגעוואינט צו זיך. אין א קורצע צייט האבען מיר געהאט מילך און בוטער.

מיר האבען שפעטער אויסגעבויט א הויז פון דיא ברעטער פון דער „בריטאניא“ און פון איינינע ביימער, וועלכע מיר האבען אויסגעהאקט.

אויף דער אינזעל איז ווארם, קיין ווינטער איז ניטא, דערפאר אבער איז דא דיא רעגענצייט. דריי מאנאטע נאך אנאנד רעגענט עס אונאויפהערליך. אונזער הויז האט אונז געשיצט פון׳ם רעגען. מיר פלעגען דא איבערזיצען דורך דיא נעכט און רעדען און מאכען פלאנען, וויא אזוי צו גרינדען א קאלאניע פאר מיינע לאנדס לייט.

איינינע מאל האב איך מיך ענטשלאסען צו בויען א באאט און צו פאהרען אהיים. ווען איך האב מיך אבער בערעכענט, אז דאס נאהענטסטע לאנד פון מיין אינזעל איז ווייט 1500 מייל פון איהר, האב איך מיך געמוזט אפזאגען פון מיין פלאן. א באאט קען אזא לאנגע רייזע ניט אויסהאלטען. איך האב געמוזט בלייבען אויף מיין אינזעל און ווארטען, עס זאל מיר קומען הילף פון ערגעץ אנדערש.

אין דער צייט, וואס איך בין געווען אויף דער אינזעל זיינען נור דריי מאל פאראיבער געפאהרען שיפען. איך און מיינע מאטראזען האבען געמאכט צייכענס, געשריען, געמאכט פייער און אויסגעטראכט אלע מעגליכע מיטעל, מען זאל אונז בעמערקען. — מען האט אונז אבער ניט בעמערקט. דיא שיפען זיינען געווען צו ווייט פון אונז.

וואס מיר האבען געפיהלט יעדעס מאל, ווען מיר האבען דערזעהן, אז דאס שיף פאהרט אוועק און האט אונז ניט דערזעהן, קען איך אייך ניט איבערגעבען. מיר שיינט, אז קיין ערגערע ליידען קען שוין גאר אויף דער וועלט ניט זיין.

איהר קענט אייך לייכט פארשטעלען, וויא אויפגערעגט איך בין געווען נעכטען אין דער פריה, ווען איך האב דערזעהן פון דער וויטענס דעם רויך פון׳ם „דונקאן“. איך בין גראדע געשטאנען אויף א בערגעל און האב איהם דער ערשטער דערזעהן. עס איז אבער נאך געווען אזוי ווייט, אז איהר וואלט געוויס ניט בעמערקט מיינע צייכענס. — וואס טהוט מען?

א גאנצען טאג זיינען מיר ארומגעלאפען, וויא דיא וואהנזיניגע. מיר זעהן א שיף, אונז דאכט זיך, אז זיא געהט אין אונזער זייט, אבער ווער וויים, אויב זיא וועט צוקומען צו דער אינזעל? — וואס האט זיא צו טהאן אויף דער אינזעל? צו וועלכען צוועק זאל זיא צוקומען צו דער אינזעל?

מיר האבען צולעגט פייערן. איך האב צו לעגט א פייער אויפ׳ן בערגעל, וואו איך האב אייך צו ערשט דערזעהן, מיינע מאטראזען האבען צו לעגט א פייער אין אנאנד׳ער ארט. מיר האבען געזעהן, אז דער „דונקאן“ געהט זעהר לאנגזאם. מיר האבען אבער דאך ניט געוואוסט, אויב איהר געהט צו אונז. — פריהייט,

רעטונג איז געווען פֿאר אונזערע אויגען און מיר האבען זיי דאך ניט געקענט דערגרייכען!

עס איז געווארען שפעט ביי נאכט. איהר האט ניט געענטפערט אויף אונזערע צייכענס. איך בין געווען פֿערצווייפֿעלט. א שיף איז אזוי נאהענט און בעמערקט מיך דאך ניט. שפעט ביי נאכט האב איך מיך אויסגעטהאן און בין אריינגעשפרונגען אין וואסער. איך בין א גוטער שווימער און האב געהאפֿט, איך זאל צו שווימען צום „דונקאַן". איך בין שוין געווען גאר ניט ווייט. פלוצלונג האט דער „דונקאן" אנגעהויבען צו געהן צוריק. אין דער גרעסטער פֿערצווייפֿלונג האב איך אנגעהויבען צו שרייען:

— קומט! קומט צו מיר!

אבער קיינער, אויסער מיינע קינדער, האט ניט געהערט מיין געשריי. איך האב שוין קיין קראפֿט ניט געהאט ווייטער צו שווימען. מיעד, מאַט און צובראכען בין איך געשוואומען צוריק. האלב טויט פֿאר מיעדיגקייט האבען מיך מיינע מאטראזען ארויסגעשלעפט פֿון וואסער. איך בין איבערגעלעגען דיא נאכט אין דער גרעסטער אויפֿרעגונג. איך בין ניט געשלאָפֿען, איך האב מיך אבער ניט געקענט ריהרען. אין דער פֿריה בין איך ווידער אויפֿגעשטאנען און האב גענומען דעם אלטען ענגלישען פֿלאג אין דיא הענד. איך בין ארויפֿגעקראכען אויפֿ'ן בערגעל און האב געפֿאכט מיט'ן פֿלאג. איהר האט עס אבער אויך ניט געזעהן.

ענדליך האבען מיר דערזעהן, אז איהר לאזט אראפ א באָט. — מיר זיינען גערעטעט! — ענדליך קומען דאך צו אונז מענשען. ענדליך וועלען מיר דאך אויסגעלעזט ווערן פֿון אונזער געפֿענגניס.

וויא גוט עס איז אונז געווען אויף דער אינזעל, זיינען מיר דאך געווען געפֿאנגען, ווייט פֿון גאט און פֿון מענשען. דער מענש מוז לעבען צווישען מענשען. זיין אליין איז דיא גרעסטע פלאגע, וואס עס קען נור געבען אויף דער וועלט.

מיר זיינען אראפגעלאָפֿען צום ברעג אייך ענטגעגען. איך האב אויסגעשטרעקט דיא הענד צו בעגריסען מענשען און דיא ערשטע זיינען געווען — מיינע קינדער. נאך אזא אויפֿרעגונג, נאך אזא פרייד איז קיין וואונדער ניט, וואס איך בין געפֿאלען אין אהנמאכט.

דאס איז געווען דיא גאנצע געשיכטע פֿון קאפיטאן גראנט. ראבערט און מערי האבען ארומגענומען זייער פֿאטער און האבען איהם געקושט.

מען האט ווייטער גערעדט פֿון פֿערשיעדענע זאכען. יעדער האט געוואלט זעהן, וואו קאפיטאן גראנט האט געוואינט און בעטראכטען דאס לאנד, וואס ער האט בעארבייטעט. מען האט געוואוסט, אז אויף דער „בריטאניא" זיינען ניט געווען קיין אינסטרומענטען, מיט וואס צו בעארבייטען דיא ערד. קאפיטאן גראנט און זיינע מאטראזען האבען געמוזט גראבען דיא ערד מיט געוועהנליכע אינסטרומענטען: א האַק און א שפּאַטען (לאפעטע) דאס איז ניט אזוי לייכט.

קאפיטאן גראנט האט זיי ארומגעפֿיהרט אין זיין קעניגרייך און האט זיי

אויסגעוויעזען, וואס ער האט געמאכט פון דיעזער פערוואָרפענער און וויסטער אינזעל. ער האט געפלאנצט ביימער און זיי האבען זיך זעהר גוט אנגענומען. זיי זיינען נאך יעצט געוועזען יונג און ער האט פון זיי אפגעריסען דיא בליטהע (צוויט). ער האט געוואוסט, אז ווען מען לאזט ניט בליהען א יונג ביימעלע, וואקסט עס בעסער און ברענגט דער נאך מעהר פריכטע.

דיא גאנצע צייט, וואס קאפיטאן גראנט האט דערצעהלט זיין געשיכטע, האט זיך דער פראפעסאר ניט אפגערופען א ווארט. ליידי העלענא און דער מאיאר האבען עס ניט געקענט פערשטעהן, וויא קומט עס, וואס דער פראפעסאר, וועלכער האט שטענדיג ליעב צו רעדען און צו דערצעהלען, זאל אזוי לאנג שווייגען.

ער איז געוועזען פערטראכט. זיינע געדאנקען זיינען געוועזען מיט עפעס בעשעפטיגט. — ער האט געטראכט און געקלערט, וויא עס קומט, וואס אין דיא בריעף פון קאפיטאן גראנט, וועלכע זיי האבען געפונען אין פלאש, איז ניטא קייןווינק, אז ער געפינט זיך אויף דער אינזעל מאריא טהערעזא.

ענדליך האט ער זיך דאך ניט געקענט איינהאלטען. ער האט אנגענומען קאפיטאן גראנט ביי דער האנד און האט איהם געפרעגט:

— קאפיטאן גראנט, קענט איהר מיר ניט ערקלערן, וואס האט איהר אייגענטליך אנגעשריעבען אין אייערע בריעף? — מיר האבען זיך געבראכען דעם קאפ איבער זיי, האבען געמאכט אן אומזיסטע רייזע אין זיד אמעריקא, אויסטראליען און ניי זעעלאנד, זיינען אויסגעשטאנען אלערליי געפאהרען — און ביז יעצט בין איך ניט אים שטאנד צו ערקלערן אייערע בריעף.

אלע זיינען געווארען נייגיעריג צו הערן ענדליך דיא ריכטיגע ערקלערונג פון דיא בריעף. אין דער גאנצער צייט פון זייער רייזע האט יעדער בעזונדער געזוכט אן ערקלערונג און קיינער האט ניט געפונען. יעצט האט יעדער געוואלט וויסען דאס רעטעניש.

— געדענקט איהר, וואס איהר האט געשריעבען אין אייערע בריעף? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— איך געדענק זעהר גוט, האט קאפיטאן גראנט געענטפערט. — איך האב מיך גוט איבערלעגט, וואס איך זאל שרייבען און האב עס געשריעבען ניט איין מאל. מיר האבען געקענט רעטען פון דער „בריטאניא“ נור צעהן פלעשער. אין פינף פלעשער האב איך אריינגעלעגט בריעף, האב זיי פערקארקט, וויא איך האב געקענט און האב זיי אריינגעווארפען אין מעער.

— אלזא, קענט איהר אונז זאגען, וואס אין דיא בריעף איז געשטאנען?

— איך קען עס אייך זאגען, ווייל איך געדענק יעדעס ווארט. איך האב אבער געשריעבען מיינע בריעף אין פערשיעדענע שפראכען. —

— איז דען אין יעדער שפראכע געשטאנען עטוואס אנדערש?

— אין אלע בריעף איז געשטאנען דאסזעלבע, נור יעדער בריעף איז גע-וען געשריעבען אין אנאנדער שפראכע.

— אלזא, זאגט אונז, וואס האט איהר געשריעבען אין אייער פראנצויזישען בריעף, האט דער פראפעסאר געבעטען. — איך אינטערעסיר מיך זעהר צו וויסען וואס עס איז געשטאנען אין פראנצויזישען בריעף אוים פערשיעדענע אורזאכען. ערשטענס, בין איך א פראנצויז. פראנצויזיש איז מיין מוטער שפראכע. איך פערשטעה זיא דאך בעסער פון אלע אנדערע שפראכען. צווייטענס, איז דאס וואסער פונ'ם מעער געוועזען אזוי העפליך געגען דיא פראנצויזישע שפראכע, אז דער פראנצויזישער בריעף איז געוועזען דייטליכער פון אלעמען. אין דייטשען בריעף איז גאר ניט געשטאנען. דאס מעער האט אויך פיינט דיא דייטשען. וואהרשיינליך, איז דא וואס פיינט צו האבען. — דריטענס, ווייל דער פראנצויזישער בריעף האט אונז אייגענטליך ארומגעפיהרט ארום דער וועלט.

— גוט! האט קאפיטאן גראנט געזאגט. איך וועל אייך איבערזאגען ווארט פאר ווארט, וואס איך האב געשריעבען אין מיין פראנצויזישען בריעף.

„דעם 27טען יוני 1862 איז דיא שיף מיט דריי זעגעלבוימער מיט'ן נאמען „בריטאניא“, אונטערגעגאנגען אין זידליכען וועלט מעער, פופצעהן הונדערט מייל וויים פון פ א ט א ג א נ י ע ן. קאפיטאן גראנט און צוויי מאטראזען האבען זיך געראטעוועט אויף דער אינזעל טאבאר. זיי געפינען זיך אין דער נויט און האבען אריינגעווארפען דיעזע דאקומענטען אין וואסער. אויפ'ן 37טען גראד דיא ברייט און 153 גראד דיא לענג פון דער ערד. — קומט זיי העלפען, ווען ניט, זיינען זיי פערלארען.“

ווען דער פראפעסאר האט דערהערט, וויא קאפיטאן גראנט לעזט: אויף דער אינזעל טאבאר, איז ער אויפגעשפרונגען, וויא א וואהנזיניגער.

— וואס הייסט דאס? האט ער אויסגערופען. איהר האט געשריעבען, אז איהר האט זיך געראטעוועט אויף דער אינזעל טאבאר, איהר האט זיך דאך געראטעוועט אויף דער אינזעל מאריא טהערעזא?

— איהר האט פאלקאמען רעכט, פראפעסאר פאגאנעל, האט קאפיטאן גראנט געענטפערט. אויף דיא דייטשע און ענגלישע לאנדקארטען הייסט דיעזע אינזעל מאריא טהערעזא נאך דער עסטרייכישער קייזערין מאריא טהערעזא. אויף דיא פראנצויזישע לאנדקארטען אבער הייסט זיא „טאבאר“. פראנקרייך איז געוועזען מיט עסטרייך אין קריעג און דיא פראנצויזען האבען ניט געוואלט א נאמען געבען דיא אינזעל נאך אן עסטרייכישער קייזערין.

איך האב געשריעבען אין פראנצויזישען בריעף דעם פראנצויזישען נאמען „טאבאר“ און אין דעם ענגלישען און דייטשען בריעף האב איך געשריעבען מאריא טהערעזא.

אין דיעזע מינוט האט זיך א שווערע האנד אניעדערגעלעגט אויפ'ן פראפעסארס פלייצע און א פעטע באס שטימע האט געזאגט:

— א שעהנער פראפעסאר! ער איז אליין א פראנצויז און א פראפעסאר פון געאגראפיע אין פאריזער אוניווערזיטעט און ווייס ניט, אז דיעזע אינזעל הייסט אויף פראנצויזיש טאבאר! — הא! הא! הא!

דאס איז געווען דער מאיאר. ער האט שטענדיג בענוצט יעדע געלעגענהייט צו רייצען זיך מיט׳ן פראפעסאר. ער האט זיך יעצט געהאלטען ביי דיא זייטען פאר געלעכטער. דיא אנדערע האבען נור געשמייכעלט.

דער פראפעסאר אליין איז אויך געווען זעהר א׳בעררא‍שט, ווען ער האט איינגעזעהן, וואס פאר א גראבען פעהלער ער האט דא געמאכט. אין פראנצויזישען בריעף איז געשטאנען דייטליך דאס ווארט abor. ער האט גערארפט זיך דערמאנען, אז עס איז דא אן אינזעל Tabor. ער האט אבער ביז אהער אלץ ערקלערט, אז דאס ווארט abor מיינט aborder — ארויסגעהן אויפ׳ן לאנד. — ער האט פערגעסען, אז אויפ׳ן „דונקאן" זיינען געווען נור ענגלישע לאנדקארטען, וואו דיעזע אינזעל הייסט מאריא טהערעזא. יעדעס מאל, ווען לארד גלענארוואן און דיא אנדערע האבען זיך בעראטהען מיט איהם, פלעגען זיי זוכען און קוקען אין דיא ענגלישע לאנדקארטען. דאדורך האט ער אין גאנצען פערגעסען, אז אויף פראנצויזיש הייסט דיא אינזעל אנדערש.

— ניין! האט ער אויסגערופען פערצווייפעלט. איך האב ניט געטארט מאכען אזא פעהלער!

ער איז ארומגעלאפען, וויא א וואהנזיניגער און האט זיך געריסען דיא האר פונ׳ם קאפ.

— איך האב ניט געטארט פערגעסען, אז עס זיינען דא פיעלע אינזלען, וואס האבען צו צוויי און צו דריי נאמען! איך, א פראפעסאר פון געאגראפיע האב עס גערארפט וויסען! — עס איז א שאנדע פאר מיר. איך וועל מיך שעהמען צו ווייזען אין פאריז!

ער האט זיך ווירקליך געשעהמט אויפצוהויבען דיא אויגען.

— בערוהיגט אייך, פראפעסאר! האט ליידי העלענא געבעטען. א מענש קען דאך א מאל מאכען א פעהלער. וואס איז אזעלכעס? א מענש קען פערגעסען!

— ניין, מאדאם! האט דער פראפעסאר אויסגעשריען. איך בין ניט קיין פראפעסאר. איך בין אן עזעל! —

— און זאגאר ניט קיין געלערנטער עזעל, האט דער מאיאר צוגעלעגט א ווארט אום איהם אביסעל צו טרייסטען.

לארד גלענארוואן האט אנגענומען דעם מאיאר ביי דער האנד און האט איהם געגעבען א צייכען, ער זאל שווייגען. ער האט מיטלייד געהאט מיט׳ן ארימען פראפעסאר, וועלכען עס האט אזוי געקרענקט, וואס ער האט פערגעסען אזא קלייניגקייט.

— יעצט, פערשטעהן מיר ערשט דיא בריעף, האט ער גענאגט אום צו רעדען פון עפעס אנדערש. ליידי העלענא האט ווירקליך דערראטהען, אז דאס ווארט agonie מיינט מען פאמאגאניען. דער פראפעסאר האט גוט ערקלערט דאס ווארט indigence, אנדערן ניט. עלענד. מען מיינט ניט אינדיאנער, אז מען ind. ...

האט אלעס ערקלערט, אלעס פערשטאנען און דאך האט מען ניט געקענט וויסען, וואו דיא „בריטאניא" האט געליטען שיפבּרוך.

אזוי זיינען מיר שוין מענשען. מיר מיינען, אז מיר קענען אלעס, אז מיר פערשטעהן און ווייסען; ווען עס קומט צו עפּעס וויכטיגעס, זעהן מיר, אז מיר ווייסען גאר נישט.

מען האט נאך גערעדט פון פערשיעדענע זאכען, ביז צוויי אוהר נאכמיטאג, ווען לארד גלענארוואן האט ערקלערט, אז עס איז צייט צו פאהרען צוריק אויפ'ן „דונקאן".

— איך מיין, אז מיר קענען נאך היינט אנהויבען אונזער רייזע אהיים, האט ער געזאגט. וואס ווילען מיר דא אויסזיצען?

אלע האבען זיך אויפגעהויבען. קאפּיטאן גראנט און זיינע מאטראזען האבען געמאכט אן ארדנונג אין זייער הויז. דיא מאטראזען האבען געוואלט מיטנעהמען איינינע זאכען פון דער אינזעל. קאפּיטאן גראנט אבער האט זיי ניט דערלאזען.

— איהר פערגעסט, אז מיר לאזען איבער א מענשען אויף דער אינזעל. אויב ער איז שולדיג אדער אונשולדיג, איז אנאנדערע פראגע. ער איז אבער א מענש, לאז ער האבען אלע אינסטרומענטען און אלע זאכען, וועלכע זיינען אונז אזוי צוניץ געקומען.

באלד האבען זיך אלע ווידער אריינגעזעצט אין באט און זיינען געפאהרען צום „דונקאן". קאפּיטאן גראנט האט אלץ געקוקט אויף דיא אינזעל. ער האט פון איהר אבשיעד גענומען. אין דער לעצטער מינוט, ווען ער האט געפיהלט, אז ער פאהרט שוין פון איהר אוועק אויף אייביג, האט עס איהם פארקלעמט ביים הארצען.

מען דערצעהלט, אז ארעסטאנטען, וועלכע זיצען אוועק יאהרענלאנג אין א געפענגניס, פיהלען זיך זעהר שלעכט, ווען מען לאזט זיי ארויס. עטליכע טאג נאך דעם געהן זיי ארום זייער געפענגניס, גלייך וויא עס וואלט זיי באנק געטהאן אוועקצוגעהן פון דארט.

קוים איז מען אנגעקומען אויפ'ן „דונקאן", האט לארד גלענארוואן געהייסען ארויפברענגען אייערטאנען. ווען מען האט איהם ארויפגעבראכט פון זיין קאיוטע, איז ער געראדע אויסגעקומען אנגעזיכט געגען אנגעזיכט מיט קאפּיטאן גראנט.

— איך בין עס, אייערטאן! האט קאפּיטאן גראנט געזאגט רוהיג.

— איך זעה, אז איהר זייט עס, קאפּיטאן, האט אייערטאן געענטפערט קאלטבלוטיג, וויא מען רעדט צו אן אלטען בעקאנטען. — יא, עס טהוט מיר ניט לייד, וואס איך זעה אייך ווידער פריש און געזונד.

— וויא עס ווייזט אויס, האב איך געמאכט א פעהלער, וואס איך האב דיך ארויסגעזעצט אויף אן אונבעוואוינטען ברעג אין אויסטראליען, האט קאפּיטאן גראנט ווייטער געזאגט.

— עס ווייזט אויס אזוי, האט אייערטאן געענטפערט אין רעטזעלבען טאן.

— איך לאז דיר איבער מיין הויז און מיין גארטען אויף דיעזער אינזעל. איך האף, אז דא וועסט דוא צייט האבען צו דענקען, אז דוא האסט געפיהרט א שלעכטעס און ווילדעס לעבען.

— געוויס, וועל איך צייט האבען.

יעצט איז צוגעקומען לארד גלענארוואן. ער האט זיך געווענדעט צו אייערטאנען און האט איהם געפרעגט:

— ווילסט דוא נאך אלץ בלייבען אליין אויף אן אינזעל?

— יא, מילארד.

— ווילסט דוא בלייבען אויף דער אינזעל מאריא טהערעזא?

יא, מילארד.

— אלזא, הער מיך אויס, אייערטאן, האט לארד גלענארוואן געזאגט ערנסט און שטרענג. — דוא בלייבסט דא גאנץ אליין, ווייט פון מענשען, ווייט פון יעדער פערבינדונג מיט מענשען. דוא קענסט ניט האפען, אז עס וועט געשעהן א וואונדער, עס וועט צוקומען א שיף און וועט דיך ארויסנעהמען. — מיין אבער ניט, אז דוא ביסט דא פערלארען און פערגעסען. — דוא ביסט עס ווערטה, איך קען אבער ניט אנדערש. איך וויים, וואו דוא ביסט און קען ניט פערגעסען אן דיר. — ביי דער ערשטער געלעגענהייט וועל איך דיך בעזוכען. מעגליך, אז איך וועל דיך אמאל צוריקנעהמען קיין ענגלאנד. זאלסט לעבען, וויא אלע מענשען. — מעגליך, אז איך וועל אמאל ארויסשיקען אהער עטליכע פאמיליען. —

— איך דאנק אייך, מילארד! האט אייערטאן געענטפערט.

דאס זיינען געוועזען דיא לעצטע ווערטער, וואס לארד גלענארוואן און אייערטאן האבען גערעדט מיט אנאנדער.

דאס באאט איז געשטאנען בערייט איהם אויפצונעהמען. לארד גלענארוואן האט געהייסען איהם ארויספיהרען אין באאט. מען האט פון איהם אראפגענומען דיא קייטען און מען האט איהם געהייסען זיך אראפלאזען אין באאט. לארד גלענארוואן האט ווייטער געהייסען איהם אראפלאזען אין באאט אייניגע קעסטליך מיט עסענווארג, מיט קליידער, מיט פולווער אין קוילען און זאגאר אייניגע ביכער. ער האט געוואלט, אז אייערטאן זאל פיהרען אויף זיין אינזעל א ניצליכעס לעבען.

אלע האבען זיך פערזאמעלט אויפין דעק זעהן, וויא אייערטאן וועט אוועקפאהרען אויף זיין אינזעל. אלע זיינען געוועזען גערירהט. וויא שלעכט אייערטאן איז געוועזען, האבען זיי דאך יעצט געפיהלט מיטלייד מיט איהם. — בלייבען איין מענש אליין אויף איין אונבעוואוינטע אינזעל, איז דאך ניט גאנץ אנגענעהם.

בעזאנדערס אויפגערעגט זיינען געוועזען דיא דאמען. ליידי העלענא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען.

— מוז עס זיין, עדווארד? האט זיא געפרעגט איהר מאן. — מוזט דוא איבערלאזען דיעזען אונגליקליכען דא?

— ליידער, מוז איך עס מהאן, העלענא, האט לארד גלענארוואן געענט־פערט טרויעריג. קאפיטאן גראנט האט איהם ארויסגעזעצט אין אויסטראליען, דוא האסט געזעהן, וואס ער האט דארט געטהאן.

קאפיטאן פאראגוט און פיער מאטראזען זיינען געשטאנען אין באָאט לעבען אייערטאנען. דיא מאטראזען האבען זיך אניעדערגעזעצט און האבען גענומען זייערע רודער אין דיא הענד. דאס באָאט האט זיך גערירט פון אָרט. אייערטאן איז דיא גאנצע צייט געשטאַנען. ווען דאס באאט האט אנגעהויבען צו געהן, האט ער אראפגענומען זיין הוט און האט זיך פערנייגט. אלע אויפ׳ן שיף האבען אראפגענומען זייערע היטע און האבען איהם געווינקען דעם לעצטען אדיע.

קוים איז דאס באָאט צוגעקומען צום ברעג פון דער אינזעל, איז אייערטאן ארויפגעשפרונגען אויף דיא אינזעל. דיא מאטראזען האבען ארויסגעטראגען דיא קאַסטענס מיט פראוויאַנט און מיט קליידער און האבען זיי ארויסגעשטעלט אויפ׳ן ברעג. קיינער האט ניט גערעדט א ווארט.

דאס באָאט איז באלד צוריק געפאהרען צום „דונקאַן“.

אויפ׳ן דעק פון „דונקאן“ זיינען אלע געשטאנען און האבען געקוקט אויף דיא אינזעל. זיי האבען געזעהן, וויא אייערטאן איז ארויסגעשפרונגען אויף דיא אינזעל; וויא ער איז ארויפגעקלעטערט אויף א הויכען שטיין, האט זיך אניעדערגעשטעלט גלייך, וויא א מארמאר זייל, האט פערלעגט דיא הענד אויפ׳ן הארצען און האט געקוקט אויף דעם „דונקאַן“.

קוים איז קאפיטאַן פאראגוט ארויפגעקומען אויפ׳ן דעק, האט ער געפרעגט לארד גלענערוואן.

— זאל איך הייסען פאהרען?

— געוויס! האט לארד גלענארוואן געענטפערט האַסטיג.

ער איז געווען זעהר אויפגערעגט. עס האט איהם וועה געטהאן, וואס ער האט געמוזט לאזען א מענשען גאנץ אליין אויף א אינזעל.

— פארווערטס! האט קאמאנדירט קאפיטאן פאראגוט.

דער קוימען פון „דונקאן“ האט אנגעהויבען ארויסצולאזען א געדיכטען שווארצען רויך. דיא שרויבע האט אנגעהויבען צו שניידען דיא וואסערן פון׳ם וועלט מעער. שנעלער און שנעלער האט זיך דער „דונקאַן“ געגליטשט אויף דיא וואסערן. אין א קורצע צייט ארום איז דיא אינזעל מאריא טהערעזא אדער טאַבאָר פערשוואונדען און אונזערע רייזענדע האבען ווידער געזעהן פאר זיך נור הימעל און וואסער.

22טעם קאפיטעל.

## דעם פראפעסאר׳ס לעצטער פעהלער.

דאס וועטער איז געווען שעהן און וואַרם. אלע זיינען געווען אויפ׳ן דעק. לארד גלענארוואן האט זיך בעראטהען מיט קאפיטאן גראנט, אויף וואס פאר א וועג זיי זאלען פאהרען אהיים.

— ווען מיר פאהרען יעצט קיין אמעריקא, וועלען מיר מאכען א רייזע ארום דער וועלט, האט ער געזאגט. ווען מיר פאהרען אבער צוריק איבער אויסטראַליען, וועט אונז פעהלען עטליכע הונדערט מייל צו א רייזע ארום דיא וועלט. — זאגט אייער מיינונג, קאפיטאן גראנט. אייך צו ליעב וועל איך פאהרען מעהר עטליכע הונדערט מייל.

— ניין, מילארד, האט קאפיטאן גראנט געענטפערט. מיר צו ליעב דארפט איהר ניט פאהרען ניט א האלבע מייל מעהר, וויא עס איז נעטהיג. דא האנדעלט זיך ניט וועגען מיר. איך בין גליקליך, וואס איך האב מיינע קינדער און בין בערייט צו פאהרען זאגאר צום זיד פאל. — יעצט, ווען איהר האט דערגרייכט דעם צוועק פון אייער רייזע, האנדעלט זיך עס, איהר זאלט ווירקליך מאכען א רייזע ארום דער וועלט.

— צו וועלכען צוועק זאלען מיר עס יעצט טהאן? האט לארד גלענארוואן געפרעגט.

— א רייזע ארום דיא וועלט איז וויכטיג פאר יעדען, האט קאפיטאן גראנט געענטפערט. — א רייזע ארום דיא וועלט איז וויכטיג פארן געלערנטען, ווייל אויף אזא רייזע האט ער דיא געלעגענהייט צו פערגלייכען, וואס ער האט געלערנט און געלעזען אין ביכער מיט דעם, וואס ער זעהט מיט דיא אויגען. וויא גוט א בוך זאל אונז ניט ערקלערן א זאך, מיר פערשטעהן עס דאך בעסער, ווען מיר זעהן עס מיט דיא אויגען. ווער עס האט ניט דורכגעלעבט א שטורם אויפ'ן מעער און האט אליין ניט געקעמפפט מיט דיא וועללען (כוואליעס), דער וועט איהם קיין מאָל ניט פערשטעהן. — דער געלערנטער לערנט ערשט אויף דער רייזע אלעס, וואס ער האט געלעזען אין דיא ביכער.

דיא גרעסטע געלערנטע, וויא הומבאלדט, דארווין, באנפלאן, האקסליי און אנדערע, האבען געמאכט לאנגע רייזען און האבען אנגעשריעבען זייערע בעריהמטע ווערקע ערשט, ווען זיי זיינען צוריק געקומען פון זייערע רייזען. —

א רייזע ארום דיא וועלט איז וויכטיג פארן קויפמאן. אויף דער רייזע לערנט ער, פון וואַנען זיינע וואארע קומען, וואו זיי ווערן געמאכט, וויא אזוי זיי ווערן געמאכט, וויא אזוי זיי ווערן פערפאַקט, וויא אזוי זיי ווערן פערשיקט און וויא אזוי זיי ווערן געברויכט.

א רייזע ארום דער וועלט איז וויכטיג פארן לאנדסמאן, פארן פארמער און פארן בויער. פון אזא רייזע לערנט ער, אז עס געפינען זיך אויף דער וועלט אנדערע גראזען, אנדערע פריכטע און אנדערע ווארצלען, וועלכע דער מענש קען געברויכען.

דער קאפע בוים האט אמאל — ערשט מיט א פאר הונדערט יאהר צוריק — געוואקסען נור אין אראביען. קיינער האט פון איהם ניט געוואוסט, קיינער האט קיין קאַווע ניט געברויכט — עס איז געוועזן א זעלטענהייט. א רייזענדער האט מיטגעבראכט עטליכע קערנער קאפע און האט זיי פראבירט פלאנצען אין זיד אמעריקא, אין בראזיליען און אין אנדערע געגענדען. היינט זיינען צעהן טויזענ-

דער אקער לאנד בעדעקט מיט קאפע פלאנטאציאנען, וועלכע גיעבען מיליאָנען מענשען מיטעל צו לעבען און צו עקסיסטירען.

דער כינא בוים איז אמאָל געוואקסען נור אין גאנץווילדע וועלדער פֿון פערן און עקוואדאר. היינט האט מען איהם געפֿלאנצט אין אינדיען, אויף דער אינזעל יאַוואַ און אויף דער אינזעל צייַלאָן.

איך וואלט אייך געקענט ברענגען א מאַסע אזעלכע ביישפיעלע, איך מיין אבער, אז איהר ווייסט פֿון זיי, מילארד, און איך דארף אייך ניט דערצעהלען.

א רייזע ארום דער וועלט איז וויכטיג פֿאר יעדען, זאגאר פֿארן ארימסטען ארבייטער. ווען ער איז ניט אים שטאנד צו מאכען א רייזע ארום דיא וועלט, זאל ער וועניגסטענס לעזען א ר י י ז ע ארום דיא וועלט. דאס וועט איהם פֿערשאַפֿען פֿערגניגען און ערהאָלונג נאך זיין ארבייט. ער וועט זיך בעקענען מיט אנדערע מענשען, אנדערע פֿעלקער, אנדערע לענדער, אנדערע זיטען (מנהגים) און אנדערע אויפֿפֿיהרונגען.

דער איינפֿאַכסטער מענש, דער וואס האט זאגאר גאר ניט געלערנט, הייבט אן צו פֿערשטעהן פֿיעלע זאכען, פֿון וועלכע ער האט ביז אהער קיין בעגריף ניט געהאט; ער הייבט זיך אן צו קוקען צו זיין אייגענעם לעבען, צו זיינע געוואהנהייטען, צו דיא זאכען, וואס ער גלויבט אדער גלויבט ניט, און הויבט אן צו פֿערשטעהן, פון וואנען זיי שטאַמען, פֿון וואנען מיר האבען זיי איבערגענומען.

זייט מיר האבען זיך בעקענט מיט דיא ווילדע מענשען אין אפֿריקא, אמעריקא און אויסטראַליען, האבען מיר בעקומען א גאנץ אנדערן בעגריף פֿון דער וועלט און גאנץ אנדערע אידעען איבער דעם מענשען.

דיא וועלט איז א גרויסעס, גרויסעס בוך מיט טויזענדער בלעטער. קלאָר און דייטליך איז דיא שריפֿט, יעדער בוכשטאַב איז אזוי גרויס, אז א בלינדער קען איהם אנטאַפּען. מען מוז אבער לעזען דיעזע בלעטער. ווען מען לעזט איבער איין בלעטעל, מוז מען עס איבערקעהרען און לעזען דאס אנדערע בלעטעל.

וואס קען וויסען דער מענש, וועלכער האט איברגעלעזען נור איין איינציג בלעטעל? וואס קען קענען דער מענש, וועלכער איז קיין מאל ניט ארויסגעפֿאהרען פֿון דיא ענגע גאסען פֿון זיין שטאדט?

איך וייס, מילארד, אז איהר האט זעהר פֿיעל געלערנט אויף אייער רייזע; מיינע קינדער האבען מיר דערצעהלט, וואו איהר זייט אויסגעוועזען און וואס איהר האט אויסגעליטען — און דאך זייט איהר דאך אלץ געפֿאהרען נור אויף איין ליניע, אויפֿ'ן 37טען גראד! (פּאַראַלעל) פֿערגעסט ניט, אז דיא וועלט איז איינגעטהיילט אין 90 גראַדען אדער פּאַראַלעלען. — ענדיגט וועניגסטענס דיעזען איינציגען גראַד, פֿאהרט וויי‏טער, וייטער, אז איהר האט געמאכט א ר י י ז ע א ר ו ם ד י א וו ע ל ט !

קאפּיטאן גראנט האט געענדיגט זיין רעדע און האט געשוויגען. לארד גלענארוואן האט זיך אויך פֿערטראכט. איינינע מינוטען האבען אלע געשוויגען.

**— נה און וואס זאגט איהר, פראפעסאר? האט לארד גלענארוואן פלוצלונג געפרעגט.**

— איך? האט דער פראפעסאר אויסגערופען — הייסט אויסדרעהן דעם „דונקאן", מיר זאלען יעצט מאכען א רייזע ארום דער וועלט אויפ'ן 38טען גראד, אויפ'ן 39טען גראד, אויף וואס פאר א גראד איהר ווילט, און איך וועל אייך דאנקען. — זייט איך האב פערזוכט דיא געזונטע, ריינע פרישע לופט פון דיא וועלדער אין אויסטראליען און פון דיא פאמפאס אין זיד אמעריקא, וויים איך ניט, וויא אזוי איך וועל יעצט קענען לעבען אין א שטויביגער, שמוציגער און פערראויכערטער גרויסער שטאדט פון אונזער ציוויליזירטען אייראפא. ערשט יעצט, זייט מיר האבען געמאכט אונזער רייזע, הייב איך אן צו פערשטעהן, וואס פאר א נוצען דאס רייזען ברענגט. איך וואלט יעצט געטהאן נור איין זאך — איך וואלט נור גערייזט.

איך פערשטעה ערשט יעצט, וויא אזוי דיא געלערנטע: דוד ליווינגסטאן, בארטה, פאגעל, יונקער און פיעלע אנדערע האבען געקענט פערברענגען זייער גאנצעס לעבען אין רייזען אין דיא ווילדעסטע געגענדען פון אפריקא: איך פיהל יעצט, וואס עס האט געצויגען דיא ענגלישע רייזענדע ראסס, פעררי, מעק קלינטאק, מעק קלעלאן, סער דזשאן פראנקלין און דיא רוסישע רייזענדע מיקלוכא — מאק-לאי און פזשעבילסקי צו פערברענגען יאהרען לאנג צווישען דיא ווילדעסטע פעלקער אין דיא ווייטעסטע און אונבעקאנטעסטע געגענדען פון דער וועלט. —

דער פראפעסאר וואלט געווען אוועקגערעדט שטונדען לאנג פון אלע בע-ריהמטע רייזענדע פון דער וועלט, ווען לארד גלענארוואן זאל איהם ניט געווען אונטערברעכען.

— אלזא, אזוי בלייבט עס! מיר פאהרען קיין טשילי און ענדיגען אונזערע רייזע ארום דער וועלט.

דאס וועטער איז געווען שעהן און ווארים. אלע זיינען געווען פרעהליך און צופריעדען אויפ'ן דעק פון'ם „דונקאן". אין פינף טאג ארום זיינען זיי אנגע-קומען קיין טאלקאהואנא, דער זעלבער פארט אין טשילי, פון וואנען לארד גלע-נארוואן מיט זיין פארטיע זיינען מיט אכט מאנאט צוריק ארויסגעפאהרען אויף מויל עזלען זוכען קאפיטאן גראנט אין דיא פאמפאס פון זיד אמעריקא.

אין טאלקאהואנא האבען זיי געמוזט שטעהן עטליכע טעג. זיי האבען גע-מוזט זיך אנגרייטען קוילען און פראוויאנט אויף דער רייזע אהיים.

מיט גאנץ אנדערע געפיהלע זיינען זיי יעצט אראפגעגאנגען פון'ם „דונקאן" און זיינען געגאנגען אין שטאדט אריין איינקויפען פערשיעדענע ארטיקעל. מיט אכט מאנאטע צוריק זיינען זיי געווען אין דער זעלבער שטאדט. דאמאלס הא-בען זיי אויך געקויפט פראוויאנט און נעטהיגע ארטיקעל. דאמאלס אבער הא-בען זיי זיך געלאזען אין א לאנגע רייזע. דאמאלס האבען זיי ניט געוואוסט, וואוהין זיי רייזען און אויב זיי וועלען דערגרייכען דעם צוועק פון זייער רייזע. — יעצט זיינען זיי געפאהרען אהיים. זיי האבען געפונען, וואס זיי האבען געזוכט!

די עטליכע טעג וואס זיי האבען פערבראכט אין טאלקאהונא זיינען געווען פייערטעג. דער ענגלישער קאנסול איז געקומען זיי בעזוכען. זיי האבען איהם דערצעהלט פיעלעס, וואס האט מיט זיי פאסירט אויף דער רייזע און ער האט עס באלד טעלעגראפירט קיין לאנדאן.

ווען זיי האבען איינגעקויפט אלעס נעטהיגע, זיינען זיי ווידער געפאה־רען אויפ׳ן זעלבען וועג, וואס זיי זיינען שוין איינמאל געפאהרען — ארום זיד־אמעריקא. זיי זיינען יעצט צום צווייטען מאל פארבייגעפאהרען פאטאגאניען און די פייערלאנד׳ס אינזלען.

דער פראפעסאר האט זעהר געוואלט אראפגעהן און פערברענגען עטליכע טעג אויף פייערלאנד. ליידער העלענא אבער האט שוין געוואלט זיין אין דער־היים און האט איהם ניט געלאזען.

באלד זיינען זיי פארביי געפאהרען ארגענטיניען און איהר הויפט שטאדט בועאנאס אייערעס. זיי האבען זיך אבער דארט אויך ניט אפגעשטעלט.

ווייטער און ווייטער איז געשוואומען דער „דונקאן” אויף די גרינע, קלא־רע וואסערען פונ׳ם אטלאנטישען וועלט מעער. די רייזע איז געווען זעהר א גליקליכע.

ענדליך דעם 10טען מאי האבען זיי דערזעהן פון ווייטען די בערג פון זייער היים — פון שאטלאנד. דעם 11טען מאי זיינען זיי אריינגעפאהרען אין טייך קלאיד און דער „דונקאן” האט באלד אראפגעלאזען דעם אנקער.

אויפ׳ן דאק האבען זיך פערזאמעלט א גרויסע מענגע מענשען צו בעגרי־סען אונזערע רייזענדע, וועלכע קומען ערשט פון אזא זאנדערבארע רייזע ארום דער וועלט.

דער ענגלישער קאנסול אין טשילי האט שוין פריהער טעלעגראפירט קיין ענגלאנד, אז לאוד גלענא־וואן האט ענדליך געפונען דעם קאפיטאן גראנט. דיעזע נאכריכט האבען באלד אלע צייטונגען צוטראגען איבער גאנץ ענגלאנד, שאטלאנד און אירלאנד. פיעלע שיפען, וועלכע האבען בעגעגענט דעם „דונקאן” אויפ׳ן וועג און זיינען אנגעקומען פריהער פאר איהם, האבען דערצעהלט, אז ער דארף באלד אנקומען. אלע האבען אויף איהם געווארט מיט אונגעדולד און ווען ער איז אנגעקומען אינ׳ם פארט פון גלאזגא, האט זיך פערזאמעלט אויפ׳ן ברעג אן אונגעהייערע מענגע מענשען.

קוים האט קאפיטאן פארראגוט געהייסען ארויסווארפען דאס בריקעל פאר זיינע פאסאזשירען, איז געווארען א געשריי און א ליארם.

— הורראה! האט מען געשריען.

טאשענטיכער האבען זיך בעוועגט אין די הענד פון דאמען, די הערען האבען געגריסט מיט זייערע היטע. יעדער האט געוואלט זעהן לארד גלע־נארוואן און איהם בעגריסען. פיעלע אלטע מאטראזען און שיפס־קאפיטא־נע האבען געוואלט זעהן קאפיטאן גראנט.

לארד גלענארוואן האט אבער ניט געוואלט קיין עהרע. קוים האט ער דערזעהן די מענגע, האט ער ארויסגעשיקט א מאטראז, ער זאל איהם ברענגען קארעטעס.

דעם 11טען מאי אום 2 אוהר נאך מיטאג זיינען זיי אלע ענדליך צוריק געקומען אין זייער אלטען שלאס מאלקאלם. דא איז אויך געשטאנען א גרויסע מענגע מענשען, אבער מייסטענס פריינדע און בעקאנטע.

לארד גלענארוואן, ליידי העלענא און דער מאיאר האבען אלעמען גע־גריסט זעהר פריינדליך.

מען האט זיך אויסגערוהט עטליכע טעג. דאן האט מען זיך אנגעהויבען איינצוארדענען.

קאפיטאן פארראגוט האט געהייראטהעט מערי גראנט. די האכצייט איז געווען אין שלאס מאלקאלם. אלע פריינדע און בעקאנטע זיינען געווען איינגע־לאדען אויף דער האכצייט.

ע נ ד ע.



# דער מאָרגען זשורנאל

גרעסטע און בעסטע אידישע

טעגליכע צייטונג אין דער וועלט

---

קייבעל פערבינדונג מיט דער גאנצער וועלט.

---

אלע נייעס פון'ם גאנצען כדור הארץ

פאר דיא לעצטע פיער און צוואנציג

שטונדען געפינט איהר יעדען אין דער

פריה אין "מאָרגען זשורנאל".

---

דער "מאָרגען זשורנאל" איז דיא איינציגע ריינע אידישע צייטונג וואס רעספעקטירט א געדרוקטע וואָרט און אלעס וואס זיא דרוקט מעגען ... יען אזוי

גוּפי